דער אווטאָר פון „ווארעם אש“ כאַיִם מעלאמוד איז ברייט באקאנט דעם ייִדישן לייענער מיט זײַנע ראָמאנען, דערציילונגען און פארצייכענונגען, וואָס ער האָט געשאַפן פאר די עטלעכע און פערציק יאָר פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט.

שוין מיט זײַן ערשטער דערציילונג „אין סטעפּ“, פארעפנטלעכט אין 1932 יאָר, האָט כאַיִם מעלאמוד צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאמקײַט פונעם לייענער מיט דער וואָרהאפטיקער שילדערונג פונעם לעבן פונעם קאָלווירטישן דאָרף, וואָס איז געוואָרן די הויפּט־טעמע אין זײַן ווײַטערדיקער שאפונג. דעם קאָלווירטישן דאָרף זײַנען אין גרונט געווידמעט די ביכער „בלײַענדיקע אקאציע“ (1938), „באַנײַטע ערד“, „דער וועג צום לעבן“ (1939), „ערד“ (1948), „יונגע יאָרן“ (1971), „אָנהייב זומער“ (1969), „צײַטן בײַטן זיך“ (1975). א טייל פון די דאָזיקע ביכער זײַנען דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג.

די ווערק, וואָס זײַנען אײַנגעשלאָסן אינעם נײַעם בוך, זײַנען הויפּטזאכלעך געווידמעט אונדזער צײַט און אונדזערע מיטצײַטלער. אינעם ראָמאן „צווישן דניעסטער און פּרוט“, אין וועלכן עס ווערט ברייט געשילדערט דאָס לעבן פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין בוקאָווינע און בוילעט באוויזן די ברידערלעכע פעלקער־פרײַנטשאפט, ווערט, אייגנטלעך, צום ערשטן מאָל באלויכטן אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור דער גורל פון די, וואָס האָבן פארלאָזט זייער סאָציאַליסטיש היימלאנד און זיך איינגיכן אנטוישט אינעם גאניידן פון דער קאַפּיטאליסטישער וועלט. גרויס דערקענטעניש־ווערט וועגן דער רעוואָליוציאָנערער פארגאנגענהײַט פונעם שטעטל האָבן די דערציילונגען „איקער שאָכאכטי“, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן מיט א פּאָשעטער בילדערישער פאָלקסשפּראך און זײַנען רײַך מיט לעבעדיקע געשטאלטן, וואָס איז אייגנטימלעך פאר דער גאנצער שאפונג פון כאַיִם מעלאמודן.



М $\frac{70303\text{-}008}{083(02)\text{-}78}$ 242-78



1

פגעראשט א לאנגן הייסן טאָג, האָבן די שטאָטי־
שע גאסן קוים דערוואָרט זיך אַף די קילע פארנאכ־
טיקע שאָען, ווען מע קאָן פרײַער אָפּאָטעמען. די היץ
איז געווען אומדערוואַרט, ווײַל ס׳איז ערשט געווען אַפּרעל און די ערד
האָט געהאלטן באַם איבערטאָן זיך. אין די פאָרשטעט, ארום די האלב־
דאָרפישע הײַזער, האָבן זיך צעצוויטעט די סעדער און פארפולט דעם ארום
מיט שעמערירנדיקער ווײַסקײַט. אין די שטאָטישע סקווערן האָט קאַמ־
צאָנעסדיק, א קווייטעלע נאָך א קווייטעלע, האלב־אָפן, האלב־צוגעמאכט,
געצוויטעט דער בלווילעכער בעז. די הויכע און שטאלטנע קאשטאנעס
האָבן אָנגעהויבן איינציקווײַז אָנצינדן זייערע ווײַסע ליכטעלעך.

ווי א גאסטפרײַנטלעכער באַלעבאָס נעמט אויף דער פארנאכט אלעמען,
וואָס גייט ארויס אַף שפּאַציר: די מידלעכע ארבעטער, וועלכע זײַנען נאָר־
וואָס ארויס פון די זאַוואָדישע צעכן, די עלטערע לײַט, וואָס זײַנען ארויס
כאַפּן א ביסל פרישע לופט נאָכן באַטאָגיקן דרעמל, און די יונגע מאמעס,
וואָס שפּאַצירן מיט זייערע צוגעפּוצטע וויגעלעך.

יעדן פארנאכט וואַרט אַף מיכאַיל דאַווידאָוויטשן די מאַשין לעבן
די טרעפּ פון דער זאַוואָד־פארוואלטונג, וועלכע פירט אים אַפּ אהיים,
אמאָל אים אליין, אמאָל מיטן דירעקטאָר איינעם. ווען עס טרעפט, אז
די מאַשין איז ניטאָ, לאָזט זיך מיכאַיל דאַווידאָוויטש צום טראָלייבוס,
וואָס שטעלט זיך אָפּ ניט ווײַט פונדאַנען, אַפן ראָג פונעם לענין־פּראָספּעקט.
הײַנט אָבער, נאָך דעם אומדערוואַרטן, זייער ניט־אײַנגענעמענעם און
זייער שארפן שמועס מיטן דירעקטאָר, האָט שוין קיין רייד ניט געקאָנט
זײַן, זיי זאָלן פאָרן אהיים אין איין מאַשין. אין טראָלייבוס האָט זיך אויך
ניט געוואָלט ארײַנקריכן. ניט דערפאַר וואָס אין די פארנאכטיקע שאָען
איז דאָרטן צו ענג. ער האָט פּאָשעט ניט געקאָנט ארײַנקומען אין שטוב
ארײַן, ווען אלץ אין אים האָט נאָך געקאָכט. ער האָט געמוזט האָבן א
ביסל צײַט אַף אָפּקילן זיך, אַף באַטראכטן דאָס, וואָס איז געשען צווישן זיי.
דאָס געשעענע האָט אים אויסגעזעצן ביז גאָר אומגעלומפּערט, אַזוינס,
וואָס עס לייגט זיך ניט אַפן זינען.

אינעם רוּישיקן שטאָטישן פארנאכט האָט שטילערהייט זיך ארײַנגע־
גאַנוועט עפּעס דאָרפישעס... פון די נאָענטע פעלדער, וואָס האָבן געגרינט
מיט יונגע שפּראָצונגען, פונעם געדיכטן און טונקעלן וואַלד, וואָס קוקט
שווײַגנדיק אַף דער שטאָט פון די ארומיקע בערג און פונעם פארנאכ־
טיקן הימל, וואָס איז אומעטום אלציינס גרוילעך, אלציינס א ביסל אומע־
טיקלעך און אלציינס א ביסל באַרויִקנדיק. גלײַך דער פארנאכט אליין
קומט אַף דער וועלט דערצו, אז דער מענטש זאָל ניט אזוי נעמען זיך
צום הארצן פון די באַטאָגיקע דײַגעס, פון די פארשיידענע אומאָנגענעמ־
לעכקײַטן... די וועלט איז דאָך שיין און גרויס, און וואָס זעט זיך אָן א

קריג צווישן גוויי מענטשן... צי האָט דאָס טאַקע מיכאל דאווידאָוויטש אזוי דערפילט צי איז דאָס געווען ניט מערער, ווי א ווײַטער, ניט קלאָרער רעמעז, נאָר ס'איז אים געוואָרן א ביסל גרינגער אפן הארצן. האָט ער א דערשטוינטער גענומען באקוקן די פארנאכטיקע גאסן, דעם צעבליטן פרילינג מיט א טיפן פארדראָס דערפון, וואָס א פארטאָגנער אין זײַן ארבעט, אין זײַנע דערפינדונגען, טאָג און נאכט א פארכאפטער מיט אָט דעם שלימאזלדיקן הענטשקעס־אווטאָמאט, איבער וועלכן ער האָט הײַנט זיך צעקריגט מיטן דירעקטאָר, האָט ער דורכגעלאָזט דאָס סאמע וויכטיקסטע אין דער וועלט: ווען פון אונטער דעם פארגעלטן, פארטאָפּטשעטן און צעקוואסיעטן שניי הייבט אָן ארויסקוקן אף דער וועלט דער פריִער פרילינג...

וואָס וועט זאָגן זײַן שיינדל, ווען ער וועט איר דערציילן, וואָס איז הײַנט געשען צווישן אים מיטן דירעקטאָר? וואָס וועט זאָגן זײַן שיינדל, קאָן ער זיך פאָרשטעלן. זי וועט א ביסל אָנברויגעזן זיך, מעגלעך זאָגן עפּעס אזוינס, וואָס זי וואָלט ניט באדארפט זאָגן. די גאנצע צײַט אייפערט זי אים צום זאוואָד, צו דעם הענטשקעס־אווטאָמאט, וואָס האָט די לעצטע כאדאָשים צוגענומען בא אים די טעג מיט די נעכט, אלע שאבאָסים און יאָמטויווים. און מערער פאר אלץ, צום דירעקטאָר אליין. שיינדל וועט זאָגן:

— דאנקען גאָט. פּאָטער. וועלן מיר כאָטש האָבן א פרײַען אפדערנאכט.

און וואָס וועט זאָגן דער טאטע? דאָרטן, אפן זאוואָד, איז מיכל באַלעבאָס איבער אלע צעכן און קאָן זיך דערלויבן אמאָל זאָגן א הארב וואָרט אן ארבעטער, וואָס איז א סאך עלטער פון אים. אין דער היים אָבער איז ער ניט מערער, ווי דעם טאטנס זון, וועמען מע דארף אלע טאָג אָפּגעבן א באריכט וועגן אלץ, וואָס איז געשען אפן זאוואָד, אויסהערן זײַנע אייצעס, אמאָל א ביסעלע מוסער און מאכן א שווײַג. ער מוז זיך מודע זײַן, אז דעם טאטנס אייצעס און דעם טאטנס מוסער זײַנען אים גראָד צום הארצן. נאָך דעם שווערן און ראשיקן טאָג, נאָך די אָפּטמאָל שארפע שמועסן אין די צעכן, נאָך די אלע טעלעפאָן־געשפרעכן מיט די העכערע אינסטאנצן, ווען אמאָל מוז ער עפּעס אויסקליאנטשען, אמאָל זיך דרייען אפן קאָרעק, נאָך די אלע הריזעניש איבער פארשיידענע איניאָנים, אמאָל ביז גאָר גרויסע און ערנסטע און אמאָל אזעלכע, וואָס האָבן א גראָשן ניט די ווערט, זײַנען די שמועסן מיטן טאטן ווי א גוטע פארבײַסעכץ נאָך דער וועטשערע. דער טאטע רעדט מיט אים אזוי, גלײַך דער זאוואָד וואָלט פריִער געווען זײַן אייגנס, וואָס ער האָט איבערגעגעבן אים, מיכלען, ווי א יערושע, און גלײַך דער טאטע וואָלט נאָך איצט געווען דער סעקרעטאר פון פארטיי־קאָמיטעט.

איז וואָס זשע וועט זאָגן דערוף דער טאטע?..

...א מײַסע מיט א הענטשקעס־אווטאָמאט.

א געשיכטע וועגן דעם, וויאזוי איינער א פיאָדאָר, אן ארבעטער פון דער הענטשקעס־פאבריק, איז אין איינעם א טאָג געוואָרן ווי געווירט,

האָט אָנגעהויבן ארומבלאָנדזען איבערן הויף, קלײַבן שטיקלעך אײַזן, אָנגעשטאָפּט מיט זיי אלע קעשענעס און דערנאָך, צום סאָף פונעם אר־בעטסטאָג, זיך אויסבאהאלטן פון אלעמען אין מעכאנישן צעך און גע־נומען עפּעס מײַסטרעווען. ער וואָלט אזוי געמײַסטרעוועט ווער ווייסט וויפל, ער זאָל זיך ניט געווען פּאקן מיט קיין גנייווע. די גנייווע איז געווען זייער אן ערנסטע, עפּעס זייער דעפיציטע שרײַפלעך, און דער מעכאניק פון דער פאבריק האָט געוואָלט טייקעף איבערגעבן דעם איניען אינעם כאווערישן געריכט. דער דאָזיקער פּיאָדאָר, האָט מען געזאָגט, שטאמט פון ציגײַנער, מאכמעס סײַ די שווארצע אויגן זײַנע, סײַ דאָס פּאָנעם, באזונדערס די דריבנע קוטשערלעך זײַנען געווען ציגײַנערישע. ווען דער מעכאניקער באָריס סולימאָוויטש זינשטיין האָט אים געדראָעט, אז ער וועט אים איבערגעבן אין געריכט, האָט פּיאָדאָר זיך מודה געווען, אז, ערשטנס, שלאָפט ער די לעצטע צײַט שלעכט און, צווייטנס, כאָלעמט זיך אים די גאנצע צײַט עפּעס אן אווטאָמאט. אין כאָלעם זעט ער אים גאנץ קלאָר, נאָר אז עס קומט צו דער ארבעט, באקומט זיך בא אים גאָרניט. און דאָס ווײַב... ס׳האלט שוין באלד בא א געט.

— וועלכער אווטאָמאט? — פרעגט בא אים באָריס.

— אן אווטאָמאט, וואָס מאכט הענטשקעס.

— וואָס זשע האָסטו געשוויגן? קום שוין צו מײַן שוואָגער, ער איז אויך א מעכאניקער. א מענטש מיט א קאָפּ!

זײַנען זיי שוין געווען דרײַ. דער דריטער איז געווען מיכל. דעם צווייטן טאָג זײַנען זיי שוין געווען זיבן, ווײַל ס׳זײַנען צוגעקומען צוויי דירעקטאָרס און צוויי הויפּט־אינזשעניערן. טאקע דעם זעלבן טאָג זײַנען זיי געוואָרן אכט, ווײַל דאָרט, ווו באָריס און מיכל, מוז שוין זײַן אויך שוליע. ערשטנס, איז ער א שלאָסער פונעם עקספּערימענטאלן צעך, צווייטנס, איז דאָס באָרעכס אייגענער טאטע און מיכלס שווער. און דאָרט, ווו שוליע, איז שוין בעמיילע ניקיטא, אויך א שלאָסער פון דעם זעלבן צעך, וואָס ארבעט מיט שוליען שוין באלד דרײַסיק יאָר.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן טרינקען טיי. יעדן שאבעס און יעדן זונטיק. אלע מאָל בא אן אנדערן. און אויב דערציילן וועגן דעם א ביסל גענויער, וואָלט מען געדארפט דערשרײַבן צום צעטל פון די אווטאָרס פונעם אווטאָמאט אויך שוליעס ווײַב די מומע בליומע, דעם דירעקטאָרס ווײַב מאריא סערגייעווונא, דעם ציגײַנערס ווײַב אָלגא איוואנאָוונא און אויך מיכלס ווײַב שיינדל, און נאָך און נאָך. ווײַל צו דער טיי איז ניט אזוי וויכטיק געווען דער צוקער מיטן צובײַסעכץ, ווי די בויגנס פּאפּיר מיט די בלײַערס. מע האָט טאקע געדארפט זײַן פון אײַזן צוקוקן, וויאזוי צען אזעלכע אָנגעזעענע מענטשן און איינע אזא אָנגעזעענע פרוי, דער דירעקטאָר פון דער הענטשקעס־פאבריק, טרינקען אזוי מאָדנע טיי. מע טוט א זופּ און מע טוט זיך א כאפּ פאר די בלײַערס, מע מאָלט און מע קריגט זיך, מע קריגט זיך און מע מאָלט, דערנאָך טוט מען ווידער א זופּ די טיי, און מע נעמט זיך ווידער קריגן.

און ס׳איז געקומען א צײַט, ווען דער אווטאָמאט איז געוואָרן א מין מישפּאָכע־מעשוגאס און פון קיין אנדערע זאכן האָט מען שוין ניט גע־

קאָנט רעדן. סײַ גאנצפרי, ווען מע גייט אוועק אויף דער ארבעט, סײַ פארנאכט, ווען מע קומט פון דער ארבעט.

— וואָס הערט זיך עפּעס מיטן אווטאָמאט?

— ווי האַלט עס מיטן אווטאָמאט?

כאָטש קיין שום אווטאָמאט איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, ער איז בלויז געלעגן אין די צעהיצטע מויכעס פון די דערפינדער, אין נאָך ניט קלאָרע עסקיזן און געמעלן, דערנאָך אין פארשיידענע טיילן, וואָס האָבן בעשום־אויפן ניט געוואָלט פאָרן זיך איינס מיטן אנדערן, ניט גע־וואָלט דרייען זיך. טויטע שטיקלעך שטאָל און אײַזן — דריידעלעך און שרײַפעלעך, וואָס לאָזן ניט שלאָפן א סאך מענטשן.

און דאפקע די מומע בלוימע... זי איז געווען א גרויסע בעריע אויף באקן קנישעקלעך, פלעצעלעך און אנדערע געבעקסן, וואָס צעגייען זיך אין מויל. האָט זי איינמאָל צוגעגרייט צו דער טיי זייער א מאָדנעם לעקעך. א מין רעטעניש. איין ברעג איז געווען פארשפּיצט, ווי א האָ־מענטאַש, דער צווייטער — פארדרייט מיט עפּעס א בייגעלע, דער דריי־טער איז געווען פארפלאָכטן מיט ענלעכס אויף א פּײַג און סאמע אינמיטן האָט געשטעקט א ליכטעלע, אָדער, ווי די מומע בלוימע האָט דאָס אָנ־גערופן, — א קוצעווייטעקל.

— וואָס איז דאָס פאר א געבעקס? — האָט געפרעגט דער דירעקטאָר פון זאוואָד קיריל פּעטראָוויטש.

און בלוימע, מיט אזא שטעל, גלײַך זי איז שוין טאקע אויך א מיטאווטאָר, האָט אָפּגעענטפערט:

— דאָס איז דאָך אונדזער הענטשקעס־אווטאָמאט!

— קיבערנעטיקע! — האָט אויסגעשריגן שוליע. און דאָס איז שטענ־דיק געווען די העכסטע אטעסטאציע פאר אירע מײַכאָלים און געבעקסן.

א מײַסע מיט א הענטשקעס־אווטאָמאט...

און עפּשער איז די מײַסע ניט געווען אזוי, נאָר א ביסל אנדערש, געכאָלעמט האָט ער זיך יעדערן אויף זײַן אויפן, אין אן אנדער געשטאַלט. דער איקער איז אָבער באשטאנען אין דעם, וואָס דער אווטאָמאט האָט געמוזט געבוירן ווערן. ס'איז געקומען זײַן צײַט, ווײַל וויפל איז דער שיר? וויפל איז דער שיר, אז פּרויען זאָלן פאר דער צײַט געעלטערט ווערן, אָפּזיצנדיק א לאנגן און שווערן טאָג לעבן א מאשינקעלע, לעבן וועלכן די באָבעס זײַנען נאָך געזעסן, האַלטן אין איין ציילן די אייגעלעך און האָבן אין זינען, ווען אָפּשטעלן און ווען איבערווקן דאָס קארעטקעלע אויף א נײַער מאָס, ווען אויף זיבעצן אייגעלעך, ווען אויף נײַנצן און ווען אויף דרײַסיק. ציילן און רעכענען, ציילן און רעכענען, און טויזנטער מאָל פאָרן טאָג פירן דאָס קארעטקעלע אהין און אהער. קיינער ווייסט אפילו ניט, ווי שווער עס ארבעט זיך די פּרויען אין אָט דער לײַכטער טריקאָ־טאזש־אינדוסטריע, ווי שווער עס קומט אָן אויספלעכטן א פּאָר הענטש־קעס, וואָס קאָסטן אין קלייט ווייניקער פון א דרײַערל. האָט ער געמוזט באשאפן ווערן, דער אווטאָמאט, וואָס זאָל אליין פלעכטן, אליין ציילן און אליין אלע מאָל איבערפירן דאָס קארעטקעלע אויף אן אנדער מאָס. דערצו נאָך, אז מע האָט אָנגעהויבן בויען פאר דער הענטשקעס־פאבריק

א נײַע געבײַדע, א הויכע, א געראמע, א ליכטיקע. ווי זשע קאָן מען ארײַנקלײַבן זיך אין דער נײַער געבײַדע מיט פארעלטערטע מאשינקעלעך?

שטייט דער אווטאָמאט אין צעך בא דער סאמע טיר, שטייט אזוי, אז אלע שטראלן פון דער זון זאָלן פאלן אף אים, שטייט, ווי גאָר א גרויסער מעיוכעס, אן עמעסדיק בעניאָכידל, בליאסקעט מיט זײַנע שטאָלענע זײַטן, שטאָלענע הענטלעך, שרײַפעלעך און דריידעלעך, האטשעקלעך און נאָדעלעך, מיט אלץ, וואָס א מענטש דארף האָבן אף פלעכטן א זאָק אָדער פלעכטן הענטשקעס. ער שטייט און לאכט זיך אויס פון אלעמען.

— נאראָנים, — ווילל ער זיי זאָגן, דער אווטאָמאט, — שליסט מיך נאָר אײַן און דערלאנגט מיר א קנוילעכל וואָל, וועט איר זען.

נאָר זאָגן זאָגט ער גאָרנישט ניט. ער קען א סאך זאכן, דער אווטאָמאט. נאָר רעדן קען ער ניט.

און ווען מע האָט טאקע צוגעטשעפּעט דאָרט, ווו מע דארף, דאָס קנוילעכל פּאָדעם, האָט זיך באקומען אזוי, גלײַך דעם אווטאָמאט האָט מען אײַנגעשלאָסן און די מענטשן אויסגעשלאָסן. שטייען זיי, ווי פארגליווערטע, האָבן מוירע א ריר טאָן מיט די הענט, א פינטל טאָן מיט די אויגן, און מע קאָן זיכער זאָגן, אז בא אלעמען האָבן אף א ווײַלע, אף איין קליינער ווײַלינקע, זיך אָפּגעשטעלט די הערצער. זייערע הערצער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און באם אווטאָמאט האָט דאָס אָנגעהויבן צו קלאפּן. ס׳האָט בא אים אָנגעהויבן קלאפּן דאָס הארץ, ארבעטן דער מויעך, און ער האָט אָנגעהויבן טאָן אלץ, וואָס מע האָט אים געהייסן, מיט דער גאנצער כאָכמע, וואָס מע האָט ארײַנגעלייגט אין אים. א קלוגע באשעפעניש, קלוג און רירעוודיק. עס פלעכט און עס ציילט, ציילט און האלט אין קאָפּ דעם כעזשבן, און אלעמאָל, ווען מע דארף, אלעמאָל נאָך אן אנדער כעזשבן גיט עס א שטעל אָפּ דאָס קארעטקעלע, א פיר איבער אף אן אנדער מאָס און פאָרט ווײַטער. און פלעכט ווײַטער. שטייען שוין אלע פארגאפטע, קוקן איינער אפן אנדערן. זייערע פענעמער פלאמען, די שטערנס זײַנען באדעקט מיט טראָפּנס שווייס, און די אויגן גלאנצן אזוי שיין, אזוי מעכײַעדיק, אזוי יאָמטעוודיק, ווי נאָך א קויסעלע. ווײַל נאָך אלעמען זײַנען זיי אלע א ביסל ווי שיקערלעך. און פיאָדאָר, אָט דער, וועמען מע רופט דער ציגײַנער, גאנוועט זיך אונטער מיט די הענט צו די אויגן אזוי, אז קיינער זאָל ניט זען, ווי ער ווישט אָפּ א טרער. קיינער האָט עפשער טאקע ניט באמערקט, נאָר דער דירעקטאָר פון דער הענטשקעס־פאבריק, ראַיסא גריגאָריעווונא, איז פאָרט א פרוי. האָט זי באמערקט דאָס, וואָס מענער באמערקן ניט. זי האָט א טרייסל געטאָן פיאָדאָרן די האנט און זיך אָנגערופן:

— מאזלטאָוו דיר, פיאָדאָר.

האָבן שוין אלע איבעריקע באקומען דאָס לאָשן.

— קיבערנעטיקע! — האָט אויסגעשריִען שוליע, און דאָס איז געווען זײַן העכסטע אטעסטאציע פאר אלע בעסטע, שענסטע און באטאמטסטע זאכן.

— פרימאָ! — האָט צוגעגעבן זײַן שוטעף ניקיטאַ, אַ גלעט געטאָן דעם אווטאָמאַט איבער זײַן גלאַנציקער פּלײצע און פאַרהויבן אַרויף דעם גראָבן פינגער. — אַ קעפּעלע!

— אַ רעוואָליוציע אין דער הענטשקעס־אינדוסטריע!

ווער האָט דאָס געזאָגט? דאָס האָט געזאָגט גאָר אײנע אַ זײַטיקע. אײנע פון די אַרבעטערנס פון דער הענטשקעס־פאַבריק, וואָס זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן אַהער אַפן ערשטן אויספּרוווּ. ווײַל דאָס איז דאָך באַשאַפן געוואָרן פאַר זײ, און באַדינען די דאָזיקע אווטאָמאַטן וועלן דאַרפן ווידער זײ, און אָפּשאַצן אָט דעם אווטאָמאַט האָבן אַ סאַך מערער פון אַנדערע ווידער געקאָנט נאָר זײ. ווײַל ווער איז נאָך אַזוי ווי זײ פאַרשוואַרצט געוואָרן באַ יענע אוראַלטע מאַשינקעלעך... און אויב זײ אַלײן זאָגן, אַז דאָס איז אַ גאַנצע איבערקערעניש, אַ רעוואָליוציע, ווײסן זײ געוויס, וואָס זײ זאָגן.

דאָס וואָרט „רעוואָליוציע" איז אַלעמען געפעלן געוואָרן. ווײַל טאַקע, וואָס קאָן נאָך זײַן גרעסער און שענער פון אַ רעוואָליוציע! כאָטש דאָס וואָרט „קיבערנעטיק" איז אויך געוועזן אַלעמען צום האַרצן, ווײַל טאַקע — קיבערנעטיק! און קיבערנעטיק הײסט דאָך אויך קימאַט רעוואָליוציע. טעכנישע רעוואָליוציע!

אַ שײנע, אַ פרײלעכע, אַ רירנדיקע געשיכטע וועגן אַן אווטאָמאַט. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס, ווי פיל פרײלעכע געשיכטעס, האָט זי זיך געענדיקט אַזוי טרויעריק. כאָטש, ווער זאָגט עס, געענדיקט? עפּשער הײבט זי זיך ערשט אָן, די עמעסע געשיכטע?..

דער יאָמטעוו האָט זיך געהאַלטן אין מיכלען אַ גאַנצן טאָג, כאָטש אַ הויפּט־אינזשעניער האָט פאַרן טאָג געענוג הריזעניש. אָט אַזאַ יאָמ־טעוודיקער איז ער פאַרנאַכט אַרײַנגעקומען צום דירעקטאָר אין קאַבי־נעט. אַרײַנגעקומען צו קיריל פּעטראָוויטשן, ווי יעדן פאַרנאַכט, אויף אַ קורצן שמועס נאָכן לאַנגן טאָג, אײדער זײ וועלן אָדער בײדע אײנײנעם, אָדער יעדערער באַזונדער אַוועקפאָרן אַהײם. נאָר הײַנט האָט דער שמועס געקאָנט זײַן נאָר וועגן אײן זאַך — וועגן אווטאָמאַט. אַלע הרי־זעניש האָט ער איבערגעלאָזט באַ זיך אין קאַבינעט, און צום דירעקטאָר איז ער אַרײַן מיט יענעם שײַנענדיקן פּאָנעם און מיט יענעם גאַנצפרײַע־דיקן גלאַנץ אין די אויגן, וואָס האָט ביז איצט ניט געוואָלט אויסלעשן זיך.

— מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וואָס גיכער קריגן אַ באַשטעלונג אויף אונדזער אווטאָמאַט.

— איך טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש...

אינעם דירעקטאָרס שטילן זיפץ און אין זײַנע מידע, עפּעס ווי פאַר־נעפּלטע אויגן האָט מען טאַקע געקאָנט באַמערקן, אַז מיט אַלע זײַנע כושים און מיט אַלע זײַנע געדאַנקען איז ער זײער און ווײַט פון דעם פרימאָרגעדיקן יאָמטעוו, פון די פרימאָרגעדיקע שטראַלן און טאַקע פונעם אווטאָמאַט אַלײן.

— איך טראַכט, — האָט ער גערעדט, ווי צו זיך אַלײן, — וויאַזוי פאַריכטן מײַן אײגענעם פעלער, אונדזער אַלעמענס פעלער. ווו זײַנען

געווען אונדזערע קעפּ? אויסגעבויט אזעלכע גרויסע צעכן, אָפּגעקנאקט אזא דרײַגאָרנדיקן מויער פאַר דער זאוואָד־פאַרוואַלטונג, אַרײַנגעכאַפּט אזא מאָדערנע גאָרקיך, אפילע מיט א קאָנפערענץ־זאַל זיך באַזאָרגט, ס׳זאָל זײַן אַלץ, ווי בא לײַטן. בלויז אין איין קלייניקײַט פאַרגעסן — אין א צו־זאַמענוווינונג. אין א געוויינלעכער צוזאַמענוווינונג פאַר יונגע אַרבעטער און אינזשעניערן, וואָס מיר דאַרפן אזוי נייטיק האָבן.

— איר זײַנט אוואַדע גערעכט, קיריל פּעטראָוויטש, נאָר וואָס פאַר א שײַכעס האָט עס צום אווטאָמאַט?

— אַלץ האָט א שײַכעס. קערט זיך אום א באָכער פון דער אַרמיי, קומט אַרײַן אין קאַדרען־אָפּטייל, וויל אָנקומען אָף אַרבעט. האָב איך פאַר אים א צוזאַמענוווינונג, איז ער מײַנער. האָב איך ניט, איז זײַט מיר געזונט. די קאַטעגאָריע פון אונדזער זאוואָד איז אויך ניט קיין גע־הויבענע, און מיט קיין איבעריק הויכע פאַרדינסטן שמעקט עס בא אונדז ניט.

— ריכטיק, אַלץ ריכטיק. לאָמיר נאָר זיך נעמען פאַרן אווטאָמאַט, וועט מען אונדז אַריבערפירן אין א העכערער קאַטעגאָריע.

— אײַ, מיכאַיל דאַווידאָוויטש... ס׳פּילט זיך, דעם טאַטנס א זון. דו האָסט כאָטש א טראַכט געטאָן, מיט וואָס דאָס שמעקט? מע דאַרף דאָך אַלץ ברעכן! דעם ריטם, דעם גאַנצן טעכנאָלאָגישן פּראָצעס! מע דאַרף שאַפן נײַע באַצירקן, און אין טאָך גענומען גאָר א נײַעם זאַמל־צעך. און עפּעס אזוי גרינג קומט אָן א נײַע טעכנאָלאָגיע? געזעגן זיך מיט דער פּראָגרעסיוועקע, מיט די פּרעמיעס, שלאָף ניט דורך די נעכט און וואַרט אָף רעקלאַמאַציעס. און שרײַב יעדן טאָג רעזאָליוציעס אָף די מעלדונגען פון די שלאָסערס, וואָס גייען אוועק פונעם זאוואָד. און קיין נײַע קומען ניט אָן, ווײַל קיין צוזאַמענוווינונג האָסטו ניט. און אפּן מאַשינבוי־זאוואָד זײַנען די טאַריפן קימאַט אין אָנדערהאַלבן מאָל גרעסער...

גערעדט און גערעדט, ווי געוואָלט פאַר זיך אַליין אויסרעדן דאָס האַרץ. האָט מען שוין געקאָנט פאַרשטיין, אז א גאַנצן טאָג, נאָך אָט די פײַערלעכע מינוטן, נאָך די מאַזלטאָווס און נאָך די קושן, האָט ער גע־האַלטן אין איין טראַכטן וועגן דעם, איבערגעוויגן און איבערגעמאָסטן אַלע „פאַרן" און אַלע „קעגנס". און עפּשער איז געווען נאָך עפּעס? עפּ־שער האָט מען אים שוין געקלונגען פון געגנטקאָם? אויך באַגריסט און אויך געזאָגט דאָס, וואָס מיכל האָט אים נאַרוואָס געזאָגט. און דאָס זיצט ער עס א גאַנצן טאָג און פאַרשעלט זיך דאָס געביין איבער דעם, וואָס ער אַליין האָט אַרופגעוואָרפן אָף זיך אזא לאַסט. האָט מיכל אַרויסגערעדט מיט א ביסעלע כניפע:

— פונדעסטוועגן זײַנען מיר אויך א שטיקל מאַשינבוי־זאוואָד.

— דערווײַל נאָר אָף דער שילד. מיר מאַכן בלויז רעזערוו־טיילן פאַר דער טריקאָטאַזש־אינדוסטריע. דערצו נאָך א ביסל פורניטור: שלעסער פאַר מענערישע טשעמאָדאַנען און קנעפּלעך פאַר מיידלשע שיכעלעך. — ער איז ווי בייז געוואָרן אָף זיך אַליין, וואָס ער הייבט גאָר אָן אײַנמיטנ־דערינען פאַרענטפערן זיך. האָט ער קימאַט אויסגעשריגן: — דיר דאַרף איך דאָס אַלץ דערציילן?

מיכלס שמייכעלע איז אויך געווען א כאַניפּעדיקס.

— זאָל זײַן אַפילע אַזוי. נאָר אַז מיר וועלן אָנהייבן אַרויסלאָזן אזעל־כע אווטאָמאַטן, וועלן מיר ווערן אַן ערשטקלאַסיקער, א הײַנטצײַטיקער, אַן עמעסדיקער זאַוואָד פון לײַכטער מאַשינבויונג.

— אָבער אַז איך וויל ניט! — קיריל פּעטראָוויטש איז שוין טאַקע א ביסל אַרויס פון די קיילים. — איך וויל ניט ווערן אַזאַ זאַוואָד! גענוג פונמײַנעטוועגן דאָס, וואָס איך בין! עס וואַקסט מיר אָן דעם א האָרב אויף די פּלייצעס!

— קיריל פּעטראָוויטש! זאָלן מיר אונדזער אייגענעם אווטאָמאַט איבער־געבן אין פרעמדע הענט? קיריל פּעטראָוויטש!

ער האָט געוואָלט זאָגן — עפּעס דערקען איך אײַך ניט, קיריל פּעטראָ־וויטש! — און קוים אײַנגעהאַלטן זיך, ער האָט אים הײַנט טאַקע עפּעס ניט דערקענט. גאָר ניט דער קיריל פּעטראָוויטש, וואָס איז שטענדיק פול מיט הייסן אומרו, מיט יונגער ענערגיע, אַמאָל אַפילע מיט העפקערדי־קײַט, א מענטש, וואָס נעמט זיך אָפּט פאַר זייער ריזיקאַלע זאַכן, און ס'איז נאָר געווען צו באַוווּנדערן, ווי־אַזוי ער ספּראַוועט זיך מיט זיי. עמעס, אַמאָל מיט אַן אויסרייד, אַמאָל מיט עפּעס ערגערס. אַנדערש האָט מען ניט געקאָנט אָוועקשטעלן אַזעלכע צעכן. ער, מיכל, האָט געהאַלטן, אַז א סאַך זאַכן האָט ער זיך אויסגעלערנט בא קיריל פּעטראָוויטשן, א סאַך זאַכן איבערגענומען בא אים. וואָס זשע איז הײַנט געשען?

קוקט זיך מיכל שוין מער צו און באַמערקט אַזעלכע זאַכן, וואָס ער האָט פריִער ניט געזען. עפּעס בייגט קיריל פּעטראָוויטש די פּלייצעס אַזוי, גלײַך א שווערע מאַסע וואָלט אים געצויגן צו דער ערד. און פונוואַ־נען האָט זיך גענומען אָט די צעפּאַסעוועטע הויט אויפן פּאָנעם, אָט די שרעקעווידיקע, כּילעשדיקע געלקײַט? און אָט דאָס פּוסטע טאָרבעלע אונ־טערן בערדל? קיריל פּעטראָוויטש האָט שווערלעך זיך א הייב געטאָן פונעם בענקל, דורכגעשפּאַנט איבערן צימער מיט א מידן, שקראַבענדיקן שפּאַן, און די פּלייצעס... טאַקע גלײַך, ווי א האָרב וואָלט אויסגע־וואַקסן.

— זיץ, זיץ, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט, באַמערקט, אַז מיכל קלײַבט זיך אויך אופשטיין.

צוגעקומען צו אים, האָט ער א שאַרעווע געטאָן מיט די א ביסל צי־טעריקע הענט זײַנע געדיכטע האָר. מיכל האָט דעם דאָזיקן זשעסט פאַר־געדענקט: ווען דער טאַטע האָט אים צום ערשטן מאָל אַרײַנגעפירט צו קיריל פּעטראָוויטשן אין קאַבינעט און זיך אָנגערופן:

— אָט איז, קיריל פּעטראָוויטש, מײַן בענאַק. איך וויל, איר זאָלט מאַכן פון אים א מענטשן.

— מירן פּרווון, — האָט קיריל פּעטראָוויטש דאַן א שמייכל געטאָן און אַזוי, ווי איצט, א שאַרעווע געטאָן מיט די פינגער זײַנע האָר.

מיכל האָט איצט ניט געזען פּעטראָוויטשעס פּאָנעם און ניט געקאָנט וויסן, צו וועמען ער רעדט — צו אים צי צו זיך אַליין. נאָר פון דעם ווייטעקלעכן בײַטאָם איז אים נאָך ביז איצט א ביסל טערפּקע אין מויל.

— אָט אזוי... אַן אלטער דירעקטאָר א קאָנסערוואטאָר, און א יונגער „גלאוונע", זייער א פּראָגרעסיווער און זייער א פאַרגעשריטענער. אַן אלטע, זייער אלטע געשיכטע. און א ביסל א נארישע, א באנאלע.

מיכל האָט א הייב געטאָן דעם קאָפּ, ער זאָל זען דעם דירעקטאָרס פּאָנעם.

— קיריל פּעטראָוויטש, ווער זאָגט דען?

נאָר קיריל פּעטראָוויטש האָט אים ווי ניט געהערט.

— און איך האָב געמיינט... איך האָב די גאנצע צײַט געמיינט, אז איך גרייט פאר זיך אַן אומבײַט, א סמענע. לאָזט זיך אויס... די סמענע הייבט אָן בריקעווען זיך. דארפסטו דאָך וויסן... אויב צווישן דירעקטאָר מיטן הויפּט־אינזשעניער הייבן זיך אָן אמפּערנישן, דארף אוועקגיין דער הויפּט־אינזשעניער. צי עפּשער האלטסטו, אז אין דעם פאל דארף זײַן פארקערט?

מיכל האָט זיך א ריס געטאָן פונעם בענקל. ער האָט געמוזט זען נאָענט פּעטראָוויטשעס פּאָנעם. ער האָט געמוזט זען, וואָס איז אויף דעם אָנגעשריבן, וואָס זאָגן עפּעס די טיפע פאסן, וואָס זאָגט די כילעשדיקע געלקײַט... ער האָט בעפּיירעש געקלערט דערווידערן, געוואָלט זאָגן, אז אויב דער הויפּט־אינזשעניער איז גערעכט!.. נאָר דערזען זײַן פּאָנעם... ס'איז שוין געווען ניט געל, נאָר בלייך, מיט אַן א שיר רויטע פּינטעלעך. און די צוויי זעקעלעך, וואָס האָבן אראָפּגעהאנגען פון ביידע זײַטן, האָבן דאָס געמאכט אינגאנצן פּירעקיק. און פון זײַנע אויגן, וואָס זײַנען שטענדיק געווען ווי אָנגעלאָדן מיט עפּעס זייער ברײַענדיקן און זייער דורכדרינ־גענדיקן, אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געזען א מענטשן אויף דורך און דורך, האָט ארויסגעקוקט שרעק. דאָס האָט געענדערט פּעטראָוויטשעס פּאָנעם אויף ניט צו דערקענען. האָט מיכל אים א כאַפּ געטאָן פאר דער האנט:

— וואָס איז מיט אײַך?

נאָר דאָס, וואָס מיט פּעטראָוויטשן איז געשען, האָט אוודאי קיינער ניט געטאָרט זען. באזונדערס דער הויפּט־אינזשעניער. אין דער היים וועט ער שוין טאָן דאָס, וואָס מע דארף, און אײַנעמען אלץ, וואָס זײַן מאריא וועט אים דערלאנגען. נאָר דאָ?.. א ריב געטאָן מיט דער האנט דעם שטערן, א פּיר געטאָן מיט איר איבער דער ברוסט איין מאָל און צוויי מאָל, ווי אָפּרײַבנדיק אָט די פּריקרע צוטשעפּעניש, און האסטיק אַן עטעם געטאָן, אָנעמענדיק א פולע ברוסט מיט לופט. סאמע דאָס, וואָס האָט אים אָקאָרשט אויסגעפּעלט.

— ס'איז גאָרניט, עס טרעפט...

א הוקע געטאָן עטלעכע מאָל, ווי נאָך א שווער שטיקל ארבעט, און, קוקנדיק א ביסל אין א זײַט, ווי באהאלטנדיק דאָס פּאָנעם, דערלאנגט מיכ־לען די האנט, ס'איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט אים פאַשעט מעשאלייעך געווען.

— נו, גיי אהיים און טו א טראכט.

און שוין דאָן, ווען מיכל איז געווען בא דער טיר, האָט ער אים נאָכגעשריגן:

— דעם טאטן, דעם טאטן גיב איבער א גרוס!

...אזא שיינער, צעבליטער פרילינגדיקער פארנאכט... אזא שמעקנדיק ווינטעלע... אזעלכע שיינע פרויען און אזעלכע אויסגעפוצטע וויגעלעך. און ס'איז מאמעש א פארדראָס, וואָס דער יאָמטעוו, זײַן אייגענער יאָמטעוו, וואָס האָט זיך געהאלטן אין אים א גאנצן טאָג, איז ביסלעכווײַז אויסגערונען. אים נעמט דורך א קעלט פון אָט דער גרוילעכער וואָכעדיקײַט. אין דער היים ווארט מען געוויס אף דעם ביסעלע פרייד, אף דעם שטיקעלע גליק, און ער גייט אהיים מיט ליידיקע הענט. ער פארשטייט אפילע ניט, פונוואנען האָט זיך גענומען אין מויל אָט די ביטערלעכע טערפעקײַט. ער פילט זיך טאקע ניט מיט אלעמען דערפון, וואָס ער גייט אזוי פאמעלעך, ניט געײַלט איבער דער פארנאכטיקער גאס און ס'איז שוין מערער ניטאָ, וואָס זאָל אים אונטעריאָגן. א שלאל מיט פרײַער צײַט, און ער ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט איר. און וואָס וועט ער זאָגן זײַן שיינדלען? און ווי דערקלערט מען עס דעם טאטן? ער וועט אפילע ניט גלייבן.

די ערשטע פראגע דעם טאטנס איז געווען וועגן אווטאָמאט. ער האָט דאָך געוווסט, אז הײַנט דארף מען אים אויספרווון, אליין אפילע געוואָלט בײַזײַן דערבײַ און מיט אלע קויכעס זיך אָפּגעהאלטן דערפון.

— מיטן אווטאָמאט איז אלץ אין אָרדענונג, טאטע. ער ארבעט אויסגעצייכנט, — האָט מיכל אָפּגעענטפערט אזוי, אז מע האָט געדארפט פארשטיין, אז ער בעט זיך, מע זאָל מערער קיין פראגן ניט שטעלן. נאָר גראָד די מינע, מיט וועלכער ער האָט געענטפערט, איז געווען גענוג, אז דאָוויד זאָל א קוק טאָן אף אים מיט זײַן פאָרשנדיקן בליק.

— נו, און וואָס נאָך?

— קיריל פעטראָוויטש האָט געבעטן דיר איבערגעבן א גרוס.

— א דאנק. און וואָס נאָך?

דער „וואָס נאָך" איז דערווײַל געבליבן הענגען אינדערלופטן, ווײַל שיינדל, וועלכע איז געקומען פון איר פּאָליקליניק מיט א שאָ פרײַער און געווען פארנומען אין קיך, האָט געדארפט אין דער ערשטער ריי וויסן, פארוואָס איז ער הײַנט געקומען שפעטער, ווי געוויינלעך, און איבער דעם זײַנען זײַנע באליבטע לאטקעלעך א ביסל איבערגעשטאנען. ס'איז פּאָשעט א פארדראָס. האָט שוין מיכל געהאט צו וואָס צוטשעפּען זיך. ער האָט געמוזט דערקונדיקן זיך, וואָס איז איר מערער פארדראָסיק, צי דאָס, וואָס די לאטקעלעך זײַנען איבערגעשטאנען, צי דאָס, וואָס ער איז ערגעץ פארפאלן געוואָרן. און ווען די לאטקעלעך זײַנען שוין געשטאנען אפן טיש און מע האָט שוין געמוזט אָנהייבן רעדן וועגן די זאָוואָדישע איניאָנים, האָט אים געראטעוועט דאָס, וואָס ציפּעלע איז נאָך ניטאָ.

— ווו זשע איז ציפּעלע אזוי שפּעט?

גיי ווייס, אז אזא פּאָשעטע, געוויינלעכע פראגע זאָל ברענגען דערצו, אז שיינדל זאָל זיך צעוויינען:

— אוי, איך האָב מוירע... מיר פארלירן אונדזער ציפּעלען.

די ווייכע, א ביסל איבערגעשטאנענע לאטקעלעך האָבן א ווארג געטאָן מיכלען אין האלדז.

— וואָס איז געשען? וואָס הייסט, מיר פארלירן זי?

— א טאטע מעג פונדעסטוועגן א ביסל מערער אינטערעסירן זיך מיט זײַן טעכטערל, באזונדערס ווען דאָס טעכטערל ענדיקט דעם צענטן קלאַס, ווען די עקזאמענעס זײַנען אָט־אָט און דאָס טעכטערל האָט אין זינען דער רועך ווייסט וואָס. אזוי פארכאפט מיטן אווטאָמאט, אז אפילע אין אייגענעם קינד פארגעסן...

אירע לעצטע ווערטער האָבן שוין אויסגעזען מיכלען אינגאנצן ווילד.

— אָבער זאָג שוין, וואָס איז געשען? און ווו איז זי?

ציפּעלע איז ארײַן אין שטוב איניינעם מיטן גאנצן פרילינגדיקן דרויסן, מיטן ווײַסן ווײַנשל־צוויט און מיטן בלויען בעז. דאָס שמעקנ־דיקע ווינטעלע איז אויך ארײַן איניינעם מיט איר. זי איז ארײַן אין שטוב א יאָמטעוודיקע, א פארפלאַמטע, מיט עפּעס א ניט־היגן שמייכל וואָס זי האָט פארגעסן פארבאהאלטן א ביסל טיפער. ער האָט ארויסגע־קוקט פון איר גאנץ פּאָנעם, פון אירע פארכאָלעמטע אויגן, און מע האָט ניט געדארפט זײַן קיין גרויסער מייוון אף צו פארשטיין דעם יאָמטעוו פון איר זיבעצעטן פרילינג. זי איז צוגעשפּרונגען צום שפּיגל, אראָפּגע־וואָרפן פון די פּלייצעס דאָס מאנטעלע, א וואָרף געטאָן די לאנגע פּאסמעס האָר אף רעכטס און אף לינקס און א פינטל געטאָן מיט די אויגן צו זיך אליין, צו יענעם פארקישעפטן דרויסן, פון וואָס דער שמייכל אפן פּאָנעם איז נאָך מערער אָנזיכטיקער געוואָרן. זי האָט געוואָלט נאָך א ביסל א שפּיל טאָן זיך מיט אירע ליכטיקע לאָקנס, נאָר געכאפּט דורכן שפּיגל עטלעכע שטרענגע בליקן, האָט זי זיי א שלײַדער געטאָן אף צוריק און געהייסן זיי ליגן שטיל אף אירע שמאָלע פּלייצקעלעך.

— א גוט־אָוונט אײַך אלעמען!

ארויסגעזאָגט דאָס מיט יענער קינדערשער העפקערדיקײַט, וואָס ווי דאָס זאָל ניט געזאָגט ווערן, מוז דאָס אלעמען געפעלן ווערן. און ערשט דערנאָך געשענקט יעדערן א באזונדערן בליק, דעם זיידן — א בליק, פול מיט צוגעלאָזטקײַט, דעם טאטן אזא, ער זאָל זיך א ביסל בארויִקן, און דער מאמען... דער מאמען איז געקומען גאָר אן אנדער בליק. ס'האָט אויסגעזען, ווי צוויי פּרויען שמועסן זיך דורך אף שטומלאָשן...

— וואָס זײַנט איר אלע אזוי אָנגעדראָדלט? — האָט ציפּעלע א פרעג געטאָן נאָך אלץ פול מיט יענעם זאָרגלאָזן שמייכל.

האָט מיכל געמוזט ווערן פאר זיך אליין מיכאַיל דאווידאָוויטש און ארויסגערעדט איבערגעטריבן שטרענג:

— פונדעסטוועגן, אז מע האלט באַם ענדיקן דעם צענטן קלאַס... און מע דארף זיך גרייטן אין אינסטיטוט...

— איך קלײַב זיך ניט אין קיין שום אינסטיטוט, — האָט זי אָפּגעענט־פערט מיט דער זעלבער העפקערדיקײַט.

— וואָס הייסט, דו קלײַבסט זיך ניט?

— ווײַל איך וויל ניט. איך וויל ניט זײַן קיין אינזשעניער און וויל ניט זײַן קיין דאָקטער.

— וואָס זשע דען ווילסטו זײַן?

— א מאניקיורשע!

באמערקט, ווי אלע האָבן אַ קוק געטאָן אויף איר מיט יענער שטוינונג, וואָס איז שוין באַלד ענלעך אויף שרעק, איז זי געוואָרן גאָר כוצפּעדיק.

— יאָ, יאָ, אַ מאַניקיורשע! זיי פאַרדינען אַ סאַך מערער, ווי אינזשעניערן.

ביז איצט האָט אַלע פראַגן געשטעלט מיכל אַליין. איצט האָט שוין שיינדל זיך אָנגערופן:

— אָט האָסטו דיר! נו, איצט פאַרשטייסטו שוין, וואָס איך האָב געזאָגט?

דאָס שמעקנדיקע ווינטעלע איז נאָך אַלץ געווען מיט איר אָדער עפּשער גאָר אין איר, אין אַלע אירע אינגעווייַדן, עפּשער מערער פון אַלץ אין קאָפּ, יענץ ווינטעלע, וואָס מאַכט אַ ביסל שיקערלעך און וואָס מאַכט דעם גאַנצן אַרום, די גאַנצע וועלט ווי אַ שפּיל פאַר אירע זיבעצן יאָר.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט זי גערעדט הויך, ווי אַן אויסגעכאַזערט לידעלע. — סײַווי וועלן מיר דאָך אַלע אַוועקפאָרן.

— וווהין וועלן מיר אַוועקפאָרן?

— וואָס הייסט וווהין? קיין ייִשׂראל!

מיכל האָט אַ קוק געטאָן אויף שיינדלען, שיינדל אויף מיכלען, דערנאָך האָבן זיי ביידע אַ קוק געטאָן אויף דאָווידן. דאָס אַלץ, וואָס איז נאָרוואָס אַרויסגערעדט געוואָרן באַ זיי אין שטוב, דאָס אַלץ, וואָס ציפּעלע האָט נאָרוואָס אַרויסגעשיט, האָט געדאַרפט מערער פאַר אַלץ פּלעטן אים, דעם זיידן, און מע האָט געדאַרפט אין דער ערשטער ריי ניט דערלאָזן צו קיין האַרץ־אַטאַקע, ווײַל באַ זיי אין שטוב, באַ אַזאַ זיידן... אין זייער שוטפעסדיקן בליק און אין דעם, וואָס ביידע זײַנען מיטאַמאָל רויט געוואָרן, איז געווען נאָך עפּעס. דאָס, וואָס ציפּעלע האָט געקאָנט אַרויסרעדן אַזעלכע ווילדע זאַכן, האָט באַשולדיקט אין דער ערשטער ריי זיי אַליין. האָט דער זיידע איצט דאָס רעכט זיי אויסזידלען דערפאַר, וואָס באַ זיי, באַ אַזעלכע עלטערן, האָט געקאָנט אויסוואַקסן אַזאַ טאָכטער. נאָר דער זיידע, גראָד דער זיידע, איז געווען רויִקער פון זיי אַלעמען. באַ קיין האַרץ־אַטאַקע האָט דאָס ניט געהאַלטן. ס'איז אַפילו ניט געווען צו זען, ער זאָל זיך בייזערן.

— ווער דאַרף עס פאָרן קיין ייִשׂראל? — האָט דאָוויד רויִק געפרעגט ציפּעלען.

— אַלע ייִדן!

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

— וואָס הייסט ווער? דער פעטער לייזער האָט געזאָגט. און טאָליק אויך.

דאָ האָט זי געכאַפּט זיך, אַז איר סאָד, וואָס הייסט „טאָליק", האָט זיך אומגעריכט אַרויסגעריסן פונעם מויל. דעריבער איז זי אַ ביסל רויט געוואָרן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שוין גאָר אויף אַן אַנדער אויפן באַקוקט אַלעמען, ניט באַקוקט, נאָר זיך אונטערגעקוקט, ווי דורך אַ שפּאַרונקע, ווײַל זי האָט געדאַרפט דערגיין, ווי קוקן איצט אַלע אויף איר, נאָך דעם ווי זי אַליין האָט זיך אָנערקענט אין איר סאַמע גרעסטן „כעט".

— אָט דאָס איז זי, די אַקסעלעראַציע...

דאָס זאָגט מיכל. און שיינדל, גראָד שיינדל, פילט זיך דערמיט געטראָפן.

— וואָס ווילסטו זאָגן דערמיט?

— נאָך די שול ניט געענדיקט — און פירט זיך שוין ווי א קאַלע־מוידן!

דער זיידע האָט שוין ווידער געמוזט איינשטילן אַלעמען. א פיר גע־טאָן מיט דער האנט איבער ציפּעלעס ליכטיקע לאָקנס, האָט ער זיך אָנ־גערופן:

— איך האָב דיר דאָך ניט איין מאָל געזאָגט, זאָלסט ניט אריבערטרעטן די שוועל פונעם פעטער לייזערס שטוב...

ארויסגערעדט דאָס האָט ער מיט א שטיל שמייכעלע, ווי גלייך דאָס אַלץ, וואָס ציפּעלע האָט נאַרוואָס אויסגעשיט, איז א קלייניקייט און עס לוינט דערפון ניט צו רעדן. אַזוי האָט מען געדאַרפט פארשטיין אויך זיין פראַגע:

— וואָס זיינט איר אַלע היינט אַזוי אופגעטראָגן?

— מאַלע פון וואָס א מענטש ווערט אופגעטראָגן.

מיכל האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר דער טאַטע האָט אים איבער־געשלאָגן:

—נו, דערצייל שוין. איך זע דאָך...

— כ׳וועו! מיטן דירעקטאָר זיך א ביסל צעבוצקעט.

— דו, מיט קיריל פּעטראָוויטשן?

— איך. מיט קיריל פּעטראָוויטשן.

— עס קאָן ניט זיין!

— עס קאָן יאָ זיין.

— איבער וואָס?

— איבערן אווטאָמאַט.

ס׳איז געווען טאַקע אַזוי, ווי מיכל האָט זיך פאַרגעשטעלט. אַזוי און א ביסל ניט אַזוי. ווען ער האָט אינקורצן איבערדערציילט זיין שמועס מיטן דירעקטאָר, האָט שיינדל א זאָג געטאָן:

— פאָטער, וועלן מיר האָבן כאָטש אַמאָל א פריילעכן אָוונט.

נאָר דער טאַטע! דער טאַטע איז געוואָרן מאָלע־רעציכע. ער האָט געטיינעט, אַז מיכל איז נאָך א שנעק, און געפאָדערט, אַז מאָרגן, טאַקע גלייך אינדערפרי זאָל ער אריינקומען צום דירעקטאָר און אַנטשולדיקן זיך. אויב קיריל פּעטראָוויטש זאָגט עפּעס, זאָגט ער ניט גלאַט אַזוי, געוויס איז עפּעס פאַראַן דערביי. ווייל ער, דאָווידֿ, קען אים א ביסל בעסער. בא דרייסיק יאָר איינינעם געאַרבעט.

— און אויב איך בין גערעכט? — האָט מיכל געפּרוווט פאַרענטפערן זיך.

— אפילע ווען דו ביסט טויזנט מאָל גערעכט!

פאַרשטייט ער שוין גאָרנישט ניט, מיכל. ער דערקענט היינט קיינעם ניט. ניט קיריל פּעטראָוויטשן, ניט דעם טאַטן, ניט שיינדלען, ניט ציפּעלען.

שיינדל... אוי, די מאַמעס! צופרידן דערפון, וואָס די קריגערייַ האָט זיך אריבערגעקייקלט א ביסל אין א זייט, ווי עס טרעפט אַמאָל מיט א דונער, איז זי צוגעקומען צו ציפּעלען מיט איר סאַמע ערנסטער און סאַמע

שרעקלעכסטער פראגע, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט געפאר פאר זיי ביידע:

— ציפּעלע, וואָס וועסטו היינט עסן וועטשערע?

דאָס, וואָס דאָס קאפריזע, צעבאלעוועטע ציפּעלע האָט געענטפערט, האָט געפּלעפּט אלעמען נאָך מערער, ווי איר מעשוגאַס וועגן ווערן א מאַניקיורשע, ווי דאָס, וואָס זי האָט ארויסגעבראכט דעם נאָמען פונעם פעטער לייזער, דערמאָנט עפּעס א טאָליקן און א זאָג געטאָן וועגן פאָרן קיין יִשׂראֵל.

— וואָס פרעגסטו בא מיר, מאמע? — האָט זי אָפּגעענטפערט. — וואָס דו וועסט דערלאנגען, וועל איך עסן!

## 2

די צייט פארקאָכט א קאשע, און גיי זיי א בעריע... שלאָפט שוין ניט דער זיידע א גאנצע נאכט, אין קאָפּ באָמבלען זיך פארשיידענע געשיכטעס, איין געשיכטע קריגט זיך מיט דער צווייטער, איינע פּרוּווט אָפּלייקענען די צווייטע, און עס קומט פּלוצעם אויף א לאנגאָניק לידעלע, וואָס זינגט זיך שטענדיק שטיל, ווי אין זיך, מיט זייער און זייער א טרויעריקן ניגון:

> דאָס סוקעלע דאָס קליינע,
> מיט ברעטער געמיינע,
> קוים מיט צאָרעס געמאכט...

א לידעלע, וואָס האָט אוודע ניט קיין שום שייכעס ניט צום אווטאָמאט און ניט צו אלע אנדערע זיבעצן זאכן. נאָר ווער ווייסט, ס׳קאָן זיין, אז די גאנצע געשיכטע האָט מען געדארפט אָנהייבן פון אָט דעם לידעלע. ווייל דערמאָנט ער זיך אינעם סוקעלע, טוט זיך באלד א וויַיז, ווי א לעבעדיקער, בערל שויכעט מיט זיין קורץ אונטערגעשוירן בערדל, מיט זיין ציגלנעם מויערל מיט די פּיצינקע פּילקאנטיקע פענצטערלעך, מיטן הילצערנעם גאנעקל. דאָס גאנעקל איז געווען א רויטס, און די פענצטערלעך — פון אלע פארבן, וואָס זיינען פאראן אף דער ערד, ווי אויך פון יענע הימל־קאָלירן, ווען אמאָל איז ער באגינענדיק־גרוילעך, אמאָל באַטאָגיק־בלוי און אמאָל פארנאכטלעך־ראָז, אמאָל לויטער אף צו שפּיגלען זיך אין אים און אמאָל פארדעקט מיט שווערע און גראָבע טונקעלע וואָלקנס. און ניט אזוי דאָס גאנעקל אליין, ווי דער דאך מיט זיינע פליגל. מע טוט א הייב אויף די פליגל, ווערט פונעם גאנעקל א סוקע. עס בלייבן בלויז די גלאַטע און קיילעכיקע שטעקעלעך, איבער וועלכע עס הענגט דער הימל. פאר אָט דעם גאנעקל מיט די פליגל איז דאָוויד מעקאַנע געווען בערל שויכעט מערער, ווי פאר פיל אנדערע זאכן. א גאנץ יאָר שטייט און וואַרט אף דיר א פּאַרטיקע סוקע. און בא זיי... וויי, וויי, ווי דער טאַטע האָט זיך עס אָנגעהאָרעוועט, וויפל אָנגעלאָפן זיך, ביז ער האָט צונויפגעשטוקעוועט דאָס סוקעלע. די אלע ברעטלעך, שטעקנס און קלעפּקעס

זײַנען גראָד געלעגן אין קעלער פֿון יאָר צו יאָר, נאָר אַלעמאָל האָט עפּעס געפֿעלט אַף צו דערשטוקעווען און מע האָט געמוזט אַרויסשלעפּן די דײַ־ נינקע שמאָלינקע ברעטעלעך פֿון די צוויי בעטן, וועלכע זײַנען געשטאַנען בא זיי אין אַלקערל, און אָפּט האָט מען געמוזט אָנקומען אויך צום לאָקשנברעט. ערגער פֿון אַלץ איז געווען מיטן סכאך, מיטן ביסעלע אָטשערעט, וואָס מע האָט געדאַרפֿט קויפֿן אַפֿן מאַרק. ערעוו סוקעס איז דער אָטשערעט געווען מיט גאָלד גלײַך. דאָוויד האָט אָפּט געקלערט, אַז טאַקע וועגן דעם טאַטנס סוקעלע האָט עמעצער צונויפֿגעשטעלט דאָס לידעלע...

צוגעדעקט דעם דאַך
מיט אַ ביסעלע סכאך,
איך זיץ מיר אין סוקעלע באַנאַכט...

כאָטש זייער סוקעלע איז ניט געווען קיין אויסנאַם, גאַנעקלעך מיט פֿליגלען זײַנען אין שטעטל געווען עפּשער צוויי אָדער דרײַ, און אַלע איבעריקע זײַנען געווען אַזעלכע, ווי עס זינגט זיך אינעם לידל: אַז די ווינטן די קאַלטע זאָלן בלאָזן אין די שפּאַלטן, אַז די באַלעבאָסטע זאָל זײַן שטאַרק פֿאַרומערט דערפֿון, וואָס פֿונעם פֿאַרוואָלקנטן הימל קאַפּעט אין דער יויך אַרײַן און עס לעשן זיך אויס די ליכט, און דער באַלעבאָס זאָל זי טרייסטן: זײַ ניט קיין נאַר און האָב ניט קיין צאַר...

ווייסט שוין דאָוויד אַליין ניט, פֿאַרוואָס האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן דרייען אַרום דעם סוקעלע, און פֿאַרוואָס האָט עס אים אַזוי פֿאַרכאַפּט. דאָס לידעלע האָט ער ניט געזונגען ווער ווייסט ווי פֿיל יאָרן, שוין קימאַט דאָס פֿאַרגעסן און געמוזט אופֿשטעלן אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, אַ שורע נאָך אַ שורע. נאָר דאָס ניגנדל האָט זיך אים פֿאַרגעדענקט גאַנץ גוט. דאָס טרויעריקע ניגנדל, וואָס מע דאַרף זינגען שטיל, זייער שטיל. האָט דאָס ניגנדל אים טאַקע געהאָלפֿן צונויפֿקלײַבן די פֿאַרגעסענע ווערטער. און וויבאַלד ס'האָבן זיך צונויפֿגענומען אַלע ווערטער, איז שוין אינײַנעם מיט זיי געקומען בערל שויכעט.

קיין סאַך טאַלמידים האָט בערל שויכעט ניט געהאַט. אַמאָל דרײַ, אַמאָל פֿיר. און ער איז ניט געזעסן מיט זיי די גאַנצע צײַט באַם טיש, ווי אַ געוויינלעכער מעלאַמעד. ער האָט זיי געלאָזט אַליין ברעכן דעם קאָפּ איבער אַ פֿאַרפּלאָנטערטן איניען. די ערשטע כאַדאָשים איז נאָך געווען צו דערלײַדן. מיטן „איַין יאַנקעוו״, וואָס איז אָנגעשפּיגעוועט מיט אָן אַ שיר אַגאַדעטעס, שיינע און שרעקלעכע געשיכטעס, האָט בערל שויכעט ווי געוויזן זיי אַ לעקעכל, און אַזוי צוביסלעך איז ער מיט זיי אַרײַנגעקראָכן אין רעכטן־געדיכטן.

דאַן איז שוין בערל שויכעט אַליין אויך אַמאָל געזעסן באַם טיש, נאָר געמאַכט זיך, אַז די טאַלמידים זײַנע גייען אים אינגאַנצן ניט אָן. גענומען אין די הענט אַ סייפֿערל און אײַנגעגראָבן זיך אין דעם מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן און מיט זײַן קורץ־אונטערגעשוירן ניט שאָכטיש בערדל. איז אויסגעקומען, אַז יעדערער איז זיך פֿאַרנומען מיט זײַן איניען. ער דעליבעט זיך זײַנס, און די טאַלמידים דעליבען זיך זייערס. ניט מערער, זיי שאָקלען זיך אַלצײַנס איבערן טיש און באָמקען שטיל אונטער זיך

אליין מיט דעם זעלבן ניגנדל. ווען ער פלעגט אוועק אמאָל אף א פּאָר שאָ אין בייס־האשכיטע קוילען א פּאָר שטיק פאר די קאַצאָווים, זײַנען זיי געבליבן אונטער דער האזשגאָכע פון דער שויכעטקע. געהייסן האָט זי מעניע, גערופן האָט מען זי מעניע מיט דער זשמעניע, און אויסגעזען האָט זי טאקע, ווי א קליין זשמענקעלע. א פיצעלע, אײַנגעדארט שויכעטקעלע מיט א שוואך פישטשענדיק קעלעכל, אין וועלכן ס׳איז שטענדיק געווען עפּעס ווייַנענדיקס. נאָר א בעריע איז זי געווען אף כאריפּעס. אלץ אין שטוב האָט בא איר געגלאנצט, סײַ זומער, סײַ ווינטער. אפילע דאַן, ווען אין שטעטל איז די בלאָטע געווען ביז די קני, האָט מעניע אין שטוב די בלאָטע ניט ארײַנגעלאָזט. אף די טרעפּלעך פארן גאנעקל, דערנאָך אין גאנעקל אליין, איז געווען אלץ, וואָס מע דארף אף אָפּשאָבן, אָפּרייניקן, אָפּרײַבן און אויסבערשטלען אלץ פון קאָפּ ביז די פיס. דאָוויד געדענקט שוין ניט, וואָס פאר א טאם האָבן געהאט אירע אנדערע מײַכאָלים, כאָטש זיי האָבן זיך ניט איין מאָל געקוויקט מיט איר יויך און מיט איר הרעטשענער קאשע, נאָר דעם טאם פון איר „כאָלאָדיעץ" געדענקט ער ביז הײַנט. ווינטער, ווען מע האָט אָנגעהויבן קוילען גענדז און פרעגלען שמאלץ אף פּייסעך, האָט בערל שויכעט פון יעדער גאנדז אָפּגעשניטן א פיסל פאר זיך. האָט מעניע א טאָג איבער א טאָג געקאָכט „כאָלאָדיעץ", און איין טעלערל איז שטענדיק געווען פאר די טאלמידים. און איבער דער גאנצער שטוב האָט געשמעקט מיט אָנגעקנאָבלטן און אָנגעפעפּערטן, מיט לאָרבערבלעטער און מיט אָן א שיר אנדערע קרײַטעכצן, וואָס האָבן א ביסל געקיצלט אין דער נאָז און געשניטן אין האלדז.

— שנאָים שעויכאָזים בעטאָליס...[1] אוי, ווי עס שמעקט מיט קנאָבל!

— שלוישאָ שעאָכלו קייעכאָד...[2] אוי, ווי דער פעפער קיצלט אין האלדז.

— שויר שענאָגאך עס האפּאָראָ...[3] אוי, ווען וועט שוין די שויכעטקע דערלאנגען דאָס טעלערל כאָלאָדיעץ!

זיי זײַנען געווען גוטע, פלײַסיקע טאלמידים, מע האָט ניט געדארפט שטיין איבער זייערע קעפּ מיטן קאנטשיק אין דער האנט. אלעמאָל, ווען בערל שויכעט האָט געפּרוווט נעמען עמעצן אפן צימבל, געוואָלט פּאקן בא עפּעס א גרײַז אָדער כוישעד געווען, אז אָן אים האָבן כעוורע געפּוסטעפּאסעוועט, האָט ער געמוזט בלײַבן אנטוישט. ניין, ניט אנטוישט, נאָר פארקערט, געווען ביז גאָר צופרידן. ער האָט געשמייכלט שטיל, אין זיך, און קעדיי אויסבאהאלטן דאָס אינווייניקסטע שמייכעלע, האָט ער גענומען אראָפּטרייסלען פונעם בערדל די ברעקלעך פון די שאבעסדיקע פלעצעלעך. אלעמאָל, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון דער בייס־האשכיטע, אויסגעטאָן דעם לאנגן מאנטל און אָפּגעוואשן די הענט, איז דאָס בעסטע איבערקײַעכץ געווען בא אים א גלאָז טיי מיט א פלעצעלע. פון יענע שאבעסדיקע פלעצעלעך, וואָס האָבן זיך געהאלטן אין שטוב פון איין פרײַטיק ביזן צווייטן. טוט ער א זופּ די טיי, טרייסלט אראָפּ די

[1] צווייען האלטן א קלייד; [2] דרײַען, וואָס האָבן געגעסן ווי איינער; [3] אן אָקס, וואָס האָט א שטויס געטאָן א קו.

ברעקלעך און זינגט שטיל נאָך דאָס ניגנדל, מיט וועלכן זײַנע טאַלמידים האָבן נאַרוואָס אָפּגעקנאַקט פאַר אים עפּעס א מײַמער.

יאָ, זיי זײַנען געווען פלײַסיקע טאַלמידים, ניט געשלאָגן קיין בײַדעקעס און אָפּטמאָל גוט אונטערגעשוויצט, ביז זיי האָבן צעקײַט א שטאַרק פאַר־פּלאָנטערטן איניען מיט אָן א שיר סוואַרעס און גזיירע־שאָווע׳ס. פלײַסיקע טאַלמידים געווען, כוץ לייזערן. ווײַל איין זאַך איז געווען ער, דאָוויד, פון וועמען זײַן טאַטע, מיכל בעקער, האָט געוואָלט מאַכן א ראָוו, און א צווייטע זאַך איז געווען לייזער. ער האָט די גאַנצע געמאָרע געדאַרפט אף קאַפּאַרעס, ווײַל זײַן טאַטע, ביניאָמין אָקס, ווי מע האָט אים גערופן, איז געווען געגנוג רײַך, און כאָטש ער האָט נאָך געהייסן ביניאָמין קירזש־נער, געדענקט ער שוין אליין ניט, ווען האָט ער געהאַלטן א נאָדל אין דער האַנט. ער האָט שוין געהאַלטן באַ זיך אריבער א צענדליק קירזשנער־יונגען, און ער האָט נייטיק געדאַרפט וואָס גיכער זײַן לייזערן צום גע־שעפט. ניט מערער, דאָס ביסל געמאָרע וועט ניט שאַטן צום שידעך.

יאָ, אזוי האָט זיך, אפּאָנעם, טאַקע אָנגעהויבן דאָס דרייעניש, אָנגע־הויבן פון לייזערן, זיך פאַרטשעפּעט פאַרן לידעלע, דערמאָנט דאָס סור־קעלע, דעם שויכעט מיט דער שויכעטקע און זיך אומגעקערט צו לייזערן. כאָטש דאָס איז נאָך ניט דער סאָף. פון דעם הייבט זיך עס ערשט אָן...

שוין גאָר נאָענט פון זייער שטעטל האָט געבליצט און געדונערט די רעוואָליוציע, נאָר דער גוסרעגן, אף וועלכן מע האָט אזוי אַרויסגעקוקט, איז ניט געקומען. בלויז פון מאָל צו מאָל האָט א שפּריץ געטאָן, ווי א כמאַרע וואָלט געגאַנוועט די גרענעץ און פאַרבלאָנדזעט אהער. אָפּטמאָל האָט מען געמיינט — שוין, אָט דאָס איז דאָס, נאָר ס׳איז געווען ניט מע־רער, ווי א ווינט וואָלט זיך צעוויכערט, א ריס געטאָן דעם שטויב פון דער ערד און א הייב געטאָן אים ביז צום הימל. אמאָל איז דאָס געווען הוילער שטויב, אמאָל מיט בלוט געמישט... אמאָל איז דאָס געווען אַן אָטריאַד פון די קאָטאָווצעס, און אמאָל א פּעטליוראָווישע באַנדע. די רעוואָליוציע, וואָס האָט אזוי מוירעדיק זיך צעשפּילט אין אירע ווײַטע טיפענישן, האָט דאָ קוים־קוים געדעכעט. אזויפיל טײַכן אריבערגעשווומען, און באַם דניעסטער געבליבן שטיין.

יעדן גאַנצפרי האָבן זיי ביידע, מיכל בעקער און ביניאָמין אָקס, באַ־קוקט דעם הימל פון אלע זײַטן, גלײַך אין אים, אמאָל א פאַרכמורעטן, אמאָל א בלוי־ריינעם, זײַנען געלעגן די סוידעס פונעם הײַנט און פונעם מאָרגן. זיי האָבן אײַנגעהערט זיך אין די ווײַטע און ניט קלאָרע הודעונישן און טראַסקענישן, וואָס קומען פון יענער זײַט דניעסטער. מיכל בעקער האָט דאָס געהערט א ביסל קלאָרער, ווײַל זײַן שטיבל איז געשטאַנען ניט ווײַט פונעם ברעג. ביניאָמין אָקס האָט די אלע הודענישן געהערט א ביסל שוואַכער, ווײַל זײַן מויער איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער. איינעם א גאַנצפרי זיי ביידע דערזען דאָס זעלבע: אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן רומענישע סאָלדאַטן. האָט מיכל פאַרשטאַנען, אז די רעוואָליוציע איז געבליבן שטעקן פון יענער זײַט דניעסטער, ווער ווייסט אף וויפל.

האָט ער שוין געמוזט אוועקגעבן זײַן דאָווידלען מיט זײַן שארפן מויעך צו ביניאָמין אָקס, ער זאָל זיך דערווײַל אויסלערנען נייען פעלצן. געמיינט האָט מיכל טאקע אף דערווײַל, נאָר ווער האָט געקאָנט וויסן?

ע, ווען מיכל זאָל געוועזן וויסן! ווען דער פרומער מיכל זאָל געוועזן וויסן, אז דאָס ביסעלע געמאָרע, מיט וועלכן זײַן דאָווידל איז ארײַנגעקומען צו ביניאָמין אָקס אין שטוב ארײַן, וועט מיטאמאָל באקומען גאָר אן אנדער טײַטש און גאָר אן אנדער טאם. אלץ קאפויר, אלץ קאפויר! סײַ דער „שלוישאָ שעאָכלו קייעכאָד” און סײַ דער „שויר שענאָגאך עס האַפאָראָ”. דאָרטן, אף דער באלעבאטישער זײַט, האָט יעדער איינער געגעסן פאר דרײַ, און אינעם לאנגן צימער, וואָס איז שטענדיק געווען פארוואלגערט מיט שמויסן, אינעם צימער, ווו זיי האָבן גענייט, געגעסן און אויך געשלאָפן, טאקע דאָ, אף די פעלצן, האָט מען געקאָנט בלויז באלעקן זיך מיט די קיצלדיקע רייכעס פון די פעטע יויכן, געהאקטע לעבער און געבראָטענע קאטשקעס, וואָס זײַנען געגאנגען פון דער קיך.

דעם צונאָמען אָקס האָט ביניאָמין באקומען א סאך פריִער, פאר זײַן פעטן, געדיכט אָנגעפאלדעוועטן האלדז־און־נאקן, פאר זײַן ברומענדיקער געמבע און דעריקער דערפאר, וואָס ער איז געווען אן עמעסדיקער „שויר שענאָגאך”, ניט אופגעהערט בוצקען זיך מיט אלע איבעריקע קירזשנער, געסטארעט זיך ארויסשטויסן זיי פון די היגע מערק, פון די ארומיקע דערפער און ניט ווייניקער געבוצקעט זיך מיט זײַנע ארבעטער.

דער לאנגער צימער מיט זײַנע שטיקנדיקע רייכעס, מיט זײַנע וואָלענע שטויבעלעך, מיט די פיסנע געקעכטסן און מיטן זיצן אזוי אָנגעבויגן מיט דער נאָדל אין דער האנט פון גאנצפרי ביז אפדערנאכט וואָלט געקאָנט ווערן פאר דאָווידן אן עמעסער גענעם, ווען ניט דאָס מאלעכל, מאלקעלע, וואָס פלעגט יעדן גאנצפרי ארײַנשוועבן אין לאנגן צימער, א שײַן טאָן מיט איר ווײַס פענעמל און מיט איר ווײַסן פעלערינקעלע, וואָס האָט אויסגעזען ווי פליגעלעך אף אירע שמאָלע פלייצקעלעך. זי האָט א בלענד געטאָן, ווי די זון אליין, אָפגעגעבן אלעמען א גוט־מאָרגן, און...

ניין, פארשטייט זיך, ניט גלײַך איז דאָס געוואָרן אזוי. צוערשט האָט דער גענעם גענומען זײַנס, און דאָוויד האָט געמיינט, אז ער וועט ניט אויסהאלטן. ניט אזוי די שטיקנדיקע רייכעס פון די שמויסן, ווי די קיצלדיקע רייכעס פון דער קיך. מע דארף זײַן פון אײַזן! און ער האָט שוין געזאָלט אנטלויפן. נאָר אין איינעם א גאנצפרי... אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז דער גוטמאָרגן, וואָס מאלקעלע גיט אָפּ אים, איז גאָר אן אנדערער, אז איר קעלעכל קלינגט דערבײַ גאָר אנדערש, אז איר פענעמל שײַנט דערבײַ אויך אנדערש. און דאָס שמייכעלע אירס! מע קאָן דאָך פּאָשעט שטארבן פון אזא שמייכעלע!

אלעמאָל, ווען דאָוויד פרוווט אופשטעלן אין זיקאָרן, וויִאזוי דאָס איז געשען, וויִאזוי האָט ביכלאל געקאָנט געשען אזא נעס דאָן, ווען ער האָט שוין אינגאנצן געהאט אופגעהערט גלייבן אין ניסים, זעט ער פאר זיך מאלקעלעס אויגן. אפילע ניט די אויגן אינגאנצן, ווײַל די אויגן זײַנען צו גרויסע און צו בלענדנדיקע, מע זאָל קאָנען קוקן אין זיי. ער זעט בלויז

דאָס שטראַלעכל, וואָס טוט אַ שפּרונג אַרויס פון זיי, טוט אַ ברי און סטײַעט ניט. באַקומט שוין דערנאָך די וועלט גאָר אַן אַנדער טאַם. די שאָפענע פּעלעכלעך שמעקן מיט אַלע בעסטע ריחות, ווײַל אויף זיי איז געפאַלן מאַלקעלעס בליק; דער פּיסנע זופּ, אַ ביסל אַ קאַלטער און אַ ביסל אַן איבערגעשטאַנענער, האָט אַלע זיבן טעמען, ווײַל אין אים איז דערטרונקען געוואָרן מאַלקעלעס אַ שמייכעלע, און אינעם קורצן שלאָף אויף די שטינקענדיקע שמוציקלעך איז געווען אויך עפּעס גאַניידנדיקס, ווײַל ער האָט שטענדיק געהאַפּט זען אין כאָלעם מאַלקעלען. דער ערגסטער טאָג אין דער וואָך איז געווען פאַר אים שאַבעס, ווען ער האָט אַרומגעבלאָנקעט איבער די הינטערגעסלעך און אַרויסגעקוקט אויפן הימל: ווען וועט זיך שוין באַווײַזן דער מאָצעשאַבעסדיקער שטערן.

אַלץ איז געווען אַזוי קישעפּדיק־זיס און אַזוי האָפענונגסלאָז־ביטער... ווי קאָן מען אַפילע אין געדאַנק דערלאָזן אַזאַ זאַך: ער זאָל אַמאָל קאָנען צוגיין צו איר און אויסרעדן מיט איר אַ וואָרט. אָדער אָפּטאָן נאָך אַ גרעסערע מעשוגאַס — אַ נעם טאָן זי פאַר דער האַנט. נאָר ער האָט דאָס גאָרניט באַדאַרפט. ער האָט נאָר באַדאַרפט הערן יעדן גאַנצפרי איר דין, זינגענדיק קעלעכל, זען איר ווײַס פּענעמל, איר ווײַס פּעלערינקעלע, פילן, ווי איר בלענדנדיקער בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף זײַן פּאָנעם אַ ביסעלע לענגער, ווי אויף עמעצן אַנדערש. דאָס איז געווען פאַר אים גאַנץ גענוג, ער זאָל אַ גאַנצן טאָג זיך פילן גליקלעך און די גאַנצע וועלט זאָל אים אויסזען יאָמטעוודיק.

אַזוי זײַנען זיי ביידע ביסלעכווײַז אונטערגעוואַקסן. מאַלקעלע האָט שוין געהאַלטן באַם ענדיקן די גימנאַזיע, און דאָוויד... דאָוויד האָט צווישן די שאָפענע פּעלצלעך שוין געהאַלטן עטלעכע ביכלעך, אָבער גאָר אַנדערע, זייער דינינקע, און וואָס האָבן גאָר אַנדערש פאַרטײַטשט דעם „שויר שענאָגאַך” און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זייער באַלעבאָס ביניאָמין אָקס איז ענלעך אויף אַלע עקספּלואַטאַטאָרס אין דער וועלט, אַז רײַך געמאַכט האָבן אים זיי, די קירזשנער־יונגען, מיט זייער שווייס. דאָס איז דאָווידן געווען צוערשט אַפילע אַ ביסל פּריקרע. געשיקט זיך, אַז מאַלקעלע... נאָר סײַווי האָבן די שאַבאָסים אויפגעהערט זײַן פאַר אים אַן אָפּקומעניש. די שאַבאָסים זײַנען געוואָרן פאַר אים גאָר אַנדערע. אָדער מע האָט זיך צונויפגעקליבן אין שנײַדערשן שולעכל אויף אַ געהיימער פאַרזאַמלונג, אָדער ער איז איינער אַליין אַוועק איבער די אַרומיקע דערפער מיט „מאַניפעסטן” אין דער בוזעם־קעשענע.

סאַכאַקל האָט דאָן אויף זײַן גלאַט, נאָך קינדעריש פּאָנעם קוים אָנגעהויבן באַווײַזן זיך אַ ביסעלע ווייכער און שיטערער מאָך. נאָר געוווּסט האָט ער שוין אַ סאַך מערער פון אַנדערע, סײַ וועגן עקספּלואַטאַציע און סײַ וועגן שטרײַקן. און דאָס האָט ער גראָד ער געדאַרפט אײַנרעדן אַלע דרײַסיק אַרבעטער, וואָס אַרבעטן מיט אים אינאיינעם, זיי זאָלן זיך אײַנשליסן אינעם אַלגעמיינעם שטרײַק פון די קירזשנער, ווײַל אויב מע וועט לאָזן דעם דאָזיקן אָקס זויגן פון זיי דאָס בלוט...

און דאָס איז פאַר אים געווען דאָס סאַמע ערגסטע, דאָ האָבן זיך צונויפגעמישט באַ אים צוויי געפילן, וואָס ער האָט ניט געוואָלט צונויפ־

מישן. ווי קאָן מען דאָס אוועקשטעלן מאַלקעלען לעבן איר טאַטן? און ווי וועט ער ביכלאַל קאָנען לעבן אויף דער וועלט, אויב ער וועט ניט באַקומען יעדן גאַנצפֿרי פֿון מאַלקעלען איר גוטמאָרגן? נאָר אַ שטרײַק בלײַבט אַ שטרײַק.

האָט עס געמאָרדעוועט מיטן שטעטל, ווי אין אַ קאַדאָכעס. סאַמע אין ברען פֿון סעזאָן, ווען עס הייבט אָן שמעקן מיט האַרבסט, ווען אויף די מערק איז פֿול מיט קוינים און ווען די פֿעלצלעך זײַנען מיט גאָלד גלײַך, — אַ שטרײַק! ביניאָמין אָקס האָט יעדן גאַנצפֿרי אײַנמיטן שאַכריס געקלאַפּט מיטן פֿויסט אין באַלעמער, געדראָעט מיט פּאָליציי, מיט סיגוראַנצע, מיט טורמע און מיט קאַטאָרגע. און ער, דאָוויד, וואָס האָט עטלעכע מאָל אין טאָג באַטאַפּט דעם שיטערן מאָך אויף פּאָנעם, האָט עס געדאַרפֿט אַרומלויפֿן פֿון שטוב צו שטוב, מונטערן, אײַנרעדן און אויסטײַטשן יעדערן דאָס שפּאָגל־נײַע וואָרט — סאָלידאַריטעט. און אַ טאָג איבער אַ טאָג צונויפֿרופֿן די קירזשנער נאָך אַ האַלבער נאַכט אויף אָן אַסיפֿע אינעם שנײַדערשן שולעכל און מאַכן אַזוי, אַז מיקאָלע זאָל אויך קומען, מיקאָלע הוצול, וואָס איז גאָר קיין קירזשנער ניט, נאָר אַ סטאָליער, אָבער וואָס ווייסט אין די זאַכן פֿיל מערער. דאָס האָט דאָך טאַקע ער, מיקאָלע, געמאַכט אים פֿאַר אַ שטיקל מענטש.

און מאַלקעלע... וואָס אַ טאָג, האָט זי אים אויסגעזען אַלץ ווײַטער און ווײַטער, ווי די זון, וואָס האַלט באַם פֿאַרגיין. דאָס פֿענעמל וואָס אַמאָל בלייכער, די שטראַלעכלעך וואָס אַמאָל שוואַכער, און דאָס פֿעלערינקעלע... דאָס פֿעלערינקעלע האָט ער אײַנגאַנצן ניט געוואָלט זען, ווײַל גראָד דאָס ווײַסע גימנאַזיסטישע פֿעלערינקעלע האָט זי געשטעלט אין איין ריי מיט איר טאַטן, מיט אַלע עקספּלואַטאַטאָרס. איז ער אַרומגעלאָפֿן באַטאָג און באַנאַכט, אַלץ געטומלט זיך אַרום שטרײַק, און טיף אינווייניק האָבן באַ אים געבויטעט זיך צוויי ביז גאָר פֿאַרשיידענע געפֿילן, וואָס האָבן ניט געוואָלט, ניט געטאָרט צונויפֿמישן זיך. ווײַל ביידע געפֿילן האָבן געהאַט אַ שײַכעס צו מאַלקעלען.

און איינמאָל, ס'איז שוין געווען נאָך אַ האַלבער נאַכט... נאָך אַ טאָג לויפֿענישן און נאָך אָן אַסיפֿע, ער האָט זיך שוין געהאַט אײַנגעמאָסטעט אויף זײַן געלעגער און אַ בעט געטאָן באַ גאָט, אין ווען ער האָט נאָך אַ ביסל געגלייבט און אַ ביסל שוין ניט, אַז מאַלקעלע זאָל זיך אים אַ ווײַז טאָן אין כאָלעם, נאָר אַ ווײַז טאָן זיך אויף אַ ווײַלע און שוין, מערער בעט ער ניט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז באַ גאָט, מיט וועמען ער איז אַ ביסל צעקריגט, וועט ער מערער ניט אויסבעטן. האָט ער זיך אײַנגעמאָסטעט אויפֿן געלעגער, אונטערגעצויגן די פֿיס, אײַנגעניורעט זיך מיטן פּאָנעם אין קישעלע און שוין אָנגעהויבן פּאָסמאַקעווען דעם טאַם פֿונעם זיסן כאָלעם. און ווען אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט דאַרף שוין קומען דער כאָלעם, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער. פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זײַן עמעצער פֿון די כעווריע, איז ער געוואָרן אַ ביסל באַרויִקט אויף זיי. דער כאָלעם איז שוין געווען אַזוי נאָענט!.. נאָר גלאַט אַזוי וועלן כעווריע ניט קומען אײַנמיטן דער נאַכט. האָט ער אַפּגיך אַרופֿגעצויגן די הויזן און אַזוי, אַ באָרוועסער, אין איין העמד, אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן.

— מאלקעלע!

שטייט ער א געפּלעפּטער און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. אזוינס קאָן זיך בלויז כאָלעמען.

— דאָוויד...

יאָ, דאָס איז טאקע איר קאָל, איר זינגענדיק קעלעכל. ס׳איז אפילע מערער, ווי ער האָט געבעטן בא גאָט.

— דאָוויד, — זי רעדט א ביסל פאַרסאָפּעט, ער פילט, ווי זי כאפּט קוים דעם אָטעם. — דו הערסט, דאָווידז דו מוזט שוין אוועק ערגעץ באַ־האלטן זיך.

דאָס איז שוין גאָר עפּעס אזוינס... וועגן דעם האָט ער מיט קיינעם ניט אויסגעטרומען. ניט מיט גאָט, ניט מיט זיך אליין.

— פאַרוואָס דאַרף איך זיך באהאלטן?

ער פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס זאָל ער לויפן באהאלטן זיך, וויבאלד זי, מאלקעלע, איז געקומען צו אים.

— איך האָב געהערט, ווי דער טאטע האָט זיך געסוידעט מיט לייזערן. דער טאטע האָט אים געשיקט צו ראדולעסקו און געהייסן אָנרופן דעם נאָמען פון עפּעס א מיקאָלען און נאָך עמעצן. יענע נעמען האָב איך ניט פאַרגעדענקט, נאָר דײַן נאָמען און מיקאָלעס... לויף שוין...

אוואדע דאַרף מען לויפן. טאקע שוין. נאָר ער... ער שטייט און קוקט אף איר אזוי דרייסט, ווי קיינמאָל ניט. ער זעט אירע אויגן אין זייער גאנצער גרייס. אויגן, וואָס אפילע באנאכט... ניין, איצט בלענדן זיי ניט. זיי שײַנען מיט אזא ליבער און מילדער שײַן. וואָס זשע פאַר א ווערט האָט בא אים די סיגוראנצע, עפּעס א ראדולעסקו, אז מאלקעלע, אָט שטייט זי לעבן אים... ער איז איצט דער סאמע גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. ווײַל ס׳האָט זיך ניט אויסגעמישט דאָס, וואָס האָט זיך ניט געטאָרט אויסמישן, אָט דאָס, וואָס הייסט ליבע, און דאָס, וואָס הייסט האס. זאָל זײַן, אז מערער וועט גאָרניט ניט געשען. באלד וועט זי אוועק. און ער וועט זי קיינמאָל מערער ניט זען. נאָר סײַווי, מאלקעלע וועט שוין בלײַבן זײַנע. ביניאָמין אָקס באזונדער, און מאלקעלע באזונדער. און ס׳וועט זיך שוין קיינמאָל מערער ניט צונויפמישן.

— וואָס זשע שטייסטו? לויף אַרײַן, טו זיך אָן און קום.

— וווהין?

— פונוואנען זאָל איך וויסן?

ווען ער איז ארויסגעלאָפן אין דרויסן שוין אָן אָנגעטאָנענער, האָט מאלקע זיך אָנגערופן:

— קום, איך וועל דיך באגלייטן.

— עפּשער... עפּשער דאַרף מען ניט?

— מע דאַרף. מע דאַרף. און אז מיר וועלן דערזען עמעצן... עס קאָן זײַן א פּאָליציייער, עס קאָן זײַן א שפּיק אויך, זאָלסטו מיך נעמען אונטערן אָרעם. פאַרשטייסט? עס שפּאצירט ארום באנאכט א פאַרליבט פּאָרעלע. רוק נאָר גוט אראָפּ דאָס היטל.

גאָטעניו, פונוואנען ווייסט זי דאָס אלץ? ווי קומט עס צו איר? און ביכלאל, פונוואנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער נעס? די גאנצע גע־

שיכטע מיטן שטרײַק, מיט זײַנע ארומיאָגעניש, מיט מאלקעלעס טאטע און מיט לייזערן, וואָס איז אוועק אין סיגוראנצע, האָבן אים איצט אויסגעזען, ווי ביז גאָר ווײַטע, זײַטיקע זאכן, קלייניקײַטן, וואָס האָבן קיין שום ווערט ניט. אלץ, אלץ — די גאנצע וועלט האָט פארשטעלט מיט זיך מאלקעלע, וואָס איז געקומען צו לויפן באנאכט, מאלקעלע, וועלכע האָט ניט געלאָזט, אז רייזנס זאָל זיך אויסמישן מיט אומריינעם, מאלקעלע, וואָס גייט איצט באנאנד און ער קאָן אפילע זי נעמען אונטערן אָרעם.

זיי האָבן ניט געוווסט, אז דאָס איז זייער ערשטער און לעצטער שפּאַציר איבער די שטעטלשע גאסן, א שפּאציר, וואָס זיי וועלן ביידע ניט איין מאָל דערמאָנען.

זיי האָבן ניט געוווסט, און ניט געקאָנט וויסן, אז די דאָזיקע נאכט האָט זיי ביידע ווי אָפּגעהאקט פון אלץ, וואָס איז פארבונדן מיט זייער היים, מיט זייער שטעטל, אז דאָס שפּאנען זיי אריבער אזא גרענעץ, וואָס מע קאָן זי שוין קיינמאָל ניט אריבערגיין צוריק.

זיי האָבן א סאך זאכן ניט געוווסט.

דאָס שטעטל האָט אויך פון גאָרניט ניט געוווסט. ס'איז געשלאָפן מיט א שווערן, פארהאָרעוועטן שלאָף, געזען הונגעריקע כאלוימעס און ארויסגעדעכעט דורך די אָפענע פענצטערלעך א געדיכטע פארע, ארויסגעהוסט, ארויסגעקרעכצט און עפּעס ארויסגעשעפּטשעט פון שלאָף. זיי זײַנען געגאנגען שטיל, אף די שפּיץ פינגער, גלײַך מוירע געהאט אופוועקן דאָס אײַנגעשלאָפענע שטעטל, געהאלטן אין איין ארומקוקן זיך און געשראָקן זיך פאר יעדן שאָרך, פאר יעדן זיפץ, געשראָקן זיך גראָד ניט פאר דעם, וואָס זיי דארפן זיך שרעקן. און געטראכט אויך גראָד ניט וועגן דעם, וואָס זיי דארפן טראכטן. דאָוויד האָט אלעמאָל א פיר געטאָן מיט דער האנט איבערן פּאָנעם, באטאפּנדיק דעם פארדראָסיק־ווייכן און דעם אומדערלאָזבאר־שיטערן מאָך, זײַענדיק זיכער, אז פאר אזא נאכט, פאר איינער אזא נאכט האָט ער געמוזט ווערן פיל הארטער און געדיכטער. מאלקעלע האָט אלעמאָל געוואָרפן א זײַטיקן בליק אף דאָווידן, זי האָט שטארק מוירע געהאט, ער זאָל, כאלילע, עפּעס ניט איבערלייענען אין אירע אויגן. ווײַל טאָמער שטויסט ער זיך אָן, ווערט זי דאָך אָן דעם גאנצן כיין אין זײַנע אויגן. ער וואָלט געקאָנט מיינען, אז זי איז אוועקגעלאָפן צו אים אינמיטן דער נאכט ניט דערפאר, וואָס אלץ ברענט אין איר קעגן איר טאטן און קעגן איר ברודער, נאָר אז ס'האָט זי א יאָג געטאָן א ריין מיידלשער געפיל.

נאָר דאָוויד האָט גאָרנישט ניט באמערקט. ער איז געגאנגען, ווי אונטערגעטאנצט. ניט געפילט די ערד אונטער די פיס.

זיי זײַנען געגאנגען און געשוויגן, זיי האָבן מוירע געהאט צו זאָגן איינער דעם אנדערן דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן געטראכט. דאָווידן האָט בלויז געוואָלט זיך, זיי זאָלן אזוי גיין און גיין, אז סײַ די נאכט און סײַ דאָס שטעטל זאָלן ניט האָבן ניט קיין סאָף און ניט קיין ברעג, און אז צו יענעם ליקעלע, וווהין זיי דארפן פארקערעווען, זאָל נאָך זײַן א סאך ווערסטן. נאָר דאָס ליקעלע, דאָס שמאָלע און פינצטערע ליקעלע, איז

זיי ארויסגעשפרונגען אנטקעגן און האָט אים א שטאָך געטאָן אין דער ברוסט, ווי מיט א שפּיז.

— גענוג, דאָ וועל איך שוין אליין טרעפן.

— וואָסי, האָסט מוירע, איך זאָל וויסן דײַן באהעלטעניש?

— וואָס הייסט, איך האָב מוירע? פארקערט. אָט פארקערעווע איך און גיי ארײַן צו עליע דעם קרומען. און דו לויף אוועק צו מיקאָלען.

— צו וועלכן מיקאָלען?

— האָסט דאָך אליין געזאָגט. מיקאָלא הוצול. ווייסט, ווו ער וווינט?

— איך ווייס, איך ווייס, איך לויף שוין!

— און... צו מיר וועסטו ארײַנקומען?

— איך וועל זיך סטארען.

אפּאָנעם, אז מיט דער קאָנספּיראציע איז בא זיי געווען ניט פויגלדיק. דעם צווייטן טאָג זײַנען זיי שוין אלע געזעסן אינעם היגן קליינעם טורמעלע, וואָס איז גאָר קיין טורמע ניט געווען — עפּעס א לאנגער פינצטערער און פײַכטער קעלער, וואָס איז געווען גאנץ גענוג פאר א פּאָר שיקורים אָדער פאר א פערד־גאנעוו, נאָר ניט פאר אזויפיל שטרײַקער. האָט מען שוין געמוזט אָפּטאָן אלץ בעכיפּאָזנדיק. סײַ די אויספאָרשונג, סײַ די קלעפּ און סײַ דעם געריכט אליין. מאלקעלע האָט זיך צו אים דערקליבן ערשט אין א כוידעש ארום, ווען ער איז שוין געווען א צעמאזיקטער, מיט דרײַ איבערגעבראָכענע ריפּן, מיט פיר אויסגעשלאָגענע ציין, און באוואָרנט מיט צוויי יאָר קאטאָרגע. זײַנען זיי געשטאנען איינער קעגן אנדערן פוןביידע זײַטן גראטעס און האָבן שוין פאר קיינעם ניט געדארפט אויסבאהאלטן זיך. זי איז געגאנגען אהער אים זאָגן גאָר וויכטיקס, נאָר ווען זי האָט א קוק געטאָן אף אים, האָט איר אָפּגענומען דאָס לאָשן. זי האָט אים ניט דערקענט. גאָר אן אנדער דאָווידל! מיט פארשוואָלענע אויגן, מיט א פארקוילט־אײַנגעפאלן פּאָנעם און מיט אויסגעקלאפּטע ציין! זי האָט דאן טאקע געמיינט, אז מע האָט אים אויסגעזעצט אלע ציין. פון די ריפּן האָט זי ניט געוווסט. דאָוויד האָט מיט אלע קויכעס זיך געסטארעט שטיין אזוי פעסט און אזוי גלײַך, זי זאָל דאָס ניט באמערקן. ער האָט דאן זייער מוירע געהאט, אז די ריפּן קאָנען אים שאטן צום שידעך! זי וואָלט אזוי געוועזן אָפּגעוויינט אלע פינף מינוט פון זייער קורצער באגעגעניש, נאָר ער האָט דאָך געמוזט הערן פון איר עפּעס א וואָרט, כאָטש איין וואָרט! האָט ער זיך דערלויבט אזוינס, וואָס ער וואָלט זיך אין לעבן ניט דערלויבט. די האנט האָט שטארק געציטערט, נאָר ער האָט זי געצוווּנגען טאָן, וואָס ער הייסט. צוגעטוליעט זי צו אירע אויגן און אָפּגעווישט די טרערן.

— האָסט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן?

האָט זי אויך געזאָגט דאָס, וואָס זי וואָלט קיינמאָל אין לעבן ניט געזאָגט:

— איך בין געקומען דיר זאָגן... איך און דו... דאָס גאנצע לעבן!

שטייט ער און פינטלט מיט זײַנע פארשוואָלענע אויגן און ווייסט שוין אליין ניט, וואָס דאָס זאָל הייסן און וואָס דאָס לעבן וויל פון אים. וואָס איז דאָס פאר א שפּיל אין קאץ און מויז? צי דאָס שיט אים דאָס

לעבן זאלץ אף די ווונדן, אים זאָל זײַן טויזנט מאָל ערגער, צי פארקערט? נאָך יענער נאכט האָט דער גאנצער כוידעש, ווען ער האָט זיך עטלעכע מאָל פארכלינעט אין אייגן בלוט, אים אויסגעזעזן גאָר ניט אזוי שרעקלעך, בא אים אין לעבן איז שוין געווען אזא נאכט, אזא שטילער און שטומער שפּאציר. וואָס זשע זעט זיך אָן בא אים צוויי יאָר קאטאָרגע, אז אָט שטייט זי, מאלקעלע, פאר אים, זיי האָבן זיך אָנגענומען פאר די הענט און זי האָט אים געזאָגט אזעלכע ווערטער... אזעלכע ווערטער, וואָס ער וואָלט אין קיין שום כאָלעם ניט צוגעטראכט.

שטייט ער און פינטלט מיט זײַנע פארשוואָלענע אויגן, קוקט זיך אײַן אין מאלקעלעס פּאָנעם און ווייסט ניט, פארשטייט ניט, ווי קאָן מען אָנרופן דאָס, וואָס ער פילט. ווײַל נאָך אלעמען פילט ער זיך שולדיק פאר מאלקעלען. דערפאר, וואָס ער האָט זי ליב באקומען. און דערצו נאָך אזוי שטארק, אז זי אליין האָט אים אויך ליב באקומען. איז אים א ראכמאָנעס אף איר. ווי מעג מען עס דערלאָזן, אז אזעלכע בלענדנדיקע אויגן זאָלן אָנהייבן צאנקען! ווי דערלאָזט מען, עס זאָל פארדאָרבן ווערן אזא ליכטיק פּאָנעם! און וואָס וועט זײַן מיט איר ברוין גימנאזיסטיש קליידל און מיט איר ווײַסן פעלערינקעלע? און וואָס וועט זײַן מיט זייביידע?..

גייען זיי און גייען... די בוקאָווינער וועגן זײַנען פארשטויבט און צערעפּעט, ווי די קאלטע מאמאליגע אין זייערע מאָגערע טאָרבעלעך, די הארבסטיקע זון סארפּעט זומערדיק, און דער שווייס איז מוירעדיק געזאלצן, בראָט די אויגן, עסט זיך אײַן מיט א שנײַדנדיקן ווייטעק אין די נאָך ניט פארהיילטע ווונדן.

ערגעץ דאָרטן, א ביסעלע ווײַטער דראפּען זיך אף די בערג אָטארעס שאָף, זוכן א גרעזל צווישן דער איבערגעטריקנטער שטעכיקער סטערניע. און עס קלינגט פּארדומפּן איבער די פעלדער דאָס גלעקל אפן האלדז פונעם בייזן באָק, וואָס פילט זיך באלעבאָס איבער אלע שאָף און שעפּעלעך. און בא זיי הערן אויך ניט אוף צו קלינגען די קייטן, מיט וועלכע זיי זײַנען צונויפגעשמידט פּאָרלעכווײַז, האנט צו האנט. די קייטן זײַנען אלטע, פארזשאווערטע, און דער קלונג זייערער איז א ביסל א הייזעריקלעכער, א סיפּענדיקער און אויך א ביסל א בייזער. דער פארדומפּענער „דזין־דזין” פונעם ווײַטן גלעקעלע און דאָס הייזעריקלעכע סיפּען פון זייערע אייגענע קייטן האלטן אין איין קלינגען אין די אויערן מיט א קלאָגנדיק ניגנדל, ווי די קלויסטער־גלעקער בייס א לעווײַע, און ער, דאָוויד, זעט די גאנצע צײַט פאר זיך, ווי:אזוי טאטע־מאמע זײַנען געקומען זיך געזעגענען מיט אים, באוויינען אים, ווי א טויטן. זיי זײַנען געשטאנען, טאטע־מאמע, פון יענער זײַט גראטעס,ביידע איבערגעשראָקענע, אומגליקלעכע, זקייניש־אײַנגעהויקערטע, און געהאלטן אין איין ציטערן. געציטערט און געוויינט. בא דער מאמען איז דאָס גאנצע פּאָנעם געווען פארגאָסן מיט טרערן, און דעם טאטנס בערדל האָט געגלאנצט, גלײַך ער וואָלט געשטאנען באם פלאמענדיקן אויוון. דער טאטע האָט בארויגעזלעך געשוויגן, ווי אײַנגעהאלטן אין זיך דאָס ביסל מוסער, וואָס ער האָט אים

געהאַט צו זאָגן, און די מאַמע האָט געהאַלטן אין איין וויינען, טאַקע אַזוי, ווי מע באַוויינט אַ טויטן.

— דאָווידל, נאָך וואָס האָסטו אונדז אַזוי פֿאַריאָסעמט!

דאָוויד איז געגאַנגען צונויפֿגעשמידט האַנט צו האַנט מיט מיקאָלע הוצול. זיי זײַנען געווען ניט קיין גלײַכע פּאָר. מיקאָלע איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער גוואַר, און קעגן אים האָט דאָוויד אויסגעזען אַ נעבעכל. די קייטן זײַנען זיי אויך געווען ניט צו דער מאָס. אַף מיקאָלען צו קליין און אַף דאָווידן צו גרויס. מע האָט געדאַרפֿט די גאַנצע צײַט אין זינען האָבן ניט שטאַרק אָנציִען זיי, זיי זאָלן זיך ניט אײַנשנײַדן און זיך ניט באָמבלען. נאָר פֿאַר דאָווידן איז דאָס געווען אַ שטיקל גליק. מיקאָלע איז שוין געווען אַ געפּרוווטער און האָט אַלעמען אַ ביסל אונטערגעמונטערט, דערוויזן, אַז ס'איז גאָר ניט אַזוי שרעקלעך. מע דאַרף זיך נאָר קאָנען האַלטן. יאָ, דער איקער איז טאַקע דאָס האַלטן זיך, ניט לאָזן, אַז די מאָרעשכוירע זאָל נעמען די אויבערהאַנט. און ערשט נאָך אַלעמען, נאָך דעם, וואָס מיט זיי אַלע איז געשען, האָט מיקאָלע גענומען לערנען מיט דאָווידן הילכעס אונטערערד, הילכעס קאָנספּיראַציע און פֿיל אַנדערע זאַכן, וואָס ער האָט ניט באַוויזן פֿריִער אײַנכאַזערן מיט אים. ווײַל די פּראַקטיק, די ביטערע פּראַקטיק, ווי מיקאָלע האָט געזאָגט, איז אַ ביסל פֿאַרלאָפֿן דעם וועג דער טעאָריע און זיי האָבן ניט באַוויזן. כאָטש דעם שטרײַק האָבן זיי געוווּנען, נאָר עס האָט ניט געדאַרפֿט קאָסטן אַזוי טײַער. דערפֿאַר אָבער, האָט אים מיקאָלע געטרייסט, וועלן זיי אין טורמע באַוויַזן אָנעמען זיך מיט טעאָריע, ווײַל דאָרטן גייען זיי באַנאַנד — סײַ די פּראַקטיק און סײַ די טעאָריע, און אויב ער וויל וויסן, דאָוויד, איז דאָס פֿאַר זיי אַלעמען אַן עכטע פּאַרטיי־שול, ווו מע שטודירט אויס מאַרקסן און לענינען לויט די אורקוואַלן. און דער, וואָס קערט זיך אום אַ לעבעדיקער פֿון דער קאַטאָרגע, איז שוין אַן עמעסדיקער, אַ פֿאַרהאַרטעוועטער, אַ באַוווסטזיניקער, אַ טעאָרעטיש־אונטערגעקאָוועטער רעוואָליציאָנער און קעמפֿער, וועמען ס'איז שוין גאָרנישט ניט שרעקלעך.

גייען זיי און גייען... עס סאַרפּעט זומערדיק די האַרבסטיקע זון, עס רינט דער געזאַלצענער שווייס, עס קלינגען די ווײַטע גלעקלעך און די אייגענע קייטן. און עס קלינגט מיקאָלעס פּעסטע, טרייסטנדיקע שטים. אונטער יעדער דאָרף, אונטער יעדער שטעטל האָבן אַף זיי אַרויסגעקוקט הונדערטער מענער און פֿרויען און קליינע קינדער. עפּשער וועט זיך אָפּזוכן אַן אייגענער, וועט מען אים זאָגן א גוט וואָרט, און אויב עס וועט זיך אײַנגעבן, דער קאָנוואָי וועט דערלויבן, וועט מען אים אַרײַנלייגן אין טאָרבעלע אַ פּאָרל וועש און אַ פֿרישן מאַלײַ. שטייט מען אַלע אויסגעמישט און איבערגעמישט מיט די זעלבע ווייטעקן, און יעדערער בעט זיך בא זײַן גאָט. קריסטן צײלעמען זיך, און ייִדן שעפּטשען שטיל אַ טפֿילע צי אַ בראָכע.

שוין ווײַט פֿון דער היים, אַף נאָוואָסעליצער טראַקט, נאָענט פֿון די פֿיר ווינטמילן, וואָס שטייען ווי וועכטער פֿון ביידע זײַטן וועג און פֿאָכן מיט די פֿליגל איינע קעגן דער אַנדערער, צווישן אַ געדיכטן פֿויערישן האַמוין, האָט דאָוויד דערזען מאַלקעלען. ער האָט זי צוערשט ניט דער־

קענט. זי איז שוין געווען ניט אין איר ברוין גימנאַזיסטיש קליידל און ניט אין איר ווײַסן פּעלערינקעלע, נאָר איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פֿויע־רישן מאַלבעש, זייער אַ לאַנגן און זייער אַ געפֿאַלדעוועטן, מיט אַ גע־קווייטלטן טיכל אויפֿן קאָפּ. גלײַך מיט איר הוילעך אַליין האָט זי אים געוואָלט זאָגן, אַז זי איז שוין אינגאַנצן אָפּגעשיידט, באַפֿרײַט פֿון דעם אַלעמען, וואָס איז געווען אין איר נאָך ביז הײַנט פֿון דעם פֿאַרהאַסטן נעכטן.

— דאָוויד! — האָט זי אויסגעשריגן און זיך אַ לאָז געטאָן צו אים. — געדענק, דאָוויד, דו ביסט מײַן כאָסן און איך דײַן קאַלע!

זי האָט געוואָלט צולויפֿן צו אים, גיין כאָטש אַ קורצע צײַט באַנאַנד און פֿילן זיך אַזוי, גלײַך זי איז מיט אים, פּונקט ווי מיקאָלע הוצול, צונויפֿגעשמידט מיט איין קייט, נאָר די האַרבסטיקע זון האָט זומערדיק געסאַרפּעט, דער שווייס איז געווען מוירעדיק געזאַלצן, און דער קאָנוואָי איז געווען בייז אויף אַלעמען. האָט איינער זי אַ שטויס געטאָן מיט דער ביקס און זיך אויסגעזידלט:

— נאָ, נאָ דוטי, לאַ דראַקולו![1]

איז זי געבליבן שטיין אַ ווײַלע, דערנאָך געלאָזט זיך שפּאַנען, ווי נאָך אַן אָפּגייענדיקן צוג. אַראָפּגעריסן פֿון קאָפּ דאָס געקווייטלטע טיכל, געפֿאָכט מיט דעם און נאָכגעשריגן:

— געדענק זשע, דאָוויד, דו ביסט מײַן כאָסן און איך דײַן קאַלע!

דעם גאַנצן ווייטעקפֿולן וועג ביז דער קאַטאָרזשנע טורמע אין דער טיף פֿון רומעניע, אין דאָפֿטאַנו, און די אַלע הונדערטער טעג און נעכט דאָרטן, ווו ס'איז מעקוייעם געוואָרן אַלץ, ווי מיקאָלע האָט זיי געמאָלט, די זינלאָזע, איבערמענטשלעכע אַרבעט און די עמעסדיקע פּאַרטיי־שול, האָט אים ניט אופֿגעהערט קלינגען אין די אויערן:

— געדענק, דאָוויד, דו ביסט מײַן כאָסן און איך דײַן קאַלע!

אַלעמאָל, ווען דאָוויד הייבט אָן איבערסילעווען, אַ פּאָדעם נאָך אַ פּאָ־דעם, אַלע זײַנע שווערע יאָרן און אַלע אוילעס, וואָס דאָס לעבן איז מיט אים באַגאַנגען, טרייסט ער זיך דערמיט, וואָס נאָך אַלעמען האָט דאָס לעבן אים געשענקט אַזוינס, וואָס ניט יעדערן פֿאַלט אויס אַפֿילע אַ כיילעק דערפֿון, — מעסירעסנעפֿעשדיקע ליבע. דאָס, וואָס האָט באַפֿאַרבט דעם גאַנצן מאַרטירערישן וועג זײַנעם מיט יענער גרויסער מענטשלעכער דער־הויבנקײַט און וואַרעמט אים נאָך איצט, וואַרעמט און שײַנט, ווי די פֿאַרגייענדיקע זון, וואָס לאָזט איבער אויפֿן מײַרעוו־ראַנד עטלעכע רויטע פֿאַסיקלעך, ווי סימאָנים פֿון אַ לעצטן קוש.

וועגן דעם, וואָס מיט מאַלקעלען איז געשען פֿאַר די פּאָר טעג נאָך זייער באַגעגעניש אין טורמע, און פֿאַר דעם, ווי זי איז אים פֿאַרלאָפֿן דעם וועג אויף נאָוואָסעליצער טראַקט, האָט ער זיך דערוווּסט פֿיל שפּעטער.

נאָך דעם, ווי מע האָט דאָווידן אײַנגעזעצט און איבערן שטעטל זײַנעם אוועק שרעקלעכע קלאַנגען, ווי מע מיימעסט זיי אין דער סיגוראַנצע, האָט זי ביכלאַל ניט געהאַט וואָס באַהאַלטן זיך. פֿאַר זיך האָט זי ניט מוירע

[1] צו אַלדי רוכעס!

געהאַט, זי האָט מוירע געהאַט פאַר דאָווידן. זי האָט אים געמוזט זען, געמוזט זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס. האָט מען געמוזט האָבן וואָס אַרײַנ־רוקן אין דער האַנט דעם טורמע־אויפזעער. גיי ווייס, אַז די מאַמע עפנט יעדן גאַנצפרי דאָס שעכטעלע מיטן צירונג, טאַפּט איבער יעדער זאַך באַזונדער. ציילט איבער, צי ס׳האָט, כאָלילע, עפּעס זיך ניט געפעלט. די גאַנצע צײַט כאָלעמען זיך איר גאַנאָווים. האָט זי גלײַך געמאַכט אַ גוואַלד, אַרײַנגעלאָפן אין קיך, אַ כאַפּ געטאָן די דינסט פאַר די הענט און אַרײַנגעשלעפּט צו זיך אין אַלקערל:

— דאָס פינגערל! שוין זאָלסטו אָפּגעבן דאָס פינגערל!

זלאַטע, די דינסט זייערע, איז געווען ביניאָמינס עפּעס אַ ווײַטע קרוי־ווע, אַן אָרעמע אַלמאָנע, אַן ערלעכע ייִדענע, און געהאַלטן האָט מען זי דאָ ניט איבער דער קרויוועשאַפט, נאָר ווײַל זי איז געווען זייער אַ גרויסע בעריע אַף קאָכן און באַקן. און די פיש אירע האָבן געהאַט אַ שעם איבערן שטעטל. שוין באַלד אַ יאָר צען, אַז זי איז דאָ אין שטוב, און ס׳איז קיינ־מאָל אַף איר ניט געפאַלן קיין מינדסטער כשאַד.

— גאָט איז מיט אײַך, באַלעבאָסטע, וואָס רעדט איר?

— דאָס פינגערל, דאָס פינגערל!

זיי האָבן ביידע זיך צעקוויטשעט. די באַלעבאָסטע נעכע — פאַר קאַס, און זלאַטע — פאַר ווייטעק און פאַר ביזאָיען. און אינמיטנדרינען איז צו־געקומען נאָך אַ קוויטש, מאַלקעלעס:

— מאַמע, טשעפּע זי ניט, ס׳איז ניט זי.

— ווער זשע דען?

— ס׳איז איך.

— דו? אַ דונער האָט מיך געטראָפן!

מאַלקעלע האָט זיך דערשראָקן, ניט אַזוי פאַר דעם, וואָס וועט באַלד געשען, נאָר פאַר דער מאַמעס הענט. אירע פוכקע הענט, וואָס האָבן נאָר־וואָס אַזוי האַסטיק געשלעפּט זלאַטען פאַר די האָר, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, געבליבן הענגען, ווי צוגעטשעפּעטע דרענגלעך. די הענט האָבן זיך גע־באָמבלט, נאָר דאָס פּאָנעם האָט נאָך אַלץ געפלאַמט.

— וואָן, וואָן פונדאַנען, גאַנעווטע, דײַן פוס זאָל דאָ מערער ניט זײַן.

דאָס האָט זי אויסגעשריגן ניט צו מאַלקעלען, נאָר צו דער דינסט, צו זלאַטען. זי האָט אפילע קיין צײַט ניט געהאַט אַ טראַכט טאָן, אַז באַלד וועט זלאַטע צעפּויקן די געשיכטע איבערן גאַנצן שטעטל. ערשט נאָך דעם, ווען זלאַטע איז אוועק, האָט די מאַמע זיך צוגעזעצט אָפן בעט, אָפּ־געסאָפּעט, זי זאָל זיך קאָנען נעמען ווי געהעריק פאַרן טעכטערל.

— זאָג מיר נאָר, טאָכטערוניע, צו וואָס האָסטו געדאַרפט דאָס פינגערל?

מאַלקעלען איז שוין געווען אַלצייגס, ווײַל נאָך דעם, ווי זי איז געווען אין טורמע, געזען דאָווידן אַזאַ צענעריקטן און געזאָגט אים דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, האָט זי שוין ניט געהאַט וואָס אָנצוווערן. האָט זי אויסדערציילט דער מאַמען אַלע אירע סוידעס.

— ווײ איז מיר און ווינד איז מיר! — האָט די מאַמע זיך צערעוועט. — ביניאָמין, לייזער, קומט נאָר אַהער, טוט אַ קוק אַף אונדזער נאַכעס. איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן!

פון נעכעס מויל זײַנען מאלקעלעס סוידעס ארויס גאָר אנדערש. מאל־קעלע האָט זיי אליין ניט דערקענט. די מאמע האָט זיי ארומגעלייגט מיט אזויפיל ווילדע מײַסעס, מיט באנאכטיקע שפאצירענישן און קושענישן, מיט דעם, וויאזוי זי איז אפילע ארײַנגעקראָכן צו אים אין טורמע. דער טאטע איז רויט געוואָרן, ווי א בורעק. אין יענער מינוט איז ער טאקע ענלעך געווען אף אן אָקס. מיט זײַן אויסגעפאלדעוועטן האלדז־און־נאקן, מיט זײַן רויט־אָנגעגאָסן פּאָנעם און מיט זײַן ברומענדיקער שטים:

— מיט אָט דעם קאַטאָרזשניק?

— ער איז מײַן כאָסן, — האָט מאלקעלע שטיל ארויסגערעדט.

באמערקט, אז די מאמע האלט באם כאלעשן, האָט מאלקעלע זיך אָנ־גענומען מיט קויעך און ארויסגערעדט א ביסל העכער:

— ער איז מײַן כאָסן, און איך בין זײַן קאלע!

די מאמע האָט א פארכאלעשעטע א פאל געטאָן מיטן קאָפּ צום קישן און ניט אופגעהערט באוויינען זיך אליין פאר דעם ביזאָיען, פאר די אָנגע־ווירענע סאמע שענסטע שידוכים. ווער וועט זיך איצט וועלן מיט זיי מעשאדעך זײַן? דער טאטע האָט, אפּאָנעם, געהאט אין זינען עפּעס אנ־דערש, מערער וואזשנע זאכן, ווי די שידוכים. האָט ער א טופּע געטאָן מיטן פוס און ארויסגעברומט:

— ארויס פון מײַן שטוב, קאַטאָרזשניצע!

— מע דארף מיך ניט טרײַבן, — מאלקעלע איז געשטאנען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און גערעדט בלויז צו זיך אליין, גלײַך קיינער איז אין אלקער ניט געווען, — מע דארף מיך ניט טרײַבן. איך גיי אליין אוועק. קיין מינוט וועל איך אין דער שטוב ניט בלײַבן.

דאָ האָט די מאמע אָנגעהויבן כאלעשן שוין אפּאנעמעסן. נאָך דעם, ווי מע האָט זי ארומגעשפּריצט פון אלע זײַטן און זי האָט געעפנט די אויגן, האָט לייזערקע א זאָג געטאָן:

— סײַווי, זאָל ער זיך נאָר באווײַזן, דער קאַטאָרזשניק. די לונגען וועל איך אים אָפּשלאָגן.

ערשט אין דרײַסיק יאָר ארום האָט לייזער אריבערגעטראָטן די שוועל פון דאָווידס שטוב. געווען איז דאָס מיט צוויי יאָר צוריק, ווען מאלקע איז שוין געלעגן אפן טויטן בעט, אן ארומגעלייגטע מיט קווייטן, און אירע אויגן האָבן שוין קיינעם ניט געבלענדט. פון יענער מאלקעלע, וואָס האָט דאָווידן, א געשמידטן אין קייטן, ארויסבאגלייט אף קאַטאָרגע, ווי זײַנע א קאלע, איז שוין קימאט ווי גאָרניט ניט געבליבן. זי איז געלעגן אן אויסגעדאַרטע, מיט א קינדערש פּענעמל, האלב־ברוין און האלב־בלייך, א ביסל צוגעפארבט מיט דער געוויסער טויטלעכער געלקײַט, און אף די פארשנורעוועטע ליפּן איז געווען א מין קינדערשער רויגעז פאר אָט דער מאָדנער שפּיל, וואָס איז איר ניט צום הארצן.

אלע טירן זײַנען געווען אָפן, און לייזער האָט געקאָנט זען אלץ, וואָס עס טוט זיך איןביידע צימערן און אין קיך, געקאָנט זען, אז דאָס מעבל אין די צימערן איז היפּש אָפּגענוצט, אז דער טעלעוויזאָר איז שוין א

פארעלטערטער, אז דער אײַזקאסטן איז נאָך גאָר פון די ערשטע. זײַנעם האָט ער שוין פיר מאָל געביטן. און ביכלאל... מיט קיין רײַכשאפט שמעקט דאָ ניט, כאָטש דאָוויד איז אלע יאָרן געווען א גאנצער קנאקער. סײַדן די ביכער. נו, יאָ, ביכער. נו איז וואָס? ווען ער וויל, קויפט ער אָן צען מאָל אזויפיל.

אזוי איז ער א שווײַגנדיקער אָפּגעשטאנען לעבן דער שוועסטער עט־לעכע מינוט, אלץ אויסגעקוקט און אלץ ארומגעקוקט און א שווײַגנדיקער ארויס פון דער שטוב. שוין דאָן, ווען ער האָט זיך א נעם געטאָן פאר דער טיר, האָט ער הויך א זיפץ געטאָן און שטיל ארויסגערעדט:

— יאָ, ס'האָט טאקע געלוינט...

נאָר ווײַל אין שטוב איז געהאנגען יענע טויטע, לעווײַעדיקע שטיל־קײַט, האָבן זײַנע ווערטער א הילך געטאָן צו הויך און צו גרילצנדיק, אזוי, אז לייזער אליין האָט זיך דערשראָקן פאר זיי, ווײַל ס'איז געווען אין זיי פיל מערער, ווי לייזער אליין האָט געמיינט. און ניט נאָר פאר מאלקעלען, נאָר פאר אלע אירע פרײַנט און כאווײרים פונעם שווערן אונ־טערערד, וואָס זײַנען איצט געשטאנען ארום איר. אלע האָבן דאָס גוט פארשטאנען, אז אלץ, וואָס האָט אזוי בלוטיק א בושעווע געטאָן איבער דער ערד, אלץ, מיט וואָס די וועלט האָט איבערגעווייטעקט, האָט אין לייזערן גאָרניט ניט געענדערט, בלויז געמאכט אים עלטער אף די אלע יאָרן, א ביסל בײַכיקער און א סאך בייזער. און א סאך מערער, ווי פריִער, ענלעך אף זײַן טאטן.

יאָ, די צײַט פארקאָכט א קאשע, און גיי זײַ א בעריע... גיי ווייס, אז ס'וועט געשען אזוינס, אז דו אליין וועסט דארפן ארײַנקומען צו לייזערן. דארפן צי מוזן, כאָטש וועסט אליין ניט וויסן, צי דו דארפסט און צי דו מוזסט. נאָר עפּעס איז געשען מיט דער וועלט און מיט דער צײַט. ניט אזוי, ווי דאָוויד האָט פריִער געמיינט. לאָזט זיך אויס, אז וועלטן קאָנען זיך איבערמישן. ווײַל די וועלט באשטייט פון מענטשן. און מענטשן זײַנען ניט קיין בערג, וואָס גייען זיך קיינמאָל ניט צונויף.

נאָר ווי האָט דאָס געקאָנט געשען, אז יענע ווײַטע און פרעמדע וועלט זאָל זיך ארײַנרײַסן צו אים אין שטוב ארײַן? און ארײַנברענגען זאָל זי זײַן אייניקל ציפעלע? ווי האָט זי, זײַן ציפעלע, געקאָנט ארויסברענגען בא זיי אין שטוב דעם נאָמען פונעם פעטער לייזער? וואָס זשע האָט זי דאָרטן געטאָן, מיט וואָס האָט זי זיך אָנגענומען? יאָ, ער מוז אליין א קוק טאָן. ווי זעט זי אויס, מיט וואָס עטעמט זי, יענע פרעמדע וועלט, און וואָס פאר א געפאר שטעקט אין איר פאר זײַן אייניקל?

## 3

ערשט דעם צווייטן גאנצפרי, ווען מיכל האָט, ווי געוויינלעך, אף איין פוס, אָפּגעכאפּט דעם פרישטיק און איז ארויס אין דרויסן, האָט ער אָנגע־הויבן באנעמען, אז זײַן נעכטיקער סיכסעך מיטן דירעקטאָר איז א סאך ערנסטער, ווי ער האָט געמיינט. און די זאך גייט ניט אזוי אינעם טאָך פונעם סיכסעך, ווי אין דער פלוצלינגדיקער אומגעלומפּערטקײַט, וואָס איז

אופגעקומען אין זײַנע באַציִונגען מיט קיריל פּעטראָוויטשן. דער סיכסעך װעט װי־ניט־איז אויסגעקלאָרט װערן, און אַלץ װעט זײַן אַזוי װי עס דאַרף זײַן. ניט דאָס, עפּשער, װאָס ער װיל, און ניט דאָס, װאָס קיריל פּעטראָװיטש לייגט פאָר, נאָר אַזוי, װי מע װעט באַשטימען אין מיניסטעריִום, אין מעלוכע־פּלאַן. פאַרשטייט זיך, אין אַ געװיסער מאָס הענגט דאָס אָפּ פון זיי אַליין אויך, נאָר ניט דאָס װעט באַשטימען. װי עס זאָל ניט געשען, האָט ער, מיכל, שוין פאַרלוירן זייער װיכטיקס און זייער מאַמאָשעסדיקס. אָט איז ער אַרויס אַף דער גאַס, אין עטלעכע מינוט אַרום װעט ער קומען אַפן זאַװאָד, נאָר עס קומט עפּעס ניט יענער געװײנלעכער געפיל פון אומגעדולד, יענע פיבערדיקע װאַרעמקייט, װאָס יאָגט אים שטענדיק אונטער, טרײַבט אים װאָס גיכער אײַנטונקען זיך, ריכטיקער אונטערטונקען זיך און אַװעקלאָזן זיך מיט יענעם ראַשיקן, פאַרכאַפּנדיקן געװימל, װען דו פילסט ניט, װוּהין דער טאָג קומט אַהין. עס פעלט אים יענער גוטער דערמונטערנדיקער פאָרגעפיל פון דער באַגעגעניש מיטן דירעקטאָר, פון נעם שטומען גוטמאָרגן, װאָס זיי װעלן אָפּגעבן איינער דעם אַנדערן בײַ די זאַװאָדישע טויערן, און פון דעם שטילן שמועס, װאָס זיי װעלן האָבן װען זיי װעלן אײַנײַנעם מיט דעם טומלדיקן אוילעם אַרבעטער זיך אַװעק־לאָזן איבער די צעכן. ער שטעלט זיך אַפילו ניט פאָר, װי װעט ער הײַנט זיך באַגעגענען מיט קיריל פּעטראָװיטשן. װי װעט ער אים אָפּגעבן דעם גוטמאָרגן און װעגן װאָס קאָנען זיי הײַנט רעדן.

נאַרישקייטן, פאַרשטייט זיך. דער זאַװאָד פאָדערט פון יעדערן זײַנס, פון זיי ביידע אויך, און די קאַץ, װאָס איז צװישן זיי דורכגעלאָפן, איז ניט מערער װי אַ געװײנלעכע מיספאַרשטייעניש. אַלץ װעט זיך אויס־קלאָרן, אַלץ װעט װערן װי געװען. נאָר עס װעט, אַפּאָנעם, שוין קיינמאָל ניט אופקומען יענער װאַרעמער פיבער, װאָס האָט אים שטענדיק געיאָגט אַפן זאַװאָד, װי אַף אַ סימכע, עס װעט שוין מערער ניט זײַן צװישן זיי יענע אָפנהאַרציקייט, יענע קרויװישע נאָענטקייט.

און עפּשער... עפּשער האָט ער דאָס אַלץ אויסגעטראַכט? און דאָס, װאָס ער נעמט אוף אַלס קעגנזײַטיקייט, איז ניט מערער װי אַן אָנשטעל? האָט אים דאָך נעכטן קיריל פּעטראָװיטש אַ זאָג געטאָן, אַזוי קאַטעגאָריש און אַפילו אַ ביסל דראָענדיק: אויב באַם דירעקטאָר מיטן גלאַװנעם הייבן זיך אָן כלוקעדייעס, דאַרף אַװעקגיין דער הויפּט־אינזשעניער. װעט אים, מעגלעך, אויסקומען אַװעקגיין? אַפילו אויב ער איז גערעכט?

— ניין, ניין, קיריל פּעטראָװיטש, דאָס װעט ניט געשען!

עס זעט בײַ אים אויס, װי דער נעכטיקער פאַרנאַכט װאָלט זיך אומגע־קערט: ער שטייט באַם דירעקטאָר אין קאַבינעט און טײַנעט זיך אויס מיט אים: „װי פאַרשטייט איר ניט, קיריל פּעטראָװיטש, אַז אַזוי טאָר מען ניט!..״

ער האָט אַליין געמוזט אָפּשטעלן די געדאַנקען אַף האַלב װעג:

— נו, נו, מיכעלע, פאַרײַס זיך נאָר ניט, ס'איז דאָך אינגאַנצן ערשט דרײַ כאַדאָשים, אַז דו ביסט הויפּט־אינזשעניער. װי זאָגט עס די מאַמע, אַ יאָר מיט אַ מיטװאָך. און פאַרגעס ניט, װער איז קיריל פּעטראָװיטש און װאָס איז ער פאַר דיר!

גוט אויסגעשמיסן זיך פאר זײַן טאקטלאָזיקײַט, איז אים געוואָרן א ביסל גרינגער. אים האָט אָבער באשלאָגן א שווייס. און דאָס האָט שוין ניט געהאט צו טאָן ניט מיטן זאוואָד און ניט מיטן דירעקטאָר. דער שווייס האָט אים באשלאָגן דאן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, וויאזוי זיי ביידע, ער און ציפּעלע, וואָס כאפּן שטענדיק אָפּ דעם פרישטיק שטייענדיק, האָבן הײַנט זיך געוואָרגן מיטן ביסן, געבריט זיך מיט דער שוין ניט הייסער קאווע. ביידע האָבן געדארפט זאָגן הײַנט גאנצפרי איינער דעם אנדערן דאָס, וואָס זיי האָבן געדארפט זאָגן נעכטן בא דער וועטשערע, און ביידע האָבן דאָס ווידער ניט געוואָלט טאָן. האָט ציפּעלע ווידער א ברי געטאָן די ליפּן מיט דער שוין אינגאנצן אויסגעקילטער קאווע, א שטעל געטאָן די גלאָז אפן טיש, א כאפּ געטאָן דעם אָנגעשטאָפּטן פּאָרטפעל אין איין האנט, דאָס מאנטעלע אין דער צווייטער, און א זאָג געטאָן:

— איך לויף. איך האָב נאָך הײַנט אָן איניען ביז די לימודים.

ער מיט שיינדלען, וואָס גייט אף דער ארבעט מיט א שאָ שפּעטער, האָבן א קוק געטאָן איינער אפן אנדערן, אויך געוואָלט זאָגן דאָס, וואָס האָט געדארפט געזאָגט ווערן נעכטן, און אויך באשטימט אָפּלייגן דעם שמועס אף שפּעטער.

דאָס פארבאָרגענע ציטערל אין אים איז געקומען שוין גאָר איבער אן אנדער ציפּעלען, ווײַל איין ציפּעלע רופט בא אים שטענדיק ארויס די צווייטע — זײַן פארבלאָווט שוועסטערל, דאָס פּיצעלע, וואָס האָט בלויז אָפּגעדעכעט עטלעכע כאדאָשים, אָפּגעדעכעט קוים־קוים און טאקע ניט באוויזן כאָטש איין מאָל עפענען די אויגן און א קוק טאָן אף דער וועלט. איז דאָס פארבליבן פאר אים ניט מערער, ווי א שטיקעלע גרויל. דעמלט, פאר זײַן קינדערישן סייכל, איז דאָס אלץ געווען פאר אים גרויליק־אומ־פארשטענדלעך, און איצט...

ער האָט ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס איז דער טאטע, וועמען ער האָט ביז יענעם יאָר קימאט ניט געקענט, ווידער אוועק און זיי ניט מיט־גענומען דאן מיט זיך. און פארוואָס האָט ער זיך ניט א יאווע געטאָן דאן, ווען ער האָט געמוזט זיך יאווען און ארויסראטעווען זיי פונעם גענעם. פארוואָס איז ער ניט געקומען צו לויפן אפילע דעמלט, ווען די מאמע האָט אינמיטן העלן טאָג זיך אזוי מוירעדיק צעקוויטשעט, אז ער איז פאר שרעק אנטלאָפן. ווען ער איז א ביסל שפּעטער ארײַן אין שטוב, איז די מאמע געלעגן אין בעט, ארום איר האָבן זיך געפּאָרעט עטלעכע פרויען און לעבן איר איז געלעגן דאָס, וואָס ס'האָט געהייסן ציפּעלע.

דערנאָך זײַנען זיי אוועק. מע האָט געמוזט גיין, כאָטש די מאמע איז קוים געשטאנען אף די פיס נאָכן שווערן קימפּעט.

מיכל קאָן ביז הײַנט ניט פארשטיין די אומזיניקײַט פון אָט די וואָג־לענישן, פון אָט די טרײַבענישן. טאָג נאָך טאָג, פון דאָרף צו דאָרף. ער געדענקט ניט, זיי זאָלן כאָטש איין מאָל איבערנעכטיקן צוויי נעכט אין איין אָרט. און דאָס קאָן ער אוואדע ניט פארשטיין: וויאזוי האָבן זיי עס געלעבט, אז זיי האָבן קימאט ניט געגעסן. און ווי האָבן זיי עס אלעמאָל געטראָפן אף נאכטלעגער אין עפּעס א לאנגער און פוסטער שטאָל. אין אלע שטאָלן איז געהאנגען דער זעלבער שארפער רייעך פון פארליגערטן

הני, א רייעך אף דערשטיקט צו ווערן, און מענטשן האָבן א גאנצע נאכט ניט אופגעהערט צו הוסטן און צו ניסן. ער אויך. און די מאמע נאָך מע־רער. דער מאמען איז געווען א סאך ערגער. איר האָט זיך די גאנצע צײַט געדוכט, אז די בריסטן זײַנען בא איר פארשטיינערט געוואָרן. צוויי שטיי־נער פול מיט שטעכענישן, מיט ווייטעקן, א סאקאָנע זיך צורירן צו זיי. און דאָס אייפּעלע, דאָס פארבלאָווטע ציפּעלע, האָט אלץ געדרייט מיטן קעפּעלע, געזוכט מיט די ליפּעלעך דער מאמעס ברוסט און ניט געקאָנט געפינען. פארשטייט ער שוין אינגאנצן ניט: וויאזוי און מיט וואָס האָט דאָס געזיפּעט? מיילע זיי. אמאָל פלעגן זיי קריגן א קארטאָפל, א סעכערל, א פארטריקנט שטיקל מאמאליגע. אָבער דאָס פּיצלי! בלויז עטלעכע טראָפּנדלעך וואסער. אמאָל ווארעמע און אמאָל קאלטע. און ס׳האָט געזי־פּעט! נאָר עפּענען די אויגן האָט דאָס ניט געקאָנט. און אזוי איין כוידעש, א צווייטן, א דריטן. און עס זיפּעט!

די מאמע האָט קוים געשלעפּט די פיס, געהויקערט זיך, ווי א זקיינע, און די גאנצע צײַט געהאלטן די הענט פאר זיך, ווי א פארצוימונג, ס׳זאָל עמעצער זיך ניט צורירן צו אירע פארשטיינערטע בריסטן. אזוי איז זי געגאַנגען, אזוי איז זי געזעסן און אזוי איז זי אויך אף נאכט צוגעפאלן צום געלעגער אף א קופּקעלע שטרוי. שטענדיק מיט די הענט אף דער וואך. איז ציפּעלע די גאנצע צײַט געווען אונטער זײַן אופזיכט און אף זײַנע הענט. יעדן פארטאָג, ווען דער קאָנוואָי, די רומענישע סאָלדאטן, וואָס האָבן ניט באוויזן אויסניכטערן זיך פונעם באנאכטיקן שיקרעס, האָבן זיי ארויסגעטריבן פון דער שטאל, האָט ער א נעם געטאָן ציפּעלען אף די הענט און צוגעלייגט אן אויער צום פּענעמל.

— עס דעכעט! — האָט ער אלעמאָל ארויסגערעדט א דערשטווינטער און א דערפרייטער און בייסמײַסע א קוק געטאָן אף דער מאמען. ער האָט שטענדיק געוואָרט, אז אין אירע האלב־ארויסגעלאָשענע אויגן זאָל אף א ווײַלע א שײַן טאָן א לעבעדיק פּײַערל.

ווערדליק זיי זײַנען געווען אין וועג שוין עטלעכע כאדאָשים, האָבן זיי געדארפט זײַן שוין זייער ווײַט פון דער היים. נאָר זיי זײַנען נאָך אפילע דעם דניעסטער ניט אריבער. זיי האָבן זיך געדרייט אף איין אָרט. ווי אין א לאנגן, פארצויגענעם בייזן כאָלעם, פון וועלכן ס׳איז שווער זיך ארויס־רײַסן. און יעדער טאָג איז אזוי שרעקלעך געווען ענלעך אפן צווייטן, ווי די דערפער, וואָס זײַנען געלעגן פארזונקען אין טיפע, הארבסטיקע בלאָטעס, דורכגעווייקטע אף דורך און דורך מיט קעלט און מיט נעץ. דערנאָך האָט געשאָטן און געשאָטן א שניי, און מע האָט שוין ארום זיך גאָרנישט ניט געזען. און יעדן גאנצפרי האָט עמעצער געפעלט. עמעצער איז באנאכט שטיל געשטאָרבן און מע האָט אים שטילערהייט ארויסגע־טראָגן פון דער שטאל. אלץ האָט מען אָפּגעטאָן באנאכט, ווײַל פארטאָג האָט מען געדארפט גיין ווײַטער.

אין איינעם אזא פארשנייטן פארטאָג, מיכל האָט פאנאנדערגעשארט אלע שמאטקעלעך, אין וועלכע ציפּעלע איז געווען פארוויקלט, געזוכט מיטן אויער עפּעס א סימען פון אן אָטעם, געזוכט מיטן רעכטן אויער, געזוכט מיטן לינקן און ניט געקאָנט עפּעס אָנטאַפּן. קיין מינדסטן סימען.

— מאמע, עס דעכעט ניט! — האָט ער אויסגעשריגן א דערשראָקענער.
— וואָס הייסט, עס דעכעט ניט! — האָט די מאמע אָנגעשריגן אף אים. — אנו, גיב עס אהער!

א ריס געטאָן בא אים דאָס קינד, ארומגעוויקלט עס מיט די פּאָלעס פון איר גרינגן מאַנטל און א גאנצן טאָג געטראָגן דאָס אף די הענט מיט יענער פאַרזיכטיקייט, אז קיין שום זאך זאָל זיך ניט צורירן צו אירע קראנקע בריסטן. און אלעמאָל, ווען איר האָט זיך געדוכט, אז דאָס קינד כאפּט זיך אוף, האָט זי דאָס גענומען איַינוויגן און שטילערהייט געמורמלט א ניגנדל פון א וויגליד.

און ווען זי איז געווען שוין אזוי דערפרוירן, אז זי האָט ניט געקאָנט א ריר טאָן מיט די ליפּן, האָט זי געזונגען אין זיך:

— מ... מ... מ... מ...

אף נאכט האָט זי אים שוין ציפּעלען ניט פּארטרויט. אוועקגעלייגט דאָס קינד לעבן זיך. דעם צווייטן טאָג מיט דער צווייטער נאכט איז געווען ווידער דאָס זעלבע. און ווידער דאָס זעלבע ניגנדל. אמאָל מיט אָפענע און אמאָל מיט צוגעשלאָסענע ליפּן. און ער איז די גאנצע צײַט נאָכגעגאנגען בא דער זײַט, צוגעשפּארט זיך מיטן אקסל צו דער מאמעס זײַט, ווײַל אים האָט זיך געדוכט, אז דאָס האלט א ביסל אונטער די מאמע — זאָל ער נאָר צונעמען דעם אקסל, וועט זי גלײַך אומפאַלן.

און ערשט אף דער דריטער נאכט... די מאמע האָט אים שטיל א טאָרע געטאָן און א צי געגעבן פאר דער האנט. ער האָט גלײַך פארשטאנען, וואָס זי מיינט. האָבן זיי שטיל זיך ארויסגעגאנוועט פון דער שטאל און זיך געלאָזט אין דער פארשנייטער נאכט. ס'האָט געשאָטן א מאָדנע שניי. ניט קיין באזונדערע שניייעלעך, נאָר גאנצע זשמעניעס שניי זײַנען געפלויגן פונעם נידעריקן הימל און ארומגעקלעפּט דעם קאָפּ, די אויגן, די פּלייצעס.

דער באלעבאָס, צו ווען זיי האָבן אָנגעקלאפּט, האָט שטארק דער־שראָקן זיך. יעדער קלאַפּ אין דער טיר אין יענע נעכט איז געווען פול מיט געפאר. ער האָט נאָך מערער דערשראָקן זיך, דערזען די פארשנייטע בריַעס. ערשט דערנאָך, אויסגעהערט דער מאמעס עטלעכע ווערטער, האָט ער אומצופרידן א פיר געטאָן מיט דער האנט איבערן קאָפּ, טיף א זיפץ געטאָן און זיך אָנגערופן:

— גייט אריַין אף א ווײַלע אין שטוב, ווארעמט זיך אָן. ווו די לאָ־פּאטע ליגט, ווייס איך, נאָר די קירקע... יאָ, אָן א קירקע וועסטו גאָרניט ניט אופטאָן.

דערנאָך זײַנען זיי געגאנגען אינדרײַען. דער באלעבאָס א ביסל פאָ־רויס און זיי נאָך אים. דער שניי האָט אלץ געשאָטן זשמעניעסווײַז, ס'האָט זיך געדוכט, אז באלד וועט ער פארשיטן די גאנצע ערד ביזן הימל און זיי אויך. מיכל האָט זייער געוואָלט, אז דאָס זאָל געשען וואָס גיכער. אָט־אָט זעט מען שוין ניט אָן דעם באלעבאָס. זיי וועלן באלד אויך אזוי פארשווונדן ווערן. נאָר דער באלעבאָס איז ווידער ארויסגעשווומען, און זיי זײַנען געגאנגען ווײַטער.

— דאָס איז אונדזער צווינטערל. באלד וועל איך אָפּזוכן דאָ אן ער־טעלע...

פון דער ערד זײַנען געפֿלויגן שווערע לאָפּעטעס שניי און זיך אויס־געמישט מיט די ווײַסע קווייטן, וואָס זײַנען געפֿלויגן פֿונעם הימל, און אינײנעם געפֿאַלן אַרום דעם אָרט, וווּ ס'האָט געדאַרפֿט אופֿקומען אַ קליין קײוורל. דערנאָך האָט אַלץ זיך צעקלונגען: די קירקע, די פֿאַרשטײנער־טע ערד, די אַרויסגעריסענע הרודעס, זײ זײַנען געפֿאַלן אײנס אױפֿן אַנדערן מיט אַ טעמפּן, װײטעקלעכן קלאַנג.

ווען דאָס קײוורל איז שוין געווען פֿאַרטיק, האָט דער פּויער אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן פֿאַרשוויצטן שטערן און אַ זאָג געטאָן:

— ווען וועט זיך שוין אַמאָל ענדיקן אָט די בעזהאָלאָװוליע?

די מאַמע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, האָט אַ נעם געטאָן מיכ־לען פֿאַר דער האַנט און זיך אָנגערופֿן:

— גײ אוועק אַ ביסעלע ווײַטער.

זי האָט ניט געוואָלט, ער זאָל זען, ווי מע לאָזט אַראָפּ זײַן שוועסטערל אין דער פֿאַרשטײנערטער ערד.

מיכל האָט זי געפֿאָלגט. כאָטש פֿאַרוואָס דאַרף ער אוועק אַ ביסל ווײַ־טער, האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען. דערזען, ווי די מאַמע הײבט אָן פֿאַנאַנ־דערוויקלען ציפּעלען, נעמט אַראָפּ אײן שמאַטקעלע נאָכן צווייטן, איז ער צוגעלאָפֿן צוריק.

— מע דאַרף ניט, מאַמע, מע דאַרף ניט! איר וועט זײַן קאַלט. זעסט דאָך, עס שיט אַזאַ שניי...

צו באַגינען האָט דער שניי אופֿגעהערט. נאָר די גאַנצע וועלט איז געלעגן אײַנגעוויקלט אין ווײַסן, ס'האָט אַזש געשניטן אין די אויגן. ווען זײ זײַנען אַרויס אין דרויסן און אויסגעשטעלט זיך אין זײער געווײנלעכער אָרדענונג, האָט מיכל באַמערקט, אַז דער מאַמעס קאָפּ איז אויך אַזוי ווײַס.

— מאַמע, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — אױף דיר ליגט נאָך דער באַנאַכ־טיקער שניי. טרייסל אים אַראָפּ.

נאָר דער שניי האָט ניט געוואָלט אַראָפּטרייסלען זיך.

דעם דירעקטאָר האָט ער אױפֿן זאַוואָד ניט געטראָפֿן. און כאָטש ער האָט דעם גאַנצן וועג, ביז דער לעצטער מינוט, אַ ביסל זיך געשראָקן פֿאַר דער הײַנטיקער באַגעגעניש, האָט ער זיך איצט דערפֿילט, גלײַך זײַן אויסגע־שטרעקטע האַנט איז געבליבן הענגען אינדערלופֿטן. פֿאַר די עטלעכע כאָדאָשים, זינט ער איז געוואָרן הויפּט־אינזשעניער, איז נאָך ניט געווען קײן אײן טאָג, ער זאָל אָרײַנקומען גאַנצפֿרי אױפֿן זאַוואָד אָנעם דירעקטאָר. האָט זיך אים געדוכט, אַז אַנדערש קאָן דאָס ביכלאַל ניט זײַן. די זאַך איז ניט בלויז אינעם גוטמאָרגן און אין די עטלעכע ווערטער. אַפֿילו דערנאָך, ווען זײ גײען זיך פֿאַנאַנדער אין פֿאַרשײדענע צעכן, דוכט זיך אים שטענ־דיק, אַז דער דירעקטאָר שטײט באַנאַנד, און וואָס עס זאָל ניט געשען אין צעך, מיט וועלכע אומדערוואַרטקייטן, אומאָנגענעמלעכקייטן ער זאָל זיך ניט טרעפֿן, זאַכן, וואָס פֿאָדערן זײַן וואָרט, זײַן אײַצע, זײַן באַפֿעל, שטײט שטענדיק דער דירעקטאָר דערבײַ און זאָגט אים אונטער וואָס צו טאָן.

הײַנט האָט ער דעם דירעקטאָר באַם זאַוואָדישן הויף ניט געטראָפן און דערפילט זיך אַ ביסל אָפּהענטיק. דערצו האָט ער געהאַט אַ גרונט צו מיינען, אַז נאָך דעם נעכטיקן צוזאַמענשטויס האָט דער דירעקטאָר הײַנט אומיסטן אויסגעמיטן די באַגעגעניש מיט אים, אָדער ער האָט זיך אומיסטן פאַרהאַלטן אין דער היים עטלעכע איבעריקע מינוט, אָדער ער איז אַוועק גלײַך אין קאָנטאָר און זיצט שוין באַ זיך אין קאַבינעט.

כאָטש דער גאַנצפֿריִעדיקער שפּאַציר איבער די צעכן איז שוין געווען אַ ריין טראַדיציאָנעלער, האָט ער פֿאַרמאָגט אין זיך עפּעס מאַמאָשעסדיקס. מע האָט געדאַרפֿט מיט די אייגענע הענט אַ טאַפּ טאָן דעם דויפּעק אין אַלע צעכן, מיט די אייגענע אויגן אַ קוק טאָן, ווי‏אַזוי עס האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אַלע ווערקשטעלן און אווטאָמאַטן, זען, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך די אָוונטיקע וואַכטע, ווײַל גראָד אין דער אָוונטיקער וואַכטע, ווען דער קאָנטראָל איז אַ ביסל אַ שוואַכערער, טרעפן זיך אָפּטמאָל אַזעלכע זאַכן, וואָס וואָלטן באַטאָג בעשום־אויפן ניט דערלאָזט געוואָרן. דאַרף מען דאָס אַלץ זען מיט די אייגענע אויגן און סײַ דאָס גוטע, סײַ דאָס ניט־גוטע מיטנעמען צו זיך אין קאַבינעט. דאָס, וואָס ער וועט מיטברענגען מיט זיך פֿון אָט דער גאַנצפֿריִעדיקער שאָ, און דאָס, וואָס וועט קומען אַ ביסעלע שפּעטער פֿון פֿאַרשיידענע אַנשטאַלטן, וועלן באַשטימען דעם טעמפּ און דעם אומרו פֿונעם לאַנגן און אָנגעשטרענגטן אַרבעטסטאָג, וואָס איז פֿול מיט אָן אַ שיר דײַגעס, מיספֿאַרשטייענישן, קריגערײַען און קאָפּדרייעניש.

עפּשער איז דאָס טאַקע געווען אַ ריין טראַדיציאָנעלער שפּאַציר, נאָר זאָל ער איין מאָל געבראָכן ווערן, וואָלט דאָס אַלעמען אויסגעזען, ווי עפּעס אויסערגעוויינלעכס, עס וואָלט אַלעמען עפּעס געפֿעלט: סײַ די שעפֿן פֿון די צעכן, סײַ די מײַסטערס און סײַ די אַרבעטער. ווײַל דער געוויינלעכער גוטמאָרגן און די פּאָר ווערטער, וואָס ווערן דערבײַ געזאָגט, זײַנען זייער בייטיק, אַז יעדערער זאָל זיך אײַנשליסן אין דער אַרבעט, פּונקט ווי ער האָט נאָרוואָס אײַנגעשלאָסן דעם ווערקשטעל.

די שטומע פֿראַגע, וואָס איז געשטאַנען באַ אַלעמען אין די אויגן, האָט אים אַליין זיך איבערגעגעבן מיט אָן אַלץ וואַקסנדיקן אומרו: וואָס איז געשען, ווו איז דער דירעקטאָר?

מוירע האָבן האָט ער ניט געהאַט פֿאַר וואָס. ניטאָ, דוכט זיך, קיין איין ווערקשטעל, קיין איין אווטאָמאַט, באַ וועלכן ס׳איז אים ניט אויסגעקומען דאָ צו אַרבעטן אָדער רעמאָנטירן. ער איז דאָך ביז ניט לאַנג געווען אַ מעכאַניקער, און אַלע נײַסטע אווטאָמאַטן האָט ער אַליין אײַנגעשטעלט און רעגולירט. און דאָך... ניט די אווטאָמאַטן האָבן אים באַאומרויִקט, מיט זיי קאָן מען גיכער דורכקומען. יעדן גאַנצפֿרי באַאומרויִקט אים שטענדיק די שטימונג, וואָס יעדערער ברענגט מיט זיך פֿון דער היים, די שטימונג, וואָס גייט נאָך אַ מענטשן פּוסטריט און גיט זיך איבער, יאָ, ער איז אין דעם זיכער, אַז אַף עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענעם אויפֿן גיט זיך דאָס איבער דעם ווערקשטעל, דעם מעטאַל און צו וואָס דער מענטש זאָל זיך ניט צורירן. דאָס לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג אָנטאַפּן, ווײַל ניט יעדערער איז גרייט באַ־ווײַזן זײַן שטימונג, נאָר באַ מיכלען איז דאָס שוין געוואָרן אַ טעווע.

פריִער פאַר אַלץ א קוק טאָן דעם מענטשן אין די אויגן. ער וועט דאָס, פאַרשטייט זיך, קיינעם ניט דערציילן, נאָר ניט איין מאָל א קוק געטאָן דעם מענטשן אין די אויגן און דערזען אין זיי דאָס, וואָס יענער האָט גראָד געוואָלט אויסבאַהאַלטן.

קיין אויסערגעוויינלעכס איז דעם גאַנצפרי ניט געשען. אַלץ איז געווען ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן. בלויז צום צווייטן צעך, ווו דער שעף איז שוין באַלד א כוידעש אין שפּיטאָל און דער פאַרטרעטער איז ווײַט ניט קיין רירעוודיקער, איז אויסגעקומען אומקערן זיך נאָכאַמאָל. אין דריטן צעך האָט מען זיך געקלאָגט, אַז פונעם צווייטן קומען ווידער אָן בראַקירטע דעטאַלן.

גראָד די לעצטע פאַר וואָכן קומט מיכל זעלטן אַרײַן אין צווייטן צעך. ער סטאַרעט זיך דאָ ווייניקער באַגעגענען מיטן פאַרטרעטער פונעם שעף, מיט סערגיי איוואַנאָוויטשן. איבער וואָס? ס'איז אים אַליין שווער פעסטשטעלן, פון וואָס האָט זיך דאָס אָנגעהויבן, און ווי־אַזוי האָט זיך דאָס געהאַלטן אין איין צעוואַקסן. אפן זאַוואָד זײַנען זיי געקומען קימאַט אין איין טאָג, געאַרבעט א געוויסע צײַט באַנאַנד, א ווערקשטעל לעבן א ווערקשטעל. נאָר מיט יעדער יאָר איז געוואַקסן צווישן זיי די דיסטאַנץ. באַ סערגייען איז אויסגעקומען, אַז מיכל מאַכט א קאַריערע, ווײַל ער איז דעם דירעקטאָרס א ליבלינג און ווײַל מיכלס טאַטע איז די רעכטע האַנט פונעם דירעקטאָר, סעקרעטאַר פונעם פּאַרטקאָם. גיי דערווײַז עמעצן, אַז די זאַך איז ניט אינעם דירעקטאָר און ניט אינעם טאַטן, נאָר אין דער מאַמען. צוליב דער מאַמען, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געקרענקט, איז ער נאָכן אַכטן קלאַס אַוועק אפן זאַוואָד, ער זאָל קאָנען פאַרדינען. צוליב דער מאַמען איז ער די נעכט אָפּגעזעסן איבער די ביכער, פאַרענדיקט אין דער אָוונט־שול דעם נײַנטן און צענטן קלאַס און גלײַך אָנגעקומען אין אינסטי־טוט אפן היִנטער־אויגיקן אָפּטייל. זאָל די מאַמע זען, אַף וואָס ער איז פייִק, און זאָל זי האָבן א ביסעלע נאַכעס. גיי דערצייל עמעצן, אַז אין אים זײַנען אַף שטענדיק געבליבן די קינדערשע יאָרן, ווען מע האָט אים מיט דער מאַמען געטריבן איבער די פאַרשנייטע וועגן, ווען ער מיט דער מאַמען האָבן באַהאַלטן ציפּעלען אין שניי. געלערנט האָט ער זיך אַקשאָ־נעסדיק, און געאַרבעט אויך אַזוי. עפּשער דערמיט איז ער אַזוי געפעלן געוואָרן קיריל פּעטראָוויטשן. יאָ, געוויס איז דאָס געווען די סיבע, וואָס קיריל פּעטראָוויטש האָט אים ניט געלאָזט לאַנג פאַרזיצן זיך אַף איין אָרט. צוערשט באַשטימט אים פאַר מעכאַניקער, דערנאָך, ווי נאָר ער האָט באַקומען דעם דיפּלאָם, פאַר הויפּט־מעכאַניקער, אין א פאַר יאָר אַרום אַלס פאַרטרעטער פון הויפּט־אינזשעניער און מיט א דרײַ כאַדאָשים צו־ריק — אַלס הויפּט־אינזשעניער. האָבן אייניקע געזאָגט, אַז דאָס איז דער־פאַר, וואָס ער איז דעם דירעקטאָרס א ליבלינג. נאָר מערער פון אַנדערע האָט דאָס פאַרדראָסן סערגיי איוואַנאָוויטשן. אָפּטמאָל איז ער אפילע ניט אימשטאַנד געווען אויסבאַהאַלטן די סינע. האָט מיכל זיך באַמיט וואָס ווייניקער באַגעגענען זיך מיט אים. נאָר הײַנט האָט ער געמוזט אַרײַנ־קומען אין צעך א צווייט מאָל און אײַנקוקן זיך אינעם אָנגעדראָדלטן, מאָרעשכוירעדיקן פּאָנעם פון זײַן אַמאָליקן נאָענטן כאַווער.

— סערגיי איוואנאָוויטש, מע קאָן ניט א ביסל פריילעכער? — האָט ער געפּרוווט א שפּאס טאָן.
— זאָל איך עפּשער גיין טאַנצן? — האָט יענער אָפּגעענטפערט מיט דער זעלבער מינע.
— אָבער וואָס איז געשען?
— און וואָס איז היינט געשען מיטן דירעקטאָר?
פּאַרשטייט זיך, אַזא פראגע האָט געקאָנט שטעלן יעדערער, זי איז געווען בא יעדערן אויף דער צונג, נאָר דאָס, וואָס גראָד דער מאָרעשכוי־רעדיקער סערגיי איוואנאָוויטש האָט זי ארויסגעבראכט, האָט מיכל אויס־געטייטשט פאר זיך גאָר אנדערש. קיריל פּעטראָוויטש וואָלט, הייסט עס, אַזעלכע קלאָץ־קאַשעס ניט געשטעלט. ס'איז שוין טאקע צייט געווען, אז דער דירעקטאָר זאָל מיט עפּעס געבן צו וויסן וועגן זיך, און דאָס, וואָס ער שווייגט, האָט מיכלען אָנגעהויבן נערווירן. האָט ער אָנגעקלונגען דער סעקרעטארשע:
— קיריל פּעטראָוויטש איז בא זיך?
— מאריא סערגייעווּנא האָט דאָ ניט לאנג געקלונגען. קיריל פּעטראָ־וויטש איז קראנק.
— עפּעס ערנסטס?
— דאָס ווייס איך ניט. דאָס הארץ...
ער האָט א זאָג געטאָן סערגיי איוואנאָוויטשן עטלעכע הארבע ווערטער און גלייך דערפילט, אז ער קאָן א זאָג טאָן עפּעס איבעריקס, איז ער אוועק אין קאַנטאָר. ער האָט דערפילט יענץ פּאַרבאָרגענע ציטערל, נאָך וועלכן ס'נעמט מאָרדעווען, ווי אין א קאַדאָכעס... ניין, ניין, איצט טאָר מען עס ניט דער־לאָזן. דאָס ציטערניש האָט ער ווי־ניט־איז איינגענומען, נאָר דעם הארץ־פלאטער איינעמען ניט געקאָנט. ער איז געוואָרן בייז אויף זיך אליין, פאַר־שטאַנען, אז קיריל פּעטראָוויטשעס היינטיקע קרענק איז פאַרבונדן מיט זייער נעכטיקן שמועס. ער האָט מוירע געהאט צורירן זיך צום טעלעפאָן־טרייבל, גלייך בלויז מיטן צורירן זיך קאָן ער אופוועקן דעם כוילע. דער־נאָך האָט ער פונדעסטוועגן אראָפּגענומען דאָס טרייבל און פאַמעלעך, מיט לאנגע פּאוזעס, אָנגענומען איין ציפער נאָך דער צווייטער, קלערנ־דיק, אז אויף אַזא אויפן וועט דער טעלעפאָן דאָרט, באם דירעקטאָר אין שטוב, ניט אַזוי גרילצן.
דאָס טרייבל האָט גענומען מאריא סערגייעווּנא און אויף זיין פראגע, וואָס איז געשען, געענטפערט מיט א וואָרענענדיקן „ששש", גלייך זיין שטים האָט געקאָנט דערהערן דער כוילע. מיכלען האָט אפילע זיך גע־דוכט, אז ער זעט, ווי זי לייגט צו די פינגער צו די ליפּן און שעפּטשעט שטיל ארויס:
— ששש...
— ער שלאָפט? — האָט ער אויך ארויסגעשעפּטשעט.
— נאָרוואָס אנשלאָפן געוואָרן.
— א דאָקטער איז שוין געווען?
— נאָך ניט. ער וועט איינגיכן קומען.
— איז עפּשער... עפּשער זאָל איך צופאָרן?

מיכלען האָט זיך געדוכט, אַז זײַן פֿאָרשלאָג האָט זי איבערגעשראָקן.

— ניין, ניין, מע דאַרף ניט. מעגלעך, אַז ער וועט אָפּשלאָפֿן אַ פּאָר שאָ. ער איז אַ גאַנצע נאַכט געווען אויף.

מיכל האָט זיך געסטאַרעט רעדן וואָס שטילער:

— מאַריאַ סערגייעוונאַ, איך האָב צו אײַך אַ ביטע. אַז קיריל פּעטראָ־וויטש וועט זיך אופֿכאַפּן, מע דאַרף האָפֿן, אַז אים וועט שוין זײַן גרינ־גער, זאָלט איר אים זאָגן, אַז איך האָב זיך שוין באַטראַכט.

— וועגן וואָס?

— ער ווייסט וועגן וואָס. זאָלט איר אים אומבאַדינגט זאָגן. דאָס איז זייער נייטיק. פֿאַר אים. איר פֿאַרשטייט, פֿאַר אים!

— גוט, גוט, כ׳וועל זאָגן.

אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, איז מיכל געבליבן זיצן, ווי נאָך אַ שווער שטיקל אַרבעט. דערנאָך האָט ער גענומען אַרומטאַפּן אַלץ אויפֿן טיש: די פּאַפּקעס, די בלײַערס, דאָס טינטערל, אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די ווײַסע קלאַווישן פֿונעם סעלעקטאָר, דערנאָך לאַנג זיך אײַנגעקוקט אינעם טעלעפֿאָן־אַפּאַראַט, וואָס איז נאָרוואָס געווען אין אײדעס און אויך אַ שטיקעלע שוטעף צו דעם ליגן, וועלכן ער האָט נאָרוואָס אָפּגעטאָקט. אינדערעמעסן האָט ער זיך ניט באַטראַכט און זײַן מיינונג ניט געביטן. און ער וועט טאָן אַלץ אויף דערוווײַזן, אַז ער, מיכל, איז גערעכט. נאָר אין דער מינוט איז דאָס וויכטיקסטע געווען פּעטראָוויטשעס געזונט. עפּעס האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס קאָן זײַן פֿאַר פּעטראָוויטשן אַ שטי־קעלע רעפֿועה.

דערנאָך האָט דער טאָג אָנגעהויבן וואַקסן, ווי אַ באַרג. באַ מיכלען איז געווען אַזאַ געפֿיל, אַז דאָס רעדל דרייט זיך הײַנט ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, און עס קאָן יעדע מינוט קומען צו אַן אומגליק. ער האָט זיך גע־פֿילט, גלײַך מע וואָלט אים אַרײַנגעזעצט איינעם אַליין אין אַן אַעראָפּלאַן, אָנגעוויזן אויפֿן רודער און אַ זאָג געטאָן — פֿלי. פֿליט ער, און אים דוכט זיך, אַז ער האַלט אין איין פֿאַלן. וואָס אַמאָל נידעריקער און נידעריקער, אָט באַלד וועט ער זיך פֿאַרטשעפּען פֿאַר עפּעס אַ בוים אָדער פֿאַר אַ פֿעלדז און וועט זיך צעבעריקן.

דורך דעם אָפֿענעם פֿענצטער האָט זיך דערטראָגן דער געוויינלעכער גערויש פֿונעם זאַוואָדישן הויף. די לופֿט האָט אונטערגעציטערט, אַ צע־הוידעטע און צעוויגטע פֿונעם אומופֿהערלעכן הודען פֿון די הונדערטער ווערקשטעלן. אַ לאָסטמאַשין האָט דורכגעיאָגט דורכן זאַוואָדישן הויף סאַ־מע דאַן, ווען זי האָט געדאַרפֿט דורכיאָגן, אַרויסגעפֿירט דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפֿט אַרויספֿירן, צי אַרײַנגעפֿירט דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפֿט אַרײַנ־פֿירן, נאָר מיכל האָט אַלץ ניט געקאָנט בײַקומען אין זיך דעם געפֿיל, אַז אַלץ דרייט זיך הײַנט ניט אַזוי, און ער הייבט ניט אָן וויסן וואָס צו טאָן אויף אַ דריי טאָן דאָס רעדל אין דער נייטיקער ריכטונג. די גאַנצע צײַט איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן דער מאָרעשכוירעדיקער סערגיי איוואַ־נאָוויטש, וואָס האָט אַזוי לעפּיש געענטפֿערט אויף זײַן פֿראַגע: „עפּשער זאָל איך גיין טאַנצן?״

ערשט דעם צווייטן האלבן טאָג איז מיכל געקומען א ביסל צו־זיך. ערשט איצט האָט ער געקאָנט רויִק, אפילע מיט א שמייכעלע, א טראכט טאָן וועגן דעם, אז ווען ער אליין איז היינט אויך ניטאָ, וואָלט סײַווי יעדערער זיך געשטעלט אַף זײַן אָרט, יעדערער וואָלט זיך פארנומען מיט זײַנע איניאַנים און אויב עס וואָלטן אופגעקומען וועלכע־ניט־איז פראגן, וואָלטן זיי ווי־ניט־איז אויך געפונען אן אויסוועג. נאָר אויב אזוי... ניין, דאָס זײַנען, פארשטייט זיך, נארישקײַטן. א זאוואָד קאָן זיך ניט באגיין אָן א דירעקטאָר און אָן א הויפט־אינזשעניער, נאָר אז דאָס רעדל דרייט זיך, קאָן דאָס זיך דרייען א פאָר טעג אָן זיי.

דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ניט נאָר פאר אים, נאָר אויך פאר א סאך אנדערע האָט אויסגעזען אומגעוויינלעך און אפילע א ביסל אומ־היימלעך דאָס, וואָס קיריל פעטראָוויטש זיצט ניט בא זיך אין קאבינעט. לאָזט זיך אויס, אז יעדערער אין צעך מוז וויסן, מוז פילן, אז דאָ, אַף זײַן בענקל, זיצט קיריל פעטראָוויטש. דאָס האָט ער פארשטאנען א ביסל שפעטער פון די צו אָפטע ארײַנקומענישן מיט די ניט איבעריק כיטרע צוגעטראכטע סיבעס. דער מיין איז געווען א גאנץ פאָשעטער. א פרעג טאָן בא אים אָדער בא דער סעקרעטארשע — וואָס מאכט קיריל פעטראָ־וויטש. און בא יעדערן האָט זיך געפונען וואָס איבערגעבן פעטראָוויטשן, עס זאָל זײַן פאר אים א שטיקעלע רעפוע. אז גראָד היינט איז געשען דאָס, אַף וואָס מע קוקט די גאנצע צײַט ארויס. אין אינסטרומענטאלן צעך האָט מען באהערשט די נײַע טעכנאָלאָגיע פון ארומשלײַפן די סאמע גרעסטע דעטאלן, אין דער מאליארקע איז, ענדלעך, ווי געהעריק אוועק דאָס פארבן, און אין סאמע יִינגסטן צעך, אינעם צעך פון שטאָל־גיסונג, האָט זיך אָנגעהויבן עפעס באקומען. בלויז דער מאָרעשכוירעדיקער סערגיי איוואנאָוויטש האָט ניט געלאָזט הערן וועגן זיך מיט עפעס וואָס גוטס.

האָט מיכל שוין געהאט א מעגלעכקײַט איבערצײַגן זיך, אז קיריל פעטראָוויטש איז פאר אלעמען, פונקט ווי פאר אים אליין, פיל מערער פון דעם, וואָס הייסט דירעקטאָר. מע קאָן זיך פאָשעט ניט פאָרשטעלן דעם זאוואָד אָן אים. און דאָס, וואָס אלע קוקן היינט אַף אים, אַף מיכלען, א ביסל מיט פארדראָס און א ביסל מיט אייפער, וואָס גראָד ער, מיכאַיִל דאווידאָוויטש, פארבײַט היינט דעם דירעקטאָר, האָט ער דערפאר צו קיי־נעם קיין טײַנעס ניט געהאט. ער איז געווען זיכער, אז אזוי וואָלט מען געקוקט אויך אַף אן אנדערן, ווער דאָס זאָל ניט זײַן. אזוי וואָלט ער אליין אויך געקוקט אַף יעדערן, ווער ס׳וואָלט געקומען פארבײַטן קיריל פעטראָוויטשן.

און פונדעסטוועגן...

טאקע איבער דעם האָט ער פארן גאנצן טאָג ניט געקאָנט אָנעמען זיך מיט מוט און אָנקלינגען פעטראָוויטשן. ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, וואָס וועט ער אים זאָגן, אויב פעטראָוויטש וועט אים פרעגן, ווי‌אזוי האָט ער זיך באטראכט און צו וואָס האָט ער זיך דערטראכט. זיי וואָלטן אפסנײַ געדארפט איבערכאזערן דעם נעכטיקן שמועס. און דאָס וואָלט נאָך מערער אופגעבראכט פעטראָוויטשן. שוין ניט אזוי דער סיכסעך גופע, ווי זײַן

ליגן. דער ליגן מיט די גוטע קאוואָנעס. ער קען אים דאָך גוט, פּעטראָ־וויטשן.

די סעקרעטאַרשע האָט אים אַלעמאָל אַרײַנגעבראַכט אַ ביסל נײַס: ווען איז געווען דער דאָקטער, וואָס האָט באַוויזן די קאַרדיאָגראַמע, וואָס פּאַראַ רעפּורעס האָט מען אויסגעשריבן און וועלכע אייצעס געגעבן. נאָר אַליין אָנקלינגען האָט ער ניט געוואָלט.

דאָס לעצטע קאַפּיטל האָט צוגעלייגט דער שווער. און ניט דער שווער אַליין, נאָר אויך זיי ביידע, שוליע מיט ניקיטען, די שוטפים, ווי מע רופט זיי. ס'איז ניט געווען זייער טעווע אַרײַנקומען נאָך דער אַרבעט אין קאַנ־טאָר. ביידע, שוין ניט קיין יונגעלײַט, ווערן זיי צום סאָף פון דער וואַכטע מידער פון אַנדערע און סטאַרען זיך וואָס גיכער אַרויס אויף דער פרישער לופט, דערקלײַבן זיך אַהיים. הײַנט האָט עס זיי ביידע אָנגעטראָגן. ביידע אָנגעדראָדלטע, גלײַך זיי האָבן זיך נאָרוואָס צעקריגט און זײַנען געקומען צו אים, ער זאָל פּאַסקענען. עפּעס האָבן זיי צו לאַנג געשוויגן, געקוקט איינער אויפן אַנדערן, ווי זיך מעיאַשעוו געווען, ווער ס'זאָל אָנ־הייבן.

— וואָס איז מיט פּעטראָוויטשן? — באַם שווער איז דאָס אַרויס פּונעם מויל ניט ווי אַ פראַגע, נאָר ווי אַ טײַנע.

— נישקאָשע. ניט געפּערלעכס.

— וואָס זאָגט די קאַרדיאָגראַמע? — ניקיטעס פראַגע זעט שוין אויס אַ ביסל ווייכער.

— די קאַרדיאָגראַמע איז ניט קיין שלעכטע.

— האָסט גערעדט מיט אים? — דער שווער איז נאָך אַלץ פול מיט כשאַד.

— גערעדט, אַוודע גערעדט.

— עפּשער קאָנען מיר אָנקלינגען?

— מע דאַרף ניט. מאַריאַ סערגייעוונאַ האָט זייער געבעטן, מע זאָל ניט קלינגען.

ניקיטען האָט מען נאָך געקאָנט ווי־ניט־איז פאַרעדן די ציין, נאָר דער שווער האָט, אַפּאָנעם, עפּעס אָנגעשמעקט.

— זאָג דעם עמעס, עפּעס איז נעכטן ניט געשען אַזוינס?

— וואָס האָט געקאָנט געשען?

— מאַלע וואָס. איך מיין... מיטן אויטאָמאַט. עפּעס שטייט ער הײַנט, דער אויטאָמאַט... נעכטן געווען אַזאַ יאָמטעוו.

— ווילסט אַלע טאָג יאָמטויוויים?

— ניין, ניט דאָס. עפּעס שטייט ער הײַנט, ווי אַ יאָסעם.

עפּשער דערפאַר, וואָס זיי האָבן ביידע באַמערקט, ווי מיכל איז רויט געוואָרן און ווי אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַזוינס... ניקיטאַ האָט דערנאָך געזאָגט שוליען, אַז ער געפעלט אים הײַנט ניט, דער איידעם זײַנער. אין דער מינוט, ווען זיי האָבן עפּעס דערזען אין זײַנע אויגן, האָט ניקיטאַ אַ ציי געטאָן שוליען פאַרן אַרבל. זיי זאָלן, הייסט עס, זיך גיכער אָפּטראָגן.

— נו, גוט, — איז שוליע שוין געוואָרן אַ ביסל ווייכער, — וועסט קלינ־גען פעטראָוויטשן, גיב איבער אַ גרוס פון אונדז. און זאָג אים, זאָל ער זיך ניט מאַכן נאַריש.

— איך וועל אים איבערגעבן. אומבאַדינגט.

ניין, ס'זײַנען אים, אַפּאָנעם, ניט באַשערט קיין פרײַע פאַרנאַכטן. אָט האַלט שוין די זון באַם פאַרגיין און די סמענעס הייבן אָן בײַטן זיך. די גאַנצפרײַעדיקע סמענע גייט אַרויס פונעם זאַוואָדישן הויף, און די אָוונ־טיקע קומט אַרײַן. און כאָטש ער איז שוין זיכער, אַז אָן אים צי מיט אים וועט גאָרנישט ניט געשען, קאָן ער דאָך עפּעס ניט אוועקגיין אַהיים. ער וואַרט, אַז קיריל פּעטראָוויטש זאָל אים אָנקלינגען. ער מוז אים דאָך אָנ־קלינגען! און ווען דער טעלעפאָן האָט אַ קלונג געטאָן, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס איז ער, און זיך בעעמעס דערפרייט, דערהערנדיק פּעטראָ־וויטשעס שטים:

— נו, ווי גייט עס?

— אַלץ אין אָרדענונג.

— קיין באַרג איז אױף דיר ניט אַרופגעפאַלן?

מיכל קוקט זיך אײַן אין טרײַבל און זעט, דאַכט זיך, ווי קיריל פּעטראָ־וויטש פינטלט צו לעצאָנעסדיק מיט די אויגן.

— ניין! — האָט מיכל געענטפערט, שמייכלענדיק צום טרײַבל.

— און האָסט זיך ניט דערטרונקען?

— פאַרוואָס האָב איך זיך געדאַרפט טרינקען? — דער שמייכל איז זיך נאָך מער צעוואַקסן.

— איך ווייס? עס טרעפט, אַ פאַרפּלייצונג!

פונוואַנען, אױף וועלכן אויפן האָט עס קיריל פּעטראָוויטש זיך אָנגע־שטויסן וועגן זײַן הײַנטיקן צושטאַנד?

— פאַרקערט, קיריל פּעטראָוויטש. מיר האָבן אַלע פאַר אײַך גוטע גרוסן!

און אַרויסגעלייגט אַלץ: וועגן דער שטאָלגיסונג, וועגן דער נײַער טעכנאָלאָגיע פון שלײַפן און אויך וועגן דער מאַליאַרקע.

אויסגעהערט אַלע נײַסן, האָט קיריל פּעטראָוויטש אָנגעהויבן רעדן שטילער, גלײַך ער דאַרף אים איבערגעבן אַ סאָד:

— זאָג מיר, באַ דיר איז איצט קיינער ניטאָ?

— ניין.

— איז הער זשע מיך אויס. די דאָקטוירים רעדן מיר אײַן, אַז איך וועל מוזן אָפּליגן עטלעכע טעג. איז קלינג מאָרגן אָן אין גלאַווק. אין מײַן נאָמען. קלינג אָן איגנאַטענקאָן. זאָג אים, אַז שטאָל איז באַ אונדז געבליבן אױף צוויי טעג... איך ווייס, איך ווייס, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן. אַזוי דאַרף מען. זאָל ער אונטעריאָגן אונדזערע צושטעלער. וועסט אָנ־קלינגען?

— גוט, גוט, כ'וועל אָנקלינגען. אין אײַער נאָמען.

דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז דאָס, וואָס דער דירעקטאָר טרײַבט אַ ביסל איבער, ווײַל אינדערעמעסן האָבן זיי שטאָל אױף אַ סאַך מערער, איז אױף זײַן, פּעטראָוויטשעס, געוויסן.

שוין, דוכט זיך, אַלץ. דער טעלעפֿאָן איז אַנשוויגן געוואָרן, און ער שטייט נאָך אַלץ מיטן טרײַבל אין דער האַנט און קוקט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אין דעם פֿאַרנאַכטיקן דרויסן, אויף דער פֿאַרגייענדיקער זון און וואַרט נאָך אויף עפּעס. ער האַלט, אַז קיריל פּעטראָוויטש מוז נאָכאַמאָל אַ קלונג טאָן. ער האָט דאָך גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן אַוטאָמאַט. צי דען האַלט ער, אַז מיט אים, מיט מיכלען, מעג מען זיך דורכוווערטלען און גלײַך פֿאַרגעסן? עס ווערט אים אַ ביסל פֿריקרע פֿון אַזאַ האַשאָרע, עס באַליידיקט אים פּאָשעט. ווײַל ווי דאָס זאָל ניט זײַן, איז ער דאָך דער הויפּט־אינזשעניער. און אַ דירעקטאָר, אַפֿילע אַזאַ, ווי קיריל פּעטראָוויטש, מוז זיך רעכענען מיט אים, זאָל ער ניט מאַסקים זײַן, זאָל ער זיך קריגן מיט אים, זאָל ער אַפֿילע דראָען. נאָר אַזוי־אָ מאַכן אַלץ צו גאָרנישט!

## 4

זי גייט פֿונעם מאַרק מיט צוויי שווערע קאָשעקעס אין די הענט. קוים וואָס זי עטעמט, סאָפּעט אַזוי, אַז די גאַנצע גאַס זאָל הערן, און שמייכלט ברייט, אַז די גאַנצע שטאָט זאָל זען. אירע אַקסל בייגן זיך, און דער גאַנצער קערפּער וויגט זיך אויף רעכטס און אויף לינקס. שטעלט זי דעם רעכטן פֿוס, שרײַט דער לינקער קאָשעק, אַז ער איז שווערער, שטעלט זי דעם לינקן, שרײַט, פֿאַרקערט, דער רעכטער קאָשעק.

דאָס איז די מומע בליומע.

זי גייט ניט געײַלט, שטעלט זיך אַלע מאָל אָפּ, שטעלט אַוועק די קאָשעקעס אויף דער ערד, זי זאָל אויף אַ רעגע אויסגלײַכן די פֿאַרטערפּעטע פֿינגער. קעדיי די קאָשעקעס זאָלן אַזוי ניט גוואַלדעווען, נעמט זי דעם לינקן קאָשעק אין דער רעכטער האַנט, דעם רעכטן אין דער לינקער און גייט ווײַטער.

די מומע בליומע!

דאָס טיכל האָט זיך אַראָפּגערוקט אַ ביסל אין אַ זײַט, איבערן לינקן אויער, דאָס פּאָנעם גלאַנצט, און די אויגן גלאַנצן אויך, נאָר זיי טוען נאָך עפּעס. זיי ציילן, ציילן און רעכענען איבער, וואָס אין די קאָשעקעס ליגט. ווײַל ערשט איצט, נאָך דעם ווי דער מאַרק איז שוין געמאַכט, דאַרף זי באַרעכענען, צי האָט זי געקויפֿט אַלץ, וואָס זי דאַרף אויף הײַנט און אויף מאָרגן, ס'זאָל ניט אויסקומען, ערשט נאָך דעם ווי זי וועט צושטעלן דעם מיטיק, נאָכאַמאָל אַ לויף טאָן אויפֿן מאַרק.

מיטן סקלעראָז נאַרט די מומע בליומע זיך אַליין. זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס איז ניט מערער, ווי אַ טערעץ. די סיבע איז אין דעם, וואָס צו אַלע זאַכן, וואָס זי דאַרף קריגן אויפֿן מאַרק, האָט זי אָפּט מער אין זינען דאָס ביסל לעצטע נײַס, וואָס מע טראָגט אַרויס אויפֿן מאַרק פֿון אַלע הײַזער. מוז זי צונויפֿנעמען אַלע נײַסן, האַלטן זיי אויסגעלייגט באַ זיך אין קאָפּ, ווי די ציבעלעס מיט די רעטעכלעך אין די קאָשעקעס, אַזוי אַז אַלץ זאָל זײַן אונטער דער האַנט, ווי נאָר זי וועט דאַרפֿן. ווײַל איינעם גייט אָן אַ געשיכטע וועגן אַ שידעך, אַ צווייטן, פֿאַרקערט, אַ מײַסע מיט אַ געט, איינער וויל וויסן, ווער קלײַבט זיך פֿאָרן קיין ייִסראָעל, און אַ

צווייטער, ווידער, ווער איז פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן. און וואָס זאָל זי טאָן מיט די, וועמען עס גייט ניט אָן קיין שידוכים און ניט יִשׂראָעל, יענע דאַרפֿן גיכער וויסן, ווי האַלט עס היינטיקס יאָר מיט די מעדאַלן אין די שולן און אין וועלכע אינסטיטוטן איז אַ קלענערער קאָנקורס. און פֿאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס די אַלע זאַכן ליגן זיי אין דער לינקער פּיאַטע, זיי מוזן זיך דערגריבלען, וויאַזוי האָט יענער זיך געפּאַקט מיטן פּעסל העריינג. הערט אַ מיַיסע. העריינג, וואָס קאָסט ניַינציק קאָפּעקעס אַ קילאָ, האָט ער פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ רובל מיט צען! איז געשען אַזוי, אַז סאַמע דאַן, ווען לויט איר גראַפֿיק האָט בליומע געדאַרפֿט פֿאַרקערעווען נאָכן קעפֿיר, האָט זיך איר געפּאַקט די געשיכטע מיטן העריינג. ווי זשע לאָזט מען דורך אַזאַ זאַך? איז זי „אַרויס פֿונעם גראַפֿיק", ווי זי אַליין שפּעט אָפּ וועגן זיך, און וועט שוין מוזן פֿאַרקערעווען אינעם שמאָלן ליקל צום מילכיקן קליַיטל. אויב דאָס יִדישע געסל האָט געקרויַינט בליומען מיטן שיינעם צונאָמען בייס־נון, וואָס באַטיַיט — בליומעס ניַיס, מוז זי שוין אונטערהאַלטן די פֿירמע.

פֿון אַלע ניַיסן פֿאַרנעמט היַינט בא בליומען דעם סאַמע אויבנאָן דער אווטאָמאַט. נעכטן אין אָוונט, ווען שוליע איז געקומען פֿון זיַין זאַוואָד און באַריס פֿון זיַין פֿאַבריק, האָבן זיי ניט אופֿגעהערט צו רעדן וועגן אווטאָמאַט. געלויבט אים אין טאָג אַריַין, דערציילט, ווי שיין ער איז, ווי קלוג ער איז און וואָס פֿאַר אַ בעריע ער איז. מיט איין וואָרט, ווי שוליע האָט ליב צו זאָגן, — קיבערנעטיקע. זיי זיַינען ביידע געווען יאָמ־טעוודיק אופֿגערודערט און באביידן האָבן געגלאַנצט די אויגן, גליַיך זיי האָבן שוין באַוויזן מאַכן אַ קויסע. איז שוין בא בליומען אויך געוואָרן יאָמטעוו. זי האָט דאָך אויך עפּעס אַ כיילעק אינעם אווטאָמאַט. ווער נאָך האָט עס געפֿאַרעט אַזויפֿיל טיי פֿאַר דער גאַנצער כאַליאַסטרע? און ווער האָט עס געבאַקן יענע קונציקע האָמענטאַשן, וואָס זיַינען ענלעך געווען אַף אַן אווטאָמאַט? האָט זי אַרויסגעשטעלט אַפֿן טיש סיַי דאָס, וואָס זי האָט צוגעגרייט פֿאַר דער איצטיקער וועטשערע, סיַי דאָס, וואָס זי האָט געהאַלטן פֿאַרן מאָרגעדיקן פֿרישטיק. און געפֿונען אַפּילע עפּעס־וואָס אַף אויסצוטרינקען. דערנאָך האָבן זיי זיך שיִר ניט צעקריגט, דער טאַטע מיטן זון. באַריס האָט אַ זאָג געטאָן, אַז אַף דער פֿאַבריק קוקט מען שוין אַרויס אַף די אווטאָמאַטן און מע וואָלט געדאַרפֿט וואָס גיכער אַרויסלאָזן אַ פֿאָר הונדערט שטיק. האָט שוליע גענומען דערוויַיזן דעם זון, אַז ניט אַזוי טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך, וויַיל דערצו מוז מען שאַפֿן אַפֿן זאַוואָד גאָר אַ ניַיע טעכנאָלאָגיע. האָט באַריס געזאָגט, אַז מיט דער טעכנאָלאָגיע איז ניט אַזוי שרעקלעך, מע דאַרף נאָר וועלן. איז שוין שוליע געוואָרן אופֿגעטראָגן און אים אַריַינגעזאָגט, אַז כאָטש ער, באַריס, איז בא זיך אַף דער פֿאַבריק אַ גאַנצער מעכאַניק, נאָר אין אַזעלכע זאַכן...

האָט שוין בליומע זיך געמוזט אַריַינמישן:

— זעט, פֿאַטערט ניט אַוועק זיך דעם אייגענעם יאָמטעוו.

טראָגט זי היַינט מיט זיך דעם אייגענעם יאָמטעוו, און צו אַלע אירע ניַיסן איז זי יעדן מוידיִע:

— אונדז קומט אַ מאַזלטאָוו. דער אווטאָמאַט אַרבעט שוין.

זי רעדט דאָס אַרויס מיט אַזאַ מינע, גלײַך זי האָט אַ שידעך געטאָן מיט איר אייניקל, אָדער גאָר אַז דאָס אייניקל איז אָנגעקומען אין אינסטי־טוט, און וועגן דעם מוז וויסן דאָס גאַנצע ייִדישע געסל.

דאָס ייִדישע געסל... אַ געמיש פון קורצע געסעלעך און שמאָלע פאַר־שאָטנטע ליקעלעך מיט אָן אַ שיר פאַרדרייטע באַרג־אַראָפּן און נאָך מע־רער פאַרדרייטע באַרג־אַרופן — זומער מעסוקן שטויביקע און ווינטער סאַקאָנעסדיק גליטשיקע, מיט אָן אומיסטנדיקן, עפּעס אַ צולאָכעסדיקן געמיש פון אָפּגעקאַלופּעטע שטיבלעך מיט שײַנענדיקע מויערלעך, יעדעס שטיבל מיט זײַן באַזונדער שטעל, מיט זײַן באַזונדער אויסזען, מיט זײַנע ביז גאָר פאַרשיידענע טירן און פענצטער און מיט נאָך מערער פאַרשיי־דענע דעכער. בײַ וועמען אַזוי שפּיציק, אַז דער קאָפּ קאָן זיך פאַרדרייען, און בײַ וועמען פלאַטשיק־צוגעפּלעטשט, ווי גאָר אָן אַ דאַך, בלויז מיט אַן אָפּענעם בוידעם.

שטייט אַ פלאַטשיק שטיבעלע אויף אַ בערגל, באַם סאַמע אָנהייב פונעם באַרג־אַראָפּ, שטייט, גלײַך ס'איז נאָרוואָס אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אין איין העמד, נאַקעט און באָרוועס, די ווינטן בלאָזן פון אַלע זײַטן, און דאָס שטיבעלע ציטערט פאַר קעלט, נאָר לויפן ווײַטער האָט דאָס מוירע, ווײַל דער באַרג־אַראָפּ איז שטאַרק אַ גליטשיקער.

ליגט אַ מויערל, ווי אין אַ שמאָלער קרענעצע, קוקט אַרויס צום הימל פון זײַנע טיפע פינצטערנישן, פּרוּווט כאַפּן מיט די לאַנגע פענצטער עטלעכע שוין אָפּגעקילטע שטראַלן — פאַר זיך, פאַר זײַנע בניי־באַיִס און פאַר די עטלעכע דינע ביימעלעך מיט די אויסגעמאָגערטע צווײַגעלעך, מיט די שיטערע, פאַרשמאַכטע בלעטעלעך, וואָס זײַנען מערער בלייך, ווי גרין.

און אָט גאָר, עטלעכע שטיבעלעך, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. זיי שטייען ענג צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן, מיט די טירן צום דרויסן, מיט די לאָדן פון אינווייניק, מיט די נידעריקע פּידאַשעקלעך, סאַמע אַזעלכע, ווי מע דאַרף אויף צו שטיין אָדער זיצן אויף אַ נידעריק בענקעלע, קנאַקן קערלעך און פאַרשפּײַען מיט ווײַסן שאָלעכץ די גאַנצע גאַס.

דאָס ייִדישע געסל... צוויי ליפּקאַנער, דרײַ בריטשאַנער, פיר סעקוראַ־נער, פינף כאָטינער, איינער אַ בעלצער, איינער אַ סאָראָקער און איינער אפילע אַ בערשאַדער. אַ געסל, אָנגעשפּיקעוועט מיט אַ סאַך געשיכטעס, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער, וועגן לאַגערס און געטאָס, עוואַ־קואַציעס און פראָנטן, וועגן העלדישקייטן און וועגן אַלץ, וואָס יעדערער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון יענע שווערע מילכאָמע־יאָרן, און אויך וועגן דעם, וואָס ס'איז פאַרבליבן בײַ יעדערן אין זיקאָרן פון יענע פאַר־מילכאָמעדיקע אַמאָלן, וואָס זעט איצט אויס יעדערן זייער און זייער ווײַט. דאָס געסל אַליין איז שוין אויך ניט דאָס, וואָס אַמאָל, פאַר דער מילכאָמע. אין יענעם אַמאָל איז דאָס געווען איינס, איצט איז דאָס גאָר עפּעס אַנ־דערש. אַמאָל איז דאָס ייִדיש־לאָשן געווען דאָ היפּש פאַרפּראַוועט מיט דער דײַטשישער „אויסשפּראַכע", און דאָס בעסטע מײַכל האָט זיך גע־דאַרפט רעכענען די ווינער יויך. איצט איז דאָס ביסל ייִדיש עמעסדיק

מאמעלאָשן — א ביסעלע בעסאראביש פארגרעבט, און די מיַיכאָלים אליין האָבן אויך אָנגעוווירן יענע ווינער איידלקייט. א געדיכטער צימעס פון ראבע פאסאָליעס, רעטעך מיט בוימל און קנישעס פון קאבאק, פון יענע בעסאראבער קאבאקעס, וואָס וואקסן מוירעדיק אף די זוניקע באשטאנעס. כאָטש יויכן האָט מען דאָ אויך ניט פיַינט, עמעסדיקע פעטע יויכן, פעטע קוגלען, וואָס פארטרינקען זיך זייער געשמאק מיט זויערלעכן מאָלדאַ־ווישן וויַין, וואָס יעדער איינער מאכט דאָ לויט זיַין אייגענער מעטאָדע.

א קליין, שמאָל און פארדרייט געסל, וואָס האָט זיך אריַינגערוקט אין דער סאמע מיט פון א גרויסער שטאָט, דער ייִדישער מארק פון איין זיַיט, דער רוסישער פון דער צווייטער, דער וואָקזאל פון דער דריטער און דער טיַיך, וואָס איז ענלעך און ניט ענלעך אף אלע טיַיכן אין דער וועלט, — פון דער פערטער זיַיט, א געסל, וואָס האָט אריַינגענומען אין זיך די שעיי־רעס־האפלייטע פון א סאך בעסאראבער ייִדישע שטעטלעך און וואָס האָ־רעוועט טאקע אויך, ווי עטלעכע שטעטלעך איינינעם, האָרעוועט א גאנצע וואָך פון באגינען ביז שפּעט אין דער נאכט, ארבעט אין צוויי סמענעס, לערנט זיך אין צוויי סמענעס, קאָכט און באקט אין צוויי סמענעס, און צווישן אונדז זאָל דאָס בליַיבן, קריגט זיך אָפּטמאָל אויך אין צוויי סמענעס... און שאבעס...

דער שאבעס איז געוואָרן ביז גאָר גרויס בא זיך, וויַיל ער איז דער ערשטער פון די צוויי רו־טעג, און אין דעם טאָג גייט דאָס געסל אין קינאָ, כוץ די באָבעס, כוץ די שילער און כוץ הענעך קאָוועל... בא הענעך קאָ־וועל בליַיבט שאבעס אַן ארבעטסטאָג. ערשטנס, וויַיל הענעך איז אַן אַל־טער אפּיקוירעס, און צווייטנס, דערפאַר, וואָס בא א קאָוועל, פּונקט ווי בא א דאָקטער, קאָנען ניט זיַין קיין שאבאָסים און קיין יאָמטויוויום. ווען עס זאָל זיך ניט טרעפן עפּעס מיט א ראָד, מיט א פערדישער פּידקאָווע, מוז מען עס טייקעף פאריכטן. שוין אָפּגערעדט, ווען עס טרעפט זיך עפּעס מיט א שניַיד־מאשין אין ברען פון שניט.

הענעך קאָוועל צעקלינגט זיך איבערן געסל א גרויסן פארטאָג, ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך, מאכט אָן א גאנצן אליארעם, און ווען ער פּילט, אז דאָס געסל איז שוין אופגעשטאנען, הייבט ער אָן זינגען. ער זינגט פאר זיך און פאר דער גאנצער וועלט:

> צעבלאָזט דאָס פיַיער, לאָמיר שמידן,
> קאָלזמאן דאָס איַיזן איז נאָך הייס...

פאר אים איז דאָס א דערמאָנונג פון זיַינע יונגע יאָרן, ווען ער איז געלאָפן אף סכאָדקעס און מאיאָווקעס און שטענדיק גרייט געווען איבער־קערן די וועלט. דאָס איז אויך אַן אָנזאָג דעם איצטיקן הענעך: האלט זיך, הייסט עס, האָרעווע, קלאפּ און קלאפּ, קלינג אף וואָס די וועלט שטייט, וויַיל קאָלזמאן דו שטייסט אף די פיס און האלטסט דעם האמער אין דער האנט, וועט קיין שום מאלעכהאמאָוועס ניט קאָנען צו דיר צוקומען.

אינדערעמעסן איז זיַין קוזניע שוין גאָר ניט דאָס, וואָס געווען, ער אליין אויך. בא די זיבעציק צי נאָך די זיבעציק, נאָר פון דער אמאָליקער גוורע איז שוין קימאט גאָרנישט ניט געבליבן, און דער „אוך", מיט וועלכן

ער באגלייט יעדן קלאַפּ פונעם האַמער, איז ניט מערער, ווי אַ שטילער קרעכץ, וואָס האָט מערער אַ שײַכעס צום ראַדיקוליט, ווי צום קלאַפּ אַליין. פון דער באָרד זײַנער, וואָס האָט געהאַט אַ שעם אין שטעטל, ווי זײַנע הייסע רעדעס קעגן גאָט, איז שוין אויך געבליבן ניט מער, ווי אַ שיטער בערדל, אַ שיטערס, אַ גראָווס און אַ ביסל צוגעפּלעטשטס. נאָר צונעמען בײַ הענעכן די קוזניע, דאָס אופשטיין אַ גרויסן פאַרטאָג און דאָס קלאַפּן איז גלײַך, ווי צונעמען בײַ אים דאָס לעבן אַליין. דערפאַר האָט דאָס גאַנצע געסל אַזוי זיך אײַנגעשטעלט פאַר אים, ווען דער שטייגער־קאָמבינאַט האָט געוואָלט פאַרמאַכן די קוזניע. דאָס געסל האָט דערוויזן, אַז אָן דער קוזניע קאָן דאָס פּאָשעט ניט לעבן. סטאַרעט זיך דאָס געסל אונטערוואַרפן הענעכן אַלע מאָל אַן אַנדער שטיקל אַרבעט, אַז דער פּלאַן זאָל זײַן געזיכערט. איז הענעך שוין האַלב־קאָוועל און האַלב־בלעכער, ווײַל פערד־און־וועגענער ווערן וואָס אַמאָל ווייניקער, די שנײַד־מאַשינעס זײַנען שוין אַרויס פון דער מאָדע, האָט ער מערער צו טאָן מיט דורכגעלעכערטע עמערס, מיט פאַרזשאַווערטע בעקעלעך און אַמאָל אַפילע מיט אוראַלטע סאַמאָווארן, וואָס עמעצער האָט געפונען בײַ זיך אויפן בוידעם.

שטייט ער און קלאַפּט, מאַכט אַן אַליאַרעם איבער דער גאַנצער גאַס, און קיינער ווייסט ניט, אַז דאָס סטאַרעט ער זיך פאַרקלאַפּן, פאַרקלינגען דעם אייגענעם אומעט, זײַן איינזאַמקײַט, זײַן בענקעניש און זײַן טיפן טרויער נאָך די אַלע, וואָס ער האָט פאַרלוירן... נעמט זײַן זון, זײַן איינציקער זון, פון וועמען עס האָט געקאָנט אַרויסקומען אַ קאָוועל אויף כאַריפעס, גייט אַוועק אויפן פראָנט און לייגט דאָרטן אַוועק דעם קאָפּ. נעמט זײַן כייוועדל — ער האָט זי אַלע יאָרן געהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, ווײַל זי איז געווען אַ ווײַב אַ בעריע און אַ יעפּאַס־טויאַר, אַ צירונג אין שטעטל, נעמט זי און שטאַרבט אינמיטן וועג, ווען קיין אַקטיובינסק איז געווען נאָך טויזנט קילאָמעטער. און די צוויי שוועסטער זײַנע, וואָס האָבן זיך ניט באַוויזן עוואַקויִרן... גלײַכער שוין געווען, ווי זײַן כייוועדל, אינמיטן וועג, נאָר מיטן אייגענעם טויט. ווײַל דאָס, וואָס מע דערציילט, איז דאָך ניט צו באַגרײַפן. ווי נעמען עס מענטשן און מע שנײַדט מענטשן מיט זעגן? ווי האָלץ! איז ער געבליבן מיט זײַן שנור, וואָס באַלעבאַטעוועט אין שטוב, מיטן אייניקל, וואָס שרײַבט בריוו פון לענינגראַד, און מיט די עטלעכע שאָטנס, וואָס שטייען אַרום אים גאַנצע נעכט און אויך דאָ, אין קוזניע. וויפל ער זאָל ניט קלינגען און ווי ער זאָל ניט ליאַרעמען.

פאַראַן נאָך אַ סיבע, וואָס דאָס געסל האָט זיך אַזוי אײַנגעשטעלט פאַר דער קוזניע. פאַר אַ סאַך עלטערע מענטשן איז דאָס אַ שטיקעלע קלוב. מע קאָן אַרײַנקומען אַהין, ווען מע וויל, פאַררייכערן אַ ציגאַרעט און דורכשמועסן זיך וועגן גרויסע וועלט־פראַגן און רעכילעסלעך. דערצו נאָך, ווען די מומע בליומע האָט צוגעקלעפּט דעם דאָזיקן קלוב אַזאַ הויכן נאָמען, ווי „רעליגיע און וויסנשאַפט“, סטאַרעט ער זיך שוין, הענעך, אַז דער נאָמען זאָל זיך האַלטן.

אַזאַ הויכן נאָמען האָט די קוזניע פאַרדינט איבער די שפּאַרענישן, וואָס ציִען זיך שוין אַ סאַך יאָרן צווישן הענעך קאָוועל און דעם אַלטן לאַריִאָנען. לאַריִאָנס ניט וואַזשנע שטיבעלע מיט זייער אַ וואַזשנעם סאָד

שטייט אקוראט אנטקעגן העגעכס קוזניע, פונקט ווי לאריאָנס לאנג פּאָנעם און געדיכטע לאנגע באָרד שטייט שטענדיק קעגן העגעכס שיטער בערדל, פונקט ווי לאריאָנס שטענדיק פרום פארטראַכטע אויגן שטייען שטענדיק קעגן העגעכס העפקערדיקע, אפּיקאָרסישע אייגעלעך.

וואָס ציט עס אזוי דעם פרומען לאריאָנען צו אָט דעם פארברענטן אפּיקוירעס, וואָס ער קאָן קיין איין טאָג אָן אים ניט זײַן? לאריאָן וויל פונדעסטוועגן דערוויַזן העגעכן, אז עפּעס א שטיקל גאָט איז גראָד יאָ דאָ אף דער וועלט. נעמט העגעך נאָך שטארקער קלאַפּן מיטן האמער און אויסזינגען פאר זיך זײַן שאכרעס, וואָס הייבט זיך אָן פון „צעבלאָזן דאָס פּיַער, לאָמיר שמידן, קאָלזמאַן דאָס אײַזן איז נאָך הייס". און ענדיקט מיטן „קיינער וועט אונדז ניט באפרײַען, ניט גאָט אליין און ניט קיין העלד". לאריאָן קרימט זיך א ביסל פון אָט דער טפילע, כאָטש דאָס איז פאר אים ניט קיין באוויַז, אז קיין גאָט איז ניטאָ. און כאָטש זיי האָבן באוויזן אָפּקריגן זיך נאָך גאנצפרי, דאָך וואקסט ער גלײַך אויס בא דער קוזניע, ווי נאָר יאָנטל מיט זײַן פערד־און־וועגעלע קומט צו פאָרן אהער. יאָנטל איז ניט אזוי אופגעטראָגן אף גאָט און מע קאָן אמאָל בא אים ארויסציִען עטלעכע לײַטישע ווערטער. קלײַבט לאריאָן אויס עפּעס אָן עפּל, ניט קיין איבעריק גרויסן, און קומט ווידער צו צו דער קוזניע, צעשנײַדט מיט זײַן אייגן מעסערל דעם עפּל אפצווייען און דערלאנגט יעדערן זײַן כיילעק. יאָנטל איז אויך א שטיקעלע קאמצן, באזונדערס אף שמייכלען. פאר א האלבן עפּל גיט ער ניט מער, ווי א פּערטל שמייכל. און ווײַל די באָרד זײַנע איז א געקרײַזלטע, וואקסט אין דער ברייט, בלײַבט דאָס פּערטל שמייכעלע ערגעץ צווישן די קוטשערן און מע זעט דאָס אינגאנצן ניט אָן. קײַט ער דעם עפּל און סטארעט זיך א ביסל צוליב טאָן לאריאָנען. אים, זאָגט ער, גייט דער גאנצער איניען ניט אָן, זאָל ער זיך יאָ זײַן, דער גאָט, זאָל ער זיך ניט זײַן, אבי ער זאָל דעם מענטשן ניט טשעפּען. נאָר וועדליק זײַן ארקע זאָגט, און זײַן ארקע, וואָס איז שוין א קאנדידאַט, ארבעט אזש אין נאָוואָסיבירסק און האָט די גאנצע צײַט צו טאָן מיט די מיקרעס און מיט די מאקרעס און מיט אלע קאָסמאָסן, קומט אויס, אז קיין גאָט איז אין ערגעץ ניטאָ.

הייבט זיך די קריגערײַ שטענדיק אָן פון רעליגיע און ענדיקט זיך מיט וויסנשאפט. ווײַל אויב יאָנטל נעמט זיך בארימען מיט זײַן ארקען פון נאָוואָסיבירסק און מיט זײַנע קאָסמאָסן, קאָן העגעך זיך בארימען מיט זײַן אייניקל סענדער פון לעגינגראַד און מיט די „פּאָלופּראָוואָדניקעס". הערט א מײַסע, מע נעמט אזעלכע פּאָשעטע שטיינדלעך צי ברעקעלעך אײַזן, מע לייגט זיי צונויף איינס צום אנדערן, און אזוי־אָ, אָן גאָרנישט ניט, באקומט זיך קימאַט ווי אָן עלעקטראָסטאנציע. און ווען ניט די דאָזיקע „פּאָלופּראָוואָדניקעס", וואָלט מען גאָרניט געקאָנט אופטאָן מיטן קאָסמאָס.

לאריאָן האָט אויך וואָס צו זאָגן וועגן וויסנשאפט, נאָר גאָר מיט אָן אנדער קאוואָנע. זײַן זון, פּיאָטער, איז א מאטראָס, וואָס ארבעט שוין עט־לעכע יאָר אין א פלאָטיליע, וועלכע געפינט זיך קימאַט אין דער אנטארקטיקע. דאָרטן כאַפּן זיי קאשאלאָטן, אזעלכע לעוויאָסנס, וואָס אז זיי גיבן א דריי מיטן עק, קאָנען זיי איבערקערן די שיף. יעדער קאשאלאָט

וועגט אריבער הונדערט טאָן. וואָס דאַרף מען מער, וועדליק פּיאָטער שרײַבט, וועגט דער לעבער אַליין פון אַזאַ קאַשאַלאָט אַריבער צוואַנציק פּוד. קומט בא לאַריזאָנען אויס: אויב ס'זײַנען דאָ אַף דער וועלט אַזעלכע לעוויאָסנס, וועלכע דער כומעש באַשרײַבט, פאַרוואָס זשע זאָל ניט זײַן קיין גאָט אויך?

דאָס ייִדישע געסל... מיט די פאַרטאָפּטשעטע שטיינדעלעך, ווי אָפּגע־ריבענע פּאָדעשוועס, טאָג און נאַכט פאַרשטויבטע, טאָג און נאַכט פאַר־האָרעוועטע, טאָג און נאַכט פול מיט הודענדיקע מאַשינעס און טראַסקענ־דיקע פורלעך, מיט מענטשן, וואָס גייען אַף דער אַרבעט און פון דער אַרבעט, אַפּן מאַרק און פונעם מאַרק, פול מיט פאַרדײַגעטע באָבעס און זאַרגלאָזע אייניקלעך, וואָס וואַקסן אַף די דאָזיקע אָפּגעריבענע שטיינד־לעך, ווי אַף אייוון, איידער מע קוקט זיך אַרום, צעפליִען זיי זיך איבער גאָר דער וועלט און שרײַבן בריוו וועגן מיקרעס און מאַקרעס, וועגן די קאָסמאָסן און „פּאָלופּראָוואָדניקעס”, וועגן די קאַשאַלאָטן און לאַזער־שטראַלן.

וועגן די לאַזער־שטראַלן פרעגט בא בעניע דעם מאַליער, ווײַל זײַן אויסגעגעבענער זון נאָום וווינט הינטער מאָסקווע און אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט צו טאָן מיט די לאַזער־שטראַלן, כאָטש פרעגן וועגן דעם בא בעניען איז אַן אומזיסטע טירכע, ווײַל ער אַליין ווייסט ניט, מיט וואָס מע עסט דאָס. און אַז ער באַגעגנט עמעצן, וועמען ער האַלט פאַר זייער אַ געלערנטן, מוז ער אָפּשטעלן און אַ פרעג טאָן:

— זאָגט מיר, אַבעטעך, וואָס זײַנען דאָס פאַר לאָזערס שטראַלן? מײַן נאָכעמל שרײַבט מיר, אַז מיט איינעם אַזאַ לאָזערס שטראַל קאָן מען דורכ־לעכערן אַ וואַנט און טרעפן אַף דער לעוואָנע. עפּעס פּאַטופּעט זיך עס ניט בא מיר אין קאָפּ.

יעדערער פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז האַלב איז דאָס אַ פראַגע און האַלב באַרימערײַ. טאַקע מערער באַרימערײַ, ווי פראַגע, ווײַל אָט, בעניע דער מאַליער פון בעלץ האָט אַ זון אין מאָסקווע, וואָס אייסעקט זיך מיט לאָ־זערס שטראַלן, ווי ער רופט זיי אָן.

בעניע האָט בלויז איין טײַנע צו גאָט. אויב ער האָט אים געמאַכט פאַר אַ מאַליער, האָט ער אים געמעגט שענקען נאָך עטלעכע סאַנטימעטער, ער זאָל זײַן אַ ביסעלע העכער. ער דאַרף דאָס ניט צוליב שיינקײַט, נאָר צוליב דער מעלאָכע זײַנער. נו, מיטן בײַכל איז ער אַליין שולדיק, מע דאַרף ניט זײַן אַזוי פאַרגלייבט אין דער אכילע. נאָר וואָס זאָל ער טאָן, אַז ער איז פּאַרט אַ בעלצער, אַז ער גייט אַרויס אַף דער גאַס אין זײַנע ברעזענטענע הויזן און ברעזענטענעם רעקל, זעט ער אויס טאַקע גאָר אַ גראָבלעכער. שפּאַנט ער זיך אַזוי פּאַמעלעך איבער דער גאַס, און די פאַרבן אַף זײַן רעקל און אַף די הויזן מינען זיך אַף אים, ווי עפּעס רעכטס. אין ייִדישן געסל פאַרגלײַכט מען אים צו יענע געפלעקטע כײַעס, וואָס מע זעט אין קינאָ אָדער אין טעלעוויזאָר, אָבער נאָך אַלעמען סטאַרען זיך אַלע נויסע־כיין זײַן בא בעניען, ווײַל אַזאַ באַלמעלאָכע דאַרף מען זוכן, ער איז איינער אַזאַ אינעם שטייגער־קאָמבינאַט און צענדליקער מענטשן זײַנען פאַרשריבן צו אים אין ריי, ווי צו גאָר אַ גרויסן פּראָפעסאָר.

און אז ער קומט שוין ענדלעך אַרײַן אין עמעצנס אַ שטוב מיט זײַן לײַ־טערל, ווייסט מען ניט ווו אַוועקצוזעצן אים און וואָס דערלאַנגען אים אַף צו פאַרבײַסן. און ער, בעניע, באַקוקט די ווענט מיט די סטעליעס מיט זײַן שאַרף אויג, באַטראַכט און כּעזשבנט עפּעס אויס אין זיך, טאַקע מײַסע פּראָפעסאָר, דערנאָך טוט ער אַ זאָג מיט רעספּעקט:

— מיר וועלן אײַך מאַכן ווענט, וועלן זיי שײַנען, ווי לאָזערס שטראַלן.

קיילע די פאַרבערן איז אַ טוערן פון אַן אַנדער מין. אַליין פאַרבט זי גאָרניט, נאָר דער נאָמען האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט און האַלט זיך בא איר אַ סאַך יאָרן, ווי די פאַרבן אַליין. ווינטער אַף איר מאַנטל, זומער אַף איר פאַרטעך און אַ קײַלעכיק יאָר אַף אירע פינגער. איר טועכץ באַשטייט אין דעם, וואָס זי האַנדלט אונטער מיט פאַרבן, מיט יענע פאַרבן, וועלכע מע רופט „לינקע". באַלאָנים אַף איבערפאַרבן די טירן מיט די פענצטער זײַנען פאַראַן טויזנטער, ווי זשע קאָן מען עס נאָסטאַרטשען אַזויפיל פאַרבן? און דאָרט, ווו ס'איז אַ ביסל דעפיציט, ווייסט מען שוין... זי, קיילע, איז אַף דעם אַ גרויסע בעריע. אַפן מאַרק דערקענט מען זי אַף אַ ווערסט. גייט זי צו און רוימט אַרײַן אַ סאָד אין אויער:

— איר דאַרפט פאַרב?

— וועלכע האָט איר?

שטעלט קיילע אַרויס אירע פינגער, יעדן פינגער מיט אַן אַנדער פאַרב, און טוט אַ זאָג:

— קלײַבט זיך אויס.

קיילע מאַכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן, זי וואָלט זיך שוין אַפילע געקאָנט באַגיין אָן איר כאַצקעלעס פאַרנאָסעס. נאָר איר כאַצקעלע...

— וואָס הייסט? איך האָב דאָס געקראָגן בעכאַזאָקע פונעם טאַטן!

עמעס, זײַן טאַטע איז געווען שאַמעס אין דער סאָראָקער קלויז, וואָס האָט אין אַ וואָכעדיקן טאָג געהאַט דרײַ מיניאָנים, און ער איז שאַמעס אינעם היגן שולכל, וואָס שלעפּט שאַבעס קוים צונויף אַ מיניען. נאָר ער מאַכט בעסערע געשעפטן. אַמאָל האָט יעדערער אַליין גיזאָגט קאַדעש נאָך וועמען מע האָט געדאַרפט און דער טאַטע האָט געהאַט ניט מערער ווי אַ קעלישעקל בראַנפן בייס אַ יאָרצײַט. הײַנט איז גאָר אַנדערש. ווער האָט עס צײַט גיין זאָגן קאַדעש, פּראַוווען יאָרצײַטן? אַנדערע פּאַסט עפּעס ניט גיין אין שול אַרײַן. דער איז אַ בריגאַדיר, דער אַ מײַסטער, דער גלאַט אַן אָנגעשטעלטער. זאָגט כאַצקעלע פאַר אַלעמען קאַדעש. און אויב עמע־צער פאַרגעסט, ווען ער האָט יאָרצײַט, וועט עס כאַצקעלע שוין ניט פאַר־געסן. און די טאַקסע איז בא אים אַ פּעסטע — אַ פינפערל אַ קאַדעש. איז ניטאָ קיין טאָג, עס זאָל אים ניט אַרײַנפאַלן אַ פינפערל. ס'טרעפן אַזעלכע טעג, וואָס ער האָט עטלעכע יאָרצײַטן מיטאַמאָל און עטלעכע פינפערלעך פאַר איין קאָלעקטיוון קאַדעש.

ביכלאַל לעבט אין יידישן געסל אַ גאַנץ געוויינלעכער אוילעם. ווע־בער און מאַשינבויער, זאָקנמאַכער און טריקאָטאַזשניקעס, מעכאַניקער און שאָפערס, אינזשעניערן און שלאָסערס, לערער און דאָקטוירים. אַ קוק טאָן אַף זיי אין גאַס — איז שווער צו זאָגן, ווער איז אַ וועבער און ווער אַ דאָקטער... סײַדן עפּשער דאָקטער גאָלדבערג. ער שפּאַנט איבער דער גאַס

מיט א פאמעלעכן, א ביסל אלטמאָדישן גאנג, טראָגט א ביסל אן אלטמאָדיש שטעקעלע און בלאָזט פון זיך אויך אלטמאָדיש, מע זאָל וויסן, אז ער איז ניט פון די יונגיטשקע דאָקטוירים. און פונקט אזוי אלטמאָדיש מאכט ער זיך ניט וויסנדיק, ווען מע לייגט אים ארײַן אין קעשענע דאָס פינפערל אָדער דאָס דרײַערל. כאָטש דער כוש־האָרייעך איז בא אים זייער א שטארקער און ער דערפילט גלײַך, וואָס אין קעשענע ליגט. ווײַל א פינפערל קנאקט אנדערש און א דרײַערל ווידער אנדערש.

סײַדן עפשער נאָך דעם אלטן פאָליאק גלאוואצקי, וואָס טראָגט טונקעלע ברילן, מאכמעס ער האָט קאליע אויגן און קאָן ניט לײַדן די זון. ער באַווײַזט זיך יעדן גאנצפרי אף דער גאס מיט זײַנע שארפשטיינער, שטעלט אוועק זײַן ווערקשטעלכל אזוי, אז מע זאָל אים זען פון עטלעכע ליקעלעך מיטאמאָל, הייבט גלײַך אָן דרייען דאָס רעדל אזוי, אז אלע דרײַ שארפשטיינער זאָלן איידער עפעס איז אָנהייבן צו שיפּען, און נעמט אויסזינגען זײַנע עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן אין זיך א סאך קאָמעצן:

— Тоццим нози, тоццим нозницы! [1]

עס באקומט זיך בא אים האלב־רוסיש, האלב־פּויליש, אזוי, אז אלע אוקראַינער, ײדן און מאָלדאוואנער זאָלן אים אויך פארשטיין.

— נו, און שיפרע די קישעפמאכערן?

דאָס זאָגט אונטער די מומע בלוימע אליין. ערשטנס, איז שיפרע איר נאָענטע שכיינע. און צווייטנס?.. עפשער האָט איר נאָך אין אונדזער געסל א מאמע מיט אזא הויכן טיטל „מוטער־העלד”? שיפרע האָט געבוירן און אויסגעכאָוועט צען קינדער!

שיפרע דערקלערט, אז זי איז א סוקעראנער און אין סוקעראן האָבן אלע נישקאָשעדיק געקינדלט. איר מאמע אליין האָט געהאט פערצן קינדער. עמעס, געבליבן איז פון זיי נאָר זעקס. דעמלט האָט מען פאר אזעלכע זאכן קיין אָרדענס ניט געגעבן. נאָר צו די אָרדענס דארף מען האָבן נאָך עפּעס. איז בא שיפרען ניטאָ קיין שווערע און קיין מיִעסע ארבעט, אבי ס'זאָל דערפון עפּעס ארײַנקומען אין שטוב ארײַן. ווײַל אז מע האָט קענאָרע אזא שטוב מיט פיקערס און אזא מאן א שלימאזל ווי איר מאן... טוט זי אלץ, וואָס עס לאָזט זיך: זי שטעלט באנקעס און וואָראָזשעט אף קאָרטן, וואשט פרעמד גרעט און באווײַנט פרעמדע מייסים. און נאָך א מין באוויינען! ווי ענג ס'איז ניט בא איר אין שטוב, נעמט זי ארײַן אף נאכטלעג, ווער נאָר עס קומט פון די דערפער אפן מארק. פאר יעדערן סטײַעט בא איר א גלאָז טיי פון איר גרויסן יערושע־סאמאָוואר. דעם נאָמען „קישעפמאכערן” האָט זי באקומען ניט נאָר פארן וואָראָזשען, נאָר פאר אלע זאכן אינאיינעם. ווײַל וואָרפן קאָרטן קאָן יעדערער זיך אויסלערנען, נאָר אופהאלטן אזא שטוב מיט קינדער איז טאקע אן עמעסער קישעף.

זי האלט שוין באלד בא די פופציק, שיפרע די קישעפמאכערן, און עפשער אפילע זיי אריבערגעשפרונגען, נאָר זי אליין בארימט זיך, אז זי פילט ניט די יאָרן, ווײַל נאָך יעדער קינד פילט זי זיך ײנגער און קרעפטיקער. ניט זי פילט זיי, די יאָרן, ניט מע זעט זיי אָן אף איר. דאָס פּאָנעם

---

[1] מיר שאַרפן מעסערס, שארפן שערן.

איז בא איר לויטער, ווי בורשטין, אָן איין קנייטשעלע. נאָך ייִנגער ווערט זי, ווען זי שפּאַנט פונעם מאַרק מיט איר מענערישן שפּאַן און טראָגט אַ שווערן קאָשעק אין דער האַנט. אַלעמאָל שטעלט זי זיך אָפּ. ניט דערפאַר, וואָס דער קאָשעק איז איר צו שווער, זי מוז פּאָשעט אַלעמאָל אַ נאַש טאָן פון דער סמעטענע, וואָס זי האָט נאָרוואָס געקויפט.

— קוידעמקאָל דאַרף איך זאָרגן וועגן דעם, אַז בא מײַנע קינדער זאָל זײַן אַ געזונטע מאַמע, — אַזוי פאַרענטפערט זי איר קליין אווייִרעלע, דאָס, וואָס זי אַליין האַלט שטאַרק פונעם עסן. — ווײַל אַף מײַן שלימאַזל האָב איך זיך ניט וואָס צו פאַרלאָזן.

אַזוי זײַנען זיי אויסגעוואַקסן בא איר, איינס נאָכן אַנדערן. איינס האָט געניאַנטשעט דאָס צווייטע, און אַלע אײנײנעם האָבן זיי זיך גאַנצענע טעג געשפּילט, געקאַטשעט זיך, געוואַלגערט איבער די שמאָלע ליקעלעך פונעם געסל. שיפרע איז געווען זיכער, אַז צו נאַכט־צו וועלן זיי זיך צונויפקומען אַף דער סידעלע. מע האָט נאָר געדאַרפט זיי איבערציילן און אַרײַנרוקן עפּעס אין מויל אַרײַן יעדערן פאַרן שלאָף. נו, מיטן ציילן איז איר דערנאָך אויך געוואָרן אַ ביסל גרינגער, ווײַל געציילט האָט שוין ניט זי אַליין, נאָר דאָס עלטערע מיידעלע.

ווי זשע קאָן מען עס דורכלאָזן שיפרע די קישעפּמאַכערן?

גייט די מומע בליומע פונעם מאַרק מיט די שווערע קאָשעקעס אין די הענט, מיט אַ סאַך פרישע געשיכטעס אין קאָפּ און קלערט בייסמײַסע, וואָס וועט זי הײַנט אָפּקאָכן געשמאַקס פון דעם, וואָס זי האָט געקראָגן הײַנט, און פון דעם, וואָס איז איר געבליבן פון נעכטן. בא איר זײַנען אַלע ניט קיין שלעכטע עסערס, און יעדערער האָט זיך זײַן מעשוגאַס. איר שוליע, אַז ער קומט פון דער אַרבעט, מוז ער האָבן אַ טעלער באָרשטש. איר זון באָריס וואָלט דרײַ מאָל אין טאָג געגעסן טייגלעך מיט פּאַסאָליעס. און די שנור, זאָל געזונט זײַן...

אַז בליומע דערמאָנט זיך אין דער שנור, גיט זי צו צו אירע אַלע שמייכלען נאָך איין שמייכל, ווײַל אַ שנור האָט איר גאָט צוגעשיקט אַ שטיק גאָלד. זי פאַרלויפט איר אַלע וועגן. נאָר ווען האָט זי צײַט, איר ראָכעלע? אַז זי איז פאַרנומען אַף דער אַרבעט פון גאַנצפרי ביז פאַרנאַכט. הײַנט דער „מעסטקאָם״, ווו זי איז אַ גאַנצער מאַכער און דאַרף אין זינען האָבן אַלע „אימענינעס״, אַלע „פּוטיאָווקעס״ און אַלע „קולטפּאָכאָדן״ אין די טעאַטערס. זי, ראָכעלע, האָט דאַפקע ליב מילכיקס. דאָס אייניקל? זאָל שוין גאָט אָפּהיטן. עס כאַפּט אַלץ, וואָס אַפן טיש. עס קאָן קײַען אַ שטיקל הערינג און צובײַסן מיט לעקעך, עס קאָן הריזען אַ זויערע אוגערקע אײנײנעם מיט אַ שטיקל שאָקאָלאַד.

וואָלט פון דעם אַלעמען געווען ניט אויסצוהאַלטן, איז פאַראַן אָבער דערבײַ איין זאַך. זי האָט דאָס פּאָשעט ליב, די מומע בליומע. זי האָט ליב דעם מאַרק מיט די שווערע קאָשעקעס און פרישע געשיכטעס. זי האָט ליב דאָס באַקן און קאָכן, דאָס קנעטן און פלעכטן, זי האָט ליב דעם בלויען פלאַם פון דעם גאַז־אייוועלע און די היץ, וואָס זעצט פון דער דוכאָווקע.

באַזונדערס, ווען זי נעמט אַלעמאָל אַרויס פון דאָרטן אַ בעקעלע קנישעקלעך, צו דער מאָס צוגעניטעטע און צוגעפּלאַמטע, און איבער דער גאַנצער שטוב צעגייט זיך דער רייעך פון געוּירן טייג, פון צוגעסמאַזשעטן בוימל, פון עפּעס צוגעפּעפּערטס און צוגעקנאָבלטס. און דורך די צעעפנטע פענצטער יאָגט אַרויס אַ זיסלעכע פּאַרע, און יעדערער, וואָס גייט פאַרבײַ, מוז זיך אָפּשטעלן און אַ לעק טאָן.

האָט זי טאַקע קיינמאָל ניט קיין פרײַע מינוט, פּאָרט אפן פאַרטעך, ווי זי זאָגט. הײַנט איז זי בא זיך פעסט. הײַנט האָט זי פאַר אַלעמען איין נײַס:

— אונדז קומט אַ מאַזלטאָוו. אונדזער אווטאָמאַט...

דאָס זאָגט זי העגעך דעם קאָוועל, וואָס קוקט אַרויס אַף איר פון זײַן קוזניע, דאָס זאָגט זי דעם אַלטן לאַריאָנען, וואָס קוקט אַרויס אַף איר פון זײַן סאָד, און דאָס זאָגט זי...

ניין, ניין, שיפרע די קישעפמאַכערן ווייסט גאַנץ גוט, אַז עפּעס אַ נײַס בא בלומען קריגט מען ניט גלאַט אַזוי, זי בײַט שטענדיק אַ נײַס אַף אַ נײַס. שטעלן זיי ביידע אַוועק די קאָשעקעס אַף דער ערד, און שיפרע הייבט זיך אָן באַרימען:

— ווי געפעלט אײַך? מײַן אַרטשיקל האָט זיך טאַקע אַריבערגעפירט אין אַ נײַער דירע אַף דער נײַער גאַס. דער טראָלייבוס שטעלט זיך פּונקט לעבן דער שטוב. איר מיינט, ס׳איז מיר אַזוי גרינג אָנגעקומען? איך האָב געמוזט צופאָרן קיין קיִעוו. בין איך אַרײַן צום מיניסטער, געוויזן מײַנע פּאַפּירן און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש!

שמייכלען זיי ביידע. בלומע שטויסט זיך אָן, אַז מיטן מיניסטער און מיטן קלאַפּ טרײַבט שיפרע אַ ביסל איבער, נאָר אַז זי איז געפאָרן קיין קיִעוו און אַז דאָס האָט טאַקע געהאָלפן, ווייסן אַלע.

— מאַזלטאָוו אײַך, מאַזלטאָוו, — איז בלומע זייער צופרידן, — און אונדז קומט אויך אַ מאַזלטאָוו. דער אווטאָמאַט.

נאָר קיילע די פאַרבערן האָט זי הײַנט אַזוי געפלעט, אַז זי האָט שוין פאַרגעסן אין איר אווטאָמאַט.

— קיילע, דאָס זײַט איר? איך האַלט ניט אויס!

קיילע זאָל אינמיטנדערינען זײַן פאַרפּוצט אין אַ נײַעם פאַרטעך, אַף וועלכן ס׳איז ניטאָ קיין איין פלעק! די שטענדיק צעשויבערטע האָר, פול מיט פעדערן, זײַנען באַלעבאַטיש צוגעקעמט, אין ערגעץ קיין סימען פון פאַרב — ניט אפן פּאָנעם, ניט אַף די הענט. דאָס פּאָנעם איז אויסגעוואַשן און אָפּגעריבן פון אַלע פאַרבן. דאָס ערשטע מאָל פאַר אַזויפיל יאָרן. קיילע פאַרשנורעוועט די ליפּן, פאַרלייגט די הענט אפן הויכן בויך, טוט זיך אַ שטעל אַף די שפּיץ פינגער, זי זאָל אויסזען אַ ביסל העכער, און ענטפערט אָפּ גאַדלעסדיק־אָפּגעפרעמדט, מיט אַ קוק פון אויבן אַראָפּ:

— אינדז פורן מיר!..

דאַרף מען שוין ניט איבערפרעגן, ווער איז דאָס דער „אינדז״ און וווהין איז דאָס „פורן״. באַקוקט בלומע נאָכאַמאָל קיילען, וועלכע איז פאַר איין גאַנצפרי געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס אויסלענדיש, און ווייסט שוין ניט, וואָס צו זאָגן. און קיילע... דערפילט, ווי־אַזוי זי האָט אויסגענומען, קאָן זי שוין אויך אַ באַרים טאָן זיך:

— מײַן כאצקל זאָגט, אַז דאָרטן װעט ער װערן!..

מײלע, װאָס כאצקל קאָן דאָרטן װערן, פאַרשטײט בליומע גאַנץ גוט. שאמאָסים איז דאָרטן דאָ גענוג אָן אים, און קאדעש זאָגט דאָרטן יעדערער פאַר זיך. פונדעסטװעגן פרעגט זי איבער:

— װאָס זשע קלערט ער דאָרטן װערן, אײַער כאצקל?

און קײלע מיט דעם גאַדלעס, װאָס האַלט אין אײן שפּאַרן פון איר:

— אָ, מײַן כאצקל! דאָרטן!..

די שװערע קאָשעקעס בײגן בליומען צו דער ערד. פון די אַלע געשיכטעס שנײַדט שוין אין קאָפּ, נאָר די אויערן זײַנען אָנגעשפּיצט. װי קאָן זי, װי מעג זי עפּעס דורכלאָזן? מע גײט און מע גײט, װער פונעם מאַרק, װער ערשט אַפן מאַרק, װער גלאַט אַזוי. און מע רעדט, מע רעדט...

— נו, װאָס שרײַבט אײַך עפּעס אײַער נעסיע?

— װאָס זאָל זי שרײַבן? איך ליג, שרײַבט זי, אַפן צעמענטענעם פּאָל, און בענק נאָך מײַן געסל, נאָך מײַן קעלער־שטיבל און נאָך מײַנע מאָלדאָװאַנער.

— און מײַנע דאַפקע, די שװעגערן מײַנע, זי שרײַבט דאַפקע גוט. אַזאַ פּריראָדע דאָרטן! און דער יאַם ליגט מאַמעש לעבן דער שטוב, לאָמיך אַזוי לעבן.

— הערט בעסער, װאָס מײַן שװאָגער שרײַבט, װי ער מאַטערט זיך נעבעך. נאַט, לײענט איבער, אױב איר גלײבט ניט.

מע גײט און מע רעדט. מע שטעלט זיך אָפּ אַף אַ װײַלע און מע רעדט װידער.

— נו, זאָג איך אײַך, לױנט צו פאָרן? אָט שרײַבט אונדזער בערל. ס'איז גאָר, שרײַבט ער, קײן כילעק ניט. גײסט אַרײַן אין קלײט, שטײט אין איר אַ טשערנאָװיצער, רעדט צו דיר אַף רוסיש און גאַנװעט אַף דער װאָג אױך ניט ערגער, װי ער האָט געגאַנװעט אין טשערנאָװיץ.

— נו, און איר?

— װאָס איך? איך װײס? מע פאָרט... ס'זאָל נאָר ניט באַנק טאָן.

— נו, יאָ, מע לאָזט איבער ברױט און מע פאָרט זוכן ברעקלעך.

— װער ברעקלעך, װאָס ברעקלעך? טוט אַ קוק, װאָס מײַן סימכעלע שרײַבט, איר זעט? ער האָט מיר צוגעשיקט אַ פאָטאָ פון אַ מאַשין — אַ קאַרטינע. טוט אומיסטן אַ קוק. אַף אַזאַ מאַשין, שרײַבט ער, װעל איך אײַך באַגעגענען.

— נו, און איר, בעניע, איר טראַכט גאָרניט?

בעניע מאַליאַר שטעלט אַרױס זײַן בײַכל, טוט אַ פּיר מיטן ברעזענטענעם אַרבל איבערן ברעזענטענעם רעקל און רופט זיך אָן קלוימערשט פאַרומערט:

— װי קאָן איך טראַכטן װעגן פאָרן, אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט מיט אַזעלכע קינדער? אײנער פאָרעט זיך מיט לאָזערס שטראַלן און דער צװײטער מאַכט ראַקעטעס.

פאַרשטײט מען שױן, װאָס בעניע מײנט. נאָר אַז כאָנע זאָל אַזױנס שרײַבן!

— אוי, ווי מײַן כאנע באווײנט זיך די יאָרן! — דערציילט אירע א שוועסטער. — איר זאָלט לייענען, וואָס זי שרײַבט. ווען מע שפּרייט מיר אויס דעם גאנצן וועג צוריק מיט געבראָכן גלאָז, שרײַבט זי, וואָלט איך אוועק צופוס א באָרוועסע...

— נו, און איר, בליומע, ווי האלט איר?

און בליומע, קוים וואָס זי דעכעט שוין:

— אונדז קומט א מאזלטאָוו, אונדזער אווטאָמאט...

בליומע האָט אפילע ניט באמערקט, אז זי שטייט שוין לעבן דער אייגע־נער שטוב. נו, איצט קאָן זי שוין א ביסל אָפּדעכען. נאָר איידער זי וועט זיך נעמען גרייטן דעם מיטיק, דארף זי זיך ארײַנכאפּן צום מעכוטן, צו דאָוויד בייגלמאַן. מיכל מיט שיינדלען זײַנען פארנומען פון גאנצפרי ביזן אָוונט, און דאָוויד... ס'איז פאר אים עפּעס אן איניען גיין אפן מארק? מיי־לע, ברויט און דאָס ביסל מילכיקס קאָן ער קריגן אין קלייט. אָבער גיין אפן מארק נאָך רעטעכלעך, ציבעלעס און פעטרישקע? עס פּאסט גאָר ניט פאר אזא מענטשן, ווי איר מעכוטן. און וואָס פארשטייט ער אין אן אָף? א גאנדז און א גאָנער איז פאר אים אלציינס.

נאָר איידער זי גייט צום מעכוטן, דארף זי זיך צוקעמען א ביסל, איי־בערבינדן דאָס טיכל, עס זאָל אזוי ניט פארקריכן איבערן לינקן אויער. פארפּוצן זיך אין איר נײַעם פארטעך. אז זי וויל, קאָן זי צופאָרן מיטן טראָליי־בוס, און אז זי וויל, קאָן זי גאָר זיך דורכשפּאצירן צופוס. זי האָט איצט אין דער האנט בלויז א קליין קאָשעקל, גרינג, ווי א פעדער.

און נאָך איין זאך דארף זי אָפּטאָן: איבערקלײַבן דאָס ביסל נײַס און אוועקלייגן פון אויבן דאָס, וואָס עס קומט דעם מעכוטן. דער אווטאָמאט איז פאר אים קיין נײַס ניט, די מײַסע מיטן הערינג גייט אים געוויס ניט אָן. און וואָס ליגט עפּעס אונטערן הערינג? ניין, דאָס איז אויך ניט פאר אים. אָט, דאָס, וואָס ליגט לעבן מילכיקן...

דאָוויד האלט פון דער מעכוטענעסטע א וועלט. פון אירע שיינע גע־שיכטעס און געשמאקע קנישעקלעך. באזונדערס פון אירע שאבעסדיקע פלעצעלעך, וואָס זײַנען ענלעך אף יענע, וועלכע זײַן מאמע האָט אמאָל גע־באקן, פּאָשעטע, ווייכע פלעצעלעך, געבאקן אף בוימל, באשיט מיט א ביי־סעלע צוקער און דורכגעשטאָכן א פּאָר מאָל מיטן גאָפּל, זיי זאָלן זיך ניט אופּבלאָזן.

ער ווייסט שוין, ווען זי דארף זיך א יאווע טאָן. איז זי ניט געוועזן נעכטן, וועט זי הײַנט גאנצפרי אומבאדינגט זײַן. הײַנט איז דאָך א מארק־טאָג. וואַרט ער אף איר און האלט אפן גאז־אייוועלע דעם טשײַניק מיט אָקרעפּ. זי וועט דאָך געוויס קומען מיט עטלעכע פלעצעלעך, וועלן זיי טרינקען טיי, און די מעכוטענעסטע וועט שוין אויסבײַטן בא אים דאָס ביסל נײַס, וואָס זי האָט צונויפגעקליבן אפן מארק.

ווי שטענדיק, איז זי ארײַנגעקומען א פארסאָפּעטע. פון יענע צוויי שווערע קאָשעקעס בראָטן איר נאָך איצט די הענט. און כאָטש זי וואָלט אוואדע געדארפט אָפּדעכען א ביסל, נאָר ווי זאָגט מען עס אָפּ דעם גוט־מאָרגן און מע בלײַבט שווײַגן?

— הערט איר, מעכוטן, — זי רעדט ארויס די ערשטע ווערטער און מוז שוין כאַפּן א ביסעלע לופט. — א קלוגע זאַך די פּיראָדע. זי האָט אריינגעלייגט דעם וויטאַמין אין די סאַמע טײַערסטע מאַראַנצן און אין די סאַמע וואָלוולסטע רעטעכלעך. ביסטו א גוויר, ביסטו ניט קראַנק צו קויפן מאַראַנצן, ביסטו א קאַפּצן — נא דיר רעטעכלעך. אוי, האָב איך געקויפט פאר אײַך רעטעכלעך! טוט אומיסטן א קוק.

ערשט איצט קאָן זי זיך צוזעצן אין קיך אפן בענקל, אָפּעטעמען, וויפל דאָס האַרץ גלוסט, און האַלטן דעם שמייכל אפן פּאָנעם, ביז דאָוויד וועט איר אָפּענטפערן:

— וואָס זשע, מעכוטענעסטע, איר האַלט אונדז פאר קאַפּצאָנים?

— א מאָשל. איך זאָג דאָס אנטקעגן דעם, מע דאַרף דאָך האָבן מעשוגענע געלט אף צאָלן די ספּעקוליאַנטן אזעלכע געלט פאר א קילאָ מאַראַנצן. אָט, דער שוואָגער אײַערער, בא אים, זאָגט מען, איז דאָ א ביסל איבעריקס. זאָל ער צאָלן. זאָגט אליין, אין אפּרעל אזעלכע רעטעכלעך איז ניט קיין כאַריפּעס?

און ווען איינעם מיט די רעטעכלעך און מיטן שטיקל לעבער האָט זי ארויסגענומען פונעם קאָשעקל יענע שאַבעסדיקע פּלעצעלעך, האָט דאָוויד גענומען רײַבן די הענט פאר פאַרגעניגן:

— וועט איר עפּשער טרינקען א גלעזל טיי? גיס איך גלײַך אָן...

— וואָס זשע, איך בין געקומען צו אײַך, איר זאָלט מיך אוגאָשטשײַען? איך בין נאָך, דאַנקען גאָטן!..

זי וויל זאָגן, אז זי איז נאָך, דאַנקען גאָט, אף די פיס, קאָן אליין באַלעבאַטעווען אין קיך. זי הייבט אָן פאָרען זיך, ווי בא זיך אין דער היים. זי ווייסט, ווו אלץ שטייט — די גלעזער, דער צוקער, די לעפעלעך און דאָס קליינע טשײַניקל. אין א מינוט ארום איז שוין די טיי אפן טיש, און בליומע זופּט די טיי מיט העכסטן פאַרגעניגן, זופּט די טיי און בײַסט זיך אײַן מיט אלע ציינער אין א פּלעצעלע, ווײַל פאר אָט דעם לאַנגן און ראַשיקן פרימאָרגן האָט זי נאָך אין מויל ניט געהאַט.

זי טרינקט מיט פאַרגעניגן די הייסע טיי און קלײַבט ווידער איבער דאָס ביסל נײַס. ס'איז איר דאַפקע געקומען אפן זינען אזוינס ווי אזעלעכס, נאָר זי האָט באַמערקט, אז דער מעכוטן זיצט באַם טיש, ווי ניט קיין היגער, אז ער האָט הײַנט עפּעס צו פרי זיך פאַרפּוצט. איז זי געוואָרן א ביסל אומרויִק:

— עפּעס זײַנט איר הײַנט... איר קלײַבט זיך אין פּאָליקליניק?

— וואָס פלוצעם אין פּאָליקליניק?

— וואָס זשע זעט איר הײַנט אויס, ווי ניט קיין אויסגעשלאָפענער?

גיי דערצייל דער מעכוטענעסטע, פאַרוואָס איז ער הײַנטיקע נאַכט ניט געשלאָפן.

— כ'ווע. מײַן מיכל... נעכטן זיך א ביסל צעבוצקעט מיטן דירעקטאָר.

— מיט קיריל פּעטראָוויטשן?

זי רוקט אָפּ די גלאָז טיי, זי זאָל קאָנען פרײַ א פיר טאָן מיט די הענט.

— אוי, איך נעם זיך דאָס לעבן! איבער וואָס?

— איבערן אווטאָמאַט.

— איבערן אווטאָמאַט? ווי איז מיר! וואָס זשע דאַרף מען זיך קריגן? אזא יאָמטעוו! איר זאָלט געווען נעכטן א קוק טאָן אף מײַן שוליען.

— מיילע, דאָס איז זייער איניען. אליין זיך צעבוצקעט, וועלן זיי אליין זיך איבערבעטן.

ארויסגעזאָגט דאָס ניט פאַר דער מעכוטענעסטע, נאָר פאַר זיך אליין. א גאַנצע נאַכט האָט ער ניט געקאָנט באַשטימען, וואָס פריִער טאָן, צי אוועק אפן זאַוואָד און אַרײַנמישן זיך אינעם איניען, צי נעמען זיך פאַר דעם, וואָס זייער ציפּעלע האָט נעכטן אַרײַנגעבראַקט. האָט ער ערשט איצט בא זיך באַשטימט: דעם סיכסעך מיטן אווטאָמאַט וועלן זיי לייזן אָן אים. ער, דאָווידֿ, מוז אויסקלאָרן אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו זייער ציפּעלען.

נאָר דערציילן דער מעכוטענעסטע וועגן ציפּעלען וויל ער ניט. דער שנור האָט ער אויך אָנגעזאָגט וועגן דעם. ער האַלט טאַקע זייער פון זײַן מעכוטענעסטע, פון איר בעריעשאַפט, פון אירע קנישעקלעך און פלעצעלעך און פון אירע לעצטע נײַס. נאָר ניט אלע נײַס דאַרף מען צעפּויקן איבער דער שטאָט. און דאָך... דערוויסן זיך עפּעס וועגן אָט דעם טאָליקן וואָלט ניט געשטערט. וועגן טאָליקן און וועגן זײַנע עלטערן. גאַנץ מעגלעך, אז די מעכוטענעסטע ווייסט אויך וועגן דעם איניען א סאַך מערער פון אים.

— ווער איז אָט דער טאָליק?

— טאָליק? — פרעגט זי איבער. — איר מיינט מיסטאַמע דעם, מיט וועמען אונדזער ציפּעלע גייט ארום? וואָס זאָל איך אײַך זאָגן. אזא יאָר אף מיר. שטיל און בעניִמעסדיק. און די גאַנצע מאַטעמאַטיק קען ער אף אויסווייניק. נאָר די עלטערן זײַנע, האַלעמײַ זאָל איך ליגן זאָגן, די עלטערן געפעלן מיר דאַפקע ניט.

— פאַרוואָס?

— הייבט זיך אָן א מײַסע, פאַרוואָס... געווען בא אונדז אין שטעטל איינער א ייִד. שמועל דורקע האָט מען אים גערופן. נאָר וואָס דאַרף איך אײַך לאַנג ברײַען? ער איז אײַער שוואָגערס א גוטערברודער. טאַקע פון דעם מין.

ניט דערזופּט די גלאָז טיי ביזן סאָף, טוט זי זיך א ריס פונעם בענקל און טוט א כאַפּ דעם קאָשעק:

— אוי, ווי איז מיר! איך האָב דאָס פלייש איבערגעלאָזט אפן פּידאַשעקל. א קאַץ קאָן כאָלילע זיך צוכאַפּן. אז עס קומט גאָר ניט קיין מיסעמעשונע אף זיי. א פולע גאַס מיט קעץ!

5

ס׳איז נאָך געווען פרי. די פרילינגדיקע זון, וואָס האָט אליין אָקאָרשט זיך אויסגעבאָדן אין טײַך און קוים דערקליבן זיך צו דער פאָרשטאָט, איז געווען האַלב־שטאָטיש, האַלב־דאָרפיש און געוואַרעמט גאַנץ מעסיק, נאָר

דאָווידן האָט זיך געדוכט, אַז די זון טשמעליעט הײַנט אומראכמאָנעסדיק. אלעמאָל איז אים באַפאַלן א שווערער שווייס און ער האָט געמוזט א פיר טאָן מיטן טיכל איבערן פּאָנעם. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אומגעוויינ־לעך האַסטיק, ווי פאַרכלינעט זיך, אלעמאָל ווייטעקלעך א שטויס געטאָן, ווי געגעבן אָנצוהערן, ער זאָל ניט פאַרגעסן, מיט וועמען ער האָט צו טאָן.

די גאַס, מיט וועלכער דאָוויד איז געגאַנגען צו זײַן שוואָגער, איז א גלײַכע, אָן קיין באַרג־אַראָפּן. פאַרשטייט ער טאַקע ניט, דאָוויד, וואָס האָט זיך עס אַזוי צעליאַרעמט דאָס האַרץ, וואָס קלאַפּט עס אַזוי און פאַרוואָס ווערט די לאַסט פון די יאָרן וואָס אַמאָל שווערער? עפּשער איז דאָס דער־פאַר, וואָס די אַלע יאָרן האָבן זיי, ער און לייזער, זיך באַוועגט אין פאַר־שיידענע ריכטונגען, אַזוי, אַז אים, דאָווידן, האָט זיך געדוכט, אַז זיי לעבן אין גאָר באַזונדערע וועלטן. איצט פּרוווט ער דורכמאַכן אָט די פּיליאָריקע שטרעקע פאַר איין האַלבער שאָ. נו יאָ, ווי קאָן טאַקע א מענטשלעך האַרץ אויסהאַלטן אַזעלכס?

און דער וועג אַליין... יעדער שפּאַן — א שטיק אייגן לעבן. אָט שווימט אַרויס בערל שויכעטס גאַנעקל מיט די סוקעסדיקע פּליגל, דעם רעבנס „שויר שענאָגאַך" און דער רעבעצנס אָנגעקנאָבלטער „כאַלאָדיעץ"... אָט שטייט פאַר אים ביניאָמין אָקס מיט זײַן ברומענדיקער געמבע, און אָט פאַרדעכעט ער זיך פון די שטיקנדיקע רייכעס פון די שאָפּענע פּעלעכלעך. און די גאַנצע צײַט — מאַלקעס אויגן, וואָס זײַנען אים נאָכגעגאַנגען אין אַלע זײַנע וועגן און גייען אים נאָך אויך איצט. נאָר וואָס ווײַטער, אַלץ אָפּטער דערזעט ער פאַר זיך לייזערן, און עס ווערט אים שווער צו גיין...

עפּעס ענלעכס האָט ער געפילט ניט איין מאָל, ווען זײַן סאָפּיאָרן־גרופּע מיט קיריל פּעטראָוויטשן בעראָש זײַנען געקראָכן אויף אַלע פיר צווישן די אייגענע און דײַטשישע מינעס, ווען מע האָט געדאַרפט פאַרמי־נירן א שטיק פלאַץ פון יענער זײַט אייגענע דראָט־פאַרצוימונגען אָדער, פאַרקערט, אָפּרייניקן א דורכגאַנג אויפן מינענפעלד אונטער דעם סוינעס פאַרצוימונגען. נאָר דאָן איז געווען א ביסל אַנדערש. ערשטנס, איז ער דעמאָלט געווען ניט אַליין, און, צווייטנס, זײַנען זיי אַלע געווען יונג, און קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז א האַרץ קאָן אַמאָל אַזוי, פון זיך אַליין, זיך אָפּשטעלן. נאָר דאָס האַרץ מעג זיך קלאַפּן, וויפל עס וויל, ס'איז אָן סאַקאָנעס. איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש. די גאַנצע סאַקאָנע איז אינעם האַרצן אַליין.

דערמאָנט זיך אין די סאָפּיאָרישע איניאָנים, אין קיריל פּעטראָוויטשן, האָט דאָוויד א טראַכט געטאָן, אַז ער וואָלט גאָר הײַנט געדאַרפט צופאָרן אויפן זאַוואָד, זיך דערוויסן, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען: צי ס'איז טאַקע אַזוי, ווי מיכל האָט דערציילט, צי א ביסל אַנדערש. און עפּשער געפינען א מיטל אויף אויסגלײַכן די כלוקעדייעס. קיריל פּעטראָוויטש האָט דאָך ניט איין מאָל געזאָגט אויף אים, אָפּטמאָל אפילו מיט א שטיקעלע אייפער, אַז ער, דאָוויד, איז אַן אויסגעפּרוווטער רוידעפּשאָלעמניק. איז עפּשער זאָל ער הײַנט אויספּרוּוון דאָס אויף פּעטראָוויטשן אַליין?

די בענקעניש נאָכן זאַוואָד האָט מיטאַמאָל זיך צעשפּילט אין אים, און ער איז שוין גרייט געווען פאַרקערעווען אַהין.

בויען בריקן איז א סאך פריילעכער, ווי אופרײַסן זיי. און ווען מע האָט קיריל פעטראָוויטשן צום סאָף פון דער מילכאָמע באשטימט אלס קאָמאנדיר פונעם ווזוואָד פון בריקן־בויונג, האָט יענער געשטעלט א טנײַ, אז אים, דאָווידן, זאָל מען באשטימען פאר א פּאָליטרוק. טאקע די בריקן האָבן אים געבראכט אין די אייגענע מעקוימעס, וווּ זיי זײַנען געוואָרן אויס בריקנבויער. קיריל פעטראָוויטש לאזארענקאָן האָט מען באשטימט אלס דירעקטאָר פון זאוואָד און דאָווידן אלס פּארטאָרג.

קיין זאוואָד איז אייגנטלעך ניט געווען. און דאָס אלץ, וואָס איז אופגעקומען דערנאָך, וואָס איז דאָ איצט און וואָס האלט אין איין וואקסן און צעוואקסן זיך, האָט ערשט געדארפט ווערן.

געוויס איז אלץ געווען ניט אזוי, ווי ער האָט זיך אויסגעמאָלט. טעג און וואָכן זײַנען זיך געגאנגען מיט זייער סיידער. נאָר פאר אים, פאר דאָווידן, האָבן די טעג מיט די נעכט זיך געמאָלט, ווי איין גרויסער בארג, וואָס האלט אין וואקסן און וואָס מער דו דראפּעסט זיך אף אים, אלץ העכער און שפּיציקער ווערט ער. די ערשטע פופציק מענטשן, מיט וועמען זיי האָבן געדארפט אָפּרייניקן דעם פלאץ פון פארשיידענעם ברוך, האָבן געדארפט אָפּטאָן ארבעט פאר הונדערט. די הונדערט מענטשן, וואָס האָבן געלאָזט אין גאנג די ערשטע ווערקשטעלן, האָבן געדארפט אָפּטאָן ארבעט פאר צוויי הונדערט. און דערנאָך, ווען ס'איז שוין געוואָרן טויזנט און מע האָט געדארפט געבן פּראָדוקציע, אויספילן דעם פלאן און בויען נײַע צעכן, איז ארבעט געווען ווער ווייסט פאר וויפל. און אלעמאָל האָט זיך דאָווידן געדוכט, אז גראָד זײַן פלייצע איז דאָס, וואָס עס פעלט, אז די פופציק זאָלן געקייפלט ווערן אף צוויי און די הונדערט אף צען.

איצט דוכט זיך אים, אז אלץ האָט געקאָנט און געדארפט געטאָן ווערן אנדערש. ס'איז געוואָרן א זאוואָד!.. און ס'איז געוואָרן א דירעקטאָר!.. און ער אליין איז, ווי אים דוכט זיך, אויך געוואָרן אן עמעסער פּארטיי־טוער. און פאר דער גאנצער צײַט איז אים צוגעקומען איין אָרדען, א צענדליק אויסריידן און א סאך, זייער א סאך גראָווע האָר אפן קאָפּ. מיילע, די האָר זײַנען שוין אלע גראָוו. הײַנט וואָס איז דער כילעק, וועלכע זײַנען געוואָרן גראָוו אין די יאָרן פון אונטערערד, וועלכע אף דער מילכאָמע און וועלכע ערשט דאָ, אפן זאוואָד? און נאָך אלעמען קאָן ער זאָגן, אז בויען דאָס נײַע איז אף קיין האָר ניט גרינגער, ווי קעמפן קעגן אלטן. אָפּטמאָל אפילע שווערער. נאָר סײַווי וואָלט ער געווען דער גליקלעכסטער אין דער וועלט, ווען זײַן מאלקע זאָל געזונט זײַן. אלע יאָרן נאָך דער מילכאָמע האָט זי ניט אופגעהערט קרענקען, זעלטן ווען אראָפּגעגאנגען פונעם בעט. אף איר בלייך־אָפּגעצויגן פּאָנעם, וואָס האָט זיך ווי געלויכטן, איז אקשאָנעסדיק געלעגן א שטומער, טיף אײַנגעוואָרצלטער ווייטעק. און ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו היילן, מיט וואָס צו טרייסטן, מיט וואָס כאָטש ווי־ניט־איז א ביסל לינדערן, ווייכער מאכן איר געמיט. פון אלע זײַנע דײַגעס איז דאָס געווען פאר אים די סאמע שווערסטע. פארוואָס האָט זיך באדארפט באקומען אזוי, אז גראָד צום אָנהייב פון דער מילכאָמע איז ער געווען ווײַט פון דער היים און ניט געקאָנט ארויספירן זי מיטן קינד? דאָס, וואָס איר איז אויסגעקומען אויסשטיין אין געטאָ און אין לאגער, איז דאָך ניט

צו פאַרגלײַכן מיט קיינע אויסקומענישן! און ער האָט ניט געקאָנט דער־שטיקן אין זיך דעם אומקלאָרן געפיל פון שולד. כאָטש, וואָסי שײַעך שולד?

און ווען מאַלקע איז געשטאָרבן, האָט עפּעס זיך אין אים אַליין אָפּגע־ריסן, אָפּגעבראָכן און צעדרויבלט זיך דאָרטן ערגעץ אינווייניק אויף פּיץ־פּיצעלעך און טאָג נאָך טאָג אים געוואַלגערט פון די פיס.

נאָכן אינפאַרקט האָבן די דאָקטוירים אים געוואָרנט, אז אויב ער וויל נאָך א ביסל לעבן, זאָל ער זיך אָפּגעזעגענען מיטן זאַוואָד.

אויב ער וויל לעבן... אוודאי וויל ער לעבן! נאָר ווי לעבט מען עס אָן אַרבעט, אָנעם זאַוואָד? עס גייט דאָך ניט אין דער פּערסאָנעלער פּענסיע, אין די אומזיסטיקע פּוטיאָווקעס אויף פאַרשיידענע קוראָרטן! ווי קאָן עס אזא מענטש, ווי ער, באַנוגענען זיך מיט דעם, וואָס ער טרעט אַרויס פאַר די פּיאָנערן מיט זײַנע דערינערונגען? ער קאָן ניט לעבן מיט הוילע דערי־נערונגען!

און אָט איז לייזערס הויז. דאָוויד איז דאָ דורכגעגאַנגען פאַרבײַ ווער ווייסט וויפל מאָל. לייזער האָט זיך צוגעקליבן א דירע מיט אַלע מײַלעס: די פאָדערשטע פענצטער קוקן אַרויס אויפן ראַשיקן צענטראַלן פּראָספּעקט, און די זײַטיקע קוקן שוין מיט אַלע טאַפּליעלעך אויפן ייִדישן געסל. סאַמע דאָס שווערסטע איז געווען פאַר דאָווידן זיך אופהייבן אויפן דריטן שטאָק און א קלונג טאָן אין גלעקל, גלײַך דאָ וואָלט געווינט ניט לייזער, נאָר ביניאָמין אָקס אַליין מיט זײַן געפּאָלדעוועטן האַלדז־און־נאַקן און ברומענ־דיקער געמבע. דערצו האָט מען געדאַרפט גוט אָפּטעמען נאָכן שווערן וועג, קעדיי אַרײַנקומען ניט אזא פאַרשוויצטער, ניט אזא פאַרסאָפּעטער און קיינער זאָל ניט באַמערקן אויף זײַן פּאָנעם דאָס, וואָס ער האָט איבער־געלעבט און איבערגעטראַכט, דראַפּענדיק זיך אויף אַזויפיל שטיינערנע באַרג־אַרופן מיטן גאַנצן באַרג מיט יאָרן אויף די פּלייצעס.

שטייען זיי ביידע איינער קעגן אַנדערן, לייזער פון איין זײַט צעעפענ־טער טיר, דאָוויד פון דער צווייטער זײַט, ביידע ווי צוגעזאָטן צו דער ערד, ביידע ווי געפּלעפּט. פאַר ביידן איז אומגעווייגלעך שטיין אזוי נאָענט איינער קעגן אַנדערן. און ביידן האָט זיך געדוכט, אז פונעם שטיקעלע פּלאַץ, אויף וועלכן זיי שטייען, האָט מען מיטאַמאָל אויסגעפּאָמפּעט די לופט און ביידע וועלן זיי זיך באַלד פאַרדערכעקן. לייזער האָט טאַקע געמאַכט א טראַט צוריק, ווײַל אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז אָט פאַלט ער אום און ער מוז זיך פאַר עפּעס אָנעמען. דערנאָך ערשט, געכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער געקאָנט אַרויסרעדן:

— נו, קומט אַרײַן, וויי... וויי...

דער „וויי־וויי" האָט געדאַרפט הייסן: וויפל יאָרן זײַנען עס אוועק.

דאָוויד האָט גוט פאַרשטאַנען דעם „וויי־וויי". א סאַך מערער, ווי לייי־זער האָט דאָס געקאָנט פאַרשטעלן זיך. נאָר אָפּגעענטפערט האָט ער אזוי, ווי מע זאָגט געוויינלעך אין אזא פאַל:

— יאָ, א באַרג מיט יאָרן.

געמיינט האָט ער גראָד דעם שווערן באַרג מיט יאָרן, וואָס ער האָט גע־טאַסקעט די גאַנצע צײַט, ווען ער איז געגאַנגען אַהער, דעם באַרג, וועלכן ער קאָן ניט אַראָפּוואַרפן פון די פּלייצעס אויף דאָ, בא לייזערן אין שטוב.

דערנאָך זײַנען זיי ביידע אנשוויגן געוואָרן. אף זייער לאנג. א פליג צי גאָר עפּעס א בין האָט כוצפּעדיק זיך צעזשומעט איבערן צימער, דער פּארקעט האָט דראָענדיק זיך צעסקריפּעט אונטער די פיס. אין קאָרי־דאָר האָט פּלוצעם זיך צעהודעט דער כאָלאָדילניק. ס׳איז שוין לאנג דורך די צײַט, ווען דער באלעבאָס מוז אײַנלאדן דעם גאסט זעצן זיך, נאָר ליי־זער האָט ניט געקאָנט ארויסרעדן קיין וואָרט. האָט שוין דאָוויד אליין גע־מוזט דאָס טאָן. איז אויסגעקומען, אז דאָס לאדט ער אײַן דעם באלעבאָס צוזעצן זיך. זײַנען זיי געזעסן און שווײַגנדיק געקוקט איינער אפן אנדערן, גלײַך דאָס סאמע וויכטיקסטע איז איצט געווען פעסטשטעלן, ווי זעט מען אויס, ווי האָט מען זיך געענדערט פאר דער לאנגער, זייער לאנגער צײַט, פאר אָט די לאנגע און שווערלעכע יאָרן.

אויב ניט רעכענען מאלקעס לעוויִע, ווען לייזער איז געווען בא זיי אין שטוב, האָט ער אים, אייגנטלעך, ניט געזען זינט יענעם פארנאכט, ווען זיי האָבן געמאָלדן זייער שטרײַק. נאָר דאן, בײַס מאלקעס לעוויִע, האָט דאָוויד ביכלאל קיינעם פאר זיך ניט געזען, כוץ זײַן מאלקעלען, וועלכע איז געלעגן ווי א לעבעדיקע מיט עפּעס א פארגליווערטער שטוינונג אפן בלייכן פּאָנעם, גלײַך זי אליין האָט ניט געקאָנט פארשטיין, וויאַזוי איז דאָס פּלוצעם געשען. קומט טאקע אויס, אז ער זעט איצט לייזערן צום ערשטן מאָל נאָכן אָנהייב פונעם שטרײַק פון די פעלצנמאכער. א קײַמעלאָן פון אריבער פערציק יאָר. טאקע — ווײ, ווײ, א גאנץ לעבן! האָט ער אים טאקע געמוזט באקוקן פון קאָפּ ביז די פיס. באמערקט יעדער טנועלע — דעם שווערן שפּאן, דאָס כריפּעדיקע סאָפּען, דעם געפּאלדעוועטן האלדז־און־נאקן, דעם פארקײַלעכיקטן בויך — ביניאָמין אָקס מיט די ביינער! און ווען לייזער זאָל אפילע דאָס וועלן אויסבאהאלטן, האָט פון אים ארויס־געשפּארט דאָס גראָבויונגערישע באלעבעסלדיקײַט און די גאבאַיִשע גאד־לעס. קאָן ער איצט גאנץ קלאָר זיך פאָרשטעלן, ווי לייזער גיט א גיי ארוף אפן באלעמער, גיט א קלאַפּ מיטן סידער אין טיש און טוט א ברום ארויס מיט זײַן אָקסישער שטים צו זײַן, צו דאָווידס, טאטן, וואָס זיצט בא דער סאמע טיר, אז דער טאטע זאָל שוין ארויס פון דער שול. ווײַל, אז מע האָט א זון א קאטאָרזשניק!..

לייזער האָט אויך געיאַרשנט פון זײַן טאטן דאָס שמעלצן זיך פון טײַנעג, יענעם לאשטשענדיקן קוק אפן אייגענעם בויך. א בויך, וואָס בעט זיך מאמעש, מע זאָל אים א גלעט טאָן. איין זאך האָט געפעלט לייזערן — דעם טאטנס בערדל, יענץ שיטערע בערדל אף לײַטיש געלעכטער, פון וועלכן ער האָט געהאט ניט ווייניק אגמעסנעפעש, ווײַל דאָס האָט ווי גע־מינערט זײַן ווערט, זײַן יִיכעס, זײַן האדראס־פּאָנעם, דאָס, וואָס עס קומט אים, א באלעבאָס, א טאקיף און דעם גאבע פון דער קאָסאָווער קלויז. נאָר מיסטאמע האָט לייזער זיך באטראכט: איידער אזא בערדל, ווי באם טאטן, איז שוין גלײַכער אָן דעם, כאָטש פאר א גאבע פון היגן שולכל וואָלט דאָס געווען ניט איבעריק.

זײַנען זיי געזעסן און געשוויגן. ווײַל אויך דאָ אין שטוב איז די וואנט ניט פארשווונדן און דער אָפּגרונט איז געבליבן אזוי מוירעדיק טיף, אז ס׳איז געפערלעך געווען א קוק טאָן אין אים.

אים, לייזערן, איז דאָס אויך אָנגעקומען ניט גרינג. ער האָט אויך געדאַרפֿט דורכמאַכן אַ שווער שטיקל וועג און ווי־ניט־איז איַינשטילן די סינע, וואָס קאָיעט אין אים אַלע יאָרן, זינט מאַלקע האָט פֿאַרלאָזט זייער שטוב. דערצו איז צו דער סינע צוגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס אים אַליין איז שווער צו פֿאַרשטיין. ווי רופֿט מען אָן אַ סינע, ווען דער צאָרן ווערט אינמיטנדערינען צעקאַלויצעט און איבערגעמישט מיט טליִענדיקער קינע, וואָס גיט אַלעמאָל אַ פֿלאַם אויף, אַ ברי אונטערן האַרצן, אַ זעץ אין קאָפּ מיט אַ מוירעדיקער היץ און זעצט זיך דערנאָך אָפּ, ווי מיט קליינע שרויטעלעך, אין אַלע אייוורים. טאַקע ווידער איבער מאַלקען. וויַיל נאָך אַלעמען האָט דאָס לעבן באַשענקט אָט דעם קאַטאָרזשניק מיט דעם, וואָס מע רופֿט אָן ליבע. ער, לייזער, ווייסט אַפֿילע ניט, ווי דאָס זעט אויס און וואָס פֿאַר אַ טאַם עס האָט. דאָס, וואָס מע האָט אים אויסגעשאַדכנט, האָט מיט ליבע אַפֿילע ניט געשמעקט. ס׳איז געווען אַ רײַכער נאָדן, אַ ראַשיקע כאַסענע, בלענדנדיק צירונג און פֿאַרפֿומען פֿון אַלע רייכעס, נאָר דאָס, וואָס מע רופֿט אָן ליבע, איז ניט געווען.

ער פֿאַרשטייט ביז היַינט ניט, פֿאַרוואָס איז, נאָך דעם ווי מאַלקע איז אוועק, געוואָרן אַזאַ איַילעניש, אַזאַ יאָגעניש מיטן שידעך. דער טאַטע האָט, אַפּאָנעם, געוואָלט פֿאַרגלעטן דעם ביזאָיען, וואָס ער האָט געליטן איבער דער טאָכטער, און ניט געזשאַלעוועט קיין געלט אַף שאַדכאָנים. ער האָט אַפֿילע ניט געשטעלט קיין טנאַי וועגן נאָדן, אַבי יִכעס. אָבער טאַקע גאָר גרויסן יִכעס. און ווען ס׳האָט זיך געטראָפֿן אַ שידעך מיט יִכעס און מיט נאָדן איניינעם, האָט מען גלײַך געבראָכן טעלער און אין אַ וואָך אַרום געשטעלט אַ כופּע. גלײַך נאָך דער כופּע איז ער אוועקגעפֿאָרן מיטן טאַטן אַף עפּעס אַ יאָר־יאַריד אַף גאַנצע צוויי וואָכן. יאָ, אַפּאָנעם, איבער דעם יאַריד איז געווען אַזאַ איַילעניש מיט דער כאַסענע. און ווען ער האָט זיך קוים דערוואַרט דעם סאָף פֿונעם יאַריד און אוועקגעיאָגט אַהיים, אָן אויסגעבענקטער, ווי אים האָט זיך געדוכט, נאָך זײַן דאָבריש, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דאָברישעס קאַלטער בליק, אַ האַלב־באַרויגעזלעכער און אַ האַלב־גאַדלעסדיקער, איז געבליבן הענגען צווישן זיי אַף אַלע יאָרן. אַ מעכיצע אַף ניט אַריבערצושפּאַנען. דאָבריש האָט אים ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס ער, אָט דער גראָבער יונג, וואָס האָט קיינמאָל קיין ביכל אין דער האַנט ניט געהאַלטן, קיין עמעסן טעאַטער ניט געזען און ווייסט אַפֿילע ניט, וואָס הייסט עמעסע, איידעלע ליבע, איז געוואָרן איר מאַן. דעריבער איז אים אויך געוואָרן אַלץ ביז גאָר וואָכעדיק און פּיסנע. אַפֿילע די יאָמטויווים אַליין מיט זייערע רײַכע סודעס, אַפֿילע די פּעטע וועטשערע נאָכן שווערן יאָמקיפּערדיקן טאָנעס האָט אים אויסגעזען עפּעס ביטערלעך, ווען ער האָט געזען פֿאַר זיך די זויערע מינע פֿון זײַן דאָבריש. כאָטש פֿונעם עסן אַליין האָט ער שטענדיק געהאַלטן. ער איז ניט געווען פֿון יענע זוילעל־וועסויוועניקעס, נאָר דעם פּרעס האָט ער ליב געהאַט. האָט אים דאָס אויך געפּאַטערט זײַן קאַרגע דאָבריש.

די אַכילע האָט ער ליב ביז היַינט. ער לאַכט זיך אויס פֿון די דאָקטוירים מיט זייערע דיִעטעס, מיט זייערע אייצעס. ער האַלט, אַז אַ הינערשע יויך קאָן קיינמאָל ניט שאַטן. עמעס, זײַן דאָבריש איז טאַקע עפּעס צו

גראָב און סאָפּעט ווי א גאנדז, נאָר זי איז מיסטאמע פון אן אנדער זאקוואסקע.

וואָלט ער שוין געמיינט, אז אזוי דארף דאָס זײַן, אז ליבע איז ביכלאל אן אויסגעטראכטע זאך, וואָס מע ווײַזט נאָר אין די טעאטערס. האָט אָבער דער קאטאָרזשניק און זײַן שוועסטערל באוויזן, אז ליבע איז דאָ אַף דער וועלט. פארוואָס זשע איז דאָס זיי געקומען? און מיט וואָס האָט ער זיך עס אזוי פארזינדיקט פאר גאָט, וואָס בא אלע זײַנע גוטע געשעפטן איז ער געבליבן באגאנוועט?

געמיינט האָט לייזער, אז יענץ שטיקל טליִעניש, וואָס איז פארבונדן מיט קינע, האָט זיך שוין לאנג צוגעלאָשן, ווײַל ס׳איז דאָך טאקע „ווײ־ווײ״, וויפל יאָרן אוועק! ער איז שוין לאנג ניט קיין יונגערמאַן, און פון יענער הויכער און שטאלטנער דאָבריש מיטן קאלטן, גאדלעסדיקן בליק, מיטן אויסגעכאָליעט־גלאטן פּאָנעם, אויסגעטאָקטער נאָז און ווײַסן שעמערירנ־דיקן האלדז, א באהאנגענעם פוןביידע זײַטן מיט מוירעדיק גרויסע אוירינגען, איז קיין סימען ניט געבליבן. זי הייסט איצט דאָבע די גראָבע איז געוואָרן א שטארקע קלאפּעטורעכע, בארעדט די גאנצע וועלט און איז שטענדיק פארנומען מיט אירע אייגענע געשעפטן: מיט אימפּאָרטנע קאָפּטלעך און מיט שידוכים אַף עקספּאָרט. און ווען ער, לייזער, זאָל אפילע זײַן מיט צען קעפּ, וואָלט ער ניט געקאָנט דערוויסן זיך, ווי באהאלט זי אויס איר קניפּל. מיילע, דאָס קימערט אים ווייניק. זײַנס אליין וועט אים סטײַען. נאָר גיי ווייס, אז בא דער ערשטער באגעגעניש, אַף וועלכער ער האָט קיינמאָל ניט געוואַרט, קיינמאָל ניט געגאַרט און אפילע זיך פאָר־שטעלן ניט געקאָנט, וועט זיך ארויסווײַזן, אז יענץ טליִעניש איז ניט אינ־גאנצן צוגעלאָשן. אָט האָט עס גלײַך, טייקעף אופגעפלאמט מיט אזא בייזער קינע.

נאָר אז מע וויל שטארק, קאָן מען געפינען מיט וואָס א טרייסט טאָן זיך און אפילע פון וואָס האָבן א שטיקעלע נאכעס. א קוק טאָן אַף דאָווידן, איז אים שוין ניט ווײַט צו זײַן מאלקען. עפּעס שוין צו אויסגעדארט פאר הײַנטיקע צײַטן. וואָס־וואָס, נאָר עסן איז איצט דאָ גענוג. פארוואָס זשע איז ער אזא אויסגעסאָכניעטער? הויט און ביין. און פארוואָס זײַנען די אויגן בא אים ווי אינגאנצן אין דרויסן? זאָל זײַן טאקע, אז דאָס איז אים געבליבן פון דער קאטאָרגע? עמעס, ווערליק ער האָט אים א פּאָר מאָל געזען פונדערווײַטנס, שטייט ער נאָך פּעסט אַף די פיס און דער גאנג זײַנער איז אפילע צו א שטאָלצער נאָך דעם, וואָס ער האָט איבערגעטראָגן אזא שווערן אינפארקט.

איז דערווײַל געגאנגען צווישן זיי א שטומער שמועס. די פּענעמער זייערע האָבן זיך געמינעט. פארקערעוועט דאָוויד דעם בליק אַף רעכטס, פארקערעוועט אויך לייזער זײַן בליק אהין; פארקערעוועט דאָוויד אַף לינקס, טוט לייזער אויך אזוי. און ווען דאָווידס אויגן האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען פּריִער איבער די ווענט, דערנאָך איבער דער סטעליע, האָבן לייזערס אויגן נאָכגעבלאָנדזשעט, ווײַל דאָס גאנצע רעדעניש און דאָס גאנצע זאָגעניש איז באשטאנען אין דעם, ווהין קוקן דאָווידס אויגן. האָט לייזער זייער נייטיק געמוזט וויסן, וואָס זעט ער עפּעס אזוינס, דאָוויד,

וואָס לייענט ער עפּעס אויס אזוינס אף זײַנע ווענט און אף זײַן סטעליע, און וואָס טראַכט ער. וואָס, אשטייגער, האָט ער אזוינס דערזען אינעם סערוואַנט, וואָס ער האָט אזוי לאַנג פארהאַלטן אף אים זײַן בליק? עמעס, טאַקע ניט קיין פּראָסטער סערוואַנט, בא דאָווידן איז געוויס אזא ניטאָ און וועט ניט זײַן. און וואָס האָט ער אזוי לאַנג באַקוקט די ליוסטרע? ער האָט קיינמאָל אזא ליוסטרע ניט געזען? עמעס, אזא ליוסטרע וועט ער אין קיין איין שטוב ניט זען, סײַדן אין טעאַטער, איז זאָל ער, זאָל ער קוקן. וואָס יאָ, ווען ער זאָל געווען וויסן, וואָלט ער דעם קרישטאָל געוועט אוועקגעשטעלט אין אַן אַנדער אָרט. אָט די וואַזעס, בעכערלעך און אַנדערע צאַצקעס זײַנען ניט פאַר אזעלכע אויגן. נאָר מיילע, א פאַרפאַלענע זאַך. אייגנטלעך, האָט ער ניט פאַר וואָס מוירע צו האָבן. ווי אפּצולאָכעס איז פאַרבײַגעפאָרן א שווערע מאַשין צי עפּעס א בולדאָזער, די ערד האָט אָנגעהויבן ציטערן. דער סערוואַנט האָט זיך צעהוידעט און די בעכערלעך האָבן זיך צעבוצקעט איינס אין אַנדערן, ווי בייס מע מאַכט א לעכאַ‌ים, און זיך צעקלונגען מיט א דינעם קלאַנג.

נאָר דאָווידן איז ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען סײַ דער שפּיגלדיקער סערוואַנט, סײַ די ליוסטרע, סײַ די אַלע קרישטאָלענע קלאַנגען. ער האָט געטראַכט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. זיצנדיק אָט דאָ, בא לייזערן אין שטוב, איז אים געקומען אפן געדאַנק, אַז דער גאַנצער שפּאַציר זײַנער אהער איז געווען אַן אומזיסטע זאַך. ער וועט דאָ גאָרניט אופטאָן, וועגן גאָרנישט ניט דערוויסן זיך. ער האָט ביכלאַל ניט וועגן וואָס צו רעדן מיט לייזערן. אָט זיצן זיי איינער קעגן אַנדערן בא איין טיש, און ער קאָן זיך ניט באַפרײַען פונעם געפיל, אַז דער אָפּגרונט צווישן זיי איז מוירעדיק טיף. אפילע ווען זיי זיצן בא איין טיש. מע דאַרף נאָר צוטראַכטן, מיט וואָס דערקלערן זײַן אומגעריכטן באַזוך, און וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פונדאַנען.

גראָד לייזער האָט דער ערשטער געפונען וועגן וואָס אָנהייבן צו רעדן, וועגן דעם, וואָס איז אמאָל געווען בא זיי געמיינזאַמס:

— און מיר זײַנען אמאָל מיט דיר אין איין כיידער געגאַנגען. צו בערל שויכעט. שויר שענאָגאַך עס האָפּאָראָ. געדענקסט?

געוויס האָט דאָס לייזער דערמאָנט מיט א גוטער קאַוואָנע. ס׳הייסט, אַז נאָך אַלעמען שטאַמען זיי פון איין אָרט... דאָוויד האָט אפּסנײַ באַקוקט די צימערן, דאָס מעבל, און ס׳האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן א נײַע שטומע שפּיל פון די אויגן. נאָר לייזער האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס באַקוקסטו אזוי אַלץ? פאַרקויפט דעם אַלטן גאַרניטור פאַר האַלב אומזיסט און געקויפט א נײַעם. און איצט וועט מען עס דאַרפן ווידער אָפּגעבן פאַר האַלב אומזיסט.

— וואָס זשע, האָסט שוין געקראָגן נאָך א שענערן?

— כ׳האָב גאָרנישט ניט געקראָגן, פאַרקערט...

לייזער האָט געוואַרט, אַז דאָוויד זאָל בא אים פרעגן, וואָס באַטײַט דער „פאַרקערט״, נאָר ניט דערוואַרט זיך, האָט ער שוין געמוזט אָן דער פראַגע דערקלערן:

— מיר קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן...

— וווּהין? — האָט דאָוויד זיך געמאַכט ניט ווי־סנדיק.

— אַהין, וווּהין אַלע ייִדן.

— טאַקע אַלע ייִדן? איך, אַשטייגער, קלײַב זיך אין ערגעץ ניט.

— וועסט זיך קלײַבן. אַלע וועלן זיך קלײַבן, נאָר ס׳וועט שוין זײַן שפּעט!

— אַזוי גאָר? — פֿאַרן גאַנצן שווערן וועג און פֿאַרן נאָך שווערערן שווײַגן דאָ, באַם טיש, האָט דאָוויד געקאָנט אַ שמייכל טאָן. — און איך האָב וועגן דעם ניט געוווּסט.

— ניט געוווּסט, ווײַל דו ווילסט ניט וויסן.

— וואָס וויל איך ניט וויסן?

— דאָס ייִדישע פֿאָלק!.. די ייִדישע קולטור! די ייִדישע רעליגיע!

קיין פּרומער איז לייזער ניט געווען און קיינמאָל זיך ניט געסטאַרעט אויסזען פֿרימער, ווי אינדערעמעסן. ער האָט דאָס ניט געדאַרפֿט האָבן. אָפּטמאָל אַפֿילו שטאָלצירט דערמיט, וואָס ער איז אַ פּראָסטער כּיוועקײַעם, אַ פּאָשעטער אַמכאָ, פֿון די קירזשנער, וואָס פֿאַרשטייען ניט אין די קליינע אויסיעלעך. נאָר אַ סוכער איז ער געוואַקסן בײַ בינימאָין אָקס פֿון קינדווײַז אָן און האָט שטענדיק געפֿילט, געקאָנט אָנטאַפּן דעם סעזאָן, וואָס פֿאַר אַ שטיקל סכוירע איז מערער אין דער מאָדע, מערער גאַנגבאַר. ער האָט אָפּגעאַרבעט אַלע יאָרן נאָך דער מילכאָמע אין דער היגער „קאָמיסיאָנקע" און האָט שוין געזען ניט איין מאָל, ווי פֿאַסאָנען און מאָדעס גייען אַראָפּ און שפּרינגען ווידער אַרויס, און מע דאַרף זיך קיינמאָל ניט וואַרפֿן מיט קיין זאַכן, וואָס זײַנען אַרויס פֿון דער מאָדע. אויף יעדער זאַך קומט אַ צײַט. אַזוי האָט לייזער באַצײַטנס אָנגעטאַפּט, אַז גאָט ווערט ווידער אַ סכוירע, און האָט אָנגעהויבן אַרויסגראָבן אין זיכּאָרן דאָס ביסעלע טוירע, וואָס ער האָט אַמאָל געוווּסט און שוין לאַנג פֿאַרגעסן. ניט דעם פּאָשעטן מינכע־מײַרעוו, דאָס איז אַ קליינער כאַריפּעס. ער איז דאָך ניט כאַצקעלע שאַמעס, פֿאַרט אַ גאַבע. מוז ער האָבן עפּעס פֿון דעם, וואָס בערל שויכעט האָט אַמאָל זיך געסטאַרעט אים אַרײַנטאַכמאַטשען אין קאָפּ אַרײַן. דאָוויד האָט ווידער געוואָלט אַ שמייכל טאָן, נאָר ס׳איז אים דורכגעלאָפֿן עפּעס אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט פֿריִער געדאַרפֿט באַטראַכטן, אויסקלאָרן פֿאַר זיך אַליין. דערנאָך וועט ער אים שוין זאָגן. יאָ, דערנאָך וועט ער אים שוין זאָגן!

באַ לייזערן זײַנען שוין אָבער געווען פֿאַרטיק נאָך זאַכן, וואָס ער האָט געמוזט זיי שוין אַרויסזאָגן. ווען נאָך וועט ער זען פֿאַר זיך דאָווידן? ער האָט זיך אַזש אַ ריס געטאָן פֿונעם בענקל און געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן איבערן צימער. אַ פּאָר שווערע, אָקסישע שפּאַן.

— מיר, ייִדן, דאַרפֿן גלײַך מיט אַלע פֿעלקער האָבן אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע מעלוכע און אַן אייגענע אַרמיי!

— און אַן אייגענע פּאָליציי, און אייגענע טורמעס? — האָט דאָוויד אונטערגעכאַפּט. — נו יאָ, צו וואָס דאַרף מען אָנקומען צו עפּעס אַ ראַדולעסקו, אַז מע קאָן האָבן אייגענע.

לייזער איז געבליבן שטיין, ווי צוגעזאָטן צום פּאַרקעט און אָנגעהויבן פֿינטלען פֿריִער מיטן רעכטן אויג, דערנאָך מיטן לינקן, גלײַך ס׳איז אין

זיי עפּעס אַרײַן. ער האָט געוואָלט עפּעס אָפּענטפערן, נאָר ניט געוווּסט ווי-אַזוי. אַלץ איז ביז איצט געגאַנגען אַזוי גלאַט, געמיינט אַפילו — שוין, זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דאָווידן. האָט יענער אַ זאָג געטאָן... ער, לייזער, ווייסט דאָך גוט, וואָס דאָוויד האָט געמיינט, דערמאָנענדיק ראַדולעסקען פון דער סיגוראַנצע. געדענקט ער דאָס, דאָוויד, די גאַנצע צײַט! פונ־דעסטוועגן קאָן ער אים אַ שטאָך טאָן:

— נו, זאָג, האָסט אַ סאַך געוווּנען מיט דײַנע קאַטאַרגעס, מיט דײַנע וואָגלענישן?

דאָוויד האָט אַפילו ניט געוואָלט אָפּענטפערן.

לייזער האָט געמיינט, אַז דאָוויד שווײַגט, ווײַל ער האָט ניט וואָס צו ענטפערן, איז ער געוואָרן בא זיך פעסטער און זיך צערעדט. געשאָטן, געשאָטן, ווי מוירע געהאַט, אַז דאָוויד קאָן אים איבערשלאָגן. האָט דאָוויד שוין פאַרשטאַנען, וואָס האָט זײַן ציפּעלע געקאָנט זיך אָנהערן, אויב זי איז אַ פּאָר מאָל אַרײַנגעקומען צו איר פעטער. ער האָט נאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווען האָט דאָס לייזער באַוויזן זיך אָנעמען מיט אַזויפיל טוירע. באַוויזן דאָס אָפּטאָקן און אויסשלײַפן אַזוי, אַז עס באַקומט זיך ווי נאָרוואָס פון דער נאָדל אַרויס. און געטײַנעט האָט ער, אַז אַלע וועלן דאָ ווערן אויס ייִדן. מע וועט אַלע ייִדן אַרויסשיקן קיין סיביר, אַראָפּנעמען פון די הויכע שטעלעס. מע האָט שוין אַפילו צונויפגעשטעלט צעטלען. מיכל איז דאָרט אויך פאַרשריבן. און טאָמער, כאַלילע, אַ מילכאָמע, וועט מען אינעם ערשטן טאָג אויסהאַרגענען אַלע ייִדן.

— וועדליק דו מאָלסט אַלץ אויס, דאַרף מען שוין אַנטלויפן פונדאַנען, צופוס...

— וואָס ישע, מע זעט ניט, וואָס ס'טוט זיך?

— פאַרשטיי איך ניט איין זאַך. ווי קומט עס, דו ביסט נאָך אַ היגער?

— איך וועל נאָך באַווײַזן, איך האָב נאָך דאָ...

געוואָלט זאָגן, וואָס ער האָט נאָך דאָ, און זיך פאַרכאַפּט, געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, גלײַך ס'האָט זיך אים עפּעס געשטעלט אין האַלדז.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — האָט דאָוויד פאַרענדיקט פאַר אים, — דאַרפסט מיר ניט דערציילן. האָסט נאָך דאָ ניט קיין פאַרענדיקטע געשעפטן, דאַרפסט פריִער אַריבערפּעקלען מיט אַנדערע אייניקע זאַכן...

— און אַז אַפילו אַזוי, וועסטו מיך גיין מאַסערן?

— מיינסט, אַז אַלע זײַנען גראָטן אין דיר?

דאָבע האָט ניט באַמערקט, אַז עמעצער איז דאָ אין שטוב, און אוואָדע האָט זי ניט געקאָנט זיך ריכטן אויף אַזאַ גאַסט. נאָך אין פאָדער־צימער האָט זי גענומען אויסשיטן דאָס ביסל נײַעס.

זי האָט אַלץ אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ קוויקעניש, מיט אַזאַ פאַרגעניגן, ווי מע דערציילט וועגן עפּעס אַ גוט פרעסטעלע נאָך די נימעס געוואָרענע בלאָטעס, אָדער וועגן דעם ערשטן גרינעם גרעזעלע...

לייזער האָט וואָרענענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, דראָענדיק געפינטלט מיט די אויגן, געבנדיק אָנצוהערן, אַז אין שטוב איז דאָ אַ זײַטיקער. נאָר דאָבע איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט מיט איר ביסל נײַעס, אַז זי האָט גאָרנישט ניט באַמערקט:

— אָן אומגליק מיט די אלטע כאַלאַסטיאַקעס. אזעלכע מעווינים געוואָרן, אזעלכע פערעבירלעוועז! ווײ, וויפל זיך אָנגעלאָפן, ביז איך האָב צונויפגעפירט אָט דעם שלימאזלדיקן שידעך! פריִער האָט ער געזאָגט, אז אים געפעלן ניט אירע אויגן! קוים אים אײַנגערעדט די אויגן, האָט ער זיך צוגעטשעפעט צום האלדז — עפעס צו אַ לאנגער האלדז. דערנאָך — די פיס. בא איר זײַנען ניט קיין סאַווראָמיאַנע פיס. ווער, זאָגט ער, טראָגט עס איצט אזעלכע גראָבע פיס? נאָך אלעמען לאָזט זיך אויס, ער פאָרט ניט!

לייזערס פאָנעם האָט זיך צעפלאַמט, און די קינבאקן האָבן אָנגעהויבן אונטערציטערן, געמאַכט דאָס פולבלעך־גלאַטע פאָנעם ברייטער ווי לענגער. ער האָט מוירע געהאַט, אז דאָבע זאָל ניט אויספלוידערן עפעס ערגערס. איז ער צו צו דער טיר און אַ זאָג געטאָן:

— דאָבע, קום ארײַן, מיר האָבן אַ גאַסט.

מיסטאָמע האָבן לייזערס אויגן צוגעגעבן אזוינס, וואָס האָט געדאַרפט דערקלערן, וואָס פאַר אַ גאַסט דאָס איז. דאָבע איז גלײַך אנשוויגן געוואָרן און ארײַנגעקומען שוין גאָר אַן אַנדערע, אַ ביסל אַן איבערגעשראָקענע. און כאָטש לייזערס אויגן האָבן גאַנץ קלאָר געגעבן אָנצוהערן, אז דער גאַסט איז ניט קיין געוווּנטשענער, נאָר אַף אַזאַ גאַסט האָט זי זיך ניט גערעכט. האָט זי אַ פליעסקע געטאָן מיט די הענט אזוי, אז מע האָט געקאָנט מיינען, אז אָט־אָט כאַלעשט זי:

— אוי, איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! אַ בער וועט פייגערן אין וואַלד!

און ערשט דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן באַקוקן זיך אליין פון אלע זײַטן, ארומגעטאַפּט מיט די הענט דאָס קליידל, דאָס קאָפּטל, די קורצע ארבל, צי זעט זיך עפעס פון זיי ניט ארויס אזוינס, וואָס דער גאַסט דאַרף ניט זען. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן ארומטאַפּן מיט די אויגן די ווענט, די סטעליע, דעם סערוואַנט און די שאַפע, דעריקער די שאַפע. דערנאָך האָט זי זיך אַ דריי געטאָן ארום זיך אליין, צוגעלייגט די הענט צום שטערן, ביזלעך צוגעזשמורעט די אויגן און זיך אָנגערופן:

— לייזער, לאָז אראָפּ די גאַרדינעס. די זון שנײַדט אזוי אין די אויגן, אז ס׳איז פאַשעט ניט מעגלעך.

דאָבען האָט דאַווידס געקענט נאָך ווייניקער פון לייזערן. ער האָט נאָר געהערט וועגן איר, אז זי איז אַמאָל געווען ניט קיין מיִעסע, געהאַלטן פון זיך אַ וועלט, געקוקט אַף אלעמען און אויך אַף איר לייזערן פון אויבן אראָפּ, גלײַך זי טוט אלע מענטשן אַ טויווע, וואָס זי, דאָבריש, לעבט צווישן זיי. נאָר איצט איז דאַווידן זייער שווער געווען אָפּזוכן וועלכע־ניט־איז רעשטלעך פון דער אַמאָליקער שיינקײַט אירער.

לייזער האָט ווידער זיך צוגעזעצט צום טיש, נאָר דאָבע איז געבליבן שטיין. פאַרלייגט די הענט אַפּן פעטן פאַרטעך, האָט זי אַ שטיקעלע צײַט זיך מעיאַשעוו געווען מיט זיך אליין, וואָס טאָן ווײַטער, נאָר קיין זאַך ניט צוגעטראַכט, האָט זי געפרעגט, ווי בא זיך אליין:

— נו?

דער „נו" איז געווען מיט עפעס ענלעך אַף לייזערס „ווײ־ווײ", געווען איז אין אָט דעם „נו" אַ שלאַל ניט ארויסגעזאָגטע פראַגן, ניט ארויסגעבראַכטע שטוינונג.

— איז וואָס זשע הערט זיך אױף דער וועלט? — איז דאָוויד איר געקומען צוהילף.
דאָבריש האָט זיך דערפרייט מיט דער פראַגע:
— אָט הערט. איך גיי פונעם מאַרק, גייט מיר איינע אַנטקעגן מיט צוויי הינטעלעך אױף די הענט. פרעג איך זי, וויפל וויל זי פאַר אַ הינטעלע. זאָגט זי מיר, אַז פאַר איין הינטעלע וויל זי אַ פופציקער און דאָס צווייטע פאַרקויפט זי ניט. איך דאַרף דען הינטעלעך? מײַנע סאָנים זאָלן אַזוי דאַרפן זייער לעבן. נאָר ווײַל זי האָט מיר אַזוי געענטפערט, זאָג איך איר: פאַרן צווייטן הינטעלע גיב איך איר אַ הונדערטער, אַפילע צוויי. ווייסט איר, וואָס זי האָט מיר געענטפערט, די אַנטיסעמיטקע? איבער איר וועט מיר געבן צוויי הונדערט פאַרן הינטעלע, זאָגט זי מיר, ווי זשע וועט איר נעמען געלט אױף פאָרן אַהין? איך זאָל אַזוי געזונט זײַן מיט מײַנע קינדער. אָט. אָט קלינגט דער זייגער...
דאָוויד האָט נאָכאַמאָל אַ פרעג געטאָן:
— און וואָס נאָך?
— איר דאַרפט נאָך? — האָט דאָבע גלײַך אונטערגעכאַפּט. — איך האָב זיך באַגעגנט מיט דער סטאָליערקע, זי איז פון מײַן שטעטל, אַ ליפּקאַ־נער. דערציילט זי מיר אַזאַ געשיכטע. איר טעכטערל האָט געענדיקט דעם אינסטיטוט. וויל מען זי שיקן אױף אַרבעט אַזש קיין טשעליאַבינסק. איז זי אַוועק צום דירעקטאָר. ווייסט איר, וואָס ער האָט איר געזאָגט, דער די־רעקטאָר? ער האָט געזאָגט, אַז אַזעלכע באַסיעכידקעלעך האָבן זיי דאָ איבערגענוג. נו, פרעג איך אײַך, קאָן מען דאָ לעבן?
דאָוויד איז גרייט געווען פאַרציִען די שפּיל:
— נו, און וואָס נאָך?
— וואָס דאַרפט איר מערער? איר ווייסט, וואָס מע האָט מיר הײַנט דערציילט? מע טאָר דאָך שוין איצט אין אָוונט פון דער שטוב ניט אַרויס־גיין. מע קאָן, כאָלילע, געמיימעסט ווערן!
דאָוויד האָט געפרעגט קימאַט גאַנץ ערנסט:
— וואָס זשע? מע האָט טאַקע, כאָלילע, עמעצן געהאַרגעט?
— נאָך דאָס פעלט אונדז! וואָס זשע, מע דאַרף טאַקע זיצן און וואַרטן, ביז מע וועט אונדז אַלעמען אויסהאַרגענען?
ביז איצט האָט לייזער געלאָזט זײַן דאָבען אַרויסלייגן אַלץ, וואָס זי וויל. נאָר דערנאָך זײַנען אים דאָווידס פראַגן עפּעס ניט געפעלן געוואָרן. און ביכלאַל זײַנען די אַלע מײַסעס שוין צו ווײַבערישע, ניט פאַר אַזאַ דאָווידן. האָט ער זיך שוין געמוזט אַרײַנמישן:
— וואָס זשע, וועסט עפשער זאָגן, אַז בא אונדז איז עס אַ נײַס?
— יאָ, יאָ, — האָט דאָבע אונטערגעכאַפּט. — מיר ווילן שלאָפן רויִק. און איך וויל אַמאָל אַרויסגיין אין גאַס אַזוי...
— אַז מע זאָל זען, וואָס איר פאַרמאָגט? — האָט דאָוויד פאַרענדיקט איר ניט אַרויסגעזאָגטן געדאַנק.
— נו איז וואָס? פאַרוואָס טאַקע ניט?
ווי קומט מיטאַמאָל צו זיי אָט די כוצפּע? ווי קומט אָט דאָס אַרויסרו־פעריש, גלײַך זיי האָבן שוין באַשטימט בא זיך, אַז זיי מעגן זיך אַלץ

דערלויבן? ער, לייזער, איז גראַד געוואָרן אַ ביסל צוריקגעהאַלטן, גלײַך דערפילט, אַז ער האָט געזאָגט עפּעס איבעריקס. זי, דאָבע, איז גרייט געווען ערשט אָנהייבן קריגן זיך אַפּאַנעמעסן. נאָר פֿאַר דאָווידן איז גע־ווען איבערגענוג דאָס, וואָס ער האָט שוין געהערט. האָט ער זיך אופגע־הויבן און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— נו, וועל איך שוין גיין.

— וואָס הייסטו? געקומען און שוין אַוועקגיין? עפּשער אַ גלעזל טיי? אָט שוין, די מינוט. אַזויפיל יאָרן!..

דאָבע האָט זיך טאַקע אַ הייב געטאָן פונעם בענקל, נאָר דאָוויד איז שוין געשטאַנען לעבן דער טיר.

— אַ דאַנק, איך האָב שוין געטרונקען טיי.

— אָבער... — לייזערן איז אויך ניט אָנגעגאַנגען די טיי מיט אַלע איבעריקע זאַכן, — ביסט דאָך געקומען וועגן עפּעס אַן איניען?

— אַן איניען? — האָט דאָוויד איבערגעפרעגט. — איך ווייס אַליין ניט.

דערנאָך, אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט די טרעפּ פונעם דריטן שטאָק, האָט דאָוויד ניט אופגעהערט זידלען זיך אַליין פֿאַר די לעצטע פּאָר ווערטער. וואָס הייסט, ער ווייסט אַליין ניט? זיי קאָנען דאָך מיינען, אַז זיי האָבן אים אַזוי געפּלעפט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן, נאָך וואָס ער איז געקומען. און דער גאַנצער שמועס זײַנער... יאָ, דער גאַנצער געשפּרעך האָט אים אויסגעזען אַ ביסל לעפּיש. אַלנפֿאַלס, אַ ביסל צו אומדערוואַרט. פֿאַר זיי איז דאָס געווען שוין אַן אַלט לידל, וואָס זיי כאַזערן איבער צען מאָל אין טאָג, און ער איז ניט געווען גרייט צו אַזאַ געשפּרעך. יאָ, ער דאַרף ערשט אָפּסנײַ דורכטראַכטן דעם גאַנצן שמועס פֿון אָנהייב ביז סאָף. יאָ, אַף אַזעלכע שמועסן טאָר מען מיט קיין הוילע הענט ניט קומען. זעסטו דאָך, אָט דער לייזער, זיך דערמאָנט אינעם „שויר שענאַגאָך”, רעדט וועגן ייִדישקײַט. יאָ, מיט דעם אוילעם... מע דאַרף אויך זיך דערמאָנען עטלעכע פּסוקים.

צו דער וועטשערע זײַנען הײַנט אַלע געקומען צו דער צײַט. ציפּעלע אויך. זי איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב אַ פּאָר מינוט פֿאַרן טאַטן, גלײַך זי האָט מוירע געהאַט, זי זאָל ווידער ניט פֿאַרשפּעטיקן און ס'זאָל זיך ניט אָנהייבן דאָס נעכטיקע. נאָר קיינער האָט ניט געוואָלט צערודערן דאָס נעכטיקע, כאָטש ס'איז געלעגן באַ אַלעמען אַף דער צונג. זײַנען אַלע געווען אַ ביסל טאַקע דערשטוינט, ווען דאָוויד האָט פּלוצעם זיך אָנגערופן:

— מיכל, דו ווייסט ניט, ווו קאָן מען ערגעץ קריגן עפּעס אַ כומעשל?

מיכל האָט אופגעהויבן אַפּן טאַטן זײַנע זייער מידע און זייער פֿאַר־טראַכטע אויגן.

— וואָס דאַרפסטו אַזוי נייטיק אַ כומעשל?

דאָווידן איז ניט געפעלן געוואָרן, וואָס מיכל זיצט עפּעס ווי ניט קיין היגער. האָט ער געוואָלט, עס זאָל ווערן באַם טיש אַ ביסל פֿריילע־כער.

— איך וויל אויך וויסן, וועלכע סעדרע גייט היינטיקע וואָך. וואָסי, איך האָב קיין רעכט ניט?

האָבן שוין אַלע אַ קוק געטאָן אויף אים. מיכל אַ ביסל דערשראָקן, שיינדל ביז גאָר דערשטוינט, און ציפּעלע האָט ביכלאַל ניט געוווּסט, וועגן וואָס עס רעדט זיך.

— טאַטע, דו? דו אויך, אויף דער עלטער?..

— וואָס טאַטע, וואָס עלטער? — דאָוויד האָט קוים איינגעהאַלטן דאָס אייגענע שמייכעלע. — איך דאַרף דאָס האָבן, און שוין. דערציייל בעסער, ווי האָסטו היינט זיך באַגעגנט מיט פּעטראָוויטשן, שוין שאַלעם געמאַכט?

— מיר האָבן זיך אײנגאַנצן ניט באַגעגנט.

— וואָס הייסט ניט באַגעגנט? פאַרוואָס?

— ער איז קראַנק, פּעטראָוויטש.

— קראַנק? וואָס פּלוצעם?

— דאָס האַרץ. די דאָקטוירים זאָגן, אַז ס׳איז ניט געפערלעך. נאָר זיי האָבן אים פאַרוועהרט זיך אופהייבן פונעם בעט.

— פאַרוועהרט זיך אופהייבן פונעם בעט? — דאָוויד האָט איבערגעכאַפּט די ווערטער, ווי געדאַרפט זיי ערשט צעקייען. דערנאָך זיך אַ הייב געטאָן פונעם בענקל, ווי אַן אָפּגעבריטער. — איבער דיר! יאָ, איבער דיר! — ער איז געווען שטאַרק בייז, דאָוויד, שטאַרק אופגעטראָגן אויפן זון און ניט געקאָנט דאָס אויסבאַהאַלטן. — דו ווייסט, אַז איך... איך האָב אים אויף מײַנע הענט אַרויסגעטראָגן. און דו!..

6

...יענע נאַכט אויפן מינען־פעלד... ווען די זאַוועראָכע זאָל זיך געווען אָנהייבן פריִער מיט אַ שאָ, וואָלט גאָרנישט ניט געשען. ווען מען וואָלט עס געקומען אויפן זינען שיקן מענטשן אויף אַזאַ אָפּעראַציע, ווען מע זעט פאַר זיך ניט די וועלט? נאָר אין אָוונט איז דער הימל געווען גלאַנציק־ריין, ווי נאָרוואָס אָן אָפּגעפּוצטער. אָנגעשטעקט און אָנגעטוצקעט מיט אַן אַ שיר שטערן, וואָס האָבן אַליין געציטערט פון קעלט און אָנגעוואָרפן אויף דער גאַנצער וועלט אַ מוירעדיקע קרירע. זיי האָבן פאַרדעכטיק זיך איבערגעוווּנקען, פאַרדעכטיק און אַ ביסל כוצפּעדיק, ווי יענע אונטער־קוקערס, וואָס ווייסן שוין פאַרויס אַלע דײַנע סוידעס און אַלע דײַנע גענג. דער שניי איז געווען שטאַרק פאַרלעגערט און פאַרגלאָזט, געסקריפּעט, געטרישטשעט אונטער די פיס, די גאַנצע סאָקאָנע איז טאַקע געווען אין אָט דעם טרישטשעניש און אינעם קריצעניש. נאָר מילכאָמע איז מילכאָמע, אַ באַפעל איז אַ באַפעל, און סאָקאָנעס זײַנען אַ גאַנץ געוויינלעכע, וואָכעדיקע זאַך. האָט מען נאָר געדאַרפט צוטראַכטן, מיט וואָס און וויאַזוי אַ ביסל אײַנשטילן אָט דאָס קריצעניש, מיט וואָס עס איבערשרײַען. איז באַשטימט געוואָרן, אַז אָפּרייניקן דעם דורכגאַנג צו די דײַטשישע פאַר־צוימונגען וועלן ניט קיין פינף מענטשן, ווי געוויינלעך, נאָר צוויי, וועט דאָס סקריפּעניש מיטן קריצעניש זײַן קלענער; צווייטנס, וועט מען די צוויי

אונטערהאלטן מיט א פריילעכער מוזיקאלער באגלייטונג, וועט מען דאָס קריצעניש שוין אינגאנצן ניט הערן. דער קאָמאנדיר פונעם סאפיאָרן־ווזוואָד קיריל פּעטראָוויטש האָט אויסגעשטעלט א צענדליק סאָלדאטן אין א ריי, דורכגעשפּאנט איבערן סקריפּענדיקן שניי מיט עפּעס א מאָדנעם שפּאן: דעם רעכטן פוס געשטעלט א ביסל גיכער, דעם לינקן א ביסל לאנגזאמער, קעדיי פאר די עטלעכע רעגעס באוואַרנען אָפּטאָן צוויי זאכן מיטאמאָל: אויסמעסטן און באשטימען די קראפט פונעם סקריפּ, פון זײַן ווידערקאָל, ווײַל סאמע דאָס וויכטיקסטע און געפערלעכסטע איז דער ווידערקאָל פונעם סקריפּ, וואָס שנײַדט זיך ארײַן אין דער נאכט מיט א טיפן שניט און גרילצט אף א מײַל, און א קוק טאָן יעדן סאָלדאט אין פּאָ־נעם ארײַן, כאפּן אף זיך איין יענעמס שטומען בליק און באקלערן, וואָס ער האָט צו טאָן.

אומגעריכט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן דאָווידן:

— דו, באטיא, וועסט גיין מיט מיר.

די שטים זײַנע האָט דערבײַ אָנגעוווירן זײַן קאָמאנדירישע שטרענג־קײַט, געוואָרן ווייך, עפּעס גאָר צוגעלאָזט, גלײַך ער אנטשולדיקט זיך פאר דאָווידן דערפאר, וואָס פון אלע איבעריקע, א סאך יינגערע, האָט ער אויסגעקליבן גראָד אים, דאָווידן, אף אזא געפערלעכער אָפּעראציע.

דער הימל האָט געגלאנצט מיט זײַן שווארצן גלאנץ, נאָר איצט איז שוין קיין צײַט ניט געווען קוקן אפן הימל און אף די שטערן. די מוזיק האָט געשפּילט. ווי נאָר זיי האָבן ארופגעצויגן אף זיך די ווײַסע מאסקיר־כאלאטן, ארויסגעקראָכן פון די פארשנייטע טראנשייען, זיך א וואָרף גע־טאָן איבערן פּלאטשיקן בערגעלע פונעם ניט ווייניקער פארשנייטן ברוסט־ווער, זײַנען זיי אליין געוואָרן א טייל פונעם שניי, צוויי לעבעדיקע שניי־הרודעס, וועמען דער ווינט האָט א ריס געטאָן פון זייערע ערטער און קײַקלט זיי איבערן פארווייעטן פעלד.

די מוזיק האָט געשפּילט פריילעך און העפקערדיק. פון צײַט צו צײַט האָט א פײַף געטאָן איבערן קאָפּ מיט זײַן דינעם פײַף א דורכגעפלויגענער סנאריאד, אופגעריסן זיך ערגעץ ווײַט און פארפאָראָשעט דעם ארום מיט א גרוי־ווײַסן געמיש פון שניי און רויך. דערנאָך איז שוין שווער געווען עפּעס פאנאנדערקלײַבן. געשאָסן האָט מען פון ביידע זײַטן, געשאָסן בייז, צעיושעט, גלײַך ס'איז געגאנגען אין דעם, ווער וועמען וועט איבערפײַפן און ווער וועמען וועט איבערגרילצן.

צוויי לעבעדיקע שניי־הרודעס האָבן זיך געקײַקלט איבערן פארשנייטן פעלד. צוגעדעקט מיט דער פארטויבנדיקער שיסערײַ, ווי מיט א גוט דעכל, האָבן זיי זיך געפילט דערפון זיכערער און היימלעכער.

דאָס סטעזשקעלע אפן אייגענעם מינען־פעלד האָבן זיי דורכגעלייגט גאנץ גיך, ווײַל די מינעס האָבן זיי אליין אויסגעלייגט, געדענקען אלץ אף אויסווייניק. אפן דײַטשישן מינען־פעלד איז דער איניען געווען פיל קאָמפּליצירטער. צוערשט האָט מען געדארפט פאנאנדערקלײַבן זיך אין דער סכעמע גופא, געפינען און ארויסדעליבען מיט גרויס פּאָרזיכטיקײַט איין מינע נאָך דער אנדערער.

מיט פאַרקליאַקנעטע הענט און פיס, פינקלדיקע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן, מיט אַלע פאַרשאַרפטע כושים זײַנען זיי געווען אײַנגעגראָבן אין דער פאַרשנייטער, פאַרפראָסטיקטער ערד און האָבן קיין צײַט ניט געהאַט אַ קוק טאָן אויפן הימל. זיי האָבן ניט באַמערקט, וויאַזוי דער גלאַנציק־ריינער הימל איז מיטאַמאָל איבערגעצויגן געוואָרן פון איין ברעג ביזן צווייטן מיט געדיכטע שניי־וואָלקנס, וואָס האָבן געבויגן, געשלעפּט דעם הימל צו דער ערד, וויאַזוי דאָס שטילע ווינטעלע האָט מיטאַמאָל זיך צע־הוליעט, צעפּײַפט און צעטאַנצט מיט אַ טײַוולאָניש טענצעלע, צונויפגעמישט און איבערגעמישט דעם הימל מיט דער ערד.

זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע אַרבעט זייערע, אַלע געפאַרן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט בײַקומען און אויסמײַדן אויף יעדן טראָט, איז גע־ווען אַן אומזיסטע טירכע, ווײַל מיט די פּאַנאַנדערגעמינירטע סטעזשקעלעך און אַן זיי וועט אין אַזאַ זאַווערוכע די אָנגעמערקטע אויף הײַנטיקן באַגינען שלאַכט־ראַזוועדקע ניט פאַרווירקלעכט ווערן. איז זייער איינציקע אויפ־גאַבע איצט — ווי־ניט־איז אַרויסדראַפּען זיך פון צווישןביידע מינען־פעלדער.

די מוזיק האָט איצט געשפּילט בלויז פון איין זײַט, פון דער דײַטשי־שער. די אייגענע האָבן פאַרשטאַנען, אַז שיסן איז איצט אַן איבעריקע זאַך. די דײַטשן האָבן געשאָסן אָן אויפהער. ווי געשראָקן זיך פאַר דער זאַווע־רוכע אַליין, האָבן זיי אַלץ געשאָסן און באַהאַנגען זייערע פּאָזיציעס מיט אָן אַ שיר לויכטנדיקע ראַקעטעס. די שוואַכע לאַמטערנדלעך האָבן אויף אַ ווײַלע באַשײַנט די זאַווערוכע. פאַר זיי, פאַר די פויזענדיקע, איז דאָס געווען אַ רעטונג. דאָס האָט זיי אונטערגעזאָגט, וווהין צו פויזען. נאָר ווי האָט עס אין אַזאַ זאַווערוכע געקאָנט פאַרבלאָנדזשען אַהער אַ קויל און טרעפן פעטראָוויטשן אין רעכטן פוס?

לאַזאַרענקאָ איז אומגעפאַלן, און דאָוויד גלײַך נאָך אים. ער האָט גע־מיינט, אַז ס'האָט געטראָפן אַ סאַך ערגערס. האָט ער אָנגעהויבן טרייסלען לאַזאַרענקאָן, געפּרוּווט אַרײַנקוקן אים אין די פאַרשנייטע אויגן. יענער איז אַ ביסל געקומען צו־זיך און אַרויסגערעדט:

— טו אַ קוק... דער רעכטער פוס...

ביז דאָוויד האָט צעשניטן דעם שטיוול, ביז ער האָט מיט די פאַר־קליאַקנעטע פינגער זיך דערקליבן צו דער וווּנד, ביז ער האָט פּאַנאַנדער־געוויקלט דעם מאַרלעווע בינט און איבערגעבונדן דעם פוס, האָבן ביידע זיך פאַרפלאָנטערט אין דער זאַווערוכע און ניט געקאָנט פעסטשטעלן, וויאַזוי זײַנען זיי געפאַלן — גלײַך אויף מיזרעך, צי אַ ביסעלע אין אַ זײַט. ווי אויף צולאָכעס האָבן די דײַטשן אויך אויפגעהערט שיסן, איז געבליבן איין זאַך — פויזען. פויזען האָט איצט געקאָנט נאָר דאָוויד אַליין, פויזען און מיטשלעפּן מיט זיך לאַזאַרענקאָן.

דאָס פויזען און דאָס שלעפּן איז געווען אַ קלייניקײַט, צו אַזעלכע זאַכן זײַנען זיי געוווינט. אָבער די מינעס! זיי וואַרטן דאָך, זאָלסט זיך נאָר צורירן צו זיי. איצט איז שוין ער, דאָוויד, געווען דער קאָמאַנדיר און קיריל פעטראָוויטש לאַזאַרענקאָ האָט באַדאַרפט אויספילן זײַנע באַ־פעלן.

— דו, פּעטראָוויטש, ליג. איך וועל זיך בלויז ארומקוקן, אויספּאָרשן א מעטער צען און קומען נאָך דיר. דערנאָך וועל איך ווידער אויספּאָרשן א שטיקל וועג און שלעפּן דיך ווײַטער... אזוי, צוביסלעך, צוביסלעך...— און כאָטש ער האָט אין דעם פאל זיך געהאלטן פאר קאָמאנדיר, האָט ער דאָך געפרעגט: — מאסקים?

לאזארענקאָ האָט אויך געוואָלט זאָגן עפּעס דערמונטערנדיקס, נאָר די ליפּן האָבן אים ניט געוואָלט פאָלגן. האָט ער קוים ארויסגערעדט:

— דאווײַ...[1]

די ווינטערדיקע נאכט האָט זיך געדוכט דאָווידן צו קורץ און צו לאנג. ער האָט מוירע געהאט, זי זאָל אינמיטנדערינען ניט אויסרינען און זיי זאָלן ניט בלײַבן ליגן אף א גאנצן טאָג אפן מינען־פעלד אונטערן פײַער פון די דײַטשישע אווטאָמאטן. ער האָט אויך מוירע געהאט, אז די נאכט קאָן זיך אזוי ציִען אָן א ברעג און זיי וועלן קיינמאָל זיך ניט ארויסדראפּען פון איר. די פּאָר הונדערט פארווייעטע, פארזאווערוכעוועטע מעטער אף דער „קיינעמס ערד” האָבן זיך אים געדוכט, ווי די אומענדלעכקײַט אליין, אָן אן אָנהייב און אָן א סאָף. און די צען מעטער, וואָס ער האָט אלעמאָל געדארפט אויספּאָרשן מיט די אייגענע פינגער, מיטן אייגענעם לײַב און דערנאָך אומקערן זיך און איבערשלעפּן לאזארענקאָן, האָבן אים אלעמאָל זיך געדוכט, ווי די זעלבע צען מעטער, וועלכע ער האָט שוין עטלעכע מאָל אויסגעפּאָרשט און איבער וועלכע ער האָט שוין עטלעכע מאָל געשלעפּט דעם פארוווּנדעטן. נאָך יעדער שפּאן, נאָך יעדער קריך און נאָך יעדער שלעפּ איז אלץ הינטער זיי גלײַך פארווייעט געוואָרן אָן א מינדסטן שפּור. די גאנצע צײַט האָט אים ניט אופגעהערט פּיבערן א געדאנק, אז דאָס שלעפּט ער לאזארענקאָן אף ניט קיין אויסגעפּאָרשטן פּאס און זיי קאָנען אזוי אין איין אויגנבליק אופגעריסן ווערן.

אין יענע שווערע מינוטן צי שאָען האָט ער ניט אופגעהערט איבערכאזערן אין זיך דעם לימעד פון געאָגראפיע, וואָס ער האָט אָנגעהויבן באהערשן אין דער רומענישער טורמע פון דאָפטאנו: די עלטערע כאווײרים האָבן אים דערקלערט, אז פאר אונטערערדלער זײַנען געאָגראפישע קענטענישן ניט ווייניקער וויכטיק, ווי פּאָליטישע. ערשטנס, מוז אן אונטערערדלער וויסן, ווו ער האלט אין דער וועלט, ס'הייסט, וויסן ניט בלויז זײַן קליין וועלטעלע, נאָר די גאנצע גרויסע וועלט מיט אלע אירע באזונדערקײַטן. צווייטנס, דארף ער פּאָשעט קאָנען אָריִענטירן זיך אין אומדערוווארטע אומשטענדן לויט אלע מעגלעכע סימאָנים אפן הימל און אף דער ערד. באטאָג — לויט דער זון און באנאכט — לויט די שטערן. ווו זשע נעמט מען כאָטש איין שטערן אפן הימל, ווו נעמט מען כאָטש איין ביימעלע פון יענעם וואלד, וואָס הינטער זייערע אָקאָפּעס? קריכט ער, דאָוויד, איבער דער פארוויזשעטער ערד, מאָלט פאר זיך די געאָגראפישע מאפּע און כאזערט אײַן, ווי א שילער:

— פון אויבן איז צאָפן, פון אונטן איז דאָרעם, אף דער רעכטער זײַט — מיזרעך און אף דער לינקער — מײַרעוו.

---

[1] דאָ: מאסקים.

נאָר ווער ווייסט איצט זאָגן, ווו איז דער „פון אויבן“ און ווו דער „פון אונטן“?.. דער טויט איז סײַ פון אויבן, סײַ פון אונטן, סײַ פון רעכטס, סײַ פון לינקס...

פאַראַן, אַפאָנעם, ניסים אויף דער וועלט. ווײַל ווי האָט עס איין אַזאַ זאַוורוכע זיך געקאָנט דורכרײַסן אַ שטערן? איין־און־איינציקער שטערן, וואָס האָט אַ פּינטל געטאָן פון זײַנע אומבאַגרײַפלעכע ווײַטן, ווי דורך אַ קליין פענצטערל. און דאָך האָט ער אים דערקענט, יענעם ווײַטן, יענעם גוטן שטערן, וואָס האָט זיך אַ יאָווע געטאָן פאַר זיי, ווי יענער גוטער מאַלעך פון די קינדערשע מײַסעלעך.

— דו זעסט? — האָט דאָוויד אַ ווײַז געטאָן. — אונדזער שטערן!

— האָסט אים דערקענט?

— דאָס איז דאָך יענער גרויסער שטערן, וואָס ווײַזט אויף צאָפון! זײַנען מיר אויף אַ דערעך!

ווען זיי האָבן, ענדלעך, זיך אַרײַנגעוואַלגערט אין אָקאָפּ, ווען מע האָט אָפּסנײַ איבערגעבונדן לאַזאַרענקאָן דעם פוס און זייביידן געגעבן צו קויסעלעך, האָט דאָוויד, אַ ביסל אַ בעגילופנדיקער, אַן אויפגערעגטער, קוים בײַקומענדיק די ציינקלאַפּעניש, באַקוקט לאַזאַרענקאָן מיט פאַרליבטע אויגן, גלײַך ערשט איצט אים דערזען נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג.

— הערסט, פּעטראָוויטש, — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ באַזונדער רעכט אויף היימישקײַט מיטן קאָמאַנדיר. — ערשט הײַנטיקע נאַכט האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס איז עס אַזוינס צײַט. יעדער שטיקל נאַכט ציט זיך מיט זײַנער אַ באַזונדערער מאָס. און אַ פּיצעלע פאַרשנייטע ערד קאָן זײַן אומענדלעך גרויס...

— הער נאָר, באַטיאַ, ביסט דאָך גאָר אַ פילאָסאָף! ווי קומט עס צו דיר?

וועגן דעם, ווי עס קומט צו אים, האָט דאָוויד דערציילט מיטן וועג אין מעדסאַנבאַט. ער האָט ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז עמעץ אַנדערש זאָל אים אָפּפירן. דערצו האָט ער געמוזט אַליין זיך דורכשמועסן מיט די דאָקטוירים, איידער זיי וועלן אַרויסבאַקומען די קויל, און אַ קוק טאָן אויף לאַזאַרענקאָן, ווי זעט ער אויס נאָך דער אָפּעראַציע. נאָך הײַנטיקער נאַכט זײַנען זיי געוואָרן מערער ווי קרויווים. ער האָט דאָך איצט אַ שטיקל כײלעק אין פּעטראָוויטשעס לעבן, פּונקט ווי פּעטראָוויטש האָט אַ כײלעק אין זײַנעם. דער וועג אין מעדסאַנבאַט איז געווען ניט קיין נאָענטער, אַ קילאָמעטער פופצן, און דאָוויד האָט באַוויזן אויסדערציילן אַלץ וועגן זיך, וועגן בערל שויכעט, וועגן ביניאָמין אָקס און וועגן זײַנע לערער פון דאָפּטאַנו. און וועגן זײַן מאַלקען. טאַקע מערער פון אַלץ — וועגן זײַן מאַלקען.

— איך מוז זי זען, דײַן מאַלקען! — האָט לאַזאַרענקאָ געזאָגט.

— פאַרשטייט זיך, אויב... אויב זי לעבט ערגעץ און אויב מיר וועלן אַרויס גאַנץ פון אָט דער שפּיל.

...וועגן דעם, אַז צײַט איז אַ באַדינגלעכער באַגריף, האָט ער שוין געוווסט פון לאַנג. נאָר וועגן דעם, אַז די צײַט קאָן אַמאָל בלײַבן שטיין, האָט ער זיך דערוווסט ערשט נעכטן, באַ לייזערן אין שטוב. דאָרט האָט די צײַט זיך אָפּגעשטעלט, געבליבן אַזוי, ווי מיט דרײַסיק יאָר צוריק. זיך אָפּגע־

שטעלט און וויל ווײַטער ניט גיין, און זיי אלע, לייזער מיט זײַן געזינדל, ציילן די צײַט לויט אן אלטן, האלב אויסגעפליקטן און האלב פארשימלטן לועך. וואָס וועט ער זאָגן פעטראָוויטשן נאָך דעם, וואָס ער האָט פאר איין טאָג זיך אזויפיל אָנגעזען, אָנגעהערט און אזויפיל איבערגעטראכט? ניט וויניקער, ווי אין יענער נאכט. כאָטש... זאָגן דארף ער, אייגנטלעך, גאָרניט. ער דארף נאָר זען, וואָס ער טוט, און אויב עס האלט ניט גוט, וועט ער אופהייבן די גאנצע מעדיצין פון דער שטאָט, די גאנצע פּראָפעסור. ווײַל פעטראָוויטשעס לעבן האָט אים געקאָסט ניט וויניק. און מיט מיכלען וועט ער ערשט א שמועס טאָן! זאָלן זיי ניט מיינען, די יונגע, אז זיי ווייסן אלץ און אז זיי זײַנען שטענדיק גערעכט.

די מעכוטענעסטע בליומע איז אים פארלאָפן דעם וועג, און ווען ער איז ארײַנגעקומען צו לאזארענקאָן, האָט ער זי שוין געטראָפן אין שטוב... זי האָט זיך געפּאָרעט אין קיך, ווי בא זיך אין דער היים, ווײַל די קנישעקלעך, וואָס זי האָט געבראכט מיט זיך, יענע קנישעקלעך מיט קעז, וואָס פעטראָוויטש האָט אזוי ליב, האָבן מיטן וועג זיך אויסגעקילט און מע האָט זיי געדארפט אונטערוואַרעמען. און ניט אף קיין הויל פײַער, נאָר אין דער דוכאָווקע.

מאריַא סערגייעוונא, לאזארענקאָס פרוי, האָט אים געעפנט די טיר, צוגעלייגט א פינגער צום מויל און שטיל געוואָרנט:

— נאָר... אָן נעגאטיווע עמאָציעס.

— כ'ווייס, כ'ווייס...

ער האָט נאָך ניט באוויזן, ווי עס פירט זיך איצט, אויסטאָן די שיך און ארײַנקריכן אין די ווייכע שטעקשיך, ווי בליומע האָט גענומען דאָס וואָרט:

— קומט נעכטן אהיים מײַן שוליע. איך טו א קוק אף אים... גאָטעניו, אזוי זעט אויס א מענטש, וואָס באקומט א שטרענגן אויסרייד. וואָס איז געשען? — פרעג איך אים. זאָגט ער מיר, אז פעטראָוויטש איז קראנק. א מאָשל, וואָס הייסט קראנק? א גריפּ, צי די לעבער, כאָלילע, צי עפּשער פּאָשעטער קאָפּווייטעק? זאָגט שוליע — דאָס הארץ. ווײַ איז מיר, וואָס הייסט דאָס הארץ? און א קארדיאָגראמע, — פרעג איך אים, — א קארדיאָגראמע האָט מען געמאכט? זאָגט ער מיר, ער ווייסט ניט. אָט האָט איר אײַך מײַן שוליען. און פעטראָוויטש האָט אזוי ליב מײַנע קנישעקלעך. ער האָט בעסער ליב מיט פּאָסאָליעס, נאָר הײַנט פּאָסאָליעס — זאָל גאָט אָפּהיטן. בין איך אופגעשטאנען א גרויסן פארטאָג...

קיריל פעטראָוויטש איז געלעגן ארומגעלייגט מיט קישעלעך פון אלע זײַטן, איבערגעדעקט מיט דער ווינטערדיקער קאָלדרע ביזן האלדז. ס'האָט אויסגעזען, אז ער לײַדט פון קעלט. פאר די אלע יאָרן האָט דאָוויד געזען פעטראָוויטשן א פריילעכן און א פארומערטן, א היציקן און אינגאנצן אָן אָפּהענטיקן, א בייזן און ביז גאָר א צוגעלאָזטן, געזען ניט איין מאָל, ווען די זאוואָדישע איניאָנים זײַנען געגאנגען אף אזויפיל שלעכט, אז פעטראָוויטש האָט א פארצווייפלטער זיך געכאפּט פארן קאָפּ, און ער, דאָוויד, האָט געמוזט אמאָל מיט א גוט וואָרט און אמאָל מיט עטלעכע ווײַט ניט קיין גוטע ווערטער אים אונטערמונטערן, אָדער, ווי פעטראָוויטש אליין פלעגט דערנאָך זאָגן, ארויסטאַסקען פונעם מינען־פעלד. אָבער אזא קראנקן,

אַן אָנמעכטיקן, מיט פאַרדעכטיקער געלקײַט אפן אָנגעצויגענעם ניט גע־גאָלטן פּאָנעם, זעט ער אים צום ערשטן מאָל.

דאָוויד איז אף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום בעט, שטיל צוגערוקט דאָס בענקל און זיך צוגעזעצט צוקאָפּנס. אים האָט זיך געדוכט, אַז קיריל פּעטראָוויטש דרעמלט. נאָר קיריל פּעטראָוויטש איז ניט געשלאָפן. ער איז פּאָשעט געווען שטארק פארנומען מיט זיך, מיט זײַנע אייגענע געדאנקען און אפילע ניט באמערקט, ווי די אויגן האָבן זיך אליין צוגעמאכט. דער־הערט, ווי עמעצער איז צוגעקומען, האָט ער געעפנט די אויגן און דערזען דאָווידן, זיך ניט פאַרכידעשט, גלײַך ווי ער וואָלט די גאַנצע צײַט געוואַרט אף אים. ער האָט ארויסגעצויגן פון אונטער דער קאָלדרע א שטארק איבערגעוואָרעמטע האנט, א ביסל צו שלאבעריק, ניט לויט זײַן טעווע, זי דערלאַנגט דאָווידן און שטיל ארויסגערעדט:

— שלעכטע געשעפטן, באטיא, איך בין ווידער ווי אפן מינען־פעלד.

דאָוויד האָט לאַנג געהאלטן פּעטראָוויטשעס האנט אין זײַנער. ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל הייסן, אַז ער אליין איז נעכטן אויך געווען ווי אפן מינען־פעלד, נאָר געכאַפּט אף זיך מאַרי׳עס וואָרענענדיקן בליק, האָט ער זיך אָנגערופן א ביסל שטרענגלעך:

— נו, נו, איך האָב פײַנט, אַז מע רעדט אף טאַרגום־לאָשן.

דאָוויד האָט שוין א פּאָר מאָל, בא פארשיידענע אומשטענדן, אים געמו־סערט מיט די זעלבע ווערטער און אויך באוויזן דערקלערן, וואָס באטײַט טאַרגום־לאָשן ביכלאל און וואָס ער, דאָוויד, מיינט ביפראַט. ער מיינט, ווען א מענטש הייבט אָן רעדן פאַרשטעלט, מיט רעמאַזימלעך, מיט אָנצוהע־רענישן, מיינט אײַנס און זאָגט עפּעס אנדערש, אָדער רעדט אומיסטן אזוי, אַז א צווייטער זאָל ניט פאַרשטיין. בא א דירעקטאָר טרעפן זיך אָפּטמאָל אזעלכע מאָמענטן, ווען ער מוז אָנקומען צום טאַרגום־לאָשן. נאָר דאָוויד האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרלײַדן. ער האָט געהאלטן, אַז א סאָוועטישער דירעקטאָר מוז שטענדיק זײַן אָפנהארציק און זאָגן דאָס, וואָס ער מיינט. און ווײַל איצט איז די מײַסע ניט אינגאנצן אזוי, האָט ער דאָס שוין גע־מוזט אליין פאַרטײַטשן:

— וואָס רעדסטו אף זיך אָן? דער דאָקטער האָט געזאָגט...

— מאלע וואָס דאָקטוירים זאָגן!

שפּאַרן זיך איבער דעם, וואָס דאָקטוירים זאָגן, האָט דאָוויד ניט גע־וואָלט, ווײַל ער האָט פּאָשעט ניט באוויזן פרעגן מאַרי׳ען, צי איז שוין הײַנט געווען דער דאָקטער און וואָס האָט ער געזאָגט. האָט ער געמוזט רופן צוהילף בליומען מיט אירע קנישעקלעך:

— אנו, מעכוטענעסטע, זיי האָבן זיך שוין אָנגעוואָרעמט? איך בין אויך א באלן פאַרזוכן.

קעגן בליומעס אָנגעוואָרעמטע שמעקנדיקע קנישעקלעך האָט מאַרי׳א גאָרנישט ניט געהאט, ווײַל מיט קיין נעגאטיווע עמאָציעס האָבן זיי ניט געשמעקט... מע האָט גענומען צו איינע קנישעקלעך, דערנאָך נאָך צו איי־נע, געקײַט מיט פארגעניגן, ווי עכטע זוילעל־וועסויוועניקעס, און גע־שמייכלט דערבײַ איינער צום אנדערן מיט א גאָר באזונדערן שמייכל. א

שמייכעלע, וואָס איז אָנגעפּילט מיט אָן אַ שיר דערינערונגען. רירסטו זיך נאָר צו צו אײנס, צערודעוועט עס גלײַך אַ צווייטס...

בליומע איז געשטאַנען בא דער זײַט און זיך געשמעלצט פון טײַנעג, צוקוקנדיק, וויאַזוי די מאַנצבלען קוויקן זיך מיט אירע קנישעקלעך, וויאַזוי זיי שמייכלען ווויליונגעריש, און ווי פּעטראָוויטשעס בלייך פּאָנעם איז מיטאַמאָל געוואָרן ראָזעווע, און די אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט מיט אַ גוטן, פרייליכן גלאַנץ פון אַ געזונטן מענטשן. אָט ווי אירע קנישעקלעך קאָנען אויסהיילן דעם סאַמע שווערסטן כוילע! הײַנט ווען זי קאָן זיי נאָך אָנגיסן צו קויסעלעך ווײַן! נאָר דאָס, ווייסט זי גוט, איז פאַר בײדן, ווי סאַם. איז אויב זי קאָן זיי ניט אונטערוואַרעמען מיט אַ ביסעלע ווײַן, קאָן זי זיי מעסאַמייעך זײַן מיט אַ פרישער געשיכטע, נאָרוואָס פונעם מאַרק געבראַכט. זי דאַרף נאָר אַ ביסל איבערסאָרטעווען דאָס ביסל לעצטע נײַס, וואָס זי האָט הײַנט צונויפגעקליבן, און אַרויסבאַקומען דאָס, וואָס זי דאַרף.

— איך האָב באַגעגנט מײַנע אַ שכיינע, ווייסט איר, וואָס זי האָט מיר דערציילט? איר פאַרשטייט, איך בין שוין געגאַנגען פונעם מאַרק, דערמאָן איך זיך, אַז איך דאַרף נאָך קויפן הרעטשענע גרויפּן. בא מײַן שוליען איז אַ הרעטשענע קאַשע!..

פאַרפּלאָנטערט זיך צווישן די גרויפּן, האָט זי פאַרגעסן, וואָס זי האָט געוואָלט דערציילן. פּלוצעם אַ קלאַפּ געטאָן מיט בײדע הענט אין פאַרטעך און אויסגעשריגן:

— אוי, כ'האָב גאָר פאַרגעסן!

דאָס איז געווען ניט קיין אָנשטעל. מיט די פאָרענישן אַרום די קנישעקלעך, מיטן שפּאַציר אַהער איז בליומע ווידער אַרויס פונעם גראַפיק. אַ סאַך זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפט פאַר די פאָר שאָ אָפּגעטאָן ווערן, זײַנען געבליבן ניט אָפּגעטאָן, און זי וועט שוין איצט מוזן יאָגן, אָפּטאָן אײניקע זאַכן בעכיפּאָזנדיק. און פון אײַלעניש, ווייסט זי, קומט קיין גוטס ניט אַרויס. עפּעס וועט שוין זײַן אָדער ניט דערזאָלצן, אָדער איבערגעזאָלצן, אָדער, גאָט זאָל אָפּהיטן, אַ ביסל צוגעברענט. געכאַפּט דעם קאָשעק, וויניט־איז אַ ביסל פאַריכט דאָס טיכל אויפן קאָפּ, אָנגעווינטשעוועט אַלעמען, וואָס מע דאַרף אָנווינטשעווען, אָנגעזאָגט פּעטראָוויטשן, וואָס אים קומט, און מאַריַען, וואָס איר קומט, און קימאַט אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב.

אָן בליומען איז אין שטוב מיטאַמאָל געוואָרן אַ ביסל צו שטיל, און די שטילקײַט האָט אויסגעזען עפּעס ניט לײַטיש און ניט צו דער צײַט. דאָוויד מיט פּעטראָוויטשן האָבן נאָך אַלץ געקוקט אײנער אויפן אַנדערן מיט יענעם שמייכעלע, וואָס נאָר זיי אַליין פאַרשטייען, נאָר דאָס שמייכעלע האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן זיך צו לעשן. דאָס האָט מען געקאָנט זען אויף פּעטראָוויטשעס פּאָנעם, אויף וועלכן דאָס קאַפּעלע ראָזעווע פאַרב האָט אָנגעהויבן ווי אָפּגעריבן ווערן. דאָס האָט מאַריַען געשראָקן מערער פון אַלץ, ווײַל נאָך אַזאַ צערודערונג קאָן ווידער עפּעס זיך טרעפן. ניין, ס'האָט גאָרנישט ניט געטראָפן. די פאַרצויגענע שוויַגעניש איז געקומען דערפון, וואָס פּעטראָוויטש האָט געטראַכט, וויאַזוי צו דערציילן דאָווידן, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אים מיט זײַן מיכלען. און כאָטש אין דאָווידס אויגן

האָט ער געזען, אַז ער טראַכט אויך וועגן דעם, אַז ער ווייסט וועגן אַלץ מיט אַלע גענויִקייטן, האָט ער פונדעסטוועגן געוואָלט אָפּסגײַ אַלץ איבער־דערציילן, געוואָלט און אַ ביסל זיך געשראָקן. נאָך אַלעמען קאָן ער דאָך ניט זאָגן קאַטעגאָריש, אַז ער, לאַזאַרענקאָ, איז אינגאַנצן גערעכט און מיכל איז אינגאַנצן אומגערעכט. אין ביידנס פּאָזיציעס זײַנען פאַראַן אַ סאַך „פאַר" און אַ סאַך „קעגן". און ס׳איז ניט אַזוי גרינג דאָס איבערוועגן און איבערמעסטן. איין זאַך ווייסט ער גוט: אָנעמען מיכלס פּאַרשלאָג הייסט מיט די אייגענע הענט זיך אופהענגען אַ שטריק אַפן האַלדז.

דאָס, וואָס דאָוויד האָט געוואָלט דערציילן לאַזאַרענקאָן, איז אויך גע־ווען ניט פון די גרינגע זאַכן. ווי דערציילט מען עס וועגן דעם, אַז זײַן אייניקל, זײַן ציפּעלע, האָט פּלוצעם אָנגעהויבן רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן. ער וועט גאָר ניט גלייבן, קיריל פּעטראָוויטש.

— אוי, ווי דו פעלסט מיר איצט אויס, דאַוויד מיכײַלאָוויטש! — האָט פּעטראָוויטש אַ זיפץ געטאָן.

— דו מיר אויך!

— פאַרשטייסט, איך האָב צום נײַעם סעקרעטאַר גאָרניט. דו קענסט אים ניט ערגער פון מיר, ער איז דאָך געווען דײַן פאַרטרעטער. ער איז אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און אַלץ איז בא אים אין אָרדענונג. מיט די פאַר־זאַמלונגען, מיט די פאַרטרעטן אין אַלע צעכן. נאָר... ווי זאָל איך דאָס זאָגן... וויקטאָר זאַכאַראָוויטש איז ניט דער מענטש, איך זאָל אַרײַנקומען צו אים נאָך דער אַרבעט און אָפּקאַליאַקען אַ פּאָר שאָ. מעגלעך דערפאַר, וואָס ער איז אַ סאַך ייִנגער פון מיר. זיי זײַנען אַלע אַ סאַך ייִנגער פון אונדז.

מאַריִאַ סערגייעוונאַ איז צוגעקומען און אָנגעהויבן איבערקלאַפּן די קיי־שעלעך. דערבײַ האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז צײַט אײַנעמען די טראָפּן. און נאָך אַלעמען ווידעראַמאָל געוואָרנט:

— קיריל, האָסט שוין פאַרגעסן? די דאָקטוירים האָבן געוואָרנט...

— איך געדענק, איך געדענק, מאַריקע, איך זאָג דאָס אָקעגן דעם...

אײַנגענומען די ביטערע טראָפּן, פּאַרקרימט זיך אַ ביסל און אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די ליפּן, האָט ער אַפּגיך גענומען אויסדער־ציילן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, איידער מאַריִע, וואָס איז אַוועק אין קיך אויסשווענקען דעם לעפל, וועט אַרײַנקומען צוריק און אַרופלייגן איר וועטאָ.

— נעכטן פאַרנאַכט האָב איך אָנגעקלונגען דײַן זונדל. איך האָב אים געבעטן אָנקלינגען אין גלאַווק וועגן שטאָל, ווײַל אונדז איז געבליבן בלויז אַף עטלעכע טעג. זאָלסטו געווען זען, ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אַף מיר.

— און דו האָסט געזען?

קיריל האָט זיך ניט באַליידיקט, ניט אַף דער פראַגע און ניט אַפן שמייכעלע. כאָטש דאָס שמייכעלע אַליין איז געווען ערגער פון דער פראַ־גע.

— אַ מאָשל. איך האָב דאָס דערפילט. איך האָב געפילט זײַן בליק אין

אלע געדערים. מיך האָט אזש באשלאָגן א היץ, ווי עפּעס א ייִנגעלע, ווע־ מען מע האָט געפּאַקט בא א ליגן. מיר ווייסן ביידע גאַנץ גוט, אז שטאָל איז נאָך דאָ אַף א פּאָר וואָכן, נאָר אויב אָנהייבן אַליאַרמירן, ווען דער לעצטער בויגן וועט צעשניטן ווערן, וועט שוין זײַן שפּעט.

מאַריִא סערגייעוונא האָט זיך שוין אומגעקערט פון דער קיך און מיט איין בליק אויסגעמוסטערט זיי ביידע.

— איך שווײַג, איך שווײַג, מאַריקע. און דו, דאַוויד מיכײַלאָוויטש, שווײַג אויך. לאָמיר שווײַגן ביידע בעשוטפעס. מיט דיר אָפּשווײַגן א שאָ איז אויך עפּעס ווערט. ס'איז אַמאָל א סאַך מערער, ווי גערעדט.

האָבן זיי ווידער געשוויגן. און ס'איז טאַקע געווען מערער, ווי גע־ רעדט. ווײַל פּלוצעם, גלײַך זיי וואָלטן געהאַלטן אין איין אויסטײַטשן זיך, אפילע ווי זיך געקריגט איבער עפּעס, האָט קיריל פּעטראָוויטש א הייב געטאָן דעם קאָפּ פון דער קישן און אפילע א ביסל צו בייזלעך אַרויסגע־ רעדט:

— און טאַקע... וואָס האָסטו גענומען און זיך אויסגעשפּאַנט? אוואַדע, אַרויסטרעטן פאַר די פּיִאָנערן מיט דערינערונגען איז פיל גרינגער!

— געוויס, — האָט דאַוויד אָפּגעענטפערט שטיל, ווי גערעדט צו זיך אַליין, — באַזונדערס, ווען איך מוזיי הענגט פאַר אַלעמען דײַן פּאָרטרעט און פיל אַנדערע פּאָרטרעטן. און דו אַליין קוקסט אַף זיי, ווי אַף לעבע־ דיקע. און אַלע מאָל, ווען דו ווילסט אָנהייבן עפּעס דערציילן, שטייט אַף דער וואַך דאָס האַרץ, ווי דײַן מאַריִא, און וואָרנט: מע דאַרף ניט, מע דאַרף ניט!

— נו, נו, זײַ מויכל, — איז קיריל פּעטראָוויטש ווייכער געוואָרן. — איך האָב ניט געוואָלט... ווייסט דאָך, עס כאַפּט זיך בא מיר אָפּטמאָל עפּעס אַרויס ניט ווילנדיק, דערנאָך האָב איך אַליין כאַראָטע. דערפאַר טאַקע וויל איך דיך האָבן א ביסל נענטער צו זיך, עס זאָל זיך ניט אַרויסכאַפּן.

— מיינסט, אז איך אַליין טראַכט ניט וועגן דעם? נאָר אַלע מאָל, ווען איך קום אַרײַן אַפן זאַוואָד, דוכט זיך מיר, אז מײַן צײַט איז שוין אַרי־ בער, אז אַלץ איז שוין אַוועק צו ווײַט פון מיר און איך וועל ניט קענען.

— דו? דו וועסט ניט קענען? ווי שעמסטו זיך ניט אַרויסברענגען אַזעל־ כע ווערטער!

— ניט אין דעם גייט עס...

קיריל איז שוין ווידער געוואָרן בייז און קימאַט אויסגעשריגן:

— אין וואָס זשע דען?

נאָר די פראַגע איז געבליבן ניט פאַרענטפערט. מאַריִא סערגייעוונא האָט אָנגעשריגן אַף זיי ביידע:

— איינס פון די ביידע, אָדער איר זיצט שטיל, אָדער איך וועל אײַך מוזן צעשיידן. צי דען האָט איר מערער ניט וועגן וואָס צו רעדן?

נאָר וועגן דעם, וואָס ס'איז בא ביידן געווען אַף דער צונג, האָבן זיי רעדן ניט געוואָלט. ס'איז זיי ביידן ניט געווען גרינג...

## 7

שיינדלען איז טאַקע געווען שווערער פון אַלעמען. ערשטנס, דערפאַר, וואָס איר איז פּאַשעט שווער געווען טראָגן אַף זיך דעם אָל פון אַזאַ שטוב. זי קאָן אַפילע ניט פאַרשטיין, ווי קומט עס, אַז אין אַזאַ גראַמער דירע, צו וועלכער זי איז אַפילע נאָך ניט אינגאַנצן געוווינט געוואָרן, ווערט איר אַמאָל אַזוי ענג און דושנע, אַז עס סטײַעט ניט מיט וואָס צו עטעמען. ס׳איז אַ נאַרישקײַט, פאַרשטייט זיך. דער שווער האָט זיך זײַן צימער, ציפּעלע איר צימערל, און זי מיט מיכלען זייער צימער. און ניט פון זיי קומט דער געפיל פון ענגשאַפט. דער געפיל באַזעצט זי אָפּטמאָל פון די אַנדערע, וואָס פאַרפּילן מיט זיך אַלע דרײַ צימערן, די קיך און פאַרוקן זי, שיינדלען, אַ ביסל אין אַ זײַט. זי וועט דאָס קיינעם ניט זאָגן, אַפילע דער אייגענער מאַמען וועט זי זיך ניט מודיע זײַן אין דעם, נאָר אָפּטמאָל אייפערט זי איר מאַן... צו וועמען? צו ציפּעלען. ניט, כאָלילע, צו זייער טעכטערל און אוואַדע ניט צו זײַן פאַרפרוירן געוואָרן שוועסטערל, זי ווייסט אַליין ניט, ווי־אַזוי דערקלערן דאָס. זי אייפערט אים פאַר אָט דער מאָדנער ליבע צו עפּעס אַ צווייענדיק ציפּעלע, אין וועלכער ער זעט שטענדיק סײַ זײַן טעכטערל און סײַ זײַן שוועסטערל. און אַמאָל... אַמאָל הייבט איר אָן אַפילע וואַרגן אין האַלדז, ווען דער שווער טוט פּלוצעם אַ זאָג צו ציפּעלען — טאָכטערוניע. ווײַל ער, דער שווער, אויך... ער זעט אין ציפּעלען ניט נאָר זײַן אייניקל, נאָר אויך זײַן טעכטערל, וואָס ער האָט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. און די שוויגער... ווי מעג מען עס אָנפילן אַ שטוב מיט אַזויפיל שאָטנס!

עס ווערט איר פריקרע פון אַזעלכע געדאַנקען, און זי הייבט אָן זידלען זיך אַליין: וואָס פאַר אַן אייפער, וואָס פאַר אַ ווינקעלע? וואָס טראַכט זי אויס פאַר זיך אַזעלכע זאַכן, ניט־געשטויגן, ניט־געפלויגן? נאָר אינגאַנצן באַפרײַען זיך פונעם געפיל פון ענגשאַפט און פון די שאָטנס, וואָס שוועבן אַרום אין שטוב אַ קײַלעכיקן מעסלעס, קאָן זי ניט. אָט, אַפילע די מומע אַריסיע. ניין, די מומע אָריסיע איז ניט קיין שאָטן. דאָס איז אַ לעבעדיקע, אַ גוטע און זייער אַ צוגעלאָזטע מומע אָריסיע, זיי זײַנען שטענדיק די סאַמע אָנגעלייגטסטע געסט אײַנער באַם אַנדערן, נאָר זי קאָן עפּעס ניט לײַדן, ווי־אַזוי איר מיכל טוט אַ רעד אַרויס די פּאָר ווערטער — מומע אָריסיע. באַזונדערס, ווען אָנשטאָט „מומע״ זאָגט ער איר „מאַמע״, און דאָס טרעפט זייער אָפט. ווייסט זי שוין ביכלאַל ניט, צו וועמען אייפערן און וועמעס קריוודע זיך אָנעמען.

נאָר דאָס אַלץ זײַנען געדאַנקען און געפילן בלויז פאַר זיך אַליין. קיינער טאָר זיך אַפילע ניט אָנשטויסן וועגן דעם, פּונקט ווי זי טאָר ניט אַרויסווײַזן פאַר אירע קראַנקע אירע פאַרשיידענע שטימונגען. פאַר אירע שטוביקע איז זי די גרעסטע בעריע, אַ מענטש, וואָס ווייסט ניט, וואָס הייסט מיד, וואָס הייסט קאָפּווייטעק, און פאַר אירע קראַנקע איז זי אַ גאָט, זייער רעטונג.

אין דער היים הייסט זי פּאַשעט שיינדל, אָדער שיינדעלע. קיינער וועט ניט זאָגן, אַז זי האַלט שוין באַ די פערציק, און זי אַליין גלייבט אויך ניט

אין דעם. זי האָט נאָך גאָרניט ניט אָנגעוווירן פון איר מיידלשער שלאנקײַט און לוסטיקײַט און פון איר גרינגן גאנג. באזונדערס פארקוקן זיך מענער אף אירע האָר — געדיכט־געקרײַזלטע, ליכטיקע, מיט עפּעס א קופּערנעם אָפּגלאנץ, וואָס מינעט זיך באזונדערס קעגן דער זון. אייניקע ווילן אפילע ניט גלייבן, אז דאָס זײַנען טאקע אירע האָר. מוז שוין בליומע אליין, וואָס קוועלט שטענדיק אָן פון איר שטאָלטנעקײַט, פון איר גאנג און פון אירע האָר, שווערן זיך מיט איר אייגן געזונט און מיטן געזונט פון אירע אלע קינדער און אייניקלעך, אז דאָס זײַנען טאקע שיינדלס האָר און זי האָט זיי קיינמאָל ניט געפארבט. קאָן זײַן, אז גראָד דערפאר, וואָס שיינדל מוטשעט ניט אירע האָר, זעען זיי אויס נאטירלעך־פרעכטיק און פונקט אזוי נאטירלעך־אָנגעמאָסטן צו איר גלאטן און הויכן שטערן, צו איר לענגלעך פּאָנעם און צו אירע א ביסל צו פארטראכטע אויגן, אין וועלכע ס'איז שטענדיק ווי פארבאָרגן א וויכטיקער סאָד. וואָס איז אזוינס פארבאָרגן אין אירע אויגן, ווייסט זי אליין ניט, נאָר אויב איר מיכל זאָגט, אז פארליבט האָט ער זיך גראָד אין זיי, אין אירע גרויסע, א ביסל פארטרוימטע אויגן, ווייסט ער מיסטאמע, וואָס ער זאָגט.

אין דער היים, ווען זי הייסט שיינדל, אָדער שיינדעלע, גייט זי אָנגעטאָן אין א געקווייטלט כאלאטל, א קורץ פארטעכל מיט גרויסע קעשענעס אויך פון דעם מין, שטעלט זיך אוועק לעבן גאז־אייוועלע און ווערט א ביסל געראָטן אין איר מאמען. דאָס לענגלעכע פּאָנעם ווערט פארפלאמט, דער הויכער שטערן — א ביסל פארשוויצט, און ס'קלעפּן זיך צו צו אים א פּאָר קוטשערלעך פון אירע קופּערנע האָר. קאָכן און באקן האָט זי ליב, ווי די מאמע אירע. זי האָט פּאָשעט ניט ווען אָפּגעבן זיך מיט דעם.

אז זי גייט אוועק אין שפּיטאָל, לאָזט זי איבער שיינדלען — שיינדערלען אין דער היים. דאָרטן האָט זי אנדערע צוויי נעמען. אייניקע רופן זי גאנץ ערנסט יעווגעניא סולימאָוונא, אנדערע, פון יענע קראנקע, וואָס ליגן א לענגערע צײַט, — מערער היימיש, מיט אכטונג, מיט ליבע און מיט א בייסעלע כניפע אויך — זשעניטשקע. עס בלײַבן מיט איר די זעלבע ליכטיקע האָר מיטן קופּערנעם אָפּגלאנץ, אף וועלכע אלע זײַנען איר מעקאנע, דאָס זעלבע לענגלעכע פּאָנעם און גרויסע, סוידעספולע אויגן. נאָר ווען זי טוט אָן דעם ווײַסן כאלאט און באקרוינט דעם קאָפּ מיטן ציכטיק־ווײַסן היטעלע, זעט זי אויס גאָר אנדערש. זי ווערט גלײַך מיט א קאָפּ העכער, אף א פּאָר יאָר יינגער, אף צען יאָר שטרענגער, און אין איר פעסטן, געמאָסטענעם גאנג באווײַזט זיך עפּעס הערשנדיקס. זי איז דאָך ניט קיין פּאָשעטע מעדיציניש שוועסטער, נאָר א כירורגישע, האָט יעדן טאָג צו טאָן מיט פרישע און אלטע ווונדן, מיט שטילע קרעכצן און הויכע געשרייען, מיט אײַנשפּריצונגען און באנדאזשירונגען, מיט פיל פארבאָרגענע ווייטעקן און מיט אויגן, פול מיט האָפענונגען און מיט געבעט צו איר, יעווגעניא סולימאָוונא, פאר וועמען זי איז איצט מערער, ווי גאָט אליין. מוז זי זיי ווײַזן, אז זי איז טאקע אזא. מיט איר פעסטן גאנג, מיט איר שטרענגן בליק און מיט איר גרינגער האנט. ניט מער, אז זי דארף איבערבינדן און באארבעטן עפּעס זייער א שווערע און טיפע ווונד, מוז זי צו איר גרינגער האנט צוגעבן א גרינג שמייכעלע און עטלעכע גרינגע, דערמונטערנדיקע ווערטער,

וואָס דארפן ווירקן אפן כוילע, ווי אן אָפּשפּרעכעניש, אזוי, אז אים זאָל זיך טאקע דוכטן, אז די ווייטעקן זײַנען גאָר ניט אזעלכע שרעקלעכע.

טרעפט אָבער זייער אָפט, ווען די שטוביקע שיינדל גייט איר נאָך פוסטריט, גאנוועט זיך ארײַן אין שפּיטאָל, שטייט הינטער אירע פּלייצעס אפילע דאן, ווען זי טוט אָן דאָס ווײַסע היטעלע און ווערט שוין אינגאנצן יעווגעניא סולימאָוונא. זי, יעווגעניא, דארף גאָר זײַן ערנסט, ווײַזן איר מאכט, אָדער גאָר א שמייכל טאָן צו א כוילע, שעפּטשעט איר שיינדל ארײַן אין אויער עפּעס אזוינס, פון וואָס עס ווילט זיך גאָר וויינען. יעווגעניא האלט זי אין איין טרײַבן פון זיך מיט גוטן און מיט בייזן, גיט איר טויזנט מאָל צו פארשטיין, אז דאָ, אין שפּיטאָל, איז זי ניט שיינדל, קאָן ניט טראכטן ניט וועגן מאן מיט זײַנע אווטאָמאטן, ניט וועגן ציפּעלען, וואָס דארף אינגיכן ענדיקן דעם צענטן קלאס, ניט וועגן לעבעדיקן שווער, ניט וועגן דער פארשטאָרבענער שוויגער. אז דאָ איז זי בלויז א מעדיציניש שוועסטער, אז אף איר קוקן ארויס צענדליקער קראנקע און אז אירע אויגן, איר קאָפּ און איר הארץ זײַנען איצט פארנומען נאָר מיט זיי! נאָר שיינדל... זי האלט אין איין טײַנען:

— וואָס וועט זײַן מיט ציפּעלען? גענוג, וואָס דו...

זי טרײַבט שטענדיק פון זיך אָט דעם געדאנק, אפילע ווען זי איז אין דער היים און איז פון קאָפּ ביז די פיס שיינדל. האָט ער זיך הײַנט ארײַנגעגאנוועט גראָד דאן, ווען זי האָט אראָפּגענומען די פארקויטיקטע מארליע מיטן פארזאָטענעם בלוט, וואָס איז צוגעקלעפּט געוואָרן, ווי ארײַנגעוואקסן אין דער וווּנד פון איר סאמע געפערלעכסטן כוילע. ווערט זי שוין ביז גאָר בייז אף שיינדלען.

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן?

אז זי איז בייז געוואָרן, האָט קיינער ניט באמערקט, און דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט, האָט קיינער ניט געהערט. דעם כוילע האָט זי ארומגעוואשן און איבערגעבונדן די וווּנד מיט אירע גרינגע הענט און גרינגן שמייכעלע, נאָר אין זיך... אין זיך האָט זי אָנגעהויבן פארענטפערן יעווגעניא סולימאָוונען פאר שיינדלען. ווײַל וואָס דען האָט זי געזאָלט טאָן? ווען זי מיט מיכלען האָבן זיך שוין געקליבן כאסענע האָבן, זײַנען זיי נאָך געווען גאָרניט און זיי האָבן ביידע נאָך געדארפט טראכטן, וויאזוי ווערן דאָס, וואָס זיי זײַנען געוואָרן. כאָטש ביידע האָבן ניט געוווּסט, וואָס פון זיי וועט ווערן. זיי זײַנען געווען א ביסל צו אלט פאר זייערע אכט קלאסן און צו קינדעריש־מאָגער פאר זייערע צוואנציק יאָר. זיי זײַנען געווען ענלעך אף פיל אנדערע פון זייער דאָר, וואָס האָט געטראָגן אף זיך פיל סימאָנים פון דער מילכאָמע, פון דער עוואקואאציע און אָקופּאציע, לאגערס און געטאָס, סימאָנים פון א סאך פארבויגענע מיטיקס, פארגעסענע וועטשערעס און אינגאנצן אויסגעמעקטע פרישטיקס. ס'וועט דורך א שטיקל צײַט, וועט זיך דאָס אלץ פארגלעטן, די שמאָלע פלייצקעלעך וועלן ברייטער ווערן, די ביינערדיקע אקסלען — פארקײַלעכיקט ווערן, און די אָפּגעצויגענע פענעמער וועלן באדעקט ווערן מיט פארב. עפּשער טאקע געערכט געווען מיכל. דאן, אין יענע ניט זאטע יאָרן, האָט זי געקאָנט אויסנעמען נאָר מיט אירע גרויסע אויגן. איז דאן באשטימט געוואָרן, אז ער, מיכל, גייט ארבעטן

אפן זאוואָד און גייט אריבער אין דער אָוונט־שול, און זי, שיינדל, גיט אָן די דאָקומענטן אין דער מעדיציניִשער שול. און דערנאָך, אז זיי וועלן ביידע זיך שטעלן אף די פיס, — מיכל וועט ווערן א פארדינער און זי וועט אויך אָנהייבן ארבעטן, — וועט מיכל אָנקומען אין אינסטיטוט, זיך לערנען הינטער־אויגיק. זי, שיינדל, וועט אויך זיך לערנען וויַטער. בליומע האָט זייער געוואָלט, אז שיינדל זאָל ווערן אן עמעסער דאָקטער. עמעס, זי האלט איצט אויך, אז שיינדל ווייסט מערער פון א דאָקטער. אָבער א דיפלאָם, א דיפלאָם! האָט זיך אָבער אריַנגעמישט ציפעלע. ווי האָבן זיי געקאָנט ביידע לערנען זיך מיט א פיצל קינד אף די הענט? האָט שיינדל געמאָלדן קאטעגאָריש: זאָל דערוויַל מיכל ענדיקן דעם אינסטיטוט, דערנאָך וועט מען זען. נאָר דערנאָך...

— וואָס הריזעסטו מיך? — טריַבט זי ווידער שיינדלען פון זיך. — וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? האָסט דאָך אליין געזאָגט: דערנאָך, דערנאָך!

דאָס הריזעט זי שוין זיך אליין, וויַל נאָך אלעמען פילט זי זיך א ביסל געקריוודעט דערפאר, וואָס זי איז ניט געוואָרן דאָס, וואָס זי האָט געקאָנט ווערן. נאָר ציפעלע!..

— יאָ, אָבער וואָס וועט זיַן מיט ציפעלען?

וועגן ציפעלען איז ניטאָ וואָס צו רעדן. זי האָט זיך אליין געגעבן א ניידער, זי האָט זיך באשווירן מיט אלע שוועס, אז איר ציפעלע מוז באקומען הויכע בילדונג און עפשער נאָך מערער. מע דארף דאָך זיַן איך ווייס אליין ניט ווער, מע זאָל בא היַנטיקע ציַיטן ניט אָנקומען אין הויכשול. און ציפעלע איז ניט פון די ערגסטע שילערנס. זאָל זיַן אפילע אָן א מעדאל, כאָטש ציפעלע זאָל געוועזן שטארק וועלן... נאָר אפילע אָן א מעדאל, איז זי זיכער, קאָן זי אויסהאלטן דעם גרעסטן קאָנקורס. נעמט אזא ציפעלע און טוט א זאָג, אז זי וויל ווערן א מאניקיורשע. פון זינען אראָפ!

דאָס, וואָס ציפעלע האָט א זאָג געטאָן, אז סיַיווי וועלן זיי אלע דארפן פאָרן אהין, וויַל אזוי האָט געזאָגט דער פעטער לייזער און עפעס א טאָליק, איז איר אין איין אויער אריַין און אין אנדערן ארויס. נאָר טאָליק אליין! וואָס איז דאָס פאר א טאָליק און פונוואנען האָט ער זיך גענומען? און ביכלאל, וואָס פאר א רייד קאָן איצט זיַן וועגן עפעס א טאָליק, ווען עס שטייען פאָר אזעלכע צוויי אָפקומעניִשן, איבער וועלכע זי שלאָפט ניט דורך די נעכט און וואָס לאָזן זי ניט צורו אפילע דאָ, אין שפיטאָל. ווו זי גייט און ווו זי שטייט, הערט איר ניט אוף קלינגען אין די אויערן. אין רעכטן אויער קלינגען איר די ארויסלאָז־עקזאמענעס און אין לינקן די אריַינטרעט־עקזאמענעס. זי ווייסט ניט, וואָס איר ציפעלע טראכט זיך, נאָר איר כאָלעמט זיך אפילע די פיזיק מיט דער מאטעמאטיק, די ליטעראטור מיט דער געשיכטע. און... אפילע א ביזאָיען צו דערציילן, עס כאָלעמט זיך איר, ווי זי שריַבט ערגעץ איבער פארשיידענע שפארגאלקעס און רוקט זיי אונטער ציפעלען בייס די עקזאמענעס.

זי שפאנט פון איין פאלאטע צו דער צווייטער מיט איר פעסטן שפאן און שטרענגן בליק, דעם קאָפ פארהויבן א ביסל ארוף, מיט אן אָנגעפילטן שפריץ אין דער האנט און מיט א פארבאָרגן שמייכעלע אפן פאָנעם. א

שמייכעלע, וואָס מע וועט באלד דארפן לאָזן אין גאנג. און פלוצעם — ווידער שיינדל.

— פונדעסטוועגן, וואָלט מען געדארפט א טראכט טאָן וועגן א רעפּעטיטאָר.

— וואָס פאר א רעפּעטיטאָר אינמיטנדערינען?

— איך ווייס? אלע מאַמעס זוכן איצט רעפּעטיטאָרס פאר זייערע קינדער.

— צוליב וואָס א רעפּעטיטאָר?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן? אלע מאַמעס... זיי רעדן וועגן מאַטעמאַטיק און וועגן ענגליש...

— מאַטעמאַטיק און ענגליש... יאָ, יאָ, מאַטעמאַטיק און ענגליש...

ציפּעלע אליין ווייסט אפילו ניט, וואָס ארום איר טוט זיך. זי שטעלט זיך אפילו ניט פאָר, אז דער זיידע האלט אין איין טראכטן וועגן איר, ווײַל זי האָט אריינגעבראָקט אזעלכע באַרישקײַטן, אז דער טאַטע האָט א גאנצן טאָג ניט אופגעהערט זען פאר זיך ביידע ציפּעלעך, און אז די מאַמע טראכט וועגן רעפּעטיטאָרס. זי שפּאַנט איבער די גאַסן, וואָס באָדן זיך מאַמעס אין זון און אין צוויט, שפּאַנט מיט איר לופטיקן, אונטערשפּרינגענדיקן גאנג, און טראכט וועגן גאָר עפּעס אנדערש. זי טראכט וועגן ציפּעלען און טאָליקן. זי ווייסט אפילו ניט, פונוואַנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער טאָליק, פונקט ווי זי ווייסט ניט, פונוואַנען האָט זיך מיטאַמאָל גענומען אָט די ציפּעלע, וואָס זי אליין קען זי נאָך ניט. ס'הייסט, זי קען זי יאָ א ביסל, נאָר אָפטמאָל דערקענט זי זי ניט, פונקט ווי זי דערקענט ניט טאָליקן. אלע יאָרן איז דאָס געווען גלאַט אזוי א טאָליק. זיי זײַנען איבעינעם אריבערגעגאנגען פון איין קלאַס אין צווייטן, געזעסן אמאָל אף איין פּאַרטע און אמאָל ווײַט איינער פונעם אנדערן, אמאָל געוויצלט זיך, אמאָל געפּאַטשט זיך און מיטאַמאָל... זיך צעוואַקסן און פארשטעלט פאר איר די גאַנצע וועלט. ניין, ניט פארשטעלט, נאָר געמאַכט זי גאָר אנדערש. איז דער פרילינג געוואָרן גאָר אן אנדערער, די זון גאָר אן אנדערע און דער צוויט אוואַדע אן אנדערער. און זי אליין, ציפּעלע, אויך גאָר אן אנדערע. אָפטמאָל ווערט זי אפילו אין קאַס אף אים, אף טאָליקן. ווי האָט ער געוואַגט? ווי האָט ער געוואַגט אוועקרוקן אין א זײַט אלץ אין דער וועלט, אפילו טאַטע־מאַמען? און וואָס איז ער, אָט דער טאָליק? א פאַרזעעניש מיט ארומטאַנצנדיקע אויגן, מיט לאַנגע הענט און מיט א דין, פּישטשענדיק קעלעכל. נאָר וואָס קאָן זי טאָן, אז איר איז דערפון גוט, גוט און גרינג און עפּעס אזוי לופטיק, גלײַך זי אליין וואָלט געווען אָט דאָס ווינטעלע, וואָס שפּאַצירט ארום איבער דער שטאָט. גייט זי ארום איבער דער שטאָט, זי און דאָס ווינטעלע, טוט אלע מאָל א שפּרינג אונטער, ווי גאָר אמאָל, ווען זי איז געגאנגען אין פערטן קלאַס. פּאַכט פאר זיך מיטן שווערן פּאָרטפעל, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט ביכער, שטעלט ארויס עמעצן א צונג און מאַכט דערבײַ אזעלכע האוויײַעס, גלײַך אף אָט דער ברייטער, פרילינגדיק־ראַשיקער גאַס וואָלט זי געווען איינע אליין.

דאָך פארשטייט זי, אז זי דאַרף הײַנט קומען אהיים א ביסעלע פריִער. אָנוואַרעמען פאר אלעמען דעם מיטיק און באַגעגענען טאַטע־מאַמע מיט א

ווייכן, צוגעלאָזטן בליק. זי ווייסט אַליין ניט, פאַרוואָס מוז זי אַזוי טאָן, נאָר עפּעס זאָגט איר אונטער, אַז זי דאַרף הײַנט עפּעס טאָן אַזוינס, אַז אין שטוב זאָל ווערן אַ ביסעלע פריילעכער. שוין אַ פּאָר טעג, אַז אַלע גייען אַרום אויף די שפּיץ פינגער, מע רעדט קימאַט ניט איינער מיטן אַנדערן, ס'איז מערער געשושקעט, ווי גערעדט, און מע קוקט אויף איר אַזוי, גלײַך ווער ווייסט, וואָס פאַר אַן אַוועירע זי איז באַגאַנגען. עמעס, דאָס, וואָס זי האָט אַרײַנגעבראַכט וועגן יִסראָעל, איז געווען אַ נאַרישקײַט. און ניט געווען געדאַרפט אַרויסשטעלן זיך פאַר אַ מאַניקיורשע. נאָר דאָס איז דאָך געווען געזאָגט גלאַט אַזוי, אין אַ שפּאַס. וואָס זשע זײַנען זיי אַזוי אָנגעדראָדלט? אַפילו דער זיידע. ער איז דאָך אַ קלוגער, דער זיידע, און ער דאַרף פאַרשטיין...

מיכל און שיינדל זײַנען הײַנט געקומען פון דער אַרבעט קימאַט אין איין צײַט. ביידע גלײַך איבערגעטאָן זיך און גענומען זיך אַרומוואַשן. מיטן זאַוואָדישן שטויב ספּראַוועט זיך מיכל גאַנץ גיך. מיט די שפּיטאָלישע רייכעס איז פיל ערגער. דער שטיקנדיקער געמיש פון וואַלעריאַנקע און פּישאייל, פון קאַרבאָלקע און צימערינג הענגט אין שטוב זייער לאַנג, און אַפילו דאַן, ווען שיינדל טוט אָן דעם געקווייטלטן כאַלאַט מיטן קורצן פאַרטעכל, קאָן זי נאָך לאַנג ניט אַרויסטרײַבן פון שטוב די שפּיטאָלישע רייכעס.

— נו, וואָס מאַכן דײַנע קראַנקע? — פרעגט מיכל שטיל, ווי בא זיך אַליין.

— נישקאָשע, אַלץ איז אין אָרדענונג. און וואָס הערט זיך מיטן גוס־צעך?

שמייכלט ער צו, מיכל. ס'קומט אויס, אַז דער גוס־צעך איז אויך, ווי אַ שווערער כוילע.

— אויך נישקאָשע, — ענטפערט ער אָפּ.

ער מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז שטאַרק מיד, אַזוי מיד, אַז אים איז שווער אויסרעדן אַ וואָרט, ווײַל אויב אָנהייבן רעדן, וועט ער מוזן דערציילן וועגן די זאַוואָדישע איניאָנים. און וועגן דעם, וואָס הײַנט איז געשען. וויל ער ניט. ער טאָר דאָס פּאָשעט ניט דערציילן.

דער הײַנטיקער גאַנצפרי אויפן זאַוואָד איז געווען ענלעך אויפן נעכטיקן, ניט מער, ער האָט פאָרויס געוווסט, אַז ער וועט מוזן אַרומגיין אַלע צעכן, סײַ פאַר זיך און סײַ פאַרן דירעקטאָר, און ער וועט שוין מוזן זיך באַגעגענען מיט סערגיי איוואַנאָוויטשעס מאָרעשכוירעדיק פּאָנעם און מיט זײַן ניט גוטן בליק. עפּעס האָט אים דער פאָרגעפיל אונטערגעזאָגט, נאָר ער האָט אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. וואָס קאָן דאָ זײַן פאַר פאָרגעפילן? דעריקער איז ווי גייט די אַרבעט. אין די צעכן איז גראָד געווען אַלץ נאָרמאַל. יאָ, ער איז אַ מייוון אויף דעם, וואָס רופט זיך שטימונג. און די סיבעס האָט ער לאַנג ניט געדאַרפט זוכן. זיי זײַנען געלעגן בא אַלעמען אין דער פראַגע, וואָס מאַכט קיריל פּעטראָוויטש. אַזוי פרעגן קינדער, ווען דער טאַטע ווערט קראַנק. מיט אַזאַ געפיל האָט ער זיך געלאָזט אין צווייטן צעך און זיך באַגעגנט מיט סערגיי איוואַנאָוויטשן. אין דריטן צעך, ווו ער איז ערשט געווען, האָט מען ווידער זיך געקלאָגט, אַז פונעם צווייטן קומען אָן

בראקירטע דעטאלן. באזונדערס שווער איז אים געווען באגעגענען זיך מיט סערגיי איוואנאָוויטשעס בליק, אין וועלכן ס'איז דאָס מאָל געווען מערער ווי ניט גוטקייט — עפּעס אַן אויסדריקלעכע אגרעסיווקייט. מיכל האָט גע־זאָגט דאפקע גאנץ געלאסן:

— און דו האָסט ניט געמאכט קיין אויספירן פונעם נעכטיקן?

סערגיי איוואנאָוויטש האָט אים דורכגענומען מיט א בליק פון א מענטשן, בא וועמען די פויסטן זיינען פעסט צונויפגעדריקט.

— האָסט זיך אריינגעכאפּט אין דירעקטאָרישן בענקל און קאָמאנדע־ווערסט?

מיכל האָט געפרווווט אָנטאפּן, באשטימען דעם טאָן פון דעם, וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרן מיט א פארענדערטער שטים. יאָ, טאקע גאָר ניט סערגייס שטים. א ביסל א קוויטשיקע, און אָפּגעענטפערט האלב־שמייכל־דיק:

— איך האָב זיך אריינגעכאַפּט?

— יאָ, אלע זיינען איר אזעלכע! פאָר אהין, וועסטו דאָרטן קאָמאנ־דעווען!..

צווישן די הונדערטער ווערקשטעלן, מאשינעס און אווטאָמאטן איז פאַ־ראַן אַפן זאוואָד א ווערקשטעל מיט זייער ניט קיין אָנגענעמענעם נאָמען הי־ליאָטינע. זי שטייט פארוקט אין א טונקל ווינקל, ווי עפּעס א ווילדע בריה. גלייך זי שעמט זיך פאר מענטשן מיט איר שווערגופיקער מעשוגעדיקייט און מיט איר מעלאָכע — זי האקט די בויגנס שטאָל, צעפּאסעווועט זיי אף שטיקלעך. אלע מאָל, ווען זי לאָזט אראָפּ איר שווערע און בייזע האק איבערן שטאָלענעם בויגן, טוט א ברומענדיקער דונער איבערן צעך, און דאָס ווידערקאָל, שוין א ביסל א פארדומפּנס, הענגט נאָך לאנג איבערן צעך, קלינגט אין די אויערן מיט א גרילץ. איינינעם מיט דער האק און מיטן דונער טוט א זעץ א שטויב.

מיכל ווייסט אליין ניט, פארוואָס ער האָט ניט ליב די דאָזיקע מאשין מיט איר נאָמען, וואָס דערמאָנט שטענדיק אין עפּעס אכזאָריעסדיקס. נאָר אלע מאָל, ווען ער זעט, ווי די שווערע און בייזע האק טוט זיך א לאָז אראָפּ איבער דעם דינעם, בליאסקעדיקן בויגן שטאָל, טוט אים א קלעם באם הארצן. און אלע מאָל, ווען צווישן דעם הודזשענדיקן איבערוף פון די ווערקשטעלן און אווטאָמאטן טוט זיך א רייס אריין דער גרילצנדיקער הוק פון דער היליאָטינע, טוט עס מיט מיכלען א וואָרף אונטער און ער הייבט זיך אָן ארומקוקן. דער דאָזיקער גרילץ דערמאָנט אים שטענדיק אין עפּעס זייער שרעקלעכס, אין א מין בייזן כאָלעם, פון וועלכן עס ווילט זיך וואָס גיכער ארויסרייסן. אזוי איז געווען אויך איצט. אים האָט זיך געדוכט, אז די היליאָטינע האָט א האק געטאָן, אז ס'האָט א דונער געטאָן, און איבערן גאנצן צעך הילכט אָפּ דאָס פארדומפּענע ווידערקאָל. און ס'האָט זיך דערקליבן צו די לונגען דער צעטרייסלטער זשאווער. דערנאָך איז מיטאמאָל שטיל געוואָרן, גלייך אלע ווערקשטעלן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עס האָבן בלויז געקלונגען אין די אויערן סערגייס בייזע ווערטער.

מיכלען האָט זיך געדוכט, אז קיינער האָט די ווערטער ניט געהערט. אז ס'איז גאָר קיינער דערביי ניט געווען. ערשט אין א מינוט ארום האָט ער

דערזען לעבן זיך דעם עלטערן מײַסטער אַרטעם ניקאָלײַעװיטשן, דעם פּע־טער אַרטעם, װי זײ בײדע, ער און סערגײ, האָבן אים גערופֿן, װען זײ זײַנען געװען זײַנע שילער. אַרטעמס פּאָנעם האָט געפּלאַמט, זײַנע גרױ־לעכע לאַנגע װאָנצן האָבן אונטערגעציטערט מיט אַ דריבנע ציטערל.

— אָדער דו בעטסט שױן מעכילע בײַ מיכאַיל דאַװידאָװיטשן, — די װערטער האָבן אױך אונטערגעציטערט, װי ער אַלײן, — אָדער מיר רופֿן הײַנט צונױף נאָך דער אַרבעט אַ זיצונג פֿון ביוראָ. — און צום סאָף צו־געגעבן, װי אַ באַפֿעל: — נו?

סערגײ איװאַנאָװיטשעס אױגן... מיכל האָט ערשט איצט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז שיקערלעך. האָט ער זיך, הײסט עס, באַצײַטנס געגרײט צו אָט דער שפּיל און באַװיזן אױסטרינקען צוליב דרײסטקײט. סערגײ איװאַנאָ־װיטשעס אױגן האָבן צװערשט עפּעס אַ זוך געטאָן אױף אַרטעמס פּאָנעם, דערנאָך זיך אַ װאָרף געטאָן אױף מיכלען:

— איך? איך זאָל בײַ אים בעטן מעכילע?

מיכל איז קױם געקומען צו־זיך. אַלנפֿאַלס אַזױ, ער זאָל קאָנען זאָגן עטלעכע װערטער.

— אָט װאָס, סערגײ איװאַנאָװיטש. דו ביסט געקומען אױף דער אַרבעט ניט קײן ניכטערער, און דיר קאָן איך הײַנט די װאַכטע ניט פֿאַרטרױען. מוז איך דיך באַזײַטיקן פֿון דער אַרבעט. קאָנסט בלײַבן אין צעך, קאָנסט גײן אַהײם. פֿאַרשטאַנען? פֿאַר דער הײַנטיקער װאַכטע זײַנט איר פֿאַראַנט־װאָרטלעך, אַרטעם ניקאָלײַעװיטש.

מיכל האָט זיך געריסן װאָס גיכער אַרױס פֿונעם צעך, ער זאָל קאָנען אױף דער פֿרישער לופֿט אױסרעדן זיך אַ ביסל פֿאַר זיך אַלײן, באַרויִקן זיך, קומען ענדגילטיק צו־זיך, ער זאָל קאָנען אױסהאַלטן און אָפּטאָן דאָס, װאָס אים שטײט פֿאָר אַ לאַנגן טאָג, אױף זײַן ניט גרינגן פּאָסטן פֿון צײַטװײַליקן דירעקטאָר. ער האָט בלױז באַװיזן דערלאַנגען אַרטעם ניקאָלײַעװיטשן די האַנט און אױסרעדן שטיל, אױף גאָר אַ הײמישן אופֿן:

— אַ דאַנק, פּעטער אַרטעם.

אַרטעם האָט נאָך אַלץ געציטערט פֿון אױפֿגעבראַכטקײט און די צײן האָבן ניט אױפֿגעהערט בוצקען זיך.

— און איך האָב אַזאַ אױסװורף געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע אין פּאַרטײ!

װען מיכל, שױן אָן אָפּגעקילטער, אַ ביסל אַ באַרויִקטער, האָט דער־צײלט דעם סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָם װיקטאָר זאַכאַראָװיטשן װעגן דעם, װאָס ס׳איז הײַנט געשען אין צװײטן צעך, איז יענער זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ היכצענדיק געלעכטער:

— אָט האָסטו דיר אַ נומער, — האָט ער אַרױסגערעדט, װען ער איז ענדלעך בײַגעקומען דאָס היכצעניש. — װי געפֿעלט ער דיר?

— װאָס זשע איז דיך אַזױ באַפֿאַלן דער געלעכטער? — האָט מיכל געפֿרעגט אַ ביסל בײז.

— זאָגסט דאָך אַלײן, אַז ער איז געװען שיקער.

— װאָס בײַ אַ ניכטערן אױף דער לונג... דערפֿון איז דאָס אַלץ נאָך מע־רער עקלדיק.

זיי זײַנען ביידע קימאַט פון איין עלטער, מיכל און וויקטאָר. פון די, וועמען קיריל פּעטראָוויטש רופט אָן מיט פאַרבאַהאַלטענעם אייפער די יונגע. איבער זײַן ספּאָרטיווער אויסגעמושטרעוועטקייט און איבעריקער מאָגערקייט זעט וויקטאָר אויס נאָך פיל יינגער, און אים דוכט זיך, אז דאָס שאַדט אים צו זײַן אויטאָריטעט אַלס סעקרעטאַר פון פאַרטקאָם.

— פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך, — ער איז מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט, — ס׳איז פּאַשעט אַ שאַנדע. איך וועל באַלד אַרויסרופן אַרטעם ניקאָלײַעוויטשן. ביין, איך גיי שוין אין צעך. איך וועל זיך דורכשמועסן מיט ביידן.

— טו, ווי דו פאַרשטייסט.

— און דו נעם זיך ניט אזוי צום האַרצן, מאַלע וואָס אַ טיפּעש!

— אַ פײַנער טיפּעש!

— נו, גוט, גוט, זײַ רויק. פאַרגעס ניט, אז דו ביסט הײַנט דירעקטאָר.

מיכל שטויסט זיך אָן, אז אַף זײַן פּאָנעם קאָן מען איבערלייענען אַלץ, וואָס מיט אים איז הײַנט געשען אַפן זאַוואָד, נאָר דערציילן וועגן דעם אין דער היים האָט ער ניט געקאָנט. דאָס, וואָס ער דאַרף דערציילן, ליגט דאָך אזוי נאָענט צו דעם, וועגן וואָס אַלע טראַכטן די לעצטע טעג. כאָטש ס׳איז גאָר פון אַן אַנדער מין. נאָר טאַקע דערפאַר, וואָס פון גאָר אַן אַנדער מין, זעט עס אויס זייער נאָענט, ווי שוועבעלעך אין אַ פּעקעלע. ליגן די שוועבעלעך אין פּעקעלע, קאָנען זיי אזוי ליגן שאַ־שטיל. פּרווו אָבער נעמען אַ שוועבעלע און אַ רײַב טאָן אינעם וועגנטל פונעם זעלבן פּעקעלע... און ער וויל ניט, ער ווייסט אַפילע ניט, צי וואָלט ער עס הײַנט דערציילט דעם טאַטן, ווען ציפּעלע איז ניטאָ דערבײַ, און דערציילן עס ווילט זיך אים זייער גראָד דעם טאַטן. יענער וואָלט אים געזאָגט אזוינס, פון וואָס עס וואָלט געוואָרן אַ ביסל גרינגער. דער טאַטע פאַרשטייט דאָס פיל טיפער. נאָר ער וויל זיך ניט מאַכן גרינגער אַפן כעזשבן פונעם טאַטנס נערוון.

שיינדל איז אַפילע געווען אַ ביסל דערשטוינט, וואָס ציפּעלע איז הײַנט געקומען פרי, געהאָלפן דערלאַנגען צום טיש. זי איז שוין געווען זיכער, אז באַלד וועט עפּעס געזאָגט ווערן אזוינס, פון וועלכן דער שמועס וועט זיך אָנהייבן צי׳ען רויק, געלאַסן און מע וועט ווי־ניט־איז אַרופקומען אַף דעם, וואָס מע דאַרף. נאָר גראָד באַם טיש האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרצויגענע שווײַגעניש, אזא פאַרביסענע און אײַנגעשפּאַרטע, אז ס׳איז שווער געווען קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. זיצט מען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און מע קראַצט מיט די גאָפּלען די טעלער גאָר ניט דאָרט, ווו מע דאַרף. מיכל כאַפּט ביגנייווע אַ קוק אַף שיינדלען. שיינדל קוקט פון דער זײַט אַפן שווער, און אַלע דרײַ איניינעם נעמען דורך ציפּעלען מיט זייערע שפּיציקע בליקן. ציפּעלע איז שוין ניט קיין קינד. ציפּעלע איז שוין אויך אַ מייוון אַף אַ שטאָך. אָט האָט דער מאַמעס אַ בליק זי אַ שטאָך געטאָן אין דער לינקער באַק אזוי ווייטעקלעך, אז זי האָט זיך אזש פאַרקרימט און פאַרביסן די ליפּן. קוים באַפרײַט זיך פון דער מאַמעס שטעכלקעס, האָט דעם טאַטנס בליק אַ ברי געטאָן די רעכטע באַק. אזוי אַ ברי געטאָן, אז דאָס גאַנצע פּאָנעם האָט זיך צעפלאַמט. האָט ציפּעלע שוין ניט געקאָנט

אויסהאַלטן, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן גאָפּל אין טעלער און אַ הייב געטאָן זיך פונעם בענקל:

— וואָס קוקט איר אַלע אַזוי אויף מיר? אָט וועל איך אַוועק און שוין!

זי וואָלט עפּשער טאַקע אַוועק פונעם שטענדיק שפּעטן מיטיק, וואָס איז שוין אויך אַ שטיקל וועטשערע, נאָר דער זיידע האָט אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער אירע צעשויבערטע לאָקנס און אַ זאָג געטאָן:

— זע נאָר, זע נאָר. זי איז אַזוי גרויס בא זיך, אַז מע טאָר שוין אַפילו ניט קוקן אויף איר.

איז שיינדל מיטאַמאָל געוואָרן יעווגעניִא סאָלימאָוונאַ און אַרויסגערופן יענץ שמייכעלע, מיט וועלכן זי באַנוצט זיך, ווען זי האָט צו טאָן מיט אַ שווערן כוילע:

— אויף וועמען דען זאָלן מיר קוקן? אַ גאַנצן טאָג זעט מען דיך ניט.

געזאָגט און געכאַפּט אַ קוק אויף מיכלען, געוואַרט, ער זאָל אויך עפּעס זאָגן. ניט עפּעס, נאָר טאַקע דאָס, וואָס מע דאַרף. נאָר זי האָט גלייַך באַמערקט, אַז מיכל איז מיט זייַנע געדאַנקען זייער ווייַט פון זיי אַלעמען. האָט זי שוין געמוזט נעמען אַלץ אויף זיך:

— אָט האָב איך הייַנט אַ גאַנצן טאָג געטראַכט, ווי האַלט עס בא דיר מיט ענגליש?

איז טאַקע אַ וווּנדער, וואָס מיכל האָט גלייַך אונטערגעכאַפּט די פראַגע און אַליין זי איבערגעכאַזערט:

— יאָ, טאַקע, ווי האַלט עס בא דיר מיט ענגליש?

— ניט ערגער, ווי בא אַנדערע.

— איך מיין, — זאָגט ווידער די מאַמע, — עפּשער דינגען אַ רעפּעטיטאָר. אַלע טוען אַזוי.

ציפּעלע טוט אַ וואָרף מיט אירע צעשויבערטע לאָקנס און ענטפערט אָפּ אַ ביסל אַרויסרופעריש:

— איך דאַרף ניט קיין רעפּעטיטאָרס. איך האָב אַליין אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.

— נו, און מיט מאַטעמאַטיק?

בא דער פראַגע הייבן אָן בא ציפּעלען גלאַנצן די אויגן, ווייַל מאַטעמאַטיק איז פאַרבונדן מיט טאָליקן. און אַז טאָליק גיט זיך אַ יאָווע פאַר אירע אויגן, זעט זי שוין מערער קיינעם ניט.

— אויף מאַטעמאַטיק דאַרף איך אַוודע קיינעם ניט. טאָליק...

נו, שוין. זייַנען זיי שוין ענדלעך אַרופגעקומען אויף דעם, צו וואָס זיי האָבן מוירע געהאַט זיך צורירן.

— ווער איז אָט דער טאָליק, וויל איך וויסן!

שיינדל איז שוין ווידער שיינדל. יענע יעווגעניִא סאָלימאָוונאַ, וואָס קאָן שטענדיק, אין דער סאַמע געפערלעכער מינוט, בלייַבן רויִק, האָט ניט געסטייַעט. אָן איר האָט שוין שיינדל ניט געקאָנט אויסהאַלטן און אויסגעשריגן די לעצטע ווערטער אַזוי, אַז ס'איז שוין אומעגלעך געווען אויסבאַהאַלטן איר פאַרדראָס, איר אומרו, און אַפילו דאָס סאַמע פאַרבאָרגנסטע, — איר שטיקעלע אייפער צו ציפּעלען, וואָס איז שוין געוואָרן אַ קאַלע־מויד.

דאָס געמיש פון אייפּער מיט סינע צו יענעם טאָליקן, וואָס האָט פאַרדרייט איר ציפּעלען דעם קאָפּ.

ציפּעלעס ענטפער האָט אלעמען אויסגעזען איבעראַשנדיק־אומדערוואַרט און אויך א ביסל שרעקעוודיק.

— אָבער איר דאַרפט פאַרשטיין איין זאַך! עקזאַמענעס דאַרף האַלטן איך און ניט איר. איך בין שוין א גרויסע! א דערוואַקסענע! און לאָזט מיך צורו.

האָט מען שוין געדאַרפט אָנשטויסן זיך אויך דאָס, וואָס זי האָט אַרויסרעדן ניט געוואָלט. אז עקזאַמענעס האַלט זי אַליין און דאָס אויסהאַלטן צי דאָס ניט אויסהאַלטן איז איר אייגענער דערפאָלג אָדער דורכפאַל, און דאָס איבעריקע הייסט אויך אַזוי. פאַרליבט איז זי און ניט עמעצער אַנדערש. און דאָס איז אויך איר גליק אָדער איר אומגליק. און אויב אַפילע פאָרן ערגעץ, איז דאָס אויך איר פאָרעניש און ניט קיינעמס. און אַלץ, אַלץ, וואָס עס וואַרט אַף איר אין לעבן, איז איר אייגנס און מערער קיינעמס ניט. זי איז שוין א דערוואַקסענע.

דאָווידן איז דאָס אַלץ גראָד געווען צום האַרצן. אָט אַזאַ ציפּעלע איז אים געפעלן מערער פון אַלץ. מיט יענער א ביסל צולאָכעסדיקער דרייסטקייט, מיט יענער ווידערשפּעניקייט און אַרויסרופערישקייט, מיט יענער גרייטקייט זיך שלאָגן פאַר עפּעס, זיך מאַקריוו זיין. אין אַזאַ ציפּעלען זעט ער עפּעס פון זיין מאַלקען, וואָס האָט אין דער סאַמע געפּערלעכסטער נאַכט געקאָנט אוועקלויפן... אוי, מאַלקע, מאַלקע! ס'איז, פאַרשטייט זיך, נאָר א פראַגע — צוליב וואָס הייבט אָן א מענטש ווידערשפּעניקן, צוליב וואָס איז ער גרייט מאַקריוו זיין מיט אַלץ.

סיי מיכל, סיי שיינדל זיינען געווען איבעראַשט דערפון, וואָס גראָד דער זיידע זיצט אַזוי רויִק, גלייך דאָס אַלץ גייט אים ניט אָן, זיצט גאָר ווי א זייטיקער, שמייכלט אַפילע צו, גלייך ציפּעלע האָט געזאָגט עפּעס א כאָכמע, פון וועלכער מע קאָן שעפּן נאַכעס. ערשט דערנאָך, ווען דאָוויד האָט באַמערקט, ווי ביידע, סיי מיכל, סיי שיינדל, זיינען פאַרדעכטיק רויט געוואָרן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— וואָס האָט איר צו טאָליקן? ווערליק מע האָט מיר דערציילט, איז ער ניט קיין שפּעטנע באָכער. א באָכער מיט א קאָפּ. און וואָס־וואָס, מיט דער מאַטעמאַטיק מעג מען זיך אַף אים פאַרלאָזן.

מער האָט ער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, ווייל וועגן טאָליקן ווייסט ער נאָר דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון דער מעכוטענעסטע. נאָר דאָס איז געווען גענוג, אז טאַטע־מאַמע זאָלן גלייך ווערן א ביסל אָפּגעקילט. ווייל אויב דער זיידע זאָגט, ווייסט ער. און אויב ער ווייסט יאָ עפּעס, איז דאָס א סימען, אז ער האָט די פּאָר טעג זיך פאַרנומען מיט דעם איניען. מעג מען זיך אַף אים אוואדע פאַרלאָזן. דאָך האָט דאָוויד מוירע געהאַט פאַר נייע פראַגן, אַף וועלכע ער וועט ניט קאָנען ענטפערן. האָט ער געמוזט, ווי ער אַליין זאָגט אָפּט, — איבעררייסן די דעבאַטן.

— מאָרגן, ציפּעלע, מאַכן מיר מיט דיר א שטיקעלע שפּאַציר. ווען ענדיקן זיך די לימודים? אַזייגער איינס? איך וועל וואַרטן אַף דיר לעבן דער

שול, — און א ווונק געטאָן צו איר פריילעך, ווויליונגעריש, מיט דער מינע פון אן עכטן פארשווערער, — אָפּגערעדט?

— אָפּגערעדט! — האָט ציפּעלע אָפּגעענטפערט א דערפרייטע, א דער־מונטערטע, אן עמעסדיק גליקלעכע, און געלאָזט אין גאנג אירע לאָקנס. זיי האָבן זיך צעטאנצט, ווי לעבעדיקע, פון איין אקסל איבערן צווייטן, און שיינדל האָט ערשט איצט, מיט א נײַעם געפיל פון טיף פארבארגענעם איי־פער, באמערקט, אז בא ציפּעלען זײַנען די האָר טאקע פון דעם זעלבן קאָ־ליר, וואָס בא איר, און גאָר אינגיכן וועט זיך באווײַזן אף זיי א קופּערנער אָפּגלאנץ.

## 8

דאָוויד קומט אהער קימאט אלע וואָך, שפּאצירט זיך דורך איבער דעם שמאָלן און א ביסל אויסגעקרימטן יידישן געסל, איבער אלע זײַנע בארג־ארופן און בארג־אראָפּן. און שטעלט זיך אָפּ אף א לענגערער צײַט לעבן דעם שטיבל מיט די הילצערנע טרעפּלעך, מיט די קליינע פּארגראטעטע פענצטערלעך און שמאָלער, צווייענדיקער טיר צום סאמע דרויסן. ער שטייט לאנג, קוקט ארײַן דורך די פארהאנגענע פענצטער אין זייער פריזערדיקער דירע, אין וועלכער זיי האָבן אָפּגעוווינט קימאט פינף און צוואנציק נאָכ־מילכאָמעדיקע יאָר, און סטארעט זיך אופשטעלן אין זיקאָרן אלץ, ווי־אזוי און וואָס איז דאָרטן געווען. דאָס אלטע איבערגעפּארבטע קיך־שאפקעלע, דעם ניט גרויסן רויטלעכן טיש מיט גראָבע, ווי אָנגעשוואָלענע פיס, דעם שווארצן, א ביסל אלטמאָדישן ביכער־שראנק, מיט צוויי פארבויגענע הענט איבער דער אייבערשטער פּאָליצע, און דאָס אלטע לאָטערבעט מיט די הויכע ווענטלעך, וואָס איז געווען ברייטער, ווי לענגער, און האָט פאר־נומען אריבער האלב פונעם קלענערן צימערל. די בענקלעך קאָן ער ניט דערמאָנען זיך מיטאמאָל אלע איינינעם, ווײַל דאָס זײַנען געווען בענקלעך מיקאָל־האמינים. יעדעס בענקל מיט זײַן באזונדער פּאָנעם און באזונדער פארב, מיט זײַנע באזונדערע פיסלעך און באזונדערן סקריפּ. און אומעטום, צווישן דעם אלעמען און ארום דעם אלעמען, לעבן קיך־שאפקעלע און בי־כער־שראנק, לעבן לאָטערבעט און לעבן טיש זי, זײַן מאלקע, מיט איר שטילן גאנג, מיט איר שוואכן אָטעם, מיט איר פארבאהאלטענעם זיפץ, מיט אלעמען, וואָס האָט ווי ארײַנגעבלאָזן אין יעדער זאך א שטיקעלע פון איר אייגענער נעשאָמע. שטייט ער לאנג ניט ווײַט פון די הילצערנע טרעפּלעך, קלײַבט איבער אין זיקאָרן יעדעס שטויבעלע אין זייער אמאָליקער דירע, שטייט, ביז אפן הארצן ווערט ביז גאָר אומעטיק און אפן געדאנק קומט אוף יענץ טרויעריק לידעלע:

> אמאָל איז געווען א מעלעך,
> דער מעלעך האָט געהאט א מאלקע...

זיי האָבן זיך ארײַנגעקליבן אהער, ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע, ניט דערפאר, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין בעסערע דירע און אין סאמע צענטער, נאָר דערפאר, ווײַל דאָס יידישע

געסל מיט אלע ליקעלעך, באַזונדערס די בריק, איבער וועלכער מע פֿאָרט סײַ אַף איר, סײַ אונטער איר, איז פֿאַר זיי ביידן געווען פֿול מיט אומפֿאַר־געסלעכן. אַפֿילע דאַן, ווען מיכל האָט כאַסענע געהאַט, ציפּעלע איז גע־בוירן געוואָרן און אין דער דירע איז געוואָרן ענגלעך, האָבן זיי אויך זיך אָפּגעזאָגט אַריבערקלײַבן אין אַן אַנדערער. איז מיכל אַליין אַריבערגעפֿאָרן, און ער מיט מאַלקען אָלעהאַ־האַשאָלעם זײַנען געבליבן דאָ.

שטייט ער, דאָוויד, ניט ווײַט פֿון די טרעפּלעך, קוקט אַרײַן דורך די פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער, פּרוווט אויפֿשטעלן אין זיקאָרן אַלץ, וויאַזוי און וואָס איז געווען, נאָר אין שטוב גייט ער קיינמאָל ניט אַרײַן. ער ווייסט, אַז דאָרט שטייט איצט גאָר אַנדער מעבל, עס וווינען אַנדערע מענטשן. מע טראַכט דאָרט אַנדערש און מע רעדט דאָרט אַנדערש.

אַהער, צו זײַן אַמאָליקער דירע, פֿונקט ווי אַפֿן בעסוילעם, גייט ער שטענדיק אַליין. דאָס, וואָס ער האָט צו זאָגן זײַן מאַלקען, דאַרף אַ זײַטי־קער ניט הערן. אַפֿילע דער סאַמע נאָענטער. קיין זײַטיק אויג דאַרף ניט זען, וויאַזוי ער שטייט דאָ אַ פֿאַרומערטער, אַן עלנטער און וויאַזוי עס מי־נעט זיך זײַן פּאָנעם. אַלעמאָל נאָך אַזאַ באַגעגעניש פֿילט ער זיך שטאַרק מיד, ווי נאָך אַ ווײַטער נעסיִע, אין אַלע אייווורים שטעכט און ברעכט, און ער דאַרף אַלעמאָל עפּעס צוטראַכטן, אַז זײַניקע זאָלן ניט באַמערקן, ווי אים איז שווער. נאָך דער שטעכעניש און ברעכעניש ווערט אים אַ סאַך גרינגער, נאָר אין אַ וואָך אַרום ווערט די בענקעניש ווידער אומדערטרעגלעך.

הײַנט איז ער געקומען אַהער מיט ציפּעלען. זיי שפּאַנען איבערן געסל, און דאָוויד כאַפּט זיך, אַז ער ווייסט ניט פֿון וואָס און וויאַזוי אָנהייבן דעם שמועס מיטן אייניקל. ער ווייסט, אַפּאָנעם, ביכלאַל זייער ווייניק וועגן דעם אָרט דענקען פֿון אָט דעם נײַעם דאָר, וואָס שרײַט איבער דער גאַנצער וועלט, אַז גראָד ער, דער נײַער דאָר... מיט איין וואָרט, אַלע פֿאָ־ריקע דוירעס, די „אָוועס", ווי אייניקע זאָגן אַף זייערע עלטערן, האָבן געטאָן ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, און ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, און זיי, די יונגע, דאָס אייבערשטע פֿונעם שטייסל, וועלן זיך אַ נעם טאָן פֿאַר דער וועלט ווי עס דאַרף צו זײַן. עפּשער איז דאָס ניט אינגאַנצן אַזוי, ווײַל אָט האָט דאָך נעכטן ציפּעלע אַ זאָג געטאָן אַזוינס, וואָס איז אים גראָד גע־פֿעלן. יאָ, ס'איז אים בעפֿיירעש געפֿעלן די היציקײַט און די ווידערשפּעני־קײַט פֿון דער הײַנטיקער יוגנט.

האָבן זיי ביידע געשפּאַנט איבערן געסל און געשוויגן. ציפּעלע האָט אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק אַפֿן זיידן, ווי פֿאַרגעבן אים עפּעס אַ פֿראַגע, און ער האָט איר אָפּגעענטפֿערט מיט אַ ווונק, וואָס האָט געדאַרפֿט הייסן, זי זאָל אַ ביסל צווואַרטן, ער איז פֿאַרנומען מיט זייער אַ וויכטיק שטיקל אַרבעט. זײַן אַרבעט איז טאַקע געווען ניט קיין גרינגע. ער האָט געוואָלט ווײַזן ציפּעלען דאָס ייִדישע געסל, ניט אַזאַ, ווי עס זעט אויס איצט, נאָר אַזאַ, ווי ס'האָט אויסגעזען אַמאָל, דאָס געסל פֿון זײַנע יונגע און שווערע יאָרן. דערצו האָט מען טאַקע געדאַרפֿט איבערמישן פֿיל זײַטלעך אַף צוריק, איבערפֿאַרבן יעדעס שטיבל מיט די לאַנג פֿאַרווישטע און אָפּגעשווענקטע פֿאַרבן פֿון די דרײַסיקער יאָרן און באַזעצן דאָס מיט זײַנע אַמאָליקע אײַנ־וווינער.

ס׳איז שוין דאַן אויך ניט געווען קיין ריין ייִדיש געסל, ס׳האָט בלויז פאַרהיט דעם לאַנגאָניקן נאָמען. אָט דאָ אינעם שטיבל, וואָס שטייט ווי אײַנגעאַנצן אין דרויסן מיט די פענצטערלעך, אין וועלכע יעדער דורכגייער קאָן אַרײַנ־קוקן, מיט אַ טיר, וואָס מע האָט שוין איבערגעפאַרבט אַ מאָל צען, אַ טיר, דורך וועלכער עס כאַפּט זיך גלײַך אַרײַן דער זומערדיקער שטויב, דער ווינטערדיקער שניי און די אָסיענדיקע בלאָטע, האָט געוווינט שטעפאַן דער שוסטער. גערופן האָט מען אים שטעפאַן־מאָלדאַוואַן, כאָטש קיינער האָט ניט געקאָנט זאָגן זיכער, צי איז ער אַ מאָלדאַוואַן, צי אַן אוקראַיִנער. שטע־פאַן אַליין אויך ניט. נאָר דאָס ווײַב זײַנס, לוקעריא, נאָך גאָר אַ יונגינ־קע, פון קאָפּ ביז די פיס אין אויסגעניייטן, איז זיכער געווען אַן אוקראַיִנ־קע. די טיר איז זומער און ווינטער געשטאַנען אָפן, און שטעפאַן, מיט זײַן נידעריק בענקעלע, מיט זײַן לעדערנעם פאַרטעך און מיט אַ צערעפּעטן שטיוול אויף די קני, איז שטענדיק געזעסן אַ ביסל אין אַ זײַט צו דער גאַס־צו, ווי אַ לעבעדיקע שילד, וואָס האָט געדאַרפט ווײַזן, ווער ער איז און וואָס ער איז, און ניט דורכלאָזן קיין איין קליִענט. ער האָט גוט געוווּסט, ווען עס קומט דער גוטמאָרגן אויף אוקראַיִניש, ווען אויף מאָלדאַוויש און ווען אויף ייִדיש. און האָט זייער געשמאַק געמישט דעם אוקראַיִנישן „טריאַסציאַ יאָהאָ מאַטערי״, דעם מאָלדאַווישן „דוטע לאַ דראַקול״ מיטן ייִדישן „גיי אין דער ערד אַרײַן״. און אויב דאָס אַלץ איז געווען ווייניק, האָט ער צוגעגעבן זײַן אייגענעם טענדע־ווערענדע. פון וועלכער שפּראַך דאָס שטאַמט און וואָס דאָס באַטײַט, האָט ער אַליין ניט געוווּסט, נאָר די פּאָר ווערטער האָבן שטענדיק געשפּילט בײַ אים אויף אַלע קיילים, אַמאָל העפקערדיק־פריילעך און אַמאָל דראָענדיק־אָנגעדראָדלט.

טענדע־ווערענדע האָט בײַ אים געהייסן אויך אַ ביסל צעגוואַדזעטע מאַ־מאַליגע און אַן איבערגעשטאַנענער, שוין היפּש זויערער באָרשטש.

אָט אַזוי זיצט ער לעבן דער שוועל אויף זײַן בענקעלע, דאָס מויל איז פול מיט פלעקלעך, דאָס רעכטע אויג קוקט נאָך, זיי זאָלן טרעפן אַהין, וווּ מע דאַרף, און דאָס לינקע קוקט צו דער גאַס, ווער וווהין גייט, ווער וווהין פאַרקערעוועט, און צי ס׳האָט זיך ניט אַ יאָווע געטאָן, פונקט ווען מע דאַרף ניט, דער אַ ביסל אָפּגעקראָכענער רומענישער זשאַנדאַרם, ווען מען ער האָט אויך אַ נאָמען געגעבן טענדע־ווערענדע. דאָס רעכטע אויג איז שוסטע־ריש־לוסטיק, דאָס לינקע איז אומרויִק־פאַרזאָרגט. עס דאַרף זען, הערן און פאַרגעדענקען זאַכן, וואָס זײַנען פיל וויכטיקער, ווי די פלע־קלעך.

בײַ אים, בײַ שטעפאַן־מאָלדאַוואַן, האָט עס דאַוויד צוויי וואָכן געלערנט שוסטערײַ. דאָס שוסטערײַ איז געווען גלאַט אַזוי, לעפּאָנעם, אינדערעמעסן האָט דאַוויד געלערנט שטעפאַנען, ווי־אַזוי באַגיין זיך מיטן שאַפּיראָגראַף, וועלכן זיי האָבן באַשטאַט בײַ אים אין קעלער, גלײַך אונטער דער טיר, לעבן שוסטער־בענקל. לוקעריא האָט געאַרבעט מײַסים, זיך געריסן פאַר די האָר פון קאָפּ, געגוואַלדעוועט, געדראָעט איר שטעפאַנען מיט קאָטאָר־גע און מיט דעם, אַז זי וועט אַוועק פון אים אין עק וועלט. שטעפאַן האָט געשמייכלט צו איר מיטן רעכטן שוסטעריש־לוסטיקן אויג, געקראַצט די באַקן, אויף וועלכע ער האָט זיך געסטאַרעט אויסכאַוועז אַ פּאָר לײַטישע

באָקנבאַרדן, געגלעט די קוים אַרויסגעשפּראָצטע וואָנצן און געפּרווּט אײַנ־שטילן זי, ווי מע שטילט אײַן אַ קליין קינד:

— נו, טײַערע, נו, ליובינקע, צו וואָס טויג דיר דער טענדע־ווערענדע, טראַסציאַ יאַהאָ מאַטערי.

צווייִ וואָכן האָט דאָוויד זיך געלערנט שוסטערײַ, צוויי וואָכן האָט ער געלערנט שטעפּאַנען אַרבעטן אַפּן שאַפּיראָגראַף, און צוויי וואָכן האָבן זיי ביידע זיך געקוויקט מיט לוקעריעס אָנגעקנאָבלטע באָרשטשן און מיט אירע האַרטע, דראַסטיקע מאַמאַליגעס. און ווען שטעפּאַן האָט ענדלעך באַ־הערשט די מעלאָכע, האָט ער אין אײנעם אַ גאַנצפרי אַ נעם געטאָן דאָווידן פאַרן קאָלנער, אַרויסגעשטופּט אין דרויסן אַרויס און צעשריגן זיך אַזוי, אַז דאָס גאַנצע געסל זאָל הערן:

— אַ שוסטער האָסטו געוואָלט ווערן? גיי, לערן זיך פאַר אַ בלעכער! גיי, און דײַן דעך זאָל באַ מיר ניט זײַן, ווײַל אָט מאַך איך פון דיר אַ טענדע־ווערענדע!

איז דאָוויד אַוועק טאַקע אַ ביסל אַ צעשויבערטער, אַ צעכראַסטעטער, נאָר אַרײַנגעקומען איז ער אַהער זייער אָפּט. געווען איז דאָס מערסטנטייל באַנאַכט, ווען קיינער האָט ניט געהערט און ניט געזען.

— זעסט, ציפּעלע, דאָס שטיבל? מע וואָלט געדאַרפט צוקלאַפּן אַ מעמאָ־ריאַל־ברעטל: דאָ האָט געוווינט שטעפּאַן־מאָלדאַוואַן, דער פריילעכער שו־סטער און דרייסטער אונטערערדלער. קום, קום ווײַטער. אָט איז נאָך אַזאַ שטיבל.

דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער מויערל. אין יענע צײַטן האָט דאָ גע־וווינט באָרעך סטאָליער, וואָס האָט נאָך ייִנגלווײַז זיך צעקריגט מיטן עסטרײַכישן קייסער פראַנץ־יאָסיפן. וועגן רומענישן קייסער האָט ער אַפילע הערן ניט געוואָלט. און ווײַל ער האָט פון דעם ניט געמאַכט קיין סאָד, האָט ער מער געוווינט אין טורמע, ווי באַ זיך אין דער היים. דאָס גרע־סטע כאַריפּעס איז געווען זײַן פרוי, וועלכע אַלע אונטערערדלער האָבן גע־רופן — מומע פעניע. און כאָטש באָרעך האָט מערסטן געוווינט אין טורמע, האָט די מומע פעניע געבוירן דרײַ ייִנגלעך און אַ מיידעלע. אין שטוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער, באַזונדערס דאַן, ווען מע האָט אין קיכל אײַנ־געמויערט אַ גרויסן קעסל, מע זאָל קאָנען קאָכן אַ זופּ ניט נאָר פאַר באָ־רעכן אַליין, נאָר אויך פאַר די צען, פופציק צי הונדערט אַנדערע, וואָס זיצן אין טורמע. באַטראַכטנדיק זײַן אַלץ וואַקסנדיקע ענגשאַפט, האָט באָ־רעך זיך אַליין געטרייסט:

— הערסטו, פעניע, איך ווייס טאַקע ניט, וואָס וואָלטן מיר געטאָן, ווען מיר האָבן ניט קיין טורמע. עס ווערט כאָטש אַף אַ שטיקל צײַט פרײַער אין שטוב.

און ווײַל די מומע פעניע איז געווען זייער אַן אינטעליגענטנע, האָט זי גאַנץ גיך זיך אויסגעלערנט רומעניש און געקאָנט גאַנץ פײַן זיך אויסטײַנען מיט אַלע דאָמנולעס פון דער טורמע. אַהין פלעגט זי זיך שטענדיק אויס־פּוצן, ווי אַף זייער אַ וואַזשנער ראַנדעוווּ — אינעם שוואַרצן זײַדענעם קלייד מיטן ווײַסן קעלנערל און מיט די ווײַסע מאַנזשעטקעלעך, דעם קאָפּ פאַרקעמט אַזוי, ווי עס פאַרקעמען זיך אַלע פריצישע דאַמעס, צו דער מאָס

אָנגעפודרעט, צו דער מאָס באשפריצט זיך מיט שמעקנדיקס. אזא־אָ האָט זי שטענדיק אויסגענומען בא דעם, בא וועמען זי האָט געדארפט אויסנעמען, באזונדערס, ווען צו דעם אלעמען איז אין איר פריצישן בײַטעלע געלעגן עטלעכע ליי, וועלכע זי האָט געקאָנט זייער איידל ארויסנעמען און זייער איידל דערלאנגען.

די זאך איז געווען ניט נאָר אינעם זופ, נאָר אינעם בידאָן מיטן צוויי־ענדיקן דעק, ווו ס'איז שטענדיק געווען עפעס באהאלטן: א צעטעלע פונעם אונטערערדישן געגנטקאָם, א פאָר פרישע צײַטונגען אזש פון מאָסקווע, א ביכל, א בראָשור און צו א יאָמטעוו א מייע רויטע בענדעלעך. די מומע פעניע האָט שוין דאן געהאט גוטע מיטהעלפער, וואָס האָבן געוווסט, וווּ־הין, וויאזוי מע דארף גיין, וויאזוי אריבערטראָגן פארווערטס, וויאזוי פאר־דרייען א קאָפ א זשאנדארם.

גייען זיי איבערן געסל, דער זיידע מיטן אייניקל, דאָס בארג־ארוף, דאָס בארג־אראָפ, פארקערעווען אלעמאָל אין אן אנדער ליקל, און יעדעס שפּיציק מויערל און יעדעס פלאטשיק שטיבעלע דערציילט וועגן זיך, ווער ס'האָט דאָ געוווינט, ווער ס'וווינט איצט. די מויערלעך־שטיבעלעך זײַנען דאָ די זעלבע, וואָס אף אלע איבעריקע גאסן, נאָר קיין געהויבענע לײַט זײַנען צווישן די אײַנוווינער ניט געווען. די אײַנוווינער זײַנען דאָ געווען שנײַדער — טאנדעטניקעס, וואָס האָבן געגנייט פארן דאָרף, שוסטער—לאטוט־ניקעס, קאָוועלס, וואָס האָבן געקענט איבערצײַען א שינע און אָנקאָוועון א פערד, בלעכער, וואָס האָבן געקענט פארלאטען א דנאָ פון אן עמער, טעס־לער פון קאָפ ביז די פיס אין הילצערנע סטרוזשקעס, קאצאָווים מיט פאר־בלוטיקטע פארטעכלעך, פאראָרעמטע, שטענדיק פארזאָרגטע קרעמערלעך און שטענדיק צעיאָצטע מעקלערס. און עפעס א בלינדע בעטלערן, אן אל־טער שוכפוצער. געווים איז אזא אוילעם געווען אויך אף אנדערע גאסן, נאָר ער האָט זיך ניט אזוי אָנגעזען.

קיינער געדענקט ניט, אז אין די ליקעלעך זאָל אמאָל זײַן זוניק, אפילע אין סאמע זוניקן, אין סאמע זומערדיקן טאָג. די זון איז דאָ געשפרונגען פון איין דאך אפן צווייטן און בלויז פארטשעפעט א שפיץ פון א רינווע, א שטיקל אייבערשטע וואנט.

ווער זשע האָט געוווינט אין אָט דער שטוב, ווו די פענצטער שטייען פאָפערעק, גלײַך מע האָט זיי אײַנגעמויערט ליגנדיק? אך, יאָ, דאָ האָט גע־וווינט אן אלטער דײַטש, אן איינזאמער אלמען קארל בוכמילער. ער איז געווען זייער א גוטער מולירער. אלע שענסטע קאפעלנע אייוועלעך אין די סאמע רײַכסטע הײַזער האָט ער אויסגעלייגט מיט זײַנע הענט, שטענדיק ארומגעגאנגען אײַנגעטונקען אין זאמד און אין ציגל־שטויב, און דאָס פּאָ־נעם איז געווען אזוי אײַנגעטונקען אין סאזשע, אז קינדער האָבן זיך גע־שראָקן פאר אים. ער האָט שטענדיק גערעדט עפעס צו זיך אליין, דערצו א ביסל פאָנפעוואטע. נאָר געווען איז דאָס זייער א שטילער און זייער א גוטער דײַטש, און אז מע האָט געדארפט פאר א נויט אוועקלייגן בא אים אף נאכטלעג זייער א געפערלעכן פארשוין, וועמען די סיגוראנצע האָט געזוכט, האָט ער וועגן גאָרנישט ניט געפרעגט. ער האָט בלויז האלב־מיטפילנדיק און האלב־פארורטיילנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפ און ארויס־

געשטעלט אפֿן שמאָלן טישעלע דאָס טעפּעלע קאַווע, וואָס איז קעסיידער געשטאַנען בא אים אין אייוועלע. די קאַווע איז שטענדיק געווען שטאַרק איבערגעשטאַנען, זייער געדיכט און זייער, זייער ביטער.

און אין יענעם קעלער־שטיבל... אַך, אַ שאָד! מע נעמט אַזאַ קעלער־שטיבל, מע מאַכט פֿון דעם אַ פֿאַשעטן סקלאַד און מע פּאַרוואַלגערט עס מיט פֿאַרשיידן אײַזנוואַרג, מיט פֿאַרזשאַווערטע שלעסער, צינקעווע עמערס, עמאַלירטע שיסלען און קאָלערליי פֿאַרבן. עס זעצט פֿון דאָרטן מיט אָליפֿע, מיט אַצעטאָן און מיט עפּעס אַזאַ זויערלעכס, כאָטש נעם פֿאַרשטעק די נאָז. אין אָט דעם קעלער־שטיבל האָט געוווינט אָן אַלטע ציגײַנערן מיט זייער אַ ציגײַנערישן נאָמען — מאַריוצאַ. בא איר זײַנען געווען שוואַרצע, שטענדיק צעפּאַטלטע און מיט עפּעס פֿאַרפּאַפּטע האָר, מיט נאָך שוואַרצערע, גנייוויש־נישטערנדיקע אויגן, און אָנגעטאָן אין אַ האַלב טוץ געקווייטלטע און געלאַטעטע קליידלעך. דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן אירס איז געווען דאָס לידל, וואָס קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען. דער ניגון פֿונעם לידל איז געווען פֿול מיט געוויין, מיט געבעט, מיט בענקעניש און מיט אויסגאַנגלאָזער פֿאַרצווייפֿלונג, אַ לידל, וואָס הייבט זיך אָן זייער שטיל און צעוואַקסט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער און העכער, מיט עפּעס אַ פֿאַרצויגענעם געוואָי, וואָס קײַקלט זיך און דריידלט זיך, ווערט וואָס אַמאָל צעיושעטער, האַסטיקער, בייזער, און מע מוז דערבײַ, איינס פֿון די ביידע, אָדער אַוועק אין אַ טענצל, אָדער פֿאַלן כאַלאָשעס.

מאַריוצאַ האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן אויף איין אָרט, ס'האָט זי געהאַלטן אין איין אַרומיאָגן. ס'האָט זי געצויגן אַהער, צום שטילן קעלער־שטיבל, און אויך צום ראַשיקן טאַבאַר מיט די פֿריילעכע, שיקערע הוליאַנקעס, בייזע געשלעגן און גנייווישע העלדישקײַטן. אָפּגעהוליעט זומער אויף דער פֿרײַ, האָט זי צו אָסיען־צו זיך אומגעקערט אַהער אַ צעמאַזיקטע, אַ צע־מיימעסטע, מיט פֿאַרשוואָלענע אויגן און מיט אַ סאַך פֿאַרקוילטע פּינטע־לעך אַפֿן פֿאַרסאַרפּעטן פּאָנעם. דאָ, אינעם קעלער־שטיבל, האָט זי פֿאַר־היילט אירע זומערדיקע וווּנדן און אָפּגעפֿרוירן דעם ווינטער אָן אַ קאַ־פּעלע הייצונג, אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס זי האָט ערגעץ עפּעס אויסגע־בעטן, ערגעץ עפּעס אויסגעוואָראָזשעט און ערגעץ עפּעס צוגעגאַנוועט אויף דעם ניט רײַכן ייִדישן מאַרק. און אַז ס'איז געקומען אַ נײַער פֿרילינג, אַ נײַער זומער, האָט זיך פֿאַר איר אָנגעהויבן דאָס עמעסע לעבן אויף די שטויביקע בעסאַראַבער וועגן, אויף די שמעקנדיקע פּאָלאָנינעס אין די קאַרפּאַטן, פֿול מיט לאַנגע און זוניקע טעג און קורצע, אויסגעשטערנטע, שיקערדיק־זינגענדיקע נעכט.

דאָס אַלטע, שמאָלע ייִדישע געסל... מיסטאָמע איז געשען אַזוי: פֿריִער האָט זיך דאָ באַזעצט דער ייִדישער דאַלעס, און דערנאָך, סײַ טאַקע אין דעם געסל, סײַ אינעם שכײנעסדיקן איז צוגעקומען אַ ביסל פּונעם אָוק־ראַיִנישן, אַ ביסל פֿונעם מאָלדאַווישן און אַ ביסל פֿון ריין עסטרײַכישן דאַלעס, וואָס האַלט זיך אָבער מערער סטאַטעטשנע, איז שטענדיק געניט פֿאַרצערעוועט, זאָרגזאַם צוגעפּאַרבט, באַלעבאַטיש פֿאַרפּרעסט און צוגע־קראַכמאַליעט און אַפּילע פֿריציש צוגעקעמט. אַ דאַלעס מיט אַ געשניצט שטעקעלע אין די הענט, מיט אַ לעכעריקן שירעם איבערן קאָפּ און מיט

א גאדלעסדיקער אָנגעבלאָזנקײט אפן פּאָנעם. פון די אלע דאלעסן איז, אפּאָנעם, אין איין צײַט אופגעקומען דאָס אָרעמע שולעכל מיטן פלאטשיקן דעכל און אָפּגעשווענקטע ווענט און א ביסל ווײַטער, קעגניבער, דאָס בידנע הילצערנע קלויסטערל, וואָס מע האָט קוים דערבויט און שוין ניט געהאט מיט וואָס אָפּצופארבן. שטייען זיי ניט קיין געפארבטע — סײַ דאָס קלויסטערל, סײַ דאָס נידעריקע פּלויטל, סײַ דער געקרייצטער יעזוס לעבן דעם טויער, שטייען שוין אזוי ווער ווייסט וויפל יאָר, עפשער הונדערט, עפשער צוויי הונדערט. זיי זײַנען שוין היפּש פארשווארצט און צעטראס־קעט, נאָר שטייען, דערצו האָט מען בייסן בויען געטאָן ניט אלץ ווי מע דארף, און גאָר אינגיכן האָט דאָס קלויסטערל זיך א בייג געטאָן אין א זײַט. מע האָט געמיינט, אז אָט־אָט פאלט עס אײַן, נאָר ס׳איז ניט אײַנגעפאלן, עס שטייט זיך, ווי א הויקערל, זקייניש־פארומערט, בעטלעריש־פארלאָזט, און קריסטן האלטן דאָס פאר א נעס.

אזוי שטייען זיי ביידע איינס קעגן אנדערן, דאָס אָפּגעשווענקטע שו־לעכל און דאָס צעטראסקעטע קלויסטערל.

דאָס געסל איז שוין לאנג ניט קיין יידישס, נאָר דער יידישער דאלעס האָט דאָ געהאלטן די אויבערהאנט. יענער יידישער דאלעס, וואָס האָט ליב א סאך קינדערלעך אין יעדער שטוב, א שטיקנדיקע ענגשאפט, פארצוויטעטע סעכערעס און זויער געוואָרענע מאמאליגע, אויסגעריבענע הייזעלעך און פארשמאָלצעוועטע העמדעלעך, אויסגעקרימטע שקראבעס און צעשויבערטע האָר, פול מיט פעדערן. און יענער באזונדערער רייעך, וואָס זעצט פון אָט דעם אלעמען, א רייעך פון איבערגעפוילטן קנאָבל. א געסל מיט שרײַענדיקן דאלעס און שטילער, געהיימער ווידערשפּעני־קונג, וואָס פלעגט פון צײַט צו צײַט אופרײַסן מיט א ראשיקער דעמאָנסט־ראציע, מיט מיטינגען און שטרײַקן און ווידער אײַנגעשטילט ווערן — מיט אויסגעשלאָגענע ציין, מיט איבערגעבראָכענע ריפּן און מיט פיל נײַע ארעסטאנטן, פאר וועמען די מומע פעניע האָט געדארפט קאָכן באָרשטשן און איבערשיקן צעטעלעך.

אפילע דער זשאנדארם, וועמען די רומענישע מאכט האָט אוועקגע־שטעלט, ער זאָל אכטונג געבן אף דער אָרדענונג אין געסל, איז אויך גע־ווען פון דעם מין. א נידעריק הויקערל, מיט א צעקנייטשט, אָפּגעקראָכן פּאָנעם, מיט א צעקנייטשטן, אָפּגעקראָכענעם מונדיר, אף וועלכן ס׳האָט שטענדיק געפעלט א פּאָר קנעפּ, מיט א זויערלעך־אָפּגעקראָכענער מינע, פול מיט ביטל צום אָרעמען געסל, איבער וועלכן ער מוז ארומשפּאנען טאָג און נאכט איבער די שמאָלע פארמיסטיקטע און שוואך־באלויכטענע ליקעלעך, פול מיט פארדראָס צו זײַנע בידנע אײַנוווינער, פון וועלכע וועסט קיינמאָל זיך ניט דערוווארטן אף א לײַטיש כאבארל. דאָס געסל האָט געצאָלט איר אופזעער מיט די זעלבע געפילן, צוגעטראכט פאר אים א יידישן, דערצו נאָך א ווײַבערשן צונאָמען, וואָס האָט געדארפט אויס־דריקן דעם העכסטן ביטל צו אים: נעסיע די שאדכנטע! דאָס הייסט, א שאדכנטע פון סאמע נידעריקסטן גראַד, וועמען מע קאָן אָפּקומען מיט מינדסטן שאדכאָנעס־געלט, מיט עטלעכע ליי און מיט א גלאָז ביר. דאָך האָבן אלע געבעטן גאָט, אז וויפל ס׳איז זיי באשערט זײַן בא רומענער,

און וויפל ס׳איז זיי באַשערט האָבן באַ זיך אפן געסל אַ רומענישן זשאַנדאַרם, זאָלן זיי שטענדיק האָבן צו טאָן מיט „נעסיע דער שאַדכנטע״.

דאָוויד אַליין האָט אויך געטראַכט אַזוי: באַזונדערס נאָך איינער זייער אַ שווערער און זייער געפערלעכער נאַכט... שטעפאַן האָט אָנגעזאָגט זײַן לוקעריען, זי זאָל זיך פאַרשפאַרן אין אַלקערל און ניט וואַגן אַרויס פון דאָרטן אַ גאַנצע נאַכט, און אַליין האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער מיט אַ קליין לעמפּעלע, אָפּקלאַפּן עטלעכע הונדערט בלעטלעך, אין וועלכע ס׳איז געווען אַ סאַך שאַרפע ווערטער קעגן די מילכאָמע־אונטערצינדער, קעגן די אָקופּאַנטן און קעגן פאַשיזם ביכלאַל. יעדע האַלבע שאָ האָט געדאַרפט אַרײַנקומען אַן אַנדערער, באַקומען זײַן מייע בלעטלעך, וואָס איז געלעגן שוין פון אויבן, לעבן דער שוועל, און אַוועק. און ווי אַפּצולאָכעס האָט די „שאַדכנטע״ ניט אויפגעהערט אַרומדרייען זיך אַרום שטעפאַנס שטיבל אַהין און אַהער, אַהין און אַהער. דאָס פּאָרל, וואָס האָט געדאַרפט דורכפירן די אָפּעראַציע, האָט באַשטימט, אַז איינער פון זיי מוז אַוועקפירן די „שאַדכנטע״ צו שאָלעמען אין שענקל אַרײַן, וואָס אפן צווייטן ברעג, און אָפּהאַלטן אים דאָרטן כאָטש אַ שאָ דרײַ. דער גורל איז אויסגעפאַלן אף דאָווידן.

זיי האָבן ביידע גיך אויסגעטרונקען די ערשטע קופּלעך ביר, גלײַך באַשטעלט נאָך אַ פּאָר, און דאָוויד האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב דאָס טרינקען וועט גיין אַזוי שנעל, וועט ער ניט אויסהאַלטן, ווײַל ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעטרונקען מערער, ווי צוויי־דרײַ גלעזער. דאָס הויקערל, איז געווען צו זען, האָט אָבער געקאָנט אויסטרינקען אַ פאַס. נאָכן ערשטן קופּל האָט זײַן אָפּגעקראָכן פּאָנעם באַקומען גאָר נײַע פאַרבן, געוואָרן ראָז, און די קליינע אייגעלעך האָבן זיך צעגלאַנצט פאַר טײַנעג. נאָכן צווייטן קופּל איז דאָס פּאָנעם געוואָרן רויט און די אויגן האָבן אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזען, ווי געזוכט אַרום זיך. נאָכן דריטן קופּל איז ער געוואָרן גאָר בעגילופנדיק, געקוויקט זיך מיט עפּעס אַ קרעכצנדיקער קוויקעניש, און ס׳האָט געהאַלטן דערבײַ, ער זאָל נעמען זיך קושן. נאָר ווען מע האָט דערלאַנגט דאָס פערטע קופּל, איז די „שאַדכנטע״ געוואָרן ביז גאָר בייז, און די רויטקײַט אפן פּאָנעם איז שוין געוואָרן פון גאָר אַן אַנדער מין, אַ רויטקײַט, פול מיט רעציכע.

— אין דײַן טאַטנס טאַטן אַרײַן! — אויסגעשיט די קלאָלע, וואָס ער האָט געקענט אף ייִדיש, האָט ער דערנאָך צוגעגעבן אַ רומעניש זידלוואָרט, זייער אַ פּעטס און זייער אַן אָנגעפּעפּערטס. — וואָס האַלטסטו מיך דאָ? מיינסט, איך ווייס ניט? גיי טו בעסער אַ קוק, צי דרייט זיך ניט עמעצער פון דער סיגוראַנצע. און פאַרנעמט זיך וואָס גיכער פונדאַנען! וואָס ווילט איר פון מײַנע יאָרן? איך האָב אויך אַ ווײַב מיט קינדער!

אַזוי האָבן זיי שפּאַצירט, דער זיידע מיטן אייניקל, פון שטוב צו שטוב, פון ליקל צו ליקל, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו דער בריק, וואָס איז פאַר דאָווידן ביז איצט פול מיט רעגעוודיקן, פול מיט אומפאַרגעסלעכן.

...דער בוקאָווינער האַרבסט איז זיך געגאַנגען מיט זײַן פאַמעלעך שטיל געגנגעלע, אין ערגעץ זיך ניט געײַלט, געוווּסט, אַז איצט איז זײַן

צײַט און קיינער וועט אים ניט שטערן אָפּטאָן דאָס, וואָס ער דאַרף אָפּטאָן. האָט ער באַלייגט די גאַנצע וועלט מיט געדיכטע נעפּלען, געזיפּט מיט געדיכטע און נודנע רעגנדלעך און אָנגעזעצט זיך אַף די נאָך גרינעביימער מיט גאַנצע הויפנס נאַסן שניי. דאָ, אונטער דער בריק, איז אַ גאַנצן טאָג געווען בײַנהאַשמאָשעסדיק־טונקל און די קעלט איז געווען אַ פאַרלעגערטע, יענע עספּריקע קעלט, וואָס מע טרײַבט פון אַלע הײַזער. פאַרקלײַבט זי זיך אונטער דער בריק אַף נאַכטלעג און וויל שוין ניט אַוועק. האָט דאָוויד געשפּאַנט אַהין און צוריק אונטער דער בריק מיט דער טײַסטרע אַף די פּלייצעס, און די פאַרלעגערטע קעלט האָט גאַנץ גיך אים דורכגענומען דורך די דינע שמאָלע הויזן. אין אַזעלכע הוצולישע הויזן מיט אַ געקעסטלטער טײַסטרע אַף די פּלייצעס האָט ער געדאַרפט אַרויסקומען אַף אַ באַגעגעניש מיט עפּעס אַ פּרוי, וואָס האָט געזאָלט צוקומען אַהער פונעם מאַרק מיט אַ גרויסן קאָשעק אַפן קאָפּ און מיט אַ רויטן האָן אין קאָשעק. ווער די פּרוי איז, האָט ער ניט געוווּסט, דאָס האָט געדאַרפט אויסגעקלאָרט ווערן ערשט דערנאָך, ווען זיי וועלן זיך אויסטוישן מיטן פּאַראָל. אים איז אַפילע אַפן געדאַנק ניט געקומען, אַז דאָס האָט געקאָנט זײַן זײַן מאַלקע, וואָס איז שוין אַריבער אַ יאָר אין בוקאַרעשט, וווינט אין איינער פון די פּאָרשטעט, פּילט אויס זייער פאַרשיידענע און זייער געפערלעכע שליכעס פונעם אונטערערד, און ער באַקומט פון איר זייער זעלטן אַ גרוס, אַ יעדיעלע.

אונטער דער בריק איז געווען בײַנהאַשמאָשעסדיק־טונקל. מענטשן זײַנען געגאַנגען הין און צוריק, ווער מיט פולע קאָשעקעס און ווער מיט ליידיקע, ווער מיטן קאָשעק אין די הענט און ווער אַפן קאָפּ, און אַרום־און־אַרום איז געשטאַנען יענער מאַרק־טומל, וואָס איז ניט מער, ווי עפּעס אַ צעבויטעטער הו־האַ, ווען ס'איז ניט מעגלעך אויפכאַפּן און פאַרשטיין אַ וואָרט. איז טאַקע שווער געווען דערקענען די אַ ביסל אויסגעצערטע הוצולקע, מיטן ענגן, אויסגעצאַצקעטן קעפּטאַריקל און מיט דער ברוינער, וואָלענער האַרבאָטקע, יענע הוצולישע קליידלעך מיטן פאַרבויגענעם ברעג, פון וועלכן עס זעט זיך אַרויס אַ שפּיץ פונעם ווײַסן אונטערהעמד. נאָר ווען זי איז צוגעקומען אַ ביסל נעענטער...

ס'איז פאַרביידן געווען אומדערוואַרט, פאַר ביידן אומגלייבלעך, כאָטש בא איר, בא מאַלקעלען, איז אַזאַ האָפענונג געווען. יאָ, זי האָט געיאָגט אַהער מיט אַ פּלאַטערנדיקער האָפענונג, אַז זי וועט אָפּזוכן און זען זיך מיט איר דאָווידן. אָבער אַף אַזאַ אומדערוואַרטן אויפן! זײַנען זיי געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, ביידע דערפרייטע, ביידע דערשראָקן־גליקלעך און ניט געוווּסט, וואָס דאַרפן זיי ווײַטער טאָן. זיי האָבן מיטאַמאָל אָנגעווירן אַלע זייערע געוווינהײַטן פון פאַרהאַרטעוועטע אונטערערדלער, פאַרגעסן זייערע פּאַראָלן, אַלע קלאָלים און געזעצן פון קאָנספּיראַציע. זיי זײַנען פּאָשעט געשטאַנען, געקוקט איינער אַפן אַנדערן דערשטוינטע, קימאַט טאַקע ווי געפּלעפטע, און פון זייערע אָנגעטרערטע אויגן האָט אַרויסגעגלאַנצט, מאַמעש אַרויסגעשריגן זייער זינגענדיקע פרייד און טיף־פאַרבאָרגענער, לאַנגאָניקער ווייטעק. די הערצער האָבן מיטאַמאָל זיך צעפּויקט, נאָר די הענט זײַנען געבליבן הענגען. אַרומנעמען איינער דעם

אנדערן איז געווען דאָס סאַמע פּאַרוווערטסטע, דאָס, וואָס האָט געקאָנט צעשמעטערן די גאַנצע קאָנספּיראַציע און ברענגען צום גרעסטן אומגליק.

— נו, זאָג שוין, זאָג שוין דעם פּאַראָל, — האָט זי שטיל אַרויסגעשעפּ־טשעט, ווײַל ווי דאָס זאָל ניט זײַן, איז קאָנספּיראַציע ניט קיין פּוסטע שפּיל און אַלץ מוז אויסגעפּילט ווערן פּינקטלעך און שטרענג. אַפילו ווען עס באַגעגענען זיך מאַן און ווײַב.

— וויפל ווילסטו פאַרן האָן?

שטעלן די פראַגע האָט ער ווי־ניט־איז געקאָנט, נאָר מאַכן אַן ערנס־טע מינע פון אַ קוינע, וואָס איז גרייט דינגען זיך פאַר אַ גראָשן, איז ער ניט געווען בעקויעך. דאָס שמייכעלע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אַוועק. האָט שוין מאַלקע, אַף אים קוקנדיק, אויך גאָרניט ניט געקאָנט אָפּטאָן מיט איר שמייכעלע.

— ס׳איז דען אַ האָן? זעסט דאָך, אַז ס׳איז אַ הון.

— נו, ווײַז אַהער! — איז שוין דאָוויד געוואָרן בייז און אַראָפּגעריסן פון איר קאָפּ דעם גאַנץ שווערן, אָנגעפּאַקטן קאָשעק.

מאַלקע האָט טיף אָפּגעעטעמט, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און אַ ריב געטאָן מיט דער האַנט איר שמאָלינקן האַלדז־און־נאַקן. דאָוויד האָט ערשט איצט באַנומען, ווי שווער איז איר אָנגעקומען אָט דער שפּאַציר מיטן קאָשעק אַפן קאָפּ. זיי האָבן זיך אָפּגעהויבן אַרויף איבערן גליטשיקן בערגל און געמאַכט דערבײַ אַזעלכע האַווײַעס, גלײַך זיי דינגען זיך אַלץ פאַרן האָן צי פאַר דער הון און קאָנען זיך ניט אויסדינגען. געשפּאַרט זיך גאַנץ הויך און צוגעשמועסט גאַנץ שטיל. ווײַל יעדערן האָט זיך וואָס גיכער געוואָלט אויספרעגן איינער דעם אַנדערן וועגן אַלץ.

— אַף ווען האָסטו איבערגעלאָזט מיכעלען? — איז געווען דאָווידס ערשטע פראַגע.

— זײַ רויק, דאָס קינד איז אין זיכערע הענט.

— און ווי זעט ער אויס?

— אָ, וואָלסט אים ניט דערקענט. אַן עמעסער גאַזלען!

דאָוויד איז געגאַנגען מיטן שווערן קאָשעק אין דער האַנט און מיט דער גרינגער טײַסטרע אַף דער פּלייצע און אַמאָל פון דער זײַט, אַמאָל הינטן־אַרומער באַקוקט מאַלקעלען, געזוכט יענע סימאָנים, וואָס זײַנען פאַר אים פול מיט ווייטעקלעכער בענקעניש, געקוקט און געביסן די ליפּן פאַר פאַרדראָס און פון ניט קלאָרער שולד פאַר זײַן מאַלקעלען, פאַר איר שווערן גוירל, פאַר איר ביטערער ליבע, וואָס האָט זי געמאַכט פאַר אַן אייביקער נאַוונאַדניצע. דוכט זיך אים, אַז דאָס פּאָנעם איז שטאַרק אויס־געצערט און מוירעדיק בלייך, אַז די אויגן זײַנען אונטערגעבראָטן און אַז זי שפּאַנט מיט עפּעס אַזאַ מידן שפּאַן, קוים וואָס זי שטעלט די פיס, כאָטש ער האָט זיך געקאָנט מעשאַער זײַן, אַז זי דאַרף זײַן שטאַרק מיד פונעם וועג, ווײַל, פירנדיק אַזאַ סכוירע, האָט זי געוויס דעם גאַנצן וועג אין צוג פון בוקאַרעשט ביז אַהער קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

— וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר? — האָט מאַלקע ניט אויסגעהאַלטן זײַן באַקוקעניש.

— זאָג דעם עמעס, מאַלקעלע, דיר איז שטאַרק שלעכט?

— פאַרוואָס עפּעס שלעכט? פאַרקערט.

וואָס קאָן באַטײַטן אַזאַ סאָרט „פאַרקערט" פאַר אַן אונטערערדלער? אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, אַז איר אַרבעט גייט אַזוי, וואָס בעסער דאַרף מען ניט, אַז זי האָט זייער אַ סך גוטע, איבערגעגעבענע כאַווײרים, וואָס זאָרגן וועגן איר און לאָזן זי ניט פאַלן, אַז זי איז געוואָרן אַן עמעסע קעמפערן? גאַנץ מעגלעך. דאָוויד האָט אָבער געקאָנט איבערלייענען אין אירע אויגן נאָך עפּעס. ס'איז טאַקע ניט אַזוי שלעכט, נאָר... ס'איז זייער שלעכט, אוי, ווי שלעכט, ווי ביטער! און אָט די בענקעניש! ס'איז ניט אויסצוהאַלטן! דאַרף ער מערער ניט איבערפרעגן, ער ווייסט דאָס גאַנץ גוט אַליין. נאָר וואָס קאָן ער צוטראַכטן, איר זאָל ווערן אַ ביסל לײַכטער? ער קאָן איצט אַפילו ניט צוטראַכטן אַזאַ פּאָשעטע זאַך: ווּהין פאַרקערע־ווען און ווּהין ערגעץ אַרײַנקומען מיט איר. די לעצטע יאַווקע, ווּהין ער האָט זי געדאַרפט ברענגען, איז דורכגעוואַלגערט. שטעפאַן זיצט אויך. און מיטן סטאָליער אַליין, ווּהין מע האָט געקאָנט אַרײַנקומען אין ערגסטן פאַל, איז אויך ניט אין אָרדענונג. מע האָט אײַנגעזעצט זײַן טעכטערל און מיט אַ פּאָר טעג צוריק געמאַכט בא אים אַן אונטערזוכונג. האָט ער גע־דאַרפט אַף הײַנטיקן טאָג און אַף הײַנטיקער נאַכט אײַנאָרדענען דעם פּאָר־שטייער פון בוקאַרעשט אַף זײַן אייגענער אַכרײַעס. פאַר אַ פרעמדער פרוי איז בא אים געוועזן עטלעכע וואַריאַנטן. אָבער מאַלקעלע!.. ווי אָרדנט מען אײַן אַזוי, זיי זאָלן קאָנען זײַן דעם מעסלעס אינײינעם?

דעם קאָשעק מיט דער טרייפענער סכוירע האָט ער באַשטאַט בא אווריעמעלע בלעכער. דערנאָך האָבן זיי לאַנג אַרומגעבלאָנדזעט איבער די שמאָלע געסלעך פון דער אָנגעכמורעטער פאָרשטאָט, אויסגעשפּאַנט ווי עפּעס אַ ליקעלע, אַלץ גערעדט און גערעדט. זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זיי זײַנען ביידע שטאַרק מיד, שטאַרק הונגעריק און נאָך מערער איבערגעפרוירן. ערשט פאַרנאַכט, ווען דער געדיכטער בעפל האָט אײַנ־געהילט די שמאָלע און שוואַך־באַלויכטענע ליקעלעך, האָבן זיי זיך אַרײַנ־געגאַנוועט אין קעלער־שטיבל צו דער ציגײַנערטע מאַריוצאַ. זי האָט דאַן זיך שוין אומגעקערט פון אירע זומערדיקע וואַנדערונגען. פאַר דעם געלט, וואָס דאָוויד האָט איר געגעבן און וואָס זי האָט אין איין אויגנבליק איבער־געציילט, האָט זי גלײַך אויסגערעכנט, וואָס זיי קומט. עס קומט זיי אַ גוט געלעגער אַף פרישער שטרוי מיט אַ ריינער רעדנע איבערגעדעקט, עס קומט זיי אַ פּאָר גלעזער הייסע קאַווע צו דער וועטשערע, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט, עס קומט זיי אָנוואָראָזשען זייער אַ סאַך גוטס, אַז נאָך פיל פּלאָגן און לאַנגיאָריקער צעשיידונג וועלן זיי האָבן אַ סאַך גליק און אַ גרויס פאַרמעגן, און עס קומט זיי צו דעם אַלעמען אויסזינגען איר ציגײַנעריש לידל, וואָס איז פול מיט בענקעניש און מיט טרערן. דערנאָך, ווען זי האָט זיי אויסגעבעטט, האָט זי זיי אומזיסט, אָן אַ קאָפּעקע געלט, פּאָשעט ווי אַ מאַטאָנע אירע ליבע און גוטע געסט — אויסגעזונגען דאָס יידישע לידל, וואָס זי זינגט אָפט, ווען זי קומט אַרײַן אין אַ יידישער שטוב וואָראָזשען אָדער עפּעס אויסבעטן:

א בריוועלע דער מאַמען
זאָלסטו ניט פאַרזאַמען,

שרײַב געשווינד,
ליבער קינד,
שענק איר די נעכאָמע.

דער רעגן האָט אינגאַנצן פאַרטריבן דעם שניי, זיך צעשפּילט גאַנץ ראַשיק, פּרילינגדיק זיך צעפּויקט אין די רינוועס, אַ ביסל כוצפּעדיק געקלאַפּט אין די שויבן, נעקאָמעדיק צעבולבעט זיך אין די אויפגעשוואָלענע קאַליוזשעס. זײַנען זיי געלעגן אָפּן שטרויענעם געלעגער, אײַנגעטוליעט איינער אינעם צווייטן, זיך אײַנגעהערט אין דער נאַכט, אין דעם רעגנדיקן דרויסן, אינעם אייגענעם שטילן אָטעם און אינעם גרילצנדיקן כראָפּען פון דער ציגײַנערטע. אײַנשלאָפן האָבן זיי ניט געקאָנט, ניט געוואָלט און ניט געטאָרט. ווי האָט מען עס געמעגט שלאָפן אין אַזאַ נאַכט, איינע פון די געציילטע, ביז גאָר זעלטענע נעכט צווישן הונדערטער נעכט פון צעשיידונג, פון נאָגנדיקער בענקעניש און עגבערדיקן אומרו!..

ביז הײַנט ווייסט ער ניט, דאָוויד, צי איז דער גורל אליין געווען יענץ מאָל צו אים אַזוי לײַטזעליק און געשענקט אים אַזאַ באַגעגעניש, צי האָט דערצו צוגעלייגט אַ האַנט עמעצער פון זײַנע כאַווײרים אין בוקאַרעשט, מיט וועמען ער האָט דורכגעמאַכט די פּאַרטיי־שול אין דאָפּטאַנו. נאָר יענע רעגנדיקע אָסיענדיקע נאַכט בא דער ציגײַנערטע מאַריוצאַ, אין איר ניט געהייצטן קעלער־שטיבל מיט די פּײַכטע ווענטלעך, ווען זיי זײַנען געלעגן אף דעם שטרוי, יענע רעגנדיקע אָסיענדיקע נאַכט, וואָס איז דורכגעפלויגן, ווי אַ נאַכט־פויגל, לעבט אין אים די גאַנצע צײַט. אלעמאָל, ווען זײַנע צעקאַליעטשעטע ריפּן און דאָס אָפּגעשוואַכטע האַרץ לייגן אים אוועק, קומט צו אים יענע נאַכט, ווי אַ גוטע רעפוּע.

פון אויבן, אין זוניקן דרויסן, האָט פרײַ אַרומגעשפּאַצירט דער פרילינג, און דאָ אונטערן בריקל, וווהין די זון קאָן זיך קיינמאָל ניט דערקלײַבן, איז געווען פאַרנאַכטלעך טונקל. פון די שטיינערנע ווענטלעך איז געגאַנגען אַ קעלט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין זיי פאַרן גאַנצן ווינטער. פונעם סאַמע פאַרוקטן ווינקעלע, אין וועלכן ס'האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אַ שטיקעלע נאַכט, האָט אַרויסגעגלאַנצט אַ קליין קאַליוזשקעלע, אַ געמיש פון רעגנוואַסער און ניט לאַנג צעגאַנגענעם שניי. עס האָט געגלאַנצט פאַרגליווערט, גלײַך אַ פּרעסטל האָט דאָס פאַרקאָוועט. זיי זײַנען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, דער זיידע מיטן אייניקל, געקוקט איינער אָפּן אַנדערן, און זייערע אויגן האָבן אויך געגלאַנצט מיט יענעם פאַרדעכטיק־פּײַכטן גלאַנץ, ווען מע מוז שוין עפּעס אויסבאַהאַלטן. דאָוויד האָט מיטאמאָל זיך צעהוסט מיט זײַן טרוקענעם, רײַסנדיקן הוסט, און דאָס האָט געזאָלט ראַטעווען ציפּעלען.

— זיידע, קום אוועק פונדאַנען, וועסט זיך צוקילן.

נאָר דער זיידע האָט ניט געוואָלט אוועקגיין. זײַן מאַלקע איז געשטאַנען פאַר אים אַזוי דערשיטערנדיק־יונג און אַזוי אומגלייבלעך־לעבעדיק, אַז אים איז שווער געווען רירן זיך פון אָרט.

— לאָמיר נאָך שטיין אַ ביסעלע, טאָכטערוניע.

— אויב אַזוי, זיידעניו, לאָמיך זיך אַ ביסעלע אויסוויינען. מע מעג?

— אויב דיר ווילט זיך אַזוי שטאַרק? נאָר צוליב וואָס וויינען?

— מיר איז אף דער באָבע א ראַכמאָנעס.

דער פרילינג, וואָס האָט שפּאַצירט פון אויבן און וואָס האָט זיי גלײַך א קוויק געטאָן מיט זײַן ליבער וואַרעמקײַט, ווי נאָר זיי זײַנען ארויס פון אונטער דער בריק, האָט זיך ניט געקלעפּט מיט ציפּעלעס טרערן. האָט דאָוויד ארויסגענומען דאָס טיכעלע פון דער קעשענע און א גיי געטאָן מיט דעם איבער ציפּעלעס אויגן, ווי מע טוט דאָס מיט א קליין קינד. ציפּעלע האָט פאַרהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט א שמייכל טאָן צום זיידן, ווײַזן אים, אז זי וויינט שוין ניט, נאָר דערזען דעם זיידנס פּאָנעם, האָט זי זיך דערשראָקן. זי האָט אליין ניט געוווּסט פאַרוואָס, נאָר עפּעס גרויליקס האָט א שניט געטאָן דעם מויעך און אף א ווײַלע צונויפגעצויגן און פאַרקרימט איר גלאַט, מאַטעווע פּאָנעם מיט די גרינג־צוגעפּלאַמטע בעק־לעך.

— זיידע, — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט, גלײַך ערשט איצט איז צו איר דערגאַנגען אָדער ערשט איצט באַנומען דאָס, וואָס דער זיידע האָט איר דערציילט. — זיידעניו, ווי האָט איר דאָס אלץ אויסגעהאלטן?

— פאַרשטייסט, טאָכטערוניע, מיר האָבן געקעמפּט. און אין דעם איז באַשטאַנען אונדזער לעבן. ריכטיקער, דער זין פון אונדזער לעבן.

— איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, — געזאָגט איז דאָס געווען ניט פאַרן זיידן, נאָר פאַר זיך אליין, — איך ווייס ניט, צי וואָלט איך געקאָנט אזוי.

דאָוויד האָט געשפּאַנט זייער פּאַמעלעך, ווי אונטערגעהונקען, און ציפּעלע האָט געמוזט צופּאַסן איר לײַכטן און גיכן גאַנג צום זיידנס. אלעמאָל האָט זי ביגנייווע געכאַפּט א קוק אף אים, געוואָלט איבערלייענען אף זײַן פּאָנעם דאָס, וואָס איז געבליבן ניט דערזאָגט, נאָר אפן זיידנס פּאָנעם איז געווען די באַקאַנטע קרענקלעכע געלקײַט, וואָס שרעקט שוין לאַנג די גאַנצע מישפּאָכע און וואָס לייגט זיך אויס אף זײַן געזיכט שטענדיק נאָך אזא שפּאַציר. און ציפּעלע האָט א טראַכט געטאָן, אז שולדיק אין דעם איז זי, טאָקע זי, וואָס האָט דערפירט צו דעם דאָזיקן שפּאַציר.

— זיידע, האָסט מיר געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס?

— ניין, גאָרנישט ניט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אז ס'איז ניט אזוי. זי האָט אויך זיך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס וויל איצט דער זיידע ניט ריידן. האָט זי שוין פּאָשעט געוואָלט ארויסשלעפּן אים פון זײַן מאָרעשכוירע. זי האָט א ווונק געטאָן, ווי נעכטן דער זיידע, מיט א פאַרשווערערישן ווונק און א שמייכל געטאָן:

— טאָקע גאָרנישט ניט?

האָט שוין דאָוויד אויך א שמייכל געטאָן:

— ניין, איך האָב גראָד געוואָלט דיר עפּעס זאָגן, נאָר זאָל שוין זײַן אף אן אנדערשמאָל. איך בין עפּעס מיד. און מיר איז שווער, זייער שווער.

— איך ווייס, זיידעניו, איך ווייס. מיר איז אויך שווער.

— פאַרשטייסט, טאָכטערוניע, די סאַמע הייליקסטע ערד איז פאַר מיר די ערד פון אונדזער געסל, דאָס מינען־פעלד, פונוואַנען מיר האָבן זיך קוים ארויסגעדראַפּעט, די ערד, וועלכע איז באַגאָסן מיט אונדזער בלוט און שווייס און אף וועלכער מיר האָבן די סאַמע נאָענטסטע, סאַמע היי־

ליקסטע קוואָרים... די ערד, אַף וועלכער מיר האָבן געקעמפט, און דאָס, פאַר וואָס מיר האָבן געקעמפט און פאַר וואָס מיר קעמפן.

— איך פאַרשטיי אַלץ, זיידעניו. מיין ניט, אַז איך פאַרשטיי ניט. און אויב דו ווילסט וויסן, בין איך דיר אַפילע אַ ביסעלע מעקאַנע.

דאָוויד האָט ניט געהערט, וואָס ציפּעלע רעדט. ער איז שוין געווען גאָר ערגעץ אַנדערש. זייער ווײַט... אַזוי גייט עס שוין באַ אים שטענדיק. הייבט ער זיך אָן דערמאָנען, שלעפּט מיט איינס דאָס אַנדערע. דאָס מאָל האָט עס מיטגעבראַכט מיט זיך דעם טאָג, ווען זײַן טאַטע איז געשטאָרבן. אייניקע האָבן האַלב־ערנסט, האַלב אין אַ שפּאַס געזאָגט, אַז מיכל בעקער איז געשטאָרבן פון הונגער. ווי קאָן עס אַ בעקער שטאַרבן פון הונגער? נאָר אַ שטיקעלע עמעס איז אין דעם געווען. דער טאַטע איז געשטאָרבן פון בויט, פון דאַכקעס, פון אַלע צאָרעס, וואָס האָבן זיך אָנגעוואַלגערט אַף אים, אַ באַרג מיט צאָרעס. פילט ער זיך שטענדיק שולדיק פאַרן טאַטן, און פאַר דער מאַמען. זיי האָבן געהאָפט, אַז דאָווידל וועט אונטערוואַקסן... נאָר אומזיסט איז געווען זייער האָפענונג. פאַרקערט, ער האָט נאָך צוגע־לייגט דעם טאַטן אַ פײַן קנייטל — שטרײַקן, געריכטן, קאַטאָרגע. נאָר מער פון אַלץ איז געווען דער ביזאָיען, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט איבער אים. ווער האָט עס געקאָנט אויסהאַלטן, ווען ביניאָמין אָקס, דער גאַבע פון דער קאַסאָווער קלויז, איז אין איינעם אַ שאַבעס אַרוף אַפן באַלעמער, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויסגעשריגן:

— מיכל בעקער, וואָס האָט אויסגעכאָוועט אַזאַ אַפּיקוירעס, אַזאַ קאַ־טאָרזשניק, זאָל שוין אַרויס פון דער קלויז!

ער איז געווען אַ פרומער ייִד, דער טאַטע. און דאָס איז געווען פאַר אים ערגער, ווי דער טויט.

דאָוויד איז דאַן שוין געווען אַן אומלעגאַלער און האָט ניט געקאָנט אַרײַנקומען אין שטוב אַרײַן זיך געזעגענען מיטן טאַטן. ער האָט אויך ניט געקאָנטקומען צום אָפּנעם קייווער. איז ער געשטאַנען פונדערווײַטנס און געקוקט אַפן אוילעם, וואָס אַרום קייווער, צוגעקוקט, ווי די מאַמע האָט געטאַפּט אַרום זיך די לופט, ווי אַ בלינדע, מיטאַמאָל אַ פאַל געטאָן אַ פאַרכאַלעשטע, און אַזאַ־אָ, מיט צוגעשלאָסענע אויגן און פאַרקלעמטע ליפּן, האָט מען זי אַוועקגעטראָגן פונעם קייווער. ער האָט אויך געהערט, ווי פּיניע שאַמעס האָט מיט זײַן הייזעריק קעלעכל אָפּגעזאָגט, עפּעס גאָר ווי אָפּגעכאַפּט פאַר אים, פאַר דאָווידן, דעם ערשטן קאַדעש.

אַף דער צווייטער נאַכט האָט דאָוויד זיך אַרײַנגעכאַפּט אַפן בעסוילעם, צוגעקומען צום טאַטנס קייווער, געשטאַנען לעבן אים זייער לאַנג און געבעטן באַם טאַטן מעכילע. ניין, קיין קאַדעש האָט ער ניט געזאָגט, דאָס איז שוין געווען נאָך דער דאָפּטאַנער קאַטאָרגע און מיט גאָט איז ער גע־ווען צעקריגט אַף שטענדיק. ער האָט צוערשט געדאַרפט בײַקומען די שרעק פאַרן באַנאַכטיקן בעסוילעם, וואָס איז געזעסן אין אים פון קינדווײַז און געווען אַרומגעוואַקסן מיט אָן אַ שיר געשיכטעס וועגן מייסים און שיידים. ער האָט שוין לאַנג אין דעם ניט געגלייבט, נאָר אין יעדן שאָרך, אין יעדן ציטער פון עפּעס אַ גרעזעלע האָט זיך אים געמאָלט עפּעס פון יענע אַמאָ־ליקע קינדערשע מײַסעלעך. די נאַכט איז געווען אַ זומערדיקע, די פרישע

ערד ארום קיווער האָט ארויסגעעטעמט עפּעס אזוינס, פון וואָס בא א מענטשן הייבן אָן גליווערן הענט און פיס. איבער דער בעסוילעמדיקער שטילקײַט איז געהאנגען פונקט אזא בעסוילעמדיקער הימל.

אין עטלעכע כאדאָשים ארום, ווען מאלקע האָט געבוירן א ייִנגעלע, האָבן זיי דעם א נאָמען געגעבן נאָכן זיידן.

אָט אזוי איז דאָס געקומען צו דעם, וואָס דאָוויד האָט נאָך א פארצווי־געגער שווײַגעניש, ווען זיי האָבן שוין שפּאצירט איבער דער ראשיקער לעניִן־גאס, א זאָג געטאָן:

— קום, וועל איך דיר ווײַזן נאָך א הייליק אָרט. פאר דיר אויך.

— ווו איז דאָס?

— די טורמע, די היגע טורמע.

— די טורמע?

— יאָ, אין דער היגער טורמע האָט דײַן באָבע געבוירן דײַן טאטן.

9

זיי האָבן זיך ערשט געהאט באגעגנט, נאָך אפילע ניט געוווסט, ווי מע רופט איינער דעם אנדערן, און האָבן זיך שוין צעקריגט. זיי זײַנען זיך צונויפגעקומען אפן הויף פונעם קלייניִנקן פאבריקל, ווו מע האָט אמאָל געמאכט קנעפּלעך און זאפאָנקעס, שפּילקעלעך, קנאָפּקעלעך און אנדערע דריבנע זאכן, אָן וועלכע מע קאָן קיין איין לײַטישן מאלבעש ניט אופנייען אָדער אפילע פארלאטען א פאָר אלטע שקראבעס. איצט איז דאָס פאבריקל אפילע אף אזעלכע קלייניקײַטן ניט געווען פייִק, ווײַל ס׳איז געווען ניט מערער, ווי א מעשונעדיקער אָנוואלגער פון דריידלעך און שרײַפלעך אָדער גלאט אזוי פארזשאווערטן אײַזנברוך. מע האָט ערשט געדארפט צולייגן א שיין ביסל האָרעוואניע, אז דאָס אלץ זאָל אָנהייבן דעכען. טאקע איבער עפּעס א שטיק פארזשאווערטן אײַזנברוך האָבן זיי זיך עס צע־קריגט. איינער האָט געזאָגט, אז דאָס איז ניט מערער, ווי א שוואָרען, דער אנדערער האָט געזאָגט, אז דאָס איז ניט קיין שוואָרען, נאָר א שאָ־טון. איז אוועק א קריגעניש און א שפּארעניש, ביז איינער האָט זיך אָנ־גערופן:

— זע, ביסט גאָר א גאנצער ווייסער. ווי רופט מען דיך?

— שוליע.

און כאָטש דאָס איז געווען א נאָמען, ווי אלע נעמען, האָט דער צוויי־טער באשלאָסן א ביסל אָפּשפּעטן פון אים, פונעם נאָמען...

— שו־ליא, — האָט ער ווי א פּרווו געטאָן דעם נאָמען אף דער צונג, באקוקנדיק פון קאָפּ ביז די פיס זײַן נײַעם באקאנטן, דעם הויכן און דארן סאָלדאט מיט דער אָפּגעבליאקעוועטער גימנאסטיאָרקע, מיטן אָפּגעצויגע־נעם פּאָנעם און קורצזיכטיק־זשמורענדיקע אויגן, וואָס קוקן א ביסל קאָ־סעוואטע. — זע נאָר, טאקע זייער א ווייכער נאָמען, מע דארף צו אים אפילע קיין ציין ניט האָבן.

— און דיך ווי רופט מען?

— ניקיטאָ! — האָט יענער געענטפֿערט מיט שטאָלץ.

און ווײַל שוליע האָט גאָרניט ניט געקאָנט צוטראַכטן אַף געבן אים אויסגאָב, האָט ער לויט זײַן טעווע א ביסל פון דער זײַט אָפּגעמאָסטן דעם צו פּולבלעכן פּארשוין און א זונג געטאָן יענץ ייִדיש לידעלע, וואָס זינגט זיך אַף אוקראַיִניש:

— ניקיטאַ, ניקיטאַ, שאָ ס׳טעבע בודע...

זײַנען זיי שוין מיט די נעמען ווי־ביט־איז דורכגעקומען. ערגער איז געווען דאָס, וואָס ניקיטאַ איז געווען זייער א קאַרגער אַף א וואָרט. ניט אזוי די קאַרגשאַפט אליין, ווי דאָס פארצויגענע, פּארטיפּטע שווײַגעניש פון איין וואָרט ביזן צווייטן. גלײַך דאָס איז גאָר א נײַ וואָרט, אזא, וואָס ביז אים האָט דאָס קיינער ניט ארויסגערעדט און ער דאַרף דאָס ערשט צוטראַכטן. איז דאָס פאר שוליען געווען דאָס סאמע ערגסטע, ווײַל דאָס האָט שטענדיק שטאַרק פארצויגן זייער שפּארעניש. ניקיטעס שווײַגן, האָט זיך אים געדוכט, איז פול מיט רויגעז, פול מיט אָנגעדראָדלטקײַט, מיט עפּעס אזעלכס, פון וועלכן דאָס קומענדיקע וואָרט מוז זײַן פול מיט זידלערײַ. דאָס איז געוואָרן פּאָשעט ניט אויסצוהאַלטן, ווען טאַקע איבער די הייסע קריגערײַען און שטענדיקע שפּארענישן זײַנען זיי געוואָרן שותּפים.

שותּפים אפֿן גאַנצן לעבן זײַנען זיי געוואָרן דאַן, ווען ביידן איז ארײַן אין קאָפּ עפּעס א קנעפּל־אווטאָמאט און ניט געוואָלט ארויס, כאָטש, וויִאזוי זיך נעמען פאר אים, האָבן זיי ביידע ניט געוווּסט. נאָר אז א זאַך הייבט אָן דעליבען דעם מויעך באַטאָג און באַנאַכט, איז ניט שײַעך. טאַקע דעמלט האָט שוליע ניט איין מאָל געטראַכט, אז מע קאָן פּאָשעט צעזעצט ווערן פון פארדראָס, האָבנדיק לעבן זיך אזא שווײַגנדיקן שותּף. ער מאַכט, אָט דער ניקיטאַ, אזעלכע מאָדנע האַווײַעס, פּאָכט מיט די הענט, דרייט מיטן קאָפּ און טוט אלעמאָל א בייג אונטער אָן אַנדער פוס, געבנדיק צו פארשטיין, וויִאזוי ער שטעלט זיך פאָר דעם אווטאָמאַט אזוי, אז דער ארבעטער זאָל ניט דאַרפן שטיין א גאַנצן טאָג אינעם סמאָלע־שטויב און אָן אופהער רודעווען מיטן הייבער אַראָפּ און אַרויף. נאָר דערקלערן דאָס מיט ווערטער האָט ניקיטאַ ניט געקאָנט.

— ניקיטאַ, גיב לאָשן! — האָט ער זיך געררייצט מיט אים.

— שוליאַ... ווי קומט צו דיר אזא ווייכער נאָמען? שו־ליאַ!

און אויך דאַן, ווען אלע שרײַפּעלעך און רעדעלעך־דריידעלעך האָבן אין איינעם א שיינעם טאָג אָנגעהויבן דרייען זיך, און אלץ האָט זיך באַ־קומען פונקט אזוי, ווי זיי האָבן געוואָלט, האָט ניקיטאַ ווידער א פאַרכיי־דעשטער א קוק געטאָן אַף זײַן א ביסל צו הויכן און צו מאָגערן שותּף און ארויסגערעדט אָן אַנציקטער:

— שוליאַ, ווו האָסטו עס געקראָגן אזא פײַנעם נאָמען?

באַ ניקיטען האָט דאָס באַטײַט פיל מערער. ווי קומט, הייסט עס, צו אים אזא גוטער קאָפּ, ווי קומט צו אים אזא גוט האַרץ, ווײַל אָן אזא האַרץ זײַנען די הענט און דער קאָפּ אליין גאָרניט. און ביכלאל, פונוואַנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער הויכער און דאַרער שוליע?

נו, גיי דערצייל אים אויס, ניקיטען, דעם גאַנצן ייִכעס זײַנעם.

האָט אים שוליע געענטפערט אויך, ווי אין א שפּאַס:

— וועגן נאכמען פּריַטיק האָסטו געהערט?

— ווער איז דער נאכמען, און וואָס איז דאָס פאר א פּריַטיק?..

— מיַין טאטע, — האָט שוליע ארויסגעבראכט מיט אזא מינע, גליַיך דער נאָמען אליין — נאכמען פּריַטיק — האָט שוין געדארפט פארענטפערן אלע פראגן. — א קאָוועל איז ער געווען, מיַין טאטע, נאָר דער צונאָמען איז פארבונדן מיט א גרויסן וואנט־זייגער, א יערושע פונעם זיידן.

שוליעס זיידע האָט געהייסן מעשולעם, און גערופן האָט מען אים — דער מעשוגענער זייגערמאכער, וויַיל אלע זייגערס, וואָס ער האָט פאריכט, זיַינען אויך געווען ווי צעדרייט, געגאנגען עפּעס קאפּויר און געקלונגען גאָר, ווי פון זינען אראָפּ. צוועלף אזייגער האָבן זיי געקלונגען איינס, און איינס אזייגער — גאָר זיבעצן. דער יערושע־זייגער איז אויך געווען פון דעם מין. ער איז מער געשטאנען, ווי געגאנגען. נאכמען קאָוועל האָט אים אָנגעצויגן איין מאָל אין דער וואָך, פּריַטיק, ערעוו שאבעס. גייט ער, דער זייגער, גייט א גאנצן ערעוו שאבעס און א גאנצן שאבעס, גייט און קלינגט, קלינגט — ווען מע דארף און ווען מע דארף ניט, צעקלינגט זיך אמאָל אינמיטן דער נאכט און וויל ניט אופהערן. נאָר גראָד אָט דאָס־אָ, אָט דאָס מעשונעדיקע קלאפּעניש און קלינגעניש, מאכט דעם שאבעס ניט ענלעך אפן אינדערוואָכן, גיט צו דעם שאבעס עפּעס יאָמטעוו־דיקס.

גייט אויס דער שאבעס, גייט אויך אויס דער זייגער, בליַיבט הענגען שאַ־שטיל, דעכעט אפילע ניט.

זייגערס איז אין שטעטל געווען ווייניק, און אלעמאָל, ווען עמעצער האָט געפרעגט בא נאכמענען — אמאָל ערנסט, אמאָל אין א שפּאַס, — וויפל האלט זיַין זייגער, האָט נאכמען — אויך האלב־ערנסט און האלב־שמייכ־לענדיק — געענטפערט:

— פּריַטיק, פּריַטיק!

נו, האָט מען אים א נאָמען געגעבן נאכמען פּריַטיק.

ווען די מאמע זיַינע, שעווע די קאָוועליכע, האָט געבוירן א יינגעלע און מע האָט אים א נאָמען געגעבן נאָך איר טאטן, מעשולעמען דעם זיי־גערמאכער, האָט קיינער ניט געוווּסט, וועלכע צאָרעס וועט זייער מיזיניק האָבן מיט דעם נאָמען.

זיַין ערשטע ראציאָנאליזאציע האָט א שיַיכעס צו זיַין אייגענעם נאָמען. ער האָט פּאָשעט ארויסגעוואָרפן דעם ערשטן אָס, אָט די פארשאָלטענע קלעקע־מעם, און געהייסן זיך רופן בלויז שולעם, ניט שאָלעם, נאָר שולעם. מיט דער שלאָס־מעם האָט ער זיך ספּראווועט גאנץ גרינג. האָט דאפקע די ראטנמאכט אים אָפּגעטאָן א שפּיצל. ביכלאל האָט ער געהאלטן, אז דאָס איז זייער א קלוגע זאך. צו וואָס דארף מען האָבן אין אלעפבייס א האלב טוץ איבעריקע אויסיעס, אז מע קאָן זיך באגיין אָן זיי? נאָר גראָד אים האָט ניט אָפּגעגליקט. די שלאָס־מעם ארויסגעוואָרפן און די קלעקע־מעם איבערגעלאָזט. און אלעמאָל, ווען ער האָט געדארפט אָנשריַיבן זיַין נאָמען, האָט זיך צום סאָף באקומען א קלעק. האָט ער א שפּיַי געטאָן אף אלע מעמען, א ביסל צוגעשליַיפט זיַין אייגענעם נאָמען און געמאכט פון

אים פֿאָשעט — שוליא. און אזוי — ביז היַינטיקן טאָג. אין אלע אנקעטעס, אין אלע דאָקומענטן, אין אלע פֿארשיידענע גראַמאָטעס — שוליא.

עמעס, אַף דער עלטער איז אים דער נאָמען געוואָרן א ביסל ענגלעך, קינדעריש, ווי קורצע הייזעלעך. דאָס זאָגט ניט ער, נאָר זײַן בליומע. א נאָמען איז אָבער ניט קיין נאַזטיכל, וואָס מע בײַט אלעמאָל, און ניט דער נאָמען איז דער איקער, ניט דער נאָמען באשיינט דעם מענטשן, נאָר פֿאר־קערט. און ביכלאל רעדט איצט קיינער ניט אויס זײַן נאָמען איינעם אליין — מע גיט צו אויך דעם טאטנס נאָמען. נאומאָוויטש רופט מען אים. אויב מענטשן געפֿעלט בעסער נאומאָוויטש, זאָל זײַן אזוי. נאָר זיי בײדע רופֿן זיך ווי פֿריִער. פֿאר אים איז ניקיטא געבליבן ניקיטא, און ער איז פֿאר אים געבליבן שוליא.

האָבן זיי צוערשט געהאט איין שוטפֿעסדיקן אווטאָמאט, דערנאָך האָבן זיי באקומען א שוטפֿעסדיקן צעך, ווו ס'שטייען זייערע צוואנציק אזעלכע אווטאָמאטן. און אלעמאָל, ווען זיי מײַסטרעווען אויס עפּעס א נײַע זאך אָדער שטעלן אריַין א נײַעם לונג־און־לעבער אן אלטער שיוורע־קיילע, וואָס מע האָט שוין געקליבן זיך ארויסוואַרפֿן, שטייען זיי בײדע פֿארגאפֿ־טע, גלײַך זיי קאָנען ניט גלייבן, אז דאָס האָבן טאקע זיי אליין געמאכט. ניקיטא פֿארהייבט דעם קאָפּ א ביסעלע ארוף, שוליע לאָזט דעם קאָפּ א ביסעלע אראָפּ, בײדע שמייכלען און בײדע דערלויבן זיך א קיצל טאָן איינער דעם אנדערן.

— ניקיטא, האָ? — רעדט ארויס שוליע. — קיבערנעטיקע.

און ניקיטא, שטענדיק מיט זײַן ווערטעלע:

— שוליא! ווי קומט צו דיר אזא נאָמען?

מע האלט זיך אין איין שפּארן, מע זאָגט איינער דעם אנדערן שטעכ־ווערטלעך און מע מאכט וואָס אמאָל א גרעסערן שותפֿעס.

שותפֿעסדיק איז בא זיי דער מיטיק. זיי מישן שטענדיק צונויף אינעי־נעם דאָס, וואָס יעדערער ברענגט פֿון דער היים. שותפֿעסדיק איז בא זיי דער גאנג.

אפֿילע דער גריפּ איז בא זיי אויך א שותפֿעסדיקער. זיי מאכן אים דורך שטענדיק אין איינע און די זעלבע טעג, און מע ווייסט קיינמאָל ניט, ווער ווען ס'האָט באשאָנקען מיטן ניסעניש און מיטן הוסטעניש. ווי דאָס זאָל ניט זײַן, האָט בליומע פֿאר זיי שטענדיק איין רעפּוּע: טיי מיט אײַנגעמאכטס פֿון מאלינעס, א פֿראָשעק אספּירין און א הייסע שיסל וואַ־סער, אויסגעמישט מיט זענעפֿט אַף פֿארען די פֿיס. קיין אנטיביאָטיקעס, ווי בליומע זאָגט, אנערקענט זי ניט, ווײַל די אנטיביאָטיקעס, זאָגט זי, זײַנען א שטעקן מיט צוויי עקן.

שותפֿעסדיק זײַנען בא זיי אויך אלע איבעריקע זאכן. אין איין טאָג האָבן זיי באקומען דעם טיטל „פֿארדינסטפֿולער ראציאָנאליזאטאָר פֿון רעפּו־בליק", אין איין טאָג באלוינט געוואָרן מיט אָרדענס, און אלע פֿארשיידענע גראַמאָטעס זײַנען בא זיי בײדע פֿון דער זעלבער דאטע און מיט די זעלבע שוואָכים.

נאָך איין זאך איז בא זיי שותפֿעסדיק — זייער מעשוגאַס. דאָס האָט שוין צוגעטראכט בליומע אליין, אַף אָפּשפּעטן א ביסל פֿון זיי, דערפֿאר

וואָס זיי זייַנען אַזוי פאַרליאַפּעט אין זייערע אוטאָמאַטן, אין זייערע ראַציאָנאַליזאַציעס און אין זייער שוטפעסדיקן דירעקטאָר. איז מיילע, צו שוליען איז דאָס געקומען פונעם זיידן, דעם מעשוגענעם זייגערמאַכער מעשולעם, אײניינעם מיטן נאָמען, אָבער פונוואַנען קומט אָט דאָס מעשרגאַס צו ניקיטען?

איז שוין גרינג צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דעם דירעקטאָרס קרענק האָט זיי ביידע אַזוי געפּלעפּט. ביידע איז זיי אַ ביסל פּוסטלעך און אַ ביסל אומעטיק. און עס דוכט זיך זיי, אַז אַלץ דרייט זיך ניט אַזוי, ווי עס דאַרף זיך דרייען, הודעט ניט אַזוי, ווי עס דאַרף הודען, און אַז אין דער שטים פון יעדער ווערקשטעל, פון יעדן אוטאָמאַט איז פאַראַן אַ ביסעלע אומעט און אַ ביסעלע בענקעניש.

שטייען זיי ביידע איינער לעבן אַנדערן בײַ זייערע שלאָסער־ווערקשטעלן, בײַ ביידן הויקערן זיך די פּלייצעס, שאָקלען זיך אַ ביסל אין אַ זײַט, אַזוי אַז ס'איז שווער צו זאָגן, וועמעס פּלייצעס איז ניקיטעס און וועמעס איז שוליעס, ביידע האַלטן אין די הענט ראַשפּילס און אײַסעקן זיך מיט זיי איבער אַ מעשונעדיק צעקרימטן שטיק אײַזן. זיי זײַנען געווינט צו אָט דעם פאַרטויבנדיקן הודזשען און קאָנען ביסמײַסע, רײַבנדיק מיט די ראַשפּילס דאָס אײַזן, זיך דורכשמועסן וועגן אַלץ אין דער וועלט, און מער פון אַלץ וועגן דעם הענטשקעס־אוטאָמאַט, אין וועלכן זיי האָבן אויך אַ כיילעק, וועגן דעם שטיקל יאָמטעוו, וואָס מע האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געפּראַוועט דאָ אין צעך.

בייסן מיטיק־איבעררײַס ווערט אין צעך שטיל און פּוסט. די יונגע לײַט לויפן אַוועק אין גאָרקיך. ניקיטאַ און שוליע האַלטן ניט פון דעם. דער גאַנצער פאַרגעניגן באַשטייט דאָך אינעם זופּן די מילך פון איין פלעשל. טוט שוליע אַ זופּ און דערלאַנגט דאָס פלעשעלע ניקיטען, דערנאָך טוט ניקיטאַ אַ זופּ און דערלאַנגט דאָס פלעשעלע שוליען, דערנאָך ווידער דאָס זעלבע. עטלעכע אַזעלכע מילכיקע האַקאָפּעס, נאָר קיין פריילעכער שמועס וויל זיך עפּעס ניט באַקומען. טראַכטן זיי ווידער. פריִער יעדערער באַזונדער און דערנאָך ביידע בעשוטפעס. און פון זייער טראַכטעניש קומט אַרויס עפּעס גאָר אַ ווילדע זאַך. כאָטש קיין שום זײַטיקע מענטשן זײַנען דאַן אין צעך ניט געווען און קיינער האָט ניט געהערט, וואָס סערגיי האָט געזאָגט מיכלען און וויִאַזוי מיכל האָט געענטפערט סערגייען, און כאָטש די זיצונג פון דער ביוראָ פון דער צעכאָווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פאַרמאַכטע און קיינער האָט ניט געהערט, וויִאַזוי מע האָט אַרײַנגעזאָגט סערגייען און וויִאַזוי סערגיי האָט זיך פאַרענטפערט, צי עפּשער גאָר ניט פאַרענטפערט זיך, — איז די דאָזיקע געשיכטע גלײַך זיך צעפלויגן איבער אַלע צעכן און יעדערער האָט געהאַט אַ מעגלעכקײַט צולייגן צו דעם אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. איז בײַ אייניקע אויסגעקורמען, אַז סערגיי האָט געזידלט מיכלען מיט די סאַמע ערגסטע ווערטער, און מיכל האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן, ער זאָל אים ניט דערלאַנגען אין די ציין; בײַ אַנדערע פאַרקערט — אַז סערגיי האָט גאָר אַזוינס ניט געזאָגט און אומזיסט האָט מיכל זיך אַזוי צעהיצט. עמעס, פון סערגייען האָט דעם פרימאָרגן געשמעקט מיט בראַנפן. נו, איז וואָס?

אזוי צי אזוי, נאָר שוליע מיט ניקיטען האָבן געהאט וואָס בעשוטפעס צו באַטראַכטן. ביז ניקיטא האָט ענדלעך ארויסגערעדט:

— איך פאַרשטיי דאָס ניט, אָט הארגע מיך, פאַרשטיי איך דאָס ניט.

— וואָס פאַרשטייסטו ניט?

— אָט, אשטייגער, מײַן טאטע... ער איז געווען זייער א גוטער מאַשי־ניסט. געפירט פּאַסאַזשיר־צוגן פון טשערנאָוויץ קיין בוכאַרעסט. איז זײַן פאַמיליע די רומענער ניט געפעלן געוואָרן. וואָס הייסט, צו דער קרוינ־שטאָט זאָל פירן צוגן א מענטש, וועמעס פאמיליע איז מיראָניוק! איז מען צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל בײַטן זײַן פאמיליע אף מיראָנעסקו. סטײַטש, טײַנעט ער, מײַן טאטע איז געווען מיראָניוק, מײַן זיידע און עלטערזיי־דע... נו, האָט מען אים געזאָגט, אויב דיר איז אזוי טײַער דײַן עלטער־זיידע... האָט מען אים איבערגעזעצט פריִער אף א לאַסט־צוג, דערנאָך אינגאַנצן אף א קליין פּאַראָוואָזיקל, וואָס האָט געפירט בורעקעס צום זאַ־וואָד. נאָר דאָס איז געווען בא דער באָיאַרישער רומעניע!

ער האָט זיך צערעדט, ניקיטא. און דאָס האָט מערער פאַר אַלץ געווונ־דערט שוליען. אינמיטנדרינען א גאַנצער פּאָרטראָג!

— אָט דאָס קאָן איך ניט פאַרשטיין. אין אונדזערע צײַטן, צווישן יונגע לײַט זאָלן זיך געפינען אזעלכע סערגייעלעך. בא מיר איז אזוי. זײַ דיר מיראָניוק. זײַ דיר פּלאַקסמאַן. זײַ דיר קילאַרו. דעריקער — א מענטש זאָלסטו זײַן.

— איך זאָג אויך דאָס זעלבע.

— אָט נעם, אשטייגער, דעם הענטשקעס־אווטאָמאַט. וועד האָט ניט צוגעלייגט זײַן האַנט צו אים, א שטיקל קאָפּ און א שטיקל האַרץ? איז פון וועלכער נאַציע איז אונדזער אווטאָמאַט?

דערוף האָט שוין שוליע דערווידערט:

— א מאָשל, דאָס איז דאָך ניט מערער, ווי א מאַשין, און זי קאָן האָבן בלויז איין מאַרקע, א סאָוועטישע.

— טאָ־טאָ! און מיר ווער זײַנען? איך מיין דעם סאַמע איקער. מיר זײַנען אַלע סאָוועטישע. דערפאַר בראָט עס מיך טאַקע אזוי. ווען איך בין אף מיכלס אָרט! אָט זאָגט מען אָפּט: מאָראַלישער קלימאַט, פּסיכאָלאָגישער קלימאַט. איך וואָלט געגעבן אָט דעם סערגייען אזא קלימאַט, ער זאָל אים פאַרגעדענקען אף אַלע יאָרן...

שוליע האָט עפּעס ניט געהאט קיין כיישעק צו רעדן וועגן דעם. ער האָט שוין באַוויזן ארומטראַכטן דאָס פון אַלע זײַטן, באַוויזן אפילע זיך דורכשמועסן וועגן דעם מיט זײַן בליומען און באַשווירן זי מיט אַלע שרעקלעכסטע שוועס, זי זאָל זיך ניט ארויסכאַפּן מיט א וואָרט פאַר דאָ־ווידן. מע דאַרף ניט, ער זאָל וויסן וועגן דעם. עס וועט אים שאַטן צום געזונט. איצט, אויסגעהערט ניקיטעס „פּאָרטראָג", האָט ער ווידער זיך פאַרטראַכט. און אז שוליע איז שטאַרק פאַרטראַכט, פאַרגעסט ער, ווו ער איז אין דער וועלט, מיט וועמען ער רעדט.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך. ס'איז בא אונדז ניט דער קלימאַט.

— איך מיין אזוי, — האָט אונטערגעכאַפּט ניקיטאַ, — דאָס אַלץ איז דערפֿאַר, ווײַל אונדזער פּעטראָוויטש איז ניטאָ. זאָל ער נאָר געזונט ווערן...

קיריל פּעטראָוויטש איז געווען נאָך ניט אינגאַנצן געזונט, נאָר זיצן אין דער היים, אָן אַרבעט, האָט ער שוין אויך ניט געקאָנט, באַזונדערס, ווען ער האָט איבערגעלאָזט דעם זאַוואָד מיטן הויפּט־אינזשעניער ניט אַהין און ניט אַהער און אים דוכט זיך אַלץ, אַז עס שמעקט מיט אַן אָנ־גריף... אַמאָל איז ער דאָך אַנטלאָפֿן פֿונעם מעדסאַנבאַט ניט אינגאַנצן קיין אויסגעהיילטער, ווײַל ער האָט דערפֿילט, אַז ס'שמעקט מיט אַן אָנגריף... מיילע, איז איבער דעם דער פֿוס געבליבן ניט אַזאַ, ווי מע דאַרף. נו, שפּאַנט ער דען ניט מיטן ניט־דערהיילטן פֿוס פֿונקט, ווי אַנדערע?

דער פֿוס, וואָס האָט די לעצטע טעג אויך געלאָזט הערן וועגן זיך, האָט געפּרוּווט דערווײַזן, אַז אַ פֿוס איז איין זאַך און אַ האַרץ איז גאָר עפּעס אַנדערש. מיט קיין האַרץ שפּילט מען זיך ניט, מיט קיין האַרץ פּראָווּעט מען ניט קיין צולאָכעס. נאָר קיריל האָט אויך געהאַט מיט וואָס צו דערווײַזן, אַז ליגן איז פֿאַר אים איצט ערגער.

מאַריִאַ האָט געפּרוּווט אים אָפּרעדן. די דאָקטוירים האָבן דאָך געהייסן! האָט שוין קיריל פּעטראָוויטש געמוזט צוטראַכטן פֿאַר איר גאָר אַ נײַע טעאָריע. אַז סײַ די דאָקטוירים און סײַ די רעצעפּטן, וואָס זײַנען געווען אים זייער נייטיק אין די ערשטע טעג, הייבן אָן איצט ווערן פֿאַר אים שעד־לעך. קעגן דער דאָזיקער דיִאַלעקטיק האָט שוין מאַריִאַ סערגייעווּנאַ גאָר־ניט געהאַט וואָס אַרויסצושטעלן.

די מאַשין אַרויסרופֿן האָט ער אויך ניט געוואָלט און געמאָלדן מאַריִען, אַז בכלל, פֿון הײַנט אָן, גייט ער אָף דער אַרבעט צופֿוס. און דאָס אויך באַשטעטיקט מיט דער דיִאַלעקטיק. כאָטש ער האַלט, אַז די דאָקטוירים הייבן אָן ווערן פֿאַר אים שעדלעך, נאָר צו זייערע אייצעס דאַרף מען זיך אַמאָל צוהערן: וואָס מערער זיך באַוועגן, וואָס מערער זײַן אָף דער פֿרײַ־שער לופֿט — דאָס יאָ.

מאַריִאַ סערגייעווּנאַ ווייסט שוין פֿון לאַנג: אויב איר קיריל נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַרײַן, וועסטו אים שוין ניט איבערשפּאַרן. האָט זי צוערשט געלאָזט אַ שטילע טרער, דערנאָך אָנגעשטאָפּט אַלע זײַנע קעשענעס מיט פֿאַרשיידענע טאַבלעטקעס, דערנאָך אַ ביסל אין אײַלעניש צוגעקעמט די האָר און שוין דאַן, ווען קיריל פּעטראָוויטש האָט צוגעמאַכט די טיר פֿון יענער זײַט און פֿאַמעלעך אָפּגעציילט די ערשטע צען טרעפּ, האָט זי אָפּ־גיך אַרופֿגעצויגן אָפּן כאַלאַטל דאָס דינע מאַנטעלע און איז אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן. דעם גאַנצן וועג ביז די זאַוואָד־טויערן האָט זי אים נאָכגע־טשאַטעוועט אַ ביסל פֿונדערווײַטנס, אַ שפּאַן צוואַנציק פֿון אים, גרייט יעדע מינוט, ווען עס וועט, כאָלילע, עפּעס טרעפֿן, צולויפֿן צו אים. דעם גאַנצן וועג האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן פֿון אים הינטער עמעצנס פּלייצעס אָדער הינטער אַ בוים און געהאַלטן אין איין צוטראַכטן הונדערטער פּיזמוינעס — וואָס וועט זי אים זאָגן, אויב ער וועט זיך אומקוקן און זי באַמערקן.

דער הימל איז היינט געהאנגען נידעריק איבער דער ערד, און פון די טונקעלע כמארעס האָט זיך געזיפּט א דין, ניט פרילינגדיק רעגנדל.

קיריל פּעטראָוויטש איז געגאנגען איניינעם מיט אלעמען און געפילט אין אלץ א באזונדערע דערהויבנקייט, א שטילע פייערלעכקייט. אפילו איינעם פארבאָרגענעם רעגנדל, וואָס איז, לאָזט זיך אויס, א גאנץ עסעריקס. נאָר ווי דאָס זאָל ניט זיין, האָט ער דאָך זיך ארויסגעדראפּעט פון זיינע הארצווייטעקן און גייט ווידער אף דער ארבעט. ניט ער פאָרט, נאָר ער גייט אף דער ארבעט גלייך מיט אלע, פּונקט ווי ער איז געגאנגען אמאָל, ווען ער איז געווען יונג און געזונט און איז ניט געווען קיין דירעקטאָר. און אויך פּונקט ווי דאן, גלייך נאָך דער מילכאָמע, ווען ער איז, ווי אלע דירעקטאָרס, געגאנגען צופוס. פון דעם אלעמען איז אים געוואָרן א ביסל פריילעכער אפן הארצן. „ארייננשרייבן אים אין די צעטלען פון די פּענסיאָנערן איז נאָך צו פרי".

דאָס רעגנדל האָט געזיפּט און געזיפּט, און קיריל פּעטראָוויטש האָט ניט אופגעהערט קריגן זיך מיט עמעצן. דער עמעצער איז געווען ער אליין, ווייל מיט יעדן טראָט, וואָס ער האָט זיך דערנעענטערט צום זאוואָד, האָט ער אפּסניי איבערגעשפּילט דעם סיכסעך מיט זיין הויפּט־אינזשעניער, מיט מיכלען, ווען ער אליין האָט אויסגעבאקן און ווער ס'האָט געוואגט פארווארפן אים, אז ער, קיריל פּעטראָוויטש, איז אָפּגעשטאנען פון דער צייט, פון די געהעכערטע פאָדערונגען פונעם טעכנישן פּראָגרעס. און כאָטש קיריל פּעטראָוויטש ווייסט גוט, אז מיכל האָט אזוינס ניט געזאָגט, נאָר אויב גוט א טראכט טאָן, האָט ער דאָס טאקע געמיינט, אז ער, קיריל פּעטראָוויטש, איז שוין צו אלט פאר די איצטיקע פאָדערונגען, די קענטענישן זיינע זיינען אויך א ביסל פארעלטערט און ער דארף אָפּטרעטן דאָס דירעקטאָרישע בענקל א יינגערן, א מער דערפארענעם, מיט א ברייטערן פארנעם און טיפערן אינזשעניערישן דענקען. מעגלעך טאקע, אז אים, מיכאיל דאווידאָוויטשן.

מיט א צייט שפּעטער האָט ער ניט איין מאָל געזידלט זיך אליין פאר די דאָזיקע געדאנקען — דאָס זיינען געדאנקען ניט פאר קיין דירעקטאָר, נאָר פאר א פּענסיאָנער. צום באדויערן, איז דאָס ניט בלויז א רויגעז צווישן דירעקטאָר און הויפּט־אינזשעניער, נאָר פּאָשעט צווישן צוויי מענטשן, וואָס איינער הייסט קיריל פּעטראָוויטש און דער צווייטער מיכאיל דאווידאָוויטש. דער ערשטער איז שוין אלט, מיד און טאקע קראנק אויך, און דער צווייטער איז יונג, פול מיט אומגעדולד, מיט ענערגיע, מיט אימפּעט, און די צוויי טויזנט ארבעטער און אינזשעניערן, וואָס קומען יעדן טאָג אפן זאוואָד, זיינען אויך יונג.

מערער פאר אלץ האָט אים פארדראָסן גראָד דאָס, וואָס דער סיכסעך איז פאָרגעקומען צווישן אים מיט זיין ליבלינג, מיט זיין דערצויגלינג. און נאָך מערער ווייטעקלעך איז געווען דערפון, וואָס אויב גוט א טראכט טאָן, איז מיכל ניט אינגאנצן אומגערעכט. צי שטעלט זיך אָבער מיכל פאָר, מיט וואָס פאר אן איבערקערעניש אפן גאנצן זאוואָד, מיט וואָס פארא יאָגעניש און קאָפּדרייעניש איז פארבונדן דאָס, וואָס ער לייגט פאָר. מיט וויפל ניט פאָרויסגעזעענע שוועריקייטן און געפארן. און מיט וויפל אויס־

ריידן! נאָר אומזיסט מיינט מיכל, אז ער, קיריל פעטראָוויטש, איז צו אלט פאר אזעלכע אופטועןǃ

— נאָך צו פרי מיך פארשרײַבן צווישן די אלטע! איר זעט, איך גיי אף דער ארבעט! איך גיי! דער נײַנטער פינפיאָר איז מײַנער, איך וועל אים קיינעם ניט איבערגעבן. איך האָב אים אָנגעהויבן, און איך וועל אים ענ־דיקן.

צום זאוואָד איז ער צוגעקומען, ווען די מענטשן פון דער ערשטער וואכטע האָבן שוין פארנומען די ערטער און אפן זאוואָדישן הויף איז גע־וואָרן פוסטלעך. ער איז געגאנגען מיט זײַן אײַנגעהאלטענעם, שוין א ביסל מידלעכן גאנג און באטראכט אלץ ארום, ווי א זײַטיקער. בא אים איז גע־ווען אזא געפיל, ווי אמאָל, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון מעדסאנבאט צו זיך אין פאָלק. א פריידיק־אופגערעגטער — דאָס הארץ טיאָכקעט שטארק, און די הענט און די פיס ציטערן א ביסל. דאָס אומזעבארע רעגנדל האָט זיך געטאָן זײַנס, און די הויכע טאָפּאָלן, וואָס האָבן זיך אויסגעסטרוי־נעוועט, ווי סאָלדאטן, איבער דער גאנצער לענג פונעם הויף, ארום די אלטע און נײַע צעכן, האָבן געגלאנצט מיט א טונקל־גרינעם גלאנץ, ווי אָנ־געשמירט מיט פעטקײַט.

וויפל מאָל איז ער געגאנגען מיט אָט דער אלייע, זומער און ווינטער, אין רעגנס און אין שנייען, נאָר אים איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען באַ־מערקן דאָס, וואָס ער האָט הײַנט דערזען. ווייסט ער שוין אליין ניט, ווי האָט זיך דאָס באקומען. צי דאָס שטיקעלע שטילע דאָרף, וואָס האָט זיך פארקליבן אהער און פארגליווערט געוואָרן צווישן דעם פארטויבנדיקן גרילץ פון מאשינען און ווערקשטעלן, צי עפשער פארקערט, דער זאוואָד, וואָס איז אלץ געוואקסן און זיי האָבן געמוזט אלעמאָל צונעמען א שטיקל פלאץ באם דאָרף... אזוי צי אזוי, נאָר אָט דער פארביקער געמיש, אָט דער אויסטערלישער איבערגעמיש פון שטאָטישן און דאָרפישן — דער הוידענ־דיקער גערויש פון די צעכן, דאָס טאראכקען פון די מאשינעס איבערן הויף און אָט דער אָפּגעפאלענער צוויט אין סעדל, די שמעקנדיקע קווייטן און באזונדערס דער אלטער דעמב, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין טראָפּן, געשאפן ארום זיך א גרויסן טרוקענעם קרײַז, האָט אים דורכגענו־מען פון קאָפּ ביז די פיס מיט אן אומעט, וואָס אים אליין איז שווער געווען פארשטיין. ער ווייסט ניט, צו וועלכע עמאָציעס וואָלט זיי פארעכנט זײַן מאריע. צו די דערלויבטע פאָזיטיווע, צי צו די שטרענג־פארווערטע נע־גאטיווע. און ווי וואָלט זי דערקלערט דאָס, וואָס אים איז אופגעקומען דער געדאנק, אז א מאשין איז ניט מערער ווי א מאשין און זי פארמאָגט נאָר דאָס, וואָס דער מענטש לייגט ארײַן אין איר עפעס פון זיך, אָבער בלויז עפעס. דרייען קאָן זי זיך, ציילן אויך, נאָר פילן ניט, און אין דעם וועט שטענדיק באשטיין די אויבערהאנט פונעם מענטשן איבער דער מאשין.

אין איין זאך וועט ער זיך קיינמאָל ניט מוידע זײַן. אז ער איז אומיסטן אזוי ווײַט פארקראָכן מיט זײַנע געדאנקען, ווײַל די גאנצע צײַט, גייענדיק אפן זאוואָד, האָט ער ניט געקאָנט פאָרשטעלן זיך, ווי וועט ער זיך באגע־גענען מיט זײַן הויפט־אינזשעניער, ווי וועלן זיי אָפּגעבן איינער דעם אנ־דערן דעם גוטמאָרגן און פון וואָס וועלן זיי אָנהייבן רעדן. דעריקער, —

האָט ער זיך אַלע מאָל באַפוילן, — ניט אַרויסגעבן זיך, ניט ווײַזן, אַז ער איז נאָך ניט אינגאַנצן געזונט, ניט אַרויסרופן בײַ די אַרומיקע קיין ראַכ־מאָנעס־געפיל, קיין מיטגעפיל ביכלאַל. אויב ער איז שוין יאָ אַרויסגעקומען אויף דער אַרבעט, איז ער געקומען אַלס דירעקטאָר, און אַ דירעקטאָר מוז שטענדיק בלײַבן דירעקטאָר.

— קיריל פּעטראָוויטש!..

— כאָווער דירעקטאָר!

גראָד דאָס האָט אים געקאָנט צוגעבן אַ ביסל מוט און דרייסטקײַט. דאָס, מיט וועלכער פרייד די דאָזיקע באַגריסונגען זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן. און וויאַזוי ס'האָבן באַ יעדערן געגלאַנצט די אויגן. אויף אַלע פראַגן וועגן דעם, ווי ער פילט זיך, האָט ער געענטפערט:

— אָט, ווי אָט דער אַלטער דעמב. ער גיט זיך ניט אונטער!

דאָס זעלבע האָט ער געזאָגט ניקיטען מיט שוליען, וואָס האָבן זיך גע־וואָרפן אַרומנעמען אים.

— נאָ, נאָ, אַלטע וועטעראַנען זײַנען ווי אָט דער דעמב! מיר וועלן זיי נאָך ווײַזן, די יונגע!

— קיריל פּעטראָוויטש!

— מיכאַיִל דאַווידאָוויטש!

זיי זײַנען געבליבן שטיין איינער קעגן אַנדערן אין דער מיט פונעם סאַמע נײַסטן און סאַמע גרעסטן דריטן צעך מיט זײַנע צעפּראַלטע טירן און טויערן, מיט זײַנע שמעקנדיקע צוגווינטן, צווישן דעם זינגענדיקן איבערוף פון עטלעכע הונדערט ווערקשטעלן און אויטאָמאַטן, געשטאַנען אַ ביסל ווי דערשראָקן, ווײַל פאַר זיי ביידע איז דאָס געווען אומדערוואַרט, און אויך דערפאַר, וואָס ביידע האָבן די גאַנצע צײַט געוואַרט אויף דער באַ־געגעניש, געגאַרט צו איר און געשראָקן זיך פאַר איר.

— ווי פילט איר זיך, קיריל פּעטראָוויטש?

איבערגעלאָזט די פראַגע אָן אַן ענטפער, האָט קיריל פּעטראָוויטש אַרײַנגעשריגן מיכלען אין אויער אַרײַן זײַן ריין דירעקטאָרישע פראַגע:

— ווי האָט זיך אָנגעהויבן הײַנטיקע סמענע?

— ווי געוויינלעך.

— ווי געוויינלעך נאָרמאַל, צי ווי געוויינלעך אומנאָרמאַל?

אויף פאָרזעצן דעם שמועס האָבן זיי געמוזט וואָס גיכער אַרויס אין שטילן און רעגנדיקן דרויסן.

— קיין שום אויסערגעוויינלעכס. אַלץ אין אָרדענונג. בלויז איין בריוו פון מיניסטעריום. זיי בעטן אַרויסשיקן דעם הענטשקעס־אויטאָמאַט אויף דער רעפּובליקאַנישער אויסשטעלונג.

— האָסטו שוין עפּעס פאָרגענומען?

— ניין. כ'האָב געוואַרט אויף אײַך.

— וואָס הייסט, דו האָסט געוואַרט אויף מיר? און אויב די סטעליע וועט זיך אײַנוואַלגערן? און אויב אַ סרייפע, אַ פאַרפּלייצונג אינמיטנדערינען, וועסטו אויך וואַרטן אויף מיר? ניין, ברודערקע, אויב דו פילסט אויס די פליכטן פון דירעקטאָר, איז זײַ אַזוי גוט!

— מיט קיין סרייפע און מיט קיין פארפלייצונג שמעקט דאָס ניט, מיר האָבן גענוג צײַט.

— וואָס הייסט גענוג צײַט? וואָס הייסט בא דיר גענוג צײַט?

קיריל פּעטראָוויטש האָט אליין פאַרשטאַנען, אז זײַן היציקײַט איז א ביסל א געמאכטע, ווײַל דער איקער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער בריוו פון מיניסטעריום און די פאַרשטייענדיקע אויסשטעלונג האָט אָפּגערוקט זייער סיכסעך אין א זײַט. ניט אינגאַנצן אראָפּגענומען, נאָר איבערגערוקט, אריבערגעטראָגן אין אנדערע, העכערע ספערן. איצט הענגט אַלץ אָפּ ניט פון זײַן אייגענער מיינונג און ניט פון דער מיינונג פונעם הויפּט־אינזשעניער, נאָר פון דעם, ווי דער אווטאָמאַט וועט אויסנעמען און וואָס דאָרטן, אין די הויכע אינסטאַנצן, וועט באַשטימט ווערן. און ווער ווייסט, ווי וועט אויסזען זייער סיכסעך אין זײַן נײַעם גילגל?

אזוי זײַנען זיי געגאַנגען באַנאַנד, זיך דורכגעשמועסט וועגן זאַכן, וואָס האָבן געזאָלט זײַן ביז גאָר וויכטיקע, נאָר ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אז דאָס זײַנען איניאַנים גאַנץ צווייטראַנגיקע, און אז וועגן סאַמע וויכטיקסטן וועט ערשט גיין א רייד. קיריל פּעטראָוויטש האָט באַקוקט מיכלען, און מיכל האָט באַקוקט פּעטראָוויטשן. דעם דירעקטאָר האָט זיך געדוכט, אז זײַן הויפּט־אינזשעניער זעט הײַנט אויס א ביסל צעגעוויאַנעט. ניט שוין זשע האָט איין וואָך אינעם דירעקטאָרישן בענקל אים אזוי צעפּלעטשט? אזוי האָבן זיי זיך אופגעהויבן אפן צווייטן שטאָק, ארײַנגעקומען אין אופנעם־צימער, זיך באַגריסט מיט דער א ביסל איבערגעשראָקענער און שטאַרק רויט־געוואָרענער שוין ניט יונגער סעקרעטאַרשע, וועמען אלע רופן נאַדיושא, און אוועק אין דירעקטאָרישן קאַבינעט. ערשט דאָ האָט קיריל פּעטראָוויטש זיך דערלויבט שטעלן זײַן פראַגע, וואָס איז די גאַנצע וואָך אים געלעגן אף דער צונג:

— נו, האָסטו זיך שוין באַטראַכט?

און איידער מיכל האָט באַוויזן עפּעס ענטפערן, האָט ער צוגעגעבן:

— איך קוק אף דיר די גאַנצע צײַט, עפּעס געפעלסטו מיר הײַנט ניט.

— עט, מיר איז שוין אלציינס.

די ווערטער האָט מען געקאָנט אויסטײַטשן, ווי אַן ענטפער סײַ אף דער פראַגע, סײַ אפן צוגאָב, נאָר קיריל פּעטראָוויטש האָט פײַנט געהאַט פאַרשטעלטע רייד, וועגן וואָס דאָוויד האָט אים ניט איין מאָל פאָרגעוואָרפן.

— וואָס איז געשען?

מיכל האָט ניט געקלערט, אז אים וועט אויסקומען דערציילן וועגן זײַן צוזאַמענשטויס מיט סערגייען אין די ערשטע מינוטן פון זייער באַגעגעניש. ער איז ניט געווען גרייט דערצו. און כאָטש דאָס האָט אים די אלע טעג ניט אופגעהערט הריזען, האָט ער מיט קיינעם מער ניט געוואָלט רעדן וועגן דעם. ער איז אפילע ניט געגאַנגען אף דער זיצונג פון ביוראָ פון דער צעכאָווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וווּ מע האָט באַהאַנדלט די פראַגע. ער האָט געוווּסט, אז דער הויפּט־איידעס איז דער סעקרעטאַר אליין און ער וועט וויניק־וואָס קאָנען צוגעבן. באַגעגענען זיך מיט סערגייען איז אים געווען שווער, באַהאַנדלען דעם איניען נאָך שווערער. ער האָט דערנאָך זיך דערוווּסט, אז די באַהאַנדלונג איז געווען א גאַנץ הייסע און שאַרפע, און

אז מע האָט סערגייען ארויסגעטראָגן א שטרענגן אויסרייד. נאָר ניט אין דער באהאנדלונג איז אים געגאנגען און ניט אינעם אויסרייד. אים האָט די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט עגבערן דער מויעך: ווי האָט סערגיי גע־קאָנט אזוינס זאָגן? ווי איז ביכלאל אזוינס מעגלעך? טאקע דערפאר האָט ער די לעצטע טעג געהאלטן זיך אזוי, אז קיינער זאָל ניט באמערקן, וואָס מיט אים קומט פאָר. אפילע דער אייגענער טאטע. נאָר קיריל פעטראָ־וויטש האָט גלײַך באמערקט. און ווײַל ס׳האָט זיך בא אים, בא מיכלען, ארויסגעכאפט דאָס, וואָס האָט זיך ניט געטאָרט ארויסכאפן, האָט ער שוין געמוזט דערציילן.

קיריל פעטראָוויטש האָט פארביסן די ליפּן. די קינבאקן האָבן אָנגעהויבן אונטערטאנצן. ער איז מיטאמאָל געוואָרן בייז, שטארק בייז. מיכלען האָט ווי געפּלעפּט דאָס, וואָס ער איז געווען בייז ניט אף סערגייען, נאָר אף אים, אף מיכלען.

— און דו האָסט זיך דערשראָקן און אראָפּגעלאָזט די הענט? ביסט באלד צעקוואסעט געוואָרן, און דיר איז שוין אלציינס? דעם עמעס געזאָגט, האָב איך געמיינט... יאָ, כ׳האָב די אלע טעג געטראכט וועגן דיר און געמיינט, אז דו ביסט געראָטן אין טאטן. און דו האָסט גלײַך אראָפּגעלאָזט די פּלי־געלעך?

— יאָ, אָבער סערגיי! א קאָמוניסט!

— און אז א קאָמוניסט, איז וואָס? וואָס מאכסטו זיך טאמעוואטע, גלײַך דו לייענסט ניט קיין צײַטונגען. מע קאָן מיינען, אז דו האָסט זיך דאָס ערשטע מאָל אָנגעשטויסן אף א פּאסקודסטווע און דערפאר האָט עס דיך אזוי געפּלעפּט.

— ווער זאָגט דען? טאקע דערפאר פארדריסט.

— און דיר מאָלט זיך אויס, אז אלע מענטשן זײַנען מאלאָכימלעך. מיר וועלן נאָך ניט ווייניק האָבן צו טאָן מיט פארשיידענע מיִעסקײַטן. מע דארף אלעמאָל געדענקען, פון וועלכער געזעלשאפט מיר זײַנען ארויס. באזונ־דערס, ווען די צײַט, מיט אלע אירע קאָמפּליקאציעס ווארפט אלעמאָל אונ־טער א נײַ ביסל פּאסקודסטווע.

איצט האָט שוין מיכל מיט אומרו געקוקט אף פעטראָוויטשן. עפּעס האָט ער זייער פארדעכטיק זיך אופגעהויבן פונעם בענקל, געמאכט א פּאָר שפּאן איבערן צימער און א זאָג געטאָן צו זיך אליין:

— יאָ, א טשע־פּע... אן אומדערלאָזבארע טשע־פּע...

און גלײַך האָט זיך עס אָנגעהויבן. פּונקט, ווי יענעם פארנאכט. דאָס פּאָנעם איז געוואָרן טויטלעך־בלייך, און אף דעם זײַנען ארויסגעשפּרונגען אָן א שיר רויטע פינטעלעך. פון די אויגן האָט ארויסגעקוקט עפּעס אזוינס, וואָס האָט איבערגעשראָקן מיכלען מערער פאר אלץ.

— באטיא, וואָס איז מיט אײַך?

קיריל פעטראָוויטש האָט צוערשט אָפּגעפּירט פון זיך מיכלס האנט, דער־נאָך ארויסגענומען פון דער קעשענע א פּושקעלע, ארויסגעקראָגן א טאב־לעטקע און זי אראָפּגעשלונגען. פונדעסטוועגן האָט ער געלאָזט, אז מיכל זאָל אים צופירן צום בענקל, העלפן אוועקזעצן זיך. און ווידער, ווי דאן... א פיר געטאָן מיט דער האנט איבערן שטערן, א רײַב געטאָן מיט איר די

ברוסט, ווי אָפּרײַבנדיק יענץ פּריקרע פּרעסעניש, און האסטיק אָן עטעם געטאָן. איצט האָט ער שוין געקאָנט זאָגן עטלעכע ווערטער:

— וואָס קוקסטו אזוי אַף מיר? נישקאָשע, איך וועל זיך ניט צעשיטן. דו מאך נאָר ניט קיין טומל.

אָנגעעטעמט זיך, איז קיריל פּעטראָוויטש געקומען צו־זיך. די בייזקייט האָט אויך ניט געסטײַעט. ער האָט שוין אפילע א שמייכל געטאָן, גלײַך עס איז געגאנגען א רייד וועגן עפּעס א קוריאָז.

— יאָ, איז וויל איך טאקע וויסן, וואָס האָסטו אים געזאָגט?

— וואָס האָב איך אים געזאָלט זאָגן? ער איז געווען שיקער, האָב איך אים באזײַטיקט פון דער ארבעט.

— אָט דאָס גאָר? איך אַף דײַן אָרט וואָלט ניט אויסגעהאלטן. איך וואָלט אים פּאָשעט געגעבן אין די ציין. און זאָל מען מיך דערנאָך מישפּעטן פאר דריבנער כוליגאנעריי.

דאָס שוואכע שמייכעלע האָט עפּעס ניט געוואָלט האלטן זיך. ער איז ווידער געוואָרן ערנסט, זיך שטארק פּארטראכט, ווי מעיאשעוו געווען זיך מיט זיך אליין. אָט אזא, א פּארטראכטער, האָט ער א קלונג געטאָן אין גלעקל.

— ביטע, — האָט ער זיך אָנגערופן צו דער סעקרעטארשע, וואָס איז ארײַנגעקומען אַף זײַן רוף. — אלע נאטשאלניקעס פון די צעכן און אָפּ־טיילן צו מיר.

און ווידער צו מיכלען:

— ווערסט מיר שוין מוזן מויכל זײַן, אויב עס וועט זיך בא מיר דאָס מאָל ארויסכאפּן עפּעס ניט גאָר קיין איידל וואָרט. עס טרעפט.

## 10

פון סאבינעס שווארצע זײַדענע הענטשקעס, וואָס גרייכן ביזן עלנ־בויגן, פון די קלאָצעוואטע שיך און באזונדערס פון איר ביז גאָר קורצן קליידל זעט זיך שטענדיק ארויס די קליינשטעטלדיקע גרויסשטאָטישקײַט, און פון אירע גרויסע אוירינגלעך, וואָס באָמבלען זיך ארום איר פּאר־ברוינטן האלדז, פון די שטארק אָנגעפּארבטע באקן און פונעם מיסעמעשו־נעדיקן שיניאָן אַף איר קאָפּ, ווי אָן איבערגעקערטער לאָקשנטאָפּ, שפּארט שטארק ארויס די גרויסשטאָטישע קליינשטעטלדיקײַט.

אלץ איז בא איר אָפּגעוויגן און אָפּגעמאָסטן, אָפּגעטאָקט און צוגעצ־שנורעוועט, צוגעקליבן און צוגעפּאסט: דער קאָליר פון די שיך מיט דער פּארב פון די ליפּן, די לאָקנס פון איר פריזור מיט די פּאסעקלעך אַף איר בײַטל פון קראָקאָדיל־הויט, דער גלאנץ פונעם מאניקיור אַף אירע לאנגע נעגל און די דינקײַט פון די קנעכלעך אַף אירע א ביסל גראָבלעכע פיס.

זי איז מוירעדיק פארליבט אין זיך, סאבינע, אזוי פארליבט, אז אויב זי זעט זיך ניט עטלעכע מינוט, הייבט זי אָן בענקען נאָך זיך. מוז זי אלעמאָל א קוק טאָן אין אָן ערשטשטאָקיקן פענצטער, קעדייי כאָטש א

ווײַלע זען איר אייגן פֿאַרבענקט פּנים, אירע פֿאַרבענקטע אויגן. און אויב עס טרעפֿט זיך ניט אונטערוועגנס קיין פֿענצטער, אָדער אויב דאָס פֿענצטער איז שטאַרק פֿאַרהויכקעט צי פֿאַרשטויבט און מע קאָן זיך אין דעם ניט זען, מוז זי אַרויסנעמען פֿונעם בײַטעלע דאָס קליינינקע קײַלע־כיקע שפּיגעלע און כאַטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן אַף זיך. און אויב זי קאָן ניט אַרײַנעמען אין שפּיגעלע דאָס גאַנצע פּנים מיטאַמאָל, איז כאָטש שטיקלעכווײַז. אַ שטיקעלע פֿון דער דרײַגאַרנדיקער פֿריזור, אַ ברעקעלע פֿונעם פֿאַרבענקטן פּנים און דערנאָך כאָטש איין אויערינגל.

סאַבינע — דאָס איז די עלטערע ניט גערעטענע שנור — די פֿרוי פֿון לייזערס עלטערן גערעטענעם זון ראַפֿאַיל לאַזאַרעוויטש מוטשניק.

נאָר פֿאַרוואָס עפּעס ניט קיין גערעטענע? שוין דאַפֿקע יאָ אַ גערעטענע. ערשטנס, פֿון גאָר אַ גרויסן יִחוס. דאַבע, די שוויגער אירע, שווערט זיך מיט אַלע אירע „בלאַגאָפּאָלוטשיעס״, אַז דאָס איז דעם אמאָליקן וויזשני־צער רעבנס אַ פּלעמעניצע. דערצו האָט זי אַ דיפּלאָם. אָן אַ דיפּלאָם וואָלט דער שידעך קיין ניט געווען. עמעס, דער דיפּלאָם איז ניט גאָר קיין געהויבענער, אינגאַנצן פֿון עפּעס אַ קאָאָפּעראַטיוון טעכניקום. נאָר וואָס איז דער כילעק? סײַווי...

דאָס „סײַווי״ דאַבעס דאַרף מען פֿאַרשטיין אַזוי: און ווען זי האָט אַ דיפּלאָם פֿון אַן אינזשעניער, פֿון אַ לערער צי פֿון אַ דאָקטער, וואָלט זי דען געאַרבעט? אַז מע האָט אַזאַ מאַן! נאָר אַ דיפּלאָם, פֿונדעסטוועגן, הײַנ־טיקע צײַטן... ס׳איז ווי אַ שטיקל צירונג, אַ דימענטל, אַזוינס, וואָס מאַכט דעם יִחוס אַליין יִחוסדיקער.

איין זאַך מוז אָבער דאַבע פֿאַרשווײַגן. אַז קיינער האָט בײַ איר קיין אייצעס ניט געפֿרעגט, ניט דער כאַסן און ניט די קאַלע. בײַ זיי איז געווען אַ ליבע. און אין קיין ליבעס האָט דאַבע קיינמאָל ניט געגלייבט. אַ סימען? טאַקע סאַבינע. פֿריִער איז זי געווען שטאַרק פֿאַרליבט אין איר רעפֿאָעלן. אין זײַן הייך, אין זײַן שטאַלטנעקײַט, אַפֿילע אין זײַן לענגלעך קלײַענדיק פּנים, אין זײַנע ווײַסלעכע אויגן און אין זײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע ברע־מען. דערנאָך — גאָר פֿאַרקערט. טאַקע איבער דער זעלבער הייך, איבער דעם זעלבן קלײַענדיקן פּנים און איבער די אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמען... זײַן הייך האָט בײַ איר אָנגעהויבן הייסן „לאַנגער דראָנג״, זײַן קלײַענדיק פּנים האָט זי גערופֿן „געשטופּלטער״, און די ווײַסלעכע אויגן זײַנען ביכלאַל פֿאַר איר קיין אויגן ניט געווען. זי האָט זיי אַ נאָמען געגעבן — באָלעכעס. און אַלץ איבער איין זייער קלינגענדיק וואָרט, וואָס איז צו יענער צײַט אַזוי אַרײַן אין דער מאָדע, — טשאַאָ. ווי זשע קאָן מען אַזאַ־אָ זאָגן — טשאַאָ? צו דעם וואָרט דאַרף מען האָבן גאָר אַן אַנדער פּנים און גאָר אַנדערע ברעמען. האָט זי אים אינגאַנצן אויפֿגעהערט ליב האָבן און אָנגעהויבן זוכן אַזעלכע יונגעלײַט, וועמען עס זאָל זײַן ווי אָנגעמאָסטן איר שיניאָן, אירע שווערע אויערינגלעך און וועמען זי אַליין זאָל קאָנען זאָגן — טשאַאָ. מיט רעפֿאָעלן האָט זי זיך ניט געגעט, כאַלילע! ווען ער איז אַ פֿאַשעטער טעראַפּעווט, צי אַ כירורג אַפֿילע, וואָלט זי זיך שוין לאַנג מיט אים אָפּגעזעגנט. אָבער אַ ציינדאָקטער! נאָר קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט.

וויפל זשע יאָרן זײַנען שוין אַוועק? עט, ווער וועט עס נעמען ציילן סאַבינעס יאָרן? זי אַליין אַוואַדע ניט. נאָר איצט, ווען פון אַלע פּאַרגעניגנס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טײַך, ווען פון אַלע באַקאַנטע און געליבטע האָט זי ניט געקאָנט זיך צוקלײַבן כאָטש איינעם מיט אַלע מײַלעס, ווען זי האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן באַנעמען די זינלאָזיקײַט פון אַלע אירע קאָפּדרייע־נישן, פון אַלע אירע יאָגענישן און אַלע אירע זוכענישן, איז שוין געווען שפּעט. יאָ, ווען סאַבינע האָט ענדלעך אָנגעהויבן באַנעמען, אַז דאָס איינ־ציקע, וואָס האָט יאָ אַ ווערט, איז זײַן דאָס, צו וואָס אַ פרוי איז באַרופן, אַז געוויס קאָן ניט זײַן קיין גרעסער פּאַרגעניגן, ווי זויגן אַ קינד, דערזען בײַ דעם דאָס ערשטע ציינדעלע, צוקוקן, ווי עס שטעלט דאָס ערשטע מאָל די פיסעלעך, הערן, ווי עס רעדט אַרויס דאָס ערשטע וואָרט, ווען זי אַליין האָט זייער געוואָלט האָבן אַ קינד, איז שוין געווען שפּעט.

קאָן זי שוין קיינעם ניט ליב האָבן, כוץ זיך אַליין. דעם „טשאַאָ" זאָגט זי שוין אויך נאָר זיך אַליין. און אַלעמאָל, ווען זי פּאַרבענקט זיך שטאַרק און כאַפּט אַ קוק אין איר קליין שפּיגעלע אָדער אין אַ פענצטער, צעפלאַ־קערט זיך אין איר די קינע און דער אייפער צו יענער פריִערדיקער סאַ־בינע, וואָס האָט אַמאָל געברענט וועלטן.

דערפאַר רופט מען זי בײַ לייזערן אין שטוב די ניט געראָטענע שנור, און דאָבע האָט זיך געשוווירן בײַ אַלע אירע „בלאַגאָפּאָלוטשיעס", אַז מער קיין ליבעס וועט זי ניט דערלאָזן, אַז פאַר איר מיזיניק, פאַר איר פּייסיע־לען, וועט זי שוין אַליין אָפּזוכן אַ זיווג. און טאַקע, אַזאַ דאָבע, וואָס קאָן צוניפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, זאָל ניט אויסשאַדכענען פאַר איר אייגע־נעם זון עפּעס אַ לײַטישע קאַלע? עמעס, דאָבע ווייסט, אַז מיט איר פּייסיען האָט זי זיך ניט וואָס איבערצונעמען. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן בײַ הײַנטיקע צײַטן, אַז אַזאַ געזונטער באָכער זאָל זיך אָפּשטעלן באַם זעקסטן קלאַס און ווײַטער ניט וועלן לערנען! זיך אײַנגעשפּאַרט, און שוין. דאָבע איז ניט געשלאָפן דורך די נעכט. איר פּייסיע אָן אַ דיפּלאָם! זאָל ער דער־נאָך זײַן, וואָס ער וויל, זאָל ער אַרומגיין רעמאָנטירן די וואַסערלייטונג, די קראַנטן צי די גאַז־אייוועלעך, זאָל ער אַפילע זײַן אַ קוימענקערער, נאָר זאָל ער האָבן אַ שטיקל דיפּלאָם!

לייזער אַליין האָט זיך דערפון ניט גענומען צום האַרצן. ווער דאַרף עס דעם דיפּלאָם? — האָט ער געטײַנעט. מענטשן אָן דיפּלאָמען מאַכן ניט קיין ערגערע געשעפטן. אַ סימען? ער אַליין! האָט פּייסיע אָפּגעפּוסטעפּאַסעוועט אַ פּאָר יאָר, דערנאָך האָט לייזער, טאַקע פאַר גוט געלט, אים אײַנגעאָרדנט אַף זייער אַ גוטער באַזע פאַר אַ טרעגער, פאַר אַ פּאַשעטן טרעגער. דאָס איז געווען פאַר פּייסיען, ווי אָנגעמאָסטן, ווײַל געזונט איז ער געווען אַן אײַזן, פּלייצעס געהאַט גאַנץ ברייטע. ווען ער האָט נאָך דערצו אַ שטיקל קאָפּ! אַזוי האָט מיט אים אײַנגעטײַנעט לייזער אַליין. טאַסקען שווערע פּעק, האָט ער אים געלערנט, איז אַ קליינע כאָכמע. דער איקער איז וויסן, וואָס מע דאַרף אַרויסטראָגן. ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז גראָד צו דעם האָט פּייסיע דאַפּקע סייכל. אָבער... צום שידעך האָט דאָס טאַקע אַ ביסל געשאַדט, ווײַל וואָס איז דאָס פאַר אַ מעלאָכע הײַנטיקע צײַטן — אַ טרעגער! וועגן אַ פּלעמענעצע צי אַפילע אַן אורייניקל פון עפּעס אַ רעבן

איז ניט געווען וואָס צו טראַכטן. זאָל זײַן ניט פֿון גרויסן ייִכעס, נאָר כאָטש עפּעס אַ לײַטישס. דאָבע האָט מוירע געהאַט, עס זאָל זיך ווידער ניט פּאַקן עפּעס אַן אַקאָרע, דערצו נאָך אַ סאָוועטישע, דאָס הייסט ניט פֿון די בעסאַראַבער. און אַז מע זוכט, געפֿינט מען. אין איינער פֿון אירע שלאָפֿלאָזע נעכט, ווען זי האָט איבערגעסילעט אין אירע געדאַנקען אַלע מעגלעכע און אומעגלעכע שידוכים, איז איר אַרײַן אין קאָפּ אַ געדאַנק. אַזאַ הייסער, אַזאַ דרייסטער און אַזאַ מעשוגענער געדאַנק, ווי זי האָט דערנאָך אַליין געזאָגט, אַז ס׳האָט זי אַזש אַ ברי געטאָן און אַראָפּגעטריבן פֿון בעט...

— לייזער, לייזער, — האָט זי אָנגעהויבן טאָרען איר מאַן, וואָס האָט פֿון שלאָפֿלאָזיקײַט גראָד ניט געליטן, — הער נאָר, לייזער, וואָס איך האָב צוגעטראַכט. די קישעפּמאַכערן!

— וועלכע קישעפּמאַכערן?

— וואָס הייסט וועלכע? שיפּרע די קישעפּמאַכערן! באַ איר איז אַ פֿולע שטוב מיט מיידן, וועלן מיר זיך אויסקלײַבן, וועלכע ס׳וועט אונדז אַליין געפֿעלן.

— פֿון שיפּרעס מיידן? פֿאַר אונדזער פֿייסיען?

איז שוין דאָבע געוואָרן בייז:

— וואָס, עס שטייט דיר ניט אָן? און קויפֿן באַ איר אַ נאָמען נאָך דײַן טאַטן איז דיר אָנגעשטאַנען? אירע מיידלעך וועלן געוויס ניט זײַן קיין בעזדיטנעס!

— כ׳ווע... קאָן זײַן... עפּשער ביסטו טאַקע גערעכט.

— פֿאַרשטייסט, ערשטנס, זײַנען זיי ניט פֿון די סאָוועטישע, און אַז ס׳וועט קומען צום פּאָרן, וועלן מיר זיי ניט דאַרפֿן אײַנרעדן. און מיר וועלן, מירצעשעם, האָבן אייגענע נעמען.

דערצו האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קומענדיקע שנור האָט אַ דיפּלאָם, ניט קיין ערגערן, ווי סאַבינע. זי האָט געענדיקט אַ טעכניקום און אַרבעט אין אַ בוי־קאָנטאָר ווי קימאַט אַן אינזשעניער. האָט שוין אוואַדע געמעגט אָנשטײן דער ייִכעס.

דער שידעך האָט זיך אויסגעשידעכט איינס און צוויי. אַ כאַסענע האָט לייזער געפּראַוועט אַזאַ, אַז זינט דאָס ייִדישע געסל שטייט, האָט עס נאָך אַזאַ כאַסענע ניט געזען. ער האָט אָפּגעדונגען אויף אַ גאַנצן מעסלעס דעם היגן רעסטאָראַן מיט אַלע זײַנע סאַרוועטס און סאַרוועטנס, מיט אַלע אָפּיציאַנטן און אַלע קלעזמער. אַ דירע פֿאַרן יונגן פּאָרל האָט לייזער אָפּגעזוכט אויך אויפֿן ייִדישן געסל, ווײַל ער האָט געהאַלטן, אַז זײַן פֿייסיען דאַרף מען האַלטן דאָ, אַ ביסל ווײַטער פֿון אים און אַ ביסל נעענטער צו דער קישעפּמאַכערן. דערפֿאַר האָט ער אויסגעמעבלט די דירע מיט אַזאַ אויסלענדישן גאַרניטור מעבל, וואָס איז אַ כאַריפּעס ניט נאָר אויפֿן ייִדישן געסל.

כאַנעלע — אַזוי האָט מען גערופֿן די געראָטענע שנור, דאָס יונגע ווײַבל פֿונעם ניט געראָטענעם ייִנגערן זון פֿייסיע, וואָס האָט צו אַלע זײַנע מײַלעס אָנגעהויבן אַרײַנקוקן אין דער קויסע. אַ ביסעלע צו פֿרי, אַ ביסעלע צו אָפֿט און אַ ביסעלע צופֿיל.

די סינע פון דער עלטערער שנור צו אַט דער כאַנעלען איז אופגעקומען נאָך פאַר דער שטילער כופּע און דער ראַשיקער כאַסענע. די קומענדיקע קרויווע איז איר ניט אָנגעשטאַנען, ניט מיט איר ייִכעס, ניט מיט איר וואָכעדיקן נאָמען, ניט מיט איר פּאַשעטן שאַלעכל אַפן קאָפּ. איר גרויסהאַלטונג, איר ביטל, איר אָפּענעם „פע״ האָט סאַבינע אַרויסגעוויזן נאָך אַף דער כאַסענע. זי האָט זיך ניט צעקושט מיט איר, און אַזוי, אַז אַלע זאָלן זען, אַז זי האָט זיך טאַקע ניט צעקושט. מע דאַרף דאָך קאָנען דערלאַנגען די ווײַסע האַנט אין דער שוואַרצער הענטשקע און טייקעף אַ הייב טאָן זי אַזוי, גלײַך זי האָט זיך דערמאָנט אין עפּעס זייער אַ וואַזשנע זאַך. אַ הייב טאָן די האַנט און אויסשרײַען דעם „אוי״ — אַז צענדליקער מענטשן זאָלן זיך אומקוקן אַף איר. און ווען זי האָט דערפילט, אַז איר „אוי״ האָט אָפּגעטאָן דאָס, וואָס מע דאַרף, האָט זי פּאַמעלעך געעפנט איר בײַטעלע, אַרויסגענומען דאָס שפּיגעלע און געכאַפּט אַ קוק אַף זיך: צי די צוגעשנורעוועטע האַלבע ליף פון איין זײַט, די פאַרקרימטע האַלבע ליף פון דער צווייטער זײַט און דאָס ביטלדיק־צוגעזשמורעטע רעכטע אויג זאָגן דערבײַ אַרויס אַלץ, וואָס זי וויל זאָגן. און נאָך אַ זאַך האָט זי געדאַרפט: טוט, הייסט עס, אַ קוק אַף מיר, דערנאָך אַף אַט דעם אויסגעדאַרטן נעפּעשל און זאָגט אַליין.

שפּעטער איז אופגעקומען אַ ביטערער אייפער, פון וועלכן ס'האָט סאַבינען געוואָרגן אין האַלדז, געבראָטן די צונג און ניט אופגעהערט הריזען ערגעץ דאָרטן, ווו עס קלאַפּט דאָס האַרץ. זי האָט אים אַליין יעדן טאָג צעבלאָזן אַלץ מערער, דעם אייפער, ווײַל נאָך אַלעמען האָט איר שטאַרק האַנאָע געטאָן פון אים, און אָן אַט דער בראָטעניש און הריזעניש האָט זי קיין טאָג איבערלעבן ניט געקאָנט.

דאָבע איז געווען גערעכט, ווען זי האָט געזאָגט, אַז בא אַט דער שיפּרען דאַרפן אירע מיידלעך קינדלען ניט ערגער פון איר אַליין. דאָבע האָט געציילט די טעג נאָך דער כאַסענע, ווי אַ פרומער ייִד ציילט די ספירע פונעם צווייטן סיידער ביז שוועס, און יעדן טאָג אַרײַנגעלאָפן אַ קוק טאָן, וואָס די יונגע שנור טוט. זי האָט געדאַרפט זען און וויסן, צי עס ווײַזן זיך שוין די נייטיקע סימאָנים. זאָל זײַן דערווײַל אַ פאָר פלעקן אַפן פּאָנעם, זאָל זײַן דערווײַל יענער פאַרדײַגעטער, בלאָנדזענדיקער בליק אין די אויגן, זאָל זײַן כאָטש יענע מלאָסנעקײַט, ווען עס ווערט פּלוצעם ניט גוט און עס ווילט זיך שטאַרק עפּעס זויערס. און אַלעמאָל, נאָך דעם, ווי זי האָט אופגעכאַפּט עפּעס אַ שטיקעלע סימען פון יענע סימאָנים, איז זי געקומען אַהיים אַ שמייכלענדיקע, אָן אופגעלייגטע, באַלעקט די ליפּן, ווי נאָך עפּעס זייער אַ געשמאַקס, און געזאָגט צו איר לייזערן:

— איך זאָל אַזוי האָבן די „בלאַגאָפּאָלוטשיע״, מיר וועלן אינגיכן האָבן אַן אייגענעם נאָמען.

נאָך איידער דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט עס שוין געהאַט גאַנצע זעקס נעמען. דרײַ — אויב אַ ייִנגעלע, מיט מאַזל, און דרײַ — אויב אַ מיידעלע, זאָל אויך זײַן מיט מאַזל.

...נאָך דעם, ווי דאָוויד איז אזוי אומגעריכט אריינגעקומען און אזוי פּלוצעם אוועק אָן א זײַ־געזונט, האָט דאָבע אָנגעהויבן ארומשפּאנען איבערביידע צימערן, אלעמאָל צוגעלייגט ביידע דלאָניעס צו די שלייפן, שטארק צוגעפּרעסט זיי.

— לייזער, איך וועל דאָס ניט אויסהאלטן! לייזער, איך וועל פון זינען אראָפּ! לייזער, איך וועל זיך א מײַסע אָנטאָן! איך וויל וויסן נאָר איין זאך: וואָס איז ער פּלוצלינג געקומען, דער קאטאָרזשניק?

לייזער אליין האָט אויך ניט געוווּסט. לייזער אליין האָט אויך מוירע געהאט, ער האָט אויך געהאלטן, אז דאָס איז א שלעכטער סימען. ער האָט קיינמאָל פאר קיינעם זיך ניט מוידע געווען, אז פאר זײַן אייגענעם שוואָגער האָט ער מוירע מער, ווי פאר אלע מיליציעס, אלע פּראָקוראָרן און אלע אָבעכעסן. ער שטייט אים אלע יאָרן פאר די אויגן, אָט דער קאטאָרזשניק, און גייט אים נאָך פוסטריט. און אלע מאָל, ווען ער פירט דורך עפּעס א שטיקל געשעפט אָדער באהאלט אויס א זאך, וואָס מע דארף אויסבאהאלטן, דוכט זיך אים, אז דער שוואָגער שטייט הינטער זײַנע פּלייצעס און רעדט אים ארײַן אין אויער:

— איך זע, איך זע אלץ. פאר מיר וועסטו גאָרנישט ניט אויסבאהאלטן!

איין זאך האָט לייזער ניט געקאָנט פארשטיין. אויב דאָוויד זעט אזוי אלץ, וואָס ער טוט, אויב מע קאָן פון אים גאָרנישט ניט אויסבאהאלטן, פארוואָס זשע שווײַגט ער, פארוואָס האָט ער ביז איצט ניט געמאָלדן וווּהין מע דארף? און כאָטש לייזער האָט שוין ניט איין מאָל זיך איבערצײַגט, אז דאָס איז ניט מערער, ווי אן אײַנרעדעניש, א דוכטעניש, פּאָשעט א מעשוגאַס, אז דאָוויד האָט גאָרנישט ניט געקאָנט זען און קאָן פון גאָרנישט ניט וויסן, איז ער ניט אימשטאנד זיך באפרײַען פון אָט דער אויסוווײַזעניש, פון וועלכער עס הייבט אלעמאָל אָן צו מאָרדעווען מיט אים, ווי איין א קאדאָכעס. לייזער, וועלכער האָט קיינמאָל זיך ניט געקלאָגט אפן שלאָף, האָט א גאנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט נאָך דאָווידס וויזיט און איבערגעטראכט טויזנטער געשיכטעס, איינע ווילדער פון דער אנדערער. האָט ער שוין פארשטאנען, אז זײַן דאָבע האָט ניט געפּראוועט קיין שטיק. מע קאָן טאקע אף אן עמעסן פון זינען אראָפּ. האָט מען שוין געדארפט צונויפרופן די מישפּאָכע און זיך דורכשמועסן.

איז די גאנצע מישפּאָכע געזעסן ארום לענגלעכן פּאָלירטן טיש און געטראכט.

— קינדער, מע דארף זײַן געהיט, — האָט לייזער געוואָרנט, — שוין ניט לאנג צו ווארטן, נאָר מע דארף זיך שטארק היטן.

לייזער קלײַבט זיך זאָגן ניט נאָר דאָס, ער קלײַבט זיך האלטן א גאנצע דראָשע. דאָס קאָל זײַנס איז שוין קימאט א ברומענדיקס, ענלעך אף זײַן טאטנס. ער וויל זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס, נאָר דאָבע שלאָגט אים איבער:

— אן אומגליק. ביז מע דערוואַרט זיך אף די וויזעס, קאָן די נעשאָמע ארויס.

— ווארט צו מיט דײַנע וויזעס. כ׳האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, האָסטו מיר איבערגעשלאָגן.

לייזער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס זײַן רעפּאָעלן, עס זאָל אים א ביסל אונטערמונטערן, ווײַל עפּעס געפעלט ער אים ניט, זײַן רעפּאָעל.

רעפּאָעל זעט אויס ניט אזוי, ווי סאבינע האָט אים זיך געמאָלט, ווען זי איז געווען אין אים שטארק פארליבט, און ניט אזוי, ווי זי מאָלט זיך אים איצט, ווען זי האָט אים אינגאנצן אופגעהערט ליב האָבן. ער איז טאקע א וווקסיקער, נאָר ניט קיין לאנגער דראָנג, די קלײנדלעך זײַנען אָן סאַקאָנעס, די ברעמען — אויך צו דערלײַדן. די יאָרן האָבן אים בלויז באַשאָנקען מיט א היפּשן פּליך, וואָס האָט אים געמאכט א ביסל נידעריקער. נאָר טאקע איבער סאבינען איז אים צוגעקומען אזוינס, וואָס האָט ניט צו טאָן ניט מיט זײַנע יאָרן און ניט מיט זײַן ארבעט. א פארבאָרגענע גלײַכגילטיקייט צו אלץ און צו אלעמען. ס׳איז אים עפּעס אלציינס — יאָ פאָרן צי ניט פאָרן, יאָ ארײַנכאפּן א זײַטיק פארדינסטל צי ניט ארײַנכאפּן. און סאמע דאָס שרעקלעכסטע — יאָ סאבינע צי ניט סאבינע. זי, סאבינע, וואָס האָט אים געדארפט ברענגען דאָס ביסל פרייד, דאָס ביסל גליק און דאָס ביסל נאכעס, האָט אים ניט געבראכט גאָרנישט, כוץ טיפער אנטוישונג און מוירעדיקער פוסטקייט ארום, אזא טיפע פוסטקייט, אז ס׳דוכט זיך אים אָפט, אז אָט וועט ער ארײַנפאלן אין א פינצטערן אָפּגרונט און וועט שוין ניט קאָנען זיך ארויסדראפּען. די מאמע האָט גאָרנישט ניט באמערקט. זי האָט געמיינט, אז אזוי דארף זיך פירן א ציינדאָקטער, וואָס אין פּאָליקליניק רײַסט ער ארויס ציין אומזיסט און אין דער היים שטעלט ער ארײַן ציין פאר געלט. ער דארף שטענדיק זײַן א ביסל פארדײַגעט, צו דער מאָס פאַרטראכט און שטענדיק ווי ניט קיין היגער. דער טאטע, וואָס האָט ארײַנגעלייגט אזויפיל געלט אין זײַן בכאָר, דארף ערשט דאָרטן אָפּנעמען אלץ מיט הויכע פראָצענטן. זײַן רעפּאָעל געפעלט אים ניט. און דאָס שרעקט אים זייער. ס׳איז טאקע א יידישע מעלוכע, נאָר אהין דארף קומען מען מיט א פעסטער געמבע, מיט שטארקע פויסטן און מיט שארפע ציין. זאָלסט זיך קאָנען אײַנבײַסן אין דעם, וואָס מע דארף, און ניט ארויסלאָזן. אויב ניט, אויב דו קומסט אהין אזא לעמעשקע, ווי רעפּאָעל זעט איצט אויס, קאָן מען דאָרטן גיך ברעכן דעם קאָפּ.

וועגן דעם האָט ער הײַנט געוואָלט רעדן. וועגן דעם רײַכן ציין־קאבינעט, וואָס זיי וועלן דאָרטן עפענען, וועגן די רײַכע פאציענטן, וואָס זיי וועלן אריבערשלעפּן צו זיך פון אנדערע ציין־דאָקטוירים. דאָרטן דארף מען קאָנען קאָנקורירן. דאָרטן איז אזוי: אָדער דו ביסט פון אויבן, אָדער פארקערט. און נאָך איין זאך האָט ער געוואָלט זאָגן רעפּאָעלן — אז דאָרטן וועלן זיי כוץ רײַכקייט האָבן קאָוועד. ווײַל וואָס קומט דאָ ארויס פון זייער גוטס, אז זיי זײַנען פון דעם זעלבן גראד און זעלבן יִכעס, ווי זייער מעכוטענעסטע, שיפרע די קישעפמאכערן. דאָרטן וועט ער אפילע ניט וועלן וווינען מיט איר אין איין שטאָט. יאָ, זיי אליין וועלן זיך באזעצן אין דער קרוינשטאָט, און די מעכוטענעסטע וועט ער אָפּשיקן א ביסעלע ווײַטער. און אז זי וועט אמאָל קומען צו אים אף פייסעך, וועט ער זי אײַנלאדן אף ראָשהאשאָנע, כאָטש ער ווייסט נאָך ביכלאל ניט, צי ער וועט וועלן ארויסשיקן אן ארויסרוף דער קישעפמאכערן מיט איר כאָפּטע. געגוג פונזײַנעטוועגן איין שנור.

אַרויסגעזאָגט דאָס אַלץ האָט ער ניט אינגאַנצן אַזוי, ווי ער האָט גע־וואָלט, ווײַל קיין רעדנער איז ער ניט געווען, נאָר סאַבינען איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן. זי האָט זיך אַ שפּיגל געטאָן אינעם גלאַנציקן טיש און אַרויסגערעדט מיט גרויס בענקעניש:
— אוי, ווי דערלעבט מען שוין זען זיך דאָרטן! איך וואָלט שוין גע־וואָלט אַמאָל אַרײַנקומען אין אַ רעסטאָראַן, אַוועקזעצן זיך באַם טישל און זיך ניט דאַרפן אַרומקוקן, ניט דאַרפן מוירע האָבן.
זי האָט זיך גלײַך געכאַפּט, אַז זי האָט געזאָגט אַ נאַרישקײַט. זי האָט ניט געדאַרפט רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן פאַר איר רעפאָעלן, ווײַל זי גע־דענקט שוין אַליין ניט, ווען זײַנען זיי געווען אין רעסטאָראַן אינאיינעם.
רעפאָעל האָט אַ קוק געטאָן אויף סאַבינען מיט זײַן אָפּגעפרעמדט־גלײַכ־גילטיקן בליק, און לייזער האָט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף גלײַך אָנהייבן רעדן וועגן עפּעס אַנדערש:
— אייניקע זאַכן דאַרף מען ערגעץ אַריבערטראָגן. די סאַמע טײַער־סטע...
איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, צוגעוואַרט, ביז דער קאַס האָט ווידער אָנ־געהויבן קאָכן, און אַרויסגערעדט מיט ריצכע:
— אוף, אָט דער קאַטאָרזשניק! איך קאָן זיך ביז הײַנט ניט מויכל זײַן, פאַרוואָס האָב איך אים דאַן ניט אַרויסגעלאָזט די קישקעס.
אַלע האָבן געשוויגן, גלײַך אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער.
און גראָד דאַן האָט מען אָנגעקלונגען. ביז הײַנט האָט נאָך קיינער אַזוי שפּעט ניט געקלונגען, דערצו נאָך מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ ראַש, ווי אויף אַ סרייפע.
— קינדער, איך האָב געזאָגט, אַ שלעכטער סימען, — האָט דאָבע אַרויס־גערעדט און פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ. — אוי, קינדער, ס׳איז מיר ניט גוט! איך גיב אַ ניידער!..
— וואַסער! — האָט לייזער אויסגעשריגן צו זיך אַליין און איז אַוועק אין קיך. ער איז דאַפקע געוווינט געווען צו זײַן דאָבעס געמאַכטע כאַלאָ־שעסן, נאָר דאָס מאָל האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז ניט געמאַכט.
— איך וועל גיין עפענען, — האָט סאַבינע אַרויסגערעדט און זיך אויפ־געהויבן פונעם בענקל מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס לאָזט זיך גיין אויף קידעשהאַשעם.
גלײַך ווי די טיר האָט זיך געעפנט, האָט ווי אַ וויכער, אַ צעפּאַטלטע, אַ פאַרשוויצטע, אַ צונטער־רויטע, זיך אַרײַנגעריסן שיפרע די קישעפמאַכערן און אויסגעשריגן מיט צולאָכעסדיקן שטאָלץ:
— מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו, אַ מיידעלע! — זי האָט אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט און אַ וואָרף געטאָן זיך צו דער פאַרכאַלעשטער מעכוטענע־סטע. — אַ מיידעלע, זאָל איך אַזוי לעבן און געזונט זײַן!
— אַ מיידעלע? — דאָבע איז שוין געקומען צו־זיך נאָכן כאַלאָשעס און זיך געמאַכט, אַז זי איז אַנטוישט. — אַ מיידעלע? וואָס זשע האָט איר זיך אַזוי צעקלונגען? איר האָט מיך איבערגעשראָקן אויף טויט!
אינדערעמעסן האָט דאָבע דאַפקע געוואָלט אַ מיידעלע. מיט מענערישע נעמען נאָך אַלע אירע אייגענע איז זי שוין געווען באַזאָרגט, און באַ לײַ־

זערן האָבן גראָד געפעלט מענערישע. וועט איר גרינגער אָנקומען די דינ־גענייש, אפילע ווען מע וועט דארפן צונויפפּאָרן א יינגלשן נאָמען מיט א מיידלשן.

— א מאָשל! — שיפרע איז הײַנט געווען גרויס בא זיך און גערעדט מיט איר מעכוטענעסטע א ביסל גראָבלעך. — און איך אליין, מיינט איר, האָב זיך ניט איבערגעשראָקן? פאָרט אן ערשטלינג. נאָר, דאנקען גאָט, פונקט, ווי בא מיר, קיין אײַנהאָרע... מיט איין קרעכץ!

— מאזלטאָוו! עס קומט אונדז אלעמען א גרויסער מאזלטאָוו. טראָגט, קינדער, מאָרגן מאטאָנעס אונדזער קימפעטאָרן. טײַערע מאטאָנעס. איר הערט, קינדער, די סאמע טײַערסטע.

דאָבעס אָנצוהערענישן איז ניט שווער געווען פארשטיין. מאָרגן קאָן מען אריבערטראָגן די סאמע טײַערסטע קלומעקלעך און פעקעלעך און זאָגן אלעמען — מאטאָנעס פאר דער קימפעטאָרן.

ערשט איצט האָט שיפרע דערזען איר איידעם. ער איז געזעסן צוגע־שפּארט דעם קאָפּ צום טיש, גלײַך צו אים האָט דאָס אלץ קיין שײַכעס ניט.

— דו ביסט גאָר דאָ? און האָסט שוין באוויזן נעמען א קויסע?

שיפרע האָט די גאנצע צײַט ניט איבעריק געהאלטן פון איר איידעם. איצט האָט זי געוואָלט ווײַזן אלעמען, אז ער איז פאר איר א קליינער יִכעס און אז קיין איבעריקן קאָוועד האָט ער בא איר אויך ניט. צוגעקומען צו אים און פאר אלעמען אין די אויגן דערלאנגט אים מיט דער קני אין דער רעכטער זײַט.

— שטיי שוין אוף, שלימאזל. ביסט שוין, גאָט צו דאנקען, א טאטע!

דאָס יידישע געסל איז סאָסן־וועסימכעדיק.
דאָס יידישע געסל גיט זיך אָפּ מאזלטאָוו.
שיפרע די קישעפמאכערן איז געוואָרן א באָבע.

דאָס האָט טאקע זי אליין, שיפרע, אָנגעקלאַפּט צו אירע שכיינים, אוף־געוועקט אלעמען, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען שטארק פינצטער, ווײַל זי האָט פּאָשעט ניט געקאָנט האלטן די פרייד אין זיך. ווער אין געסל ווייסט ניט, ווי שווער איז איר אָנגעקומען שטעלן אף די פיס אירע עלף קינדער, איינס נאָכן אנדערן, איינס נאָכן אנדערן. אומזיסט, מיינט איר, גיט די ראטנמאכט אזעלכע שיינע מעדאלן און אזעלכע הויכע טיטלען? מוטער־העלד! לעמײַ זאָל זי ליגן זאָגן, מיט די מעדאלן, מיטן טיטל און מיט דער הילף, וואָס די מעלוכע גיט, האָט זי געמוזט א שיין ביסל צור־האָרעווען.

— מאזלטאָוו, מאזלטאָוו! — קלאַפּט זי אין יעדן פענצטער. — מײַן כאַ־נעלע האָט געבוירן א מיידעלע.

אָנגעהויבן האָט זי פון בליומען, פון איר נאָענטסטער שכיינע, און ביז זי האָט זיך אָפּגעפּארטיקט מיט די מאזלטאָוס, האָט שוין בליומע געפּאָ־רעט זיך בא איר אין שטוב, געזאָטן וואסער, געקאָכט א ייַכעלע און שוין אליין אָן שיפרען אופגענומען איין מאזלטאָוו נאָכן אנדערן, און שוין אליין, גלײַך דאָס וואָלט געווען איר כאנעלע, זיך באַרימט:

— איר הערט, מיט איין קרעכץ, ווי די מאמע אירע.

קיינעם האָט ניט געוווּנדערט, וואָס דאָבע די גראָבע איז אינגיכן גע־קומען צו לויפן מיט איין גרויסן פּאַק, די עלטערע שנור סאַבינע מיט א צווייטן גרויסן פּאַק, און נאָך שפּעטער, ווי עס פּאַסט פּאַר א באַלעבאַטישן שווער, לייזער אליין, מיט גאָר א גרויסן פּאַק. מע האָט זיך געקושט אין די פּיסקלעך, סײַ מיט דער געווינערן, סײַ איינס מיטן אַנדערן, און דערנאָך האָט שוין קיינער אפילע ניט געוווּסט, ווער מיט וועמען קושט זיך, שיפּרע אליין אויך ניט. זי איז געווען טאַקע ווי שיקערלעך, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט אַזויפיל געסט און מיט זיך אליין, און דאָס אייניציקע, וואָס זי האָט גוט פאַרגעדענקט, איז געווען:

— אָט אַזוי, ווי איך, קיין אײַנהאָרע, מיט איין קרעכץ.

סאַבינע האָט הײַנט זיך אויך געקושט מיט אַלעמען. מיט דער קימ־פּעטאָרן אויך. צום ערשטן מאָל, און אַזוי אַז אַלע זאָלן זען, אַז זי האָט זיך טאַקע צעקושט.

ווען די שכיינים זײַנען אַוועק, איז דאָבע, וואָס האָט זיך קוים דערוואַרט די מינוט, גלײַך צוגעטראָטן צום איניעץ:

— דעם מיידעלע וועלן מיר א נאָמען געבן קיילע. נאָך מײַן מאַמען.

— פאַרוואָס עפּעס נאָך דײַן מאַמען? — האָט לייזער געפּרוּווט דערווי־דערן.

— ווײַל נאָך דײַן מאַמען איז שוין דאָ א נאָמען. דאָס איז נומער איינס. צווייטנס, האָב איך א שוועסטער אין ערעץ. און אַז מירן איר אָנשרײַבן, אַז מיר האָבן א נאָמען געגעבן נאָך דער מאַמען, וועט זי גלײַך עפּעס צושיקן. און אַז מיר וועלן קומען אהין...

אַלץ איז געגאַנגען פּינקטלעך, ווי יעדערער פון זיי האָט דאָס אין זיך עטלעכע מאָל אויסגעכאַזערט. צוטראַכטן עפּעס נײַס האָט מען ניט גע־דאַרפט.

— אָבער וואָס איז דאָס פאַר א נאָמען קיילע? — לייזער האָט שטענדיק געוווּסט מיט וואָס טרעפן זײַן דאָבען. — ווער גיט איצט אַזעלכע נעמען? מײַן מאַמע האָט געהייסן גאָלדע. שאַ, וואָס זאָגט איר, מעכוטענעסטע? וועל־כער נאָמען געפעלט אײַך בעסער, קיילע צי גאָלדע?

נאָך וויפל מאָל זיי האָבן ניט איבערגעשפּילט אין זיך זייער שפּאַרע־ניש איבערן נאָמען, איז זיי אפילע אפן געדאַנק ניט געקומען, אַז שיפּרע די קישעפמאַכערן זאָל אַזוינס זאָגן און נאָך מיט אַזא שטעל!

— מיר געפעלט בעסער דער נאָמען זעלדע, — האָט זי זיך אָנגערופן און א שנורעווע געטאָן די ליפּן, ווי גאָר א גרויסע גווירנטע. — אַז מע וויל, קאָן מען דאָס זייער גרינג איבערמאַכן אף זשעניע.

— פאַרוואָס עפּעס זעלדע? — האָט לייזער א ברום געטאָן, די באַקן האָבן אליין אָנגעהויבן אָנבלאָזן זיך.

— ווײַ איז מיר! — האָט דאָבע א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — וואָס פאַר א זשעניע גאָר?

— ווײַל אַזוי האָט געהייסן מײַן מאַמע!

— אײַער מאַמע?

— וואָס זשע מיינט איר, אז איך האָב קיין מאמע ניט געהאט?

— זע נאָר, זע נאָר, — איז דאָבע געוואָרן אויסער־זיך. — איר מאמע גאָר.

איז שוין שיפרע אויך געוואָרן בייז:

— יאָ, יאָ, מײַן מאמע.

— א מאָשל! — און דאָבע האָט א מאך געטאָן מיט דער האַנט. — איר ווייסט כאָטש, וואָס איר רעדט?

באַ איר איז אויסגעקומען, אז מיט דער מעכוטענעסטע איז ביכלאל ניטאָ וואָס צו רעדן אזעלכע זאכן, האָט זי זיך א נעם געטאָן פאַר דער קימפעטאָרן אליין:

— פארשטייסט, אז דו וועסט א נאָמען געבן נאָך מײַן מאמען, וועט די שוועסטער דיר גלײַך ארויסשיקן א פּאָר פעקלעך און שוין אָפּלייגן פאַר דיר עפּעס דאָרטן. און אז מיר וועלן קומען אהין...

כאָטש דאָס האָבן איז אָנגעקומען כאַנען זייער גרינג, האָט זי זיך גע־פילט שטאַרק אָפּגעשוואַכט. ס'איז איר שווער געווען ארויסברענגען א וואָרט. זי האָט גאָר געוואָלט שלאָפן. האָט זי ארויסגערעדט זייער שטיל, טאקע גאָר שטיל, נאָר ס'האָט אלעמען אויסגעזען כוצפּעדיק:

— דאָס מיידעלע האָב איך אליין געבוירן, און איך וועל שוין ווי־ניט־איז אליין צוטראַכטן א נאָמען.

ארויסגערעדט און צוגעמאַכט די אויגן. האָבן אלע געמיינט, אז זי איז שוין אַנשלאָפן געוואָרן. נאָר עפּעס טאקע ווי פון שלאָף, האָט זי ארויסגע־רעדט:

— און דערווײַל פאָרן מיר נאָך אין ערגעץ ניט.

שיפרען איז זייער געפעלן געוואָרן, וויאַזוי איר טעכטערל האָט אָפּ־געענטפערט אלעמען פאַרן שלאָף און וויאַזוי זי האָט א זאָג געטאָן פונעם שלאָף.

— איר הערט? — האָט זי זיך ווי גערייצט מיט אירע מעכוטאָנים. — מײַן כאַנעלע איז א באַרדאַס. מײַן כאַנעלע האָט געענדיקט א טעכניקע און אַרבעט קימאַט ווי אַן אינזשעניער!

דאָבע האָט א קוק געטאָן אויף לייזערן מיט איר בליק, וואָס זי האָט אויסגעטאָקט און אויסגעשלײַפט פאַר פיל יאָרן — זייער א בייזער און זייער א בראָטנדיקער.

— אָט האָסטו דיר! — האָט זי א זאָג געטאָן, גלײַך ער, לייזער, איז אין אלץ שולדיק. — דײַן שנירל פּערל.

לייזער האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל און זיך געלאָזט צו דער טיר מיט זײַנע שווערע אָקסישע טריט. דאָבען האָט ער דאָך געדאַרפט אָפּענטפערן, אז זי זאָל זיך אזוי ניט וואַרפן אויף אים מיט אירע בייזע בליקן:

— צו מיר קאָנסטו קיין טײַנעס ניט האָבן. האָסט דאָס אליין זיך אויס־געשאַדכנט.

## 11

די זון רײַסט זיך דורך מיט אלע קויכעס צווישן די ביימער פונעם שיטערן וועלדל, וויל וואָס גיכער ארויס אף דער פרײַער וועלט, נאָר ווי עס טרעפט שטענדיק אין אײַלעניש, פארטשעפעט זי זיך פאר עפּעס א צווײַג און בלײַבט הענגען צווישן הימל און ערד, פארבלענדט אלץ ארום זיך, און עס דוכט זיך, אז דער גאנצער ארום איז איין גרויסער, פלאמענדי־קער בוים. נאָר דעם בוים איז שווער צו האלטן אף זיך אזא גרויסע און הייסע זון. טרייסלט ער זי אראָפּ פון זיך, און זי פאלט גלײַך ארײַן אין טײַך. נאָר שווימען קאָן זי ניט, הייבט זי גלײַך אָן טרינקען זיך, אָט זעט מען שוין נאָר א האלבע זון, נאָר א פערטל, און ס׳ווערט אזש שרעקלעך צו קוקן — אָט־אָט וועט זי דערטרונקען ווערן. נאָר ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, זי איז ניט דערטרונקען געוואָרן, זי האָט בלויז אונטערגעצונדן דעם טײַך. ברענט ער, דער טײַך, קאָכט און בולבעט זיך. נאָר דער טײַך איז אויך ניט קיין נעכטיקער. ער גיסט זיך אליין אָפּ מיט א פרישן שטראָם, לעשט אָפּ די אייגענע סרייפע און פארטרײַבט דעם אונטערצינדער אפן הימל. נאָר די זון איז נאָך ניט אינגאנצן אוועק. איין זון איז שוין טאקע אפן הימל, נאָר א צווייטע איז געבליבן אין טײַך.

דער דאָזיקער פּארקישעפּנדיקער זון־אופגאנג איז געווען א סאך שפּע־טער. פריִער איז געווען א לאנגער און קרירעדיקער פארנאכט, און מיכע־לען האָט זיך שטארק געוואָלט, מע זאָל זיך שוין ערגעץ אָפּשטעלן אף נאכטלעגער. זיי האָבן קוים געשלעפּט די פארדובעניִעוועטע פיס. די מאַ־מע, פון וועמעס קאָפּ ס׳איז שוין אומעגלעך געווען אראָפּטרייסלען דעם שניי, האָט געקאָנט ארויסרעדן נאָר עטלעכע ווערטער:

— סטארע זיך, מיכעלע, ניט אומפאלן.

איר האָט די גאנצע צײַט געעגבערט א געדאנק: אויב מיכעלע וועט אומפאלן, וועט זי אים שוין ניט קאָנען אופהייבן. זי אליין רירט קוים מיט די פיס, און אָנבייגן זיך קאָן זי שוין אינגאנצן ניט. דערנאָך, ווען מיכעלע איז אף א לאנגער צײַט געבליבן אליין, האָט אים די גאנצע צײַט געקלונגען אין די אויערן דער מאמעס ווערטער:

— סטארע זיך, מיכעלע, ניט אומפאלן.

ווי־אזוי האָט פון אזא געדיכטן נעפּל געקאָנט ארויסשווימען א שטיבע־לע מיט בלוילעכע ווענט און פונקט מיט אזא בלוילעכן דאך? אלץ איז געווען אזוי בלענדנדיק־בלוילעך, ווי א ריין שטיקל הימל צווישן גראָבע און טונקעלע וואָלקנס. און א פּלויטל ארום דעם שטיבל... און א פעטער לעבן פּלויטל...

— דארפסט ניט וויסן, ווי מע רופט מיך, — האָט ער געזאָגט דער מאַ־מען, — דו קוק זיך נאָר אײַן אין דער שטוב און פארגעדענק זי, די איינ־ציקע שטוב אף דער זארינקע. און דאָס בערגל פארגעדענק. דאָס בערגל אונטער דער שטוב. דעם נאָמען פונעם דאָרף דארפסטו אויך פארגעדענ־קען. יאבלונאָווקע. וועסטו קומען אהער און אָפּנעמען דאָס ייִנגעלע. זעסט דאָך, ער ווערט פארפרוירן...

מיכל געדענקט שוין ניט, צי די מאמע האָט אים א קוש געגעבן, צי ניין. דוכט זיך, אז יאָ, ווײַל ער האָט דערפילט, ווי עפּעס א שטעכנדיק שטיקל אײַז האָט אים א ברי געטאָן די באקן. דערנאָך איז געווען א הייסע לעזשאנקע, אף וועלכער ער איז גלײַך אנשלאָפן געוואָרן.

דאָס וועט ער שוין קיינמאָל ניט וויסן — וויפל איז ער דאן אָפּגעשלאָפן. נאָר דער כאָלעם האָט זיך אים פארגעדענקט. א מאָדנע כאָלעם. ער איז נאָך גאָר א פּיצל... און איז גאָר ניט מיכל, נאָר ציפּעלע. די מאמע טראָגט אים אף די הענט און וויגט אים אײַן מיט איר לידעלע:

שלאָף זשע, שלאָף, מײַן פייגעלע,
פארמאך דײַנע גאָלדענע אייגעלעך...

פארוואָס האָט דער פעטער ניט געוואָלט זאָגן דער מאמען, ווי מע רופט אים? ער הייסט דאָך פּאַשעט טאָדאָר. און די מומע רופט מען אָריסיע. און דאָס ייִנגעלע, וואָס איז עפּשער אינגאנצן אף א יאָר עלטער פון אים, רופט מען מיטריק. און זײַן נאָמען האָט די מומע גלײַך איבערגעדרייט אף מיכײַליק. דערנאָך, ווען די מומע איז געוואָרן צו אים שטארק צוגעלאָזט, האָט זי אים גאָר גערופן מיכאַס.

ער האָט ניט געקאָנט פארשטיין: ווי נעמט עס א מאמע און לאָזט איבער איר קינד בא פרעמדע מענטשן? דערנאָך איז ער צוגעוווינט געוואָרן צו דער מומע אָריסיעס ייִנגעלע, מיטריקן, צו דעם נײַעם נאָמען, וועלכן די מומע אָריסיע האָט אים, מיכלען, געגעבן, — מיכײַ. דער פריִערדיקער נאָמען איז פארבליבן ווי א ווײַטער כאָלעם, ווי די מאמע אליין, וואָס האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אָנווערן אירע לעבעדיקע שטריכן און אים שטענדיק געמאָלט זיך דורכויס שנייִיק, ווי אירע ווײַס געוואָרענע האָר.

דעם פעטער טאָדאָר האָט ער געזען זייער זעלטן. אופגעשטאנען איז ער, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער, אָנגעהאָדעוועט און אָנגעפּאַיעט די קו מיט די עטלעכע שאָף און ניט געסטײַעט. אהיימגעקומען איז ער שפּעט באנאכט, ווען אלע זײַנען שוין געשלאָפן. האָט ער אפילע זײַן פּאָנעם ניט פארגעדענקט. בלויז די הענט — גרויסע, לאנגע הענט מיט צעטראסקעטע דלאָניעס און ביינערדיקע פינגער. די מומע אָריסיע איז דאן געווען נאָך זייער יונג און אלץ אין איר איז געווען ביז גאָר מיידלש: די ווײַסע לאָקנס, די בלויע אויגן, דאָס שמייכלענדיקע פּאָנעם, דאָס אויסגענייטע העמדל און דאָס ציכטיקע פארטעכל. אלץ אף איר האָט געזונגען, ווי זי אליין. נאָר די לידלעך אירע האָט זי ניט געזונגען, נאָר שטיל אויסגעוויינט. די ווערטער זײַנען אויך געווען וויינענדיקע — וועגן א שטיין, וואָס וואקסט אָן וואָרצלען, וועגן דעם פּאפור, וואָס בליט אָן זריִע, וועגן א הארץ, וואָס וויינט אָן טרערן...

מיטריק איז געווען עפּשער מיט א יאָר עלטער פון אים, נאָר געמאכט זיך פאר גאָר א גרויסן. געשאפט זיך מיט אים, ווען מע דארף און ווען מע דארף ניט, אמאָל אפילע אָנגעשריגן אף אים, און אין זײַנע קליינע אייגעלעך, שווארצינקע און גלאנציקע, איז געווען צו זען, אז ער האָט עמעסדיקע האנאָע דערפון, וואָס ער האָט איבער וועמען צו שאפן און אף וועמען

אָנצושרײַען און וואָס ער קאָן דערנאָך, ווען מיכל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און איז גרייט לאָזן א טרער, צוגיין, א גלעט טאָן איבערן קאָפּ און באַרויקן.

ס'איז שוין געווען סאָף ווינטער. באַטאָג האָט געוואָרעמט די זון, און פונעם בלויען דאַך זײַנען געפאלן שטיקער אײַז.

אָט אין אזא טאָג איז געקומען צו לויפן דער פעטער טאָדאָר א פאַרסאָפּעטער.

— מע האָט אָנגעשמעקט... — ער האָט גערעדט גיך און שטיל, געווונקען אף מיכלען און בייסמײַסע ארויסגעשלעפּט פונעם קאסטן דאָס, וואָס מע דאַרף מיט זיך מיטנעמען. — טו אָפּגיך אָן די קינדער, נעמט מיט מיט זיך די קו, עפּעס עסן און הײַדא, אין די בערג... וואַרט אף מיר פון יענער זײַט יאַר, לעבן דער סטאָדאָלע. אז איך וועל צוקומען, וועלן מיר גיין ווײַטער. צו מײַן שוועסטער.

אין די בערג איז דער שניי געווען א טיפער, אָן אײַנגעלעגערטער, נאָך אינגאנצן א ווינטערדיקער. די גרינע יאָדלעס, די דעמבעס מיט די ניט אָפּגעפאלענע געלע בלעטער, די הויכע סאָסנעס און די גלאַטע בוקעס זײַנען געשטאַנען ביזן בויך אין שניי. דער גאַנצער אַרום — די ביימער, דער שניי און דער געדיכטער נעפּל — האָט אויסגעזען בעסוילעמדיקפאַרגליווערט, און דאָס האָט ארויסגערופן באַם קלײנינקן מיכלען דעם גרויל פון יענע ווינטערדיקע טעג און נעכט. אָריסיע האָט געשפּאַנט פאָרויס, געפירט מיט זיך די קו, און ער מיט מיטריקן זײַנען נאָכגעגאַנגען, געשלעפּט אף א שליטעלע דאָס, וואָס דער פעטער טאָדאָר האָט אין אײַלענ יש אָנגעוואָרפן און ארומגעבונדן מיט שטריק. אזוי, ביז די קני אין שניי, האָבן זיי זיך געדראַפּעט באַרג־אַרויף, דערנאָך אַראָפּגעלאָזט זיך באַרג־אַראָפּ, לאַנג געגאַנגען לענגויס א טיפן יאַר, פונוואַנען ס'האָט זיך קימאַט אינגאַנצן ניט אָנגעזען דער הימל. אַלץ אַרום איז געווען טויטלעך־שטום, זיי אַליין האָבן מוירע געהאַט אויסרעדן א וואָרט. בלויז די קו האָט אַלעמאָל אויסגעצויגן דעם האַלדז, ווי געריסן זיך צוריק אַהיים, און גערעוועט. שוין דאַן, ווען מע האָט ווידער זיך אָנגעהויבן דראַפּען באַרג־אַראָפּ, האָט מיטריק דערזען אַזוינס, וואָס האָט אים שטאַרק דערפרייט, און גענומען פאַנאַנדערשאַרן דעם שניי אַרום זיך.

— שניי־קווייטעלעך.

— שרײַ ניט אזוי, — האָט אָריסיע אים געוואָרנט.

— מאַמע, שניי־קווייטעלעך!

דער צווייטער באַרג־אַרויף איז געווען פיל שווערער. אונטערן שניי האָבן זיך פאַרטײַעט אָן א שיר שטיינער, אַלעמאָל האָבן זיי זיך פאַרטשעפּעט פאַר אָן אַנדערן. ס'איז געוואָרן הייס, און זיי האָבן געמוזט אויסטאָן די פּעלצלעך, אָפטמאָל גערדאַרפט אונטערהאַלטן די קו. זי איז געווען אינגאַנצן נאַס, האָסטיק געפּאָכט מיט די קליבעס און נאָכאַנאַנד געפאַלן אף די פעדערשטע פיס. פאַרשוויצטע און פאַרסאָפּעטע האָבן זיי זיך אַרופגעדראַפּעט אף א הויכן באַרג, ווידער געגאַנגען מיטן פאַרנאַכטיקן וואַלד לענגויס א טיפן יאַר, ביז די מומע אָריסיע האָט אויסגערופן:

— אָט איז די פּאָלאָנינע, און אָט איז די סטאָדאָלע!

וואָס הייסט פּאָלאָנינע, האָט מיכל דאַן נאָך ניט געוווּסט, און קיין שום סטאָדאָלע איז ניט געווען. בלויז אַ באַרג מיט שניי, פונוואַנען ס'האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט אַ פּאָר קרומע דרענגלעך. נאָר אָריסיע איז גלייַך געוואָרן פריילעך. צוגעבונדן די קו צו אַ בוים און אַראָפּגענומען פונעם שליטעלע די לאָפּעטע, האָט זי אָנגעהויבן אָפגיך פאַנאַנדערשאַרן דעם שניי. האָבן זיי שוין ביידע מיטגעהאָלפן מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. ביסלעכווייַז זייַנען אַרום הויכן באַרג אויסגעוואַקסן צוויי קלענערע בערגלעך און ס'האָט אַ סקריפּע געטאָן די אָנגעשנייטע און די אָנגעפּראַסטיקטע טיר.

אָריסיע איז געווען צופרידן, וואָס אַלץ האָט זיך באַקומען אַזוי, ווי טאָדאָר האָט געהייסן, — דאָס איז אַ סימען, אַז אַלץ וועט זייַן גוט.

— באַלד וועט קומען דער טאַטע, וועלן מיר אָפּקאָכן אַ מאַמאַליגע.

די סטאָדאָלע איז געווען פול מיט אַ פאַרשיקערנדיקער וואַרעמקייַט, פון וועלכער ס'האָט זיך שטאַרק געוואָלט שלאָפן. האָבן זיי אַלע געבאָבערעט זיך מיטן שלאָף און געוואַרט אף טאָדאָרן, וואָס האָט אינגיכן געדאַרפט קומען. נאָר טאָדאָר איז ניט געקומען. ניט באַלד, ניט אין אַ שאָ אַרום, ניט צו נאַכט־צו. איז שוין קיין הייסע מאַמאַליגע אויך ניט געווען. אָריסיע האָט אויסגעמאָלקן די קו, אָנגעגאָסן יעדערן אַ פול קווערטל וואַרעמע מילך, נאָר די מילך האָט עפּעס ניט געוואַרעמט. דאָס ברויט איז אויך געווען האַרט, ווי אַ שטיין. אָריסיע האָט אויסגעבעט פאַר אַלעמען אַ ווייך, שמעקנדיק געלעגער צווישן היי, נאָר אַליין אפילע זיך ניט צוגעלייגט. זי איז אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט. באַגינען, ווען מיכל האָט זיך אופגעכאַפּט, איז שוין אָריסיע ניט געווען.

— ווו איז די מאַמע? — איז מיכל אופגעשפּרונגען.

— שרייַ ניט אַזוי. זי איז אַוועק צוריק אין דאָרף. זיי וועלן אינגיכן זיך אומקערן. ביידע.

ס'איז אַוועק דער טאָג, און קיינער איז ניט געקומען. האָט שוין מיטריק אַליין אויסגעמאָלקן די קו, צוגעוואָרפן איר אַ ביסל היי און געגעבן איר צו פאַרשטיין, אַז קיין וואַסער איז ניטאָ און זי וועט זיך מוזן באַגיין מיטן שניי. און מייַסע באַלעבאָס אָנגעשריגן אף איר:

— רעוועו ניט אַזוי.

נאָר איינשלאָפן האָבן זיי ניט געקאָנט. מיכל האָט מוירע געהאַט פאַרן וואַלד, פאַר דיווילדע כייַעס, וואָס קוקן נאָר אַרויס, זיי זאָלן צומאַכן די אויגן. מיטריק האָט אים אייַנגערעדט, אַז פאַרן וואַלד איז ניטאָ וואָס מוירע האָבן, קיין וועלף זייַנען דאָ ניטאָ, די בערן שלאָפן אַלע, סייַדן עפּעס אַ פּיקסל אָדער אַ האָז. וואָס זשע דאַרף מען מוירע האָבן פאַר אַ האָז? און כאָטש מיטריק האָט אַזוי גוט אייַנגערעדט מיכלען, האָט ער אַליין אויך מוירע געהאַט. אַלעמאָל איז ער אַרויסגעקראָכן פון דער סטאָדאָלע, געשטאַנען און זיך אייַנגעהערט.

דאָס היי האָט שוין ניט געשמעקט אַזוי שטאַרק, ווי נעכטן, די וואַרעמקייַט איז אויך געווען אַ סאַך אַ שוואַכערע. די קעלט האָט דורכגענומען די סטאָדאָלע אף דורך און דורך.

דעם אומגליק האָבן זיי ביידע דערפילט, נאָך איידער אָריסיע איז צוגעקומען צו דער סטאָדאָלע און איידער זי האָט באַוויזן אַרויסרעדן אַ

וואָרט. זי איז ניט געגאַנגען, נאָר זיך געשלעפּט, ווי אַ געליימטע. ווען ניט דאָס ווײַסע פּעלצל מיט די אויסגענייטע ברעגן, ווען ניט דאָס גע־קווייטלטע שאַלעכל, וואָלטן זיי זי אינגאַנצן ניט דערקענט. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן אַנטקעגן, און אָריסיע, פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל קויכעס, איז אומגעפאַלן אַף זייערע הענט.

— אוי, יעסוימימלעך מײַנע! מיר האָבן מער ניט קיין טאַטן, דערהאַר־געט האָבן זיי אים, און אַלץ צעראַבעוועט! גאַטעניו, פאַרוואָס?

האָבן זיי געדאַרפט אָפּלעבן אין דער סטאָדאָלע נאָך צוויי טעג און צוויי נעכט, ביז די מומע אָריסיע איז געקומען אַ ביסל צו־זיך. און ווי־דער מיטן וואַלד, ווידער מיט די בערג. מיטריק מיט מיכלען האָבן שוין געדאַרפט שלעפּן אַף זיך אַלץ: דאָס שליטעלע, די קו, אָריסיען אַליין און די שרעקלעכע יעדיע צו טאָדאָרס שוועסטער.

די צײַט, וואָס זיי האָבן געלעבט בײַ טאָדאָרס שוועסטער, איז מיכלען שווער אויסמעסטן. געצויגן האָט זי זיך זייער לאַנג, און אַלץ אַרום איז ווידער געווען ביינהאַשמאָשעסדיק־גרוילעך: דאָס אַלטע, אײַנגעהויקערטע שטיבל מיט די אָפּגעקראָכענע ווענט, פון וועלכע ס׳האָבן ווי אָפּגעהריזעטע ביינער אַרויסגעשפּאַרט די איבערגעפוילטע בערווענעס, דער געדיכטער וואַלד מיט זײַן עסעריקער פּײַכטקייט, מיט זײַנע זומפּן און קאַליוזשעס, די פּילעניצעס צווישן געדיכטן גראָז, וואָס האָבן ניט געוואָלט רויט ווערן, די קליינינקע און טערפּקע עפּעלעך און באַרעלעך, פון וועלכע ס׳ווערן הײַליק די ציין, און די באָבע שטעפאַניע אַליין... ווייסט ער ניט, מיכל, צי איז זי דאַן שוין טאַקע געווען אַזוי אַלט, צי ס׳האָט זי פּאָשעט געבויגן צו דער ערד. ווײַל די אויגן... די אויגן זײַנען געווען אַ סאַך יינגער פון איר. גוטע, קלוגע אויגן, וואָס פלעגן מאַכן אַ ביסל ליכטיקער דעם גרויען אַרום.

די מומע אָריסיע האָט ניט אופגעהערט הריזען זיך:

— פאַרוואָס האָב איך אים איבערגעלאָזט, טאָדאָרן? פאַרוואָס האָב איך אים גלײַך ניט מיטגענומען מיט אונדז? ווער האָט געדאַרפט די שאָף?

די באָבע שטעפאַניע מיט איר שפּיציקן הויקערל, אײַנגעשרומפּן פּע־נעמל און יונגע אויגן האָט, אַפּאָנעם, געוווסט מערער פון אָריסיען:

— ניט די שאָף האָט ער געדאַרפט, נאָר די מענטשן. געוויס געדאַרפט עמעצן עפּעס איבערגעבן, וואָרענען...

דערנאָך איז געקומען יענער פאַרכליופּעטער פרילינג, ווען פון אַלץ האָט געהאַלטן אין איין רינען און גיסן. סײַ די בלאָטע, סײַ דאָס וואַסער איז געווען ביז די קני. די באָבע האָט דאַפקע געצייצעט איבערוואָרטן אַ ביסל, נאָר די מומע אָריסיע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: סטײַטש, די שטוב, דער גאָרטן! האָבן זיי זיך אוועקגעלאָזט מיט דעם זעלבן וועג צוריק. דורך אַלע בלאָטעס און אַלע וואַסערן.

מיכל האָט שוין אויך עפּעס פאַרשטאַנען אינעם וואַלד, געקאָנט פאַנאַנ־דערשיידן די שפּורן פון אַ האָז און אַ פיקסל, דעם געוואָי פון אַ וואָלף און דאָס ברומען פון אַ בער, דאָס בייזע כריוקען פון אַ ווילדן כאַזער און דאָס העפּקערדיקע מעקען פון אַ ווילדער ציג. פּונקט ווי מיטריק, איז ער אויך געווען אַ בעריע דראַפּען זיך אַף די ביימער צו די פויגל־נעסטן. זיי ביידע, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט, שטאַרק אויסגעצויגן זיך פאַר

זייערע עלף צי צוועלף יאָר, מיט פאַרסמאַליעטע פּענעמער, פאַרגרעבטע הענט און נאָך מערער פאַרגרעבטע, פאַרבלאָטיקטע פיס, וואָס האָבן גוט געוווּסט דעם טאַם פון באָרוועס, צווי עכטע הוצולישע יונגען, היכע און ביינערדיקע, מיט געדיכטע שוואַרצע טשופּרינעס און אַרויסשפּאַרנדיקע קינבאַקן. אַריסיע האָט געפירט די קו, און דאָס, וואָס ס'איז פריִער געלעגן אויפן שליטעלע, האָבן זיי ביידע גאַנץ גרינג געטראָגן אויף די פּלייצעס.

דערנאָך איז געקומען יענער זומערדיקער טאָג, ווען צו זיי אין הויף איז אַרײַנגעקומען אַן אויסגעדייוועטע אַלטיטשקע, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און איז געבליבן שטיין, אײַנגעקלעמערט זיך מיט די אויסגעטריקנטע הענט אינעם גראָבן, סוקעוואַטן פּלאָקן, צו וועלכן זיי בינדן צו די קו. זי איז געשטאַנען אַ באָרוועסע, שטאַרק געציטערט און געהאַלטן זיך באַם פּלאָקן, זי זאָל ניט אומפאַלן. די אויגן האָבן אַרומגעבלאָנדזעט איבערן הויף, און די אַלטיטשקע אַליין האָט עפּעס געשעפּטשעט. איז מיכל צוגעקומען נעענטער און געפרעגט:

— וועמען זוכט איר, באָבעניו?

מיט איין האַנט האָט די אַלטיטשקע זיך געהאַלטן פאַרן פּלאָקן און מיט דער צווייטער געוויזן אַרום זיך. און ווידער, ווי צו זיך אַליין:

— בלויע וועגט... אַ בלויער דאַך... און אָט איז דער באַרג... דאָס דאָרף הייסט יאַבלונאָווקאַ, און ווי מע רופט דעם באַלעבאָס, ווייס איך ניט. און וווּ איז מײַן מיכעלע?

— מאַמע, מאַמע!

— מומע, מומע!

מיכל שפּרינגט אַהין און אַהער, דרייט זיך ווי אַ דריידל, ער ווייסט ניט וואָס פריִער צו טאָן. צי ווײַזן דער מאַמען אויף אַריסיען, אַז דאָס איז זײַן מומע, צו ווײַזן דער מומע אַריסיע, אַז דאָס איז זײַן מאַמע.

מאַלקע האָט אַפילע קיין קויעך ניט געהאַט צו וויינען. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, ווען זי איז געקומען אַ ביסל צו־זיך נאָכן לאַנגן און טיפן שלאָף, ווי אַ פאַרצויגענער כאַלאָשעס, האָבן זיי זיך ביידע, מאַלקע און אַריסיע, גוט אָנגעוויינט.

אַלע האָבן אינייִנעם געפּאַליעט דעם גאָרטן, געשניטן און געטריקנט דאָס היי, געוואַלגערט ביימער אין וואַלד, געהאַקט און צונויפגעלייגט דאָס האָלץ אין היכע סטאָסעס און געפּאַשעט די קו מיטן קעלבל אויף דער לאָנקע לעבן טײַכל. די מאַמע איז ביסלעכווײַז געקומען אַלץ מער צו־זיך, געוואָרן אַ ביסל יינגער, דאָס פּאָנעם אַ סאַך גלאַטער, נאָר דער שניי פונעם קאָפּ האָט ניט געוואָלט אַראָפּ.

אָט דאָן, אין איינעם אַזאַ פריִען באַגינען, ווען מיכל האָט אַרויסגעטריבן די קו אויף פּאַשע, האָט ער דערזען יענעם זעלטענעם, יענעם וווּנדערבאַרן זון־אויפגאַנג, וואָס האָט אים אַזוי פאַרקישעפט. ער איז דערנאָך יעדן פאַרטאָג געלאָפן צום טײַכל זען, ווי די זון טרינקט זיך, ווי דאָס טײַכל ווערט שיִער ניט פאַרברענט און לעשט זיך קוים אָפּ.

דערנאָך איז געקומען דער טאַטע... האָבן זיי ווידער געוויינט, די מאַמע און די מומע. זיי איז שווער געווען שיידן זיך.

אלע יאָר, ווען עס הייבט אָן שמעקן מיט פרילינג, ציט מיכלען אין די בערג. עס ציִען אים די שניי־קווייטלעך, דער רייעך פון אײַנגעלעגערטן היי, עס ציט אים דער זעלטענער זון־אופגאנג. ער מוז איניינעם מיט מיטריקן זיך דורכשפּאצירן איבערן נאָך ווינטערדיקן וואלד צו יענער סטאַ־דאָלע, איבערלעבן נאָכאמאָל אלע גרוילן פון יענעם פארנעפּלטן ניט־טאָג, ניט־נאכט, דערנאָך אָנטאָן דער מומע אָריסיען דעם גרעסטן פארגעניגן דערמיט, וואָס ער שלינגט אזוי געשמאק די הייסע מאמאליגע און פאר־טרינקט מיט זויערער מילך. די מומע אָריסיע שטייט באַם טיש מיטן קריגל אין דער האנט, פון אירע שמייכלענדיקע אויגן בעטן זיך אף דער וועלט עטלעכע פרישע טרערן. זי וואַרט, ביז ער טרינקט אויס די ערשטע גלאָז, גיסט גלײַך אָן א צווייטע, און הערט ניט אוף צו ווונדערן זיך:

— זע נאָר, זע נאָר, ביסטו טאקע אזוי אויסגעוואקסן? און האָסט שוין אויך א מיידעלע? וויפל זשע איז זי אלט, דײַן ציפּעלע?

אזוי איז יעדן פרילינג. נאָר הײַנטיקס יאָר איז ער געווען אזוי פאר־כאפּט מיטן אווטאָמאַט, אז ער האָט דורכגעלאָזט די צײַט. איצט האָבן די סעדער שוין אָפּגעצוויטעט, דער בעז האלט שוין אויך באַם גויסען און אף די סוקעוואטע צווײַגן פון דער הויכער אקאציע האָט אָנגעהויבן שײַנען דער ווײַסער צוויט, שמעקט אף מײַלן און גיט אָנצוהערן, אז דער פרילינג גייט שוין צום סאָף. ווי זשע לאָזט מען עס דורך דעם גאנצן פרי־לינג?

...כאָטש ס'איז אין אָוונט געווען אָפּגערעדט, אז מאָרגן פאָרן אלע, נאָר באַגינען, ווען מע האָט זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג, האָט שיינדל גע־זאָגט, אז זי פאָרט ניט. זי האָט געהאט א שווערע וואָך, איז שטארק פאר־מאטערט, פילט זיך ביכלאל עפּעס ניט מיט אלעמען און זי מוז זיך אָפּ־רוען. די מידקײַט האָט אלעמען אויסגעזען אן איבערגעטריבענע. די וואָך איז באַ אלעמען געווען א שווערע און באַ מיכלען געוויס מערער, ווי באַ אלעמען. דאָס ווייסט שיינדל גאנץ גוט, נאָר דערווידערן איר האָט קיינער ניט געוואָלט. מיכל האָט בלויז געפּרוווט פאר זיך פעסטשטעלן די סיבעס פונעם פּלוצעמדיקן רויגעז. זאָל זײַן, אז איבער ציפּעלען? האָט ער דאָך א גאנצע וואָך געטאָן אלץ, אז דער רויגעז זאָל ניט אויסברעכן, אים אויסגע־מיטן מיט אלע מעגלעכקײַטן. נאָר, אפּאָנעם, אז שווײַגן איז ניט דאָס בעסטע מיטל פון אויסקלאָרן א מיספארשטייעניש. ער האָט געשוויגן, שיינדל האָט געשוויגן, און אלץ איז געבליבן ווי געווען. ווען מע זאָל באַ אים פרעגן, אין וואָס באַשטייט דער רויגעז, פון וואָס איז ער אופגעקומען, וואָלט ער ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. זאָל זײַן דערפאר, וואָס אין די שפּארעוישן איבער די עקזאמענעס איז ער געווען אף ציפּעלעס צאַד?

כאָטש שיינדל האָט זיי אלעמען אײַנגערעדט, זיי זאָלן ניט איבער־טראכטן און פאָרן, האָט מיכלען זיך געדוכט, אז עפּעס הריזעט זי. האָט ער געמוזט אפּסנײַ דערקלערן, פארוואָס ער מוז טאקע פאָרן:

— פארשטייסט, די מומע אָריסיע קער שוין איבערטראכטן.

גראָד דאָס, וואָס ער האָט דערמאָנט די מומע אָריסיע, האָט ארויסגע־רופן אף שיינדלס פּאָנעם דאָס, וואָס זי סטארעט זיך די גאנצע צײַט אויס־באהאלטן און וואָס זי ווייסט אליין ניט, ווי דאָס אָנצורופן. ס'איז דאָך

ניט קיין אייפער, ניט קיין קינע. כאָלילע! האָט זי אפסנײַ גענומען אײַנ־רעדן מיכלען:

— נו, פאָרט, פאָרט, און גיט איבער א גרוס פון מיר.

שיינדל האָט בעפיירעש געמיינט, אז ציפּעלע וועט אויך ניט פאָרן. ערשטנס, גייען די עקזאמענעס און מע דארף זיצן איבער די ביכלעך, צוױיטנס, וועט ציפּעלע פארשטיין, אז זי דארף בלײַבן מיט דער קראנקער מאמען. נאָר ציפּעלע האָט דאפקע זיך געקליבן אין וועג...

— מאמע, פאָר מיט אונדז!

אז ציפּעלע זאָל בלײַבן, קאָן קיין רייד ניט זײַן. זי טאָר הײַנט פאָשעט ניט בלײַבן אין שטאָט. זי וועט ניט גיין דערציילן דער מאמען וואָס און ווער. נאָר טאָליק... ער וועט זי הײַנט זוכן איבער אלע גאסן. און זי וויל ניט, זי וויל הײַנט ניט זען טאָליקן.

האָט מיכל זיך ארײַנגעזעצט אין דער מאשין מיט זײַנע רויגעזן, ציפּעלע מיט איר רויגעז און דאָוויד מיט זײַנע דײַגעס, סײַ פאר מיכלען, סײַ פאר ציפּעלען און סײַ פאר שיינדלען.

דער באגינען האָט זיך ערשט געקליבן אין וועג ארײַן, און די שטאָטישע גאסן זײַנען געווען באנאכטלעך פּוסט.

אפּאָנעם, אז אזוי וועט שוין זײַן שטענדיק. אלעמאָל, ווען מיכל זעצט זיך ארײַן אין דער מאשין און לאָזט זיך מיטן וועג אהין, דוכט זיך אים, אז ער טוט אויס פון זיך די יאָרן און קערט זיך אום צו יענע נעפּלדיקע פארנאכטן מיט זייער קרירע, מיט זייער שרעק און מיט זייער גרויל. פארשטייט ער ניט, וואָס טוט זיך עס הײַנט מיט אים. אלעמאָל, ווען ער דערזעט פאר זיך דעם וואלד, פארגעסט ער אין אלץ און אין אלעמען. הײַנט קאָן ער גאָרנישט ניט פארגעסן. ניין, עס גייט גראָד ניט אינעם אומקלאָרן רויגעז מיט שיינדלען, נאָר אין זײַן צוזאמענשטויס מיט סערגיי איוואנאָוויטשן און אין דעם, וואָס דער דירעקטאָר האָט דערנאָך אים געזאָגט, און באזונדערס דאָס, וואָס דער דירעקטאָר האָט געזאָגט אף דער קורצער בעראטונג, וועלכע ער האָט אין אײַלעניש צונויפגערופן. אלע האָבן געוואוסט, אז נאָך דעם, ווי קיריל פּעטראָוויטש איז עטלעכע טעג ניט געווען אף דער ארבעט, וועט ער ארויסשטעלן אָן א שיר טײַנעס, רעדן וועגן די בלויזן, וואָס זײַנען דערלאָזט געוואָרן. האָט אלעמען געוווּנדערט, וואָס קיריל פּעטראָוויטש האָט וועגן די זאוואָדישע איניאָנים אפילע ניט דערמאָנט. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען פּעטראָוויטשן אזא אופגע־רעגטן.

— א ביזאָיען! — קיריל פּעטראָוויטש האָט געריבן די פינגער, ווי גע־סטארעט זיך ארויסבאקומען וואָס שארפערע, וואָגיקערע ווערטער. — פאר וואָס האָבן מיר זיך געשלאָגן? פאר וואָס האָבן מיליאָנען מענטשן פארגאָסן זייער בלוט? פאר אונדזער רעוואָליוציע, פאר אונדזער אידעאָלאָגיע, פאר פעלקער־פרײַנטשאפט! און אזוינס זאָל זיך טרעפן אין אונדזער קאָלעק־טיוו, וואָס איז אינטערנאציאָנאל לויט זײַן באשטאנד און לויטן גײַסט! נאָר מיר וועלן ניט דערלאָזן! מיר וועלן ניט דערלאָזן פארסאמען אונדזער לופט מיט סינע צו פעלקער. מיר וועלן ניט דערלאָזן!..

סערגיי איוואנאָוויטש איז געזעסן מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איין מאָל האָט ער געמאכט א פּרוּוו צו פאַרענטפערן זיך, נאָר עמעצער האָט אים א צי געטאָן פארן ארבל. מיכל האָט זיך שטארק געשראָקן פאר די רויטע פינטעלעך, וואָס האָבן זיך באוויזן אף פּעטראָוויטשעס פּאָנעם. ער ווייסט דאָך שוין, וואָס נאָך דעם קומט. נאָר איַינשטילן פּעטראָוויטשן איז געווען אומעגלעך.

— און מיר ווען ניט דערלאָזן, — האָט געדראָעט דער דירעקטאָר, — אז אזא צי אן אנדער פאל זאָל צעבלאָזן ווערן. עמעצער קוקט ארויס אף דעם. איינער דארף דאָס האָבן פאר א טערעץ, אן אנדערער דארף פּאָשעט האָבן וואָס צו צעבלאָזן...

ער וואָלט אוודע געדארפט זיך דורכשמועסן מיטן טאטן וועגן דעם איניען. נאָר זיי האָבן אלע אָפּגערעדט ניט דערציילן אים וועגן דעם. קיריל פּעטראָוויטש האָט אזוי געייצעט. ס'איז אים פּאָשעט א ביזאָיען, האָט ער געזאָגט. פירט ער די מאשין, מיכל, און שוויַגט. נאָר פארוואָס שוויַגט דער טאטע, פארוואָס שוויַגט ציפּעלע?

ציפּעלע האָט זיך איר פּעקל. און ס'איז איר אויך ניט גרינג צו דער־ציילן. וויַל טאקע איבער זיי, איבערן זיידן מיטן טאטן, האָט זי זיך צעקריגט מיט טאָליקן. פון דאָנערשטיק אָן... איר גייט דורך א גרויל איבערן לײַב. שוין דריַי טעג, אז זי האָט ניט געזען טאָליקן!

זי איז אליין שולדיק. ניין, פארוואָס עפּעס זי? וועגן וואָס דען האָט זי געזאָלט שריַיבן, אויב די אלע טעג, נאָכן שפּאציר מיטן זיידן, קאָן זי אין דעם ניט פארגעסן? דער ערשטער עקזאמען איז, ווי געוויינלעך, גע־ווען א שריפטלעכער. געווען צוויי טעמעס, פון זיי — איינע א פריַיע: שריַיב וועגן וואָס דו ווילסט, נאָר דאָס זאָל זיַין פארבונדן מיט דער רע־וואָליוציאָנערער פארגאנגענהייט פון דער געגנט. וועגן וואָס זשע נאָך האָט זי געקאָנט שריַיבן? דאָס קעפּל פון איר שריפטלעכער ארבעט האָט ווי פון זיך אליין געלייגט זיך אפן ערשטן זיַיטל פונעם העפט: „דאָס געסל פון מיַין זיידן”. און אָנגעשריבן האָט זי וועגן אלץ, וואָס דער זיידע האָט איר דערציילט. אָנגעשריבן און באגליַיך מיט אלע אוועקגעלייגט דעם העפט אפן טיש. פונוואנען האָט זי געזאָלט וויסן, אז דאָנערשטיק, צום סאָף פונעם צווייטן עקזאמען, וועט אריַינקומען די לערערקע פון ליטערא־טור וואלענטינא יערמאָליַיעוונא און וועט פאָרלייענען פארן גאנצן קלאס איר ארבעט?

ווען די לערערקע האָט פאָרגעלייענט, האָט ציפּעלע זיך אליין געכיי־דעשט, וויאזוי האָט זיך דאָס אלץ בא איר באקומען — בוילעט און איַינ־דרוקפול. דער שוסטער שטעפאן, דער אלטער דיַיטש, די ציגיַינערטע מא־ריוצא און די בריק, אונטער וועלכער ס'האָבן אף אזא אויסטערלישן אויפן זיך באגעגנט דער זיידע מיט דער באָבען. ציפּעלע איז געזעסן א צערודערטע, א ביסל א פארשעמטע און געפילט, ווי דאָס פּאָנעם פלאמט איר. אלעמאָל האָט זי געכאפּט א קוק אף אירע כאווערטעס, ווי נעמען זיי דאָס אוף, וויַיל געשריבן האָט זי דאָס ניט פאר זיי, זי האָט דאָס געשריבן פאר זיך. און דאָס, וואָס איר ארבעט איז איצט באוווּסט געוואָרן אלעמען, האָט איר אויסגעזען, ווי זי האָט ארויסגעגעבן עפּעס זייער א

טיפן סאָד. בײַס די לערערקע האָט פּאַרגעלייענט, ווי דער זיידע מיט דער באָבען האָבן זיך באַגעגנט אונטער דער בריק, האָט ציפּעלע זיך אַ הייב געטאָן פֿון דער פּאַרטע, געוואָלט צולויפֿן און אַרויסכאַפּן דעם העפֿט. דערנאָך, ווען וואַלענטינאַ יערמאָלײַעוונאַ האָט געענדיקט לייענען און געפֿרעגט בײַ ציפּעלען, צי איז דאָס אַלץ טאַקע אַזוי געווען, איז זי אַרויס־געלאָפֿן פֿון קלאַס. באַלד זײַנען אַלע אַרויסגעלאָפֿן נאָך איר און זי אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן. די ייִנגלעך זײַנען געווען מערער אײַנגע־האַלטן. נאָר די מיידלעך האָבן געוואָלט וויסן אַ סך גענויער. און ווידער טאַקע וועגן סאַמע וויכטיקסטן:

— איז דאָס אַלץ טאַקע אַזוי געווען?

— נאַראָנים, וואָס איר זײַנט! — האָט ציפּעלע זיך פֿאַרענטפֿערט. — ווי קאָן מען אַזוינס אויסטראַכטן אָפּן אייגענעם זיידן און אויף דער אייגענער באָבען?

זײַנען אַ סך איר מעקאַנע געווען. אייניקע דערפֿאַר, וואָס זי האָט אַזוי אויסגענומען מיט איר שריפֿטלעכער אַרבעט, אַנדערע פּאַשעט דער־פֿאַר, וואָס זי האָט אַזעלכע אָוועס. נאָר טאָליק... ווען פֿון דער ראַשיקער כאָפּטע זײַנען זיי געבליבן אינצווייען, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— צו וואָס האָט עס דיר געטויגט?

ציפּעלע האָט זיך אַ קערעווע געטאָן אויף צוריק, גלײַך זי האָט געוואָלט זען, ווער איז דאָס געשטאַנען הינטער טאָליקן, וואָס האָט זי אַזוי אַ שמײַס געטאָן אין פּאָנעם. עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז דאָס זאָל פֿרעגן טאָליק אַליין. נאָר דאָס איז געווען טאָליק, זײַן שטים! נאָר דאָס פּאָנעם איז געווען ניט זײַנס. אַ פֿרעמדס און אַ בייזס. זי האָט ניט באַוויזן אָפּענטפֿערן אויף זײַן ערשטער פֿראַגע, האָט ער געשטעלט אַ צווייטע:

— האָסט געוואָלט אַ באַרים טאָן זיך מיט דײַן זיידן?

האָט זי אים אָפּגעענטפֿערט אויך בייז:

— קיין מערער נאַרישע פֿראַגן האָסטו ניט געקאָנט צוטראַכטן? זיי האָבן דאָך געקעמפֿט!

— וואָס זשע האָבן זיי אויסגעקעמפֿט?

קוקט שוין ציפּעלע אויף אים מיט גאָר אַנדערע אויגן. ווײַל ס'איז גאָר ניט דער טאָליק. הייבט זי שוין גאָר אָן צו שרײַען:

— אונדזער לעבן! אַלץ! אַלץ! אַפֿילע דײַן מאַטעמאַטיק אויך, אויב דו ווילסט וויסן! דערפֿאַר טאַקע האָב איך געשריבן! ווײַל יעדער שטיינ־דעלע פֿון אונדזער געסל... יעדער שטיינדעלע איז פֿאַר מיר הייליק! דו קאָנסט עס פֿאַרשטיין?

נאַרישע קינדער! עפּשער צו פֿרי זיך צעקריגט. און עפּשער צו שפּעט... ציפּעלעס לעצטע ווערטער האָבן אים נאָך מערער צערייצט:

— מיר דאַרפֿן האָבן אין זינען אונדזערע אייגענע הייליקײַטן...

— וואָס רעדסטו, טאָליק? וועלכע באַזונדערע הייליקײַטן?

— פֿון אונדזער לאַנד...

— וועגן וואָס פֿאַר אַ לאַנד רעדסטו?

— וועגן ייִדישן.

— טאָליק, דו ווייסט, וואָס דו רעדסט, טאָליק?!

געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס אַזוינס, נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. עפּעס איז געווען אין זײַנע אויגן, פאַר וואָס זי האָט זיך אָפּגענומען דערשראָקן. האָט זי בלויז אַ זאָג געטאָן:

— אָפּאָנעם, אַז בײַ אונדז זײַנען פאַרשיידענע הייליקײַטן.

טאַליק האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. און דאָס איז געווען פאַר איר ערגער פון אַלץ. דערפילט, אַז די אויגן ווערן בײַ איר פײַכט, האָט זי אָפּגעקערט פאַרקערעוועט אין אַ זײַט און זיך אָנגערופן:

— די מאַטעמאַטיק וועל איך גרייטן אַליין.

געווען איז דאָס דאָנערשטיק, און הײַנט איז שאַבעס.

די מאַשין האָט זיך שוין אַרויסגעריסן פון די שטאָטישע גאַסן און גע־יאָגט פאַרבײַ די גרינע פעלדער, איבער וועלכע ס'איז געהאַנגען אַ גרויער, באַגינענדיקער הימל, און אַלץ טיפער און טיפער זיך אַרײַנגעשניטן אין דעם געשלענגלטן וועג צווישן וואַלד און באַרג. דאָס שמאָלע פּאַסיקל פונעם גלאַטן אַספאַלט האָט אַלעמאָל אַ גלאַנץ געטאָן און גלײַך בײַט געסטײַעט. ציפּעלען האָט אַלעמאָל זיך געדוכט, אַז באַלד וועלן זיי זיך אײַנשנײַדן מיט דער מאַשין אינעם געדיכטן וואַלד, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַלע בערג און טאָלן און פאַרשלאָסן אַלע וועגן. נאָר אַלעמאָל, שוין אין לעצטן אויגנבליק, האָט דער וואַלד זיך פאַנאַנדערגערוקט, ווי אַ צעעפנטער פאָרהאַנג, און געשענקט זיי אַ נײַ שטיקל וועג. פון ביידע זײַטן האָט זיי באַגלייט אַ פײַכטע כאַשכעס, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אָפּן וועג און גע־בלאָזן פון זיך מיט ניט קיין זומערדיקער קעלט. אַ שיטערער נעפּל האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער נאָך פאַרשלאָפענער ערד, אַלעמאָל אַרויס־געשפּרונגען אָפן וועג, אײַנגעהילט די מאַשין, ווי אין אַ וואָלקנדל, איבער־געלאָזט אויף איר אַ ביסל פרישן טוי און ווידער זיך באַהאַלטן אין כאַש־כעסדיקן וואַלד.

— איך וויל פונדעסטוועגן וויסן... וועגן יִשׂראל... מיט וואָס ציט ער צו אייניקע מענטשן?..

ציפּעלע האָט דאָס אַרויסגערעדט שטיל, נאָר ווײַל די שטילקײַט אַרום איז געווען נאָך אַ גרעסערע, האָבן אירע ווערטער אַ קלונג געטאָן, ווי אַ וועקזייגער אינמיטן דער נאַכט. מיכל האָט, אַ דערשטוינטער, אַ קערעווע געטאָן דעם קאָפּ אויף צוריק און גלײַך אים אָפּגעקערעוועט. דאָוויד האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער ציפּעלעס קאָפּטיכל און אַרויסגערעדט מיט אַ זיפץ:

— ווען דאָס זאָל זײַן אַזוי פּראָסט...

דאָס, וואָס דער טאַטע שווײַגט, האָט ציפּעלע פאַרשטאַנען. ער פירט די מאַשין און מוז נאָכקוקן נאָכן וועג. נאָר פאַרוואָס שווײַגט דער זיידע? זי ווייסט דען ניט, צוליב וואָס האָט ער זי דעמלט אַוועקגעפירט אויף זײַן געסל? וואָס זשע שווײַגט ער? און דאָס האָט איר אויסגעזען אינגאַנצן ווילד.

אינמיטנדערינען האָט דער זיידע זיך צעזונגען:

דאָס סוקעלע דאָס קליינע, מיט ברעטער געמיינע...

און דער ניגון?.. אזא שטילער, טרויעריקער ניגון, גלײַך א קאַלט אָסיענ־דיק רעגנדל וואָלט געראָנען.

— ווי זאָל איך דיר דאָס געבן צו פאַרשטיין?.. אָט דאָס לידעלע וועגן סוקעלע... אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם, ווערט מיר א ביסל אומעטיק אַפן הארצן. און עפּעס א בענקעניש... נאָך די ווײַטע און שווערע קינדער־יאָרן... אָבער טו בא מיר א פראַגע: וויל איך דען, עס זאָלן זיך אומקערן יענע יאָרן? ערשטנס, איז דאָס אוממעגלעך. און ס'איז זייער גוט, וואָס ס'איז אוממעגלעך. און איך וויל ניט אויך. איך וויל ניט, עס זאָלן זיך אומקערן די אַלטע צײַטן. דאָס איז איין זאַך...

— און וואָס איז א צווייטע זאַך?

ציפּעלע קוקט אַפן זיידן און פאַרשטייט אים עפּעס ניט.

— ניין, ס'איז טאַקע די זעלבע זאַך. אַז א מענטש וואַקסט אויס, הערט ער אויף גלייבן אין מײַסעלעך. עס ווערט אים אפילו א ביסל אומעטיק דערפון, נאָר ער פאַרשטייט, אַז די וועלט איז ניט אזא, ווי אין די מײַסע־לעך. נאָר אַז עמעצער וויל, איך זאָל בלײַבן באַם קינדערשן סייכל, זאָג איך אים ניין. די מענטשהײַט איז שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון איר וויי־געלע, און די ייִדן גלײַך מיט אַלע... וויל איך ניט צוריק אין יענעם סו־קעלע.

האָט ציפּעלע ווידער ניט פאַרשטאַנען.

— אין דעם גייט עס. אייניקע בלײַבן ניכטער, אַנדערע ווערן פאַרשי־קערט, פאַרסאַמט.

— פון וואָס פאַרשיקערט, פון וואָס פאַרסאַמט?

— פון אָט דעם מײַסעלע, פון אָט דער פאַרבלענדעניש. אייניקע ווײַזט זיך אויס, אייניקע רעדן אײַן זיך אַליין, אייניקע רעדן אײַן אַנדערע. מיט איין וואָרט — דאַרטן וועט זיך אומקערן דאָס אַמאָליקע. ערשט אַז מע קומט אַהין, דערזעט מען, אַז מע האָט זיך אָפּגענאַרט. אין דער וועלט קאָן ניט זײַן קיין נעכטן. און דער נעכטן אַליין איז דאָרט גאָר אַן אַנדערער... ער האָט גאָרנישט ניט צו טאָן מיט זײַנע ווירקלעכע נעכטנס. פון דעם קומען צו פילצאָליקע אַנטוישונגען, פאַרצווייפלונגען און פיל ערגערס, כאָטש אייניקע מאַכן דאַרטן ניט קיין שלעכטע געשעפטן. אָבער דאָס האָט גאָרנישט ניט צו טאָן מיט דעם, וואָס פאַרקישעפט דאָ די, וואָס לאָזן זיך אײַנרעדן.

עפּעס האָט ציפּעלע שוין פאַרשטאַנען, עפּעס נאָך ניט, דערפאַר האָט זי ווי אונטערגעיאָגט:

— און וואָס נאָך, זיידע?

פאַרוואָס זשע איז דער זיידע מיטאַמאָל אזוי בייז געוואָרן, רעדט אזוי, גלײַך ער וואָלט זיך געקריגט מיט עמעצן?

— זיי ווילן מאַכן פון מיר אַן אוראַלטן, פאַרצײַטיקן ייִדן מיט אַלע זײַנע ווילדקײַטן, מיטן רעליגיעזן פאַנאַטיזם. און איך וויל ניט! איך וויל זײַן אזא, ווי איך בין געוואָרן בא דער סאָוועטנמאַכט. איך וויל, אַז מיר אַלע זאָלן זײַן מענטשן פון אונדזער צײַט! און די צײַט האָט דאָך אזא געזעץ — זי גייט בלויז פאָרויס!

— אין דען ייִסראָעל, זיידע, בלויז דער אָוועקגעגאַנגענער נעכטן?

— ווער זאָגט דען? ייִסראָעל איז א לאנד, ווי אלע לענדער. פאר די ייִסראָעלים איז דאָס זייער היינט, ווו אף א קליין שטיקעלע פלאץ זיינען קאָנצענטרירט אלע קאָנטראסטן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט און אלע ווילדקייטן פונעם קלעריקאלן פאנאטיזם. און זיי שטייט פאָר, אוי, וואָס זיי שטייט פאָר! פאר אונדז, פאר די סאָוועטישע ייִדן, איז דאָס דער נעכ־טיקער טאָג. מיר האלטן שוין א סאך וויַיטער.

דאָוויד האָט א זיפץ געטאָן, ווי אָפּגעעטעמט, און געזאָגט שוין א בי־סעלע שטילער און רויִקער:

— ס'איז נאָר א פארדראָס, וואָס אייניקע פארשטייען דאָס ניט אָדער ווילן דאָס ניט פארשטיין.

— איך וויל, איך וויל דאָס זייער פארשטיין, — האָט ציפּעלע הייס אונטערגעכאפּט, — מיר ווייסן דאָך אזוי ווייניק וועגן דעם. נאָר ווי מאכט מען, אז טאָליק זאָל דאָס אויך פארשטיין?

— האָסט זיך שוין צעקריגט מיט טאָליקן?

— ווער האָט דיר געזאָגט?

— איך זע דען ניט? איבער וואָס האָט איר זיך צעקריגט?

— איבער אונדזער געסל.

— אזוי גאָר? מיט וואָס געפעלט אים ניט אונדזער געסל?

— יעדערער האָט זיך זיַין הייליקייט!

— אזוי האָט טאָליק געזאָגט?

— ניין, דאָס האָב איך געזאָגט. נאָר טאָליק... ווי זאָל איך דיר זאָגן? איך פארשטיי אים ניט. זאָל זיַין, אז ער איז אזוי פארשיקערט?

דאָוויד האָט זייער געוואָלט אריַינציִען מיכלען אין זייער שמועס, האָט ער אים א פרעג געטאָן:

— ווי מיינסטו, מיכל?

מיכל האָט אף א וויַילע באפריַיט די לינקע האנט און א פיר געטאָן מיט איר איבערן האלדז. ס'הייסט, ער איז שוין אזוי זאט מיט ייִסראָעל, אז עס קריכט אים שוין צוריק. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אפּן שפּיץ פון איינעם א בוים האָט זיך באוויזן א שטיקעלע זון.

— סטאָפּ! — האָט ער א קאָמאנדעווע געגעבן זיך אליין און אָפּגעשטעלט די מאשין.

ס'איז געווען א פּאָר הונדערט מעטער העכער פון דעם אָרט, ווו ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען יענעם זעלטענעם זון־אופגאנג. נאָר אלץ ארום איז געווען דאָס זעלבע: דאָס שיטערע וועלדל, דאָס שמאָלע טיַיכעלע און די גרינע לאָנקע. דאָס טיַיכעלע איז געלעגן א ביסעלע נאָך פארשלאָפן, דאָס שיטערע וועלדל האָט זיך דורכגעלויכטן אף דורך און דורך מיט עפּעס א יאָמטעוודיקער שיַין, און די לאָנקע, וואָס לענגויס דעם טיַיכל, איז גע־לעגן, ווי פארכאלעשט פון טיַינעג, באלעקט זיך מיטן פרישן טוי און פארכלינעט זיך פון דעם שפּעדיקן אויסגוס פון די באגינענדיקע שטראלן.

דערנאָך האָט זיך באוויזן די זון אליין, און אלץ האָט זיך איבערגע־כאזערט ווי שטענדיק. זי איז ארויסגעשפּרונגען א פארפלאמטע, פאר־טשעפּעט זיך פאר א צוויַיג און געבליבן הענגען, אריַינגעפאלן אין טיַיך

און שיר ניט דערטרונקען זיך, אונטערגעצונדן דעם טײַך אזוי, אז ער האָט זיך אליין געמוזט לעשן...

— אזא זון־אופגאנג, — האָט מיכל ארויסגערעדט א פּארגאפּטער, — ווערסטו אף דער גאנצער וועלט ניט זען.

געכאפּט זיך, אז ער טרײַבט א ביסל איבער, האָט ער זיך ווי פּארענטפערט:

— אלנפאלס, פאר מיר איז ער דער איינציקער.

זיי זײַנען געשטאנען א ווײַלע שווײַגנדיק, באקוקט דעם גרינעם ארום, וואָס האָט אָנגעהויבן ווערן וואָס אמאָל העלער. דערנאָך האָט דאָוויד זיך אָנגערופן:

— דער מענטש שטאמט פון שטערן. און דאָס איז דער גרעסטער יִחוס זײַנער. אין די לערנביכער איז דאָס ניטאָ, נאָר איך קאָן דאָס דער־ווײַזן...

— אוי, זיידעניו, ביסט דאָך גאָר א פּאָעט! — האָט ציפּעלע אויסגעע־שריגן, אונטערגעטאנצט, ווי א ציג, און א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — נו, און די מאלפּע?

— די מאלפּע איז געווען דערנאָך. פריִער איז געווען א שטערן. דער־פאר ציט אזוי דעם מענטשן צו זיי.

— און צו דער מאלפּע ציט אים ניט?

דאָס האָט געפרעגט דאפקע מיכל.

— צום באדויערן, טרעפט אמאָל אזוינס אויך, — האָט דאָוויד א זיפץ געטאָן. — נאָר דאָס איז שוין א ריין אטאוויסטישע דערשײַנונג, וואָס האָט צו טאָן מיט די ביִאלאָגישע פּאָרגייער. דאָס איז דער נאָענטער און דער ווײַטער נעכטן. און די שטערן רופן שטענדיק צום מאָרגן.

מיכל איז גרייט געווען שפּארן זיך מיטן טאטן. ווײַל ס'זײַנען פאראן פארשיידענע נעכטנס. גוטע צי שלעכטע, נאָר אומפּארגעסלעכע. ווײַל אָט...

אָט איז די שטוב מיט די בלויע ווענט און בלויען דאך, אָט איז דאָס שמאָלע טירעלע פונעם פּלויט, און אָט איז די מומע אָריסיע... זי איז צו־געפאלן צו מיכלען, אײַנגעניורעט איר קאָפּ אין זײַן צעכראסטעט העמדל און גאָר זיך צעוויינט. גלעט ער אירע צעשויבערטע, שוין שיטערע און גראָוו געוואָרענע האָר און בעט זיך בא איר:

— וואָס זשע דארף מען וויינען?

טוט זי א וויש אויס די טרערן, פארהייבט דעם קאָפּ ארוף, מיכל איז שוין א סאך העכער פון איר, די אויגן שמייכלען שוין, און די שטים איז געמאכט־באַרויגעזלעך.

— מיר האָבן שוין אזוי איבערגעטראכט! דער פרילינג גייט דורך, און דו ביסט ניטאָ. שוין געוואָלט שיקן מיטריקן צו דיר. נאָר וווּסט ניט? ער איז פארנומען טאָג און נאכט בא די טראקטאָרס. איצט האָט ער זיך ארײַנ־גענומען אין קאָפּ ארײַן עפּעס א מעשוגאס מיטן קאָמבײַן.

זי סטארעט זיך מיט אלע קויכעס אײַנהאלטן אין זיך דעם געמאכטן רוי־געז, נאָר די טרערן רינען אָן איר ווילן און מאכן צונישט דעם אָנשטעל.

— וואָס זשע שטייען מיר? קומט אין שטוב ארײַן. באלד וועט מיטריק קומען. ער האָט נאָך הײַנט אין מויל ניט געהאט.

נאָר אריַנגייען אין שטוב איז נאָך צו פרי. מיכל מוז דאָ, אין דרויסן, איבערגעבן די מאטאָנעס.

— אנו, דערלאַנג, — קאָמאַנדעוועט ער ציפּעלען, און ביידע נעמען זיי אָנמעסטן אַף איר דאָס וואָלענע קאָפּטל און דאָס שאַלעכל. מיכל פאַרבינדט אַף איר דאָס שאַלעכל ארום האַלדז און וויל זיך דערשלאָגן עפּעס א קיי־שעף, אַז דורך דעם איַנגעשרומפּענעם פּענעמל זאָל כאָטש אַף א וויַילע א שיַין טאָן יענע יונגע אָריסיע מיט איר גלאַט פּאָנעם און גרויסע, ליכטיקע אויגן. עס מוז דאָך לעבן אונטער דעם אַלעמען יענע אמאָליקע אָריסיע!

— איר באַלעוועט מיך, — קווענקלט זיך די מומע און טוט פונדעסטוועגן א קוק אין פענצטער, אין וועלכן זי זעט זיך, ווי אין א שפּיגל. זי טוט א שמייכל צו זיך אַליין און פאַרלירט ווידער א טרער.

— און וואָס האָסטו מיר געבראַכט? — פרעגט זי בא דאָווידן.

דאָוויד, א ביסל א פאַרשעמטער, וואָס ער האָט גאָרניט מיטגענומען מיט זיך פאַר אָריסיען, טראַכט א וויַילע, קומט צו צו די קווייטן, וועלכע שיַינען קעגן דער זון מיט זייערע בונטע פאַרבן, ריַיסט אויס א גרויסע, רויטע רויז, וואָס האָט ערשט היַינטיקע נאַכט זיך צעצוויטעט, און טשעפּעט זי צו צו אָריסיעס נייַ קאָפּטעלע.

גיי ווייס, אַז גראָד דאָס, א רויז פון אירע אייגענע קלומבעס, וועט זי אַזוי צערודערן. נאָר וואָס זאָל זי טאָן, אַז אַלעמאָל, ווען מיכל קומט, גיט א גיי דורך פאַר איר אַלץ, וואָס איז געשען יענעם פרילינג. און אַלץ אין איר צאַפּלט.

— איך וועל צולויפן נאָך מיטריקן, — טוט זי א זאָג, און אָט אַזוי, אינעם נייַעם שאַלעכל, מיט דער רויטער רויז אפן נייַעם קאָפּטל, לאָזט זי זיך צום טיַיכל, לויפט אפּגיך דורך די שמאָלע „קלאַדקע“, וואָס באַשטייט פון צוויי דינינקע דרענגלעך, וועלכע הוידען זיך אונטער די פיס, און ווערט פאַרשוווּנדן אינעם שיטערן וועלדל. אַלע דריַי ווייסן, פאַרוואָס זי איז פלו־צעם אוועקגעלאָפן, און אַלע דריַי שוויַיגן. זיי קוקן פאַרגאַפטע אַף דער גרינער וועלט, וואָס זעט אויס אַזוי איבעראַשנדיק יונג און נייַ, גליַיך זי איז נאָרוואָס באַשאַפן געוואָרן.

פון יענער זיַיט וועלדל ציט זיך א לאַנגע דאָרפישע גאַס לענגויס דעם ראַשיקן און שטויביקן שליאַך, אַף וועלכן מאַשינעס יאָגן אָן אופהער אהין און צוריק. א גאַס, וואָס לעבט מיט איר אייגן, דאָרפישן לעבן, וואָס איז פול מיט דאָרפישע דיַיגעס און דאָרפישע טרוימען. דאָ, אַף דער זוניקער לאָנקע, איז די שטילקיַיט אַזוי מאַמאָשעסדיק, אַז עס קלינגט אין די אויערן, און עס דוכט זיך דיר, אַז דו ביסט אײנער אַליין צווישן דער אומענדלעכער גרינקיַיט.

— אָ, אָ, אָ! — האָט א שאַל געטאָן איבער דער לאָנקע מיטריקס קאָל, וואָס האָט געדאַרפט געבן צו וויסן, אַז ער גייט.

מיכל האָט זיך געלאָזט אַנטקעגן, און, ווי שטענדיק, האָבן זיי באַשענקט איינער דעם אַנדערן מיט עטלעכע הילכיקע באָכענצעס. מיט דעם האָבן זיי שטענדיק פאַרביטן דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט זאָגן איינער דעם אַנדערן און קיין ווערטער דערצו ניט געפונען. דערנאָך האָבן זיי געשפּאַנט איבערן ווייכן, נאָך פיַיכטן גראָז און געשמייכלט. פּאַשעט אַזוי, געשמייכלט און

שוין. מיכל איז יאָמטעוודיק־צוגעפוצט, דמיטרי איז פאַרברעזענטעוועט פון קאָפּ ביז די פיס, און אַלץ איז באַדעקט מיט טונקל־פּעטע פלעקן און מיט געלן זשאַוועל. בלויז די הענט האָט ער באַוויזן אָפּוואַשן.

— איך האָב זיך סײַווי געקליבן צו אײַך. איר האָט געזען די ברויטן? אַזאַ גערעטעניש! נאָר די רעגנס און די ווינטן וואַלגערן אום די זאַנגען. האָב איך צוגעטראַכט עפּעס, נאָר באַ זיך קאָן איך דאָס ניט מאַכן. וועסט מיר העלפן, מיכל? איר זײַנט דאָך אונדזערע שעפן.

— אַנו, ווײַז אַהער, — מיכל איז שוין גרייט אַוועקזעצן זיך מיט דמי־טרין איבער זײַן צוטראַכטעניש, נאָר אַריסיע וויל אַפילע דערפון ניט הערן.

— צוליב דעם ביסטו געקומען? — בייזערט זי זיך. — באַלד ווערט פאַרטיק דײַן מאַמאַליגע. און איר ווילט דאָך געוויס אַ שפּאַציר טאָן איבערן וואַלד!

פאַרשטייט זיך! זיי מוזן אומבאַדינגט זיך דורכשפּאַצירן איבערן וואַלד צו יענער סטאַדאָלע. נאָר דער וואַלד איז איצט ניט דער, ניט יענער ערעוור־פרילינגדיקער... ער איז זומערדיק־פאַרטונקלט, איבערגעדעקט מיט אַ גראָבן געפלעכט פון צווײַגן אוןביימער, דורך וועלכן עס רײַסט זיך קוים דורך אַן איינציקער שטראַל. קיין שניי־קווייטעלעך זײַנען שוין אויך ניטאָ. זיי האָבן געשפּאַנט איבערן אויסבעטט פון די פאַראיאָריקע בלעטער, אַ ווייכן, אַ פּײַכטלעכן און אַ ביסל אַ צעפּריעטן. זיי זײַנעןביידע געווען פאַרוווּנ־דערט, וואָס יענעם שווערן וועג האָבן זיי איצט דורכגעמאַכט אַזוי גיך. אָט זײַנען זיי שוין פאַרבײַ דעם צווייטן יאַר, זיך אופגעהויבן אַפן באַרג און אַרויס אַף דער פּאָלאָנינע. נאָר ווו איז די סטאָדאָלע? די סטאָדאָלע האָט ניט געסטײַעט, און די פּאָלאָנינע איז אויך ניט געווען צו דערקענען. זײַנען זיי געבליבן שטיין אַ ביסל אַנטוישט און אָנגעהויבן אײַנהערן זיך.

— עס שמעקט, — האָט זיך אָנגערופן מיכל. — דו פילסט, ווי עס שמעקט מיט פרישן היי?

— עס שמעקט, — איז דמיטרי מאַסקים געווען, כאָטש אים האָט אין דער מינוט זיך געמאָלט עפּעס אַנדערש. יענער פאַרנאַכט, ווען די מאַמע האָט זיך אומגעקערט אָן דעם טאַטן.

מיטאַמאָל, ווי אָפּגעטרייסלט זיך פון דעם אַלעמען, האָט מיכל אַרויסגעע־נומען פון דער קעשענע זײַן בלאָקנאָט מיטן בלײַער.

— אַנו, מאָל אָן דײַן ראַציאָנאַליזאַציע. לאָמיך זען, מיט וואָס עס שמעקט...

צוריק זײַנען זיי געפאָרן שוין פאַרנאַכטלעך, פריער האָט אַריסיע זיי אָפּלאָזן ניט געוואָלט. די פאָר שאָ, ווען זי האָט געגרייט דעם מיטיק און געהאַט לעבן זיך דאָווידן מיט ציפּעלען, דערנאָך דעם מיטיק אַליין, ווען זי האָט געהאַט לעבן זיך אַלעמען, זײַנען איר געווען ווייניק אַף אָנרעדן זיך.

וועמען נאָך וועט זי דערציילן וועגן איר אייניקל, וואָס איז פאַבריקן האַרבסט אַוועק אין אַרמיי, וועגן דער שנור, וואָס איז אינמיטנדעריבען

אוועקגעפֿאָרן קיין קיִעוו אויף קורסן, כאָטש זי איז שוין צען יאָר בוכהאַל־טער, און וועגן מיטריקן אַליין, וועמען עס האַלט זיך אין איין כאַלעמען דער קאָמבײַן און ער לויפֿט אוועק צו אים אינמיטן דער נאַכט. זי האָט אויף אַלעמען זיך געקלאָגט, נאָר ס'איז געווען צו זען, אַז די קלאָגעניש איז אַ געמאַכטע. דאָוויד האָט מיט ניט קיין געמאַכטן אינטערעס אויסגעהערט אַלע אירע געשיכטעס, נאָר די גאַנצע צײַט געטראַכט וועגן זײַן מאַלקען. געזען זי פֿאַר זיך אַ לעבעדיקע. יעדעס ווינקעלע דאָ אין שטוב איז געווען פֿול מיט איר.

זיי האָבן זיך פֿאַרהאַלטן ביז פֿאַרנאַכט אויך דערפֿאַר, וואָס ציפּעלע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: זי וויל ניט אוועקפֿאָרן פֿונדאַנען. זי וואָלט דאָ ביכ־לאַל פֿאַרבליבן אויף שטענדיק.

— און וואָס וואָלסטו דאָ געטאָן? — האָט אַ ביסל בייזלעך געפֿרעגט דער טאַטע.

— איך וואָלט געפּאַשעט די גענדז.

אין דער מאַשין האָט ציפּעלע אָנגעוווירן מיטאַמאָל איר אויפֿגעלעבט־קייט, זי איז געזעסן אַ שווײַגנדיקע און אַלעמאָל אײַנגעגניורעט דאָס פּאָנעם אינעם בוקעט, וועלכן די מומע אָריסיע האָט איר מיטגעגעבן. איר איז שרעקלעך געווען צו טראַכטן, אַז מאָנטיק זײַנען ווידער עקזאַמענעס. ווי זשע וועט זי זיך באַגעגענען מיט טאָליקן?

טאָליק האָט געוואַרט אויף איר בײַ זיי אין דער היים.

— וואָס פֿאַר אַ שפּאַציר אינמיטנדערינען? מאָנטיק אַזעלכע עקזאַמע־נעס, און דו...

שטייט זי, אַ דערשראָקענע און אַ דערפֿרייטע, און ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט זיך. דאָס האַרץ האָט זיך צעפּלאַטערט, די אויגן האָבן זיך צע־בלישטשעט, כאָטש זי האָט זיך שטרענג אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך ניט אַרויס־געבן. שטייט זי און קוקט אויף אים, גלײַך זי ווייסט ניט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טאָליק און פֿונוואַנען ער האָט זיך גענומען.

— זע, טאָליק! — רעדט זי אַרויס צו זיך אַליין.

און טאָליק, גלײַך ער האָט אַפּאַנעמעסן שוין באַקומען דאָס רעכט זאָגן איר מוסער:

— איך האָב דיך געהאַלטן פֿאַר אַן ערנסטן מענטשן, און דו... האָסט גאָר פֿאַרגעסן אין דער מאַטעמאַטיק? מיר האָבן זיך דאָך צונויפֿגע־רעדט!

און שוין ניט אַזוי טאָליק, ווי די מאַמע אַליין. ער זיצט שוין דאָ גע־וויס אַ גוטע פּאָר שאָ, זיי האָבן באַוויזן אָנרעדן זיך, און ווי ס'זעט אויס, איז ער געפֿעלן דער מאַמען.

— וואָדען, ער איז עפּשער ניט גערעכט? — רופֿט זיך אָן שיינדל.

און ציפּעלע... וואָס מאַטעמאַטיק, וועד עקזאַמענעס, וואָס צונויפֿגערעדט, וועד צונויפֿגערעדט! ניט נאָר דאָס האַרץ און די אויגן, דאָס גאַנצע פּאָנעם פֿלאַמט. שטייט זי אַ צאַפּלדיקע, קוקט אויף אים, גלײַך זי קאָן נאָך אַלץ ניט גלייבן, אַז דאָס איז טאָקע ער.

— זע, טאָליק!..

## 12

שיינדל האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף.

די מעכוטענעסטע בליומע האָט אויך געזאָגט דאָס זעלבע.

מיכל האָט געשוויגן.

ער האָט געקוקט אַפּן טאַטן און געוואַרט, וואָס יענער וועט זאָגן. פאַר די צוויי יאָר, זינט די מאַמע איז געשטאָרבן, איז בא זיי אין שטוב קיין סימכעס ניט געווען. דאָוויד האָט אויך געשוויגן. נאָר בליומע האָט אַף אַלץ געהאַט אַ טערעץ. ערשטנס, איז דאָס ניט קיין סימכע. ס'איז ניט קיין כאַסענע, ניט קיין בריס און ניט אַפילע קיין פאַשעטער לעקעך־און־בראַנפן. צווייטנס, פאַרוואָס טאַקע ניט? אויב ציפּעלע האָט אַזוי גוט אָפּגעגעבן אַלע עקזאַמענעס, זאָל זײַן אַפילע אָן אַ מעדאַל, איז פאַרוואָס זאָל זיך ניט צו־נויפנעמען די גאַנצע מישפּאָכע בא איין טיש? זי האָט געהאַט נאָך אַ דריטנס, נאָר דאָס האָט זי געהאַלטן אַף אַן אַנדערשמאָל.

דאָוויד האָט לאַנג געטראַכט. אים איז שווער געווען פאַרשטעלן זיך, ווי קאָן מען עס פּראַווען אַ סימכע אָן מאַלקען? נאָר אויב בא מענטשן איז אַ סימכע, ווי מעג ער זי פאַרשטערן? און ווײַל טאַקע ציפּעלע... האָט ער שוין אויך געזאָגט — מע דאַרף.

מערער האָט די מעכוטענעסטע ניט געדאַרפט. דאָס איבעריקע נעמט זי אַף זיך. זי קלײַבט זיך אַריבער אַף די צוויי אָפּרוי־טעג צו שיינדלען. זי האָט שוין עטלעכע מאָל איבערגערעכנט אין קאָפּ אַלע געסט, אויסגעפּלאַ־נירט. פריִער האָט מען געקלערט פּראַווען די סימכע שאַבעס, נאָר די מומע אָריסיע מיט דמיטרין וועלן שאַבעס ניט קאָנען קומען. און וואָס איז דאָס פאַר אַ סימכע אָן זיי?

די מומע אָריסיע איז געקומען מיט צוויי פולע קוישן. די גרינע אוי־גערקעס, די רויטע פּאָמידאָרן און די ציבעלעס מיט די רעטעכלעך האָבן נאָך געגלאַנצט מיט באַגינענדיקן טוי, ווײַל זי האָט זיי נאָרוואָס, מיט אַ פּאָר שאָ צוריק אָנגעריסן. אירע אויגן האָבן אויך געגלאַנצט. ווען זי איז אַריבערגעטראָטן די שוועל און דערזען אין קיך דאָס גרינס פונעם מאַרק, איז זי געוואָרן באַרויגעז:

— אַזאַ אויסבערענגערײַ! און וואָס פאַר אַ טאַם האָבן די אוגערקעס מיט די פּאָמידאָרן פונעם מאַרק?

זי נעמט אַרויס פון די קוישן אַלץ, וואָס זי האָט געבראַכט, לייגט דאָס אויס אַזוי, אַז בליומע זאָל זען און פילן, ווי עס שמעקט אַלץ מיט אַלע רייכעס פון די בערג, און די סטרולקעס פון די גרינע ציבעלעס טרישטשען אין די הענט, ווי עפּעס לעבעדיקס. דערנאָך נעמט זי אַרויס אַ קעסעלע נאָך וואַרעמע מאַמאַליגע, מיכאַסעס באַליבט מײַכל. דערנאָך ערשט ציט זי אַרויס איר פאַרטעכל, טוט עס אָן און רופט זיך אָן צו בליומען און צו שיינדלען:

— אַנו, ווײַזט, וואָס מע דאַרף טאָן.

פאַר איין שיינדלען איז דאָס קיכל געווען, ווי אָנגעמאָסטן, יעדער זאַך האָט געהאַט איר אָרט. דאָס בלויע שאַפּקעלע מיט די ווײַסע פּאָליטשקע־לעך, גרינע שופלעדעלעך און גליטשיקע הענטלעך ווייסט זי אַף אויסווייי־ניק. זי קאָן מיט פאַרמאַכטע אויגן אַרויסבאַקומען אַ גאָפּל צי אַ לעפל,

טרעפן צו דער זאַלץ אָדער צום פעפער. פאַר פיר פרויען איז דאָס קיכל געווען אַ ביסל ענגלעך.

וועגן נאָך איין סאַרווערן, וואָס וואָלט הײַנט אוואדע אויך געדאַרפט שטיין אין קיך, האָבן אַלע דאָ געטראַכט. נאָר סײַווי האָט זי פאַרנומען אַ גרויס שטיק פּלאַץ אינעם קליינעם קיכל און געמאַכט דאָס נאָך ענגער... מאַלקע! און ניט נאָר אין קיך...

פון די צוויי צימערן איז געוואָרן איינער, ווײַל אין דער צעפּראַלטער טיר האָט זיך אַרײַנגערוקט אַ לאַנגער טיש, אַ צונויפגעשטוקעוועטער פון צוויי טישן. ס'האָט אוואדע געדאַרפט ווערן געראַמער, נאָר ס'איז ווידער ענג. ווײַל — מאַלקע! דאָוויד שפּאַנט אַרום איבער דעם ברייטן, צונויפגעפאָרטן צימער, דרייט זיך אַרום דעם לאַנגן, צונויפגעשטוקעוועטן טיש, מע דאַרף דאָ העלפן דער מעכוטענעסטע און אָריסיען אַריבערטראָגן אַלץ פון דער קיך אַהער און מע דאַרף דערצו וויסן, וויאַזוי די מעכוטענעסטע האָט אויסגעפּלאַנירט באַזעצן די געסט. און וווהין ער זאָל ניט גיין, ווו ער זאָל ניט שטיין, — מאַלקע!

סײַווי האָט ער זיך געמוזט נעמען פאַר אַן איניען, מיט וועלכן ער האָט אַ לאַנגע צײַט ניט געהאַט צו טאָן. באַלד וועלן די געסט אָנהייבן צונויפקומען זיך, און מע דאַרף באַצײַטנס אָנטאָן דעם גרויען, יאָמטעווודיקן אָנצוג, אַ ווײַס העמדל און צוטשעפּען דעם האַלדזטוך. ער געדענקט שוין ניט, ווען ער האָט זיך אַמאָל אַזוי פאַרפּוצט. איז ער לאַנג געשטאַנען לעבן שפּיגל און אַליין זיך ניט דערקענט. דאָס העמדל איז געווען אויף אים צו גרויס, און דער קאָלנער האָט ניט אופגעהערט דרייען זיך אַרום דעם ביינערדיקן האַלדז.

דער אוילעם איז געווען אַן אָרגאַניזירטער, ראַבאָטשי קלאַס, ווי שוליע זאָגט. און אויב מע איז אײַנגעלאַדן אויף פיר אַזייגער, איז ניטאָ וואָס צו פּראָווען קיין אינטעליגענטישע שטיק, קומען אויף אַ שאָ שפּעטער און מאַכן אַ מינע, אַז דאָס אַלץ, וואָס עס שטייט אויפן טיש, גייט דיר ניט אָן. פאַרקערט, מע דאַרף קומען אויף עטלעכע מינוט פריִער, פּונקט ווי מע איז געווינט צו קומען אויף דער אַרבעט, רויִק באַטראַכטן דעם אַרבעט־פּלאַץ, אַ קוק טאָן, וואָס דו האָסט צו טאָן, זאָלסט דערנאָך ניט מישן קאַשע מיט באָרשטש און מילכיקס מיט פליישיקס.

שוליע איז אַרײַנגעקומען גאַנץ ראַשיק, שוין טאַקע גאָר אַ ביסל צו פרי, אַ טאַפּ געטאָן מיט דער האַנט די נידעריקע סטעליע, אַפילע אַ בייג געטאָן דעם קאָפּ, ווי פאַר שרעק, אָפּגעשטעקט אַלעמען זײַן סימכעדיק שמייכעלע און אַרײַנגעשריגן אין קיך אַרײַן:

— ווײַבער, אויב איר ווילט, איך זאָל הײַנט ניט שטאַרבן פון הונגער!..

ערשט דערנאָך געכאַפּט זיך, אַז בײַ אים איז געבליבן ליגן דער סאַמע גרעסטער מאַזלטאָוו און דאָס סאַמע פעטסטע שמייכעלע מיט אַ קוש איניינעם.

— זע נאָר, און ווו איז די אימעניניצע?

ניקיטאַ איז אַרײַנגעקומען גלײַך נאָך אים, אַ ביסל אַ פאַרסאָפּעטער, ווי ער וואָלט טאַקע מוירע געהאַט פאַרשפּעטיקן. דערזען שוליען, איז ער געוואָרן מאָלע־גדולע, פּונקט ער האָט זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך אים. ער

איז מײַסע־באַלעבאָס ארומגעגאנגען דעם לאנגן טיש, אף איין אָרט א שמעק געטאָן, אף א צווייטן א סמאָצקע געטאָן מיט די ליפּן, אפן דריטן פּאָשעט פארזשמורעט די אויגן פאר טײַנעג און ערשט נאָך אלעמען א זאָג געטאָן אין קיך ארײַן:

— בליומא, און יענץ וועט אויך זײַן?

— עס וועט זײַן, — האָט אים בליומע בארוּיקט. — אלץ וועט זײַן!

קיריל פּעטראָוויטש האָט א ביסל פארשפּעטיקט.

— ס'איז איבער מײַן מאַרינען, — האָט ער זיך פארענטפערט. — איך האָב איר געזאָגט: ווארט צו א ביסעלע, וועלן מיר גיין אינײינעם, זאָגט זי — די פּיש. נו, און איך...

מערער פון אלעמען האָט זיך פארהאלטן ציפּעלע אליין. זי האָט גע־וואָלט, אז אפן מיטיק זאָל זײַן איר באליבטע לערערקע וואלענטינא יערמאָ־לײַעווגא. און, פארשטייט זיך, טאָליק. וועגן טאָליקן איז געווען פעסט אָפּגערעדט מיט דער מאמען און מיטן זיידן. דער מאמען איז טאָליק ביי־כלאל ארײַן אין הארצן ארײַן, און זי איז שוין גרייט געווען פראווען א קנאַסמאָל. דער זיידע האָט זיך געהאט זײַנע כעזשבוינעס. נאָר מיט טאָליקן אליין איז ציפּעלע ניט געווען זיכער, עפּעס האָט ער זיך געקווענקלט. איז זי ארומגעלאָפן, ביז זי האָט זיי צונויפגענומען אלע אינײינעם: די לערער־קע, טאָליקן און אירעביידע כאווערטעס סוועטען מיט גאַלינען.

קיריל פּעטראָוויטש האָט געדארפט אָפּטאָן א שטיקל ארבעט, ביז מע וועט זיך זעצן צום טיש. ער האָט געמוזט א שמועס טאָן מיט דאָווידן וועגן זייער א וויכטיקן איניען. ער האָט דאפקע געקלערט, אז דאָס זאָל אָפּטאָן מיכל אליין, נאָר יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— דו ווייסט שוין, מיסטאמע, ווי ס'האלט מיט אונדזער אווטאָמאט און וואָס דער פּארטיי־קאָמיטעט האָט באשטימט...

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט דאָוויד אָפּגעענטפערט, — איך האָב דאָרטן מײַנעם א מענטשן, און ער דערציילט מיר אלץ.

— נו, מיילע, מיסטאמע ניט אלץ, — האָט פּעטראָוויטש געפּרוווט אים צערייצן א ביסל.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך. ס'וואָלט ניט געשאט, איר זאָלט מיך אויך געווען אײַנלאַדן אף דער זיצונג. פונדעסטוועגן, האָב איך אויך א שטיקל כיילעק אינעם אווטאָמאט.

קיריל פּעטראָוויטש האָט זיך ניט געריכט אף אזא פאָרוווּרף.

— פארקערט, פארקערט... וועגן דעם טאקע וויל איך מיט דיר א שמועס טאָן.

יאָ, טאקע וועגן דעם האָט ער זיך געקליבן א שמועס טאָן. נאָר, א קוק געטאָן אף דאָווידן, וואָס האָט אויסגעזען אפּאנעמעסן באליידיקט, האָט ער א טראכט געטאָן: „טאקע נאָר דו האָסט מיר געפעלט אף דער זיצונג. זאָלסט זיצן און צוקוקן, ווי עס פלאמט מיר דאָס פּאָנעם".

די זיצונג איז טאקע געווען אן אומגעוויינלעכע, פון יענע זיצונגען, וואָס מע רופט אָן פארברייטערטע.

ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט, זײַנען אױף איר אײַנגעלאַדן געוואָרן אַלע שעפֿן פֿון די צעכן, אַלע אָנפֿירער פֿון די אָפּטיילן און די סעקרעטאַרן פֿון די צעכאָווע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די פֿראַגע איז אויך געווען ניט קיין געוויינלעכע. לאָזט זיך אויס, אַז דער הענטשקעס־אויטאָמאַט, וואָס איז געווען עקספּאָנירט אויף דער אַלפֿאַרבאַנדישער אויסשטעלונג, האָט שטאַרק אויסגענומען בײַ אַלע הענטשקעמאַכער, סײַ בײַ אונדזערע, סײַ בײַ אויס־לענדישע, און ס׳איז געווען ניט ווייניק באַלאַנגס קריגן אַזעלכע אויטאָ־מאַטן. אַזוי האָט דערציילט פּיאָדאָר קאַלוגין פֿון דער הענטשקעס־פֿאַבריק. ס׳האָט געקאָנט זײַן אַ שטיקעלע באַרימערײַ אויך. נאָר אין אַ וואָך אַרום, נאָך דעם, ווי פּיאָדאָר האָט זיך אומגעקערט פֿון דער אויסשטעלונג, האָט דער זאַוואָד באַקומען אַ באַשטעלונג: ביז סוף יאָר אַרויסלאָזן זעקס הונ־דערט אויטאָמאַטן.

זעקס הונדערט!

קיריל פּעטראָוויטש האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, מיט וואָס דאָס שמעקט, — מע וועט דאַרפֿן דרינגענד אפֿן זאַוואָד אַלץ איבערבויען, דער אינ־סטרומענטאַלער צעך וועט דאַרפֿן ווערן גאָר אַן אַנדערער, ער איז דאָך די נעשאָמע פֿונעם זאַוואָד און ער דאַרף ווערן די נעשאָמע פֿונעם נײַעם טעכנאָלאָגישן פּראָצעס. און דאָס וויכטיקסטע איז שאַפֿן אַ נײַעם ריטם אין דער אַרבעט פֿון אַלע צעכן און אָפּטיילן: אַ פֿאַרגיכערטן, אַן אָנגעשטרענגטן, מיט געהעכערטער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט. ער פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז אַ סך זאַכן וועלן געטאָן ווערן בעכיפּאָזנדיק. סײַ דאָס מאַכן די אויטאָמאַטן, סײַ דאָס אײַנשטעלן זיי אויף די הענטשקעס־פֿאַבריקן, דאָס אויסרעגולירן זיי און דעריקער — אויסלערנען די הונדערטער מיידלעך באַדינען די דאָ־זיקע אויטאָמאַטן אַזוי, אַז די אַרבעט־פּראָדוקטיוויקײַט, דער אויסגערעכנטער עקאָנאָמישער עפֿעקט און די קוואַליטעט זאָל זײַן אַזאַ, ווי ס׳איז פֿאַר־שריבן אינעם פּאַספּאָרט פֿונעם אויטאָמאַט. נאָר איין זאַך איז אויסרעכענען אַלץ טעאָרעטיש, און אַ צווייטע זאַך איז — פֿאַרווירקלעכן דאָס אין דער פּראַקטיק, אין דער אַרבעט פֿון הונדערטער אויטאָמאַטן.

קיריל פּעטראָוויטש איז געווען בייז אויף זיך דערפֿאַר, וואָס ער האָט ניט פֿאָרויסגעזען אַזאַ וואַריאַנט, און נאָך מערער בייז אויף זײַן הויפּט־אינזשעניר, וואָס יענער האָט אַזוי גרינג אים נאָכגעגעבן. ווען אָט דער מיכל איז אַ ביסל מערער גערעאָטן אין טאַטן און הייבט גלײַך אָן אַן עמעסן געשלעג, וואָלטן זיי זיך, עמעס, אַ ביסל צעפּאַטשט, נאָר זיי וואָלטן שוין איצט געהאַלטן אַ סך ווײַטער. וואָס זשע וועט ער איצטער זאָגן? וואָס וועט ער איצט עפּעס צוטראַכטן? צי עפּשער האָט איבער סערגיי איוואַנאָ־וויטשן בײַ מיכלען זיך אַראָפּגעלאָזט די הענט? און דאָס הייסט אַ קאָמוניסט, אַן אָנפֿירער פֿון אַ זאַוואָד? אַ טיפּעש צי אַ מענוווּל האָט אַ בורטשע געטאָן, און ער איז שוין גרייט... אויב זיך צוהערן צו אַלע אַזעלכע בורטשענישן! אוי, נאָך גאָר אַ גרינגער אָט דער מיכל!

קיריל פּעטראָוויטש האָט גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס אים שטייט פֿאָר. ער האָט פֿאַשעט ניט געוווּסט, פֿאַר וואָס פֿריִער זיך נעמען.

דער קאַבינעט פֿונעם סעקרעטאַר פֿונעם פּאַרטקאָם איז געווען אַ ביסל קלענער פֿונעם דירעקטאָרישן. די לענג עפּשער די זעלבע, נאָר אַ סך

שמעלער. קיריל פּעטראָוויטש האָט דאפקע פאַרגעלייגט דורכפירן די זיצונג בא אים אין קאַבינעט, נאָר וויקטאָר זאַכאַראָוויטש, דאַפקע אָט דער יונגער סעקרעטאַר, אָט דער דאַרלעכער יונגערמאַן מיטן גאַנג פון אַ ספּאָרטסמען, האָט געזאָגט, אַז אַזוי טויג ניט. די זיצונג איז זייער אַן ערנסטע, אַן אַנטשיידנדיקע, און ס׳איז זייער וויכטיק, אַז אַלע איינגעלאַדענע זאָלן פילן, אַז דאָס איז ניט קיין געוויינלעכע אָפּעראַטיווקע.

דער גאַנצער אוילעם, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן, סײַ די מיטגלי־דער פון קאָמיטעט, סײַ די שעפן פון די צעכן און אָנפירער פון די אָפּטיילן זײַנען געווען אין טאָך געכומען יונגע לײַט — אַזעלכע, וואָס האָבן שוין באַוויזן אַריבערשפּרינגען די דרײַסיק, און אויך אַזעלכע, וואָס האַלטן ערשט אין דער סאַמע מיט פון דריטן צענדליק, אַזעלכע, בא וועמען ס׳האָבן זיך שוין באַוויזן די ערשטע גראָוע האָר אין די שלייפן, און אויך אַזעלכע, בא וועמען די געדיכטע שעוועליורעס האָבן ערשט אָנגעהויבן פאַנאַנדער־בלײַען.

דער פּאַרטראָג האָט זיך באַקומען אַזאַ, ווי מע דאַרף. ער האָט ניט גע־שווינט אין אים קיינעם, מערער פון אַלעמען זיך אַליין, אַזוי, אַז ס׳זאָל אַלעמען אַ נעם טאָן פאַר דער לעבער און זיי זאָלן דערפילן, אין וואָס דאָ גייט. און זאָלן זיי אים אויך אַרײַנזאָגן. דאָס, וואָס דער זאַוואָד האָט דורכ־געלאָזט קימאַט צוויי כאַדאָשים און די באַשטעלונג האָט אים געטראָפן ניט צוגעגרייט, איז אין דער ערשטער ריי זײַן שולד אַלס דירעקטאָר.

אַלץ איז געגאַנגען אַזוי, ווי ער האָט געוואָלט. אַלע זײַנען געווען אין דער נייטיקער מאָס אופגערודערט, זיך גאַנץ קלאָר פאַרגעשטעלט, וואָס זיי שטייט פאָר. אין קאַבינעט איז געוואָרן וואָס אַמאָל הייסער און דושנער. קיריל פּעטראָוויטש געדענקט שוין ניט אַזאַ הייסע זיצונג. נאָר וועגן אים אַליין, וועגן דעם, אַז דער דירעקטאָר איז שולדיק, האָט קיינער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. דאָס האָט אים געערגערט מערער פון אַלץ, און דער־פאַר האָט די גאַנצע צײַט אַזוי געפלאַמט בא אים דאָס פּאָנעם. פאַרשווײַגן, פאַרבייגן, אַרומגיין אין אַ זײַט דאָס, וואָס האָט געדאַרפט געזאָגט ווערן און וואָס יעדערער האָט געוויס געטראַכט, האָט ער אויסגעטײַטשט פאַר זיך אָפּן סאַמע ערגסטן אויפן: מיר ווייסן, הייסט עס, גאַנץ גוט, פאַרוואָס ס׳האָט זיך אַזוי באַקומען, נאָר מע דאַרף וועגן דעם ניט רעדן, מע דאַרף אים שאַנעווען.

ערשט צום סאָף, ווען קיריל פּעטראָוויטשן האָט זיך געדוכט, אַז אויב די זיצונג וועט זיך ציִען נאָך אַ האַלבע שאָ, וועט ער ניט אויסהאַלטן, האָט גענומען אַ וואָרט דער סעקרעטאַר פון פאַרטקאָם. דאָס, וואָס ער האָט גע־זאָגט, און דאָס, וואָס איז מיט קורצע רעפּליקעס אַרויסגעשאָסן געוואָרן נאָך זײַן אַרויסטרעטונג, האָט אַ ביסל באַרויִקט און אַ ביסל אונטערגעמונטערט דעם דירעקטאָר. ס׳איז אַפילע גרינגער געוואָרן צו עטעמען. דאָס, וואָס ס׳האָט געזאָגט דער סעקרעטאַר פון פאַרטקאָם, אָט דער דאַרלעכער וויק־טאָר זאַכאַראָוויטש, וועלכער איז געבוירן געוואָרן ווינטער צוויי־און־פער־ציקסטן אין אַ דאָרף הינטער וואָראָניעזש, אין יענע מעקוימעס און אין יענער צײַט, ווען ער, דער קאָמאַנדיר פון סאַפּיאָרן־וּזווואָד, האָט אַרומגע־פויזעט איבער די פאַרשנייטע, פאַרזאַווערוכעטע מינען־פעלדער, האָט ניט

געקאָנט ניט ארויסרופן יענע צופרידענע שטוינונג און ניט שטילן א ביסל דעם צערודערטן געמיט.

— איך האָב א פאָרשלאָג, — האָט אָנגעהויבן דער סעקרעטאר פון פּארטקאָם. — זיך ווענדן צו די ארבעטער מיט אַן אופרוף.

— ווי ערעוו א שלאכט? — האָט עמעצער א פרעג געטאָן האלב־ערנסט, האלב־איראָניש.

וויקטאָר זאכאראָוויטש האָט געענטפערט גאנץ שטרענג:

— יאָ, ווי ערעוו א שלאכט.

— און וועגן וואָס שרײַבן אינעם אופרוף?

— דעם גאנצן עמעס.

— ארויסרופן דאָס פײַער אף זיך?

— יאָ, אָט דאָס מיין איך טאקע.

דאָס ערשטע מאָל האָט קיריל פּעטראָוויטש געזען דעם יונגן סעקרע־טאר פון פּארטקאָם אזא פײַערלעך־ערנסטן, אזא אָנגעשטרענגטן. און ער, קיריל פּעטראָוויטש, האָט געמיינט, נאָר א פוטבאָל־מאטש קאָן ברענגען וויקטאָרן אין אזא צושטאנד.

— יאָ, אָט דאָס מיין איך טאקע. ארויסרופן דאָס פײַער אף זיך. לאָמיר זאָגן אָפן, ווו מיר האלטן, וואָס אונדז שטייט פאָר, און זאָל יעדער ארבע־טער א טראכט טאָן, אן אייצע געבן, וויאזוי אופהייבן אָט דעם בארג. אָן דעם, אָן אן אלגעמיינער הויכער מאָבילמזירטקייט, אָן א העכסטער טעכנאָ־לאָגישער דיסציפּלין, אָן אן אידעאלער ריטמישקייט אין דער ארבעט פון אלע צעכן און באצירקן, ניט שטורמאָוושטשינע, נאָר ריטמישקייט, וועלן מיר גאָרנישט ניט קאָנען אופטאָן.

אָ, אזא געפעלט ער אים, דער יונגער סעקרעטאר פון פּארטקאָם! און דעריקער מיט דעם, וואָס ער, כאָטש אויך א ביסל פון דער זײַט, האָט אים דאָך ארײַנגעזאָגט. פאראן אין אים עפּעס אזוינס... עפּעס פון דאוויד מיכײַ־לאָוויטשן. מעג ער אפילע נאָך דער זיצונג, ווי אלע יונגעלײַט, אוועק אויס־טרינקען א קופל ביר. דערפאר טאקע האָט קיריל פּעטראָוויטש, גאָר ניט לויט זײַן טעווע, וווילינגעריש אויסגעשריגן:

— איך בין מיט ביידע הענט פאר. דאָס פײַער אף זיך!

געוויס וועט ער אמאָל דערציילן דאָווידן וועגן אָט דער זיצונג, וועגן אלץ, וואָס ער האָט איבערגעטראכט, איבערגעפלאטערט. נאָר אז דאָוויד זאָל אים זען אף אזא זיצונג, האָט ער ניט געוואָלט.

— פארקערט, פארקערט, — האָט קיריל פּעטראָוויטש ווי פארענט־פערט זיך. — וועגן דעם טאקע וויל איך מיט דיר א שמועס טאָן. וועגן דער זיצונג, וועגן אווטאָמאט, און ביכלאל... דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס פאר א בארג מיר דארפן אופהייבן?

— נו?

— איז עפּשער וועסטו אויך אונטערשטעלן א פּלייצע?

— לעמאָשל?

— קלײַב דיר אױס, װעלכע ארבעט דו װילסט. װאָס דיר איז מער צום הארצן. כאָטש אַף א פּאָר כאדאָשים. באַ אונדז איז איצט יעדער מענטש מיט גאָלד גלײַך.

דאָס ערשטע מאָל פאר הײַנטיקן טאָג האָט דאָװיד א שמײכל געטאָן:

— גוט, כ׳װעל א טראכט טאָן. איך װעל שױן צוטראכטן פאר זיך א װארעם ערטעלע.

— אָט דאָס פארשטײ איך! באַ מיר האָט אפילע דער אפּעטיט זיך צע־ברענט.

און א רײַב געטאָן די הענט, װי גאָר אמאָל, אין זײערע װײַטע סאָלדאַ־טישע יאָרן נאָך א גוט שטיקל סאפּיאָרישער ארבעט.

— ס׳װילט זיך שױן טאקע נעמען א קױסע.

צו יענער מינוט, װען מע האָט פארנומען די ערטער ארום לאנגן טיש, איז געקומען דער, אַף װעמען ציפּעלע האָט אזױ ארױסגעקוקט, — שטעפּאַן מאָלדאװאַן מיט זײַן לוקעריען.

זײַנע אמאָליקע געדיכטע און שװארצע באקנבארדן זײַנען שױן ניט געדיכט און ניט שװארץ. לאָזט זיך אױס, אז ער איז דאָ אלעמען באקאנט, און ציפּעלע פארשטײט ניט, פארװאָס זי האָט ביז האָט ניט לאנג אפילע ניט געהערט װעגן אים. ער האָט איר אױסגעזען גאנץ געװײנלעך, װי אלע מענטשן פון זײַן עלטער, פון זײַן גראַד, פּונקט װי איר זײדע, װאָס אלע מײנען, אז ער איז א געװײנלעכער זײדע. און דאָס, װאָס שטעפּאַן איז איצט דירעקטאָר פון דער מעבל־פאבריק און אלע רופן אים סטעפּאַן איװאַ־נאָװיטש, איז דאָך אױך א גאנץ געװײנלעכע זאך. האָט זי אלץ געקוקט אַף אים, געװאָלט געפינען סימאָנים פון יענעם שוסטער, װאָס איז באטאָג געזעסן לעבן דער שװעל פון זײַן שטוב און געלאטעט שקראבעס און באַ־נאכט געדרוקט פלוגבלעטלעך באַ זיך אין קעלער.

לוקעריע זעט דאפקע אױס פינקטלעך, װי דער זײדע האָט זי אױס־געמאָלט. זי סטארעט זיך מיט אלע קױכעס װײַזן, אז זי איז יינגער פון איר מאַן. זאָל זײַן, אז דאָס פּאָנעם איז א ביסל צו פּולבלעך, נאָר ס׳איז גלאט און ברױן װי געװען. די קוטשערלעך האלטן זיך אױך װי אמאָל, אָפּגעשײדט אײנס פונעם אנדערן, יעדעס קוטשערל באזונדער, יעדעס קו־טשערל מיט זײַנע דרײדעלעך, װי גלעקעלעך. ערשט איצט נעמט זי נע־קאָמע פון איר מאַן פאר אלע זײַנע „טענדע־װערענדעס״, װאָס זײַנען איר געלעגן אין די בײנער. עס טוט איר, אפּאָנעם, האנאָע דאָס אָפּשפּעטן פון איר מאַן, אפילע פאר אזא אױלעם.

— טוט נאָר א קוק אַף אים, באַ א דירעקטאָר פון א פאבריק זאָל דער שניפּס זיך אזױ טעלעבענדען.

— נישקאָשע, — האָט ער געשמײכלט האלב צו איר און האלב צום אײַ־בעריקן אױלעם, — פאר אזעלכע „טענדע־װערענדעס״ נעמט מען ניט אראָפּ פון דער ארבעט. א דירעקטאָר האָט שטענדיק ערגערע אװײרעס.

װען אלע האָבן אױסגעטרונקען דעם ערשטן קאָס, איז באַ ניקיטען דאָס געװען שױן דער צװײטער צי עפּשער שױן דער דריטער.

— קיבערנעטיקאַ! — האָט ניקיטאַ א קנאק געטאָן מיט די פינגער, װײַזנדיק אַפן טיש, װאָס איז געװען פול מיט געשמאקע זאכן.

דאָס, וואָס ניקיטא האָט ארויסגעכאפּט בא שוליען זײַן ווערטל, האָט זיך געלייגט אפן סייכל. וואָס נאָך פאר א וואָרט האָט מען געקאָנט צוטראכטן אף אָפּשאצן אלץ, וואָס קוקט ארויס פון אלע ווינקעלעך און בעט זיך מאמעשע, מע זאָל דאָס נעמען אין מויל ארײַן. נאָר, ווידער גענומען א קויסע, האָט ער אָנגעהויבן צו שיטן מיט שוליעס טעזיסן און געצווונגען יענעם דערווידערן אים מיט זײַנע, ניקיטעס, ווערטער. אלץ האָט זיך געדרייט ארום זייערע לאנגאָניקע שפּארעניש, אז די מאשין איז געגליכן צו א מענטשן, אָדער פארקערט, דער מענטש איז געגליכן צו א מאשין, און אז ווי די מאשין זאָל ניט זײַן קלוג, וועט זי דעם מענטשן ניט איבערשפּיצן.

דאָוויד איז געווען ווײַט פון דעם אלעמען, ווײַט פון דער סודע, פון דער שפּארעניש צווישן שוליען און ניקיטען און אפילע פון דעם, וואָס ער האָט אָקאָרשט גערעדט מיט קיריל פּעטראָוויטשן. קעגן אים איז געזעסן שטעפאן מאָלדאוואן מיט זײַן „טענדע־ווערענדע״, און כאָטש די באקנבארדן זײַנען געווען ניט די, דאָס פּאָנעם שוין אויך ניט פון דעם קאָליר, נאָר ער, דאָוויד, האָט געזען פאר זיך גראָד דעם אמאָליקן שטעפאן, די אמאָליקע לוקעריע און דאָס גאנצע אמאָליקע... יענע אומרו׳זיקע נעכט אין דעם שוואך־באלויכטענעם געסל, יענע ניט ווייניקער אומרו׳זיקע, עפּעס דורכויס הארבסטיקע טעג מיט זייערע שנייען, רעגן און בלאָטעס. און ווידער... יענעם הארבסטיקן טאָג אונטער דער בריק, און ווידער... אוי, מאלקע, מאלקע!.. ער האָט ניט באמערקט, ווי דער שמועס ארום טיש, דער א ביסל צו ראשיקער, סימכעסדיקער שמועס, האָט ווי פארטשעפּעט זיך בא עפּעס און אוועק א ביסל אין א זײַט. מיסטאמע האָט די מעכוטענעסטע בליומע אליין אים פארדרייט, מיסטאמע האָט זי אײַניינעם מיט אירע פּריישע קנישעקלעך פון לעבער דערלאנגט צום טיש עפּעס פון אירע לעצטע נײַעס, און דאפקע די אוקראַ׳נישע לערערקע וואלענטינא יערמאָלײַעוונא האָט א פרעג געטאָן:

— וואָס זשע, ס׳איז טאקע דאָרטן אזוי שלעכט? אָט האָב איך באקומען א בריוו פון מײַנער א געוועזענער שילערן...

דאָוויד האָט געפּרווט אָפּטרייסלען זיך פון דער פראגע. אים האָט זיך זייער ניט געוואָלט אָפּרײַסן זיך פון זײַנע ווײַטע זעונגען. האָט ער אָפּגעענטפערט א ביסל צו טרוקן. מעגלעך, אפילע בייזלעך:

— ניט אין דעם גייט עס, — גערעדט מערסטנטייל צו זיך אליין. — די זאך באשטייט דערין, וואָס יי׳סראָעל וועט קיינמאָל ניט ווערן דער גוירל פון אלע יי׳דן. דער צי׳עניסטישער שווינדל ארום דעם ברענגט אונדז פיל שאָדן. עס גייט אויך אין דעם, וואָס מע וויל מיך אינגאנצן איבערמאכן.

דאָוויד האָט ניט געוואָרט, אז זײַנע ווערטער זאָלן אזוי צערודערן דעם אוילעם.

— ריכטיק, ריכטיק, איך זאָג אויך אזוי! — שוליע האָט זיך א בייג געטאָן איבערן טיש און גענומען אײַנטײַנען מיט וואלענטינא יערמאָלײַעוונען, גלײַך זי איז געווען הײַנט זייער אלעמענס אָפּאָנענט. — אָט נעמט מיך, איך בין, ווי מע זאָגט, א פּאָשעטער כײַוועקײַעם, א ראבאָטשע מענטש. און איך וויל זײַן אזא, ווי איך בין, אזא יי׳ד און אזא ראבאָטשע. וויל איך, גלייב איך יאָ אין גאָט, וויל איך ניט, גלייב איך ניט. זאָגן זיי מיר, אז אויב דו

וועסט זײַן אזא, ווי דײַן טאטע איז געווען, ביסטו א ייִד, און אויב ניט, ביסטו קיין ייִד ניט. און איך וויל זײַן א הײַנטיקער, ניט קיין אמאָליקער.

— וואָסי, האָסט מוירע, וועסט ווידער דארפן שרײַבן דײַן נאָמען מיט א קלעקע־מעם?

שוליעס קוק אף זײַן בליומען האָט געדארפט הייסן, אז אירע שטעכ־ווערטלעך האָט זי הײַנט געמעגט האלטן בא זיך.

— יאָ, יאָ, איך וויל ניט פאָרן צוריק! וואָס קומט מיר דערפאר?

שייגדל, די שטענדיק ערנסטע און שטרענגע שיינדל, וואָס האָט הײַנט געשעפּט נאכעס פון איר ציפּעלען, פון אלע, וואָס זײַנען געזעסן ארום טיש, האָט זיך אויך דערלויבט א שפּאס טאָן.

— טאטע, בא דיר איז ניטאָ קיין שום נאציאָנאלער געפיל!

שוליע האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט, א וויש געטאָן די פארטרער־טע אויגן און זיך צוגעזעצט אף זײַן אָרט.

— האָסט געהערט, ניקיטא, וואָס מײַן טאָכטער האָט געזאָגט? עס פעלט מיר, זאָגט זי, א קלעפּקע. ווי געפעלט עס דיר? זאָג אליין, ניקיטא, איך האָב זיך דען ניט געשפּארט מיט דיר, פון וועלכער נאציע איז אונדזער אווטאָמאט?

— נו, שא, — האָט ניקיטא אים בארויִקט. — איך האָב דיר שוין ניט איין מאָל געזאָגט.

און דאפקע שוליעס שנור, די עקאָנאָמיסטקע, אָט די ראָכעלע, וועגן וועמען בליומע זאָגט, אז זי איז שטיל, ווי א טויב, האָט א זאָג געטאָן א ביסל ארויסרופעריש:

— דאָס אלץ איז ריכטיק, נאָר איך וויל וויסן איין זאך: שוין זשע איז אין ייִסראָעל אלץ שלעכט? עס קאָן דאָך ניט זײַן א לאנד אָן לײַטישע מענטשן.

האָט שוין דאָוויד געמוזט זיך ווידער ארײַנמישן:

— ווער זאָגט דען? קיינער צווינגט מיך ניט רעדן צי טראכטן וועגן ייִסראָעל בלויז שלעכטס. ווען עמעצער סטארעט זיך פלאנצן סינע צו ייִס־ראָעל, ווי צו א לאנד, ווי צו א פאָלק, האָב איך א גרונט אים כוישעד זײַן אין סאמע ערגסטן. און קיינער ווינטשט ניט ייִסראָעל קיין שלעכטס. איך וויל נאָר, אז מיר זאָלן קוקן אף אלץ מיט די אויגן פון א סאָוועטישן ביר־גער. נאָר ווען אין א הײַנטצײַטיקער מעלוכע ווערן די קלעריקאלן און רע־ליגיִעזע פאנאטיקער די גלאווע רעדלפירער, ווען א רעגירונג הייבט אָן מאכן גוואלדן וועגן ראטעווען אונדז, די סאָוועטישע ייִדן, און מאכט פונעם אנטיסאָוועטיזם א ביזנעס, קאָן איך וועגן אזא רעגירונג און אזא מעלוכע קיין גוטס ניט זאָגן...

ביכלאל איז דאָוויד געווינט געווען, אז שטעפאן מאָלדאוואן, בא וועמען ער האָט זיך געלערנט און ניט אויסגעלערנט שוסטערײַ, זאָל אים בא יעדער געלעגנהײַט שטעלן קלאָץ־קאשעס. נאָר אז גראָד סטעפאן איוואנאָוויטש זאָל אזוינס פרעגן?

— און די ייִדישקײַט? וווּהין וועסטו אהינטאָן די ייִדישקײַט?

נאָר דאָוויד איז ניט געווען גענייגט צו שפּאסן:

— פארשטייסט, סטעפאַן, ווען איך דארף זיך אויסטײַנען ניט מיט דיר, נאָר מיט עמעצן פון יעניקע, וואָלט איך זיי דערוויזן, אז איך בין מערער ייִד, ווי די, וואָס יאָגן זיך אהין. ווײַל זיי גייט דער איניען ייִדישקײַט אינ־גאנצן ניט אָן. זיי זוכן דאָרטן גאָר עפּעס אנדערש. איינעם דוכט זיך, אז אין אים ווערט פארפאלן א טאלאנט פון א באנקיר, א צווייטן כאָלעמט זיך דאָס מאזל פון א פאבריקאנט, פון עפּעס א באלעבעסל, און אין א דריטן יוירט מאמעש די ספּריטנעקײַט פון א בירזשע־מעקלער. עס טרעפט אויך, אז א ייִדישער אקטיאָר מיינט, אז גראָד דאָרטן...

בליומע, וואָס איז שטארק פארנומען מיט די געסט, געפינט צײַט אויך אָפּ זאָגן עפּעס א וואָרט:

— טוט אָבער א שמועס מיט זיי, וועלן זיי אײַך זאָגן, אז דאָס איינ־ציקע, וואָס זיי ווילן, איז בלײַבן ייִדן. גלײַך דאָ לאָזט מען זיי ניט.

— נו, יאָ, כ'האָב ניט לאנג זיך דורכגעווערטלט מיט מײַן שוואָגער, מיט לייזערן, ער האָט אויך געטײַנעט וועגן ייִדישער קולטור. ער ווייסט אפילע ניט, מיט וואָס מע עסט דאָס. נאָר אייניקע דוכט זיך, אז מיט דעם דעקן זיי א ביסל צו זייער נאקעטקײַט און זעען אויס בא זיך אליין א ביסל פײַנער.

שטעפאַן איז ניט פון די, וואָס ווערן אזוי גיך שיקער. וואָס זעען זיך אָן בא אים א פּאָר קויסעלעך? נאָר אלע זײַנען געווען זיכער, אז ער האָט א ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס.

— דאָוויד, לאָמיך דיך א קוש טאָן! — האָט ער אויסגעשריגן און זיך א לאָז געטאָן צו אים, ארומגענומען און ראשיק א צמאָקע געטאָן. דערנאָך ערשט א וויש געגעבן די אויגן און א שמאָרגע געטאָן מיט דער נאָז. — אוי, דאָוויד, וואָלט איך דיך געדארפט האָבן אָפּ א פּאָר טעג בא זיך אָפּ דער פאבריק! קום מאָרגן ארײַן, האַ? בא מיר קלײַבן זיך אויך אייניקע אוועק־פאָרן. וואָס פעלט זיי דאָ? אָט נעם מיך, נו, איך, אשטייגער, אלע יאָרן...

עפּעס האָט ער געוואָלט זאָגן וועגן אלע יאָרן, נאָר דער געדאנק האָט בא אים ניט באוויזן אויסשלײַפן זיך, האָט ער גאָר אינמיטנדערינען אָנגע־הויבן זינגען. און דאָס האָט אלעמען ווי געפּלעפט. סײַ דאָס לידעלע אליין, וואָס מע האָט דאָ לאנג שוין ניט געהערט, סײַ דאָס, וואָס ער האָט עס אזוי פײַן אויסגעזונגען אָפּ ייִדיש:

אָ, גוטע פרײַנט, אז איך וועל שטארבן,
טראָגט צו מײַן קייווער אונדזער פאָן,
די פרײַע פאָן פון רויטע פארבן,
באשפּריצט מיט בלוט פון ארבעטסמאַן...

ער האָט געוואָלט אויסזינגען די ליד ביזן סאָף, נאָר פארגעסן די ווער־טער, האָט ער א טאָרע געטאָן דאָווידן:

— נו, זאָג אונטער. דו געדענקסט דאָך, אין טורמע... דו האָסט אונדז אויסגעלערנט עדעלשטאטס „צאוואָע" און מיר דיך שעווטשענקאָס „זאפּאָ־וויט" און די „ווארשאוויאנקע".

— איך געדענק, איך געדענק, — האָט דאָוויד א שמייכל געטאָן.

— איין זאך איז מיר ניט קלאָר!..

דאָס האָט געזאָגט קיריל פּעטראָוויטש, וועלכער איז געזעסן צעשיידט מיט דאָווידן, ווײַל צווישן זיי איז געזעסן מאַריאַ סערגייעוונא. זי האָט פּריִער געדאַרפט פאַרזוכן יעדעס מײַכל, אַ פּרוּוו טאָן, צי איז דאָס ניט געפּעפּערט אָדער שטאַרק איבערגעזאַלצן, צי מעג דאָס ביכלאַל איר קי־ריל נעמען אין מויל אַרײַן.

— איך פאַרשטיי ניט, ווי קאָן דאָס אַזאַ מענטש, ווי דו, זײַן אויף פּענסיע?

— טשעפּע ניט, קיריל, איך בעט דיך...

דאָוויד האָט דאָס אַרויסגערעדט שטיל. ער האָט ניט געוואָלט קיינעם פאַרשטערן די שׂימחה מיט זײַנע ניט פריילעכע געדאַנקען... דאַפקע שוליע, וואָס איז געזעסן אַ ביסל ווײַטער פון אים, האָט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף אים גלײַך קומען צוהילף:

— ער איז דאָך גערעכט, דער מעכוטן מײַנער, אָט האָט מיר מײַן שיינדל נאָרוואָס פאָרגעוואָרפן, אַז בײַ מיר זײַנען פאַרטעמפּט געוואָרן די נאַציאָ־נאַלע געפילן. נאָר ניט אין דעם גייט עס. אין ייִסראָעל האָבן מיר דאָך צו טאָן מיט גאָר אַנדערע מענטשן, ס'איז גאָר ניט דאָס, וואָס מיר זײַנען, וואָס אונדזערע טאַטעס זײַנען געווען.

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט דאָוויד צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — זייער אַ ריכטיקער געדאַנק, כאָטש ער קלינגט פּאַראַדאָקסאַל. דער, וואָס פאָרט אַרויס קיין ייִסראָעל, איז שוין בײַ מיר גאָר אַן אַנדער ייִד, ער ווערט אַרײַנ־געשלײַדערט אין גאָר אַן אַנדער קלימאַטישער, פּסיכאָלאָגישער און אידעאָ־לאָגישער סוויווע, ווערט באַווירקט דערמיט, וואָס איז אונדז ביז גאָר פרעמד.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך, — אַז שוליע צערעדט זיך, איז אים שוין שווער אָפּשטעלן. — מע וויל בײַ מיר אַרויסנעמען מײַן סאָוועטיש האַרץ און אַרײַנשטעלן אַ פרעמדס. און ווי זאָגסטו, ניקיטאַ? אַ מענטש איז דאָך ניט קיין מאַשין, און מיט אַ פרעמד האַרץ קאָן ער לאַנג ניט לעבן!

און גלײַך ווי ניקיטען וואָלט געדראָעט די געפאַר אַריבערפּעקלען זיך קיין ייִסראָעל, האָט שוליע אים אַרומגענומען און אָנגעהויבן אויסזינגען פאַר אים דאָס ייִדישע לידל, וואָס זינגט זיך אויף אוקראַיִניש.

Никита, Никита, що з тебе буде...

— פּסיכאָלאָגישע טראַנספּלאַנטאַציע, — האָט קיריל פּעטראָוויטש גע־פּרוּווט געפינען דערצו אַ וויסנשאַפטלעכן טערמין. ער האָט אים אויסגעזען ניט אײַנגאַנצן פּינקטלעך. האָט ער אים גלײַך פאַרביטן מיט אַן אַנדערן, — אידעאָלאָגישע טראַנספּלאַנטאַציע!

דערפילט, אַז אים וועט זײַן שווער פאַרטיידיקן זײַן טעזיס, אויב עמע־צער וועט דערווידערן, ווײַל דאָס אַלץ איז אים ערשט נאָרוואָס געקומען אויפן געדאַנק און ער האָט דאָס נאָך ניט באַוויזן דורכטראַכטן, האָט ער זיך אַ קערעווע געטאָן צום סאַמע ברעג פונעם לאַנגן טיש, וואָס האָט שוין געשטעקט אין צווייטן צימער:

— און וואָס וועט די יוגנט זאָגן? ווי פאַרשטייט די יוגנט, וואָס איז אַזוינס נאַציע און נאַציאָנאַלער געפיל?

די יוגנט...

סוועטע האָט שטאַרק ליב געהאַט טענץ, זי איז קוים אויסגעזעסן אויף א לימוד ביזן סאָף. די פּיס אַליין האָבן בײַ איר אָנגעהויבן אונטערטאַנצן, נאָך איידער ס'האָט א קלונג געטאָן דאָס גלעקל. גאַליע איז געווען א זינגערן. זי האָט ניט געקאָנט זײַן קיין איין מינוט אָן עפּעס א ניגנדל, זי האָט אפילו אונטערגעבאָמקעט, ווען זי איז געשטאַנען לעבן טאָוול מיטן שטיקל קרײַד אין דער האַנט און ניט געוווּסט פון וואָס אָנהייבן. זי איז זיכער געווען, אַז דאָס ניגנדל וועט איר שטענדיק אונטערזאָגן עפּעס גוטס. זיי האָבן ביידע געמיינט, אַז בײַ ציפּעלען וועלן זיי זיך אָנטאַנצן און אָנזינגען, נאָר דער שמועס, וואָס איז געגאַנגען אַרום דעם טיש, האָט זיי אויך פאַרכאַפּט. זיי זײַנען געזעסן שטיל, בלויז איבערגעוווּנקען זיך אָדער שטיל עפּעס א שעפּטשע געטאָן וועגן ציפּעלעס ציידע, וועגן שטעפּאַן מאָלדאַוואַן מיט זײַן טענדע־ווערענדע, וועגן דער מומע אָריסיע מיט איר דמיטריקן און וועגן ציפּעלעס טאַטע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער היגער טורמע.

טאָליק איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מוירע געהאַט, עמעצער זאָל ניט איבערלייענען אין זײַן אויסזען דאָס, וואָס האָט אים געצווּנגען פעסטשטעלן, ווער איז אָט דער, וואָס רעדט אַרויס אַזעלכע נײַע געדאַנקען, וועלכע ער, טאָליק, האָט ביז איצט ניט געהערט און וואָלט זיי אוואדע אין לעבן ניט געהערט, ווען ניט אָט די צופעליקע סימכע בײַ ציפּעלען אין שטוב, ווו עס האָבן זיך צונויפגענומען גאָר אַנדערע מענטשן, אינגאַנצן ניט ענלעך אויף די, וואָס נעמען זיך צונויף בײַ זיי אין שטוב. ער איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געבלאָנדזעט מיטן גאָפּל איבערן טעלער און געטראַכט בייסמײַסע — וואָס וואָלט געווען, ווען מע זעצט אַוועק בײַ איין טיש ביידע צדאָדים: די, וואָס האָבן זיך הײַנט צונויפגעקליבן אַהער, און די, וואָס קלײַבן זיך צונויף בײַ זיי. ער שטעלט זיך אפילו ניט פאָר, וועגן וואָס וואָלטן זיי געקאָנט שמועסן, אַז זיי לעבן מיט א ביז גאָר פאַרשיידענעם לעבן, לאַכלוטן פרעמד צווישן זיך.

ער האָט אַזש א ציטער געטאָן פון דעם געדאַנק און נאָך נידעריקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס'האָט אפילו ניט געהאָלפן דאָס, וואָס שיינדל האָט די גאַנצע צײַט געטאַנצט אַרום אים, אַרויסגעוויזן פיל מערער אופמערקזאַמקײַט, ווי ציפּעלעס כאַווערטעס. שיינדל האָט זיך געהאַט אירע כעזשבוינעס. ווער ווייסט, וואָס וועט שפּעטער זײַן... נאָר אַז אין שטוב איז דאָ א קאַלע־מיידל, טאָר מען זיך ניט וואַרפן מיט קיין כאַסאַנים.

סוועטע איז זיך גלאַט אַזוי סוועטע. פאַרקירצט פון סוועטלאַנע. לויט אירע ליכטיקע האָר און שניי־ווײַסן פּאָנעם, קומט איר אַזאַ רוסישער נאָמען. גאַליע — איז איבערגעמאַכט פון גאָלדע. מע זעט גלײַך, אַז דאָס איז געווען אומזיסטע טירכע. דאָס גאָלדעלע קוקט אַרויס פון אירע שוואַרצע אויגן און פון יענער ברוינקײַט, וואָס מע קאָן מיט גאָרניט איבערפאַרבן. דאַפקע גאַליע האָט די ערשטע געענטפערט אויף קיריל פּעטראָוויטשעס פראַגע:

— וואָס איז אַזוינס נאַציע? א סכום פאַרעלטערטע פאָרורטיילן. נעמט אַראָפּ די דאָזיקע פאָרורטיילן...

— מיידעלע, ווו האָסטו אויסגעלייענט אַזאַ נאַרישקײַט?

סײַ אין דער פראַגע אַליין, סײַ אין דעם, ווי קיריל פּעטראָוויטש האָט זי אַרויסגעזאָגט, איז געווען אַזוינס, איבער וואָס גאַליע און אַלע איבע־ריקע אַרום איר זײַנען רויט געוואָרן. אַפילו די לערערקע וואַלענטינאַ יערמאָלײַעווונאַ אויך. מעגלעך, אַז קיריל פּעטראָוויטש האָט זיך פאַרגעסן און אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. נאָר אים רייצט שטענדיק אויף יעדער אויסדרוק פון נאַציאָנאַלן ניהיליזם, אונטער וועלכן ער פילט שטענדיק גאָר עפּעס אַנדערש. עס וואָלט זיך געוויס באַ אים אַרויסגעכאַפּט נאָך עפּעס שטאַרקערס. גוט, וואָס דערבײַ איז געזעסן דאַוויד. האָט ער פאַרכאַפּט:

— ע, ווען די זאַך זאָל גיין בלויז אין דעם... ווען דאָס זאָל זײַן אַזוי פּראָסט... און וואָס וועט דערויף זאָגן אונדזער מאַטעמאַטיקער?

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, וועמען מע מיינט. נאָר טאָליק האָט מוירע געהאַט אַרויסברענגען אַ וואָרט. ער האָט זיך דאָ געפילט ביכלאַל ווי אײי־נער פון יענע, וואָס קלײַבן זיך צונויף באַ זיי אין שטוב. ער שטעלט זיך אַפילו ניט פאָר, ווי וואָלט אַ קלוגע געטאָן באַ אָט דעם טיש דאָס, וואָס יענע רעדן, און דאָס, וואָס ער אַליין טראַכט.

— מיר איז שווער עפּעס צו זאָגן וועגן דעם, — האָט ער אַרויסגע־שטאַמלט. — עס לייגט זיך ניט אַרײַן אין קיין מאַטעמאַטישע פאָרמולעס.

ס'איז טאַקע שווער אַמאָל צו פאַרשטיין, ווי־אַזוי איין געדאַנק רופט אַרויס אַ צווייטן, עפּעס גאָר אַן אַנדערן, אַזאַ, וואָס האָט ניט קיין שום שײַכעס צום ערשטן. עס ווײַזט זיך אויס, אַז ער פירט אַוועק אין אַ זײַט. און כאָטש ער דרייט זיך, דרייט זיך, קומט ער ווידער אַרויף אויף דעם זעל־ביקן.

באָריס איז די גאַנצע צײַט שטאַרק געווען פאַרנומען מיט דער אַכילע. דערצו נאָך האָט בליומע שטאַרק נאָכגעקוקט, אַז דער זון זאָל, כאָלילע, ניט בלײַבן קיין הונגעריקער, ווײַל זי איז אַוועק פון דער היים און זי ווייסט ניט, וואָס ער האָט הײַנט געגעסן. האָט מען געמיינט, אַז ער האָט בלויז צו טאָן מיט די גאָפּלען און מיט די לעפּלען. האָט ער זיך פּלוצלינג אופ־געהויבן און אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן פאַרשוויצטן שטערן.

— צוערשט דאַרף איך מאַכן אַן אָפּיציעלע מעלדונג! — דאָס איז אויך געווען געזאָגט אַ ביסעלע צו ערנסט, ניט אַזוי, ווי עס פּאַסט באַ אַזאַ טיש. — קיין ייִסראָעל קלײַב איך זיך ניט און וועל אַהין קיינמאָל ניט פאָרן. קיין אַנדער היימלאַנד, ווי אונדזער איצטיקס, שטעל איך זיך ניט פאָר...

— נו? — האָט דמיטרי אים איבערגעשלאָגן, געמיינט, אַז ער איז אַ ביסל אונטערן גלעזל.

— באַ מיר איז ניט קיין „נו". באַ מיר איז אַ „נאָר"... מע גיט דיר אַמאָל אַזוי אַ זאָג אַרײַן, איז מיילע איך, צי עמעצער אַנדערש. נאָר אייניקע גיבן זיך אַ טראַכט...

— נו, און מיר זאָגט קיינער ניט אַרײַן? מיינסט, אַז באַ מיר צי באַ אונדז ביכלאַל איז אַלץ אויסגעטאַנצט און אויסגעזונגען? אָט...

קיריל פּעטראָוויטש איז, אַפּאָנעם, נאָך אַלץ געווען אופגערעגט, און באָ־ריס האָט אים נאָך מערער צערייצט. ער האָט געהאַלטן סאַמע אינמיטן,

נאָר ווידער א קוק געטאָן אף דאָווידן, און שוין גאָר איבער אנדערע סיבעס אראָפּגעשלונגען צוריק דעם „אָט” און אנשוויגן געוואָרן.

סײַ שוליע, סײַ בליומע און אוואדע מיכל מיט שײַנדלען האָבן זיך אָנ־געשטויסן, פאַרוואָס קיריל פּעטראָוויטש האָט אראָפּגעשלונגען דעם „אָט”. ניקיטען האָט שוליע אויך געוואָרנט, ער זאָל זיך ניט ארויסכאַפּן מיט קיין וואָרט פאַר דאָווידן.

— מאַלע וואָס עמעצער טוט א זאָג. נו, אז אָט דער סערגייע האָט אזוינס א זאָג געטאָן מיכלען, איז וואָס?

די שטילקײַט, וואָס איז מיטאַמאָל געבליבן הענגען איבערן לאַנגן טיש, האָט אַלעמען אויסגעזען מוירעדיק געדיכט. יענע פאַרוואָלקנטע שטילקײַט, פון וועלכער עס מוז באַלד אָנהייבן דונערן און בליצן. דאָס איבערוווּנקען אליין איז געווען פול מיט פולווער. ניקיטאַ, געכאַפּט אף זיך שוליעס דראָענדיקן בליק, האָט גלײַך ווי אויסגעניכטערט זיך. פאַרשטאַנען, אז ער האָט געזאָגט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, האָט ער זיך פאַרהוסט, גלײַך ס'האָט אים עפּעס זיך געשטעלט אין האַלדז.

דאָוויד האָט דערשטוינט באַקוקט דעם מיטאַמאָל אנשוויגן געוואָרענעם אוילעם, ווי עס וואָלט באַ אַלעמען אָפּגענומען דאָס לאָשן, און זיך צעלאַכט אזוי, ווי ער האָט שוין לאַנג ניט געלאַכט, און מיט דעם איבערגעשראָקן אַלעמען.

— נו, גענוג, — האָט דאָוויד אויסגעשריגן, ווי באַפוילן זיך אליין אײַנשטילן דעם געלעכטער. — א גרויסן דאַנק אײַך אַלעמען, וואָס איר שאַ־נעוועט מיך אזוי. נאָר וועגן דעם האָב איך זיך דערוווּסט דעם זעלבן טאָג. איך האָב דאָך כוץ אײַך ניט ווייניק אייגענע מענטשן אפן זאַוואָד... מיך ווּעסטו מיט אזעלכע שטיק ניט אָנשרעקן. איך ווייס גוט, פונוואַנען זיי שטעקן. נאָר איך ווייס אויך עפּעס אנדערש. ווי מיינסטו, אָריסיע איוואַ־נאָוונאַ?

אָריסיע, ווי שטענדיק אין אזא פאַל. דאָס פּאָנעם שמייכלט און פון די אויגן גלאַנצן ארויס פרישע טרערן.

— וואָס דאַרף מען גאָר רעדן דערפון? מיכאַסן וועל איך סײַווי אין ערגעץ ניט לאָזן!

גלײַך ס'האָט טאַקע געהאַלטן דערבײַ, אז מיכל זאָל ערגעץ אוועקפאָרן, האָט אָריסיע אופגעהויבן צו אים אירע אָנגעטרערטע אויגן.

— צוליב דעם האָב איך זיך אזוי געמוטשעט מיט דיר?

— איז אַלץ אין אָרדענונג! — דאָוויד האָט דערפילט, אז די סימכע איז אין א געפאַר און ער מוז זי נעמען אין זײַנע הענט. — לאָמיר בעסער רעדן וועגן פריילעכערע זאַכן... מעכוטענעסטע, וואָס האָט איר עפּעס נאָך געשמאַקס?..

ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי ס'איז שפּעטער אָוונט, צי שוין טיפע נאַכט. פונקט ווי ס'איז שווער געווען פעסטשטעלן, צי האַלט מען נאָך באַם סאָף פרילינג, צי מע איז שוין ארײַן אין אָנהייב זומער. אפן טונקעלן הימל האָבן ארומגעבלאָנדזעט פאַרשלאָפענע וואָלקנדלעך און אף דער ערד האָבן

שיקערלעך זיך געשאָקלט לאנגע שאָטנס. ס׳האָט שטארק געשמעקט מיט אקאציע־צוויט. די ראשיקע כאָפּטעס, די, וואָס לאָזן די טראנזיסטאָרס זינגען און רעדן פאר זיך אליין, האָבן שוין באפרײַט די איבערגעהאָרעוועטע גאסן, איצט האָבן איבער זיי שפּאצירט שטילע פּאָרלעך, וואָס האָבן גערעדט שושקענדיק אָדער אינגאנצן געשוויגן, געשפּאנט פּאמעלעך, ווי אײַנגעהערט זיך אין די אייגענע טריט. אלץ איז שוין געווען איבערגעשושקעט, אלץ איז שוין געווען איבערגעשוויגן, נאָר שיידן האָט זיך ניט געוואָלט. דער גאנצער ארום, א ביסל א צוגעלאָשענער, א שטארק פּארטונקלטער, האָט שטיל אונטערגעגענעצט, ווי געגעבן אָנצוהערן די שפּאצירנדיקע, אז זי, די גאס אליין, איז אויך א לעבעדיקע באשעפעניש און דארף אויך כאפּן א דרעמל.

ווי מוירע געהאט אופוועקן די אײַנגעשלאָפענע גאס, זײַנען טאָליק און ציפּעלע מיט אירע כאווערטעס אויך געגאנגען שטיל און פּאמעלעך, יעדערער מיט זײַן פּעקל געדאנקען.

גראָד טאָליק, וועמעס געדאנקען זײַנען געווען שטארק פארפּלאָנטערט, האָט אָנגעהויבן דער ערשטער:

— ווען מע זאָל דאָס אלץ געווען ווײַזן דורכן טעלעוויזאָר...

— וואָס זשע וואָלט געווען? — האָט געפרעגט סוועטע.

— אונדזערע וואָלטן געזאָגט, אז דאָס איז א צוגעגרייטע, א גוט־אויסגעפּעטירטע פּרעסע־קאָנפערענץ, און אז דאָס אלץ איז פּראָפּאגאנדע...

ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט, גיכער פון אלץ, פאר זיך אליין, ווי געפּרוווט אויסקלאָרן כאָטש איינע פון די פיל פּראגן, וואָס האָבן געדרייט זיך אין קאָפּ און געשאפן א מעשונעדיקן פּלאָנטער, ווי נאָר דער שמועס ארום טיש האָט זיך געהאט אָנגעהויבן. אלץ האָט זיך בא אים איבערגעפּלאָנטערט, און ער קאָן ניט געפינען א ברעג, בא וואָס אָנכאפּן זיך. לויט די רייד איז אויסגעקומען... יאָ, מע האָט געקאָנט מיינען, אז סײַ שטעפאן מאָלדאוואן, סײַ קיריל פּעטראָוויטש, סײַ ניקיטא זײַנען ייִדן. גיי דערצייל עס זײַניקע.

ציפּעלע האָט גוט פארשטאנען, וואָס מיט טאָליקן קומט פּאָר, האָט זי אים א צי געטאָן פאר דער האנט און זיך אָנגערופן:

— נו, מיילע...

טאָליק האָט נישט פארשטאנען ניט דעם צי בא דער האנט און ניט דעם „מיילע”, ווײַל אויב זי מיינט דערמיט, אז ס׳איז איצט ניט די צײַט צו רעדן וועגן אזעלכע זאכן, האָט אים דאפקע זייער געוואָלט זיך אויסרעדן. גוט, וואָס סוועטע האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס ביסטו אזוי איבעראשט? בא אונדז, אז מע קומט זיך צונויף!..

— אײַך איז גוט... — ס׳איז אויסגעקומען, ווי טאָליק וואָלט זיי געזאָגט א ביסעלע מוסער. — איר לעבט אין גאָר אן אנדער וועלט.

גאליע מיט איר שארף צינגעלע:

— און דיך פארפאָלגט אומעטום דײַן מאטעמאטיק?

— ניט אין דער מאטעמאטיק גייט עס.

— אין וואָס זשע דען?

טאָליק האָט קימאט אויסגעשריגן:

— אז איר ווייסט גאָרנישט ניט, גאָרנישט ניט! דאָס זײַנען דאָך צוויי פאַרשיידענע וועלטן!

פאַרוואָס האָט ציפּעלע ניט געוואָלט, ער זאָל איצט רעדן וועגן די דאָזיקע וועלטן? זי האָט דאָך אַזוי געוואַרט אויף דעם, געוואַרט מיט אומגעדולד, מיט שרעק און מיט אַ ביסעלע האָפענונג! עפּעס האָט זי דאָס געהאַלטן פאַר אַ סאָד, וואָס האָט אַ שײַכעס בלויז צו זיי ביידע, און ניט געוואָלט, אַז נאָך עמעצער זאָל וויסן דערפון? פאַרשטאַנען, אַז מיטן צײַען אים פאַרן אַרבל וועט זי זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן, האָט זי געמוזט צוטראַכטן מערער וואָגיקס:

— און דאָס הייסט כאַווערטעס, פּרײַנט? אָפּגעזעסן אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און כאָטש איין לידל, איין טאַנץ.

— וואָס רעדסטו, ציפּעלע? — האָט גאַליע זיך פאַרענטפערט. — ס'איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט!

— נו, יאָ, אַוואַדע, באַזונדערס, ווען דו האָסט זיך פאַרפּלאָנטערט אין סכום פון נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן. ווער האָט דיך געשלעפּט פאַר דער צונג? מיר אַליין האָט געפלאַמט דאָס פּאָנעם.

— נו איז וואָס? — האָט סוועטע געגומען פאַרטיידיקן גאַליען. — דערווף איז אַ דיסקוסיע, יעדערער זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג.

— גוט, לאָמיר כאָטש איצט אַ זינג טאָן אונדזער ליד.

און טאַקע גלײַך אַ פּרווו געטאָן די שטים. טאַקע גאַנץ הויך.

— ביסט שיקער, צי וואָס? — האָט סוועטע זי געוואָרנט. — אינמיטן דער נאַכט? אָט גייט אַ מיליציאָנער!

די לעצטע צײַט איז ציפּעלע טאַקע געווען אַ ביסל שיקערלעך. נאָר הײַנט איז זי גראָד ניכטער. און ווען זי איז געבליבן אינצווייען מיט טאָליקן, איז זי שוין געווען אַפילו צו ניכטער. טאָליק האָט איצט שוין געקאָנט רעדן, וואָס ער וויל. נאָר גראָד איצט האָט ער געשוויגן. זיי זײַנען געווען קימאַט די איינציקע איבער די אײַנגעשלאָפענע גאַסן. די שײַן איז שוין געווען אומעטום אויסגעלאָשן. אַפילו די לאַנגע שאָטנס, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן איבער דער ברייטער גאַס, זײַנען אויך געלעגן אומבאַוועגלעך. מעגלעך, אַז ביידע האָבן פאַרגעפילט די געפאַר, וואָס האָט געלויערט איבער זיי און קאָן ברענגען מיט זיך זייער שרעקלעכס. מעגלעך, אַפילו צעשיידונג... זיי זײַנען געגאַנגען, קינדעריש זיך געהאַלטן בא די הענט, און דערנאָך, ווי אין זיי וואָלט עפּעס אַ ציטער געטאָן, באַפרײַט די הענט און צוגעטוליעט זיך איינער צום אַנדערן, אַקסל צו אַקסל, ווי געוואָלט דערמיט דעקן די אייגענע אומבאַשיצטקײַט סײַ קעגן די געפילן, קעגן וועלכע זיי זײַנען געווען אָנמעכטיק, סײַ קעגן די געפאַרן, קעגן דעם אומבאַשטימטן מאָרגן, וואָס וויל זיך אויך מיט גאָרנישט ניט רעכענען... רעדן וועגן דעם האָט מען ניט געטאָרט. וועגן וואָס זשע דען האָבן זיי געזאָלט רעדן? האָט ווידער טאָליק אָנגעהויבן:

— פאַרשטייסט, ציפּעלע...

ער האָט מוירע געהאַט, אַז ציפּעלע וועט אים ווידער אַ צי טאָן פאַרן אַרבל, איז ער איר פאַרלאָפן דעם וועג:

— הער מיך אויס. ווער ווייסט, צי וועלן מיר נאָך האָבן אזא נאכט. צי וועלן מיר ביכלאַל... דו שטעלסט זיך ניט פאָר, ווי דאָס אלץ איז ערנסט.

— רעד, טאָליק, רעד.

— פארשטייסט, די גאנצע צײַט האָב איך געמיינט, אז די וועלט באַשטייט פון צוויי פארשיידענע טיילן: די וועלט פון דער שול, קאָמיוג און פּיאָנערן — א מין שפּיל אין שוועס, ראפּאָרטן און פארזאמלונגען — און די וועלט פון דערוואקסענע, די וועלט פון אונדזערע עלטערן, וואָס איז גאָר אן אנדער וועלט, לעבט מיט אירע, גאָר אנדערע געזעצן, אנדערע זיטן, וואָס האָבן ניט קיין שום שײַכעס מיט דער שול, מיטן קאָמיוג און מיט דעם, וואָס מע רעדט אף פארשיידענע פארזאמלונגען. איז אלץ געווען פאר מיר א דערעסענער לימוד, וואָס מע דארף אויסכאזערן אף אויסווייניק. די ארויסטרעטונגען, די לידער... ווײַל אלץ, האָט זיך מיר געדוכט, איז געמאכט. די עמעסע וועלט איז גאָר אן אנדערע. זאָל זײַן עפּשער אן ערגערע. נאָר דאָך די עמעסע, די וועלט פון דערוואקסענע, אין וועלכער מיר מוזן ארײַנקומען און מוזן אין איר לעבן. דו... זײַ מיר מויכל, ציפּעלע...

— פארוואָס?

— דערפאר, וואָס איך בין דאן אף דיר אָנגעפאלן. איך האָב געמיינט, אז דאָס איז אויך צוגעטראכט. נו, ניט צוגעטראכט, נאָר צוגעפאסט. אף אונטערהאלטן די שפּיל.

— האָסט איצט כאראָטע?

— ניט אין כאראָטע גייט עס. איך האָב זיך הײַנט דערוווּסט, אז זי איז טאקע דאָ, די ביז גאָר אנדערע וועלט, די וועלט, וואָס ציט זיך טאקע פון דער קינדהײַט און ווערט ניט איבערגעריסן. מע נעמט דאָס מיט מיט זיך אפן גאנצן לעבן — די שול, דעם קאָמיוג — און מע גיט דאָס דערנאָך איבער די קינדער.

— און דו האָסט זיך געקליבן דאָס אלץ ארויסוואַרפן?

— ניט אלץ. מאטעמאטיק איז אזא זאך... מאטעמאטיק איז אומעטום א זאך, דאָס איבעריקע איז געווען בא מיר אזוי זיך. טאקע אף ארויסצוואַרפן, ווײַל דאָרטן דארף מען דאָס ניט האָבן.

ציפּעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט, א נעם געטאָן טאָליקן פאר די אקסלען און א דריי געטאָן אים צו זיך. זי האָט געמוזט זען זײַן פּאָנעם, געמוזט א קוק טאָן אים אין די אויגן.

— אזוי האָסטו געדענקט די גאנצע צײַט?

— ביז הײַנט. איך ווייס נאָך דערווײַל גאָרנישט ניט. איך ווייס נאָך ניט, מיט וואָס קאָן איך מאסקים זײַן און מיט וואָס ניט. געוויס ניט מיט אלץ, נאָר ניט אין דעם גייט עס. דאָס וויכטיקסטע איז דאָס, וואָס זי איז דאָ, די ניט קיין געמאכטע, ניט אויסגעטראכטע וועלט. מענטשן, פאר וועמען קאָמוניזם איז ניט קיין וואָרט פאר פארזאמלונגען. אָט האָט אײַער קיריל פּעטראָוויטש א זאָג געטאָן: „פּסיכאָלאָגישע טראנספּלאנטאציע"... בא מיר איז איצט אזא צושטאנד, גלײַך מע האָט מיך מיטאמאָל אינגאנצן אויסגעליידיקט. בא מיר איז דאָרטן א שרעקלעכע פּוסטקײַט, און איך ווייס ניט...

— מיט וואָס אָנפילן?

— פאַרוואָס האָסטו גאָרנישט ניט געשריבן וועגן דײַן צווייטן זיידן?

— וועגן וואָס שרײַבן? א געוויינלעכע בי־אָגראַפיע פון א געוויינלעכן אַרבעטער.

— נו, יאָ, א געוויינלעכער אַרבעטער! מיר איז שווער דאָס אַלץ באַ־נעמען, בא אונדז אין שטוב רעדט מען די גאַנצע צײַט פּונקט פאַרקערט... וועגן קיִעם און נאָך אַזעלכע זאַכן. נאָר דאָס האָט דאָך דײַן פּאָשעטער זיידע געבראַכט דעם בײַשפּיל וועגן אַרויסנעמען דאָס אייגענע האַרץ און אַרײַנשטעלן א פּרעמדס. ער איז גערעכט, דײַן זיידע. וואָס זשע זאָל איך טאָן?

— וואָס דאַרפסטו דען טאָן?

— נו, ווי פאַרשטייסטו ניט? מיר איז אַלץ דערעסן. מיר איז דערעסן די פּאַרשטעלטקײַט, די צווייפּענעמדיקײַט.

— צוליב וואָס דערציילסטו דאָס מיר?

— איך ווייס אַליין ניט. איך האָב געמיינט, אַז אַלע לעבן אַזוי, אַז אַנ־דערש קאָן ניט זײַן, און דערפאַר מוז מען... נאָר הײַנטיקער אָוונט... בא מיר איז אַזא צושטאַנד, מיר איז עפּעס זייער ניט גוט. איך ווייס ניט, וואָס וועט זײַן מיט מיר. איך וואָלט איצט אַנטלאָפן אין עק וועלט. נאָר וווהין לויפן?

גייען זיי שוין ווידער ווי פריִער און מע האַלט זיך קינדעריש בא די הענט.

— נאַרעלע, — זאָגט ציפּעלע, — מע דאַרף אין ערגעץ ניט לויפן. מע דאַרף פּאָשעט בלײַבן דאָ.

— וווּ?

— אין אונדזער אייגענער וועלט. אויב דו ביסט זיכער, אַז זי קאָן ווערן דײַנע.

— און דו ביסט זיכער?

— איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם. ניין, ניט אַזוי. נו, יאָ, טאַקע. קיינמאָל ניט געטראַכט, ווײַל איך האָב קיינמאָל ניט געצווייפלט אין דעם, קיין אַנדער וועלט שטעל איך זיך אַפילו ניט פאָר. ס׳הייסט, איך שטעל זי זיך יאָ פאָר, נאָר זיך אין איר קאָן איך זיך ניט פאָרשטעלן.

— איך בין דיר מעקאַנע.

— און ווער לאָזט דיך ניט?

— ווער, ווער... פּסיכאָלאָגישע טראַנספּלאַנטאַציע... ווען מע קאָן געפי־נען דערצו א מאַטעמאַטישע פאָרמולע!

מעגלעך, זיי וואָלטן קיינמאָל ניט געזאָגט איינער דעם אַנדערן דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געקליבן איצט זאָגן, באַזונדערס ציפּעלע. נאָר דער הימל האָט אָנגעהויבן גרוי ווערן און די שטערן האָבן אויך ביסלעכווײַז ניט געסטײַעט. די קורצע זומערדיקע נאַכט האָט שטילערהייט זיך אָפּגערוקט אין א זײַט, נאָר דער שווערער פאָרגעפיל האָט ניט געוואָלט אַוועק. און די ניט קלאָרע געפּאַרן האָבן אָנגעהויבן אויסמאָלן זיך פיל קלאָרער. האָט ציי־פּעלע זיך אָנגערופן:

— טאָליק, דו קענסט מיר ענטפערן אף איין פראַגע? נאָר אַזוי, ניט פאַרשטעלט

— ביטע. איך בין גרייט.
— זאָג, טאַליק, האָסט מיך ליב?
איי, ציפּעלע, זי האָט טאַקע געיאַרשנט פון דער באָבע מאַלקע עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן דערשיטערן, קאָן אַפילע פּלעטן. בא טאַליקן האָט עס ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. ציפּעלע האָט זיך דערשראָקן פאַר זײַן שווײַגן.
— וואָס טראַכסטו אַזוי לאַנג? ווילסט דערצו אָפּזוכן אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע?
טאַליק האָט דערווײַל געקאָנט אַרויסברענגען נאָר איין וואָרט:
— ציפּעלע...
— וואָס ציפּעלע?
— ווי פאַרשטייסטו ניט? ווען ניט דאָס, וואָלט איך דיר וועגן אַלץ אויס־דערציילט? איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן... אָן דיר!
— פאַרוואָס אָן מיר?
— וועסט פאָרן מיט מיר?
— פאַרוואָס דאַרף איך עפּעס פאָרן? פאַרקערט!
— וואָס הייסט פאַרקערט?
— דו וועסט בלײַבן דאָ!
— ווי־אַזוי?
— וועסט זיך אויסבאַהאַלטן.
— ווו?
— אַפילע בא אונדז. מײַן זיידע, ער איז אַן אַלטער קאָנספּיראַטאָר!
— רעדסט נאַרישקײַטן.
— איז פאָר גלײַך אַוועק.
— וווּהין?
— וווּהין דו ווילסט. אַזוי, אַז זאָלסט אַליין ניט וויסן דעם אַדרעס. ניין, ניין, אַזוי טויג ניט, אַזוי וועל איך ניט אויסהאַלטן. דעם אַדרעס זאָלן וויסן נאָר צוויי מענטשן. איך און דו.
— איך ווייס ניט... איך ווייס ניט, צי וועל איך קאָנען.
— האָסט מיך פּאָשעט ניט ליב!
— ניין, ניין, ציפּעלע, וואָס רעדסטו?
— ביסטו אַ פּאַכדן.
— ניין, ניין, ציפּעלע!
— ביסטו פּאָשעט אַ לעמעשקע.
— ניין, ניין!
— וואָס זשע דען ביסטו?
— איך ווייס אַליין ניט. נאָר איך וועל אַ טראַכט טאָן. גוט, גוט, איך וועל אַ טראַכט טאָן.
ערגעץ־וווּ האָט אַ לאַמטערנדל זיך געשפּילט מיט זײַן אייגענעם שאָטן. דער מיזרעכדיקער הימל־ראַנד, וואָס פון יענער זײַט טײַך, איז געוואָרן וואָס אַמאָל בלייכער, פון די בערג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דאָס אופגעוואַכטע ווינטעלע און אַ ווייע געטאָן איבער דער שטאָט מיט באַגינענדיקער פרישקײַט.
נאָר ווער פון זיי ביידע האָט דאָס איצט געקאָנט באַמערקן?!

## 13

דאָווידן האָט זיך געדוכט, אַז קיין שום איבערײַס איז ניט געווען. אַלץ אַפּן זאַוואָד איז אַזוי, ווי ער וואָלט אים ערשט נעכטן פֿאַרלאָזט. אינדערע־מעסן אָבער האָט זיך דאָ אַלץ געענדערט אַף ניט צו דערקענען. עמעס, דער נײַער גרויסער קאָרפּוס, וואָס נעמט אַרײַן אין זיך דרײַ צעכן און וווּ מע האָט איצט געמאַכט אַן אָרט אויך פֿאַרן זאַמל־צעך, איז שוין דאַן געווען, נאָר ער איז נאָך ניט געווען אויסגעשטאַט מיט די הונדערטער ווערקשטעלן, אַווטאָמאַטן און האַלב־אַווטאָמאַטן, וואָס פֿאַרפֿולן דעם גאַנצן אַרום מיט אַ דורכויסיקער ציטערניש.

וואָס זשע איז דאָ געווען און וואָס איז ניט געווען? ניט געווען איז דער דרײַגאָרנדיקער מויער פֿון דער זאַוואָד־פֿאַרוואַלטונג, וואָס האָט אַרײַנגענו־מען אין זיך אַלע אָפּטיילן, קוקט אַרויס אַף דער גאַס אַ ביסל גאַדלעסדיק און פֿאַרשטעלט מיט זײַנע הויכע ווענט אַלץ, וואָס אונטער אים: די צעכן און סקלאַדן, דעם גאַנצן זאַוואָדישן הויף מיט זײַנע אַספּאַלטירטע וועגן און סטעזשקעלעך, מיט זײַנע הויכע טאָפּאָלן און נידעריקע קלומבעס און אויך זײַן אייגענעם פֿאָרגייער, דאָס קליינע מויערל מיטן ווײַסן, שפּיציקן דאַך, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ ראַשיק און אומרויִק לעבן אַריבער צוואַנציק יאָר. דאָווידן דוכט זיך, אַז נאָך איצט דאַרפֿן די צימערלעך פֿון אָט דעם מויערל האַלטן אין זיך די אָפּהילכן פֿון יענע נעכט, ווען דאָס מויערל איז אָפּגענומען געווען דאָס אומרויִקע האַרץ פֿונעם אופֿקומענדיקן און וואַקסנדיקן זאַוואָד.

האָט ער געמוזט צוקומען צום מויערל, ווי ער קומט אָפּט צו צום שטיבל אַפּן ייִדישן געסל. צוגעקומען, אַ קוק געטאָן אַף דעם פֿון דרויסן, ווי עס באַגעגענען זיך אַמאָל צוויי אַלטע באַקאַנטע, נאָר אַרײַנקומען אינעווייניק ניט געוואָלט, ניט געקאָנט, פּונקט ווי ער קומט קיינמאָל ניט אַרײַן אין זייער אַמאָליקער דירע.

אַלץ ווי געווען, און אַלץ קימאַט ניט צו דערקענען. דער שמועס מיטן דירעקטאָר איז אויך געווען אַן אומגעוויינלעכער.

— פֿאַרוואָס עפּעס פֿאַר אַ קלאַדאָווושטשיק? — האָט קיריל פּעטראָוויטש זיך געבייזערט. — דאָס טוסטו מיר אַף צולאָכעס? וואָס וועט דער אוילעם זאָגן?

— וואָס דאַרפֿן זיי דען זאָגן?

— געווען סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָם און איצט קלאַדאָווושטשיק? פֿאַר וועלכע זינד?

— וואָס זשע, אַ סעקרעטאַר איז דען אַן אייביקע שטעלע? דו וועסט אויך ניט אייביק זײַן דירעקטאָר.

— עפּשער קאָן מען אָן שטעכווערטלעך?

— ווי פֿאַרשטייסטו ניט? נעם איך איבער די אינסטרומענטאַלקע, באַ־פֿרײַ איך אַ גוטן שלאָסער.

— האָסט שוין דאָס אויך אויסגעפּאָרשט?

— וואָס זשע, איך בין אַ נעכטיקער?

— דײַן זאַך. איך ווייס דאָך, דיך וועל איך ניט איבערשפּאָרן. נאָר געדענק.

די געוויינלעכע אינסטרומענטאַלקע אַליין איז געוואָרן פאַר פיל ביז גאָר אומגעוויינלעך. יעדן גאַנצפרי, ווי נאָר דאָוויד האָט געעפנט דאָס פענצטערל, האָט גלײַך זיך אויסגעשטעלט אַ ריי. איינער דאַרף דרינגענדיק אַ שליסל, אַ צווייטער אַ שרײַפּל, אַ דריטער מוז בײַטן אַ דעטאַל, וואָס ער האָט באַקומען נעכטן, און אַ פערטער... ערשט דערנאָך האָט דאָוויד פאַר־שטאַנען, אַז די זאַך איז ניט אין די שליסלען און אין די שרײַפּעלעך. יעדע־רער וויל פּאַשעט אַ קוק טאָן אויף אים, ווי זעט ער איצט אויס, דאָוויד מי־כײַלאָוויטש, ווי פילט ער זיך ניט אינעם קאַבינעט מיטן לאַנגן טיש, נאָר באַם פענצטערל פון דער אינסטרומענטאַלקע, אין אַ געוויינלעכער ספּע־צאָווקע, מיט הענט פול מיט זשאַווער־שטויב, אַזאַ געוויינלעכער, ווי זיי אַלע, אַ פּאַשעטער זאַקן, וואָס פאַרהוסט זיך גאַנץ אָפט, ווערט דערבײַ רויט און בלייך און עס שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן.

נאָך אַלע ראַשיקע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מע האָט באַהאַנדלט דעם אופרוף פון דער דירעקציע און פּאַרטקאָם, פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע דאָס פײַער איז געווען אַ סאַך שטאַרקער ווי מע האָט זיך געריכט, איז דאָווידס קומען אַפן זאַוואָד אופגענומען געוואָרן ווי אַ זאַך, וואָס איז פאַר־בונדן מיט יענע פאַרזאַמלונגען.

דער געפיל, אַז קיין שום איבערײַס איז ניט געווען, איז געוואַקסן בא אים פון טאָג צו טאָג, באַזונדערס נאָך דעם, ווי מ׳האָט אָנגעהויבן קומען שוין ניט נאָך קיין שליסלען און ניט נאָך קיין שרײַפּעלעך, נאָר גלאַט אַזוי אַ שמועס טאָן. פריִער האָט יעדערער זיך געפילט בא אים אין קאַבינעט אַ ביסל אומהיימלעך און דאָס אַרײַנקומען אַליין איז אויך געווען ניט קיין וואָכעדיקע זאַך, און איצט איז ער אַזוי צוטריטלעך און אַזוי פּאַשעט, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון פּאַרטקאָם.

— איר געדענקט, ווען מײַן סטעפּע האָט מיך פאַרשלעפּט צו אײַך? אוי, האָט איר מיר דאַן אַרײַנגעזאָגט!

שמייכלען זיי ביידע, דער אַלטער שלאָסער לוקין פּאַוולאָוויטש און דאָוויד.

— איך געדענק, איך געדענק, — ענטפערט ער. — נו, און ס׳האָט גע־האָלפן?

לוקין פירט מיטן פינגער אויף רעכטס און אויף לינקס.

— ני, ני. קיין טראָפּנדל! סײַדן אין אַ יאָמטעוו.

דער מײַסטער פון אינסטרומענטאַלן צעך איליא ניקאָלײַעוויטש, אַ יונ־גערמאַן מיט די ערשטע גראָוועע האָר אין די שלייפן, מוז וויסן, צי דאָוויד געדענקט, וויאַזוי ער האָט אים געשלעפּט אין דער אָוונט־שול פון איין קלאַס צום צווייטן און וויאַזוי יענער איז אַלעמאָל אַנטלאָפן.

— מיר איז געווען אַ ביזאָיען, איר פאַרשטייט? איך, אַ טאַטע פון קינ־דער, צווישן יונגע כעוורעניקעס. און די לערערקע, אַליין נאָך גאָר אַ קינד. אַלע מאָל, ווען איך האָב געדאַרפט אַרויסגיין צום טאָוול, האָב איך זיך געפילט, גלײַך מע פירט מיך אויסשמײַסן.

— אָבער מיט אַזאַ קאָפּ! — טײַנעט צו אים דאָוויד, ווי אַמאָל.

— א דאנק אײַך. איצט בין איך שוין אפן צווייטן קורס. קומט, וועל איך אײַך ווײַזן, וואָס איך האָב צוגעטראכט.

און דאָס איז שוין געווען אינגאנצן אומדערלאָזבאר. אלנפאלס, אזוי האָט דאָס אָפּגעשאצט דאָוויד אליין. עס קומט צו גיין א מענטש, וואָס ער קען אים אפילו ניט. דאָוויד האָט אפילו זיך געמוסערט דערפאר. ווײַל ער איז געווען זיכער, אז ער קען אלע ארבעטער ביז איינעם. ער האָט ניט געוווסט, אז יענער איז אָנגעקומען אפן זאוואָד ערשט ניט לאנג. קומט צו גיין אזא מענטש, קוקט זיך דערבײַ ארום, צי קיינער שטייט ניט, און רעדט ארויס שטיל, ווי א גרויסן סאָד:

— כאווער סעקרעטאר, איר מוזט מיר געבן אן אייצע.

— איך בין איצט ניט סעקרעטאר, — פארענטפערט זיך דאָוויד.

— איך ווייס, איך ווייס. נאָר מע האָט מיר דאָ דערציילט וועגן אײַך... איך האָב אפילו געוואָלט גיין צו אײַך אהיים.

וויקטאָר זאכאראָוויטש, דער יונגער סעקרעטאר פון פארטקאָם, האָט אפילו אָנגעהויבן אייפערן א ביסל:

— מע גייט צו אײַך מערער, ווי צו מיר!

— יונגערמאן, — האָט דאָוויד געשפאסט, — אז איר וועט זײַן אין מײַנע יאָרן... מיר האָבן וואָס צו דערמאָנען!

מערער פון אלץ האָט אלעמען געוווּנדערט דאָס, וואָס דער דירעקטאָר אליין איז אויך געוואָרן אן אָפטער גאסט אין דער אינסטרומענטאלקע, גלײַך אים אליין פעלט אויך עפּעס א שליסל צי א שרײַפל.

— איך וויל זיך א ביסל אָפּרוען בא דיר, — שמייכלט ער צו דאָווידן און זעצט זיך צו אפן בענקל, וואָס האָט זיך באוויזן אין דער אינסטרומענ־טאלקע, טאקע פאר די באזוכער. — א ביסל אויסבאהאלטן זיך פון די טעלעפאָנען.

ער זיצט א ווײַלע שווײַגנדיק, גלײַך ער איז טאקע געקומען א ביסל אָפּרוען זיך, דערנאָך הייבט ער אָן א ביסל ארויסרעדן דאָס הארץ:

— ווייסט, פאר וועמען איך האָב איצט מוירע מערער, ווי פארן מיניס־טער? פאר דער דירעקטאָרשע פון דער הענטשקעס־פאבריק. איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אז ראָיסא גריגאָריעווּנא איז אזא פארביסענע.

פארשטענדלעך, אז ניט נאָר אָפּרוען זיך א ביסל און ניט נאָר בארעדן די דירעקטאָרשע פון דער הענטשקעס־פאבריק קומט ארײַן אין דער אינ־סטרומענטאלקע קיריל פעטראָוויטש. ער האָט אלעמאָל וועגן וואָס זיך דורכשמועסן, וועגן וואָס דערמאָנען זיך און וואָס באטראכטן, טראכטן אין דער הייך וועגן די זאוואָדישע איניאָנים אזוי, אז דאָוויד זאָל זיי הערן. און זאָל זאָגן דערבײַ עפּעס אזוינס... וועלן זיי זיך שוין דורכשמועסן, אפילו א קריג טאָן זיך, און דערנאָך וועט קיריל פעטראָוויטש א זיפץ טאָן אין זיך און א זאָג טאָן:

— יאָ, פארקאָכט א קאשע...

פון דעם, ווי קיריל פעטראָוויטש רעדט דאָס ארויס, איז צו זען, אז די קאשע איז אים דאפקע געפעלן, אז ער פילט זיך גאָר בעסער, אפילו יינ־גער אין אָט דער יאָגעניש, אין אָט דעם טומל און ראש, אין אָט דעם אליא־

רעם, וואָס ברענגט אראָפּ אַלע טאָג אין די צעכן פֿאַרשטייער פֿון שטאָט־קאָם און געגנטקאָם.

בא אַלעמען באַקומט זיך, אַז אין אַלץ איז שולדיק קיריל פּעטראָוויטש. ראַיסאַ גריגאָריעוונאַ, דער דירעקטאָר פֿון דער הענטשקעס־פֿאַבריק, איז שטענדיק פֿול מיט טײַנעס צו אים. מוז ער זיך אויסבאַהאַלטן פֿון איר בא דאָווידן אין דער אינסטרומענטאַלקע.

און אינמיטנדערינען — וואַסער.

— וואַסער, וואַסער, וואַסער!

מאַמעש ווי אַף אַ סרייפֿע.

— וואַסער, וואַסער!

אַלע הונדערטער ווערקשטעלן מוזן האָבן וואַסער. דער שטאָלגוס־צעך מוז אַוואַדע האָבן וואַסער, די מאַליאַרקע דאַרף אויך וואַסער, און אַפֿילע די לאַבאָראַטאָריע קאָן זיך אויך אָן וואַסער ניט באַגיין.

נאָר דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער איניען. כאָטש ער האָט אַ שײַכעס צום זאַוואָד, צו יעדער שרײַפֿעלע, נאָר פֿונעם זאַוואָד איז דאָס ניט אָפּהענגיק, ווײַל ער איז ניט איינער אַזאַ מעיוכעס. וואַסער דאַרף האָבן אויך די הענטשקעס־פֿאַבריק, וואָס בויט זיך נאָך אַלץ, וואַסער דאַרפֿן האָבן אַלע בויער און אַלע אַרומקומענדיקע פֿילגאָרנדיקע מויערן, וואָס אַרום דעם זאַוואָד און אַרום דער פֿאַבריק, אַלע נײַע גאַסן, דער גאַנצער נײַער מיקראָראַיאָן.

— וואַסער, וואַסער!

וואָס זשע האָט ראַיסאַ גריגאָריעוונאַ טײַנעס בלויז צו אים, צו קיריל פּעטראָוויטשן?

ער אַליין האָט אויך טײַנעס. אָן וואַסער איז אומפֿאַרמײַדלעך בראַק. קומט אויס, אַז קיריל פּעטראָוויטש האָט טײַנעס צו דאָווידן.

— פֿאַרשטייסט, — פֿאַרענטפֿערט אים דאָוויד. — יעדערער דאַרף זיך פֿילן אַזוי, גלײַך אַף אים האַלט זיך דער גאַנצער פֿינפֿיאָר.

— נו, און אויב עמעצער מיינט, אַז עפּעס אַ פּעטער וועט פֿאַר אים אַלץ אָפּטאָן?

— צום באַדויערן, פֿאַראַן אויך אַזעלכע.

דעם זאַמל־צעך האָט דאָוויד גענומען אַף זיך. ווען וויקטאָר זאַכאַראָוויטש האָט געפֿרעגט בא אים, וואָס פֿאַר אַ פּאַרטיייִשן אויפֿטראַג וואָלט ער גענומען אַף זיך, — יעדער קאָמוניסט מוז דאָך האָבן אַ באַזונדערן אויפֿטראַג, — האָט דאָוויד אַפֿילע ניט פֿאַרטראַכט זיך.

— איך נעם דעם זאַמל־צעך.

גראָד שוליען איז ניט אָנגעשטאַנען, וואָס זײַן געהויבענער מעכוטן איז פֿלוצלינג געוואָרן אַ פּאַשעטער קלאַדאָוושטשיק. כּדי וואָלט ער שוין בעסער געבליבן אַזאַ, ווי געווען, אַ געוועזענער סעקרעטאַר. און אויב אים האָט זיך אַזוי געוואָלט אונטערשטעלן אַ פּלייצע, האָט ער געקאָנט נעמען אַף זיך אַ פּאַרטיייִשן אויפֿטראַג און שוין. נאָר אָפּשטיין עטלעכע שאָ אין דער אינסטרומענטאַלקע און האָבן צו טאָן מיט שליסלען און שרײַפֿעלעך?

דאָס איז ניט פאַר אים. בליומען אליין איז דאָס אויך ניט געפעלן געוואָרן. אלע גאַנצפרי, ווען זי האָט איבערגעגעבן מיט שוליען עפּעס א צובײַסעכץ פאַרן מעכוטן, האָט זי אים צוגעגעבן אויך א שטיקל הריזעניש:

— קאָנסט אים ניט זאָגן? ס'איז דען פאַר זײַן געזונט?

אָט טאַקע איבערן געזונט האָט שוליע זיך געקריגט מיט ניקיטען. ניקיטא האָט געטײַנעט, אז מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן, וואָס איז פאַרן געזונט בעסער. עס קאָן זייער שיין זײַן, אז גראָד אין אָט דעם ראש, אין אָט דער הודעניש און יאָגעניש פילט ער זיך געזינטער. ניקיטא האָט דאָס אליין געהערט פון איינעם א דאָקטער.

— א מאָשל, — קרימט זיך שוליע, — דאָ איז דאָך גאָר אן אנדער איניען.

איז שוין שוליע בייז אף זיך אליין. אים איז דערווידער, וואָס ער מוז אלע גאַנצפרי צוטראַכטן עפּעס א מײַסע פאַר די קנישעקלעך, ווײַל אָן עפּעס א מײַסע, וואָס איז דאָס פאַר א צוטראָגן דאָווידן יעדן גאַנצפרי קנישעקלעך? אים איז אויך דערווידער דאָס אונטערכאַנפענען ניקיטען און בעטן אים, אז יענער זאָל אוועקטראָגן דאָס צובײַסעכץ, ווײַל ער האָט א דרינגענדיק שטיקל ארבעט, כאָטש ניקיטא ווייסט גאַנץ גוט, אז דאָס איז צוגעטראַכט. האָבן זיי זיך געשפּאַרט א טאָג צוויי, ביז זיי האָבן זיך אויסגעגלײַכט. איין טאָג גיט דאָס איבער שוליע, א צווייטן טאָג ניקיטא.

— און וואָס זאָל איך אים זאָגן? — איז בא ניקיטען אלע מאָל די זעלבע פראַגע.

— זאָג אים, דו ביסט געקומען נאָך עפּעס אן אייצע.

— זע נאָר, זע נאָר, — שמייכלט שוין ניקיטא. — כ'האָב גאָר ניט געוווסט, אז דו ביסט אזא כאָכעם!

איז דאָוויד שוין געוווינט דערצו, אז אלע טאָג זאָל עמעצער אנדערש קומען צו אים נאָך עפּעס אן אייצע. נאָר אז די מעכוטענעסטע זאָל פאַרשלעפּן אהער נאָך אן אייצע שיפרע די קישעפמאכערן?..

ווען ס'איז געגאַנגען די דינגעניש פאַרן נאָמען און די שטילע, די געראָטענע שנור האָט בײַסמײַסע א זאָג געטאָן, אז דערווײַל פאָרט זי נאָך אין ערגעץ ניט, איז דאָס לייזערן אין איין אויער ארײַן און אין דעם אנדערן ארויס. מאלע וואָס זי האָט דאָרטן א בורטשע געטאָן. א קימפּעטאָרן. ווייסט אליין ניט, וואָס זי רעדט. זי האָט בא אים א קליינע דייע. עס וועט קומען די צײַט, וועט מען זי אײַנפּאַקעווען, ווי מע פאַרפּאַקעוועט די קאַסטנס. זי וועט אפילע ניט באַווײַזן זיך ארומקוקן. און מיטן נאָמען? כאַפּט דער רועך דעם נאָמען, פאַר געלט וועט ער קריגן עטלעכע נעמען און פון א שענערן יכעס ווי שיפרע די קישעפמאכערן. נאָר אף אזוינס האָט לייזער זיך ניט געריכט. ווען מע האָט געדאַרפט אוועקטראָגן די פּאַספּאָרטן, האָט כאַנעלע אזוי קאַלטבלוטיק, גלײַך עס גייט א רייד וועגן עפּעס גאָר א קלייניקײַט, א זאָג געטאָן:

— מײַן פּאַספּאָרט גיב איך ניט.

— וואָס הייסט?

— איך האָב נאָך צײַט. איך וועל זיך נאָך מעיאשעוו זײַן.

א שיינע מײַסע. ווער האָט עס צײַט און מיט וועמען דארף מען זיך עס מעיאשעוו זײַן? שוין עטלעכע כאדאָשים, אז זיי שלאָפן ניט דורך די נעכט און קוקן ארויס אָף דער דערלויבעניש, ווי אָף מאָשיִעכן, וועט זי זיך ערשט מעיאשעוו זײַן.

פייסיע, דער מאן אירער, וואָס איז שטענדיק א ביסל שיקערלעך, האָט טייקעף זיך אויסגעניכטערט. פארשטאנען, אז ער אליין וועט גאָרנישט ניט אופטאָן מיט זײַן אקשנטע, איז ער גלײַך אוועק נאָך הילף. זאָל דער טאטע אליין זיך דורכשמועסן מיט איר. דערהערט, אז די שנור, די כוצפעניצע, האָט אזוינס געזאָגט, זײַנען זיי אוועק אהין אינדרײַען. אין לייזערן האָט אלץ געקאָכט, זײַנע ציטערנדיקע פויסטן זײַנען גרייט געווען אָף אלץ. דאָבע האָט געגראבלט מיט די נעגל דאָס פּאָנעם און געפרוווט צונויפשארן די צעשויבערטע האָר. סאבינע, ווי שטענדיק אן אויסגעפוצטע, האָט ניט פאר־געסן א שפּיגל טאָן זיך אין יעדער ערשטשטאָקיק פענצטער. ארײַנגעריסן זיך אין שטוב, ווי א וויכער, צעפּראלט די טירן, זײַנען זיי גרייט געווען טאָ־קע גלײַך א כאפּ טאָן כאנעלען מיטן קינד, פארפאקעווען זיי און אוועק־טראָגן. נאָר אין שטוב לעבן דעם וויגעלע איז געזעסן די מעכוטענעסטע שיפרע. זיי האָבן גוט געוווּסט, אז שיפרע קאָן באשטיין פאר צען, און גלײַך א ביסל אָפּגעקילט געוואָרן. דעם „גוטמאָרגן" האָבן זיי אלע דרײַ גע־לאָזט אין דרויסן, און ווײַל זיי האָבן ערשט געדארפט א טראכט טאָן, ווי צוטרעטן צום איניען, האָט שיפרע אָנגעהויבן די ערשטע:

— הערט זשע מיך אויס, מײַנע ליבע מעכוטאָנים, ווען מיר האָבן א שידעך געטאָן, איז ניט געווען קיין טנײַ, אז איך גיב אוועק מײַן טאָכטער אָף ארויסצופירן.

דאָבע האָט זיך געמאכט, גלײַך זי האָט ניט געהערט, וואָס די מעכוטע־נעסטע האָט געזאָגט. איר פארקרימען האָט בלויז געדארפט ווײַזן, אז די ווערטער פון דער „קישעפמאכערן" זײַנען פאר איר בלאָטע. א שטעל גע־טאָן זיך קעגן כאנעלען און אײַנגעקלעמערט די הענט אין די קליבעס, האָט זי אויסגערופן:

— איך וויל הערן, וואָס מײַן שנור וועט זאָגן!

דאָס האָט געדארפט הייסן, אז כאנעלע איז ניט נאָר שיפרעס טאָכטער, נאָר אויך איר, דאָבעס, שנור. און זי האָט איבער איר אויך א שטיקל דייע. כאנעלע האָט א זיפץ געטאָן און אָנגעבויגן דעם קאָפּ איבערן וויגעלע:

— איך האָב מײַנס שוין אָפּגעזאָגט.

סאבינע האָט, אפּאָנעם, לאנג געווארט אָף אזא מינוט, זי זאָל קאָנען ווײַזן, ווער פון זיי איז די גערעכטע שנור.

— דו ווייסט, וואָס דו רעדסט? מיר האָבן אלע זיך שוין אראָפּגענומען פון דער ארבעט!

— דו אויך אפילע?

סאבינע האָט, פונקט ווי פריִער די שוויגער אירע, געמאכט זיך, אז זי האָט ניט באמערקט כאנעלעס שמייכעלע.

— מיר האָבן זיך שוין פארפאקעוועט!

— נו, איז פֿאַרט געזונטערהייט!

— לייזער, — האָט דאָבע אויסגעשריגן און זיך א כאַפּ געטאָן פֿאַר די צעשויבערטע האָר, — לייזער, דו הערסט, וואָס זי זאָגט? איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! זי איז פֿון זינען אַראָפּ, די שנור אונדזערע.

לייזער האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, ער האָט בלויז עטלעכע מאָל זיך צוגעזעצט אויפֿן בענקל, אָפּגעזעסן א מינוט, ראַשיק זיך א הייב געטאָן, דורכ־געשפּאַנט איבערביידע צימערן, ווידער זיך צוגעזעצט און הויך געסאָפּעט. ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווי איז אַזוינס מעגלעך? די שנור, וואָס האָט, דוכט זיך, געדאַרפֿט טויזנט מאָל אין טאָג בעטן גאָט פֿאַר אים, פֿאַר דעם כעסעד, פֿאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט געטאָן מיט איר, אָט די שטילע און ווילע שנור זאָל פּלוצעם אָנהייבן בריקעווען זיך אין אַזא מינוט, ווען אַלץ איז געשטעלט אין קאָן!

ער האָט אַרויסגעסיפּעט בייז און שטיל:

— מע האָט זיך צוגעווינט צום ביסל דאַלעס, און מע מיינט...

האָט שוין שיפֿרע ניט געקאָנט אויסהאַלטן:

— איך וועל ניט פֿאַרבײַטן מײַן ביסל דאַלעס אויף אַלע אײַערע קאַסטנס.

אַלע טירן און פֿענצטער זײַנען געווען צעעפֿנט, נאָר דאָבען איז מיטא־מאָל געוואָרן דושנע אויף צו כאַלעשן. זי האָט געפּאַכט מיט ביידע הענט אויף איר צונטער־רויט פּאָנעם און געקוקט אויף איר לייזערן דראָענדיק און פֿאַרדעכטיק. זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס ער, לייזער, שווײַגט.

יאָ, אויף אַזוינס האָט ער זיך ניט געריכט. און אויב ס׳וועט ווײַטער גיין אַזוי, קאָן זיך אַלץ צעפֿאַלן. פֿאַרפֿירן א קריג איז אויך ניט קיין אייסעק. האָט ער שטיל אַרויסגעברומט:

— לאַנג זיך מעיאַשעווו זײַן איז ניטאָ ווען, הײַנט אין אָוונט...

דאָס איבעריקע האָט ער געלאָזט אין זיך, ווײַל ער האָט אַליין ניט גע־ווּוסט, וואָס וועט זײַן הײַנט אין אָוונט און וואָס וועט ער צוטראַכטן צו יענער צײַט.

וווהין זשע האָט שיפֿרע געזאָלט לויפֿן זיך אָן אייצע האַלטן, אויב ניט צו בליומען? אויסגעהערט די געשיכטע פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף, איז באַ בליומען אויסגעקומען, אַז סאַמע דאָס שרעקלעכסטע איז דאָס, וואָס לייזער האָט געזאָגט „הײַנט אין אָוונט“. ווען ער לייגט דאָס אָפּ אויף מאָרגן, וואָלט דער אָוונט געווען זייערער, וואָלטן זיי אַוועק צו דאָווידן, און ער וואָלט אַן אייצע געגעבן. נאָר אויפֿן זאַוואָד האַלט מען איצט אין איין שטורעמווען און אַלע קומען אַהיים שפּעט אין אָוונט. איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן. אויס־געלאָשן דאָס אייוועלע, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם פֿאַרטעך און א קאָ־מאַנדעווע געטאָן:

— נעם כאַנעלען מיטן קינד און קום.

— וווהין?

— מירן צופֿאָרן אויפֿן זאַוואָד, צו מײַן מעכוטן.

— צו דאָווידן?

— יאָ, יאָ, צו דאָווידן. ער איז א מעסוקענער פּאַרטייניע. ער איז דאָרט אַלע יאָרן געווען דער גלאַוונע. און אַפֿילע איצט...

ווען מע האָט דאָווידן איבערגעגעבן, אַז אינעם צימער פֿונעם קאַדרען־

אָפּטייל ווארט אױף אים זײַן מעכוטענעסטע, האָט ער געמיינט, ווער ווייסט וואָס ס'האָט געטראָפן. עפּשער עפּעס מיט שיינדלען, צי עפּשער גאָר עפּעס מיט ציפּעלען. דערזען באַנאַנד מיט דער מעכוטענעסטע שיפרען, ווען ער האָט שוין ניט געזען אריבער א יאָר, און אַן אומבאַקאַנט יונג ווײַבל מיט א קינד אױף די הענט, האָט ער זיך גאָר ווי פאַרלאָרן. אויסגעהערט דאָס, וואָס די מעכוטענעסטע בלומע האָט דערציילט, איז אים שוין אליין געוועזן שווער באַשטימען זײַן צושטאַנד. שיפרע האָט געשוויגן. זי האָט בלויז צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ, געבנדיק צו פאַרשטיין, אַז אַלץ, וואָס בלומע דער־ציילט, איז ריינער עמעס, אַלץ איז פּונקט אַזוי, גלײַך בלומע וואָלט געוועזן דערבײַ.

— איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר? — האָט דאָוויד געפרעגט.

— גיט אונדז אַן אייצע, — האָבן אין איין קאָל אַרויסגערעדט בלומע מיט שיפרען.

דאָס ווײַבל מיטן קינד אױף די הענט האָט געשוויגן.

דאָוויד איז די אַלע טעג געווען אַזוי ווײַט פון דעם אַלעמען, אַז די דאָזיקע געשיכטע האָט זיך אַרײַנגעריסן אַהער, ווי יענער פאַרדומפּענער קלאַנג פון דער היליאָטינע, וואָס פּאַסעוועט די בויגנס שטאָל. ער האָט פּונקט, ווי זײַן מיכל, ניט ליב די דאָזיקע מאַשין מיטן ניט גאָר פײַנעם נאָמען. און די יוגנט־בריגאַדע, איבער וועלכער ער האַלט שעפטום, גע־פינט זיך מיט יענער מאַשין אין סאַמע נאָענטער שכיינעס. גוט, וואָס ניט שטענדיק אַרבעט זי, די מאַשין. זי האָט איצט מיטאַמאָל א גרילץ געטאָן אין די אויערן מיט דער גאַנצער העסלעכקײַט פון איר ברומענדיקער שטים. ער האָט געקוקט פון דער זײַט אױפן יונגן ווײַבל, וואָס איז געווען איצט זײַנע א ווײַטע קרויווע און אױף אַזאַ אומדערוואַרטן אופן אים ווידער צונויפגעשטויסן מיט לייזערן. ניין, דער דאָזיקער געדאַנק איז געקומען שפּעטער. פריער האָט ער פּאַשעט באַקוקט איר ציגײַנעריש־טונקל און לענג־לעך פּאָנעם און די קליינינקע אוירינגלעך, וואָס האָבן ווי אונטערגעשפּאַרט די לעפּלעך פון אירע ווײַסלעכע אויערן. ער האָט אפילע א שמייכל געטאָן. דער שמייכל איז געקומען דערפון, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ער האָט געוווינט אינעם ייִדישן געסל, פלעגט ער יעדן אָוונט, גייענדיק פון דער אַרבעט אַהיים, טרעפן עפּעס א שנעקל, וואָס איז אַנשלאָפן געוואָרן בא דער וואַנט. ער האָט שטענדיק געוווסט, ווער מעס דאָס איז, ווײַל צו יענער מינוט האָט שיפרע די „קישעפּמאַכערן" באַוויזן איבערציילן איר ביסל דרויב, געכאַפּט זיך, אַז איינס פעלט, און געשריגן איבער דער גאַנצער גאַס:

— מאַניעלע, ווו ביסטו?

— כאַנעלע, ווו ביסטו?

טאַקע איבער אָט די געשרייען און זוכענישן האָט ער פאַרגעדענקט שיר ניט אַלע נעמען פון שיפרעס קינדער. ניט איין מאָל האָט ער אַליין אופגעהויבן דאָס שנעקל פון דער ערד און א שלאָפנדיקס אָפּגעפירט אַהיים. זײַנען זיי שוין אויסגעוואַקסן, הייסט עס, אייניקע אפילע שוין כאַסענע געהאַט, און איינע פון זיי איז געוואָרן זײַנע א קרויווע.

— דאָס איז מאַניעלע? — האָט ער גלאַט אַזוי געפֿרעגט.
— ניין, דאָס איז כאַנעלע, — האָט שיפֿרע געענטפֿערט מיט שטאָלץ. — זי האָט געענדיקט אַ טעכניקום!

דאָוויד האָט אַליין ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס איז ער געוואָרן אַזוי בייז און מיט וואָס זײַנען געווען שולדיק די, וואָס זײַנען געקומען צו אים נאָך אַן אייצע. נאָר אַזעלכע שווערע אייצעס האָט ער רעכט געהאַט געבן בלויז זיך אַליין, אַזוינס וואָלט ער געקאָנט אייצענען זײַן מאַלקען. און ווען די שאַ זאָל ניט זײַן, וואָלט ער מיט דער זעלבער שטרענגקייט און אומראַכמאָנעסדיקייט געקאָנט אַזוינס זאָגן אויך זײַן ציפּעלען. נאָר ווי זאָגט מען אַזוינס אַ יונג ווײַבל מיט אַ קליין קינד אויף די הענט?

כאַנעלע האָט געוויגט דאָס קינד און אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק אויף דאָ־ווידן. און גראָד דאָס, וואָס איז געווען פֿאַרבאָרגן פֿון דאָווידס אויג, פֿון דאָווידס פֿאַרשטאַנד, האָט אים נאָך מערער געבייזערט. גראָד דאָס טיף פֿאַרבאָרגענע האָט אים ווידער געדאַרפֿט צונויפֿשטויסן מיט לײַזערן.

— זאָג דעם עמעס, האָסט אים ליב, אָט דעם פּייסיען?

כאַנעלע האָט אופֿגעהויבן אירע פֿאַרטרערטע אויגן אויף דער מאַמען. אין איר בליק, אַ קינדעריש־אומבאַהאָלפֿענער, ווי בײַ אַ שילערן, וואָס בעט, מע זאָל איר אונטערזאָגן, איז געווען יענץ פֿאַרבאָרגנס, וואָס דאָווידן איז שווער געווען פֿאַרשטיין. כאַנעלע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען, שיפֿרע האָט אַ קוק געטאָן אויף בלומען, און אַלע דרײַ אײַנײַנעם אויף דאָ־ווידן. אָט דער שוטפֿעסדיקער בליק האָט געדאַרפֿט הייסן: וואָס זשע, איר קענט ניט אָט דעם פּייסיען?

און דאָך, אַפֿילע נאָך אָט דעם שטומען ענטפֿער האָט דאָוויד ניט גע־קאָנט אַרויסטראָגן זײַן פּסאַק. האָט ער ווידער בלויז געפֿרעגט:

— און אויב אַ גער?

געענטפֿערט האָט שיפֿרע, געענטפֿערט אַזוי, גלײַך זי האָט נאָרוואָס אַרײַנגעכאַפּט עפּעס אַ גרויס געווינס.

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? אַז איך האָב אויסגעהאָדעוועט צען קינ־דער, קיין אײַנהאָרע, וועל איך ניט אויסהאָדעווען נאָך אַ פּאָר אייניקלעך?

14

— זאָלט איר וויסן זײַן אַזוי. פֿון אַ קליין כאַזערל וואַקסט אויס אַ גרויסער כאַזערינע, פֿון אַ קליין כאַפּוגעלע אַ גרויסער גאַנעוו. און נאָך זאָלט איר וויסן: אַז מע זאָגט מעשוגע, זאָל מען גלייבן...

בלומע שיסט דאָס אַרויס אין איין אָטעם, און ערשט נאָכדעם לייגט זי צו די האַנט צום האַרצן, מאַכט דערבײַ אַזאַ מינע, גלײַך ס'האָט זי דאָרטן אַ שטאָך געטאָן. אָפּגעדעכעט און אַרײַנגעצויגן צוריק דעם אָטעם מיט אַ שטיקל „אוי״, הייבט זי אָן באַקוקן זיך אַליין פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. צי זעט זי ניט אויס אַ ביסעלע צו, ווי זאָגט מען דאָס... ווײַל ווי נעמט עס אַ ייִדענע און לויפֿט אוועק אָט אַזוי־אָ, ניט קיין צוגעקעמטע, אינעם פֿאַר־פֿלעקטן פֿאַרטעך, אין די אָפּגעריבענע שטעקשיך?

— הערט מיך, מעכוטן, — דאָס פאַרענטפערט זי זיך פאַר איר הוילעך.— איך האָב געפילט, אַז אויב איך לויף גלײַך ניט אוועק צו אײַך און דער־צייל דאָס ניט, וועל איך פּאַשעט צעזעצט ווערן. האָב איך ארויסגעשטעלט די וועטשערע אפן טיש, ווײַל זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די יאָגעניש מיט די אווטאָמאטן, ווייס איך קיינמאָל ניט, ווען זיי וועלן קומען אהיים. שוליע שטורמעוועט בא זיך, און באָריס שוין אָפּגערעדט. מיכלען זע איך דער־ווײַל אויך ניט. אָף שיינדלען פרעג איך שוין ניט.

ער איז טאַקע געווען מיד. נאָר וויבאַלד די מעכוטענעסטע איז געקומען, וועט אים שוין אומעטיק ניט זײַן. און בליומע, כאָטש דאָס, וואָס זי האָט געהאט צו דערציילן, האָט מאַמעש ארויסגעשפּאַרט פון איר, האָט אָנגעהויבן גאָר פונדערווײַטנס:

— איר זעט? איך בין אזוי געלאָפן צו אײַך, אַז איך בין צו ווײַט פאַר־לאָפן. די מײַסע איז גאָר אַן אנדערע. כאַצקעלע שאַמעס קענט איר דאָך. א קוק טאָן אָף אים — טויג ער זיך אויס פאַר א שאַמעס, ווי מיירל קאַבאַנ־טשיק פאַר א מעשוגענעם. נאָר — זעט איר דאָך. ער מאַכט ניט קיין שלעכ־טע געשעפטן. זיך אויסגעלערנט מאַכן א קאָלעקטיוון קאַדעש און ארײַנ־כאַפּן פאַר איין טאָג עטלעכע פינפערלעך. נו, מיילע, אַז נאַראָנים גיבן, פאַרוואָס זאָל ער ניט נעמען? זאָלט איר אָבער זען, ווי ער שפּאַנט איצט ארום איבערן געסל און טײַנעט זיך אויס מיט יעדערן אזוי, אַז מע קאָן מיי־נען, אַז די סאָוועטסקע וולאַסט האָט אים פּאַשעט אָפּגעקוילעט. דאָס ברויט איז בא אונדז קיין ברויט ניט, די הינער זײַנען קיין הינער ניט, די עפּל קיין עפּל ניט. נו, און וועגן מאַראַנצן... אויך מיר א מעלוכע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע מאַראַנצן. אָט, דאָרטן!.. נו, אָף מיר מעגט איר זיך פאַרלאָזן. איך האָב אים אזוי אָפּגעכרענזלט, אַז ער וועט האָבן צו געדענקען. דו, אַזוינער און אַזוינער, זאָג איך אים, ווער האָט דיך ארויסגעשלעפּט פון דער געטאָ, ווער האָט דײַנע קינדער געשטעלט אָף די פיס, פאַר אינזשעניערן געמאַכט? ווילסט פאָרן אהין, פאָר דיר צו אלדי רוכעס, זאָג איך, נאָר גיי ניט ארום און טרײַב ניט קיין רעכילעס, פּאַטשקע ניט אונדזער ערד און אונדז אליין, שפּײַ ניט, זאָג איך אים, אין דער קרענעצע, ווײַל „שע פּרעידע קאָזא דאָ וואָזא", זאָג איך. און מיר וועלן נאָך הונדערט מאָל א טראַכט טאָן, צי ארײַנלאָזן דיך צוריק, צי ניין. מיינסט, זאָג איך אים, איך ווייס ניט, ווער ס'האָט דיך געדונגען זאָגן אָט דעם קאַדעש? דער זעלבער, וואָס האָט דיר אַנטלײַען געלט אָף הויצאָעס און וועמענס שווערע קאַסטנס דו וועסט ארויספירן אָף דײַן נאָמען. און סײַווי וועסטו דערנאָך דאַרפן אלע דײַנע יאָרן ארבעטן אָף אים, אָף אויסצאָלן די כויוועס. ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר געענטפערט: „דאָרטן, זאָגט ער, וועל איך ווערן א ליטשנאָסט!" יאָ, זאָג איך אים, וועסט דאָרטן ווערן אזא ליטשנאָסט, ווי זאַלמען שוי־כעט!..

דאָוויד איז טאַקע געווען שטאַרק מיד, נאָר ארויסווײַזן האָט ער עס ניט געוואָלט.

— ווער האָט עס אים אָנגעדונגען און ווער גיט אים געלט אָף הוי־צאָעס? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס הייסט ווער? טאַקע אײַער לייזער! דאָס גאַנצע געסל ווייסט

וועגן דעם. נאָר ניט צוליב כאַצקעלען בין איך עס אַזוי געלאָפן צו אײַך, איך מוז אײַך דערציילן וועגן זאַלמען שויכעט.
פאַרשטאַנען, אַז די מײַסע וועגן זאַלמען שויכעט וועט זײַן אויך ניט קיין קורצע, האָט דאָוויד אַ פרעג געטאָן:
— עפשער וועט איר דערווײַל אויסטרינקען אַ גלאָז טיי?
— פאַרוואָס טאַקע ניט? איך שטאַרב אַ טרונק. אַז מע שטייט אָפּ אַ גאַנצן טאָג לעבן אייוועלע...
נאָר לאָזן דאָווידן אַליין צוטראָגן טיי איז ניט אין איר טעווע.
— זיצט, זיצט, כ׳וועל אַליין. און איך וועל שוין אײַנײַנוועגס צושטעלן אָנוואַרעמען דעם מיטיק. זיי וועלן דאָך באַלד אַלע קומען. לאָמיך נאָר כאַפּן אַ קוק, וואָס טוט זיך בא אײַך אין כאַלאָדילניק.
אַרויסבאַקומענדיק פונעם אײַזקאַסטן אַלץ, וואָס זי האָט געדאַרפט, האָט זי געהאַלטן אין קאָפּ די געשיכטע וועגן זאַלמען שויכעט, זי זאָל, כאָלילע, ניט פאַרגעסן עפּעס זייער וויכטיקס.
— די שויכעטקע האָט איר דאָך געקענט? נו, פרומע די שויכעטקע. ווען איר איז אַרײַן אין קאָפּ דאָס אַרויספאָרן, האָט זי געוואָלט, אַז די גאַנצע גאַס זאָל פאָרן מיט איר אינאיינעם. באַגעגנט זי מיך איינמאָל און פרעגט בא מיר:
— איר האָט שוין אײַנגעגעבן?
— דערווײַל נאָך ניט, — ענטפער איך.
— גייט שוין גייט, — האָט זי זיך אַזש פאַרקרימט. — איר זײַנט אַלע אַזוי פאַרטומאַנעוועט, אַז מע קאָן מיט אײַך אפילע ניט רעדן. מײַן זאַלמען, אַז ער וועט נאָר קומען אַהין... ער האָט דאָרטן דרײַ ברידער!
איך געדענק שוין ניט פּינקטלעך, ווען זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן, מיט אַ יאָר צוריק צי מיט אָנדערהאַלבן. און עפשער איז נאָך אפילע קיין יאָר ניטאָ. נעכטן איז אָנגעקומען פון פרומען אַ בריוו צו איר שכיינע. ס׳איז טאַקע מײַנע אַ שכיינע אויך. אָט איז ער, דער בריוו, נעמט אומיסטן לייענט איבער.
אייגנטלעך, איז דאָס אַלץ פאַר דאָווידן ניט געווען קיין נײַס. ער האָט זיך אָנגעהערט גענוג פאַרשיידענע געשיכטעס וועגן אויסגעטראַכטע קרוי־ווים און פאַלשע אַרויסרופן, ווי אויך וועגן עמעסדיקע קרויוויםם, וואָס ווײַזן זיך דערנאָך אַרויס פאַר פאַלשע, ווײַל ווער זיי זאָלן ניט זײַן, אפילע איי־גענע ברידער און שוועסטער, זײַנען דאָס אין טאָך פרעמדע מענטשן, מיט אַ ביז גאָר פאַרשיידענעם וועלט־באַנעם, פאַרשיידענע זיטן, מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעלעבט זייער לעבן אין גאָר פאַרשיידענע וועלטן!
ער האָט אים גוט געקענט, זאַלמען שויכעט, באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מילכאָמע, ווען זײַן קוטשעראַווע בערדל איז נאָך געווען שוואַרץ און זײַנע גרויסע, אַ ביסל פאַרכאַלעמטע אויגן זײַנען אויך געווען פון דעם זעלבן קאָליר. ער איז געווען ניט קיין איבעריק פרומער און האָט אָפטמאָל מיטן כאַלעף אין דער האַנט געקאָנט זאָגן אַ כאָכמע, וואָס האָט געקלונגען ביז גאָר אַפּיקאָרסיש. פרומע איז געווען אַף אַ קאָפּ העכער פון איר מאַן, צוויי מאָל גרעבער פון אים. און אין איר גאַנג, אין איר שמייכ־לענדיקן קוק און אין איר באַלעקן די ליפּן איז געווען אַזויפל, וואָס פּאַסט

אינגאנצן ניט פאר קיין שויכעטקע. דערצו נאָך פאר אזא, וואָס הייסט אליין פרומע. דאָוויד האָט ניט געוווסט, אז ער איז אוועקגעפאָרן. און אָט, זאלמען, וואָס וועט ווערן דאָרטן א „ליטשגאָסט״, איז שוין ניטאָ. און די שויכעטקע... ער וואָלט קיינמאָל ניט געגלייבט, אז אָט די פרומע מיט איר טײַוועדיק שמייכעלע זאָל קאָנען אָנשרײַבן אזא בריוו. אָף גאנצע צען זײַטלעך! וויאזוי זיי זײַנען געפלויגן אהין, וויאזוי זיי זײַנען געזעסן אין עראָפּלאן און געמאָלט זיך די סימכע, ווען אלע דרײַ ברידער מיט זייערע מישפּאָכעס וועלן ארויס זיי באגעגענען און ס׳וועט זיך גלײַך אָנהייבן א שלעפּעניש מיט א שפּארעניש. איין ברודער שלעפּט אים צו זיך, דער צווייטער צו זיך, און דער דריטער זאָגט, אז ער איז סאמע דער עלטסטער און דערפאר איז ער באלמעצער, און ס׳וועט זיך אָנהייבן א לעבן פון סאמע ארומגיין צו געסט, פון סאמע שאבאָסים און סאמע יאָמטויווים, איין וואָך בא איין ברודער, די צווייטע וואָך בא א צווייטן ברודער, די דריטע וואָך בא א דריטן ברודער, און נאָך די דרײַ וואָכן וועט דער ערשטער ברודער זיך אזוי פארבענקען, אז ס׳וועט זיך גלײַך אָנהייבן א צווייטע האקאָפע. און ווידער דאָס זעלבע. און אלץ איז יאָמטעוודיק, און אלץ איז סאָסן־וועסימ־כעדיק, און אלץ איז אזוי, וואָס איז נאָך אין קיין שום האגאָדע ניט פאר־שריבן געוואָרן.

זאלמען און פרומע זײַנען ביז דאן אפילע נאָענט לעבן אן עראָפּלאן ניט געשטאנען, דאָס פליִען איז זיי אָנגעקומען ניט גרינג, אלעמאָל זײַנען זיי געוואָרן אָט רויט, אָט בלאס, און ס׳האָט אלעמאָל געהאלטן באם ברעכן. האָבן זיי ניט אופגעהערט טרייסטן איינער דעם אנדערן, אז ס׳איז אלץ קע־דײַ, ווײַל, אז מע גיט נאָר א טראכט, וואָס ס׳וועט זיך אָנהייבן דאָרטן, מעג מען שוין אפילע אויסברעכן אלץ.

— אָט וועסטו זען, פרומע, ווי נאָר מיר לאָזן זיך אראָפּ אָף דער ערד...

אין אָט דעם וואָרט האָט זאלמען ארײַנגעלייגט אלץ, וואָס זײַן קויעך־האדימיען האָט אים געקאָנט מאָלן. די הייליקע ערד פון די אָוועס און די ערד, ווו עס ווינען זײַנע ברידער, וואָס וועלן קומען צו לויפן אין עראָ־פּאָרט מיט זייערע ווײַבער און קינדער, איידעמס און שנורן, אייניקלעך און אורייניקלעך, און ס׳וועט זיך אָנהייבן א שלעפּעניש און א שפּארעניש. איין ברודער שלעפּט אים צו זיך, דער צווייטער צו זיך. זאָלן זיי נאָר זיך אראָפּלאָזן אָף דער ערד.

און ווען זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט...

פון די דרײַ ברידער איז געקומען נאָר איינער, און אָנעם ווײַב, אָן די קינדער און אָן די אייניקלעך.

— דאָס איז גאָרניט, פרומע, אָט וועסטו זען. מיסטאמע איז בא זיי אנ־דערע מינהאָגים. ווײַל ווי איז דאָס מעגלעך, אז דאָ אין לאנד זאָלן זײַן די זעלבע מינהאָגים, ווי אין כוץ־לעאָרעץ? ווען דאָ זײַנען די זעלבע מינהאָ־גים, וואָס דאָרטן, וואָס זשע וואָלט געווען דער כילעק?

און זאלמען שויכעט האָט זיך געסטארעט מיט אלע מעגלעכקײַטן טרייסטן זײַן פרומען, וואָס האָט אין דער ערשטער מינוט גלײַך אָנגעווירן איר רייצנדיק שמייכעלע.

— אָט וועסטו זען, פּרומע, מע דאַרף נאָר אַ ביסל צוטערפּען, ביז מירן זיך צוגעוווינען צו די היגע מינהאָגים. זע נאָר, זע נאָר, דיר האָט אַפילו אַזוינס זיך ניט געכאָלעמט. עפּעס גאָר ווי כאַמישעאָסער מיט פּורים אינײַינעם, — האָט זאַלמען געזאָגט, ווען ס׳האָט זיך אַ ווײַז געטאָן באַם ברודער אויפן טיש, עפּעס טאַקע נאָר ווי אין אַ כאָלעם, פּעטע יויכן, געבראָטענע הינדלעך מיט לימענעס.

— זעסט, פּרומע, געבראָטענע הינדלעך מיט לימענעס. האָסט אַמאָל געזען אַזוינס?

ווײַ, ווײַ, וואָס אויפן טיש האָט זיך געטאָן!.. אַזעלכע באָקסערן, אַזעלכע פֿײַגן און אַזעלכע מאַראַנצן! הײַנט די ראָזשינקעס אַליין, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. און אַזעלכע פּיירעס, וואָס מע זעט זיי בכלל ניט, סײַדן אין גאַניידן. זי ווייסט אַפילו ניט, ווי מע רופט זיי. איז פּרומע געווען זיכער, אַז זיי האָבן געטראָפן אין עמעסן גאַניידן. איין זאַך איז איר געווען קאָשע. וואָס טוט ער, דער גוטער קאָרעוו, אַלעמאָל אַ קוק אויפן זייגער? נאָר מאַלע וואָס... אַז אַלץ איז דאָ קעיאַד־האַמעלעך, וואָס זשע דאַרף זי קימערן, וואָס ער קוקט אַלעמאָל אויפן זייגער? מיסטאַמע האָט דאָס אויך אַ שײַכעס צו די היגע מינהאָגים. זאַלמען זאָגט דאָך... נאָר פֿאַרוואָס אַזוי אָפֿט? קימאַט אַלע מינוט! האָט זי שוין ניט אויסגעהאַלטן, פּרומע:

— וואָס קוקט איר אַלעמאָל אויפן זייגער? איר אײַלט זיך ערגעץ?

— ניין, ניין, איך אײַל זיך אין ערגעץ ניט, — האָט זי באַרויִקט דער שוואָגער, — נאָר איר דאַרפט זיך אַ ביסל אונטערײַלן. אין אַ האַלבער שאָ אַרום וועט צופֿאָרן אַ מאַשין און וועט אײַך אָוועקפֿירן אין אײַער וווינונג.

פּינקטלעך אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז דער גאַנצער גאַניידן געבליבן אויפן טיש, און זיי זײַנען אָוועקגעפֿאָרן. געפֿאָרן זייער און זייער לאַנג. די וווינונג זייערע איז געווען ניט אין דער שטאָט, ווו איינער פֿון די ברידער האָט געוווינט, און ניט אין דער שכיינעסדיקער שטאָט, ווו ס׳האָבן, מעגלעך, געוווינט די אַנדערע ברידער, נאָר בכלל אין קיין שום שטאָט ניט, ערגעץ אין אויסערײַסעניש, אויף אַ פּוסט אָרט, ווו עס זײַנען געשטאַנען עטלעכע הײַזער און אַרום־און־אַרום איז געווען הוילער מידבער. די ערשטע פּאָר נעכט האָבן זיי געציטערט פֿון שרעק און אַפילו קיין אויג ניט צוגעמאַכט. און זאַלמען... ווי דאַן, ווען זיי זײַנען געזעסן אין עראָפּלאַן, ווי דאַן, ווען זיי זײַנען נאָרוואָס אַראָפּ אויף דער ערד:

— אָט וועסטו זען, פּרומע. מע דאַרף נאָר גוט צעקײַען די היגע מינהאָגים. עס קאָן דאָך ניט זײַן! דרײַ ברידער!

דערנאָך האָבן זיי שוין אויפֿגעהערט מוירע האָבן פֿאַר דעם מידבער. זיי האָבן זיך שוין אויסגעלערנט שלאָפֿן באַנאַכט. נאָר די היגע מינהאָגים! זיי האָבן זיי ניט געקאָנט צעקײַען. זיי האָבן זיי ניט געקאָנט פֿאַרשטיין. צי דען דאַרף דאָס טאַקע זײַן אַזוי? דרײַ ברידער! און פֿאַר אַ האַלב יאָר האָט אַפילו קיין איינער פֿון זיי זיך ניט אַראָפּגעיאַוועט אַהער. אַפילו דער, וואָס האָט זיי באַגעגנט אויפן עראָפּאָרט. גלײַך קיין שום ברידער אויף דער וועלט וואָלטן ניט געווען.

די ערשטע צײַט האָט זאַלמען נאָך געטרייסט פּרומען, געפּרוווט איר אײַנרעדן, אַז מע דאַרף אַ ביסל צוטערפּען, צוּוואַרטן, זיך צוגעוווינען,

דערנאָך האָט ער זי אופגעהערט טרייסטן. בלויז גלאַט אזוי זיך אויסגע־רעדט דאָס הארץ, ארויסגערעדט זײַן פארדראָס, דערנאָך האָט ער אינגאנצן אופגעהערט רעדן. גאנצע שאָען איז ער אָפּגעזעסן באַם אָפענעם פענצטער און ארויסגעקוקט אפן מידבער. אָפּטמאָל אפילע פארגעסן אינעם דאַוונען. פרומע האָט זייער מוירע געהאַט, אז ער וועט ארויף פון זינען. ווי גייט עס א מענטש ארום איבער דער שטוב שאָענווײַז און האלט אין איין זינגען א ניגנדל? גלאַט אזוי א ניגנדל, אָן ווערטער. נאָר זי, פרומע, האָט גוט פארשטאנען, וואָס איר זאלמען מיינט מיט דעם ניגנדל. ס׳איז דאָך געווען דאָס ניגנדל פונעם לידעלע:

צען ברידער זײַנען מיר געווען...

האָט פרומע פארשטאנען, וואָס ער מיינט מיטן ניגנדל. דאָרטן, אין דער היים, איז ער, הייסט עס, געווען זיכער, אז זיי זײַנען ברידער. האָט ער געגלייבט און געהאָפט. ער וועט קומען אהין, אין זײַן אייגן לאנד, צו זײַנע אייגענע ברידער. און דאָס איז געווען ניט מערער, ווי א כאָלעם. ס׳איז גאָר ניט דאָס לאנד, וואָס איז אין כומעש באשריבן. און די ברידער... פיר ברידער זײַנען זיי געווען, און איצט איז ער געבליבן איינער אליין, עלנט, ווי א שטיין.

ער האָט טאָג נאָך טאָג געצאנקט, ווי א ליכט. פון פארדראָס, פון עלנט־קײַט, פון דער ארומיקער מידבאָרישער פוסטקײַט און פון דעם, וואָס בא אים אינווייניק איז אויך געווען אינגאנצן פוסט.

„...אזוי האָט זיך געענדיקט אונדזער כאָלעם. וויי, ווי מיר האָבן עס געטרוימט לעבן אין אונדזער אייגן לאנד, צווישן אונדזערע אייגענע ברי־דער! איצט איז בא מיר געבליבן בלויז איין טרוים. מיר זאָל באשערט זײַן זיך אומקערן צוריק און שטארבן אף מײַן אייגן געסל, צווישן מײַנע אלטע און גוטע פרײַנט...״

פרומע די שויכעטקע!.. גיי ריכט זיך, אז פרומע די שויכעטקע זאָל אָנ־שרײַבן אזא בריוו.

א מענטש גייט אויס, ווי א ליכט, פון דעם, וואָס ער האָט פארלוירן אלץ, אין וואָס ער האָט געגלייבט, אף וואָס ער האָט געהאָפט א סאך יאָרן. פאר־וואָס לאָזן מענטשן זיך אײַנרעדן? פארוואָס פאָרט מען? דאָוויד האָט זיך אזוי פארטראכט, אז ער האָט אפילע ניט באמערקט, ווי ס׳איז ארײַנגעקו־מען שיינדל, דערנאָך מיכל, ניט דערפילט אפילע דאָס ווינטעלע, וואָס צי־פעלע האָט גאנץ ראשיק ארײַנגעבראכט מיט זיך, ניט געהערט, ווי ס׳האָבן זיך צעקלונגען אין קיך די לעפל מיט די גאָפּלען. ער איז געקומען צו־זיך ערשט דאן, ווען מע האָט אים א רוף געטאָן צום טיש און ווען בליומע האָט א זאָג געטאָן צו זיך אליין:

— ווען איך זאָל געווען וויסן...

— וועגן וואָס? — האָט שיינדל ניט פארשטאנען.

די פראגע איז געבליבן אָן אן ענטפער.

מיכל האָט געהאַט זײַן בינטל נײַס און געמוזט זיי גלײַך ארויסלייגן דעם טאטן. ערשטנס, איז מיט וואסער געוואָרן אלץ אין אָרדענונג, די אוואַ־ריע האָט מען אינגיכן ליקווידירט, און מיט קיין ציסטערנעס האָט מען

מערער ניט געדארפט פירן. צווייטנס, אז זײַן בריגאַדע, דאָס הייסט טיר־מאָכעס כעוורע, איבער וועלכע ער האלט שעפטום, איז היינט ארויס אפן ערשטן אָרט.

— שוין? אפן ערשטן אָרט? — איז דאָוויד געוואָרן אופגעלעבט.

דעם עמעס געזאָגט, האָט ער געוואַרט אף דעם אלע טעג, געוואַרט און געגאַרט און יעדן טאָג איינגעטיינעט מיט דער קוטשעראַוועס בריגאַדע, אז זיי מוזן זײַן די ערשטע. ער האָט אָבער אויך פארשטאַנען, אז צו זייער יונגקייט און אימפעטפולקייט פעלט זיי נאָך א זאַך — מײַסטערשאַפט, אז אין אלע איבעריקע דרײַ בריגאַדעס פונעם זאַמל־צעך ארבעטן עלטערע, נאָר א סאַך געניטערע פאַכלײַט, און זיי, די קוטשעראַווע, וועט זײַן ניט גרינג זיי אריבעריאָגן. דאָס, וואָס זיי האָבן שוין באַוויזן ארויס אפן ערשטן אָרט, האָט אים דערפרייט. ער האָט אָבער מוירע געהאַט, אז דאָס איז א ריינער צופאַל. זאַלמען, דער אלטער שויכעט, האָט זיך אָפּגערוקט אין א זײַט. מיט אלע זײַנע כושים איז שוין דאָוויד געווען צווישן זײַנע קוטשע־ראַווע, גלײַך ער אליין וואָלט אויך געווען איינער פון זיי, זייער געווינס איז זײַן געווינס, און זייער פארלוסט וועט אים ווייטאָן, ווי דאָס וואָלט געווען זײַן אייגענער פארלוסט. אים איז טאַקע געוואָרן א ביסל פריילעכער אפן הארצן. ער האָט באַקוקט די אָנגעגאָסענע טעלער זופּ, פון וועלכע ס'איז געגאַנגען א וואַרעמע פּאַרע, וואָס האָט געשמעקט מיט יונגער פּעטרישקע, א ריב געטאָן די הענט, אפילע א שמייכל געטאָן און זיך אָנ־גערופן:

— אוך, אַן אַפּעטיט באַ מיר!

נאָר ס'איז היינט אלעמען געווען באַשערט א פארשטערטע וועטשערע.

דאָוויד, באַ וועמען דער אַפּעטיט האָט היינט זיך מוירעדיק צעשפּילט, האָט שוין באַוויזן נעמען אין מויל ארײַן דעם ערשטן לעפל, א קוויק טאָן זיך גאַנץ הויך, וואָס האָט געדאַרפט הייסן, אז דער זופּ איז היינט מאָלע־טאַם, נאָר דאָ איז געשען אזוינס, איבער וואָס אלע לעפלען מיט זופּ זײַנען געבליבן הענגען אינדערלופטן. געהאַנגען א ווײַלע, דערנאָך צוריק זיך אראָפּגעלאָזט אין די טעלער, ווײַל ביז איצט האָט לייזער קיינמאָל ניט אריבערגעטראָטן די שוועל פון אָט דער שטוב.

ער איז ניט ארײַנגעקומען, נאָר ארײַנגעריסן זיך, א פאַרפּאַליעטער, א צעכראַסטעטער, און די קורצע ארבל פון זײַן צעשפּיליעטער טעניסקע האָבן אויסגעזען אומיסטן פארקאַטשעט, ווי ערעוו א געשלעג. סײַ די הענט, סײַ דאָס פּאָנעם האָבן געגלאַנצט פון שוויים, געווען קאַצאָוויש־אָנגעבלאָזן, די אָקסישע אויגן אָנגעגאָסן מיט ריצכע. ער האָט דורכגעשפּאַנט דורכן שמאָלן קאָרידאָרטשיקל, זיך ארײַנגעריסן אין קיכל, און ווײַל ס'איז דאָרטן ניט געווען ווו ארומשפּאַנען, האָט ער אָנגעהויבן ארומדרייען זיך אף איין אָרט, ווי א דריידל, און באַ יעדן דריי א קוק געטאָן אין פּאָנעם עמעצן אנ־דערש, באַטיילנדיק יעדערן מיט דער ריצכע, וואָס האָט געשפּריצט פון זײַנע אויגן:

— נו, יאָ, ביסט טאַקע א גאַנצער קנאַקער!

אפּאָנעם, אז מיטן וועג האָט ער באַוויזן ניט ווייניקער אָנרעדן זיך און אָנשילטן זיך, געווען שוין א ביסל אויסגעליידיקט, מעגלעך, אז אים האָט

זיך געדוכט, אז ער האָט דאָס אלץ ארויסגעזאָגט אין דער הייך, האָט ער אָנגעהויבן פון דער מיט:

— נו, יאָ, ביסט טאקע א גאנצער קנאקער, נאָר אין מײַנע איניאָנים מיש זיך ניט. מײַן מישפּאָכע איז ניט דײַן מישפּאָכע.

בליומע האָט גלײַך פארשטאנען, אין וואָס דאָ גייט. ווען ס'איז אָף דער גאס, וואָלט זי אים שוין ארײַנגעזאָגט אזוינס, ער זאָל דאָס פארגע־דענקען אָף שטענדיק. זי וואָלט אים אָפּגעכרענזלט נאָך ערגער, ווי כאצ־קעלען. וואָס איז כאצקעלע? כאצקעלע איז ניט מערער, ווי זײַנער א מע־שאָרעס. וואָס לייזער שטאָפּט אין אים ארײַן, דאָס שלוקערצט ער ארויס. אָבער לייזער אליין! די ווערטער האָבן זי מאמעש געבראָטן דאָס מויל, גע־ציפּעט פאר דער צונג. נאָר וויבאלד דער מעכוטן זיצט דערבײַ!.. האָט זי געוואָרט, וואָס דער מעכוטן וועט זאָגן. און דאָוויד, דאפקע גאנץ רויִק:

— ביסט טאקע גערעכט. דײַן מישפּאָכע איז ניט מײַן מישפּאָכע. דאָס זײַנען ביז גאָר פארשיידענע מישפּאָכעס. נאָר פונדעסטוועגן, אז מע קומט ארײַן פארנאכט אין א שטוב, דארף מען זאָגן א גוטן אָוונט. און אז מע טרעפט מענטשן באם טיש, קומט אויך עפּעס צו זאָגן...

איז לייזער געבליבן שטיין. דאָס, וואָס דאָוויד האָט אים געזאָגט מור־סער, ווי מע זאָגט א קיידער־ייִנגל, האָט בא אים אָפּגענומען דאָס לאָשן און פארקלאָפּט דעם קאָפּ. אזוי פּעסט פארקלאָפּט, אז ס'איז שווער געווען באקומען פון דאָרטן עפּעס א שטיקעלע געדאנק, כאָטש אָן אָפּשניצל פון די, וואָס האָבן אזוי געקאָכט אין אים, ווען ער איז געגאנגען אהער. איז ער געבליבן א ווײַלע צעמישט און בלויז איבערגעכאזערט דאָס, וואָס ער האָט שוין פריִער געזאָגט. נאָר ניט מיט יענער ברומענדיקער שטים, נאָר מיט א קוויטשיקל:

— דו הערסט, אין מײַנע איניאָנים זאָלסטו זיך ניט מישן, ס'איז ניט דײַן אייסעק!

— ווער דארף האָבן דײַנע איניאָנים? איך האָב גענוג מײַנע אייגענע. נאָר אז א מענטש קומט צו מיר נאָך אָן אייצע...

אָט, אָט, וועגן דעם טאקע האָט לייזער געוואָלט רעדן.

— מיינסט, איך ווייס ניט, וועמענס ארבעט דאָס איז? ס'איז איר אר־בעט! אומעטום מישט זי זיך! מע קאָן מיינען, אז אָף איר שטייט די וועלט.

בליומען האָט מערער פאר אלץ פארדראָסן, וואָס לייזער רעדט וועגן איר אזוי, גלײַך זי וואָלט ניט געווען דערבײַ. האָט זי שוין ניט געקאָנט שווײַגן.

— און אז איך, איז וואָס? עס שטייט ניט אָן דעם טאטן דײַנעם? מיינסט, אז קיינער ווייסט ניט וועגן דײַנע טיאָמנע געשעפטן? נו, פאָר, פאָר דיר אהין! וועט בא אונדז ווערן מיט איין שווינדלער ווייניקער!

— ניט אײַער אייסעק. מע קאָן מיינען, אז איר זײַנט דאָ די גאנצע וולאסט. איך לאך פון אײַער וולאסט!

דאָ האָט שוין דאָוויד זיך אופגעהויבן פונעם בענקל. אין זײַן רויִקײַט, מיט וועלכער ער איז צוגעקומען צו לייזערן, איז געווען אזוינס, איבער וואָס לייזער האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן און געמאכט א טראָט צוריק. אָפּטרעטן ווײַטער איז ניט געווען וווהין. זײַנען זיי געבליבן שטיין

איינער קעגן אנדערן געפּערלעך־נאָענט, קימאַט אָנרירנדיק איינער דעם אַנדערן.

— אָט וואָס, — דאָוויד האָט מיט אַלע קויכעס געפּרוּווט איַינהאַלטן אין זיך אָט די שטעכיקע רויִקייַט. — מעגסט דיר רעדן, וואָס דו ווילסט, איך זע שוין, האָסט זיך שוין אויסגעשפּאַנט פון אַלץ און מייַנסט, ביסט שוין פון יענער זייַט. נאָר די וולאָסט טשעפּע ניט. איך האָב זייער אַ סאַך באַצאָלט פאַר איר. און איך קאָן נאָך הייַנט... איך האָב נאָך הייַנט אויך מיט וואָס צו צאָלן.

וואָס זשע האָט לייזער זיך אַזוי דערשראָקן פאַר זייַן רויִקייַט? וואָס האָט ער אַזוינס דערפילט אין זייַנע ווערטער? צי דען האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט דער דאָוויד קאָן אין דער לעצטער מינוט אָפּטאָן עפּעס אַזוינס און אונטעררייַסן זייַן נעסט? אין איין אויגנבליק האָט לייזער זיך געענדערט. ער איז אינגאַנצן בלייך געוואָרן. דאָס פּאָנעם, די קאַצאָוויש־אָנגעבלאָזענע באַקן האָבן אָנגעהויבן קנייטשן זיך, געוואָרן וואָס אַמאָל אייַנגעשרומפּע־נער, ווי אַ דורכגעשטאָכן פּילקעלע, פון וועלכעס עס גייט ביסלעכווייַז אַרויס די לופט.

דאָוויד האָט געקוקט אויף לייזערן, ווען ער זעט איצט געוויס צום לעצטן מאָל און מיט ווען ער רעדט הייַנט אוואדע צום לעצטן מאָל. און עפּשער וועט אָט דער לייזער אַמאָל נאָך לאָזן הערן וועגן זיך. און אוואַ־דע ניט מיט קיין גוטס. ער וועט אוועק אין דער וועלט, וואָס איז אים, דאָווידן, אינגאַנצן פרעמד און פייַנטלעך. גאַנץ מעגלעך, אַז גראָד ער, לייַ־זער, וועט זיך דאָרטן פּילן, ווי אַ פיש אין וואַסער. ער איז דאָך פון די, וואָס קאָנען צעטרעטן מיט די פיס אַן אייגענעם ברודער. וועט ער דאָרטן גיך געפינען דאָס, וואָס ער זוכט. ער פאַרט דאָך אַהין ניט זוכן קיין שפּורן פון עפּעס אַ כומעש־מייַסעלע. ער זוכט עפּעס מערער מאַמאָשעסדיקס. ער וועט דאָרטן האָבן זייַנע אייגענע מאָסערס, זייַנע אייגענע שלעגער און זייַנע אייגענע פּאָליצייער.

די גאַנצע צייַט, זינט דאָוויד איז געווען בא לייזערן אין שטוב, האָט אים ניט אופגעהערט הריזען דאָס, וואָס ער איז אוועק אַהין ניט אינגאַנצן קיין צוגעגרייטער. איצט קען ער זיי שוין אַ ביסל בעסער און ער וואָלט שוין געוווסט, וואָס צו ענטפערן. נאָר גראָד איצט האָט ער מערער ניט געוואָלט רעדן מיט לייזערן. ער האָט פּאַשעט קיין קויעך ניט געהאַט דער־צו. ער האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט שרעקלעך מיד. ניט אַזוי פון די באַ־טאַגיקע יאָגענישן, ווי פון דער איצטיקער באַגעגעניש, אַזוי מיד, אַז אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט פאַלט ער באַלד אום. האָט ער בלויז שטיל אַרויס־גערעדט:

— זאָג מיר נאָר, וווהין וועסטו לויפן, ווען דער סאָציִאַליזם וועט זיך אָנהייבן דאָרטן?

— איך וועל צו דיר נאָך קיין אייַצע ניט קומען! — האָט לייזער אויס־געשריגן.

דאָווידס צושטאַנד האָט זיך שוין געלאָזט מערקן. אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט אומרו. נאָר מערער פון אַלע האָט זיך דערשראָקן ציפּעלע:

— זיידע, וואָס איז מיט דיר, זיידע?

האָט שיינדל אַ כאַפּ געטאָן דעם שווער פאַר דער האַנט און אוועקגע־
פירט צום בעט. און מיכל... מיכל איז צו צו לייזערן און אַזוי, מיט עפּעס
אַ שטומער אַקשאָנעס, טראָט נאָך טראָט, געדרוקט אים אַלץ ווײַטער און
ווײַטער. און אָט אַזוי, אָן איין וואָרט, צוגעדרוקט דעם איבערגעשראָקענעם
און דערשטוינטן לייזערן צו דער טיר. געעפֿנט זי, אַרויסגעדרוקט לייזערן
אויף יענער זײַט און גלײַך זי צוריק צוגעמאַכט.

בלומע איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס צו דער וואַנט,
געבראָכן, געקנאַקט די פֿינגער, גלײַך זי איז מערער פֿון אַלע שולדיק אין
דעם אַלעמען, און גערעדט צו זיך אַליין:

— ווען איך זאָל געוווּסט וויסן...

## 15

ווען ניט טאַליק, וואָלט מען זיך געקאָנט באַגיין אָן זײַן טאַטן. פֿאַר
אונדזער געשיכטע איז גענוג איין לייזער. און אַז מע קען לייזער מוטש־
ניק, מעג מען שוין ניט קענען סימכע גוראַלניק. ס'איז קימאַט איינס און
דאָס זעלבע, פֿון איין נאַסיניע, ווי בלומע זאָגט. זיי זײַנען טאַקע אַמאָל
געווען שטיקלעך שותּפֿים. גלײַך נאָך דער מילכאָמע האָבן זיי ווער ווייסט
וויאַזוי געקראָגן אַ פּאָר וועבערײַ־ווערקשטעלן, געשאַפֿן ווער ווייסט ווי־
אַזוי אַ מין וועבער־אַרטעל, און געמאַכט, ווידער ווער ווייסט וויאַזוי, ניט
קיין שלעכטע געשעפֿטן. דערנאָך האָבן זיי מיט עפּעס זיך געפּאַקט. ס'האָט
געהאַלטן שלעכט. סימכע איז טאַקע אַ ביסל געזעסן, און וויאַזוי ער איז
אָפּגעקומען מיט דעם ביסל, ווייסט אויך נאָר איין גאָט. טאַקע איבער דעם
ביסל זיצן און איבער דעם ניט ביסל, וואָס ס'האָט זייביידע אָפּגעקאָסט,
האָבן זיי פֿריִער זיך צעקריגט און דערנאָך זיך צעפּאַטשט. ערשט דאַן האָט
מען זיך דערוווּסט, אַז צו אַלע זײַנע מײַלעס איז סימכע אַן עמעסדיקער
שלעגער, — ער קאָן גרינג אָפּשלאָגן די לונגען אָדער איבערברעכן אַ ריפּ.
פֿאַרוואָס זיי האָבן זיך צעפּאַטשט, ווייסן אויך נאָר זיי ביידע. נאָר בלומע
דערציילט, אַז טאַקע איבער די כאַלאָקים, וואָס זיי האָט געדאַרפֿט קאָסטן.
און שולדיק זײַנען געווען ניט זיי אַליין, נאָר זייערע ווײַבער. דאָבע די
גראָבע האָט געזאָגט, אַז זי וועט קיין קאָפּעקע ניט געבן. סימכע האָט זיך
געפּאַקט, זאָל ער זיך אַליין אַרויסדרייען. האָט זאָסיע געזאָגט, אַז אויב זי,
דאָבע, וועט זיך לאַנג שפּאַרן, קאָן זי מאַכן אַזוי, אַז מע זאָל איר לייזערן
אויך אַרײַנדרייען. האָבן פֿריִער די ווײַבער זיך צעקריגט, דערנאָך האָבן
די מענער זיך צעפּאַטשט. האָט לייזער זיך גענומען פֿאַר זײַנע שמויסלעך
און מאַכט די גאַנצע צײַט ווידער ניט שלעכט. סימכע איז אײַנגיכן געוואָרן
אַ קלאַדאָווושטשיק פֿון זייער אַ רײַכער באַזע. האָבן זיי שוין געמוזט
איבערבעטן זיך. סימכע האָט געמוזט האָבן לייזערן, ווײַל וועמען נאָך האָט
מען געקאָנט פֿאַרטרויען די „לינקע" שמויסלעך פֿון דער באַזע, אַז אַלץ
זאָל זײַן ראַיעל? און לייזער האָט געדאַרפֿט האָבן סײַ די שמויסלעך, סײַ
סימכען אַליין. טאַקע איבער די הייסע פּעטש, וואָס ער, לייזער, האָט
אַרײַנגעכאַפּט. ער האָט ליב אַזעלכע שלעגער, ווי סימכע. האָט שוין דאָבע

זיך געמוזט איבערבעטן מיט זאָסיען. ווײַל די גלאָוונע טרעגערן און ארויס־טרעגערן פון דער באַזע איז געווען טאַקע זי, דאָבע.

נו, יאָ, איז טאַקע אונדז סימכע אינגאַנצן איבעריק. ס'איז דאָס זעלבע, וואָס לייזער. ניט מערער, סימכע איז אַ ביסל ייִנגער, רירעוודיקער און קרעפּטיקער. מע קאָן זאָגן — אַ גיבער.

וועגן סימכעס ווײַב, זאָסיען, וועסטו אויך קיין ראָמאַן ניט אָנשרײַבן. אַ ווײַב — אַזוי זיך. ניט מילכיק, ניט פלײשיק. דאָס, וואָס זי בײַט יעדן טאָג דעם פאַבריק, איז אויך אַ קליינער כאַריפעס; דאָס, וואָס זי פרישט אָפּ דרײַ מאָל אין וואָך דעם מאַניקיור, — אַוואַדע ניט. און דאָס שוכוואַרג? וואָס איז זי שולדיק, אַז אַלעמאָל בײַט זיך די מאָדע? הײַנט איז אַ מאָדע אויף הויכע אָפּצאַסן מיט שמאָלע נעז און מאָרגן פאַרקערט — נידעריקע אָפּצאַסן מיט ברייטע נעז. ערשט נעכטן האָט מען געטראָגן דינינקע פּאָדעשוועלעך פון קאַפּראָן, און הײַנט מוז די פּאָדעשווע זײַן דרײַ פינגער די גרעב. טאַקע צוליב דעם האָט זי אַ ביסל אונטערגעהאַקט איר נאָמען אויך. ווײַל דער עמעסער נאָמען אירער איז זיסל, נאָר ווי קאָן זי טראָגן אַזאַ אַלטמאָדישן נאָמען?

איין זאַך מוז פונדעסטוועגן דערציילט ווערן וועגן זאָסיען. אינמיטן ווינטער האָט זי זיך פאַרשריבן אויף שאָפער־קורסן און געלערנט זיך אַזוי פלײַסיק און אײַנגעשפּאַרט, ווי זי האָט קיינמאָל אין איר לעבן זיך ניט געלערנט. דער כעזשבן איז דאָך אַזאַ: ווי נאָר זיי קומען אַהין, קויפט זי גלײַך אַ מאַשין. ווײַל זי אַליין זײַן די באַלעבאָסטע איבער דער מאַשין און אַליין פירן זי. איר פאַנטאַזיע מאָלט איר אָן אַ בילד, ווי זי גיט אַ קום צו צו דער מאַשין אין אַ נײַעם קאָמבינעזאָן, טוט אָן עפן דאָס טירל, טוט אַ דריי מיטן שליסל, און די מאַשין הייבט אָן הודען. די מאַשין הודעט, און זי גיט זיך אַ נעם מיט די הענט פאַרן רודער. דער רודער גלאַנצט, אירע נעגל גלאַנצן, דאָס פּאָנעם אַליין גלאַנצט אויך. און די אויגן? פון די אויגן איז שוין אָפּגערעדט.

סימכע, ווען עמען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער ווייסט אַ ביסל איוורע, האָט געגעבן אָנצוהערן זײַן זאָסיען, אַז זי וואָלט געמעגט זיך אויסלערנען אַ ביסל איווריט, נאָר זאָסיע האָט געזאָגט, אַז ערשטנס, ווערט זי מיטן איווריט באַוויזן, צווייטנס, ווערט זי סײַווי דעם איווריט קיינמאָל זיך ניט אויס־לערנען, דריטנס, קאָן זי זיך באַגיין אָן אים. נאָר פירן די מאַשין מוז זי קענען. אַלע באַלעבאַטישע פרויען, זאָגט מען, פאָרן דאָרטן אַליין ארום אויף די מאַשינעס, ווײַל זי ניט זײַן ערגער פון זיי. איין זאַך האָט זי יאָ צוגעזאָגט סימכען: ווי נאָר זיי קומען אַהין, ווערט זי צוריק זיסל. בלויז דאָ איז יעדן אַלצייגס, ווי דו רופסט זיך. דאָרטן וועט קיינער ניט וועלן פאָרן סימכען מיט עפּעס אַ זאָסיען. מע קאָן נאָך מיינען, אַז זי איז אַ רוסישע צי אַ פּויליש.

דאָס אַלץ איז אַ שטיקל ארײַנפיר צו דעם, וואָס איז געשען יענעם אָוונט. גאַנצפרי אָבער איז געשען גאָר עפּעס אַנדערש.

דער גאַנצפרי אַליין איז געווען אַ גאַנץ געוויינלעכער. אַ געוויינלעכער, שוין זומערדיקער באַגינען, ווען איבער דער שטאָט גיט אַ יאָג דורך אַ

שיטערער נעפּל און סטײַעט גלײַך ניט. דאָס ייִדישע געסל, וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויסשלאָפן פאַר דער קורצער זומערדיקער נאַכט, מוז שוין אָנהייבן רײַבן די אויגן, ווײַל הענעך קאָוועל האָט זיך צעקלונגען, צע־ליאַרעמט מיט זײַן האַמער און סטאַרעט זיך אופוועקן די גאַנצע וועלט. און אַז שוליע איז אוועק אַפּן זאַוואָד, באַריס אַף דער פאַבריק און ראָכעלע אין איר קאָנטאָר, איז שוין בליומע אויך אופגעשטאַנען, אָנגעהויבן איבער־קלײַבן אירע טאָרבעלעך, קאָשעקלעך און „וואָסקעלעך", זי זאָל אוועק אַפּן מאַרק אין פולער אָרדענונג. און דאָ איז צו איר אַרײַנגעלאָפן שיפרע די „קישעפמאַכערן".

— אוי, ווי איז מיר, וואָס טוט מען, דער סאַמאָוואַר האָט אָנגעהויבן רינען!

שיפרעס סאַמאָוואַר איז ניט פון די הײַנטצײַטיקע עלעקטרישע סאַמאָ־וואַרן, וואָס זײַנען גאָר קיין סאַמאָוואַרן ניט, זײַנען ניט מערער, ווי נאָכ־געמאַכט. שיפרעס סאַמאָוואַר איז אָן שום קונצן. ער איז וווקסיק און בײַ־כיק און נעמט אַרײַן אַ גאַנצן עמער וואַסער. און אַז מע שיט אַרײַן אין אים דאָס ביסל קוילן, און אַז מע בלאָזט זיך טאַקע גוט אָן אין אים, און אַז די קוילן צעגליִען זיך, און אַז דער סאַמאָוואַר הייבט אָן פריִער אונ־טערזשומען, ווי אַ מייע בינען, דערנאָך צעפּײַפּט זיך, ווי אַ מייע פּײַ־פעלעך, דערנאָך, אינמיטנדערינען, זיך צעוויינען, ווי אַ קינד, לעהאוודל, — האָט טאַקע דערנאָך די טיי גאָר אַן אַנדער טאַם. עמעס, דער סאַמאָוואַר איז שוין אין די יאָרן, מיט שטאַרק אײַנגעפאַלענע זײַטן און מיט אָן אַ שיר דריבנע קנייטשעלעך און גריבעלעך, אין וועלכע ס'האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט עפּעס אַ גרינס, אַ צוויל אַזאַ, וואָס מע קען ניט אַרויסרײַבן ניט מיט קיין ציגל, ניט מיט קיין זאַמד און אפילע ניט מיט יענע שמירעכצן, וואָס האָבן גאַנץ פײַנע עטיקעטלעך. מיט די דריבנע און גרינע קנייטשעלעך און גריב־לעך זעט דער סאַמאָוואַר אויס, ווי אַ געשטופּלטער.

נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. דערפאַר איז דאָס אָבער אַ יערושע־סאַמאָ־וואַר, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו שיפרען פון דאָר צו דאָר. פון אים האָבן געטרונקען טיי אַזויפיל עלטער־עלטער־עלטערזיידעס און אַזויפיל עלטער־עלטער־עלטערבאָבעס, אַז ווען שיפרע אַליין פּרוווט אויסרעכענען דעם ייִכעס פונעם סאַמאָוואַר, פאַרלירט זי דעם כעזשבן. איין סאַמאָוואַר־געשיכטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט איינעם עפּעס אַן עלטער־עלטערזיידן און מיט איינעם אַ פּאַרעץ, געדענקט זי דאַפקע יאָ. נאָר די מײַסע איז זייער ניט קיין שיינע. דער אָנהייב איז דאַפקע גאַנץ פײַן: ווי‏אַזוי עפּעס אַ פּאַרעץ איז געקומען צום זיידן, געהייסן שטעלן דעם סאַמאָוואַר, ווי‏אַזוי דער פּאַרעץ האָט אויס־געטרונקען אַ פולן סאַמאָוואַר טיי און געהייסן שטעלן אַ צווייטן... מיטן ערשטן סאַמאָוואַר גייט די געשיכטע גאַנץ פײַן, נאָר אַז עס קומט צום צווייטן, הייבט שיפרע אָן אַרומקוקן זיך, צי די קינדער שטייען ניט דער־בײַ. איז דאָס שוין ניט קעדײַ איבערדערציילן. דערפאַר דערציילט זי ניי־סים־וועניפלאָעס, ווי‏אַזוי דער סאַמאָוואַר האָט בייס דער עוואַקואַציע זיי געראַטעוועט פון הונגער און פון קעלט, זיי פּאַשעט דערהאַלטן באַ דער נעשאָמע. דער סאַמאָוואַר איז אויך איצט שיפרעס זייער אַ וואַזשנע אונ־טערהאַלטונג... די, וואָס נעכטיקן איבער באַ איר ערעוו דעם מאַרק צי באָכן

מארק, האָבן זייער ליב א גלעזל טיי פון איר סאמאָוואר. פאלט איר דערפון אויך אַריַין א פרישע קאָפּעקע.

נעמט אזא אײַזערנער סאמאָוואר און הייבט אינמיטנדערינען אָן צו ריי־נען. צו וועמען זשע לויפט מען נאָך אן אייצע? צו בליומען.

— ווייסט איר וואָס, — האָט זי בליומע בארויקט. — לאָמיר נעמען אײַער סאמאָוואר און אװעקטראָגן צו הענעך קאָוועל.

גייען זיי ביידע און טראָגן דעם אלטן סאמאָוואר, וואָס איז שווער מיט רוכעס, ניט אזוי פונעם מעש, ווי פון דעם אינעווייניקסטן אָנזידעכץ. שיפּ־רע גייט פון איין זײַט, בליומע פון דער צווייטער זײַט, און דער סאמאָוואר אליין באקומט זיך א ביסל פון פאָרנט. זיי טראָגן אים א שטיקל בארג־אראָפּ, דערנאָך א שטיקל בארג־ארויף, דערנאָך ווידער טאקע א שטיקל בארג־אראָפּ. שיפרע דערציילט די געשיכטע וועגן סאמאָוואר, און בליומע די מײַסע מיט די אווטאָמאטן.

גייען זיי אזוי אינדרײַען. שיפרע פון דער רעכטער זײַט, בליומע פון דער לינקער, און דער אלטער פעמפיקעוואטע סאמאָוואר א ביסל פאָרויס. זיי האָבן שוין געהאלטן באם פארקערעווען צו דער קוזניע, האָט זיי אָפּגע־שטעלט דער אלטער לאַריאָן:

— א, מומע בליומע! א גוטמאָרגן! איך קוק טאקע ארויס אף אײַך.

ער נעמט ארויס פון דער קעשענע א גרויסן עפל און רופט זיך אָן:

— טוט אומיסטן א קוק, איר זעט דעם עפּל?

קוקן איז ניט געווען וואָס. מע האָט גלײַך געזען, אז דער עפל איז א פאראיאָריקער, נאָר בליומע האָט אים צוליב געטאָן:

— איך זע, איך זע. זייער א פײַנער עפּל.

— זאָגט הענעך, דער אלטער אפיקוירעס, אז קיין גאָט איז ניטאָ. און אז אלץ איז געקומען פון זיך אליין. אפילו דער מענטש. נו, גוט, זאָל זײַן דער מענטש. אָבער אזא עפּל!

שמייכלט שוין בליומע מיט איר פארשוויצט שמייכעלע:

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר?

— וויל איך, איר זאָלט מיר זאָגן: ס'איז טאקע אינגאנצן ניטאָ קיין גאָט?

— ערן־וואָרט, איך ווייס ניט, — ענטפערט בליומע מיט דעם זעלבן שמייכעלע און טוט א ווונק שיפרען, זי זאָל זיך נעמען פארן סאמאָוואר. לאַריאָן לאָזט זיי אָבער נאָך ניט אָפּ:

— וואַרט צו א ביסל. איך וויל, איר זאָלט מיר פויסער־כאָלעם זײַן.

געענדיקט דערציילן דעם כאָלעם, דרייט ער נאָך אלץ אין דער האנט דעם פאראיאָריקן עפּל און קאָן בא זיך ניט פּויעלן, צי זאָל ער אים אוועק־שענקען, צי ניין. ער זאָל קיין כאראָטע ניט האָבן, טוט ער אים א ברעך איבער אפּצווייען, דערלאנגט איין כיילעק בליומען, דעם צווייטן שיפרען:

— נעמט, פארזוכט אומיסטן, ווי נאָרוואָס פונעם בוים. איז וואָס זשע וועט איר זאָגן אף מײַן כאָלעם?

בליומע איז אים פּויסער גאנץ סייכלדיק.

— איר האָט ניט וואָס איבערטראכטן, ווײַל דער כאָלעם איז א פארעל־טערטער.

שיפרע האָט קיין רעכט ניט פאַרלאָזן זיך אויף איר אייגענעם סייכל, טוט זי א זאָג:

— איר וועט אַרײַנקומען צו מיר, וועל איך א ווארף טאָן אויף די קאָרטן.

נו, און דער סאמאָוואר? ווען הענעך קאָוועל האָט געפּרוּווט פעסטשטעלן, ווי ער רינט, און אים אָנגעגאָסן מיט וואסער, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ער רינט אינגאנצן ניט, א געזונט אים אין די ביינער. פּאָשעט, עמעצער פון אירע כעווראניקעס האָט א דריי געטאָן דאָס קרענטל, און די גאנצע וואסער האָט אויסגערונען איבערן טיש און אונטערן טיש.

גייען זיי שוין מיטן סאמאָוואר צוריק מיט אלע באַרג־אַראָפּן און מיט אלע באַרג־ארופן, אלעמאָל שטעלט זיי אָפּ אן אנדערער, און שיפרע, א פריילעכע, א גליקלעכע, עפּעס גאָר ווי בעגילופנדיק, מיט יענעם שיקער־לעכן גלאַנץ אין די אויגן, כאָטש זי האָט נאָך הײַנט אין איר מויל ניט געהאַט, באַרימט זיך פאַר אלעמען:

— נו, ווי געפעלט אײַך מײַן סאמאָוואר, קיין אײַנהאָרע? א געזונט אים אין די ביינער.

און פלוצעם...

— אוי, עפּעס לעבן מײַן כאַנעלען... צוויי מאשינעס שטייען!

ווען זיי זײַנען צוגעקומען נעענטער, זײַנען די מאשינעס שוין אָפּגע־פאָרן און בא כאַנעלען אין שטוב איז געווען פּוסט. ניט קיין בעטן, ניט קיין טישן, ניט קיין בענקלעך, ניט קיין פאָרהענגלעך. כאַנעלע איז געזעסן מיטן קינד אויף א טאַבורעטל, א בלייכע, אן איבערגעשראָקענע, און האָט אפילע ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט.

— צוגעפאָרן... ער, פייסיע, מיט צוויי שאָפערס און אלץ אַרויסגע־טראָגן.

— א שיינע ריינע קאַפּאָרע, פאַר אונדז, פאַר אלע אונדזערע קינדער און אייניקלעך, — האָט שיפרע א זאָג געטאָן און א נעם געגעבן דאָס איי־ניקל אויף די הענט. דאָס אייניקל, וועמען זי האָט טאַקע א נאָמען געגעבן נאָך איר מאַמען.

ווען בליומע האָט דערנאָך ניט איין מאָל איבערדערציילט די געשיכטע, האָט זי געטײַנעט, אז שולדיק אין אלעמען איז דער סאמאָוואר. ווען שיפ־רע קומט ניט אונטער מיטן סאמאָוואר און זיי גייען ניט אוועק, וואָלט צו אזוינס ניט געקומען, ווײַל איין שיפרע קאָן באַשטיין פאַר צען, זי וואָלט ניט דערלאָזט צו אזא גאזלעוואָיסטווע. שיפרע האָט געזאָגט, אז דער סאמאָ־וואר איז דאָ גאָרנישט ניט שולדיק. שולדיק איז דער אלטער לאַרי‌אָן מיט זײַן נארישן כאָלעם. ווען ער שטעלט זיי ניט אָפּ, וואָלטן זיי געטראָפן פּינקטלעך צו דער צײַט.

ווי‌אזוי עס האָבן די געשעענישן פונעם יי‌דישן געסל דעם זעלבן אָוונט זיך אַריבערגעטראָגן צו סימכען אין שטוב, וואָס וווינט אפן צווייטן ברעג פון דער שטאָט, אינעם נײַעם ראַיאָן, איז שווער צו זאָגן. עפּשער איז דאָס געשען דערפאַר, וואָס סימכע איז געקומען אהיים זייער אָנגעכמורעטער, שטאַרק אָנגעברויגעזטער, און נאָך פאַר דער וועטשערע איז געווען צו זען, ווי די הענט זײַנען ציטערן, ווי פאַר א געשלעג. עפּעס האָט מען דאָך געדאַרפט אלע טאָג צוטראַכטן, אז בא די, וואָס גרייטן זיך אין וועג אַרײַן,

זאָל ניט אופהערן גרימען אינעווייניק. ס׳זאָל באַ זיי זידן און קאָכן, און ס׳זאָל זיך באַ זיי פון אַלץ איבערקערן די גאַל. גייט, כאַלילע, איבער די גרימעניש און עס הערט אוף זידן און קאָכן, קאָן נאָך עמעצער איבער־טראַכטן. און אויב איינער וועט איבערטראַכטן, קאָן נאָך אים איבערטראַכטן אַ צווייטער, אַ דריטער, און עס קאָן אינגאַנצן ווערן אויס. איז גוט, וואָס הײַנט איז דאָס ברויט געווען רוילעך, וואָס מיט אַ וואָך צוריק איז גע־ווען אַ גוסרעגן. ס׳האָט פּאַרטרונקען אַ סאַך פעלדער און ס׳איז עטלעכע טעג אפן מאַרק קיין אוגערקעס ניט געווען, און וואָס עמעצער האָט עמעצן געזאָגט אפן מאַרק עפּעס ניט קיין גוט וואָרט און מע האָט עס גלײַך צע־טראָגן איבער די הײַזער.

קאָכעניש און זידעניש האָט באַ לייזערן געקאָנט סטײַען אף צען און ביטערע גאַל — אף טויזנט. באַזונדערס נאָך דעם, ווי ער האָט אַזוי ניט באַטראַכט זיך ארײַנגעריסן צו דאָווידן אין שטוב און נאָך דעם, וואָס מע האָט אים אַזוי אָקשאָנעסדיק, גראָבלעך ארויסגעשטעלט פון יענער זײַט. און אָט דער געט, וואָס האָט זיך ארײַנגעמישט אינמיטנדערינען, און זײַן רע־פּאָעל אַליין, וואָס איז ניט אהין און ניט אהער. לייזערס ריצכע וואָלט געסטײַעט ניט בלויז אף אַזאַ קליין פּאָגראָמעלע, וואָס ער האָט געמאַכט באַ דער נאָך ניט אָפּגעגעטער שנור.

איז מיילע, דער געט איז אַ פּאַרפאַלענע זאַך. דאָבע לויפט שוין אַרום איבער דער שטאָט אָפּזוכן עפּעס אַ נײַעם שידעך פאַר פייסיען. און אַז דאָבע זוכט, וועט זי געפינען. ערגער איז מיט רעפאָעלן.

— עפּעס געפעלט מיר ניט מײַן רעפאָעל, — האָט ער זיך געקלאָגט פאַר סימכען. — מיט אַזאַ־אָ איז ניטאָ וואָס צו פאָרן אהין.

— מײַן טאָליק געפעלט מיר אויך ניט, — האָט אָפּגעענטפערט סימכע.

— נו, מיילע, מיט אַזאַ, ווי דײַן טאָליק, וואָלט איך זיך נאָך אַן אייצע געגעבן.

— ווי:אַזוי?

— איך וואָלט פון אים ארויסגעשלאָגן דאָס מעשוגאַס!

דעם גאַנצן וועג אהיים האָט סימכע אַלעמאָל אונטערגעוואָרפן זיך אַליין אַ שפּענדעלע, דער צאָרן זאָל אין אים ניט אופהערן צו זידן, און גענומען אויסטײַטשן טאָליקס פאַרכושטקײַט, טאָליקס שווײַגן גאָר אף אַן אַנדער אויפן. באַזונדערס טאָליקס קוקן. עפּעס קוקט ער אַזוי אף אים, גלײַך ער זעט אים ניט, אָדער קוקט גאָר דורך אים, גלײַך פאַר אים וואָלט געשטאַנען ניט זײַן טאַטע, נאָר פּאָשעט אַ קלאָץ.

— איך וועל אים ווײַזן! — האָט ער אַלעמאָל זיך אונטערגערייצט. — איך וועל זיי אַלע ווײַזן!

מיט דעם האָט ער אויך געמיינט זײַן זאָסיע — זיסלען. זינט זי האָט זיך ארײַנגעטאָן אין די שאָפער־קורסן, האָט זי פון גאָרנישט ניט געוואָלט וויסן און די שטוב איז געוואָרן אויס שטוב. אפילע דאָס געפעס איז געשטאַ־נען וואָכנווײַז ניט קיין איבערגעוואַשנס. איז אויסגעקומען, אַז יעדערער האָט צו טאָן מיט זײַנס און איינער צום אַנדערן האָט קיין שום שײַכעס ניט. סימכע מיט זײַנע לעצטע געשעפטן, זאָסיע מיט אירע קורסן, און טאָליק

מיט זײַן מאַטעמאַטיק, מיט זײַנע עקזאַמענעס און מיט אַזױנס, װאָס סימכע װײסט אַלײן ניט.

האָט סימכע באַשטימט הײַנט מאַכן אַ סאָף צו דעם אַלעמען.

נאָך פֿאַר דער װעטשערע האָט ער אָנגעהױבן טשעפּען זיך צו טאַליקן. ער שטײט ניט װי עס דאַרף צו זײַן, ער זיצט ניט װי עס דאַרף צו זײַן און קוקט ניט אַהין, װוּ מע דאַרף. און סאַמע דער איקער:

— װעגן װאָס טראַכסטו?

— װעגן װאָס זאָל איך טראַכטן? — האָט טאַליק אָפּגעענטפֿערט, קוקנדיק װי פֿריִער עפּעס אין אַ זײַט.

— װאָס הײסט װעגן װאָס? מיר הײבן זיך שױן אָן פּאַקעװען.

— נו, איז װאָס?

— װאָס זשע, עס פֿרײט דיך ניט?

— װאָס דאַרף עס מיך פֿרײען צי ניט פֿרײען? איך װײס אַלײן ניט.

— װאָס װײסטו ניט? זאָג, װאָס װײסטו ניט.

סימכע האָט געהאַלטן, אַז ער איז שױן גענוג צערײצט, ער זאָל דערלאַנגען טאַליקן דעם ערשטן פּאַטש. ער זאָל, הײסט עס, ניט זײַן אַזױ כּוצפּעדיק. איבער דער טאַטע פֿרעגט װעגן עפּעס, זאָל ער ענטפֿערן װי אַ מענטש.

פֿאַר טאַליקן איז דער פּאַטש געװען אַזױ אומדערװאַרט, אַז ער האָט די ערשטע מינוט אַלײן ניט געגלײבט אין אים. ער געדענקט ניט, דער טאַטע זאָל אים אַמאָל שלאָגן. האָט ער בלױז אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דער רעכטער באַק אױף פּעסטשטעלן, פֿון װאָס האָט זי אָנגעהױבן אַזױ צו פֿלאַמען, און אַ קוק געטאָן אױפֿן טאַטן מיט יענער מוירדישער פֿאַרביסנקײַט, װאָס האָט נאָך מערער צערײצט סימכען.

— דו זאָג מיר אײן זאַך, — האָט ער אױסגעשריגן. — דו פֿאָרסט, צי דו פֿאָרסט ניט?

דאָס, װאָס דער טאַטע האָט אַזױ עפּנטלעך געשטעלט אַזאַ פֿראַגע, דאָס, װאָס דער טאַטע אַלײן האָט דערלאָזט אַ געדאַנק, אַז ס'איז מעגלעך אַזױנס, אַז ער, טאַליק, זאָל ניט פֿאָרן, האָט אים גראָד אַ ביסל דערמונטערט. דערפֿאַר האָט ער פּעסט באַשטימט בא זיך ניט ענטפֿערן. די ריצכע אין סימכען האָט שױן אָנגעהױבן זידן, האָט ער נאָכאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— דו פֿאָרסט, צי דו פֿאָרסט ניט?

טאַליק האָט געשװיגן.

סימכעס פֿױסטן האָבן שױן לאַנג געבעטן אַרבעט, האָט ער װי אָפּגעלאָזט דאָס קײטל און זײ געלאָזט אין גאַנג, און שױן ניט געקוקט, װוּהין זײ טרעפֿן. בא די ערשטע קלעפּ האָט טאַליק זיך נאָך געהאַלטן אױף די פֿיס, דערנאָך איז ער אומגעפֿאַלן. בא די ערשטע קלעפּ האָט זאָסיע מיטן טעכטערל, דער װײַסהאָריקער שילערן פֿון פֿערטן קלאַס, שורעלען, בלױז געקװיטשעט, דערנאָך האָבן זײ אָנגעהױבן בעטן זיך.

— טאַטע, טשעפּע אים ניט, — האָט גערעװעט שורעלע.

— סימכע, װאָס טוסטו? — האָט זאָסיע אָנגעכאַפּט אים פֿאַרן אַרבל.

— זיסל, שװײַג, ניט דײַן אײסעק! — סימכע האָט געמײנט, אַז ער איז שױן דאָרטן, און אָנגערופֿן זאָסיען מיט איר רײן־ייִדישן נאָמען.

און ווען פון טאָליקס צוגעשלאָסענע ליפּן האָט א רין געטאָן א פּאַסיקל בלוט, איז זאָסיע צוגעפאַלן צו אים און אָנגעהויבן טרייסלען:

— טאָליק, זאָג עפּעס, ער וועט דיך דערהאַרגענען. דו קענסט ניט דעם טאַטן דײַנעם?

טאָליק האָט געשוויגן. דאָס אײנציקע וואָרט, וואָס האָט זיך געריסן פון אים, א וואָרט, פול מיט שטוינונג, מיט פאַרדראָס און מיט נאָך ניט קיין באַנומענעם, ניט קיין אָפּגעזעצטן האַס, איז געווען — טאַטע. א וואָרט, וואָס האָט זיך געריסן פונעם מויל מיט אָן א שיר פראַגע־צייכנס און אויסרוף־צייכנס. נאָר גראָד דאָס וואָרט האָט ער איצט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט אַרויסרעדן.

און סימכע... אַף אַלע שורעלעס קוויטשערײַען און אַף זאָסיעס גוואַלדן און געבעטן האָט ער געענטפערט מיט אײן וואָרט:

— שווײַגט, ניט אײַער אייסעק! איך וועל אים... א טויטן וועל איך אים אַהין אַוועקפירן!

וועגן דעם, וואָס עס איז יענעם אָוונט זיך פאַרלאָפן בא סימכען אין שטוב, האָט מען זיך דערוווּסט א סאַך שפּעטער. טאָליקן האָט מען עטלעכע טעג ניט אַרויסגעלאָזט פון דער שטוב און זאָסיען מיט שורעלען איז געווען שטרענג אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט. אַזוי, אַז ווען די נײַס איז אָנגעקומען אין ייִדישן געסל, איז דאָס שוין קיין נײַס ניט געווען, נאָר דעם כאָלעם פון יענער נאַכט האָט בליומע צעפּויקט איבערן געסל טאַקע דעם זעלבן אינדערפרי:

— הערט נאָר, וואָס א ייִדן קאָן זיך כאָלעמען אין א וואָכעדיקן ערעוור־שאַבעס אינמיטן פרײַטיקצונאַכטס!..

אַזוי הייבט בליומע אָן איר געשיכטע. אירע ניט אויסגעשלאָפענע אויגן זײַנען הײַנט אויך א ביסעלע אײַנגעשרומפּן און א ביסעלע רויטלעך־צוגע־בראָטן. אַז מענטשן זאָלן זיך כאָלעמען אווטאָמאַטן, דאָס וווּנדערט זי ניט, ווײַל ווי נאָר שוליע קומט פונעם זאַוואָד און באָריס פון דער פאַבריק, הייבט זיך בא דער וועטשערע אָן א מײַסע: אווטאָמאַטן אַהין, אווטאָמאַטן אַהער. באָריס האָט טײַנעס צום טאַטן, וואָס אייניקע אווטאָמאַטן זײַנען שלעכט אויסרעגולירט, אַלעמאָל פאַרטשעפּעט זיך עפּעס אַנדערש און מע מוז אַלץ איבערעגולירן. שוליע דערווײַזט אים, אַז דער זאַוואָד איז ניט שולדיק. ווײַל ביז מע לאָזט אַרויס אָן אווטאָמאַט, קאָנטראָלירט מען אים פון קאָפּ ביז די פיס. זײַנען שולדיק ניט די אווטאָמאַטן, נאָר די מיידלעך, וואָס זײַנען ערשט נעכטן געקומען פון דאָרף און ווייסן ניט, ווי באַגיין זיך מיט אים. דערנאָך הייבן זיי ביידע אָן זידלען די בויער, וואָס זײַנען אַרויס פונעם גראַפיק און קאָנען צוריק ניט אַרײַן. איז דער הויפּט־קאָרפּוס פון דער הענטשקעס־פאַבריק נאָך ניט פאַרענדיקט, די אווטאָמאַטן זײַנען שלעכט אײַנגעמויערט, און די ווענטיליאַציע שטעלט זיך אַלעמאָל אָפּ. איז קיין וווּנדער ניט, וואָס אַפילע אין כאָלעם האָט מען צו טאָן מיטן אווטאָמאַט. נאָר אַז צוויי מענטשן אין פאַרשיידענע עקן פון שטאָט זאָל אין איין נאַכט זיך כאָלעמען אייגער און דער זעלבער כאָלעם!

דאָס איז גאָר אַן אנדער מײַסע מיט גאָר אַן אנדער אווטאָמאט. עפּעס א צוועקעס־אווטאָמאט, וואָס מע האָט געבראכט אזש פון מאָסקווע מיט א האלב יאָר צוריק און ער האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט ארבעטן. האָבן צענדליקער מענטשן זיך געדרייט דעם קאָפּ, דערנאָך א שפּײַ געטאָן און פארשטעלט אים אין עפּעס א פארוואָרפן ווינקעלע, ער זאָל אזוי ניט מאָ־זאָליען די אויגן. איצט האָט מען זיך ווידער דערמאָנט אין אים, ווײַל יעדער מענטש איז מיט גאָלד גלײַך און דער אווטאָמאט וואָלט געקאָנט פארבײַטן א מענטשן זעקס פונעם פורניטור־צײַג. האָט מען ארײַנגעשלעפּט דעם שלי־מאַזלדיקן אווטאָמאט אין אינסטרומענטאלן צעך, און שוליע מיט ניקיטען האָבן זיך גלײַך צעקריגט איבער אים. ס׳רעדט זיך אזוי, צעקריגט. נאָר געשפּארט האָבן זיי זיך זייער הייס און גאנץ הויך ארײַנגעשריגן איינער דעם אנדערן אין די אויערן זייער ניט קיין לײַטישע ווערטער. דערנאָך האָבן זיי זיך שטארק אָנגעברויגעזט איינער אפן אנדערן און אָפּגעשוויגן א גאנצן טאָג. נאָר ווער האָט געקאָנט וויסן, וואָס איז דאָס געווען פאר א שווײַגעניש? ווײַל באנאכט...

ס׳איז געווען טאקע היפּש אין דער נאכט, די טראָלייבוסן זײַנען שוין ניט געגאנגען, און ניקיטא האָט געיאָגט איבער דער שטאָט צופוס, פון איין עק שטאָט צום צווייטן. ער האָט מוירע געהאט, דער כאָלעם זאָל ניט צערונען ווערן. ער האָט אלעמען שטארק אָנגעשראָקן מיט זײַן אָנקלאפּן שפּעט אין דער נאכט אין פענצטער. בליומע, בא וועמען דער שלאָף איז זייער א גרינגער, האָט דערהערט די ערשטע, אפגיך ארופגעוואָרפן אף זיך דאָס כאלאטל און איז אוועק עפענען.

— בליומע, וועק גיכער אוף שוליען, מיר האָט זיך עפּעס געכאָלעמט.

— אף מײַנע סאָנימס קעפּ! וואָס פארא בייזע כאלוימעס!

— פרעג ניט, בליומא, — ניקיטא האָט נאָך אלץ ניט געקאָנט כאפּן דעם אָטעם.

ווען מע האָט אופגעוועקט שוליען און ער, נאָך שטארק א פארשלאָפע־נער, האָט אויסגעהערט ניקיטען, איז ער געוואָרן אויסער־זיך:

— וואָס דרייסטו מיר א מויעך? איך האָב נאָרוואָס געזען דעם זעלבן כאָלעם!..

— דו אויך? — האָט ניקיטא אים א כאפּ געטאָן פאר דער האנט. — נו, איז קום שוין.

— וווהין?

— וואָס הייסט וווהין? אפן זאוואָד!

גייען זיי שוין ביידע צופוס איבער דער באנאכטיקער שטאָט. זיי זײַנען ביידע פעסט בא זיך, אז זיי האלטן זייער שוטפעסדיקן כאָלעם, ווי אף א צײַמל, און ער וועט אין ערגעץ ניט אנטלויפן. נאָר ניקיטען לאָזט עפּעס ניט רוען.

— זאָג מיר נאָר, ווי׳אזוי האָט זיך דיר דאָס געכאָלעמט? — פרעגט ער בא שוליען.

— וואָס הייסט ווי׳אזוי?

— איך מיין, נו, אף יידיש צי אף רוסיש?

— א מאָשל — כאלוימעס זע איך שטענדיק אף יידיש.

— אָט דאָס טאַקע האָב איך געוואָלט וויסן. ווי זשע הייסט בא דיר יענץ, וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט?

— וואָס יענץ?

ווערט שוין ניקיטא בארויגעז:

— וואָס, דו שלאָפסט, צי דו מאַכסט זיך? איך מיין, די דעטאַל.

— אָך, די דעטאַל מיינסטו? א קלעפּקע. עס פעלט דאָרטן א קלעפּקע.

— א קלעפּקע? — ווערט ניקיטא א ביסל אַנטוישט און א ביסל דער־שראָקן. — עפּעס ניט דאָס, ניט דער כאָלעם.

איז שוין שוליע אויך אומרויִק:

— און ווי הייסט עס בא דיר?

— א זאַטיטשקע.

— א זאַטיטשקע? א זאַקליאָפּקע! — שרײַט אויס שוליע א דערפרייטער. — איז דאָס דאָך אַלצייִנס!

און ניקיטא, קעדיי אויסבאהאַלטן די אייגענע פרייד, טוט א צי שוליען:

— שאַ, שרײַ ניט, וועסט אופוועקן די גאַנצע שטאָט!

געקומען אַפן זאַוואָד, האָבן זיי ווידער אין אײַלעניש פאַנאַנדערגענומען דעם אווטאָמאַט, אין אײַלעניש, ציטערניש און פלאַטעריש, ווײַל זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז ס׳זאָל זיך פון דעם אַלעמען ניט אויסלאָזן קיין פּוסטער כאָלעם. זיך דערקלײַבן צו יענעם ערטעלע, האָבן ביידע דאָס א כאַפּ געטאָן אין די הענט, און בא ביידן האָט זיך אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ. זיי האָבן געמיינט, אַז אָט וועלן זיי אומפאַלן. זיי אַליין איז שווער געווען צו גלייבן. אַלץ איז טאַקע ווי אין כאָלעם, נאָר פּונקט קאַפּויער. טאַקע אָף יענעם אָרט און טאַקע א קלעפּקעלע, צי א קליאָפּקעלע, צי א שפּונקעלע. ניט ס׳האָט געפעלט, נאָר פאַרקערט, געווען אַן איבעריקס. עפּעס א שפּונקעלע האָט ביגנייווע זיך אַרײַנגעכאַפּט ניט אַהין, וווּ מע דאַרף, און פאַרהאַקט דעם אווטאָמאַט דעם אָטעם. ביז זיי האָבן צוריק צונויפגענומען דעם אווטאָמאַט, ביז זיי האָבן אים אײַנגעשטעלט און ער האָט אָנגעהויבן צו הודען, האָבן זיי געמיינט, אַז בא ביידן וועלן אַרויסשפּרינגען די הערצער. נאָר ווען דער אווטאָמאַט האָט זיך טאַקע צעהודעט, איז שוין געווען גאַנצפרי און די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן קומען אָף דער אַרבעט.

וואָס איז געווען, ווען דער אווטאָמאַט האָט זיך צעהודעט? ס׳איז זיי אַליין געווען א ביזאָיען. ווי נעמען עס צוויי אַלטע לײַט אָט אַזוי, אַפּן ניכטערן האַרצן, און הייבן זיך אָן קושן?

נאָך אַלעמען זײַנען זיי געקומען צוריק צו בליומען. דער שעף פון צעך האָט זיי באַפרײַט פון דער אַרבעט, זיי זאָלן זיך א ביסל אויסשלאָפן. ניקיטא, גלײַך אַפּן טיש וואָלט שוין עפּעס געשטאַנען, האָט געריבן די הענט פאַר טײַנעג און זיך אָנגערופן:

— בליומא, שטעל מאַהאַריטש. און זאָלסט וויסן זײַן, אַז איך מיט דײַן שוליען זענען אין איין צײַט איינע און די זעלבע כאַלוימעס.

ווען בליומע דערציילט איבער אַלץ, ווי עס איז געווען, פּוצט עס דערבײַ נאָך א ביסעלע צו, דערלויבט זי זיך שוין פאַרענדיקן מיט א ווערטל:

— ט׳האָט איר אײַך א בײַשפּיל, ווען דער כאָלעם איז גרעסער פון דער נאַכט.

# 16

און דער פרוט פליסט זיך פּאַמעלעך און שטיל, ווי אַן אַלט און שיין מײַסעלע. די צעבויטעטע וואַסער זעט אויס מאַטעווע־גרוילעך, ווי דער נעפּל אין די בערג, ווי דער פאַרנאַכטיקער הימל, ווען די זון איז שוין פאַרגאַנגען און קיין שטערן איז נאָך ניטאָ. עפּעס מורמלט ער, דער טײַך, שעפּטשעט צו זיך אַליין, ווי אַן אַלטע באָבעצי אָן ציין: אַמאָל איז געווען אַ באָבעצי — אַ שקראַבעצי. אַן אַלטער טײַך מיט אַ ביסל אָפּגעקראָכענע ברעגן און קויטיקלעכע וואַסערן. אַז דער זומער צעהיצט זיך מיט זײַנע גרויסע היצן, ווערט די וואַסער אויסגעדאַמפּט און דער טײַך בלײַבט ליגן מיט זײַן זאַמדיקער נאַקעטקײַט, מיט אָן אַ שיר איבערגעפּוילטע וואָרצלען פון אַמאָליקע ווערבעס, מיט אָן אַ שיר קאַליוזשעס, אין וועלכע קינדער פּליוסקען זיך כוצפּעדיק און פאַרשײַט, גלײַך דאָס וואָלט ביכלאַל קיין טײַך ניט געווען.

אין אַזעלכע טעג טרייסט זיך דער טײַך דערמיט, וואָס ער איז ניט שטענדיק און ניט אומעטום אַזאַ, וואָס אַ ביסל ווײַטער איז ער פול ביזן ברעג און פון ביידע זײַטן הענגען איבער אים געדיכטע וועלדער, וועלכע מאַכן די וואַסערן אײַנגאַנצן גרין, און אַז נאָך אַ ביסל ווײַטער האָט ער גאָר רײַכע קרויווים: פון איין זײַט דער דניעסטער, וואָס פליסט אַזוי גיך, אַז מע דאַרף אים גאָר קאָנען נאָכיאָגן, און פון דער צווייטער זײַט דער פינענדיקער טשערמוש. אַפילע ניט קיין איינער, נאָר צוויי, דער שוואַרצער און דער ווײַסער. ביידע אַלציינס ווילד צעיושעט, ביידע האַלטן אין איין בושעווען, רוישן קײַלעכיקע מעסלעסן, ווי שיקערלעכע הוצולן אף אַ כראַם... און נאָך אַ ביסל ווײַטער, שוין פון יענער זײַט קאַרפּאַטן, דער בלויער דונײַ.

Їхав козак за Дунай,
Казав дівчині — прощай...[1]

זאָגט מען גאָר, אַז דאָס לידל איז געבוירן געוואָרן דאָ, באַם פרוט...

איז אין איינעם אַזאַ אָוונט, ווען די זון איז פאַרגאַנגען און קיין שטערן זײַנען נאָך ניט געווען, אַלץ אַרום איז געווען טונקל־גרוילעך — דער ווײַטער הימל, דער נעפּל אין די בערג, דער פּוסט־געוואָרענער פּליאַזש און דער פרוט אַליין, וואָס איז געווען האַלב־אויסגעטריקנט, און פונעם צעקאַלויטשעטן דנאָ, ערטערווײַז אַ גרײַפּלדיק־זאַמדיקער און ערטערווײַז פון סאַמע דריבנע גלאַנציקע שטיינדעלעך, האָט געצויגן מיט יענער פײַכטקײַט, וואָס איז קילער פון דער וואַסער אַליין, מיט אַ קילקײַט, וואָס גייט פון די פאַרבאָרגענע טיפעניש און שמעקט אויך מיט זייער פאַרבאָרגנס און זייער סוידעסדיקס, — אין אָט אַזאַ אָוונט האָט טאָליק צוגעשיקט מיטן קלענערן שוועסטערל אַ צעטעלע. גאַנוועט זיך ציפּעלע צום טײַך אַזוי, אַז קיינער זאָל זי ניט באַמערקן, זיי פאַרוקן זיך ביידע אונטער דער אַלטער ווערבע, אַז קיינער זאָל זיי ניט זען...

[1] ס'איז געפאָרן אַ קאַזאַק אף יענער זײַט דונײַ,
געזאָגט דעם מיידל — בלײַב געזונט...

געוויס האָט טאָליק אויסגעקליבן אזא צײַט און אזא פארטונקלט ער־טעלע, זי זאָל ניט זען זײַן פארשוואָלן פּאָנעם, די נאָך ניט פארהיילטע סיניעקעס און באזונדערס דאָס שרעקעוודיקע, וואָס קוקט ארויס פון זײַנע קורצזיכטיקע אויגן. קוקן ניט צו איר, נאָר ערגעץ אנדערש, אף יענער זײַט טײַך, אף וועלכן עס שטייט, ווי א שוימער, אן איינזאם שטיבעלע. נאָר זי זעט סײַווי אלץ, זעט א סאך מערער, ווי ער קאָן זיך פאָרשטעלן. אפילע ווען ער שווײַגט, קלינגען איר אין די אויערן זײַן טאטנס ווערטער, שנײַדן אין מויעך, ווי מיט א מעסער, נעמען דורך דאָס גאנצע לײַב מיט א פיבערדיקן גרויל:

— א טויטן, א טויטן וועל איך אים אהין אוועקפירן!

אויך איצט, ווען זיי זיצן אונטער דער ווערבע, זעט טאָליק פאר זיך די גאנצע צײַט דעם טאטנס פּאָנעם. זייער א פרעמדס און זייער אן אכזאָריעסדיקס... אף אָט דעם פרעמד געוואָרענעם, אָנגעבלאָזענעם פּאָנעם האָבן די אויגן אויסגעזען, ווי צוויי קליינע פינטעלעך, וואָס האָבן ארויס־געגלאנצט מיט שווארצקײַט. ניט קיין מענטשלעכע אויגן אף ניט קיין מענטשלעך פּאָנעם. טאקע דערפאר, קלערט ער איצטער, האָט ער דאן גאָרנישט ניט געקאָנט ארויסרעדן. דאָס איינציקע וואָרט, וואָס האָט זיך געריסן פון אים, א וואָרט, וואָס האָט געדארפט אויסדריקן זײַן דערשטוינט־קײַט, זײַן דערשיטערטקײַט, וואָס איז געווען שטארקער פונעם ווייטעק אליין, איז געווען — טאטע! נאָר ווי האָט ער געקאָנט אָנרופן אָט דאָס פרעמדע, אכזאָריעסדיקע פּאָנעם מיט אזא נאָמען?

— א מאטעמאטישער פאראדאָקס... — נאָך א לאנגן שווײַגן, וואָס האָט ציפּעלען אויסגעזען שרעקלעכער, ווי זײַן דערציילונג אליין, האָט טאָליק ווידער דערציילט, — געדענקסט, מיר האָבן געלייענט וועגן איינשטיינס רעלאטיוויטעט־טעאָריע. ווען א שיף מיט קאָסמאָנאווטן זאָל זיך לאָזן צו דער פלאנעטע ווענערע, פליִען א האלב יאָר אהין און האלב יאָר צוריק, וואָלטן די קאָסמאָנאווטן, וואָס זײַנען געווען אויסער דער ערד ניט מערער, ווי א יאָר, געטראָפן די איבערגעלאָזטע זויג־קינדער אלס אכציקיאָריקע זקיינים... ווײַל די צײַט איז רעלאטיוו און אין אנדערע וועלטן איז זי גאָר אן אנדערע. מיט מיר איז געשען גאָר פארקערט. פאר די עטלעכע טעג, וואָס איך בין געווען ניט הי, גאָר אין אנדערע וועלטן, האָב איך זיך שטארק געעלטערט. עפשער אף צען יאָר, עפשער אף פופציק יאָר און עפשער אף אלע הונדערט. און איך הער ניט אוף וווּנדערן זיך: אלץ איז געבליבן ווי געווען, ווי איך האָב דאָס אמאָל איבערגעלאָזט. און דו אויך. דו ביסט אזוי יונג און שיין. מיר גלייבט זיך אפילע ניט.

— וואָס רעדסטו, טאָליק?

ציפּעלע האָט צוערשט זיך פּאַשעט דערשראָקן, געמיינט, ער איז ניט בא די געדאנקען. דערנאָך א טאפּ געטאָן זײַן שטערן, אף וועלכן זי האָט אָנגעטאפּט א פּאָר אופגעלאָפענע בערגעלעך. זי האָט געמיינט, אז ער רעדט פון היץ. נאָר ס'איז געווען ניט דאָס און ניט יענץ, און דערפון איז איר געוואָרן נאָך שרעקלעכער.

— ווען מײַן טאטע זאָל וויסן... ווען מײַן טאטע זאָל קאָנען פאר־

שטיין, וואָס ער האָט פֿון מיר ארויסגעשלאָגן און וואָס ער האָט אריינגעשלאָגן!

ציפּעלען דוכט זיך, אז טאַליק באמערקט זי אינגאנצן ניט, זעט זי ניט, פֿילט זיך טאקע, ווי גאָר ערגעץ אנדערש, און רעדט מערער צו זיך אליין. און ער דארף זי נאָר דערצו, עס זאָל זיך אים דוכטן, אז ער רעדט צו עמעצן.

— ווײ, ווײ, ווּ בין איך ניט אויסגעוועזן פֿאר די עטלעכע טעג! איך בין געוועזן אין וויעטנאם, איך בין געוועזן אין טשילי, איך בין געוועזן אין צפֿון־אמעריקע, איך בין געוועזן אין ישׂראל, און געזען אלץ, אלץ...

— וואָס רעדסטו, טאַליק?

— שלאָג מיך ניט איבער. פֿארשטייסט, אויב דו ווילסט וויסן, האָט מײַן טאַטע מיך טאקע געהארגעט. א סאך זאכן אין מיר אוועקגעהארגעט. און דאָס ערגסטע, וואָס ער האָט אוועקגעהארגעט, איז — זײַן זון. איצט לעבט שוין אף דער וועלט גאָר אן אנדערער. איך ווייס נאָך אליין ניט ווער, נאָר שוין ניט זײַן זון. און איצט, ווען איך בין אזויפֿיל מאָל ארומגעפֿלויגן די ערד...

ציפּעלע, געפּלעפֿט פֿון זײַנע דערציילונגען, האָט געפֿרעגט גאנץ ערנסט:

— וויאזוי ביסטו עס ארומגעפֿלויגן?

— וואָס הייסט, וויאזוי? אף א קאָסמישער שיף! פֿונדערווײַטנס זעט די ערד אויס גאָר אנדערש. מע זעט זי מיטאמאָל אינגאנצן. און דאָס איז זייער א פֿארכאַפּנדיק, אן איבערראשנדיק בילד. מע זעט, ווי איין שטיקל ערד איז פֿארגאָסן מיט זון און א צווייט שטיקל איז באדעקט מיט וואָלקנס. אף איין אָרט גיסט א רעגן און אף א צווייטן בושעווען זאווערוכעס, מע זעט, ווי די גאנצע ערד פֿיבערט. די ערד איז אזוי קליין, אלץ אף איר איז אזוי איבערגעפּלאָכטן. איצט איז פֿאראן איין גרויסער גורל פֿון דער גאנצער מענטשהייט. אָדער זײַן, אָדער אומקומען אין איין אויגנבליק.

— טאַליק, טאַליק! עפּעס רעדסטו אזוינס! איך האָב גאָר מוירע פֿאר דיר! דו רעדסט, ווי א פּריידיקער, עפּעס גאָר, ווי א נאָווי!

ציפּעלען האָט זיך געדוכט, אז טאַליק האָט א שמייכל געטאָן. דאָס ערשטע מאָל פֿאר דער גאנצער צײַט.

— מע קאָן טאקע ווערן א נאָווי, ווען אן אייגענער טאַטע, וואָס רעדט וועגן אכדעס פֿון פֿאָלק, איז גרייט הארגענען דעם אייגענעם זון. איצט האָבן מיר זיך געעפֿנט די אויגן, און א סאך זאכן פֿארשטיי איך גאָר אנדערש. געדענקסט, וואָס דײַן זיידע האָט געזאָגט? אים איז ווייניק, האָט ער געזאָגט, זײַן בלויז א ייִד, ער פֿילט זיך אמאָל א וויעטנאמער און אמאָל א טשילײַעץ. מיר האָט דאָס דאן אויסגעזען ווילד, אומנאטירלעך. איצט פֿארשטיי איך עס.

צי דערפֿאר, וואָס טאַליק האָט דערמאָנט וועגן זיידן, צי דערפֿאר, וואָס אפֿן הימל האָט זיך באוויזן דער ערשטער שטערן, וועמעס פֿינקלענדיק פֿײַערל גיט צו דעם הימל זײַן אָוונטיקע טונקלקײַט, עפּשער ביכלאל אונטערן אײַנדרוק פֿון טאַליקס קאָסמישע רײַזעס, צי עפּשער גאָר איבער

די פארזאָטענע סיניעקעס אף טאָליקס פּאָנעם, האָט ציפּעלע פּלוצעם א זאָג געטאָן:

— יאָ, אפּאָנעם, אז ס׳איז טאקע אזוי: דער מענטש שטאמט פון שטערן.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? — טאָליק האָט אזש א ציטער געטאָן.

— מײַן זיידע.

— דײַן זיידע? און מיט וואָס קאָן ער דאָס דערווײַזן?

ווייסט זי ניט, ציפּעלע, צי עס לוינט דערציילן. ווײַל זי ווייסט ניט, צי מע קאָן מיט דעם עפּעס דערווײַזן. נאָר פונדעסטוועגן... דאָס, וואָס דער זיידע האָט איר דערציילט, ניט יענעם גאנצפרי באם טײַכל, נאָר אין עטלעכע טעג ארום, ווען זי, ווי טאָליק איצט, איז צוגעשטאנען צו אים, ער זאָל איר דערווײַזן זײַן היפּאָטעזע.

איצט, ווען ציפּעלע האָט געפּרווט אלץ איבערדערציילן, האָט דאָס טאקע אויסגעזען, ווי א מײַסעלע, איר אליין איז שווער פאָרשטעלן זיך יענע ווײַטע צײַט, איר איז שווער פאָרשטעלן זיך די טורמע און דעם זיידן אין איר, איר איז שווער פאָרשטעלן זיך יענעם קארצער, אין וועלכן מע האָט אָפּגעהאלטן דעם זיידן א טעג צען, און ווי ער איז ארויס פון אים קוים א לעבעדיקער, אינגאנצן א פארשוואָלענער, מיט א סאך פאר־זאָטענע סיניעקעס אפן פּאָנעם, אונטער די אויגן. ער האָט דאן אויסגעזען ביז גאָר דערשלאָגן, דער זיידע, און קעדיי דערמונטערן אים א ביסל, האָט איינער פון די עלטערע אסירים א זאָג געטאָן:

— האלט זיך, דארפסט וויסן, אז דער מענטש שטאמט פון שטערן.

און דער מענטש, ניט קיין ייִד, האָט אים פאָרגעלייענט א פּאָר שורעס פון א ייִדישער ליד:

איך קום, ווי א שטאָלצער קאָמעט,
ווי די זון, ווען עס הייבט אָן צו טאָגן!..

ערשט אין פיל יאָרן ארום, טאקע גאָר ניט לאנג, האָט דער זיידע זיך אָנגעשטויסן אף אָט דער ליד און זיך דערוווּסט, אז דאָס איז א ליד פונעם באוווּסטן ייִדישן רעוואָליוציאָנערן דיכטער יוסעף באָוושאָווער. דעם טאָג איז ער ארומגעגאנגען א יאָמטעוודיקער, אלץ אין אים האָט געזונגען, און פאר די אויגן זײַנען געשטאנען יענע טעג פון פארן קארצער און נאָכן קארצער און יענער ניט יונגער קאטאָרזשניק, וועמען מע האָט געקאָנט אָנעמען פאר א רומענער, אָדער פאר א טשעך, וואָס האָט אויסדעקלאמירט אף ייִדיש:

איך קום, ווי א שטאָלצער קאָמעט!

און ווידער טאקע ערשט ניט לאנג... ער ווייסט אליין ניט, פארוואָס דער דאָזיקער איניען האָט אים אלעמאָל אזוי פארכאפּט, גלײַך די אָדער יענע היפּאָטעזע וועגן דער אנטשטייונג פון דער ערד אָדער וועגן דער אנטשטייונג פון לעבן קאָנען עפּעס ענדערן. פונדעסטוועגן האָט זיך זייער געוואָלט א שטיקל באשטעטיקונג פארן גרויסן ייִכעס פונעם מענטשן, עפּעס מערער, ווי די מאלפּע אליין. איז פאר אים אויך געווען א שטיקל

יאָמטעוו, ווען ער האָט איבערגעלייענט וועגן דער היפּאָטעזע פונעם ענגלישן אסטראָנאָם דזשאָן דזשעמס, אז אלע פּלאנעטעס פון דער זון־סיסטעם זײַנען אופגעקומען פון א צעגליטער שיטעריצע, וואָס א דורכגעפלויגענער שטערן האָט מיט זײַן צוציִונג־קראפט ארויסגעריסן פון דער זון. די דאָזיקע היפּאָטעזע איז אים צום הארצן א סאך מערער פון אנדערע, אויך פון דער, אז די ערד איז אופגעקומען פון קאלטן קאָסמישן שטויב. איין זאך איז קאלטער שטויב, און א צווייטע זאך איז א צעגליטע מאסע. און ניט אזוי די צעגליטע מאסע, ווי דער גיגאנטישער סופּער־שטערן, וואָס האָט געקאָנט רײַסן שטיקער פון דער זון אליין. ארויסרײַסן פון אירע געדערים אזא שטיק, עס זאָל סטײַען אף אויסקנעטן די ערד און אלע איבעריקע פּלאנעטעס, איז אוואדע א סאך שענער, און ס'איז אוואדע א סאך רעגעוודיקער פאָרשטעלן זיך די ערד און אלץ, וואָס איז אף איר דערנאָך אופגעקומען, און דעם מענטש אליין אויך, ווי א רעזולטאט פון א קאָלאָסאלער קאָסמישער דראמע, אין וועלכער ס'איז פארמישט א דורכגעפלויגענער סופּער־שטערן. קאָן דער מענטש אליין ציִען זײַן ייִכעס פון אים, און קאָן דערקלערן דאָס דערמיט, וואָס זינט דער מענטש איז א מענטש, לאָזן אים ניט רוען אלץ נײַע און נײַע הויכע טרוימען. עס האלטן אים אין איין ציִען יענע ווײַטע הימלען צו די ווײַטסטע שטערן.

איך קום, ווי א שטאָלצער קאָמעט!..

דאָס האָט שוין א זאָג געטאָן טאָליק אליין, צוגעמאכט די אויגן, ווי אײַנגעהערט זיך, אײַנזאפּנדיק אין זיך דעם הייסן גלי פון אָט די הויכע ווערטער.

— פארוואָס, פארוואָס! — האָט ער קימאט אויסגעשריגן מיט ווייטעק. — פארוואָס ווייסן מיר אזוי ווייניק! פארוואָס דערוויסן מיר זיך אלעמאָל וועגן עפּעס אנדערש א ביסל צו שפּעט!

— עס איז קיינמאָל ניט שפּעט! — האָט ציפּעלע אים דערווידערט.

איבער דער בריק, וואָס א מעטער הונדערט פון דער ווערבע, לעבן וועלכער זיי זײַנען געזעסן, האָט מיט ראַש א יאָג געטאָן א לאנגער פּאַסאזשיר־צוג און צערודערט אלץ ארום. די בריק האָט אונטערגעציטערט אונטער דער שווערקײַט פון די יאָגנדיקע וואגאָנעס, די לופט האָט א סיפּע געטאָן, ווי דורכגענומען מיט א צוגווינט, ס'האָבן א ציטער געטאָן, ווי צעפּאָלאָכעטע, די שיטערע בלעטער אף דער אלטער ווערבע, און ס'האָט אף א ווײַלע זיך א כוואליע געטאָן דאָס פלאטשיקע וואסער אין טײַך. טאָליק האָט אויך א ציטער געטאָן. ער האָט ניט אראָפּגענומען דעם בליק פונעם אוועקיאָגנדיקן צוג, און ווען אלץ ארום האָט זיך בארויִקט, האָט ער נאָך אלץ ניט געקאָנט אײַנעמען דעם אייגענעם ציטער.

— דו זעסט, ציפּעלע? אין א וואָך ארום... מיט דעם זעלבן צוג...

— דו אויך?

— איך ווייס ניט. איך ווייס אליין ניט. ווען ניט דאָס קלענערע שוועסטערל מײַנס, שורעלע. זיי רופן זי „ווישקראָב" און האָבן זי ניט ליב. איך

ווייס אליין ניט פאַרוואָס. האָב איך זייער מוירע פאַר איר. איך טאָר זי ניט איבערלאָזן מיט זיי אליין. זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטן.

— נו, און איך? — האָט זיך אַרויסגעריסן בא ציפּעלען.

טאָליק איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין ציפּעלעס פּאָנעם, גלײַך אין דער אָנגעשוואָמענער טונקלקײַט זעט ער זי שלעכט, און געשוויגן. דאָס, וואָס ער האָט אָקאָרשט אַ טראַכט געטאָן, דאָס, וואָס האָט אים דורכגעשניטן דעם מויעך, דורכגענומען דאָס גאַנצע לײַב מיט אַ נײַעם גרויל, איז געוועזן דאָס סאַמע שרעקלעכסטע, און אַרויסרעדן עס איז געווען אוממעגלעך. עס קאָן אַזוינס ניט זײַן, עס טאָר אַזוינס ניט געשען, ניין, ניין! צי דען מעג ער אַפּילע טראַכטן אַזוי? אַז אויך די ליבע איז אין אים אָפּגעשטאָרבן! אָפּגעשטאָרבן, צי בלויז פאַרקילט געוואָרן, פאַרגליווערט געוואָרן און מע דאַרף האָבן צײַט, זי זאָל ווידער צעוואַרע־מען זיך, זי זאָל ווידער אויפלעבן.

— אַ צווייטער פיזישער פּאַראַדאָקס, — אַרויסגערעדט, ווידער, ווי צו זיך אליין. — ווען קאָסמאָנאַווטן קערן זיך אום אויף דער ערד נאָך אַ לאַנ־גער קאָסמישער רײַזע, דאַרפן זיי האָבן אַ שטיקל צײַט אויף באַפרײַען זיך פונעם צושטאַנד פון אָנוואָגיקײַט. בא מיר איז קאַפּויער. איך קאָן זיך אַלץ ניט באַפרײַען פון די קאָלאָסאַלע איבערלאָדונגען. זיי בייגן מיך צו דער ערד. מיר איז אַפּילע שווער שטעלן אַ פוס...

אַ כאַפּ געטאָן ציפּעלען פאַר דער האַנט און אָנגעהויבן רעדן גיך, גלײַך ער האָט מוירע געהאַט, אַז ער וועט ניט באַוויזן זאָגן אַלץ, וואָס ער וויל, אָדער ער וועט איבערטראַכטן און ווידער אַנשוויגן ווערן.

— ציפּעלע, דו פרעג בא מיר גאָרניט און זאָג מיר גאָרניט. דו וואַרט נאָר צו אַ ביסל. לאָז מיך זיך באַפרײַען פון די אַלע איבערלאָדונגען, איך דאַרף אַראָפּוואַרפן פון זיך די איבעריקע יאָרן, ווידער ווערן... ניין, ניין, אַזאַ, ווי איך בין געווען, וועל איך שוין ניט זײַן, קיינמאָל ניט. איך וועל שוין קיינמאָל ניט זײַן אַזאַ, ווי מײַן טאַטע וויל. נאָר די יונגע יאָרן מוז איך אומקערן, איך מוז אומקערן זיך אליין... איך מוז אומקערן דיך... וואַרט צו עטלעכע טעג. איך וועל קומען צו דיר. דעם קומענדיקן פרײַטיק פאָרט מען אוועק. איז אָט. פרײַטיק, עטלעכע שאָ פאַרן אָפּפאָרן. צוויי שאָ פאַרן אָפּפאָרן. אַ שאָ פאַרן אָפּפאָרן! איך וועל אומבאַדינגט, אומבאַדינגט... איך וועל קומען צו לויפן, און דו וועסט מיך אויסבאַהאַלטן.

— טאָליק, דו מוזט שוין אַרײַנקומען צו אונדז. זיך דורכשמועסן מיט מײַן זיידן. ער וועט דיר אַלץ דערקלערן.

— ניין, איצט טאָר איך ניט. איך דאַרף שוין זײַן אין דער היים. קיינער טאָר ניט וויסן, ווו איך בין געווען, נאָר איך וועל קומען צו דיר, צו דײַן זיידן. צוויי שאָ פאַרן צוג. אַ שאָ פאַרן צוג.

און איז גלײַך אַוועק, אַוועק מיט שלאַבעריקע טריט, געהויקערט זיך... ציפּעלע האָט געוואָלט אים נאָכלויפן, אַ רוף טאָן צוריק, אָדער גלאַט אַזוי אַ געשריי טאָן, אָדער גלאַט אַזוי צעוויינען זיך. אויסוויינען איר ווייטעק, אויסוויינען איר שרעק. ווײַל דאָס, וואָס טאָליק האָט איר דערציילט, און דאָס, וואָס טאָליק האָט ניט דערציילט... און טאָליק אליין... זי פאַרלירט אים, טאָליקן, זי האָט אים שוין פאַרלוירן. דאָס איז גאָר ניט דער טאָליק.

דער הימל איז שוין געווען היפּש אויסגעשטערנט, פּונקט ווי עס פּאַסט פאַר אַ זומערדיקן אָוונט. און דער טײַך איז זיך צעפּלאָסן פּאַמעלעך און שטיל, ווי אַן אַלט שיין מײַסעלע. און כאָטש וואַסער אין אים איז געווען ביז גאָר קנאַפּ, האָט ער זיך געקאָנט באַרימען מיט זײַנע רײַכע קרויווים. מיטן גיכפּליסנדיקן דניעסטער, מיטן שוואַרצן און ווײַסן טשערמוש, וואָס זײַנען ביידע אַלציינס שטורמיש און ביידע אַלציינס ראַשיק. און מיטן בלויען דונײַ.

Їхав козак за Дунай,
Казав дівчині — прощай...

דאָס ייִדישע געסל. זאָל זײַן, עס זאָל טאַקע אײַנגאַנצן ניט סטײַען? שוליע זאָגט — גענעראַלנע פּלאַן. ער האָט אַליין געהערט אַף אַ לעקציע. און אַז אַ גענעראַלנע פּלאַן, איז וואָס? דערפון איז בליומען ניט גרינגער. און וואָס קומט איר אַרויס, וואָס לויט אָט דעם גענעראַלנע פּלאַן וועלן אַפן אָרט פון די קליינע שטיבלעך אופקומען גרויסע פילשטאָקיקע מויערן? און וואָס אָנשטאָט די שמאָלע פאַרשטויבטע געסלעך און פאַרשאָטנטע ליקעלעך וועלן אופקומען ברייטע גאַסן און פּראָספּעקטן און גרויסע סקווערן? און וואָס אומעטום וועט זײַן פול מיט זון, מיט ביימער און קווייטן און מיט אַלע איבעריקע זיבעצן זאַכן? יאָ, אַלץ איז גוט, אָבער דאָס ייִדישע געסל! ווי וועט זי, בליומע, קאָנען לעבן, זי זאָל יעדן גאַנצפריט ניט זען העגעך קאָוועל, דעם אַלטן לאַריזאָן, בעניע מאַליער און שיפרע די „קישעפמאַכערן” מיט איר גאַנצער כאָפּטע! און ווּהין וועט זיך העגעך אהינטאָן מיט זײַן קוזניע, און וואָס וועט זײַן מיט לאַריזאָנס סעדל? און זי אַליין, בליומע, וואָס וועט זי טאָן מיט אירע לעצטע נײַסן? זאָל זי זיי פאַנאַנדערפירן מיטן טראָליייבוס און אופהייבן זיך מיט זיי אַפן צענטן שטאָק? ס'וועט נאָך אַוועק אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך, ביז מע וועט זיך נעמען פאַרן גענעראַלנע פּלאַן, ס'איז דערווײַל ניט מערער, ווי אַ לעקציע, נאָר בליומע בענקט שוין נאָכן ייִדישן געסל, וואָס מוז פאַרשווונדן ווערן. אַראָפּ פונעם מאַרק, ווי עס רעדט זיך.

קיין פרומע איז בליומע קיינמאָל ניט געווען, נאָר זי האָט ליב געהאַט אַרײַנקוקן אַמאָל אין אַ פענצטער ערעוו־שאַבעס, ווו עס שטייט אַ שאַבעס־דיק־פאַרשפּרייטער טיש מיט צוויי אָנגעצונדענע ליכט אַף אים. זי האָט ליב געהאַט צו קוקן, ווי אייניקע טומלען זיך אַרום די מאַצעס ערעוו־פּייסעך אָדער קלאָגן זיך יאָמקיפּער אַף אַ שווערן טאָנעס... דאָס אַלץ האָט איר דערמאָנט אין זייער אַמאָליק שטיבעלע לעבן טיפן יאַר, אין זייער אַמאָליק שטעטעלע, אין זייער אַמאָליקן דאַלעס, אַמאָליקער אָרעמקײַט. קיינער וועט גאָר ניט גלייבן, אַז דאַלעס קאָן זײַן אַזוי העל, אַזוי בונט, אַזוי פילפאַר־ביק... סאַראַ רײַכע פאַנטאַזיע עס איז געווען באַם דאַלעס! אַ קוק טאָן אַפן איצטיקן אוילעם, וואָס באָדט זיך אין גוטס, — איינער איז ענלעך אַפן צווייטן, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. באַ אַלעמען דער זעלבער אָנצוג, דער זעלבער טעלעוויזאָר, דער זעלבער אײַזקאַסטן. נאָר וואָס זאָל זי טאָן,

אז עס בענקט זיך, וואָס קומט איר דערפאַר? און אז זי גייט דורך אַמאָל א שאַבעס און טוט א קוק אַרײַן אין אַזא ייִדישער שטוב... מעגלעך, אז עפּעס דערפון וועט זײַן אויך אויף די נײַע גאַסן, נאָר ס׳וועט זיך שוין אַזוי ניט אָנזען.

וועגן וואָס מע זאָל ניט רעדן, קומט מען אַרויף אויף דעם זעלבן. וואָס פאַר א שײַכעס האָט, לעמאָשל, דער גענעראַלנע פּלאַן צו ייִסראָעלן? נאָר, זעט איר דאָך!

— מיר פעלט ייִסראָעל ווי א לאָך אין קאָפּ. און אויב דיר ווילט זיך אַזוי שטאַרק, קאָנסטו אַליין פאָרן. האָסט דאָרטן אויך א שטיקל קאָרעווו, דעם יויזל דײַנעם, שרײַב אים אָן, זאָל ער דיר שיקן אַן אַרויסרוף.

לאַריאָן דאַרף מער ניט. וואָס הייסט, מע האָט אָנגערירט דעם קאָוועד פון יעזוסן!

— אַזעלכע אַפּיקאָרסים, ווי דו, — האָט ער געטײַטלט צו הענעכן מיטן פינגער, — זײַנען שוין גאָר קיין ייִדן ניט.

— אָ, אָ! — איז הענעך אונטערגעשפּרונגען. — פאָר אַוועק אַהין, וועסטו ווערן אַן עכטער ייִד. וועסט נאָר מוזן זיך מאַלע זײַן אויף דער על־טער.

הייבט מען אָן רעדן וועגן ייִסראָעל, פאַרגעסט שוין בליומע אויך וועגן גענעראַלנע פּלאַן. ווײַל מיט אים צי אָן אים... זי קאָן דען צוטראַכטן עפּעס אַנדערש? און אז זי וועט זיך שטאַרק פאַרבענקען נאָך א פריִער־דיקער שכיינע, וועט זי שוין יאַקאָס געפינען איר אַדרעס. אָבער אז מע פאָרט אַוועק אַהין, קאָן מען שוין צוריק ניט קומען, ווי יענטע די סטאָ־ליערקע שרײַבט.

„וויי, וויי, — שרײַבט זי, — ווי איך האָב זיך עס געיאָגט וואָס גיכער זיך אַרויסרײַסן פונעם גאָלעס. איצט באַוויין איך מײַנע יאָרן. גוואַלד, ליבע מײַנע, ווי קומט מען צוריק אין אונדזער „גאָלעס״ז״

— נאַרישע מענטשן, — רעדט בליומע צו זיך אַליין. — מיט די אייגענע הענט! מע נעמט און מע טרײַבט זיך אַליין אַוועק אין גאָלעס!

פאַר בליומען איז דאָס ניט מער ווי א שטיקל פריקרעקײַט. אַמאָל קי־מערט עס זי א ביסל, אַמאָל פאַרדריסט עס זי טאַקע שטאַרק, אַמאָל קומט זי אָפּ מיט א בינטל ביטערלעכע געדאַנקען, נאָך וועלכע זי מוז עפּעס אײַנעמען, און אַמאָל צעקריגט זי זיך אַפילע מיט עמעצן. נאָר — אָפּגע־קריגט זיך, איבערגעטראַכט, פאַרטרונקען מיט עפּעס זיסן, און עס גייט דורך. אָבער ציפּעלע!

א גאַנצן פרײַטיק איז ציפּעלע אָפּגעלעגן מיטן קאָפּ אין קישן און געוואָרט. ניט אויף יענעם טאַליקן, מיט וועמען זי איז געזעסן אונטער דער ווערבע, וואָס האָט אויסגעזען אומגעוויינלעך פאַרענדערט און גערעדט אומגעוויינלעך שרעקלעך. פאַר יענעם טאַליקן האָט זי מוירע. זי האָט גע־וואָרט אויפן פריִערדיקן טאַליקן, אויף אַזא, ווי ער האָט צוגעזאָגט קומען. ווידער אַזא ווי געווען, א יונגער, אָן דעם, וואָס האָט אים געבויגן צו דער

ערד. אַלעמאָל האָט זי זיך אופגעזעצט, אַ קוק געטאָן אויפן קליינינקן האַנט־זייגערל און ווידער זיך אַ וואָרף געטאָן צום קישן.

צו די צוויי שאָ פֿאַרן אָפּגיין פֿונעם צוג איז שוין קימאַט גאָרניט ניט געבליבן. און טאַליק... ווו זשע איז ער ערגעץ, טאַליק?

דער זיידע אויך. זי האָט אים אַלץ דערציילט, וועגן זײַן פֿאַרשוואָלן און פֿאַרבלאָוועט פּאָנעם, וועגן די בײַלן אויפֿן שטערן און וועגן זײַנע מאָדנע, שרעקלעכע רייד יענעם פֿאַרנאַכט באַם טײַך, און וועגן די צוויי שאָ פֿאַרן אָפּגיין פֿונעם צוג. דער זיידע האָט צוגעזאָגט קומען הײַנט פֿון דער אַרבעט אַ ביסל פֿריִער. מע דאַרף דאָך דערוויסן זיך, מיט וואָס איז טאַליק געקומען, און באַטראַכטן, וואָס ווײַטער צו טאָן. איז ער נאָך אַלץ ניטאָ, דער זיידע. ווען דאָס זייגערל איז צוגעשפּרונגען צו יענעם געפֿערלעכן אָרט, נאָך וועלכן, ווי ציפּעלען האָט זיך געדוכט, ס'האָט אַלץ געמוזט זיך אָפּשטעלן: דאָס זייגערל, די צײַט אַליין און אויך דאָס אייגענע האַרץ אירס, — איז זי אַראָפּגעשפּרונגען, אָפּגיך אָפּגעוואַשן די טרערן פֿונעם פּאָנעם און פֿון די אויגן, ווי־ניט־איז, אין אײַלעניש, זיך צוגעקעמט, און... וווהין לויפֿן, האָט זי אייגנטלעך ניט געוווּסט. זי האָט נאָר געוווּסט איין זאַך: זי מוז לויפֿן, זי מוז ערגעץ לויפֿן.

זיי האָבן זיך באַגעגנט אויף די טרעפּ. ציפּעלע איז געלאָפֿן מיט די טרעפּ אַראָפּ, און דאָוויד האָט געסאָפּעט מיט די טרעפּ אַרויף. לויט דעם, ווי ציפּעלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און אַ כאַפּ געטאָן אים פֿאַר דער האַנט, האָט דאָוויד פֿאַרשטאַנען, אַז טאַליק איז ניט געקומען. האָט ער גענומען פֿאַרענטפֿערן זיך, גלײַך ער וואָלט געווען שולדיק אין דעם:

— כ'האָב פֿריִער ניט געקאָנט. פֿאַרשטייסט, ציפּעלע, מײַן קוטשעראַוווע בריגאַדע, גראָד הײַנט!.. זיי גייען דאָך די גאַנצע צײַט די ערשטע, דאַרף זיך טרעפֿן אַזאַ זאַך!

פֿאַרשטאַנען, אַז ציפּעלען ליגט איצט ניט אין קאָפּ זײַן קוטשעראַוווע בריגאַדע, איז ער גאָר אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט געמוזט אָפּשווײַגן כאָטש אַ מינוט, אָפּדעכען פֿונעם גיכן גאַנג, אײַנרעדן זיך אַליין, אַז מיט זײַן בריגאַדע האָט קיין שום שלעכטס ניט געטראָפֿן, ער זאָל קאָנען אַ פֿרעג טאָן:

— ווו זשע איז טאַליק?

— ניט געקומען, — ציפּעלע האָט אים אַ ציִ געטאָן פֿאַר דער האַנט. — מירן פֿאָרן אויפֿן וואָקזאַל!

אַלץ איז געווען, ווי געוויינלעך. איינע פֿאָרן אַוועק און אַנדערע באַגלייטן. נאָר די פּענעמער. פּענעמער, וואָס פֿלאַמען פֿון אומגעדולד. און פּענעמער, וואָס זײַנען בלייך פֿון אומרו און שרעק פֿאַר אָט דעם לעצטן טראָט.

עפּעס איינער, דאָוויד האָט אים יאָ דערקענט און ניט דערקענט, האָט אַרויסגענומען פֿון די הויזן־קעשענעס אַ פּלעשל ווײַן, עס געעפֿנט, אַרויסגענומען פֿון דער צווייטער קעשענע אַ פּאָר קויסעלעך און אָנגעגאָסן. דאָס, וואָס איז דערבײַ געזאָגט געוואָרן, האָט דאָוויד ניט געהערט, ער האָט נאָר געזען, ווי דער בראַוונער יונגערמאַן האָט אַ שלײַדער געטאָן דאָס פּוסטע

פלעשל אף די שטיינער, און ווי עס האָט מיט א שארפן קלונג זיך צעקלאפּט אף פּיץ־פּיצלעך.

און ווידער די פּענעמער. ניט יענע, וואָס פלאמען פון אומגעדולד, נאָר יענע, וואָס זײַנען בלייך פון שרעק, פון אומרו, יענע, וואָס זײַנען פארגאָסן מיט טרערן... וווהין יאָגן זיי? און ווער, ווער יאָגט זיי דען?

צוגיין א ביסל נעענטער האָט דאָוויד ניט געוואָלט. ער האָט ניט געוואָלט זיך צונויפשטויסן מיט לייזערן און מיט אלע איבעריקע גראָד אין דער מינוט. איז ער געשטאנען א ביסל פונדערווײַטנס און געקוקט אף אָט דעם פארפלאמטן, צעיאָצטן און אופגערודערטן אוילעם, און אים האָט זיך געדוכט, אז דאָס זײַנען זיי אומיסטן אזוי פארהאוועט, פאריאָגט, טאקע ווי שיקערלעך, זיי זאָלן אליין ניט וויסן, וואָס מיט זיי קומט פאָר, עס זאָל זיי אזוי, פארשיקערטע, אוועקטראָגן אהין און זיי זאָלן שוין גאָרניט קאָנען ענדערן. אויב אָפּשטעלן זיך נאָר אף איין מינוט!

ציפּעלע האָט ערגעץ ניט געסטײַעט, ארומגעיאָגט איבערן פעראָן, ארײַנגעקוקט אין די וואגאָנעס, זוכנדיק איר טאָליקן. דאָוויד האָט שוין אָנגעהויבן באומרויִקן זיך, געזוכט זי מיט די אויגן צווישן דעם צעיאָצטן אוילעם. אלץ אין אים האָט געקאָכט פון פארדראָס, אופגעבראכטקײַט, פון באליידיקונג, פון ווייטעק... אזא הייסער געוויטער פון צעבושעוועטע געפילן צו די אלע, וואָס פארשוועכן, טרעטן מיט די פיס אלץ, וואָס איז אים הייליק און טײַער, גלײַך זיי וואָלטן אים אליין געטראָטן מיט די פיס. ס'האָט זיך געוואָלט שרײַען:

— וואָס טוט איר? באטראכט זיך! אין דער לעצטער מינוט באטראכט זיך!

ער האָט פארשטאנען, אז דאָס איז א נארישקײַט. קיינער וועט אים איצט ניט הערן. האָט ער געמוזט אראָפּשלינגען דאָס ניט־ארויסגעזאָגטע. ס'האָט אים א ווארג געטאָן אין האלדז... ער האָט ניט געקאָנט שטילן אין זיך די אופגעבראכטקײַט אף די פארפירער און אף די פארפירטע, אף די אָפּסאמער און אף די אָפּגעסאמטע, אף דעם אלעמען, וואָס טראָגט מיט זיך אזויפיל אומגליק. און ווער וועט צאָלן? ווער וועט צאָלן פאר די טויזנטער צעבראָכענע הערצער, צעקאליעטשעטע לעבנס, פאר די צעשיידטע, צעוואלגערטע פאמיליעס, צעשטערטע לעבנס? ווער וועט צאָלן פאר די אומגעהייערעליידן, פאר די טײַכן טרערן, וואָס ווערן פארגאָסן, סײַ דורך די, וואָס רײַסן זיך ארויס פון דאָרטן און בלאָנקען ארום איבער פרעמדע הויפּטשטעט, סײַ דורך די, וואָס פילן זיך, ווי אין גאָלעס דאָרטן, אין זייער אויסגעטראכטן היימלאנד?

דאָוויד האָט ניט באמערקט, ווי ציפּעלע האָט זיך א יאווע געטאָן לעבן אים. זי האָט איצט אויסגעזען, ווי אלע אפן פעראָן — סײַ די אָפּפאָרנדיקע, סײַ די באגלייטער. א פארומערטע, א פארטרויערטע, דאָס פּאָנעם איז האלב־פארפלאמט און האלב־בלייך, און די אויגן זײַנען פול מיט שרעק, מיט פארצווייפלונג.

— זיידע, הא, זיידע, — האָט זי א צי געטאָן דאָווידן פארן ארבל. — עפּשער האָבן מיר זיך אויסגעמיטן... עפּשער איז ער שוין...

— עפּשער.
— וועלן מיר גיין צוריק?
— לאָמיר נאָך צוּוואַרטן אַ ביסעלע.

ערשט אין דער לעצטער מינוט האָט פון איינעם אַן אָפּענעם פענצטער זיך אַרויסגעשטעקט טאָליקס צעשויבערטער קאָפּ, און ווי פון עפּעס אַ הימלשער ווייַטקייַט איז דערפלויגן צו איר זייַן שטים:

— ציפּעלע, דו הערסט מיך, ציפּעלע? איך זע דיך! איך האָב ניט געקאָנט! איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט! נאָר איך וועל זיך אומקערן, דו הערסט? איך וועל זיך אומקערן, ס'זאָל מיך אַפילו פאַרוואַרפן אין עק וועלט! איך בין שוין...

עמעצער האָט אים, אַפּאָנעם, אַ צי געטאָן, אָוועקגעשלעפּט פון עם פענצטער, און ער האָט ניט באַוויזן אַרויסשרייַען אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. און דאָס, וואָס „איצט איז ער שוין", איז פאַר ציפּעלען געבליבן אַ סאָד.

ציפּעלע האָט זיך אַזוי האַסטיק אַ ריס געטאָן פון אָרט, אַז דאָוויד האָט אַ דערשראָקענער זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר. נאָר ער האָט זי גלייַך פאַרלוירן פון אויג. זי האָט זיך דורכגעריסן צווישן דעם אוילעם באַגלייטער, צוגעלאָפן צום וואַגאָן, פון וועלכן ס'האָט זיך נאָרוואָס אַרויסגעשטעקט טאָליקס קאָפּ. נאָר דער צוג האָט אָנגעהויבן גיין. איז זי אים נאָכגעלאָפן, דעם צוג, געפּאַכט מיט דער האַנט, ביז פון עם לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז געווען אַזוי ווייַט פון טאָליקס וואַגאָן, אַז מע האָט אים קוים אָנגעזען, האָט זיך ווי צעיאָמערט אַ לאַנגער פייַף, וואָס האָט, ווי נאָרוואָס טאָליקס שטים, אַ שניט געטאָן זי אונטערן האַרצן. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, נאָכגעקוקט נאָכן צוג, וואָס איז שוין געוואָרן ניט מערער ווי אַ שוואַרץ פּינטעלע...

צוריק זייַנען זיי געגאַנגען ווי פון אַ לעווייַע. ציפּעלע האָט זיך געהאַלטן באַם זיידנס האַנט, ווי אַ קינד, וואָס האָט נאָך מוירע אַליין צו גיין, און געשוויגן. אין די אויערן האָבן ניט אויפגעהערט קלינגען טאָליקס לעצטע ווערטער. זי האָט אַלץ געסטאַרעט זיך אויסטייַטשן זיי, זי זאָל קאָנען פעסטשטעלן, דערוויסן זיך, וואָס איז מיט אים הייַנט געשען און פאַרוואָס איז ער ניט געקומען. זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס באַטייַט „איך האָב ניט געקאָנט". און וואָס באַטייַט „איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט". ווייַל „ניט געקאָנט" איז איינס. דאָס קאָן הייסן, אַז עמעצער האָט אים געשטערט: מע האָט אים פאַרשפּאַרט אין שטוב, געבונדן הענט און פיס, צי ווער ווייסט וואָס. אָבער „איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט" איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס הייסט, אַז ער אַליין, יאָ, ער אַליין האָט די גאַנצע צייַט זיך געשלאָגן מיט דער דייע. געראַנגלט זיך מיט זיך אַליין און ניט געקאָנט בייַקומען די אייגענע צעצווייטקייַט, די אייגענע צערודערטקייַט און די אייגענע קליינמוטיקייַט. און עפּשער טאַקע איבערן שוועסטערל? האָט זי די גאַנצע צייַט ניט אויפגעהערט מוטשען די פראַגע: וואָס איז מיט אים געשען? צי טאַקע ניט געקאָנט, צי פּאַשעט אַנדערש ניט געקאָנט? און אַליין ניט געוווּסט, וואָס וואָלט פאַר איר געווען גלייַכער צי גרינגער, אין וואָס וואָלט זי געפינען פאַר זיך אַ שטיקעלע טרייסט.

ערשט א ביסל שפעטער, ווען זיי זײַנען ארויס פונעם וואָקזאַל, איבער־געשניטן די ברייטע גאס מיט די יאַגנדיקע מאשינעס און געלאָזט זיך צו־פוס מיטן הויכן בארג־ארויף, ווען די גאס האָט זיי אַרײַנגענומען אין איר וואָכעדיקן פארנאכט מיט אלע אירע רוישן, מיט איר מידער אופגעלעבט־קײַט און אָפּפרישנדיקער קילקײַט, האָט ציפּעלע ארויסגערעדט אין דער הייך:

— פארוואָס, פארוואָס האָט ער ניט געקאָנט?

אפּאָנעם, אז דאָוויד אליין האָט אויך געטראכט וועגן דעם, ווײַל זײַן ענטפער איז געווען ווי באצײַטנס א צוגעטראכטער:

— פארשטייסט, ציפּעלע, אויב א מענטש דערפילט, אז דער צוג פירט אים ניט אהין, ווו מע דארף, מוז ער זיך אָנעמען מיט מוט און אראָפּשפּרינ־גען. און ניט מוירע האָבן צעמאזיקן זיך א ביסל.

— עפּשער וועט ער נאָך אראָפּשפּרינגען?

— גאַנץ מעגלעך. נאָר ווער ווייסט... סײַווי, אזא, ווי טאָליק... אים וועט דאָרטן זײַן ניט גרינג. זייער ניט גרינג.

— איך וועל וואַרטן.

דאָס, וואָס האָט זיך ארויסגעכאַפּט בא ציפּעלען, האָט איר אליין אויס־געזען צו ווייטעקלעך און צו האָפענונגסלאָז. ניט פאר אירע קויכעס.

זיי זײַנען שוין בײַגעקומען דעם בארג־ארויף און געשפּאנט איבערן צענטראלן פּלאַץ, דעם סאמע העכסטן און סאמע ראשיקסטן אָרט פון דער שטאָט. דער וואָקזאַל מיט די רעלסן הינטער זײַנע פּלייצעס, מיט די צוגן, וואָס קומען אָן און גייען אוועק, מיט די הארצרײַסנדיקע זעגענישן, מיט אלץ, וואָס קומט פאָר דאָרטן אין טאָל, ארום טײַך, איז פארשוואונדן. בלויז א ווידערקאָל, א ווײַט ווידערקאָל פון א יאָמערדיקן לאָקאָמאָטיוו וועט נאָך לאַנג קלינגען אין ציפּעלעס אויערן.

— זיידע, איך האָב צו דיר א ביטע, זייער א גרויסע.

— נו, נו, — האָט שוין דאָוויד א שמייכל געטאָן.

— גיב צו פארשטיין דער מאמען, אז איך קאָן הײַנטיקס יאָר אין ערגעץ ניט אָנקומען. דער טאטע וועט מיך פארשטיין, נאָר די מאמע... איך מוז דאָך, איך מוז דאָך אויך עפּעס אראָפּוואַרפן פון זיך. מיר דוכט, אז פאר די פּאָר וואָכן האָב איך זיך אויך שטארק געעלטערט. מוז איך אראָפּ־וואַרפן דאָס ביסל איבעריקע יאָרן... וועסט איר זאָגן, דער מאמען?

— גוט, גוט, איך וועל איר זאָגן. וואָס זשע קלערסטו טאָן?

— איך וועל עפּעס צוטראכטן.

— טראכט, טראכט, ציפּעלע. און מאָרגן וועסטו פאָרן מיט אונדז צו דער מומע אָריסיע. מע דארף א קוק טאָן, ווי ארבעט דמיטריס קאָמבײַן. זעסט, וואָס אפּן בארג טוט זיך?

נאָכן בארג, וואָס פון יענער זײַט טײַך, שפּירן די שטאָטישע נאָך אלע יאָרן. אף אים זעט מען די ערשטע סימאָנים פונעם אָנקומענדיקן פרילינג, ווען אפּן פארשנייטן פעלד באווײַזן זיך די ערשטע שווארצע פלעקן... דערנאָך ווערט דער בארג אזוי שפּיגלדיק־גרין, אז אפילע דאָס שטיקל הימל, וואָס איבער אים, הייבט אויך אָן גלאַנצן מיט דער זעלבער פארב.

דערנאָך קאָן מען זען, ווי די זאנגען כוואליען זיך, גיסן זיך אָן, ווערן וואָס אמאָל שווערער און פון טאָג צו טאָג ווערט דער בארג ביסלעכווייַז איבערגעפארבט מיט יענער צייַטיק־ווערנדיקער געלקייַט. עס דוכט זיך אפילע אמאָל, אז דער ווינט דערטראָגט אהער דעם שווערן, סקריפּענדיקן אָטעם פון די צייַטיקע זאנגען. אמאָל ווערט דער בארג אינגאנצן פאר־שווונדן, אָן אייַנגעהילטער אין נעפּל, אָדער א פארדעקטער מיט וואָלקנס. דאָס זאָגט אויך די שטאָט־לייַט זייער א סאך. איצט איז דער בארג געלעגן ווי צוגעפּלעטשט, און קעגן דעם פארנאכטיק־גרויען הימל האָט ער אויס־געזען טויטלעך־בלייך. זייַנע ראנדן זייַנען שוין געווען ארומגעשניטן, און אף דער פרישער, נאָך ווייכער סטערניע האָבן זיך באוויזן די ערשטע קאָפּיצעס אויסגעדראָשענע שטרוי. ס'איז געקומען די צייַט פון שניט...

# איקער שאַכאַטי...

## אַנשטאַט אַן אַריַינפיר



יך האָב שוין געהאַט געגעבן זיך דאָס וואָרט: אויס, מערער וועגן קיין לעבעדיקע העלדן שריַיב איך ניט. באַזונדערס וועגן מיַינע כאַשטשעוואַטער. אַן אומגליק מיט זיי, יעדערער סטאַרעט דיך פּאַקן באַ א גריַיז אָדער באַ א ליגן. דאָס איז ניט אַזוי, און יענץ איז ניט אַזוי. אין איין אָרט האָב איך ניט ריכטיק אויסגערעכנט די שכיינים, אין א צווייטן פאַרפּלאָנטערט די צונעמען, אין א דריטן פּאַרביטן דעם דאַך. און די סאַמע גרעסטע אווירע — וואָס הייסט, מע נעמט און מע קלעפּט צו א ייִדן א פרעמדע באָרד? באַ אים איז דאָך געווען א שוואַרצע און א שפּיציקע, האָב איך גענומען און געמאַכט זי קיַילעכיק און א ביסל רויטלעך.

אויס, האָב איך געהאַט באַשטימט באַ זיך, מערער וועגן קיין לעבעדיקע העלדן שריַיב איך ניט. נאָר וועגן אויסגעטראַכטע. מיט זיי איז דאָך פּאָשעט א מעכיַיע. טראַכסט דיר אויס א העלד, מאָלסט אים אויס, ווי דיר אליין געפעלט, שאַפסט אים א כאַראַקטער, א צונויפגעשטוקעוועטן פון עטלעכע כאַראַקטערס, און דערנאָך גייט עס ווי א מיזמערל. נעמסט אָן דיַין אויסגעטראַכטן העלד באַ דער האַנט און פירסט אים וווהין דו ווילסט. אמאָל פירסטו אים, אמאָל פירט ער דיך, נאָר וועמענס אייסעק איז דאָס? ס'איז שאַ און שטיל, גוט און גרינג. און רוף מיך קנאַקניסל. מיט די לעבעדיקע העלדן ביסטו ווי געבונדן, ניט אהין און ניט אהער. פּרוּווסטו נאָר א ביסל צוקעמען זיי, א ביסל צופּוצן, כאַפּט מען דיך גליַיך באַ דער האַנט.

אָבער ווי דערציילט מען עס ניט וועגן דער מומע רייזיע?

האָב איך ווידער געמוזט פאַרקערעווען קיין כאַשטשעוואַטע. דעם עמעס געזאָגט, איז דער איניען מיר אליין אויך געפעלן. כ'האָב זיך טאַקע שוין פאַרבענקט נאָך מיַין שטעטעלע, און איך וועל מיטן גרעסטן פאַרגעניגן נאָכאמאָל זיך דורכשפּאַצירן איבער אלע גאַסן און געסלעך, די לעבעדיקע און שוין לאַנג פאַרשוווּנדענע, איבער אלע וועגן, וואָס פירן קיין סאַלקאָווע, מאַהילנע און גיַיוואָראָן, וועגן, וועלכע זיַינען זומער געווען שטויביק אָף דערשטיקט צו ווערן און ווינטער פול מיט וויבאָיעס און מיט בלאָטע ביז דער קני...

# נאָך אין טויזנט נײַן הונדערט פינפטן...



אָס איז אזוינס האָריזאָנט?

האָריזאָנט הייסט די אויסגעדאכטע ליניע, ווו עס גייט זיך צונויף דער הימל מיט דער ערד..."

באָרעך איז געגאנגען פון דער שול אהיים, געקנאָטן מיט די אלטע, געלאטעטע שיכלעך די טיפע בלאָטע און געהאלטן אין איין אויסכאזערן אף אויסוויייניק דעם לימעד פון געאָגראַפיע:

— האָריזאָנט הייסט די אויסגעדאכטע ליניע...

פארקראָכן ווידער אין א טיפער בלאָטע און ניט געוווסט, וויאזוי ארויסקריכן, האָט ער גענומען אויסקוקן ערגעץ א סטעזשקעלע, אויסזוכן א שטיינדעלע. און פלוצלינג זיך פארקוקט אף די קאזאוועטשינער בערג, וואָס האָבן אים שטענדיק אויסגעזען פיל ווײַטער, ווי אינדערעמעסן, ערגעץ דאָרטן, ווו די האָריי־כווישעך, אין עק וועלט. און באמערקט אזוינס, וואָס שטימט ניט מיט דעם, וואָס איז אָנגעשריבן אינעם לערנבוך. פארוואָס עפּעס איז די ליניע אָן אויסגעדאכטע? זי איז דאָך דאָ אפאנעמעסן, די ליניע, צווישן הימל און ערד. אָט איז זי דאָך, אפּן שפּיץ פון די קאזאוועטשי־נער בערג!

באָרעך האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם, ניט דעם טאטן, ניט דער מאמען, ניט דעם עלטערן ברודער, נאָר די ספּייקעס האָבן אים רוען ניט געלאָזט. יעדן טאָג, ווען ער איז געגאנגען אהיים פון דער שול, האָט ער מערער גאָרנישט ניט געזען פאר זיך אויסער דער ליניע צווישן הימל און ערד. ער האָט זי ניט געקענט אָנעמען פאר קיין אויסגעדאכטער. ער־טערווײַז איז זי געווען גרין. אזוי גרין, אז זי האָט באגרינט דעם גאנצן הימל־ראנד מיט זײַנע פארשלאָפענע כמארעלעך. ערטערווײַז איז זי געווען שווארץ. אזוי שווארץ, אז פאר די אויגן האָבן אָנגעהויבן ארומשווימען אָן א שיר שווארצע פאסיקלעך. נאָר דעם הימל האָט די שווארצקײַט ניט פארטשעפּעט. האָט פאר אים נאָך בוילעטער, מאמאָשעסדיקער זיך געמאָלט דאָס דינע, שווארצע פאסיקל, וואָס האָט שארף אָפּגעגרענעצט דעם הימל פון דער ערד.

באָרעך האָט ניט געקענט פארשטיין, פארוואָס איז די ליניע אין איין אָרט גרין און אין א צווייטן שווארץ. ער האָט נאָך ניט געוווסט, אז אין איין אָרט איז דאָס ניט לאנג אופגעגאנגענער קאָרן און אין א צווייטן — פרישער פריר־אקער. נאָר אין דעם, אז די ליניע איז ניט קיין אויסגע־דאכטע, איז ער געווען זיכער, פונקט ווי ער איז געווען זיכער, אז דאָרטן, פון יענער זײַט בוג, אף די קאזאוועטשינער בערג, גייט זיך צונויף דער הימל מיט דער ערד און דאָרטן ענדיקט זיך די וועלט.

און וואָס קומט פון יענער זײַט? פון יענער זײַט האָריזאָנט, פון יענער זײַט עק וועלט?

שולדיק דערין, וואָס באָרעך האָט זיך מיטאמאָל אף דעם אלעמען פאר־

טראכט, איז געווען דער טאַטע זײַנער, מײַן פעטער זאַלמען, וועלכער האָט אים צו פרי אָפּגענומען פונעם כיידער און אָפּגעגעבן לערנען אין דער רוסישער שול, כאָטש דער פעטער איז געווען א פרומער ייִד און געוווּסט, אז אין דער רוסישער שול דאַרף מען גיין אויך שאַבעס און אפילע שרײַבן דאָרטן אויך. איז דאָס טאַקע שווער געווען צו פאַרשטיין.

געווען איז דער פעטער זאַלמען הויך און דאַר. דאָס פּאָנעם זײַנס לענגלעך־אויסגעצויגן און די באַקן אײַנגעפאַלן. פאַרמאָגט האָט ער זייער א שיטער בערדל, א שמאָלס און א שוואַרצס, וואָס האָט ניט געוואָלט גראָוו ווערן. דאָס האָט אים גראָד ניט געקימערט. נאָר יעדן יאָר האָט אין דעם זיך באַוויזן עטלעכע רויטע הערעלעך. און ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין: פונוואַנען קומען עס צו אים רויטע הערעלעך? אים האָט דאָס אויסגעזען, ווי ער פלעגט אליין זאָגן, כוץ לעדערעך האַטעווע, און ס׳האָט בא אים אָפּטמאָל אַרויסגערופן מאָדנע געדאַנקען. ער האָט עס אופגענומען ווי עפּעס א שטראָף און האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן: פאַר וועלכע זינד?

געווען איז דער פעטער זאַלמען פרום ניט גלאַט אזוי, אין דער וועלט אַרײַן. ער האָט געפילט א טאַם אין א בלאַט געמאָרע און געקענט קוויקן זיך מיט א פיירעק מישנײַעס. ער איז אָבער אָפּטמאָל געווען בייז אף זיך פאַר די פראַגן, וואָס קומען דערבײַ אוף בא אים פון זיך אליין, אָן א שיר פראַגן, אף וועלכע קיינער וועט ניט קענען ענטפערן, פראַגן, וועלכע מע טאָר ביכלאַל ניט אַרויסברענגען אף דער צונג.

און עפשער איז שולדיק געווען ניט אזוי דער פעטער אליין, ווי דער וואַלד. די געדיכטע סאַוואַראַנער וועלדער, וואָס ציִען זיך אף ווערסטן און וואָס האָבן אים א גאַנצע וואָך געהאַלטן אין זייערע געדיכטע, קילע שאָטנס, אין זייערע שמאָלע, פאַרטונקלטע און שטענדיק פײַכטע סטעזש־קעלעך, אין זייער סוידעספּולער פאַרטראַכטקײַט. סײַ באַטאָג, ווען זיי ווערן ווי פאַרגליווערט אין זייער שטילשווײַגן, און סײַ באַנאַכט, ווען זיי האַלטן אין איין שושקען זיך און עס דוכט זיך, אז איין בוים מיטן אנדערן פירט א לאַנגן, פאַראַקשנטן וויקועך.

האָט דער פעטער אויך אָנגעהויבן טראַכטן.

נאָר איין זאַך איז טראַכטן איבער א בלאַט געמאָרע און א צווייטע זאַך איבער א בוך, וועלכן עס האָט אָנגעשריבן א רוסישער שרײַבער לעוו טאָלסטאָי. איז ווידער שווער צו פאַרשטיין: ווי קומט עס, אז א פרומער ייִד זאָל נעמען אין די הענט אזעלכע ביכלעך? מיסטאַמע איז דאָס געווען א סאָד פאַר אלעמען און אויך פאַר זײַנע באַלעבאַטים, די רײַכע וואַלד־סאָכרים, בא וועמען ער האָט אלע יאָרן געדינט פאַר א נעמאָן. זיי האָבן געוווּסט, אז ער איז א פרומער, אָן ערלעכער ייִד, וועמען מע קען געטרויען דעם וואַלד, וואָס דאַרף נאָך וואַקסן, דעם וואַלד, וועלכן מע דאַרף שוין אויסהאַקן, און די הונדערטער און טויזנטער, וואָס דאַרפן דורכגיין דורך זײַנע הענט. זיי האָבן פאַר די פיל יאָרן ניט געהאַט קיין גרונט אים כוי־שעד זײַן אפילע אין א קאָפּעקע. נאָר ווען זיי זאָלן געווען וויסן, וועלכע ביכלעך ער האַלט אין די הענט!.. און וועגן די ביטערע פראַגן, וואָס מו־טשען אים, סײַ ווען ער זיצט איבער א בלאַט געמאָרע און סײַ ווען ער לייענט טאָלסטאָיען!..

נאָר דאָס האָט קיינער ניט געטאָרט וויסן. אַזעלכע זאַכן האָט ער גע־קענט פאַרטרויען נאָר דעם וואַלד.

שפּעט אין דער נאַכט צערוישט זיך דער וואַלד וואָס אַמאָל שטאַרקער. די ביימער בייגן זיך אָנגעברוגעזטע איינער צום אַנדערן, גרייט אָנכאַפּן זיך בײַ די צווײַגן, אַרויסרײַסן דעם קעגנער מיטן וואָרצל. דוכט זיך דאַן דעם פּעטער, גלײַך אין אים אַליין האָבן זיך צעקריגט אַלע זײַנע אייוורים, דער יעיצערטאָוו מיטן יעיצערהאָרע, אַז עפּעס אַ דיבעק, אַ ניטגוטער האַלט אין איין אײַנטײַנען מיט אים אַזוינס, אַז ער איז גרייט אַ נעם טאָן די וועלט און איבערקערן זי מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

מעגלעך דערפון האָט זיך גענומען זײַן אויסערגעוויינלעכע היסלײַוועס, מיט וועלכער ער האָט זיך גענומען פאַרן שאַבעס, ווי נאָר ער איז פּרײַ־טיק פאַרנאַכט געקומען פון וואַלד אַהיים. דעם גאַנצן מעסלעס, ביז דער האַוודאָלע, איז ער געווען פאַרנומען מיטן שיר־האַשירים און מיט דער סעדרע, מיטן פּיירעק און מיטן טילים און מיט נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסטרײַבן פון אים דעם דיבעק, פאַרגרינגערן זײַן גע־מיט און באַפרײַען אים פון די אַלע ביטערע קאַשעס, וואָס מוטשען אים אַ גאַנצע וואָך.

די מומע בראָכע — ווי אַלע ייִדישע מומעס, וואָס האָבן אַ פולע שטוב מיט קינדער און די נויט וואַקסט שטענדיק אַ סאַך גיכער פון זיי. בײַ איר איז שטענדיק געווען אַזאַ אויסזען, גלײַך זי האָט נאַרוואָס געוויינט און האָט ניט באַוויזן ווי געהעריק אויסווישן די אויגן. אַמאָל האָט אַ טרער פאַרטשעפּעט זיך פאַר דער בראָדעוועקע אויף דער רעכטער באַק און לאַנג געבלישטשעט, ווי עפּעס אַ צירונג אויף איר אויסגעקנייטשטן פּאָנעם.

דער ערשטער בראָך פאַרן פּעטער מיט דער מומען איז געווען זייער יויעל. בײַ פּערצן יאָר זאָל אַ ייִנגל אַוועק פון דער שטוב און מע זאָל ניט וויסן, וווּהין ער איז אַהינגעקומען!

און ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט...

— גאָט מײַנער! — האָט די מומע פאַרבראָכן די הענט און זיך צעוויינט אויף אַ קאָל. — פאַר וועלכע זינד?

אַזוינס האָט זיך פּאָשעט ניט געלייגט אויפן זינען. זייער יוילעק אין טורמע?..

געשען איז דאָס ערשט אין אַ פּאָר יאָר אַרום, נאָך דעם ווי ער איז אַוועק פון דער היים. דערוווּסט האָבן זיי זיך וועגן זייער יוילעקן, ווען צו זיי אין שטוב איז געקומען די פּאָליציי, איבערגעקערט אַלץ אָרעם־קאָרען, אויפגעריסן אַלע קישן, געזוכט דאָס, וואָס הייסט „קראַמאָלאַ", און אַרויס־געוויזן דערבײַ אַזאַ רעציכע, אַז די מומע בראָכע איז עטלעכע מאָל גע־פאַלן כאַלאָשעס. דער פּעטער זאַלמען איז געזעסן אַ געפּלעפּטער, די אויגן האַלב־צוגעזשמורעט, און געהאַלטן אין איין ציפּען דאָס שיטערע בערדל. אַלעמאָל האָט ער אַרויסגעריסן אַ נײַ הערעלע, לאַנג עס באַקוקט און גערעדט צו זיך אַליין:

— איך פאַרשטיי ניט... דאָס איז כוץ לעדערעך האַטעווע...

און קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער מיינט דערמיט. צי ווײַל ער

האָט ווידער ארויסגעריסן א רויטע האָר, צי דערפאר, וואָס זײַן יוילעק איז אין טורמע.

נאָר דאָס אַלץ איז, אזוי צו זאָגן, דאָס פּאָרגעריכט, דער אריַינפיר צו דער געשיכטע. איר הויפּט־העלד איז ניט יוילעק, נאָר דער צווייטער זון, באָרעך.

הויך איז ער געווען, ווי דער טאטע זײַנער. און אויגן — פּארטראכטע, פארכאַלעמטע, מיט א בליק פון א מענטשן, וואָס זעט פאר זיך ניט דאָס, וואָס ארום אים, נאָר גאָר, גאָר עפּעס אנדערש — אויך, אפּאָנעם, פונעם טאטן געיארשנט. נאָר די האָר, וועלכע ער האָט יעדן גאנצפרי פארקעמט אף א זײַט, זײַנען געווען פארדראָסיק ליכטיקע. ס׳איז שווער צו זאָגן, וואָס פאר א באָרד וואָלט בא אים אויסגעוואקסן. ער האָט זייער פרי אָנגעהויבן גאָלן דאָס פּאָנעם און געלאָזט וואקסן בלויז די וואָנצן. זײַנען זיי אויך געווען ליכטיקע. דעם פעטער איז ניט געווען צום הארצן, וואָס זײַן באָרעך גאָלט דאָס פּאָנעם. נאָר געמאכט זיך, אז ס׳איז ניט זײַן אייסעק. צווישן די פיל אוויירעס, וואָס דער מענטש באגייט, האָט דער פרומער פעטער דאָס געהאלטן פאר דער סאמע קלענסטער. און ווידער — אויב ער האָט געפּויעלט בא זיך שיקן באָרעכן אין א רוסישער שול, מוז מען שוין מאטיר זײַן א סאך אנדערע זאכן.

שווער צו זאָגן, פארוואָס האָט דער פעטער זאלמען אזוי באשטימט. עפּשער האָט ער דערפילט אין באָרעכן זיך אליין, מיט זײַנע ניט פארענט־פערטע קאשעס, מיט זײַנע ניט קלאָרע טרוימען און אקשאָנעסדיקע זוכונ־גען. האָט ער געמיינט... באָרעך וועט ענדיקן די שול, דערנאָך וועט ער עקסטערנע אָפּגעבן עקזאמענעס פאר דער גימנאזיע און אָנהייבן לערנען זיך אף דאָקטער. און וועט ווערן אזא, ווי דער דאָקטער זאסלאוווסקי. און אז די וועלט וועט האָבן וואָס מערער אזעלכע גוטע מענטשן, ווי דער דאָקטער זאסלאוווסקי, וועט זי האָבן גאָר אן אנדער פּאָנעם.

ניט נאָר דער פעטער האָט שטארק געהאלטן פונעם דאָקטער זאסלאוו־סקי — דאָס גאנצע שטעטל האָט אים ליב געהאט און געהאט פאר אים גרויס אָפּשײַ. פאר א סאך, זייער א סאך אָרעמעלײַט איז ער געווען אי זייער רויפע אי זייער פּארנעס. אפילע די צעלאָזענע כעוורעניקעס, וואָס האָבן פארפולט די הינטערגעסלעך מיט זייערע געשלעגן און געפילדער, דערזעענדיק פונדערווײַטנס דעם דאָקטער זאסלאוווסקי, זײַנען אויך אנשוויגן געוואָרן. אזא געפיל געווען בא אלעמען: אין דער אָנוועזנהײַט פון דאָקטער זאסלאוווסקי מוז יעדערער פירן זיך לײַטישער, אויסזען ציכטיקער, שענער און בעסער...

יעדן גאנצפרי, נאָך א קורצן און גרינגן פרישטיק, האָט דאָקטער זאס־לאוווסקי אָנגעטאָן זײַן גרינגן מאנטל, גענומען אין דער האנט זײַן שטעקן און ארויס אין גאס. דער ערשטער באזוך זײַנער איז שטענדיק געווען די אפטייק. דאָס איז געווען די איינציקע אפטייק אין שטעטל, און יעדערער האָט שוין געוווסט, ווען מע קען דאָרטן טרעפן דעם דאָקטער. אָנגעקויפט פארשיידענע רעפּועס, וויפל ס׳האָט נאָר געקענט ארײַן אין די טיפע קעש־נעס פונעם מאנטל, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אראָפּ, צו דער שול־גאס און דער באָד־גאס, ווו אין די נידעריקע הײַזקעס, אין דאכקעס און הונגער

האָבן עס געווינט זײַנע אָרעמע כוילים. אמאָל געגאַנגען אַליין, און אָפטמאָל אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָר ייִדן אָדער ייִדענעס, וואָס האָבן געוואַרט אויף אים אין אַפּטייק. געשפּאַנט האָט ער פּאַמעלעך, מיט עפּעס אַ שווערן, מידן טראָט, זייער אָפט זיך אָפּגעשטעלט אויף איבערכאַפּן דעם אָטעם און דערבײַ ניט דורכגעלאָזט קיינעם אָן אַ „גוטמאָרגן". באַטראַכט דעם כוילע, עפּעס אַ יאַדעשליווע קוימענקערער, צי קינדער פון אַן אָרעמער אַלמאָנע, האָט ער שטרענג אָנגעזאָגט, וואָס מע דאַרף טאָן, וויאַזוי פירן זיך, וואָס אײַנעמען, און איבערגעלאָזט די נייטיקע רעפּועס. פון די, וואָס ער האָט נאָרוואָס אָנגעקויפט אין אַפּטייק. זייער אָפט איבערגעלאָזט אַפן פאַרשטויבטן טישל אײַנעם מיט די רעפּועס אויך עטלעכע קאָפּעקעס. און ווידער שטרענג אָנגעזאָגט: נאָר אויף מילך! דער כוילע נייטיקט זיך זייער אין אַ וואַרעמער גלאָז מילך. יעדן גאַנצפרי און יעדן פאַרנאַכט.

צו זײַנע רײַכע פּאַציענטן איז דער דאָקטער געגאַנגען נאָך מיטיק. בײַ זיי האָט ער געדאַרפט פאַרדינען סײַ פאַר זיך, סײַ אויף רעפּועס און מילך פאַר די אָרעמעלײַט פון די הינטערגעסלעך.

אַזאַ איז געווען דער דאָקטער זאַסלאַווסקי. געווען איז ער ניט קיין באַריידעוודיקער, טאַקע אַן עמעסער שווײַגער, און האָט באַזונדערס ניט ליב געהאַט צו ריידן וועגן זײַן פאַך און וועגן זײַנע מײַסים. דערפאַר האָט מען זייער אַ סאַך גערעדט וועגן אים אין אַלע הײַזער. האָט דער פּעטער זאַלמען געוואָלט, אַז זײַן באָרעך זאָל אויך ווערן אַזאַ גוטער מענטש, און זאָל ברענגען דער וועלט פּיל גוטס. באָרעך אַליין האָט אויך געוואָלט ווערן אַזאַ, ווי דער דאָקטער זאַסלאַווסקי. און ניט נאָר געוואָלט, נאָר אַפּילע אַ שוווּע אַזאַ זיך געגעבן. אַ געהיימע שוווּע, וועגן וועלכער ס׳האָט געוווּסט נאָר ער אַליין. נאָר דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט דער האָריזאָנט.

וואָלט דער האָריזאָנט די גאַנצע צײַט זיך געהאַלטן אויף אָן אָרט, וואָלט עפּשער גאָרנישט ניט געשען. זאָל ער זײַן ערטערווײַז גרין און ערטערווײַז שוואַרץ, און זאָל זײַן אַפּילע, אַז אינעם לערנבוך איז אַלץ ריכטיק און די ליניע איז אַן אויסגעדאַכטע. נאָר דער האָריזאָנט האָט אָנגעהויבן אײַנגאַנצן צעשווימען ווערן, וואָס אַמאָל מערער און שטאַרקער, גלײַך ס׳וואָלט גאָר קיין שום האָריזאָנט אויף דער וועלט ניט געווען. און קיין עק וועלט אויך ניט.

שולדיק זײַנען געווען די ביכלעך, פאַרשיידענע רוסישע ביכלעך, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שײַכעס ניט מיט געאָגראַפיע און ניט מיט אַריפמעטיק. זיי האָבן עס אָנגעהויבן אַרומיאָגן באָרעכן איבער פאַרשיידענע אומבאַוווּסטע ערטער און לענדער און אין אַזעלכע נײַע און נײַע וועלטן, וואָס זײַנען גאָר אויף דער ערד ניטאָ, וואָס זײַנען ביכלאַל אין ערגעץ ניטאָ, כוץ אינעם מענטשנס האַרץ, אין זײַנע געפילן, אין זײַנע טרוימען. פּושקינס לידער האָבן געוועקט אין אים זייער דערהויבנס, אַזוינס, פון וועלכן ס׳האָט זיך געוואָלט וויינען אָדער גאָר אַרומנעמען די גאַנצע וועלט און קושן זיך מיט איר. טאַקע דער זעלבער פּושקין מיט זײַן דערציילונג וועגן דובראָווסקין האָט אַרויסגערופן בײַ באָרעכן אַזאַ צאָרן, אַזאַ האַס, אַז ס׳האָט זיך שוין געוואָלט אוועקלאָזן און אונטערצינדן אַלע פּריצישע מאַיאָנטקעס. דערנאָך האָט ער אָנגעטראָפן אויף בײַראָנען און זיך באַקאַנט מיט טשײַלד האַראָלדן, און אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזען אײַנעם מיט אים איבער שטעט

און לענדער, געוואָלט עפּעס אויפטאָן פאַר דער וועלט און ניט געוווּסט וואָס, ווײַל ער איז געווען זיכער, אַז ס'וועט זיך פון דעם גאָרנישט ניט באַקומען, פּונקט ווי בײַ האַראַלדן. איז אים געבליבן נאָר אַרומוואַנדערן אינאיינעם מיט אים אַן אַנטוישטער און אַ פאַרביטערטער.

אין שטעטל האָבן אייניקע געקוקט קאָסע אויף באָרעכן. אַ באָכער פון פופצן יאָר האָט שוין געמעגט נעמען זיך אויסלערנען אַ מעלאָכע. נאָר בײַ זײַן טאַטן זײַנען געווען אַנדערע פּלענער. מיט אַזאַ קאָפּ, ווי בײַ זײַן באָרעכן! די מומע בראָכע האָט אויך געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס וועגן אַ מעלאָכע, וועגן טאַכלעס, נאָר דער פעטער האָט איר אָפּגעענטפערט מיט אַ מאָשל וועגן עפּעס אַ קיילע, וועגן פאַרשיידענע קיילים, וואָס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט און יעדערע מוז האָבן איר אָנפילעכץ. ווּעסטו דאָך ניט נעמען אַ גאָלדענעם בעכער און אָנגיסן אַהין זויערן באָרשטש.

אָט, דער צוקער־זאַוואָד — דאָס איז עפּעס אַנדערש. וועסט דאָרט ניט ווערן ניט קיין שנײַדער־יונג, ניט קיין שוסטער־יונג, וועסט דאָרטן בִיכלאַל גאָרנישט ניט ווערן, דערפאַר אָבער ביסטו ניט אַזוי פאַרקויפט. אַרבעטסט אָפּ דעם סעזאָן, די דרײַ־פיר אָסיענדיקע און ווינטערדיקע כאָדאָשים, און ביסט ווידער פרײַ. קענסט ווידער זיך לערנען עקסטערנע און פאַרדינען דערבײַ אויף אַ פּאָר נײַע שיך. האָט באָרעך אינאיינעם מיט אַ סאַך שטעטלשע כעוורע אָנגעהויבן קנעטן די בלאָטע צום סאַלקאָווער צוקער־זאַוואָד. פינף ווערסט אַהין און פינף ווערסט צוריק. דער זאַוואָד איז געשטאַנען זייער נאָענט לעבן בוג, סאַמע אונטער די קאַזאַווטשינער בערג, און באָרעך האָט שוין געקענט דערוויסן זיך, אַז זיי זײַנען גאָרניט אַזוי ווײַט און אַז די ליניע צווישן הימל און ערד איז טאַקע אַן אויסגעדאַכטע. און וואָס איז שײַעך דעם האָריזאָנט אַליין, איז דאָס בִיכלאַל אַ זאַך, וואָס שטייט קיינמאָל ניט אויף קיין אָרט. ער האַלט אין איין איבערוקן זיך אינאיינעם מיט דיר.

נאָר דאָס איז אים שוין געווען אַלציינס. נאָך זײַנע וואַנדערונגען אינאיינעם מיט טשײַלד האַראָלדן און נאָך דעם, ווי ער האָט אינאיינעם מיט דובראָווסקין געצונדן פּריצישע גיטער, האָט ער זיך באַקאַנט מיט ווערא פּאַוולאָוונאַ פון טשערנישעווסקיס ראָמאַן „וואָס טאָן?", און זי האָט אים שטאַרק פאַרכאַפּט. מיט איר גוטסקײַט, מיט איר דרייסטקײַט, מיט אירע זאָרגן וועגן די אָרעמע נייטאָרנס. מיט איר גרייטקײַט מאַקריוו זײַן מיט אַלץ לעשעם דעם מענטשנס גליק איז זי ענלעך געווען אויפן דאָקטער זאַסלאַווסקי. ער איז געווען זיכער, אַז אַזאַ ווערא פּאַוולאָוונאַ איז געווען און געמוזט זײַן, און זי דאַרף זײַן ניט איינע אַזאַ אין רוסלאַנד, נאָר אַ סאַך, אַ סאַך אַזעלכע ווי זי, ווי לאָפּוכאָוו, ווי קירסאַנאָוו. אַ סימען — דער דאָקטער זאַסלאַווסקי.

און סאַמע דער בעסטער און גרעסטער סימען זײַנען געווען די קלאַנגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן פאַרפלייצן דאָס שטעטל. יעדער קלאַנג האָט געטראָגן מיט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַפּסנײַ געוועקט און אויפגערודערט אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אינאיינעם מיט האַראָלדן, מיט דובראָווסקין און מיט ווערא פּאַוולאָוונען. געווען אין די קלאַנגען אַ סאַך שיסערײַען, שטרײַקן, אויפשטאַנדן און פיל־פיל פון דעם, וועגן וואָס ער

האָט אליין געטרוימט. ערגעץ האָבן שוין געפלאַקערט פריצישע גיטער. און דער קייסער אליין איז געהאַנגען אַף א האָר...

ביז עפּעס א יעדיע דערגייט פון פּעטערבורג צום שטעטל, ווערט עס מעגולגל אין פארשיידענע ברייעס און געשטאַלטן און קומט אָן אהער אינ־גאַנצן מיסעמעשונעדיק. האָט קיינער ניט געקענט זאָגן, פארוואָס איז דער קייסער געהאַנגען אַף א האָר, וואָס מיינען די ארבעטער מיט זייערע שטרייקן, און וואָס מיינט דער קייסער מיט זיין מאַניפעסט און מיט זיין קאָנסטיטוציע. האָט מען געבעטן גאָט כאָטש וועגן איין זאַך: ס'זאָל זיך ניט אויסלאָזן צו יידישע קעפּ. ווייל ווידער קלאַנגען... שיסערייען, שטרייקן, אופשטאַנדן און — פּאָגראָמען.

דער פּעטער זאַלמען האָט יעדע וואָך געבראַכט מיט זיך אהיים דעם אומרו פון די אַרומיקע דערפער און וועלדער און געפּראַוועט דעם שאַבעס מיט נאָך א גרעסערער היסליייוועס. געוואָלט מיט דעם דערשטיקן די זינ־דיקע געדאַנקען, די טיפע, פאַרבאָרגענע יוירעניש, וואָס האָט בא אים, ווי בא פיל אַנדערע, איבערגעמישט די שרעק מיט דער האָפענונג און אַרויסגערופן אויך א ביסעלע פון דעם, וואָס איז ענלעך אַף נעקאָמע.

האָט באָרעך געקענט נאָר אָנשטויסן זיך, וואָס מיטן טאַטן קומט פאָר, ווייל בא אים האָבן געיוירט די זעלבע ניט קלאָרע געדאַנקען. נאָר ריידן וועגן אַזעלכע זאַכן מיטן טאַטן האָט ער ניט געקענט. דער טאַטע האָט ניט געטאָרט וויסן, וועלכע געדאַנקען בלאָנדזשען אַרום אין זיין צעקאַלוּיצעטן מויעך. נאָר מיט סענדערל שניידער האָט ער געקענט רעדן וועגן אַלץ. מיט סענדערן איז ער א פּאָר ווינטערס געגאַנגען איינעם אַפּן זאַוואָד און באַוויזן אים אויסדערציילן וועגן טשיילד האַראָלדן און וועגן דובראָווסקין. סענדערל האָט געהערט מיט אָפענע אויערן, און ער וואָלט טאַקע גרייט געווען גיין צינדן פּריצישע גיטער, ער זאָל ניט געווען כאַסענע האָבן. האָט ער שוין געמוזט ווערן א שניידער־יונג און אָפּשטיין בא איציע שניידער פון באַגינען ביז שפּעטן אָוונט מיטן טשאַדענדיקן פּרעסל אין דער האַנט.

סענדערל איז שוין לאַנג געווען אַרויסגעוואַקסן פון זיין פאַרצוי־גענעם נאָמען, און לויט זיינע ברייטע פּלייצעס, לויט דער גוורע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין די הענט, האָט ער געקענט שטיין אין א קוזניע מיטן גרויסן האַמער אין דער האַנט. נאָר דער קאַלעס עלטערן איז דאָס ניט אָנגעשטאַנען. א שניידער איז נאָך ווי־ניט־איז, נאָר א קאָוועל? כוץ דעם, איז סענדערן אליין א שאָד געווען זיין געקרייזלטער קאָפּ. אַזעלכע קליינע קוטשערלעך, איינס און איינס. שוואַרצע און גלאַנציקע, פּונקט ווי די אויגן זיינע. איז אַוואַדע א שאָד געווען אָפּסמאַליען זיי מיט די פונקען פון דער קוזניע. איז ער געוואָרן א שניידער. כאָטש אין האַרצן איז ער געבליבן א קאָוועל, אָט דאָס, וואָס מע רופט אָן — אַן עמעסער אַרבעטאָרער. מיט פעסטע פויסטן, וואָס זיינען שטענדיק גרייט, אויב מע דאַרף, געבן פּעטש. און כוץ אַלעמען, איז ער געווען א טרוימער.

אַמאָל אין זיך און אַמאָל אין דער הייך האָט ער געטרוימט וועגן זייער פאָשעטע זאַכן. עס זאָל קומען אַזאַ צייט, מע זאָל ניט דאַרפן האָרע־ווען באַטאָג און באַנאַכט פאַרן גראָשן, אַז יונגע ווייבלעך זאָלן ניט ווערן

אזוי גיך אויסגעצערט און אויסגעבלייכט, און מע זאָל קענען דערשטוקע־ווען די וואָך, ניט אַרײַנקריכנדיק אין אַ נײַעם כּיוו.

— צוליב דעם דאַרף מען איבערקערן די וועלט! — האָט באַרעך גע־מאַכט צונישט זײַנע פּוסטע כאַלוימעס.

— איבערקערן איז גרינג, און ווי־אַזוי צוריק זי צונויפשטעלן?

— אַזוי ווי אין די ביכער שרײַבט זיך. מע דאַרף מאַכן אַזוי, אַז די אַרבעט זאָל ניט פאַרשקלאַפן דעם מענטשן, נאָר פאַרקערט, מאַכן אים פרײַ.

— דיר איז גרינג צו זאָגן, ביסט אַ באָכער, אַ פרײַער פויגל. ווען דו האָסט אַ ווײַב מיט אַ קינד, וואָלסטו זיך אַליין פאַרשקלאַפט.

— און אויב מאַכן אַזוי, ווי ווערא פּאַוולאָוונאַ?

— וועלכע ווערא פּאַוולאָוונאַ?

— כ'האָב דיר דאָך דערציילט... טשערנישעווסקי האָט זי באַשריבן. זי האָט געמאַכט אַן אַרטעל פון נייטאָרנס.

— דײַן טשערנישעווסקי... איך וואָלט בעסער אַ שטרײַק געמאַכט! פון אַלע שנײַדער־יונגען. אַזוי ווי אין פּייטערבאַרג, אין מאָסקווע! אַן אייגענע רעוואָליוציע געמאַכט, האַ?

— און דערנאָך?

— יאָ, טאַקע, און דערנאָך? ביסטו עפּשער געקרעכט. ווי זשע נעמט מען צונויף עטלעכע שנײַדער מיט מאַשינעס? שאַ, איך וועל אַ שמועס טאָן מיט אַרן־בערן...

איצט וועט די געשיכטע גיין אַ ביסל פריילעכער, ווײַל אַרן־בער אַליין איז געווען אַ פריילעכער יונגערמאַן, אַ הוליע־קאַפּצן און האָט זייער ליב געהאַט צו גאָרגלען זיך באַ זיך אינעם שנײַדערשן שולכל.

געווען אין כאַשטשעוואַטע אַ גרויסע שול, און טאַקע באַ איר אינווייניק, ווי נאָר מע קומט אַרײַן אין פּאָליש, איז אַף רעכטס געווען אַ שוסטער־שולכל, און אַף לינקס — אַ שנײַדעריש. דאָס זאָגט, ערשטנס, פאַר דעם, אַז די דאָזיקע צוויי צעכן האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין שטעטל, און צווייטנס, אַז זיי האָבן געהאַט מיט גאָט זייערע אייגענע כעזשבוינעס און ליב געהאַט אויסטײַנען זיך מיטן אייבערשטן אַף אַ באַזונדערן אויפן. כוץ דעם, האָבן זיי ניט געהאַט קיין איבעריק פרײַע צײַט אַף לאַנגע טפּי־לעס. אפילע יאָמקיפּער האָבן זיי עס געמאַכט בעקיצער. סײַווי, אַף קיין איבעריק גוטע קוויטלעך האָבן זיי ניט געוואַרט. האָט אַרן־בער געפילט זיך אינעם שנײַדערשן שולכל ווי באַ זיך אין דער היים און געקענט אָפּקנאַקן אַ פאַרשפּעטיקטן מײַרעוו, אַז ס'זאָל קלינגען אין די פענצטער. די מינכע האָט ער, ווי פיל אַנדערע שנײַדער, שטענדיק אָפּגעבראַמט, זיצנ־דיק באַ דער מאַשין.

— אַ מיניען שנײַדער אינײַנעם? וואָס קען זײַן בעסער?

אַרן־בערן איז זייער געפעלן געוואָרן דער איניען. ער האָט אויך דערפילט אין דעם אַ שטיקל אייגענע רעוואָליוציע, אַזאַ רעוואָליוציע, ווען מע קען אַרויסשטעלן אַ פּײַג אַלטער בראַוואַרנע.

— און זאָל ער וויסן, אַלטער כאַזער!

אַז אַ שטעטל באַקרוינט דעם גרעסטן גוויר מיט אַזאַ נאָמען, איז דאָס מיסטאַמע ניט אומזיסט. פאַרדינט אַזאַ שעם האָט ער איבערהויפּט מיט

די הויכע פּראָצענטן, וואָס ער פלעגט נעמען פאַר די האַלוואָעס. אַרן־בער אַליין האָט אויך באַוויזן פאַרזוכן דעם טאַם פון אַלטערס אַ גמילעסכעסעד. האָט זיך אים טאַקע זייער געוואָלט אָפּטאָן אַלטערן אַ שפּיצל.

און טאַקע נאָכן ערשטן פאַרשפּעטיקטן מיִרעוו האָט אַרן־בער אָנגע־הויבן איַינרעדן נאָך עטלעכע שניַידער. דערביַי האָט ער זיך אַזוי צעפלאַמט מיט זיַינע איַינריידעניש און מיט דעם, ווי אַזוי זיי אַלע וועלן אַרויסשטעלן אַ פּיַיג אַלטער כאַזער, אַז ער האָט אַזש אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט אין סטענדער און אויסגעשריגן:

— פּעטש וועלן פּליִען! בלוט וועט זיך גיסן אין אַלע גאַסן!

קיין שלעגער איז אַרן־בער ניט געווען, און אַוואַדע האָט ער זיך ניט געקליבן פאַרגיסן בלוט. געזאָגט האָט ער עס צוליב דעם, קעדיי דער אוילעם זאָל פאַרשטיין, אַז דער איניען איז ניט קיין פּאַשעטער און נעמען זיך דערפאַר קען מען נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אין רוסלאַנד גייט אַ רע־וואָליוציע.

אָרעמע שניַידער־טאַנדעטניקעס איז אין שטעטל געווען ניט ווייניק, און ס'האָבן זיך טייקעף געפונען באַלאָנים אַ פּרוּוו טאָן, מיט וואָס עס שמעקט. איַינשטעלן האָבן זיי דאָך ניט וואָס. איז געבליבן נאָר איין זאַך: ווי קריגט מען אַזאַ גרויסן צימער, מע זאָל קענען אַוועקשטעלן אַ פיר־פינף מאַשינעס און אַ פּאָר לאַנגע טישן פאַר אַ צענדליק שניַידער. האָט באַרעך געזאָגט, אַז מע דאַרף אין ערגעץ ניט זוכן, באַ זיי איז פאַראַן אַ זאַלע, זייער אַ געראַמער צימער, סאַמע דאָס, וואָס מע דאַרף. מע דאַרף נאָר צוּוואַרטן אַף שאַבעס, ווען דער טאַטע וועט זיַין אין דער היים. מיטן טאַטן וועט זיַין גרינגער דורכקומען.

— דאָס נעם איך אַף זיך! — האָט אויסגעשריגן אַרן־בער און גענומען אַזוי פריילעך ריַיבן די הענט, גליַיך ער שטייט לעבן אַ ריַיך־געדעקטן טיש און באַקוקט די אויסגעשטעלטע מיַיכאָלים.

אויסגעהערט אַרן־בערן, האָט דער פעטער זאַלמען אַ קוק געטאָן אַף באָרעכן. ער האָט גליַיך פאַרשטאַנען, וועמענס אַרבעט דאָס איז. האָט באָרעך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געלאָזט דעם טאַטן טראַכטן, וואָס ער וויל.

— וויפל זשע וועט איר מיר צאָלן פאַר דער זאַלע?

געפרעגט ניט אַזוי צוליב זיך, ווי צוליב דער מומען.

— אַ דריַיערל אַ כוידעש! — האָט אויסגעשאָסן אַרן־בער.

— זאָל זיַין אַזוי, אַ דריַיערל גייט אויך ניט צופוס, — האָט געענטפערט דער פעטער. און דאָס איז אויך געזאָגט געוואָרן פאַר דער מומען — ער האָט שוין באַמערקט עפּעס אין אירע איבערגעשראָקענע אויגן. און טאַקע, ווי נאָר אַרן־בער איז אַוועק, האָט זי זיך צעוויינט.

— וואָס טוסטו, זאַלמען? ווייניק פאַר אונדז אונדזער יוילעק?

— וואָס זשע, באַ דיר וואַלגערן זיך איבעריקע דריַיערלעך?

די נאַכט זיַינען זיי ניט געשלאָפן. ניט דער פעטער זאַלמען, ניט די מומע בראָכע, ניט באָרעך. דער פעטער זאַלמען האָט געטראַכט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז דער אומרו פונעם וואַלד, דער ניטגוטער האָט זיך אַריַינגעכאַפּט אין שטעטל, צו אים אין שטוב אַריַין, און אַפילו שאַ־

בעס קען ער זיך שוין פון אים ניט באפרײַען; אז מיסטאמע האָט באָרעך דאָס אלץ צוגעטראכט ניט גלאט אזוי, און אז אין דעם איז געוויס פאראן עפּעס אזוינס, צו וואָס ער, דער פעטער זאלמען, האָט ניט געקענט דער־טראכטן זיך. באָרעך האָט א גאנצע נאכט געשמועסט מיט ווערא פּאוור־לאָוונען, געפּרווט פאַרשטעלן זיך דעם שנײַדער־ארטעל: מיט וואָס וועט ער זײַן ענלעך און מיט וואָס וועט ער זיך אונטערשיידן פון ווערא פּאוור־לאָוונעס געוועלב. ער האָט זייער געוואָלט זען אזא כאָלעם, פון יענע כאלוימעס, וואָס ווערא פּאוולאָוונא האָט געזען, נאָר דערצו האָט מען אָבער געמוזט אנשלאָפן ווערן. נאָר דער שלאָף איז אין יענער נאכט צו קיינעם ניט געקומען.

שאבייסענאכטס, גלײַך נאָך דער האוודאָלע, איז ארײַנגעקומען ארן־בער מיט זײַן מאשין אף די פּלייצעס. און גלײַך נאָך אים — נאָך א פּאָר שנײַדער.

— א גוטע־וואָך! — האָט ער פריילעך אויסגערופן. — זאָל זײַן אין א גוטער שאָ!

זײַנע אויגן האָבן אזוי יאָמטעוודיק געגלאנצט, אז דער מומען איז געוואָרן א ביסל גרינגער אפן הארצן.

— איז וואָס, — האָט סענדערל א פּיר געטאָן מיט דער האנט איבער זײַנע דריבנע קוטשערלעך, — מאכן מיר א שטיקל רעוואָליוציע?

— פּעטש וועלן פליִען!.. — האָט ארן־בער ווידער עמעצן געדראָעט.

ס'האָט זיך טאקע צונויפגענומען א גאנצער מיניען שנײַדער. נאָר מא־שינעס איז געווען אינגאנצן פּיר. אלע האָבן געהאלטן, אז פּיר מאשינעס איז גאנץ גענוג, ווײַל ס'איז פאראן ניט ווייניק האנט־ארבעט: צושנײַדן און פארסטריגעווען, שלייפן לעכלעך און צונייען קנעפּלעך, צוגרייטן די פּרעסלעך און דאָס פּרעסן אליין. סאמע דאָס וויכטיקסטע און סאמע דאָס שווערסטע איז געווען דער הונדערטער. דער הונדערטער, פאר וועלכן מע האָט געדארפט קויפן א ביסל שניטקראָם, איבערהויפּט גראָב געוואנט, אופנייען די ערשטע פּארטיע פויערשע מאלבושים, ארויס מיט זיי אפן מארק און זען, וואָס דערפון וועט ארויס.

קיין פּעטש זײַנען ניט געפלויגן, קיין בלוט האָט זיך ניט געגאָסן, און די סכוירע, וואָס זיי האָבן אופגענייט פאר דער ערשטער וואָך, איז דעם קומענדיקן זונטיק פארקויפט געוואָרן פאר צוויי שאָ צײַט. פארנאכט, ווען באָרעך האָט אונטערגעפירט דעם כעזשבן, איז אויסגעקומען, אז זינט זיי שנײַדערעווען, ווער בא זיך און ווער בא יענעם, האָבן זיי נאָך אזא וואָך ניט געהאט.

— הערט איר, בראָכע־לעבן, — האָט זיך אָנגערופן ארן־בער, — בא אײַער באָרעכן איז א מיניסטערשער קאָפּ!

די מומע בראָכע האָט געשוויגן. יעדע פרײַע מינוט איז זי אָפּגעזעסן אין איר געוועזענער „זאלע”, וואָס איז איצט פול געווען מיט פארשיידענע אָפּשניצלעך, מיט שטויב פונעם געוואנט, מיטן טשאד פון די פּרעסלעך און מיטן גראַגערײַ פון די מאשינעס, געפלאָכטן א זאָק און שטיל, אין זיך, געזיפצט, צוקוקנדיק, ווי איר באָרעך, וואָס האָט געטרוימט ווערן א דאָקטער, ווערט ביסלעכווײַז א שנײַדער. עס קומט אים אָן ניט גרינג,

נאָר ער האָט א גוטן לערער. סענדערל ווײַזט אים, ווי מע דארף אין איין אויגנבליק פארסילען א נאָדל, פארסטריגעווען א בעגעד, אויסשלייפן א לעכל. נאָר מערער פאר אלץ האָט באָרעך ליב דאָס פרעסל. מיטן פרעסל פילט ער זיך פרײַער און האלט זיך פאר אן עמעסן באלמעלאָכע. און אז ער שטייט באם טיש מיטן פרעסל אין דער האנט, קען ער טראכטן און לאָזן זײַנע טרוימען פליִען וווהין זיי ווילן.

ער האָט געפרעסט און געטרוימט, געשלייפט א לעכל און געטרוימט, פארסילעט א נאָדל און געטרוימט... עס וועט דורך א כוידעש, א יאָר, צוויי, די רעוואָליוציע וועט זיך צעוואקסן, און זייער ארטעל אויך. אלע שנײַדער וועלן מאכן איין ארטעל. דערנאָך אלע שוסטער, אלע פעלצנמא־כער, אלע קאָוועלעס און בלעכער, אפילע די באלעגאָלעס און די קוימענ־קערער. דאָס גאנצע שטעטל — סאמע ארטעלן. און עס וועלן מער ניט זײַן קיין אָרעמעלײַט, קיין פארהאָרעוועטע און פאריאָגטע שנײַדער־יונגען. די ארבעט וועט ווערן פאר אלעמען אזא, ווי זי דארף זײַן. זי וועט זײַן פאר אלעמען א קאָוועד, א פרייד, א גליק, און אלע וועלן נאָר וועלן זינגען.

אז איין שנײַדער ברומקעט זיך אונטער אליין עפעס א לידל, הערט עס קיינער ניט. נאָר אז צען שנײַדער הייבן אָן זינגען אינייינעם, הערט מען שוין אף דער דריטער גאס. באזונדערס, ווען ארן־בער הייבט אָן גאָרגלען זיך, מאכט אלעמאָל א נײַ דריידעלע און מאכט פון יעדער שורע, פון יעדער וואָרט א באזונדער, צעצויגן מיזמערל:

פאפי־יר אי־ייז ווא־ווא־ווײַס,
אר־און סא־זשע אי־אי־איז שווארץ.
צו דיר, מײַן לעבן, ציט מיך מא־ווײַ־ווײַן הארץ...

באָרעך זינגט אויך. נאָר אים זינגט זיך גאָר אן אנדער לידל. יענץ לידל, די „קארמאניאָלא״, וואָס ווערא פאוולאָוונא האָט געזונגען:

מיר זײַנען אָרעם, נאָר מיר זײַנען ארבעטסלײַט,
מיר זײַנען פארפינצטערט, נאָר ניט נאריש.
און מיר ווילן ליכט!
מיר וועלן זיך לערנען.
דאָס וויסן וועט אונדז באפרײַען,
די ארבעט וועט אונדז בארײַכערן.
מיר וועלן זײַן גליקלעך, מיר וועלן זײַן ווי ברידער און שוועסטער!

— אך, ווערא פאוולאָוונא, ווערא פאוולאָוונא! — הייבט ער אָן דורכ־שמועסן זיך מיט איר און פילט, ווי טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן פון דעם, וואָס ער האָט געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, פונעם געפיל פון עמעסדיק גליק.

ער פרעסט און טרוימט. טרוימט און זינגט זיך אונטער. און דאָס לי־דעלע, פאר וועלכן מע דארף ערשט צוטראכטן א ניגן, טראָגט אים אליין אוועק ווײַט, זייער ווײַט, פון יענער זײַט האָריזאָנט, פון יענער זײַט אויסגעדאכטער ליניע. זי איז טאקע דאָ, די ליניע, נאָר זי שטייט ניט אף

קיין אָרט, זי רוקט זיך אָפּ וואָס אמאָל ווײַטער און ווײַטער, גייט אײַנגאַנצן זיך פֿאַנאַנדער — די גרינע און שוואַרצע פּאַסיקלעך, — און עפּנט פֿאַר אים נײַע ערדן און נײַע הימלען.

א גאַנצע וואָך האָט באָרעך געאַרבעט און יעדן שאַבעס אָפּגעגעבן איבער־געליינט די קאַפּיטלען וועגן ווערא פּאַוולאָוונעס געוועלב. דאָס איז גע־ווען פֿאַר אים א מין שולכן־אָרעכל. נאָר אויב ווערא פּאַוולאָוונא האָט ערשט אָפּן דריטן יאָר געשאַפֿן א מין שפּאָרקאַסע, האָט ער גענומען זיך פֿאַרן איניען דעם צווייטן כוידעש, אַז יעדערער זאָל אַלע וואָך אָפּלייגן א רובל אין דער אַלגעמיינער קאַסע. אַף וואָס? ס'זאָל זײַן פֿאַרוואָס עפּעס אײַנ־קויפֿן פֿאַרן אַרטעל, ס'זאָל זײַן פֿונוואַנען געבן עמעצן א האַלוואָע בײַס א דרינגענדיקער נויט, ער זאָל ניט דאַרפֿן גיין צו אַלטער בראַוואַרנע פֿאַרזעצן א מאַשקן און צאָלן גרויסע פּראָצענטן...

די שנײַדער איז דאָס זייער געפֿעלן געווען. ווײַל ערשט איצט וועלן זיי טאַקע קענען אַרויסשטעלן אַלטערן א פּײַג. זיי האָבן נאָר געוואָלט וויסן, ווי קומען עס צו באָרעכן אַזעלכע געדאַנקען.

— דאָס אַלץ איז באַשריבן בײַ טשערנישעווסקין. אַזוי האָט געטאָן ווערא פּאַוולאָוונאַ.

— איז עפּשער וואָלסטו אונדז אויך באַקאַנט מיט איר?

— מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן. נאָר ווען?

— צווישן מינכע און מײַרעוו!

פֿאַרוואָס האָט אַלטער בראַוואַרנע זיך דערשראָקן פֿאַרן שנײַדער־אַרטעל, איז ניט שווער צו זאָגן. אים האָט דער שנײַדער־אַרטעל אויס־געזען עפּעס אַזוינס, אין וועלכן עס שטעקט א באַזונדער געפֿאַר. אַז צען שנײַדער זינגען אײנײנעם, איז דאָס ניט גלאַטיק. עס שמעקט שוין מיט רעוואָליוציע. איז מיילע, פּייטערבורג, מאָסקווע קענען זיך דערלויבן, נאָר כאַשטשעוואַטע? איז ער אַוועק צום פּריסטאַוו און אים אַרײַנגערוקט א פֿינפֿערל. דער פּריסטאַוו האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: ס'וועט זײַן רעכט.

אייגנטלעך, איז דאָס געווען ניט קיין פּריסטאַוו, נאָר א פּאָשעטער אוריאַדניק. אין כאַשטשעוואַטע אָבער, צוליב אייגענעם רעספּעקט, האָט מען אים גערופֿן „גאָספּאָדין פּריסטאַוו". און דאָס איז אים גראָד געפֿעלן געווען. ער האָט געקענט עטלעכע יִדישע ווערטער, שטאַרק ליב געהאַט געפֿילטע פֿיש, א פֿעטן קוגל, א קעלישעקל בראַנפֿן און מעסירעס. ער האָט שטענדיק געהאַט עפּעס פֿון ביידע צדאָדים, פֿונעם מאָסער און פֿונעם געמאַסערטן. אַרײַנגעלייגט דאָס פֿינפֿערל אין קעשענע, איז ער טייקעף אַוועק צו דער מומע בראָכע.

— וואָס טוט מען דאָ אַזוינס בײַ דיר?

— מע נייט.

— ווער נייט?

— וואָס הייסט ווער? שנײַדער!

— ווי קומען צו דיר שנײַדער?

— כ'האָב זיי פֿאַרדונגען מײַן זאַלע.

— אַך, פֿאַרדונגען? אַנו ווײַז?

ווען די מומע מיטן פּריסטאַוו זײַנען אַרײַן אין „זאַלע״, איז דאָס גראַגערן און דאָס זינגען געווען אין רעכטן ברען. נאָר דער פּריסטאַוו האָט געהאַט אַ שטאַרקע געמבע. האָט ער אויסגעשריגן:

— שאַ!

זײַנען אַלע גלײַך אַנשוויגן געוואָרן.

— וואָס טוט איר דאָ?

— מיר נייען!

— און וואָס נאָך?

— מיר זינגען.

סענדערל האָט בייסמײַסע אַרײַנגערוימט אַרן־בערן אין אויער אַרײַן:

— מע דאַרף אים עפּעס געבן אין דער יאַד אַרײַן.

— וויפל?

— גענוג פונזײַנטוועגן אַ קערבל. ער מעג עס אויסקרענקען.

דערפילט אין דער האַנט אַ פּאַפּירל, איז ער גלײַך געוואָרן ווייכער.

— נו, זינגט, זינגט.

און געפונען פונדעסטוועגן פאַר נייטיק אַ טײַטל טאָן מיטן פינגער:

— נאָר געדענקט!.. יענע לידלעך!..

און אַזוי איז דאָס אַוועק. יעדע וואָך האָט אַלטער אַוועקגעטראָגן דעם פּריסטאַוו אַ פּינפּערל, און יעדער וואָך איז דער פּריסטאַוו געקומען צו די שנײַדער נאָך זײַן קערבל. אַלטערן האָט דער פּריסטאַוו געמאַכט אַ כניפּעדיקן שמייכל און, ווי זיך אַנטשולדיקט פאַר אים, אַרויסגערעדט:

— מע מוז צוּוואַרטן. רעוואָליוציע!..

באַ די שנײַדער האָט ער דראָענדיק אַ טײַטל געטאָן מיטן פינגער און געוואָרנט:

— נאָר געדענקט!.. יענע לידלעך!..

אַזוי האָט ער יויצע געווען פאַרביידן, געוויזן, אַז דאָס געלט נעמט ער ניט אומזיסט.

— אַך, ווערא פּאַוולאָוונא, ווערא פּאַוולאָוונאַ!..

באָרעך האָט אַלץ ניט אופגעהערט שמועסן מיט איר, דערציילן איר, ווי גוט עס גייט באַ זיי און ווי עס וועט גיין וואָס אַמאָל בעסער. דעם לעצטן כוידעש זײַנען צוגעקומען נאָך פינף שנײַדער מיט צוויי מאַשינעס, און זיי אַרבעטן ניט נאָר פאַרן מאַרק, נאָר באַקומען שוין באַזונדערע באַשטעלונגען. מע קומט צו זיי פון אַלע אַרומיקע דערפער. און די „זאַלע״ איז שוין צו ענג פאַר זיי...

נאָר וואָס איז געשען מיט דער רעוואָליוציע? די קויכעס זײַנען איר אויסגעגאַנגען, צי עמעצער האָט איר די ביינער איבערגעבראָכן? עס קו־מען אָן קלאַנגען מיט יעדן טאָג ערגערע, שרעקלעכערע. אַרעסטן, פּאָגראָ־מען, קאַזאַקן. און מע זאָגט, זיי וועלן אינגיכן זײַן אויך דאָ. דער פּריסטאַוו אַליין, דער גוטער פּריסטאַוו, האָט זיי אַרויסגערופן.

אין איינעם אַ פּראָסטיקן, ווינטערדיקן טאָג איז ער אַרײַנגעקומען צום פעטער זאַלמען אַ פאַרסאָפּעטער, בייז אַ פּיר געטאָן מיטן גרויסן נאָזטיכל איבערן פאַרשוויצטן שטערן און הויך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס טוט מען דאָ?

— מע נייט.
— און וואָס נאָך?
— מע זינגט.
— האָדי! — האָט ער אַ ברום געטאָן אויף זײַן אויפן. — צעגייט זיך ווי זאַלץ אין וואַסער! אײַער דעך זאָל דאָ מער ניט זײַן!

מיט דעם ענדיקט זיך די געשיכטע וועגן ערשטן שנײַדערשן אַרטעל פון כאַשטשעוואַטע, וואָס איז אויפגעקומען נאָך אין טויזנט נײַן הונדערט פינפצן יאָר.

— צו שפּעט זיך געכאַפּט, — האָט געטײַנעט דערנאָך אַרן־בער, — נאָר גיי מאַך עפּעס. ביז אַ רעוואָליוציע דערקלײַבט זיך קיין כאַשטשעוואַטע...
— און עפּשער צו פרי, — האָט זיך אָנגערופן סענדערל. — נאָר ניש־קאָשע, זי וועט קומען נאָכאַמאָל, די רעוואָליוציע!

צו דער נײַער רעוואָליוציע האָט סענדערל ניט דערלעבט, אַוועק אויף דער מילכאָמע און זיך ניט אומגעקערט. נאָר אַרן־בער, ווען ער האָט מיט פיל יאָרן שפּעטער, שוין בײַ דער ראַטנמאַכט, אַגיטירט די קוסטאַרן, זיי זאָלן שאַפן אַרטעלן, האָט שטענדיק אָנגעהויבן זײַן רעדע:
— נאָך אין טויזנט נײַן הונדערט פינפצן יאָר!
און באָרעך?

ווען דער גוטער פּריסטאַוו מיט עטלעכע פּאָליציי־לײַט זײַנען טאַקע דעם זעלבן אָוונט געקומען מאַכן אַן אונטערזוכונג, האָבן זיי צווישן די ביכער, וואָס זײַנען געלעגן אין פאַרשיידענע ווינקעלעך, געפונען אויך בײַראָנס „טשײַלד האַראָלד", פּושקינס „דובראָווסקי" און טשערנישעווסקיס „וואָס טאָן?". די דאָזיקע דרײַ ביכלעך האָבן אַרויסגערופן בײַ דער פּאָליציי אַ באַזונדערן כשאַד, און זיי זײַנען פאַרשריבן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל אַלס קראַמאָלע. באָרעכן האָט מען דערווײַל ניט געטשעפּעט, נאָר די מומע האָט געפילט, אַז מיט דעם וועט זיך דאָס ניט ענדיקן. איז גלײַכער, אַז באָרעך זאָל ניט סטײַען. זאָל ער אַוועק מיטן טאַטן אין וואַלד.

די געדיכטע סאָווראַנער וועלדער ציִען זיך אויף ווערסטן. באַטאָג ווערן זיי ווי פאַרגליווערט אין זייער שטילשווײַגן, און בײַנאַכט האַלטן זיי אין איין שושקען זיך. און ס'דוכט זיך, אַז איין בוים מיטן צווייטן פירן אַ לאַנגן, פאַראַקשנטן וויקועך. באַטאָג איז דער פעטער זאַלמען געווען פאַר־נומען מיט זײַן אַרבעט, און באָרעך האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן וואַלד, ווו דער ווײַסער טיפער שניי איז געלעגן ניט גערירט. בײַנאַכט האָבן זיי שטיל זיך דורכגעשמועסט.

— זאָג מיר נאָר, באָרעכל, דאָס איז דאָך שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך, נאָר ווער האָט דיר אַרײַנגעגעבן אין קאָפּ אַזעלכע געדאַנקען?
— טשערנישעווסקי...
— ווער זשע איז ער, אָט דער טשערנישעווסקי, און ווו וווינט ער?
— ער איז שוין ניטאָ. דאָס איז באַשריבן בײַ אים אין אַ בוך, וואָס הייסט „וואָס טאָן?".

— וואָס טאָן... אַזוי... ניט מערער און ניט ווייניקער... וואָס זשע האָסטו געמיינט, איבערקערן די וועלט?

-- אוואדע האָבן מיר געמיינט... נאָר אָנהייבן דאַרף מען ניט פון דעם, נאָר אַזוי, ווי לעניִן זאָגט.

— לעניִן? ווער זשע איז אָט דער לעניִן?

— געווען די צײַט אין כאַשטשעוואַטע אַ מאַטראָס, פלעגט ער אַרײַנקומען צו אונדז. האָט ער אונדז דערציילט וועגן אים.

— אַזוי גאָר? און איך האָב געמיינט, אַז צו אונדז איז געגאַנגען נאָר דער פּריסטאַוו. וואָס זשע זאָגט לעניִן?

— לעניִן זאָגט אַזוי... גיט אונדז אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָליוציאָנערן, וועלן מיר איבערקערן די וועלט.

ס'איז שווער, זייער שווער אײַנשלאָפן נאָך אַזאַ שמועס. ליגט דער פעטער און קוקט דורכן קליינעם פענצטערל אָפן באַנאַכטיקן, פאַרשנייטן וואַלד, וואָס איז פול מיט ווײַסע סוידעס, און רעדט צו זיך אַליין:

— איך הייב ניט אָן פאַרשטיין. ס'איז כוץ לעדערעך האַטעווע...

און מיינען מיינט ער דערמיט: ווי האָבן עס געקענט זײַנע זינדיקע געדאַנקען, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט אויף דער צונג, אַריבער צו זײַנע קינדער? און ווי האָבן זיי עס געקענט אַזוי מעגולגל ווערן, אַז ער אַליין דערקענט זיי ניט? ווײַל בײַ באָרעכן זײַנען זיי שוין גאָר־גאָר אַנדערע. און בײַ יוילעקן געוויס אויך אַנדערע. וועגן דעם וועט מען דאַרפן זיך ערשט דורכשמועסן.

נאָר שמועסן איז אויסגעקומען ניט קיין סך. ווען דער פעטער זאַלמען איז געקומען אויף שאַבעס אַהיים, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די פּאָליציי איז ווידער געווען און דאָס מאָל געזוכט טאַקע באָרעכן אַליין. האָט מען שוין געמוזט צונויפנעמען ווו אַ קאָפּעקע, דאָס איבעריקע אַנטלײַען, עס זאָל סטײַען באָרעכן אויף הויצאָעס.

און באָרעך איז אַוועק. אַוועק איבער שטעט און דערפער, מעלוכעס און לענדער, יאַמען און אָקעאַנען. דער האָריזאָנט האָט זיך אָפּגערוקט וואָס אַמאָל ווײַטער, און ער האָט ענדגילטיק זיך איבערצײַגט, אַז די ליניע צווישן הימל און ערד איז אַן אויסגעדאַכטע.

די מומע בראָכע האָט ניט איין כוידעש באַוויינט איר באָרעכן, ביז ס'איז ענדלעך אָנגעקומען אַ בריוו. פון אַמעריקע. ער אַרבעט דאָרטן טאַקע אין אַ שנײַדער־געווערב. געוואָרן אַן עכטער פּרעסער. האָט די מומע פאַרבראָכן די הענט.

— יויעל אין טערמע, באָרעך, ווײַ איז מיר, אין אַמעריקע!.. וואָס וועט זײַן מיט די איבעריקע קינדער?..

אויף דעם האָט דער פעטער זאַלמען ענטפערן ניט געקענט.

## שלוימע האמעלעך...



עוועז איז דאָס שוין לאנג, זייער לאנג, נאָך אין טויזנט נײַן הונדערט פינפטן... אין יענעם יאָר האָט גיטל יאנקעווו־עליעס, שלוימע דעם קאָוועלס קאלע, אים פארשלעפּט אף עפּעס א מאיאָווקע אין מאָשטשאָנער וואלד. דאָרטן האָט ער דאָס ערשטע מאָל זיך דערוווּסט, ווער ער אליין איז און ווי וויכטיק פאר דער וועלט איז זײַן פאך. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערפילט אין זיך דאָס, וואָס הייסט שטאָלץ. פאר זיך און פאר אלע קאָוועלס פון דער וועלט, וועמענס בארוף איז שמידן גליק פאר דער גאנצער מענטשהייט. דער וואלד האָט געשמעקט, ווי גיטלס שווארצע צעפּ, און גיטלס צעפּ האָבן געשמעקט, ווי דער יונגער וואלד. און ביידע אינאיינעם, גיטל און דער וואלד, און די ווערטער פון עפּעס אן אומבאקאנטן מאטראָס האָבן ווי פארשיקערט, ארויסגערופן יענעם כוצפּעדיק־פריילעכן גלאנץ אין די אויגן, געוויגט און אונטערגעהויבן זײַן מעכטיקע, האָריקע ברוסט. ס׳האָט זיך געוואָלט זינגען, סע האָט זיך גע־וואָלט טאנצן, און ס׳האָט זיך געוואָלט ארומנעמען אלע קאָוועלס, די גאנ־צע וועלט און קושן זיך. טאקע יענע מאיאָווקע האָט אים געשענקט א לידל, וואָס איז אים גלײַך אײַנגעבאקן געוואָרן אין הארצן:

אין א קוזניע בא דעם פײַער
שטייט א שמידער און ער שמידט.
קלאפּט דער האמער, פונקען פײַער פליִען,
און ער זינגט דערבײַ א ליד.

קיין זינגער, דארף מען זאָגן, איז שלוימע ניט געווען. די לידעלעך, וואָס די מאמע האָט אים געזונגען קינדווײַז, האָט ער לאנג פארגעסן. דער־פאר איז די דאָזיקע ליד געווען פאר שלוימען ווי א גרויסע אנטדעקונג. זי האָט אנטדעקט פאר אים זיך אליין. געווען פאר אים אין דעם לידל עפּעס קישעפדיקס, אין די ווערטער א סאך ניט קלאָרע רעמאָזים, און גע־וועקט אין אים אזעלכע געפילן, וועגן וועלכע ער האָט ביז איצט קיין אנונג ניט געהאט.

די רעוואָליוציע האָט פּלוצלינג ניט געסטײַעט, און מער איז שלוימע אף קיין מאיאָווקעס ניט געגאנגען. איז דאָס אלץ געבליבן בא אים, ווי עפּעס א שיינער כאָלעם, פון וועלכן מע האָט אים אינמיטנדערינען אופ־געוועקט. א כאָלעם וועגן א פרילינגדיקן וואלד, וואָס שמעקט, ווי גיטלס שווארצע צעפּ, א כאָלעם וועגן גיטלען אליין, ווי זי האָט אויסגעזען, ווען זי איז געווען זײַן קאלע, און א כאָלעם וועגן עפּעס א מאטראָס, וועמען קיינער האָט ניט געוואגט אָנרופן באם נאָמען, און וועגן זײַן פלאמיקער רעדע וועגן די ארבעטער, וואָס דארפן אראָפּווארפן אלע טיראנען און שאפן אף דער ערד א קיניגרײַך פון ארבעט. געבליבן איז אים פון דעם אלץ בלויז אָט דאָס שיינע, קישעפדיקע לידל.

איז אויסגעקומען בא שלוימען, אז די ליד איז געשאפן געוואָרן פאר אים אליין. אמאָל האָט זיך אים אפילע געדוכט, אז דאָס האָט ער אליין זי צוגעטראכט, אז דאָס האָט זי זיך אויסגעזונגען און אויסגעקלונגען פון אונטער זײַן האמער, ווען ער האָט אין די פרײַע באגינענס געוועקט די גאנצע קאָוואליוועקע. ווײַל טאקע נאָר א קאָוועל האָט געקענט צוטראכטן א לידל, וואָס זאָל אזוי נעמען באם הארצן.

מערער פאר אלץ איז אים געפעלן געוואָרן די שורע ווענן די פונקען, וואָס פלײַען ארויס פונעם בלאָזזאק, פון אונטערן האמער, טאנצן ארום ארום דער קאָוואדלע, פלײַען ארום איבערן קאָפּ און רירן אים אפילע ניט אָן. זיי האָבן ניט איבער אים קיין שליטע. אין אזעלכע מינוטן האָט ער טאקע געפילט זיך ווי אן עמעסער גיבער, געפילט זיך צווישן די, וואָס הערשן איבערן פײַער, הערשן איבערן אײַזן און קענען טאָן מיט דעם וואָס זיי ווילן. זיי קענען דאָס צעגלײַען, אײַנגאנצן צעשמעלצן, אָפּסארפען, פאר־ברענען אלץ, וואָס מע זאָל זיי דערלאנגען. און זיי אליין ווערט גאָרניט שאַטן. זיי זײַנען שטארקער פון אײַזן.

אָט אזא זעט מען אים שטענדיק אין קוזניע. עס שטייט א הויכער, ברייטפּלייציקער גיבער, דאָס העמד צעכראסטעט, די ארבל פארקאטשעט, און דאָס גראָבע, ברעזענטענע פארטעך איז פעסט ארומגעבונדן ארום די לענדן. ער קלאפּט מיטן האמער איבער א צעגליטן שטיק אײַזן און זינגט דאָס לידעלע, וואָס, ווי אים דוכט זיך, ער האָט אליין פארפאסט. נאָר קיינער ווייסט ניט, פארוואָס גלאנצן בא אים אזוי די אויגן. קיינער ווייסט ניט, אז אין דער מינוט זעט ער פאר זיך יענעם פרילינגדיקן וואלד, יענעם אומבאקאנטן מאטראָס...

און דאָס קען שוין שלוימע אליין אויך ניט פארשטיין. אמאָל וועקט דאָס לידעלע אוף בא אים אזא ווארעמען טרויס וועגן יענעם קיניגרײַך פון ארבעט, אז עס ווילט זיך אים גלײַך עמעצן ארומנעמען און צעקושן זיך. און אמאָל הייבט אים אָן פרעסן אזא אומעט, אזא בענקעניש, אז ער ווייסט ניט וואָס טאָן מיט זיך אליין. עפּעס אזא מוירעדיקע בענקעניש נאָך גיטלס שווארצע צעפּ, וואָס זי האָט שוין לאנג אָפּגעשוירן, נאָך אירע פלאמיק־רויטע באקן, וואָס זײַנען שוין לאנג בלייך געוואָרן. באפאלט אים אָט די בענקעניש, פארמאכט ער די קוזניע, טרינקט אויס עטלעכע קעלישעקלעך בראנפן און לאָזט זיך אוועק אף דער טאָרהאָוויצע, וואָס גלײַך אונטער דער קאָוואליוועקע, — א גרויסער מארק, פול מיט פערד, בעהיימעס און גאנאָווים. ער גייט ארום צווישן די פורלעך, צווישן די פערד און קי, ווארפט פינקלענדיק־הייסע און בייזע בליקן און קלאפּט מיט די הענט איבער דער פארהוילטער ברוסט.

— ייִדן, וואָס טוט מען? עס ברענט בא מיר אינווייניק! גיט מיר עמעצן, שלאָגן ווילט זיך, פלעטן עמעצן דעם קאָפּ!

ווייסט מען שוין אָפּן מארק, אז שלוימע האָט א ביסל איבערגעכאפּט די מאָס, און מע שפּאַסט צווישן זיך, די שטעטלשע מיט די דאָרפישע:

— שליאָמקא בושויע...[1]

[1] שלוימקע בושעוועט.

נאָר וואָס, ווער און ווען, ווייסט קיינער ניט.

ווי אַלע באַלמעלאָכעס, האָט שלוימע געהאַט מיט גאָט זײַנע אייגענע כעזשבוינעס. אינדערוואָכן האָט ער ביכלאַל ניט געהאַט ווען האָבן צו טאָן מיט אים, נאָר שאַבעס איז ער, ווי אַלע ייִדן, געגאַנגען אין שול אַרײַן. און דאָס איז געווען פאַר אים דער ערגסטער טאָג אין דער וואָך. נאָך יעדן שאַבעס האָט ער געפילט אין מויל אַזאַ ביטערקײַט, וואָס האָט ניט געלאָזט ניט אויסשפּײַען זיך, ניט פאַרטרינקען מיט עפּעס. אָנגעהויבן האָט זיך עס פונעם שווארצן רעקל, דעם נאַדן זײַנעם, וואָס איז שוין לאַנג אַף אים שמאָל און ענג און יעדן שאַבעס פלעגט עס פּלאַצן אין אַן אַנדער אָרט. איז ער אָפּגעזעסן די פּאָר שאָ אין שול ווי אין קלעמען און מוירע געהאַט אַ ריר טאָן מיט די אַקסלען, עס זאָל ווידער ערגעץ ניט פּלאַצן. און געווען איז אים דושנע, ערגער ווי אין קוזניע אין די גרעסטע היצן.

געזעסן איז ער, ווו אַלע באַלמעלאָכעס, אַף איינער פון די הינטערשטע בענק און דערפון געפילט זיך נאָך מער געענגט און דערנידעריקט. יעדן שאַבעס האָט אין אים געקאָכט און געזאָטן. און די הענט האָבן ניט אופגעהערט בײַסן. אים האָט זיך געוואָלט געבן עמעצן פּעטש.

האָט ער אָפּט געטרוימט וועגן אַ נײַ רעקל און אַז ס'זאָל קומען אַ צײַט, מע זאָל געבן „מאַפטיר" די באַלמעלאָכעס פון די הינטערשטע בענק. נאָר דערווארט האָט ער זיך אַף גאָר עפּעס אַנדערש.

קיין כאַשטשעוואַטע האָט די רעוואָליוציע זיך דערקליבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אַף עטלעכע טעג און איז אַרײַנגעקומען אין שטעטל ביז דער קני אין בלאָטע. ערגעץ האָט שוין געוויס עמעסדיק געפרילינגט, נאָר דאָ האָט דער שניי קוים אָנגעהויבן צעגיין און אייניינעם מיט די קאַלטע, פוילע רעגנדלעך אויסגעקנאָטן אַ שיטערע בלאָטע, אַ טוואַן, וואָס האָט פאַרגאָסן דאָס גאַנצע שטעטל מיט איין פּעטן, גלאַנציקן אויסגוס... די טיפע שיטעריצייע האָט ניט געהאַט ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סאָף, ניט קיין ברעגן און ניט קיין בריקלעך. מע האָט געדאַרפט זײַן מיט צען קעפּ, מע זאָל קענען דורכגיין די גאַס און ניט פאַרלירן אין דער בלאָטע אַ שוך אָדער אַ גאַלאָש. דערצו האָט די בלאָטע געהאַט עפּעס גאָר אַ באַזונדערן רייעך. אַ געמיש פון אַלע רייכעס פון דעם, וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרן גאַנצן ווינטער אַרויסגעוואָרפן, אַרויסגעשיט און אַרויסגעגאָסן, יעדערער אונטער זײַן שטיבל. רייכעס פון איבערגעפוילטער קרויט און איבערגעזײַערטע אוגערקעס; פון די אַלע קישקעלעך, פליגעלעך און פיסעלעך פון די איבערגעקוילעטע הינער, געענדז און קאַטשקעס, פון דעם אַלעמען, וואָס די שטעטלשע און דאָרפישע הינט האָבן עטלעכע מאָל איבערגעהריזעט אין די פּראָסטיקע הונגעריקע נעכט און מער דאָס אין מויל ניט געוואָלט נעמען. דער דאָזיקער שטיקנדיקער רייכעס־געמיש האָט, ווי די בלאָטע אַליין, פאַרפלייצט דאָס גאַנצע שטעטל, ניט רעכענענדיק זיך ניט מיט קיין גאַסן און ניט מיט קיין יִיכעס. געענדז און קאַטשקעס האָט מען געגעסן נאָר אין גווירישע הײַזער, שמעקן האָבן איצט געמוזט אַלע.

אַוואַדע וואָלט דאָס שטעטל ניט געקענט האָבן קיין קיִעם, ווען ניט דער ערשטער דונער און דער וואַרעמער, ערשטפרילינגדיקער רעגן. ער גיט זיך אַ לאָז אַראָפּ, גיט אַ גאָס מיט אַ פאַרטויבנדיקן גערויש, מיט אַ

פריילעכן אימפּעט, גיט א צעלאָז דעם שניי פון די ארומיקע בערג, פארגיסט מיטאמאָל דאָס שטעטל מיט א פּינענדיקן שטראָם און נעמט שווענקען, איבערשווענקען און אויסשווענקען דאָס גאנצע שטעטל פון אויבן ביז אראָפּ. ווערט מיטאמאָל פארשווונדן די פּעטע שיטעריציע, עס סטייַען ניט די ניט גוטע רייכעס, און דאָס שטעטל זעט אויס ווי נייַ־געבוירן. אלץ ארום שייַנט, אלץ ארום שמעקט, און עס עטעמט זיך אזוי מעכייַעדיק גרינג. ווערן דאַן צעפּראלט אלע טירן און פענצטער, און יעדערער סטארעט זיך ארייַנעמען אינווייניק, אינעם שטיבל מיט די נאסע, אָפּגעקאלופּעטע ווענט, א ביסל פונעם שייַנענדיקן און פונעם שמעקנדיקן דרויסן.

נאָר צו יענעם ווארעמען פרילינגדיקן רעגן מיט די דונערן און בליצן איז נאָך געווען ווייַט. דערווייַל האָט יעדן טאָג בלויז א ביסל אונטערגעמאראקעט אָדער ס׳האָט געמאָראָסיעט א דין קאלט רעגנדל, וואָס האָט גאָרנישט ניט געקענט אופּטאָן, כוץ ניט דערלאָזן, אז די בלאָטע זאָל ווערן א ביסל הארטער און מע זאָל קענען אויסטרעטן ערגעץ כאָטש א שמאָל סטעזשקעלע. און ס׳האָט געבלאָזן יענץ פייַכט ווינטעלע, אָן עסעריקס און א שטעכיקס, וואָס די כאשטשעוואטער האָבן דעם א נאָמען געגעבן „מארציאָווע״. דאָס מארציאָווע ווינטעלע. אמאָל האָט דאָס געשטאָכן אליין, פון זיך, און אמאָל האָט עס אָנגעהויבן אונטערשיטן געדיכטן שניי אָדער אזעלכע קליינינקע גרייַפּעלעך, אזא דריבנע האָגל, וואָס האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען. פאר דעם האָבן די כאשטשעוואטער געהאט א באזונדערן נאָמען: די מארציאָווע פּלאנעטעס. מיסטאמע געמיינט דערמיט די אלע פוילע שטיק, וואָס דער וועטער פּראוועט אָנהייב מארט, ווען דער ווינטער הייבט אָן וואָיעווען מיטן אָנקומענדיקן פרילינג.

נאָר וואָס פאר א ווערט האָט דאָס אלץ בא דער רעוואָליוציע? זי האָט זיך ניט גערעכנט מיט גאָרנישט ניט. ניט מיט דער גלאנציקער שיטעריציע, ניט מיט די שלעכטע רייכעס, ניט מיט דעם שטעכיקן מארציאָווע ווינטעלע און ניט מיט די מארציאָווע פּלאנעטעס. ארייַנגעריסן זיך אין שטעטל, זיך צעשפּילט, ווי אין רעכטן פרילינג, זיך צעהוליעט מיט עפּעס א פריילעכער, כוצפּעדיקער פארשייַטקייַט, זיך צעטאנצט און צעזונגען איבער אלע גאסן און געסלעך, איבער אלע שמידערייַען און בלעכערייַען, זיך ארייַנגעריסן צו אלע שנייַדער און שוסטער, ארייַן אין אלע קלייטן און קלייטלעך, ארייַנגעכאפּט זיך אפילע אין שול. און אומעטום דאָס זעלבע:

Свобода, равенство и братство!

פרייַהייַט, גלייַכהייַט און ברידערלעכקייַט!

נייַע, אומבאקאנטע ווערטער, וואָס האָבן אופגערודערט אלעמען פון קליין ביז גרויס און ארויסגערופן בא אלעמען א יאָמטעוודיקן קאָפּשווינדל. די דאָזיקע דרייַ ווערטער האָבן מיטאמאָל צעפּראלט אלע טירן און פענצטער און איבערגעמישט אין איין פרייַנטלעכן, טומלדיקן האמוין דאָס ייִדישע שטעטלשע מיטן אוקראיִניש־דאָרפישן, די צוויי באזונדערע האלבע כאשטשעוואטעס. זיי זייַנען גלייַך געוואָרן יאדאכעס און בעשוטפעס אראָפּ־

געריסן די פּאָגאָנעס פונעם פּעמפּעקעוואַטן פּריסטאַוו, בײַ די לאַנגע דראָנ־גען — סטראַזשניקעס, אַראָפּגעריסן ווי נאָר ערגעץ עס איז געהאַנגען דעם קייסערס אַ פּאָרטרעט, און פון גאַנצפרי ביז פאַרנאַכט ניט אופגעהערט שרײַען:

Свобода, равенство и братство!

אַ נײַ לידל, אַ נײַע מעלאָדיע האָט מיטאַמאָל פאַרפלייצט סײַ די ייִדישע האַלב, סײַ די אוקראַיִנישע, און מע האָט עס אָנגעהויבן נאָכזינגען, מאַר־סעליעזעווען אין יעדער שטוב:

Вставай, подымайся, рабочий народ,
Вставай на борьбу, люд голодный[1].

יענעם שאַבעס האָט שלוימע קאָוועל, ווי שטענדיק, אָנגעטאָן זײַן ענג רעקל און, ווי שטענדיק, דערפילט זײַן פּרעסנדיקע, דריקנדיקע ענגשאַפט. פאַרנומען אין שול זײַן אָרט אויף דער הינטערשטער באַנק, האָט אין אים גלײַך אָנגעהויבן זידן און קאָכן, און ער האָט אָנגעהויבן ארומקוקן זיך, ווי געזוכט עמעצן, וועמען געבן אַ פּאָר פּעטש.

ווען מע האָט ארויסגעטראָגן די טוירע אויפן באַלעמער און דער כאַזן האָט, ווי שטענדיק, אָנגעהויבן אויסציִען דעם ניגון פון דער טפילע „מי שעבאָרעך האַווויסיינו", איז ער דערגאַנגען בעשאָלעם ביז „הו יעוואָרעך" און געבליבן שטיין. ער האָט דאָך געדאַרפט זאָגן „עס האַקייסאַר ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש יאָרום הוידוי". וואָס זשע זאָל ער זאָגן, אז ניקאָלײַ איז שוין אויס קייסער? האָט דער כאַזן אָנגעהויבן אַראָפּשלינגען דאָס שפּײַעכץ, גלײַך ס'האָט אים עפּעס געוואָרגן, און דערוואַרט זיך, ביז דער גאַבע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן סידער אינעם טיש און אים אונטער־געזאָגט:

— האַקייסער מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטש...

יאָ, די רעוואָליוציע האָט זיך דערקליבן קיין כאַשטשעוואַטע מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג, און די ייִדיִעס באַם גאַבע זײַנען געווען שטאַרק פאַרעלטערטע. אָרן־בער דער שנײַדער, וואָס האָט ליב געהאַט אַ גאָרגל טאָן זיך פארן אָמעד, האָט געהאַט מער פרישע ייִדיִעס. האָט ער אויסגעשריגן:

— ד'ער טויג שוין אויך ניט. ער האָט אַליין זיך אָפּגעזאָגט.

דער אוילעם האָט נאָך ניט באַוויזן פאַנאַנדערקײַען, ווער איז ער אָט „דער", פאַרוואָס טויג ער ניט, און ווי קומט עס, אַ מענטש זאָל זיך אָפּזאָגן ווערן קייסער. נאָר שלוימע האָט גלײַך פאַרשטאַנען, ווי עס האַלט. איז ער ארויף אויפן באַלעמער, באַקוקט דעם אוילעם מיט זײַן בייזן, פינקענדיקן בליק, פאַרהויבן די האַנט און אַ קלאַפּ געטאָן מיט איר אין טיש אַזוי, אַז די פענצטער האָבן אַ קלונג געטאָן. און דאָ האָבן אַלע דערזען, ווי דער רעכטער אַרבל פון זײַן רעקל האָט אַ פּלאַץ געטאָן און קימאַט אינגאַנצן זיך אָפּגעטיילט פונעם אַקסל.

[1] וואַך אויף, אַרבעטס־פאָלק, צום קאַמף.

— מאכט מיר א מי־שעביירעך! — האָט ער אויסגערופן. — איך בין איצט קייסער!

און דאָ האָבן שוין געמוזט פליִען פעטש. באלאַנים אף פארנעמען דעם פּוסט געוואָרענעם קיסיי־האמאלכוס איז אין כאשטשעוואטע געווען ניט ווייניק.

— דיר א מי־שעביירעך? ס'וועט א רועך אין דײַן טאטנס טאטן אריַין!

— ווי געפעלט ער אײַך? א נײַער שלוימע האמעלעך!

ווי זאָגט מען עס: א פאטש פארהיילט זיך, און א וואָרט געדענקט זיך. און אז כאשטשעוואטע גיט עמעצן א צונאָמען, איז דאָס אף לאנגע יאָרן.

געקומען אזא שיינע רעוואָליוציע, און קיינער האָט ניט געוווּסט פּינקטלעך: מיט וואָס פרייען זיך און פאר וואָס שרעקן זיך. האָבן זיי ארומגעשפאנט איניינעם, די פרייד מיט דער שרעק, און ביידע זײַנען גע־ווען שיקערלעך. אמאָל טאקע עכט שיקער, אמאָל נאָר אזוי בעגילופנדיק. האָט דאָס שטעטל אויסגעזען סימכעסטוירעדיק־אופגערודערט, ווען יעדערער קען זיך דערלויבן אזוינס, וואָס קיינער וואָלט זיך דאָס ניט דערלויבט ניט אינדערוואָכן, ניט אין קיין שום אנדערן יאָמטעוו. אָט דאָס האָט, אפּאָנעם, טאקע געמיינט איכיל שוסטער, דער סאמע ניכטערער צווישן אלע שוסטערס, ווען ער איז ארויס אין מארק אין זײַן פארשמאָלצעוועטן פּארטעך, און טאקע דאָ, צווישן א גרויסן אוילעם, יאָמטעוודיק־שיקערלעך אוועק א טענצעלע. איכיל האָט געטאנצט, די שיטערע און שמעקנדיקע בלאָטע האָט געשפּריצט פון אונטער זײַנע פיס און באשפּריצט אלעמען, ווער ס'איז געשטאנען ארום אים, און אים אליין אויך, און ער, גלײַך אפּאנעמעסן שיקער, האָט פריילעך אונטערגעפינטלט מיט זײַנע קליינע אייגעלעך, געפּליעסקעט מיט די הענט און אונטערגעזונגען:

סימכעסטוירע האָפּעניו,
מיט די פיסעלעך טאנצעניו,
מיט די הענטעלעך פּליעסקעניו...

די גאנצע וועלט האָט מיטאמאָל זיך איבערגעקערט און... געבליבן די זעלבע. צו די אלטע ניקאָלײַעווער דרײַערלעך און פינפערלעך מיט די אָפּגעסמיקעוועטע ברעגן זײַנען צוגעקומען שפּאָגל־נײַע ברוינע קערענקעס. און כאָטש יעדער ברוין פּאפּירעלע האָט געטראָגן א פערציקרובלדיקן נאָ־מען, האָט מען פאר דעם זייער ווייניק וואָס געקענט קויפן. שוין לאנג ניט געווען קיין ראָזשינקעס אף שטעלן ווײַן אף שאבעס, און יידן האָבן געמאכט קידעש אף א קעלישעקל מילך; כאָטש דאָס שטעטל איז געווען ארומגערינגלט מיט צוקער־זאוואָדן, האָט מען דעם שאבעסדיקן צימעס פּארזיסט מיט איבערגעקאָכטע בורעקעס. נאָר וואָס קידעש, ווער צימעס... אין א סאך הײַזער איז קיין ברויט ניט געווען!

נאָר אף אלץ איז געווען איין טערעץ: מילכאָמע! האָט מען שטארק געהאָפט, אז די שיינע רעוואָליוציע זאָל אין דער ערשטער ריי מאכן א סאָף צו דער מילכאָמע. נאָר גראָד דאָס האָט די רעוואָליוציע נאָך ניט געקליבן זיך צו טאָן. די רעוואָליוציע האָט זיך געטאָן אירס, און די מיל־

כאַמע אירס. אלעמאָל האָט מען אזש אהער, אין היגן שפּיטאָל, געבראַכט פאַרווונדעטע, אלעמאָל האָט אין שטעטל זיך אראָפּגעיאָוועט א נײַער קאַליקע, און אלעמאָל האָט מוישע סאָטסקי, דער איינציקער, וואָס איז דערווײַל געבליבן פון אלטן רעזשים, געבראַכט אין אן אנדער שטוב א שרעקלעכע פּאָוועסטקע.

האָט דערווײַל די רעוואָליוציע נאָך גאָרנישט ניט געבראַכט עפּעס וועזנטלעכס, כוץ עטלעכע פּאַרטייען. זיי זײַנען געוואַקסן אַף דער שיטערער בלאָטע, ווי אַף הייווז, און אלע טאָג איז צוגעקומען אין שטעטל אן אנדער פּאַרטיי. ריין ייִדישע, ריין אוקראַיִנישע און געמישטע. צוערשט האָט דאָ קיינער ניט געקענט פּאַרשטיין, פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען און וואָס ווילן זיי. ווײַל אלע האָבן געהאַלטן די זעלבע הייסע און מערסטנטייל אומפּאַרשטענדלעכע רעדעס, און אלע האָבן באַשריבן די ווענט פון די שטעטלשע הײַזער מיט די זעלבע ווערטער:

Свобода, равенство и братство.

פרײַהײַט, גלײַכהײַט און ברידערלעכקײַט.

ניט מער, איינע האָבן געשריבן די ווערטער אַף רוסיש, אנדערע אַף ייִדיש.

ניט מער, איינע האָבן געמאָלט זייערע לאָזונגען מיט רויטער ליים, און אנדערע מיט שטיקלעך שוואַרצע קוילן.

און וואָס טאָן מיט דער פרײַהײַט, גלײַכהײַט און ברידערלעכקײַט האָבן ניט אלע געוווּסט.

די בונדאָווצעס האָבן אָפּגעהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען אין דער גרויסער שול, די ציִעניסטן — אין דעם אלטן בעסמעדרעש, און די סאָציאַלדעמאָקראַטן — אין דער טאַלנער קלויז. נאָר אלעמאָל זײַנען די ציִעניסטן געלאָפן צו די בונדאָווצעס, די בונדאָווצעס צו די עסדעקן, און יעדער פאַרזאַמלונג האָט זיך געמוזט ענדיקן מיט פּעטש. פּעטש זײַנען געפלויגן אין דער גרויסער שול, פּעטש זײַנען געפלויגן אין אלטן בעסמעדרעש, פּעטש זײַנען געפלויגן אין דער טאַלנער קלויז. און איבער וואָס שלאָגט מען זיך, האָט אויך קיינער ניט געוווּסט.

שלוימע קאָוועל, וואָס האָט דעם ערשטן שאַבעס נאָך דער רעוואָליוציע זיך געמאָלדן פאַר קייסער און באַקומען אַ צונאָמען אַפן גאַנצן לעבן, איז געווען עפּעס גלײַכגילטיק צו די אלע פּאַרטייען. אָפּגעטאָן יענעם שאַבעס אַ נאַרישקײַט, האָט ער מער ניט געוואָלט היצן זיך. די קאָוועלס זײַנען דאַפקע צוגעשטאַנען צו אים: אלעמאָל מעלדעט עמעצער אנדערש עפּעס אַ פּאַרטיי, פאַרוואָס זאָל ער, שלוימע קאָוועל, אויך ניט מעלדן?

— מיר זײַנען דער ראַבאָטשע נאַראָד, — האָט שלוימע געטײַנעט זײַנס, — און מיר, קאָוועלס...

— נו, איז וואָס?

— איך וואַרט אַף מײַן מאַטראָס.

האָט מען געוואַרט, אַז שלוימע זאָל דערקלערן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַטראָס און וואָס מיינט ער דערמיט, נאָר שלוימע האָט אליין ניט געוווּסט. יענע מאַיאָווקע, יענער קורצער און שיינער כאָלעם, וואָס איז אינמיטנדע־

רינען איבערגעריסן געוואָרן און איבערגעלאָזט אים דאָס שענסטע לידל און דעם בעסטן טרוים, האָט ווידער זיך אָנגעהויבן, ער ציט זיך שוין עטלעכע וואָכן, נאָר ער גייט, דער כאָלעם, ניט אזוי, ווי יענער מאטראָס האָט אים אויסגעמאָלט. עפּעס קומט עס ניט, דאָס קיניגרײַך פון ארבעט... און זיי, די שמידן, קענען נאָך ניט נעמען זיך פאר זייער בארוף. האָט ער געוואַרט און ארויסגעקוקט, עס זאָל זיך א יאָווע טאָן זײַן מאטראָס און זאָל אים געבן צו פארשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר.

און ער איז געקומען, זײַן מאטראָס.

אָבער פריִער האָט אין שטעטל זיך א יאָווע געטאָן נאָך א פּארטיי. אופגעקומען איז זי ניט באטאָג און ניט אין עפּעס א שיינעם פרימאָרגן, נאָר אינמיטן דער נאכט. איבער איר ערשטער אקציע האָבן א סאך גע־שפּאסט, פּונקט ווי איבער די ציִעניסטן מיט זייער פּאלעסטינע און איבער די בונדאָוויצעס מיט זייער אווטאָנאָמיע. זיי האָבן אופגעריסן בא שלוימע סוקעראנסקי דעם קעלער און ארויסגעלאָזט פון דער שטײַג אלע גענדז און היגער. ארויסגעטריבן די אויפעס אף דער גאס און געשריגן:

— Куры, гуси — свобода![1]

איז געוועזן אין שטעטל פון וואָס צו לאכן. נאָר ווען מע האָט אופגעריסן בא יודל דעם רויטן די קרופּאָדיאָרקע און ארויסגעפירט פון דאָרטן דאָס גאנצע ביסל גרויפּן, די הרעטשקע מיט דער פּראָסע, איז אין שטעטל גע־וואָרן א גוואלד:

— וואָס שווײַגט די מיליציע? זיי וועלן דאָך אונדז אלעמען בארא־בעווען.

נאָר וואָס פאר א ווערט האָט געהאט די מיליציע מיט די עטלעכע ביקסלעך, אז געגאנגען איז זי אָנגעטאָן ווי אלע, ניט מער וואָס מיט רויטע בענדלעך אפן ארבל. נאָר דער נאטשאלניק פון דער מיליציע איז געווען ניט קיין פּראָסטער מענטש. בערנארד העכט, דער הויפּט־בוכהאל־טער פון דער זעמסקע באנק, איז געווען א פלאמפּײַערדיקער רעדנער און א לידער פון א גאנצער פּארטיי, וואָס האָט גערופן זיך מענשעוויקעס. האָט ער געדארפט ווײַזן, אז זײַן פּארטיי איז עפּעס ווערט, און די דריטע נאכט, ווען די נײַע פּארטיי האָט זיך ארײַנגעכאפּט צו איציע טראָוויצקי אין דער אָלײנע, האָט מען זיי געפּאקט.

מוישע גולקע איז טאקע געווען אָן עמעסער גאנעוו, אָבער בענטשיק שאמרײַ האָט מיט קיין גנייוועס זיך קיינמאָל ניט פארנומען, נאָר ער האָט שטענדיק געוווּסט, ווו דער פייגער איז באגראָבן. ווען מע האָט בא עמעצן ארויסגעגאנוועט די געגנדז פונעם בוידעם צי דאָס זויערס פונעם קעלער, איז מען געגאנגען צו בענטשיקן. און ס'האָט געקאָסט ניט טײַער. אף מאָרגן זײַנען די געגנדז צי דאָס זויערס ווידער געווען אף זייער אָרט. נאָר אז בענטשיק שאמרײַ זאָל מאכן שוטפעס מיט מוישעלע גולקען!

ווען מע האָט זיי געבראכט צום נאטשאלניק פון דער מיליציע, האָט בערנארד העכט גענומען זיי מוסערן:

---

[1] הינער, געגנדז — פרײַהײַט!

— אין אזא צײַט! איר פאַרפלעקט די רעוואָליוציע! גאַנאָווים!
— מיר זײַנען ניט קיין גאַנאָווים! — איז מוישעלע געוואָרן אויסער־זיך. — מיר זײַנען אַנאַרכיסטן! די גרעסטע רעוואָליוציאָנערן!
— אַנאַרכיסטן? און דאָס וואָס הייסט?
— דאָס הייסט עקס־פּראַ... עקס־פּראַ־פּרי־...
פאַר מוישעלען איז דאָס געווען אַ נײַ, זייער אַ שווער און צו אַ לאַנג וואָרט, און ער האָט דאָס ניט געקענט אַרויסרעדן. זיך פאַרהיקעט אַף האַלב און אָנגעהויבן פאַרהוסטן זיך.
— אָט, זאָל בענטשיק זאָגן.
— עקספּראָ־פּרי־אַציע! — האָט בענטשיק ווי אויסגעשאָסן.
האָבן ייִדן ווידער געהאַט וועגן וואָס צו לאַכן.
— ווי געפעלט עס אײַך? אָדעסער נאַליאָטשיקעס.
— מישקע יאַפּאָנטשיק!
ס'הייסט — ווי קומען די כאַשטשעוואַטער גענדז־גאַנאָווים צו די באַרימטע אָדעסער נאַליאָטשיקעס?..
געווען אין שטעטל אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ קליינעם צימעס פון דער רעוואָליוציע. פישל ווייצמאַן האָט צוערשט אַ ביסל דערשראָקן זיך, נאָר ווײַבאַלד ער איז געבליבן באַלעבאָס פון זײַן מיל, שפּײַט ער אַף דער וועלט. האָט ער, ווי פריִער, יעדן טאָג געראַזירט דאָס פּאָנעם, אונטערגעשוירן זײַנע געדיכטע שוואַרצע וואָנצן און דערלויבט זיך אײַנמיטן שאַבעס דורכקנאַקן דורכן שטעטל אַף זײַן אייגענעם פאַעטאָן. ווען מע האָט אים געפרעגט, וואָס ער טראַכט וועגן דער רעוואָליוציע, האָט ער געענטפערט מיט זײַן גווירישן שמייכעלע:
— פּורים איז קיין יאָמטעוו ניט, און קאַדאָכעס איז קיין קרענק ניט.
שאָלעם ווערביצקי, דער וואַלד־סוחר, וואָס האָט קיינמאָל אין ערגעץ ניט געאײַלט זיך, ניט דאַוונען און ניט אין וואַלד אַרײַן, האָט, ווי יעדן פרילינג, געפּרוּווט דורכשפּאַצירן איבער דער סאַמער טיפסטער בלאָטע אַזוי, אַז די גאַלאָשן זאָלן בלײַבן ריין. די רעוואָליוציע האָט ער געטײַטשט אַף זײַן אויפן:
— העוועל האוואָלים, אַלץ איז בלאָטע.
בלויז באַם געוועזענעם פּריסטאַוו האָט מען ניט געקענט וויסן, וואָס ער מיינט. ער האָט, ווי פריִער, שפּאַצירט איבערן מאַרק צווישן די קלייטן. נאָר אָן די פּאָגאָנעס און אָן זײַן שווערד האָט ער אויסגעזען ווי אָן אָפּגעפליקטע גאַנדז און קיינער האָט פאַר אים ניט מוירע געהאַט. פאַר אַלעמען האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל און צו אַלעמען געשמייכלט. נאָר דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער שמייכעלע. דעם דראָענדיקן טייל האָט ער פאַרבאַהאַלטן טיף אין זיך און אַרויסגעשטעלט פאַר אַלעמען בלויז די כניפע. דאָס האָט אים געמאַכט נאָך מער אָפּגעפליקט.
פרילינג איז די זון פאַרוואַלגערט מיט אַרבעט. אַף אויסטריקענען די בלאָטע אַרום דער באָד אַליין וואָלט מען געדאַרפט האָבן אַ גאַנצע זון. און אַף מאַכן אַזוי, מע זאָל כאָטש קענען צוקומען צו כאָנע דעם טויבן, וואָלט מען געדאַרפט האָבן נאָך איין זון. נאָר נאָך אַלעמען איז זי אין שטעטל זייער אַ זעלטענער גאַסט. הונדערטער אויסגעבענקטע אויגן קוקן

א גאנצן טאָג ארויס אַף איר, זוכן זי אונטער יעדער כמארעלע, זײַנען גרייט אָפּגעבן פאר א פּיצעלע זון דעם גאנצן דאלעס זייערן, נאָר זי אליין מאכט זיך ווי ניט ווויסנדיק. גלײַך ס'איז ניטאָ אַף דער וועלט קיין שום כאשטשעוואטע. זי טוט זיך א ווײַז אַף א ווײַלע, א פארהאָוועטע, א פארשמײַעטע, א פארשוויצטע, מע זאָל גלײַך פארשטיין, אז זי איז פארנו־מען איבערן קאָפּ, טריקנט צו ערגעץ א שטיינדעלע, און שוין — אַף מערער האָט זי קיין צײַט ניט. דאָס איבעריקע דארף פאר איר טאָן דער ווינט. איז מען שוין צופרידן מיטן ווינט. מעג ער זײַן א ווארעמער, מעג ער זײַן א קאלטער, ער זאָל נאָר ניט ברענגען מיט זיך קיין פראָסט, ווײַל אויב א פרעסטל, איז דאָך פארפאלן די גאנצע ארבעט, פארפאלן די צו־געטריקנטע שטיינדעלעך, פארפאלן די אויסגעטראָטענע סטעזשקעלעך. דער פראָסט וועט נאָר נאָכלאָזן, וועט ווידער אלץ צעקוואסיעט ווערן. און די שטעטלשע בלאָטע איז נאָך ניט אלץ... פאראן נאָך א בוג אַף דער וועלט. דארף מען, אז דאָס אײַז זאָל וואָס גיכער אוועק און מע זאָל קענען לאָזן דעם פּאראָם, וואָרעם אָן דעם פּאראָם איז דאָס שטעטל קיין שטעטל ניט. און ווער ווייסט, ווי האלט עס מיט דער רעוואָליוציע פון יענער זײַט בוג!

און עפשער איז טאקע איכיל שוסטער גערעכט. בלאָטע איז אַף דער וועלט פאראן א סאך, און די זון איז איינע. און כאשטשעוואטע איז בא איר א קליינער מעיוכעס.

אין איינעם פון יענע טעג, ווען הונדערטער פארבענקטע אויגן האָבן ארויסגעקוקט אפן הימל, ווען יעדער אויסגעטריקנט שטיינדעלע איז גע־ווען פארן שטעטל א גאנצער יאָמטעוו, ווען אלע האָבן זיך צוגעהערט, ווי דאָס אײַז האלט אין איין טרישטשען, איז אין שטעטל אראָפּגעקומען דער מאטראָס, אַף וועמען שלוימע קאָוועל האָט ארויסגעקוקט מער ווי אַף דער זון. דאָס איז געווען ניט יענער מאטראָס, מיט וועמען ער האָט זיך באקאנט אַף זײַן ערשטער מאיאָווקע, נאָר געווען איז ער אזוי יונג ווי יענער, אָנגעטאָן אויך אזוי און ער האָט אויסגעזען שלוימען, ווי א נײַער גילגל פון זײַן מאטראָס פונעם פינפטן יאָר, פון יענעם שײיועט מאטראָסן, וואָס בלײַבן שטענדיק יונג און שיין. און דאָס, וואָס דער מאטראָס איז א היגער, ווינט ניט ווײַט פונעם בוג און אלע רופן אים פּאָשעט מיכײַלאָ, איז דאָס עפשער נאָך בעסער. די זאך איז דאָך ניט אין דעם, ווי מע רופט אים, נאָר אין דעם, וו־אזוי און וועגן וואָס ער רעדט. און מיכײַלאָס רעדעס זײַנען געווען זייער ענלעך אַף דער רעדע פון יענעם מאטראָס.

די שמעקנדיקע שיטעריציע האָט אָנגעהויבן צוטריקענען, און דער מארק איז ווידער פול געוואָרן מיט פּויערשע פורלעך פון אלע ארומיקע דערפער. האָט מען שוין ניט געדארפט רופן קיין פארזאמלונגען. קריך ארויף אַף א פורל און רעד וויפל דו ווילסט. בערנארד העכט האָט גערופן שטימען פאר זײַן פארטיי בייס די וואלן אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג, אויזיע דער סארוועראָס האָט געפּאָדערט קולטורעלע אווטאָנאָמיע, און יוינע לעמפּערט, יאנקל דעם זייגערמאכערס איידעם, איז אויך ארויס אפן מארק מיט א רעדע:

— און איך זאָג אזוי. מיר דארפן זיך צונויפנעמען, אלע ייִדן, און זיך

אוועקלאָזן פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף, ביז מירן קומען צו א וואסער...

וואָס וואָלט געווען באם וואסער, איז געבליבן א סאָד, ווײַל בערל סטאָליער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— וואָס זשע דארף מען גיין אזוי ווײַט? מיר האָבן אין כאשטשעוואטע אזא שיינעם בוג!

מיכײַלאָס רעדעס זײַנען ענלעך אף דער רעדע פון יענעם מאטראָס, נאָר געקלונגען האָבן זיי גאָר אנדערש. קורץ, פּראָסט און ווי אָפּגעהאקט:

— די ערד די פּויערים, די זאוואָדן די ארבעטער, די גאנצע מאכט די ראטן, און — שאָלעם די פעלקער.

איז דעם האָרעפּאשנע אוילעם געפעלן געוואָרן דער מאטראָס מיט זײַנע רעדעס. גראָד אף אזא רעוואָליוציע האָבן זיי געוואַרט. און אויב זיי רופן דעם מאטראָס פּאָשעט מיכײַלאָ, מעג זיך דאָס שלוימע קאָוועל אוואדע דערלויבן. זיי זײַנען דאָך עפּעס אלטע באקאנטע.

— הער זשע, מיכײַלאָ... ארומגיין אף די מיטינגען האָב איך קיין צײַט ניט, נאָר דײַן פּארטיי געפעלט מיר. קום ארײַן אין קוזניע, וועלן מיר זיך דורכשמועסן. נאָר לאָמיך כאָטש וויסן, ווי הייסט זי, דײַן פּארטיי.

— באָלשעוויקעס זײַנען מיר.

— און ווער איז בא אײַך דער עלטסטער?

— לענין...

גערופן האָט מען אים מיכײַלאָ קאָזעריאנסקי, געווען איז ער א היגער, געוווינט באם סאמע בוג, נאָר שלוימע האָט שטענדיק געזען פאר זיך יענעם מאטראָס פון זײַן ווײַטער יוגנט. און כאָטש זיי האָבן די גאנצע צײַט פארבראכט בא אים אין קוזניע, וואָס איז איצט שטענדיק פול געווען מיט קאָוועלס, סטעלמאכס און בלעכערס, האָט שלוימען זיך געדוכט, אז דאָס זיצן זיי אלע אין מאָשטשאָנער וואלד. דער יונגער וואלד שמעקט, ווי גיטלס צעפּ, און גיטלס צעפּ שמעקן, ווי דער יונגער וואלד. און גיטל אליין... אײַ, ווען מע זאָל נאָך קענען פארגלעטן די קנייטשן אפן פּאָנעם און אומקערן דעם די אמאָליקע פארב, דעם אמאָליקן כיין... בא שלוימען איז אויסגעקומען, אז אלץ אף דער וועלט דארף איצט זײַן יונג, שיין און כיינעוודיק. לויט מיכײַלאָס רייד קומט אויס, אז די עמעסדיקע וועלט דארף ערשט געבוירן ווערן, אז די עמעסדיקע רעוואָליוציע, די פּראָלעטארישע, דארף ערשט פּאָרקומען, און פאר דעם קיניגרײַך פון ארבעט דארף מען זיך ערשט שלאָגן.

שלאָגן זיך איז שלאָגן. דאָס שרעקט אים ניט, שלוימען, עס בײַסן זיך אים שוין לאנג די הענט. נאָר אויב געבן פּעטש, אויב אפילע אליין ארײַנ־כאפּן, זאָל זײַן פאר וואָס. ווי זאָגט עס מיכײַלאָ — קעמפן אונטער דער רויטער פאָן!

ווען מיכײַלאָ האָט גערעדט וועגן דער רויטער פאָן, האָט ער געהאט אין זינען צוגרייטן זיך צו דער ערשטמײַיקער דעמאָנסטראציע, דער ער־שטער מאניפעסטאציע אין שטעטל. מיכײַלאָ האָט דערקלערט, אז די אר־

בעטער דארפֿן ארויס מיט זייער אייגענער פּאָן, מיט זייערע אייגענע לאָזונגען. שלוימע האָט דאָס פֿארשטאנען אף זײַן אויפֿן. ווײַל טאקע דעם טאָג איז ער אוועק צו וועלוול טאנדעטניק, געקויפֿט דרײַ ארשין רויטן צײַג און גלײַך פֿון דער קלייט אוועק צו מוניע דעם קרומען.

— מאָל מיר אָן אף דער פּאָן עפּעס אזוינס, אז דאָס גאנצע שטעטל זאָל גיין כּאָדאָראָם!

— וואָס זשע ווילסטו, זאָל איך דיר אָנמאָלן?

געווען איז מוניע ניט פֿון די געהויבענע מאָלערס, נאָר אף וויפֿל קיין אנדערער און קיין בעסערער איז אין שטעטל ניט געווען, זײַנען אלע געגאנגען צו אים. ער האָט געמאָלט אלע שילדלעך פֿאר די שערער און היטלמאכער, פֿאר די שנײַדער און בלעכער, פֿאר די רײַכע קלייטן און אָרעמע קלייטלעך. אלע פּענעמער, וואָס ער האָט געמאָלט אף די שילדלעך, זײַנען געווען ענלעך איינס אפֿן אנדערן, ווי איין מאמע האָט זיי געהאט. דער אונטערשייד איז געווען אין דעם, וואָס דער שנײַדער איז געזעסן בא א ניי־מאשין, די בייטאָרן האָט געהאלטן אין דער האנט א נאָדל, און באם שערער אפֿן בענקל איז געזעסן א מענטש, בא וועמען מע האָט דאָס פּאָנעם אינגאנצן ניט ארויסגעזען, ווײַל עס איז געווען געדיכט אָנגעזייפֿט מיט ווײַסע מילינקעס.

קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿונוואנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער מוניע, פֿארוואָס הינקט ער אונטער אף א פֿוס, און וואָס איז דאָס בא אים פֿאר א הוסט, וואָס ער שטיקט אים שטענדיק אין זיך. קיינער האָט אויך ניט געקענט זאָגן, וויפֿל ער איז אלט. זײַן בלייך, אײַנגעפֿאלן פּאָנעם איז געווען זייער א שוואכער באָדן פֿאר עפּעס א לײַטיש בערדל. איז טאקע שווער געווען פֿארשטיין, ווי קומען צו אזא מענטשן אזעלכע געדיכטע, שווארצע קוטשערן, וואָס האָבן מאמעש ווי געבעטן זיך, ווי ארויסגעשריגן: ייִדן, קוקט, ווי איך בין נאָך יונג, פֿאר וואָס קומט עס מיר?

איז ער געבליבן א רעטעניש פֿארן שטעטל, מיט זײַן פּאָך, מיט זײַן קרומען פֿוס, מיט זײַן פֿארבאָרגענעם הוסט און מיט זײַן שווארצן קאָפּ האָר. נאָר קיינעם איז דאָס איבעריקס ניט אָנגעגאנגען.

— וואָס זשע זאָל איך דיר אָנמאָלן? — האָט ער א פֿרעג געטאָן בא שלוימען און צוגעלייגט די רעכטע האנט צום מויל.

נאָר וואָס מע דארף אָנמאָלן, האָט שלוימע ניט געוווּסט. ער האָט נאָר פֿארשטאנען, אז דאָס מוז זײַן עפּעס זייער א פֿרילינגדיקס, זייער א שמעקנדיקס און זייער א זינגעוודיקס. נאָר ווי דארף דאָס אלץ אויסזען, האָט ער ניט געקענט פֿאָרשטעלן זיך. אָבער וויבאלד א שמעקנדיקס און א זינגעוודיקס, האָט ער שוין געמוזט דערמאָנען זיך אינעם לידל.

— ווייסטו וואָס? מאָל מיר אויס אָט דאָס־אָ.

און שלוימע האָט אָנגעהויבן זינגען מיט געשמאק אזוי, ווי ער האָט די לעצטע טעג אײַנגעזונגען מיט זײַנע קאָוועלס און סטעלמאכס, גרייטנדיק זיך צום יאָמטעוו:

אין א קוזניע בא דעם פֿײַער<br>
שטייט א שמידער און ער שמידט.<br>
קלאפּט דער האמער, פֿונקען פֿײַער פֿליִען,<br>
און ער זינגט דערבײַ א ליד...

מוניע האָט שטענדיק באמיט זיך דערשטיקן דעם הוסט, ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן געבן צו וויסן וועגן זיך. מיט איין האנט זיך געכאפּט באם האַרצן און מיט דער צווייטער פארשטעלט דאָס מויל. דער הוסט הייבט אָן אַרבעטן ערגעץ טיף אינווייניק, און ער, מוניע, שטייט, ציטערט מיט א דריבנע ציטערל און פארגייט זיך ווי א פּיצעלע קינד מיט א שטילן כליפּען. און ערשט צום סאָף, ווען דער הוסט מיטן פּיבער ווערן א ביסל איינגעשטילט, הייבן אָן אויסרינען פון די אויגן עטלעכע טרערן. זיי קאַפּען אַראָפּ פּאמעלעך, און עס קאָן זיך אפילע דוכטן, אז פון די אָנגעטרערטע אויגן שײַנט ארויס א קליין שמייכעלע. עס ווערט אים מיטאמאָל גרינג, אפן בלייכן פּאָנעם באווײַזט זיך א ראָזע פארב און ער פילט זיך דאן ווי נײַ־געבוירן.

דאָס מאָל האָט מוניע ניט באוויזן דערשטיקן דעם הוסט. מיט דער לינקער האנט האָט ער זיך א כאפּ געטאָן באם האַרצן און מיט דער רעכטער געגומען דריקן און טרייסלען שלוימעס שווערע, פארקוילטע האנט. און שוין ניט געהאט מיט וואָס א וויש טאָן די טרערן, וואָס האָבן מיטאמאָל זיך א גאָס געטאָן, נאָך איידער ער האָט זיך אָפּגעפּארטיקט מיטן הוסט.

— פארשטאנען, פארשטאנען! — האָט ער ענדלעך ארויסגערעדט. און די אָנגעטרערטע אויגן זײַנע האָבן אפּאנעמעסן זיך צעשײַנט. — איך דארף נאָר, מע זאָל מיר פּאָזירן.

— וואָס הייסט פּאָזירן?

— נו, מע זאָל מיר זײַן פאר די אויגן. איך זאָל האָבן פון וועמען צו מאָלן.

— קומט צו מיר אין קוזניע און מאָלט אײַך וויפל איר ווילט. און וויפל דארף דאָס קאָסטן?

— וואָס הייסט? — מוניע האָט ווידער זיך פארהוסט. פון פארדראָס. — פאר וועמען האלט איר מיך? איך זאָל בא דער רעוואָליוציע נעמען געלט?

— נו, נו, — און שלוימע האָט א פּיר געטאָן מיט זײַן האנט איבער מוניעס געדיכטע קוטשערן אזוי, אז מוניע אליין זאָל זיך ניט אָנשטויסן, אז דאָס האָט ער אים א גלעט געטאָן.

בערל סטאָליער האָט אויסגעגראָבן פאר דער שטוב עטלעכע גריבלעך און פארזעצט יונגע אַקאַציעס. און קיינער האָט אים גאָרניט ניט געזאָגט. פרײַהײַט! כאָגע דער טויבער האָט די גאנצע פריזבע פארזעצט מיט קוויטן. און דאָס האָט אלעמען אויסגעזען גאנץ געוויינלעך. ווײַל — ווידער דאָס זעלבע. און אפילע ווען אווראָם קאלעטוכע האָט ארומגעצוימט זײַן שטיבל מיט ווײַסע שטאכעטלעך, צעגראָבן מיט דער לאָפּעטע א גערטנדל און פארזעצט קארטאָפל, האָט דאָס אויך קיינעם ניט געוווּנדערט. רעוואָליוציע!

האָבן די נאָרוואָס אויסגעווײַסטע הײַזער אויסגעזען נאָך ווײַסער, די רויטע פריזבעלעך נאָך רויטער און די זויבערע פרילינגדיקע לופט איז געוואָרן נאָך דופטיקער. די צוגעטריקנטע שטעטלשע גאסן האָבן ווייך געוויגט זיך אונטער די פיס און מאמעש געבעטן זיך, מע זאָל שפּאצירן

איבער זיי, זינגען און טאנצן. אין די שמאָלע פּאַרטונקלטע הינטערגעסלעך האָט די בלאָטע זיך נאָך געהאַלטן גאַנץ פעסט, געווען ניט ווייניק קאַליו־זשעס, וואָס וועלן ניט אויסטריקענען פאַרן גאַנצן זומער, נאָר וואָס פאַר א מעשוגענער וועט עס קריכן מיט אויסגעפּוצטע שיך אין א טיפער בלאָטע?

און די קלעזמער האָבן געשפּילט די מאַרסעליעזע.

עפּשער האָט זי געדאַרפט פאָרקומען גאָר אַנדערש, די ערשטע ערשט־מײַיִקע מאַניפעסטאַציע, נאָר פונוואַנען האָט מען געזאָלט וויסן? כאָטשטשע־וואטע האָט קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט רעוואָליוציעס.

די קלעזמער זײַנען געשטאַנען אינמיטן מאַרק און געשפּילט פאַר אלע־מען גלײַך. סײַ פאַר די ייִדן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום בעסמעד־רעש, און סײַ פאַר די אוקראַיִנער, וואָס זײַנען געגאַנגען צום קלויסטער. באַלד וועלן זיי זיך א ריר טאָן פון זייערע ערטער און וועלן זיך צונויפ־קומען לעבן קיווע באַנדערס שטוב אָדער לעבן יאָסקע בעקער. וועט ווערן איין גרויסע קאַלאָנע, און די קלעזמער וועלן ווידער שפּילן זייערס.

נאָר לעבן יאָסקע בעקער... עפּשער וואָלט גאָר אַזוינס ניט געשען, ווען ניט די קאַליוזשע. דאָס איז געווען גראָד ניט פון יענע קאַליוזשעס, וואָס טריקענען ניט אויס פאַרן גאַנצן זומער. נאָר צום יאָמטעוו האָט די זון ניט באַוויזן זיך ספּראַווען מיט איר. האָט מען געמוזט פריִער אָפּשטעלן זיך און באַטראַכטן, וויאַזוי אַרומגיין זי. איז געבליבן שטיין פון איין זײַט דער גאַלעך מיט עפּעס אַן איקאָנע אין די הענט און פון דער צווייטער זײַט — דער ראָוו מיט דער סייפערטוירע. זיי זײַנען ביידע שוין געווען אַלט, דער ראָוו מיטן גאַלעך, ביידע מאָגערלעך־אײַנגעשרומפּן, און ביידע א ביסל בלינדלעך. דער כילעק איז נאָר געווען אין די בערד. באַם גאַ־לעך — א ברייט צעוואַקסענע באָרד, ווײַס ווי שניי, און באַם ראָוו — א בערדל אַף לײַטיש געלעכטער. זײַנען זיי געבליבן שטיין און אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך. און ביידע איז מיטאַמאָל דורך א גרויל איבערן לײַב. זיי האָבן דערזען, וואָס יעדערער טראָגט אַף די הענט. ווי זשע קענען זיי צונויפגיין זיך?

זיי זײַנען שוין ביידע געווען אַלט, אײַנגעשרומפּן און קורצזיכטיק, און די רעוואָליוציע איז געווען ניט פאַר זייערע קעפּ. זײַנען זיי געבליבן שטיין אַרום דער קאַליוזשע און אָנגעהויבן שפּאַרן זיך. דער גאַלעך האָט געטײַנעט, אז אַף וויפל זײַן רעליגיע איז שטאַרקער, דאַרף ער מיט זײַן איקאָנע גיין פאָרויס. נאָר אונדזער ראָוו איז אויך געווען אן אקשן. זײַן רעליגיע איז עלטער, האָט ער דערוויזן, דאַרף ער מיט דער טוירע גיין דער ערשטער. דערנאָך איז דער גאַלעך אײַנגעגאַנגען אַף א פּשאָרע: וויבאַלד ס׳איז גלײַכהײַט, און וויבאַלד זיי האָבן ביידע אָנגעטאָן רויטע בענדלעך, זאָלן זיי זיך שטעלן באַנאַנד. נאָר דאָס איז פאַרן ראָוו געווען נאָך ערגער. עס קען, כאָלילע, קומען צו דער גרעסטער אווײרע. האָט ער אויסגערופן:

— ייִדן, מישט זיך ניט אויס!

און די קלעזמער האָבן געשפּילט די מאַרסעליעזע.

געראַטעוועט האָט ביידע צדאָדים דער לערער קאָראָטײַעוו. ער איז דאַן געווען נאָך זייער יונג, זײַנע האָר זײַנען געווען געדיכט און שוואַרץ,

און די זון האָט זיי צוגעגעבן נאָך מער גלאַנץ. פאַר אים האָבן אַלע געהאַט אָפּשײַ, ווײַל אין דער רוסישער שול האָבן זיך געלערנט סײַ שטעטלשע קינדער, סײַ דאָרפישע. און וואָס האָט זיך פאַר אים אָנגעזען עפּעס א קאַליוזשע? ער האָט זי גרינג אַריבערגעשפּאַנט און איז אַוועק פּאַרויס מיט א גרויסן פּאָרטרעט אין די הענט, און אַלע האָבן גלײַך דערקענט, אַז דאָס איז טאַראַס שעווטשענקאָ. צווערשט זײַנען אַריבערגעשפּרונגען איבער דער קאַליוזשע עטלעכע פון די, וואָס זײַנען אָנגעקומען פונעם קלויסטער, דערנאָך זײַנען אַריבער אייניקע פון די, וואָס זײַנען אָנגעקומען פון בעסמעדרעש. און בעמיילע האָט מען שוין געמוזט אויסמישן זיך.

און די קלענזמער האָבן געשפּילט די מאַרסעליעזע.

געוויס האָט אַלץ געדאַרפט פּאַרקומען גאָר אַנדערש, ווײַל א טריבונע איז געווען צוגעגרייט אפן פּלאַץ לעבן דער געבײַדע פון דער וואָלאָסט־פאַרוואַלטונג, סאַמע אונטערן פּריצישן הויף פאַר אַלעמען. נאָר די פּאַר־טייען האָבן, אפּאָנעם, ניט געקענט צונויפרעדן זיך, און די רעדנער האָבן מוירע געהאַט, עמעצער זאָל ניט אַרויס דער ערשטער. האָט יעדערער געערעדט, ווו ס'איז אים אָנגעקומען. בערנאַרד העכט איז אַרויף צו לייב דעם ווײַסן אפן פידאַשעק און אָנגעהויבן לויבן אין טאָג אַרײַן די צײַטווײַ־ליקע רעגירונג, האָט שוין מיכײַלאָ קאָזעריאַנסקי ניט געקענט וואַרטן, ביז מע וועט זיך דערקלײַבן צו דער טריבונע, און איז אַרופגעשפּרונגען אפן פלויטל לעבן מיכל שוסטער. און ווען מע איז צוגעקומען צו דער טריבונע, איז שוין געבליבן זייער ווייניק רעדנער. יוינע לעמפּערט האָט ווידער געערופן די ייִדן אַוועק, ביז מע וועט קומען צו א וואַסער, נאָר פלוצלינג האָט אויזיע דער סאַרווערנס אויסגעשריגן:

— זאָל לעבן די גאַנצע וועלט!

— אויזיע, וואָס רעדסטו? — האָט פּיניע בלעכער אים א כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט. — און די בורזשואַזיע? די בורזשואַזיע זאָל אויך לעבן?

איז אויזיע געוואָרן בייז אף זיך אַליין און אויסגעשריגן נאָך העכער:

— נידער מיט דער בורזשואַזיע!

דער גאַלעך האָט אויך געהאַלטן א רעדע, גערעדט האָט ער זייער שטיל, מיט עפּעס א צעצויגן ניגנדל. קיינער האָט ניט געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר סײַווי האָט מען געפּליעסקעט מיט די הענט און געשריגן הורא. נאָכן גאַלעך איז אַרויסגעטראָטן דער ראָוו. ער האָט פאַרהויבן דעם קאָפּ צום הימל, צוגעמאַכט די האַלב־בלינדע אויגן און אָנגעהויבן מיט א ניגן פון דער פורימדיקער מעגילע און א ביסל פון די שוועסדיקע האַקדאָמעס.

— באָרוך אַטאָ אַדוינוי, עלאָהיינו מעלעך האָוילאָם. שעכיאָנו, וועקיי־מאָנו, וועהיגיאָנו לאַזמאַן האַזע.

און ווי אַלע רעדנערס, אויסגעשריגן דרײַ מאָל:

— הורא, הורא, הורא!

ווײַט ניט אַלע האָבן געהערט די רעדעס. און ווײַט ניט אַלע האָבן זיי געדאַרפט. דער איקער איז דאָך געווען ניט אין די רעדעס, ניט אין דעם, וואָס עס ווערט אין זיי געזאָגט, נאָר אינעם פּליעסקען פון די הענט, אינעם הילכיקן, פאַרטויבנדיקן הורא. דער איקער איז געווען אין דער

פרילינגדיקער זון, אין דער זויבערער לופט און אין דעם יונגן גרינס, דער איקער איז געווען אין אָט דער פרײדיקער יאָמטעוודיקײַט, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן אַרום, פאַרכאַפּט אַלעמען און יעדערן באַזונדער און אָנגעפילט הונדערטער אויגן מיט אַ שיקערלעכן גלאַנץ. דאָ, אַרום דער טריבונע, האָט מען זיך שוין אײַנגאַנצן אויסגעמישט, און יעדערער האָט אַ צופרידן־דערשטוינטער דערזען לעבן זיך אַ נײַעם שאָכן.

— קיריל, דאָס ביסטו!

— לייבאַ! און איך האָב געמיינט!.. לאָמיר זיך צעקושן!

יאָ, ס׳האָט ווייניק ווער געהערט די רעדנערס. מע האָט פּאָשעט געפּליעסקעט מיט די הענט, פּאָשעט געקושט זיך און געזונגען ווער וואָס עס האָט געוואָלט. האָט שוין איכיל שוסטער אַוואַדע געמעגט אויסטאַנצן זײַן באַליבט טענצעלע. אין זײַן שאַבעסדיק קאַפּאָטקעלע האָט ער אויסגעזען עכט־יאָמטעוודיק, און לויט דעם, ווי ער האָט געגלעט זײַן שמאָל בערדל און געטאַנצט גאָר ניט אַזוי, ווי דאָס לידל פּאָדערט, האָט מען געקענט מיינען, אַז ער איז שוין רעכט אונטערן גלעזל. ער האָט פאַרוואָרפן די פיס און אונטערגעהעצקעט, ווי בײַ אַ ניט־ייִדישער מאַזורקע, און אונטערגעזונגען:

סימכעסטוירע האָפּעניו,
מיט די הענטעלעך פּליעסקעניו,
מיט די פיסעלעך טאַנצעניו...

און נאָר דער פּריסטאַוו, דער געוועזענער פּריסטאַוו, איז געשטאַנען אַ ביסעלע אין אַ זײַט, אַ וואָכעדיק־אָפּגעפליקטער, און געשמייכלט צו אַלעמען מיט זײַן כניפּעדיק שמייכעלע.

ס׳האָט קיינער ניט געוווּסט, ווי ס׳האַלט מיט דער מאַניפעסטאַציע, צי מע האַלט שוין באַם סאָף, צי ערשט באַם אָנהייב, ווײַל אַזאַ יאָמטעוו האָט מען געפּראַוועט צום ערשטן מאָל. און ווען פון דער קאָוואַליוקע האָט זיך דערהערט עפּעס אַ נײַ געזאַנג, זײַנען אַלע געווען זיכער, אַז געוויס דאַרף דאָס אַזוי זײַן. צוערשט איז אַפילע שווער געווען אויפכאַפּן דעם ניגון, נאָר ער איז וואָס אַמאָל געוואָרן קלאָרער און דײַטלעכער, און טאַקע גלײַך נאָכן ניגון האָט מען דערזען די גאַנצע קאָוואַליוקע, קינד־און־קייט, וואָס איז אָנגעקומען פון אויבן, און ערשט געקליבן זיך אָנהייבן דעם יאָמטעוו אָפּסנײַ.

זיי האָבן געשפּאַנט האַסטיק, לוסטיק־אויפגערודערט, גלײַך דער גאַנצער יאָמטעוו איז זייערער, און געזונגען:

אין אַ קוזניע בײַ דעם פײַער
שטייט אַ שמידער און ער שמידט...

פּאָרויס איז געגאַנגען שלוימע קאָוועל. זײַן ענג שאַבעסדיק רעקל, וואָס האָט אים שטענדיק געפּרעסט און געשטיקט, איז געווען אײַנגאַנצן צעשפּיליעט, ער זאָל זיך פילן פרײַ און קענען טאָן מיט די הענט, וואָס מע דאַרף. אין די אויסגעצויגענע הענט האָט ער געהאַלטן אַ פרישן אויסגעטעסטן שטעקן, אַף וועלכן ס׳איז געווען צוגעשפּיליעט זײַן, שלוימעס, רויטע פאָן. ער האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטן דעם שטעקן אַזוי, אַז דאָס שטילע

מאיאָווע ווינטל זאָל קענען ארומבלאָזן די פּאָן פון אלע זײַטן, זי זאָל האלטן אין איין פלאטערן און אלע זאָלן זען, וואָס אף איר איז אָנגעמאָלט און וואָס אף איר איז אָנגעשריבן. זאָלן אלע וויסן, אז ער איז הײַנט ארויס ניט אף קיין טענצעלע, נאָר אף מעלדן דער גאנצער וועלט, אז שלוימע קאָוועל איז גרייט אף אלץ. אויב פּעטש, איז פּעטש, אויב בלוט, איז בלוט, און אויב מע וועט דארפן דאָס לעבן אוועקגעבן, איז ער אויך גרייט. ווײַל ער ווייסט שוין, אז דאָס קיניגרײַך פון ארבעט וועט ניט קומען פון זיך אליין, אז פאר דעם דארף מען זיך שלאָגן.

טאקע אזוי, מיט זײַן ברייטן און פעסטן טראָט, מיט אויסגעצויגענע הענט, איז ער צוגעקומען צו דער טריבונע און אָן אָן אָטעם־איבערכאפּ ארופגעשפּאנט אף איר, גלײַך זי איז דאָ אופגעשטעלט געוואָרן נאָר פאר אים, פאר שלוימע קאָוועל. און ווען ער האָט צוגעשפּארט דעם שטעקן צו די פּאָרענטשעס און דאָס ווינטל האָט אופגעטאָן זײַנס, האָבן אלע גרינג געקענט איבערלייענען, וואָס אף דער פּאָן איז אָנגעשריבן:

Куём мы счастия ключи!

אף דער פּאָן איז געווען אָנגעמאָלט אלץ, וואָס שלוימע האָט אויסגע־זונגען פאר מוניע דעם קרומען: דער שמיד, וואָס שטייט אין קוזניע באם פײַער, דער גרויסער האמער אין זײַן האנט און די הייסע פונקען, וואָס צעפליִען זיך פון אונטערן האמער אין אלע זײַטן. נאָר דער שמיד! דער שמיד אליין!

— טו נאָר א קוק! — האָט מען אָנגעהויבן טײַטלען. — פונקט אין שלוי־מען געראָטן.

— יאָ, לאָמיך אזוי לעבן. שלוימע מיט אלע פּישטשעווקעס.

— שלוימע קאָוועל!

— א נײַער שלוימע האמעלעך!

— ווי געפעלט עס אײַך!

— שלוימע האמעלעך פון כאשטשעוואטע!..

און שלוימע קאָוועל, שלוימע האמעלעך, האָט געהאלטן זײַן ערשטע רעדע:

— מיר, דער ראבאָטשע נאראָד, ווי אין דער מארסעליעזע זאָגט זיך, מיר זײַנען איצט קייסער און מיר וועלן באפרײַען די גאנצע וועלט! זאָל לעבן דער ראבאָטשע נאראָד!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די ערשטע מאניפעסטאציע איז געווען פאר אלעמען דער אָנהייב פון א נײַער, ליכטיקער צײַט, פון נײַע, נאָך ניט געזעענע יאָמטויוויִם, און טויזנטער הערצער האָבן געפלאטערט פון פרייד, פון נאכעס און פון א סאך גרויסע האָפענונגען. דער פּאָרטרעט פונעם קייסער ניקאָלײַ איז גע־לעגן אף דער ערד א צעפליקטער און מענטשן האָבן אים געטראָטן מיט די פיס... קיינער האָט אין די דאָזיקע רעגעס ניט געקענט זיך פּאָרשטעלן די גרויזאמקײַטן און העלדישקײַטן פונעם בירגערקריג, די שלאכטן, סריי־פעס און פּאָגראָמען, וואָס וועלן פאָדערן א סאך, א סאך לעבנס. קיינער

האָט ניט געקענט וויסן, וואָס מיט אים אליין וועט געשען. ווער האָט עס געקענט וויסן, אז אין א יאָר ארום וועט מיכײַלאָ קאָזעראַנסקי ווערן א קאָמאנדיר פון א פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, אז דער פּריסטאַוו, וואָס שטייט בא דער זײַט, ווי אַן אָפּגעפּליקטע גאַנדז, וועט אין א פּאָר יאָר ארום אָנפּליִען אפן שטעטל ווי אן אטאַמאַן פון א באַנדע און פאַר איין שאָ אונטערצינדן עטלעכע הײַזער און אויסקוילען אריבער צוואַנציק מענטשן... און אז טאַקע אין יענעם יאָר וועט שלוימע קאָוועל צונויפנעמען ארום דער שול א גרויסן אוילעם, וועט ווידער האַלטן פאַר זיי א רעדע, און ווידער טאַקע, מיט א רויטער פאָן אין דער האַנט, אוועקפירן נאָך זיך א מאַן דרײַסיק אין דער רויטער אַרמיי.

מוניע דער קרומער האָט אויך ניט געוווּסט, אז דאָס איז זײַן לעצטער פרילינג, און אז דאָס געמעל אף דער רויטער פאָן איז זײַן לעצטע ארבעט. ער איז געשטאַנען צווישן דעם יאָמטעוודיק־אופגערודערטן אוילעם, אליין אויך א יאָמטעוודיקער און א גליקלעכער, און מיט אלע קויכעס זיך גע־סטאַרעט שטיקן אין זיך דעם הוסט. מיט איין האַנט געווישט די טרערן און מיט דער אנדערער געוויזן אף דער פאָן:

— איר זעט? דאָס איז מײַן ארבעט.

און די קלעזמער האָבן געשפּילט דעם „אינטערנאַציאָנאַל”.

# זאנוועלע פון דער קאָוואליוּוקע



יצט איז שוין, אייגנטלעך, געווען אלציינס... און קיינער וועט אים ניט זאָגן, צי האָט ער, זאנוול, געהאנדלט ריכטיק, צי ניין, גאנץ מעגלעך, אז ער איז באגאנגען א פעלער, פאר וועלכן ער וועט איצט מוזן אָפּצאָלן זייער טײַער. שײַעד, טײַער צי וואָלוול, דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס ער פארמאָגט! זאָל זײַן, אז ער האָט ניט באוויזן ווי געהעריק א טראכט טאָן? האָבן דאָך אנדערע אויך געהאט די זעלבע געציילטע סעקונדעס און באוויזן א טראכט טאָן און באשטימען פאר זיך גאָר אנדערש. זײַנען זיי געבליבן אין דער ריי, און ער, זאנוול, איז ארויס. ער און נאָך עטלעכע. נאָר ווער ווייסט, צי וואָלט ער, ווען ער זאָל געווען האָבן נאָך עטלעכע שאָ, באשטימט אנדערש, פונקט ווי די, וואָס גייען איצט באנאנד מיט אים.

ווּהין זשע פירט מען זיי?

דער וועג האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם ברעג פון א טײַך, וואָס האָט געהייסן מײַרעוודיקער בוג, און דאָס האָט אים אפילע איצט ניט אופגעהערט וואונדערן, ווי די אלע עטלעכע טעג, זינט ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם. ביז איצט איז ער געווען זיכער, אז אף דער וועלט איז דאָ נאָר איין בוג, דער בוג, וואָס בא זיי אין כאשטשעוואטע. עמעס, פאראן א מאנצבלשער בוג, צו וועלכן מע לאָזט זיך אראָפּ דורך דער סאלקאָוווער גאס, און פאראן א ווײַבערשער בוג, צו וועלכן מע גייט דורכן מארק; פאראן א שטיקל בוג נאָך א ביסל העכער, א ווערסט פינף פון שטעטל, בא וועלכן עס שטייט די סטרינקעווער מיל, און פאראן נאָך א היפּש ביסל בוג, וואָס ציט זיך אזש ביז סאווראן. נאָר דאָס איז דאָך אלץ דער זעלבער כאשטשעוואטער בוג, וואָס האלט אף זיך עטלעכע קליינע מילעכלעך און איז אין פיל ערטער איבערגעצוימט מיט שמאָלע, שטיינערנע האטקעס. ווי זשע קומט עס, אז ערגעץ זאָל זײַן נאָך א בוג און זאָל גאָר הייסן מײַרעוודיקער? ווי זשע הייסט זייער כאשטשעוואטער? מיזרעכדיקער צי דאָרעמדיקער?

דערווײַל האָט דער וועג זיך געצויגן לענגאויס דעם ברעג און זאנוול האָט ניט געקענט וויסן, ווּהין מע פירט זיי. אהין ווײַטער האָט דער וועג פארקערעוועט אף רעכטס — אין דאָרף ארײַן, און נאָך א ביסל ווײַטער — אף לינקס, צום וואלד. און עפשער איז דאָס גאָר קיין וואלד ניט, נאָר א קליין וועלדל. נאָר סײַווי... אויב מע וועט פארקערעווען אף רעכטס, אין דאָרף ארײַן, איז איינס, און אויב אף לינקס, צום וואלד, איז עפּעס אנדערש...

די וואסער האָט געגלאנצט קעגן דער פארנאכטיקער זון מיט עפּעס א גרינער קעלט, און, אפּאָנעם, אז פון אָט דער קעלט טאקע האָבן די ביימער אף יענער זײַט טײַך געהאלטן אין איין ציטערן. זאנוול האָט קלאָר געזען,

ווי יעדער בלעטעלע פּלאַטערט. דער טײַך אַליין איז אויך געווען פֿול מיט ביימער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון דער וואַסער מיט זייערע באַגיל־דעטע קרוינען, און זייערע בלעטער האָבן אויך ניט אויפֿגעהערט פּלאַטערן. אַזוי האָבן זיי געציטערט איינע קעגן די אַנדערע, — די ביימער, וואָס אויפֿן ברעג, און די ביימער, וואָס אין וואַסער. פֿון דעם אַלעמען האָט זאַנוולען דורכגענומען אַ גרויליקע פֿײַכטקײַט, גלײַך ער אַליין האָט באַוויזן אויס־ווייקן זיך אין דער אײַז־קאַלטער וואַסער.

דער וועג האָט נאָך אַלץ געצויגן זיך לענגויס דעם ברעג, און זאַנוול האָט געהאַט ווען אַרומקוקן זיך. אַלעמאָל האָט ער פֿאַרהאַלטן דעם בליק אויף עפּעס אַנדערש, ווי זיך געזעגנט מיט דעם, און אַלעמאָל איז אים גע־קומען אויפֿן געדאַנק, אַז די וועלט איז אומענדלעך גרויס און ס'איז ביז גאָר פֿאַרדראָסיק, וואָס ער האָט ביז איצט זייער ווייניק געוווּסט וועגן דעם. איז די איינציקע טרייסט געווען, אַז נאָך אַלעמען איז אַלץ זייער ענלעך אויף כאַשטשעוואַטע און אויף איר אומגעגנט. דאָס קליינע דערפֿעלע אויף יענער זײַט איז קימאַט אינגאַנצן ענלעך אויף זייער סאָלאָמיִע. די זעלבע ווערבעס באַם ברעג, דאָס זעלבע קליינע קלויסטערל אינמיטן דאָרף. און אָט זײַנען די קאַזאַוווטשינער הלינישטשעס. אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפֿער האָבן געטאַסקעט פֿון דאָרטן רויטע ליים אויף אַרומצוימען די פּריזבעס און די ערדענע דילן מיט רויטע קאַנטעלעך. דאָס מילעכל איז אויך געווען ענלעך אויף זייערן, דאָס מילעכל, מיט דער שטיינערנער הרעב־ליע, מיטן שמאָלן האַטקעלע, אויף וועלכן ער איז איינמאָל זיך צונויפֿגע־קומען מיט זײַן גליק און מיט זײַן אומגליק. און ניט געקענט פֿאַנאַנדערגיין זיך. און אַפֿילע די זון... יאָ, די זעלבע זון, וואָס ווערט פֿאַרנאַכט אַ ביסל צעשוווּמען, גלײַך זי האָט זיך אַליין איבערגעגליט פֿאַרן לאַנגן און הייסן טאָג. האָט אַ ביסל זון זיך אַרויסגעפּליעסקעט און פֿאַרשפּריצט מיט רויטן די כמאַרעלעך אויפֿן מײַרעוו־ראַנד.

דער פֿרעמדער פֿאַרנאַכט האָט אים אָנגעהויבן אויסזען אַזוי היימיש־נאָענט, אַז ס'האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן: ווען ער וויל נאָר, קען ער אין איין אויגנבליק אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דאָס אָנטאָן און אַרײַנשפּרינגען אין וואַסער. די קעלט פֿילט מען דאָך בלויז די ערשטע מינוטן, דערנאָך, אַז מע טוקט זיך אונטער, איז שוין גאָרניט אַזוי קאַלט. און אַז מע גיט נאָך אַ ביסל אַ שווים, מע גיט אַ שמײַס אויס די וואַסער און זי הייבט דיר אָן אָפּענטפֿערן מיט אירע ראַשנדיקע און שטראַלנדיקע שפּריצן, ווערט מעכײַעדיק וואַרעם. דער איקער איז אָפּגיך אַרויסשפּרינגען פֿון דער וואַסער, אַרופֿציִען אויף זיך דאָס אָנטאָן און אָוועקלויפֿן אַהיים, אַרײַנגאַנ־ווענען זיך דורך דער הינטערטיר אין קיכל אַרײַן, אַראָפּכאַפּן פֿון דער פּאָליצע אַ לעבל ברויט, אָפּברעכן אַ גרויסן פּײַדעק פֿון יענער זײַט, וואָס מיט דער שישקע, באַזאַלצן אים און אָנרײַבן מיט קנאָבל. קיין בעסער מײַכל איז פֿאַר אים אויף דער וועלט ניטאָ.

פֿאַרשטייט ער ביז הײַנט ניט די עלטערע ברידער. אַלעמאָל האָט אַן אַנדערער זיך אונטערגעגאַנוועט צו דער געגנדזענער שמאַלץ, וואָס מע האָט געהאַלטן אויף פּייסעך, אָדער צו די קריגלעך אײַנגעמאַכטס, וואָס מע האָט פֿאַרגרייט אויף ווינטער. די מאַמע האָט געוויינט פֿאַר ווייטעק און

פאַרדראָס, און דער טאַטע האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר די שכנים:

— אַז באַ מיר איז אַ פּולע שטוב מיט גוטס. ווילט איר אײַנגעמאַכטס, איז אײַנגעמאַכטס, ווילט איר שמאַלץ, איז שמאַלץ, ווילט איר זויערס, איז זויערס. נו, זײַנען זיי ניט קראַנק, די שקאָצים, פרעסן אַ קנאָבל מיט ברויט?

...די קאָלאָנע איז געווען ניט קיין גרויסע, אַ מענטשן דרײַסיק. דער דײַטשישער קאָנוואָי איז באַשטאַנען פון אַ מענטשן צען. איינער אויף דרײַ — נאָר באַ יענע צען זײַנען געווען אווטאָמאַטן, און באַ די דרײַסיק — גאָרנישט ניט. כאָטש די הענט אַליין... געשפּאַנט האָט מען פאַר־מעלעך, ווי געציילט די טריט. קיינער האָט ניט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט. יעדן איז געווען קלאָר די אומפאַרמײַדלעכקײַט פון דעם, וואָס מוז אײַנ־גיכן פאָרקומען, און קיינער האָט טראָץ דער דאָזיקער קלאָרקײַט ניט געקענט פאָרשטעלן זיך, ווי וועט דאָס אַלץ אויסזען אין דערווירקלעכ־קײַט, ווי וועט זיך דערבײַ אופירן יעדערער פון זיי, וואָס וועט ער פילן... קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס און ווי־אַזוי דאַרף גערעדט ווערן אין דער דאָזיקער לעצטער שעה. נאָר וואָס עס זאָל ניט געזאָגט ווערן און ווי־אַזוי דאָס זאָל ניט געזאָגט ווערן, וועט דאָס גאָרנישט ניט ענדערן. און ווער ווייסט... עפּשער האָט יעדערער פון זיי וועגן עפּעס געטראַכט און עפּעס געפּרוּווט צוטראַכטן. עפּשער האָט יעדערער פון זיי געזען פאַר זיך פּונקט דאָס זעלבע, וואָס זאַנוול, און קיינער האָט ניט געוואָלט שיידן זיך מיט זײַנע לעצטע זעונגען.

די וואַסער האָט געגלאַנצט קעגן דער פאַרנאַכטיקער זון מיט אַ גרינער קעלט. דער טײַך איז געווען פול מיט ביימער און מיט פלאַטערנדיקע בלעטער. די איבערגעגליטע זון האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיסן זיך און באַשפּריצט מיט רויטן די כמאַרעלעך אויפן מײַרעוו־ראַנד. יעדערער האָט געוויס פאַרשטאַנען, אַז ער זעט דאָס אַלץ צום לעצטן מאָל. זײַנען זיי געגאַנגען און ניט אויפגעהערט באַקוקן די פרעמדע אומגעגנט, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזויפיל באַקאַנטס און אייגנס. דער וועג איז געווען אַ זאַמדיקער, און די געפאַנגענע, באַ וועמען מע האָט נאָך איידער עפּעס איז אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול, האָבן געהאַלטן אין איין דורכזיפּן דעם נאָך וואַרעמען זאַמד צווישן די פינגער און דערמאָנט מיט דעם זײַן באָר־וועסע קינדהײַט.

די כאַשטשעוואַטער פעלצנמאַכער האָבן געהאַט אַ שעם אין שטעטל ניט נאָר מיט זייער מלאָכע, נאָר אויך מיט זייער געראָטנקײַט. זיי זײַנען אַלע געווען ווּקסיקע, ברייטפּלייציקע, האָבן געקענט זאָגן אַ וואָרט, ווו מע דאַרף און געקענט באַ אַ נויטווענדיקײַט אויך ווײַזן אַ פויסט. האָט טאַקע הענעך קירזשנער געפילט זיך צווישן זיי ווי אַ פרעמדער. דאָס, וואָס ער איז געווען ווי עפּעס ניט דערוואַקסן, וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדן, ווען ניט די באָרד. די באָרד איז געווען צו אַריבערגעוואַקסן, אַזש ביז די קני. טאַקע נאָר אויף כויזעק. ווען ער האָט זיך געזעצט צו דער אַרבעט מיט דער שאָפּענער פעל אויף די קני, האָט ער געמוזט פאַרוואַרפן די באָרד אויף

רעכטס אָדער אויף לינקס, זי זאָל אים ניט שטערן, און שטענדיק האָבן אין איר ארומגעבלאָנדזעט אָן א שיר וואָלענע הערעלעך, איבער וואָס זי האָט געהאלטן אין איין מינען זיך. אמאָל איז די באָרד געווען גראָווּלעך, אמאָל פארבאָרגן אין זיך א שווארצן גלאנץ און אָפּטמאָל אויסגעזען א סאך העלער, ווי געוויינלעך.

די ערשטע פינף זין זײַנען געווען געראָטן אין דער מאמען. כעוורע — איינס און איינס. הויך און שטאלטנע, מיט גלאטע ברוינע פּענעמער, מיט געטאָקטע נעז און מיט גרויסע שווארצע אויגן. זיי האָבן געיארשנט פון דער מאמען אויך דעם רוּקן, געמאָסטענעם טראָט, דאָס שטאָלצע טראָגן דעם קאָפּ, און יענעם האלב־באזיניקטן געפיל פון מענטשן, וואָס ווייסן, אז זיי זײַנען שיין, אז אלע פּארקוקן זיך אף זיי און זיי מוזן דאָס שטענדיק אין זינען האָבן, אז זיי זאָלן אויסזען אזוי, ס׳זאָל זײַן אף וואָס א קוק צו טאָן. אפילע די נעמען בא די עלטערע ברידער זײַנען אויך געווען ווי בא לײַטן: בעניע, איציע, מוישע, יאנקל און דאָוויד. דער מיזיניק זאנוועלע, דער „וױשקראָב", ווי מע פלעגט אָפּט שפּאסן פון אים, איז געווען געראָטן אינעם טאטן: א וואקס געטאָן א ביסעלע און מערער וואקסן ניט געוואָלט. דאָס פּאָנעם איז געווען א קלײַנדיקס און עטוואָס א צוגעפלעטשטס, דערפאר האָט דאָס גראָבע נעזל אויסגעזען נאָך גרעבער. און ווײַל די אויגן בא אים זײַנען געווען פון אן אומבאשטימטן קאָליר, איז גאָר גרינג געווען, אז עמעצער זאָל א זאָג טאָן, אז בא אים, בא זאנוולען, זײַנען קעצענע אויגן. און דער נאָמען אליין — זאנוועלע... גלײַך קיין לײַטישערן נאָמען צוטראכטן ניט געקענט. און וויבאלד זאנוועלע, איז פארוואָס טאקע ניט זאנוועלע קאבאקל צי זאנוועלע קאבאנטשיק? דער צונאָמען האָט זיך צוגעקלעפּט צו אים פון קינדווײַז. ער איז טאקע געווען גראָב־קײַלעכיק און ניט געגאנגען, נאָר געקײַקלט זיך. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן גיין ווי אלע מענטשן, נאָר דער צונאָמען איז געבליבן.

אָבער ניט דער צונאָמען און ניט די קעצענע אויגן האָבן ארויסגערופן בא אים יענעם ניט קלאָרן פארדראָס, וואָס איז מיט דער צײַט אריבערגעוואקסן אין א שטומער פארביטערטקײַט. ווען עמעצער זאָל אים געווען א פרעג טאָן וועגן דעם, וואָלט ער אליין דערשטוינט געוואָרן. און וואָלט אוודע ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן און וויאזוי דערקלערן דאָס. נאָר טיף אין הארצן האָט ער געטראָגן א רויגעז. ער איז געווען בארויגעז אף די עלטערע ברידער פאר זייער שיינקײַט און שטאלטנעקײַט, בארויגעז אפן טאטן דערפאר, וואָס ער אליין איז אויך א קליינוווּקסיקער, בארויגעז אף דער מאמען, וואָס האָט פאר אים, פארן „וױשקראָב", ניט געקענט געפינען כאָטש א ביסעלע פון איר שיינקײַט. דער פארדראָס און די פארביטערטקײַט פלעגט נאָך מער צעוואקסן זיך, ווען ער האָט געפּרוּווט פאָרשטעלן זיך, ווי וועט ער אויסזען, ווען ער וועט אויסוואקסן.

געזען האָט ער זיך מיט אזא לאנגער באָרד, ווי באם טאטן, זי איז שטענדיק פארוואָרפן אף רעכטס אָדער אף לינקס, און עס בלאָנדזען אין איר שטענדיק ארום הערעלעך פון פארשיידענעם קאָליר. און שטענדיק שמעקט פון אים מיט געפארבטע שמויסן און מיט איבערגעפּרעגטער דעמבענער קאָרע.

האָט ער שוין מיט גאָרנישט ניט געוואָלט זײַן ענלעך אױף קײנעם. ניט אױפֿן טאַטן, ניט אױף דער מאַמען, ניט אױף די עלטערע ברידער און ניט אױף קײנעם פֿון די ייִנגלעך פֿון דער קאָוואַליוּוקע. און אַלעמאָל זיך געסטאַרעט צוטראַכטן עפּעס אַזױנס אױף דערװײַזן זײַן באַזונדערקײַט, זײַן ניט־ענ־לעכקײַט. אַז אױב עס פֿעלט אים עפּעס צו דעם, װאָס אַנדערע מענטשן האָבן, פֿאַרמאָגט ער דערפֿאַר אַזױנס, װאָס בײַ קײנעם איז ניטאָ.

װען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַנטלאָפֿן פֿון חדר, האָט מען געמײנט, אַז דער רבי האָט אים געגעבן עטלעכע שמיץ. דערװוּסט זיך, אַז דער רבי איז דאָ ניט שולדיק, האָט דער טאַטע אַלײן אים גוט אַרײַנגעזאָגט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער אַרײַנגעכאַפּט עמעסדיקע פּעטש, נאָר ער איז געװען צופֿרידן פֿון זײ. און געװײנט, געגרעװעט האָט ער אױך מיט אַ פֿאַרבאָרגענער פֿרײד. װײַל ער האָט בײַ זיך פּעסט באַשטימט: מערער אין חדר װעט ער ניט גײן. גראָד דערפֿאַר, װײַל פֿאַר דעם גיט מען פּעטש.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן שטעטל. מע האָט קײנמאָל ניט געװוּסט, װוּ ער איז. אָט אָקאָרשט האָט ער געצױגן דאָס הענטל פֿונעם בלאָזזאַק בײַ אַװראָם קאָװעל, און אָט האָט ער שױן געטריבן די פֿערד בײַ שלױמע סוקעראַנסקיס אָליניע. ער האָט שטענדיק געמוזט טאָן דעם הײפּעך, װאָס מענטשן טוען. אָנגעהױבן באָדן זיך האָט ער, װי נאָר דאָס אײַז איז אַװעק, און געבאָדן זיך ביז דער טײַך איז פֿאַרפֿרױרן געװאָרן. װען אַלע האָבן זיך באַהאַלטן אין די קעלערס פֿאַר עפּעס אַ באַנדע, איז ער אײנער אַלײן געלאָפֿן איבער די גאַסן, ער האָט פּאָשעט געװאָלט, אַז אַ באַנדיט זאָל אים מאַכן אַ סימען אױפֿן פּאָנעם. זאָל זײַן מיט אַ נאַהײַקע, זאָל זײַן מיט אַ שװערד. װען ער האָט באַמערקט, אַז אַלע זײַנען שױן געװױנט צו זײַנע שטיק און אױפֿגעהערט װוּנדערן זיך, איז ער אײנמאָל אין סאַמע גרעסטן פֿראָסט דורכגעלאָפֿן באָרװעס פֿון העט אױבן, פֿון דער קאָװאַליוּוקע ביזן מאַרק.

קײנער האָט אָבער ניט געװוּסט, סאַראַ גװוּרע עס ליגט בײַ זאַנװועלע קאַבאַקל אין די הענט. מיסטאַמע האָט זאַנװועלע אַלײן אױך ניט געװוּסט. װען ער האָט זיך צעקריגט מיט זײַנעם אַ כאַװער, דערלאַנגט אים מיט דער האַנט איבערן קאָפּ און דער שטערן האָט אַ פּלאַץ געטאָן װי אַ צײַטיקער קאַװען, האָט זאַנװועלע אַלײן זיך צעקװיטשעט פֿאַר שרעק און אַװעק אַהײם מיט אַ געװײן. די גאַנצע קאָװאַליוּוקע איז דאַן אױפֿגע־שטאַנען קעגן הענעכן. אָדער ער זאָל נעמען זײַן „װישקראָב" אין די הענט, אָדער ער זאָל זיך אַרױסקלײַבן אױף אַן אַנדער גאַס. ער איז דאָך ניט קײן קאָװעל און ניט קײן סטעלמאַך, װאָס זשע האָט ער ביכלאַל צו טאָן אױף דער קאָװאַליוּוקע?

דער טאַטע האָט ניט אױפֿגעהערט שילטן זיך.

— זאַנװועלע, איך װעל דיר איבערברעכן די בײנער.

און די מאַמע, די גוטע שײנע מאַמע...

— כײַ װאָלט אים דער רוח גענומען, און שױן.

נאָר דער טאַטע האָט געהאַלטן, אַז אױפֿן רוח איז ניטאָ װאָס צו פֿאַר־לאָזן זיך, און געזוכט עפּעס מער מאַמאָשעסדיקס.

— כײַ וואָלט אים שוין דער קאָמסאָמאָל אויסגעכאפּט, און א סאָף זאָל עס נעמען.

אָט בא וואָס ס'האָט שוין געהאלטן. הענעך, וואָס האָט זיך געהאלטן פאר א פרומען ייִדן, איז גרייט געווען מאקריוו זײַן זײַן „ווישקראָב" דעם קאָמסאָמאָל.

— עפּשער וועלן זיי, די קעטוטניקעס, מאכן פון אים א שטיקל מענטש.

דאָס וואָרט „קעטוטניקעס" האָט צוגעטראכט טאקע הענעך אליין, און כאָטש ער האָט ניט געקענט זאָגן, וואָס דאָס הייסט, האָט זיך אים אויסגע־וויזן, אז דאָס איז זייער א געשמאק זידלוואָרט, וואָס פאסט סאמע פאר די, וואָס גייען אום ביז א האלבער נאכט איבער די גאסן און זינגען אפּי־קאָרסישע לידלעך.

נאָר דאפקע דער קאָמסאָמאָל האָט ניט געוואָלט אויסכאפּן זאנוועלען. טאקע איבער זײַנע ווילדע שטיק. זאנוועלען אליין איז דער קאָמיוגישער קלוב גראָד געפעלן געוואָרן. אָפּטמאָל האָט מען דאָרט זייער הייס זיך געקריגט אף די פארזאמלונגען. די לידלעך זײַנען אים אויך געפעלן גע־וואָרן, די העפקערדיקע לידלעך, אין וועלכע די כעוורע האָבן געדראָעט ארוף אף די הימלען און פאנאנדערטרײַבן אלע געטער.

ער האָט שוין געהאלטן בא די זיבעצן יאָר, שוין אליין אויך גענייט פעלצן ניט ערגער פונעם טאטן און פון אלע עלטערע ברידער, און דאָס קלײַנדיקע צוגעפלעטשטע פענעמל האָט דאפקע אָנגעהויבן ענדערן זיך צום גוטן. די קלײַנדלעך האָבן גענומען פארשווינדן. דאָס פּאָנעם האָט בעפיירעש געקענט ווערן גלאט און ברוין, ווי בא די עלטערע ברידער, ווען ניט די סימאָנים פון אלטע און נײַע געשלעגן. איין ווונד האָט גע־האלטן באם פארהיילן זיך, ס'איז שוין אפילע אָנגעוואקסן א שטיקל נײַע, רויטלעכע הויט, און די צווייטע האָט ערשט אָנגעהויבן אָנרײַסן, אויס־פורעמען זיך אין א גרינלעכן בלאָטערל. ווי זשע קען מען אזא־אָ ארײַנע־מען אין קאָמסאָמאָל?

ווען זאנוועלע זאָל געוועט וויסן!

איז ער געשטאנען אף דער פארזאמלונג מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געביסן די דינע, פארבלאָוועטע ליפּן און אלעמאָל זיך א כאפּ געטאָן מיט דער האנט פאר דער צעמאזיקטער באק, גלײַך עמעצער וואָלט אים גע־דראָעט מיט א שטיין.

— קיין שלעגערס אין קאָמיוג דארפן מיר ניט!

— מע דארף פריִער זיך אויסלערנען לייענען און שרײַבן!

— מע דארף פריִער דאָס פּאָנעם אויסהיילן!

— און דעם קאָפּ, דעם קאָפּ!

— אין קאָמיוג דארף מען ארײַנטרעטן מיט א ריין פּאָנעם און א ריין הארץ!

פאר זײַן הארץ האָט ער געקענט שווערן. ס'איז ריין, וואָס ריינער קען ניט זײַן. נאָר דאָס פּאָנעם!..

דאָס איינציקע, וואָס ער האָט דאן געקענט ארויסרעדן, איז געווען:

— איך וועל מערער זיך ניט שלאָגן.

נאָר סיִוּוּי האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿן. די פֿאַרזאַמלונג האָט באַשטימט אָפּהאַלטן זיך. ס'איז א ביסל לײַטישער פֿון דער פֿאָרמולירונג — אָפּזאָגן, ווײַל אַזוינס פֿלעגט מען אַרײַנשרײַבן אין פּראָטאָקאָל, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פֿרעמדן עלעמענט, דאָס האָט געהייסן גאָר פּאַשעט — גיי דיר, מיר ווילן דיך ניט קענען. און אויב מע פֿאַרשרײַבט „אָפּהאַלטן זיך", איז נאָך פֿאַראַן אַ האָפֿענונג, ער דאַרף נאָר ווײַזן, וואָס ער קען.

איז דאָך זאַנוועלע אָן אַקשן, אַז ער וויל, קען ער. צוערשט איז דאָס געווען אַ פּאַשעטער צולאָכעס, נאָר דערנאָך איז דאָס אים אַליין געפֿעלן געוואָרן. ס'איז אים פּאַשעט געפֿעלן געוואָרן, וואָס אין די ביכלעך שרײַבט זיך. און ערשט נאָך אַלעמען, נאָך דער אַרבעט, נאָך די פֿאַרזאַמלונגען, איז ער אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט איבער עפּעס אַ ביכל.

— הערסטו, ראָכל, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — האָט הענעך איינמאָל זיך אָנגערופֿן. — כ'האָב מוירע, אַז דער קאָמסאָמאָל וועט אים טאַקע אויסכאַפּן.

— גאָטעניו, ווי דערלעב איך דאָס שוין! — אַרויסגערעדט עס מיט אַזאַ היץ, מיט אַזאַ געבעט, גלײַך דאָס איז אָפּגענומען געווען דאָס אייניציקע, וואָס זי האָט געוואָלט אויסבעטן בא גאָט.

און זי האָט אויסגעבעטן.

געשען איז דאָס אין אַ יאָר אַרום נאָך דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג. ס'איז דאָס מאָל אויך געגאַנגען ניט גלאַטיק. געווען פֿראַגן, געווען רעפּליקעס, נאָר ס'איז אַלעמען געווען קלאָר, אַז איצט איז זאַנוועלע אָף אַ דערעך.

— נו, וועסט זיך ווײַטער שלאָגן?

דאָס איז געווען די לעצטע פֿראַגע. און מישע פֿורמאַן, דער סעקרעטאַר פֿון קאָמיוגישן קעמערל, האָט פּאַשעט ניט געקענט אויסמײַדן זי.

— ניין! — האָט זאַנוועלע אויסגעשריגן פֿעסט, אַפֿילע אַ ביסל אַרויספֿעריש. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום, ווי באַטראַכט זיך צי אַ ביסל אָפּגעקילט געוואָרן, אויך ניט געקענט אויסמײַדן קיין צוגאָב. — פֿאַרשטייט זיך, אויב...

— וואָס אויב?

— נו, אויב מע פֿאַלט אָן אָף דיר.

— ווער פֿאַלט אָן? — האָט מישע איבערגעפֿרעגט מיט אַן אינערלעכער שרעק. טאָמער ענטפֿערט ער ניט אַזוי, ווי מע דאַרף.

נאָר זאַנוועלע האָט שוין באַוויזן איבערלייענען ניט איין ביכל. און שוין דאָס צווייטע יאָר זיך געלערנט אין פּאָליטקרײַז.

— וואָס הייסט ווער? אויב דער סוינע פֿאַלט אָן! זיי, די אימפּעריאַליסטן!

צוויי יאָר האָט זאַנוועלע אויסגעהאַלטן אַלע האַרבע קאָמיוגישע געזעצן. און ס'וואָלט אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, וואָס אַמאָל בעסער און בעסער, ווען ניט די שטיינערנע הרעבליע, דאָס שמאָלע האַטקעלע לעבן דער מיל. יעדן פֿאַרנאַכט, אַראָפּגעטרייסלט פֿון זיך די וואָלענע הערעלעך, איז ער אַוועק צום בוג. ער האָט ליב געהאַט באָדן זיך ניט דאָרטן, ווו

אלע, נאָר א ביסל ווײַטער, אונטער דער מיל, לעבן דער הרעבליע. אויסגעבאָדן זיך, דורכגעשווומען דעם טײַך א פּאָר מאָל אהין און צוריק, אָפּגעשמיסן דאָס לײַב מיט דער פינענדיקער וואסער סאמע אונטער די מיל־רעדער, האָט ער זיך אויסגעצויגן אפן זאמדיקן ברעג און פארקוקט זיך אפן הימל, דערנאָך אין וואסער ארײַן, און געזען האָט ער דאָרט דאָס זעלבע: די ווײַסע כמארעלעך אפן הימל, די גרינע ווערבעס פון יענער זײַט טײַך און די מיל. נאָר אין וואסער איז אלץ געווען קאפויר, מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. און אלץ האָט זיך געוויגט און אונטערגעציטערט. איז דאָס אים זייער געפעלן געוואָרן. פון קינדווײַז האָט ער ליב געהאט אלץ, וואָס קאפויר, ווײַל ער אליין איז געווען א ביסל קאפוירעדיק. אפילע איצט, ווען אים האָט זיך געדוכט, אז ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אלע מענטשן, איז בא אים געבליבן א פארבאָרגענע ליבע צו אלץ דעם הייפעכדיקן, צו אלץ, וואָס גייט מיטן קאָפּ אראָפּ. אויסגעבאָדן זיך און אָנגעקוקט זיך, איז ער געגאנגען אין קלוב ארײַן און געטאָן, וואָס אלע קאָמיוגיסטן. געלייענט א צײַטונג, ארויסגעטראָטן אף פארזאמלונגען. איינמאָל איז ער שוין אפילע אליין געווען פאָרזיצער פון א פארזאמלונג און מיט א געפיל פון עכטער זעלבסטווירדע געגעבן א וואָרט וועמען מע דארף און גערופן צו אָרדענונג. ביז איינמאָל...

א פארנאכט איז דאָס געווען א געוויינלעכער, דער הימל — אויך א געוויינלעכער און דאָס וואסער אויך דאָס זעלבע. האָט ער זיך אויסגעבאָדן, דורכגעשווומען א ביסל, אויסגעשמיסן זיך אונטער די מיל־רעדער, אויסגעצויגן זיך אפן זאמדיקן ברעג און גענומען קוקן פריִער אפן הימל און דערנאָך אין וואסער ארײַן. ער האָט ניט געוווּסט, ווער דאָס איז, ווי זעט זי אויס אינדערעמעסן, נאָר ווײַל ער האָט זי דערזען מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, האָט ער זיך גלײַך פארליבט אין איר. זי האָט אים אויסגעוויזן ניט ערדיש שיין און האָט אים גלײַך פארקישעפט. באזונדערס די אויגן אירע. אזעלכע גרויסע, שווארצע אויגן, פונקט ווי בא זײַן מאמען, און נאָך מער דאָס, וואָס זי האָט געהאלטן אין איין וויגן זיך, ווי די ווערבעס, ווי די כמארעלעך, ווי די מיל, ווי אלץ, וואָס קוקט ארויס פונעם וואסער. זי האָט געשפּאנט איבער דער שמאָלער אונטערוואסערדיקער האטקע, און אירע באָרוועסע פיס האָבן, ווי בא אן עמעסער קיישעפמאכערן, אראָפּגעהאנגען אראָפּ, ווי צוגעשפּיליעטע, צוגעבונדענע מיט דינע, זייער דינע פעדעמלעך. איז ער געלעגן א פארקישעפטער, מוירע געהאט א פינטל טאָן מיט די אויגן און געקוקט, געקוקט, ביז זי איז פארשוווּנדן געוואָרן. דעם צווייטן פארנאכט איז ער שוין ניט געגאנגען, נאָר געלאָפן צום בוג, מוירע געהאט, ער זאָל ניט פארשפּעטיקן. און ער האָט אליין ניט געקענט פארשטיין, וואָס פּלאָטערט בא אים אזוי דאָס הארץ. ער האָט זי ווידער געטראָפן אף דער אונטערוואסערדיקער הרעבליע, ווידער מיטן קאָפּ אראָפּ, אירע גרויסע שווארצע אויגן האָבן ארויסגעקוקט פונעם וואסער גלײַך אף אים. און זי האָט, ווי נעכטן, ניט אויפגעהערט וויגן זיך און אונטערציטערן. ווי אלץ, וואָס אונטערן וואסער.

די ערשטע טעג האָט ער מוירע געהאט אופהייבן די אויגן פונעם וואסער, א קוק טאָן אף איר, ווי זעט זי אויס, ווען זי גייט ווי אלע מענטשן.

ער האָט מוירע געהאַט, עס זאָל ניט פאַרשווינדן ווערן דער קישעף, נאָר אייביק ציִען זיך אַזוי האָט דאָס אויך ניט געקענט. ער האָט דאָך געמוזט וויסן, ווי זעט זי אויס אינדערעמעסן, די קאַלע זײַנע, און ווי רופט מען זי... אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען ער האָט זי ווידער דערזען, האָט ער אַ פליוכע געטאָן אין טײַך אַרײַן, אָפּגעשווומען אונטערן וואַסער פונקט אַזוי פיל ווי פיל מע דאַרף און אַרויסגעשפּרונגען אויף דער הרעבליע אַ שפּאַן קעגן איר. אים איז זייער געפעלן געוואָרן, וואָס זי האָט זיך דערשראָקן, אויסגעגלאָצט אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן און אַ וואַקל געטאָן זיך אויף אומצופאַלן. ער איז געשטאַנען קעגן איר אַ פאַרסאָפּעטער, אַ שמייכלענ־דיקער, אַלעמאָל אַ וויש געטאָן די טראָפּנס פונעם פּאָנעם, פון די אויגן און געקוקט. ער האָט געמוזט פעסטשטעלן, צי איז זי טאַקע ענלעך אויף יענער, וואָס אין וואַסער. יאָ, טאַקע די זעלבע. און דאָס האָט אים צו־געגעבן מוט.

— זאָלסטו וויסן זײַן אַזוי, — האָט ער אַרויסגערעדט אַ ביסל גראָב־לעך און זי נאָך מערער אָנגעשראָקן. — מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט דיר אויף אַ שמאָל האַטקעלע, און פאַנאַנדערגיין זיך קענען מיר ניט. ניטאָ פּאָ־שעט ווּהין.

— ווער ביסטו? — האָט זי אויסגעשריגן.

— וואָס הייסט ווער? דײַן כאָסן!

— דו גייסט אַוועק? אַניט מאַך איך אָן אַ גוואַלד!

— נאַרעלע! — האָט ער געפּרוווט זײַן וואָס איידעלער. — צו וואָס דאַרף מען גוואַלדעווען? וועסט אָנהייבן שרײַען, וועל איך דיך אַרײַנוואַרפן אין וואַסער אַרײַן.

אַוואַדע איז באַ אים געווען די בעסטע קאַוואָנעס. ער האָט אַזוי לײַכט, ביז גאָר לײַכט צוגערירט זיך מיט זײַן האַנט צו איר אַקסל. געמיינט אַ גלעט טאָן זי און באַרויִקן. נאָר זי האָט זיך צעקוויטשעט. האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און אַרײַנגעשפּרונגען מיט איר אין וואַסער אַרײַן. ער איז געווען זיכער, אַז אַ מיידל, וואָס גייט אַלע טאָג דורך דער הרעב־ליע, דאַרף קענען גוט שווימען. נאָר זי האָט גלײַך אָנגעהויבן פאַרכלינען זיך. שווימען האָט זי אינגאַנצן ניט געקענט. האָט ער געמוזט אַרבעטן בלויז מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער האַלטן אַרומגענומען זײַן אונטער־וואַסערדיקע קאַלע, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קוויטשען.

— שווײַג! — איז ער שוין געוואָרן בייז אויף איר. — זאָג כאָטש, ווי רופט מען דיך און וועמענס ביסטו?

— כאַ־ווע־ע־לע! — האָט זי אַרויסגעכליפּעט. נאָר אויף זאָגן, וועמענס זי איז, האָט איר קיין קויכעס ניט געסטײַעט.

באַם ברעג האָט שוין געוואַרט אויף זיי אַ גרויסער אוילעם, וואָס איז זיך צונויפגעלאָפן אויף אירע קוויטשערײַען. אין אַ שאָ אַרום האָט שוין וועגן דעם געוווּסט דאָס גאַנצע שטעטל. כאַשטשעוואַטע האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרבענקט זיך נאָך עפּעס אַן אויסטערלישער געשיכטע, און יעדערער האָט געסטאַרעט זיך באַפּוצן זי, ווי נאָר ער האָט געקענט.

אין אַ וואָך אַרום, אויף דער אָרדנטלעכער קאָמיוגישער פאַרזאַמלונג, איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן דער אַמאָראַלישער אויפירונג פונעם

קאָמיוגיסט זאנוול שעפּסנוואָל. עפּשער וואָלט ער געווען אָפּגעקומען מיט א שטרענגן אויסרייד, נאָר צו דעם אלעמען האָט זיך צוגעמישט א מעשׂה מיט טעלער, וואָס איז אלעמען אין שטעטל געפעלן געוואָרן מער פון דער גאנצער געשיכטע און מע האָט דאָס ניט אופגעהערט באריידן אין אלע הײַזער. ווען כאוועלע איז געקומען צו לויפן אהיים און וויינענדיק און כליפּענדיק דערציילט דער מאמען, וואָס מיט איר איז געשען, האָט די מאמע א פרעג געטאָן:

— און ווו זײַנען די טעלער?

כאוועלעס טאטע, בערל, האָט געארבעט אין מיל, און דאָס האָט זי אים, כאוועלע, יעדן טאָג געטראָגן דעם מיטיק אין צוויי טעלער. צו דער מיל געטראָגן פולע און צוריק ליידיקע. האָט די מאמע אין דער ערשטער ריי געמוזט וויסן, וווהין זײַנען אהינגעקומען די טעלער. און כאוועלע, וויינענדיק און כליפּענדיק, האָט ווידער דערציילט:

— ווען ער האָט מיך א כאַפּ געטאָן, זײַנען די טעלער ארויסגעפאלן פון די הענט און צעבראָכן זיך.

— ווײ איז מיר! — האָט די מאמע א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — האָט איר שוין געבראָכן טעלער אויך!

נו, מער דארף מען ניט האָבן. האָט מען דאָס איבערדערציילט אף פארשיידענע אופאנים. אייניקע זײַנען אפילע מעקאנע געווען:

— ווי געפעלט אײַך אזא קנאסמאָל?

און אָט, איבער אָט די טעלער מיט אָט דעם ווילדן קנאסמאָל... דאָס האָט פארפירט די פארזאמלונג און אים אליין אויך. אלע אנדערע פאָר־ווורפן האָט ער נאָך געקענט פארענטפערן, געטײַנעט, אז ער האָט ניט געמיינט קיין שום בייזס, אז ער האָט פּאָשעט געוואָלט זי בארוזיקן, האָט זי זיך צעקוויטשעט. נאָר וועגן די טעלער האָט ער ניט געוווסט וואָס צו זאָגן. ער האָט ניט געזען קיין שום טעלער, ניט אונטערן וואסער, ניט אפן וואסער. און ער ווייסט ניט פון קיין שום קנאסמאָל.

נאָר ווײַל מע האָט אין שטעטל צעבלאָזן די געשיכטע, צוגעטראכט זאכן, וואָס געווען און ניט געווען, האָט מען אים שוין געמוזט אויסשליסן פון קאָמסאָמאָל.

און אין א וואָך ארום האָבן זיי כאסענע געהאט, זאנוול און כאוועלע. דאָס קנאסמאָל האָבן זיי שוין אָפּגעפּראַוועט אף דער הרעבליע.

דער סאָלדאט, וואָס איז געגאנגען לעבן זאנוולען מיט אן אונטערגע־האנגענער האנט און מיט א פארבונדענעם קאָפּ און געקוקט אף דער וועלט בלויז מיט איין אויג, האָט דאָך באמערקט, ווי זאנוולס אויגן האָבן מיטאמאָל זיך צעגלאנצט, און ווי אף זײַן פארוואקסן און פארשטויבטן פּאָ־נעם האָט זיך צעבליט א שמייכעלע, וואָס קען זיך באווײַזן בא א מענטשן אין זײַנע סאמע גליקלעכסטע מינוטן, אָדער פון עפּעס זייער און זייער א גוטער דערמאָנונג.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט א דערשטוינטער.

— פארשטייסט, איבער די טעלער... אז איך האָב זיי גאָר אין די אויגן ניט געזען.

— וועלכע טעלער?

— עט, — האָט זאַנוול א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — א לאַנגע געשיכטע.

ער אַליין האָט פון קאָמיוג זיך ניט אויסגעשלאָסן. ער איז נאָך לאַנג געגאַנגען אויף אַלע קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען, באַזוכט דאָס פּאָליטקרײַזל, גענומען אַפילע אָפּטמאָל א וואָרט. ער איז געגאַנגען אויף די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען אַפילע דאַן, ווען בא אים איז געבוירן געוואָרן פריִער א ייִנגעלע, דערנאָך א מיידעלע. ער איז געווען זייער גליקלעך דערפון, וואָס ביידע זײַנען געראָטן ניט אינעם זיידן, נאָר אין דער באָבען. ווען זײַן כאַוועלע האָט אים אַמאָל געפּרוווט פאָרוואַרפן, אַז די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען זײַנען שוין ניט פאַר אים, א טאַטן פון קינדער, האָט ער איר אָפּגעענטפערט בייז, אַפילע א ביסל גראָבלעך:

— און אַלץ איבער דיר. וואָס האָסטו זיך דאַן צעקוויטשעט? און נאָך א מײַסע מיט טעלער אויסגעטראַכט. אַז איך האָב ניט געזען קיין שום טעלער!

אויף דער מילכאָמע איז ער אַוועק אינעם ערשטן טאָג פון דער מאָבי־ליזאַציע. אָפּן דריטן טאָג איז ער שוין געווען באַשטימט אין דער אויס־שפּיר־גרופּע. ער האָט אויסגענומען מיט זײַן נידעריקן וווקס. אויף זײַן צוגעסאַרפּעט פּאָנעם איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געזאָגט וועגן גוווּרע און וועגן כאַראַקטער, סאַמע דאָס, וואָס מע דאַרף אויף זײַן אַן אויסשפּירער. שוין באַם ערשטן צופאַל האָט ער דערוויזן, אַז מע האָט אין אים קיין טאָעס ניט געהאַט. מיט איין קלאַפּ האָט ער פאַרטשמעליעט א דײַטש אַזוי, ער זאָל שווײַגן פּונקט אַזויפיל וויפל מע דאַרף און זאָל קענען אָנהייבןריידן, ווי נאָר מע וועט אַרײַן מיט אים אין אייגענעם אָקאָפּ. די סאַקאָנע איז שטענדיק געווען אין דעם, ער זאָל ניט איבער־כאַפּן די מאָס, נאָר זאַנוול האָט זיך געהיט.

לאָזט זיך אויס, אַז די גאַנצע האָרעוואַניע, די ריזיקע און דער פאַר־גאָסענער שווייס איז געווען אומזיסט. קיינער האָט שוין דעם דײַטש ניט געדאַרפט, ווײַל זיי אַליין זײַנען שוין געווען אַרומגערינגלט. ער ווייסט בלויז ניט, צי נאָר זייער פּאָלק, צי די גאַנצע דיוויזיע.

נעכטן האָבן זיי נאָך געפירט א שלאַכט, א שווערע און בלוטיקע שלאַכט אויף דורכרײַסן די אַרומרינגלונג. און הײַנט באַגינען... ער קען אַלץ ניט פאַרשטיין, וויִאַזוי דאָס איז געשען. נאָר באַגינען זײַנען זיי שוין געווען אין געפענקעניש.

עטלעכע לאַנגע שאָ האָט מען זיי געהאַלטן אויף איין אָרט און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיי. מע האָט געוואַרט אויף עפּעס אַן עלטערן אָפיצער. געקומען איז יענער שוין נאָך מיטיק, אויסגעשטעלט די געפאַנ־גענע און אויסגעשריגן:

— ייִדן און קאָמוניסטן, דרײַ שפּאַן פאָרויס!..

איצט איז שוין, אייגנטלעך, אַלצייִנס, און קיינער וועט אים ניט זאָגן, צי האָט ער געהאַנדלט ריכטיק, צי עפּשער באַגאַנגען א פעלער, פאַר וועלכן ער וועט באַלד דאַרפן אָפּצאָלן מיטן לעבן. זאָל זײַן, אַז ער האָט ניט באַוויזן א טראַכט טאָן? נאָר אָט האָבן דאָך אַנדערע באַוויזן! זײַנען

זיי געבליבן שטיין, און ער איז דאָך ארויס. נאָר ער איז דאָך ארויס ניט איינער, אָט גייען זיי דאָך אלע מיט אים, די, וואָס האָבן, ווי ער, באשטימט אויך אזוי, ווײַל זיי האָבן אנדערש באשטימען ניט געקענט. זײַנען, הייסט עס, פאראן אזעלכע, וואָס קענען אפילע אין דער גרעסטער סאקאָנע ניט ווערן אנדערש, ווי זיי זײַנען געווען דאָס גאנצע לעבן, און פאראן אויך אזעלכע... און ער קען זיי דאָך! דאָרטן זײַנען דאָך געבליבן א פּאָר כאשטשעוואטער! אייניקע כאשטשעוואטער זײַנען אוועק מיט אים, און אייניקע זײַנען געבליבן. ווער זשע האָט געהאנדלט ריכטיק?

אייגנטלעך, האָט ער ניט געהאט וואָס צו טראכטן. א ייִד איז ער דאָך. און א קאָמוניסט? כאָטש מע האָט אים אויסגעשלאָסן פון קאָמיוג נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, נאָר ער אליין האָט זיך ניט אויסגעשלאָסן. און אף די קאָמיוגיסטן האָט מען שטענדיק געזאָגט — אָן פינף מינוט קאָמוניסטן. ווער זשע קען עס אין אזא פאל זיך רעכענען מיט וועלכע־ניט־איז פינף מינוט? אָט גייען זיי שוין א מינוט צען צי עפשער אלע צוואנציק. און ער האָט שוין עטלעכע מאָל דורכגעמאכט יענע פינף מינוט.

ער האָט אלץ געשפאנט א ביסל פארשיקערט פון די אייגענע זיכרוינעס, געפרווט באטראכטן זיך אליין א ביסל פון דער זײַט, ווי א פרעמדן, און געמוזט אנערקענען, אז ער האָט אף יענער פארזאמלונג א ביסל זיך פארלוירן. ער האָט ניט געטאָרט דערלאָזן, מע זאָל אים אויסשליסן פון קאָמיוג, ער האָט געדארפט דערווײַזן, אז ער איז ניט באגאנגען קיין שום פארברעכן. און עפשער... עפשער גיכער פאר אלץ ניט געדארפט אזוי אָנשרעקן כאוועלען... איז טאקע דאן, אפּאָנעם, נאָך געווען אין אים א ביסל פון יענעם זאנוועלע קאבאקל?

הייבט זיך אים מיטאמאָל אָן דוכטן, אז צווישן יענעם זאנוועלע קאבאקל, וואָס איז געלאָפן באָרוועס איבערן שניי, און דעם איצטיקן זאנוולען, דעם געפאנגענעם סאָלדאט, איז פאראן זייער ווייניק געמיינזאמס, אז זיי קערן זיך אָן ווי זייער ווײַטע קרויווים. אומזיסט איז ער געווען באַרויגעז אפן טאטן, אף דער מאמען, אף די עלטערע ברידער. ניט אינעם ווּקס גייט עס דאָך, נאָר אין דעם, וואָס פאר א מענטש דו ביסט, ווי האָסטו דײַן לעבן אָפּגעלעבט און וויאזוי באגעגנסטו דײַן לעצטע שאָ. קיין פּאכדן איז ער קיינמאָל ניט געווען, קיינער וועט אף אים אזוינס ניט אויסטראכטן. ס'איז נאָר א ווייטעק, וואָס אזוי פרי. ער האָט ערשט אָנגעהויבן די מילכאָמע און האָט ערשט אָנגעהויבן באנעמען, ווער די פאשיסטן זײַנען. וועט עפשער די ברידער זײַנע מערער אָפּגליקן און זיי וועלן זיך אָפּרעכענען פאר אלעמען און פאר אים אויך?

דער קאָנוואָי האָט באפוילן פארקערעווען אף לינקס, צום וואלד, און דאָס האָט זאנוולען גלײַך אויסגעניכטערט. ס'איז פארשווונדן געוואָרן דער כאשטשעוואטער בוג, דער סאָלאָמיִער קלויסטער, די קאזאוטשינער הלינישטשעס און דאָס שמאָלע האטקעלע אונטער דער מיל. אלץ ארום האָט מיטאמאָל אָנגענומען זייער עמעסדיק געשטאלט און א שניט געטאָן דעם מויעך מיט זייער גרויליקער רעאלקײַט. ער איז דורכגעלאָפן מיט די אויגן די קאָלאָנע און אָנגעציילט א מענטשן דרײַסיק. דערנאָך איבערגעציילט דעם קאָנוואָי. נאָר יענע האָבן אווטאָמאטן אין די הענט, און זיי —

גאָרנישט ניט. גאָרנישט ניט? און די הענט אליין? זײַנע הענט אליין האָבן אויך עפּעס א ווערט. אויב צונויפּבוצקען מיט זיי צוויי פאשיסטישע קעפּ... מע דארף נאָר נאָכטשאַטעווען, כאַפּן די מינוט, ווען צוויי דײַטשן קומען זיך צונויף אזוי נאָענט, מע זאָל קענען אָפּטאָן דאָס, וואָס מע דארף, און ארויסכאַפּן אַן אווטאָמאט.

ער האָט צונויפגעפּרעסט די פינגער פון ביידע הענט און ווידער זיי פאנאנדערגענומען, ווי געפּרווווט, צי איז נאָך געבליבן אין זיי יענע אמאָליקע גוורע. יאָ, עפּעס איז נאָך געבליבן. דערנאָך האָט ער א ווונק געטאָן דעם שאָכן, א ווײַז געטאָן אף די דײַטשן און א דריי געטאָן מיט דער האנט אזוי, אז יענער זאָל פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. יענער האָט פארשטאנען און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: ער איז גרייט מאכן שוטפעס. איז געבליבן זאַנוולען אָפּטאָן נאָך איין זאך. זיך אָן אייצע האלטן מיטן סעקרעטאר פונעם קאָמיוגישן קעמערל, וואָס האָט אים אזוי געמוסערט פאר זײַנע געשלעגן.

— נו, און איצט, מישע, מעג מען? — האָט ער בא אים א פרעג געטאָן.

— יאָ, איצט מעג מען, — האָט מישע אָפּגעענטפערט.

ערשט נאָך אלעמען איז ווידער אופגעשווומען דאָס שמאָלע האַטקעלע לעבן דער כאשטשעוואַטער מיל. אז עס באַגעגענען זיך אף דעם צוויי מענטשן, איז שווער אויסמײַדן איינער דעם אנדערן. אמאָל האָט ער זיך באַגעגנט אף דעם מיט זײַן גליק. איצט האָט ער זיך באַגעגנט אף דעם מיטן פאשיסטישן קאָנוואָי. און אויסמײַדן זיך איז פּאַשעט אומעגלעך.

ווען די צוויי דײַטשן האָבן א פאַל געטאָן צו דער ערד און דאָס בלוט האָט א שפּריץ געטאָן פון די קעפּ, איז שוין איין אווטאָמאט געווען בא זאַנוולען אין די הענט און דער צווייטער באַם שאָכן. זאַנוולס אויסגעשריי איז דערגאנגען צו די געפאנגענע איניינעם מיט זײַן ערשטן שאָס:

— צעלויפט זיך!

געוויס איז זאַנוול ניט געווען דער איינציקער, בא וועמען אין קאָפּ עס זײַנען אופגעקומען עפּעס ענלעכס און ווער עס האָט נאָר געוואַרט אף א גינסטיקער מינוט. אנדערש וואָלט ניט געקענט געשען דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען טאקע אין דער זעלבער מינוט. נאָך אַן אווטאָמאט האָט זיך באַוויזן אין די הענט פון די געפאנגענע.

זאַנוול האָט גלײַך אָפּגעשאַצט די נײַע קויכעס־פאנאנדערשטעלונג. אלץ האָט אָנגעהויבן ווערן ענלעך אף א שלאכט, אין וועלכער עס ווערן שטענדיק געבוירן פארשיידענע אויסזיכטן. נאָר דאָס איז שוין גאָר עפּעס אנדערש, ווי וועמען עס וועט אָפּגליקן. ער איז געלאָפן פאָרויס, געשריגן אף אונטערמונטערן זיך אליין און אלע איבעריקע, אלעמאָל זיך אָפּגע־שטעלט, זיך אויסגעקערעוועט אף צוריק און אָפּגעזוכט מיטן אויג א לויפנדיקן דײַטש.

ער איז שוין געווען באַם ברעג פונעם וואלד און געזען פאר זיך אייניקע געפאנגענע, וואָס האָבן באַוויזן ארײַן אין וואלד א סאך טיפער. יענע וועלן זיך שוין געוויס ראַטעווען. נאָר ער, קאָלזמאַן אין אווטאָמאט זײַנען פאראַן קוילן... נאָכאמאָל זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צום וועג, נאָכאמאָל אויסגעשאָסן און אין דער זעלבער רעגע אליין אומגעפאלן.

ס׳איז געווען גאָר ניט אזא גרויסער וואלד און גאָר ניט אזא געדיכטער. אפילע ליגנדיק האָט מען געקענט זען די זון. זי האָט שוין געהאלטן באם פארגיין און פארגאָסן מיט איר בלוטיקער רויטקייט אלץ ארום — די כמאַרעלעך אפן הימל־ראנד, דיביימער פונעם שיטערן וועלדל און דאָס וואַסער פונעם נאָענטן טײַך.

זאנוול האָט גלײַך פארשטאנען, אז אופהייבן זיך וועט ער שוין ניט קענען, אז דאָס אלץ, וואָס ער זעט ארום זיך, זעט ער צום לעצטן מאָל. ער האָט געפילט, אז דאָס לעצטע ביסל קויעך רינט אויס עפּעס צו גיך. ווי פון א לעכעריקן זאק. דארף מען נאָך באוויַיזן אויסשרײַען:

— אָט אזוי! אָט אזוי שטארבן קאָמוניסטן!

עפשער וועלן עס דערהערן די, וואָס זײַנען טיפער אין וואלד. די, וואָס וועלן זיך ראטעווען. און עפשער וועלן זיי קומען נאָך דער מילכאָמע אהיים... וועלן זיי איבערגעבן כאוועלען, די קינדער דעם לעצטן גרוס...

---

אין יענעם גרויזאמען זומער פון איין־און־פערציקסטן האָט מען ניט שטענדיק געקענט ברענגען צו קווורע די אומגעקומענע העלדן. פון מאַנצייוועס שטעלן איז שוין אָפּגערעדט. איז זאָל דאָס זײַן אן אָנדענק זאנוועלען פון דער קאָוואליווקע.

# ווארעם אש



יז יענעם וויסטן שאבייסענאכטס, ווען בא שימען עמעס האָט געטראָפן דער גרויסער אומגליק, האָט ווייניק ווער אים געקענט. געארבעט האָט ער ניט אין שטעטל, נאָר אין דאָרף פון יענער זײַט בוג, ווו ער איז פיל יאָרן געווען אָן אָנגע־שטעלטער אף א געהילץ־סקלאד, און געזען האָט מען אים בלויז שאבעס אין דער טאלנער קלויז, מאכמעס ער האָט זיך געהאלטן פאר א כאָסיד פונעם טאלנער רעבן.

געקענט האָט מען אים זייער ווייניק, נאָר מע האָט איבערדערציילט אָן א שיר געשיכטעס וועגן זײַן פרומקײַט: ווי ער שטייט אוף א גרויסן פארטאָג, ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך, כאפט דעם טאלעס־און־טפילן אין איין האנט, א ציבעלע מיט ברויט אין דער צווייטער און יאָגט אוועק צום פאראָם, וואָס אונטער קאזאווטשין, א ווערסט פינף פונעם שטעטל. ער זאָל פאר שאכרעס ניט באגעגענען, כאָלילע, אונטערוועגנס א פרעמדע אישע, גייט ער ניט מיטן אייבערשטן וועג, וואָס ציט זיך צווישן די פעלדער, ניט מיטן אונטערשטן, לענגויס דעם בוג, נאָר גייט אינגאנצן אָן א וועג, צווישן די „סקאלעס", שפרינגט פון איין שטיין אפן צווייטן, פון איין פעלדז אפן צווייטן, און טאקע דאָ, אונטער איינעם עפּעס א שטיין, ווי נאָר עס הייבט אָן רעכט צו טאָגן, טוט ער אָן טאלעס־און־טפילן און שטעלט זיך דאווענען שאכרעס. דערנאָך מעג ער שוין אויס־שרײַען:

— טראָכים, דאווײַ פאראָם![1]

דער צונאָמען זאָגט אָבער וועגן דעם, אז מע האָט געוווּסט אין שטעטל ניט נאָר וועגן זײַן פרומקײַט. און צוגעטראכט דעם צונאָמען האָט מען ניט אף אָפּשפּעטן פון אים, ניט בעלאָשן סאגינאָער, ווי בא אנדערע, ווען דער צונאָמען האָט געדארפט באטײַטן פונקט דעם הייפּעך, ווי לעמאָשל, לייב דער ווײַסער, נאכמען דער שווארצער, כאצקעלע דעמב און אײַזיק גמילעסכעסעד, ווײַל אלע האָבן געוווּסט, אז לייב איז שווארץ, ווי א ציגײַנער, נאכמען איז בלייך, ווי די וואנט, כאצקעלע איז א ייִד א כאָ־לעש, און בא אײַזיקן קאָן מען אנטלײַען נאָר דעם פאראיאָריקן שניי. שימען איז טאקע געווען פון יעניקע, וואָס האָבן אין יעדער זאך געזוכט דעם עמעס. אפילע ווען ער האָט זיך דורכגעטײַנעט מיט גאָט, האָט ער אים אויך שטענדיק געשטעלט א טנײַ:

— אָבער דעם עמעס!

און דאָס האָט זיך ניט געלייגט אפן סייכל. ווי דערלויבט זיך עס אזא פרומער ייִד אזוי רעדן מיטן ריבוינעשעלוילעם!

---

[1] טראָכים, דערלאנג דעם פאראָם!

געקומען שאבייסענאכטס פון דער קלויז און ניט געטראָפן אין דער היים די עלטערע טאָכטער פריידלען, האָט עס אים א ביסל פארדראָסן.

— ווו איז פריידל? — האָט ער געפרעגט א ביסל בארויגעזלעך, נאָך דעם, ווי ער האָט געמאכט די האוודאָלע.

— פונוואנען זאָל איך וויסן? — האָט אָפּגעענטפערט זײַן זעלדע. — שפאצירט מיסטאמע ערגעץ.

— אזוי שפעט שפאצירן עס ארום יידישע מיידלעך?

נאָר ווען פריידל איז ניט געקומען ניט אין א שאָ ארום, ניט אין צווײ, ניט אין דרײַ, זײַנען זיי שוין אוועק איבערן שטעטל זי זוכן. אויסגעזוכט בא אלע כאווערטעס, איבערגעפרעגט ווו א דורכגייער, קיינער האָט פריידלען ניט געזען, קיינער האָט פריידלען ניט באגעגנט.

אף מאָרגן איז דאָס גאנצע שטעטל געגאנגען כאָדעראָם: פריידל האָט כאסענע געהאט פאר סטיאָפּע דעם שוסטער.

— ס'איז איבער דיר! — האָט שימען געשריגן אף זײַן זעלדען און געטופּעט מיט די פיס. — האָסט פארזינדיקט פאר גאָט, בענטשסט ניט קיין ליכט!

— שימען, גאָט איז מיט דיר! — האָט זעלדע געפרוווט פארענטפערן זיך. — פונוואנען נעמסטו דאָס?

גאנצפרי האָט דאָס שטעטל, קליין און גרויס, זיך צונויפגעקליבן ארום זײַן שטיבל. אלע האָבן געוואָלט א קוק טאָן: ווי זעט עס אויס א פרומער ייִד, א כאָסיד פונעם טאלנער רעבן, וועמענס טאָכטער האָט זיך געשמאדט. געווען ניט ווייניק אזעלכע, וואָס האָבן געמוזט וויסן, וויאזוי איז דאָס געשען, און צי קאָן, כאָלילע, אזוינס ניט געשען אויך מיט זייערע טעכ־טער. איז אויסגעקומען, אז ערשטנס, איז דאָס געשען דערפאר, וואָס שימענס שטוב שטייט אפן סאמע ברעג און גרענעצט זיך מיטן דאָרף. אפילע די פריזבע איז בא אים אויך א דאָרפישע, א ברייטע און א נידע־ריקע, און די פענצטער זײַנען בא אים אונטערגעפארבט מיט בלויען, אויך ווי די דאָרפישע הײַזער. און ווי קומט גאָר אין א יידישער שטוב א פיקוס? איז, הייסט עס, אין אלעמען שולדיק די נידעריקע פריזבע, די אונטערגעפארבטע פענצטער און דער פיקוס. און, פארשטייט זיך, אז מיסטאמע איז אין שימענס פרומקייַט אויך פאראן א פּגימעלע. האָט אים גאָט געשטראָפט.

פאר אנדערע איז געווען א קליינע טרייסט די נידעריקע פריזבע און דער פיקוס.

— מע דארף עפּעס צוטראכטן צום קאָמסאָמאָל. ער וועט אונדז אלע אונדזערע טעכטער איבערשמאדן!

שימענען אליין איז ווייניק וואָס אָנגעגאנגען, וואָס מענטשן רעדן. דער אומגליק איז פאר אים געווען צו גרויס, אז מענטשן זאָלן אים קענען מאכן נאָך גרעסער. ער האָט א צײַט געשוויגן בלויז דערפאר, ווײַל ער האָט ניט געקענט באשטימען, וויאזוי זיך נויהעג זײַן. נאָר אף וויפל ער איז טאקע געווען שימען עמעס, האָט ער געמוזט מאכן אזוי, אז דאָס זאָל אים אליין מערער ווי טאָן. האָט ער צוזערשט בעקאָל־ראָם, פארן גאנצן שטעטל, פארשאָלטן זײַן פריידלען, דערנאָך א כאַפּ געטאָן דאָס

מעסער און א שניט געטאָן די פּאָלע פונעם רעקל, געריסן קריע. אויסגע־
טאָן די שיך און זיך געזעצט שיווע. האָבן אלע געדארפט פארשטיין, אז
אויס, ניטאָ בא זיי מערער קיין פריידל. געשטאָרבן פריידל!

שימען איז געזעסן אף דער ערד, אף א שמאָל רעדנעטשקעלע און
נאָכגעקוקט זײַן זעלדען, וואָס האָט ארומגעשפּאנט איבערן צימער פון
איין וואנט צו דער צווייטער און געבראָכן די הענט. ער האָט אלץ גע־
ווארט, זי זאָל זיך אָפּשטעלן לעבן אים און אויך צוזעצן זיך. כאָטש אף
א האלבער שאָ, כאָטש אף א ווײַלע. נאָר זעלדע האָט זיך אָפּגעשטעלט
אלעמאָל לעבן רעדנעלע, פארהויבן די הענט ארוף און אקשאָנעסדיק א
שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין. ניין און ניין! זאָל, הייסט עס, דער
אייבערשטער טאָן מיט איר, וואָס ער וויל, זאָל ער זי ברענען און בראָטן,
קאטעווען און מיימעסן. זי קען ניט. זי קען ניט באווײַנען איר לעבעדיקע
טאָכטער.

האָט שימען שוין געמוזט נעמען אײַנרעדן דעם אייבערשטן, ער זאָל
זיך ניט נעמען אזוי צום הארצן:

— זײַ איר מויכל, גאָטעניו. ווייסט ניט, א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע.

קיין באריידעוודיקער איז שימען קיינמאָל ניט געווען, גלײַך ער וואָלט
שטענדיק געהאלטן אינמיטן עפּעס א טפילע, וועלכע מע טאָר ניט מאפ־
סיק זײַן. נאָך דעם אומגליק מיט פריידלען האָט ער אינגאנצן אופגעהערט
רעדן מיט עמעצן, כוץ וועגן זאכן, וואָס האָבן געהאט א שײַכעס צו דער
ארבעט. דערפאר אָבער האָט ער ניט אופגעהערט אויסטײַנען זיך מיט
גאָט. גאנצע שאָען, גאנצע טעג:

— נו, זאָג אליין, גאָט, נאָר דעם עמעס! וואָס האָסטו געמיינט דערמיט
און פאר וועמען האָסטו עס צוגעטראכט אזא ניסאָיען? אויב פאר מיר,
איז דאָס געווען אָן אומזיסטע טירכע. ווייסט דאָך אליין, אז מיט מיר
קאָנסטו טאָן, וואָס דו ווילסט. נאָר אויב דו האָסט געמיינט מײַן פריידלען?
איז ווו בין איך און ווו איז פריידל? פונדעסטוועגן זעסטו דאָך, פונעם
קאָמסאָמאָל האָב איך זי פארהיט. נאָר פונוואנען האָב איך געזאָלט וויסן,
אז אזא סטיאָפּע איז טויזנט מאָל ערגער פונעם קאָמסאָמאָל. אָבער וואָס
עמעס, איז עמעס. אין קלויסטער זײַנען זיי ניט געווען, נאָר אין זאגס.
קאָן איך דען זאָגן, אז מײַן פריידל איז א געשמאדטע?

געכאַפּט זיך, אז ער הייבט גאָר אָן זיך אײַנשטעלן פאר דער טאָכטער,
ווערט ער נאָך מערער בייז אף איר און אף זיך אליין. ווי מעג מען עס
גאָר פירן א וויקועך מיטן אייבערשטן? איין אוויירע נאָך דער אנדערער.

— גאָטעניו, זײַ מיר מויכל. איך בין גוירעם אף זיך דרײַ טאַנייסים.

פון די פילצאָליקע טאַנייסים, פון די פיל שלאָפלאָזע נעכט, ווען ער
איז געזעסן איבערן טהילימל און זיך דורכגעשמועסט מיט גאָט, איז ער
געוואָרן אלץ מאָגערער און בלייכער. די ביינערדיקע קינבאקן האָבן
שרעקעוודיק ארויסגעשפּארט פונעם אײַנגעפאלענעם פּאָנעם. די ניט־אויס־
געשלאָפענע אויגן זײַנען שטענדיק געווען פארגאָסן מיט א מוטנער רויט־
קײַט, די הויט אפן דארן האלדז איז געוואָרן וואָס אמאָל דינער. קימאט
א דורכזיכטיקע האָט זי געהאלטן אין איין באָמבלען זיך און דאָס גערגעלע
האָט פרײַ ארומגעטאנצט אראָפּ און ארוף.

— שימען! — האָט זעלדע זיך געבעטן. — געגוג טאַנייסים. טו נאָר א קוק אָף זיך!

נאָר שימען האָט געהאַלטן, אז ער האָט נאָך, אפאָנעם, ווייניק געפאַסט און ווייניק טהילים געזאָגט. אלע זינדיקע מאַכשאָוועס האָט ער געקענט אָפּטרײַבן פון זיך, נאָר פריידלען אליין ניט. זי איז אים די גאַנצע צײַט געשטאַנען פאַר די אויגן.

— וואָס טוסטו? — האָט ער געטײַנעט צו גאָט. — אז איך האָב מערער ניט קיין פריידל, געשטאָרבן פריידל!

אין א יאָר ארום האָט פריידל געבוירן א יינגעלע.

אלע פאַרנאַכט, ווען שימען איז געגאַנגען אהיים, האָט זיך אים געדוכט, אז עמעצער ציט אים פאַר די פּאָלעס און טײַנעט מיט אים אײַן:

— פאַרוואָס גייסטו ניט א קוק טאָן אָף דײַן אייניקל?

— ווער מיר אייניקל, וואָס מיר אייניקל? — ענטפערט אָפּ שימען. — איך האָב ניט קיין טאָכטער און האָב ניט קיין אייניקל.

נאָר אין איינעם א פאַרנאַכט, ווי נאָר ער איז אראָפּ פונעם פאַראָם, האָט ער דערפילט אזא נאָגעניש און אזא קאָפּדרייעניש, אז ער האָט ניט געקענט מאַכן קיין שפּאַן.

— פאַרקערעווע אָף לינקס, אין דאָרף ארײַן, — שרײַט איין קאָל. און דאָס צווייטע פּרוווט איבערשרײַען:

— אָף רעכטס פאַרקערעווע, מיט די סקאַלעס!

האָט שימען צוגעמאַכט די אויגן און זיך אָנגערופן:

— גאָטעניו, איך פאַרלאָז זיך אָף דיר, פיר מיך, וווהין דו ווילסט. נאָר מיטן עמעס!

און גאָט האָט אים פאַרפירט אין דאָרף ארײַן.

צו סטיאָפּעס שטיבל האָט שימען געגאַנוועט זיך מיט די גערטענער, און געדוכט האָט זיך אים דערבײַ, אז אלע שיידים זײַנען זיך צונויפגעלאָפן אהער, טאַנצן ארום אים, רייצן זיך מיט אים, לאַכן פון אים, קרימען אים נאָך און פּראווען מיט אים פאַרשיידענע שטיק. איינער א לעץ האָט אים דערלאַנגט אין שטערן מיט א גרויסן זונרויזן־הוט, און פונקען האָבן אָנגעהויבן פלי׳ען פון די אויגן, א צווייטער האָט גענומען אים שמײַסן איבער די באַקן מיט קוקורוזע־בלעטער, און ער האָט געפילט, ווי דאָס גאַנצע פּאָנעם פלאַמט מיט פײַער. דערנאָך האָבן די שיידים אים ארומגעדרייט די פיס מיט אודענעס פון קאַווענעס. געזען, אז קיין שום קונצן העלפן ניט, האָבן זיי זיך פאַרשטעלט פאַר הינט, אָנגעהויבן וואָיען און סקאַווטשען, געריסן אים פאַר די פּאָלעס און צום סאָף טאַקע אים אומגעוואַלגערט אָף דער ערד. ער איז קוים געקומען צו די געדאַנקען און דערמאָנט זיך, וואָס מע דאַרף טאָן אין אזא פאַל.

— שמע יי׳סראָעל! — האָט ער אויסגעשריגן אפן פולן קאָל. און די שיידים האָבן טייקעף ניט געסטײַעט.

שימען האָט פּאַמעלעך זיך אופגעהויבן פון דער ערד און דערפילט, אז די פיס ווילן אים ניט האַלטן. נאָר ווי באַלד גאָט האָט אים געבראַכט אהער, מעגן קומען אלע שיידים פון דער וועלט. צוריק גייט ער ניט. דערקליבן זיך דורכן סעדל צום פּענצטערל און צוגעוואַקסן צו דער וואַנט.

אינעם שטיבל איז געווען אופגעראמט, ווי ערעוו שאבעס. דאָס ציכ־טיק־ווײַסע טישטעכל האָט צוגעגעבן דעם וואָכעדיקן אָוונט נאָך מערער יאָמטעוודיקײַט. באם פארשפרייטן טישל איז געזעסן סטיאָפּע, געזופּט פון א גלאָז פּינעטדיקע מילך און ארײַנגעקוקט אין א בוך. דאָס האָט אים איבערראשט מערער פאר אלץ. סטיאָפּע שוסטער קוקט ארײַן אין א סייפער! דערנאָך האָט ער דערזען פריידלען. זי איז געזעסן קעגן סטיאָפּען מיטן קינד אף די הענט, דאָס קינד האָט געזויגן די ברוסט, און פריידל האָט צוגעשמייכלט. איר פּאָנעם האָט געשײַנט מיט פרייד, מיט נאכעס, מיט ריינעם, אָפּגעזעצטן און אויסגעלײַטערטן מוטערלעכן גליק. אין שטוב האָט געברענט א קליין לעמפּעלע, נאָר שימענען האָט זיך געדוכט, אז אלץ איז דאָרטן פארגאָסן מיט העלער שײַן. אזוי האָט באלויכטן אלץ פריידלס פּאָנעם, פריידלס אויגן און פריידלס האנט, אף וועלכער ס׳איז ווי אף א ווייך קישעלע געלעגן דאָס קינד.

סטיאָפּע האָט אויסגעטרונקען די מילך, אופגעהויבן דעם קאָפּ פונעם בוך און עפּעס געזאָגט פריידלען. זי האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און דער שמייכל אף איר שײַנענדיק פּאָנעם איז נאָך מערער צעוואקסן זיך. דערנאָך האָט זי זיך פארטראכט. די געדאנקען זײַנען אויך געווען, אפּאָ־נעם, גוטע, נאכעסדיקע. דאָס פּאָנעם און דער שטערן זײַנען ווי נאָך גלאטער געוואָרן. פלוצלינג האָט א שאָטנדל א שמיר געטאָן איר פּאָנעם. זי האָט א ציטער געטאָן, זיך א ריס געטאָן פונעם בענקל, צוגעשפּרונגען צום פענצטערל און אָנגעהויבן קלאפּן מיט די פינגער:

— טאטע, טאטע!

שימען איז געלאָפן, גלײַך עמעצער וואָלט געיאָגט נאָך אים. אלעמאָל האָט ער פארטשעפּעט זיך פאר עפּעס אנדערש, אומגעפאלן, האסטיק א ריס געטאָן זיך פון דער ערד און ווידער געלאָפן. די גאנצע צײַט האָט אים געקלונגען אין די אויערן פריידלס שטים: טאטע, טאטע!..

האָט שימען ווידער ניט פארשטאנען, וואָס האָט ער געמיינט, דער אייבערשטער, וואָס ער האָט אים פארפירט צו סטיאָפּען און געוויזן פריידלען מיטן קינד. ווידער געוואָלט אויספרווון אים? האָט ער גוירעם געווען אף זיך נײַע דרײַ טאנייסים, דערנאָך גאנצע פינף, נאָר ס׳האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. די גאנצע צײַט האָט אים געקלונגען אין די אויערן פריידלס קאָל: טאטע, טאטע!..

די יינגערע טאָכטער, דינע, האָט כאסענע געהאט פאר א באָכער מיט א ריין יידישן נאָמען — נאכמען. איז אויסגעקומען בא שימענען, אז אלע ניסיוינעס האָט ער אויסגעהאלטן. עמעס, א שטיקעלע ניסאָיען איז אינעם צווייטן פאל אויך געווען, ווײַל נאכמען איז פונקט ווי סטיאָפּע א קאָמו־ניסט. אָבער כוץ דעם, איז נאכמען געווען זייער א שטילער באָכער, אן איידעלער, א צוגעלאָזטער און פון גאנץ לײַטישע עלטערן. איז פאראן א האָפענונג... עס וועט דורך א שטיקל צײַט, נאכמען וועט ווערן א טאטע פון קינדער... נאָר גראָד די צײַט, אף וועלכער שימען האָט אזוי געהאָפט, האָט מיטאמאָל ווי זיך אָפּגעשטעלט. אין א כוידעש ארום נאָך דער כאסענע איז געקומען יענער שרעקלעכער זונטיק, ווען די גאנצע וועלט האָט

מיטאמאָל אופגעפלאַמט. און טאַקע יענעם זונטיק, אינמיטן העלן טאָג, איז צו אים אין שטוב אַרײַנגעקומען סטיאָפּע, פריידל מיטן אייניקל.

ווער ווייסט, וואָס וואָלט געשען, ווען דאָס טרעפט אין אַ געוויינלעכער צײַט. נאָר פאַר די עטלעכע שאָ, זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט די וועלט באַקומען גאָר אַן אַנדער פּאָנעם. שימען האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן אַלע מאָסן און מעסטעלעך, מיט וועלכע ער האָט געמאָסטן און אָפּגעשאַצט יעדער געשעעניש, און קיין נײַע מעסטעלעך ניט געהאַט. איז ער פּאַשעט געבליבן זיצן, ווי געפּלעפּט, צוגעלייגט די האַנט צו דער אײַנגעפּאַלענער ברוסט און אָנגעהויבן כאַפּן מיטן מויל די לופט. געכאַפּט, געכאַפּט און ניט געקאָנט אָנטעמען זיך, האָט ער זיך צעהוסט מיט אַ לאַנגן, שטיקנדיקן הוסט, פאַר וועלכן זעלדע ציטערט שטענדיק מערער ווי פאַר אַלץ.

— רעב שימען!..

די דאָזיקע צוויי ווערטער האָט סטיאָפּע שוין לאַנג געהאַט אויסגעכאַזערט אַף יידיש, ער זאָל זיי קענען אַמאָל זאָגן דעם שווער.

— רעב שימען, באַרויִקט זיך!

אין שטוב איז געבליבן הענגען אַ דראָענדיקע שטילקײַט. אַלע האָבן געוואַרט, אַז באַלד דאַרף אַ דונער טאָן. זעלדע האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס אייניקל און עס אײַנגעדעקט מיטן פאַרטעך. פריידל האָט זיך צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צו דער טיר און צוגעמאַכט די אויגן. דינע, וואָס האָט אויך געגרייט איר מאַן אין ווײַטן וועג אַרײַן, איז געבליבן שטיין מיטן קלומעק אין די הענט. שימען איז געבליבן זיצן ווי געליימט אָן לאָשן, בלויז געקוקט אַף סטיאָפּען מיט עפּעס אַ פאַרענדערטן בליק און מעשונעדיק געפינטלט מיט די אויגן.

— רעב שימען, — האָט סטיאָפּע אַרויסגערעדט שטיל, מיט אונטערגעשטראָכענעם אָפּשײַ, — אונדזער וויקועך וועלן מיר ענדיקן נאָך דער מילכאָמע. אויב מיר וועלן בלײַבן לעבן. דערווײַל... איך לאָז אײַך איבער פריידלען מיטן אייניקל. וווּהין איר וועט אוועק, נעמט זיי מיט. בלײַבן דאָ טאָרט איר ניט.

— ניט דײַן דײַגע! מיר האָבן אַ גרויסן גאָט! — און איז אומגעפאַלן איניינעם מיטן בענקל.

— וואַסער, וואַסער! — האָט זעלדע אַרויסגעהיכצט און אַרויסגעלאָפן אין קיך.

ווען שימען איז געקומען צו־זיך, איז שוין סטיאָפּע אין שטוב ניט געווען. ניט סטיאָפּע, ניט נאַכמען, ניט די טעכטער. ביידע איידעמס זײַנען אַוועק אַפן פראָנט, און די טעכטער זײַנען געגאַנגען זיי באַגלייטן. ווען שימען האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען לעבן זיך זײַן זעלדען און דאָס אייניקל. האָט שוין בעמיילע געמוזט קומען יענע געוויינלעכע פראַגע:

— ווי רופט מען דיך, יינגעלע?

— גרישאַ...

— גרישאַ? זעלדע, פאַרוואָס הייסט ער גרישע?

— דאָס האָט פריידל אַ נאָמען געגעבן נאָכן זיידן...

— נאָכן זיידן? מײַן טאַטע האָט ניט געהייסן גרישאַ!

— קענסט אים רופן הערשל, קענסט אים רופן גריגאָרי... ווי דו ווילסט...

אוואַדע וואָלט שימען געדאַרפט ווידער אַן אייצע האַלטן זיך מיטן אייבערשטן. וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַער ניסאָיען און וואָס מיינט ער דערמיט? נאָר די גאַנצע וועלט האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכע סרייפע. און ער, שימען עמעס, האָט ניט געטאָרט האָבן אין זינען זיך אַליין. ער האָט אַף זיך דרײַ פרויען און איין ייִנגעלע, און ער דאַרף זיי ראַטעווען. האָט ער געקענט פרעגן נאָר איין פראַגע:

— וואָס זאָל איך טאָן, גאָטעניו? אָבער דעם עמעס!

צו דער סיבירער טײַגע איז שימען זייער גיך געוווינט געוואָרן, און אויך צו דער ענגער און נידעריקער זעמליאַנקע, צו דעם ניט־זאַטן לעבן און צו אַלע דײַגעס און נויטן פון דער שווערער מילכאָמע־צײַט. דאָס וויכטיקסטע פאַר אים איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געפונען אַרבעט לויט זײַן פאַך, טאַקע אַף אַ געהילץ־סקלאַד און וואָס פריידל מיט דינען האָבן אויך געפונען אַרבעט און זיי האָבן געהאַט דרײַ אַרבעט־קאַרטלעך.

כאָטש מע האָט ניט שטענדיק געגעבן אַף די קאַרטלעך דאָס, וואָס אַף זיי איז געווען אָנגעשריבן, נאָר זעלדע איז געווען אַ גוטע באַלעבאָס־טע. און ווען זיי האָבן דעם צווייטן זומער אויסגעקאָרטשעוועט אַ שטיק אויסגעהאַקטן וואַלד און פאַרזעצט קאַרטאָפל, איז שוין ביכלאַל געווען צו דערלײַדן. שלעכט איז געווען דאָס, וואָס צו דער נאָענטסטער שטאָט, ווו ס'איז געווען אַ שטיקל מיניען, איז געווען אַ קילאָמעטער זעכציק און ניט אַלע וואָך האָט שימען געקענט אַהין זיך דורכשפּאַצירן. נאָר איין מאָל אין אַ כוידעש האָט זעלדע אים שוין געמוזט אָפּלאָזן.

די הונדערט מיט צוואַנציק קילאָמעטער זײַנען אים אָנגעקומען ניט גרינג, און ער פלעגט שטענדיק זיך אומקערן פון דאָרטן אַ מידער, אַן אויסגעצערטער, נאָר שטענדיק אַן אופגעלעבטער, מיט עפּעס אַ פרישן גלאַנץ אין די אויגן, און אַף זעלדעס פראַגן, וואָס הערט זיך אַף דער וועלט, האָט ער שטענדיק אָפּגעענטפערט:

— מיר האָבן אַ גרויסן גאָט. היטלער וועט כאַפּן אַ מאַפּאָלע!..

אַרויסגעזאָגט דאָס שטענדיק מיט אַזאַ היסלײַוועס, מיט אַזאַ לײַדנ־שאַפטלעכן פאַרלאַנג און זיכערקײַט, אַז אַלע זײַניקע האָבן אים געמוזט גלייבן.

אין די אָוונטן איז ער געווען פאַרנומען מיט צוויי זאַכן: געשריבן בריוו אַף הונדערטער פאַרשיידענע אַדרעסן, געזוכט די איידעמס, קרוויוים און באַקאַנטע, און ווען אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער זיך גענומען פאַרן טהילימל. יעדן אָוונט צוויי קאַפּיטלעך טהילים. איינס פאַרן איידעם מיטן ריין־ייִדישן נאָמען נאַכמען, און דאָס צווייטע — פאַרן איידעם מיטן ריין־אוקראַיִנישן נאָמען — סטיאָפּאַ, סטעפּאַן. שימען, וואָס האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם עמעס, האָט געפרעגט באַ זיך אַליין אַ שײַלע און זי אַליין געפּאַסקנט: אויב ביידע איידעמס שלאָגן זיך מיטן בלוטיקן

סוינע, און אויב ער וויל, אז היטלער זאָל וואָס גיכער כאַפּן אַ מאַפּאָלע, טאָר מען שוין קיין כילעק צווישן זיי ניט מאַכן, ווער איז פֿון זיי אַ ייִד און ווער ניט קיין ייִד. מע דאַרף פֿאַר זיי ביידע בעטן גאָט, זיי זאָלן ביידע זײַן געזונט אין שטאַרק און שלאָגן זיך אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן היטלערן ניט אַראָפּנעמען דעם קאָפּ. געזאָגט טהילים און יעדן טאָג גע־וואַרט אויף בריוו.

די ערשטע ידיעה איז אָנגעקומען וועגן נאַכמענען. ער איז אומגע־קומען אונטער וואָראָניעזש. אַ ביסל שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון סטיאָפּען אַליין. נאָר ניט צו אים, ניט צו פֿריידלען, נאָר צום זון זײַנעם, צו גרישען.

צוערשט האָט דעם בריוו גענומען לייענען פֿריידל. איבערגעלייענט עטלעכע שורות, איז זי צוגעפֿאַלן צו דער באַנק און זיך צעכליפּעט:

— נאַ, טאַטע, לייען ווײַטער. איך קען מער ניט!..

לייענען דעם בריוו איז טאַקע געווען שווער, ווײַל געשריבן האָט אים אַ האַלב־טויטע האַנט פֿון אַ האַלב־טויטן מענטשן. אין יעדעס וואָרט איז געווען אַ שטיק צאַפּלדיקער אָטעם פֿון סטיאָפּעס גויסעסדיקן לעבן. און כאָטש דער בריוו איז געשריבן געווען ניט צו שימענען, און כאָטש ניט אַלץ האָט ער געקאָנט אויפֿנעמען און פֿאַרשטיין, און ווײַט ניט מיט אַלץ מאַסקים זײַן, האָט ער אים געמוזט איבערלייענען. איין מאָל, און צוויי מאָל, און דרײַ מאָל...

„טײַערער זון מײַנער...

ווען דו וועסט באַקומען דעם בריוו, וועל איך שוין ניט זײַן אויף דער וועלט. וויל איך, אַז דו זאָלסט וויסן, פֿאַר וואָס האָב איך אוועקגעגעבן דאָס לעבן. איך בין אומגעקומען אין קאַמף מיטן סאַמע שרעקלעכסטן סוינע פֿון דער מענטשהײַט — מיטן דײַטשישן פֿאַשיזם. די סאָנים האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אויף אונדזער פֿרײַהײַט, אויף אונדזערע רעכט, אויף אונדזער פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט, אויף אַלע דעראָבערונגען פֿון אונדזער רעוואָליוציע.

איך ווייס, אַז דו וועסט איצט ניט אַלץ פֿאַרשטיין, וואָס איך שרײַב. נאָר אַז דו וועסט אויסוואַקסן... היט אָפּ אָט דעם בריוו און לייען אים איבער נאָכאַמאָל, ווען דו וועסט ווערן אַ גרויסער, אַ דערוואַקסענער. איך וויל, אַז דו זאָלסט זײַן פֿרײַ פֿון די אַלע נאַציאָנאַלע, ראַסעווע און רעליגיעזע פֿאָרורטיילן, וואָס האָבן פֿאַרסאַמט דאָס לעבן פֿון פֿיל דורות, געבראַכט די מענטשן פֿיל אומגליקן, פֿון די אַלע פֿאָרורטיילן, אויף וועלכע היטלער האָט אויסגעכאָוועט זײַנע מערדער.

פֿרעג דײַן מאַמען, וועט זי דיר אויך קאָנען דערציילן עפּעס פֿון דעם. וויפֿל האָבן מיר זיך אָנגעליטן איבער אָט די פֿאָרורטיילן! וויפֿל טעג און נעכט זײַנען מיר אָפּגעזעסן אין אונדזער אַלקערל, ווי פֿאַרשאָלטענע! און וואָס האָב איך געקאָנט זאָגן דעם זיידן דײַנעם? מיר זײַנען געווען מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע וועלטן. און באַשולדיקן אים האָב איך אויך ניט געקאָנט... דאָס איז געווען ניט זײַן שולד.

די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן מיט אונדזער גרויסן זיג, און אַז דו וועסט אויסוואַקסן, זאָלסטו ווערן אַן אַקטיווער בויער פֿון דער סאַמע ליכטיקסטער געזעלשאַפֿט, ווו עס וועלן ניט זײַן קיין מילכאָמעס, ווו

פרידלעכע מי און מענטשן־פרײַנטשאפט וועלן הערשן איבער דער גאָרער וועלט..."

אָנגעהויבן פון א שטילן כליפּען, האָט פריידל זיך צעיאָמערט אפן פולן קאָל. דינע, וואָס האָט שוין לאנג באוויינט איר נאכמענען, האָט געפונען געגוג טרערן אויך פאר סטיאָפּען. זעלדע האָט צוגעטוליעט צו זיך דאָס יאָסעמל גרישען און שטיל דאָס באוואשן מיט אירע טרערן. שימען האָט ניט געוויינט. ער איז געזעסן אף דער באנק א ביסל אָפּגעזונדערט פון אלעמען, באקוקט דעם בריוו פון אלע זײַטן, אײַנגעקוקט זיך אין די קרומע שורעס און ניט אופגעהערט פינטלען מיט די אויגן.

געכאפּט זיך, אז ער הייבט אָן טראכטן וועגן סטיאָפּען ניט אזוי, ווי ער דארף, איז ער געוואָרן בייז אף זיך. ס'האָט אים א ביסל פארדראָסן אף גאָט אליין אויך. די גאנצע צײַט האָט ער זיך געמאָלט גאָר אנדערש דעם אייל מאָלע ראכמים. ער האָט געמיינט, אז ער איז אלע טאָג פארנעמען מיט מעפּארנעס זײַן די מענטשן, מיט זאָרגן וועגן זייערע מיצוועס און אוויירעס, וועגן יידישקײַט און ניט־יידישקײַט... איז ווי דערלאָזט ער געוועלטיקן אזא היטלערן?..

און דאָ האָט ער דערזען פאר זיך סטיאָפּען.

— זע נאָר, זע נאָר! — איז ער גרייט געווען אָנהייבן קריגן זיך מיט אים. — א גאנצער פילאָסאָף! כ'האָב גאָרניט געוווּסט, אז דו ביסט אזא וויסער אין די קליינע אויסיעלעך...

— פון איינע און די זעלבע אויסיעס שטעלט מען צונויף פארשיידענע ביכער, — האָט סטיאָפּע אים אָפּגעענטפערט. — און מענטשן גייען פון זיי אָפּ מיט בלוט!..

— נו, נו, — האָט ער א טײַטל געטאָן מיטן פינגער, — דו פארקריכסט צו ווײַט!

געזאָגט דאָס סטיאָפּען און געמיינט זיך אליין. דערפילט, אז ער פארקריכט טאקע צו ווײַט, האָט ער זיך א ריס געטאָן פון דער באנק, ארופּגעצויגן אף זיך דאָס פּעלצל און א נעם געטאָן דעם טאלעס־און־טפילן.

— וווּהין איז, שימען? — האָט זעלדע זיך דערשראָקן.

— איך וועל זיך דורכגיין אין שטאָט ארײַן.

— אינמיטן דער וואָך, שימען?..

— איך מוז א קאַדעש אָפּזאָגן... נאָך סטיאָפּען...

ווען שימען זאָל געווען וויסן, וואָס זיי וועט אויסקומען אויסשטיין אין וועג און וואָס זיי וועלן טרעפן אין דער היים, וואָלט ער עפּשער געווען צוגעוואַרט א ביסל. נאָר ווער האָט געקאָנט פאָרשטעלן זיך אזוינס? און זינט מע האָט אָנגעהויבן באפרײַען די שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, האָט שימען קיין אָרט זיך ניט געפונען. ער האָט געפילט א בענקעניש, אף ניט אויסצוהאלטן, און אלץ איז געפאלן פון די הענט.

— דער פּיקוס... — האָט ער ווי געבעטן זיך. — ער כאָלעמט זיך מיר די גאנצע צײַט. צי ס'האָט אים כאָטש עמעצער אמאָל באגאָסן...

— מעשוגענער, — האָט זעלדע אים אויסגעזידלט, — א וועלט איז כאַ־רעוו געוואָרן, און אים כאַלעמט זיך א פּיקוס...

— איַי, וואָס פאַרשטייסטו אין אַזעלכע זאכן... די בענקעניש!..

טאַקע די בענקעניש האָט געצווונגען שימענען נאָך מיט א יאָר צוריק שטרענג באַפוילן זעלדען, זי זאָל יעדן טאָג אָפּשנײַדן פונעם פּאַיאָק צוויי ריפּטעלעך ברויט און מאכן פון זיי סעכערלעך. האָט זיך שוין צונויפגע־קליבן קימאַט א פולער זאק, און שימען האָט אויסגערעכנט, אז ס׳וועט סטײַען אפן וועג, ס׳וועט נאָך בלײַבן. און נאָך האָט ער אויסגערעכנט: ביז זיי וועלן זיך דערקלײַבן אהיים, וועט כאַשטשעוואַטע שוין זײַן פרײַ.

דער וועג האָט געדויערט א סאַך לענגער, ווי זיי האָבן געמיינט, און צום סאָף פון דער צווייטער וואָך איז פון די סעכערעס קיין זייכער ניט געבליבן. האָט מען זיך געשפּײַזט מיט די גוטע סוואָדקעס, וואָס מע האָט איבערגעגעבן דורך דער ראַדיאָ, און געטרייסט זיך מיט דעם, וואָס מיט יעדן טאָג איז די סאָוועטישע אַרמיי אף עטלעכע קילאָמעטער נעענטער צו כאַשטשעוואַטע. וויניצע איז שוין בא אונדז.

געהונגערט האָט מען שטיל, יעדערער פאַר זיך, אפילע אויסגעמיטן רעדן וועגן עסן. און ווען ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן קריגן עפּעס אף א סטאַנציע, האָט יעדערער בעסאָד פונעם צווייטן אָפּגעטשיפּעט א שטיקעלע אף שפּעטער. פאַר גרישקען.

— איצט זײַנען מיר אינגאַנצן גרינגע פאַרשוינען, — האָט שימען בי־טער געשפּאַסט. — פאַשעט א מעכײַע!

פון דעם, וואָס ער האָט אלע טאָג געהערט און געזען אין די ענגע און דושנע וואַגאָנעס און אף די האלב־כאַרעווע וואָקזאַלן, האָט געקלעמט דאָס האַרץ, געוואָרגן אין האַלדז. אזויפיל אומגעבראַכטע דערפער, ייִדישע שכיטעס! שימענען איז אומדערטרעגלעך געווען עס באַנעמען. און נאָך שווערער — דערשטיקן אין זיך דעם פאַרדראָס אף זײַן גאָט.

— וואָס האָסטו געמאַכט פון דער וועלט, גאָטעניו, וואָס האָסטו גע־מאַכט פון די מענטשן? זאָג, אָבער דעם עמעס!

זיי האָבן זיך דערקליבן אהיים אין איינעם א פאַרוואָלקנטן פרילינג־דיקן אָוונט, ווען שימען האָט שוין קוים זיך געהאַלטן אף די פיס פון די שווערע מאַכשאָוועס און פון די פילצאָליקע טאַנייסים. די פרויען האָבן זיך דאַפקע געהאַלטן נישקאָשע, כאָטש געהונגערט ניט ווייניקער פון אים, שימען אָבער האָט ניט געקאָנט בײַקומען די מוירעדיקע קאָפּדרייעניש. זעלדע האָט אים געפירוווט א נעם טאָן פאַר דער האַנט, נאָר שימען האָט בייז א קוק געטאָן אף איר און אף די טעכטער: וואָס מיינען זיי, ער האַלט שוין טאַקע אזוי שלעכט?

אף דער ערשטער שטעטלשער גאַס האָבן געברענט שיטערע פײַער־לעך. שימענען האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אַראָפּקומען אף דער מאַרק־גאַס, דאָרט וועט געוויס זײַן ליכטיקער און היימלעכער. נאָר א ביסל ווײַטער האָבן די הײַזער אינגאַנצן ניט געסטײַעט. ניט קיין הײַזער, ניט קיין פײַערל. וואָס אמאָל האָט שטאַרקער געזעצט אין דער נאָז א טשאַ־דענדיקער רויך. צוערשט האָט ער בלויז א ביסל געריסן אין האַלדז, נאָר טייקעף א כאַפּ געטאָן די ברוסט מיט א ברעכעניש אף צו כאַלעשן. האָט

שימען זיך צעהוסט און געכאַפּט פון דער זײַט א קוק אף זײַניקע. זיי האָבן זיך אויך צעהוסט און צעניסט און געקוקט אלץ אפן פינצטערן ארום, וואָס האָט זיי אָנגעהויבן אויסזען פרעמד און פאַרדעכטיק. ערשט א ביסל שפּעטער האָבן זיי פאַרשטאַנען, אז זיי גייען שוין לאַנג איבער די גאַסן פונעם שטעטל, נאָר קיין שטעטל איז ניטאָ. אָפּגעברענט. אינגאַנצן אָפּגעברענט. ערגעץ־ווו האָבן געטליִעט האָלעוועשקעס. בא שימענען האָבן אָנגעהויבן ציטערן די פיס, ער האָט שוין גאָרנישט ניט געקאָנט זאָגן, ווען זעלדע מיט פריידלען האָבן אים א נעם געטאָן פאַר די הענט.

אזוי זײַנען זיי געגאַנגען שווײַגנדיק איבער דער פרישער סרייפע, וועלכע האָט אײַנגעשלונגען דאָס שטעטל. מעגלעך, אז געשען איז דאָס ערשט נעכטן, און עפשער מיט עטלעכע טעג צוריק. מעגלעך, אז דאָס שטעטל האָט אופגעפלאַמט אין פײַער פון א פאַרביטערטער שלאַכט, און גיכער פאַר אלץ האָבן די פאַשיסטן עס אונטערגעצונדן, איידער זיי זײַנען אַוועק.

שפּאַנענדיק איבער דער קאָוואַליוּקע, זײַנען זיי דורכגעגאַנגען פאַרבײַ די הליִנישטשעס, אין וועלכע עס זײַנען פאַרשאָטן אַריבער טויזנט קאָרבאָנעס פון די פאַשיסטישע מערדער.

בלויז לויט די רעשטלעך פון עפּעס א וואַנט, לויט די לאַנג באַקאַנטע שטיינער און סטעזשקעלעך האָבן זיי געקענט פעסטשטעלן, אף וועלכער גאַס זיי געפינען זיך און וווּהין מע דאַרף פאַרקערעווען. אזוי האָבן זיי זיך דערקליבן צו זייער גאַס און צו זייער שטוב. פון איר איז אויך גאָרנישט ניט געבליבן. בלויז א קופּע אַש. זײַנען זיי אלע געבליבן שטיין ווי לעבן א בארמינען און ווידער געשוויגן. אלע איבעריקע האָבן געוואַרט, וואָס שימען וועט זאָגן. און שימען... צונויפגענומען דאָס לעצטע ביסל קויכעס, האָט ער אָנגעבויגן זיך איבער דער קופּע אַש און א פּיר געטאָן איבער איר מיט דער האַנט, ווי אָפּגעגעבן א שאָלעם־אַלייכעם דעם, וואָס איז געבליבן פון זײַן שטוב. ערשט דערנאָך האָט ער אַרויסגערעדט:

— וואַרעם אַש...

געמיינט, אַפּאַנעם, אז גראָד דאָס דאַרף א ביסל אונטערמונטערן.

— טוט אומיסטן א טאַפּ. נאָך גאָר וואַרעם אַש...

דאָס האָט אויך געדאַרפט הייסן, אז מע קאָן אויסשפּרייטן איבערן אַש דאָס ביסל שמאַטעס, וואָס זיי טראָגן מיט זיך, דעם ליידיקן זאַק פון די סעכערעס, די פּאָר צעפּליקטע שאַלעכלעך, און עס וועט זײַן א גאַנץ וואַרעם געלעגער. און וועגן עפּעס א וועטשערע איז שוין גלײַכער ניט צו טראַכטן.

און אין אזא שרעקלעכער נאַכט זאָל א ייִדענע זיך כאָלעמען אזא פּוסטער, אזא נאַרישער כאָלעם!

געכאָלעמט האָט זיך זעלדען איר אייגענע כאַסענע, וויִאזוי מע האָט זי געפירט צו דער כופּע און שימען האָט איר אָנגעטאָן דאָס פינגערל און נאָכגעזאָגט נאָכן ראָוו דעם „הארי את”. זי האָט אלץ געוואַרט, ער זאָל אופהייבן דעם קאָפּ און א קוק טאָן אף איר, א שמייכל טאָן צו איר, נאָר ער האָט אפילע ניט געקוקט אין איר זײַט אַרײַן. דערנאָך האָט זיך איר

געכאַלעמט זייער ערשטער פרײַטיק אין אַט דעם שטיבל. זי האָט פֿײַן צוגעראַמט, באַשיט די ערד מיט רויטן זאַמד, פאַרשפּרייט דעם טיש מיט אַ נײַעם טישטעך, אָפּגעריבן די צוויי אַלטע יערושע־לײַכטער אַזוי, אַז מע האָט געקאָנט שפּיגלען זיך אין זיי, אוועקגעשטעלט אַפֿן טיש און אָנגעצונדן די ליכט. נאָר מיטן ליכט־בענטשן האָט זיך באַקומען אַ נאַרישע, אַ לעפּישע געשיכטע. שוין צוגעלייגט די הענט צו די אויגן, געוואָלט זיי צומאַכן, נאָר דורך די פֿינגער האָט זי דערזען שימענען. ער איז געשטאַנען לעבן פֿענצטער און געקוקט אַף איר מיט אַזאַ גוטן, וואַרעמען פֿאַרליבטן קוק! אַ קוק, אַף וועלכן זי האָט געוואַרט אַזויפֿיל וואָכן און טעג!.. האָט זי ניט אויסגעהאַלטן, אַראָפּגענומען די הענט פֿון די אויגן און אָפּגעענטפֿערט אים מיט אַ הילכיקן, פֿריילעכן, נאָך מיידלשן געלעכטער. איז שימען מיטאַמאָל געוואָרן שטרענג, אײַנגעאַנצן, ווי אַ פֿרעמדער. גאָר ניט דער שימען, וואָס מיט אַ מינוט צוריק.

— וואָס טוסטו, זעלדע? — האָט ער אויסגעשריגן. — אינמיטן ליכט־בענטשן? גאָט וועט שטראָפֿן!

— איך קאָן ניט, שימעלע, — האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט. — אַז דו שטייסט דערבײַ און קוקסט אונטער...

— נו, גוט, איך וועל מערער ניט אונטערקוקן...

מערער האָט שימען טאַקע ניט אונטערגעקוקט. און מערער האָט זעלדע די ליכט ניט געבענטשט. ווי נאָר זי האָט זיי אָנגעצונדן און צוגעלייגט די הענט צו די אויגן, האָט זי גלײַך דערזען פֿאַר זיך שימענען מיט זײַן פֿאַרליבטן בליק און שוין ניט געקאָנט זאָגן די ווערטער פֿון דער בראָכע. קוים אײַנהאַלטנדיק אין זיך יענעם מיידלשן געלעכטער, וואָס האָט געלעבט אין איר אַלע יאָרן, האָט זי בלויז אַרויסגערעדט:

— גאָטעניו, זײַ מיר מויכל.

זי האָט געשענקט גאָט דעם זעלבן גוטן און ליבן שמייכל, וואָס שימענען, און איז געווען זיכער, אַז אַזאַ קלייניקע, אַזאַ פּיצינקע אַווייִרעלע וועט ער איר גרינג מויכל זײַן.

שימען האָט געוווּסט פֿון אָט דעם סאָד, און אַלעמאָל, ווען עס האָט געטראָפֿן עפּעס אַ צאָרע, האָט ער איר פֿאַרגעוואָרפֿן:

— דאָס אַלץ איז איבער דיר! דו בענטשסט ניט קיין ליכט!

ער איז זיכער געווען, אַז די שרעקלעכע מילכאָמע מיט אַלע אירע אומגליקן זײַנען אויך געקומען דערפֿאַר, וואָס ייִדישע ווײַבער בענטשן ניט קיין ליכט ערעוו שאַבעס.

אַ פּאָר מאָל האָט זעלדע זיך אויפֿגעכאַפּט, אַ רודעווע געטאָן זיך, ווי אײַנגעגניורעט זיך טיפֿער אינעם וואַרעמען אַש, אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט זיך געסטאַרעט וואָס גיכער ווידער אײַנשלאָפֿן, דער כאַלעם זאָל ווײַטער גיין מיט זײַן גאַנג. שוין לאַנג האָט זעלדע ניט געפֿילט זיך אַזוי גוט, אַזוי גליקלעך און אַזוי יונג, ווי אין אָט דעם כאַלעם. שוין לאַנג ניט געזען זיך אַזאַ, ווי זי האָט אויסגעזען אין די ערשטע טעג נאָך דער כאַסענע. איצט האָט זי דערזען זיך מיט איר גראָבן שוואַרצן צאָפּ, וואָס זי פֿלעגט פֿאַרדרייען איבערן קאָפּ אין אַ געדיכטן, דרײַגאָרנדיקן בייגל, מיט די טיפֿע כיין־גריבלעך אַף די

פוכקע, רויטע באקן, אף וועלכע שימען האָט אמאָל ניט אופגעהערט פאַר־קוקן זיך.

ווען זי איז ענדלעך ארויס פונעם שלאָף, האָט זי נאָך לאַנג ניט פארשטאנען, ווו זי איז און וואָס מיט איר קומט פאָר. דער כאָלעם איז נאָך אלץ געשטאנען פאר די אויגן מיט עפּעס א רייצנדיקער וואָר און ארויסגערופן א פארשעמט שמייכעלע אף איר אײַנגעשרומפּן פּאָנעם. דער כאָלעם האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צעשווומען ווערן, דאָס שמייכעלע איז אויך פארשוווּנדן. און זי האָט מיטאמאָל דערפילט א טערפּקע ביטער־קײַט אין מויל, א שנײַדעניש אינעם ליידיקן מאָגן און א נאָגעניש אונ־טערן הארצן. האָט זי ענדלעך זיך אויסגעניכטערט און אָנגעהויבן ארומ־קוקן זיך...

איבער דער באַגינענדיקער גאס האָבן ארומגעשוועבט שיטערע רויכע־לעך, געפויזעט איבער דער ערד, ווי פארבלאָנדזעטע וואָלקנדלעך, פון צווישן דער נעפּלדיקער גרויקײַט האָט אָנגעהויבן אויסשיילן זיך דאָס טויטע שטעטל מיט זײַנע פארסארפּעטע, פארסמאלעטע און שרעקעוודיקע כורוועס. ערשט דערנאָך האָט זי דערזען שימענען. ער איז געזעסן א ביסל אין א זײַט פון זיי אלעמען און איז געווען אינגאנצן ניט ענלעך אף דעם שימענען, וועמען זי האָט נאָרוואָס געזען אין כאָלעם. מיט איין האנט האָט ער זיך צוגעשפּארט צום טאָלעס־זעקל און מיט דער אנדערער אונ־טערגעהאלטן דאָס בערדל. דאָס לאַנגע, אויסגעשיטערטע און היפּש גראָוו געוואָרן בערדל האָט אונטערגעציטערט. זעלדען האָט זיך אויסגעוויזן, אז שימען וויינט. האָט זי א פרעג געטאָן:

— שימען, דו שלאָפסט?

— נו, אָ, — האָט ער איר געענטפערט, גלײַך ער האלט אינמיטן דאַוו־נען.

נאָר שימען האָט ניט געדאַוונט. א גאנצע נאכט איז ער געזעסן און באקוקט זײַן גוטס, וואָס ער האָט ארויסגעראטעוועט פון דער מילכאָמע־סרייפע. זײַן זעלדען, וואָס איז צו פרי גראָוו געוואָרן, הויקערט זיך, ווי א זקיינע, און פון איר אמאָליקן שווארצן און גראָבן צאָפּ איז קיין סימען ניט געבליבן... די טעכטער זײַנע, די יונגע אלמאָנעס — פריידלען און דינען, אף וועלכע קיינער וועט איצט ניט זאָגן, אז זיי זײַנען יונג... און דאָס צעניאָריקע יאָסעמל גרישע — הערשעלע, וועמען פריידל האָט אונטערגעבעט איר וואטיאנקע. זיי אלע זײַנען געלעגן טיף אײַנגעגראָבן זיך אינעם אש און שווער געעטעמט. אלעמאָל האָט עמעצער אנדערש א הוסט געטאָן, א רודעווע געטאָן מיטן קאָפּ און ווידער אײַנגעשלאָפן. אין דער פינצטער האָט שימען געפּרוווט א מעסט טאָן די קופּע אש און דערקונדיקן זיך, וואָס ליגט פארבאָרגן אונטער איר און אף וואָס זי אליין קאָן צוניץ קומען. דאָס איז דאָך געווען דאָס איינציקע, פון וואָס ער האָט געקענט און געדארפט אָנהייבן. אלץ אפסנײַ, אלץ פון אָנהייב אָן.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן נאָר איין זאך... — דאָס האָט ער שוין אָנגעהויבן זיך דורכשמועסן מיט גאָט. — וואָס האָסטו געמיינט דערמיט? צוליב וואָס האָסטו כאָרעוו געמאכט די וועלט? פאַרן מאבל, ווען נויעך האָט דיך געבעטן, האָסטו ניט געקאָנט געפינען קיין איין לײַטישן מענטשן

אָף דער וועלט. צי דען איז איצט די וועלט זינדיקער ווי פאַרן מאבל? נו, וואָס שווײַגסטו, גאָטעניו, האָסט ניט וואָס צו ענטפערן?..

שימען האָט א ציטער געטאָן. אים האָט זיך געדוכט, אז גאָט האָט אים א צי געטאָן פאַר א פּאָלע, ווי געוואָרנט, ער זאָל ניט ארויסברענגען קיין זינדיקע געדאַנקען, נאָר דאָס איז גאָר געווען סטיאָפּע.

— זע, ס'איז דו? ווי קומסטו אהער?

— איך האָב דאָך צוגעזאָגט קומען פאַרענדיקן אונדזער וויקועך.

— איז וואָס זשע ווילסטו מיר זאָגן?

— איך האָב אונטערגעהערט אײַער שמועס מיט גאָט...

— איז וואָס איז דערפון געדרונגען?

— איר זײַט גערעכט. ער האָט ניט וואָס צו ענטפערן, ווײַל ער אליין איז דער סאמע שולדיקסטער. נאָך דער מילכאָמע וועלן אלע לעבעדיקע מישפּעטן די מערדער, וואָס האָבן אומגעבראכט מיליאָנען מענטשן. און מיר, די אומגעקומענע, וועלן אויך מישפּעטן. אונדזער בלוט, אונדזער אש...

— ריכטיק, ריכטיק, — ענטפערט שימען. — זיי קומט די ערגסטע שטראָף!

— נו, און גאָט?

— גאָט? וואָס רעדסטו, סטיאָפּע?

— איר האָט דאָך נאָרוואָס אליין געזאָגט...

— איך האָב געזאָגט? ווען האָב איך געזאָגט?

נאָר סטיאָפּע האָט מיטאמאָל ניט געסטײַעט. שולדיק איז געווען די זון. זי האָט זיך א ווײַז געטאָן אף קאזאוּוטשינער בארג און א בלענד געטאָן די אויגן. שימען האָט זיי א רײַב געטאָן, און דערווײַל האָט סטיאָפּע ניט געסטײַעט. ער האָט אָנגעהויבן ארומקוקן זיך אין אלע זײַטן, געמיינט, ער וועט אים ערגעץ דערזען, ער האָט אים געמוזט זאָגן נאָך עטלעכע ווער־טער, נאָר סטיאָפּע איז אין ערגעץ ניט געווען. ארום און ארום האָט נאָך אלץ געטליִעט, און הונדערטער דריבנע און שיטערע רויכעלעך האָבן זיך געצויגן צום הימל. לעבן אים זײַנען געלעגן די טעכטער מיטן אייניקל, און אף דער צווייטער זײַט, שוין אויך א וואכנדיקע, איז געזעסן זײַן זעלדע...

צום ווייפלטן מאָל איבערגעכאזערט פאַר זיך אליין דעם מאָדנעם כאָ־לעם, האָט עס זי אָנגעהויבן פאַרדריסן. עפּשער איז דאָס טאקע געווען אן אוולע פון איר זײַט, און עפּשער טאקע איבער דעם, וואָס זי האָט ניט געבענטשט קיין ליכט, זײַנעןביידע אירע טעכטער געבליבן אל־מאָנעס.

דאָס כאראָטע־געפיל האָט געהאלטן אין איין וואקסן, און זי האָט אין זיך, פאַר דער קופּע אש געגעבן א ניידער: פון דער מינוט הייבט זי אָן טשוווע טאָן, זי וועט אלע פרײַטיק בענטשן ליכט, זי וועט ניט דורכלאָזן קיין איין יאָרצײַט, קיין איין טאָנעס, קיין איין יזקער־זאָגן. נו, וואָס נאָך אזוינס קאָן זי אופטאָן אף אויסקויפן אירע זינד? זי וועט פרעגן בא שימענען. ער ווייסט שוין, וואָס מע דאַרף טאָן.

ס'איז איר געוואָרן א ביסל גרינגער אפן הארצן פון דעם פּאָרכטיקן

געפּיל, וואָס האָט דורכגענומען אַלע אירע גלידער, פון דעם, וואָס ענדלעך, אַף דער עלטער...

באַמערקט, אַז שימען שעפּטשעט עפּעס, האָט זי שטיל אַ פרעג געטאָן:

— שימען, דאַוונסט שוין שאַכרעס? אָן אַ טאַלעס?

— וואָס פאַר אַ שאַכרעס, וועלכער טאַלעס?

— וואָס רעדסטו, שימען?

— אָט דאָס, וואָס דו הערסט...

איז זי שוין געוואָרן פאַרומלעך־בייז:

— שימען, זינדיקסט פאַר גאָט?

שימען האָט צוגעזשמורעט די אויגן און אַ פּאַך געטאָן מיט ביידע הענט, גלײַך ער שלאָגט זיך אָפּ פון עמעצן:

— גאָט, זאָגסטו? טו אַ קוק... אָט ליגט ער אָט דאָ אַפן אַש... אַ טויטער!..

זעלדע האָט געמיינט, אַז שימען שלאָפט און זעט עפּעס אַ בייזן כאָלעם. אָדער גאָר צוגעקילט זיך, כאָלילע, און רעדט פון היץ. האָט זי אַ טאַפּ געטאָן זײַן שטערן און אָנגעהויבן אים טרייסלען פאַר די אַקסלען:

— שימען, שטיי אויף! עפּעס אַ בייזער כאָלעם!..

שימען האָט אַ קוק געטאָן אַף זעלדען, און זײַן בליק האָט זי נאָך מערער איבערגעשראָקן. ס'איז גאָר ניט שימענס בליק!

— און אויב ער לעבט... — האָט שימען גערעדט מיט זיך אַליין. — אויב ער לעבט, איז נאָך ערגער פאַר אים. מישפּעטן דאַרף מען אים, ווי דעם ערגסטן מערדער!..

זעלדע האָט זיך אַ הייב געטאָן פון דער קופּע אַש און אָנגעהויבן צו שרײַען:

— ייִדן, ראַטעוועט! מײַן שימען איז פון זינען אַראָפּ!

נאָר פונוואַנען האָבן זיך גענאָלט נעמען ייִדן אַף צו ראַטעווען שימע־נען? ערגעץ ווײַט, אַפן צווייטן ברעג פון דער טלי־ענדיקער גאַס, האָט עפּעס אַן אַלטיטשקער געשלעפּט איבער דער ערד אַ האַלב־אָפּגעברענטע טיר, אַן אויסגעצערטע פרוי מיט אַ פאַרקוילט פּאָנעם האָט געשטופּט פאַר זיך אַ וועגעלע מיט שטיקלעך געהילץ, און אַנטקעגן, ניט ווײַט פון זיי, האָבן עטלעכע קינדער זיך געפּאָרפּלט אינעם אַש, אַרויסגראָבנדיק פאַרזשאַווערטע שוואָרענס, צונויפגעדרייטע קליאַמקעס און שטיקלעך איבערגעברענטן בלעך. שימען האָט אויך גענומען פּאַנאַנדערשאַרן דאָס אַש און אָנגעטראָפן אַף אַ גראָבן סלופּ, קימאַט נאָך אַ גאַנצן.

— זעסט, זעלדע, נאָך גאָר אַ גוטער סלופּ. ניט מער, אַ ביסל פאַר־קוילט פון אויבן. ס'מאַכט ניט אויס. פאַרט אַ דעמב. און אַ דעמב, זאָלסטו וויסן, איז דאָס שטאַרקסטע געהילץ.

ס'איז אים אַליין געוואָרן פרייליכער פון די אייגענע ווערטער, און ס'האָט זיך אים געוואָלט רעדן און רעדן.

— ניט געזאָרגט, זעלדע... איין סלופּ האָבן מיר שוין. אינגיכן וועלן מיר קריגן נאָך געהילץ און מיר וועלן אויסבויען אַ נײַע שטוב. און אַז גרישע וועט אויסוואַקסן... אַז גרישע וועט אויסוואַקסן...

עפּעס האָט זיך אים געבאָמבלט אין מויעך אַזוינס, וואָס דאַרף געשען,

ווען גרישע וועט אויסוואקסן, און ער האָט ניט געקאָנט דערמאָנען זיך וואָס.

— אז גרישע וועט אויסוואקסן...

געטראכט, געטראכט, א פּאָר מאָל א קלאַפּ געטאָן זיך מיט דער האנט איבערן שטערן, ביז ער האָט ענדלעך זיך דערמאָנט. די ווערטער פון סטיאָפּעס צוואָע.

— אז דו וועסט אויסוואקסן, זאָלסטו נאָכאמאָל איבערלייענען דעם טאטנס בריוו... א מענטש טוט עס א שרײַב אָן עטלעכע ווערטער, און זיי פארקריצן זיך דיר אין זיקאָרן אף אייביק.

שימענען האָט זיך געוואָלט טייקעף אופוועקן די טעכטער, דאָס אייניקל און זאָגן זיי עפּעס אזוינס, זיי זאָלן דאָס אויך פארגעדענקען אף אייביק. נאָר זיי זײַנען געשלאָפן אזוי געשמאק, אז אים איז א שאָד געווען זיי וועקן. און ס׳איז נאָך ניטאָ צו וואָס זיי וועקן, מע דארף פריער קריגן עפּעס אף פרישטיק.

— איך וועל זיך דורכגיין צו טראָכימען פונעם פאראָם. מיר זײַנען מיט אים אלטע גוטעפרײַנט, איך וועל בא אים געוויס עפּעס קריגן...

# אפן פריפעטשעקל ברענט א פײַערל



ס קומט מיר אמאָל אוף אזא מאָדנע געדאנק: אוי, טראכט איך, וואָלט געווען גוט, ווען מע קאָן אפסנײַ צונויפנעמען אלע מײַנע כאשטשעוואטער, באזעצן זיי יעדערן אף זײַן געסל, אין זײַן שטיבל, אף זײַן פריזבעלע און לעבן זײַן גאנעקל... איך זאָל יעדן גאנצפרי אָדער פארנאכט זיך זען מיט זיי אלעמען, וועמען געקענט און וועמען ניט געקענט, וועמען ליב געהאט און פאר וועמען א ביסל מוירע געהאט, אף וועמען אמאָל ארויסגעקוקט און פאר וועמען זייער אָפט זיך באהאלטן.

ליב געהאט האָב איך אלטער טעלעגראפן. גערופן האָט מען אים אלטער, ווײַל ער איז געווען שוין טאקע זייער אלט, נאָר פארוואָס האָט מען אים צוגעטשעפעט אזא צונעמעניש, ווי טעלעגראף, ווייס איך ביז הײַנט ניט. זײַן שטיבל איז געשטאנען הארט צוגעשפארט צו אונדזערן, ס'איז אויסגעקומען, אז ווען ניט אונדזער שטיבל, פאלט זײַנס גלײַך אײַן, כאָטש אונדזערס איז אויך ניט געווען קיין גיבער. פון גאנצפרי ביזן שפעטן אָוונט איז אלטער געזעסן אף זײַן גאנעקל אָן ווענטלעך, בלויז מיט א פלאטשיק דעכל איבערן קאָפּ, געריבן זײַנע אָנגעטרערטע רויטלעכע אויגן, באקוקט אלע זײַנע שכיינים מיט עפּעס א ראכמאָנעס־געפיל און דערציילט ניסים־וועניפלאָעס וועגן אזא זאך, וואָס קיינער האָט ניט געהערט און ניט געזען און וועט שוין געוויס ניט זען וויפל ער וועט לעבן. די מאָפּסעדיקע זאך האָט געהייסן — ליזיאָן.

— קוקסט אף דער וואנט, — האָט ער געוויזן מיט דער האנט אף נאכמען דעם שויכעטס שטיבל, וואָס פון יענער זײַט יאר, — און פּלוצלינג טוט א שפּרינג ארויס א לעבעדיק פערדל...

כאָטש אלטער האָט מיך געזען צען מאָל אין טאָג, האָט ער מיך אלע מאָל צוגערופן צו זיך, א נעם געטאָן פארן גוידערל מיט זײַנע לאנגע ביינערדיקע פינגער און געפרעגט:

— יינגעלע, וועמעס ביסטו?

מוירע געהאט האָב איך פאר וועלוועלע מעשומעד. פאר וועלוועלען אליין איז ניט געווען וואָס מוירע צו האָבן. פארקערט, אין זײַן גביירויש גענגעלע, שטענדיק אף די שפּיץ פינגער, גלײַך ער היט זיך, ער זאָל עמעצן ניט אופוועקן, אינעם פינטלדיקן בליק פון זײַנע קעצענע, שטענדיק אונטערשפּרינגענדיקע אויגן איז געווען עפּעס אזוינס, גלײַך ער אליין האָט שטענדיק פאר עמעצן מוירע. נאָר פאר אונדז איז גענוג געווען די צונעמעניש אליין — מעשומעד. ס'האָט זיך שטענדיק געדוכט, אז אָט טוט ער מיך א כאפּ, טראָגט מיך אוועק אין קלויסטער און שמאדט מיך אָפּ. און שמאד איז בא מיר געווען ערגער, ווי דער טויט.

ליב געהאט האָבן מיר אלע בערל גארבארניק מיט זײַן פערד־און־וועגעלע. געווען איז בערל א סוטולעוואטע, דאָס פּאָנעם און די באָרד איז

בא אים שטענדיק געווען פארפּאָראָשעט מיט רויטער זאמד, און די בגאָ־דים — אײַנגעטונקען אין געלער ליים. דאָס וועגעלע איז געווען א לאנגס און א מאָגערס, געהאט אף די פיר רעדער בלויז דרײַ ברעטער, וואָס האָבן געקאָנט ליגן איינע אף דער אנדערער און מאכן ערטעלעך פאר אונדז, כעווערעניקעס, אָדער צושפּארן זיך צו די ליושניעס און לאָזן אָנווארפן אין זיך אזוי פיל ליים און זאמד, וויפל דאָס פערדל וועט קענען אוועק־פירן. דאָס פערדל איז געווען, אפּאָנעם, שוין ווײַט ניט קיין יונגס, א פוילע בריזע מיט אויסגעקראָכענע קליבעס, מיט א היכצנדיק הוסטעלע. ס׳האָט קיינעם ניט געוווּנדערט, וואָס א פערד הוסט מיט אזא ניט פער־דישן הוסט, נאָר אז א כײַע זאָל קענען ציילן און מעסטן!

פון די הליניששטשעס, וואָס באם בוג, אקעגן קאזאוועטשינער בארג, האָט בערל געפירט ליים און זאמד פארן גאנצן שטעטל. פונעם שטעטל צו די הליניששטשעס האָט ער געפירט אונדז, כעווערעניקעס. בערל האָט אונדז געשאָלטן מיט אלע וויסטע און ביטערע קלאָלעס, געפּאָכעט מיט דער בײַטש, נאָר ס׳האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. ער האָט אליין געוווּסט, אז מיר האָבן פאר אים קיין מוירע ניט, ווײַל מיר האָבן אים אלע ליב. ווי נאָר ער האָט ארויסגעשאָטן פונעם וועגעלע דעם לעצטן עמער זאמד, האָבן מיר שוין פארבויגן די פּאָר ברעטלעך פוןביידע זײַטן, זיך אויסגע־זעצט איינס לעבן אנדערן פון דער אונטערשטער ראָד ביז דער פאָדער־שטער, גענומען שאָקלען מיט די פיס, גוואלדעווען און פילדערן אזוי, אז בערל זאָל פארשטיין: פּאָכן מיט דער בײַטש און שיטן מיט קלאָלעס איז אן אומזיסטע טירכע. קיינער וועט סײַווי ניט הערן.

מיר האָבן דאָך גוט געוווּסט, אז זײַן רויגעז איז א געמאכטער, אז ער קאָן ניט זײַן אָן אונדז, פּונקט ווי מיר אָן אים, אז אָן אונדז וואָלט אים זייער שווער געווען אָנווארפן אין וועגעלע ארײַן זײַן סכוירע, און ווי וואָלט ער גענומען אזא געמבע אף שרײַען אזוי, אז מע זאָל הערן אין דער צענטער גאס:

— רויטע זאמד און געלע ליים!

— געלע ליים און רויטע זאמד!

ניט שטענדיק האָבן מיר געדאַרפט אזוי שרײַען. ארומגערינגלט פון אלע זײַטן דאָס אָנגעלאָדענע וועגעלע, האָבן מיר, שפּאנענדיק און טאנצנ־דיק, ווי דאָס פערדל אליין, אויסגעזונגען, ריכטיקער, אויסגעשריגן אונד־זערע לידעלעך:

א זון מיט א רעגן,
די באָבע וועט זיך לייגן.
וואָס זשע וועט זי האָבן?
א ייִנגל מיט א מיידל.
ווי זשע וועט עס הייסן?
זיסל מיטן קרומען פיסל!

דאָס בעסטע פארגעניגן אונדזערס איז געווען אין דער לעצטער שורע, וואָס מיר האָבן אלע אויסגעשריגן אין איין קאָל:

— זיסל מיטן קרומען פיסל!

ס׳האָבן זיך גלײַך צעפּראלט אלע טירן און פענצטער, און ווײַבער,

מיידלעך און גאָר קליינע מיידעלעך זײַנען ארויס אף דער גאס, ווער מיט אן אלטער שיסל, ווער מיט א צעשפּאָלטענער מולטער און ווער מיט א פארזשאווערטן עמער.

איך ווייס ניט, צי הײַנטיקע כעווירעניקעס, וועלכע פּרוּוון איבער פאר איין שאָ אלע פארגעניגנס אין די קינדער־שטעטלעך פון די שטאָטישע פּארקן — פאָרן זיך דורך רײַטנדיק אף א פערדעלע, הוידען זיך אף די סאמע שענסטע הוידעלקעס, פליִען אף א צוגעבונדענעם עראָפּלאַן אָדער גיבן זיך אפילע א דריי איבער מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארוף אף יענער טײַוולשער ראָד, — צי פילן זיי אפילע א טויזנטכיילעק פון דעם, וואָס מיר האָבן געפילט, ווען מיר האָבן זיך ארופגעכאפּט אף בערל גארבארניקס וועגעלע.

אונדזערע קינדערשע הערצער האָבן הילכיק געקלאפּט פאר פרייד און אויך א ביסל פאר שרעק. דאָס יאדעשליווע פערדל האָט זייער גוט געקענט ציילן, און טאָמער האָט עס דערזען אפן וועגעלע אן איבעריקן פארשוין, האָט עס אָנגעהויבן דרייען מיטן ווידל: עס נעמט, הייסט עס, ניט מערער פון צען כעווירע, פינף פון איין זײַט און פינף פון דער צווייטער זײַט. זאָל מען עס שמײַסן, זאָל מען עס מיימעסן, קיין עלפטן נעמט דאָס ניט.

דאָס האָט שוין געדארפט פאסקענען בערל אליין, ווער זאָל עס זײַן דער עלפטער און וועמען זאָל ער עס אראָפּטרײַבן פונעם וועגעלע. דער דאָזיקער פּסאַק איז אים שטענדיק אָנגעקומען זייער שווער. בעטעווע איז בערל געווען א מענטש מיט א גוט הארץ, ער האָט עפשער מערער פון אן אנדערן פארשטאנען אינעם איניען מענטשלעכקײַט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, וויפל צאר, וויפל אגמעסנעפעש פארשאפט ער יענעם, וועמען ער טרײַבט אראָפּ פונעם וועגעלע. דערפאר האָט ער לאנג געקראצט די באָרד מיט ביידע הענט, ווי געקליבן זיך אויסקעמען פון איר די זאמד מיט דער ליים, ראכמאָנעסדיק געפינטלט מיט די אויגן און פארקרימט דאָס פּאָנעם, גלײַך ער האָט גענומען אין מויל ארײַן עפּעס זייער א טערפּקע זאך. ער האָט ווי געבעטן זיך: כעווירע, איר ווייסט דאָך גאנץ גוט דאָס מעשוגאס פון מײַן קליפּע, לעמײַ זשע צווינגט איר מיך?..

ערשט דערנאָך האָט ער אויסגעקערעוועט דאָס פּאָנעם אין א זײַט, ער זאָל אליין ניט זען, אף וועמען דער ביטערער גוירל וועט אויספאלן, און א שטעק געטאָן אף עמעצן פון אונדז מיטן בײַטש־שטעקל. און שוין. וועמען ס'האָט געטראָפן, דער האָט געמוזט, בימכילע, אראָפּשפּרינגען פונעם וועגעלע און מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, א פארשעמטער און אפּגענעמעסן אן אומגליקלעכער א שפּאן טאָן אין א זײַט, אוועקשפּאנען צוריק אין דער זעלבער מינוט, ווען אלע איבעריקע, שײַנענדיקע און גליקלעכע, שאָקלען לוסטיק מיט די באָרוועסע פיסלעך, טרײַבן אונטער דאָס פערדל מיט א פארטײַעטן נעקאָמע־געפיל און זינגען אפן פולן קאָל:

גאָט, גאָט, גיב א רעגן...

מיר זײַנען דאן אלע געוואָרן כאניפעניקעס, געלויבט אין טאָג ארײַן דאָס פערדל, דאָס וועגעלע, בערלס באָרד און בערלס בײַטש. אונדזער

לײַדנשאַפטלעכער דראַנג צו פאָרן אַפן װעגעלע האָט אַפילו גורעם געװען צו גרעסערע אװײרעס. װען עמעצן האָט זיך אײַנגעגעבן אַרױסגאַנװענען פון דער שטוב אַ שטיקל קוילעטש, אַ פּלעצעלע מיט מאָן, אָן עפּעלע צי אַ ריפּטל קאַװען, האָט ער דאָס געטאָן מיט אַ גרינג האַרץ, אַבי מיט עפּעס נויסעכיין זײַן באַם גאַרבאַרניק. פונעם שטיקל קוילעטש צי פונעם ריפּטל קאַװען האָט בערל זיך קײנמאָל ניט אָפּגעזאָגט, נאָר קױפן אים מיט אַזאַ זאַך איז געװען אומעגלעך.

װיפל מאָל אין מײַן לעבן, אין פיל, ביז גאָר פאַרשײדענע פאַלן, איז מיר אױסגעקומען אַרױסרופן בערלען אין זיקאָרן אַף נעמען פון אים אַ בײַשפּיל פאַר זיך, װי אױך קעדײ דערצײלן אַ צװײטן װעגן דעם אָרעמען גאַרבאַרניק, װעמען ס׳איז אומעגלעך געװען אונטערקױפן!

באַ די הלינישטשעס אַרבעטן מיר אַלע ביזן זיבעטן שװײס און װילן זײער, אַז בערל זאָל באַמערקן אונדזער פלײַסיקײַט. װער עס נעמט אָן זאַמד מיט דער צװײטער לאָפּעטע, װאָס ליגט שטענדיק אַפן װעגעלע, װער עס נעמט אָך דאָס ביסל זאַמד מיט די זשמעניעס צו זיך אין העמדל, ביז דאָס פערדל כאַפּט אַ קאָסע קוק אַפן װאָגן און הײבט אָן דרײען מיטן װײדל. גענוג, הײסט עס, שױן איבערגענוג. הײבט בערל אָן אַראָפּװאַרפן צוריק אײן לאָפּעטע, אַ צװײטע און כאַפּט אַלעמאָל אַ קוק אַפן פערדל. װערט דאָס נאָך בײזער, הײבט אָן היכצן און הירזשען, גלײַך עמעצער װאָלט דאָס געװאָרגן, און מיר אַלע פאַרשטײען שױן, װאָס דאָס מײנט: „איך האָב דאָך געזאָגט, אַז קײן איבעריקס פיר איך ניט!״

װערט שױן בערל אױך בײז, שיט אַראָפּ נאָך אײן לאָפּעטע זאַמד און זידלט זיך אױס:

— װען װעסטו שױן אײַנעמען אַ מיסע־מעשונע!

צוריקװעגס באַגלײטן מיר דעם אָנגעלאָדענעם װאָגן בלויז ביזן מעשערשן בוג. דאָ פאַרקערעװען מיר צום ברעג, װאַרפן גלײַך אַראָפּ פון זיך די העמדלעך מיט די הײזעלעך, טרײסלען זײ גוט אױס און לױפן אַרײַן אין טײַך. די זאַך איז געװען ניט אַזױ אינעם באָדן זיך. מע האָט געדאַרפט לאָזן פרײַ דאָס אָרט פאַר אַנדערע כעװרע, װאָס קוקן שױן אַרױס אַף בערלען מיט זײַן פערד־און־װעגעלע, זײ זאָלן אױך, װי מיר, קאָנען נאָכגײן און אױסזינגען דאָס לידל װעגן זיסל מיטן קרומען פּיסל און דערנאָך זיך אָרופכאַפּן אַפן װעגעלע מיט דער זעלבער פרײד און מיט דער זעלבער האַרצפלאַטערניש.

אונדזער געפיל צו ראַכמיל װאַסערפירער איז שװער צו באַשטימען. מע קאָן ניט זאָגן, אַז מיר האָבן פאַר אים מוירע געהאַט, מיר האָבן פּאָשעט געהאַט אָפּשײַ פאַר זײַן װוקס, פאַר זײַן שטאַלטנעקײַט, פאַר זײַן געװורע. מיסטאַמע דערפאַר האָט מען אים גערופן ראַכמיל גאַזלען. מע האָט נאָר געדאַרפט אַ קוק טאָן, װי ער גײט אַ נעם די צװײ פולע עמער װאַסער, װי ער גיט אַ פאַרקלאַפּ מיט דער האַנט דעם צאַפּן אַזױ, אַז די פּאַס ענטפערט אים אָפּ מיט אַ בײזן, פאַרדומפּענעם לאַנגן קלאַנג... הײַנט װי ער גיט אַ גלאַנץ מיט די אױגן אַפן געזונטן פערדאַטש מיט די גראָבע פיס, טוט אַ שמיץ מיטן בײַטשל, װי ער גיט דעם אָנצוהערן, עס זאָל ניט מאַכן קײן שטיק, און גיט דערנאָך אַזױ העפקערדיק אַ טאַנץ אַרױף אַף

דער פּאַס, אַז מע קאָן מיינען, זי וועט באַלד פּלאַצן און צעשיטן זיך אַף פּיץ־פּיצלעך. ער איז, אַפּאָנעם, געווען פאַרליבט אין עפּעס אַ רעבעצן, ווײַל ווי נאָר דאָס פֿערד האָט זיך געריִרט פֿונעם אָרט, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן זינגען:

אוי, אַ רעבעצן,
אוי, איז דאָס אַ רעבעצן,
איז זי שיין, מאָלע־כיין,
פֿון דער מיקווע ביז אַהיים...

ראַכמיל זינגט, און דער עמער, וואָס הענגט פֿון אונטן, האַלט אין איין אונטערדרינדזשען און אונטערקלינגען. ס'זעט אויס, ווי דער עמער וואָלט געהאַלטן אין אונטערבאַמקען דעם באַלעבאָס.

פֿון דעם וואַסערפֿירער האָבן מיר, קלײנוואַרג, קיין איבעריקן נאַכעס ניט געהאַט. וואָס קומט אַרויס, אַז איינער, אַ ביסל אַ מערער דרייסטער, האָט זיך אונטערגעטשעפּעט הינטער דער פּאַס, אָפּגעפּאָרן עטלעכע שפּאַן, ביז ראַכמיל, באַ וועמען ס'איז אויסגעגאַנגען דאָס לידל, האָט זיך אומגעקוקט און אַ שמײַס געטאָן מיט דער בײַטש? איך בין ניט געווען פֿון יענע דרייסטע. און אַראָפּשפּרינגען פֿון דער פּאַס, ווען דאָס פֿערד יאָגט, דאַרף מען דאָך אויך קענען.

אַז מיר ווילן אַמאָל אַ ביסל מערער אויסנעמען באַ זיך אַליין, זאָגן מיר, אַז מיר וווינען אין דער שול־גאַס. דאָס זעט אויס אַ ביסל יִכעסדיקער. אינדערעמעסן איז דאָס יענץ פֿאַרבלאָטיקטע באָד־געסל, ווו אַלץ איז כורוועסדיק און נידעריק, ווו אַלץ איז אײַנגעזונקען אין דער ערד און אײַנגעטונקען אין די קויטיקע קאַליוזשעס. קיין לײַטישער באַלעבאָס וועט ניט פֿאַרקריכן אין אַזאַ געסל.

נויעך שטריקלדרייער איז אויך פֿון אונדזער גראַד און קאָן אויך זאָגן, אַז ער וווינט אין דער שול־גאַס. זײַן שטיבל שטייט לעבן דער נײַער באָד, און ווינטער, ווען ער האָט ניט מיט וואָס צו הייצן, וואַרעמט ער זיך באַ דער געדיכטער פּאַרע, וואָס זעצט פֿון די קליינע פֿענצטערלעך. נאָר דאָרט, לעבן דער באָד, האָט ער ניט ווו אוועקשטעלן זײַן ראָד און ווו פֿאַנאַנדערוויקלען זיך. אַרבעט ער אונטער אַלטן בעסמעדרעש. פֿאַראַן דאָרטן אַ פֿרײַ שטיקל פּלאַץ, און יעדן זונטיק גאַנצפֿרי טראָגט ער אַרויס אַהין זײַן ראָד און טראָגט זי אַהיים ערשט פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט. דאָרטן טאָגט זי און נעכטיקט אַ גאַנצע וואָך. ער האָט ניט מוירע, עמעצער זאָל זי צוגאַנווענען. פֿרײַטיק טראָגט ער זי אַהיים, ווײַל די באַלעבאַטים, וואָס קומען שאַבעס אין בעסמעדרעש, ווילן ניט לײַדן. סאַמע אינמיטן שעמענעסרע, ווען זיי סטאַרען זיך אָפּשיידן פֿון אַלץ דעם וואָכעדיקן, פֿון אַלץ דעם גאַשמיִעסדיקן, סטאַרטשעט זיי פֿאַר די אויגן דורכן פֿענצטער עפּעס אַ שטריקלדרייערישע ראָד.

נויעך שטריקלדרייער איז אויך פֿון די, וועמען איך האָב ליב. איך האָב ליב צוצוקוקן, ווי ער גייט אַרויס פֿון זײַן שטיבל אַן אַרומגעוויקלטער מיט קלאָטשע און זעט אויס, ווי אַ גראָבער פּעמפּיק. ער שפּאַנט מיט אַזעלכע געמאָסטענע טריט, ווי אַן עכטער גוויר, ווען עס איז שווער צו טראָגן זײַן אייגענעם בויך. באַ דער ראָד קומט פֿאָר יענער

נעס, ווען נויעך הייבט אָן ביסלעכווײַז ווערן גאָר אַן אַנדערער. זײַן גע־הילף, אַן אויסגעדאַרט יאַטל, הייבט אָן דרייען די ראָד, און נויעך נעמט שפּאַנען אַף צוריק. ער שפּאַנט פּאַמעלעך, ציט ארויס פון זיך שטיקערווײַז די קלאָטשע, גלײַך ער וואָלט געצויגן פון זיך די אצאָמעס, און ווערט וואָס אַמאָל מאָגערער, אײַנגעשרומפּענער. די קלאָטשע צעגייט זיך אונ־טער זײַנע פינגער, ווי דאָס אײַז קעגן דער זון.

ווערט געבוירן א שטריק אַף דער וועלט, און נויעך בלײַבט אַזאַ, ווי ער איז אינדערעמעסן. א סאַך העכער און א סאַך דאַרער, מיט א לאַנג־אויסגעצויגן פּאָנעם און מיט א באָרד, וואָס באַשטייט האַלב פון אייגענע האָר און האַלב פון שטיקלעך קלאָטשע. ווען עמעצער נעמט זיך אַמאָל שטאַרק דינגען מיט אים פאַר עפּעס א שטריק אָדער פאַר א פּאָר פּאָסט־ראָמקעס, ענטפערט ער אָפּ א ביסל בארויגעזלעך:

— וואָס מיינט איר, מײַן נעשאָמע איז אויך פון קלאָטשע?

ס׳הייסט, ער אליין איז טאַקע פון קאָפּ ביז די פיס אין קלאָטשע, נאָר די נעשאָמע זײַנע איז פּונקט אַזאַ, ווי בא אַלע מענטשן, און זי דאַרף האָבן אויך ניט ווייניקער.

פאַר ראָסיען דער לאַנגער האָב איך מוירע. זי איז אליין געווען א שוואַרצע און שטענדיק געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצן פון קאָפּ ביז די פיס. זי איז געווען א סאַרווערן און א טוקערן, א בובע און א וואָראָזשקע, האָט געקאָנט אָפּשפּרעכן א גוט־אויג, ראַטעווען פון כאַלאָשעס, אָפּקאַטשען פון אַן איבערשרעק, היילן פון א צוקילעכץ. כוץ אַלעמען, האָט מען גע־זאָגט אַף איר, אַז זי באַהאַלט אויס און פּאַרקויפט איבער גנייווישע זאַכן.

וויאַזוי זי האָט געטאָן אַלע איבעריקע זאַכן, ווייס איך ניט. נאָר דאָס געדענק איך גוט, וויאַזוי זי האָט מיר געהיילט די צוגעקילטע ציין און די אויפגעשוואָלענע באַק מיט האָניק־טייגלעך און וויאַזוי זי האָט מיך אָפּגעקאַטשעט פון עפּעס אַן איבערשרעק. זי האָט א בעט געטאָן בא דער מאַמען אַן איי, עפּעס א שעפּטשע געטאָן איבער דעם און גענומען דרייען דאָס איבער מײַנע ביינערדיקע פּלייצקעס. געדרייט דאָס איי און דרײַ מאָל אָפּגעזאָגט, ווי א טפילע:

דרײַ ווײַבער זײַנען געזעסן אַף א שטיין,
איינע האָט געזאָגט: יאָ, די צווייטע: ניין,
די דריטע האָט געזאָגט:
פונוואַנען ס׳איז געקומען, אַהין זאָל דאָס גיין.

אָפּגעזאָגט, נאָכאַמאָל א שעפּטשע געטאָן איבערן איי, דרײַ מאָל אויס־געשפּיגן און ארײַנגעלייגט דאָס איי צו זיך אין קאָשעקל.

און טאַקע — ווי מיט דער האַנט אַראָפּגענומען. פונוואַנען ס׳האָט זיך גענומען, אַהין איז דאָס אַוועק.

ווייס איך ניט, פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט מוירע האָבן פאַר איר. נאָר אַז אַלע קינדער האָבן מוירע געהאַט...

אינדערעמעסן איז זי געווען זייער א גוטע. אונטער איר לאַנגן גע־פאַלדעוועטן פאַרטעך איז, אַפּאָנעם, געווען אונטערגעניייט א טיפע קע־שענע און דאָרטן איז שטענדיק פול געווען מיט לעקעכלעך: פערדעלעך און האָנעכלעך, גענדזעלעך און זשאַבקעלעך. דערזען, ווי זי שלעפּט ארויס

פון אונטערן פּאַרטעך דאָס ערשטע לעקעכל, האָבן מיר גלײַך אָנגעוווירן די שרעק און צוגעקומען אַ ביסל נעענטער.

ווען רחל דער אָפּטייקערן איז מיר שווער עפּעס צו זאָגן, ווײַל זי איז בכלל ניט געווען ענלעך אויף די ווײַבער פון אונדזער גאַס, און מיר האָט זי זיך געדוכט ווי אַ מענטש, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צו אונדז פון גאָר אַן אַנדער וועלט. איר לאַנג ברוין קלייד מיט ווײַסע קנעפּעלעך אַרום האַלדז און באַ די אַרבל, אירע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן געקוקט ניט אויף דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום איר, נאָר ערגעץ ווײַט־ווײַט, אויגן, וואָס זײַנען אויך געווען ווי גלאַנצנדיקע כרעמזעלעך אויף איר לענגלעך אומגעווײנלעך גלאַט פּאָנעם, איר לאַנגזאַמער, פּאַרטראַכטער גאַנג האָט זי געמאַכט ענלעך אויף אַ מלאך. ווײַל נאָר באַ אַ מלאך קאָנען זיך געפינען רעפּועס פון אַלע קרענק — דאָס אײנציקע, מיט וואָס דאָס שטעטל איז געווען רײַך.

יאָ, ווען רחלען אַליין איז מיר שווער געווען עפּעס צו זאָגן, נאָר אין בערעלען, אין רחלס יינגעלע, בין איך געווען פאַרליבט מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער קינדערשער ליבע, אַ ליבע, וואָס איז אויפגעקומען אין דער זעלבער מינוט, ווען דער באַהעלפער האָט אונדז ביידן צום ערשטן מאָל געבראַכט צו שמועלן אין כיידער אַרײַן און אוועקגעזעצט אײנס לעבן אַנדערן. געווען איז דאָס אין אַ רעגנדיקן אָסיענדיקן טאָג, ווען די בלאָטע אין אונדזער גאַסל איז געווען העכער די קני און דער באַהעלפער, אַ לאַנגער דראָנג מיט אַ פּאָר שפּיציקע באַקן, האָט אַלעמאָל געמוזט זיך אָפּשטעלן אויף אַ מעסט צו טאָן מיט די אויגן די קאַליוזשע, קעדיי אויסמעסטן זײַן אייגענעם שפּרונג. ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן, און איבערן גאַנצן גאַסל האָט געשמעקט מיט עפּעס אַזוינס, פון וועלכן ס׳האָט זיך געוואָלט פאַרשטעקן די נאָז. מיסטאָמע בין איך דאַן אַלט געווען אַ יאָר פינף, עפּשער מיט נאָך אַ כוידעש, און דאָס טאַלעסקאָטנדל, וואָס מע האָט דאַן צום ערשטן מאָל אַרופגעצויגן אויף מיר, ווי קליין דאָס איז ניט געווען, איז אַראָפּגעהאַנגען אַריבער די קני. נאָר יענע רייכעס האָב איך פאַרגעדענקט ביז איצט. באַ שמועל מעלאַמעד, וועמעס שטיבל איז געווען אײַנגעוואַקסן אין דער ערד ביז די פענצטערלעך און ווו זומער און ווינ־טער איז אַ גאַנצן טאָג געווען בײַנהאַשמאָשעסדיק־טונקל, איז אין יענע אָסיענדיקע טעג געווען באַזונדערס פינצטער און די פײַכטקײַט האָט דורכגענומען ביז די ביינער.

דער כיידער וואָלט געווען פאַר מיר די ערגסטע אָפּקומעניש, ווען ניט בערעלע. פון בערעלען האָט געשמעקט גאָר אַנדערש, ווי פונעם אָסיענ־דיקן דרויסן, פון דעם רעבנס נאַסלעכע ווענט און פון אַלע איבעריקע כעוורע. איך האָב ביז דאַן ניט געוווּסט פון אַזעלכע רייכעס, און זיי האָבן זיך מיר אויסגעדוכט, ווי רייכעס פון גאָר אַן אַנדער וועלט, פון דער וועלט, פון וועלכער עס שטאַמט בערעלעס מאַמע. אין דער ערשטער מי־נוט האָבן מיך פאַרשיקערט אָט די רייכעס, דערנאָך האָט מיך פאַרקישעפט בערעלע אַליין, מיט זײַן קײַלעכדיק פּנעמל און אומבאַגרײַפלעך רײנע הענטעלעך.

האָב איך זיך פאַרליבט אין בערעלען. און דאָס האָט יעדן גאַנצפרי

מיך אראָפּגעריסן פון געלעגער און אויפגעוועקט אין כיידער. איך האָב געבענקט נאָך בערעלען, נאָך זײַן קײַלעכדיק פּענעמל, נאָך זײַנע ריינע הענטעלעך. בא מיר איז געווען דאָס גרעסטע פאַרגעניגן א גלעט טאָן אים פאַרן אַרבעלע פון זײַן ברוין וועלוועטעווע רעקעלע מיט אייבערשטע קעשענקעלעך, א רעקעלע, וואָס איז בא קיינעם ניט געווען, און ביגנײַ־ ווע א צי טאָן מיט דער נאָז אָף אָנשמעקן זיך. געוויס זײַנען דאָס געווען רייכעס פון עפּעס א גוטער זייף, מעגלעך אויך פון א פּאָר טראָפּנס פון פּאָשעטען אָדעקאָלאָן. נאָר איך האָב דאַן פון אַזעלכע זאכן ניט געוווסט, און מיר האָבן אין דעם אלעמען זיך געדוכט אזעלכע בסאָמים, וואָס די וועלט זעט עס ניט. האָבן די אויסיִעס אליין, וואָס איך מיט בערעלען האָבן אײַנגעכאַזערט, אויך אָנגעהויבן שמעקן פאַר מיר גאָר אנדערש, יעדער אָס מיט זײַן באַזונדערן רייעך. איך האָב זיי ניט בלויז אײַנגע־ כאַזערט, נאָר אײַנגעזאַפּט אין זיך, ווי דאָס סאמע בעסטע, סאמע שמעקנ־ דיקע געטראַנק... דערפון האָט זיך גענומען דאָס, וואָס שמועלס כיידער מיט זײַן אייביקער טונקלקײַט און עסעריקער פּײַכטקײַט איז פאַר מיר געוואָרן דאָס סאמע געגאַרטסטע אָרט אין דער וועלט.

און ווען בערעלע איז קראַנק געוואָרן... איך קאָן דאָס ביז הײַנט ניט פאַרשטיין, פון וואָס האָט פּלוצלינג געקאָנט קראַנק ווערן אזא בערעלע? זאָל זײַן, אז דאָס האָט ער טאקע דאָ, אין כיידער, זיך צוגעקילט? און כאָטש זײַן מאמע האָט געהאַט א פולע אַפּטייק מיט קאָלערליי רעפּועס, און כאָטש די צווייטע שטוב פון זיי האָט געוווינט נאָכמען פעלדשער, האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. בערעלע האָט געמוזט שטאַרבן. איך האָב אים באַווייִנט אין זיך און א וואָך צײַט אין כיידער ניט געגאַנגען. איך בין פאַר ווייטעק אויך קראַנק געוואָרן. ווען איך בין אין א וואָך אַרום ווידער געקומען אין כיידער, האָט ער מיר אויסגעזען פינצטער, ווי אַן עמעסער קייווער, די פּײַכטקײַט האָט מיך דורכגענומען אָף דורך און דורך. מערער פאַר אַלץ האָבן מיך געפּלעפּט די אויסיִעס אליין. זיי האָבן מיטאמאָל אָנגעוווירן זייער כיין, זייערע רייכעס און מוירעדיק געוואָרגן אין האַלדז. ווײַל אָן בערעלען...

צו זייער שטוב האָב איך מוירע געהאַט צוקומען. נאָר אָפּטמאָל בין איך אַוועק צו דער אַפּטייק, וואָס אָף דער מאַרק־גאַס, און אַרײַנגעקוקט אינווייניק דורך דער גלעזערנער טיר. געקוקט, ווי ראָכל די אַפּטייקערן שטייט אָנגעטאָן אין ווײַסן, שיט עפּעס איבער פון איין פּאַפּירל אין צווייטן און וועגט אויס אָף דער קליינינקער שניי־ווײַסער אַפּטייקערישער וואָג. זי איז דאַן פאַר מיר געווען אומבאַגרײַפלעך ווײַט און ניט ערדיש, טאקע ווי א מאַלעך, און מיך האָט נאָך מער געפּרעסט דאָס האַרץ דערפאַר, וואָס אזא מאַלעך האָט ניט געקאָנט אָפּראַטעווען פון טויט איר אייגן קינד. האָב איך שוין אליין געמוזט אָפּזוכן א טערעץ: פאַראַן איבער די מאַלאָכים נאָך עלטערס — גאָט אליין. און אז גאָט שפּאַרט זיך אײַן, וועלן קיין שום מאַלאָכים שוין ניט העלפן...

געסעלעך, שטיבעלעך, בלאָטעס און קאַליוזשעס... אוי, יענע אָרעמע און פאַרכוישעכטע שכיינים פון מײַנע ווײַטע קינדער־יאָרן! אָנהייבן אויס־ רעכענען אלעמען איז דאָס דאָך א מײַסע אָן א סאָף. און איך בין ביכלאל

ניט פון יענע רעטראָגראַדן, וואָס וואָלטן געוואָלט אַ קער טאָן די וועלט אַף צוריק און מאַכן אַזוי, אַז די וועלט זאָל אויסזען ווי אין די קאַדמוינים. די וועלט גייט זיך מיט איר גאַנג, און ס׳איז זייער גוט, וואָס קיינער קאָן זי ניט אַ קערעווע טאָן צוריק, ניט אַ דריי טאָן אַ ביסל אין אַ זײַט. נאָר עס טרעפט אַמאָל, אַז איך דערמאָן זיך אין אונדזערע שכיינים, אין יענע פּראָסטע און גוטע, אין יענע ליבע מענטשן, וועמען איך האָב געזען יעדן טאָג, נאָר פאַרשטיין זיי האָב איך אָנגעהויבן מיט יאָרן שפּעטער, — ווילט זיך מיר אויסשרײַען:

— כאַוואַל אַל דעאַוודין![1]

גוואַלד ווילט זיך שרײַען וועגן די, וואָס זײַנען אַוועק פון דער וועלט און קיין איין גוטן טאָג ניט געהאַט, וועגן די, וואָס זײַנען אומגעקומען פון הונגער און פון דאַלעס, פון די בויך־טיפוסן, פלעקטיפוסן, אינפלוענציעס, פּעטליוראָווצעס, דעניקינצעס און פון אָן אַ שיר אַנדערע קרענק און אַנ־דערע באַנדעס. און וועגן הונדערטער און טויזנטער, וועמען עס האָבן אַכזאָריעסדיק אומגעבראַכט די פאַשיסטישע מערדער.

יאָ, צונויפנעמען אַלע אַמאָליקע כאַשטשעוואַטער, יעדערן אין זײַן שטיבל, אַף זײַן פּריזבעלע, איז אַן אומעגלעכע זאַך. וויל איך, וועמען ס׳איז נאָר מעגלעך, אַרײַנפירן אַהער, אַף די זײַטלעך פון מײַנע דערציי־לונגען. איך גלייב ניט אין טכיאַס־האַמייסים, נאָר אויב אַ מענטש טוט אַ בליק אויף אין זיקאָרן פּונעם לייענער און ער דערזעט אים, ווי אַ לעבעדיקן, מיט זײַנע באַזונדערע טנועלעך, און עס דוכט זיך אים, אַז ער הערט, ווי ער רעדט, ווי ער זינגט, אַפילו ווי ער האָט אַ הוסט געטאָן, איז אין דעם פאַראַן עפּעס טכיאַס־האַמייסימדיקס, צי גלייבסטו יאָ אין דעם, צי גלייבסטו ניט.

קומט באַ מיר אַלעמאָל אויף אַ געפיל פון שולד פאַר מײַנע לאַנדסלײַט. עס דוכט זיך מיר, אַז זיי האַלטן אין איין מאָנען באַ מיר אַן אַלטן כויוו, אַ כויוו, וואָס איך מוז אים דעקן, ווײַל עפּעס זייער וויכטיקס איז געבליבן ניט דערציילט, ניט אויסגעזונגען און ניט אויסגעויינט. דאַרף איך דאַנקען מײַן אַמאָליקער שכיינע, איטען, מיט וועמען מיר זײַנען אויסגעוואַקסן אין יענעם באָד־געסל, וואָס זי האָט אין איינעם אַ פּרילינגדיקן טאָג מיך פאַרשלעפּט צו זייער שטיבל, וואָס איז מאַמעש ווי געהאַנגען איבערן טיפן און שמאָלן יאַר. בודיקעס און קראָפּעווע איז געוואַקסן אומעטום, נאָר דאָ, אינעם יאַר, זײַנען געוואַקסן יענע בלוילעכע בערעלעך, וואָס זײַנען טישעבאָוו געווען די בעסטע סכוירע, ווײַל טישעבאָוו איז דאָך געווען אַ מיצווע אַ שטאָך טאָן עמעצן מיט עפּעס. האָט מען באַוואָרפן איינער דעם אַנדערן מיט אָט די בערעלעך. יעדעס בערעלע האָט געהאַט הונדערטער אַזעלכע דינינקע נאָדעלעך, און אַז זיי האָבן זיך אײַנגעשטאָכן אין העמדל, אין די הויזן אָדער אין אַ מיידלשן קליידל, האָט מען זיי געקאָנט אָפּרײַסן נאָר אינײַנעם מיט אַ שטיקל „מאַטעריע״. איז דאָס טאַקע געווען דער גרעסטער ווייטעק, ווײַל נאָך טישעבאָוו האָבן אַף אַ סאַך העמדלעך און קליידלעך זיך באַוויזן שפּאָגל־נײַע לאַטקעלעך...

---

[1] דער ווײ איבער די אומגעקומענע.

צו יאנקעווֹ־לייבס שטיבל קאָן מען גיין סײַ מיטן יאר, ס׳איז א ביסל נעענטער, סײַ הינטן־ארומער, מיטן גראָזיקן סטעזשקעלע, וואָס פירט צום שמאָלן ריטשקעלע, אין וועלכן דאָס וואסער איז אין די גרעסטע היצן קאלט ווי אײַז. און אז מע וויל, איז דאָס ביכלאל ניט קיין ריטשקעלע, נאָר א מין שפּיגלדיקער אויסגוס פון גלאנציקע קרישטאָלעכלעך, קײַלעכיקע און פארשפּיצטע, פּירעקיקע און פילקאנטיקע, קרישטאָלעכלעך, וואָס שנײַדן אויס זיך אליין, שנײַדן זיך אײַן איינס אינעם אנדערן און נעמען אפּסנײַ זיך ברעקלען, זיך קרישלען אף פּיץ־פּיצלעך און שמעלצן זיך ווידער צונויף, שפּרינגען, ווי די ציגעלעך, איבער די אויסגעטאָקטע און ארומגעשלײַפטע שטיינדעלעך, הייבן זיך אוף און לאָזן זיך ווידער אראָפּ, בײַטן אלעמאָל זייער קאָליר, פון רויט אף גרין, פון גרין אף בלאָוו און פון בלאָוו אף ראָזעווע, און נעמען ארײַן אין זייערע טיפע שפּיגעלעך אלץ, וואָס די וועלט פארמאָגט, צוזאמען מיט די שטראלן פון דער זון.

פונעם ריטשקעלע דארף מען פארקערעווען א ביסל אף רעכטס צו יענע אלטע ווערבעס און צו יענעם בערגל, וווּהין דאָס גאנצע שטעטל גייט שפּאצירן יעדן שאבעס און לאָזט דאָרטן איבער אָן א שיר לײדיקע שקארמיצלעך, פּאפּירלעך, שמאטקעלעך, סעכערלעך, ברעקלעך און שאָ־לעכצן פון ניסלעך און קערלעך. האָבן די שפּערלעך, ווערעמלעך און די יאשטשערקעס, וועלכע שנאָרן ארום צווישן גראָז, וואָס צו נאשן א גאנצע וואָך. טאקע דאָ, אונטער אָט דעם שאבעסדיקן בערגל, שטייט די בראָווער קרענעצע, וואָס איז שטענדיק געווען ליב מיט איר נאָענטער וואסער, מיטן הילצערנעם קווערטל און מיט דער אלטער ווערבע איבער איר.

אף אָט דעם בערגל, ניט ווײַט פון די ווערבעס און פון דער קרענעצע, איז געשטאנען יאנקעווֹ־לייבס שטיבל... דאָרט האָט געוווינט איטע. נאָר באַגעגנט האָבן מיר זיך ניט לעבן דער קרענעצע, ניט לעבן די ווערבעס און ניט באם יאר, נאָר אין מאָסקווע, פינף מינוט גאנג פון דער מעטראָ־סטאנציע „עראָפּאָרט", אין א גרויסשטאָטישער דירע, וואָס האָט סײַ פון דרויסן, סײַ אינווייניק פארמאָגט אלע אטריבוטן פון הײַנטצײַטיקײַט. נאָר דאָס האָט קיינעם ניט געשטערט, עס זאָל זיך מיר דוכטן, אז איך בין ארײַנגעקומען צו יאנקעווֹ־לייבן אין זײַן שטיבל, און איבערלעבן מיט אים אלץ אפּסנײַ. דאָס שטיבל איז מיטאמאָל ווי אופגעשטאנען טכ׳אָס־האמייסים. נאָר אין א מײַסעלע קאָן אזוינס פּאָרקומען: שיר ניט אין סאמע צענטער פון מאָסקווע זאָל דיר זיך אָנהייבן דוכטן, אז דו ביסט אין כא־שטשעוואטע, שפּאנסט איבערן ברוקירטן מארק־פּלאץ, פּילסט אונטער די פיס די אייגענע שטיינדעלעך, די אייגענע זאמד, די אייגענע קאליוזשעס, די זעלבע אייגענע טיפע ליימיקע בלאָטע.

איטע דערציילט מיט אזא פּארכאפּונג וועגן זייער שטיבל, וועגן דער אלטער באָד, וועגן אונדזערע שכיינים ראכמיל גאזלען און וועלוועלע מעשומעד, בערל גארבארניק און נויעך שטריקלדרייער, ראָסיע די לאנגע און מוישע דעם טויבן, אז זיי שטייען מיר אלע פאר די אויגן, ווי לעבע־דיקע. מיר דוכט זיך, אז באלד וועט פון איין שטיבל ארויספאָרן בערל גארבארניק מיט זײַן פערד־און־וועגעלע, פונעם צווייטן ראכמיל גאזלען

מיט זײַן גרויסער פּאַס, און גלײַך נאָך זיי וועט אַרויסקומען מוישע דער טויבער, בלײַבן שטיין אַפן רעכטן פוס, אויסציִען פאָרויס דעם לינקן און אָנהייבן אויסזינגען אַף זײַן אויפן:

— פון צוועלעף, ווײַבער, ביטלעך. ביז צוועלעף — א באָד!

און ווען אין א פּאָר מינוט אַרום זײַנען אַרײַנגעקומען לייב דעם סטעל־מאַכס קינדער — אַרן, זכאַריע און מאַניע, און ס׳זײַנען אַוועק נײַע און נײַע זיכרוינעס, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך האָב אין איין אויגנבליק דורכגעשפּאַנט דאָס גאַנצע שטעטל פון אונטן אַרויף און איך בין שוין בא דער סאַמע לעצטער שטוב פון דער קאָוואַליוווקע.

מע דאַרף פאַרשטיין, אַז איטע האָט מיך אײַנגעלאַדן אַף אָט דער אומ־געוויינלעכער באַגעגעניש ניט צוליב דעם, זי זאָל אין פערציק יאָר אַרום מיר פאָרוואַרפן דערפאַר, וואָס איך, אַלס סעקרעטאַר פון קאָמיוגישן קע־מערל, בין געווען קעגן דעם, זי זאָל זיך פאָרן לערנען, און אַפילע גע־שטעלט די פראַגע וועגן איר אַף דער זיצונג פון ביוראָ.

דאָס פּופּצניאָריקע מײדעלע, וואָס האָט נאָרוואָס געהאַט געענדיקט די זיבניאָריקע שול, איז אַף צולאָכעס דעם דאַלעס געווען א ביסל צו געפּאַקט און צו יינגלש, כאָטש היטעלעך מיט גלאַנציקע דאַשעקלעך האָבן דאַן געטראָגן אַלע מיידעלעך פון איר עלטער. זי האָט געהאַט אירע אייגענע כעזשבוינעס מיטן דאַלעס, מיט דער נויט, אין וועלכער זי איז אויסגע־וואַקסן, און מיטן לעבן ביכלאַל. טאַקע איבער דעם, האָט זי געהאַלטן, מוז זי פאָרן ווײַטער זיך לערנען. ווײַל אויב זי האָט געקאָנט אויסהאַלטן אַזעלכע זיבן שווערע יאָר, איז דאָס געווען ניט צוליב דעם... מיט איין וואָרט, זי מוז שוין פאָרן זיך ערגעץ לערנען. און ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן, מוז זי אַרויסדראַפּען, זיך זי מוז זיך צו עפּעס דערשלאָגן, זי מוז זיך שטעלן אַף די פיס, זי מוז, זי מוז, זי מוז...

איך האָב דאַן ניט געוווּסט, פונוואַנען האָבן זיך בא איר גענומען אַזויפיל „מוזן״, און דערפאַר האָב איך זי ניט פאַרשטאַנען. בא מיר איז אויסגעקומען, אַז דאָס וויכטיקסטע איז אַרבעטן. יעדערער פון אונדז האָט אַף זײַן אויפן אופגענומען דעם באַגריף — לערנען זיך, פאַרשיידן אים אויסגעטײַטשט און פאַרשיידן דאָס אַלץ זיך פאָרגעשטעלט. איך געדענק שוין ניט, וואָס די ביוראָ האָט דאַן באַשטימט און מיט וואָס פאַר א שטראָף איז איטע דאַן אָפּגעקומען, מיט אַן אויסרייד צי מיט א פאָשעטער באַמער־קונג. נאָר איטע האָט געהאַלטן, אַז מיר האָבן געהאַנדלט ניט ריכטיק, און טאַקע אַוועקגעפאָרן לערנען זיך. ווײַל זי איצט, אין פערציק יאָר אַרום, דערווײַזן איר געוועזענעם סעקרעטאַר פון קאָמיוגישן קעמערל, אַז גערעכט איז געווען זי, און אומזיסט האָבן מיר זיך דאַן אַזוי געהיצט. ווען זי זאָל דאַן געווען זײַן אימשטאַנד אויסדערציילן אַלץ, וואָס בא איר אַפן האַרצן, און ווען מיר זאָלן דאָס אַלץ געווען אויסהערן, וואָלטן מיר געווען באַשטימט גאָר אַנדערש. ווײַל... די צײַט האָט באַוויזן...

ווייל, הייסט עס, א מענטש אויסריידן זיך דאָס האַרץ. און אַרויסזאָגן בא אירע קימאַט זעכציק יאָר דאָס, וואָס זי איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסזאָגן בא אירע פופצן. נאָר איבערדערציילן דאָס אַלץ אַף איין פוס איז ניט פון די גרינגע זאַכן. דערצו האָט איטע די גאַנצע צײַט מיט אַלע

קויכעס זיך געריסן פֿון כאשטשעוואטע, און איך האָב איצט פֿון כאשטשעוואטע ניט געוואָלט אוועק. ווען נאָך וועל איך האָבן אַזאַ זעלטענע געלעגנהײַט? אָט האָבן זיך צונויפֿגענומען אַ בינטל כאשטשעוואטער, מיר זיצן בײַ אַ רײַך געדעקטן טיש, אין וועלכן איטע האָט אַרײַנגעלייגט ניט ווייניק האָרעוואַניע און דערפֿינדערישקײַט, און מיר דוכט זיך, אַז דאָס גאַנצע באָד־געסל, די גאַנצע קאָוואַליוקע האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַהער אויף אַ שׂימחה.

ביז עפּעס וואָס, ביז מירן נעמען אַ קויסע און ווערן בעגילופֿנדיק, לאָמיר אײַך באַקענען מיט די שפּילקעלעך — אַזוי האָט מען גערופֿן לייב דעם סטעלמאַכס קינדער, וועמעס פֿאַמיליע ס'איז געווען און געבליבן שפּילקאָ. זכריע, וואָס הייסט איצט זאַכאַר לוואָוויטש און האָט אַמאָל געהייסן פּאָשעט זאָזיע, איז מיט גאָרנישט ניט ענלעך אויף אַלע איבעריקע „שפּילקעלעך". ס'איז אַפֿילו שווער צו זאָגן, ווי־אַזוי איז אויף לייבס מיסט אויסגעוואַקסן אַזאַ גוואַר. דערצו איז לייב אַליין געווען ווײַט ניט ענלעך אויף קיין לייב. ס'האָט אים זייער אַ סך געפֿעלט סײַ צו דער מאָס, סײַ צו דער וואָג. דערפֿאַר איז ער געווען זייער אַ זשוואַווער, האָט געקאָנט אַרומטאַנצן אַרום אַ ראָד אָדער אַרומטעסען אַן אַקס, מאַמעש אויסטאָקן זי פֿון באַגינען ביזן אָוונט, אַמאָל בײַ זיך אין וואַרשטאַט און אַמאָל פּאָשעט אין דרויסן, אויף דער פֿרײַער לופֿט. גיי זשע דערקען איצט זײַן זכריען, וואָס איז בײַ זײַנע זעכציק יאָר יונגמענעריש־ברייטפּלייציק און שטאַלטנע, מיט אַ רונד פּאָנעם, פֿול מיט גוווּרע. דאָס אַלץ ווערט נאָך מערער קאָשע, ווען מע דערוויסט זיך, אַז ער איז אַרויס פֿון דער מלחמה קוים אַ לעבעדיקער, מיט אָן אַ שיר פֿאַרהיילטע און ווי־ניט־איז פֿאַרלאָטעטע ווונדן, און אַז ערגעץ שטעקט נאָך עפּעס אַ שפּליטערל אויף אַזאַ אָרט, פֿונוואַנען עס איז דאָס אוממעגלעך אַרויסבאַקומען. דערפֿאַר איז אַרן, וואָס איז אויף אַ סך עלטער פֿון זכריען, פּונקט אינעם טאַטן געראָטן. לייב סטעלמאַך מיט אַלע פּישטשעווקעס. די זעלבע דאַרלעכקײַט, דאָס זעלבע לענגלעכע, אַ ביסל אײַנגעפֿאַלענע פּאָנעם, די זעלבע, אַ ביסל אַרויסשפּאַרנדיקע ציין און די זעלבע, אַ ביסל פֿאַרקלערטע שוואַרצע אויגן מיט זייער שאַרפֿן בליק, וואָס אַמאָל איז ער גוטמוטיק אָפּשפּעטנדיק און אַמאָל פֿינקלדיק־בייז, און דעריקער — דאָס שמייכעלע, וואָס גיט אַ קנייטש אויס די מאָגערלעכע באַקן און לאָזט אַרויס אויף העפֿקער די לענגלעכע ציין. אַזעלכע זײַנען זיי אַלע, די „שפּילקעלעך", געראָטן האַלב אינעם טאַטן, האַלב אין דער מאַמען, וואָס איז מיט איר מאָס און הייך געווען זייער ענלעך אויף איר לייבן.

די מיידלעך זײַנען אַ ביסל פֿון אַן אַנדער שניט. אָט זיצט אַנטקעגן מיר מאַניע, און איך קאָן ניט זאָגן, אין וועמען זי איז געראָטן. מוז איך זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס זי איז ענלעך אויף איר עלטערער שוועסטער, אויף ביילקען: דאָס זעלבע מאַטעווע פּאָנעם, די זעלבע שוואַרצע אויגן און די זעלבע רירעוודיקײַט. יענע, ביילע, איז אַמאָל געווען צווישן די ערשטע אַקטריסעס אין אונדזער שטעטלשן דראַמקרײַז. אין אַלע פּיעסן האָט זי געשפּילט די בייזע שוויגערס, די מאַכשייפֿעדיקע שטיפֿמאַמעס און אַנדערע שלעק. ניט געקוקט אויף דעם, האָט אין איר זיך פֿאַרליבט דער סופֿליאָר

פונעם דראמקריז, הילעל פישמאן. ער איז געווען זייער א שטילער באַ־כער, אָט דער הילעל, מיט זייער א שטילער שטים. סאמע אזא, ווי עס פאסט פאר א סופליאָר. די ליבע זייערע איז אויך געווען זייער א שטילע. און אָט אזוי שטילערהייט האָבן זיי כאסענע געהאט. צי איז אין דעם מאניע אויך געראָטן אין איר עלטערער שוועסטער, ווייס איך ניט. ווי איך ווייס דערוויַיל ביכלאל ניט, ווער זיַינען זיי היַינט, אָט די אלע „שפּילקעלעך”, ווי האָבן זיי עס דורכגעמאכט אָט די פערציק יאָר. פאר מיר איז געווען דאָס, וואָס זיי זיַינען כאשטשעוואטער, וואָס מיר אלע זיַי־נען אף דעם זעלבן מיסט אויסגעוואקסן, אין איין כיידער געגאנגען, דער־נאָך די זעלבע פּיאָנערישע און קאָמיוגישע לידער געזונגען. דערנאָך... וועגן יענעם „דערנאָך” וועלן מיר זיך דערוויסן שפּעטער. דערוויַיל ווייסן מיר, אז מיר אלע טראָגן אין זיך די אלע יאָרן זייער פיל אומפארגעס־לעכס, וואָס מאכט אונדז אלע פאר נאָענטע קרויווים.

ארן, וואָס איז מיט אלע פּישטשעווקעס ענלעך אף זיַין טאטן, האָט פלוצעם אָנגעהויבן זינגען, צי דערפאר, וואָס ער האָט געגומען א קויסע, צי דערפאר, וואָס ער האָט, פונקט ווי איך, ווי מיר אלע, זיך דערפילט אין גאָר אן אנדערער, מיַיסעדיקער וועלט, ווען עס לעבט מיטאמאָל אוף דאָס שוין לאנג פארפלויגענע.

אפן פּריפּעטשעקל ברענט א פיַיערל,
און אין שטוב איז הייס.

ארנס קעלכל איז א שטילס, א שוואכס, א ביסל א פּישטשענדיקס, נאָר ס'האָט ניט לאנג געקלונגען אליין. אלע איבעריקע „שפּילקעלעך” האָבן אים גליַיך אונטערגעהאלטן, און ס'איז אוועק. האָבן מיר אלע אָנגעהויבן זינגען. דאָס אלטע, לאנגאָניקע לידעלע ווערט וואָס אמאָל פעסטער בא זיך, קלינגט וואָס אמאָל מעכטיקער, פריילעכער, און מיר אלע, ווי מיטא־מאָל אראָפּגעוואָרפן פון זיך אלע יאָרן, פילן זיך, ווי יענע כיידער־ייִנג־לעך, וואָס כאזערן אויס דעם אלעפבייס און ווארטן, אז דער רעבע זאָל זיי א קניפּ טאָן אין בעקל און שענקען א לעקעכל.

נאָר ווי קומט עס, אז אויך קאטיע האָט אזוי גוט פארגעדענקט דאָס אלטע לידעלע? יאָ, כ'האָב גאָר פארגעסן, אז מיט קאטיען האָב איך איַיך ניט באקאנט. געווען איז דאָס א פאָשעטע ייִדיש מיידעלע, נאָר דער נאָמען איז בא איר געווען א רוסישער — קאטיע. די איינציקע מיט אזא נאָמען צווישן אלע כאשטשעוואטער ייִדישע מיידעלעך. זי איז שוין איצט בא די זעכציק, און דער קאָפּ איז בא איר פיל וויַיסער, ווי בא אנדערע פרויען אין אירע יאָרן. פארקעמט איז זי אויך ניט אזוי, ווי אנדערע, טאקע גאָר, גאָר אנדערש. איך ווייס נאָך דערוויַיל וועגן איר גאָרנישט ניט: ניט פארוואָס זי איז אזוי וויַיס און ניט פארוואָס זי איז אזוי פארקעמט. איך האָב נאָר באוויזן דערוויסן זיך, אז זי איז אן ארכיטעקטאָר און אלע אירע קענטע־נישן האָט זי ארייַנגעלייגט אין מאָסקווע, אין אירע בויוּנגען. איז לאָמיר ניט באמערקן דעם וויַיסן קאָפּ האָר און די צוגעפארבטע ליפּן. דעריקער זיַינען דאָך די אויגן. די גרויסע ליכטיקע אויגן, וואָס קוקן אף דער וועלט פול מיט נייַגער און פארכאפּונג, ווי אמאָל אין די קינדער־יאָרן. ציט זיך

ווײַטער יענץ שיין מײַסעלע, וואָס קאָן זיך אלע מאָל אָנהייבן מיט די ווערטער: געווען אמאָל...

געווען אמאָל אזא ייִדיש מיידעלע מיט א רוסישן נאָמען, א כיינעוודיק מיידעלע, מיט צוויי פולע ראָזעווע בעקעלעך, מיט פארכאָלעמטע בלויע אויגן און מיט פּונקט אזעלכע בלויע סטענגעלעך, אריַינגעפלאָכטן אין די קורצע, גראָבע צעפּעלעך. פארוואָס האָט אונדזער לערער הערשל ראָטנבערג אָנגערופן זײַן באַסיעכידקעלע מיט א רוסישן נאָמען? מעגלעך דערפאר, ווײַל דאָס האָט געדארפט קלינגען אינטעליגענטיש. מיט עפּעס האָט ער דאָך געדארפט זיך אונטערשיידן פון די שטעטלשע מעלאמדים! און עפּשער איז די מײַסע געווען ניט אזוי, עפּשער האָבן די מאָסקווער פעטערס און מומעס, ווו דאָס מיידעלע האָט מערסטנטייל פארבראכט, דעם עמעסן נאָמען אירן איבערגעדרייט אזוי, אז ס׳איז געוואָרן קאטיע. זי האָט געיאַרשנט בא אירע קרויווים ניט נאָר דעם רוסישן נאָמען, נאָר אויך א גוטן רײַכן רוסיש, גערעדט ווי אן עכטע מאָסקוויטשקע, וואָס ברענגט ארויס דעם „אָ״ ווי אן „א״. מיר האָבן קיין רוסיש ביכלאל ניט געקענט, ניט אף קיין „אָ״ און ניט אף קיין „א״, און דערפאר איז קאטיע געווען פאר אונדז א גרויסער ווונדער.

ווי זשע קומט עס צו איר? מיט אזא דינער, קינדערישער שטים, ווי אמאָל, ווען זי האָט זייער פײַן געזונגען אלע פּיאָנערישע לידלעך, פּירט זי דאָס לידעלע ווײַטער:

זאָגט זשע, קינדערלעך,
זאָגט זשע, טײַערע,
וואָס איר לערנט דאָ,
זאָגט זשע נאָכאמאָל,
און טאקע נאָכאמאָל,
קאָמעץ אלעף אָ...

זי זינגט און באמערקט אפילע ניט, אז זי זינגט איינע אליין. קיינער האלט ניט אונטער, ווײַל אלע זײַנען ניט ווייניקער פון מיר פארגאפט און פארווונדערט. זי זינגט און שמייכלט צו זיך אליין, און די אויגן אירע... יענע קינדעריש־בלויע און גרויסע אויגן... אָט זשמורעט זי זיי צו, און אָט צעעפנט זי זיי ווידער, גלײַך זי האָט מיטאמאָל דערזען אזוינס, אף וואָס זי האָט פיל יאָרן ארויסגעקוקט. עפּשער פּאַשעט אף אזא אומגעריכטער באגעגעניש, אף אזא אומדערווארטן אָוונט, ווען דו דערפילסט זיך מיטאמאָל אף א סאך ייִנגער, טאקע גאָר ווי א קינד, און עס ווילט זיך דיר אויסזינגען אלע דײַנע קינדערישע לידעלעך.

דוכט זיך מיר, אז מיר זיצן אין אונדזער כאשטשעוואטער שטיבעלע. אין דרויסן איז א ברענענדיקער פראָסט, און אין שטוב איז אויך ניט איבעריק ווארעם. די א ביסל פארגעלטע און א ביסל פארייכערטע הרובע — קוים־קוים וואָס זי דעכעט. זיצן מיר אלע לעבן דער הרובע און פליקן פּעדערן. עס וואקסן דאָך אוף פיר קאלעס, קיין אײַנהאָרע, דארף מען זיי צוגרייטן עפּעס נאדן. אף קיין רײַכן נאדן איז ניטאָ וואָס צו ווארטן, אָבער כאָטש א פּאָר קישן מיט אן איבערבעט. האָדעוועט מען ווינטער אויס א

פאָר געגנדז, ס׳זאָל זײַן שמאלץ אף פייסעך און מע זאָל אָנעמען א ביסל פעדערן אף א קישן... זיצן מיר אלע ארום דער הרובע און פליקן פעדערן. אין דרויסן שיט א געדיכטער שניי און אין שטוב — א שיטער שנייעלע. פיצינקע פעדערלעך־שנייעלעך פליִען ארום איבער דער שטוב, הייבן זיך אוף ביז דער סטעליע און לאָזן זיך אראָפּ צוריק, לייגן זיך אויס אף אונ־זערע קעפּ, מאכן די האָר פּוכקע און א ביסעלע גרוילעך, און קעדיי אונדז אלעמען זאָל ווערן א ביסעלע ווארעמער, הייבט די מאמע אָן זינגען מיט איר געבראָכענער שטים און מיר אלע זינגען איר נאָך:

אפן פריפּעטשעקל ברענט א פײַערל,
און אין שטוב איז הייס...

# כאוואל אל דעאוודין...[1]



אָס היגע, דאָס אייגענע, דאָס ליבע ווינטעלע... ניט יענע פרעמדע און בייזע ווינטן, וואָס טרײַבן אָן פון ערגעץ שווארצע וואָלקנס, גוסרעגנס און זאווייען, ניט יענע שטורעם־ווינטן, וואָס פײַפן און וואָיען, קערן וועלטן, ברעכן צווײַגן, רײַסן ארויסביימער מיט די וואָרצלען און לאָזן איבער א סאך הײַזער אָן דעכער, נאָר דאָס היגע, דאָס אייגענע ווינטעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן טאקע דאָ און אָפּגעלעבט איניינעם מיט פיל זיידעס און באָבעס, טאטעס און מאמעס, קינדער און אייניקלעך א סאך, א סאך יאָרן... דאָס ווינטעלע, וואָס האָט מיט א שטילן גלעט יעדן גאנצפרי דיר אָפּגעגעבן דעם „גוטמאָרגן" און וואָס האָט יעדן אָוונט דיר ארײַנגעזונגען דורכן פענצטער — א גוטע נאכט, א גוטע נאכט... אָט דאָס ווינטעלע פארמאָגט זײַנע באזונדערע רייכעס, רייכעס, וואָס ס'האָט ארײַנגענומען, איבערגע־מישט אין זיך פאר פיל יאָרן פון די פרילינגדיקע בלי‌ונגען און אָסיענ־דיקע צײַטיקייטן. און דאָס דינע, שטילע קעלעכל זײַנס, א מין קויל דמאָמאָ דאקאָ, איז פול מיט נעגינע — אמאָל ביז גאָר פריילעכער, ווי כאסענע־טענץ, און אמאָל זייער און זייער טרויעריקער. עס האָט א סאך געזען, א סאך געהערט, און דער זיקאָרן בא אים... איין כיסאָרן נאָר האָט עס, — עס האָט שוואכע פליגל און קאָן ניט ווײַט פליִען. עפשער... עפשער איז דאָס גאָר זײַן מײַלע, ווײַל ווען עס זאָל האָבן שטארקערע פליגל, פליט עס אוועק אין עק וועלט, און גיי זוך דאָס. אזוי צי אזוי, נאָר אויב דו ווילסט זיך זען מיט דעם, ווילסט, עס זאָל דיר עפעס אויס־זינגען, אויסדערציילן, ווילסט, עס זאָל דיר ווי אמאָל א גלעט טאָן דאָס בעקל און ארײַנראָמען א סאָד אין אויער, קום צו פאָרן אהער, קיין כאש־טשעוואטע, גיי ארויס אין דרויסן א גרויסן פארטאָג, ווען דער נאָך פאר־שלאָפענער בוג פינטלט און מרוזשעט די אויגן פון די ערשטע זונען־שטראַלן, וואָס טאנצן ארום איבערן טײַך, שטעכן דורך די וואסערן מיט טויזנטער גאָלדענע שפיזעלעך. דאָס ווינטעלע וועט דיך גלײַך דערקע־נען, דיר אָפּגעבן א ברייטן שאָלעם־אלייכעם, ארומנעמען דיך פון אלע זײַטן, א גלעט טאָן דאָס פּאָנעם, גרייט זיך צעקושן מיט דיר, און פאר גרויס פרייד אָנהייבן ארײַנזינגען דיר אין אויער אזוינס, וואָס דו האָסט שוין לאנג ניט געהערט און ועסט אין ערגעץ ניט הערן.

דאָס היגע, דאָס אייגענע, דאָס ליבע און אויסגעכאָלעמטע ווינטעלע. אוי, ווי איך האָב זיך פארבענקט נאָך דעם!

צו די אלע געשיכטעס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט בא איטען אין מאָסקווע, האָט מיר זייער געפעלט נאָך אזוינס, וואָס נאָר דאָס היגע ווינ־טעלע האָט מיר געקאָנט דערציילן. איך האָב זייער נייטיק באדארפט נאָ־

[1] דער ווײ איבער די אומגעקומענע.

כאמאָל דורכשפּאַצירן פאַרבײַ דעם יאָר מיט די בודיקעס און טישעבאָוו־בערעלעך, פאַרבײַ די ווערבעס און דער בראָווער קרענעצע און אַרוף מיטן בערגל צו יאַנקעוו־לייבס שטיבל. איך ווייס, אַז דאָס שטיבל, ווי פיל אַנדערע הײַזקעס אַרום דעם, איז שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ, אָבער דאָס אָרט, דאָס בערגעלע אַליין, ווו דאָס שטיבל איז געשטאַנען, האָב איך געמוזט זען. כ'האָב געדאַרפט אָפּשטיין אויף דעם אָרט אַ פּאָר מינוט און דאָס ווינטעלע זאָל מיר אָפּסנײַ איבערדערציילן, וויאַזוי מע האָט געבראַכט יאַנקעוו־לייבן אַ האַלב־פאַרפרוירענעם אַהיים און ווי ער האָט אָפּגעהוסט עטלעכע כאַדאָשים, ביז... די דעניקינצעס האָבן אים גע־האַרגעט.

דערנאָך האָב איך געדאַרפט דורכשפּאַצירן דורכן גאַנצן שטעטל באַרג־אַרוף צו דעם לעצטן שטיבל פון דער קאָוואַליוּוקע, צו לייב דעם סטעל־מאַכס שטיבל. דאָס שטיבל, וואָס לייב האָט אויסגעוואַלקעוועט מיט זײַנע אייגענע הענט, שטייט נאָך ביז הײַנט, נאָר לייב אַליין איז שוין ניטאָ, ניט לייב, ניט זײַן סאָרע. זיי ליגן ניט ווײַט פונדאַנען, אַ ביסל נידעריי־קער, אין די הליבישטשעס איניינעם מיט אַלע איבעריקע האַרוגים. וואָס זשע האָב איך געוואָלט פונעם שטיבל? איך האָב געוווּסט, אַז דאָס ווינטל, וואָס גייט מיר נאָך פוסטריט, וועט דאָ, באַם שטיבל, מיר דערמאָנען עפּעס אַזוינס, וואָס אַלע דערציילער האָבן דורכגעלאָזט.

עס האָט מיך אַ ציי געטאָן אַהער, ווײַל איך האָב זיך פאַרבענקט נאָכן ליבן ווינטעלע און נאָך די העלדן פון מײַנע ווערק. אייניקע פאַרשווינען האָב איך געטראָפן אויף זייערע ערטער, אין זייערע הײַזער, אַנדערע האָב איך שוין געדאַרפט זוכן אפילו בעסוילעם.

מײַן עלטערע שוועסטער, כײַקע, איז געשטאָרבן אין אַ יאָר אַרום נאָך מײַן לעצטן באַזוך. אַט אַזוי, פּלוצלינג און אומגעריכט. געקומען אַהיים פונעם מאַרק, אוועקגעשטעלט דאָס קוישעלע אין קיכל, אַרײַנגעקומען אין שטוב אַרײַן און אַ זאָג געטאָן:

— אוי, ס'איז מיר עפּעס ניט גוט.

און אין אַ שאָ אַרום איז זי שוין ניט געווען.

כײַקע, כײַקע... זי איז געווען די סאַמע עלטסטע, און איר איז אויס־געקומען אויסניאַנטשען אונדז אַלעמען. און ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, איז זי געוואָרן די גלאַוונע באַלעבאָסטע. זי האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז זי מוז די ערשטע זיך נעמען אין די הענט, זי דאַרף האָבן אין זינען סײַ דאָס קליינוואַרג און סײַ דעם טאַטן.

אַ בעריע איז זי געווען, ווי די מאַמע. זי האָט געקאָנט פון גאָרניט אָפּ־קאָכן אַ געשמאַקן מיטיק, זייער גוט פּאָליען קאַרטאָפל, גראָבן בורעקעס און ווייִנען איבער אַ ביכל.

זינט איך האָב נאָך יינגלווײַז פאַרלאָזט דאָס שטעטל, האָבן מיר זיך געזען זייער זעלטן. עפּשער איין מאָל אין פינף יאָר, ס'האָט געטראָפן, אַז אויך איין מאָל אין פופצן. בלויז די לעצטע יאָרן זיך געזען אַ ביסל אָפּ־טער. נאָר בריוו זײַנען געגאַנגען אַהין און אַהער. יעדער בריוו אירער איז געווען פול מיט זאָרג, גלײַך איך וואָלט נאָך געווען יענץ קליין ברו־

דערל, ווען מע דאַרף עפּעס דערלאַנגען אין מויל אַרײַן. כאָטש אייגענע דײַגעס האָט זי געהאַט אַ פֿולן זאַק.

בין איך געקומען צו איר צוגאַסט שוין אַהער, אויף דעם נײַעם כאַשטשע־וואַטער בעסוילעם, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די הלינישטשעס אַרום די ברודער־קוואָרים.

די אַלטע פֿייגע האָב איך שוין אויך געטראָפֿן דאָ. ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל, מיט אַ יאָר אַכט צוריק, און זי האָט זיך אָנגעהויבן קלאָגן אויף די קנייטשן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אונטער די אויגן, האָב איך דאָס אויפֿגענומען ווי אַ שפּאַס. אַז מע קלאָגט זיך בײַ צוויי און אַכציק יאָר אויף די ערשטע קנייטשן, איז אַ סימען, אַז מע האַלט נאָך פֿון פֿאָרנט. דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר זיך געזען, ווען די גאַנצע מישפּאָכע אירע, אַ מענטשן דרײַסיק, האָבן זיך צונויפֿגעקליבן צו איינער פֿון פֿייגעס טעכטער, צו סאָרען, אויף אַן אומגעוויינלעכער לייענער־קאָנפֿערענץ וועגן מײַן ראָמאַן „יונגע יאָרן”.

די אַלטע פֿייגע איז געזעסן, ווי געוויינלעך, אויף איר פּאָלירטער שטול מיט הויכע פּאָרענטשעס, אויף איר קיסיי־האַמאַלכוס, דער גראָוער קובליק איז געוואָרן אינגאַנצן ווײַס, די קנייטשן פֿון אונטער די אויגן, אויף וועלכע זי האָט זיך אַזוי געקלאָגט מיט עטלעכע יאָר צוריק, זײַנען זיך צעפֿאָרן איבערן גאַנצן פּאָנעם, און די אויגן אַליין... ס'איז שווער געווען צו זאָגן, וואָס איז געשען מיט אירע אויגן, נאָר עפּעס זײַנען זיי געוואָרן פֿול מיט אומרו. זיי בלאָנדזשען די גאַנצע צײַט אַרום, גלײַך זיי זוכן עמעצן אַרום זיך און קאָנען ניט געפֿינען. מיט איין וואָרט — די אַלטע פֿייגע מיט אַלע אירע זעקס און אַכציק יאָר און מיט איר ביז גאָר שוין אָפּגעשוואַכטן זיקאָרן. אין ביידע געראַמע צימערן — האַלעוויַ אויף פֿיל באַגעגענישן געזאָגט געוואָרן — זין און טעכטער, שנורן און איידעמס, אייניקלעך און אוריינִיק־לעך.

אויף די טישן — פֿון הערן און געדענקען. האָבן מיר גענומען אַ לעכאַיִם און פֿאַרביסן מיט זייער מאָדערנע בייגעלעך און מיט זייער אַלטמאָדישן שטרודל. ביידע אַלציינס געשמאַק און מע האָט וועגן ביידע געקאָנט זאָגן אַ גוט וואָרט, באַזונדערס, ווען פֿריידל־פֿרידע האָט זיך מודיע געווען, אַז דאָס גאַנצע געבעקס, סײַ דעם מאָדערנעם, סײַ דעם אַלטמאָדישן, האָט אָפּגעבאַקן איר טאָכטער אַללאַ, אַ לערערן פֿון ענגליש אין דער היגער שול. דאָס האָט זי, הייסט עס, געמוזט דערווײַזן, אַז ניט נאָר די קינדער, נאָר אויך די אייניקלעך האָבן געיאַרשנט פֿון דער באָבען די קענטעענישן פֿון קאָכן און באַקן. האָב איך געלויבט דאָס געבעקס אין טאָג אַרײַן, כאָטש מערער פֿון אַלעמען זײַנען מיר געפֿעלן געוואָרן די קאָווענעס, די קאָווע־נעס, מיט זייער בלוי־רויטער פֿאַרב, מיט זייער באַזונדערן רייעך און באַזונדערן זאַפֿט, וואָס דערמאָנט מיר שטענדיק אין מײַן ווײַטער קינדהײַט, ווען פּונעם קאָווען, וואָס דער טאַטע פֿלעגט פֿאַנאַנדערשנײַדן, פֿלעגט מיר אָנקומען דאָס קלענסטע און דינסטע ריפּטעלע, און נאָכן אײַנשלינגען עס, פֿלעגט בײַ מיר שטענדיק אויפֿקומען אַ דאָרשט אויף ניט אײַנשטילן. כאָטש נאָך אַ שטיקעלע קאָווען...

האָבן מיר געגומען אַ גוטן לעכאַים, פֿאַרביסן מיט זייער געשמאַקע זאַכן און געלויבט אין טאָג אַריין די זעלטענע מײַכאָלים.

דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן לייענען...

מער ווי פֿאַר אַלעמען האָב איך זיך געשראָקן פֿאַר דער אַלטער פֿײַגען. דעם עמעס געזאָגט, די מײַסע, וויאַזוי זי איז געלאָפֿן זוכן איר מאַטלען, האָט זי מיר געהאַט דערציילט, ווי מע זאָגט, אין אַלגעמיינע שטריכן. אַ סאַך איינצלהײַטן, לעמאָשל, וויאַזוי זי האָט געפֿונען איר מאַטעלען אין אומאַן צווישן די מאַרשירנדיקע רויטאַרמייער, וויאַזוי זי האָט אים דערקענט, און וויאַזוי זיי האָבן זיך דורכגעוועדטלט, האָב איך שוין מערער צוגעטראַכט. איך האָב זייער מורא געהאַט, זי זאָל מיך ניט פּאַקן באַ אַ ליגן. נאָר פֿײַגע איז געזעסן שטאַרק פֿאַרטיפֿט אין זיך, די אויגן האַלב צוגעמאַכט, און מיר האָט זיך אָפּטמאָל געדוכט, אַז זי דרעמלט. נאָר זי האָט געהערט זייער אופֿמערקזאַם, ניט דורכגעלאָזט קיין וואָרט, פֿון מאָל צו מאָל האָט אַף איר פּאָנעם אַ שײַן געטאָן אַ ראָזעווע שמייכעלע, וואָס האָט אַ ביסל פֿאַרגלעט די קנייטשן. מיט אַלע אירע געדאַנקען, מיט אַלע אירע קושיות איז זי געווען אין יענער ווײַטער צײַט און אַפּסנײַ איבערגעלעבט אַלץ. נאָר שוין ניט אַזוי, ווי דאָס איז געווען אין לעבן, נאָר אַזוי, ווי באַ מיר איז דאָס באַשריבן. זי איז געווען זיכער, אַז אַלץ איז געווען פּינקטלעך אַזוי. און ווען איך האָב געענדיקט לייענען דאָס ערשטע קאַפּיטל, געמאַכט אַ קליינעם איבערײַס און געגומען אַ שטיקל קאַווען, האָט זי אָנגעהויבן אַליין דערציילן... אַ שטיקעלע פֿאָרזעצונג, וואָס איז, לויט איר מיינונג, געבליבן ניט באַשריבן.

אָפּגעפֿרישט דעם האַלדז מיט אַ שטיקל זיסן קאַווען, האָב איך געגומען לייענען ווײַטער. עס גייט ווי עס דאַרף צו זײַן. איינער טוט אַ שמייכל, אַ צווייטער טוט אַ שמאַצקע מיט די ליפּן, אַ צי מיט דער נאָז, און אַ דריטער ווישט אָפּ אַ טרער. און אין אַלע ווינקעלעך פֿונעם גרויסן צימער שעפּטשען שטיל די איבערזעצער. ווער איך באַ זיך פּעסטער. באַזונדערס נאָך דעם, ווי איך דערוויס זיך, אַז מיט די פֿאַרשיידענע לידלעך האָב איך אויך געטראָפֿן. טאַקע פּונקט אָט די לידלעך האָט געזונגען יעדערער אין זײַן צײַט. אייניקע האָבן אַפֿילע געפּרוווט איבערײַסן אַף אַ ווײַלע די פֿאָרזעצונג און אויסזינגען די ליד אַזוי, ווי זי איז אַמאָל געזונגען געוואָרן. פֿאַר מיר איז דאָס געווען ווי געפֿונען. כ׳האָב געקאָנט איבערכאַפּן דעם אָטעם.

יעדערער איז אַזויאַרום מאַסקים געווען מיטן לידל, וואָס איך האָב אים צוגעשריבן. נאָר ווען ס׳איז געקומען צו פֿײַגעס ליד „גאָראָד בײַקאָלײַעוו, פֿראַנצוזסקי זאַוואָד" און צוויי אירע טעכטער האָבן זי אַרומגענומען פֿון ביידע זײַטן און געגומען אויסזינגען פֿאַר איר דאָס לידל, איז זי געוואָרן ווי באַרויִקט:

— זע נאָר, זע נאָר. פֿײַנע לידלעך זיך דערמאָנט. איר קענט ניט זינגען עפּעס אַ מערער אַ סאָווערעמיאָנע?

ווען איך האָב געענדיקט לייענען און אין שטוב איז אַף אַ ווײַלע געוואָרן זייער שטיל, איז די אַלטע פֿײַגע די ערשטע אַרויס מיט אירע טײַנעס:

— נו, און מײַן יאָסעלע?.. פאַרוואָס האָסטו גאָרנישט ניט דערציילט וועגן יאָסלען?

זי איז געווען זייער בייז אַף מיר. זי איז געווען מאָלע רעציכע, גלײַך איך האָב זי מאַמעש באַראַבעוועט. אָדער זייער מיט עפּעס באַאוולט.

— טוט נאָר אַ קוק אַף אים, — האָט זי גענומען טײַטלען אַף מיר מיט די פינגער. — וויאַזוי מע האָט פריידלען אויסגעשלאָסן פון די פּיאָנערן, האָט ער באַשריבן מיט אַלע פּישטשעווקעס, מע קאָן מיינען, אַז די גאַנצע וועלט מוז עס וויסן. און וועגן יאָסעלען האָט ער פאַרגעסן.

זי האָט זיך געקליבן דערציילן וועגן איר יאָסעלען אַ געשיכטע, וואָס האָט געדאַרפט איבערשטײַגן אַלע אירע פריִקע געשיכטעס, נאָר דער זיקאָרן... ער האָט עפּעס ניט געוואָלט צי ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט. דאָס פּאָנעם האָט זיך געקנייטשט, די אויגן האָבן געפינטלט, און דער שטערן... דער שטערן האָט געמאַכט אַזאַ מינע, גלײַך אָט־אָט האָט ער אָנגעטאַפּט דאָס, וואָס זי זוכט. נאָר ס׳האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען. האָט זי בלויז אַ קוק געטאָן אַפן פּאָרטרעט פון איר געדאַליען, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט, אַ פּאָרטרעט, אָנגעמאָלט מיט אייל־פאַרבן, פון וועלכן ס׳האָבן ווי לעבעדיקע אַראָפּגעקוקט די פאַרדײַגעטע אויגן און דאָס היפּשע ווײַסע בערדל, און אַ זיפץ געטאָן:

— ע, ווען מײַן געדאַליע זאָל געווען לעבן...

ס׳הייסט, ווען איר געדאַליע זאָל געווען לעבן, וואָלט מיטן זיקאָרן אויך געווען אַ סאַך בעסער.

סאָרע־סאָפע, באַ וועמען אין שטוב ס׳איז פאָרגעקומען די דאָזיקע לייענער־קאָנפערענץ, און וואָס האָט אַלעמאָל אין זינען געהאַט אונטערוקן עמעצן אַ נײַ שטיקל געבעקס, אַן עפּל, אַ ריפּטל קאַווען אָדער אַ נאָרוואָס געעפנט פלעשל לימאָנאַד, האָט די ערשטע געכאַפּט זיך, אַז מע דאַרף אַרויסראַטעווען די געסט פון דער צו פאַרצויגענער פּאַוזע און אונטערמינטערן אַ ביסל די פאַרצווייפלטע מאַמע. זיך צוגערוקט אַ ביסל נעענטער צום טאַטנס פּאָרטרעט, האָט זי אויסגערופן מיט אַ מינע, ווי מע רופט אויס דעם אָרדנטלעכן נומער אַף אַן אָוונט פון זעלבסטטעטיקײַט:

— און איך וועל באַלד זינגען אַ לידל, וואָס אַ סאַך האָבן עס געוויס פאַרגעסן. מיט דעם לידעלע פלעגט מיך דער טאַטע פאַרוויגן, ווען איך בין געווען נאָך גאָר אַ פּיצל:

אוי, דו עפּלבוים, עפּלבוים, פאַרוואָס ביסטו אַזוי שיין?
וואָס בין איך אַזוי שיין?
אָט וועל איך דיר באַלד זאָגן.
איך בין געוואַקסן אין גרויסע סעדער,
מײַנע בלעטער האָבן מיך באַשלאָגן.

אַפּאָנעם, אַז ניט נאָר זי אַליין האָט געדאַליע סטאָליער פאַרוויגט מיט אָט דעם לידל, ווײַל גלײַך האָבן דאָס אָנגעהויבן זינגען אַלע איבעריקע:

אוי, דו נוסנבוים, נוסנבוים, וואָס ביסטו אַזוי גרין?
וואָס בין איך אַזוי גרין?
וועל איך דיר באַלד זאָגן.

איך טו וואקסן אין טיפע וועלדער,
מײַנע ניס האָבן מיך באַשלאָגן.

געזונגען האָבן שוין אַלע. די אַלטע פייגע אויך. און אירע אויגן... ווער ווייסט... ווען נאָך וועט זי האָבן ארום זיך די גאַנצע מישפּאָכע, ווען נאָך וועט זי פּאר איין טאָג זיך אָנהערן מיט אַזויפיל לידלעך. מיט די יאָרן שפּילט מען זיך ניט. נײַנציק יאָר פונדעסטוועגן, עפּשער נאָך מערער א ביסל. די לעצטע צײַט האָט זי פארלוירן דעם כעזשבן. מעגלעך, געוואָלט אָפּנארן דערמיט דעם מאַלעכהאַמאָוועס.

וועלוול, דער איינציקער פון אירע זין, וואָס וווינט די גאַנצע צײַט אין כאַשטשעוואַטע, און זײַן פרוי עמע האָבן מיך ארומגעפירט איבערן בעסוילעם פון איין מאַצייווע צו דער צווייטער. בא יעדערער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעשוויגן א ווײַלע, און ס'האָט געהייסן, אז מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט א ביסל.

— אזוי גייט עס, — האָט זיך אָנגערופן וועלוול.

און עמע האָט צוגעגעבן:

— וואָלסט איצט געדארפט ווײַזן זיך אהער א ביסעלע אָפטער.

איך האָב פארשטאַנען, וואָס זי מיינט: אויב איך וועל, ווי פריִער, קומען אהער איין מאָל אין א יויוול, וועל איך א סאך באַקאַנטע דארפן זוכן דאָ.

ווײַל אָט, יאַשע... ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן?

גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר, א פערטל יאָרהונדערט, איז יאַשע ווינאָקור, נאָך דער מילכאָמע, געווען פאַרזיצער פון היגן דאָרפראַט.

איך האָב אים געקענט נאָך פון דאַן, ווען אין זייער הויף האָט אָנגעהויבן אופקומען דער כאַשטשעוואַטער קאָלווירט און בעניע קאָוועל האָט אונדז דאָ געלערנט אײַנשפּאַנען פערד, פאָרן רײַטנדיק, שנײַדן סיטשקע, ווערשעווען סקירדעס און פיל אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן א שײַכעס צו ערדארבעט. ער, יאַשע, איז, ווי דאָס היגע ווינטעלע, געבליבן טרײַ די אייגענע קאַנטן, דער היגער ערד, דער ערד ביכלאַל. עטלעכע יאָר פאַר דער מילכאָמע איז ער דאָ געווען פאַרזיצער פון קאָלווירט. אומעטום, וווהין די עוואַקואַציע האָט אים פארוואָרפן, אף אוראַל און סיביר, אין קאַזאַכסטאַן, האָט ער געבריגאַדירעוועט אין די קאָלווירטן, און ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט אהיים, גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר!... פינף און צוואַנציק מאָל געזייט, פינף און צוואַנציק מאָל געשניטן, פינף און צוואַנציק מאָל אויסגעפּילט די פלעגער פון אַלץ, וואָס דאָס דאָרף האָט געדארפט אויספּילן. און אויב עס האָט געהאַלטן שלעכט מיטן פּאָלעץ, האָט ער מיט זײַן כײַקען גענומען די סאָפּקעס אין די הענט און ארויס אין פעלד. צו דער סאָפּע זײַנען זיי געוווינט געווען פון קינדווײַז. און אויב עס איז שווערלעך געגאַנגען דער שניט, האָבן זיי גענומען די ווילעס מיט די הראַבליעס און ווידער ארויס אין פעלד. ווארפן די סנאָפּעס אין דער דרעשמאַשין זײַנען זיי געווען גאָר גרויסע בעריעס. טאַקע בא דער דרעשמאַשין האָט זיך אָנגעהויבן זייער ליבע.

די לעצטע יאָרן האָט יאַשע, כוץ אַלעמען, זייער גוט באַהערשט די צערעמאָניע פון געבן כופּע־קעדושן און אויסלערנען די יונגע פאָרלעך זאָגן

דעם הײַנטצײַטיקן האַרײַ־אַט און אויסטױשן זיך מיט פינגערלעך. ווער כאַסן־קאַלע זאָלן ניט זײַן, האָט ער זיך אַלצײַנס פאַרפּוצט אין זײַן שוואַרצן אָנצוג, איבערגעצויגן איבער די אַקסלען אַ ברייטן ווײַסן האַנטעך און באַקומען יענעם פײַערלעך־שטרענגן אויסזען, וואָס האָט אים געמאַכט סײַ יינגער, סײַ סאָלידער, מיט יענעם פאַרבאַהאַלטענעם שמייכעלע, וואָס איז גרייט געווען אַרויסשפּרינגען אַפן פּאָנעם, ווי נאָר ער וועט צוטרעטן צו דעם צווייטן טייל פון דער צערעמאָניע: אַרויסנעמען פונעם שאַפּקעלע דאָס פלעשל ווײַן מיט די קויסעלעך, אָנגיסן כאַסן־קאַלע, די איידעס און אַלע איבעריקע מעכוטאָנים, ווען עס האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנשטופּן אין קליינעם צימערל פון דאָרפראַט, און ווינטשעווען אַלעמען דאָס, וואָס דאַרף אין אַזאַ פאַל געווינטשעוועט ווערן.

נאָך אַלעמען איז ער געווען אַ פּראָסטער כײַוועקײַעם, ניט פון יענע איבערגעשפּיצטע לײַט, וואָס ווילן ווײַזן, אַז זיי זײַנען קליגער פון אַלע־מען. ער איז געווען אַ פּאָשעטער האָרעפּאַשניק, וואָס האָט יעדער זאַך געטאָן בישליימעס און געפּאָדערט דאָס זעלבע פון אַנדערע. ער איז מיט עפּעס געווען ענלעך אַפן אַלטן בריוטרעגער, וואָס האָט געדינט דעם שטעטל אַלע זײַנע יאָרן און וועמען אַלע האָבן מיט אָפּשײַ גערופן — פּאַ־ני וויפּאַן.

האָט מיט יאָשען זיך געענדיקט אַ גאַנץ פּערטל יאָרהונדערט אײנעם נאָכמילכאָמעדיקן שטעטל. און געוויס וועט ניט איינער, קעדיי פּינקטלעך באַשטימען די צײַט פון עפּעס אַ וויכטיקער געשעעניש, זאָגן:

— דאָס האָט געטראָפן נאָך דאָן, ווען יאָשע ווינאַקור איז געווען פּאָר־זיצער.

כאַוואַל אל דעאָוודין!

און נאָפטאָלע דער שאָפער אויך? אַזאַ גוואַר! ווי ער האָט עס אויסגע־אַרבעט, ווי ער האָט עס אויסגעטאַנצט בײַ זײַן סימכעלען אויף דער כאַ־סענע מיט אַ פּאָר יאָר צוריק! און דאַפקע זײַן ראָכל־לייע, אָט די מאָגערינ־קע, שוואַכינקע ראָכל־לייע, מיטן אײַנגעשרומפּענעם פּענעמל, מיטן שטילן קעלעכל, מיט איר סטענאָקאַרדיע און היפּערטאָניע, מיט די טיפע שניטן אויף די אַקסלען, די סימאָנים פון די שטריקלעך, וואָס האָבן זיך אײַנגעשניטן אין זיי, ווען זי האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער פאַרשנייטער און פאַרכוישעכטער, פאַרמאָרדעוועטער און פאַרפּאַשיסטעוועטער וועלט מיט איר שלוימעלען פאַר דער האַנט און מיט סימכעלען אויף די פּלייצעס, און צען מאָל אין טאָג געזען דעם טויט פאַר זיך, — דאַפקע זי, ראָכל־לייע, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרעסערן גיבער. זאָל זי נאָך לאַנג, לאַנג לעבן.

דאָס היגע, דאָס ליבע, דאָס אייגענע ווינטעלע... עס איז שוין אַן עלעל־דיקס. עס שמעקט מיט אַלטע, אונטערגעווייקטע ווערבעס, מיט פּײַכטע, ניט קיין אויסגעשמיסענע הוישײַנעס, מיט קאַלטע, פאַרכמאַרעטע און ניט קיין דערשלאָפּענע סליכעס־נעכט און מיט אַלץ, וואָס דאָס ווינטעלע האָט פאַרגעדענקט פון אַמאָל... עס טראָגט מיט זיך אויך אַ סאַך נאַרוואַס גע־שאַפנס, דאָס, וואָס דער אָנקומענדיקער האַרבסט האָט אָקאָרשט געבראַכט

מיט זיך: מיט איבערגעפרייעטע זונרויזן־קעפלעך, מיט זיסלעכן זאפט פון געפלאצטע קאווענעס און דיניעס און מיט פרישן בוימל... און מיט פיל נייע און אלטע געשיכטעס... עס ווארט נאָר, דאָס ווינטעלע, עס זאָל האָבן ווער מען צו דערציילן.

אָפטמאָל דוכט זיך מיר, אז ס׳איז שוין ניט יענץ ווינטעלע, וואָס אמאָל, אז ס׳איז א סאך עלטער געוואָרן און איינגאנצן גראָוו. און אלטער גראָווער ווינט, מיט עפּעס ענלעך אף אונדזער אמאָליקן שאָכן אלטער טעלעגראַף מיט זיין לאנגער שיטערער באָרד און אָנגעטרערטע אויגן... און דערציילט אויך, ווי יענער אלטער, ניסים־וועניפלאָעס וועגן דעם, וואָס הייסט ליזיאָן. און טאקע... ווי קאָן מען עס אזוי לאנג לעבן, אזויפיל איבערלעבן און ניט גראָוו ווערן?

ווי נעמט עס א ווינטעלע און מישט אויס איינעם געזאנג מיט געוויין? יונגע, קינדערישע קלינגענדיקע שטימען מיט שטילן, פארדומפּענעם כליפּען און היכצן? האָט דאָס ווינטעלע א טערעץ: ס׳איז ניט שולדיק. דאָס איז דערפאר, וואָס די שול איז זייער נאָענט פונעם בעסוילעם, און מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די לימודים אין דער שול. האָט זיך אויסגעמישט אלץ אינאיינעם. דאָס זינגענדיקע מיטן וויינענדיקן, די הילכיקע קינדערישע קעלעכלעך מיט די הייזעריקע ווייגעשרייען פון די, וואָס קומען אהער יעדן הארבסט אף קייווער־אָוועס.

די גאנצע צייט, סיי ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן קלייבן אין וועג, און באזונדערס, ווען דער „ליידיקגייער" האָט אויסגערופן איין סטאנציע נאָך דער אנדערער און ס׳האָט שוין געהאלטן אָט־אָט, בא כאשטשעוואטע, האָב איך ניט אופגעהערט טראכטן וועגן דער מומע רייזיען. קיין יונגע איז זי דאָך שוין ניט. ווער ווייסט, צי וועל איך אָפּנעמען וועגן איר א גוטן גרוס, צי עפּשער וועל איך זי אויך דארפן זוכן צווישן די פרישע מאצייוועס...

און — גאָט צו דאנקען. זי לעבט, זי איז געזונט, און, ווי אין אלע זורמערדיקע כאדאָשים, איז זי טאקע דאָ, אין כאשטשעוואטע, אין איר אלט שטיבל, וואָס איז ארומגעוואקסן מיט שוין אויך ניט קיין יונגע אקאציעס, יענעביימער, וועלכע ס׳האָבן אזוי אומראכמאָנעסדיק געהאט ארומגעהריזעט די היגע ציגן.

וואָס זשע איז אזוינס געשען מיט דער מומע רייזיען, וואָס האָט זי אזוי געענדערט? ניין, די האָר האָט זי דאָס מאָל ניט איבערגעפארבט, ניט געוואָרן ניט קיין ברוינע און ניט קיין בלאָנדע. א ביסעלע געהויקערט האָט זי זיך אלע יאָרן. וואָס זשע איז געשען? עפּעס איז די מומע רייזיע ווי קלענער געוואָרן. איך האָב אָפּגעקערט דעם קאָפּ אף א זייט, זי זאָל עפּעס ניט באמערקן אף מיין פּאָנעם. נאָר זי האָט שוין דאפקע יאָ באמערקט.

— וואָס באקוקסט איר מיך אזוי? — האָט זי זיך אָנגערופן, דערלאנגענדיק מיר דאָס אלטע טאבורעטל, וואָס איז אויסגעשאָבן, ווי א האקברעטל. — איר דארפט דאָך אליין פארשטיין...

איך האָב געוואָלט וואָס גיכער פארקערעווען דעם שמועס אף אן אנדער

וועג, ווײַל אויב אָנהייבן רעדן וועגן דעם, אז מע ווערט ניט ייִנגער, אז קיין געזונט קומט אויך ניט צו, ווהין זשע וועלן מיר פארפאָרן? האָב איך זיך אָנגעכאפּט פאר דעם, וואָס מיר איז געקומען אפן געדאנק:

— און איר זײַט ווידער געקומען אהער אף א כאסענע?

— א כאסענע? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט א מינע פון א באַרויִגעזער מעכוטענעסטע. — פון די הענט ארויסגעריסן בא מיר די כאסענע! הערט א מײַסע! שטארבט א ייִד אין גײַוואָראָן, אין סאלקאָווע צי אין קאָזאוטשין, ברענגט מען אים צו קוורע אהער, אף אונדזער בעסוילעם. איך האָב קעגן דעם גאָרנישט ניט. אדעראבע, איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, איך וואָלט זייער געוואָלט, אז מײַן שאָ זאָל מיך טרעפן דאָ, אף מײַן באטקיוושטשינע, מע זאָל מיך אוועקלייגן לעבן מײַן מענדלען. עפּעס דוכט זיך מיר, אז צווישן די היגע דארף ניט זײַן אזוי סומנע. אָבער פארוואָס נאָר לעוויײַעס? פארוואָס האָט מען די כאסענעס אָנגעהויבן אוועקפירן ערגעץ אנדערש? וואָסי, ס'איז דאָ קיין לײַטישע סארוועראנס ניט צו קריגן, צי די הײַסינער קלעזמער זײַנען ערגער פון אנדערע? זיי שפּילן שיין, גאָט צו דאנקען, ניט נאָר אלע שערן און פריילעכסן, זיי שפּילן, וואָס מע וויל. ווילט איר א טוויסט, איז א טוויסט, ווילט איר א ראָקענראָל, איז א ראָקענראָל, זיי קענען שוין אפילע די יאפּאָנישע טענץ. וואָס זשע דארף מען אוועקפירן פונדאנען די כאסענעס? אָט, ווי לייב אירמעס. ער איז אײַערער א כאווער, און איר מעגט עס אים זאָגן. יאָ, זאָגט אים, אז איך בין אף אים טאקע שטארק בארויִגעז. הערט א מײַסע! עס טוען א שידעך צוויי כאשטשעוואטער, זאָל זײַן, אז דער כאָסן וווינט טאקע אין קיִעוו, אָבער די קאלע איז דאָך א היגע! נעמט מען און מע פירט אריבער די כאסענע קיין קיִעוו. איז דאָס ניט קיין אוולע? ווען עס ווענדט זיך אין מיר, וואָלט איך ארויסגעגעבן א באפעל, א געזעץ אזא, אז אלע כאשטשעוואטער, ווו זיי זאָלן איצט ניט וווינען, אין קיִעוו צי אין אָדעס, אין באקו צי אין ראָסטאָוו, אין סווערדלאָווסק צי אין טשעליאבינסק, זאָלן די כאסענעס פראווען נאָר אין כאשטשעוואטע. און זאָל יעדער פּאָרל מיט אלע מעכוטאָנים נאָכן זאגס זיך דורכגיין אפן היגן בעסוילעם צום גרויסן קייווער. יענער אומגליק זאָל קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן!

געכאפּט זיך, אז ניט צו מיר האָט זי עפּשער גערעדט ארויסלאָזן די טײַנעס, איז זי געוואָרן א ביסל ווייכער. בלויז א פּיר געטאָן מיטן פינגער איבערן רעכטן אויג, אָפּגעווישט, מעגלעך, א טרער און אָנגעהויבן זוכן עפּעס אף איר ניט הויכן טאָפּטשאנדל.

— מיילע, א פארפאלענע זאך, זאָל זיי אלעמען זײַן מיט מאזל. נאָר וואָס מיינט איר, די מומע רייזיע קאָן שוין קיין פלאָדן ניט באקן אָדער קיין שער ניט טאנצן? לאָמיך נאָר דערלעבן בא מײַן אייניקל... יאָ, און איר נאָך וואָס זײַנט געקומען?

— איך בין געקומען א קוק טאָן אף יאנקעוו־לייבס שטיבל.

זי האָט א קוק געטאָן אף מיר, ווי מע גיט אמאָל א קוק, פארוקנדיק די ברילן ארויף, ווי געוואָלט פעסטשטעלן, צי בין איך בא די געדאנקען.

— וועלכער יאנקעוו־לייב, וואָס פאר א שטיבל?

— אָט דאָס, וואָס אפן בערגל, פון יענער זײַט בראָווער קרענעצע...

— הער נאָר, וואָס א מענטשן קאָן אײַנפאלן. דאָס שטיבל איז דאָך שוין לאנג אף דער וועלט ניטאָ. און יאנקעוו־לייב אליין... וואָס זשע, איר געדענקט ניט?

— איך ווייס...

— וואָס זשע פעלט אײַך צום רומל? עפּעס א נײַ געשיכטעלע? פרעגט זשע בא מיר. און אויב אײַך האָט דאָס ביז איצט קיינער ניט דערציילט, וועל איך דאָס אײַך דערציילן. ווארט נאָר צו, ביז איך וועל צושטעלן דעם מיטיק. עפּעס האָט מײַן קעראָגאז אָנגעהויבן פראווען שטיק. דוכט זיך, גאָר ניט אזא אלטע קיילע. כאָטש אין סווערדלאָווסק באנוצט זיך שוין קיינער ניט מיט אָט די טשאדענדיקע ברײַעס. נאָר סווערדלאָווסק איז איינס, און כאשטשעוואטע איז עפּעס אנדערש. ווילסטו א שמעק טאָן דעם רייעך פון דעם היגן ווינטעלע, מוזסטו שוין ארײַנכאפּן א ביסעלע רויך און טשאד אויך.

# שלוימע קיוטשעקס איייניקל

רשטנס, וויל איך בא אײַך פֿרעגן: איר האָט עפּעס געהערט וועגן די גענעס? אין סווערדלאָווסק האלט מען אין איין רעדן וועגן זיי. אז מע קומט זיך צונויף צו מײַן זון אין אן אָפּרו־טאָג, נו, אינזשעניערן, דאָקטוירים און גלאט אזוי אינטעליגענטנע לײַט, האלט מען אין איין רעדן וועגן גענעס, סטרעסן און אנדערע אזעלכע בייזוווּנדערס, וואָס מע דארף זײַן מיט צען קעפּ, מע זאָל פֿארשטיין, וואָס דאָס הייסט. ווען מײַן מענדל זאָל לעבן, וואָלט ער שוין דאָס פֿארטײַטשט אף זײַן אויפֿן און געפֿונען דערצו א פּאָסעק. כאָטש בא מײַן מענדלען דערגיין עפּעס א טאָלק, איז אויך געווען ניט פֿון די גרינגע זאכן. טאָמער האָסטו אים אמאָל געשטעלט עפּעס א קאשע, האָט ער דיר גלײַך געזאָגט: דא מא לעמאלאָ מא לעמאטאָ... דאָס הייסט, ווייס דיר דײַן טעפּל און דײַן קאָטשערע און דריי מיר ניט קיין מויעך. איז יאָ, רעדט מען בא אונדז וועגן פֿיל אנדערע זאכן, נאָר דעריקער טאקע וועגן די גענעס. עס באקומט זיך בא זיי אזוי: מעגסט אליין זײַן א גאָרניט, נאָר אויב בא דײַן עלטערזיידן ציִ בא דײַן עלטערבאָבען האָבן זיך פֿארוואלגערט עטלעכע פֿײַנע גענעס, וועלן זיי אין איינעם א שיינעם טאָג זיך צעשפּילן אין דיר, זיך צעוואקסן, ווי אף אייוון, און דו וועסט גלײַך ווערן אן אקאדעמיקער, א לאורעאט, א קאָסמאָנאווט אָדער א בארימטע באלערינע, וועמען מע ווײַזט, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, האלב־נאקעט אין אלע טעלעוויזאָרס. נו, און אויב עס האָבן כאָליִלע זיך פֿארוקט אין א ווינקעלע עטלעכע שלעכטע גענעס, זאָל שוין דער אייבערשטער שוימער־אומאצל זײַן. באקומט זיך טאקע, ווי באָבקע די פֿירזאָגערן פֿלעגט אויסווייַנען פֿון איר גראָבן קאָרבן־מינכע. די טאטעס האָבן זיך געקוויקט מיט טערפּקע בארלעך, און בא די קינדער זײַנען קאליִע געוואָרן די ציין...

איך קוק און קוק אף דער מומע רייזיע, און מיר ווערט וואָס אמאָל שווערער אפֿן הארצן. די זשוואווע, רירעוודיקע מומע, דאָס ווינזעלע, וואָס האָט געקאָנט טאָן עטלעכע ארבעטן מיטאמאָל — אָנצינדן דעם קעראָגאז, שיילן קארטאָפֿל, בראָקן א ציבעלע און פֿלעכטן א מײַסע, — האָט אָנגעווירן אלע אירע מײַלעס. איך וויל ניט זאָגן, אז זי איז געוואָרן גאָר אן אנדערע, נאָר עס האָט אָנגעהויבן זיך באווײַזן עפּעס אזוינס, וואָס האָט פֿארוקט א ביסל אין א זײַט די פֿריִערדיקע מומע רייזיע. ווען זי האָט געגנרט מען אָנצינדן דעם קעראָגאז, האָב איך דערפֿילט, ווי זי האָט פֿארקריצט מיט די ציין, אף אײַנהאלטן אין זיך דעם קרעכץ. און די פֿינגער האָבן ניט אופֿגעהערט ציטערן, ווען זי האָט גענומען רײַבן איין שוועבעלע נאָכן צווייטן. אין אירע אויגן האָב איך פֿלוצעם דערזען אזוינס, וואָס איך האָב צוערשט ניט באמערקט: צוויי אָפּגעזונדערטע, אָפּגעפֿרעמדטע אויגן, וואָס קערן זיך מיט גאָרנישט ניט אָן איינס מיטן אנדערן. איין אויג קוקט אין איין זײַט, דאָס צווייטע אין אן אנדער זײַט, אָדער קוקט עפּשער אינגאנצן ניט, זעט

גאָרנישט ניט, נאָר דרייט בלויז מיטן שווארצאפל, אהין און אהער, אף
מאכן דעם אָנשטעל, אז ס׳זעט עפּעס. זאָל זײַן, אז דערפון בעמט זיך יענער
העפקערדיקער בליק, אזא אויסגעארבעטע מינע אף אויסבאהאלטן דאָס,
וואָס איר לוינט ניט, אז א זײַטיקער זאָל עס באמערקן? ווען זשע איז דאָס
געשען און וואָס זאָל דאָס באטײַטן? נאָר פרעגן וועגן אזעלכע זאכן איז
דאָך ניט שײַעך. די מומע רייזיע האָט פײַנט, אז מע פרעגט זי אזעלכע
קאשעס. אָט האָט זי ווידער א קוק געטאָן אף מיר, ווי פון דער זײַט, און
איך האָב באקומען א מעגלעכקײַט פעסטשטעלן, אז דאָס געזונטע אויג איז
בא איר דאָס רעכטע. יאָ, טאקע דאָס רעכטע. ס׳האָט א קוק געטאָן מיט
יענעם גלאנץ, מיט יענעם שמייכעלע, מיט יענעם פריילעכן, דורכדרינגענ־
דיקן קוקעלע, אין וועלכן ס׳איז פאראן סײַ די גאסטליביקע ווארעמקײַט,
איך זאָל אין ערגעץ ניט אוועק, ווײַל אינגיכן וועט פארטיק ווערן דער מיי־
טיק, סײַ דער שטומער צוזאָג, אז זי האָט פאר מיר אָן א שיר שיינע מײַ־
סעס. און דאָס לינקע... דאָס לינקע אויג האָט ווי זיך אָנגעברויגעזט אפן
רעכטן און זיך א קערעווע געטאָן אין אן אנדער זײַט. קוקט זי אף מיר
מיטן רעכטן אויג און זעצט פאָר:

— יאָ, א גוטע פירזאָגערן געווען באָבקע יאנקעוו־לייבס. זי האָט גע־
האט א גוט הארץ און געקאָנט אויסוויינען זיך און אויסשרײַען זיך פאר
אונדז אלעמען, אויסלייגן פארן אייבערשטן אלע יִדישע צאָרעס. זי איז
געווען דער עמעסער מייליץ־יוישער פאר אלע אָרעמע ווײַבער, גלײַך זי
אליין וואָלט געווען די גרעסטע גווירנטע. נאָר זייער שטיבל איז געשטאנען
אף אזא אָרט פון יענער זײַט העקדעש, אז ווי אָרעם זי איז ניט געווען,
האָט זי שטענדיק געהאט פאר זיך נאָך מערער אָרעמע. און ווען גאָט האָט
אמאָל געהאָלפן, אז איר יאנקעוו־לייב האָט פארדינט אף ווארעניקעס פון
קארטאָפל אָדער אף קרעפּלעך פון קעז, האָט זי די ערשטע שיסל אוועק־
געטראָגן די שכיינים אירע. דאָס זאָג איך קעגן דעם, איר זאָלט וויסן, וואָס
פאר א גוטע נעשאָמע דאָס איז געווען. נאָר דערציילן וויל איך אײַך וועגן
גאָר עפּעס אנדערש. און ניט אזוי וועגן באָבקען אליין, ווי וועגן אייניער
פון אירע וויכאָוואנצעס. כאָטש די מײַסע הייבט זיך אָן טאקע פון איר,
פון באָבקען, און דאָס איז א מײַסע ניט גלאט אזוי, נאָר צוליב דעם, איר
זאָלט מיר געבן צו פארשטיין וועגן די גענעס.

און איך האָב געמיינט... אז מיטן זיקאָרן איז בא דער מומע רייזיען
ניט אלץ אין אָרדענונג, אז זי האָט אָנגעהויבן וועגן איין זאך און פארפאָרן
אין א צווייטער. ניין, אויב זי האָט אָנגעהויבן וועגן עפּעס דערציילן, האלט
זי עס פעסט אין געדאנק.

— געבראכט האָט באָבקע אף דער וועלט א טוץ קינדער, — דערציילט
זי ווײַטער, — האָבן האלב פון זיי זיך באצײַטנס אָפּגעטראָגן. אייגס אין א
כוידעש ארום, א צווייטס — אין א יאָר ארום, א דריטס — טאקע דעם
זעלבן טאָג. ס׳האָט א קוק געטאָן אף דער היגער וועלט, זי איז דעם גלײַך
ניט געפעלן געוואָרן, און ס׳האָט גלײַך צוגעמאכט די אויגן. דארף זיך
איינמאָל טרעפן אזא זאך: פונקט דאן, ווען בא באָבקען האָט דאָס אייפעלע
פארוואָרפן מיטן קעפּעלע, איז בא שלוימע קיווטשעקס געשטאָרבן דאָס
ווײַב אפן צווייטן טאָג נאָך דעם, ווי זי האָט געבוירן א מיידעלע. די גע־

שיכטע געדענק איך גאַנץ גוט, ווײַל שלוימע קיוטשעקס האָט געוווינט די דריטע שטוב פון אונדז, אָט דאָ־אָ, ווו מע פלעגט פאַרקערעווען פונעם מאַרק צום בעסמעדרעש. די פענצטער פון זייער שטוב האָבן אַרויסגעקוקט צום בעסמעדרעש און די טיר צום מאַרק. וואָס האָט איר אַ קוק געטאָן אהינצו? ניטאָ, ניטאָ גאָרנישט ניט. ניטאָ שלוימע קיוטשעקס שטוב, ניטאָ דער בעסמעדרעש, ניטאָ וווהין צו פאַרקערעווען.

שלוימע קיוטשעקס, אויב איר געדענקט, איז געווען אַ ביסל אַן איבערגעקוואַסעטער, מיט אַ רויט שיטער בערדעלע, מיט אונטערגעבראָטענע אויגן און מיט אַ קליין הויקערל, וואָס איז געקומען פון פיל יאָרן זיצן אײַנגעבויגן איבער אַ פעלצל מיט אַ נאָדל אין דער האַנט. נאָר דרײַ זין האָט ער אויסגעכאָוועט — דעמבעס. הויך און שטאַלטנע. און אַ גוורע געוועזן באַ זיי, ווי באַ עכטע קאַצאָווים. איר דאַרפט זיי געדענקען. זיי זײַנען אַלע געגאַנגען אין קורצע פעלצלעך, געפאַרבטע מיט רויטער ליים. זיי זײַנען אַלע, ווי דער טאַטע זייערער, געווען פעלצנמאַכער, און אַרום זייער שטוב האָבן זיך שטענדיק געוואַלגערט אָפּשניצלעך פון שאָפּענע פעלעכלעך, קנוילעכלעך פאַרפּאָפּטע וואָל, און ס׳האָט איבערן גאַנצן געסל געשמעקט מיט שאָפּענעם שווייס און מיט אײַנגעזײַערטער דעמבענער קאָרע. פאַר דעם האָט קיינער צו זיי קיין טענות ניט געהאַט, פון יעדער שטוב האָט מיט עפּעס געשמעקט, און ניט שטענדיק איז דאָס געווען אַ פרישע ראָשטשינע אָדער אַ האָניק־לעקעך. האָט שלוימעס ייִדענע געבראַכט אַף דער וועלט דרײַ גיבוירים, און אַז ס׳איז געקומען צום מיידעלע, זײַנען איר אויסגעגאַנגען די קויכעס. דאָס מיידעלע אַליין האָט דאַפקע באַוויזן זיך אַרויסכאַפּן אַף דער וועלט מיט אַ ראַש, מיט אַ געפילדער, מיט אַן עמעסן גוואַלד. מע האָט געדאַרפט פאַרשטיין, אַז ס׳האָט זיך בייסמײַסע שטאַרק אויסגעהונגערט און עס וויל עסן. נאָר ס׳איז שוין ניט געווען ווער ס׳זאָל דעם געבן די ברוסט. נו, פון שלוימע קיוטשעקס ביז יאַנקעוו־לייבן איז ניט אַזוי ווײַט, כאָטש קיין נאָענטע שכיינים זײַנען זיי ניט געווען. ניט קיין שכיינים, ניט קיין קרויווים, ניט קיין פרײַנט. נאָר ווען באָבקע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אומגליק, האָט זי אָנגעהויבן טײַנען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פירזאָגערן:

— וויי איז מיר, וואָס הייסט לאָזן, אַ ייִדישע נעשאָמע זאָל פאַרפאַלן ווערן? גאָטעניו, מיט דעם ווילסטו מיך אויספּרוּוון? גיי שוין, יאַנקעוו־לייב, אַוועק צו שלוימען און זאָג אים, ער זאָל ברענגען דאָס קינד צו אונדז. די מילך ווערט דאָך באַ מיר פאַרברענט. און מיסטאָמע ווייסט מען שוין דאָרטן פון אויבן, און מע האָט שוין ביז מיר באַשטימט.

אַזוי זײַנען זיי געוואָרן שטיקלעך קרויווים. מע האָט שוין אײנײנעם געפראַוועט דעם לעקעך־און־בראַנפן און אײנײנעם אַ נאָמען געגעבן דעם מיידעלע, כײַקעלע. טאַקע נאָך דער מאַמען אירער. זיי זײַנען דערנאָך געוואָרן אַפילע שטיקלעך שוטפים אויך. שלוימע האָט גענייט פעלצן, און יאַנקעוו־לייב האָט דאָך געהאַנדלט מיט שמויסלעך. ס׳הייסט, ניט קיין עמעסע שוטפים, נאָר אַזוי זיך. יאַנקעוו־לייב האָט אַמאָל גענומען באַ שלוימען אַ גמילעסכעסעד אָדער אַ פעלצל אַף צו פאַרקויפן. קיין אייגענע קאָפּעקע האָט ער דאָך קיינמאָל ניט געהאַט.

איז דאָך גוט? הערט זשע ווײַטער. ס'איז אוועק א יאָר, צוויי, דרײַ. דאָס כײַקעלע איז געוואקסן און, אפצולאָכעס דעם דאלעס, געוואָרן וואָס אמאָל שענער און גרעסער. אין איינעם א טאָג איז צו זיי געקומען שלוימע קיווטשעקס און געפאָדערט, מע זאָל אים אָפּגעבן זײַן כײַקעלע.

— וואָס הייסט אָפּגעבן? וואָס הייסט אײַער כײַקעלע? איך האָב זי מיט מײַן מילך אויסגעהאָדעוועט, מיט מײַנע הענט אויסגעניאנטשעט, ס'איז איצט ניט אײַער כײַקעלע!

— וואָס הייסט ניט מײַנע? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? יאנקעוו־לייב, זאָגט איר עפּעס. איר דארפט דאָך פארשטיין!

ער איז געווען זיכער, שלוימע, אז יאנקעוו־לייב וועט זײַן אף זײַן צאַד, ווײַל פּאָרט א מאנצבל, און איז ניט אזוי פארפירט. נאָר יאנקעוו־לייב — א קוק געטאָן אף שלוימען, אף זײַן באָבקען, אף זײַן גאנץ רומל און זיך אָנגערופן:

— זי איז גערעכט, באָבקע.

הערט איר, דאָס קאָן איך ביז הײַנט ניט פארשטיין. ניט באָבקען און ניט יאנקעוו־לייבן. א סוכער איז ער געווען, אין מײַן מענדלען געראָטן. פארדינט האָט ער, ווי מע זאָגט, וואסער אף קאשע. דאָס האָבן מיר געוווסט אלע גאנץ גוט. אין די גוטע צײַטן האָט באָבקע צוויי מאָל אין טאָג געקאָכט טייגלעך מיט פּאסאָליעס און דערלאנגט צום טיש אין איין גרויסער שיסל. א פאלשער ראָסלפלייש, ווען די קארטאָפל איז בלויז א ביסל צוגעברוינט מיטן ביסל בוימל, און מיט פלייש שמעקט אפילע ניט, איז בא זיי געווען דער גרעסטער יאָמטעוו. האָבן זיי געדארפט האָבן באַם טיש אן איבעריק פּיקערל? נאָר מיסטאמע איז באָבקע געווען גערעכט. ווײַל אז מע האָדעוועט אויס א קינד מיט דער אייגענער ברוסט, מע שלאָפט ניט איבער דעם דורך די נעכט, מע פּאָקט און מע מאָזלט איניינעם מיט דעם מע קרענקט איבער מיט דעם אלע קינדערשע קרענק, איז דאָס אזוי ליב, אזוי טײַער און אזוי אייגן, ווי אלע איבעריקע קינדער. און דאָרט, ווו אכט פּיקערס, וועט זײַן א נײַנטער.

שלוימע האָט געשראָקן, אז ער וועט זיי רופן צווישן מענטשן, אז ער וועט זיי ארויסרופן אף א דינטוירע צו לייווי דעם דײַען, ס'האָט גאָר־נישט ניט געהאָלפן. האָט אין שלוימען זיך צעשפּילט די רעציכע, און ער האָט ארויסגעשטעלט יאנקעוו־לייבן זײַן פויסט:

— אָט וועסטו זען, ס'וועלן פליִען פעטש!

יאנקעוו־לייב האָט פאר קיין פעטש ניט מוירע געהאט. האָט ער אָפּגע־ענטפערט מיט א שמייכעלע:

— וואָס מיינסטו? איך קאָן ניט געבן קיין סדאטשע?

די פעטש האָבן זיי ביידע אָפּגעלייגט אף שפּעטער. נאָר אין איינעם א פארנאכט, ווען זיי זײַנען ביידע א ביסעלע צו פרי געקומען אין בעס־מעדרעשׂ, האָט בא שלוימען ווידער זיך צעשפּילט די רעציכע. צוערשט האָט ער דאפקע אזוי, גאנץ רויִק, געפרעגט:

— נו, האָסט זיך שוין מעיאשעוו געווען?

— מײַן באָבקע איז גערעכט, — האָט ווידער ארויסגערעדט יאנקעוו־לייב, גלײַך קיין אנדערע ווערטער האָט ער ניט פארמאָגט.

איז שלוימע צו צום פלויט פונעם בעסמעדרעש און אַרויסגעשלעפּט א שטאַכעט. איז יאַנקעוו־לייב אויך צו צום פלויט און אויך אַרויסגעשלעפּט א שטאַכעט. מיילע, דערצו האָט מען קיין איבעריקע געווער ניט געדאַרפט. די שטאַכעטלעך זײַנען געווען ווי צוגעקלעפּט מיט ניכטערן שפּײַעכץ. נאָר איר שטעלט אײַך פאָר די קאַרטינע? צוויי ייִדן גייען איינער קעגן אַנדערן מיט דריקלעך. ווען דאָס טרעפט מיט אונדזערע באַלעגאָלעס, וואָלט זיך שוין געגאָסן בלוט. נאָר יאַנקעוו־לייב איז דאָך געווען א ייִד א לאַמדן! און ווען ער האָט באַמערקט, ווי אַלע ייִדן זײַנען אַרויסגעלאָפן פונעם בעסמעדרעש און האָבן מאַמעש ווי אונטערגעיאָגט, אונטערגערייצט, זיי זאָלן וואָס גיכער לאָזן די דריקלעך אין גאַנג, האָט ער א שלײַדער געטאָן דאָס דריקל אין א זײַט און דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן. האָט שלוימע אויך א שלײַדער געטאָן דאָס דריקל און אויך דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן. מײַן מענדל, וואָס איז אַליין געשטאַנען דערבײַ, האָט עס דערנאָך דערקלערט מיט א מײַסע פונעם פיירעק וועגן עפּעס א טאַלמיד־כאָכעם, וואָס האָט געלערנט, וויאַזוי גויווער זײַן דעם סאָטן־מעקאַטרעג, דעם אייגענעם יעיצערהאָרע. ער האָט דערוויזן, אַז שטילן דעם אייגענעם גרימצאָרן איז איינע פון די גרעסטע מיצוועס. נו, האָט, אַפּאָנעם, יאַנקעוו־לייב זיך דערמאָנט אין יענעם טאַלמיד־כאָכעם און געוואָלט פאַרדינען א מיצווע. איז שוין בא שלוימען קיין אַנדער ברייִרע ניט געווען. ווען דער אוילעם ייִדן האָט דערזען, אַז בא קיין פּעטש האַלט עס ניט, זײַנען זיי מיטאַמאָל אַלע געוואָרן רוידעפ־שאָלעמניקעס.

— גיט זיך די הענט און מאַכט שוין שאָלעם! — האָבן זיי אָנגעהויבן שרײַען.

האָבן זיי זיך געגעבן די הענט. און דערנאָך גלײַך מיט אַלע איבעריקע אַרײַן אין בעסמעדרעש דאַווענען מײַרעוו. דעם קומענדיקן שאַבעס האָט שלוימע פאַרבעטן אַלעמען צו זיך אַף קידעש, און מע האָט דאָרטן גענומען טאַקע גאָר א פײַנע קויסע. מײַן מענדל האָט זיך קוים פאַרשלעפּט אַהיים. ביכלאַל איז מײַן מענדל קיין טרינקער ניט געווען, נאָר קידעש מאַכן האָט ער ליב געהאַט. נאָכן קידעש איז שוין געוואָרן גאָר גוט, און דאָס מיידעלע איז געבליבן בא יאַנקעוו־לייבן.

געוואַקסן איז כײַקעלע א מויד א ברען. געווען איז זי א שוואַרצכיינעוודיקע, ווי אַלע קיווטשקעס, נאָר פון וועמען האָט זי געיאַרשנט איר כאַראַקטער, איז שווער צו זאָגן. זי איז געוואָרן א קאַלע־מויד סאַמע דאַן, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רעוואָליוציעס מיט די באַנדעס, און כאָטש זי איז געווען שיין, ווי די וועלט, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אָן נאַדן וועט זי אַזוי גיך ניט כאַסענע האָבן. האָט זי זיך אויסגעלערנט נייען. דערנאָך איז געקומען א צײַט, ווען נייען איז ניט געווען וואָס און פון וואָס, האָט זי זיך אויסגעלערנט מאַכן פאַרוסינעווע טופליעס מיט פּאָדעשוועס פון פאָשעטן געוואַנט. אין יענע יאָרן איז דאָס געווען א יעש. איר געדענקט, ווי ס'גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אין הילצערנע קלאַפּערס? איר האָט דאָס עפּשער אַזוי ניט געפילט, נאָר אונדז, אַף דער מאַרק־גאַס, האָט באַטאָג און באַנאַכט געגרילצט אין די אויערן פון אָט די קלאַפּערס. מײַן מענדל האָט זיי גערופן גראַגערס, ווי יענע פורימדיקע גראַגערס, מיט

װעלכע מע האָט געפּראָװט פּאַרטײַקען האָמענען. איז בא אונדז אַ קײַלעכיק יאָר געװען פּורים. פּאָשעט ניט אױסצוהאַלטן. און װען כּײַקע האָט צוגעטראַכט אירע פּאַרוסינעװע טופּליעס מיט די געװאַנטענע פּאָדעשװעלעך, איז געװאָרן אַן עמעסער יאָמטעװ. פֿאַר אונדז אַװאַדע. די טופּליעס האָט מען בא איר פּאָשעט געריסן פֿון די הענט.

כאַסענע געהאַט האָט כּײַקע פֿאַר אַ טעפּליקער. פֿאַר אײנעם עפּעס אַ שמועל. איך זאָל אײַך זאָגן, אַז דער שידעך איז געװען זײער אַ געהױבענער? דאַפּקע ניט. אַ באָכער איז ער געװען ניט קײן איבערגעשפּיצטער, קײן מעלאָכע אין דער האַנט האָט ער אױך ניט געהאַט, נאָר אין יענע צײַטן... װאָס איז כּײַקען אַרױסגעקומען פֿון איר שײנקײַט, אַז קײן נאַדן האָט זי ניט געהאַט? האָט זי כאַסענע געהאַט פֿאַר יענעם טעפּליקער. װי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרױסגעװיזן, האָט ער צו זײַנע זאַכן דאַפּקע געהאַט סײכל. נאָר די גלאָװנע באַלעבאָסטע און טאַקע די ברױטגעבערן איז געװען זי, כּײַקע, און דער דאָזיקער שמועל האָט געציטערט פֿאַר איר, װי פֿאַר פֿײַער.

נו, יענע צײַטן, װען ס׳האָט זיך אָנגעהױבן די קאָלעקטיװיזאַציע און די ליקװידאַציע, װען מע האָט געמאַכט אַ סאָף צום נעפּ און געבעטן דעם באַלעגוף זיך אַריבערפּעקלען אַ ביסל װײַטער, דאַרפֿט איר גוט געדענקען. ייִדן זײַנען דעמלט געפֿאָרן אױף ערד, װער קײן קרים, װער קײן ביראָבידזשאַן. איז דאַן כּײַקען אױך אַרײַן אין קאָפּ. זי פֿאָרט אױך. ניט קײן קרים און ניט קײן ביראָבידזשאַן, נאָר דאַפּקע קײן מאָסקװע. מאָסקװע איז ניט כאַשטשעװאַטע, און זי מיט אירע פּאַרוסינעװע טופּליעס װעט דאָרטן ניט פֿאַרפֿאַלן װערן. זי האָט דאָרטן עפּעס אַ װײַטן קאָרעװ, װעט זי פֿאַרפֿאָרן צו אים, און דערנאָך װעט מען זען. עפּשער װעט דאָרט פֿון איר שמועלן אױך װערן אַ שטיקל מענטש. און דעריקער — די קינדער. דאָס עלטערע ייִנגעלע יאָשע גײט שױן אין שול, די קלענערע װאַקסט אױך אונטער, און זײ מוזן אַלע האָבן מאָסקװע. פֿאַרפּאַקעװעט די בעבעכעס און הײַדאַ. כאָטש, פֿרעגט זי, װאָס איז אַזױנס מאָסקװע, װאָלט זי ניט געװוסט װאָס צו זאָגן. געקומען קײן מאָסקװע, אַרױס פֿונעם צוג... װײ, מאַמעלעך מײַנע, פֿונװאַנען נעמען זיך אַזױפֿיל מענטשן! קױם אָפּגעזוכט אַ פֿן װאָקזאַל אַן ערטעלע פֿאַר די קלומעקלעך און פֿאַר די קינדער און אַװעקגעשיקט איר שמועלן נאָך אַ װעגעלע. װעלן זײ אַװעקלײגן די קלומעקלעך, אַװעקזעצן די קינדער און װעלן פֿאָרן אָפּזוכן דעם װײַטן קאָרעװ. און שמועל... אַװעק, װי אין װאַסער אַרײַן. כּײַקע האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז באַגאַנגען אַ פֿעלער, װאָס קאָן זי קאָסטן זײער טײַער. געװען געדאַרפֿט איבערלאָזן שמועלן דאָ און אַלײן אַװעק נאָך אַ װעגעלע. ער, דער קונילעמל, האָט שױן געװיס ערגעץ פֿאַרבלאָנדזעט. מוז זי שױן זיצן און װאַרטן. געװאַרט, געװאַרט און זיך דערװאַרט.

אַז דער פֿעלער װעט איר אָפּגײן ניט גלאַט, האָט זי שױן פֿאַרשטאַנען. נאָר אַז מיט איר זאָל אַזױנס טרעפֿן? הערט אַ מײַסע!.. פּלוצעם איז אַרײַן אין זאַל עפּעס אײנער אַ מיליטערישער, אַ מיליציאָנער צי אַ קאָמענדאַנט, װי מע האָט דערנאָך געזאָגט, און באַפֿױלן אַלעמען פֿאַרנעמען זײערע בעבעכעס און אַװעק אין די װאַגאָנעס. אַלע האָבן אָפּגיך אָנגעהױבן פֿאַר־

בינדן זייערע קלומקעס, געלאָזט זיך לויפן, און אין זאַל איז געוואָרן וואָס אַמאָל פרײַער. כײַקע האָט זיך מעכײַע געוועזן. גייט צו צו איר יענער קאָ־מענדאנט און רופט זיך אָן:

— און איר, בירגערן, וואָס זיצט איר?

— וואָס הייסט, וואָס איך זיץ? וואָס דען זאָל איך טאָן?

— פאַרנעמט אײַערע קינדער און הײַדא, מיר פאָרן ווײַטער.

— איך דאַרף אין ערגעץ ניט פאָרן, איך בין שוין געקומען.

— וווּהין ביסטו געקומען?

— וואָס הייסט וווּהין? איר וועט עפשער זאָגן, אַז דאָס איז ניט מאָס־קווע?

— נו, יאָ, מאָסקווע. נאָר וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט עס צו אײַך?

— ווײַל איך בין געקומען קיין מאָסקווע.

דער קאָמענדאנט, ווערדליק כײַקע דערציילט, איר וועט דערנאָך אליין זען, איז דאָפקע געווען אַ לײַטישער מענטש. נאָר דאָ איז ער געוואָרן בייז.

— אײַערע דאָקומענטן! — האָט ער אויסגעשריגן.

— וועלכע דאָקומענטן? אָט דאָס איז יאַנקעלע, אָט דאָס איז דווירעלע, און אָט דאָס איז פריידעלע. און די דאָקומענטן זײַנען בא מײַן שמועלן.

— און וווּ איז אײַער שמועל?

— אַדעראַבע, עפשער וועט איר מיר זאָגן? אוועק נאָך אַ וועגעלע און ווי אין וואַסער אַרײַן.

און זי הייבט אָן זיך קלאָגן פאַרן קאָמענדאנט:

— איך האָב אָבער געוווּסט! אַזאַ נאַרישקײַט אָפּגעטאָן! געווען גע־דאַרפט אים, דעם קונילעמל, איבערלאָזן דאָ. נאָר ער וועט אינגיכן קומען, אָט וועט איר זען.

— נו, אָט וואָס, בירגערן. די אַלע געשיכטעס וועט איר דערציילן ער־געץ אַנדערש. פאַרנעמט אײַערע קינדער און הײַדא.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, זי האַלט אין איין בעטן זיך בא אים און זוכט מיט די אויגן שמועלן. אַ נעכטיקער טאָג. און דאָ איז צוגעקומען נאָך איינער, מע האָט איר געהאָלפן איבערטראָגן די קינדער מיט די קלומעק־לעך און מע האָט זי אַרײַנגעפּעקלט אין וואַגאָן.

וועט איר דאָך פרעגן, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ וואַגאָן און וואָס פאַר אַן עשעלאָן? טאָקע זייער אַ פײַנער און זייער אַ שיינער. זאָל שוין גאָט שוימער־אומאַצל זײַן. אַ גאַנצער פּאַיעזד אָנגעשטאָפּט מיט סאַמע נעפמאַנעס און סאַמע באַלעגופים, וועמען מע האָט אַרויסגעשיקט קיין סי־ביר. איר מיינט, כאָלילע, עפּעס פּאָשעטע נעפמאַנעס, ווי אונדזערע כאַש־טשעוואַטער באַקאַליישטשיקעס, צי אַפילע מאַנופאַקטוריסטלעך? אַ נעכטי־קער טאָג! טאַקע פון די עמעסע, פון די גאָר, גאָר! אָפּטאָווע סאָכרים, באַלע־באַטים פון פאַבריקלעך און רעסטאָראַנען. מיט איין וואָרט — נעפמאַנעס שע־בענעפמאַנעס. די באַלעגופים אויך אַזעלכע, קימאַט פאָמעשטשיקעס. גווירים־אַדירים. וויפל און וואָס מע האָט בא זיי קאָנפיסקירט, וועל איך אײַך ניט זאָגן, נאָר מע האָט נאָך אַ שיין ביסל זיי איבערגעלאָזט. ווען כײַקע האָט אַ קוק געטאָן אַף אירע שכיינים, צווישן וועלכע מע האָט זי באַזעצט, איז איר געוואָרן ניט גוט. מענער מיט גראָבע פּעמפּיקעס, האַרטע קראַגן און גאָל־

דענע זייגערס. ווײַבער מיט גראָבע בראַסליעטן און בליאַסקענדיקע אויר־רינגלעך. „גאָט מײַנער, — טײַנעט זי, — צווישן וועמען האָסטו מיך פאַר־וואָרפן, וווהין פירסטו מיך און פאַר וועלכע זינד?״

ערשט אין וועג האָט זי באַוויזן דערקלערן און ראַסטאָלקעווען דעם קאָמענדאַנט, ווער זי איז, ווער זײַנען אירע עלטערן און ווער איז איר מאַן. דערווײַזן אים, אַז קיין קאַפּיטאַלן האָבן זיי אין לעבן ניט געהאַט, האָבן קיינעם קיינמאָל ניט עקספּלואַטירט, אַז אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געגעסן טייגלעך מיט פּאַסאָליעס, און אַז אַ פאַלשער ראָסלפּלייש איז געווען בײַ זיי דער גרעסטער יאָמטעוו. און אַז דאָס איז זי געקומען קיין מאָסקווע נייען פּאַרוסינעווע טופּליעס. און די עטלעכע רובל, וואָס זיי האָבן, זײַנען פאַרנייט בײַ שמועלן אין דער בוזעם־קעשענע און זי האָט אפילו ניט פאַר וואָס קויפן די קינדער אַ שטיקל ברויט.

ער איז טאַקע, אַפאָנעם, געווען אַ לײַטישער מענטש, דער קאָמענדאַנט, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַ טאָעס געהאַט, האָט ער זי גענומען טרייסטן:

— ניטשעוואָ, זשיט בודעם, ניע פּאָמריאָם. (דאָס הייסט, אַז זי וועט לעבן, וועט זי אַלץ איבערלעבן.)

פאַר כײַקען איז דאָס געווען אַ קליינע טרייסט. זי האָט געדאַרפט וויסן, וווהין פירט מען זיי און מיט וואָס וועט זי אָנהאָדעווען די קינדער. באַ־מערקט, אַז זיי האָבן טאַקע ניט וואָס צו עסן, האָט דער קאָמענדאַנט יעדן גאַנצפרי איר אַרײַנגעבראַכט אַ לעבל ברויט מיט נאָך עפּעס און זי גע־טרייסט:

— ניטשעוואָ, סיביר איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי מע מאָלט אים. איך אַליין בין אַ דאָרטיקער. אָט וועסטו זען.

אָדער:

— פאַרשטייסט, בירגערקע, ליעס רוביאַט, שטשעפּקי ליעטיאַט. (אַז מע האַקט, הייסט עס, אַ וואַלד, איז פליִען שפּענער.)

מיט דעם האָט ער איר געוואָלט דערקלערן, פאַרוואָס האָט זי זיך אַרײַנ־געפּאַקט צווישן אַזאַ אוילעם און מע פירט זי קיין סיביר.

— ניטשעוואָ, מירן קומען קיין סיביר, וועט מען זיך פאַנאַנדערקלײַבן. וויבאַלד דו ביסט שוין אין מײַנע צעטלען, פאַרשטייסט... זאָלסט מיר גלײַך געווען זאָגן טאָלקאָם, האָסטו מיר אָנגעהויבן אויסרעכענען, ווי מע רופט דײַנע קינדער...

נו, יאָ, אַוואַדע איז סיביר ניט שרעקלעך, באַזונדערס הײַנט. אַלע שיינע און גוטע זאַכן שטעקן אָן דאָרטן. ווילט איר בראַטסק, פאָרט קיין סיביר, ווילט איר צעלינאַ, פאָרט קיין סיביר, ווילט איר זיך באַקענען מיט אַ באַוווסטן אַקאַדעמיקער, ווי מײַן יאַנקעלע, ווען ער האָט געאַרבעט איבער דער דיסערטאַציע, פאָרט ווידער קיין סיביר. און טרעפט, וועמען האָט ער געטראָפן צווישן די געלערנטע אין נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל? וועלוועלע מעשומעדס אַן אייניקל. אַ גאַנצער פּראָפעסאָר געוואָרן. און ווו האָבן זיך אונדזערע כאַשטשעוואַטער געראַטעוועט פונעם דײַטש? ווידער טאַקע אין סיביר. פאַרשטייט זיך, איצט איז סיביר עפּעס אַנדערש. איך וועל אײַך ניט זאָגן, ווי האָט פריִער אויסגעזען סיביר, איך בין דאָרט ניט

געוועזן, נאָר קאַלט איז דאָרט געווען מוירעדיק. מע זאָגט, אַז אַ סך קעלטער, ווי איצט. איז מיילע, זיי, די גוירים, האָבן כאָטש אָפּגעלעבט אַ גוטן טאָג, מעגן זיי אַ ביסל פֿרירן. נאָר פֿאַרוואָס קומט איר, כײַקען, אַזאַ שטראָף?

איז די גאַנצע האָפֿענונג געווען אַף שמועלן. ער וועט קומען אַפֿן וואָקזאַל, וועט זי ניט טרעפֿן, וועט ער זיך אָנהייבן נאָכפֿרעגן, זיך דערוויסן, וואָס מיט זיי איז געשען, און ער וועט זיי אָנהייבן זוכן. און אַז ער וועט זיי זוכן, וועט ער זיי אָפּזוכן און אַרויסראַטעווען. נאָר זעט איר דאָך, אָט דער קונילעמל, ער האָט אַפֿילע ניט אָנגעהויבן זוכן זיי. געוואָרט אַ כוידעש, געוואָרט צוויי, דער קורצער סיבירער זומער האָט שוין אָנגעהויבן זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן, און ס'איז געוואָרן טאַקע היפּש קילבלעך. און זי מיט די קינדער זײַנען אָנגעטאָן גאַנץ זומערדיק. און אַף די פֿיסלעך — די פּאַרוסינעווע שיכעלעך מיט די געוואַנטענע פּאָדעשוועלעך. אַ פֿײַנער הוילעך פֿאַר סיביר. ווער ווייסט, ווי זיי וואָלטן דאָרטן אויסגעהאַלטן דעם ווינטער, ווען ניט איר יאַנקעלע. ער איז שוין געגאַנגען אין שול, געענדיקט צוויי צי דרײַ קלאַסן. רופֿט ער זיך איינמאָל אָן:

— ווייסטו וואָס, מאַמע, לאָמיר אָנשרײַבן אַ בריוו קאַלינינען.

קוקט זי אַף אים, ווי אַף אַ מעשוגענעם. מערער קיין דײַגעס באַ קאַלינינען ניטאָ, ווי לייענען אירע בריוו. און ווער קאָן עס אָנשרײַבן אַזאַ בריוו צו קאַלינינען?

— איך וועל אליין אָנשרײַבן, — האָט יאַנקעלע געענטפֿערט.

אָט האָט איר אײַך קינדער. קינדער פֿילן גאָר אַנדערש, זעען גאָר אַנדערש און פֿאַרשטייען גאָר אַנדערש. אינמיטנדערינען גענומען אַ בויגן פּאַפּיר, אַרויס אין סטעפּ און זיך אַוועקגעזעצט מאָלן. ווער מאָלן, וואָס מאָלן, אַז ער האָט אין כאַשטשעוואַטע קיינמאָל אַפֿילע ניט געפּרוווט אַ מאָל טאָן עפּעס אַ שטיבעלע צי אַ פֿערדעלע. זעט איר דאָך, אַז דאָ אין סיביר האָט עס אים מיטאַמאָל אַ נעם געטאָן.

— וואָס מאָלסטו? — האָט געפֿרעגט באַ אים כײַקע אַ דערשטוינטע.

— סיביר.

האָט יאַנקעלע אָנגעשריבן אַ בריוו צו קאַלינינען. באַשריבן אַלץ געבוי, וועגן דער מאַמען, וועגן זיך, וועגן דווירעלען און פֿריידעלען. ווי־אַזוי זיי זײַנען געפֿאָרן קיין מאָסקווע און ווי־אַזוי מע האָט זיי איניינעם מיט די באַלעגופֿים און נעפּמאַנעס פֿאַרפֿירט קיין סיביר. און וואָס מיינט איר? מײַן אייניקל זאָל אַזוי אָנקומען אין אוניווערסיטעט און דער וואַקזאָל אַזוי סטווערדעווען מײַן יאַנקלס דיסערטאַציע. כײַקע האָט דאָס מיר אַליין דערציילט. אין אַ כוידעש אַרום איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון קאַלינינען מיט אַ באַפֿעל, מע זאָל זיי אַלעמען אַרויסגעבן פֿעלצלעך און פֿוישטן, אומזיסטע בילעטן און עסן אַפֿן וועג, און זאָלן זיי פֿאָרן, וווהין זיי ווילן.

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן דאָס רעכטע־געדיכטע. באַקומען אַלץ, וואָס מע דאַרף, האָט זי אָנגעטאָן די קינדער ביגדיי־מאַלכעס און אַוועקגעפֿאָרן צו דער סטאַנציע. מיינט איר עפּשער, אַז זי האָט זיך אומגעקערט קיין כאַשטשעוואַטע? אַ נעכטיקער טאָג! אָן אַקשן בלײַבט אָן אַקשן. וואָס הייסט, זי וועט זיך אומקערן קיין כאַשטשעוואַטע? אַלע זאָלן לאַכן פֿון איר, זאָגן,

אז זי האָט זיך אומגעקערט מיטן בײַטשל? איז זי אוועק ווידער טאַקע קיין מאָסקווע. ערשטנס, האָט זי אין מאָסקווע א ווײַטן קאָרעוו, צווייטנס, בלאָנדזעט מיסטאמע אין מאָסקווע ארום איר שלימאזל, און דריטנס, ווו ווערט זי אין כאשטשעוואטע געפינען מעוויינים אפן בילד, וואָס יאשקעלע האָט אָנגעמאָלט?

באם מאָסקווער ווײַטן קאָרעוו האָט זי איר שמועלן ניט געטראָפן. נאָר זי האָט זיך דערוווּסט, אז ער האָט זיך באזעצט ניט ווײַט הינטער מאָסקווע, אין מאלאָיאראָסלאוועץ. נעמט זי איר כעוורײַע און פאָרט אוועק אהין. מאלאָיאראָסלאוועץ איז ניט מאָסקווע, און דאָרטן איז גרינגער עמעצן אָפּזוכן. אין א שאָ ארום האָט זי שוין געוווּסט, ווו ער וווינט. און אוועק מיט די קינדער צו אים.

דעם שלימאזל אירן האָט זי אין דער היים ניט געטראָפן, נאָר די באלעבאָסטע זײַנע, שוין ניט קיין יונגע פרוי, האָט זי אופגענומען זייער פרײַנטלעך, צען מאָל זי אויסגעפרעגט און איבערגעפרעגט וועגן דעם, וואָס מיט איר האָט פּאסירט. און איבערצײַגט זיך, אז דאָס איז טאַקע שמועלס פרוי, איז זי געוואָרן שטאַרק איבערראשט. זי האָט אָנגעהויבן ארומיאָגן איבער דער שטוב, ברעכן די הענט, אָכקען און וואָכקען. כײַקע האָט ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס דאָס זאָל באטײַטן. און פארוואָס קומט זיי אזא קאבאָלעס־פּאָנעם? אָנגעוואָרעמט א פּאָר שיסלען וואסער, געהייסן זיי אלע זיך ארומוואשן, ארויסגעשטעלט אפן טיש פון אלדאָסגוטס, מײַכאָלים, וואָס מע זעט נאָר אף א גרויסן יאָמטעוו אָדער גאָר אף א כאסענע, און גערעדט, ווי געפרוווט פארעדן זיך אליין:

— זעצט זיך צום טיש, כאפּט איבער. דאָס איז דערווײַלע א פאָרגעריכט, די כאסענע וועלן מיר פּראווען דערנאָך, ווען איך וועל אײַך ברענגען אײַערן אהיים.

וועלכן „אײַערן”, האָט זי ניט געזאָגט, און פונוואנען דאַרף זי אים ברענגען, אויך ניט. נאָר ס'זײַנען פאראן אף דער וועלט אזעלכע פרויען, גוטע נעשאָמעס, וואָס קאָנען קיין אוולעס ניט פארלײַדן און אלץ גייט זיי אָן. טרעפט, לעמאָשל, וווּהין די באלעבאָסטע איז אוועק? איר וועט אין לעבן ניט טרעפן. אין זאגס! ווײַל טאַקע דעם טאָג האָט שמועל, דער קונילעמל, זיך צונויפגערעדט גיין אין זאגס מיט א צווייטער, צו וועלכער ער האָט זיך געשאדכנט אריבער א כוידעש. דאָס איז שוין געווען בא אים צוגעגרייט די כופּע־וועטשערע. נאָר גאָט האָט אים צוגעשיקט א גוטע באלעבאָסטע. זי איז געלאָפן, די באלעבאָסטע, ווי אף א סרייפע, זי האָט מוירע געהאט פארשפּעטיקן, און ארײַנגעלאָפן אין זאגס א פארסאָפּעטע. ס'האָט שוין טאַקע געהאלטן ניט ווײַט, ווײַל דאָס פּאָרל איז שוין צוגעקומען צום טיש. אין יענע יאָרן, ווייסט איר דאָך, איז ניט געווען אזוי שטרענג, ווי איצט. קיין פּאספּאָרטן זײַנען דאַן נאָך ביכלאל ניט געווען.

— ווארט צו, — האָט זי אויסגעשריגן. — איין מינוטקעלע!

און אָט אזא, א פארסאָפּעטע, איז זי צוגעקומען צו שמועלן און פאר אלעמען אין די אויגן אים דערלאנגט א פּאטש. ניין, צוויי, לאָמיך אזוי לעבן. איינעם אין דער רעכטער באק, דעם צווייטן אין דער לינקער.

— דאָס איז אַן אוואַנס, — האָט זי אַרויסגערעדט אַ ביסל אַ באַרויִקטע דערמיט, וואָס זי האָט באַוויזן צו דער צײַט. — דאָס איבעריקע וועט דיר אָפּגעבן דײַן ווײַב, וואָס וואַרט אויף דיר.

נו, פרעג איך אײַך, ניט קיין קינאָ? אַ נעם געטאָן שמועלן פאַר דער האַנט און אַוועקגעפירט אַהיים. נו, מאָלט אײַך, ס'איז שוין געווען יענע כאַסענע.

— נאַ, אָט האָסטו דיר דעם טאַכשיט דײַנעם! — האָט די באַלעבאָסטע אויסגעלאָזט דאָס האַרץ צו כײַקען, גלײַך זי איז געווען אין דעם שולדיק.

וואָס אין שטוב האָט זיך אָפּגעטאָן, דאַרף איך שוין אײַך ניט דערציילן. די גאַנצע גאַס איז זיך צונויפגעלאָפן. און ערשט דאַן האָט די באַלעבאָסטע אים אָפּגעגעבן דעם פּסאַק:

— קוקט אים נאָר אָן, אָט דעם שלימאַזל. אַזאַ קראַסאַוויצע מיט אַזעלכע גאָלדענע קינדער פאַרבײַטן אויף דער־רועך־ווייסט־וואָס. שטעל זיך שוין אויף די קני!

שמועל איז טאַקע געפאַלן פאַר איר קוירים, געוויינט, געשלאָגן זיך אַלכעט, געשווירן פאַר גאָט און פאַר לײַט, אַז ער וועט זײַן גוט און פרום, וועט זײַן געטרײַ איר און די קינדער ביזן טויט. נאָר כײַקע איז געווען אַזוי געפּלעפט דערמיט, אַזוי דערשלאָגן און אַזוי אופגעבראַכט אויף איר שמועלן, אַז זי איז שוין גרייט געווען, מע זאָל פּראַווען די כאַסענע אַזוי, ווי מע האָט זי געגרייט, זי איז גרייט געווען שוין גיין אין זאַגס און געבן אים אַ געט. נאָר די באַלעבאָסטע האָט ניט אופגעהערט גוואַלדעווען:

— וואָס הייסט אַ געט? און די קינדער? מאַכן זיי פאַר יעסוימימלעך? ער זאָל אפילע קלאַפּירן!

האָט מען די כאַסענע געפּראַוועט טאַקע אַזוי, ווי די באַלעבאָסטע האָט געהייסן.

...אויפן קעראָגאַז האָט זיך שוין אַלץ געקאָכט ווי עס דאַרף צו זײַן, און אין קיכל איז שוין מער ניט געווען וואָס צו טאָן.

— ווען מיר עפּשער אַרײַנגיין אין אײַער צימערל? — האָט די מומע ריזיע געפרעגט.

אין מײַן צימערל! וואַרט עס, הייסט עס, אויף מיר יעדן זומער מיטן זעלבן געקווייטלטן און געלאַטעטן טישטעכל אויפן טיש, מיטן זעלבן טינטערל און זעלבער אַלטמאָדישער פען, וועגן וועלכער די מומע ריזיע האָט געהאַט געזאָגט, אַז אויף ייִדיש שרײַבט זי נאָך ווי־ניט־איז. געווען איז דאָס מיט אַ יאָר צען צוריק, בײַם אונדזער ערשטער באַגעגעניש, און איך שרײַב נאָך אַלץ מיט יענער אַלטמאָדישער פען. אויף ייִדיש...

באַזעצט מיך אויף מײַן בענקל, לעבן מײַן טיש, האָט זי אַפּסנײַ גענומען באַקוקן מיך, צי פיל איך זיך גוט אויפן בענקל און צי בין איך אַליין צוגעפּאַסט צו אָט דעם צימערל, צו אָט דעם טישל. זי איז, אַפּאָנעם, געבליבן צופרידן מיט דעם אַלעמען, ווײַל זי אַליין האָט זיך אויך צוגעזעצט און ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

— אוי, האָב איך אויף אײַך אַרויסגעקוקט פאַראַיאָרן, פאַרצווייאָרן. איך

האָב געהאט פאר אײַך אזא שיינע מײַסע. נאָר איך האָב זי שוין פארגעסן. אָבער ס׳מאכט ניט אויס, איך וועל זיך דערמאָנען. לאָמיך נאָר זיך אָפּפּארטיקן מיט דער איצטיקער געשיכטע. איך בין א ביסל פארפאָרן אין א זײַט. די זאך גייט דאָך ניט אזוי אין כײַקען און אין שמועלן, נאָר אין זייער יאנקעלען, אין שלוימע קיווטשעקס אייניקל. און איך דערצייל דאָס אײַך צוליב דעם, איר זאָלט מיר געבן צו פארשטיין וועגן די גענעס.

איז יאָ, קיינער קאָן ניט וויסן, ווו ער וועט פארלירן און ווו געפינען, ווײַל ווען מע זאָל ניט געווען כײַקען מיט אירע קינדער פארפירן קיין סיביר, וואָלט יאנקעלע ניט געווען אָנגעמאָלט יענץ בילד און ער וואָלט ניט געהאט וואָס צו שיקן אפן קאָנקורס. נאָר יאנקעלע איז, אפּאָנעם, געווען אין דער מאמען געראָטן. איבערגעלייענט אין עפּעס א צײַטונג וועגן א קאָנקורס פון קינדערשע בילדער, האָט ער קיינעם גאָרנישט ניט געזאָגט און אוועקגעשיקט אף דער אויסשטעלונג דאָס בילד וועגן סיביר און נאָך עפּעס א בילד. און טוט נאָר א קוק, ווי דאָס מאזל האָט אים צוגעשפּילט. זײַנע בילדער האָבן אויסגענומען. גאנץ מאָסקווע האָט געהאט צו טאָן מיט אים. דאָס האָט מיר כײַקע אליין דערציילט. און כײַקע איז ניט קיין באריימערן. געקומען אפילע איינמאָל א מאשין קיין מאלאָיאראָסלאוועץ, מע האָט אוועקגעזעצט אף איר יאנקעלען, און כײַקען אליין אויך, און זיי זײַנען ארײַנגעפאָרן קיין מאָסקווע מיט אזא קנאק, ווי גאָר געהויבענע לײַט. און אף דער אויסשטעלונג האָבן אלע געוויזן אף איר מיט די פינגער: דאָס איז גרובמאנס מאמע. אָט דער, וואָס האָט פארנומען דאָס ערשטע אָרט... טראכט איך די גאנצע צײַט וועגן די גענעס. אוואדע איז גוט, וואָס צו אים זײַנען אריבער ניט דעם טאטנס גענעס, נאָר אנדערע. נאָר ווי קאָן דאָס זײַן, אז קינדווײַז זאָלן אין אים צעשפּילן זיך די גענעס פון א מאָלער, דערנאָך זאָל ער אוועק לערנען זיך פאר אן ארכיטעקטאָר, דערנאָך ערשט פארענדיקן א מיליטערישע אקאדעמיע און ערשט נאָך אלעמען ווערן א פיזיקער. און נאָך וועלכער פיזיקער! עפּעס אזוינס ווי אזעלעכס! איר ווייסט, אשטייגער, ווער ער איז, אָט דער איצטיקער יאקאָוו סאמוילאָוויטש? הויפּט־אינזשעניער פון ערשטן אטאָמנע רעאקטאָר! א שפּילכל צו זאָגן, שלוימע קיווטשעקס אייניקל איז דער גלאוונע באלעבאָס איבער אזויפיל אטאָמס. פרעג איך טאקע באַ אײַך, צי קענען אָט די גענעס אָפּטאָן אזעלכע שפּיצלעך? און נאָך וואָלט איך געוואָלט וויסן, וועמעס גענעס האָבן דאָ מערער אן ארבעט געטאָן? שלוימע קיווטשעקס, צי באָבקע דער פירזאָגערנס? ווײַל מע קאָן דאָך ניט וויסן, וועלכע מאמע האָט א גרעסערן כיילעק אינעם קינד. די, וואָס האָט געבוירן, צי די, וואָס האָט דאָס מיט איר מילך אויסגעהאָדעוועט?

קוקט ניט אפן זייגער, ווײַל איך אײַל זיך אליין אויך. איך האָב מוירע, די יויך זאָל ניט אויסלויפן. נאָר אף די גענעס האָב איך טאקע א פארדראָס. די טעג באגעגן איך דאָ די מאָנעשקע, ראכמיל גאזלענס א טאָכטער. וווינען וווינט זי אין אָדעס, און אהער קומט זי אף א דאטשע. פרעג איך זי, וואָס מאכט זי עפּעס, וואָס הערט זיך, ענטפערט זי מיר: „דאנקען גאָט, מײַן ארקע האָט שוין זאשטשישטשאיעט די דאָקטערסקע“. און איר זאָלט

זען, ווי זי איז גרויס בא זיך, ווי זי שנורעוועט דאָס פּיסקעלע, מאַכט שטיק, פּאַרוואַרפט די אויגן! א שקראַב אין האָניק. מע קאָן מיינען, אַז זי איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אף דער דעריבאַסעווסקע. זי האָט שוין גאָר פאַרגעסן, אַז דער טאַטע איז געווען א וואַסערפירער און אַז זי מיט דער מאַמען האָבן זומער און ווינטער געפּליקט פעדערן. נו, האָב איך שוין צוגעשוויגן. וואָס וועל איך גיין זיך באַרימען מיט מײַן קאַנדידאַטסקע, אַז די מאַנעשקע האָט שוין אין קעשענע א דאָקטערסקע.

פרעג איך אײַך... האָבן, הייסט עס, בא מײַן מענדלען, אַלעווהאַשאָלעם, זיך אָפּגעזוכט געגנעס נאָר אף א קאַנדידאַטסקע און בא ראַכמיל גאַזלען אף א גאַנצער דאָקטערסקע? נאָר נישקאָשע, מײַנער וועט נאָך ווײַזן! מע ווייסט נאָך ניט, וועמעס געגנעס זײַנען שטאַרקער. מײַן מענדל איז געווען א ייִד א לאַמדן! ס׳איז פּאַשעט די צײַט געווען אַזאַ. איך מיין טאַקע, אַז די צײַט אליין האָט אויך עפּעס צו זאָגן. זי דאַרף אליין זיך א גריבל טאָן אין די געגנעס און אַרויסקאַלופּען פון דאָרטן דאָס, וואָס מע דאַרף, דאָס, וואָס ליגט ניט געריהרט פון אונדזערע עלטער־עלטער־עלטער־זיידעס, בא אונדזערע אָוויס־אָוויסיינו. עפּשער ניט אַזוי? און ווערדליך מײַן ווײַבערשער סייכל זאָגט מיר, איז איצט סאַמע די צײַט, אַז אַלע בעסטע געגנעס זאָלן אופשטיין טכיאַס־האַמייסים.

וואָס האָט זי אַזוינס דערזען אין פענצטער, וואָס זי האָט פּלוצלינג זיך א הייב געטאָן און געגומען קלאַפּן אין די טאַפּליעס? איך האָב געמיינט, עפּעס א שכיינע, לאָזט זיך אויס — א פּאָר ציגן. זיי זײַנען צו צו די ביימער און אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען, פרווונדיק דערקלײַבן זיך צו די נאָענטע צווײַגן.

— קיש, קיש, — האָט זי געשריגן דורכן פענצטער, — אַקאַזאַ!

אָנגעשראָקן די ציגן, האָט זי ווידער זיך צוגעזעצט.

— הײַנטיקע ציגן... — זי רעדט דאָס אַרויס מיט א טיפן זיפץ און לאָזט דאָס רעכטע אויג א קוק טאָן אף מיר, וואָס וועל איך דערויף זאָגן. — הײַנטיקע ציגן פאַרשטייען שוין אינגאַנצן קיין ייִדיש ניט. אַמאָליקע ציגן האָבן געוווּסט, ווען דאַרפן די ייִדן אופשטיין צום וואָכעדיקן שאַכרעס און ווען שלאָפן זיי א ביסל שפּעטער. געוווּסט אַלע שאַבאָסים און יאָמטויווים. מײַן מענדל פלעגט זיך פאַרלאָזן מערער אף די שטעטלשע ציגן, ווי אף די דאָרפישע הענער. און איצט וואָס? כאָטש, נאָך וואָס זאָלן מיר האָבן טײַנעס צו די ציגן... איז ווו זשע האַלטן מיר? יאָ, בא די געגנעס. עפּשער בין איך טאַקע אָן אָפּגעשטאַנענע ייִדענע, נאָר איך וועל קיינמאָל ניט גלייבן, אַז בא איין מענטשן זײַנען סאַמע גוטע געגנעס און בא א צווייטן — סאַמע שלעכטע. אַז איינער ווערט געבוירן א גרייטער גאַנעוו, און דער צווייטער א פּאַרטיקער צאַדיק. ווען ס׳איז, כאָלילע, אַזוי, וואָלט די וועלט ניט געקאָנט האָבן קיין קיִעם. אָט נעמט אפילע דעם דײַטש. זיי זײַנען דען פון אייביק אָן געווען גאַזלאָנים? און זעט איר דאָך, אָט דער היטלער, יימאַכשמוי, אַלע גוטע געגנעס בא די דײַטשן האָט ער פאַרהלושעט און אַרויסגעקאַלופּעט סאַמע די ערגסטע, די פּאַשיסטישע. און מיליאָנען דײַטשן געמאַכט פאַר היצלעס. וואָס זאָג איך, היצלעס? טויזנט מאָל ערגער. ווײַל

ווי קאָן עס א מענטש אויסשטעלן קעגן זיך הונדערטער מענטשן און שיסן אין זיי?

אזוי גייט עס שוין, וועגן וואָס מע זאָל ניט רעדן, אף דעם מוז מען ארופקומען. און אויב דו ווערסט אליין זיך ניט דערמאָנען, וועט מען דאָס דיר דערמאָנען.

— איר הערט? דאָס וויינט מען אפן בעסוילעם. ס'איז דאָך איצט עלעל. פון אומעטום קומט מען אף קייווער־אָוועס. צו די פארשטאָרבענע און צו די דערשאָסענע. בא מיר איז די לעצטע צייט מיטן שלאָף געוואָרן זייער ניט וואזשנע. דוכט זיך מיר אָפט באנאכט, אז איך הער די קוילעס פון די גריבער. ווייסט איר וואָס? דערציילט בעסער, וועגן וואָס שרייבט איר איצט. איר שרייבט נאָך אלץ אף יידיש? שרייבט, שרייבט.

# פון דער מומע רייזיעס דערציילונגען

## 1. צוגאַסט אין טשעקאַ



אָס פאַר א סוּיכער מײַן מענדל־עליע איז געווען, ווייסט איר דאָך. אפילע אין די גוטע צײַטן איז אים אלץ געגאַנגען מיט דער פּוטער אראָפּ. מיט איין וואָרט — שלים־שלימאזל. אָף איין זאך איז ער געווען א בעריע — קאָכן קוואס. נאָר קאָכן. פארקויפן אים האָט ער זיך שוין ניט אויסגעטויגט. ביכלאל, דאָרט, ווו עס האָט געשמעקט מיט מיסכער, איז מײַנער געווען אויס.

אָבער ווען טרינקט מען קוואס? פון פייסעך ביז ראָשהאשאָנע. גיט נאָר א בלאָז דאָס ערשטע אָסיענדיקע ווינטעלע, דארף שוין קיינער ניט קיין קוואס. ס'הייסט, עמעצער דארף אים יאָ, נאָר גיי, פריר אָפּ א גאנצן טאָג און קוק ארויס אָף א קוינע. און קוואס איז דאָך אזא מין זאך: היינט אָפּגעקאָכט און הײַנט פארקויפט. אָבער וואָס טוט מען מיט א פעסל קוואס, וואָס שטייט שוין בא דיר דעם דריטן טאָג? אָדער גיס אים ארויס, אָדער טרינק אים אליין און כאַפּ ארײַן א בויך־ווייטעק.

זאָג איך איינמאָל מײַן מענדלען: עפשער וואָלטן מיר צוגעטראכט אזוינס, מיר זאָלן ווינטער אויך קענען האָבן א לעבעדיקע קאָפּעקע? — ווייסט איר דאָך, אז פרעגן אייצעס בא מײַן מענדלען וועגן אזעלכע זאכן איז אן אומזיסטע טירכע. אָבער — פּאָרט א מאנספארשוין. דארף מען אויסדרייען דעם איניען אזוי, אז ס'זאָל הייסן, אז דאָס האָב ניט איך צוגעטראכט, נאָר ער. האָב איך צוגעטראכט אײַנגעמאכטס, אײַנגעמאכטס פון ווײַנשל. ס'הייסט, צוגעטראכט האָב ניט איך, נאָר מאלקע די טוקערן, וואָס ווינט סאמע אונטער אונדז. איר ווייסט ניט, וואָס א טוקערן איז? די גרעסטע מאכערן אין באָד. יענע צוויי טעג אין דער וואָך, ווען אין באָד איז פאראן ווײַבערשע ביטלעך, איז זי דאָרט א גאנצע קנאקערן. זי לייגט צונויף און היט אָפּ דאָס ווײַבערשע אָנטועכץ, קיין זײַטיק אויג זאָל דעם, כאָלילע, ניט שאטן, באזאָרגט אלעמען מיט שעפּעלעך, און זייפּט אמאָל אָן עמעצן א פּלייצע. נו, גיט איר יעדערער וויפל ער קאָן און וויפל ער וויל. ווער א גראָשן און ווער א גאנצע קאָפּעקע. פארדינט זי, ווי מע זאָגט, וואסער אָף קאשע. אָבער נאָר צוויי טעג אין דער וואָך. און די איבעריקע? און די איבעריקע טעג איז ווי עס מאכט זיך. ווינטער פליקט זי פעדערן פון די גווירישע גענדז, און זומער טראָגט זי פונעם מארק שווערע פרעמדע קאָשעקעס.

נאָר וואָס מיינט איר, מאלקע די טוקערן וויל ניט ווערן רײַך? זיצט זי איינמאָל לעבן אונדזער שטוב און רופט זיך אָן צו מיר:

— הערט איר, רייזיע, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? די וועגענער מיט

די ווײַנשל קוקן מאמעש צו אײַך אין שטוב אַרײַן. פאַרוואָס זאָלן מיר, ווי אַנדערע, ניט אַ פּרוּוו טאָן אונדזער מאַזל?

— וואָס זשע וועלן מיר טאָן מיט די ווײַנשל? — פרעג איך בא איר. — און וויאַזוי קאָן איך זיי אַ שפּיל טאָן אונדזער מאַזל?

— מירן פרעגלען אײַנגעמאַכטס.

— ווּוהין זשע ווען מיר אַהינטאָן אַזויפיל אײַנגעמאַכטס?

— אײַ, רייזיע־לעבן, — מאַכט צו מיר מאַלקע, — איר זאָלט גאָר פרעגן וועגן אַזעלכע זאַכן. אָט בין איך נעכטן געווען בא בערעלע קיווטשעקס, זײַן הינדע האָט נעכטן געקויפט אַזאַ־אָ קאַרפּ, האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל אַרײַנקומען מאַכן די פיש. זי זאָגט, אַז איר בערל זאָגט, אַז אַזוי, ווי איך פּיל אָן די פיש, קען קיינער ניט. האָב איך געהאַקט די פיש און געהערט, ווי בערל האָט געשמועסט מיט פישל זאַליאַזניק. טרעפט, וועגן וואָס האָבן זיי געשמועסט! וועגן ווײַנשל און וועגן אײַנגעמאַכטס. אין בערשאַד, זאָגט מען, איז די סכוירע מיט גאָלד גלײַך. איז אויב בערעלע קיווטשעקס מיט פישל זאַליאַזניק לוינט דער מיסכער, פאַרוואָס זאָל ער אונדז ניט לוינען? קיין סאַך געלט דאַרף מען דאָך ניט אַרײַנלייגן, דעריקער איז די אַרבעט, נו, און הענט בא אונדז, ווייסט איר דאָך אַליין.

בא מיר האָט זי גלײַך געפּויעלט. האָט מען נאָר געדאַרפט, אַז גאָט זאָל אַרײַנגעבן אַזאַ געדאַנק אויך מײַן מענדל־עליען. האָבן מיר זיך צונויפגענומען עטלעכע שכיינים, פון יענע קאַפּצאָנים, וואָס פאַרלירן קיינמאָל ניט די האָפענונג רײַך צו ווערן, אײַנגעקויפט אַ פּאָר וועגענער ווײַנשל, און ס'איז אַוועק...

קינדער זײַנען בא אַלעמען געווען ניט ווייניק, געווען, הייסט עס, ווער ס'זאָל אַרויסנעמען די קערלעך, און ווער ס'זאָל אַ נאַש טאָן אַ ווײַנשל. מיט איין וואָרט — אַן עמעסער אַרטעל.

אָנגעפּרעגלט אַ פּוד פּופציק אײַנגעמאַכטס, אַזוינס ווי אַזעלכס, און אָנגעהויבן אַרויסקוקן אַף די בערשאַדער סאָכרים. נאָר יענע סאָכרים — ווי אין וואַסער אַרײַן. צי זיי האָבן באַוויזן אײַנקויפן ערגעץ אַנדערש, צי איבער די באַנדעס, יענעם זומער זײַנען באַנדעס געווען מערער, ווי סאָכרים. זײַנען מיר געבליבן שטעקן מיט דער סכוירע. ערשט אָנהייב ווינטער האָבן זיי זיך אַ יאַווע געטאָן. איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער. יעדן האָט מען געמוזט אַרויסשטעלן אַ שעלעכל אײַנגעמאַכטס מיט אַ גלאָז טיי, יעדערער האָט זיך געקוויקט, געלויבט די סכוירע אין טאָג אַרײַן, נאָר אַז ס'איז געקומען צו דער פּרײַז, — אַ נעכטיקער טאָג, מע קען אַפילע דעם קערן ניט דעקן. איך פּרוּוו זיך דינגען מיט זיי, און מײַן מענדל הייבט זיך אָן היצן: פאַר אַזאַ פּרײַז איז ער אַליין אויך אַ באַלן אַף אַ ביסל אײַנגעמאַכטס. כאָטש צו וואָס טויג אים גאַנצע פינף פּוד, וואָס זײַנען אויסגעפאַלן אַף אונדזער כײַלעק?

איז געשטאַנען דאָס אײַנגעמאַכטס בא אונדז אין קעלער, געוואַרט אַף אַ קוינע און דערוואַרט זיך אַף אַ באַנדע.

געשען איז דאָס שוין צום סאָף ווינטער. מײַן מענדל איז, ווי גע־וויינלעך, אויפגעשטאַנען אַ גרויסן פאַרטאָג און אַוועק צום ערשטן מיניען. פרעגט אים, וואָס יאָגט ער אַזוי מיטן דאַוונען, וואָס וועט ער אָנווערן מיטן

צווייטן מיניען צי מיטן דריטן? די גרויסע געשעפטן זײַנען? נאָר מענדל האָט זיך זײַן כעזשבן. גאָט אליין איז אויך ניט פון אײַזן. אז אלע ייִדן הייבן אים אָן דרייען א ספּאָדעק מיט זייערע טפילעס, פּאַרדולן אים דעם קאָפּ, ווייסט ער שוין אליין ניט, וואָס מע וויל פון אים. באם ערשטן מיניען, ווען גאָט איז אויך נאָרוואָס אופגעשטאנען און דער קאָפּ איז בא אים נאָך פרײַ, קאָן מען זיך אויסטײַנען מיט אים אפן סאמע בעסטן אויפן.

און סאמע דאַן, ווען מײַן מענדל האָט געקליבן זיך דורכשמועסן מיטן ריבוינעשעלוילעם, איז אָנגעלאָפן זאבאלאָטנע מיט זײַן באנדע, ארויסגע־טריבן אלע ייִדן אזוי, ווי זיי זײַנען געשטאנען, אין טאלעס־און־טפילן, און אוועקגעטריבן צום אלטן בעסוילעם. די ייִדן האָט מען אוועקגעשטעלט סאמע אינמיטן צווישן די צאמען און מאצייוועס און פון אלע פיר זײַטן אָנגעשטעלט אף זיי עטלעכע קוילנוואַרפערס. האָט מען שוין קיין לאנגע רעדעס האלטן ניט געדארפט. ס'איז געווען געגנוג, וואָס דער אטאמאן האָט געזאָגט:

— ווער ס'האָט צוקער, זאלץ, מעל, צירונג אָדער אנדערע זאכן, קאָן זיך אויסקויפן דאָס לעבן. די, וואָס ווילן זיך אויסקויפן, זאָלן אוועקגיין אין א זײַט.

עטלעכע ייִדן זײַנען אוועקגעגאנגען אין א זײַט. מײַן מענדל איז גע־בליבן שטיין אף זײַן אָרט און, ווי אלע איבעריקע, אָנגעהויבן זאָגן ווי־דוי. און ערשט דאַן האָט ער זיך דערמאָנט אין די פינף פוד אײַנגעמאכטס. האָט ער דאָך אויך מיט וואָס אויסקויפן זיך! נאָר ווי גיט מען דאָס אוועק? מע האָט דאָך ארײַנגעלייגט אין דעם דאָס גאנצע דאָברע־מאזל. די גאנצע האָפענונג איז אף אָט דער ווארעניע. זאָל נאָר קומען א גוטער קוינע...

אָפּגעזאָגט ווידע, האָט ער ערשט אָנגעהויבן אויסטײַנען זיך מיטן איי־בערשטן, האלטן זיך מיט אים אין אייצע. מעלדן זיך מיט דער ווארעניע, צי ניין. שטארבן ווילט זיך קיינעם ניט, נאָר אויב אָפּגעבן די אייציקע האָפענונג, וועלן זיי דאָך אלע שטארבן פון הונגער! און צוריקגערעדט, ווידע האָט ער דאָך שוין סײַווי אָפּגעזאָגט, וואָס זשע דארף ער איצט כאפּן צוריק? און דאָך... ווען מע האָט שוין גענומען אוועקפירן די ייִדן, וואָס זײַנען אוועק אין א זײַט, האָט מײַן מענדל־עליע אויסגעשריגן:

— נעמט מיך אויך מיט, איך האָב פינף פוד אײַנגעמאכטס.

— שפּעט זיך געכאפּט, — האָט זיך אָנגערופן איינער א באנדיט און דערלאנגט אים מיט דער ביקס אין די פלייצעס. — געווען געדארפט פריִער זאָגן.

וואָס איז געשען דערנאָך און וויאזוי דאָס איז געשען, האָט אפילע מײַן מענדל אליין אויך ניט געקענט דערציילן. מע האָט טאקע אָנגעהויבן שיסן פון אלע זײַטן, און אזוי, אז יעדערער האָט געקענט מיינען — מע שיסט אין אים, נאָר די קוילן האָבן קיינעם ניט געטראָפן. מע האָט געשאָסן אײַנ־דערלופטן. דערנאָך האָט דער אטאמאן אויסגעשריגן:

— אנטלויפט, זשידעס, אײַער דעך זאָל דאָ ניט זײַן.

אזוי איז ער ארײַנגעלאָפן אין שטוב ארײַן, מײַן מענדל, אין טאלעס־און־טפילן, בלייך, ווי די וואנט, קוים וואָס ער דעכעט. איז מיר אליין אויך שיר די נעשאָמע ניט ארויס.

— מענדל, ווי איז מיר, וואָס איז געשען?

— שאַ, רייזיע, — רעדט ער קוים אַרויס און טוט זיך אַ כאַפּ מיט דער האַנט באַם האַרצן. — מיר האָבן אַ גרויסן גאָט. מיר דאַרפן צוויי מאָל בענטשן גוימל. ער האָט מיר אָפּגעראַטעוועט סײַ דאָס לעבן, סײַ דאָס אײַנגעמאַכטס...

נו, מיילע, מײַן מענדלען ווייסט איר דאָך, באַ אים באַקומט זיך שטענ־דיק אַלץ קאַפּויר. נאָר אַקעגן וואָס האָב איך דאָס אײַך דערציילט? יאָ, אַקעגן דעם, וואָס מײַן מענדל איז שטענדיק געווען שלים־שלימאַזל. נאָר געוואָלט דערציילן האָב איך גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. וועגן דער זאַ־גראַדילקע. שוין געווען באַ אונדז די רויטע אַרמיי, פאַר די באַנדעס האָבן מיר שוין ניט געהאַט וואָס מוירע צו האָבן, נאָר קיין פּאַרנאָסע איז ניט געווען. ווער האָט דאַן געדאַרפט אונדזער קוואַס? און כאָטש אַלעמען, קאָכן קוואַס דאַרף מען האָבן פון וואָס. הערט אַ מײַסע, דער מאַרק איז לעבן דער שטוב, און ס'איז ניטאָ באַ וואָס אַ קאָפּעקע פאַרדינען. זאָג איך צו מײַן מענדלען: „נעם הייב אָן שפּעקולירן". — „מיט וואָס?" — פרעגט ער. „איך ווייס מיט וואָס? מיט לאַקרעץ, מיט קעבעבעס, מיט דער רועך ווייסט וואָס, אַבי פאַרדינען אַף אַ שטיקל ברויט. עפּעס שפּעקולירן דאָך אַלע, פאַרוואָס זאָלסטו ניט פּרוּוון?"

שפּעקולירט האָט מען באַ אונדז דעמאָלט מיט צוויי זאַכן: מיט צוקער און מיט זאַלץ. הײַנט האָט מען פאַר אַ פונט צוקער געגעבן צוויי פונט זאַלץ, און מאָרגן פאַרקערט: פאַר אַ פונט זאַלץ האָט מען געקענט קריגן צוויי פונט צוקער. דער גאַנצער סייכל דערבײַ איז געווען — אַרומדרייען זיך אַ גאַנצן טאָג אַף דער בירזשע, זיך אונטערהערן, וואָס מע רעדט, אָנשמעקן דאָס, וואָס מע דאַרף, דערפילן, פונוואַנען און וווּהין דאָס ווינטל בלאָזט, און אָנטאַפּן דעם דויפעק, דאָס הייסט, דערוויסן זיך, וואָס לוינט הײַנט קויפן, וואָס פאַרקויפן און וואָס אַף וואָס אויסבײַטן. מענטשן, געדענק איך, זײַנען רײַך געוואָרן פון יענע שפּעקולאַציעס. נאָר ניט מײַן מענדל. ער איז ניט געווען פון יענע אונטערהערער און פון יענע אָנשמע־קער. און מיטן ווינטל האָט ער זיך שטענדיק טויע געווען. אַ שפּעקוליר געטאָן אַ פאָר מאָל, געפּאַטערט די לעצטע קאָפּעקע, אַרײַנגעקראָכן אין אַ גרויסן כויוו, און אויס. זאָג איך ווידער צו אים: „אויב די טויגסט זיך ניט אויס אַף שפּעקולירן, ווער אַ מעקלער. וועסט עמעצן עפּעס אויס־מעקלערן, וועסטו אויך פאַרדינען".

ווערט מײַן מענדל מאָלע־רעציכע:

— אַ מעקלער? איך זאָל ווערן אַ מעקלער? דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט, נאָר קיין מעקלער ווער איך ניט. דאָס איז טויזנט מאָל ערגער פון אַ שפּעקוליאַנט. אַ שפּעקוליאַנט שטעלט כאָטש עפּעס אײַן, און אַ מעקלער מוז זײַן אַ ליגנער, אַן אַפּעריסט, אַ וואָס אין דער קאָרט. ער מוז לויבן אין טאָג אַרײַן אַ סכוירע, וואָס טויג אַף טויזנט קאַפּאָרעס. און באַ אונדז אין דער טוירע שטייט געשריבן...

— וואָס אין דער טוירע שטייט געשריבן, ווייס איך ניט ערגער פון דיר, — ווער איך שוין אויך בייז. — נאָר פון דעם וועסטו זאַט ניט ווערן. ווי זאָגט מען עס, פון אַלכעט ווערט מען ניט פעט...

איז מײַן מענדל שוין אַרײַן אין אַן אַמביציע און האָט טאַקע עפּעס צוגעטראַכט. ער וועט ניט זײַן ניט קיין שפּעגעליאַנט און ניט קיין מעקלער. ער וועט צופֿאָרן קיין הײַסין, קויפֿן עטלעכע קרענץ ציבעלעס און אַז גאָט וועט וועלן, וועט ער פֿאַרדינען דערבײַ אַף מאַצעס.

אײַ, די הײַסינער ציבעלעס!.. זיי זײַנען געווען באַרימט איבערן גאַנצן קאַנט. האַלעמײַ זאָל איך ליגן זאָגן, עס טרעפֿט אויך איצט, אַז איך קריג אַמאָל אַ קרענצל ציבעלעס, אַזוינס ווי אַזעלעכס, נאָר ווי קומען זיי צו יענע הײַסינער ציבעלעס?

וואָלט אַלץ געווען גוט. נאָר גיי זײַ אַ נאָווי. גיי ווייס, אַז מײַן מענדלען האָבן געצויגן צו זיך ניט אַזוי די ציבעלעס, ווי דער טוטין. ער האָט געקלערט בײַסמײַסע קריגן אַ פּאָר פּעקלעך טוטין, אָדער כאָטש אַ פּעקעלע, טאַקע נאָר איין פּעקעלע מאַכאָרקע, ווײַל בײַ מײַן מענדלען איז אַ ציגאַרעטער געווען בילכער פֿון אַ ראָסלפֿלייש. אָן אַ ראָסלפֿלייש האָט ער נאָך געקענט דורכקומען, אָן אַ ציגאַרעטער איז ער געווען אויס מענטש. ס'איז פּאָשעט אַ ראַכמאָנעס געווען צו קוקן אַף אים, ווי ער גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג ווי אַ צעדולטער און האַלט אין איין דרייען מיט די פֿינגער. עס כאָלעמט זיך אים, אַז ער פֿאַרדרייט אַ ציגאַרעטער. באַגעגנט ער עמעצן אין גאַס, שטרעקט ער אויס די האַנט און רײַבט ווידער איין פֿינגער אין אַנדערן: ס'הייסט, עפּעס האָט איר פֿאַררייכערן. מיר איז אַ ביזאָיען געווען פֿאַר זיך אַליין, ווען ער איז, ווי יענע שנעקלעך, אַרומגעגאַנגען איבערן מאַרק, צונויפֿגעקליבן די ניט־דעררייכערטע אָפּשניצלעך. איך האָב אים געזידלט, געשראָקן, נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿן. און דאָ האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַרײַן: ער וועט צופֿאָרן קיין הײַסין קויפֿן עטלעכע קרענץ ציבעלעס און קריגן אַ פּאָר פּעקלעך טוטין. נאָר אַז מע זאָגט שלימאַזל...

געקומען קיין הײַסין, אײַנגעקויפֿט אַ פֿולן זאַק ציבעלעס, און טאַקע וואָלוול אויך, בײַ אונדז איז צוויי מאָל טײַערער, נעם זשע, נאַרישער ייִד, דעם זאַק אַף די פּלייצעס און צוריק אַף דער סטאַנציע — איז ניין, לאָזט ער זיך ערשט איבערן מאַרק זוכן טוטין. און אַז מע זוכט, געפֿינט מען. נעם זשע, שלימאַזל, פֿאַרוק דעם טוטין צווישן די ציבעלעס אַזוי, אַז קיין שום רועך זאָל דאָס ניט געפֿינען? אַף דעם האָט אים קיין סייכל ניט געסטײַעט. נו, איר געדענקט דאָך יענע צײַטן, מיט די „מעשאָטשניקעס" און מיט די „זאַגראַדילקעס". אַף דער סטאַנציע האָבן זיי איבערגעטרייסלט בײַ אַלעמען די פּעק מיט די זעק, צי מע פֿירט ניט דאָס, וואָס מע טאָר ניט. אָן עפּן געטאָן מײַן מענדלס זאַק, האָט דער רויטאַרמייער פֿון דער „זאַגראַדילקע" גלײַך דערזען דעם טוטין. און טוטין איז געווען דאָס סאַמע טרייפֿסטע. טוט דער רויטאַרמייער אַ פֿרעג בײַ מײַן מענדלען:

— וואָס פֿירסטו?

— ציבעלעס, — ענטפֿערט מײַן מענדל.

— טוטין! — שרײַט אויס דער רויטאַרמייער.

און מײַן מענדל טײַנעט זיך זײַנס:

— ציבעלעס! ווי איך בין אַ ייִד!

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, ציבעלעס — טוטין, טוטין — ציבעלעס,

דער רויטאַרמייער האָט באַפוילן מענדלען נעמען, בימכילע, דעם זאַק און גיין מיט אים. צונויפגענומען אַ מענטשן צען אַזעלכע סאָכרים און אַוועקגעפירט. גייט מײַן מענדל אין געהאַקטע ווונדן און נעמט, ווי שטענ־דיק אין אַ סאַקאָנע, זיך אויסטײַנען מיטן אייבערשטן. ער וויל וויסן, וואָס וועט זײַן מיט אים. צי וועט מען נאָר צונעמען דעם זאַק, צי מע וועט אים אַליין אויך אײַנזעצן. ווײַל אויב נאָר דעם זאַק, איז מיילע, אַ שיינע־ריינע קאַפּאָרע. ער איז ביז איצט ווי־ניט־איז אויסגעקומען אָן אַ ציי־גײַער, וועט ער זיך צומוטשען נאָך אַ ביסל. אײַ, מאַצעס אַף פּייסעך? וועט דער אייבערשטער מוזן צוטראַכטן עפּעס אַנדערש. נאָר אויב, כאָ־לילע, מע וועט אים אַליין אײַנזעצן, איז ווידער דאָס זעלבע. מוז ער כאָטש וויסן אַף וויפל, צי וועט ער באַווײַזן אַף פּייסעך אַהיים און קענען פּראַווען דעם סיידער קעהילכאָסוי? נו, צוגעקומען צו עפּעס אַ מאַגאַזין, וואָס לעבן דער סטאַנציע, האָט מען געהייסן זיי אַוועקלייגן די פּעק, געפרעגט יעדערן, ווי מע רופט אים און פונוואַנען ער איז, און גאַנץ לײַטיש אויסגעשריבן אַ קוויטאַנציע אַף דעם, וואָס בא אים איז רעקווי־זירט געוואָרן.

פאַרנאַכט, איך טו אַ קוק, מײַן מענדל איז שוין דאָ צוריק. עפּעס צו גיך זיך אָפּגעפּאַרטיקט, און עפּעס צו אַ גרינגער פּאַרשוין. האָט מיר שוין אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ.

— נו, וואָס זשע הערט זיך עפּעס? — פרעג איך בא מײַן מענדלען און פיל, ווי עס הייבט מיט מיר אָן אונטערוואַרפן, ווי אין אַ קאַדאָכעס.

— גאָט צו דאַנקען, רייזיע, איך האָב געמיינט, איך וועל שוין אַף פּייסעך אין דער היים ניט זײַן.

— אַף מײַנע סאָנימס קעפּ! און ווו זײַנען די ציבעלעס?

— אָט דאָס איז עס דאָך, — ענטפערט ער אַ ביסל טאַמעוואַטע, — צו־גענומען.

— וואָס הייסט צוגענומען? ווער און פאַר וואָס?

— איבערן טוטין.

— וועלכן טוטין?

— וואָס זשע, ווייסט ניט? איך האָב געקויפט צוויי פּעקלעך טוטין. אָט...

און ער טוט מיר אַ ווײַז די קוויטאַנציע.

נו, די קוויטאַנציע האָט ער מיר געקענט ניט ווײַזן. סײַווי קען איך ניט איבערלייענען, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן. נאָר פונדעסטוועגן, ווי־באַלד מע האָט אַרויסגעגעבן אַ קוויטאַנציע, איז דאָס שוין עפּעס ווערט. כאַפּ איך די קוויטאַנציע און לויף אַוועק צו אַ שכיינע. איר ייִנגל לערנט זיך אין דער אוקראַיִנישער שול. האָט ער מיר איבערגעלייענט.

— מענדל, — טײַנע איך צו אים, — ביסט דאָך געפּאָרן נאָך ציבעלעס, וואָס זשע האָסטו געקויפט טוטין?

— כ'האָב געקויפט ציבעלעס.

— אָט איז דאָך אין דער קוויטאַנציע אָנגעשריבן!

— ציבעלעס, — טײַנעט ער זײַנס...

— דו ביסט טאַקע זיכער, אַז ציבעלעס? — ווער איך שוין ווייכער.

— וואָס מיינסטו? עפּעס בין איך מעשוגע צי כאָסערדייע?
— אויב אזוי, — זאָג איך, — פּאָר איך מאָרגן קיין היַיסין.
— גאָט באַהיט, רייזיעו מע דאַרף בעַנטשן גוימל, וואָס איך בין ארויס פון זייערע הענט. אייניקע האָט מען אײַנגעזעצט.
— ווײַבאַלד מע האָט דיך ניט אײַנגעזעצט, וועט מען מיך אויך ניט אײַנזעצן. איך גלייב ניט, אז די „זאַגראַדילקע" זאָל צונעמען באַ אן ערלעכן מענטשן א ביסל ציבעלעס.
געַנומען די קוויטאַנציע און אוועקגעפאָרן קיין היַיסין. אָפּגעזוכט דעם מאַגאַזין, וועגן וועלכן מענדל האָט מיר דערציילט, און גלײַך אָנגעטראָפן אָף א רויטאַרמייער מיט א ביקסל. הייב איך אים אָן דערציילן די געשיכטע פונעם אָנהייב ביזן סאָף, נאָר ער שטייט, ווי ניט אים מיינט מען. א טויבער מאַלעך. ווײַז איך אים שוין די קוויטאַנציע. דרייט ער זי אהין, דרייט זי אהער, און איך הייב שוין אָן טראַכטן, אז ער ווייסט אין די קליינע אויסיעלעך ניט מערער פון מיר. דערנאָך ערשט רופט ער זיך אָן:
— איך קאָן דיר גאָרניט העלפן. מע דאַרף צוגיין אין טשעקאַ.
דערהערט וועגן טשעקאַ, ווערט מיר א ביסל קאַלעמוטנע אפן האַרצן. אליין האָב איך זי קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, נאָר אין שטעטל האָט מען אָנדערציילט וועגן איר פאַרשיידענע געשיכטעס. נאָר וואָס דאַרף איך מוירע האָבן פאַר דער טשעקאַ? איך בין א פאַבריקאַנט, כ'האָב אייגענע מילן, צי גוראַלניעס, צי איך האָב צו טאָן מיט גאָלד? קיין ספּעקוליאַנטקע בין איך אויך ניט, קיין באַנדע אוואַדע ניט, וואָס זשע דאַרף איך מוירע האָבן פאַר דער טשעקאַ? אזוי רעד איך אײַן זיך אליין, רעכן זיך אויס דעם אייגענעם יִיכעס און ווער באַ זיך א ביסל פעסטער. מיט איין וואָרט — רייזיע, האַלט פּאַסאָן!
גיי איך איבער היַיסין, שטעל אַלעמאָל אָפּ אן אנדער מענטשן און פרעג זיך נאָך, ווו איז דאָ ערגעץ די טשעקאַ. זײַנען אָבער אונדזערע ייִדן ניט קיין פאַרגינערס, יעדערער מוז וויסן, ווער בין איך, פונוואַנען שטאַם איך און וואָס פאַר א מעכוטענעסטע בין איך מיט דער טשעקאַ. מוז איך שוין יעדערן דערציילן אײַנקורצן די געשיכטע. לאַכן זיי פון מיר, זיי מיינען, אז דאָס האָב איך אויסגעטראַכט. וואָסי, די טשעקאַ האָט ניט קיין בילכערע זאַכן, זי זאָל האָבן צו טאָן מיט א זאַק ציבעלעס?
געקומען אין טשעקאַ, אויסדערציילט דעם דעזשורנע מײַן ייִכעס, אז קיין מילן מיט קיין גוראַלניעס האָב איך ניט, מיט קיין גאָלד קיינמאָל ניט ספּעקולירט און אין קיין באַנדע קיינמאָל ניט געוועזן, געוואָרן פון דעם אַלעמען פעסט באַ זיך און זיך אָנגערופן:
— פירט מיך שוין אוועק צום סאַמע גלאַוונע נאַטשאַלניק.
— וואָס דאַרפסטו דעם נאַטשאַלניק?
און דער דעזשורנע — עפּעס גאָר א שנעקל. וואָס זשע, זאָל איך אים אויך אָנהייבן דערציילן די געשיכטע וועגן די ציבעלעס? וועט ער מיך גלײַך אוועקטרײַבן. מאַך איך א בייזע מינע און רוף זיך אָן:
— דאָס איז א גרויסער סאָד. און דאָס קאָן איך זאָגן נאָר דעם נאַטשאַלניק אליין.

20—1497

באקוקט מיך דאָס באָכערל פון קאָפּ ביז די פיס, ווער בין איך עס און וואָס פאַרא סוידעס קאָן איך האָבן. איך האָב געמיינט, אַז באַלד וועט ער מיך נעמען אַפּן צימבל און מיך כאַפּן בײַ אַ ליגן. נאָר אַז עס דאַרף געשען אַ נעס... האָט ער מיר אָנגעהויבן דערקלערן:

— ווערסט דורכגיין דרײַ גרויסע צימערן, און אַפּן פערטן וועט זײַן אַ טאַבליטשקעלע. דאָרט איז דער נאַטשאַלניק.

און אויסגעשריגן אַזוי, אַז מע זאָל הערן אין אַלע דרײַ צימערן:

— דורכלאָזן צום נאַטשאַלניק!

גיי איך שוין איבער די דרײַ גרויסע צימערן, און עס נעמט מיך באַפאַלן אַ שרעק. אין יעדן צימער — אַ מענטשן צען. ווער עס שרײַבט מיט דער פּען, ווער עס קלאַפּט אויף אַ מאַשינקע, און אַלע זײַנען אַזעלכע סטאַטעטשנע, אַזעלכע שטרענגע. און בײַ אַלעמען, אַפילע בײַ די מיידעלעך, באַמבלט זיך בײַ דער זײַט אַ שפּײַער. גיי איך, רעכן אויס אין זיך מײַן יכעס און פּיל, ווי יעדער אייוועך ציטערט אין מיר. גאָטעניו, טראַכט איך מיר, וואָס האָט דיר נאָך געטויגט אַ טשעקאַ? קאַרג צאָרעס אויף דער וועלט אָן איר? אָט אַזוי בין איך דורך אַלע דרײַ צימערן, צוגעקומען צום פערטן, דערזען דאָס טאַבליטשקעלע, גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָ דאַרף זײַן דער נאַטשאַלניק, אַ ריס געטאָן פאַר פאַכעד די טיר און אַ זאָג געטאָן אויף רוסיש:

— זדראַסטיע!

איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט דער נאַטשאַלניק זיך דערשראָקן פאַר מיר. צי דערפאַר, וואָס ער איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זײַנע איניאָנים, צי מעגלעך, ער איז אַזוי זיצנדיק געשלאָפן. זיך אַ ריס געטאָן פונעם בענקל, אַ כאַפּ געטאָן דעם נאַגאַן און אָנגעהויבן שרײַען:

— ווער איז דאָרטן, ווער דרייט זיך דאָרטן אַרום? ווו זײַנען זיי?..

ער שרײַט און קוקט אַזוי אויף מיר און אַ ביסל דורך מיר מיט זײַנע רויטע, ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן. ער קוקט אויף מיר, און איך קוק אויף אים, און עס קומט מיר אַפּן געדאַנק, אַז די טשעקאַ דאַרף זײַן גאָר ניט אַזוי שרעקלעך, אויב דער נאַטשאַלניק זײַערער איז אַזאַ. איך זאָל זאָגן שטאַרק אויסגעצערט, איז ניין. נאָר די באַקן שטאַרק אײַנגעפאַלן, און די אויגן פאַרקערט, די אויגן שפּאַרן אַרויס, ווי בײַ אַ מענטשן מיט שטאַרקע קאָפּ־שמערצן. דאָס לעדערנע רעקל זײַנס איז שטאַרק אָפּגעריבן, און דאָס העמדל אונטער דעם... אוי, טראַכט איך מיר, ווען ער גייט אַ טו אויס דאָס העמדל, איך זאָל עס אַ וואַש טאָן מיט מײַנע הענט!

אַ ריב געטאָן די אויגן איין מאָל און צוויי מאָל, אַ ביסל אַרויס פונעם שלאָף און דערזען פאַר זיך אַ פּאָשעטע ייִדענע, האָט ער זיך, אַפּאָנעם, פאַרשעמט פאַר זײַן גוואַלדעווען און גלײַך געוואָרן ווייכער.

— נו, מומע, דערצייל, ווער ביסטו און ווי קומסטו אַהער.

ס׳איז מיר אַליין געווען אַ ביסל פריקרע, ווי ער בעט בײַ מיר מע־כילע.

— פאַרשטייסט, מומע, ניט קיין טאָג און ניט קיין נאַכט... איין באַנדע נאָך דער אַנדערער... און דו ווער ביסט, ניט בראָדסקיס אַ מעכוטענעסטע?

נו, שפּאַסן קען איך ניט ערגער פון אים.

— ניין, זאָג איך, מיט בראָדסקין קער איך זיך גאָרנישט ניט אָן, ניט מיט בראָדסקין, ניט מיט וויסאָצקין און אפילע ניט מיט אונדזער כאַשטשעוואַטער גוויר'ל מאָטל בראָוואַרנע.

— וואָס זשע טוסטו דאָ?

ווייל איך אים אויסרעכענען מײַן ייִכעס, אַז קיין מילן האָב איך ניט, קיין גוראַלניעס אויך ניט, נאָר ער האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— קירצער, קירצער.

— קירצער איז אַזוי. מײַן מענדל־עליע האָט געקויפט אין הײַסין ציבעלעס, האָט מען זיי צוגענומען, ווי טוטין.

— לײַגסט! — האָט ער אויסגעשריגן און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש.

נאָר איך זע שוין, אַז וואָס צו שרעקן האָב איך זיך ניט, און ענטפער אים אָפּ רויִק:

— וואָס דאַרף איך לײַגן? ווען איר קענט מײַן מענדל־עליען... ער גייט מאַמעש אויס נאָך אַ ציגײַער טוטין. האָט ער געקויפט אַ זאַק ציבעלעס און דערצו אַ פּעקל טוטין. טיפּעש איינער, זאָג איך אים, וואָס האָסטו ניט פאַרוקט דאָס פּעקל אַזוי, אַז קיין שום זאַגראַדילקע און קיין שום רועך זאָל עס ניט קענען געפינען? נאָר ווייסט איר דאָך, מײַן מענדל! ער שרײַט: „ציבעלעס", און דער רויטאַרמייער שרײַט: „טוטין". אָט האָט איר די קוויטאַנציע.

באַקוקט ער די קוויטאַנציע, דרייט זי אַהין, דרייט זי אַהער און רעדט שוין ווידער אַ ביסל רויִקער:

— איז וואָס, מומעניו, ציבעלעס?

— און ווי מיינט איר, ווען ס'איז כאָלילע, טוטין, וואָלט איך אַזוי געיאָגט אין טשעקאַ?

און גראָד מיט דעם האָב איך אים גענומען. ווידער מיך באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, ווידער אַ ריב געטאָן דעם שטערן און זיך צעשמייכלט:

— ביסט טאַקע גערעכט, מומע.

גענומען די קוויטאַנציע, עפּעס אָנגעשריבן אויף דעם און זיך אָנגערופן:

— וועסט דורכגיין אין דריטן צימער, ווײַזן די קוויטאַנציע, וועט מען דיר אָנשרײַבן...

וואָס האָט מען מיר דאָרטן ערשט געדאַרפט אָנשרײַבן, ווייס איך ניט, ווײַל ער האָט ווידער אַ נעם געטאָן די קוויטאַנציע, פאַרמעקט דאָס, וואָס ער האָט באַרוואָס אָנגעשריבן, און גענומען שרײַבן עפּעס אַנדערש.

— פאַרשטייסט, מומע, אָנהייבן אַרומגיין נאָך רעזאָליוציעס, וועט באַ דיר דער טאָג אַוועק. איז אָט, נאַ דיר גלײַך. דאָ איז אָנגעשריבן, מע זאָל דיר אומקערן די ציבעלעס מיטן טוטין. גיי גלײַך אויפן סקלאַד. וועסט זאָגן, גאָלובצאָוו האָט באַפוילן.

כאַפּ איך שוין דאָס פּאַפּירל, און מיר איז ביז הײַנט אַ ביזאָיען, וואָס איך בין אַוועק אָן אַ זײַ־געזונט, אַפילע פאַרגעסן אָפּדאַנקען, געכאַפּט דאָס פּאַפּירל און ווידער צום מאַגאַזין. איך ווײַז דעם רויטאַרמייער דאָס פּאַפּירל, פירט ער מיך אַרײַן אינעווייניק, און איך דערקען גלײַך מײַן זאַק. דאָרטן איז טאַקע מער ניט געווען, ווי מײַן זאַק, מיט נאָך עפּעס אַ קעסטל.

— נו, פאַרנעם דיר דײַנע פּעקלעך, — רופט ער זיך אָן צו מיר, — רײניק אָפּ דעם מאַגאַזין, און לאָמיך אופהערן דאָ צו סטאַרטשען.
— איך האָב דאָ נאָר א זאק, — דערקלער איך אים.
— וואָס הייסט נאָר א זאק? אָט, גאַלובצאָוו אליין האָט אָנגעשריבן: אומקערן די ציבעלעס מיטן טוטין. פאַרנעם דיר דײַנע זאכן און לאָז מיך צורו.
ווייס איך שוין גאָרניט וואָס צו זאָגן. צי שפּאַסט ער פון מיר, צי איז דאָס א נײַ שפּיצל פון דער טשעקא. ווער איך אויך קלוימערשט בארויגעז:
— וואָס ווילסטו פון מיר? ווי קאָן איך טראָגן אזעלכע צוויי פּעק?
רופט ער ארויס א צווייטן רויטארמייער און טוט אים א זאָג:
— וועסט נעמען אָט די פּעק און העלפן אָט דער בירגערן זיך אופ־זעצן אפן באַן. גאַלובצאָוו האָט באַפוילן.
ווי זאָגט מען עס, אז עס גייט, גייט עס פון אלע זײַטן, ווײַל אופזעצן זיך אפן באַן איז געווען שווערער פון אלעמען. אונדזער לײדיק־גייער, ווייסט איר דאָך, איז אין די גוטע צײַטן געווען יענץ מײַכל, און דעמלט, ניט הײַנט געדאכט, איז אפילע אף די דעכער קיין פרײַ אָרט ניט געווען. איך פאַרשטיי ביז הײַנט ניט דעם סייכל, פאַרוואָס האָט מען גע־פירט אלע ספּעקוליאַנטן און מעשאָטשניקעס אומזיסט אהין און צוריק. אבי כאַפּ זיך נאָר אַרײַן אָדער קריך ארוף אפן דאך. נאָר אז איך האָב געהאַט לעבן זיך אזא באַגלייטער, בין איך שוין געווען בא זיך פעסט און ניט געוווסט פון קיין שום דײַגעס. אלע האָבן געמאַכט פאַר אונדז א וועג, מע האָט גלײַך אָפּגעטראָטן אן אָרט פאַר מיר און פאַר מײַנע פּעק, און דערצו נאָך, ווען דער רויטארמייער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, האָבן שוין אלע אין וואַגאָן פאַרשטאַנען, אז מיט מיר דאַרף מען וויסן, ווי צו האַלטן זיך.
דעם גאַנצן וועג האָב איך געוואַרט, עס זאָל אַרײַנקומען עמעצער פון דער זאַגראַדילקע און איך זאָל אים ווײַזן די קוויטאַנציע מיט גאַלובצאָווס רעזאָליוציע. נאָר ווי אפּצולאָכעס איז קיינער ניט אַרײַנגעקומען און קיינער האָט וועגן גאָרנישט ניט געפרעגט.
געקומען אהיים, אָן עפּן געטאָן דאָס קעסטל — גאָט מײַנער, עפּשער הונדערט פּעקלעך מאַכאָרקע. מײַן מענדל־עליע שטייט, האַלט אין איין ציטערן, און איך הער, ווי די ציין זײַנע הערן ניט אוף צו קלאַפּן.
— א נעס פון גאָט, — רופט ער זיך אָן און הייבט עפּעס אָן שעפּטשען, גלײַך ער מאַכט א בראָכע. — רייזיע, ס'איז א נעס פון גאָט.
— און עפּשער פון דער טשעקא? — זאָג איך צו אים.
— רייזיע! זינדיק ניט, רייזיע! און זאָלסט וויסן, צען פּעקלעך מאַכאָר־קע פאַרקויף איך מאָרגן און גיב אוועק דאָס געלט אף מאָעסכיטן. אף מאַצעס פאַר אָרעמעלײַט.
נו, ווי געפעלט אײַך עפּעס מײַן מענדל־עליע? א גאַנצער גוויר מיטאַ־מאָל געוואָרן. און שענקט שוין טויזנטער אף אָרעמעלײַט.
וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? אדאַנק דער טשעקא האָבן מיר געהאַט א פײַנעם פּייסעך, ס'איז אונדז נאָך געבליבן געלט אף א פּאָר זעקלעך קלײַען, און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן קאָכן קוואַס.

## 2. מענדל־עליע דער אקשן



יי, די בעהאָלע, וואָס איז געוואָרן מיט די אַרטעלן!.. פריִער האָט מען געדאַרפט בא יעדערן זיך בעטן, איַינרעדן, און אַז אַ שוסטער צי אַ פעלצנמאַכער איז געוואָרן אַן אַרטעלניק, איז געווען אַ גאַנצע געדולע. און מיטאַמאָל, ווי עפּעס אַן אָנשיקעניש, ווי יענע אינפלוענציע, ניט היַינט געדאַכט. זיי זיַינען געוואַקסן, ווי אַף הייוון, די אַרטעלן, יעדן טאָג איז צוגעקומען אַ ניַיער. נאָך די שניַידער זיַינען אַוועק די שוסטער, נאָך די שוסטער די קאָוועלס, נאָך די קאָוועלס די פעלצנמאַכער, און אַפילע דער באָד האָט זיך אָנגעהויבן אויסוויַיזן, אַז אויב ניט אין אַרטעל, בליַיבט זי אויסגעשטעלט. אַ קוק טאָן דעמלט אַף אונדזערע כאַשטשעוואַטער, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז אין די אַרטעלן שאַרט מען גאָלד מיט לאָפּעטעס. ווו מע איז געגאַנגען און ווו מע איז געשטאַנען, האָט מען גערעדט נאָר וועגן איין זאַך — וועגן אַרטעל. אַפילע מיַין מענדל האָט זיך אויך אָנגעשטעקט מיט דעם, יעדן גאַנצפרי האָט ער מיר געבראַכט פון בעסמעדרעש עפּעס אַ ניַיס וועגן די אַרטעלן. ביכלאַל איז ער ניט געווען קעגן די אַרטעלן, נאָר ער האָט געהאַלטן, אַז צו אונדזער קוואַס האָט דאָס קיין שיַיכעס ניט.

מיינט ניט, אַז אַלץ איז געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. געווען אַזעלכע, וואָס כאָטש האַק זיי און בראָק זיי, אין אַרטעל גייען זיי ניט. זיי האָבן פּאָשעט ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי קאָן מען עס מאַכן פון אַלע קאָוועלעס איין קאָוועל, פון אַלע שוסטער איין שוסטער און פון אַלע באַלעגאָלעס איין באַלעגאָלע. ווי קאָן מען עס צונויפנעמען דאָס גאַנצע קלאַפּערגעציַיג אונטער איין דאַך, אַז בא איינעם איז אַ זינגער־מאַשין, וואָס נאָר זינגען קאָן זי ניט, און בא אַן אַנדערן — אַ שיוויריי־קיילע. ס'איז געווען, ווי דאָוויד טערק האָט ליב געהאַט צו זאָגן. מיט אונדזערע ייִדן, פלעגט ער זאָגן, איז גוט איינעם נאָר קוגל עסן. און דאָס אויך פון באַזונדערע טעלער.

איז מיילע, אַז שוסטערס קריגן זיך, קומט מען אָפּ מיט „אַ רועך אין דיַין טאַטנס טאַטן אַריַין”, מיט „אַ מאַקע דער מאַמען דיַינער”, מע בעט זיך דערנאָך גליַיך איבער און מע נעמט אַ קויסע. נאָר אַז באַלעגאָלעס הייבן זיך אָן קריגן, זאָל שוין גאָט שוימער אומאַצל זיַין. דאָ שמעקט שוין גליַיך מיט פּעטש. גליַיך הייבן אָן סווישטשען די ביַיטשן, עס טרישטשען די ביַיטש־שטעקלעך, און ביז מע דערזעט ניט אַף עמעצן קיין בלוט, איז די שפּיל קיין שפּיל ניט. אַנומלטן... ס'רעדט זיך אַזוי, אַנומלטן. געשען איז דאָס נאָך פאַר דער רעוואָליוציע. האָבן זיך צעקריגט צוויי באַלעגאָלעס. איינער איז טאַקע געווען אַ גאַנצער באַלעגאָלע, קאָפּל, איר דאַרפט אים געדענקען, און דער צווייטער איז געווען דאָוויד טערק, אַ האַלבער באַלעגאָלע און אַ האַלבער ליוועראַנט. און פרעגט איבער וואָס? איבער

גאָרנישט ניט. עפּעס א מײַסע מיט א שקאַפע. אײנער א קאַזאַוועטשינער פויער האָט ארויסגעפּירט אפן מאַרק א שקאַפע מיט א לאָשעקל. איז קאָפּלען זייער געפעלן געוואָרן די שקאַפע, און דאָווידן דאָס לאָשעקל. נאָר דער פויער האָט געזאָגט, אז באזונדער פאַרקויפט ער ניט, ווײַל די שקאַפע וועט זייער בענקען נאָכן לאָשעקל און דאָס לאָשעקל וועט בענקען נאָך דער שקאַפע. זאָגט קאָפּל צו דאָווידן: „לאָמיר קויפן בעשוטפעס, דערנאָך וועלן מיר זען". איז, דאכט זיך, גוט? נאָר וויאזוי זשע וועלן זיי וויסן, וואָס קאָסט די שקאַפע און וואָס קאָסט דאָס לאָשעקל? זאָגן זיי צום פויער: זיי קויפן אוועק די שקאַפע מיטן לאָשעקל אינאײנעם. זיי ווילן נאָר וויסן, וויפל וואָלט ער געבעטן, ווען ער פאַרקויפט באזונדער. זאָגט דער פויער, אז קיין באזונדערע פרײַזן שטעלט ער ניט. פרעג איך אײַך, וואָס זשע דאַרף מען זיך דאָ קריגן? נאָר ביידע האָבן זיך, אפּאָנעם, אויס־געהונגערט נאָך עטלעכע גוטע קלעפּ. מע האָט זיך אזוי צעפּאַטשט, אז ביידע זײַנען דערנאָך אָפּגעלעגן צו עטלעכע וואָכן. איז עפּעס אזוי גרינג מאַכן א באַלעגאָלישן אַרטעל?

קומט אײנעם א פּאַרטאָג צו מיר צו לויפן איציקל באַלעגאָלע א פאַרפאַליעטער, א פאַרשוויצטער, אז עס רינט פון אים, גלײַך מע האָט אים נאָרוואָס ארויסגעשלעפּט פונעם בוג.

— מומע רייזיע, — זאָגט ער מיר, — וואָס קאָסט א פּאַס קוואַס?

— וואָס דאַרפט איר א גאַנצע פּאַס?

— איך וויל זי אויסגיסן אף מאַטלען.

— וואָס זשע דאַרפט איר אזא טײַערע מאַשקע? איר קאָנט דאָך אָנע־מען א פּאַס וואַסער פון דער מאַרק־קרעניצע.

— מיט וואַסער האָט ער אליין מיך שוין אָפּגעגאָסן. וויל איך אים אָפּטוויוולען אזוי, אז ער זאָל פאַרכלינעט ווערן. דער קוואַס זאָל אים ארײַן אין אלע געדערים און ס'זאָל אים דרײַ מעסלעס גרימען אין בויך. הערט א מײַסע, אַרטעל! נו, איז וואָס, אז אַרטעל? קאָן מען דען צוגלײַכן זײַנע פערד צו מײַנע? בא מיר א פּאָר לייבן, און בא אים א פּאָר קעץ!

איך ווייס ניט, צי האָט ער עס געמיינט ערנסט, צי גלאַט אזוי צעהיצט זיך. נאָר איך האָב פאַרשטאַנען, אז ביז מירן צוגרייטן א פּאַס קוואַס, וועט איציקל אָפּגעקילט ווערן און איך וועל בלײַבן שטעקן מיט דער סכוירע. און קוואַס אז ער שטייט איבער, מעגט איר אים ארויסגיסן. ווייס איך שוין ניט, מיט וואָס האָט איציקל אָפּגעגאָסן מאַטלען. איך ווייס נאָר, אז דעם צווייטן טאָג זײַנען זיי ביידע ארומגעגאַנגען און געזוכט בײַטש־שטעקעלעך.

אָנהייבן אײַך איבערדערציילן — איז דאָס א מײַסע אָן א סאָף. יזראַ־ליאַקן געדענקט איר דאָך? אָט דער, וואָס האָט ליב געהאַט דעם טרונק. פריִער האָט ער אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן אַרטעל, דערנאָך האָט ער שוין געגעבן די האַסקאָמע, נאָר מיט א טנײַ: אין אַרטעל וועט ער מער קיין שוסטער ניט זײַן. ער וויל ווערן א שטיקל נאַטשאַלניק. זאָל מען אים מאַכן פאַר אן עלטסטן בעדער. ניט קיין פּאָשעטן בעדער, נאָר אן עלטסטן. וועט ער זיצן אין באָד, באַקומען בא יעדערן די צען קאָפּעקעס און ארויסגעבן א קוויטאַנציע. און אנדערש מאָל וואָלט מען מיט אים אפילע

רעדן ניט געוואָלט, נאָר דאָן האָבן זיך אַלע געשלאָגן פאַר הונדערטפּראָצענטיקער קאָלעקטיוויזאַציע. איבערלאָזן אין שטעטל אַ קוסטאַר אויסער דעם אַרטעל איז געווען די גרעסטע אַווירע, נאָך ערגער, ווי פּייסעך עמעס כאָמעצדיקס אין אַ ייִדישער שטוב. האָט מען אים פאַרשריבן אין אַרטעל און געמאַכט פאַר עלטסטן בעדער. איז ער אָפּגעזעסן אַ וואָך, צוויי, גענומען בײַ יעדערן די צען קאָפּעקעס, געגעבן קוויטאַנציעס, נאָר דערנאָך, אַז ס׳איז געקומען צום כעזשבן, אייסעך־וואָס, ניט קיין קוויטאַנציעס, ניט קיין געלט. פרעגט מען בײַ אים: ייִסראָליאַק, וואָס איז דאָס פאַר אַ כעזשבן? ווערט ער נאָך בייז: וואָס איז ער, אַ בוכהאַלטער צי אַ כעזשבנפירער? בײַ לײַטן שיקט מען פריִער אף קורסן און דערנאָך שטעלט מען אַוועק אף פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט! פאַרשטייט זיך, אַ פאַרפאַלענע זאַך. מע האָט פריִער געדאַרפט וויסן, אַז קיין געלט וועט זיך בײַ אים ניט האַלטן. נאָר מיט דער באָד האָט ער געמוזט אָפּזעגענען זיך. איין זאַך האָט ער געפּויעלט. יעדן פרײַטיק זאָל ער מעגן גיין אין באָד אַרײַן אומזיסט. פאָרט — אַ געוועזענער בעדער.

בעקיצער, אַלע זײַנען שוין געווען אין אַרטעל, נאָר מײַן מענדל־עליע איז געבליבן שטעקן, ווי אַ ביין אין האַלדז. און מײַנער האָט זייער געפעלט צום רומל: דאָס לעצטע ברעקעלע כאָמעץ!.. איז אויסגעקומען, אַז ער מאַכט קאַליע די גאַנצע קאַרטינע. אָן אים איז ניטאָ די הונדערט פראָצענט. מײַן מענדל־עליע איז ניט געווען קעגן די אַרטעלן, נאָר ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי קאָן מען עס אין אַן אַרטעל קאָכן קוואַס, און נאָך אַזאַ קוואַס, ווי ער מאַכט. האָט מען אים אָנגעהויבן דערווײַזן: אָט גייט דאָך נעכאַמע, וואָס מאַכט סעלצערוואַסער, אויך אין אַרטעל, און יאָסל צוקערניק אויך, און אַפילע כאָנע דער טויבער, וואָס מאַכט קאָשערן קאָלבאַס. וועט מען צונויפנעמען אַלע אונטער איין דאַך, און מע וועט מאַכן אַ גאַנצן צעך. אַ צעך, וואָס אַרבעט אויס סאַמע געשמאַקע זאַכן. און מײַן מענדל־עליע — איינמאָל ניין. מע קאָן, זאָגט ער, מאַכן אין אַרטעל סעלצערוואַסער, קאָלבאַס און צוקערקעס, מע קאָן אַפילע באַקן האָמענטאַשן אף פּורים און מאַצעס אף פּייסעך, נאָר אַזאַ קוואַס, ווי ער מאַכט בײַ זיך אין דער היים, וועט מען אין אַרטעל ניט מאַכן. וויל ער ניט דעם אַרטעל און וויל ניט דעם צעך.

האָט עס מיך אַליין שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן. מענדל, טײַנע איך צו אים, ביזוואַנען איז דער שיר? דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין פאַראַרטעליעוועט, נאָר דו אייַנער האָסט זיך אײַנגעשפּאַרט. און אַז דער קוואַס וועט זײַן אַ ביסל ערגער, האָסטו מוירע, וועלן קיין קוינים ניט זײַן? ווערט ער שוין באַרויגעז: וואָס פאַרשטייט איר, ווײַבער, אין אַזעלכע זאַכן? ווי געפעלט עס אײַך? פאַרשטיי איך שוין, הייסט עס, גאָרנישט ניט? נאַרישער ייִד, זאָג איך אים, וואָס וואָלסטו געטאָן מיט דײַן קוואַס, ווען ניט איך? אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער — מיר האָבן זיך צעקריגט. און אַז מײַן מענדל־עליע ווערט באַרויגעז, איז ער ווי אַ שטיין. זאָג אים יאָ עפּעס, זאָג אים ניט, אַלצייינס, ווי צו דער וואַנט. אים איז גוט, ער נעמט גלײַך זײַן סייפערל אָדער זײַן טהילימל, און פאַרטיק, ער איז שוין ניט קיין היגער. אָבער וואָס זאָל איך טאָן? אַ גליק — דער קוואַס. איך שטיי מיט

אים אין דרויסן, און קוינים קומען צו איינער נאָכן אנדערן. די קוינים זײַנען געגאנגען, ווי אין יענע טעג, ווען מײַן מענדל־עליע האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין קאַלינאָווקע, א קוק טאָן אף די ניסים פונעם יויזל. אַלעמאָל קומט צו אן אנדערער, און איך זע, אז עס גייט זיי ניט אזוי אָן דער קוואס, ווי זיי ווילן וויסן, ווי האלט עס בא מײַן מענדל־עליען מיטן ארטעל. טרינקען זיי דעם קוואס פּאמעלעך, מע האלט אין איין פּאַסמאקעווען, לויבן דעם קוואס אין טאָג ארײַן און מע נעמט אויספרעגן: וואָס מאכט עפּעס מײַן מענדל, וואָס זעט מען אים עפּעס ניט, צי האָט ער שוין אָנגעשריבן די מעלדונג, צי האלט ער סאמע אינמיטן, צי ערשט באם סאמע אָנהייב. וואָס האָב איך זיי געזאָלט ענטפערן? אויב דאָס איז אײַך אזוי ציקאווע, זאָג איך, קאָנט איר פרעגן בא מײַן מענדלען אליין. און אויב איר האָט זיך אזוי פארבענקט נאָך אים, גייט זיך דורך פאר־נאכט אין בעסמעדרעש, וועט איר אים טרעפן.

באטאָג איז נאָך געווען צו דערלײַדן. נאָר אין אָוונט, ווען מיר האָבן ביידע געדארפט נעמען זיך פאר א נײַ געקעכטס, איז געווען אָן עמעסע אָפּקומעניש. איר קאָנט זיך מיסטאמע פאָרשטעלן, וואָס פאר א קוואס עס קאָן זיך באקומען, ווען מאן און ווײַב רעדן אף שטומלאָשן, אָט ווי עס ווערט דערציילט אינעם טײַטשכומעש. די מענטשן, ווערט דאָרט דערציילט, האָבן געפּרווט אויסבויען א טורעם צו גאָט, האָט גאָט צעקאַ־לויצעט זייער שפּראך, זיי זאָלן ניט פארשטיין איינער דעם אנדערן. נאָר אויב עמעצער מיינט, אז איבער דעם האָבן מיר געפּאטערט דעם קוואס, האָט איר א טאָעס. דאָס האָבן די כאשטשעוואטער צוגעטראכט, איר קענט נאָך ניט אונדזערע כאשטשעוואטער! זיי, אז זיי ווילן פון עמעצן מאכן כויזעק, זאָל גאָט אָפּהיטן. האָבן מיר באנאכט צוגעגרייט א נײַ פעסל קוואס, גאנצפרי עס ארויסגעשטעלט אין דרויסן, קוינים האָבן אָנגעהויבן אונטערקומען, מע הייבט אָן טרינקען, און מע דרייט דערבײַ מיט דער נאָז. איינער טוט א שמעק, א צווייטער טוט א לעק, א דריטער מאכט אזא קרום פּאָנעם, גלײַך ער האָט אײַנגענומען א פּאָרציע ריצנייל. און עס הייבט זיך אָן א געשיכטע.

— מומע רייזיע, וואָס האָט איר הײַנט ארײַנגעטאָן אינעם קוואס?

— מומע רייזיע, עפּעס הײַנט בא אײַך... נו... גאָר ניט דער קוואס.

— מומע רייזיע, איר זאָלט מיר מויכל זײַן, נאָר עפּעס אײַער קוואס הײַנט...

— וואָס איז געשען, מומע רייזיע, איר האָט אים ניט דערקאָכט, צי איבערגעקאָכט?

אף מײַנע סאָנימס קעפּ! וואָס הייסט ניט דערקאָכט, וואָס הייסט איבער־געקאָכט, וואָס הייסט עפּעס ארײַנגעטאָן? פארגעסן אינעם רויגעז און אָנגעהויבן רופן מײַן מענדל־עליען, זאָל ער ארויסקומען און הערן, וואָס מענטשן זאָגן. נאָר מײַן מענדל, אז ער פארעדט זיך מיט גאָט, מעג דור־נערן און בליצן. איז ער טאקע אוועק פארנאכט אין בעסמעדרעש ניט וויסנדיק, און ערשט דאָרטן צווישן מינכע און מײַרעוו אָפּגענומען א גרוס פון זײַן קוואס. געקומען אהיים אָן אָפּגעקאָכטער. שוין אויך פארגעסן אינעם רויגעז און אָנגעהויבן שרײַען אף מיר: פארוואָס האָב איך אים

גלײַך ניט געזאָגט. א מאָשל, בין איך שוין גאָר שולדיק. נארישער ייִד, זאָג איך אים, ס'איז גרינגער אופוועקן א טויטן, ווי דיך אָפּרײַסן פון דײַן סייפערל. און אזוי האָבן מיר זיך איבערגעבעטן. א גאנצע נאכט זײַנען מיר ניט געשלאָפן. מיר האָבן געפרוווט דערקוויקן זיך, וואָס איז געשען מיט אונדזער קוואס, ווו האָבן מיר זיך ערגעץ טויע געווען, נאָר ווי מיר האָבן ניט גערעכנט, ווי ניט געזוכט און איבערגעזוכט, — גאָרנישט ניט געקאָנט געפינען. אלץ איז געווען ריכטיק. ווער זשע האָט אונדז געקאָנט אָפּטאָן אזא קישעף?

פאַרטאָג, ווען מײַן מענדל־עליע איז שוין געשטאנען בא דער טיר מיטן טאלעס־און־טפילין אין די הענט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— ווייסטו, רייזיע, וואָס איך האָב צוגעטראכט?

— וואָס, אשטייגער?

— איך גיי...

— וווהין גייסטו?

— אהין, ווו אלע ייִדן.

אן אנדערער וואָלט געקאָנט מיינען, אז דאָס מיינט ער דאָס דאווענען. נאָר איך האָב שוין באוויזן אופעסן מיט אים א פוד זאלץ און פארשטאַנען, וואָס ער מיינט.

— מאזלטאָוו דיר, — זאָג איך אים. — דאנקען גאָט. נאָר זאָלסט געווען קומען צום סייכל א ביסל פריִער, וואָלטן מיר ניט געליטן אזעלכע ביזיוינעס.

— אײַ, וואָס איז דאָ צו רעדן מיט דיר, פאָרט א ייִדענע. עס שטייט געשריבן אין פיירעק: אל טיפּרויש... אנו, זאָגט מיר אונטער. איך האָב עס דאפקע די גאנצע צײַט געדענקט, נאָר איצט איז דאָס מיר ארויס פון קאָפּ. אָט־אָט, געפּאקט. אל טיפּרויש מין האציבור...[1]

— וואָס זשע איז די טײַטש פון דײַן ציבער? — פרעג איך בא אים.

— די טײַטש דערפון איז, אז די וועלט איז ניט מעשוגע און מע טאָר ניט זײַן קיין אקשן.

לאכט ניט פון מײַן מענדלען, ער האָט עפּעס דאפקע פארשטאַנען אין די קליינע אויסיִעלעך און געקענט טײַטשן, ווי מע דארף. נאָר דאן האָט עס מיך פארדראָסן.

— פארשטאָפּטער קאָפּ, — זאָג איך אים. — אזויפיל יאָרן, אז דו זאָגסט אלע שאבעס דעם פיירעק, און ערשט איצט פארשטאַנען, וואָס ער מיינט?

האָט ער א מאך געטאָן מיט דער האנט און א נעם געטאָן זיך פאר דער קליאמקע. שוין פון יענער זײַט טיר האָט ער א זאָג געטאָן:

— עט...

מיינט אָבער ניט, אז איך בין שוין געווען פארטיק מיט מײַן מענדל־עליען. אן אקשן בלײַבט אן אקשן. א מעלדונג אין ארטעל האָט ער אוועקגעטראָגן. נאָר אויך מיט א טנײַ. קיין קוואס וועט ער ניט קאָכן. ער וועט טאָן, וואָס מע וועט אים הייסן: ער וועט גראָבן ערד, טאסקען קלעצער, נאָר קיין קוואס וועט ער ניט מאכן. איז געווען די זעלבע גע־

---

[1] זאָלסט זיך ניט אָפּטיילן פונעם קלאל.

שיכטע, וואָס מיט יִסראָליאַקן. קעדיי אַרײַנכאַפּן אַזאַ אַקשן אין אַרטעל, האָט מען געמוזט אָנעמען זײַן אולטימאַטום. דערנאָך וועט מען זען. האָט מען אים אָוועקגעשטעלט פֿאַר אַ וועכטער. אָפּגעשטאַנען איין וואָך, די צווייטע, און איך בין מיר געוואָרן אַ גאַנצע פּריצע. מיר קאָכן ניט קיין קוואַס, איך האָב ניט וואָס צו פֿאַרקויפֿן, זיץ איך מיר אַ גאַנצן טאָג אָף דער שוועל, איך פֿלעכט אַ זאָק, און מײַן שכיינע פֿלעכט אַ מײַסע. קומט צו איין קוינע, אַ צווייטער: „מומע רייזיע, אַ גלאָז קוואַס!" — „גייט נאָך קוואַס אין אַרטעל", — זאָג איך זיי. איז מיילע, אונדזערע כאַשטשעוואַטער קום איך אָפּ מיט אַ שפּאַס. אָבער וואָס זאָל איך זאָגן די קאַזאַוואַטשיבער און באַנדוראָווער, די סאַלקאָווער און מאָהילנער? דערצייל איך זיי אַ געשיכטע — מאָי מענדל... ס'הייסט, מײַן מענדל איז אַוועק אין אַרטעל און וויל קיין קוואַס ניט מאַכן.

— דורנעי טוואָי מענדל, — ענטפֿערן זיי מיר.

איך זאָל האָבן אַזאַ יאָר, ווי זיי זײַנען געווען גערעכט. טאַקע אַ טיפּעש מײַן מענדל, אַ נאַר און אַן אַקשן.

נאָר וויפֿל קאָן עס אַ שטעטל לעבן אָן קוואַס? איז געוואָרן אַ וואַ־צאַקן! גוואַלד, מענדל, אַ שטעטל גייט אויס, ראַטעווע! און פֿון די קאַזאַוואַטשיבער און באַנדוראָווער איז שוין אָפּגערעדט. זיי האָבן געשראָקן, אַז אויב זיי וועלן ניט קריגן דאָ קיין קווערטל קוואַס, הערן זיי אויף פֿאָרן קיין כאַשטשעוואַטע. זיי וועלן בעסער פֿירן זייערע הינער, גענדז און קאַטשקעס, עפּל און ווײַנשל קיין סאַווראַן. זאָל זײַן, ס'איז אַ ביסל ווײַטער, נאָר דאָרטן וועלן זיי קענען שטילן דעם דאָרשט מיט אַ קווערטל קוואַס. מיט איין וואָרט, ס'האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז איבער אונדזער קוואַס זאָל אַרונטערגעריסן ווערן די גאַנצע עקאָנאָמיקע פֿון אונדזער שטעטל. לאַכט, לאַכט, ס'איז אַ גוט געלעכטער. ווײַל אויב זיי וועלן ניט פֿירן אָף אונדזער מאַרק די הינער מיט די ווײַנשל, וועלן זיי אויך ניט אויסקויפֿן אונדזערע היטלען און פּעלצן, אונדזערע רויע פֿעלעכלעך און אַ ביסל צוגעברענטע צוקערקעס. בלײַבן אַלע אַרטעלן שטעקן מיט זייער סכוירע. אָט האָט איר אײַך קוואַס.

און מײַן מענדל — איינמאָל ניין! אין אַרטעל קיין קוואַס וועט ער ניט מאַכן... ס'האָבן זיך געפֿונען קליגערע פֿון אים און מע האָט אים איבערגעשפּיצט. קומט איינמאָל אַרײַן צו אונדז דער פּאָרזיצער פֿון אַרטעל, נושקע מולערמאַן. איר האָט אים אַמאָל געקענט? אַזאַ נידעריטשקער, אַ ביסל אַ פּעמפּיקעוואַטע, מיט אַ גלאַט פּאָנעם און כיטרע אייגעלעך. וואָס פֿאַר אַ נאָמען איז נושקע, ווייס איך ביז הײַנט ניט. נאָר מיילע, נושקע איז נושקע. טוט ער צו מיר אַ ווינק מיט זײַנע אייגעלעך און רופֿט זיך אָן צו מײַן מענדלען:

— ווייסט איר וואָס? זאָל בלײַבן אַלץ, ווי געווען.

— וואָס הייסט, ווי געווען? — קאָן מײַן מענדל ניט פֿאַרשטיין. — און דער אַרטעל?

— דער אַרטעל בלײַבט אַן אַרטעל, און איר בלײַבט אַן אַרטעלניק. נאָר קוואַס וועט איר קאָכן ווי פֿריִער בײַ זיך אין דער היים.

קאָן מײַן מענדל ווידער ניט פֿאַרשטיין:

— און פון וואָס מאַכן דעם קוואַס, און וויאַזוי פאַרקויפן אים, און ווער וועט פירן דעם כעזשבן?

— מירן יעדן טאָג איַיך צופירן, וואָס איר דאַרפט. דאָס איבעריקע איז שוין איַיער זאַך. און יעדן פאַרנאַכט וועט איר אַריַינטראָגן דעם פידיען אין דער קאַסע פון אַרטעל.

מיַין מענדל האָט זיך אַזש איבערגעשראָקן. געוואָרן בלייך, דערנאָך רויט. סטיַיטש, און טאָמער איז דער כעזשבן קיין כעזשבן ניט, און טאָמער באַקומט זיך ניט אַזוי? באַ זיך איז מיילע, — פאַרדינט, דערלייגט, אָבער אין אַרטעל!

— וואָס וועסטו זאָגן אויף דעם, רייזיע?

— איך ווייס? דו זאָגסט דאָך אַלע שאַבעס דעם פּיירעק. ווי שטייט דאָרטן געשריבן?

געענדיקט זיך מיַינע זיבן גוטע יאָר. שוין ווידער ניט געוועזן וועגן פלעכטן אַ זאַק און פלעכטן אַ מיַיסע. מיַין מענדל־עליע איז געוואָרן אַן אַרטעלנע קוואַסנמאַכער, און איך אַן אַרטעלנע פאַרקויפערן, אַזויאַרום האָבן מיר אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל פון אַ גרויסן אומגליק. אָפּגעראַטעוועט די גאַנצע עקאָנאָמיקע.

אין אַ יאָר אַרום, ווען דער אַרטעל האָט אויסגעבויט אַ גרויסן צעך, אַן עמעסדיקע פאַבריקע, האָט שוין מיַין מענדל־עליע געמוזט מאַסקים זיַין און אַריבערגעקליבן זיך אַהין. מע האָט טאַקע געדאַרפט זיַין אַ מע־שוגענער אָדער איַינגאַנצן כאַסערדייע אויף אָפּזאָגן זיך. אַזעלכע פּעסער, אַזאַ גרויסער קעלער, אַזויפיל איַיז און אַזאַ גרויסער אויוון. אַפילע אין כאַלעם אַזוינס ניט געזען.

וואָס זאָל איך איַיך זאָגן? אַלע אונדזערע ליבע זאָלן לעבן אַזוי, ווי מיר האָבן געלעבט אין אַרטעל ביז דער מילכאָמע. פריִער איז אין שטעטל געווען אַריבער פופצן אַרטעלן. שוסטער באַזונדער, און שניַידער באַזונדער, קאָוועלס באַזונדער, און פעלצנמאַכער באַזונדער, באַלעגאָלעס באַזונדער, און שטריקלדרייער באַזונדער. דערנאָך איז פון אַלע קליינע אַרטעלן געוואָרן איין גרויסער אַרטעל. אַ גאַנצע מעלוכע. אַ שפּילעכל, עטלעכע הונדערט פאַמיליעס אין איין אַרטעל! און דאַנקען גאָט. איך וועל ניט זאָגן, אַז מע האָט זיך ניט געקריגט, נאָר צו קיין פעטש איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען, ס'איז געווען ווער ס'זאָל זיך אַריַינלייגן אין שאָלעם. געווען אַ פּראָוולעניע, געווען אַ פּאַרט־יאַטשייקע, און וועגן קאָמסאָמאָל איז שוין אָפּגערעדט. אין יעדער צעך אַ קעמערל. און ווען ניט היטלער, ימאַך־שמוי... אוי, ווי ער האָט עס כאַרעוו געמאַכט אונדזער לעבן! אָט ליגן זיי אַלע אין איין גרוב, די אַרטעלניקעס אונדזערע, די, וואָס האָבן ניט באַוויזן עוואַקויִרן זיך.

נו, וויאַזוי מיר האָבן זיך עוואַקויִרט, וויאַזוי מיר האָבן געלעבט אין סיביר, דאַרף איך איַיך ניט דערציילן. ס'איז דאַן קיינעם ניט געווען גרינג. נאָר ווען אונדזער שימען האָט אונדז געפונען אין אַ האַלב יאָר אַרום און צוגעשיקט אונדז גאַנצע צוויי טויזנט רובל, האָט מיַין מענדל־עליע זיך אָנגערופן:

— הערסטו, רייזיע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? מיט די צוויי טויזנט און אָן די צוויי טויזנט, אלציינס. זאטער וועלן מיר ניט ווערן. לאָמיר זיי פארגראָבן. אז עס וועט קומען די גוטע שאָ, ווען היטלער וועט כאפּן א מאפּאָלע, זאָלן מיר האָבן פאר וואָס אומקערן זיך אהיים.

וועט איר עפּשער זאָגן, ניט קיין קלוגער געדאנק? אזוי האָבן מיר טאקע געטאָן. און זיי אופגעגראָבן, ווען מיר האָבן זיך געקליבן צוריק אין וועג ארײַן. נאָר מײַן שימען... דאָס איז געווען די איינציקע און לעצטע יעדיִע פון אים.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהיים, איז שוין מײַן מענדל־עליע געווען ניט דער. אזויפיל צאָרעס איבערגעטראָגן! ער האָט דאפקע געפּרוווט ווידער נעמען זיך פארן קוואס, טאקע אין ארטעל, נאָר שוין ניט די קוי־כעס געווען. און ביכלאל... ער האָט לאנג ניט געצויגן. און נאָך אים — אויס מיטן קוואס. מע מאכט דאפקע יאָ קוואס בא אונדז אין כאשטשע־וואטע, פאראן א גאנצער צעך פון ראיפּראָמקאָמבינאט. מאכט מען דאָרטן פארשיידענע געבעקסן און געטראנקען. נאָר צו אונדזער קוואס קומט עס ניט. און עפּשער ווײַזט זיך מיר נאָר אויס אזוי... ווי מיינט איר?

# טײַבעלע

ין יענע ווײַטע צײַטן זײַנען נאָך ניט געווען אַף דער וועלט ניט קיין ספּוטניקעס, ניט קיין קאָסמישע שיפֿן, ניט קיין טעלעוויזיע, ניט קיין טראַנזיסטאָרס.

דער גרעסטער וווּנדער איז געווען דער טראַקטאָר.

צי איז דער ערשטער טראַקטאָר טאַקע געווען אַזאַ שוואַכע בריִע, צי שולדיק איז געווען דער ערשטער טראַקטאָריסט, נאָר אָפֿטאָן עפּעס מיט אָט דעם שטאָלענעם פֿערדל האָט ער גאָרנישט ניט געקאָנט. האָט עס ניט געוואָלט, איז עס ניט געגאַנגען, כאָטש האַק עס און בראָק עס.

אַזוי צי אַזוי, נאָר געווען איז דער ערשטער טראַקטאָר אַ יאַדעשליווע בריִע מיט פֿאַרקילטע לונגען, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין הוסטן מיט אַ הייזעריקן הוסט, געוואָרגן זיך מיטן אייגענעם רויך, פֿאַרדעכעט זיך און אַלע מינוט, גלײַך ער קאָן שוין גאָר דעם אָטעם ניט כאַפּן, געבליבן שטיין. ער האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַן ערנסטער כוילע מיט אָן אַ שיר כוואָראָבעס. מע האָט קוים פֿאַרהיילט איין קרענק, האָט זיך אָפּגערופֿן אַ צווייטע. דאָס סאַמע געפֿערלעכסטע זײַנען געווען די „פּאָדשיפּניקעס”, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שמעלצן זיך, די ליכט, וואָס האָבן ניט געוואָלט ברענען, און די מאַגנעטאָ, וואָס האָט ניט געוואָלט געבן קיין פֿונקען. קיינער האָט קיינמאָל די „פּאָדשיפּניקעס” אין די אויגן ניט געזען, קיינער האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, צו וואָס דאַרף אַ טראַקטאָר האָבן ליכט. און אויב שוין יאָ, פֿאַרוואָס זאָל אַזאַ פּאָשעטע זאַך ניט וועלן ברענען? געזאָגט האָט מען, אַז סאַמע דאָס וויכטיקסטע איז טאַקע אָט די מאַגנעטאָ. דאָס איז, ווי לעהאַוודל, בײַ אַ מענטשן דאָס האַרץ. קאָלזמאַן עס קלאַפּט, דאָס האַרץ, איז דער מענטש נאָך אַ מענטש, נאָר טאָמער, כאָלילע, הערט עס אויף צו קלאַפּן...

האָט מען אין אַלע הײַזער געהאַלטן אין איין רעדן וועגן טראַקטאָר, ווי וועגן אַן ערנסטן כוילע, און ווײַבער האָבן שטיל, אין זיך, געבעטן גאָט פֿאַר דער מאַגנעטאָ, דער אייבערשטער זאָל איר געבן קויעך, זי זאָל קאָנען געבן פֿונקען, וועלן די ליכט זיך אָנצינדן און ס'וועט אַוועק אַ גאַנג. יעדן באַגײַנען האָט איינער איבערגעפֿרעגט באַם אַנדערן:

— וואָס מאַכן הײַנט די פּאָדשיפּניקעס?

— ווי פֿילט זיך הײַנט די מאַגנעטאָ?..

פּונקט ווי מע פֿרעגט זיך נאָך, ווי האַלט עס בײַ אַן ערנסטן כוילע מיטן דריפּעק, מיט דער היץ און מיטן קאָפּווייטעק.

קלאָרער פֿון אַלע איבעריקע האָט אַף די דאָזיקע פֿראַגעס געדאַרפֿט ענטפֿערן איציע וואַסערפֿירער, ווײַל ער האָט דרײַ מאָל אין מעסלעס געפֿירט וואַסער צום טראַקטאָר, אַליין אַרײַנגעגאָסן דעם עמער וואַסער אין ראַדיִאַטאָר און האָט זיך שוין געהאַלטן פֿאַר אַ שטיקל יודייע־טראַקטאָר, פֿאַר אַ שותּף צו דעם שלימאַזלדיקן טראַקטאָריסט. נאָר מאַכמעס איציע

האָט שטענדיק געליטן פון צייטווייטעק און די רעכטע באק איז בא אים שטענדיק געווען פארבונדן מיט א גראָבן, היפש קויטיקלעכן האנטעך, האָט ער אף אלע פראגעס בלויז א פאָך געטאָן מיטן בײַטשל און א ווײַז געטאָן מיט דעם אפן סטעפּ. דאָס האָט געדארפט הייסן: הערט זיך אײַן, וועט איר אליין פארשטיין. האָט מען זיך אײַנגעהערט. קליין און גרויס האָבן שוין פארשטאנען דאָס לאָשן פונעם טראקטאָר. אויב ער הייבט אָן מיט עפּעס א דרין־דרין, איז נאָך צו דערלײַדן, וועט ער בּיסלעכווײַז זיך צעדרינקען און וועט אוועק. נאָר אויב ער הייבט אָן אײַנמיטנדערינען צו פּיכקען מיט עפּעס א פּיך־פּיך, איז עס א שלעכטער סימען. האָט מען שוין געדארפט ווארטן אף א שאָס. א שאָס, וואָס האָט אלעמען געשניטן, ווי מיט א מעסער, וואָרעם נאָך אזא שאָס איז דער טראקטאָר געבליבן שטיין, און אלע האָבן געוווּסט, אז דאָס איז ביט אף איין שאָ.

נאָר ווען גאָט האָט געהאָלפן, אז נאָך דעם דרין־דרין און נאָך דעם פּיך־פּיך און אמאָל אפילע נאָך אָט דעם גרויליקן שאָס איז דער טראקטאָר פונדעסטוועגן אוועק, זײַנען אים נאָכגעגאנגען קינד־און־קייט, נאָכגעגאנגען און נאָכגעטאנצט, געפּאָכט מיט די הענט, געשריגן, געגוואלדעוועט, גלײַך געוואָלט אים פארטיוקען, ווי מע פארטיוקעט א נאַראָווּיסטע פערדל.

געווען איז דער ערשטער טראקטאָר שווארץ, ווי די נאכט, און מיט א לאנגן און דארן האלדז, פון וועלכן ער האָט אלעמאָל ארויסגעהוסט זײַן טשאדענדיקן הוסט, געשפּיגן מיט עפּעס א בלוילעכן און געשלענגלטן רויך, וואָס האָט געריסן אין הארצן, געקיצלט אין דער נאָז און געצווונגען יעדערן, וואָס איז געשטאנען דערבײַ, נאָכהוסטן. און ווײַל דער טראקטאָר האָט אָפּט געקרענקט און אלעמאָל געגייטיקט זיך אין אנדערע רעפּועס, איז ער שטענדיק געווען פארשמאָלצעוועט, פארפּאָפּט און פארשמירט מיט פארשיידענע שמירעכצן, וואָס האָבן אָנגענומען אף זיך דעם שטויב פונעם גאנצן סטעפּ און אײַנגאנצן פארדעקט זײַן גלאנציקע שווארצקײַט.

דערנאָך האָט זיך געיאָוועט דער קאָמבײַן.

פאר גרויס יִיראַס־האקאָוועד האָט מען אים א נאָמען געגעבן „סטעפּ־שיף". מיט זײַן קלייניטשקן קאמערל און מיטן עלעוואטאָר, וואָס האָט גע־סטארטשעט ארויף א ביסל קאָסאָוואטע, פארבויגן זײַן גאָנערישן שנאָבל צום בונקער, איז ער טאקע געווען מיט עפּעס ענלעך אף א שיף, באַ־זונדערס, ווען ער איז געגאנגען אין א ווייצענעם יאם. דער קאָמבײַנער, וואָס איז געשטאנען אפן קלייניטשקן בריקעלע, פארשטעלט די אויגן מיט א פּאָר גרויסע ברילן און געדרייט מיטן הייבער אהין און אהער, האָט אויסגעזען, ווי אן עכטער קאפּיטאן. די צאָרע איז אָבער באשטאנען אין דעם, וואָס דער קאָמבײַן איז מער געשטאנען אפן ברעג פון דער לאנגער האָנע אָדער אײַנמיטן ווייצענעם פעלד אף דער סטערניע. האָט מען גע־האלטן אין איין פּאָרען זיך ארום אים. ווער ס'האָט אויסגעקלאפּט מיט א העמערל די אײַזערנע ווענטלעך, ווער ס'האָט אָפּגעדרייט און ווידער צוגעדרייט עפּעס א שרײַפעלע, און ווער ס'האָט געפּרוּווט ארײַנקוקן אין זײַנע אײַנגעווייד.

דער קאָמבײַן האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א גרויסן אקשן. מענטשן זײַנען אָבער נאָך גרעסערע אקשאָנים. האָט מען געקלאפּט און ארומגע־

טאפט דעם קאָמביַין פון אלע זיַיטן, ווו צוגעדרייט, ווו אָפּגעדרייט, ווו א ביסל אונטערגעשמירט, דערנאָך געווישט מיט די פארשמאָלצעוועטע הענט דעם שווייס פון פּאָנעם און פארצווייפלטע געזשמורעט די אויגן קעגן דער סארפענדיקער זון. און באנאכט... באנאכט מיט דער זעלבער פארצווייפלונג געקוקט אף די שטערן.

יאָ, כאָטש קיין קינסטלעכע ספּוטניקעס זיַינען דאַן נאָך ניט געווען, נאָר שטערן, געוויינלעכע שטערן, גרעסערע און קלענערע, זיַינען אפן הימל געווען ניט ווייניקער, ווי איצט, באזונדערס אין די אווגוסט־נעכט, ווען די שטערן פליִען זיך צונויף פון אלע עקן, ווי אף א יאָר־יאַריד, פינטלען אראָפּ שיקערלעך, בוצקען זיך איינער מיטן אנדערן, און, ווי צעקריגט זיך, הייבן זיי אָן פאנאנדערפליִען זיך אין מערער פריַיערע מעקוימעס, שניַידן דורך דעם באנאכטיקן הימל מיט לאנגע פארביקע פּאסן.

די לעוואָנע איז אויך געווען אף איר אָרט. די זעלבע בלייכע לעוואָנע, וואָס קוקט אראָפּ אף דער ערד א ביסל פארדיַיגעט און א ביסל פארטרוימט, וויַיט אָפּגעשיידט פון אלעם ערדישן. זי האָט דאַן אפילע זיך פאָרשטעלן ניט געקאָנט, אז גאָר אינגיכן וועלן מענטשלעכע הענט אָנעמען זשמעניעס פון איר סוידעספּולער לעוואָנישער זאמד. דערוויַיל האָט זי ערלעך אויסגעפילט דאָס, וואָס די וועלט האָט איר פארטרויט, שוויַיגנדיק זיך צוגעהערט, ווי פארליבטע רוימען איַין איינער דעם אנדערן א סאָד אין אויער, צוגעלויכטן זיי מיט איר ניט איבעריק העלער שיַין, און ווי אן איבערגעגעבענער פריַינט, ווי אן אייגענע מאמע געהיט זייערע סוידעס.

דארף מען זיך שוין אָנשטויסן, אז ליבע איז דאַן אויך געווען. ווי זשע דען? ווי קאָן די וועלט ביכלאל האָבן א קיִעם אָן ליבע?

נאָר געליבט האָט מען דאַן א ביסל אנדערש. מיידלעך האָבן דאַן פארליבט זיך בלויז אין בארימטע טראקטאָריסטן און אין פאָרגעשריטענע קאָמביַינערס, און יינגלעך — אין ניט ווייניקער בארימטע רינגלערנס און מעלקערנס, וויַיל אויב דער טראקטאָריסט איז א טויגעניכץ און די רינגלערן איז ניט קיין בארימטע, וואָס זשע קאָן דאָס זיַין, מישטיינסגעזאָגט, פאר א ליבע? איז טאקע פאר אלעמען געווען א סאָד, ווי קומט עס, אז טיַיבעלע, אזא ברען, זאָל נעמען און פארליאפּען זיך אין אזא־אָ!

דער גרעסטער סאָד איז געווען טיַיבעלע אליין. ווען מיר זיַינען ארייַבערגעפאָרן פון כאשטשעוואטע אהער אין די זאפּאָראָזשיער סטעפּעס, איז טיַיבעלע געווען נאָך א קינד — אן אויסגעדארט נעפּעשל, מיט לאנגע, דין־אויסגעטעסעטע פיסעלעך, מיט אן איבערגעבאקן פּענעמל, פון וועלכן מע האָט נאָרוואָס אראָפּגעשיילט די צוגעברענטע קאָרע, מיט א נעזל, וואָס האָט מיט אלע קויכעס זיך געסטארעט איבערשפּיצן דאָס פארסארפּעטע פּענעמל און די פארקוילטע אייגעלעך.

דאָ, אין סטעפּ, איז טיַיבעלע אינגאנצן פארווילדעוועט געוואָרן, גליַיך מע האָט זי די גאנצע ציַיט געהאלטן אין א שטיַיג און ענדלעך ארויסגע־

לאָזט אַף דער פּריַי. האָט זי ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט דער אַזוי אומגעריכט אופגעקומענער ראַכוועס, מיטן לאַנגן און העלן זוניקן טאָג, מיט דער זויבערער, שיקערנדיקער לופט און מיט זיך אַליין. גאַנצע טעג האָט זי אַרומגעיאָגט איבערן סטעפּ, איבערן יישעוו, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן אופקומען, און ניט דורכגעלאָזט קיינעם און גאָרנישט ניט, צו וואָס מע האָט זיך געקאָנט צוטשעפּען אָדער פּאָשעט אַ שפּיל טאָן. באַ איר איז געווען אַלציינס: פּרוּוון אַרופכאַפּן זיך אַף אַ יונגן לאָשעק און כאַפּן פון אים אַזאַ שמיץ, אַז זי זאָל זיך דאַרפן איבערקײַקלען אַ מאָל צען, אַ צי טאָן אַ קעלבעלע באַם ווײַדעלע און פּרוּוון, ווער ווּעמען וועט איבערצײַען, צונויפטאַסקען צום הויף די שפּענער פון עם גאַנצן יישעוו, אָדער אַרומטרײַבן די איבערגעשראָקענע הינער, ביז זיי זאָלן זיך ניט צעקוואָקען, צעגוואַלדעווען איבערן גאַנצן יישעוו. באַזונדערס האָט זי ליב געהאַט רייצן זיך מיטן בוהײַ, ביז יענער האָט פאַרבויגן זײַן גראָבן אָנגעפּאַלדעוועטן האַלדז, אָנגעהויבן גראָבן מיט די פיס די ערד, שלײַדערן זי אין אַלע זײַטן און צעברומען זיך מיט אַזאַ ווילדן געוואָי, אַז מע האָט געקאָנט מיינען, — באַלד וועט ער זי דוירעס זײַן. אַלע איבעריקע טרעטן שוין אָפּ וואָס ווײַטער פון עם צעווילדעוועטן און צערייצטן בוהײַ, און זי גאָרנישט ניט. זי דראָעט אים מיט אירע דאַרע פינגערלעך, שטעלט אים אַרויס די צונג און מאַכט אַזעלכע קונצן, ביז יענער, אַ געפּלעפּטער פון איר דרייסטקייט צי כוצפּע, קערעוועט זיך אויס און גייט אַוועק.

— ווי געפעלט אײַך אָט דאָס טײַבעלע? — האָט מען געשפּעט פון איר. — זי שטאַמט, אַפּאָנעם, פון די ווילדע טויבן.

— נאָך ווילדער פון עם בוהײַ.

— אָ, זאָל נאָר דאָס טײַבעלע אַ ביסל אונטערוואַקסן!!!

אין שוין געווען נאָך אַ סאָד. ווי קומט עס צו בעניע שטריקלדרייער און צו זײַן ווײַב, ביידע אַזעלכע שטילינקע, פון ווּעמען מע האָט קיינמאָל קיין הויך וואָרט ניט געהערט, אַזאַ מויד.

— בעניע, — האָבן שכיינים געטײַנעט, — איר וואָלט געדאַרפט אויס־פלעכטן אַ לאַנגן שטריק און צובינדן אײַער טײַבעלען. זי קאָן נאָך אַזוי אינמיטנדערינען אוועקפליִען.

— ווי זשע קריגט מען אַזויפיל קלאָטשע... — האָט בעניע אָפּגעענט־פערט.

מע האָט נאָך ניט באַוויזן איבעראַקערן אַלע ערדן פון עם יישעוו, ניט אַלע הײַזער זײַנען געווען אַרומגעווײַסט, ניט אַלע הויפן אַרומגעצוימט, און ניט אַלע פאַרפלאַנצטע ביימער האָבן זיך באַוויזן אָנעמען. מע האָט נאָך אַ סאַך זאַכן ניט באַוויזן, נאָר טײַבעלע...

אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן איז טײַבעלען געווען ניט צו דער־קענען. ווּוהין איז אַהינגעקומען איר איבערגעשפּיצט נעזל, דאָס איבער־געבאַקענע פּענעמל און די פאַרקוילטע אייגעלעך? ס'האָבן ניט געסטײַעט אויך די אָפּגעטעסעטע לאַנגע פיסלעך, וואָס האָבן איבעראַשט אַלעמען מיט זייער ציגענעם שפּרונג. פאַר איין נאַכט איז דאָס נעזל געוואָרן ווי אויסגעטאָקט, דאָס פּענעמל פאַרקײַלעכיקט, די פיסלעך — ווי אָנגעגאָסן מיט עפּעס זאַפטיקס, און דער גאַנג! דער גאַנג איז געוואָרן אַ ביסל

שוועלעך־פֿאַרלאַנגזאַמט, גלײַך זי האָט געציילט די טריט. איז קלאָר געוואָרן, אַז פֿאַר די פֿאָר יאָר האָט דער סטעפּ אָפּגעטאָן מיט טײַבעלען זײַנס: טײַבעלע איז אויסגעוואַקסן אין איינע פֿון יענע מיידלעך, וואָס קומען אָפּט צו כאַלעם א סאַך יונגלעך.

נו, טײַבעלע אַליין האָט זיך אויך פֿאַרליבט.

צוערשט האָט זי זיך פֿאַרליבט אינעם טראַקטאָר.

לאָזט זיך אויס, אַז באַ אָט דעם ווילדן מיידעלע איז געווען זייער א גוט האַרץ. און ווײַל דער טראַקטאָר איז געווען א כילעשדיק באַשעפֿעניש מיט אָן א שיר קרענק און צוקילעכצן, האָט זי זיך פֿאַרליבט אין דעם פֿאַר ראַכמאָנעס. זי איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון אים אַף קיין מינוט. געוואַשן אים, אַרומגעווישט און אַרומגעפּוצט, געפּאָיעט אים מיט דער ריינסטער וואַסער, ס'זאָל, כאַלילע, קיין זעמדעלע אַהין ניט טרעפֿן, האָט אים געהיט, ער זאָל זיך, כאַלילע, ניט צוקילן. אַלעמאָל, ווען עמעצער האָט א פֿאַרצווייפֿלטער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ס'איז, הייסט עס, אַזאַ כוילע־מעסוקן, אַז קיין שום רופֿע און קיין כאַלאָשעס־טראָפּן וועלן אים ניט העלפֿן, האָט טײַבעלע שיר ניט געוויינט.

— ער וועט גיין, — האָט זי געשריגן אַף אַלעמען, — ער וועט גיין!

ווי:אַזוי איז דערנאָך די ליבע איבערגעגאַנגען אָפֿן טראַקטאָריסט, אַף דאַני:על אַליין, דאָס ווייסט שוין קיינער ניט. ער איז ניט געווען פֿון יענע באָכערים, וואָס קאָנען מיט עפּעס אויסנעמען. אַלץ איז דאַפֿקע געווען צו דער מאָס, געהאַט ברייטע פּלייצעס, אַקסלען האַרטע, אויסגעטעסעט ווי פֿון דעמב. נאָר איבער די קורצע פֿיסלעך האָט ער אַליין אויסגעזען ווי ביז גאָר פֿאַרקירצט. און טראָגן די ברייטע פּלייצעס און דעמבענע אַקסלען, האָט עס געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז קיין איבעריקע גוורע פֿאַרמאָגט ער ניט. ס'איז אים זייער שווער געווען דרייען דאָס הענטל, ביז דער טראַקטאָר האָט, ענדלעך, אָנגעהויבן צו ניסן און אונטערהוסטן און פֿונעם לאַנגן און שוואַרצן האַלדז האָבן אָנגעהויבן אַרויסשפּרינגען בלויע קרײַזלעך רויך. ווי זשע פֿאַרליבט מען זיך עס אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם טראַקטאָריסט מיט אַזעלכע קורצע פֿיסעלעך? נאָר גיי ווייס אין וועמען מיידלעך פֿאַרליבן זיך. דאָס וועט, אפֿאָנעם, בלײַבן אַף אייביק א סאָד פֿאַר דער גאַנצער וועלט און פֿאַר זיי אַליין אויך.

עמעס, ער האָט שטאַרק אויסגענומען מיט זײַנע גרויסע און שוואַרצע אויגן, אין וועלכע ס'איז ערגעץ טיף געלעגן באַהאַלטן א שטיקעלע זון. זיי האָבן אַפֿילע באַנאַכט געקאָנט א סאַרפּע טאָן ניט ערגער ווי די זון באַר טאָג. נאָר די אויגן זײַנען דאָ געווען א בײַזאַך. פֿאַרליבט האָט זיך טײַבעלע אין זײַן זעלבשטענדיקײַט און פּרינציפּיעלקײַט. און אויך דערפֿאַר, וואָס ער פֿאַרמאָגט א סאַך ערנסטע געדאַנקען און זאָגט זיי אַרויס זייער שיין און זייער פּראָסט. סאַמע דאָס אַלץ, וואָס טײַבעלען אַליין האָט אויסגעפֿעלט. זיך אַליין האָט טײַבעלע געהאַלטן פֿאַר זייער א לוסטיקער און לײַכטזיניקער, פֿאַר אַזאַ, וואָס איז נישט פֿיי:יק ניט אַף קיין ערנסטע געדאַנקען און ערנסטע אופֿטוען. דערפֿאַר איז זי געווען זיכער, אַז דאַני:על קאָן און מוז דערגרייכן אַלץ. און נאָך איז זי געווען זיכער: דאַפֿקע זי, מיט איר ליבע און לוסטיקײַט, מיט איר איבערגעגעבנקײַט, מיט דעם, וואָס זי

קאָן מיט איר פאַרקישעפנדיקן בליק איינשטילן אפילע דעם צעווילדעוועטן בוהײַ, וועט אים העלפן, דאַניעלן, אײַנצוימען, צווינגען גיין אָט די קאַפּריזע בריע.

וועגן דעם, אַז די ערד דרייט זיך, האָט טײַבעלע שוין אליין געוווּסט, נאָר דאַניעל האָט איר דערוויזן, אַז ניט נאָר די ערד דרייט זיך, נאָר אויך די לעוואָנע, און די זון, און אַלע שטערן. אַלץ אין דער וועלט דרייט זיך. פאַרוואָס זשע שטייט דער טראַקטאָר אָפּ אַן אָרט און וויל זיך ניט דרייען? נאָר מיטן טראַקטאָר, איז זי געווען זיכער, וועלן זיי מיט דער צײַט מאַכן אַ טאָלק און ער וועט זיך אויך אָנהייבן דרייען. אָבער וויאַזוי זאָל זי פאַרשטיין דאָס, וואָס דאַניעל זאָגט וועגן די נאַציעס? ווערדליק ער ברײַטעט אויס, איז געווען אַ צײַט, ווען קיין נאַציעס זײַנען ניט געווען, און ס׳וועט קומען אַ צײַט, ווען קיין נאַציעס וועלן ווידער ניט זײַן. אַלע מענטשן, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט.

איבער דאַניעלן האָט טײַבעלע זיך צעקריגט מיט אירע עלטערן, ווײַל גראָד דאָס, מיט וואָס דאַניעל האָט בא איר אויסגענומען, האָט בעניע שטריקלדרייער אויסגעזען מעשונעדיק און ווילד. וואָס איז דאָס פאַר אַ מײַסע, וואָס אַלץ דרייט זיך? ער ווייסט גאַנץ גוט: דרייט ער די ראָד, דרייט זי זיך; הערט ער אויף צו דרייען, שטעלט זי זיך אָפּ.

— און דאַניעל זאָגט, — האָט טײַבעלע דערווידערט, — זאָל נאָר די ערד זיך אָפּשטעלן אויף איין מינוט, פאַלט זי גלײַך אַראָפּ.

— ווהין זשע וועט זי אַראָפּפאַלן, נאַרעלע?

— דאָס ווייס איך ניט, — האָט זי זיך מוידע געווען. — איך וועל פרעגן בא דאַניעלן.

ווען טײַבעלע האָט די ערשטע נאַכט ניט גענעכטיקט אין דער היים, האָט בעניע געמיינט — אויס, ער האָט שוין פאַרלוירן זײַן טאָכטער. אָדער זי איז ערגעץ אַנטלאָפן מיט אָט דעם צעדרייטן באָכער, בא וועמען אַלץ דרייט זיך, אָדער ס׳איז געשען נאָך ערגערס. איז ער אַרומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב, אויסגעזוכט בא אַלע אירע כאַווערטעס, נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט, ווהין טײַבעלע איז אַהינגעקומען. געטראָפן האָט ער זי באַם טראַקטאָר. איינע אַליין. און דאָס האָט אים נאָך מערער איבערגעשראָקן.

— וואָס טוסטו דאָ?

— איך היט דעם טראַקטאָר.

— און ער, דאַניעל, ווו איז?

— ער איז דרײַ נעכט ניט געשלאָפן, האָב איך אים אַוועקגעטריבן אַהיים.

— מעשוגע מײַנע סאָנים!

— ער האָט ניט געוואָלט. נאָר איך האָב אים געגעבן דאָס וואָרט. איך וועל ניט אַוועק פונעם טראַקטאָר ביז פאַרטאָג.

האָט בעניען זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז ניט נאָר אָט דער דאַניעלקע, נאָר אויך זײַן טײַבעלע איז ניט בא די געדאַנקען.

— כײַ וואָלט איר שוין כאַסענע געהאַט, און אַ סאָף זאָל דאָס נעמען.

און זי, טײַבעלע, גלײַך זי גיט עפּעס צו פאַרשטיין אַ קליין קינד:

— דו רעדסט, טאטע, ווי גאָר אַן אַלטמאָדישער. איצט זײַנען גאָר אַנדערע צײַטן...

מיט דעם האָט טײַבעלע געמיינט ניט אַזוי דעם איניען כאַסענע, ווי דאָס, וואָס דאַניעל האָט געזאָגט, אַז יעדער מענטש דאַרף האָבן זײַן טרוים. בײַ דאַניעלן איז ער שוין דאָ, כאָטש זי ווייסט נאָך ניט, אין וואָס ער באַשטייט. זי וועט זיך אויך סטאַרען, זי זאָל האָבן עפּעס אַ וואַזשנע טרוים. ווײַל אָן דעם איז דער מענטש קיין מענטש ניט. ווי זשע קאָן מען איצט רעדן און טראַכטן וועגן עפּעס אַ כאַסענע?

ליבע, זאָגט מען, איז אַ גאָט־זאַך. נאָר אַז דאָס זאָל אַזוי פאַרפירן אַ מיידל, אַז זי זאָל אין איינעם אַ טאָג זיך אוועקזעצן אַפן פּלוג פאַר אַ פּריצעפּשטשיצע און שלינגען אַ קײַלעכיקן מעסלעס דעם שטויב, דאָס האָט אַלעמען אויסגעזען כמעט לעדערעך האַטעווע. איז ווידער טאַקע דאָס זעלבע — הײַנטיקע צײַטן...

נאָר טײַבעלע האָט אין זינען געהאַט אַירס. צוביסלעך האָט זי אויסגענאַרט בײַ דאַניעלן אַלע סוידעס: פאַרוואָס שמעלצן זיך די פּאָדשיפּניקעס, פאַרוואָס וויל די מאַגנעטאָ קיין פונקען ניט געבן, פאַרוואָס ווילן די ליכט זיך ניט אָנצינדן, פאַרוואָס הייבט אָן אַלעמאָל סקריפּען און גרימען בײַם טראַקטאָר עפּעס אינווייניק, גלײַך דער מאָגן איז אים קאַליע געוואָרן. זי האָט שוין אַליין געוווסט, מיט וואָס דאַרף מען אים היילן, דעם טראַקטאָר. ניט איין מאָל גענומען זיך פאַרן הענטל אַף לאָזן אים אין גאַנג און איינמאָל אַפילע אוועקגעזעצט זיך בײַם רודער און אַ פיר געטאָן דעם טראַקטאָר מיט אַזאַ צעווילדעוועטן „וויאָ”, ווי זי פלעגט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק זיך אַרופכאַפּן אַף עפּעס אַ יונגן לאָשעק. זי וואָלט געוויס געוואָרן אַ טראַקטאָריסטקע, ווען עס זאָל זיך ניט געווען באַווײַזן דער קאָמבײַן.

איז געקומען אַ צײַט, ווען ס'איז שוין שווער געווען אונטערשיידן, ווער איז דאַניעל און ווער איז טײַבעלע. ביידע אין הויזן, ביידע שטענדיק פאַרשמירט, פאַרשמאָלצעוועט און פאַרשטויבט, ווי דער קאָמבײַן זייערער. סײַדן לויט די אויגן. בײַ דאַניעלן זײַנען זיי געבליבן גלאַנציקע, ווי קוילן, און בײַ טײַבעלען — ליכטיקע און דורכזיכטיקע, ווי דאָס וואַסער אין קרעניצע. און ס'האָט פון זיי אָנגעהויבן אַרויסלײַכטן זייער און זייער אַ שטאַרקער טרוים.

געטרוימט האָט טײַבעלע, אַז דאַניעל זאָל ווערן דער בעסטער קאָמבײַנער אין ראַיאָן, דער ערשטער אין געגנט, וואָלט זי אים דעמלט ליב באַקומען טויזנט מאָל שטאַרקער, ווי איצט. און פאַר איר טרוים, פאַר איר טויזנט מאָל שטאַרקערער ליבע איז זי גרייט געווען אַף אַלץ. האָט זי זיך געערגערט מערער פון דאַניעלן, אויב זיי האָט זיך פאַר אַ גאַנצן מעסלעס ניט אײַנגעגעבן צווינגען דעם קאָמבײַן זיך רירן פון אָרט. זי האָט שטאַרק מוירע געהאַט פאַר איר ליבע. זי האָט פײַנט באַקומען מיט ניט קיין מיידלשער סינע אָט די קייטעלעך, וואָס האָבן דורכגעפלאָכטן אַלע דרויסנדיקע און אינווייניקסטע רעדעלעך און שרײַפעלעך. ווען זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי האָבן שוין געטאָן אַלץ, וואָס מע דאַרף, אַז דער קאָמבײַן וועט איצט אָפּאַרבעטן אַ קײַלעכיקן מעסלעס און אַף קיין מינוט זיך ניט אָפּשטעלן,

האָט ער קוים באוויזן אוועק פונעם ברעג פון דער האָנע און סטאָפּ. וואָסי? ווידער די קייטלעך אראָפּגעשפּרונגען.

— אָט א קליפּע! — דאניעל רעדט דאָס ארויס שטיל, אזוי, אז טײַבעלע זאָל דאָס ניט הערן, ווײַל ער האלט, אז זידלען זיך טאָר מען ניט. ער קריכט אראָפּ פון זײַן בריקל און הייבט אָן ארומקלאפּן דעם קאָמבײַן מיט זײַן העמערל, דער קאָמבײַן ציטערט אונטער מיט זײַנע בלעכענע ווענטלעך און ענטפערט אָפּ מיט עפּעס א רויגעזדיק־ראכמאָנעסדיקן קלאנג.

— ווער איז זי, אָט די קליפּע? — פרעגט טײַבעלע.

— ניט זי, נאָר זיי, — ענטפערט ער אָפּ. ווען זײַן פּאָנעם איז ניט אזוי פארשמאָלצעוועט, וואָלט טײַבעלע באמערקט, ווי ער איז רויט געוואָרן.

— ווער זיי? — ווערט זי נאָך אומרויִקער.

— די קייטן!

— יאָ, אָט די פארשאָלטענע קייטן... כ'האָב מוירע...

— וואָס האָסטו מוירע?

— איך ווייס אליין ניט.

זאָגן, אז זי האָט מוירע פאר אים, פאר זייער ליבע, האָט זי פּאָשעט ניט געוואָלט.

— גענוג, — האָט זיך אָנגערופן דאניעל און א נעם געטאָן א שטיקל קלאָטשע אף אויסווישן די הענט. — לאָמיר זיך אָפּרוען א ביסל.

האָבן זיי אויסגעווישט די הענט און זיך צוגעזעצט. ווען עפּעס אנדערש, ווען עפּעס מערער האָבן זיי אפילע ניט געטראכט. זיי האָבן גוט געוווּסט, אז אנשלאָפן ווערן אזוי־אָ, אײַנמיטנדערינען, לעבן קאָמבײַן צי לעבן טראקטאָר איז סאמע די גרעסטע, סאמע די שרעקלעכסטע אווירע. זאָל דאָס זײַן באטאָג, זאָל דאָס זײַן אײַנמיטן דער סאמע פינצטערער נאכט. מעגסט קלאפּן מיטן האמער, מעגסט הונדערט מאָל אָפּדרייען און נאָכאמאָל צודרייען דאָס זעלבע שרײַפעלע, מעגסט זיצן גלאט אזוי, א פארמאטערטער, א פארצווייפלטער, ארומגענומען מיט די הענט דעם פארדולטן קאָפּ. נאָר שלאָפן — כאָלילע! זאָל גאָט אָפּהיטן.

האָבן זיי אפילע ניט געקלערט אנשלאָפן ווערן. זיי האָבן זיך פּאָשעט צוגעזעצט און פארהויבן די קעפּ ארוף.

— סארא שיינע נאכט! — האָט טײַבל שטיל א זיפץ געטאָן. זי האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, נאָר זי האָט מוירע געהאט, אז דאניעל קאָן דאָס שלעכט אויסטײַטשן.

דאניעל, וואָס האָט געהאלטן, אז יעדער מענטש דארף האָבן א טרוים, האָט זיך אָנגערופן ביז גאָר שטיל, גלײַך ער האָט מוירע געהאט עמעצן אופוועקן:

— אין אזא נאכט איז גוט צו טרוימען.

וועגן וואָס זשע האָט געקאָנט טרוימען א פארליבט פּאָרל אין יענע ווײַטע צײַטן, ווען ס'זײַנען נאָך ניט געווען ניט קיין ספּוטניקעס, ניט קיין „לונאָכאָדן״, ניט קיין טעלעוויזאָרס, ניט קיין טראנזיסטאָרס? און ברויט צו זאט איז דאָן אויך ניט געווען.

— ווען מע קאָן צוטראכטן אזא טראקטאָר, וואָס זאָל ארבעטן א קײַלעכיקן מעסלעס אָן איבערשלאָגן, — האָט ארויסגערעדט דאניעל.

טײַבל האָט זײַער פֿײַנט געהאַט די װײַעלקע, װאָס טאַראַכקעט אַף טויב צו װערן און אַרום װעלכער עס איז שטענדיק פֿול מיט שטיקנדיקן שטויב.

— און מע זאָל מאַכן אַזוי, אַז פֿונעם קאָמבײַן זאָלן אַרויס ריינע, גוט איבערגעוויייעטע קערנער.

— און מע זאָל זיך קאָנען באַגיין אָן אָט די פֿאַרשאָלטענע קײַטלעך, — האָט צוגעגעבן דאַניעל.

טײַבל איז גרייט געווען מאַסקים זײַן. ער וויל אָן קייטן, זאָל זײַן אָן קייטן. האָט אָבער אין איר א שפּיל געטאָן דער שעד.

— ניט אין די קייטן גייט עס, — האָט זי דערוּוידערט.

— אין וואָס דען?

זי האָט געוואָלט זאָגן, אַז די זאַך איז ביכלאַל ניט אינעם קאָמבײַן, נאָר אין זיי אַליין. מע דאַרף פּאַשעט, אַז יעדערער זאָל בעסער, פֿעסטער און טיפֿער וויסן זײַן פֿאַך. זי איז גרייט געווען צו זאָגן, אַז זי טרוימט וועגן אַזאַ צײַט, ווען אַלץ וועלן טאָן די מאַשינעס אַליין, און דער מענטש... יאָ, טאַקע יעדער מענטש... ווײַל ער זאָגט דאָך אַליין, דאַניעל, אַז אַלץ הענגט אָפּ פֿונעם מענטשן... נאָר ערשטנס, האָבן איר געפֿעלט די נייטיקע ווערטער אַף קלאָר אַרויסזאָגן איר טרוים, און צווייטנס — ווידער דאָס זעלבע: זי האָט מוירע געהאַט, אַז דאַניעל קאָן דאָס שלעכט אויסטײַטשן. און ער קאָן זיך נאָך באַליידיקן. האָט זי אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אַפֿן הימל:

— טו אַ קוק, סאַראַ שטערן! אַזאַ גרויסער און אַזאַ העלער!

— נו איז וואָס?

— לאָמיר אים נעמען פֿאַר זיך.

דאַניעל, וואָס האָט געוווּסט אַלע סוידעס פֿון בריאַס־האָוילאָם, האָט גע־קוקט אַף די שטערן מיט גאָר אַנדערע אויגן. דערפֿאַר האָבן טײַבעלעס טרוימען אים אויסגעזען נאַריש.

— דו ווייסט כאָטש, וואָס דו רעדסט?

— אַוואַדע ווייס איך. אָט, לעמאָשל... אַז דו וועסט ערגעץ אַוועקפֿאָרן אָדער איך וועל ערגעץ אַוועקפֿאָרן און מיר וועלן שטאַרק בענקען איינער נאָכן אַנדערן... וועלן מיר קוקן ביידע אַף אָט דעם שטערן, און אונדז וועט זיך דוכטן...

דאָס האָט שוין אויסגעזען דאַניעלן ביז גאָר אומדערלאָזבאַר.

— און דו, דו ווייסט כאָטש, וואָס דאָס הייסט?

האָט טײַבעלע אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי טאַקע שטאַרק מיט עפּעס פֿאַר־זינדיקט.

— איך ווייס. דאָס הייסט קליינבירגערטום...

— כאָטש גוט, וואָס דו ווייסט.

ער איז ניט געווען געוווּנט צו רעדן מיט טײַבעלען אַזוי שטרענג, און אים האָט זיך געדוכט, אַז זי איז דערפֿון שטאַרק דערצאָרנט געוואָרן. האָט ער געוואָלט מיט עפּעס פֿאַרדעקן זײַן האַרבן מוסער.

— ווייסטו וואָס, טײַבעלע, עפּשער וועלן מיר כאַפּן אַ דרעמל?

— בלויז אַ קאַפּעטשקעלע, — האָט טײַבעלע אַרויסגערעדט, ווײַל דער שלאָף האָט שוין צונויפֿגעקלעפּט אירע אויגן.

פונעם הימל, פון די שטערן האָבן זיי זיך גיך און אנטשיידן אָפגעזאָגט, ווײַל דאָס איז געווען עכט קליינבירגערטום. אָפזאָגן זיך פון דער ערד איז געווען אומעגלעך. אינעם באנאכטיקן סטעפ האָט געשמעקט מיט אלץ, וואָס האָט געבליט און אָפגעבליט, מיט אלץ, וואָס האָט געטראָפן אונטער די מעסערס פונעם קאָמבײַן, און אויך מיט דעם, וואָס האָט אלפײַנעס דורכגעשמוגלט דורך די מעסערס און געבליבן לעבן. מיט זיסלעכן בורקון און מיט ביטערן פאָלין, מיט אונטערגעהאקטן אָסאָט און מיט דער צוגעפלעטשטער סיורעפע, מיט צוגעוויאנעטן היי און פאָשעט מיט לעבעדיקער סטערניע, וואָס האָט נאָך ניט באוויזן ניט צוטריקענען און ניט פארוויאנעט ווערן. זי האָט נאָך געדעכעט, ווי א לעבעדיקע, פול מיט ווייטעק, אומעט און בענקעניש נאָך אירע פארשניטענע זאנגען.

דאניִעל מיט טײַבעלען האָבן זיך צוגעזעצט לעבן ניט קיין גרויסער קאָפיצע שטרוי, וואָס האָט ארײַנגענומען אין זיך אלע רייכעס אינייִנעם, און ווי אָנגעטרונקען זיך מיט עפעס זייער שטארקס און פארשיקערנדיקס, גלײַך אנשלאָפן געוואָרן. שטערן האָבן זיך געלאָשן איינער נאָכן אנדערן, דער הימל האָט אָנגעהויבן אָנווערן זײַן טונקעלן גלאנץ און ביסלעכווײַז אראָפגעלאָזט זיך אף דער ערד אינייִנעם מיטן געדיכטן טוי. ער האָט זיך שטיל געלייגט אפן פארוויאנעטן היי, אף דעם אונטערגעהאקטן אָסאָט, אף דער נאָך לעבעדיקער סטערניע און אף דער קאָפיצע שטרוי, אף וועלכער דאָס פאָרל איז געשלאָפן. טראָפנדלעך טוי האָבן ארומגעבלאָנדזשעט און ארויסגעגלאנצט פון זייערע צעשויבערטע קעפ און פון זייערע פארשמאָלצעוועטע פענעמער.

אזוי זײַנען זיי געזעסן, צוגעשפארט די פלייצעס צו דער קאָפיצע און פארוואָרפן די קעפ אף א זײַט... אָט אזעלכע, פארשלאָפענע, אײַנגעטונקענע אינעם באגינענדיקן טוי, האָט זיי געטראָפן דער פאָרזיצער פון קאָלווירט. און דאָס האָט אים, אויך א פארהאָרעוועטן, אויך א הונגעריקן און אויך ניט קיין אויסגעשלאָפענעם, אינגאנצן ארויסגעפירט פון די קיילים. ווײַל — ווי שוין געזאָגט — שלאָפן איז געווען די שרעקלעכסטע עוויירע.

פאר די פאָר יאָר, זינט אנשל, דער געוועזענער באלעגאָלע, איז געוואָרן פאָרזיצער פון קאָלווירט, איז פונעם באלעגאָלישן געבליבן בײַ אים בלויז זײַן ברייט־צעוואקסענע, ציגײַנעריש־געקרײַזלטע באָרד. דאָס, וואָס איז אים פאר דער צײַט צוגעקומען — די אײַנגעפאלענע באקן, די רויטע, ניט אויסגעשלאָפענע אויגן, די הייזעריקלעכע שטים, דער שווערער און מידער גאנג און דער ניט ווייניקער מידער בליק, — האָט שוין געטראָגן אין זיך גאָר עפעס אנדערש. געשטאמט האָט דאָס פון יענע פילצאָליקע דײַגעס, וואָס האָבן אים באלייגט פון אלע זײַטן, ווי א מין געשווילעכץ, פון דער פארצווייפלונג, וואָס האָט אים אָפטמאָל דורכגענומען מיט א פיבערלעכן גרויל, פונעם געפיל פון פארלוירנקײַט און אויסגאנגלאָזיקײַט, וואָס האָט אים געבויגן צו דער ערד און איבער וואָס ער האָט ניט איין מאָל זיך פארשאָלטן דאָס געביין פאר זײַן לײַכטזיניקײַט. נעמען און איבערלאָזן אזא

גאָלדענע שטעלע, ווי עלטסטער קאָניוך, און לאָזן זיך איינרעדן ווערן פאָרזיצער פון קאָלווירט. האָבן מיט יעדן צו טאָן, מיט יעדן זיך אָנהאַריקען. איז אים טאַקע, אַנשלען, געווען זייער ביטער אויפן האַרצן. פאַרוואָס קומט עס אים?

געגומען האָט זיך אַלץ דערפון, וואָס די ערשטע יאָרן איז דער קאָלווירט געווען זייער רייך מיט ביטאָכן, נאָר אָרעם מיט ברויט. פאַר דער יוגנט איז ביטאָכן געווען דאָס בעסטע מייכל, עלטערע האָבן דאָס ווי־ניט איז אַראָפּגעשלונגען אויפן ניכטערן האַרצן, נאָר קליינע קינדער האָבן דאָס אין מויל ניט געוואָלט נעמען. און אויף וויפל אַנשל האָט, כוץ דעם ביסל ביטאָכן, גאָרנישט ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן פאַר דער אַרבעט, איז ער קיינמאָל ניט געווען זיכער, צי זיינען די וועכטער אויף זייערע ערטער, צי האָבן די קאָניוכעס אָנגעהאָדעוועט און אָנגעפּאָיעט די פערד, צי זיינען די מיידלעך אַרויס אין סטעפּ אויף אַרבעט און צי האָט עמעצער איניינעם מיטן ביסל ביטאָכן ניט פאַרשלעפּט פונעם טויק אַ טאָרבעלע ווייץ...

דער סטעפּ איז לאַנג און ברייט. דאָס ביסל פערד האָט בילכערע אַרבעט, ווי אַרומפירן דעם פאָרזיצער. האָט ער אַרומגעשפּאַנט צופוס איבערן סטעפּ גאַנצע טעג, איבערגעקייעט ווו ס׳האָט זיך געמאַכט, און מערסטנטייל אַרומגעגאַנגען אַ הונגעריקער. ווען ער איז שפּעט אין אָוונט געקומען אַהיים, איז ער געווען אַזוי פאַרהאָרעוועט, פאַרמאַטערט און פאַרכריפּעט, אַז ער איז ניט געווען בעקויעך אָפּגעבן זיין פייגען דעם „גוטן אָוונט“. פייגע איז שוין געווינט געווען מעסלעסנוויייז ניט הערן פונעם מאַן קיין וואָרט און האָט זייער מוירע געהאַט, ער זאָל, כאָלילע, איינגאַנצן ניט אָנווערן דאָס לאָשן. באַווייזט ער זיך נאָר אויף דער טיר, דערלאַנגט זי אים באַלד דעם מיטיק מיט דער וועטשערע איניינעם, און אַליין בלייבט זי שטיין פאַרלייגט די הענט און קוקט צו, ווי איר אַנשל קייט דאָס ברויט, ווי ניט קיין היגער, בלאָנדזשעט אַרום מיטן לעפל פון יענער זייט טעלער אָדער קלאַפּט מיטן גאָפּל אין טיש, גלייך ער וואָלט געפירט אַ פאַרזאַמלונג און גערופן צו אָרדענונג. אַנשל האָט שטענדיק מוירע געהאַט, ער זאָל ניט אַנשלאָפן ווערן באַם טיש מיטן לעפל אין דער האַנט. האָט ער שטענדיק אינמיטן דער וועטשערע זיך אַ ריס געטאָן פונעם בענקל און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

— וווּהין איז? — האָט פייגע אים נאָכגעשריגן.

האָט ער בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַוועק, ניט דערעסן און ניט דערשלאָפן, אויף אַ גאַנצער נאַכט.

דערפאַר איז ער געבליבן שטיין, ווי געפּלעפּט, ווען ער האָט דערזען דאָס פּאָרל, וואָס איז אַזוי זיצנדיק אַנשלאָפן געוואָרן. מיילע, אַז עפּעס אַ באַיאָרטער וועכטער כאַפּט אַ דרעמל, איז נאָך צו דערליידן. נאָר יוגנט, קאָמיוגיסטן זאָלן שלאָפן! די, אויף וועמען עס האַלט זיך דאָך דעריקער דער קאָלווירט און די גאַנצע וועלט!

— איר שלאָפט גאָר? — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

פאַר דער נאַכט האָט אַנשלס שטים אַ ביסל זיך אָפּגערוט, אָפּגעזעצט, און ס׳האָט אים אַליין געווונדערט, ווי די שטים זיינע האָט אַ קלונג גע־

טאָן. ער האָט זיך גאָר געקליבן א זידל טאָן, נאָר די ווערטער זײַנען ארויס אף דער וועלט מיט אן אומגעוויינלעכער צארטקײַט. און ס'האָט שוין פון זיך אליין זיך א זיפץ געטאָן, ווען ער האָט באקוקט דאָס פאָרל, וואָס איז אזוי שיין אײַנגעשלאָפן. ס'האָט אים דערמאָנט זייער לאנגאָניקס און זייער אָנגענעמס. פון דעם אלעמען, פון דער לויטערער שטים און ווארעמע זיכרוינעס, איז אים געוואָרן זייער גוט און גרינג אפן הארצן. ס'איז אים אפילע געווען א שאָד אופוועקן זיי. נאָר ער האָט געמוזט. ניט אזוי דאניעלן, ווי טײַבעלען.

— שטיי אוף, טײַבעלע, — האָט ער א שעפטשע געטאָן און צוגעלייגט זײַנע פינגער צו איר אקסל.

נאָר בא טײַבעלען איז דער שלאָף געווען זייער א שטארקער, און דאניעל האָט זיך אופגעכאפט דער ערשטער. א ריב געטאָן די אויגן, דערזען פאר זיך דעם פאָרזיצער, און פארשטאנען, בא וועלכער שרעקלעכער אווייירע ער האָט זיי געטראָפן, איז ער גלײַך געוואָרן וואכעדיק.

— מיר... מיר... א קאפעטשקעלע, — האָט ער גענומען פארענטפערן זיך. טייקעף אופגעשפרונגען און אָנגעהויבן אראָפטרייסלען פון זיך די פײַכטע באטויעטע שטרוי. — ווידער אָט די פארשאָלטענע קייטן. און די שטערן.

אנשל האָט געמיינט, אז דאָס רעדט ער פון שלאָף, ווײַל וואָס פאר א שײַכעס האָבן די קייטן צו די שטערן? נאָר אים איז דאָס ווייניק וואָס אָנגעגאנגען. ער האָט געמוזט וואָס גיכער אופוועקן טײַבעלען.

— הײַדא, לויף אהיים, — האָט ער זיך אָנגערופן, ווען טײַבל האָט געעפנט די אויגן. — טו זיך איבער און גרייט זיך צו, וועסט פאָרן אף קורסן.

טײַבל האָט אפילע ניט געפרעגט אף וועלכע. איר איז געווען אלציינס. א סאך יינגלעך און מיידלעך האָט מען געשיקט אף פארשיידענע קורסן: פון טראקטאָריסטן און כעזשבנפירער, אגראָנאָמען און זאָאָטעכניקער, פיציכטלער, בינענציכטלער און ספעציאליסטן אף פארניכטן די לאנדווירטשאפטלעכע שעדיקער. וועגן קורסן האָבן געטרוימט אלע. נאָך אזעלכע קורסן האָט מען זיך שוין גערעכנט פאר א האלבן אגראָנאָם. אלנפאלס, א מענטש מיט א פאך אין דער האנט. קורסן האָבן דאן געקאָנט ארײַנגערעכנט ווערן אין נאדן ניט ווייניקער ווי איצט א דיפלאָם וועגן העכער בילדונג. האָט טײַבעלע בלויז ארויסגערעדט:

— אין וואָס זשע וועל איך פאָרן?

דאן זײַנען נאָך ניט געווען ניט בלויז קיין קאָסמישע שיפן, טעלעוויזאָרס און ברויט צו זאט. קיין ציץ איז נאָך אויך ניט געווען. פאָשעטער ציץ, א מיידל זאָל קאָנען אופנייען זיך עפעס א לײַטיש קליידל.

אנשלען האָט די דאָזיקע פראגע ארויסגעזען טאקטלאָז. אויב קאָמיוגיסטן וועלן אָנהייבן פארלירן דאָס ביסל ביטאָכן!.. דערפאר האָט ער איר אָפגעענטפערט א ביסל בייזלעך:

— פאָרסט ניט אף קיין כאסענע!

מע זאָל זי, כאָלילע, ניט כוישעד זײַן אין קליינבירגערטום, האָט טײַבל זיך גלײַך אָפגעזאָגט פון אירע אייגענע ווערטער:

— דאָס האָב איך געזאָגט גלאַט אַזוי. איך לויף שוין! ווײַבאַלד מע דאַרף!

דער אײביקער אומבאַשטרײַטבאַרער טערעץ — מע דאַרף! דאָס איז געווען דאָס ווײכטיקסטע, דאָס אַנטשיידנדיקסטע, וואָס האָט דאַן באַשטימט דעם אױפֿן פֿון דענקען, אַלע מײדלשע און ייִנגלשע טרוימען און טאַטן, ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן. מע דאַרף! פֿונוואַנען האָט טײַבל געזאָלט וויסן, אַז דאָס איז אַן אונטערגעשטעלטע זאַך? אַז דאָס שפּיצל האָט צוגעטראַכט איציע וואַסערפֿירער, אַז דער איניען איז גלײַך געפֿעלן געוואָרן דעם טאַטן אירן און ער האָט אײַנגערעדט אַנשלען, מע זאָל אָוועקשיקן טײַבלען אַף קורסן און אַזױאַרום זי אָפּנעמען פֿון אָט דעם צעדרייטן קאָמבײַנער, בײַ וועמען אַלץ אין דער וועלט דרייט זיך און בײַ וועמען דער קאָפּ איז פֿאַרשלאָגן מיט דער זון, מיט די שטערן, מיט די נאַציעס און מיט דער־רועד־ווייסט־וואָס. און אויב ס'איז שוין יאָ באַשערט, איז זאָל כאָטש טײַבל אַליין האָבן עפּעס אַ רײנערע מעלאָכע. זי זאָל ניט זײַן טאָג און נאַכט אײַנגעטונקען אין שטויב און אין מאַזוט און ס'זאָל פֿון איר אַף אַ מײַל ניט שמעקן מיט קיין בענזין.

טײַבעלע האָט זיך שוין געלאָזט לויפֿן, נאָר מיטאַמאָל, ווי דערמאָנט זיך אין עפּעס, זיך אומגעקערט צוריק.

— יאָ, און וואָס וועט זײַן מיט אים?

ווײַל אויב מיט איר הילף שטייט דער קאָמבײַן מערער, ווי ער גייט, וואָס זשע וועט זײַן, אויב זי וועט אָוועקפֿאָרן?

— ריכטיק, — דאַניעל האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אין וואָס דאָ גייט. — און איך?

געמיינט ניט אַזוי דעם קאָמבײַן, ווי זיך אַליין. ווי וועט ער קאָנען זײַן גאַנצע דרײַ כאָדאָשים צי עפּשער אַ האַלב יאָר אָן טײַבלען? נאָר אַנשל האָט געהאַט אין זינען זײַנס:

— מיר וועלן הײַנט לאָזן אָפּן ווייץ די לאָבאָגרייקעס. און דעם קאָמבײַן וועלן מיר שטעלן דרעשן, ווײַבאַלד ער וויל ניט גיין.

געווען דאַן צווישן די אָנפֿירער פֿון די קאָלווירטן ניט ווייניק אַזעלכע ווי אַנשל. גערופֿן האָט מען זיי — אַנטימעכאַניזאַטאָרן. מיט דעם האָבן געקרענקט אַ סאַך פּאָרזיצערס, באַזונדערס שניט־צײַט, ווען די זון האָט אומראַכמאָנעסדיק געברענט, די זאַנגען האָבן זיך געשיט אַף דער ערד און דער קאָמבײַן איז געשטאַנען. אונדזער ראַיאָנישע צײַטונג האָט דאַן שטאַרק געזידלט די פּאָרזיצערס פֿאַר אַזעלכע שעדלעכע שטימונגען. די קרענק איז געווען טאַקע זייער אַן אָנשטעקנדיקע. נאָר טײַבל, וועמעס ליבע האָט זיך אָנגעהויבן פֿונעם טראַקטאָר, האָט ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן אַזעלכע זאַכן. האָט זי אויסגעשריגן ניט מיט איר קאָל:

— איך וועל ניט לאָזן!

צו אַזעלכע זאַכן איז אַנשל ניט געווינט געווען. אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שײַכעס צו לאָזן אָדער ניט לאָזן, איז געווען געווענדט אין אים. און שרײַען — דאָס האָט אויך געהאַט רעכט נאָר ער אַליין. האָט ער אַ קוק געטאָן אַף טײַבלען מיט זײַנע ניט־אויסגעשלאָפֿענע אויגן.

— ווער ביסטו עס אזוינס, דו זאָלסט ניט לאָזן?

— איך... איך... — האָט זי אָנגעהויבן פאַרכלינעו זיך, — אַ קאָמיוגיסט־קע בין איך! און איר... איר זײַט אַן אָפּאָרטוניסט! און ער!..

דער „ער" איז געווען דער קאָמבײַן אַליין. זי האָט געוואָלט זאָגן וועגן אים עפּעס זייער וויכטיקס, נאָר די טרערן האָבן זי ניט געלאָזט. האָט זי בלויז אַרויסגעוויינט:

— ער וועט גיין!

זי האָט זיך אַליין פאַרשעמט פאַרן געוויין. אַפּגיך אויסגעווישט די טרערן און אַ קוק געטאָן אויף דאַניעלן:

— איאָ, ער וועט גיין?

ניט אַזוי די פראַגע טײַבעלעס, ווי איר דורכדרינגענדיקער, פּאָדערנדי־קער און דראָענדיקער בליק. אויב דאַניעל וועט ניט מאַכן אַזוי, אַז דער קאָמבײַן זאָל גיין, איז אויס מיט זייער ליבע.

— ער וועט גיין! — האָט דאַניעל אָפּגעענטפערט מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז צווייפלען איך דעם איז געווען אומעגלעך. האָט אין טײַבעלען זיך צע־שפּילט דער שעד. זי האָט אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען אַ לוסטיקע, עפּעס גאָר אַ צעווילדעוועטע.

— איר הערט? ער וועט גיין, ער וועט גיין, ער וועט גיין!

— נו, דאָס איז שוין ניט דײַן דײַגע, — האָט אַנשל געפּרוווט זי אײַנ־שטילן. — לויף אַהיים, טו זיך איבער. אין אַ שאָ אַרום גייען די פורן צו דער סטאַנציע.

און טײַבעלע, נאָך אַלץ אַ לוסטיקע, אַ שפּרינגענדיקע:

— איך לויף ניט, איך טו זיך ניט איבער און איך פאָר ניט!

— וואָס הייסט דו פאָרסט ניט?

— איך וועל ניט פאָרן, ביז מיר וועלן ניט אַראָפּנעמען מיטן קאָמבײַן דעם גאַנצן ווייץ. און אויב איר וועט זיך אײַנשפּאַרן, וועל איך אינגאַנצן ניט פאָרן.

— נו אַ טײַבעלע... — האָט אַנשל אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין און איז אַוועק אָן אַ זײַ־געזונט. — אַ ווילדע ציג!

איך האַלט זיי אין איין זוכן, די לאַנדסלײַט מײַנע, וואָס וווינען איצט ווו דאָס לאַנד האָט אַ ברעג. איך ווייס, אַז ווײַט ניט אַלע וועל איך געפי־נען. נאָר טײַבלען האָב איך געפונען, און לאַכלוטן אומדערוואַרט.

די דאָניעצקער פּאַרנאַכטן גיבן יעדערן אָנצוהערן, אַז ווי די שטאָט זאָל ניט וואַקסן, וועט דער סטעפּ זיך לאָזן פילן אויף יעדער טריט. דער סטעפּי־שער ווינט נעמט דורך די שטאָט אויף דורך און דורך, שיט אונטער צום בוינטן רייכעס־געמיש אַ ביסעלע קוילן־שטויב און אַרבעט אויס עפּעס גאָר אַ באַזונדער מאשקע, אַ ביסל טערפּקע און אַ ביסל אַן עסעריקע. דעם היגן אוילעם איז זי דאַפקע געפעלן, און יעדן פּאַרנאַכט זײַנען די שטאָטישע פּאַרקן, סקווערן און סעדלעך פולגעפּאַקט.

פאַרבײַגייענדיק איינס אַזאַ סקווערל, וואָס איז פול געווען מיט דיסקו־

סירנדיקע זיידעס, פאַרדרײַגעטע באָבעס און מיט אָן אַ שיר טאַנצנדיקע און שפּרינגענדיקע, וויינענדיקע און זינגענדיקע אייניקלעך, האָב איך דערהערט אַ באַקאַנטע שטים.

— איך מעג שוועה! אָט גייט, דוכט זיך, אונדזער רעדאַקטאָר!

איך האָב שוין ניט דאָס ערשטע מאָל געהערט אַזאַ אויסרוף, אין וועלכן ס'איז געווען באַוווּנדערונג, פאַרכאַפּונג און פרייד. איך מוז זיך מודה זײַן, אַז אין זיך האָב איך שטענדיק שטאָלצירט דערמיט, וואָס איך אַליין בין אויך געבליבן אין זיקאָרן בײַ מענטשן פון יענע ווײַטע, יונגע יאָרן, ווען איך בין געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ ראַיאָנישער צײַטונג.

ס'איז שוין געווען טונקל, און מיר איז שווער געווען באַמערקן די סימאַנים, וואָס די פּערציק יאָר האָבן אָפּגעשטעמפּלט אויף דעם מיידל מיטן פאַרשפּיצטן נעזל, פאַר וועמען ס'האָבן זיך געשראָקן אַלע דאָרפישע הינער און וואָס האָט זיך אָפטמאָל געכאַלעמט אַ סאַך דאָרפישע באָכערים, ווען ס'זײַנען נאָך ניט געווען קיין קינסטלעכע ספּוטניקעס, קאָסמישע שיפן, טעלעוויזאָרס און... ס'איז נאָך ניט געווען אָט די באָבע מיטן צעקנייטשטן פּאָנעם, מיט טיפן טרויעריקע אין די אויגן און מיט אַ ביסל אַן אַלטמאָדישן קלייד. גיכער פאַר אַלץ איז זי פּאָשעט געווען צופרידן מיט אַזאַ געלעגנהײַט דערמאָנען זיך אין יענע צײַטן. האָט זי דערציילט און דערציילט. ווי'אַזוי נאָך דעם ווי דער קאָמבײַן דער קאָמבײַן איז טאַקע אַוועק, איז זי אין עטלעכע טעג אַרום אַוועקגעפאָרן אויף קורסן. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דאָס זײַנען געווען קורסן פון בוכהאַלטערס, אַ זאַך, פון וואָס זי האָט פריער אַפילו געהערט ניט געוואָלט.

נאָר — אַ פאַרפאַלענע זאַך. דערפאַר איז איר גוט צוניץ געקומען דער שטערן. יעדן אָוונט האָט זי אים אָפּגעזוכט אויפן הימל און געטראַכט וועגן דאַניעלן. דערנאָך איז זי געוואָרן בוכהאַלטער פון קאָלווירט, און אַנשל האָט געהאַט פון איר אויסגעריסענע יאָרן. זי האָט געפאָדערט אַ פעסטע פּינאַנץ־דיסציפּלין, און אַנשל — ווי אַלע פאַרזיצערס... ער האָט געטופּעט מיט די פיס, געריסן אויף זיך דאָס העמד, געגוואַלדעוועט, געשריגן, אַז איבער איר מיט אירע פרומע שטיק ווערט דער קאָלווירט בעדיל־האַדאַל. נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן.

און דאַני'על? אַ מאָשל! אַ מענטש, וואָס ווייסט, וואָס עס טוט זיך אויפן זיבעטן הימל, וואָס קלײַבט זיך אַזוי גוט פאַנאַנדער אין קלאָסן און נאַציעס, זאָל ניט קאָנען אויסנאַרן דעם „יאָ” מיטן „ניין” בײַ אַ פּאָשעטן קאָמבײַן? ער איז געוואָרן דער בעסטער קאָמבײַנער אין ראַיאָן און דערנאָך אַפילו אין געגנט. נו, וועגן טאַטן איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אַפילו די מאַמע האָט זיך געמוזט איבערבעטן מיט אים. דער טאַטע — עטלעכע טעג פאַר דער כאַסענע. די מאַמע — שוין נאָך דער כאַסענע. כאַטש, ווער כאַסענע, וואָס כאַסענע? אַוועק אין זאַגס, פאַרשריבן זיך און שוין. ס'איז דאַן ניט געווען קיין מאָדע פראַווען כאַסענעס.

— און ווו איז דאַני'על?

די פראַגע איז מיר די גאַנצע צײַט געלעגן אויף דער צונג, נאָר פרעגן האָב איך ניט געוואָלט. איך האָב מוירע געהאַט פאַרן ענטפער. די פראַגע

האָט זיך ארויסגעכאפט אומגעריכט. זי האָט דערציילט וועגן דעם, אז נאָך דער מילכאָמע האָט זי זיך דאפקע אומגעקערט צוריק אין קאָלווירט, ווידער געארבעט אלס בוכהאלטער, נאָר אז דאָס מיידעלע איז אונטערגעוואקסן, אוועקגעפאָרן קיין דאָניעצק זיך לערנען... דערנאָך דאָ טאקע כאסענע געהאט. ווי זשע בלײַבט מען אף אזוי לאנג איינע אליין? — האָט זיך בא מיר ארויסגעכאפט:

— און ווו איז דאניעל?

— ניטאָ, ניטאָ דאניעל. אוועק אף דער מילכאָמע... טאקע אף יענעם טראקטאָר! נאָר אזעלכע ווי מײַן דאניעל דערקענט מען גלײַך. האָט מען אים טייקעף אריבערגעזעצט אף א טאנק. נו, דאָס ווייס איך שוין ניט, צי געטראָפן האָט עס אף יענעם ערשטן טאנק, צי אף אן אנדערן, ווײַל געברענט האָט ער א מאָל דרײַ צי מערער. איך בין שוין געווען זיכער, אז אזא ווי מײַן דאניעל קאָן ברענען הונדערט מאָל, טויזנט מאָל און ניט פארברענט ווערן.

— ער האָט אײַך געשריבן וועגן דעם?

— וועגן דעם? — האָט זי איבערגעפרעגט ווי באליידיקט. — דאניעל זאָל שרײַבן וועגן אזעלכע זאכן? דאָס האָבן שוין זײַנע פרײַנט דערנאָך אָנגעשריבן. ווי ער האָט זיך געשלאָגן און וויפל מאָל ער האָט געברענט. ער אליין האָט געשריבן וועגן פאשיזם, וועגן די פעלקער און נאציעס, וואָס מוזן אים פארניכטן, אויב זיי ווילן האָבן א קיעם. און וועגן דער רויטער ארמיי, וואָס וועט ראטעווען די גאנצע וועלט. איך געדענק נאָך ביז הײַנט א סאך זײַנע בריוו אף אויסווייניק. און שטעלט אײַך פאָר, וועגן שטערן האָט ער אויך געשריבן. וועגן אונדזער שוטפעסדיקן שטערן. אין יעדן בריוו האָט ער מיך געפרעגט, צי קוק איך אף אים. אוואדע האָב איך געקוקט. סײַ ווען ער האָט געשריבן בריוו, סײַ ווען ער האָט אופגעהערט צו שרײַבן. איך קוק נאָך ביז איצט אף אים. יעדן אָוונט.

ס'האָט געהאלטן דערבײַ, זי זאָל זיך צעוויינען, נאָר ס'איז געשען א נעס: פונעם פילשטאָקיקן מויער איז ארויסגעשפרונגען א מיידעלע אין הויזן. אין איר פארשײַטער לוסטיקײַט, אין איר גרינגן, ציגענעם שפרונג האָט מען גלײַך געקאָנט דערקענען איר קרויוועשאפט מיט טײַבלען. מיט יענעם אמאָליקן ווילדן טײַבעלע, פאר וועמען אפילע דער בוהײַ האָט געהאט דערעכערעץ.

— ווהין יאָגסטו אזוי? — האָט טײַבל בא איר געפרעגט.

— אין ספאָרט־זאל. בא אונדז איז הײַנט א טרעניראונג.

— נו, און וועטשערע? די מאמע וועט באלד קומען.

דאָס אייניקל איז צוגעשפרונגען, א קוש געטאָן די באָבען אין שטערן און א פיר געטאָן מיט דער האנט איבער די צעשויבערטע לאָקאָנעס.

— אוי, באָבעניו, ביסט שוין גאָר אלטמאָדיש. ס'איז ניט אמאָליקע צײַטן.

די טרערן, וואָס האָבן געהאלטן באם ארויסטריפן, זײַנען ווידער אריבערגערונען אינעווייניק, איבערגעלאָזט אף די אויגן בלויז א פײַכטן גלאנץ. נאָר דער גלאנץ איז שוין געווען פון גאָר אן אנדער מין. א געמיש פון א שמייכל מיט א זיפץ.

— איַי, אמאָליקע צײַטן... — האָט טײַבל א זיפץ געטאָן. — ווו נעמט מען זיי, די אמאָליקע צײַטן?

אזוי איז שוין דער מענטש. דאָס שלעכטע פארגעסט ער. ניין, עס פאר־געסט זיך ניט. עס באקומט בלויז אן אנדער טיקן. דאָס, וואָס דער טראַק־טאָר האָט ניט געוואָלט גיין, וואָס ניט שטענדיק איז געווען ברויט צו זאט און א פּאָר מעטער ציץ אף א קליידל, ווערט פאר דיר ליב און אומפאר־געסלעך, ווייל דאָס אלץ איז פארבונדן מיט דער צײַט, ווען צווישן מילי־אָרדן שטערן איז אופגעגאנגען און א שײַן געטאָן פאר דיר דײַן איינצי־קער... דער סאמע העלסטער. און פון פיל נעכט האָט זיך דיר פארגעדענקט יענע סאמע שווערסטע נאכט און דער סאמע אומרויִקסטער באגינען. און דער טוי... דער טוי, וואָס האָט דאן אזוי זילבערדיק געבלישטשעט אפן פארוויאנעטן גראָז, אף דער נאָך לעבעדיקער סטערניע, אף דײַן פאר־שמאָלצעוועטן פּאָנעם און אף דײַנע צעשויבערטע האָר.

# געדאַליע דער סאַרוועריַנס



ויב ס'איז עמעס, אַז די ערד האַלט אין איין דרייען זיך, קאָן מען דאָך קיינמאָל ניט וויסן, ווו איז דער סאַמע אײַנמיטן. הײַנט איז דאָס פּאַריזש, מאָרגן איז דאָס לאָנדאָן, איבערמאָרגן מאָסקווע, און ביכלאַל... ס'הענגט אָפּ פֿון דעם, ווו דו אַליין שטייסט, וווהין דו דרייסט זיך און מיט וועלכע אויגן דו קוקסט אויף דער וועלט. פֿאַרוואָס זשע זאָל ניט געמאָלט זײַן אַזוינס, אַז הײַנט האָט די ערד זיך אַ דריי געטאָן אַזוי, אַז דאָס סאַמע מיטלסדיקע פּינטעלע איז געוואָרן כאַשטשעוואַטע! אַ סימען?

דער סימען איז געווען ניט אײַנגאַנצן קיין קלאָרער, ווײַל דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער רעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד, נאָר אַז מע זוכט סימאָנים, קאָן מען שטענדיק געפֿינען. אײַ, וועט איר זאָגן, ווו איז כאַשטשעוואַטע און ווו איז האַמבורג? נאָר אַזעלכע קלאָצקאַשעס דאַרפֿט איר שטעלן ניט מיר, נאָר געדאַליען, געדאַליע דער סאַרוועריַנס.

ווערדליק די מאַמע זײַנע איז געווען אַ סאַרווערן, האָט דאָס פּאָנעם באַ געדאַליען געמעגט זײַן אַ ביסעלע קײַלעכדיקער און אַ ביסעלע ברוינער — די קלײַנדלעך זאָלן ניט אַזוי בליאַסקען אויף זײַן בלייכלעך, אײַנגעפֿאַלן פּאָנעם. נאָר ס'איז דאַן געווען אַ צײַט, ווען כאַסענעס האָט מען געפּראַוועט זייער זעלטן, און אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צו אַ כאַסענע, איז מען זיך באַגאַנגען אָן סאַרוועריַנס. פֿון וואָס צו באַקן פּלאָדן מיט שטרודל איז דאַן סײַווי ניט געווען. נאָר ניט די זעלטענע און אָרעמע כאַסענעס האָבן עס אַזוי אויסגעדײַוועט געדאַליען. זינט אין אונדזער לייענשטיבל באַם קאָמיוגישן קעמערל האָט זיך אָנגעקליבן אַ פּאָר הונדערט ביכלעך וועגן וואָס נאָר איר ווילט אין דער וועלט, האָט געדאַליע זיך אײַנגעביסן אין זיי מיט אַלע ציין און אָפּטמאָל אפילע געשלונגען ניט צעקײַט. דערפֿון זײַנען אים צוגעקומען אַ סאַך רויטע פּינטעלעך אין זײַנע גרוילעכע אויגן, אויך מיט עפּעס ענלעך אויף קלײַנדלעך. רויטע קלײַנדלעך.

מיסטאַמע איז געדאַליע מיט עפּעס געווען געראָטן אין זײַן טאַטן, אין קאַלמענען סאָלדאַט, ווי מע האָט אים גערופֿן, וועלכער איז זייער געפֿעלן געוואָרן דעם קייסער מיט זײַן הייך, מיט זײַן גאַנג און ער האָט אים אַ רוף געטאָן צו דער שפּיל, ווי נאָר די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. און טאַקע גאָר אײַגיכן איז דוווירע געבליבן אַן אַלמאָנע און איז יעדן פֿרײַטיק אין איר פֿאַרטעך, וואָס האָט פֿאַרהיט אין זיך סימאָנים פֿון פֿעטס און זיסוואַרג, געגאַנגען אין באַלעבאַטישע הײַזער שמירן די ערד.

אויף ברויט האָט שוין געדאַליע אַליין פֿאַרדינט, אַפֿילע דאָס ביסל בוימל פֿאַרן קאַנעצל איז אויך געווען זײַנס. ער האָט געאַרבעט באַ יודינע טראַוויצקין אין דער אַלײנע. נאָר דוווירע האָט ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן, וואָס ער פּאַטערט אַוועק די אויגן איבער די ביכלעך און גייט דערנאָך צו דער אַרבעט ניט קיין אויסגעשלאָפֿענער.

— וואָס האָסטו אזוינס געפונען אין די ביכלעך? — האָט זי ניט אופגעהערט צו טײַנען. — מע קאָן מיינען...

— מאמע, שווײַג, — האָט ער איר איינמאָל אָפּגעענטפערט א ביסל גראָבלעך. — אויב דו ווילסט וויסן... דער מענטש לעבט אייביק!

האָט דווירע א זיפץ געטאָן.

— אוי, זונעניו, ווען דאָס זאָל זײַן עמעס, וואָלט איך ניט געבליבן קיין אלמאָנע און דו וואָלסט ניט געוועזן קיין יאָסעם.

— ניט אזוי, מאמע, דאָס דארף מען פארשטיין...

— איז גיב זשע מיר דאָס טאקע צו פארשטיין, אדעראבע.

— אָט, אשטייגער, א מענטש שטארבט. איאָ? מע לייגט אים ארײַן אין דער ערד ארײַן. איאָ? און קיינער ווייסט ניט, אז פון דעם ווערט די ערד רײַכער, געזינטער, עס וואקסן אויס אף איר נײַע זאנגען, וואָס גיבן שפּײַז נײַע מענטשן. קומט אויס, נו, ווי זאָל איך דיר דאָס געבן צו פארשטיין, קומט אויס, אז א שטיקעלע פון איין מענטש גייט דערנאָך ארײַן אין א צווייטן, פונעם צווייטן אין א דריטן, און אזוי גייט עס, זינט די וועלט שטייט.

— ווי איז מיר, — האָט דווירע פארבראָכן די הענט. — ווילסטו זאָגן, אז מענטשן עסן מענטשן?

געדאליע איז געבליבן דערשטוינט פון אָט דער סוואָרע. דאָס, וואָס די מאמע האָט א זאָג געטאָן, איז אים אפילע אפן געדאנק ניט געקומען. האָט ער דאָס געמוזט טייקעף אָפּלייקענען.

— ניט אזוי, מאמע, דאָס איז דאָך ניט מערער, ווי א מאָשל.

— א פײַנער מאָשל, — דווירע האָט דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן. — מיר ווערט שוין הײַנט דער ביסן ניט קריכן אין מויל ארײַן.

וואָלט שוין גלײַכער געווען, אז דאָס זאָל בלײַבן פאר דווירען ניט מערער, ווי א מאָשל. נאָר געדאליע האָט ניט געקאָנט אײַנגיין אף אזא פשאָרע.

— ס'איז טאקע א מאָשל, אָבער ס'איז עמעס. מע דארף דאָס בלויז גוט צעקײַען.

— אף מײַנע סאָנימט קעפּ! — און דווירע האָט א טאפּ געטאָן בא געדאליען דעם שטערן. — אוי, דאָס קינד רעדט פון היץ. מע דארף שוין א רוף טאָן נאכמען דעם פעלדשער.

— מאמע! — איז שוין געדאליע בייז געוואָרן. — איר ווייסט קיינער גאָרניט ניט! מע דארף אײַך אלעמען...

— נו, גוט, גוט, — האָט דווירע אים אָנגעהויבן אײַנשטילן. — גיי שוין שלאָפן.

ווען דווירע האָט אפן צווייטן טאָג איבערדערציילט וועגן איר שפּאָרעניש מיט געדאליען, האָט זי דאָס אלץ אזוי איבערגעדרייט, אז ס'האָט טאקע געדארפט אויסזען ווילד און ס'האָט זיך טאקע געקאָנט באקומען, אז מענטשן עסן מענטשן. גאנץ מעגלעך, אז געדאליע האָט געדארפט אָנהייבן זײַנע שמועסן וועגן אומשטערבלעכקײַט ניט מיט זײַן מאמען און געדארפט אָפּזוכן דערצו אנדערע ווערטער. נאָר ער אליין איז געוועזן שטארק איבעראשט פון זײַנע אנטדעקונגען און דאָס ניט געקאָנט האלטן אין זיך.

אין יענע ווונדערבארע יאָרן, ווען נאָך דער איוורע און נאָך דעם ביסל כומעש מיט ראשע האָבן מיר צום ערשטן מאָל גענומען אין די הענט ארײַן גאָר אנדערע ביכלעך, האָט יעדערער אָנגעהויבן אנטדעקן פאר זיך אלץ נײַע און נײַע וועלטן און יעדערער איז געווען פארכאפט, טאקע מאמעש געפלעפט מיט דעם אלעמען. איז איינער געוואָרן א דארוויניסט, דער צווייטער א שטערנפאָרשער, א דריטן האָט פארכאפט דער באגריף פון ווערט און מערווערט, פונוואנען מע זעט באשײַמפערלעך, וויאזוי עס הייבט אָן וואקסן די עקספלואטאציע. און געדאליען האָט רוען ניט געלאָזט דער געדאנק, אז אין דער וועלט ווערט גאָרניט ניט פארשווונדן. עס ענדערט זיך בלויז די פאָרם. די מאטעריע האלט אין איין דרייען זיך און ענדערן זיך, און ס'ווערט ווידעראמאָל דאָס, וואָס איז שוין געווען. איז ער געווען זיכער, אז אויך דער מענטש... אז עס קען אפסנײַ קומען אף דער וועלט דער מענטש, וואָס איז שוין אמאָל געווען.

מיר האָט אויך געוואָלט זיך גלייבן אין דעם, ווײַל איך האָב זייער געוואָלט, עס זאָל ווידער קומען צו מיר מײַן ניט לאנג פארשטאָרבענע מאמע, כאָטש וועדליק געדאליע האָט דערקלערט, האָב איך פארשטאנען, אז אויב דאָס איז אפילע יאָ מעגלעך, קאָן דאָס פאָרקומען אין הונדערטער יאָרן ארום, ווען איך וועל שוין לאנג אף דער וועלט ניט זײַן. וועל איך שוין סײַווי זיך ניט קאָנען באגעגענען מיט מײַן מאמען. פון דעם איז געוואָרן א ביסל אומעטיקלעך אפן הארצן, נאָר אינגאנצן אָפווארפן דעם געדאנק האָט קיינער ניט געוואָלט.

האָט געדאליע זיך ארומגעטראָגן מיט דער טעאָריע וועגן אומשטערבלעכקײַט אזוי לאנג, ביז ער האָט זיך דערוווסט, אז אין דײַטשלאנד, אין דער שטאָט האמבורג האָט זיך אָנגעהויבן אן אופשטאנד פון די ארבעטער, אז עס שמעקט מיט א נײַער רעוואָליוציע און אז ניט אלץ גייט דאָרט גלאטיק. ווער זשע קאָן אָפראטעווען די רעוואָליוציע אין דײַטשלאנד, אויב ניט כאשטשעוואטע, ווו ס'איז שוין דאָ א האלבע מייע קאָמיוגיסטן? און ווער דארף אין דער ערשטער ריי קומען צו הילף די דײַטשישע ארבעטער, אויב ניט ער, געדאליע דער סארווערנס?

וועגן וואָס מע זאָל ניט געווען ריידן, האָט געדאליע פארקערעוועט דעם שמועס אף דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע און דערוויזן, אז דאָס, וואָס זי האָט זיך איצט אָנגעצונדן אין דײַטשלאנד, איז גאנץ נאטירלעך, ווײַל קארל מארקס שטאמט פון דײַטשלאנד, פרידריך ענגעלס שטאמט אויך פון דײַטשלאנד, און דאָס, וואָס זיי האָבן דערנאָך אלע זייערע יאָרן געווינט אין לאָנדאָן, מאכט ניט אויס. פארקערט, ס'איז נאָך בעסער. זאָל נאָר די רעוואָליוציע ווי געהעריק זיך צעפלאקערן, וועט זי גלײַך פארכאפן פאריזש און בעמיילע שוין אריבערשפרינגען קיין לאָנדאָן.

דער כעזשבן איז בא געדאליען געווען א פינקטלעכער. אלץ איז בא אים געווען קלאָר, ווי דער טאָג. מע האָט נאָר געדארפט זען, אז פון דער רעוואָליוציע זאָל ווערן א טאָלק, ס'זאָל זיך, כאָלילע, ניט איבערכאזערן דאָס, וואָס מיט איר איז געשען אין אכצעטן יאָר. נאָר דאן איז געווען עפעס אנדערש. אין אכצעטן יאָר איז ער, געדאליע אליין, נאָך געווען א שנעקל, פון קיין קאָמיוג איז אין כאשטשעוואטע נאָך קיין סימען ניט גע־

ווען, און ביכלאל, די אייגענע רעוואָליוציע איז נאָך דאן געווען רוילעך. איצט אָבער טאָר מען ניט דערלאָזן...

צו יענער צײַט איז געדאליע שוין געווען א כאָסן־באָכער. ווען עמעצער זאָל אים געווען אָנרופן מיט אזא זידלוואָרט, וואָלט יענער געווען ארײַנגעכאפּט דעם עמעסן פּסאק. ווי מעג מען עס אָנרופן א קאָמיוגיסט מיט אזא קליינבירגערלעכן צונאָמען? איז ער קיין כאָסן ניט געווען, נאָר א קאַלע האָט ער געהאט, כאָטש ער האָט דאָס אויך געפּרוווט אָפּלייקענען. נאָר גאָלדעלען אליין איז אָפּלייקענען געווען אומעגלעך. טאַקע מיט איר איז ער יעדן אָוונט געקומען אין קאָמיוגישן קלוב. טאַקע דאָן איז צוגעטראַכט געוואָרן דאָס וואָרט, וואָס האָט געקלונגען עכט רעוואָליוציאָנער, — יאטעכע! וויבאלד אף א יינגל האָט מען אָנגעהויבן זאָגן „יאט”, זײַנען אלע מיידלעך געוואָרן יאטעכעס. דערצו האָט דאָס דאָזיקע וואָרט ארײַנגענומען אין זיך א סאך באגריפן. א יאטעכע האָט געקאָנט זײַן א מיידל גלאט אזוי, א יאטעכע האָט געקאָנט זײַן עמעצנס א געליבטע, אפילע א קאַלע, א יאטעכע האָט געקאָנט זײַן אפילע א כאסענע געהאטע. אויב נאָר זי גייט יעדן אָוונט אין קאָמיוגישן קלוב און טראָגט א רויט טיכל.

— דאָס איז מײַן יאטעכע! — האָט געדאליע א ביסל ארויסרופעריש געוויזן אף זײַן גאָלדען, געבנדיק צו פארשטיין, אז יעדער האָט רעכט דאָס צו טײַטשן ווי ער וויל.

גאָלדע אליין האָט גראָד געהאט אירע אייגענע כעזשבוינעס. כאָטש זי האָט געטראָגן א רויט טיכל, געגאנגען איבערן שטעטל ארומגענומען מיט יאטן פון רעכטס און פון לינקס און אויסגעזונגען אלע לידלעך, וואָס מע האָט דאן געזונגען קעגן גאָט, קעגן די בורזשויען און קעגן דער מעשטשאנסטווע, נאָר טיף אין הארצן האָט זי אין זינען געהאט נאָר איין געדאליען, און ווער ס׳האָט זי ניט געפירט אונטערן אָרעם סײַ רעכטס, סײַ לינקס, האָט זי געזען פאר זיך בלויז אים, געדאליען, מיט זײַנע בליאסקענדיקע קלײַנדלעך אפן לענגלעכן פּאָנעם, מיט זײַנע ניט אויסגעשלאָפענע אויגן, פול מיט רויטע פינטעלעך. און אויב דערציילן דעם גאנצן עמעס, האָט זי אָנגעהויבן באזוכן דעם קאָמיוגישן קלוב און זינגען אזעלכע העפקערדיקע לידלעך אויך צוליב געדאליען. זי האָט בעפיירעש געטרוימט וועגן אן עמעסער כאסענע, מיט א כופּע, צי אָן א כופּע, נאָר אן עמעסע כאסענע מיט קלעזמער און טענץ, מיט פלאָדן און מיט שטרודל, טאַקע אזעלכע, וואָס דווירע די סארווערן קאָן באקן בעסער פון אלע סארווערנס אין דער וועלט.

נאָר געדאליע האָט דערפון ניט געוווּסט. ער איז געווען זיכער, אז גאָלדע איז דאָס זעלבע, וואָס ער, און ער איז דאָס זעלבע, וואָס גאָלדע. האָט ער איר דערציילט זײַן גרעסטן סאָד, זײַענדיק זיכער, אז זי וועט אים פארשטיין פיל בעסער און א סאך טיפער, ווי זײַן אייגענע מאמע.

ווען געדאליע האָט אינמיטן א וואָכעדיקן פארנאכט אוועקגעפירט גאָלדען מיטן גראָזיקן סטעזשקעלע צום שמאָלן ריטשקעלע, וואָס הינטערן שטעטל, איז זי געווען זיכער, אז הײַנט וועט ער איר זאָגן אזוינס, אז זי וועט ווערן אויס יאטעכע און זײַן שוין עפּעס מערער. עמעס, דערצו האָט

ער געקאָנט אויסקלײַבן ניט אזא אָסיענדיקן, רעגנדיקן פארנאכט און ניט שלעפן זי אזוי ווײַט איבערן נאסן גראָז.

— גאָלדעלע, זאָלסטו וויסן זײַן, אז איך מוז אוועקפאָרן, — האָט ער ארויסגערעדט, ווען ער איז געווען זיכער, אז קיינער וועט זיי ניט אונטער־הערן.

— וואוהין?

— אהין, וווּ עס פלאַמט איצט די רעוואָליוציע.

— ווי זשע וועסטו פאָרן אזוי ווײַט?

— אינקאָגניטאָ!

גאָלדע האָט שוין געוווּסט, אז געדאליע איז אָנגעשטאָפּט מיט א סאך ווערטער, מיט וועלכע מע קאָן זיך ווארגן אָדער פון וועלכע עס הייבט זיך אָן דרייען דער קאָפּ.

— וואָס הייסט אינקאָגניטאָ?

— קאָנספּיראַציע!

פאר גאָלדען האָבן ביידע ווערטער געקלונגען, ווי טערקיש. נאָר ווי קאָן מען עס ווײַזן, אז זי פארשטייט ביכלאל גאָרניט ניט?

— צוליב וואָס טויג דיר די קאָנספּיראַציע מיט דער אינקאָגניטאָ?

— ווײַל דאָס דארף בלײַבן א סאָד. די וועלט דארף דערפון ניט וויסן.

— אָבער צו וואָס טויג עס דיר? אָן דיר וועט מען זיך דאָרטן ניט באגיין?

האָט געדאליע שוין געמוזט אײַנטײַנען מיט איר וועגן אלץ, פונעם אָנהייב ביזן סאָף: אז די וועלט האלט אין איין דרייען זיך, אז מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן, וווּ איז הײַנט דאָס סאמע אײַנדערמיט, און אז ס׳איז גאנץ מעגלעך... מיט איין וואָרט, די רעוואָליוציע איז איצט אין א סאַ־קאָנע און נאָר ער און אזעלכע ווי ער קאָנען זי אָפּראַטעווען.

ער האָט גערעדט גאנץ הייס און געווען זיכער, אז גאָלדע וועט אים פארשטיין, נאָר גאָלדע האָט אים געפּלעפּט מיט אירע ווערטער, נאָך ער־גער, ווי די מאמע:

— אָדער איך, אָדער די רעוואָליוציע.

— גאָלדע, דו ווייסט, וואָס דו רעדסט?

— דאָס, וואָס דו הערסט.

— גאָלדעלע, הער מיך אויס! פארשטייסט, אויב עס טרעפט עפּעס, כאַ־לילע, מיט דער רעוואָליוציע אין דײַטשלאנד, וועל איך דאָס קיינמאָל זיך ניט מויכל זײַן.

און גאָלדעלע, דאָס שטילע גאָלדעלע... זי האָט גלײַך צעפּויקט דעם סאָד, געווען זיכער, אז אויב ס׳וועט ווערן אויס אינקאָגניטאָ און אויס קאָנספּיראַציע, וועט איר געדאליע אין ערגעץ ניט פאָרן. אזוי איז דאָס גע־קומען צו יענער ארויסגעוויינלעכער קאָמיוגישער פארזאמלונג.

אָף דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע האָבן ארויסגעקוקט אלע, פאר איר איז יעדערער גרייט געווען אוועקגעבן דאָס לעבן, דערפאר האָט אלע־מען ארויסגעזען לעפּיש גאָלדעס מעלדונג, וואָס האָט געקלונגען, ווי אָן אָנ־קלאָגע. פארקערט, אלע זײַנען מעקאנע געווען געדאליען, וואָס ער האָט דער ערשטער זיך דערטראכט דערצו. אלע זײַנען גרייט געווען טאקע

דאָ, אויף דער פאַרזאַמלונג, אָנשרײַבן מעלדונגען, אַז זיי גייען אײנײנעם מיט געדאַליען. נאָך דער סעקרעטאַר פון קעמערל, אַרקע קראַוועץ, אָט דער לאַנגער באָכער מיט די שטענדיק אַ ביסל אָנגעבראָגעזטע אויגן, האָט זיך דערשראָקן, אַז ער קאָן בלײַבן אַליין אָדער ער קאָן אויך אַזוי זיך אופהייבן און אַוועק. האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— אַד קאָן! אי טאָטשקאַ!

דאָס הייסט, אַז דערוויַיל, פאַר דײַטשלאַנד, וועט זײַן געגנוג איין געדאַליע. און אַז ס'וועט זיך אָנהייבן די אַלוועלטלעכע, וועט מען זען.

נאָך מיט געדאַליען אַליין איז ניט געווען אַזוי גרינג אָפּפאַרטיקן זיך. אויב ס'איז געוואָרן אויס אינקאָגניטאָ, קאָן ער שוין ניט פאָרן אַהין מיט ליידיקע הענט. ערשטנס, ווי פאָרט מען עס אויף אַ רעוואָליוציע אָן אַ ביקסל, און צווייטנס, דאַרף מען דאָך ברענגען כאָטש וועלכע־ניט־איז מאַטאָנע די אַרבעטער פון האַמבורג פון די אַרבעטנדיקע פון כאַשטשעוואַטע. עמעצער האָט פאַרגעלייגט שטעלן אַ ספּעקטאַקל לטובת דער רעוואָליוציע.

נאָך דעם, ווי עטלעכע פּיעסן זײַנען אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווײַל זיי זײַנען ניט צוגעפּאַסט צום לויפנדיקן מאָמענט און אַלע האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער פּיעסע וועגן דער פּאַריזשער קאָמונע, האָט אַרקע ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש.

— אַד קאָן! דרײַ טעג אויף רעפּעטיציע!

און גאָלדע, וואָס האָט געמיינט, אַז די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונג וועט אָפּראַטעווען איר געדאַליען, האָט געמוזט אַליין שפּילן די הויפּט־ראָל אין דער פּיעסע. זי איז געווען איינע פון די בעסטע שפּילערנס אינעם אָרטיקן דראַמקרײַז.

די רעפּעטיציעס זײַנען געגאַן אין גרויס אײַלעניש. יעדן אָוונט האָט מען איבערגעשפּילט די פּיעסע דרײַ מאָל פונעם אָנהייב ביזן סאָף. געדאַליע האָט זיך אונטערגענומען זײַן דער סופליאָר און אָפּגעזעסן גלײַך מיט אַלעמען ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז געטאָן האָט ער דאָס צוליב גאָלדען. ער האָט מוירע געהאַט, אַז זי קאָן אינמיטנדרינען כאַראַטע האָבן און זיך אָפּזאָגן פון איר ראָל.

אין דרײַ טעג אַרום האָט מוישע דער טויבער אַרומגעשפּאַנט איבער די שטעטלשע גאַסן, אַלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט, געבליבן שטיין אויף איין רעכטן פוס, אויסגעצויגן פאָרויס דעם ליבקן און אויסגעזונגען מיט זײַן געוויינלעכן נוסח:

— מע מאַכט הײַנט אָפּדערנאַכט, מאַכט מען טעאַטער, מאַכט מען. בעט מען דעם גאַנצן אוילעם, מע זאָל גיין נעמען בילעטן, נעמען. ווײַל מע מאַכט פאַר דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע, מאַכט מען!

זינט כאַשטשעוואַטע שטייט און זינט מע פראַוועט דאָ פאַרשיידענע ספּעקטאַקלען און קאָנצערטן, איז נאָך אַזוינס ניט געווען. בילעטן האָט מען פאַרקויפט, וויפל ס'האָט זיך געלאָזט, און באַלאָנים זײַנען געווען אַ סאַך. יעדערער האָט געוואָלט האָבן אַ שטיקעלע כיילעק אין דער אַלוועלטלעכער. ס'איז ניט געווען שוין ווו צו שטיין.

דער ספּעקטאַקל איז געווען אַ מין געריכט איבער דער באַזיגטער און צעמאַזיקטער פּאַריזשער קאָמונע. זיי, די הענקער פון דער קאָמונע, זײַנען

געזעסן באם טיש, ווי ריכטער, און זי, גאָלדעלע, די פּאַריזשער קאָמונע, איז געשטאַנען פאר זיי, ווי א באשולדיקטע. אָנגעטאָן איז זי געווען פון קאָפּ ביז די פּיס אין רויטן, וואָס האָט געדאַרפט באטײַטן, אז זי, די פּאַריזשער קאָמונע, איז פאַרטרונקען געוואָרן אין בלוט. דאָס וויכטיקסטע אין דער שפּיל איז געווען דער מאָנאָלאָג, וואָס גאָלדעלע האָט געדאַרפט אויסדעקלאַמירן, א מאָנאָלאָג, וואָס האָט געדאַרפט דערווײַזן, אז כאָטש יענע זיצן באם טיש און זי שטייט פאר זיי אינגאַנצן א צעמאַזיקטע, איז ניט זי די שולדיקע, נאָר זיי, ניט זי איז די באַזיגטע, נאָר זיי, די געשיכטע האָט זיי שוין לאַנג פאַרמישפּעט און ס׳וועט קומען א צײַט... מיט איין וואָרט, עס וועט קומען א צײַט, ווען די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט וועלן זיך אופהייבן און אראָפּוואַרפן זייערע אונטערדריקער און הענקער.

גאָלדעלע האָט באַוויזן אויסכאַזערן דעם מאָנאָלאָג מיט אַלע פּישטשעווקעס. זי האָט געוווּסט, ווו מע דאַרף אויסשטרעקן די האַנט פאָרויס, ווו א טופּע טאָן מיטן פוס אזוי, אז אירע ווערטער זאָלן קלינגען דראָענדיק פאר דער בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט. נאָר גראָד אין יענער מינוט האָט זי זיך דערמאָנט, אז די דײַטשישע רעוואָלוציע דראָעט איר געדאַליען און איר אליין אויך, און איר שטים האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן די בייטיקע פעסטקײַט. די ערשטע ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט קימאַט וויינענדיק.

— צי שולדיק בין איך אין דעם, וואָס איך, די פּאַריזשער קאָמונע!..

וואָלט דאָס נאָך געווען צו דערלײַדן, נאָר איר טכיִנעסדיקע שטים האָט צערודערט בא דווירע דער סאַרווערן אַלע אירע אינגעווייִדן. זי איז דאַפּקע געזעסן אף עפּעס א באַנק, ווײַל זי אליין איז דאָ הײַנט געווען די גלאַוונע מעכוטענעסטע. נאָר נאָך גאָלדעס עטלעכע ווערטער האָט זי זיך אופגעהויבן, פאַרבראָכן די הענט און זיך צעוויינט אפן פולן קאָל.

— וויי איז מיר און וויינד איז מיר! ווייניק, וואָס די דײַטשן האָבן צוגענומען בא מיר מײַן קאַלמענען, ווילן זיי איצט נאָך צונעמען מײַן געדאַליען אויך...

ס׳האָט געהאַלטן דערבײַ, אז דער מאָנאָלאָג און דער גאַנצער ספּעקטאַקל זאָל אַראָפּגעריסן ווערן. נאָר געדאַליע האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון זײַן סופליאָר־בײַדל און אויסגעשריגן:

— מאַמע, ניט געוויינט! רעוואָליוציאָנערן שטאַרבן ניט!

האָט דער עולעם אָנגעהויבן פּליעסקען מיט די הענט. אייניקע האָבן געפּליעסקעט געדאַליען, וואָס האָט אזוי מאַמזעריש געראַטעוועט די שפּיל, אַנדערע האָבן געמיינט, אז אזוי דאַרף דאָס טאַקע זײַן, און האָבן געפּליעסקעט אַלעמען איינעם — דער סאַרווערן, גאָלדען און געדאַליען דעם אַקטיאָר־סופליאָר.

מערער פון אַלעמען האָט זיך פאַרלוירן גאָלדעלע אליין. איר האָט זיך געדוכט, אז אַלץ איז פאַרפאַלן, און זי האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי ווײַטער פירן די שפּיל. נאָר געדאַליע האָט אזוי א קוק געטאָן אף איר, אזוי דורכגענומען זי מיט זײַן בליק, אז זי איז גלײַך געקומען צו־זיך, ארײַן אין איר ראָל און אָפּגעשפּילט איר מאָנאָלאָג ווי עס דאַרף צו זײַן. האָט דער אוילעם ווידער געפּליעסקעט. דאָס מאָל האָט מען געפּליעסקעט בלויז גאָלדען און אירע ווערטער וועגן דעם, אז ס׳וועט קומען א צײַט...

טאַקע אַף מאָרגן האָט דאָס גאַנצע שטעטל אַרויסבאַגלייט געדאַליען אַף דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע.

ס'איז געווען אַ געוויינלעכער, וואָכעדיקער טאָג. אַ פּאָשעטער מאָנטיק צי אַ דאָנערשטיק. נעמט אַ שטעטל און מאַכט אינמיטנדרינען אַ מאַניפעסטאַציע. וואָלט כאָטש דער וועטער געווען אַ לײַטישער, איז דאָס אויך ניט. ניט זומער, ניט ווינטער, האַלב שניי, האַלב רעגן, מיט אַ קויטיקער שיטערינצע אונטער די פיס. אַ וועטער, ווען די בעסטע זאַך איז צו זיצן אין שטוב און זיך וואַרעמען לעבן דער הרובע. נעמט אַ שטעטל אין אַזאַ וועטער און גייט אַרויס אַף דער גאַס מיט רויטע פאָנען.

געמיינט האָט מען גאָר אַנדערש. מע וועט דינגען אַ פּאָר פאַעטאָנען, פאַר אַ נויט אויך יויעל באַלעגאָלע מיט זײַן לאַנגן שאַראַבאַן, וועלן אַלע כעווערע זיך אויסזעצן און מע וועט אַרויספאָרן צו דער סטאַנציע. נאָר ווי־באַלד אַ דעמאָנסטראַציע, האָט שוין פון פאַעטאָנען מיט שאַראַבאַנען קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. האָט מען זיך אויסגעשטעלט, ווי עס פירט זיך, צו פיר, צו פינף און אַפילע צו זעקס אין אַ ריי און מע איז אַוועק דורך דער מאַרק־גאַס אַרוף, צו דער קאָוואַליוקע. די באַלעגאָלעס, ווען זיי דינגען זיך פאַר דער פרײַז, רעכענען זיי דאַפקע, אַז צו דער סטאַנציע איז אָנדערהאַלבן ווערסט. נאָר אַז מע גייט אַרוף מיט דער קאָוואַליוקע ביז לייב דעם שטעלמאַכס שטיבל, בלײַבט אינגאַנצן נאָר איין ווערסט. קומט אויס, אַז צופוס איז אַ סאַך נעענטער. דערצו נאָך, ווען מע גייט ניט איינער אַליין, נאָר עטלעכע הונדערט מענטשן איינעם, ווען איבער די קעפ פלאַטערן רויטע פאָנען, ווען פאַרויס גייען די קלעזמער און שפּילן דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ מיט דער „מאַרסעליעזע“ און ווען אַלע כעווערע זינגען אַפן פולן קאָל:

Мы на горе всем буржуям
Мировой пожар раздуем.
Раз-два, раз-два
Комсомольская братва, —

דוכט זיך שוין דעמלט, אַז דער רעגן איז קיין רעגן ניט און דער שניי איז קיין שניי ניט. אַז אַף דער ערד איז ניטאָ ניט קיין שיטערע בלאָטע, עס בלאָזט ניט קיין עסעריק ווינטל און אַפן הימל — אַפילע קיין פיצעלע כמאַרעלע. עס דוכט זיך, אַז די ערד איז פרילינגדיק צוגעפוצט, דער הימל — זומערדיק לויטער, און די זון שײַנט מיט אַלע זיבן כיינען. שפאַנען פאָרויס די קלעזמער און גלײַך נאָך זיי די הויפּט־מעכוטאָנים: דווירע די סאַרווערן מיט פאַרווייַנטע אויגן, גאָלדע מיט אַן אַראָפגעלאָזטן קאָפּ און אינמיטן געדאַליע אַליין. זיי, די באַגלייטערנס, גייען ווי אַף אַ לעווײַע, און ער, געדאַליע, פאַרקערט — ווי אַ כאָסן צו דער כופּע. ער שפּאַנט, דער קאָפּ פאַריסן אַרוף, דאָס פּאָנעם פלאַמט — מאַכט צונישט די קלײַנדלעך. און זײַנע גרויסע אויגן, אין וועלכע ס'איז דאָ אויך עפּעס ענלעכס אַף דריבנע רויטע קלײַנדלעך, שײַנען מיט באַזונדערער בלענדנדיקער שײַן.

מיסטאָמע זײַנען זיי אַלע געווען ענלעך איינער אַפן אַנדערן, אָט די אַלע וועלט־באַרימטע טרוימער און אַנטדעקער, רעוואָליוציאָנערן און גע־

לערנטע, וואָס האָבן זיך געלאָזט אף קידעש־האשעם, קעדיי אנטדעקן ער־
געץ א שטיקל אמעריקע, אָפּזוכן אין אויסרײַסעניש אן אומבאוווסטן
אינדזל, אוועקגעגעבן אלע זייערע בעכט אף געפינען א נײַעם שטערן, אײַנ־
געשטעלט דאָס לעבן פאר דער רעוואָליוציע, אָדער געלאָזט זיך פארברע־
נען אפן שײַטער, קעדיי דערווײַזן, אז די ערד דרייט זיך. יענעם גאנצפרי
איז געדאליע דער סארווערנס אויך געוועזן ענלעך אף איינעם פון זיי. א
מענטש מיט אזעלכע אויגן איז גרייט אף אלץ, קיין זאך איז אים ניט
שרעקלעך. זײַנען מיר געגאנגען הינטער אים צו פיר, צו פינף און צו זעקס,
געזונגען איין לידל נאָכן צווייטן און אין זיך שטארק מעקאנע געווען גע־
דאליען פאר זײַן גרויס אקשאָנעס, פאר זײַן מעכטיקן דראנג און גרענעצ־
לאָזער מוטיקײַט. מיר אלע האָבן זיך אויך געהאלטן פאר אזעלכע און זײַ־
נען אויך געווען גרייט אף אלץ, נאָר מיר האָבן נאָך ניט באוויזן אויס־
פרווון דאָס אף זיך אליין. ער, געדאליע, האָט דאָס שוין אויסגעפרווט,
און אָט גייט ער אין לעצטן און אנטשיידענעם שלאכט.

דער צוג, דער לײַדיקגייער, וואָס האָט געדארפט אָפּפירן געדאליען קיין
דײַטשלאנד, שטייט אף דער סטאנציע אינגאנצן צוויי מינוט. ער פײַפט
אָן און פאָרט ווײַטער. די, וואָס דארפן ארויסגיין פונעם וואגאָן, באוויזן
קוים ארויסשפרינגען, און די, וואָס דארפן ארײַנגיין, באווײַזן קוים ארײַנ־
שטופּן זיך. האָט אלץ געדארפט אָפּגעטאָן ווערן, איידער דער צוג וועט אָנ־
קומען: דער קורצער מיטינג, די רעדע וועגן דער אלוועלטלעכער, וואָס
ארקע האָט געמוזט האלטן, און דער „אינטערנאציאָנאל", וואָס די קלעז־
מער האָבן געמוזט אָפּשפּילן. וואָלט אלץ געווען גוט און ווויל, נאָר מע האָט
אָפּגעכאפּט דאָס אלעס א ביסל צו פרי, און ערשט נאָך אלעמען האָט דווירע
פארבראָכן די הענט און האָט זיך צעוויינט:

— גאָטעניו, פארוואָס קומט מיר אזא שטראָף?

אוואדע האָט מענאשע דער קאפעלמייסטער געמיינט צו גוטן, ווען ער
האָט גענומען דעם פידל אין דער האנט, א פיר געטאָן מיטן סמיטשעק און
די קלעזמער האָבן אָנגעהויבן שפּילן. ער האָט געמיינט דערמיט איבער־
שרײַען דווירען, נאָר ס'איז געווען ניט דאָס ניגנדל, וואָס מע האָט גע־
דארפט. ווײַל ווי מעג מען נאָכן „אינטערנאציאָנאל" שפּילן גאָר אזוינס:

אוי ווײ, מאמע, יאַשקע פאָרט אוועק,
לאָמיר זיך געזעגענען, דער פאָיעזד גייט אוועק.

איז ארקע געוואָרן מאָלע רעציכע אף די קלעזמער און אויסגעשריגן:
— אד קאן! אי טאָטשקאַ!
און גראָד אין דער מינוט האָט א פײַף געטאָן דער צוג.

אלע רעוואָליוציעס זײַנען אָנגעקומען קיין כאשטשעוואטע מיט גרויס
פארשפּעטיקונג. שולדיק איז געווען דער „לײַדיקגייער", וואָס האָט זיך
קוים געשלעפּט איבער דער שמאָלער קאָליע און ביז ער האָט אראָפּגע־
בראכט עפּעס א נײַס, איז דאָס שוין קיין נײַס ניט געווען. אזוי איז געווען
אויך דאָס מאָל.

ס'איז געווען באַשטימט, אַז גדאַליע פֿאָרט ניט גלײַך קיין דײַטשלאַנד, נאָר קיין כאַרקאָוו. דאָרטן וועט ער זיך שוין דערוויסן, וואָס ווײַטער צו טאָן. איז ביז ער איז געקומען קיין כאַרקאָוו, ביז ער האָט געפֿונען דעם, וואָס מע דאַרף, און דערקלערט, נאָך וואָס ער איז געקומען און וווהין ער קלײַבט זיך, איז שוין געוואָרן אויס רעוואָלוציע. ער האָט זיך דערוווסט, אַז שולדיק אין דעם זײַנען די אָפּאָרטוניסטן, וואָס האָבן ניט אונטערגעהאַלטן דעם אויפֿשטאַנד פֿון די האַמבורגער אַרבעטער. פֿון דאַן אָן זײַנען די אָפּאָרטוניסטן געוואָרן פֿאַר אים די ערגסטע סאָנים.

— וואָס זשע טו איך מיטן געלט? — האָט ער געפֿרעגט אַ פֿאַרלוירענער. — מיר האָבן געשטעלט אַ ספּעקטאַקל, און דאָס גאַנצע געלט איז בײַ מיר.

— דאָס געלט וועט צוניץ קומען, — האָט מען אים באַרויִקט. — דאָס וועט גיין צוהילף די קאָרבאָנעס פֿון דער קאָנטררעוואָלוציע.

דער צוג, וואָס האָט געבראַכט גדאַליען צוריק קיין כאַשטשעוואַטע, איז אָנגעקומען פֿאַרנאַכטלעך, נאָר גדאַליע איז אָפּגעזעסן אויף דער סטאַנציע, ביז עס איז געוואָרן גוט פֿינצטער. ער האָט זיך געשעמט אַראָפּקומען אַהיים אָן גאָרנישט ניט. דעם גאַנצן וועג האָט ער ניט אויפֿגעהערט הריזען זיך, וואָס ער האָט אַזוי פֿאַרשפּעטיקט. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער קומט אָן קיין האַמבורג צו דער צײַט, וואָלט אַלץ געווען גאָר אַנדערש.

געמיינט האָט גדאַליע קומען אַהיים בישטיקע און כאַטש אַ פּאָר טעג אָפּזיצן אין שטוב אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט וויסן. נאָר די מאַמע זײַנע, דווירע די סאַרווערן, האָט ניט געקאָנט האַלטן די פֿרייד אין זיך און גלײַך דאָס צעפּויקט:

— מײַן גדאַליע! גאָט צו דאַנקען, מײַן גדאַליע האָט זיך אומגעקערט בעשאָלעם.

און גאָלדע, די קאַלע זײַנע, וואָס האָט מיט עטלעכע טעג צוריק מיט אַזויפֿיל צאָרן דעקלאַמירט דעם מאָנאָלאָג פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע, איז צוגעשטאַנען צו גדאַליען, זיי זאָלן שוין אַוועק אין זאַגס פֿאַרשרײַבן זיך און פּראַווען אַ כאַסענע, וואָרעם מאָרגן קאָן ווידער ערגעץ אויסברעכן אַ רעוואָלוציע און ער וועט ווידער אָנהייבן איר דערווײַזן, אַז די ערד האַלט אין איין דרייען זיך, און ס'וועט אים ווידער אַ טראָג טאָן אין אויסרײַסעניש. און אַזוי, אַז זיי וועלן כאַסענע האָבן, וועט זי שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט די רעוואָלוציעס.

גיין אין זאַגס האָט גדאַליע ניט דערווידערט, נאָר וועגן פּראַווען אַ כאַסענע אַפֿילע הערן ניט געוואָלט. ווי קאָן מען עס פּראַווען כאַסענעס אין דער צײַט!... און נאָך האָט ער אויסגענומען מיט זײַן גאָלדען: זאָל זי ניט מיינען, אַז נאָך דער כאַסענע וועט ער זיך אַרויסשלאָגן פֿונעם קאָפּ די רעוואָלוציע. אַלע רעוואָלוציעס פֿון דער וועלט זײַנען זײַנע. און עס וועט נאָך קומען אַ צײַט... יאָ, עס וועט נאָך קומען אַ צײַט, אַז ער וועט זיך דערקלײַבן קיין דײַטשלאַנד און ער וועט זיי ווײַזן, די אָפּאָרטוניסטן...

קיין דײַטשלאַנד, טאַקע קיין בערלין, האָט ער זיך דערקליבן אין צוויי און צוואַנציק יאָר אַרום, אין מײַ טויזנט נײַן הונדערט פֿינף־און־פֿערציקסטן. נאָר ביז דאַן... ווו איז ער נאָר ניט אויסגעווען!

צוערשט האָט זיך אָנגעהויבן א געשיכטע מיט קוילן. דאָס לאַנד האָט געמוזט האָבן א סאַך קוילן, און קאָמיוגיסטן זײַנען געפֿאָרן קיין דאָנבאַס. האָט ער אָנגעהויבן דערווײַזן זײַן גאָלדען, אַז קוילן איז פֿון קינדווײַז אויף געווען זײַן באַרוף. און אויב ער האָט געקאָנט דרײַ יאָר אָפּאַרבעטן בא יוינע טראַוויצקי אין דער אָליינע, איז ער שוין קימאַט א פֿאַרטיקער שאַכטיאָר. איז געשען אזוי, אַז זייער בכאָר, וועמען זיי האָבן א נאָמען געגעבן עלעק, געקירצט פֿון עלעקטריק, איז געבוירן געוואָרן אין מאַקייעווקע. דאָס מיידעלע זייערס, מיט זייער א קלינגענדיקן נאָמען אמעליע, געקירצט פֿון אמור, איז געבוירן געוואָרן אין קאָמסאָמאָלסק, נאָך איידער די שטאָט איז אופגעקומען. ווי האָט אזא בויונג, ווי קאָמסאָמאָלסק־אַפֿן־אמור, זיך געקאָנט באַגיין אָן אים? וואָלט ער שוין געבליבן א טוישעוו פֿון קאָמסאָמאָלסק, ווען ניט די געשעענישן אין שפּאַניע.

— פֿאַרשטייסט, גאָלדעלע, — האָט ער אײַנגעטײַנעט מיט זײַן פֿרוי, ווי אמאָל מיט זײַן יאַטעכע, — דאָס מוז אוואַדע בלײַבן אינקאָגניטאָ. מאָרגן גיי איך אוועק אין שטאָטקאָם, און גאַנץ מעגלעך, אַז איך וועל זיך פֿון דאָרטן שוין ניט אומקערן. וויל איך, דו זאָלסט וויסן, וווהין איך בין נעלעם געוואָרן.

וואָס זשע האָט גאָלדע געקאָנט טאָן? זי האָט שוין געוווּסט, אַז מיט איר געדאַליען האָט זי זיך געפּאַקט. אַז ווו נאָר עפּעס א רעוואָליוציע, וועט עס אים יאָגן אַהין. האָט זי שטילערהייט, אין זיך, געוויינט. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז לויפֿן אין שטאָטקאָם מאַכן א גוואַלד איז אומזיסטע טירחה. נאָר גראָד דער שטאָטקאָם... דאָרטן האָט מען אים געזאָגט, אַז קיין „ראַזנאַריאַדקע" אויף שפּאַניע האָבן זיי ניט, נאָר זיי מוזן דרינגענדיק שיקן עמעצן פֿאַר א דירעקטאָר פֿון סאָווירט קיין סיביר. האָבן זיי זיך נאָך נעכטן אָפּגעשטעלט אויף זײַן קאַנדידאַטור. און ווען ער האָט געפּרוּווט זאָגן, אַז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס שטרעבט ער צו רעוואָליוציעס, האָט מען אים באַרויִקט מיט די זעלבע ווערטער, וואָס אינעם מאָנאָלאָג פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע, — עס וועט קומען א צײַט...

קיין בערלין איז ער געקומען מיט די ערשטע גראָווע האָר אין די שלייפֿן, מיט די ערשטע קנייטשן אויפֿן שטערן און מיט נאָגנדיקע ווייטעקן פֿון די שוואַך־פֿאַרהיילטע דרײַ וווּנדן. די ערשטע פֿון הינטער וואָראָניעזש, די צווייטע פֿון הינטער קיִעוו און די דריטע בא וואַרשע.

קיין בערלין איז ער געקומען שוין לאַנג פֿרײַ פֿון זײַן יוגנטלעכער נאַיִווקײַט, אַז ער אליין קאָן איבערקערן די גאַנצע וועלט. ער האָט געבראַכט אַהין מיט זיך זײַן פֿאַרשאַרפֿטע אומבעשאָלעמדיקײַט צו פֿאַרשיידענע אָפּאָרטוניסטן, קליינבירגער, פּאַכדאָנים און אַנדערע מענוואָלים, די, אויף וועמענס מיסט עס איז אויסגעוואַקסן דער פֿאַשיזם. אזוי האָט ער געשפּאַנט איבער בערלין א ביסל א הינקענדיקער און א ביסל א הוסטנדיקער, מיט דרײַ רויטע בענדעלעך אויף דער רעכטער זײַט פֿונעם קיטעל, מיט א צענדליק אָרדענס און מעדאַלן אויף דער לינקער זײַט און מיט שפּאָגלנײַע פּאָגאָנעס פֿון א פּאָדפּאָלקאָווניק אויף די אַקסלען. געשפּאַנט איבער די זיך רייכערנדיקע רויִנען און אין די געדאַנקען זיך דורכגעשמועסט מיט זײַן גאָלדען.

— געדענקסט, איך האָב דיר געזאָגט? עס וועט קומען א צײַט!..
נאָך דער מילכאָמע איז ער געוואָרן דירעקטאָר פון א סאָווירט דאַפקע ניט ווײַט פון דער אַלטער היים הינטער אָדעס. נאָר ווען ס'האָט זיך אָנ־געהויבן די געשיכטע מיט דער צעלינא...
— פארשטייסט, גאָלדע, צעלינא — דאָס איז דאָך צעלינא! ווי זאָל איך דיר דאָס געבן צו פארשטיין? דאָס איז ווי א נײַער פּראָנט. און איך בין דאָך שוין א פּאַרטיקער קאָמאַנדיר.
יאָ, ער האָט שוין לאַנג זיך באַפרײַט פון יענע נאַיווע פאָרשטעלונגען וועגן אומשטערבלעכקײַט. דערפאַר אָבער האָט ער טיף באַנומען דעם מעכ־טיקן, שעפערישן קויעך פונעם ווייצענעם זאַנג, וואָס שפּײַזט די גאַנצע מענטשהײַט.
זיי זײַנען איצט שוין ביידע גראָוו. ניין, ער, געדאַליע, איז גראָוו, און זי, גאָלדע, איז ווײַס, אזוי איבעראַשנדיק ווײַס, אז געדאַליען איז שווער צו פאַרשטיין, וויאַזוי האָט יענער גראָבער, שוואַרצער צאָפּ געקאָנט פאַר־וואַנדלט ווערן אין א קליין שניי־ווײַס קובליקל. לאַכט זי פון אים, זי זאָגט, אז אנדערע מיידלעך צאָלן איצט גרויסע געלטן פאַר א שמאָל ווײַס פּאַסיקל אין זייערע האָר, א פּאַסיקל, וואָס מע מוז אַלע מאָל אונטערפאַרבן. און וואָס איז דער כילעק? גראָוו צי ווײַס? די עלטער ווערסטו ניט אויס־באַהאַלטן. אָבער געדאַליע אַנערקענט בלויז די גראָווקײַט, די עלטער ניט. דאָס, זאָגט ער, הענגט שוין אָפּ פון יעדערן באַזונדער. איינער האַלט זיך פאַר א זאָקן בא די פופציק יאָר, און אן אַנדערער איז בא די זיבעציק נאָך א יונגערמאַן. א סימען, ער, געדאַליע, טראַכט אפילע ניט אוועקגיין אף פּענסיע. אַײַ, די ווייטעקן פון די אַלטע וווּנדן...
— נו, יאָ, — זײַן גאָלדע האָט אמאָל ליב אָפּשפּעטן פון אים. — וועסט באַלד זאָגן, אז אויב ס'איז עמעס, אז די ערד האַלט אין איין דרייען זיך...
שמייכלט ער אויך, געדאַליע. שמייכלט מיט א ליבן שמייכל צו יענע ווײַטע, יונגע יאָרן. נאָר אָן שפּאָט. פאַרקערט. טראָגט דעם אַלעמען און נאָך אַלעמען איז אים גראָד געפעלן יענץ יונגעלע מיטן לאַנגן קלײַנעדיקן פּאָ־נעם, וועמען מע האָט גערופן געדאַליע דער סאַרווערנס, וואָס איז אָפּגע־זעסן גאַנצע נעכט איבער פאַרשיידענע ביכלעך און געפּרוווט דערווײַזן דער מאַמען, אז דער מענטש לעבט אייביק. און אף דעם, איבער וואָס זײַן גאָלדע פּרוווט אמאָל א שפּעט טאָן פון אים, האָט ער דאַפקע א גוטן טע־רעץ. דאָס, זאָגט ער, דאַרף מען פאַרשטיין אזוי: יעדער מענטש דאַרף שטענדיק זיך פילן אין די סאַמע געדיכטעניש פון די וועלט־געשעענישן און שטענדיק פירן זיך אזוי, גלײַך אף אים שטייט די גאַנצע וועלט און אָן אים וועט קיין איין גוטע זאַך ניט אָפּגעטאָן ווערן.

# א וועלט מיט וועלטעלעך

1



וט וואָלט געווען, ס׳זאָל אַ גאַנצן טאָג זיך ציִען און ציִען דער פריִער באַגינען... זאָל די זון טאַקע אויפגיין, זאָל זי שײַנען און באַשײַנען די גאַנצע וועלט, נאָר זאָל זי זיך האַלטן פונדערווײַטנס און אַ ביסעלע אין אַ זײַט. זאָל זי ניט הענגען איבערן קאָפּ און ניט אַזוי טשמעליען. נאָר מיט דער זון איז נאָך צו דערלײַדן. ערגער איז מיט די גאַסן, מיט די שטאָטישע גאַסן, אַף וועלכע די באַגינענדיקע שטילקײַט און ראַכוועסדיקײַט האַלט זיך אַ קנאַפּע שאָ. די דאָזיקע שאָ איז מאָטלען ליבער און טײַערער פונעם גאַנצן טאָג.

דערפאַר שטייט ער, מאָטל, אויף, ווען עס הייבט נאָר אָן טאָגן, האָדעוועט אָן און פּאָיעט אָן דעם גניאַדן, שפּאַנט אים אײַן אינעם אַרומגעוואַשענעם וואָגן מיט די נאָרוואָס אָנגעשמירטע רעדער און פאָרט אַרויס איבער דער נאָך פאַרשלאָפענער שטאָט. אין דרויסן הייבן ערשט אָן באַווײַזן זיך די הויף־ראַמער, וועלכע מיט אַ לאַנגן בעזעם און ווער מיט נאָך אַ לענגערער גומענער קישקע, מע קערט, מע באַגיסט, מע פּוצט צו די גאַסן, און מאָטל פאָרט שוין איבער זיי מײַסע־באַלעבאָס און הערט זיך אײַן, ווי ריין עס קלינגען די רעדער פונעם וואָגן און ווי דער גניאַדער קלאַפּט מיט די טלאָען איבער די גלאַנציקע שטיינער, איבער דעם בליאַסקעדיקן אַספאַלט, טאַנצט אויס אַ ניגונדל, וואָס איז פאַר אים, פאַר מאָטלען, טײַערער פון אַלע ניגונים אין דער וועלט: צאָק, צאָק, צאָק, צאָק.

ניט זעלטן, שוין נאָכן זון־אויפגאַנג, גיט זיך אַ קײַקל איבער דער שטאָט עפּעס אַ גרינער נעפּל. שטויסט זיך מאָטל אָן, אַז דעם נעפּל האָט פאַרטראָגן אַהער פון די קאַרפּאַטן און אַז דאָס האָט ער דאָרטן, אין די געדיכטע וועלדער, זיך אײַנגעטונקען אין גרינעם. איז מאָטל צופרידן. זאָל זײַן אַ גרינער, אַבי אַ נעפּל. דאָס פאַרהאַלט דעם באַגינען אַ ביסעלע לענגער און מאָטל קאָן רויִק אַרומפאָרן איבער די שטאָטישע גאַסן, פאַרפירן אַ שמועס מיטן גניאַדן און פאַרגינען זיך אַ שמייכל טאָן, ווען עמעצער טוט אַ זאָג: אָט פאָרט מאָטל באַלעגאָלע.

כאָטש וואָס פאַר אַ באַלעגאָלע איז ער איצט? אַ באַלעגאָלע מוז דאָך האָבן זײַן אייגנס אַ פערד־און־וועגעלע. און ער? דער וואָגן און דער גניאַדער געהערן דעם היגן שטייגער־קאָמבינאַט, און מאָטל איז ניט מער ווי אַן אָנטרײַבער.

פונדעסטוועגן, ווען עמעצער רופט אים אַמאָל אָן אין די אויגן צי אונטער די אויגן „מאָטל באַלעגאָלע", קומט אים צו אַ שטיק געזונט.

מיילע, זאָל זײַן, אַז ער איז איצט ניט קיין עמעסער באַלעגאָלע, זאָל זײַן, אַז ער איז אַ טראַנספּאָרט־אַרבעטער, ווי ער איז פאַרשריבן אין די צעטלען פונעם קאָמבינאַט. דער איקער איז דאָס, וואָס ער איז בײַ זײַן פאַך, וואָס ער פאָרט אַרום אַ גאַנצן טאָג איבער דער שטאָט און קנאַקט מיט דער בײַטש, און וואָס ער האַלט בײַ זיך אין שטאַל אַ פערדל, זאָל עס

אפילע זײַן ניט זײַנס, און וואָס ער וווינט אף זײַן באַליבטער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס.

...דער גרינער נעפּל הייבט אָן ביסלעכווײַז בײַטן זײַן קאָליר, ווערט פון גרין גרוי, דערנאָך מיטאמאָל ראָז, רויטלעך און פיל שיטערער. מע דערפילט שוין אף זיך א ווארעמען קיצל פון א שטיפערישן שטראַל. די זון טוט זיך אירס. נאָר די שטאָט איז נאָך ניט אינגאנצן ארויס פונעם שלאָף, און מאָטל פילט זיך פראַנק־און־פרײַ. טוט ער א יאָג דעם גניאדן פון דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס אף דער וואָלגאָגראַדער, כאַפּט זיך ארויס אפן לעניִן־פּראָספּעקט, און ווײַל דער מעבל־מאגאזין, צו וועלכן ער איז צוגעפּעסטיקט, איז נאָך פארמאכט, פארקערעוועט ער אף דער רויטאַר־מייער־גאַס, צום מארק, עפשער וועט ער דאָרטן טרעפן א באַלן עפּעס אָפּפירן אָדער צופירן, און ארײַנכאַפּן א זײַטיק פאַרדינסטל. ער האַלט עס פאַר א קליינער אווײַרע, ווײַל פונעם קאָמבינאַט באַקומט ער קאָרמע פאַרן פערדל אפן שפּיץ מעסער, און ווען ניט די זײַטיקע פאַרדינסטלעך, וואָלט דער גניאדער געזען א ביסל האָבער, ווי זײַנע אויערן. דאָס פערדל אליין ווייסט, אפּאָנעם, אויך דערפון און יאָגט שטענדיק צום מארק מיט א טענצלע.

צי ס׳מאַכט זיך יאָ א פאַרדינסטל, צי ניין, האָט מאָטל ליב יעדן פרימאָרגן דורכפאָרן דורכן מארק, אונטערקנאַקנדיק מיט דער בײַטש, באַזונדערס אין די זומער־כאָדאָשים, ווען דער מארק איז פול מיט פרוכטן און גרינוואַרג און זייערע בונטע פארבן און שיקערנדיקע רייכעס זײַנען פאַר אים אָפּטמאָל בעסער, ווי א ווארעם גלעזל טיי אפן ניכטערן האַרצן. ער קען דעם מארק א היפּש ביסל יאָרן און דערקענט גלײַך, פונוואַנען זײַנען די ווײַסע עפּל, די זאַפטיקע באַרן מיט די רויטע באַקן, די גלאַנציקע שווארצע פלוימען און באַזונדערס די ווײַנטרויבן. ער ווייסט, וואָס איז דאָ אפן מארק אייגנס, בוקאָווינער, און וואָס איז געבראַכט פון מאָלדאַוויע אָדער פון אָדעס.

דאָס שטעלכל, וווּ עס שטייען די גרוזינער, וועט ער אוואַדע ניט דורכלאָזן. אים געפעלן פּאַשעט די גרוזינער אליין, מיט זייערע פאַרסמאַליעטע פּענעמער און געבראָכענעם רוסיש, אים געפעלן אויך זייערע מאַראַנצן. אז ס׳טרעפט זיך א פאַרדינסטל, קויפט ער זײַן שוועסן א מאַראַנץ און האָט אליין האַנאָע, צוקוקנדיק, ווי זי קוויקט זיך און זויגט אים אויס ביזן לעצטן ביסעלע זאַפט. פון איין מאַראַנץ קומט זיי ביידע צו א שטיק געזונט. ער ווייסט גוט, אז זײַן שוועסטער, וואָס גייט דרײַ מאָל אין וואָך אפן מארק, וועט אליין קיינמאָל זיך ניט דערלויבן אזא טײַער פאַרגעניגן.

דאָס מאָל האָט קיין זײַטיק פאַרדינסטל זיך ניט געטראָפן און מאָטלען האָט עס א ביסל פאַרדראָסן.

— ווי געפעלט דיר עפּעס הײַנטיקער מארק? — האָט ער זיך אָפּגערופן צום גניאדן און אים א טאָרקע געטאָן מיטן בײַטשל. ניט אף אונטערצוויאָגן, פּאַשעט ווי איינער טוט א נעם דעם שאָכן פאַרן קנעפּל.

דער גניאדער גייט א טאַנץ אונטער און טוט א טרייסל מיטן רוקן. דאָס דאַרף הייסן: „קיצל ניט, ווייסט דאָך, אז איך האָב פײַנט, אז מע קיצלט מיך”.

דאָס קאָן אויך הייסן: „נעם זיך ניט אַזוי צום האַרצן, מירן מאָרגן האָבן א בעסערן מאַרק".

האָט מאָטל פּאַרקערעוועט צום מעבל־מאַגאַזין. באַלד וועט מען אים שוין עפענען, קונים וועלן אָנהייבן אַרומדרייען זיך אַרום די שאַפעס און סערוואַנטן, און גלייך וועט עמעצער אָנהייבן זוכן א מאַשין אָדער אים, מאָטלען, אַף אַריבערפירן דאָס ביסל מעבל אַהיים. נאָר מאָטל האָט אפילע ניט באַוויזן אַראָפּקריכן פון זײַן וואָגן. לעבן מאַגאַזין האָט אַף אים געוואַרט א שאָליעך פון קאָמבינאַט. וואָסי? דער דירעקטאָר האָט אים געבעטן אַרײַנקומען, און טאַקע שוין.

מאָטל האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין: וואָס דאַרף אים דער דירעקטאָר אַזוי דרינגענדיק? וועלכע טײַנעס קאָן ער האָבן? מיטן פּלאַן איז בא אים שטענדיק אין פּולער אָרדענונג, דער גוּיאָדער איז — אַף אַלע פערד געזאָגט געוואָרן. נאָר אַז דער דירעקטאָר רופט, איז דאָך ניט שײַעך... ס'האָט אים נאָר פאַרדראָסן, וואָס באַלד וועט געוויס אָנפאָרן אַהער מיט זײַן וואָגן יוינע קוואַטש און אַלע ערשטע קונים וועלן מוזן אָנקומען צו אים.

דערמאָנט זיך אין יוינע קוואַטש, איז ער שוין גרייט אויסזידלען זיך. וואָס קריכט שטענדיק יוינע מיט זײַן וואָגן אַהער, צום מעבל־מאַגאַזין, אַז סאַכאַקל אַרבעט ער גאָר אין טעקסטיל־קאָמבינאַט, און זײַן אַרבעט איז אַריבערפירן פון איין פאַבריק צו דער צווייטער די פּעק מיט בוימוואָל, די פאַרשיידנפאַרביקע באָבינעס און אַנדער קלאַפּערגעצײַג? טראָגט אים דער רועך אָן אַהער, אַלעמאָל, ווען מע דאַרף ניט.

צוריקגערעדט, האָט מאָטל איצט ניט וואָס מוירע צו האָבן. פריִער, ווען מעבל איז געווען ווייניק און געלט באַם אוילעם אויך קנאַפּ, האָט מען זיך געדאַרפט שלאָגן פאַר יעדן קוינע. נאָר איצט איז די קלייט פול מיט גאַרניטורן פון דער לעצטער מאָדע, און זינט מע האָט נאָך אָנגעהויבן פאַרקויפן מעבל אין קרעדיט!.. פונדעסטוועגן, וואָס פאַר א שײַכעס האָט יוינע צום מעבל־מאַגאַזין?

מאָטל האָט אפילע ניט באַמערקט, ווי דער נעפּל האָט אינגאַנצן ניט געסטײַעט, סײַ דער גרינער, סײַ דער גרויער, סײַ דער רויטלעכער. די זון איז מיטאַמאָל אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער די דעכער, געבליבן הענגען איבער דער שטאָט, און פון אַלע גאַסן און געסלעך האָבן א יאָג געטאָן מאַשינעס מיט א הודזשערײַ, אַף טויב צו ווערן. עפּעס א מאַשין האָט שיִר ניט פאַרטשעפּעט זײַן וואָגן. א יונגער שנעק האָט אַרויסגעשטעקט דעם צעפּאַטלטן קאָפּ דורכן פענצטערל פון דער קאַבינע און א זאָג געטאָן מאָטלען א פּאָר ווערטער, ווי מיט הייסן אָקרעפּ אָפּגעבריט.

מוז מען שוין האַלטן זיך האַרט באַם טראָטואַר און אַרומקוקן זיך. אַן עמעסע אָפּקומעניש. הייבט זיך אָן אָט דאָס הודזשען און פײַפן, דאָס מעשוּ־בעדיקע יאָגעניש, דער הו־האַ, פּילט ער זיך אַף די שטאָטישע גאַסן ווי ניט קיין היגער.

— וואָס פּלוצלינג דאַרף אונדז האָבן דער דירעקטאָר? — רעדט ער צו זיך אַליין און כאַפּט א קוק אַף הינטן, צי עס יאָגט אים ניט אָן עפּעס א מאַשין.

...דער דירעקטאָר פונעם שטייגער־קאָמבינאט סערגיי וואסיליעוויטש האָט בא אלעמען אויסגענומען מיט זײַן שטענדיקער גוטמוטיקײַט. מע האָט געזאָגט, אז ער קאָן דורכקומען אפילע מיטן טײַוול אליין. טאקע דאָס האָט געגעבן סערגיי וואסיליעוויטשן א מעגלעכקײַט אין מעשעך פון פיל יאָרן האלטן זיך אף אזא שטעלע, טראָץ די אָן א שיר רעאָרגאניזאציעס, קאָמיסיעס און רעוויזיעס. עטלעכע יאָר איז ער געווען פאָרזיצער פון געווערבארטעל, וואָס האָט פארייניקט די זעלבע צוויי שמידערײַען, דרײַ שוסטערווארשטאטן, עטלעכע זייגערמאכערס, א שערערײַ און מאָטלען מיט זײַן פערד־און־וועגעלע. שוין באלד צען יאָר, אז ער איז דירעקטאָר פון קאָמבינאט.

די שטעלע פון א דירעקטאָר איז אים מערער צום הארצן. דער טיטל אליין איז א סאך סאָלידער, מע דארף ניט ציטערן אלע יאָר פאר דער באריכט־פארזאמלונג און פאר די וואלן. ווער ווייסט, טאָמער, כאָלילע, קלײַבט מען אים ניט אויס. כאָטש ער האָט גוט געוווסט, אז קאָלזמאן אין ראיקאָם איז מען צופרידן מיט זײַן ארבעט, איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן פאר די וואלן, האָט ער מיט אלע קויכעס זיך געסטארעט, אז זײַן אונטערנעמונג און זײַן ארבעט זאָל אויסנעמען אומעטום. וואָס עמעס, איז עמעס. סערגיי וואסיליעוויטש האָט געקוקט ניט נאָר ארויף. ער האָט שטענדיק אין זינען געהאט, אז די ארבעטער זאָלן פארדינען ניט שלעכט. ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט געזידלט, מע האָט פון אים קיינמאָל קיין הויך וואָרט ניט געהערט. אלע ארבעטער האָבן זיך געווונטשן, אז וויפל ס'איז זיי באשערט צו ארבעטן, זאָלן זיי קיין אנדער דירעקטאָר ניט האָבן, זיי זאָלן זיך עלטערן ביז דער פענסיע איניינעם מיט סערגיי וואסיליעוויטשן.

אויסגעצוימט דאָס פערדל און אונטערגעוואָרפן דעם א ביסל היי, איז מאָטל ארײַנגעקומען צום דירעקטאָר אין קאבינעט מיט דער בײַטש אין דער האנט, ווי א מענטש, וואָס איז ביז גאָר פארנומען און האָט ניט קיין צײַט פאר זײַטיקע שמועסן. ער האָט געמאכט בלויז איין שפאן פון דער טיר, זיך אָפגעשטעלט און אָפגעגעבן דעם גוטמאָרגן א ביסל צו פונדערווײַטנס.

— איר האָט מיך ארויסגערופן, כאווער דירעקטאָר? איר ווייסט דאָך, דער מאגאזין איז שוין אָפן. און יוינע קוואטש... ער וועט מיר אראָפרײַסן דעם פלאָן.

סערגיי וואסיליעוויטש האָט ניט ווייניק געטראכט, וויאזוי אָנהייבן דעם שמועס מיט מאָטלען, עס זאָל אלץ אויסזען לײַטיש, מענטשלעך, אז מאָטל זאָל זיך ניט דערפילן באליידיקט. איצט האָט ער פארשטאנען, אז דער סאמע ווארעמער שמועס וועט גאָרנישט ניט ענדערן, ווײַל דער טאָך בלײַבט דער זעלבער.

— ניטאָ וווהין צו אײַלן זיך, — האָט ער אָפגעענטפערט, — פאר אײַער פלאָן בין איך שטענדיק רויִק. און וויבאלד איר זײַט שוין געקומען, זעצט זיך צו, וועלן מיר זיך דורכשמועסן.

— נו, מיילע, — מאָטל האָט אָן איבעריקן כיישעק זיך אראָפגעלאָזט אפן בענקל און ניט אופגעהערט דרייען מיט דער רעכטער האנט דאָס לאנגע בײַטש־שטעקל. — אָבער נעמט ניט ארויס די נעשאָמע.

— איר פאַרשטייט, ס'איז געווען בא אונדז א רעוויזיע. פון דער געגנט.
— איך מיין, אז זי האָט מיך בא קיין גניווע ניט געפּאַקט!
— כאַלילע, ווער רעדט דען פון אזעלכע זאכן. און ביכלאַל, בא אונדז איז שטענדיק אלץ אין פולער אָרדענונג.
— נו, דאנקען גאָט דערפאַר. און איך האָב שוין געמיינט, אז עס פעלט צום געשעפט א צען טויזנט רובל און דאָס ווילט איר, אז איך, מאָטל, זאָל אריינטראָגן א טויזנטער.
— ניין, ניין, בא אונדז איז גאָר אן אנדער איניען. ווי זאָל איך אייך דאָס געבן צו פאַרשטיין? די רעוויזיע האָט געפונען, אז אף וויפל בא אונדז איז פאַראַן בלויז איין פערד...
— איז ווער לאָזט אייך ניט קויפן נאָך א פּאָר, איך וואָלט ווי־ניט־איז מיט זיי דורכגעקומען.
— איך האָב זיי אויך געזאָגט דאָס זעלבע. נאָר איר פאַרשטייט דאָך אליין, אזא צייט, האָבן זיי פאַרגעלייגט...
— וואָס זיי קאָנען פאַרלייגן!..
— אָט דאָס זאָג איך טאקע. נאָר איר נעמט זיך ניט צום הארצן. מיט איין וואָרט, זיי האָבן פאַרגעלייגט ליקווידירן אייער יעדיניצע.
— וועלכע יעדיניצע?
— נו, דאָס פערד און דעם וואָגן, פאַרשטייט זיך.
— דאָס פערד איז שוין בא זיי א יעדיניצע? און וואָס הייסט ליקווי־דירן?
— נו, פאַרקויפן אָדער איבערגעבן אן אנדער אָרגאַניזאַציע...
— פאַרקויפן? איבערגעבן? נו און איך, איך אליין?
מאָטל האָט זיך א ריס געטאָן פונעם בענקל און א הייב געטאָן די האנט. ער האָט גאָרניִשט ניט געמיינט דערמיט. ער האָט פּאַשעט געדאַרפט א פיר טאָן מיט די הענט אף דערשטיקן אין זיך דעם צעבושעוועטן צאָרן. נאָר סערגיי וואסיליעוויטש האָט זיך אויך א הייב געטאָן פונעם בענקל און אָנגעכאַפּט מאָטלען פאַר דער האנט. אזוי זיינען זיי געשטאַנען איינער קעגן אנדערן א מינוט אָדער צוויי.
מאָטלס ברייטע, קוטשעראַווע באָרד, וואָס האָט נאָך אלץ ניט געקליבן זיך גראָוו ווערן, האָט לייכט אונטערגעציטערט, די אויגן האָבן געפלאַ־קערט. סערגיי וואסיליעוויטשעס אויגן האָבן זיך געסטאַרעט לעשן מאָטלס צאָרן. אָבער יענער האָט ניט געקאָנט זיך באַרויקן. אראָפּגעלאָזט די האנט און ארויסגעסאָפּעט, ווי פון א בלאָזזאַק:
— סיידן נאָך מיין טויט!
סערגיי וואסיליעוויטש האָט זיך צוגעזעצט, א וויש געטאָן מיט דער האנט דעם שטערן.
— נאָר ניט געהיצט זיך, — ער האָט געפּרוווט זיין וואָס ווייכער. — איך האָב זיי דען ניט געזאָגט דאָס זעלבע? איך האָב זיי געזאָגט, אז ניט אין דער יעדיניצע גייט עס, ניט אינעם פערד...
אָבער מאָטל האָט אים ניט געלאָזט רעדן.
— וואָסי, ער עסט אייך אָפּ דעם קאָפּ, דער גניאַדער? צי איך גיב ניט דעם פלאַן?

— ניין, ווער זאָגט דען? נאָר די רעוויזיע האָט פארשריבן, אז ס'איז ניט געזעצלעך.

מאָטל האָט פאנאנדערגענומען די פינגער פון זײַן אָנגעבראקנעטער האנט און ווידער זיי צונויפגעפרעסט אין א פויסט.

— וואָס ניט געזעצלעך, ווער ניט געזעצלעך — דער גניאדער איז ניט געזעצלעך, צי איך בין ניט געזעצלעך? אדעראבע, זאָל זי קומען צו מיר, די רעוויזיע, און זאָגן, אז איך, מאָטל, בין ניט געזעצלעך!

ערשט איצט האָט סערגיי וואסיליעוויטש באמערקט מאָטלס געדיכטע גאזלאָניש־צעפּאטלטע קוטשערן און א טראכט געטאָן, ווי נעבעכדיק עס דארף אויסזען קעגן זיי זײַן אייגענער פליכוואטער קאָפּ, ער האָט אויך דערזען, אז מאָטל איז א סאך העכער פון אים און ברייטער אין די אקסלען. און ס'איז פּאָשעט לעכערלעך, ער זאָל א לייג טאָן די האנט אף מאָטלס פּלייצעס און אים נעמען בארויקן. אזא גוואר! און דאָך מוז ער עפּעס זאָגן:

— איר פארשטייט דאָך אליין, אז אָן קיין ארבעט וועט איר בא אונדז ניט בלײַבן. איך האָב שוין צוגעטראכט פאר אײַך א שטעלע...

— וואָס פאר א שטעלע? איך דארף ניט קיין שטעלע! פארוואָס ווילט איר ניט פארשטיין? זינט איך געדענק זיך, איר פארשטייט, זינט איך גע־דענק זיך, האָב איך צו טאָן מיט פערד. אפילע אף דער מילכאָמע... אין גרעסטן פײַער געפירט סנאריאדן, קוילן, גלײַך צו די אָקאָפּעס, אהין, וווּ קיין שום מאשין האָט צוקומען ניט געקענט. ניט איין מאָל געפלויגן מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די רעדער ארויף. וואָס זשע, אומזיסט גיט מען אָרדענס? זאָגט איר — א שטעלע!

סערגיי וואסיליעוויטש האָט אים געוואָלט מיט עפּעס בארויקן, טרייסטן, נאָר מאָטל האָט א קנאק געטאָן מיט דער בײַטש און זיך געלאָזט גיין.

— איר הערט? — געזאָגט, שוין נעמענדיק זיך פארן הענטל פון דער טיר. — איר קאָנט עס איבערגעבן די רעוויזאָרן: נאָר נאָך מײַן טויט!

דער גניאדער איז זיך געשטאנען לעבן דער קאָנטאָר, גלײַכגילטיק גע־קײַט דאָס ביסל היי און קיין אנונג ניט געהאט פון דעם, וואָס זײַן באלע־באָס האָט נאָרוואָס געהאט אויסצושטיין.

— וויאָ, ריר זיך, — האָט מאָטל א שמיץ געטאָן דעם גניאדן, נאָר גלײַך כאראָטע געהאט און זיך אליין אויסגעזידלט. מיט וואָס איז דאָס פערדל נעבעך שולדיק? און אָנגעהויבן אויסרעדן זיך פאר דעם דאָס הארץ:

— געהערט? יעדיניצע! מיר זײַנען פאר זיי ניט מערער, ווי א יעדיניצע!

געארבעט האָט זיך א גאנצן טאָג אָן איבעריקן כיישעק, אָן פארגעניגן. אלץ איז אים געפאלן פון די הענט. געדוכט האָט זיך אים, אז די זון טשמע־ליעט הײַנט שטארקער ווי אלע טאָג. א צערודערטער, האָט ער געהאלטן אין איין ארומקוקן זיך, געצויגן די ווישקעס אהין און אהער, און דער גניאדער האָט ניט געוווּסט, וואָס מע וויל הײַנט פון אים. מאָטל אליין האָט אויך ניט געוווּסט. ער האָט פּאָשעט מוירע געהאט. ווײַל אויב „ניט גע־זעצלעך", קאָן אינמיטן העלן טאָג צוקומען דער דירעקטאָר אליין, אָדער, כאָלילע, מיט א מיליציאָנער, און הייסן אים, מאָטלען, אראָפּקריכן פון עם וואָגן.

שעווע האָט זיך געכידעשט, פאַרוואָס איז הײַנט איר מאָטל אזוי פרי געקומען אהיים און פאַרוואָס זײַנען די ליפּן באַ אים ווי צוגעשלאָסן. אז דער טאָג איז באַם מאַן געווען ניט קיין וואַזשנער, האָט זי זיך גלײַך אָבגעשטויסן: אין א גוטן טאָג ברענגט ער איר א מאַראַנץ און שענקט איר אַ ברעקעלע שמייכעלע. א קאַרגער אַף א שמייכל איז ער געוואָרן גלײַך נאָך דער כאַסענע, און זי איז שוין לאַנג געווינט צו דעם. זי שפּאַסט אפילע אַמאָל פון אים, ווי ער נעמט דעם שמייכל זײַנעם, צעשנײַדט אים אַף דער העלפט, דערנאָך אַף פערטלען און דערלאַנגט עס איר אזוי, אז מע זעט עס קוים אַרויס פון אונטער דער באָרד... זי שפּעט פון אים גוטמוטיק, ווײַל זי ווייסט אויך, פאַרוואָס דאָס איז אזוי געשען. נאָר אזא אופגעבראַכטן, ווי הײַנט, האָט זי אים שוין לאַנג ניט געזען.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זי אים געפרעגט, דערלאַנגענדיק צום טיש.

— דײַנע באָנים! — האָט ער א בורטשע געטאָן.

האָט זי שוין אוואַדע גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. וואָס פאַרא באָנים, אז זיי פאַרמאָגן אינגאַנצן איין זון, זייער זעליק, וועלכער איז מיט פינף יאָר צוריק אַוועק פון דער שטוב א באַרויגעזער, א פאַרשעמטער, און פאַר די פינף יאָר האָט מאָטל אים קיין וואָרט ניט אָנגעשריבן. נאָר איבערפרעגן איז אָן אומזיסטע טירכע. מע דאַרף שוין צוואַרטן, ביז מאָטל אליין וועט דערציילן. אָט, זאָל ער נאָר אָפּעסן דעם ראָסלפלייש. נאָר מאָטלען איז הײַנט דאָס עסן עפּעס ניט געגאַנגען, דער ביסן האָט זיך געשטעלט אין האַלדז. ער האָט אוועקגעלייגט אינמיטנדערינען דעם גאָפּל און א קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש.

— ניט געזעצלעך! פאַרשטייסט, איך מיטן גניאַדן זײַנען געוואָרן ניט געזעצלעך. איך וועל אים אָנשרײַבן, דעם טאַכשיט אונדזערן. ער פליט דאָרטן אַרום צווישן די הימלען, זוכט גליקן צווישן די קאָסמאָסן, און דאָ...

— וואָס? — האָט שעווע זיך שוין איבערגעשראָקן. — דערצייל שוין, מאָטל, וואָס איז געשען?

— סײַדן נאָך מײַן טויט, איר הערט?!

מאָטל האָט זיך א הייב געטאָן פון טיש און א פּאָך געטאָן מיטן פויסט אינדערלופטן.

## 2

א מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַסטראָנאָמיע, אַסטראָפיזיק, מוז, אַכוץ דער פייִקײַט צו מאַטעמאַטישע, ריין אַבסטראַקטע אויסרעכענונגען, נאָך אויך פאַרמאָגן א מעכטיקן קויעך־האַדימיען. דוכט זיך איצט זעליקן, אז נאָך פינף יאָר פון אַרומבלאָנדזשען, אַרומוואַנדערן צווישן די נאָענטע און ווײַטע שטערן, נאָך אזא צײַט פון אַרומשפּרינגען מיט אומבאַגרײַפלעכע גיכקײַטן איבערן אומענדלעכן רוים, דערנענטערט ער זיך איצט צו א פּלאַנעטע, וואָס איז מיט אַלע סימאָנים ענלעך אַף זײַן אייגענער ערד. דערווײַל איז ער נאָך ניט אינגאַנצן זיכער אין דעם. יענע פּלאַנעטע

איז פאַרדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס, און אז מע וויל, קאָן מען דאָס אָנעמען פאַר א פּלאַנעטע פון אייביקן שניי.

ער איז אזוי ווײַט פאַרפלויגן אין זײַנע געדאנקען, אז דער אויסגעדאכטער קאָסמישער ארום האָט אים אויסגעזען, ווי עכטע רעאַלקײַט, און אַלץ, וואָס עס טוט זיך איבערנייניק אין דעם לופט־לײַנער, האָט אים אויסגעזען ווי ריינע פאַנטאַסטיק. א יונגע פרוי, וועלכע איז געזעסן קעגן אים מיט א מיידעלע אף די הענט, האָט מיט אלע פּראָטים אויסדערציילט דעם אינהאַלט פון די סאַנאַטאָרישע קאַרטלעך, וואָס זי האָט נעכטן באַקומען פאַר זיך און פאַר איר טאַניעטשקען, טאַקע דעריקער פאַר איר טאַניעטשקען, ווײַל די דאָקטוירים האָבן זייער געראָטן, מאַמעש געפאָדערט, זי זאָל פירן דאָס קינד צום יאַם. און גראָד קיין יעווּפּאַטאָריע... און אָט זיצן צוויי מענער, יעדערער מיט א פול אָנגעפּאַקטן פּאָרטפעל, און פירן צווישן זיך א העפטיקן שמועס, מיסטאמע א פאָרזעצונג פון דער נעכטיקער אָדער אייערנעכטיקער דיסקוסיע, א שמועס פול מיט אימפּעט, מיט אומרו, פול מיט היץ און פלאַם פון די זאַוואָדישע צעכן. אַן אַלטער אוזבעק אין א בונטן כאַלאַט האַלט לעבן זיך א זאַק מיט גרויסע דיניעס, וואָס האָבן פאַרפולט דעם ארום מיט רייצנדיקע רייכעס. ער האָט זיך באַרימט, אז דאָס פירט ער א מאַטאָנע דעם זון, דער שנור און דעם אייניקל קיין מאָסקווע.

— נו, און איר? — ווענדט זיך דער אוזבעק צו זעליקן, גלײַך ס'איז א מוז, אז יעדערער זאָל אָפּגעבן א באַריכט וועגן זיך, דערציילן, ווער ער איז, וווּהין און נאָך וואָס ער פאָרט.

— איך? — פרעגט זעליק איבער, און עס דוכט זיך אים, אז זײַן אייגענע שטים דערטראָגט זיך פון ערגעץ זייער און זייער ווײַט. — וואָס איך?

אים איז זייער שווער ארויסקלײַבן זיך פון זײַנע וווּנדערפולע זעונגען און ארײַן אין דער אינערלעכער, ערדישער אַטמאָספער פונעם לײַנער, וואָס איז ווי געבליבן הענגען אף איין אָרט איבער דער שנייִקער פּלאַנעטע. זעליקן איז אפילע שווער פאָרשטעלן זיך, אז די הייסע דיסקוסיע אין זייער אקאַדעם־שטעטל, בייס וועלכער ער האָט זיך קימאַט צעקריגט מיט זײַן סאַמע נאָענטן כאַווער, איז אויך פאָרגעקומען ערשט נעכטן אין אָוונט.

אַסטראָנאָמען מוזן געוויס זײַן טרוימער. און אוואַדע געשטימט פילאָסאָפיש. דערפאַר לעבן אין זיי צווישן זיך אזוי בעשאָלעם דאָס ריין ראַציִאָנאַליסטישע און דאָס ראָמאַנטישע. און עפּשער מערער, ווי בא אַנדערע, איז בא זיי פאַרשאַרפט דער כוש צום ארום. זיי קענען אמאָל גאַנצע נעכט, ווען זיי זײַנען פרײַ פון זייערע טעלעסקאָפּן און לאַבאָראַטאָריעס, קריגן און איבערקריגן זיך איבער פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס זײַנען ווײַט פון אַסטראָנאָמיע, פיזיק און אַסטראָפיזיק. לאָזט זיך אויס, אז עס גייט זיי זייער אָן צו וויסן דעם איקער פונעם מענטשלעכן באַרוף און די סוידעס פונעם מענטשלעכן זײַן. שוין אָפּגערעדט, אז פאַר זיי איז פּאָשעט א לעבנסזאַך צו פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגיע פונעם מענטשן פון דער אַטאָם־עפּאָכע. כוץ אַלעמען — און דאָס איז עפּשער דאָס וויכטיקסטע, — זײַנען זיי אַלע נאָך יונג, און אַלץ איז בא זיי פאַרבונדן מיטן מאָרגן, מיט דער נאָענטער און ווײַטער צוקונפט, אין וועלכער זיי זעען זיך אליין אַלס מיטצײַטלער.

מוזן זיי דאָך וויסן, ווי וועט אויסזען דער מענטש און זײַן שטייגער אין הונדערט, אין צוויי הונדערט יאָר ארום!

די נעכטיקע דיסקוסיע איז, ווי אלע פּאָריקע, אופגעקומען אומגעריכט, און ווײַל אָנגעהויבן האָט זי זעליק, האָט ער שוין געדאַרפט מאכן דאָס ארײַנפיר־וואָרט. גאנץ מעגלעך, אז זײַן צוגאנג צו דער פּראָבלעם וועגן מענטשן און זאכן האָט אויסגעזען א ביסל צו אסקעטיש.

— מיר האלטן אין איין אויסארבעטן נײַע מאָדעס קליידונג, נײַ מעבל, נײַע שטייגער־מאשינעס, און דער מענטש ווענדט אָן פיל קויכעס אף צו קריגן דאָס סאמע נײַסטע, ער זאָל ניט אָפּשטיין פון זײַן שאָכן, פון זײַן כאוועֶר, פון דער מאָדע. צי פארשווענדן מיר ניט צופיל צײַט, ענערגיע, געדאנק אף דעראָבערן אלץ נײַע און נײַע זאכן, צי ווערן מיר ניט א גע־זעלשאפט פון געברויכער, קנעכט פון אונדזערע זאכן, און צי וועט זיך עס ניט אָפּרופן אף אונדזער ווײַטערדיקער גײַסטיקער אנטוויקלונג?

— דער ציל פון פּראָדוצירן איז געברויכן, — האָט אים איבערגעשלאָגן וואָלאָדיע יאוואָרטשוק.

פינף יאָר, אז ער מיט וואָלאָדיען וווינען אין איין צימער, עסן און טרינקען אין אײנער און דער זעלבער צײַט, זיצן אָפּ די טעג מיט די נעכט אין איין לאבאָראטאָריע, און זעליקן האָט זיך אָפּט געדוכט, אז מיט זייער ארט דענקען, מיט זייערע געשמאקן און אינטערעסן זײַנען זיי ענלעך אף א צווילינג. ניט איין מאָל טרעפט, ווען נאָך א פּאָר שעָ אָנגעשטרענגטער שטילשווײַגנדיקער ארבעט טוט אײנער פון זיי א זאָג ארויס א וואָרט, א געדאנק און דער צווייטער כאפּט זיך, אז דאָס זעלבע איז אים געלעגן אף דער צונג. שוין אָפּגערעדט, אז אין אלע דיסקוסיעס זײַנען זיי שטענדיק ארויסגעטראָטן ווי איין צאד.

וואָלאָדיעס רעפּליק האָט פּאר זעליקן אויסגעזען ווי א מיספארשטייע־ניש. ער האָט צוערשט אפילע געמיינט, אז דאָס האָט זיך אים אויסגעוויזן, און ער האָט געפּרוווט אָפּזוכן עמעצן אנדערש, וועמער ס׳זאָל האָבן ארויסגע־זאָגט די רעפּליק. נאָר וואָלאָדיעס שמייכלענדיקער, ארויסרופערישער בליק איז געווען געצילט אף אים. האָט ער זיך א ביסל פארלוירן און געפּרוווט פארענטפערן זיך.

— איך וויל זאָגן, אז די שטרעבונג צו נײַע זאכן טאָר ניט דערשטיקן, פארטונקלען דעם מענטשלעכן אינטעלעקט. ניט דער מענטש דארף דינען די זאכן, נאָר פארקערט. און ניט זיי, די זאכן, דארפן זײַן דער טאָך פונעם מענטשלעכן שטאָלץ, פונעם מענטשלעכן ייִכעס...

נאָר מיט וואָלאָדיען איז, אפּאָנעם, געשען עפּעס אומפארשטענדלעכס. ער האָט זיך אופגעהויבן, און מע האָט שוין געקענט פארשטיין, אז ער קלײַבט זיך ניט אָפּקומען מיט א פּאָר ווערטער.

— ערשטנס, האָט זעליק מאטווייעוויטש דאָ אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן די צוויי באזונדערע וועלטן. בא אונדז האָט די דאָזיקע פּראָבלעם אירע באזונדערקײַטן. און ביכלאל דארף מען האָבן אין זינען, אז די וואקסנדיקע באדערפעניש זײַנען דער יעסאָד פון ווײַטערדיקן פּראָגרעס. זאָל דער מענטש הײַנט זאָגן: „איך האָב שוין אלץ און מערער דארף איך ניט”, ווערט ער אויס מענטש.

— ווער איז דען קעגן די אלץ וואקסנדיקע באַדערפֿעניש? — איז שוין זעליק געוואָרן א ביסל אופֿגערעגט. — עס רעדט זיך וועגן דעם אויפֿן פֿון באַפֿרידיקן די דאָזיקע באַדערפֿענישן. איך, צום בײַשפּיל, בין זיכער, אַז באַם קאָמוניזם וועט דער מענטש זיך אָנטאָן ראַציאָנעלער, באַשיידענער. אַז אָט די אַלע שרײַענדיקע מאָדעס וועלן אַראָפּ, ווי אַן אויסדרוק פֿון נידעריקער קולטור, פֿון שלעכטע מאַנירן.

— קאָמוניזם דענקט זיך, ווי א געזעלשאַפֿט פֿון העכסטער שעפֿע, ווילסטו, אַז מע זאָל דאַן אַרומגיין אין אויסגעקרימטע שיך?

זעליק האָט זיך דערפֿילט ביז גאָר באַליידיקט.

— מע טאָר דאָך ניט אַזוי, וואָלאָדיע. פֿאַרקריפּלסט מײַנע געדאַנקען. איך טרעט אַרויס פֿאַר דער האַרמאָנישער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס איז פֿרײַ פֿון אויסערלעכע עפֿעקטן, פֿון פּוסטער, קליינבירגערלעכער באַרימערײַ, מיט איין וואָרט, פֿאַר דעם, אַז דער מענטש, דער שעפֿער פֿון די זאַכן, זאָל ווערן אויך דער הערשער איבער זיי. און איך מיין, אַז ס'איז פֿאַראַן א גרונט אַרויסזאָגן אייניקע באַמערקונגען...

— און איך גלייב אינעם מענטשן! — וואָלאָדיעס פּולבלעך פּאָנעם האָט זיך צעפֿלאַמט און געגעבן א גרונט כּוישעד צו זײַן, אַז זײַן איצטיקע אופֿגערעגטקייט מוז זײַן אַרויסגערופֿן מיט גאָר אַנדערע, דערווײַל אומבאַוווּסטע סיבעס. — דער מענטש, וואָס ענדערט די גאַנצע וועלט, ענדערט אויך די אייגענע נאַטור, רייניקט זי אָפּ פֿון פֿאַרעלטערטע, אייגנטימערישע, קליינבירגערלעכע רעשטלעך. אָט זאָג אַליין: אויב מיר געפֿעלט, צום בײַשפּיל, א ניילאָנענע העמדל צי א פּאָר שיך מיט לאַנגע נעז, אויב דאָס ברענגט מיר א ביסעלע פֿאַרגעניגן, א ביסעלע פֿרייד, זאָל איך זיך אָפּזאָגן דערפֿון?

וואָלאָדיע האָט ניט באַוויזן ענדיקן, ס'האָט אויסגעבראָכן א הילכיקער געלעכטער. אַלע האָבן דאָך געוווּסט, אַז וואָלאָדיען איז שווער געווען אײַנרעדן, ער זאָל זיך קויפֿן א ניילאָנענע העמדל.

ערשט איצט האָט גענומען א וואָרט דער שעף פֿון דער לאַבאָראַטאָריע יעווגעני זאַכאַראָוויטש. ער איז ניט אַף א סאַך עלטער פֿון זײַנע מיטאַרבעטער, נאָר ער האַלט זיך א סאַך ערנסטער, געלאַסענער. ער האָט א טעווע טראַכטן אין דער הייך, און דערפֿאַר מאַכט עס דעם אײַנדרוק, ווי ער זאָל רעדן ניט פֿאַרן אוילעם, נאָר מיט זיך אַליין.

— וואָס ווייסן מיר וועגן אונדזערע מענטשן? — ער רעדט שטיל, און די אויגן זײַנען בא אים בייסמײַסע פֿאַריסן אַף אַרוף. — מיר פּרוּוון מעסטן אַלעמען מיט איין מאָס, אינדערעמעסן איז דער מענטש פֿיל קאָמפּליצירטער, אינהאַלטסרײַכער, און ביז גאָר פֿאַרשיידן. און דאָס איז, מעגלעך, א גרויס גליק פֿאַר דער מענטשהײַט. עס וואָלט געווען זייער אומעטיק צו לעבן אַף דער וועלט, ווען אַלע זאָלן זײַן ענלעך איינער אַפֿן אַנדערן...

פֿון איין זײַט, האָט דאָס אויסגעזען ווי א פּרוּוו צו מאַכן א פּשאָרע צווישן זעליקן און וואָלאָדיען, פֿון דער צווייטער זײַט — א פּרוּוו פֿאַנאַנדערצוּוויקלען די דיסקוסיע אַף א נײַעם באָדן און צוגעבן איר א מער רויִקערע באַדאַכטקייט. נאָר דאָ האָט מען אַרײַנגעטראָגן זעליקן א בריוו,

וואָס איז נאָרוואָס אָנגעקומען מיט דער אוויאַ־פּאָסט. א קורץ בריוועלע, געשריבן מיט גרויסע און קרומע אויסיעס, אין וועלכן דער טאטע רופט אים דרינגענדיק קומען צו פאָרן אהיים.

דערשטוינט און איבערגעשראָקן פון אזא אומגעריכטן און אומפארשטענדלעכן בריוו, האָט זעליק אראָפּגעכאפּט די ברילן, לאַנג און אָנגעשטרענגט זיי געריבן מיט די ציטערנדיקע פינגער און א זאָג געטאָן:

— כעוורע, איך מוז דרינגענדיק פליִען אהיים. טאקע שוין. באַגינען. וואָלאָדיע, האָסט מיר צו לייַען אַף א בילעט?

פון יענער זייַט פענצטער פונעם לייַנער שווימט די אייביקייַט, און זעליקן דוכט זיך, אז די נעכטיקע דיסקוסיע און דער הייַנטיקער באַגינען, ווען וואָלאָדיע האָט אים ארויסבאַגלייט צום אעראָפּאָרט, איז פאָרגעקומען ווער ווייסט ווען. וואָלאָדיע האָט זיך געפילט א ביסל שולדיק און ניט אופגעהערט פארענטפערן זיך:

— פארשטייסט, ס'האָט זיך באקומען ניט אומיסטן. דו האָסט באקומען א קורץ בריוועלע, און איך — זייער און זייער א לאַנגן... פון איר. און ווייסט עס דער רועך, פארוואָס דאָס האָט מיך אזוי אופגערעגט. פארשטייסט? ליבע, אייפער, אנטוישונג — דאָס איז דאָך ניט מערער ווי א כימישע רעאקציע אין מענטשלעכן מויעך. פאָר געזונטערהייט און זייַ ניט באַרויגעז.

עס שאַפט זיך אַן אייַנדרוק, אז דער רעאקטיווער לייַנער הענגט אַף איין אָרט, און אונטער אים שווימט פּאַמעלעך דורך א פּלאַנעטע, א פארדעקטע מיט געדיכטע וואָלקנס, אַן אייַנגעהילטע אין א זיך וויגנדיקן מילך־ווייַסן נעפּל.

און ווי זעט איצט אויס אינדערעמעסן זייַן אייגענע ערד, די שטאָט, וואָס ער האָט פארלאָזט מיט פינף יאָר צוריק? זאָל זייַן, אז דער טאטע, וועמען ער האָט איבערגעלאָזט א גוואַר טאקע נאָר אַף כידושים, איז שוין א טיפער זאָקן, האַלט באַם שטארבן און דערפאַר האָט ער אָנגעשריבן אזא בריוו? און די מאמע? זי איז דאָך שטענדיק געווען אזא דאַרינקע, אזא גרינגינקע, טו א בלאָז, וועט זי אומפאלן. ווי זשע דארף איצט אויסזען די מאמע? און טייַבל? טייַבעלע, צוליב וועמען ער האָט, אייגנטלעך, זיך אוועקגעלאָזט וואַנדערן איבער די גאַלאַקטיקעס... ער האָט איר דאָך צוגעזאָגט אראָפּברענגען א שטערן פונעם הימל... זאָל זייַן, אז טייַבל האָט זיך שוין אויך געעלטערט און דארף שוין ניט זייַנע שטערן?..

דערווייַל האַלט ער בעסאָד־סוידעס פאר זיך אליין, אז עס יאָגט אים אהיים ניט אזוי דעם טאטנס ניט קלאָרער בריוו. ער האָט זיך געריסן אהיים די אלע יאָרן, נאָר ניט געקאָנט אין זיך בייַקומען פארשיידענע וואַקלעניש, צווייפלען, געוואָלט זיך ווייַזן פאר טייַבלען אזוי, ער זאָל האָבן מיט וואָס א באַרים טאָן זיך. דעם טאטנס בריוו האָט געמאכט א סאָף צו אלע וואַקלענישן. די פינף יאָר זייַנען מיטאמאָל פארשוווּנדן, און ער האָט אַפּסנייַ איבערגעלעבט יענע נאַכט, יענע אויסגעשטערנטע זומערדיקע נאַכט נאָכן ארויסלאָז־אָוונט אינעם אוניווערסיטעט.

די שטאָט, וועלכע זיי האָבן אַלע יאָרן געהאַלטן פאַר אַ גרויסער, איז מיטאַמאָל געוואָרן צו קליין פאַר זיי. לאָזט זיך אויס, אַז זי פאַרמאָגט זייער ווייניק גאַסן פאַר אַ פאַרליבטע פּאָרל. די נאַכט האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן צו קורץ. געדוכט האָט זיך אים, אַז זיי שפּאַנען אַרום ניט איבער דער ערד, נאָר איבער אַ נייער, נאָך ניט אַנטדעקטער פּלאַנעטע, אויף וועלכער דער מענטש פּילט זיך לופטיק־גרינג. זאָל ער נאָר וועלן, קאָן ער זיך אַ הייב טאָן און אָנהייבן פליִען. ער איז, אַפּאַנעם, שטאַרק געווען פאַרכאַפּט מיט זיינע טרוימען, פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען, און טייבלען האָט פאַרדראָסן זיין שווייגן. ווי שווייגט מען עס אין אַזאַ נאַכט, דער סאַמע גליקלעכסטער נאַכט אין זייער לעבן?

— וווּ שוועבסטו איצט אַרום? — האָט זי זיך אָנגערופן אַ ביסל באַרויגעזלעך.

— אויף אַ נייער, נאָך ניט אַנטדעקטער פּלאַנעטע.

— איינער אַליין?

— אינצווייען.

— און ווי רופט מען זי?

— טייבעלע... — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, שטיל.

— איך הער ניט...

— טייבעלע, טייבעלע! — האָט ער אָנגעהויבן שרייען. — טיי־בע־לע!

— עפּעס פיל איך דאָס ניט.

— יאָ, ביסט טאַקע גערעכט.

ער האָט זי אַ הייב געטאָן אויף די הענט, און זי האָט אים אַפּאַנעמעסן אויסגעוויזן ביז גאָר גרינג. טייבל האָט אים אַרומגענומען אַרום האַלדז און אַריינגערוימט אין אויער:

— נו, זאָג עפּעס, זאָג אַזוינס!..

— איך טראַכט... וואָס זאָל איך קריגן פאַר דיר עפּעס אַזוינס, וואָס בא קיינעם איז ניטאָ?

— איך וואָלט שוין געוואָלט וויסן.

— אַ שטערן... אַ שפּאָגל־נייעם שטערן.

— וווּ זשע איז ער?

— איך זוך אים.

— און לאַנג דאַרף מען אים זוכן?

— דאָס ווייס איך ניט. מעגלעך... דאָס גאַנצע לעבן!

עפּשער איז איר געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן פון דעם, וואָס ער וועט, מעגלעך, דאָס גאַנצע לעבן זוכן פאַר איר אַ שטערן, און זי וועט דאַרפן זיצן און וואַרטן, וואַרטן און אַרויסקוקן... און עפּשער איז אַזוינס איר אויפן געדאַנק ניט געקומען? גיכער פאַר אַלץ האָט זי דאָס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס.

— ווייסטו וואָס?

— נו?

— לאָמיר שוין גיין צו אונדזערע עלטערן און זאָגן...

— וועגן וואָס?

— נו, זיי זאָלן אונדז אָפּגעבן מאַזלטאָוו.

— אויב דו ווילסט אזוי, איז קום. גייען מיר גלײַך אַרײַן צו מײַנע.

דער טאטע איז געשלאָפן אין הויף, אויפן וואָגן, נאָר די מאַמע, וואָס האָט זיי געעפנט די טיר, איז הײַנטיקע נאכט ניט געשלאָפן. זי האָט גע־שטריקט א זאָק און אַרויסגעקוקט אויף איר זעליקן.

— מאַמע, — האָט ער אָנגעוויזן אויף טײַבלען, — גיב אונדז אָפּ מאַזלטאָוו. מיר האָבן באַשטימט... עפּשער אָפּוועקן דעם טאַטן?

איי, קינדער, קינדער... קיינמאָל ווייסן זיי ניט, ווען ברענגען זיי די עלטערן אַ ביסעלע נאַכעס און ווען טיפן אַגמעסנעפּעש. בײַ שעווען זײַ־נען אַרויסגעפאַלן די שפּיזלעך פון די הענט.

— נו, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו. — קוים אײַנגעהאַלטן אין זיך דעם פּלאַ־טער פונעם האַרצן. — נאָר וואָס עפּעס אינמיטן דער נאַכט? און בײַ דײַנע עלטערן, טײַבעלע, זײַט איר שוין געווען?

— אָט דאָס גייען מיר צו זיי.

— מע דאַרף ניט, קינדערלעך. ניט אַזוי טוט זיך עס. גאַנצפּרי, מירצעשע־האַשעם... וועלן מיר עפּעס צוגרייטן. און איר וועט אַלע קומען צו אונדז. אָדער פאַרקערט, מירן קומען צו אײַך. און אַזוי ווי בײַ לײַטן פירט זיך... אין אַ גוטער שאָ...

גאַנצפּרי איז טײַבל געקומען צו לויפן אַ צעפּאַטלטע, אַ פאַרוויינטע און אַרויסגערופן זעליקן אויף אַ סאַד. און דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט־צו איז זעליק אַוועקגעפאָרן. קימאַט אָן אַ זײַ־געזונט.

פינף יאָר האָט ער פאַרבראַכט באַם טעלעסקאָפּ, געגריבלט זיך אין אַל־טע און געשאַפן צענדליקער נײַע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, אַרומגעבלאָנד־זשעט צווישן אַלטע און נײַע שטערן. ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן אַ שטערן פאַר איר, פאַר טײַבלען. וואָס זשע וועט זײַן, אויב זי דאַרף אים שוין ניט? עפּשער האָט זי גאָר כאַסענע געהאַט? כאָטש יענעם גאַנצפּרי האָט זי געזאָגט, אַז ווי אירע עלטערן זאָלן זיך ניט קעגנשטעלן, וועט זי וואַרטן אויף זײַן שטערן. אַ יאָר, פינף, צען... נאָר פאַר די פינף יאָר האָט ער איר אָנגעשריבן בלויז צוויי אָדער דרײַ בריוו. זי אים — אויך ניט מער. און די מאַמע, דער אייציקער מענטש אין דער וועלט, פון וועמען ער האָט יעדע וואָך באַקומען אַ בריוול, האָט וועגן טײַבלען אַפילע קיין איין מאָל ניט דערמאָנט, גלײַך ס'איז קיין שום טײַבל אויף דער וועלט ניטאָ. און דאָס איז ביז הײַנט פאַרבליבן פאַר אים דער גרעסטער סאָד.

## 3

שעווע איז שיר ניט געפאַלן כאַלאַשעס.

— ווײ איז מיר, זעליקל! ווי פון הימל אַראָפּ. פאַרוואָס האָסטו ניט גע־שיקט קיין טעלעגראַמע? ווען דו קומסט אויף צען מינוט שפּעטער, טרעפּ־סטו די טיר אויף אַ שלאָס. איך האָב זיך געקליבן אויפן מאַרק. נו, דערצייל שוין, זעליקל.

זי האַלט אין איין כידעשן זיך, קושנדיק און באַקוקנדיק איר בענ־יאָכידל.

— זע נאָר, זע נאָר, ברילן גאָר? וואָסי, די אויגן קאַליע געוואָרן?
— אָן סאַקאָנעס, מאַמע. אונדזער אַרבעט...

נאָר וואָס ווייסט זי וועגן זײַן אַרבעט? ער האָט איר דאָפּקע יאָ גע־שריבן וועגן עפּעס אַ מיקראָ, וואָס איז אַזוי קליין, אַז דאָס איז שווער צו באַגרײַפֿן, און וועגן אַ מאַקראָ, וואָס איז, פֿאַרקערט, אומעגדלעך גרויס. און סײַ די קליינע און סײַ די גרויסע זײַנען אַלציינס וועלטן. פֿרעגט זי מער ער באַ אים גאָרנישט ניט, סײַווי וועט זי ניט פֿאַרשטיין. זי שאָקלט נאָר צו מיטן קאָפּ און באַקוקט זעליקן מיט אַ נײַ־אויפֿגעקומענעם אומרו.

— טו נאָר אַ קוק, ווי ער איז עס אויסגעוואַקסן פֿאַר די פֿינף יאָר! קיין אײַנהאָרע! נאָר אין לײַב וואָלסטו געמעגט זײַן אַ ביסל פֿולער. פֿאַרגעסט מיסטאָמע אָפּעסן צו דער צײַט. ס׳איז דאָרט דען דאָ, ווער ס׳זאָל אַכטונג געבן אַף דיר? און וועדליק דו פֿאַרמאָגסט אַזויפֿיל וועלטן, וואָלסטו גע־מעגט זײַן אָנגעטאָן אַ ביסל לײַטישער. אוי, וואָס זשע שטיי איך! ביסט דאָך געוויס הונגעריק פֿון וועג. בו, דערצייל שוין עפּעס.

נאָר זעליק ווייסט ניט וועגן וואָס צו דערציילן. ער האַלט אין איין באַקוקן די מאַמע מיט זײַנע אַ ביסל קורצזיכטיקע אויגן. יאָ, די מאַמע האָט זיך שטאַרק געעלטערט. איר פּאָנעם איז געוואָרן קליין און מיט טיפֿע קנייטשן. די הענט — ווי שטעקעלעך, איז אײַנגעהויקערט, ווי גאָר, גאָר אַן אַלטיטשקע.

נאָר ווען ער זעט, ווי זי יאָגט אַרום איבער דער שטוב, טאַנצט אַרום טיש און גיט אַלעמאָל אַ לויף אין קיך אַרײַן, ווערט אים אַ ביסל גרינגער אַפֿן האַרצן.

זעליק באַקוקט ווי אַ גרויסן וווּנדער דעם אַלטן טיש מיט די גראָבע, געשניצטע פֿיס, אַ טיש, וואָס איז געוויס פֿאַרבליבן נאָך פֿונעם עלטערזיידן. און אָט איז דער אַלטער, געלאַטעטער יערושע־טישטעך, מיט וועלכן די מאַמע האָט ניט געוואָלט זיך שיידן אַפֿילע דאַן, ווען ס׳איז מער ניט געווען וואָס אויסבײַטן אַף ברויט. און מערער פֿאַר אַלץ האָבן אים באַוווּנדערט די גלאַנציקע לײַכטער אַפֿן קליינעם ווינקל־טישעלע.

— מאַמע, דו בענטשסט נאָך ליכט?

— פֿאַרוואָס זאָל איך ניט בענטשן, נאַרעלע?

אירע קליינע אייגעלעך שמייכלען נאָך אַלץ, ווי פֿריִער, שמייכלען און בלישטשען, ווײַל אַלעמאָל יאָגט אָן אַ נײַע טרער.

שפּעטער איז ביז גאָר גליקלעך, וואָס זי האָט אים צוגעטראָפֿן מיט אירע מײַכאָלים. סאַמע דאָס, וואָס ער האָט ליב: קרעפּלעך מיט פֿלייש. נאָר דאָס, וואָרנט זי אים, איז נאָר אַ פֿאַרגעריכט, ער זאָל דערווײַל איבערכאַפּן. דער טאַטע וועט אײַנגיכן קומען, וועלן זיי עסן מיטיק. דאָס קעלישעקל איז דערווײַל אויך נאָר אַף אַ בראָכע, דער טאַטע וועט קומען, וועלן זיי ערשט נעמען אַ קויסע. זי שטייט באַם טיש, פֿאַרלייגט די הענט און קוועלט אָן. זי טוט אַלעמאָל אַ וויש מיטן פֿאַרטעך אַן אָנגעלאָפֿענע טרער. און דאָס שמייכעלע אירס... פֿאַראַן אין דעם אַ ביסעלע נאַכעס און אַ ביסעלע טרויער. אַוודע וואָלט זי געוואָלט, אַז איר זעליק זאָל זיך אָפּזוכן אַן אַנדער מע־לאָכע. ער וואָלט ניט געדאַרפֿט דעמלט טראָגן קיין ברילן און וואָלט גע־ווען אַ ביסל פֿולער אין לײַב, געוווינט מיט זיי אין איין שטאָט און זי

וואָלט שוין עפּשער געניאַנטשעט אַן אייניקל. און ס׳קומט איר אַפּן געדאַנק: אויב ער וועט ווידער קומען ערשט אין פינף יאָר אַרום, איז ווער ווייסט...

— וואָס מאַכט דער טאַטע? — האָט זעליק ענדלעך זיך אָנגערופן.

— ווייסט ניט? ווי שטענדיק.

— וואָס זשע פאַר אַ בריוו איזא איינמיטנדערינען?

— זײַנע מעשוגאַסן. מיטן פערד אַ געשיכטע. צי וויל מען עס אַפּנעמען. צי איבערגעבן עמעצן אַנדערש. טײַנע איך צו אים: יענער איז אַזוי פאַרטאָן מיט זײַנע מיקרעס, וואָס זשע דולסטו אים אַ קאָפּ?

זעליק שמייכלט צופרידן. הייסט עס, אַז מיטן טאַטן איז אַן סאַקאָנעס. בלײַבט פאַר אים טאַקע בלויז זײַן איינציקער סאָד.

לויט דעם ווי זעליק האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שאַרן מיטן גאָפּל איי־בערן טעלער, ווי ער זאָל דאַרטן עפּעס זוכן און ניט קאָנען געפינען, האָט שוווע זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט די געדאַנקען איז ער שוין זייער ווײַט פונעם טעלער. ווייסט זי שוין, ווי עס האַלט, און דאַרף שוין ניט וואַרטן, ביז ער וועט זי פרעגן.

— און דײַן טײַבל... שוין אַ מאַמע געוואָרן, זייער אַ ווויל מיידעלע באַ איר.

דאָס דאַרף הייסן, אַז איצט מעג ער אוואַדע אופהערן טראַכטן וועגן איר. דערזען, ווי זײַנע באַקן האָבן אָנגעהויבן פלאַמען, האָט זי זיך אַ ביסל פאַרלוירן.

— אײַ, אײַ, אַ וועלט מיט וועלטעלעך... — האָט זי שטיל אַרויסגעזיפצט. און אַ טראַכט געטאָן מיט פאַרדראָס: האָט ער זי, הייסט עס, נאָך אַלץ ליב!

מאָטל איז אַרײַנגעפאָרן אין הויף מיט זײַן ראַשיקן צעצויגענעם „טפּר־רו״, שמײַדיק אַראָפּ פונעם וואָגן און, דערזעענדיק זעליקן, וואָס איז אים אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן, אַרופגעוואָרפן די ווישקעס אַפן גניאַדן און זיך אָנגערופן, גלײַך זיי האָבן זיך שוין הײַנט געזען:

— הײַדאַ, העלף אויסשפּאַנען.

ער וועט, פאַרשטייט זיך, אים נאָך אַרומנעמען, זיך צעקושן, באַקוקן אים פון קאָפּ ביז די פיס און אַ שמייכל טאָן מיט אַ האַלב מויל. יאָ, טאַקע נאָר מיט אַ האַלב. זאָל זעליק ניט מיינען, אַז ער איז באַ אים אַ גרויסער יִכוס. און — יאָ אַ גאַסט, ניט קיין גאַסט, קומט אים, דעם טאַטן, קיבעד־אָוו. שפּאַנען זיי ביידע אויס דאָס פערדל, זעליק פירט עס אַרײַן אין שטאַלכל, און מאָטל וואַרפט דעם אונטער אַ ביסל היי. דערנאָך נעמט זיך זעליק פאַרן עמער, נאָר מאָטל וואַרפט אַף אים אַ וואָרענענדיקן, בייזלעכן בליק, וואָס דאַרף באַטײַטן: שוין פאַרגעסן, אַז קיין איבערגעוואַרעמט פערד טאָר מען ניט פּאָיען?

— נו, וואָס מאַכט עפּעס דײַן מיקראָ? — פרעגט מאָטל, ווען זיי לאָזן זיך ביידע אין שטוב אַרײַן.

— אַ דאַנק. נישקאָשע.

— נו, און דײַן מאַקראָ?

— אויך דאָס זעלבע.

— איז דאָך אוואַדע גוט. מעג מען זיך וואַשן און נעמען צו קויסיעלעך.

דאָס דאַרף הייסן, אַז וועגן דעם איקער וועלן זיי רעדן אין אַנדערש־מאָל. דעם עמעס געזאָגט, ווייסט ער ניט, מאָטל, וויאַזוי אָנהייבן ריידן וועגן דעם. געערעכט איז געווען זיין שעווע, ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז צוליב אַזאַ נאַרישקייט שרעקט מען ניט אָן קיין קינד. און דאָך איז ער צופרידן. מיט וואָס דען וואָלט ער אים אַזוי גיך אַראָפּגעבראַכט צוגאַסט?

מאָטל באַקוקט דעם זון מיט אַ שטרענגן אָפּשאַצנדיקן בליק. ניין, זיין זעליק איז שוין גאָרניט ענלעך אָף יענעם יינגעלע, וואָס איז מיט פינף יאָר צוריק אַוועק פון שטוב אָן אַ זיי־געזונט. אָן עמעסער מאַנספּאַרשוין, און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער, אַפּאָנעם, אַ קאָפּ אָף די פּלייצעס.

זיי זעצן זיך שווייגנדיק צום טיש, גיסן שווייגנדיק אָן די קעלישעקלעך, און דעם „לעכאַים" זאָגן זיי אויך אַרויס מיט אַ האַלב מויל. מאָטלען איז דאָס בעפּייִרעש געפעלן. זיי אַרבעטן פּלייסיק מיט די גאָפּלען און כאַפּן אַלעמאָל איינער אַפן אַנדערן אַ זייטיקן קוק.

זעליק איז צופרידן, וואָס באַך אַזויפיל יאָרן האָט דער טאַטע זיך קיי־מאַט ניט געענדערט. פאַרקערט, ער איז געוואָרן נאָך קרעפּטיקער. די באַקן זיינען גלאַנציק־גלאַט, אָן אַ מינדסט קנייטשעלע. ווען ניט די באָרד, וואָלט ער אויסגעזען נאָך פיל יינגער. דערנאָך כאַפּט זעליק אַ קוק אָף דעם טאַטנס האַריקער האַנט, וואָס האַלט פעסט דעם גאָפּל, קוועלט אָן, ווי דער טאַטע עסט מיט גרויס אַפּעטיט, נאָר אָף מעקאַנע צו זיין.

— וואָס באַקוקסטו מיך אַזוי? — כאַפּט מאָטל אויף זיין פאַרשנדיקן בליק.

— פינף יאָר ניט געזען.

— אויב מע פאַרבענקט זיך אַזוי נאָכן טאַטן, איז, דאַכט זיך, דאָ איצט מיט וואָס צו פאָרן...

— איך בין געווען פאַרנומען מיט דער דיסערטאַציע. דו האָסט דאָך אויך געקענט זיך דורכפאָרן.

— אַזוי מיינסטו? איבערלאָזן האַקל־באַקל און אַרומפאָרן צוגאַסט? אָט, ווען אָף דער וועלט וועלן מער קיין פערד ניט זיין...

זעליק שמייכלט:

— דערווייל האַלט נאָך ניט דערביי.

— יאָ, אָבער באַלעגאָלעס!

מאָטל, אַז ער ווערט אין קאַס, גיט ער אַ צי אויס דעם האַלדז. אין אַזעלכע מינוטן, ווייסט שוין שעווע, מוז מען מיט עפּעס לעשן זיין צאָרן.

— איך מעג שוין דערלאַנגען דעם ראָסלפלייש? — טוט זי אַ פרעג.

זעליק, גלייך גאָרנישט ניט באַמערקט, ענטפערט געלאַסן, מיט דעם זעלבן שמייכעלע:

— ניט געזאָרגט, טאַטע, באַלעגאָלעס וועלן שטענדיק זיין. סיי אָף דער ערד, סיי אַפן הימל.

מאָטל שטויסט זיך אָן, וואָס דער זון מיינט, נאָר ער האָט פיינט, אַז מע הייבט אָן רעדן טאַרגעם־לאָשן. כאָטש דעם, איז דאָס פאַר אים אַ קליינע טרייסט. ער קען זיי גוט, די נייע באַלעגאָלעס, וואָס יאָגן אַרום אָף זייערע מאַשינעס און מיינען, אַז די גאַנצע וועלט מיט אַלע אירע וועגן זיינען נאָר פאַר זיי.

דער הייסער ראַספּלייש מיט די ברוינע, צוגעפּרעגלטע קאַרטאָפליעס, פון וועלכן ס׳גייט אַזאַ געשמאַקע, רייצנדיקע פּאַרע, האָט טאַקע אַ ביסל געשטילט זײַן צאָרן.

— יאָ, אָבער די פערד, — רעדט ער אַרויס מיט אַ זיפץ. — כאָטש אָף נאָסיניע איבערלאָזן. כאָטש פּאָר קינאָ.

— זאָרג ניט, טאַטע. ווייסט, סאַראַ גרויסע פערד־זאַוואָדן עס זײַנען פאַראַן בא אונדז?

— איך וואָלט בעפּייר׳עש געוואָלט אַ קוק טאָן.

— מעשוגענע געזינדז, מעשוגענע גריוון! — רופט זיך אָן שעווע, צוקו־מענדיק צום טיש מיט צוויי גלעזער קאַלטן קאָמפּאָט. — באַגעגנט זיך אַ טאַטע מיט אַ זון נאָך אַזויפיל יאָרן, און מע האָט מער ניט וועגן וואָס צו רעדן, ווי וועגן די פערד.

מיילע, זאָל זײַן וועגן פערד. זי האָט אָבער מוירע, מאָטל זאָל איבער־מיטנדערינען ניט אַרײַנפאָרן מיטן בריוו, דערמאָנען דעם צעפאַלענעם שי־דעך, און עס זאָל גלײַך, בא דער ערשטער באַגעגעניש, צעפלאַקערן זיך אַ קריג. זי ווייסט דאָך זייער גוט, אַז די גאַנצע צײַט קאָכט אין איר מאָט־לען דער קאַס אָף טײַבלען מיט אירע עלטערן און ער זוכט נאָר צו וואָס צוטשעפּען זיך. שולדיק, פאַרשטייט זיך, איז זי, שעווע. אליין צעפּויקט דאָן איבערן מאַרק. און מע האָט גלײַך אָנגעהויבן אָפּגעבן מאָטלען איין מאַזלטאָוו נאָכן צווייטן. וואָס מאַזלטאָוו, ווער מאַזלטאָוו? וואָס הייסט? בא אים איז דאָך הײַנט אַ קנאַסמאָל, צי עפּשער גלײַך אַ כאַסענע, וויל ער עס אויסבאַהאַלטן? ווײַ, וואָס מאָטל האָט אויסגעאַרבעט, ווען זי האָט אים גע־מוזט אויסדערציילן, ווי ס׳האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט, ווי דערנאָך איז טײַבל געקומען צו לויפן. דער יכעס שטייט זיי ניט אָן! ער איז אַרומגע־לאָפן איבערן הויף, ווי אַ צעדרייטער, געשמיסן מיט דער בײַטש איבער דער ערד, איבערן פּלויט און געשריגן: „איך וועל זיי ווײַזן יכעס!״

— גענוג וועגן די פערד, — רופט זי זיך אָן צו זעליקן. — קום, וועל איך דיר עפּעס ווײַזן.

זי פירט אים צו צום אײַזקאַסטן, וואָס גלאַנצט אַרויס פונעם פאַר־טונקלטן ווינקל מיט זײַן פינקלענדיקער ווײַסקײַט.

— ווי געפעלט דיר עפּעס מײַן מאַציייווע?

זעליק הייבט אָן פינטלען מיט די אויגן און נעמט אָפּסנײַ באַקוקן די מאַמע מיט זײַן קורצזיכטיקן בליק. צי דען האָט זי זיך שוין אָנגעהויבן פאַרעדן אָף דער עלטער? ער פאַרשטייט ניט, וואָס זי מיינט, און קומט אָפּ מיט אַ שמייכל. די מאַמע שמייכלט אויך.

— און אַלץ איבער דער רעפאָרמע, — דערקלערט זי אים.

פאַרשטייט ער ווידער ניט. מוז זי אים שוין דערציילן אַ גאַנצע גע־שיכטע. וויאַזוי זי האָט נאָך מיט צען יאָר צוריק אָנגעהויבן קלײַבן געלט אָף אַ מאַציייווע. ווײַל אַ מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. און קיי־נער ווייסט ניט, ווען זײַן שאָ וועט קומען. האָט זי געקליבן, געקליבן, און פּלוצלינג איז אַוועק אַ קלאַנג: מע וואַרט אָף אַ נײַער רעפאָרמע. האָט

זי זיך דערשראָקן, עס קען, כאַלילע, דאָס געלט פאַרפאַלן ווערן. איז זי אוועק און געקויפט אַ כאַלאַדילניק. דערנאָך האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס'איז געווען אַן אומזיסטע שרעק.

— איז ווי געפעלט דיר מײַן שטיקל מעבל? — פרעגט זי ווידעראַמאָל, און זעליקן דוכט זיך, אַז די מאַמע שפּעט פון אים. — פאַרשטייסט, זונעניו, באַ אַזעלכע יאָרן איז יעדער טאָג אַ געשענקטער. ווי זשע מעג מען שטאַרבן, ניט וויסנדיק, וואָס פאַר אַ טאַם עס האָט אַ קאַלטע שאָל סמע־טענע, נאָרוואָס פונעם כאַלאַדילניק, איך רעד שוין ניט פון אַן אוגערקעלע. הײַנט קויפסטו זי, און מאָרגן איז זי שוין צוגעוויאַנעט. און אינעם כאַלאַ־דילניק בלײַבט זי האַרט, גרין און פריש, ווי נאָרוואָס אָראָפּגעריסן. טײַנע איך מיט אים די גאַנצע צײַט, מיטן טאַטן דײַנעם, זאָגט ער...

זי געדענקט שוין ניט, אייגנטלעך, וואָס האָט זי געטײַנעט צו אים און וואָס האָט ער געזאָגט צו איר. נאָר זי האַלט אין איין דערציילן און יאָגט אַרום מיט איר אומרויִקן בליק פון זעליקן צו מאָטלען אַהין און צוריק. זי דאַרף נאָר זיי אָפּפירן אַ ביסל אין אַ זײַט, זיי זאָלן פאַרגעסן, וועגן וואָס זיי האָבן נאָרוואָס גערעדט, און ס'זאָל זיך צווישן זיי ניט אָנהייבן קיין מאַכלויקעס. איר דוכט זיך, אַז דאָס האָט זיך איר אײַנגעגעבן. ווײַל אָט האָט מאָטל אַ שמייכל געטאָן. און נאָך וואָס פאַר אַ שמייכל! אַ פולער, אַ גאַנצער, ניט קיין צעביטענער. און דאָס איז באַ איר מאָטלען, וואָס איז אַזאַ קאַמצן אַף אַ שמייכל, עפּעס ווערט. זע נאָר, זע נאָר, די אויגן גלאַנצן באַ אים, די ליפּן האָבן זיך צעצויגן אײַנײַנעם מיט די וואָנצעס, און די באָרד איז געוואָרן ברייטער ווי לענגער. שטויסט זיך שוין שעווע אָן, אַז דער שמייכל האָט אַ שײַכעס צו זעליקן. איז, הייסט עס, דער רויגעז ניט אַזוי גרויס, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן. אויב אַזוי, איז אָן אַ סאַקאָנע און זי קען זיי רויִק איבערלאָזן אַליין.

— אוי, גאָטעניו! — גיט זי אַ קלאַפּ מיט די הענט איבערן פאַרטעכל. — איך שטיי און דערצייל זיי נאַרישע מײַסעס, און דאָרטן אין קיך סמאַליעט זיך שוין עפּעס...

4

נאָך עטלעכע יאָר פון אַרומוואַנדערן איבער די ווײַטע וועלטן האָט די אייגענע שטאָט, דאָס אייגענע הויז אויסגעזען זעליקן אַ סאַך קלענער, ווי אינדערעמעסן. און לעכערלעך האָט אים אויך אויסגעזען דעם טאַטנס זאָרג וועגן דעם באַלעגאָלישן קיעם און דער מאַמעס קוויקן זיך מיט דער סמעטענע פונעם כאַלאַדילניק. עמעס, נאָך די בעכיפאָזנדיקע פרישטיקן און די איבערגעשטאַנענע, ניט איבעריק הייסע מיטיקן אין דער גאַרקיך זײַנען דער מאַמעס מײַכאָלים שטאַרק געשמאַק.

ער איז געווען צופרידן, וואָס גלײַך נאָכן מיטיק האָט דער טאַטע אײַנגעשפּאַנט דאָס פערדל און אוועקגעפאָרן, און דער ווײַטערדיקער שמועס זייערער וועט פאָרקומען ערשט אין אָוונט. די מאַמע האָט זייער

געוואָלט, אַז זעליק זאָל זיך אַ ביסל צולייגן, אָפּרוען פֿונעם וועג, נאָר זעליק האָט זיך ניט געפֿילט מיד.

— איך וועל זיך בעסער אַ ביסל דורכשפּאַצירן.

שעווע האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער מיינט מיטן שפּאַציר. האָט זי שטיל אַ זיפֿץ געטאָן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ווײַבאַלד, הייסט עס, עס ציט אים אַזוי צו טײַבלען, זאָל ער גיין.

ער איז געגאַנגען און באַקוקט די גאַס, אויף וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן. זי האָט אים איבעראַשט מיט איר שמאָלקייט, ענגשאַפֿט און פֿאַרטויבנדיקן טומל, גלײַך ער זעט צום ערשטן מאָל די שטאָטישע ווײַבער, וואָס טראָגן פֿולע און שווערע קאָשעקעס, די פֿויערטעס פֿון די אַרומיקע דערפֿער, באַ וועמען עס קוקן אַרויס פֿון די קוישעלעך גאַדלעסדיקע הענער, אָנגעבלאָזענע אינדיקעס און פֿאַרטראַכטע, פֿאַרדײַגעטע גענדז. די שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, וואָס האָט אים אַמאָל אויסגעזען אומענדלעך־גרויס, איז גאָר, לאָזט זיך אויס, ניט מער, ווי אַ געסל מיט אַלטע, אײַנגעשרומפּענע הײַזלעך. און די סעדלעך, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין זײַן פֿאָרשטעלונג ווי עמעסדיקע וועלדער, קאָנען אַפֿילע ניט פֿאַרשטעלן דעם קוימען פֿונעם ציגל־זאַוואָד און די מאַציייוועס פֿונעם באָענטן בעסוילעם. נאָר מערער פֿאַר אַלץ האָבן אים געקימערט די ביז גאָר שמאָלע טראָטואַרן, ניטאָ וווּ אַ פֿוס אַוועקצושטעלן. ער האָט געפּרוווט אַראָפּ אָפּן וועג און גלײַך געכאַפּט אַ פּסאַק פֿון אַ שאָפֿער:

— צעטראָגענער מאַלעך, אײַלסט זיך אויף יענער־וועלט?

— פֿאַרקערט, — האָט ער אָפּגעענטפֿערט מיט אַ שפּאַס. — איך קום נאָרוואָס פֿון דאָרטן.

שפּאַנט ער איבערן שמאָלן און ענגן טראָטואַר, פֿאַרטשעפּעט זיך נאָכאַנאַנד פֿאַר אַן אַנדער קאָשעק און כאַפּט אַלעמאָל אַרײַן אַ פּײַנעם גאָב. נאָר סײַווי זעט ער איצט קיינעם ניט פֿאַר זיך, כוץ טײַבלען. ער וויל זיך פֿאָרשטעלן, ווי האָט זי זיך געענדערט פֿאַר דער צײַט און ווי זעט זי איצט אויס. נאָר טײַבל שטייט אים פֿאַר די אויגן אַזאַ, ווי מיט פֿינף יאָר צוריק, מיט איר צוגעניטעט פּענעמל, מיט איר אויסגעטאָקט נעזל און אַ ביסל צוגעזשמורעטע אויגן. זי איז געוועזן אַ גרויסע בעריע אויף צו פֿאַרוואַנדלען איר בליק אין אַ שטיקעלע רעטעניש. גיי טרעף, וואָס אין אים ליגט: לײַטזעליקײַט צי אָפּענער שפּאָט. דאָס איז געבליבן פֿאַר אים אַ סאָד ביז איצט, פּונקט ווי די גאַנצע געשיכטע מיט טײַבלען, ווי טײַבל אַליין. אָט דאָס טאַקע וויל ער איצט אויסקלאָרן. יאָ, ער דאַרף ענדלעך פֿעסטשטעלן, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר די מענטשלעכע געפֿילן. ווײַל אויב ליבע, אַנטוישונג, בענקעניש, פֿאַרדראָס זײַנען, ווי וואָלאָדיע האַלט אין איין דערוויַיזן, ניט מערער ווי כימישע רעאַקציעס אין דעם מענטשלעכן מויעך, קען דאָך דער מענטש אויסלערנען זיך קאָנטראָלירן און רעגולירן די דאָזיקע רעאַקציעס אַזוי, זיי זאָלן אַמווייניקסטן באַומרויִקן. אָט וועט ער זיך זען מיט טײַבלען און איבערצײַגן זיך, אַז בענקעניש איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. מע דאַרף נאָר אויסלערנען זיך אָנפֿירן מיט די אייגענע געפֿילן.

דערזען זעליקן, איז טײַבל רויט געוואָרן, גלײַך מע האָט זי געפּאַקט

בא עפּעס ניט קיין גוטער זאַך. איר בליק, וואָס איז שטענדיק געווען אַ סאַד פאַר אים, האָט איצט גאָרנישט ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן: סײַ איר פאַרלוירנקייט און סײַ איר פאַרדראָס. זעליק האָט געפילט, ווי זײַן פּאָנעם פלאַמט. הייסט עס, אַז פאַר די פינף יאָר האָט זיך גאָרנישט ניט געענ־דערט. כאָטש בײַ אים זײַנען געווען גענוג סיבעס פאַר אַנטוישונג, און בײַ איר — ניט ווייניקער. און טײַבל אַליין... זי האָט גאָרנישט ניט אָנגע־ווירן פון איר מיידלשן גלאַנץ. זי איז אים ווי פריער ליב, טײַער און האַרציק נאָענט. צו איר אַמאָליקן מיידלשן כיין, וואָס ער האָט פאַרהיט אין זיקאָרן, ביז אַ מינדסט שטריכעלע, ביז יענע קלײַנדלעך, וואָס מע האָט קוים אָנגעזען, איז צוגעקומען עפּעס נײַס, וואָס מאַכט זי נאָך שענער און געצאַרטער.

טײַבל רויטלט זיך נאָך מערער אונטער זײַן פאָרשנדיקן, דורכדרינ־גענדיקן בליק.

זעליק שמייכלט מיט זײַן אַמאָליקן, אַ ביסל קינדערשן שמייכל, אין וועלכן ס׳איז שטענדיק געווען אַזויפיל איבערגעגעבנקייט און אונטערטע־ניקייט.

— טויזנט יאָר ניט געזען!..

— בלויז פינף, — פאַריכט זי אים.

— און אויב פינקטלעכער, איז פינף יאָר, אַכט און דרײַסיק טעג, זי־בעצן שאָ... — געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער און פאַרפינקטלעכט. — זיבעצן שאָ מיט פינף און דרײַסיק מינוט.

— אַזוי האָסטו געציילט די גאַנצע צײַט?

— אַזוי!.. — אַרויסגעזיפצט, און באַמערקט, ווי אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן.

— בײַ דיר, האָב איך געהערט, זײַנען די יאָרן אַוועק ניט אומזיסט...

— האָסט זיך אינטערעסירט?

ווידער איז איר בליק אַ סאַד פאַר אים. וואָס האָט זי איצט געוואָלט אויסבאַהאַלטן אין אירע צוגעזשמורעטע אויגן? אָפּגעענטפערט האָט זי מיט אונטערגעשטראָכענעם גלײַכגילט:

— געווייַנלעך.

— בײַ דיר, זאָג איך, זײַנען זיי אויך אַוועק ניט אָן דערפאָלג.

מעגלעך, אַז ער האָט דאָס ניט געדאַרפט זאָגן. זי האָט דאָס מאָל ניט באַוויזן צוזשמורען די אויגן, און ער האָט באַמערקט, ווי זי האָט זיך אָנגעברויגעזט. האָט ער אָנגעהויבן פאַרענטפערן זיך:

— פאַרשטייסט, טײַבעלע... אוי, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן! איך מעג נאָך איצט אַזוי זאָגן?

ער האָט אָבער ווידער, אַפּאָנעם, געזאָגט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף. איר פּאָנעם איז אָפּסנײַ פאַרפלאַמט געוואָרן. זי האָט זיך אָפּגעקערעוועט און אַ נעם געטאָן זיך מיט דער האַנט פאַרן וויגעלע.

— זאָג, טײַבעלע, איך טאָר דיך איצט אַזוי ניט רופן?

— דו מעגסט... אויב, פאַרשטייט זיך...

און מערער קענען זיי ביידע גאָרנישט ניט זאָגן איינער דעם אַנדערן.

ווען מע קאָן ווידער אומקערן זיך צו יענער זומערדיקער נאכט און דורכ־מאכן אלץ אף גאָר אן אנדער אויפן!.. ער, זעליק, קאָן כאָטש רופן צוהילף די פיזיק, די מאטעמאטיק, די גאנצע רעלאטיוויטעט־טעאָריע און דערמאָ־נען זיך אין דעם, אז ווען א קאָסמישע שיף וואָלט געפלויגן מיט דער גיכקייט פון שיין, וואָלט די צייט אינגאנצן פארשווונדן געוואָרן. וואָס זשע זאָל ער איצט טאָן? ארויסגאנווענען טייבלען איניינעם מיטן קינד און אריבערפירן זיי צו זיך? איז נאָך א פראגע, צי טייבל...

און טייבל שטייט פאר אים אינגאנצן אומבאשיצט, מיט איר פארויטלטן פּאָנעם, מיט איר צעבליטן ווייבערשן כיין און מיט איר פארהלושעטער, נאָר ניט פארלאָשענער ליבע. זי איז ניט מערער ווי א יונגע פרוי, וואָס האָט אין א שווערער מינוט ניט געקענט ביישטיין, בייקומען... זאָל זיין א ביסאָיען, זאָל זיין דעם דרוק פון אירע עלטערן, זאָל זיין איר אייגענע שוואכקייט. און באגאנגען א פעלער, וועלכן מע קאָן ניט פאריכטן. צאָלן דערפאר וועט זי אליין! זי האָט געפרווט איינרעדן זיך, אז מיט דער צייט וועט אלץ אריבער, ס׳וועט זיך פארגעסן, ס׳וועט זיך איינשטילן, ס׳וועט זיך ווי־ניט־איז איינאָרדענען. לאָזט זיך אויס, אז ס׳האָט זיך גאָרנישט ניט פארגעסן, גאָרנישט ניט איינגעשטילט און גאָרנישט ניט איינ־געאָרדנט.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען?.. — זי רעדט עס ארויס מיט אָפענעם פארדראָס און האלט קוים איין די טרערן.

ער הייבט אָן פינטלען מיט די קורצזיכטיקע אויגן און פרווט ארויס־שטאמלען עטלעכע צעדרויבלטע ווערטער:

— אייניקע געלערנטע באהויפטן... און טאָקע מיינער א כאוואר אויך... אז ליבע, בעונקעניש, פארדראָס זיינען ניט מערער ווי כימישע רעאקציעס אינעם מענטשלעכן מויעך. מע דארף בלויז זיך אויסלערנען אָנפירן מיט זיי.

— דיר איז גרינג אזוי צו זאָגן. אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? קומט אויס, אז דער שולדיקער איז גאָר ער. און ס׳איז גאנץ מעגלעך... יאָ, ס׳איז גאנץ מעגלעך, אז זי איז ניט אינגאנצן אומגערעכט.

פון אָט דעם געדאנק און פון אירע טיינעס צו אים ווערט זעליקן א ביסל היימלעכער. עס הייבט זיך אים אָן דוכטן, אז עס ציט זיך נאָך יענע זומערדיקע נאכט. ער בייגט זיך אָן איבערן וויגעלע, טוט א גלעט דאָס מיידעלע איבערן קעפּעלע, און עס כאפּט זיך בא אים ארויס:

— ס׳וואָלט געקאָנט זיין אונדזער טעכטערל...

— זאָלסט ניט געוועזן יאָגן זיך נאָך קיין שטערן...

ס׳האָט געמוזט אָנקומען א לאנגע פּאוזע, עפּשער צו א לאנגע, בייס וועלכער ביידע האָבן געדארפט פארדייען דאָס, וואָס איז נאָרוואָס געזאָגט געוואָרן.

— דו ווייסט, טייבעלע, איך האָב דאָך טאָקע אָפּגעזוכט.

— וואָס?

— א שטערן. א נייעם שטערן.

— קומט דיר א מאזלטאָוו?

— אונדז ביידן. דאָס האָב איך דאָך דיר אַ מאַטאָנע געבראַכט. אַזוי, ווי איך האָב צוגעזאָגט. געדענקסט?

סײַווי האָט טײַבל שוין ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן די טרערן. זיי האָבן אַ גלאַנץ געטאָן און שטיל אָנגעהויבן רינען איבער די פאַרפלאַמטע באַקן.

— אוי, זעליקל... — דאָס ערשטע מאָל אים אויך אָנגערופן, ווי אַמאָל. — ס'איז שוין שפּעט. צו שפּעט!

— ס'איז קיינמאָל ניט שפּעט! — אָפּגעענטפערט אַזוי היציק, אַזוי אַרויסרופעריש, גלײַך אָט טוט ער זי אַ נעם, זי מיטן קינד, מיטן וויגעלע, און פירט זי אַוועק.

וואָס זשע האָט זי געקענט ענטפערן דערויף? בלויז אַ שמייכל געטאָן. דעם זיפץ האָט זעליק ניט געהערט. זי האָט אים דערשטיקט אין זיך.

נאָך אַלעמען איז אים געווען גוט, אַלעמען אָף צולאָכעס פילט ער זיך גליקלעך, גליקלעך דערפון, וואָס טײַבל לעבט אָף דער וועלט, וואָס זי איז יונג און שיין ווי געווען, עפּשער נאָך יינגער און שענער, ווי פריִער, וואָס זי איז אים אַזוי ליב, ווי געווען, און עפּשער נאָך ליבער, ער וואָלט וועגן דעם אַלץ בעפּיירעש געוואָלט איר זאָגן, נאָר אַרויסברענגען אַזעלכע ווערטער איז אים שווער.

— נו, דערצייל זשע, טײַבעלע, ווי לעבט זיך דיר.

אָפּאָנעם, אַז טײַבל האָט בייסמײַסע געטראַכט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש. און דערפאַר האָט איר ענטפער אים אַ ביסל אַ שטאָך געטאָן.

— וואָלסט פריִער כאָטש געדאַרפט פרעגן, ווי מע רופט אים.

— וועמען? אַך, יאָ, אַנטשולדיק. נאָר וואָס איז די נאָפקעמינע. איז ווי טאַקע רופט מען אים?

— פעליק... און ער איז גאָר ניט אַזאַ שלעכטער מאַן, און פאַרדינט אויך ניט שלעכט. כאָטש ער איז ניט קיין געלערנטער און ניט קיין אינזשעניער. בלויז אַ טעכניקער.

— פעליק... — האָט זעליק איבערגעכאַזערט און ערשט דערנאָך גענומען איבערפרעגן: — פעליק? פעליק?

— נו, יאָ... ווייסט דאָך... זײַן טאַטע איז אַן אַפּטייקער.

— דאָס, וואָס דײַניקע האָבן געוואָלט. אַזאַ ייִכעס! וווּ זשע אַרבעט ער?

— ער איז פאַרוואַלטער פון דער לאַבאָראַטאָריע אָפן מילך־זאַוואָד.

— איז דאָך אַוואַדע גוט. ברענגט ער געוויס אַהיים אויך אַ ביסל מילכיקס?

— מע דאַרף ניט אַזוי, זעליק...

טײַבל האָט דערפילט, אַז ווײַטער שמועסן אַזוי טאָר מען ניט. זיי קאָנען זיך צעקריגן. און זי וויל ניט. זי וויל זיך ניט קריגן מיט אים. זי האָט אים אַ שרײַבער געטאָן די האָר אָפן קאָפּ און אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן ריין אויסגעראַזירטן פּאָנעם, געפירט די פינגער פאַמעלעך, גרינג און לאַשטשענדיק.

— גענוג, זעליקל. קום, וועל איך דיר בעסער ווײַזן אונדזער מעבל. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועסטו עס שוין ניט זען.

— פאַרוואָס?

— ווײַל פעליק האָט שוין באַשטעלט אַ נײַעם גאַרניטור. איך בין גראָד געווען קעגן, ווײַל באַ אונדז איז גאָרניט קיין שלעכט מעבל. נאָר פעליק... עס דאַרפן אָנקומען עטלעכע דײַטשישע גאַרניטורן, און ער האָט שוין אַן אַוואַנס אַרײַנגעטראָגן.

זעליק האָט באַקוקט דאָס מעבל און ניט געקאָנט באַשטימען, צי עס געפעלט אים, צי ניין.

— נאָר איך פאַרשטיי ניט...

ניט פאַרענדיקט דעם געדאַנק און אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט מוירע געהאַט ווידער מיט עפּעס באַליידיקן טײַבלען. און געכאַפּט זיך, אַז זײַן „ניט פאַרשטיין" האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צו זייער מעבל, נאָר ביכלאַל צו זײַן קוק אויף זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט ערשט נעכטן אין אָוונט אַזוי הייס דיסקוסירט אין זייער לאַבאָראַטאָריע. מעגלעך, אַז ער איז ניט אינ־גאַנצן גערעכט. אָבער דאָך... אַרויסוואַרפן נײַ מעבל און קויפן אַנדערס, פּאַטערן אויף דעם אַזויפיל מי, ענערגיע, מיטלען... איז דאָס דאָך טאַקע, ווי ער האָט נעכטן געזאָגט: אַ מענטש מאַכט זיך אַליין פּאַר אַ קנעכט פון די זאַכן. און צוליב וואָס?

— צוליב וואָס? — האָט ער אַרויסגערעדט אין דער הייך. — און מיט וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט אָט דאָס מעבל אײַערס?

— מײַן פעליק האַלט זייער פון מאָדעס.

— און דו? דו האַלטסט אויך פון מאָדעס?

— פאַרשטייט זיך. וואָסי, ס'איז אַ כיסאָרן? אָט וועל איך דיר טאַקע ווײַזן...

אין עפּן געטאָן די שאַפע, האָט זי אַרויסגענומען פון דאָרט פאַרשיידענע וואָלענע קאָפּטלעך, פוטערנע קעלנערלעך, ניילאָנענע העמדלעך, און אַלץ אימפּאָרטנע, און יעדער זאַך פון גאָר אַ געהויבענער פירמע. געוויזן, גע־רימט און גערעדט, דערציילנדיק, ווי שווער יעדער זאַך איז אָנגעקומען, און ווי פעליק האָט דאָס אַלץ געקראָגן דורך פאַרשיידענע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, און אַלעמאָל געמוזט מיט עפּעס אָפּדאַנקען. זי האָט אַלץ גערעדט און גערעדט, ביז זי האָט געכאַפּט אויף זיך זעליקס אַ זײַטיקן קוק, אַ קוק, וואָס האָט זי מיטאַמאָל ווי אויסגעניכטערט.

— אײַ, נאַרישקײַטן, נאַרישקײַטן, — אַרויסגערעדט און גענומען אַרײַנ־שטופּן די זאַכן צוריק אין דער שאַפע אַרײַן. — ווייסטו וואָס, זעליקל, קום בעסער מיט מיר אין קיך אַרײַן, וועל איך צוגרייטן עפּעס עסן. באַלד וועט פעליק קומען.

גראָד דאָס — זיך באַגעגענען איצט מיט פעליקן — האָט ער ניט גע־וואָלט. דאָס וואָלט געווען פאַר זיי אַלעמען אַ שווערע שפּיל.

— ניין, טײַבעלע, אין אַנדערס מאָל. ערנוואָרט! איצט מוז איך שוין גיין. די מאַמע האָט מיך פון דער שטוב ניט געוואָלט אַרויסלאָזן און קוקט שוין מיסטאָמע אַרויס אויף מיר.

— גייסטו שוין אַוועק? — זי איז מיטאַמאָל בלייך געוואָרן און ביז גאָר פאַרלוירן. — מיר האָבן נאָך וועגן גאָרנישט ניט גערעדט! וואָס זשע ביסטו געקומען?

## 5

טאקע, צוליב וואָס איז ער געקומען? וועגן דעם האָט ער ניט אופגעהערט צו טראַכטן באַנאַכט, ליגנדיק אין דרויסן אפן וואָגן און אָנגעשטרענגט אײַנקוקנדיק זיך אינעם הימל. כאָטש ס'איז שוין געווען סענטיאבער, נאָר דער הימל איז געווען געדיכט אויסגעשטערנט, ווי אין די בעסטע אווגוסט־נעכט, און זעליק האָט געקאָנט זען זיך מיט פיל באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שטערן, פאַרקלײַבן זיך מיט די געדאַנקען אין די ווײַטסטע גאַלאַקטיקעס. וואָס קומט איצט פאָר דאָרט, אין יענע אומבאַגרײַפלעכע ווײַטן? וועלכער שטערן ווערט געבוירן און וועלכער גויסעסט, עטעמט אויס זײַן לעצט ביסל שײַן? און ווען די שײַן וועט דערגיין צו אונדז, וועט דער שטערן אליין שוין לאַנג אַרומוואַנדערן צווישן די וועלטן א פאַרקילטער, א פאַרגליווערטער, א פאַרשטיינערטער. ער קוקט זיך אײַן אינעם באַנאַכטיקן הימל, אין די מיליאָנען פינטלענדיקע סוידעס, און אים ווערט א ביסל אומעטיק אפן האַרצן...

ווי האָט זי געזאָגט, טײַבל? „א מאָדע אף נײַע גאַרניטורן!" עך, טײַבל, טײַבעלע... און ווהין זאָל מען אַהינטאָן דאָס אלטע, וואָס האָט נאָך ווײַט ניט אָפּגעדינט זײַנס און וויל נאָך אויך לעבן? א שטערן לעבט מיליאַרדן יאָרן, און פונדעסטוועגן איז א פאַרדראָס, ווען ער שטאַרבט אוועק. און וואָס זאָל טאָן א מענטש... יאָ, וואָס זאָל טאָן א מענטש מיט זײַן ליבע, אויב זי וויל ניט און קאָן ניט שטאַרבן?

„נאָך וואָס ביסטו געקומען?" — קלינגט אים אין די אויערן טײַבלס פראַגע, און ער זעט פאַר זיך איר מיטאַמאָל בלייך געוואָרן פּאָנעם און אויסגעלאָשענע אויגן. ענטפערן אף דער פראַגע איז אים זייער שווער. און דאָס האָט שוין א שײַכעס ניט נאָר צו טײַבלען, נאָר אויך צום טאַטנס בריוו, וואָס זעט אים איצט אויס שטאַרק איבערגעטריבן. א סימען, דער טאַטע האָט ניט דערמאָנט וועגן דעם ניט באַם מיטיק, ניט בא דער וועטשערע און ניט ווען זיי האָבן גענומען אויסבעטן זיך אפן וואָגן. די מאַמע האָט זיך שיר ניט צעוויינט. זי האָט צוגעגרייט פאַר אים אזא פײַנעם געלעגער, איבערגעצויגן די קישנס מיט ריינע, ווײַסע ציכעלעך, וועט ער גיין שלאָפן אפן וואָגן? נאָר זי האָט געמוזט אַרויסטראָגן די קישנס אפן וואָגן און איבערדעקן דאָס היי מיט א ווײַסן לײַלעך.

ליגט ער אף די קישנס מיט די ריינע ציכעלעך האַרט לעבן טאַטן, וואָס שלאָפט, זעט אויס, גאַנץ געשמאַק, און עס קומט אים אוף א געדאַנק, אז מיט זײַן אַרויספליִען אַהיים האָט ער פאַראַטן זײַנע שטערן. ווער ווייסט, וואָס ער וואָלט געקאָנט גראָד הײַנטיקע נאַכט דערזען אין טעלעסקאָפּ? אָט האָט ווידער א העל פײַערל דורכגעשניטן דעם באַנאַכטיקן הימל. וואָס איז דאָס, א געוויינלעכער מעטעאָר צי אַן אופרײַס פון עפּעס א נײַעם ווײַטן שטערן?

וועט ער טאַקע באַגינען אוועק נאָך א בילעט און וועט דעם קומענדיקן אָוונט ווידער זיצן באַם טעלעסקאָפּ. אייגנטלעך, האָט ער דאָ מער ניט וואָס צו טאָן. און דאָס, וואָס ער האָט דאָ געטראָפן, געזען און איבערגעלעבט, וועט ער אוועקפירן מיט זיך: די ניט אויסגעלאָשענע ליבע צו

טײַבלען, די בענקעניש נאָך דער מאַמען און דעם אַ ביסל געמאַכטן רױ־געז מיטן טאַטן. זאָל זײַן אַפֿילע, אַז ליבע, בענקעניש און נאָך אַזעלכע זאַכן זײַנען ניט מערער װי אַ כימישע רעאַקציע. איז דען דערפֿון גרינ־גער? און ער װיל גאָר ניט, עס זאָל אים זײַן גרינגער! זאָל דאָס שטענדיק זײַן מיט אים בײס אַלע זײַנע זוכענישן און פֿאָרשונגען.

נאָר װי קאָן מען אַזױ גיך זיך זעגענען מיט דער מאַמען, װאָס האָט אַרױסגעקוקט אױף אים טאָג נאָך טאָג די אַלע פֿינף יאָר? גײ דערצײל איר װעגן זײַנע זוכענישן, דערצײל איר איבער דעם שמועס מיט טײַבלען... זי שלאָפֿט, די מאַמע, און שטעלט זיך אַפֿילע ניט פֿאָר, אַז אין עטלעכע שאָ אַרום...

נאָר שװער איז ניט געשלאָפֿן. זי האָט דאַפֿקע געמײנט, אַז נאָך אַזאַ טאָג װעט זי אײַנשלאָפֿן װערן, װי נאָר זי װעט זיך צורירן מיטן קאָפּ צו איר קישעלע. נאָר דער שלאָף האָט זי דאָס מאָל ניט גענומען. מעגלעך דערפֿאַר, װאָס ס׳האָט זי אַ ביסל געהרײזעט אַ פֿאַרדראָס אױף זעליקן און אױפֿן מאַן, װאָס האָבן זי איבערגעלאָזט אײנע אַלײן אין שטוב. אַ פּאָר מאָל איז דער שלאָף דאַפֿקע שױן צוגעקומען זײער נאָענט, זיך אַ דרײ געטאָן אַרום איר, פֿאַרפֿלאָכטן עפּעס אַ מעשונעדיקן כאָלעם און ניט גע־סטײַעט אײנמיטנדערינען. ליגט זי און מוז אַלײן צױען װײַטער דעם ניט־דערכאָלעמטן כאָלעם, מוז אַרומבלאָנדזען צװישן כאָלעם און װאָר און װײסט אַלײן ניט, װוּ זי האַלט אין דער װעלט.

איר לאַנגער, פֿאַרפֿלאָנטערטער כאָלעם דרײט זיך אַרום זעליקן, זי האָט פֿאַרלױרן דעם כעזשבן, װיפֿל איז ער אַלט געװען, װען זי איז מיט אים, נאָך פֿיל װאָכן װאָגלענישן, אַרײַנגעקומען אין בער׳שאַדער געטאָ. װײַל אױב טאַקע שױן זיבן יאָר, װי זשע האָט זי געקענט אַזױפֿיל מעסלעסן אים טראָגן אױף די הענט?

— אױ, טאַטע זיסער, זאָלסט מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די רײד. נאָר אױב ס׳איז באַשערט נאָכאַמאָל איבערלעבן אַזעלכס, זאָל מען שױן בע־סער ניט דערלעבן.

יאָ, איז ער שױן טאַקע אַלט געװען זיבן יאָר. און געװען גרינג װי אַ פֿעדער, קױם געדעכט. זי האָט געמײנט, ער װעט ביז טאָג ניט דער־ציִען, און האָט זײער מורא געהאַט אײַנשלאָפֿן װערן. מע זאָגט דאָך, אַז דער מאַלעכהאַמאָװעס גאַנװעט אַרױס די נעשאָמע, װען דער מענטש שלאָפֿט. װײ, װײ, װיפֿל זײַנען געװען אַזעלכע נעכט... הונגעריקע און שלאָפֿלאָזע.

איר דוכט זיך, אַז מאָטל ליגט לעבן איר. גיט זי אַ טאָרע די קישן און רופֿט זיך אָן:

— דו הערסט, מאָטל, װען די רױטע אַרמײ פֿאַרשפּעטיקט אױף אײן װאָך, אױף אײן טאָג, האָבן מיר שױן ניט אונדזער זעליקן. מענטשן זײַנען דאַן אױסגעגאַנגען, װי ליכט. און זעליקל... ער האָט שױן אָנגעהױבן װאַרגן זיך. דער מאַלעכהאַמאָװעס האָט אים געהאַלטן אין אײן דישען, נאָר איך בין ניט געשלאָפֿן און ניט געלאָזט. און װײסט, מיט װאָס איך האָב אים אָפּגעראַטעװעט? װען ס׳איז אַרײַן די רױטע אַרמײ, בין איך אַװעק צו זײער עלטסטן. האָט ער מיר געגעבן... װײסט, װאָס ער האָט מיר געגעבן?

עטלעכע טאַבלעטקעס סטרעפּטאָציד. דאָס האָט אָפּגעראַטעוועט זעליקן פונעם טויט. מאָטל, דו שלאָפסט, מאָטל?

ניין, מאָטל איז אויך ניט געשלאָפן. ער איז געלעגן אָפן וואָגן לעבן זעליקן און זיך דורכגעשמועסט אין געדאַנק מיט זײַן שוועון.

— הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שוועץ? עפּעס געפעלט ער מיר ניט, דער באָכער אונדזערער. עפּעס איז ער ניט ווי קיין היגער. פליט ארום צווישן די הימלען.

— נו, איז וואָס? עמעצער דאַרף די הימלען אויך אין זינען האָבן. האָסט א סאַך אַזעלכע זעליקס?

— דערפאַר טאַקע האָב איך מוירע...

— פאַרוואָס?

— כ'האָב מוירע... עפּעס דוכט זיך מיר, אַז ער איז ענלעך אַף יענעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגן מיט א ביגן... ווי מייַנסטו, שוועץ?

נאָר שוועץ ענטפערט ניט. צוערשט דוכט זיך אים, אַז שוועץ איז אַנ־שלאָפן געוואָרן, און ערשט דערנאָך כאַפּט ער זיך, אַז שוועץ איז דאָ אינגאַנצן ניטאָ. אויב אַזוי, דאַרף מען זיך דורכשמועסן מיט זעליקן.

— דו שלאָפסט, זעליק?

— ניין, וואָסי דען?

— גאָרניט. גלאַט אַזוי. קאָנסט אַלץ זיך ניט שיידן מיט דײַנע שטערן?

— נו, יאָ. ווי דו מיט דײַנע פערד.

— פערד איז אַן אַנדער איניען. פערד זײַנען א יעש. און די שטערן וואָס? ווער ווייסט זיי, וואָס זיי זײַנען דאָרטן?..

— אָט דאָס וויל איך טאַקע וויסן...

— אוי, כ'האָב מוירע...

— פאַרוואָס האָסטו מוירע?

— האָסט געהערט די געשיכטע וועגן א יונגנמאַן מיט א ביגן?

— וועלכער ביגן?

— וואָס זשע, כ'האָב דיר קיינמאָל ניט דערציילט וועגן דעם?

— האָסט ביכלאַל מיר קיינמאָל וועגן גאָרנישט ניט דערציילט...

מאָטלען דוכט זיך, אַז זעליק האָט עס ארויסגערעדט מיט פאַרדראָס. מעגלעך, אַז ער איז טאַקע גערעכט. ווען ער זאָל געווען מערער האָבן צו טאָן מיט אים, וואָלט ער עפּשער געמאַכט פון אים א שטיקל מענטש. נאָר דאָס איז שוין א פאַרפאַלענע זאַך. און ווען האָט עס א באַלעגאָלע צײַט אַף שפּילן זיך מיט א קינד? נאָר דאָס דאָזיקע מײַסעלע מוז ער אים דערציילן:

— געווען אמאָל א יונגערמאַן, אַן איידעם אַף קעסט. ווייסט, וואָס דאָס הייסט? געווען אמאָל א סאַך אַזעלכע. האָט מען געהאַלטן דעם איידעם א יאָר, צוויי, דערנאָך האָט דער שווער באַשטימט, אַז מע דאַרף אים אויס־לערנען עפּעס טאָן, ער זאָל אַליין פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. האָט ער אים געגעבן א ביסל געלט און אַוועקגעשיקט אין א שכיינעסדיקער שטאָט נאָך סכוירע. דעמלט זײַנען נאָך ניט געווען ניט קיין צוגן, ניט קיין עראָפּלאַנען, און קיין אווטאָבוסן פון דאָרף צו דאָרף זײַנען אויך ניט געגאַנגען. איז ער א ביסל געפאָרן אַף א פורל, א ביסל געגאַנגען צופוס.

גייט ער איינמאָל אזוי אין פעלד און הערט, ווי עמעצער שפּילט אף א סאָפּילקעלע. און א ניגן אזא, אז ס'האָט אים אזש פארכאפּט באם הארצן. האָט ער פארגעסן אין אלע געשעפטן, פארגעסן, נאָך וואָס דער שווער האָט אים געשיקט, אראָפּ פונעם וועג און געלאָזט זיך גיין מיטן פעלד אהין, פונוואַנען עס האָט זיך געהערט דער ניגן. גייט ער און הערט זיך איַין, שטעלט זיך אָפּ און הערט זיך ווידער איַין, ביז ער האָט דערזען א בערגעלע און אפן בערגעלע א פאסטעכל, דאָס פאסטעכל זיצט און שפּילט אף דעם סאָפּילקעלע און ארום אים פאשען זיך אריבער הונדערט שאָף. איז אים געוואָרן א פארדראָס: אזא שיינער ניגן, און מע שפּילט אים גאָר פאר די שאָף.

— פארקויף מיר דעם ניגן, — זאָגט ער צום פאסטעכל.

דאָס פאסטעכל קוקט אף אים און פארשטייט ניט, וואָס ער מיינט. ווי קען מען עס פארקויפן א ניגן? ער איז אָבער געווען ניט קיין נאַר, יענץ פאסטעכל.

— און וואָס וועסטו מיר באַצאָלן דערפאר? — פרעגט ער באם יונגנמאַן.

— אלץ, וואָס איך פארמאָג! — טוט ער א זאָג און נעמט גלייַך ארויס דעם בייַטל מיט געלט. — נא, אָט דאָס גיב איך דיר אוועק פאר דייַן ניגן.

אָפּגעגעבן אים דאָס געלט און פארבליבן מיטן פאסטעכל אף א וואָך, צי אף צוויי, צי אף א גאנצן כוידעש. איַינעם מיט אים געגעסן טרוקן ברויט און פארטרונקען מיט קאלטער וואסער, איַינעם מיט אים געפּאַשעט און געמאָלקן די שאָף, ביז דאָס פאסטעכל האָט אים ניט אויסגעלערנט שפּילן אף דער סאָפּילקע דעם ניגן. געקראָגן אזא זעלטענע סכוירע, האָט דאָס איידעמל געהאלטן, אז ער איז דער רייַכסטער מענטש אין דער וועלט, ווייַל אזא ניגן דארפן הערן ניט קיין שאָף, נאָר מענטשן. האָט ער אָנגעהויבן ארומוואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף. געזעכטיקט, ווו ס'האָט זיך געמאכט, געגעסן, וואָס מענטשן האָבן געגעבן, און אומעטום געשפּילט אף דעם סאָפּילקעלע זייַן ניגן. ער האָט שוין איַינגאנצן פארגעסן, אז ער האָט ערגעץ איבערגעלאָזט א ווייַב, אז דער שווער האָט אים געשיקט נאָך סכוירע. ארומגעבלאָנדזעט און געשפּילט. און געהאלטן, אז ער איז דער רייַכסטער און דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. אזוי האָט ער ארומגעוואַנדערט, ביז ער האָט פארבלאָנדזעט צו זיך אין אייגענעם שטעטל. געקומען איז ער אהין אין איינער א ווינטערדיקער, פראָסטיקער נאכט, און ערשט דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט דאָ א ווייַב און שווער־און־שוויגער, און אז דאָס איז ער אמאָל אוועק פונדאַנען איַינקויפן סכוירע. האָט זיך אים זייער געוואָלט ווייַזן אלעמען, סארא גאָלדענע סכוירע ער האָט איַינגעקויפט. איז ער געגאנגען איבער דער באנאכטיקער גאס און געשפּילט, צוגעקומען צו דער אייגענער שטוב און אלץ געשפּילט. דער פראָסט האָט שוין דורכגענומען אלע גלידער זייַנע, ער האָט שוין אפילע געהאט א טראכט געטאָן, אז מע דארף אָנקלאפּן, נאָר ער האָט מוירע געהאט זיך שיידן מיטן ניגן. געווען זיכער, אז עמעצער אין שטוב וועט אים דערהערן. נאָר קיינער האָט דעם ניגן ניט דערהערט. און עפּשער דערהערט, נאָר ניט פאר־

שטאַנען, געמיינט, אַז דער ווינט וואָיעט. אַזוי איז ער פאַרפרוירן געוואָרן הינטער דער אייגענער שטוב, פאַרפרוירן געוואָרן איניינעם מיט זײַן ניגון...

...עס לעשן זיך די שטערן איינער נאָכן אַנדערן און אויפן הימל ווערט וואָס אַמאָל פּוסטער און אומהיימלעכער. אין אַזעלכע מינוטן ווערט זעליקן שטענדיק אַ ביסל אומעטיק אויפן האַרצן, ווי בײַ עפּעס אַ שטומער געזעגע־נונג.

דעם טאַטנס מײַסעלע זעט אים אויך אויס, ווי געבוירן אין אַ פרײַען באַגינען, ווען דער הימל האָט נאָך פאַרהיט אויף זיך אַ סאַך שטערן און ווען אין שטילן, אײַנגעשלאָפענעם אָרום קאָן מען אויפכאַפּן דעם סאַמע אייידלסטן, דינסטן ניגון.

— הערסטו, טאַטע... איך מיין, אַז יענער יונגערמאַן איז געווען גאָר ניט אַזאַ שלימאַזל...

— וואָס דען איז ער געווען?

— אַ טרוימער. און די וועלט וואָלט געווען זייער אָרעם אָן אַזעלכע שלימאַזאָלים.

— ביסטו אויך פון די, וואָס ווילן אויסזינגען דער וועלט אַ ניגון?

— איך ווייס ניט...

— וואָס ווייסטו ניט?

— איך ווייס ניט, צי ס׳וועט זיך מיר אײַנגעבן, איך ווייס נאָר איין זאַך: אָן אַ ניגון איז דער מענטש קיין מענטש ניט. יעדער מענטש מוז האָבן זײַן ניגון.

— נו, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. אָט, אַשטייגער, ווען איך פאָר אַרויס מיטן גניאַדן און ער הייבט אָן אויסקלאַפּן מיט די פּידקאָוועס איבער די שטיינער צאָק, צאָק, צאָק, צאָק, צאָק, איז פאַר מיר קיין בעסערער ניגון אויף דער וועלט ניטאָ.

ער האָט געוואָלט זאָגן זעליקן נאָך עפּעס, געוואָלט דערווײַזן אים, אַז ניגונים זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע: אַזעלכע, פון וועלכע דער מענטש עסט ברויט, און אַזעלכע, וואָס זײַנען ניט מער ווי אַ מעשוגאַס, אַ פּוסטער כאָלעם. נאָר ער האָט אויך באַמערקט, ווי דער הימל האָט אָנגעהויבן בײַטן זײַן קאָליר, און זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— מע דאַרף אונטערוואַרפן דעם פערד אַ ביסל היי.

זעליק האָט שוין לאַנג ניט געזען דעם טאַטן אַזוי נאָענט, און איצט האָט ער מיט פאַרדראָס אַ טראַכט געטאָן, אַז ער קען אים זייער ווייניק. ער באַוואונדערט דעם טאַטנס מעכטיקע, האָריקע ברוסט, וואָס עטעמט אַזוי האַסטיק, אַז עס ווערט איר ענג אין דעם ברייט צעשפּיליעטן העמד, ער באַוואונדערט זײַנע פאַרהאָרעוועטע, אָנגעהאָרעוועטע הענט, ווי זיי האָבן עס, ווי אַ פּעדערל, אַ הייב געטאָן דעם עמער וואַסער, און ווי ער איז צוגעפאַלן צום עמער מיט עפּעס אַ ניט־מענטשלעכן דאָרשט. און דאָס קוויקעניש זײַנס, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין שטילן באַגינען, ווי אַ ברום פון אַ לייב. און דער ברייטער, צעצויגענער גענעץ, וואָס איז פול מיט פאַרגעניגן פון אַן אויסגערוטן מענטשן, כאָטש ער איז הײַנטיקע נאַכט קימאַט ניט געשלאָפן. ער האָט אַ פאַרגאַפטער צוגעקוקט, ווי דער טאַטע

האָט אויסגעצויגן ביידע הענט, ווי פּרווונדיק די גוורע, וואָס איז אים צוגעקומען פאַר דער נאַכט.

— עפּשער ווּעסטו מיר העלפן דעם גניאדן א קעם טאָן? — האָט דער טאַטע זיך אָנגערופן. — פיר אים ארויס. דאָס קעמל ליגט דאָרטן, ווו שטענדיק. דאָס קעמל מיטן בערשטל.

דער גניאדער, לעהייפּעך צו זײַן באַלעבאָס, האָט ניט באַוויזן קומען צו־זיך פאַר דער קורצער, זומערדיקער נאַכט. געשטאַנען ניט קיין אויס־געשלאָפענער, מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און די אונטערשטע ליפּ איז פויל אראָפּגעהאַנגען, ווי ניט קיין לעבעדיקער גליד. אפילו באַ דער קנאַפּער באַגינענדיקער שײַן האָט מען געקאָנט באַמערקן, אַז דאָס פערדל איז שוין היפּש אָפּגעקראָכן און האָט בלויז ערטערווײַז פאַרהיט אַ ביסעלע האָר — נעסטעלעך פון געדיכטן שטויב און שטיקנדיקן פערדישן שווייס.

געכאַפּט דעם זונס אַ ביסל גרינגשעצערישן בליק, האָט מאָטל געפּרווּט אָנעמען זיך פאַרן קאָוועד פונעם גניאדן און פאַרענטפערן אַ ביסל זיך אליין:

— יונגע קוואַטש האָט פאַר אָט דער צײַט דרײַ פערד פאַרמאָרדעוועט. און דער גניאדער, קיין אײַנהאָרע, האַלט זיך. ווייסט, וויפל דאָס פערדל איז אַלט? טו אומיסטן אַ קוק, אויב דו פאַרשטייסט עפּעס אין פערדישע ציין. אינעם גאַנצן קאַנט ווּעסטו אַזאַ זאַקן ניט געפינען...

דער גאַנצער שמועס מיטן טאַטן, אליין דער באַגינען, וואָס איז אָנגע־קומען אַף די שפּיץ פינגער, גלײַך ער האָט מוירע געהאַט עמעצן אופוועקן פאַר דער צײַט, דער גניאדע מיט זײַנע אויסגעקראָכענע קליבעס און אראָפּהענגענדיקער ליפּ, דאָס פאַרזשאַווערטע קעמל, אַן אָנגעקלאַפּטס מיט פערדישע האָר, האָט אים אויסגעזען ווי עפּעס ביז גאָר לאַנגאָניקס... און ס׳איז אים באַפאַלן מיטאמאָל אַ מאָדנער געדאַנק, אַז ער מיט זײַן טאַטע־מאַמע לעבן יעדערער אין פאַרשיידענע וועלטן, אין פאַרשיידענע צײַטן, מיט פאַרשיידענע גיכקײַטן און מיט גאָר פאַרשיידענע אָנשויונגען. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן פאָרשטעלן, אַז צווישן אים און זײַן טאַטן ליגט אַ גאַנצער יאָרהונדערט, וואָס איז עפּעס אַף אַן אויסטערלישן אויפן ארויס־געפאַלן פון דער צײַט. געוויס האָט צווישן זיי געדאַרפט זײַן נאָך עפּעס אַ דאָר אָדער צוויי, און וואָלט אים אַ סאַך גרינגער געווען באַנעמען און אופנעמען אַזאַ האָריקן גיבער אַלס זײַנעם אַ זיידן אָדער עלטערזיידן. עפּשער איז דאָס דערפאַר, וואָס בעסאַראַביע איז צוריק מיט אַ פאָר צענדליק יאָר אַרײַן אין דער נײַער וועלט מיט אַלע אירע אַלטקײַטן?.. איז ער, הייסט עס, אַרײַן אין דער נײַער צײַט און איבערגעלאָזט זײַנע על־טערן אין דער אַלטער?.. עס הייבט אים אַזש אָן בראָטן באַם הארצן פון אַזעלכע געדאַנקען.

דעם שטילן באַגינען האָבן מיטאמאָל אופגעריסן עטלעכע שאַרפע קלאַנגען. שאַרפע און אַזעלכע דיבינקע, ווי עמעצער וואָלט געפּרווּט אַרײַנקלאַפּן צוועקלעך אין אַספאַלט. מאָטל האָט אַ ציטער געטאָן.

— דו הערסט? פערדישע טלאָען... צאָק, צאָק, צאָק, צאָק... עמעצער איז שוין אין וועג...

זעליק האָט זיך אויך אײַנגעהערט. נאָר ער האָט אופגעכאַפּט אין די קלאַנגען גאָר עפּעס אַנדערש. מיידלשע דינע אָפּצאַסן. און גערעדט האָבן זיי צו אים גאָר אויף אַן אַנדער אופן. ניט צאַק, צאָק, נאָר טיק־טאַק, טיק־טאַק, ווי אַ זייגער. און אַז מע וויל, קאָן מען אויך הערן, ווי אין איינ־קלאַנג מיט דעם קלאַפּט אויך דאָס מיידלשע האַרץ. מיסטאָמע פאַרהאַלטן זיך ערגעץ אויף אַ שפּאַציר און יאָגט איצט אַהיים. ער וויל דערווידערן דעם טאַטן, זאָגן, אַז ער האָט אַ טאָעס געהאַט, נאָר עפּעס האַלט אים אָפּ.

אָן אַנדערשמאָל וואָלט מאָטל שוין אײַנגעשפּאַנט דעם גניאַדן און אַרויסגעפאָרן אויף דער גאַס. ער האָט געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן פון יענע שטילע מינוטן פונעם פריזן באַגינען, ווען אַלץ אַרום איז אײַנגע־הילט אין אַ גרינעם נעפּל און ער מיט זײַן גניאַדן זײַנען די איינציקע הערשער איבער דער נאָך פאַרשלאָפענער שטאָט. דאָס מאָל האָט ער זיך ניט געאײַלט. ס׳האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיטן זון, וואָס איז די גאַנצע צײַט פאַר אים אַ רעטעניש מיט זײַן אומפאַרשטענדלעכער אָפּגעפרעמדט־קײַט און וואָס איז אויך פאַר דער הײַנטיקער נאַכט ניט געוואָרן אויף קיין האָר נעענטער. ס׳האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זעליק האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן אינטערעס צו דער עלטער פונעם גניאַדן. וועט מאָטל שוין ניט אַרויספאָרן אויף דער אַרבעט, ביז ער וועט אַ ביסל זיך ניט דורכשמועסן מיטן זון אַזוי, אַז דער הײַנטיקער פרישטיק זאָל אים אויסזען אַ ביסל איבערגעזאַלצן...

אים איז ניט געפעלן געוואָרן, ווי זעליק קעמט און בערשטלט דאָס פערד. אַ נעם געטאָן בא אים דאָס קעמל און אַ ביסל בייזלעך גענומען דורכקעמען די האָר־קנוילן, כאַפּנדיק אַלעמאָל אַ קוק פון דער זײַט אויפן זון. זאָל ער, הייסט עס, זען, ווי מע דאַרף רייניקן אַ פערד. זעליקן האָט אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז דער עסעריקער שטויב, און ער האָט זיך צעניסט.

— צו געזונט, — האָט מאָטל זיך אָנגערופן און דערפילט, ווי דער קאַס אויפן זון הייבט אָן פאַרשווינדן ווערן. — אָט אַזוי, זון מײַנער, — געוואָלט וואָס גיכער אַרויסרעדן זיך, קאָלזמאַן ס׳איז נאָך געבליבן עפּעס פון זײַן רויגעז. — פליסט אַרום אין די הימלען און פאַרגעסט אַמאָל אײַנגאַנצן, פונוואַנען דו שטאַמסט און ווער דײַנע עלטערן זײַנען...

ווען ס׳איז אַ ביסעלע ליכטיקער, וואָלט מאָטל באַמערקט, ווי זעליק איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן. אים האָט זיך געדוכט, אַז דער טאַטע האָט נאָרוואָס איבערגעלייענט זײַנע געדאַנקען.

— איך פאַרשטיי ניט, טאַטע, וואָס דו מיינסט, — האָט ער אָנגעהויבן פאַרענטפערן זיך.

— טאַקע דיך אַליין מיין איך. דעם יִכעס דײַנעם.

— וועלכן יִכעס, טאַטע?

— דעם באַלעגאָלישן, איבער וועלכן טײַבל האָט דיך אוועקגעוואָרפן.

— זי האָט מיך ניט אוועקגעוואָרפן. פאַרקערט...

— איז די מײַסע נאָך שענער. איך אויף דײַן אָרט!..

— וואָס וואָלסטו געטאָן אויף מײַן אָרט?

— ע, וואָס איך וואָלט געטאָן!..

מאָטל האָט, אַפּאַנעם, דערפֿילט, אַז ער האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט אַ שלײַדער געטאָן דאָס קעמל, דערנאָך דאָס בערשטל און איבעראַשט זעליקן מיט זײַן טרעפֿלעכן צילעווען. דאָס קעמל און דאָס בערשטל זײַנען ווי צוגעזאָטן געוואָרן צום הילצערנעם ווענטל און גע־בליבן הענגען אויף זייערע ערטער. דערנאָך האָט ער מיט דער רעכטער האַנט גרינג אַ נעם געטאָן זעליקן באַם רעכטן אַקסל.

— ווען איך האָב זיך געשאַדכנט צו דײַן מאַמען... — אים אַליין איז געוואָרן גוט פֿון די דערמאָנונגען, און די שטים האָט געקלונגען פֿיל ווייכער. — מײַנסט, ס׳איז געגאַנגען אַזוי גלאַטיק? מיטן יכעס איז אַלץ געווען אין אָרדענונג. ביידע פֿון איין גראַד. נאָר מיטן נאַדן... זייער ווײ־ניק נאַדן געווען בײַ דײַן מאַמען. און איך האָב געדאַרפֿט כאָטש אַ ביסל געלט. אוי, ווי געדאַרפֿט! ווי האָט מען עס כאַסענע און מע בלײַבט אַ שמײַסער בײַ יענעם? כאָטש איין פֿערדל דערוויַיל! האָבן מײַנע עלטערן זיך אײַנגעשפּאַרט. אויב דײַן מאַמעס עלטערן גיבן ניט אויף קיין פֿערד, איז אויס מיטן שידעך. אָבער איך מיט דײַן מאַמען האָבן זיך אויך אײַנ־געשפּאַרט. אויב די עלטערן וועלן ניט אויסקומען צווישן זיך, וועלן מיר זיך אַן אייצע געבן אָן זיי. און ביז מירן פֿאַרדינען אויף אַ פֿערד, וועלן מיר, ווי עס רעדט זיך, אַליין זיך אײַנשפּאַנען. און מיר האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט! און געשלעפּט! אוי, ווי שווער געשלעפּט! נאָר אַז מע האָט ליב איינער דעם אַנדערן, איז דען פֿאַראַן עפּעס שווערס אויף דער וועלט? אָט אַזוי, זונעלע, האָב איך מיט דײַן מאַמען... כאָטש דאַן איז נאָך ניט געווען בײַ אונדז קיין ראַטנמאַכט.

— נו, דאָס איז עפּעס אַנדערש.

— פֿאַרוואָס אַנדערש? ווי זאָגט מען עס, די זעלבע לייע, נאָר אַנ־דערש געשלײַערט.

— וואָס זשע האָב איך געזאָלט טאָן?

— וואָס טאָן... ווייסט, ווי איך מיט דײַן מאַמען האָבן געהאַט באַ־שטימט? אויב די עלטערן קומען ניט דורך צווישן זיך, גאַנווע איך זי אַרויס, פֿיר זי אָוועק אין אַן אַנדער שטעטל, שטעל אַ שטילע כופּע, און רוף מיך קנאַקניסל. אַלע באַלעגאָלע־יונגען זײַנען גרייט געווען בעמען אונטערפֿירעכץ, און אַ צענדליק פֿאַטאָנדלעך זײַנען אַ גאַנצע נאַכט גע־שטאַנען אײַנגעשפּאַנט!

— דעמלט זײַנען געווען אַנדערע צײַטן, טאַטע. איצט גאַנוועט מען ניט אַרויס.

— פֿאַרשטייט זיך, איצט איז מען איידל געפּאַצקעט. נאָר איך מיין אַזוי. אָדער יענע טײַבל דײַנע האָט דיך קיינמאָל ניט ליב געהאַט אַפּ־אַנעמעסן, אָדער דו אַליין ביסט אַ לעמעשקע. אָט אַזוי, זונעניו, און האָב אויף מיר קיין פֿאַריבל ניט. עפּשער אַ ביסל צו גראָבלעך געזאָגט, נאָר מיר ווייסן ניט פֿון קיין מיקרעס און פֿון קיין מאַקרעס. וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? איך רעד עפּשער נאַרישקײַטן?

— ניין, פֿאַרקערט...

— איז דאָך אוואדע גוט. דו מיינסט דאָך געוויס, אז מיטן טאטן איז ביכלאל ניט שײַעך צו ריידן וועגן אזעלכע זאכן. כ׳ווע, וואָס ווייסט דאָרט א באלעגאָלע, וועלכער קאָן קוים א וואָרט אָנשרײַבן, און דאָס נאָר אף יידיש. באזונדערס נאָך דעם, ווי ער האָט פלוצלינג ארײַנגעפליוכעט א בריוול, האז? נאָר געמיינט האָב איך גראָד גאָר עפּעס אנדערש.

— וואָס זשע האָסטו געמיינט?

— וואָס געמיינט...— האָט מאָטל אים איבערגעקרימט. — אָט זאָג מיר נאָר, ביסט דאָך עפּעס א שטיקל געלערנטער. צוליב וואָס איז די גאנצע טועכץ פונעם מענטשן? נאָר צוליבן שטיקל ברויט?

אוי, האָט זיך אים געוואָלט, זעליקן, אז וואָלאָדיע און אלע מיטאַר־בעטער פון זייער לאבאָראטאָריע זאָלן שטיין דערבײַ און אויסהערן זײַן טאטנס טײַנעס. און דער שעף זייערער אויך. וואָס וואָלטן זיי געזאָגט דערוף?

— פארשטייסט, טאטע, ווי זאָל איך דיר דאָס דערקלערן?..

— איך ווייס דאָס אָן דײַנע דערקלערונגען. נאָר דער דירעקטאָר אונדזערער... א נײַע שטעלע מיר אָפּגעזוכט! אז איך דארף אָבער ניט קיין שטעלעס! דאָס גאנצע לעבן בא א מענטשן איז די מעלאָכע זײַנע. נעם צו בא אים די מעלאָכע, ווערט ער אויס מענטש. אָט, טו א קוק אף מײַן פערדל. קיינער וועט פאר דעם קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט געבן. און נעם אפילע מיך אליין. קיינער וועט וועגן מיר קיין גוט וואָרט ניט זאָגן. א באלעגאָלע פליט ניט אין די הימלען, און מע שרײַבט וועגן אים ניט אין די גאזעטן. נאָר אז דו פירסט אלע טאָג ארײַן אין עטלעכע הײַזער נײַ מעבל, ווינטשעווען צו די באלעבאטים געזונט און גליק, די באלע־באטים שטעלן דיר דערבײַ א קויסעלע און דאנקען נאָך אָפּ, פילסטו, אז דו ביסט אויך א מענטש צווישן מענטשן, אז דו יאָגסט ניט ארום אין אוילעם־האטויהו, נאָר דרייסט זיך ארום גלײַך מיט אלעמען, ווי זאָגט מען איצט, אף דער אָרביטע. נו, וואָס וועסטו זאָגן דערוף?

וואָס צו זאָגן האָט זעליק ניט געוווּסט. זינט ער געדענקט זיך, איז דאָס זײַן ערשטער ערנסטער שמועס מיטן טאטן. דעם עמעס געזאָגט, האָט ער ביז איצט טאקע זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז מע קאָן רעדן מיטן טאטן וועגן אזעלכע זאכן. זינט ער געדענקט זיך, איז אלץ געווען אזוי פעסט פארטיילט און אָפּגעגרענעצט, — דער טאטע מיטן פערד־און־וואָגן, די מאַ־מע אין מארק און אין קיך, און ער מיט די ביכער, — אז יעדערער פון זיי האָט טאקע ווי געלעבט אין א באזונדער וועלט. האָט ער, הייסט עס, א טאָעס געהאט?

שטייט ער, דער געלערנטער זון, און פינטלט מיט די קורצזיכטיקע אויגן. ס׳איז א ביזאָיען פארן טאטן. און ביז גאָר פארדראָסיק אף זיך אליין. זײַנען, הייסט עס, אין אלע זײַנע זוכונגען און אויסרעכענונגען פאראן זייער ערנסטע בלויזן, וועלכע וועסט ניט ארײַנלייגן אין קיינע סכעמעס און פאָרמולעס. און גאנץ מעגלעך, אז ער האָט דורכגעלאָזט עפּעס זייער און וויכטיקס. אָט האָט דער טאטע א זאָג געטאָן עט־לעכע פאָשעטע, אפילע א ביסל גראָבע ווערטער, און צונישט געמאכט אלע זײַנע פאָרשטעלונגען. עפּשער האָט ער טאקע צו פרי זיך פארקליבן

אין די הימלען און ניט באוויזן אויספאָרשן און אויסקלאָרן א ריי ריין ערדישע זאכן.

מאָטלען האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער האָט געזאָגט עפּעס ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, און זעליק האָט זיך באַליידיקט. מוז מען א ביסל פאַרגלעטן. ער איז דאָך א גאַסט!

— נו, מיילע, איר פליט אַרום אין די הימלען, פליט געזונטערהייט. מיסטאמע איז דאָס אויך א נייטיקע זאך. מע טאָר אָבער די ערד ניט פאַרגעסן.

געטראָפן אין פינטל אַרײַן! עס קומט טאקע אָפּט אויף בא אים, בא זעליקן, א מין ביטל־געפיל צו פּאָשעטע ערדישע מענטשן. און אויב זײַן אופריכטיק ביזן סאָף, מוז ער אַנערקענען, אז די גאַנצע צײַט האָט ער זיך טאקע אונטערגעשעמט א ביסל מיטן טאַטן, מיט זײַן באַלעגאָלישן ייִכעס, איבער וועלכן ער האָט אָנגעוווירן טײַבלען. און אפילו דאָרטן, אינעם אקאדעמישן שטעטל, האָט ער שטענדיק, אָנרופנדיק דעם טאַטנס פאַך שעמעוודיק, א ביסל פאַראַלגעמיינערט — א מיטאַרבעטער פון פּראָמקאָמבינאַט. דאָס האָט געקלונגען עטוואָס פײַנער.

מאָטל כידעשט זיך: וואָס איז עס פּלוצלינג געשען מיט זעליקן, וואָס ער איז געוואָרן אזוי צוגעלאָזט? אַרויסגעצויגן פון דער קרענעצע אַן עמער וואַסער, אָפּגעגאָסן דעם טאַטן אף די הענט, אַרײַן אין שטוב און אַרויס פון דאָרטן מיט א פרישן האַנטעך, און די גאַנצע צײַט באַם פרישטיק ניט אופגעהערט צו שמייכלען מיט זײַן אַמאָליק קינדעריש שמייכעלע, וואָס האָט אים געמאַכט א סאַך ייִנגער, אייגענער און נעענטער. אפילע די ווערטער האָבן אויך געקלונגען קינדעריש:

— טאַטע, וועסט מיך הײַנט מיטנעמען מיט זיך?

— וווּהין מיטנעמען? — האָט מאָטל ניט פאַרשטאַנען.

— אף דער אַרבעט. כ'וועל דיר העלפן א ביסל.

האָט שוין שעווע געמוזט אָנעמען זיך פאַרן זונס קאָוועד:

— קאָנסט ניט צוטראַכטן עפּעס שענערס? וואָס וועלן מענטשן זאָגן?

— וואָס דאַרפן זיי דען זאָגן? פאַרשטייסט, מאַמע, די דאָקטוירים האָבן געראַטן. פיזישע אַרבעט. און וואָס מערער אף דער פרײַער לופט.

איז דאָס פאַר שעוען א נײַע רעטעניש. לייגט זי צו אירע קליינינקע, ביינערדיקע פינגערלעך צו איר פּיצינקן גוידערל און טוט א זאָג צו זיך אַליין:

— אײַ, אײַ, אײַ... א וועלט מיט וועלטעלעך!

6

מאָטלען האָט זיך געדוכט, אז קיין גלײַכן צו אים איז אין דער וועלט ניטאָ. עס קימערט אים שוין ניט, וואָס די זון טשמעליעט אזוי, ער פאַרגעסט אפילע, אז מע דאַרף זיך די גאַנצע צײַט האַלטן באַם טראָטואַר און היטן זיך פאַר די מאַשינעס, ציטערן פאַר עפּעס א שאָפער. ער האָט איצט פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. באַנאַנד מיט אים זיצט זײַן זעליק, און אים

ווילט זיך גראָד, אַז עמעצער פון די שאָפערס זאָל אים הײַנט פארטשעפּען. ער שמײַסט מיט דער בײַטש, מאכט מיט איר פארשיידענע קונצן, ציט זי אויס, פארדרייט זי אין א טאנצנדיק שלענגעלע און זינגט אויס זײַן „וויאָ", ווי אף א גרויסן יאריד.

דער גניאדער, דוכט זיך מאָטלען, איז פארכידעשט און א ביסל באליידיקט. ער איז ניט געוווינט זען אפן זיץ־ברעטל א זײַטיקן, און נאָך מער ניט געוווינט, אַז דער באלעבאָס זאָל די גאנצע צײַט שמועסן מיט עמעצן אנדערש און פארגעסן זאָגן אים עפּעס א וואָרט.

— וואָס זשע, דערקענסט ניט? — רופט מאָטל זיך אָן צום גניאדן, סטארענדיק זיך שטילן זײַן אייפער־געפיל. ער גיט אים בייסמײַסע א טאָרקע מיטן בײַטשל און הייבט אָן בארימען זיך. — דאָס איז דאָך ער, מײַן זעליק. דאָס האָט דאָך ער הײַנט פארטאָג דיך אויסגעקעמט. האָסט גאָר ניט געפילט קיין נײַע הענט?

דער גניאדער האָט א טרייסל געטאָן מיטן בייגערדיקן רוקן.

— קיצל ניט, ווייסט דאָך, אַז איך האָב פײַנט, אַז מע קיצלט מיך...

קוינים זײַנען הײַנט, ווי שטענדיק, געווען ניט ווייניק, און ווי נאָר מע איז צוגעפאָרן צום מעבל־מאגאזין, האָט מען שוין געדארפט ארויסטראָגן א שאפע מיט א טיש און דערנאָך ארופטראָגן זיי אפן דריטן שטאָק. בא מאָטלען איז דאָס געווען א וואָכעדיקע זאך, נאָר זעליק האָט טאקע גוט צוגעשוויצט און קוים אָפּגעדעכעט. כאָטש קיינער האָט בא אים זיך ניט נאָכגעפרעגט, האָט מאָטל גענומען דערקלערן די באלעבאטים, ווער איז דאָס דער הײַנטיקער מיטהעלפער זײַנער:

— מײַן זון. א געלערנטער. האָט צו טאָן מיט די קאָסמאָסן. געקומען צוגאסט אף עטלעכע טעג.

זעליקן איז דאָס אויך געפעלן געוואָרן. אַז מע שטייט אינגאנצן א פארשוויצטער, מע סאָפּעט הויך און האסטיק, איז גוט, אַז עמעצער קאָן דאָס דערקלערן און פאָרשטעלן דיך אויך פון אן אנדער זײַט. נאָר ווען מאָטל האָט דאָס איבערגעכאזערט איין מאָל און א צווייט מאָל, איז אים שוין געוואָרן פריקרע.

— מע דארף ניט, טאטע, איך בעט דיך.

— וואָסי? זאָלן זיי וויסן! זאָלן זיי אָנהייבן צו פארשטיין, אַז א געלערנטער און א באלעגאָלע זײַנען איצט פון איין יִיכעס.

דאָס האָט שוין גיכער געהאט א שײַכעס צו טײַבלס עלטערן, וועגן וועלכע מאָטל האָט ניט געקאָנט רעדן רויִק. נאָר הײַנט האָט ער ניט געוואָלט אופרייצן זיך, פאטערן זיך אליין דעם יאָמטעוו, און דעם זון — די געהויבענע שטימונג.

זעליק האָט הײַנט א פארגאפטער אפסנײַ אנטדעקט פאר זיך זײַן אייגענע שטאָט, באזונדערס איר נײַעם ראיאָן, וווהין מע האָט געהאלטן אין איין פירן דאָס מעבל.

ער איז שטארק אויסגעוואקסן, דער נײַער טייל פון דער שטאָט, פאר די פינף יאָר, וואָס ער, זעליק, איז דאָ ניט געווען. לאנגע גאסן, ברייטע פּראָספּעקטן, גרינע אלייעס. מיט זייער לופטיקער ראכוועסדיקײַט און יונג־

קײַט, מיט דער שפּיל פֿון פֿאַרבן און מיט זייער זוניקײַט האָבן זײ זיך געקאָנט פֿאַרװעטן מיט דעם אַלטן טײל. אײגנטלעך, איז דאָס אַ נײַע שטאָט, װאָס הײבט ערשט אָן איר לעבן, איר געשיכטע, װוּ קײן אײן גאַס איז נאָך ניט פֿאַרענדיקט, בױט אַלעמאָל צו פֿאַר זיך אַ נײַ הױז, נעמט אַרײַן אין זיך נײַע און נײַע אײַנװױנער.

װי װעלן לעבן די מענטשן אין אָט די נײַע אױסגעבױטע גאַסן אין צען יאָר אַרום, אין הונדערט יאָר אַרום? זעליק, װאָס איז די לעצטע יאָרן געװוינט מעסטן אַלץ מיט אַסטראָנאָמישע מאָסן, האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז די יונגע אײַנװױנער פֿון די נײַע הײַזער װעלן זען פֿאַר זייער לעבן אַזױנס, װעגן װאָס עס טראַכטן דערװײַל בלױז טרױמער און געלערנטע.

דאָס הױז, צו װעלכן זײ זײַנען צוגעפֿאָרן, האָט ערשט נעכטן זיך אױסגעשײלט פֿון די לעצטע רישטעװאַניעס. די טירן און פֿענצטער האָבן נאָך ניט באַװיזן אַרױסצעטעמען פֿון זיך די שאַרפֿע רײכעס פֿון פֿאַרבן. אױף די געלבלעכע פֿאַרקעטענע דילן און אױף די טונקל־גרױע צעמענטענע טרעפּ זײַנען נאָך געװען פֿרישע שפּורן פֿון די בױער, פֿון זײערע הענט, פֿון זייער מי.

ערשט נעכטן האָט מען דאָס נײַע הױז צוגעשריבן צו דער גאַס. דערפֿאַר, מעגלעך, האָט זיך עס נאָך געפֿילט אַ ביסל פֿרעמדלעך צװישן דער אומבאַקאַנטער װעלט, מיט װעלכער עס דאַרף ערשט זיך פֿאַרײניקן, צונױפֿגיסן זיך. מאָרגן, איבערמאָרגן, טאָג נאָך טאָג װעט דאָס נײַע הױז דורך די אַלע אַספֿאַלטירטע װעגן און סטעזשקעלעך, דורך די טעלעפֿאָן־ און עלעקטראָ־דראָטן, דורך די ראַדיאָ־ און טעלעװיזיע־אַנטענעס, פֿאַרײניקן זיך מיט דער גאַנצער גאַס, װערן אַ לעבעדיקער טײל פֿון דער שטאָט, פֿון דער גאַנצער װעלט. דערװײַל איז עס געשטאַנען באַם ראַנד אַ ביסל אָפּגעזונדערט. די װעגן צו אים זײַנען געװען טיף דורכגעשניטן פֿון די טראַקטאָרס און בולדאָזערס, װאָס האָבן דאָ געבאַלעבאַטעװעט אַ לענגערע צײַט.

טאַקע גלײַך דערנעבן, אָפּגעטײלט מיט אַ געװײנלעכן דאָרפֿישן גאָרטן, איז געװאַקסן שױן ניט קײן יונגער סאָד. אױף די בײמער זײַנען געהאַנגען צײַטיקע עפּל און באַרן, װאָס האָבן בעשעפֿע אָנגעזעטיקט דעם גאַנצן אַרום מיט זייער האָניק־זיסן זאַפֿט. פֿאַרפּוצט איז זײַן פֿרײַ־האַרבסטיקער גאָלדענער קרױן, האָט דער סאָד געטעמט מיט שטילער, אײַנװיגנדיקער רו. גוט װעט זײַן די, װעמעס פֿענצטער עס קוקן אַרױס אין סאָד אַרײַן. זײ װעלן געניסן פֿון די רײכעס פֿונעם פֿרילינגדיקן צװיט, פֿון דער אָפּפֿרישנדיקער קילקײַט אין די זומערדיקע היצן, װעלן שפּיגלען זיך אין דער פֿאַרביקער רײַפֿקײַט פֿון די געדיכט באַהאַנגענע צװײַגן.

קײנער האָט, מעגלעך, דעם טאָג ניט געטראַכט װעגן אַזעלכע זאַכן. אַלע זײַנען געװען באַהערשט פֿון דעם גרױסן, לאַנג דערװאַרטן כאַנוקאַס־האַבאַזיס־פֿיבער. די טיף אײַנגעשניטענע װעגן זײַנען געװען פֿאַרפֿולט און איבערגעפֿולט מיט אױטאָמאַשינעס און װעגענער, הױך־אָנגעפּאַקעװעטע מיט נײַ און אַלט מעבל. דער גאַנצער הױף, װאָס האָט נאָך דערװײַל ניט געהאַט קײן גרענעצן און אַרומצױמונגען, איז געװען פֿאַרװאַלגערט מיט

אָן א שיר שטוב־זאכן. שטימען, אויסגעשרייען — פריילעכע, אופגערודערטע און א ביסל צעטומלטע האָבן זיך געטראָגן, ארומגעשוועבט איבערן הויף און איבערגעמישט זיך אין איין פארטויבנדיקן גערויש.

— איציק, אָסטאָראָזשנע! וועסט צעברעכן די ליוסטרע.

— כאנע, ווו איז מײַן שטעקעלע? איך האָב דיר דאָך אָנגעזאָגט!

— גוואלד, וואָס טוט מען, זי וויל ניט ארײַנקריכן, די אלטע שאפע!

— מיכאיל וואסיליעוויטש, גיכער, גיכער, עס פאלט מיר ארויס פון די הענט.

— מארינא, און דאָס פלעשל! מע דארף דאָך דעם מאהאריטש צוגרייטן!

שוין ניט קיין יונגע פרוי, א פולבלעכע, א היפש צעפאטלטע און א פארפאליעטע, האָט איבערגעצויגן אינמיטן הויף אירע שטריק און ארויסגעהאנגען דאָס וועש, וואָס זי האָט ניט באוויזן אויסטריקענען אפן אלטן אָרט. ארויסציִענדיק פון דער מולטער אלעמאָל א נײַ שטיקל גרעט און אויסווישנדיק די הענט אין דעם שוין נאסן פארטעך, האָט זי אויסדערציילט אירע נאָך אומבאקאנטע שכיינים, וויאַזוי דאָס אלץ איז געשען:

— נעכטן נאָכן מיטיק איז מיר פלוצלינג ארײַן אין קאָפ זיך שטעלן וואשן. אײַנגעשלאָסן די וואש־מאשין, און שוין. כ׳האָב נאָר באוויזן איבערדרייען דאָס ערשטע מאָל, קומט ארײַן דער אופראוודאָם — איך זאָל שוין גיין באקומען דעם אָרדער. ווייי איז מיר, און מײַן מאן, ווי אף צולאָכעס, איז אין א קאָמאנדירונג. נאָר ס׳איז עפעס א טערעץ? און ווארטן מיטן אריבערפאָרן טאָר מען אויך ניט. ווער ווייסט? א דירע ווער לאנג ליידיק ניט שטיין. א גליק, וואָס איך האָב א שאָכן א שאָפער. א גאנצע נאכט געפאקעוועט און טאקע באנאכט געענדיקט וואשן. אזא אָנשיקעניש!..

זי באקלאָגט זיך און שמייכלט צו, און ס׳איז צו זען, אז די דאָזיקע „אָנשיקעניש” איז איר גראָד צום הארצן, און אפילע דאָס, וואָס זי איז די ערשטע ארויס אינעם נײַעם הויף מיט איר וועש און האָט א מעגלעכקײַט זיך אָנצורעדן צו זאט מיט די נײַע שכיינים, איז איר אויך צום הארצן.

דער הויף איז פול געווען מיט זאכן, וואָס זײַנען פון דער אלטער שטוב ארויס און אין דער נײַער ניט ארײַן, און האָבן זיך געפילט, דערײַבער, גאנץ פרײַ אף דער פרישער לופט. די באלעבאטים זייערע — אויך דאָס זעלבע: פרײַ פון דער אלטער און ענגער דירע, פרײַ פון די אלטע שכיינים און אלטע קריגערײַען.

די פרוי, פאר ווענען מאָטל מיט זעליקן האָבן צוגעפירט מעבל און ארײַנגעטראָגן אין איר נײַער דירע, האָט זיי ניט אָפּגעלאָזט, ביז זיי האָבן ניט אויסגעהערט די גאנצע געשיכטע וועגן איר ריי אף דער דירע, וועגן אָרדער און וועגן דעם שמועס, וואָס זי האָט געהאט מיטן פאָרזיצער פון זאווקאָם, ווען זי האָט ארײַנגעזאָגט אזוי, אז ער וועט עס פארגעדענקען אף אייביק און וועט פארזאָגן זײַנע קינדער און קינדס־קינדער און אלע די, ווען ס׳איז באשערט אויסגעקליבן צו ווערן אין זאווקאָם...

— הערט א מײַסע. איך בין די הונדערט פיר־און־זעכציקסטע. דער הונדערט דרײַ־און־זיבעציקסטער האָט מיט צוויי כאדאָשים צוריק שוין באקומען א דירע, האָב איך רעכט צו פאָדערן? זאָגט מיר דער פאָרזיצער, אז מע האָט מיך איבערגערוקט. וואָס הייסט איבערגערוקט? טײַנעט ער,

אז די הונדערט פינף־און־זיבעציקסטע איז אף דער צײַט און בייטיקט זיך דרינגענדיק אין א גרעסערער דירע. איר הערט? און אז מײַן סוועטע האלט בא א קאלע ווערן און האָט ניט ווהין דעם כאָסן אַרײַנפירן? זאָל איבער דעם זיך צעפאלן דער שידעך? אויב אזוינס וועט טרעפן, כאַלילע, זאָג איך אים, וועל איך אָנשרײַבן אזש קיין מאָסקווע. יאָ, איך וועל אָנשרײַבן, אז אזא ביוראָקראַט טאָר מען ניט צולאָזן צו אזא הויכן פּאָסטן. יאָ, יאָ, אזוי האָב איך אים טאקע געזאָגט. און נאָך האָב איך געזאָגט: מיר קלײַבן זיך ארײַן אין דער נײַער דירע, שטעלן מיר ארײַן א נײַעם גארניטור און פּראַווען גלײַך א כאסענע.

די צווייטע באלעבאטים, פאר וועמען זיי האָבן צוגעפירט מעבל צום נײַעם הויז, איז געווען א יונג פּאָרפאָלק, וואָס האָט ערשט הײַנט, אין פיר יאָר ארום נאָך דער כאסענע, באקומען עכטע זעלבשטענדיקײַט. איז דאָס געווען פאר זיי א צווייענדיקער יאָמטעוו, און זיי זײַנען געווען גרייט פאַרבעטן אף זייער סימכע דעם גאנצן הויף. ער — א שטארק צעשויבערטער און צעכראסטעטער יונגערמאן, מיט אן אָפענעם, פריילעכן בליק, איז גרייט געווען ארומנעמען און צעקושן זיך מיט אלע זײַנע נײַע שכיינים. זי — א יונגע פרוי, וואָס ווייסט, אז זי איז א שיינע, האָט זיך געהאלטן מיט שטאָלץ. אין אָט דעם יאַרידימדיקן טומל און אײַלעניש האָט זי ניט פאַרגעסן האלטן איר ביז גאָר קאָמפּליצירטע פריזור אין שטרענגסטער אָרדענונג, אלעמאָל זי א ביסל אונטערגעקלאפּט, ווי מע קלאפּט אונטער א ראָשטשינע, זי זאָל זיך ניט זעצן, און אין זײַנען געהאט נאָכקוקן, אז די פּאַרב אף די ליפּן זאָל זיך ניט מינערן.

— נו, ווען מיר באַנעצן, — האָט דער יונגערמאן זיך אָנגערופן האלב צו דער פרוי און האלב צו די באלעבאָטעס. און, ניט ווארטנדיק אף קיין האסקאָמע, ארויסגעשטעלט א פלעשל מיט קעלישעקלעך.

— מע דארף, מע דארף, זארינקע, — אזא געשעעניש... העכסטע סור־ווערעניטעט! איז זאָל זײַן אין א גוטער שאָ.

נאָכן ערשטן קעלישעקל איז ער געוואָרן נאָך מער גוטברודעריש און באַריידעוודיק.

— מיך רופט מען ניקאָלײַ, אָדער פּאָשעט — קאָליא. און דיך ווי? — געפרעגט בא זעליקן, נאָר אף קיין ענטפער ניט געוואָלט וואַרטן.

— אָט, האָב איך צו דיר א פראגע. ארבעטסט מיטן פורל. פאַרוואָס? גע־האלטן און ניט אויסגעהאלטן?

— עס טרעפט, — האָט זעליק אָפּגעענטפערט מיט א שמייכל.

— איז אויב ניט אין אינסטיטוט, גייט מען אין טעכניקום.

— אויך מיר אן איניען.

— דו פּאָלג מיך. איך האָב אויך געמיינט אזוי. אָבער ארומפּאָרן מיטן פורל איז ניט קיין טאכלעס. די ערשטע זאך איז — א מעלאָכע.

— און א באלעגאָלע איז ניט קיין מעלאָכע?

מאָטל איז שוין גרייט געווען אויסגיסן זײַן צאָרן. נאָר ניקאָלײַ איז געווען ניט פון די, וואָס לאָזן רעדן יענעם.

— וואָס רעדט איר, פּאַפּאשא, הײַנטיקע צײַטן?.. אָט, קומסטו אף א זאַ־וואָד מיט א פאך, ביסטו שוין א שטיקל מענטש. דערנאָך — הינטער־אויגיק.

אַט פרעגט זי, מײַן זאַרינקען. דאָס האָט זי מיך ארופגעפירט אפן ריכטיקן וועג. זי האָט געזאָגט: אויב ניט קיין הויכע בילדונג, מעג איך זי ארויס־ווארפן פונעם קאָפּ. איצט בין איך שוין געהילף־מײַסטער. פארשטייט זיך, מיט די עלטערן איז געווען גרינגער. זיי האָבן אונדזער טעכטערל געניאַנ־טשעט. אָבער א מענטש דארף זיך פילן פולקום זעלבשטענדיק. ריכטיק, פאפּאשאַ? און דיר, ברודערקע, וועל איך זאָגן אזוי...

מאָטל האָט געריסן זיך דערציילן, ווער זײַן זעליק איז, און זאָל ער ניט מיינען, אַט דער יונגערמאַן. נאָר אופגעכאַפּט דעם זונס א ווונק, איז ער אָפּגעקומען מיט א פּאָר געציילטע ווערטער:

— איך זאָג אויך אזוי. יעדער מענטש דארף האָבן א פאך.

דאָס נײַע הויז איז געשטאַנען צעפּראַלט מיט אלע זײַנע טירן און פענצ־טער, גלײַך עס האָט קוים דערוואַרט זיך באַגעגענען און אריַנעמען אין זיך די נײַע אײַנוווינער מיט זייער האָב־און־גוטס, מיט דעם אלטן און נײַעם מעבל, אלע טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, קינדער און אייניקלעך, — אלעמען מיט זייערע אלטע געשיכטעס און נײַע זאָרגן, מיט זייער ניט־דערטריקנט וועש און ניט־דערכאָלעמטע כאלוימעס... די ריין אויסגעווישטע פענצטער, וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט אף זיך קיין איין פּאַרהענגל, האָבן פרײַ אריַנגעלאָזט די העלע זון, און זי האָט פארגאָסן, פארפלייצט אלע דירעס מיט אָן א שיר בלענדנדיקע שטראַלן, כאָטש נעם און באָד זיך אין זיי.

ווען זיי זײַנען ארויס פונעם הויז נאָך אן אָרדנטלעכער יאַזדע, האָבן זיי געטראָפן אף זייער וועגעלע א נײַ פּאָרל.

— איצט וועט איר פאָרן מיט אונדז, — האָט זיך אָנגערופן די פרוי מיט אזא קאַטעגאָרישקײַט, אז ס׳האָט זעליקן פּאָשעט איבעראַשט.

— פארשטייט זיך, אויב... ביטע!.. — האָט זיך אָנגערופן דער מאַן, ווי פארענטפערנדיק זיך פארן שטרענגן טאָן פון זײַן פרוי. — איר פארשטייט, אזא טאָג... און בא אונדז אזא איניען.

— אָן איניען, ווי בא אלעמען, — האָט מאָטל אָפּגעענטפערט און זיך א נעם געטאָן פאר די ווישקעס.

— ניין, בא אונדז איז גאָר אן אנדער איניען.

— לאָז מיך, — האָט זיך אָנגערופן די פרוי. — דאָס האָט ער דאָך מיך אָנגערופן באַרמאַשינע.

— מע דארף, פונדעסטוועגן, אנערקענען, — האָט דער מאַן געפּרווט שטילן איר אַגרעסיווקײַט, — אז דײַן אופירונג איז אויך געווען ווײַט ניט פּעדאַגאָגיש.

— קומט אויס, אז שולדיק אין אלעמען בין איך? — איז די פרוי גע־וואָרן נאָך מער אופגערעגט. — הערט מיך אויס!

דער וועג פונעם נײַעם הויז צום מעבל־מאַגאַזין, ווו זיי האָבן גע־דארפט פארנעמען א ביכער־שראַנק, איז א היפּשער, און ס׳איז געווען צײַט אף אויסצודערציילן און אויסהערן א לאַנגע געשיכטע, כאָטש ניט שטענדיק איז מאָטלען מיט זעליקן געווען קלאָר, ווער פון די צדאָדים איז סערגיי פילימאָנאָוויטש און מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ און ווער פּיאָטער זאַכאַראָ־וויטש און פאַינאַ דאַנילאָוונאַ, פונקט ווי ס׳איז שווער געווען אײַנ־

האַלטן אין קאָפּ — ווער פון זיי האָט ליב קאַווע און ווער טיי. און ניט שטענדיק איז געווען קלאָר, צי מאַריִא פּאַוולאָוונאַ דערציילט וועגן פאַיִנאַ דאַנילאָוונען, צי פאַיִנאַ דאַנילאָוונאַ דערציילט וועגן מאַריִא פּאַוולאָוונען.

האָבן זיך געלעבט, הייסט עס, צוויי שכנים אויף איין קיך. געלעבט בעשאָלעם און טאַקע זייער פריַינטלעך, און מע האָט געקענט מיינען, אַז איינער קאָן ניט לעבן אָן דעם אַנדערן קיין איין טאָג. איין אָוונט האָט מאַריִא פּאַוולאָוונאַ געגרייט פאַר אַלעמען טיי, און דעם צווייטן אָוונט האָט פאַיִנאַ דאַנילאָוונאַ מעכאַבעד געווען אַלעמען מיט קאַווע. יעדן טאָג האָבן די פרויען געהאַט איינע פאַר דער אַנדערער אַ זאַך מיט ניַיס: ווו קען מען קריגן אַן אימפּאָרטנע קאָפּטל, ווו האָבן זיך באַוויזן די סאַמע מאָדערנסטע, געקווייטלטע זאָקן, און ווי אַזוי מע קען אויף אַ ניַיעם אויפן, קימאַט פון סאַמע גאָרניט, אָפּבאַקן דעם בעסטן לעקעך. קיין בעסערע ציַיט אויף אויסדערציילן די ניַיס איז ניט געווען, ווי גאַנצפרי, ווען אויף איין קאָנפאָרקע גרייט מאַריִא פּאַוולאָוונאַ פאַר איר מאַן, סערגיי פילימאָנאָוויטשן, טיי, און אויף דער צווייטער גרייט פאַיִנאַ דאַנילאָוונאַ פאַר איר מאַן, פּיאָטער זאַכאַראָוויטשן, קאַווע.

און אָנגעהויבן האָט זיך עס טאַקע איבער אָט דער קאַווע... זי איז געווען סאַמע אין יענעם קריטישן צושטאַנד, ווען מע דאַרף נאָר דערגיסן אַ ביסעלע מילך, לאָזן דערנאָך זי אַ ביסעלע אַ זיד טאָן, זי זאָל באַקומען יענעם טונקל־ברוינעם קאָליר און יענעם ביטערלעכן טאַם, וואָס פּיאָטער זאַכאַראָוויטש האָט ליב. נאָר מאַריִא פּאַוולאָוונאַ האָט זיך גראָד דערמאָנט אין זייער אַ שיינער געשיכטע, ווי צוויי פרויען האָבן זיך צעקריגט אויפן מאַרק איבער אַ קרענצל ציבעלעס, זי האָט דערציילט מיט אַזאַ פאַרכאַפּונג און אַזוי לעבעדיק אויסגעשפּילט ביידע צדאָדים מיט זייערע קוויטשעריַיען און קלאָלעס, אַז פאַיִנאַ דאַנילאָוונאַ האָט דורכגעלאָזט די מינוט, ווען מע דאַרף אַראָפּכאַפּן די קאַווע פונעם פיַיער און אַריַינטראָגן אין צימער. פּיאָטער זאַכאַראָוויטש האָט אַ צי געטאָן מיט דער נאָז, דערפילט אינעם רייעך פון דער קאַווע עפּעס ניט קיין געוויינלעכע ניואַנסן און איז אַריַין אין קיך אַ ביסל אַן אופגערעגטער. דערזען ביידע פרויען אַזוי פאַרכאַפּט מיט זייער שמועס, איז ער שוין געוואָרן עמעסדיק בייז.

— אַן אומגליק מיט אַיַך, מאַריִא פּאַוולאָוונאַ. איר האַלט אין איין גראַגערן, ווי אַ באָרמאַשינע, און איבער אַיַך איז מיַין קאַווע איבערגעשטאַנען.

— און איר זיַיט אַ בורבאָן! — האָט מאַריִא פּאַוולאָוונאַ אויסגעשאָסן און מיט טרערן אויף די אויגן אַרויס פון דער קיך.

ווען מאַריִא פּאַוולאָוונאַ האָט דערקלערט דעם מאַן, וואָס איז געשען און פאַרוואָס זי איז אַזוי פאַרוויינט, האָט ער איר פאָרגעוואָרפן:

— פונדעסטוועגן דאַרף מען אַנערקענען, אַז דו האָסט זיך אויך אויפגעפירט ניט פּעדאַגאָגיש. ווייסט, ווער ס'זיַינען געווען די בורבאָנעס?

— ס'האָט זיך באַ מיר אַרויסגעכאַפּט, — האָט מאַריִא פּאַוולאָוונאַ זיך פאַרענטפערט. — איך האָב אים געוואָלט זאָגן — באַרבאָס!

מאָטל האָט אויסגעהערט די געשיכטע גאַנץ גליַיכגילטיק. פאַר אים זיַינען אַזעלכע קריגעריַיען צווישן שכנים אַ וואָכעדיקע זאַך. פאַר זעליקן

האָט דאָס געקלונגען ווי אַן אַנטדעקונג, און דערפאַר האָט ער אַלעמאָל געמוזט איבערשלאָגן די דערציילער און אויסקלאָרן פאַר זיך, ווער זיצט בא זיי אפן וואָגן. אַלעמאָל איבערפרעגן האָט ניט געטויגט, האָט ער געפּרוּווט דאָס פעסטשטעלן אַף אַן אַנדער אופן. ווען די געשיכטע האָט אים אויסגעזען ביז גאָר פאַרפּלאָנטערט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— פּאַנַא דאַנילאָוונאַ, איך וויל בא אײַך פרעגן.

— אַף מײַנע סאָנימס קעפּ, — האָט יענע אופגעזאָטן. — דאָס בין איך אײַך פּאַנַא דאַנילאָוונאַ?

— אַנטשולדיקט, איך האָב אײַך ניט געוואָלט באַליידיקן. זאָגט איר, פּיאָטער זאַכאַראָוויטש...

— פאַרקערט, סערגיי פילימאָנאָוויטש, — האָט יענער איידל אָפּגעענטפערט.

ס'איז אויך זייער וויכטיק געווען פאַרגעדענקען, אַז ער, סערגיי פילימאָנאָוויטש, איז אַ לערער, און אַז יענער, פּיאָטער זאַכאַראָוויטש, איז אַ בוכהאַלטער. אַנדערש וואָלט געווען אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך די ווײַטערדיקע אופירונג פון די צדאָדים.

דעם צווייטן טאָג האָט פּיאָטער זאַכאַראָוויטש אוועקגעשטעלט אַ צווייט גאַז־אייוועלע מיט אַ באַזונדערן ציילער. צווישן די אייוועלעך און די טישלעך האָט ער אוועקגעשטעלט אַ ווענטל פון עטלעכע ברעטלעך, די ווײַבער זאָלן ניט קענען אַרײַנקוקן איינע דער אַנדערער אין די טעפּלעך. דעם דריטן טאָג איז געקומען אַ גאַנצע בריגאַדע עלעקטראָמאָנטיאָרן און מע האָט דורכגעפירט אַ פּאַראַלעלע ליניע אַף דער קיך, אין באָד־צימער און אין טואַלעט. אומעטום באַזונדערע לעמפּעלעך מיט אַ באַזונדערן ציילער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט סערגיי פילימאָנאָוויטש באַקומען אַ כעזשבן פון דער הויז־פאַרוואַלטונג מיט אַ שריפטלעכער דערקלערונג פאַרנעם שאָכן, אַז דאָס איז פּינקטלעך האַלב פון די הוצאָעס. איז ער אוועק אין שפּאַרקאַסע און אָפּגעצאָלט.

— און דאָס איז פּעדאַגאָגיש? — האָט געטײַנעט מאַריַא פּאַוולאָוונאַ.

— וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? עפּשער אײַנגעבן אין געריכט און די גאַנצע גאַס זאָל לאַכן פון אונדז?

די ערשטע צײַט זײַנען די שכיינים אָפּגעקומען מיט אַ טרוקענעם גוט־מאָרגן, דערנאָך האָבן זיי אינגאַנצן אופגעהערט באַגריסן זיך און ביכלאַל געסטאַרעט זיך אויסמײַדן איינער דעם אַנדערן. האָט געברענט אין קיך איין לעמפּעלע, האָט שוין דאָס צווייטע זיך ניט אָנגעצונדן, ביז דאָס ערשטע האָט זיך ניט אויסגעלאָשן. אין דער קיך, וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט פריילעכן, ווײַבערשן געלעכטער, איז געוואָרן שטיל און אומעטיק. און אַלץ האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן דעם גאַנצן טאַם. סײַ דאָס קאָכן, סײַ דאָס עסן און אַפילע די קאַווע, וואָס פּיאָטער זאַכאַראָוויטש האָט איצט אָפטמאָל געקאָכט אַליין לויט אַלע דורך אים אַליין דערפונדענע קלאָלים.

און אַז מענטשן ווערן באַרויִקט, הייבט מען אָן זוכן איינער באַם אַנדערן די גרעסטע כעסרוינעס. האָט מאַריַא פּאַוולאָוונאַ זיך דערמאָנט, אַז די שכיינע האָט געליִען בא איר אַ קעלישעקל בוימל און פאַרגעסן אָפּצוגעבן. און פּאַנַא דאַנילאָוונאַ האָט זיך דערמאָנט, אַז די שכיינע האָט ניט

לאנג זיך געקויפט זאָקן פון הימל־קאָליר. ווער טראָגט איצט אזעלכע זאָקן? מיט איין וואָרט, ביידע האָבן זיך געסטאַרעט, אז דאָס אָנגעצונדענע פײַערל פון קעגנזײַטיקער סינע זאָל שטענדיק טליִען און ניט פארלאָשן ווערן.

וואָס עמעס, מיט דעם זײַנען איבערהויפּט געווען פארנומען די פרויען. די מענער האָבן ניט איבעריק זיך געסטאַרעט פארטיפערן דעם קאָנפליקט. אָפּטמאָל, איבער ביידנס צעטראָגנקײַט, האָבן זיי אפילו אָפּגעגעבן איינער דעם אנדערן א גוטמאָרגן.

מאריִא פּאוולאָוונא איז געווען ביז גאָר צופרידן, וואָס זי האָט אזא זעלטענע געלעגנהײַט אויסדערציילן די גאנצע געשיכטע אָן איַילעניש. זי האָט פּינקטלעך צעטיילט די געשיכטע אף האלב, ס׳זאָל איר סטײַען אפן וועג צום מאגאזין און צוריק, און האָט אלץ אויסגעשפּילט מיט אלע טנועס, מיט אלע פּישטשעווקעס אזוי, אז סערגיי פּילימאָנאָוויטש האָט זיך אזש פארקרימט. די געשיכטע איז אים, אפּאָנעם, שוין היפּש דערעסן.

— נו, א סאָף, — האָט ער ענדלעך ניט אויסגעהאלטן.

— פארוואָס א סאָף? — מאריִא פּאוולאָוונא איז גרייט געווען פירן א קריג מיטן אייגענעם מאן. — איך שטעל זיך פאָר, ווי זיי קוקן ארויס דורכן פענצטער, ווי מיר קלײַבן זיך איבער, און געוויס בראָט אין זיי די קינע.

דער סאָף פון דער געשיכטע איז נאָך שענער פונעם אָנהייב. קימאט אין איין צײַט זײַנען צוגעפאָרן צום נײַעם הויז צוויי פורלעך. מאָטל מיטן ביכער־שראנק און יויִנע קוואטש מיט א פולן וואָגן מיט ברעטלעך און דראָטלעך, אף וועלכע ס׳האָבן אונטערגעהעצקעט שוין ניט קיין יונג פּאָרל. וועדליק מאריִא פּאוולאָוונא האָט זיי אויסגעמאָלט, איז זעליק געווען זיי־כער, אז דאָס זײַנען טאַקע זיי, פּאַיִנא דאַנילאָוונא מיט איר דרײַגאָרנדיקער פריזור און פּיאָטער זאכאראָוויטש מיט זײַן שפּיציק בערדעלע. ווען זעליק האָט דערצו נאָך באמערקט, ווי מאריִא פּאוולאָוונא איז געוואָרן פריִער בלייך, דערנאָך רויט און האָט א צי געטאָן דעם מאן פארן ארבל, איז ער שוין געווען איבערצײַגט, אז דאָס זײַנען טאַקע זיי.

— אוי, — האָט זי א היכץ געטאָן. — דו זעסט?

— נו איז וואָס? — האָט סערגיי פּילימאָנאָוויטש רויִק געפרעגט.

יענע האָבן זיי אויך גלײַך באמערקט. פּיאָטער זאכאראָוויטש איז האסטיק אראָפּ פונעם וואָגן און מיט זײַן אונטערטאנצנדיק גענגעלע צוגע־קומען צו זיי.

— איר קלײַבט זיך אויך איבער?

— נו, יאָ. איר זעט דאָך.

— פארוואָס זשע האָט איר אונדז ניט געזאָגט?

— און פארוואָס האָט איר אונדז ניט געזאָגט?

— און וואָס וואָלט, אייגנטלעך, זיך געענדערט?

— פארשטייט זיך...

— און אף וועלכן שטאָק איז אײַער דירע?

— אפן דריטן.

— אויך אפן דריטן?

— אומדערהערט! — האָט לויט איר טעווע אויסגעשריגן פּאַיִנא דאַני־לאָוונא, וואָס האָט געהאלטן אין איין באקוקן דעם נײַעם ביכער־שראנק. —

מאריִא פאוולאָוונא, ווו האָט איר געקראָגן אזא צירונג?.. טו נאָר אומיסטן א קוק, פיאָטער...

עס טרעפן אמאָל אזעלכע איבעראשנדיקע געשעענישן, ווען שטומע הייבן מיטאמאָל אָן צו רעדן, קרומע הייבן אָן לויפן, און צעקריגטע שכיי־נים פארגעסן מיטאמאָל אין זייער רויגעז.

— וואָס זשע שטייען מיר? — האָט זיך אָנגערופן פיאָטער זאכאראָ־וויטש. — מיר וועלן איַיך העלפן ארופטראָגן דעם שראנק, און איר אונדז אונדזערע זאכן.

— זאָל זיַין אזוי, — איז סערגיי פילימאָנאָוויטש גליַיך מאסקים געווען.

נאָר קיינער האָט זיך אין זייער הילף ניט גענייטיקט. אז מאָטל מיט יוינען גיבן א שטעל אונטער זייערע פלייצעס, האָט שוין א דריטער ניט וואָס צו טאָן. יוינע האָט היַינט באוויזן אריַינכאפן ניט איין קויסע און איז געווען היפש בעגילופנדיק.

— א טאָג היַינט, הא, מאָטעלע? — האָט ער ניט אופגעהערט באריימען זיך. — איינער שלעפּט צו זיך, א צווייטער צו זיך, כאָטש צעריַיס זיך אפ־צווייען. און ווער איז אָט דער יונגערמאן? דיַין בענאָק?

— נו, יאָ.

— איז דיר אוואדע גוט. האָסט א שטיקל פאָדמאָגע אין אזא הייסער ציַיט. אָבער וואָס זאָל איך טאָן?

— ווער צווינגט דיך?

— ע, זאָג ניט, ברודערקע, ווי קען מען עס אין אזא טאָג?.. אָט, די קריזשעס ברעכן אף ניט אויסצוהאלטן. און אורעקפאָרן ווילט זיך ניט.

זעליק האָט מיט אינטערעס באקוקט דעם יידן מיטן לאנגן האלדז, וואָס מאכט אים נאָך לענגער און דארער, ווי אינדערעמעסן. ער האָט אים פאר־גליַיכט מיטן טאטן און געבליבן זייער צופרידן דערפון, וואָס זיַין טאטע זעט אויס קעגן אים אן עמעסער גוואר.

— ווער איז ער? — האָט זעליק געפרעגט, ווען זיי האָבן זיך אראָפּגע־לאָזט פון דריטן שטאָק.

— וואָס זשע, קענסט אים ניט? אָט דאָס איז דאָך ער, יוינע קוואטש!

אויסלאָדן דעם צווייטן וואָגן איז ניט אויסגעקומען. ווען אלע זיַינען ארויס אפן הויף, האָט פיאָטער זאכאראָוויטש אריַינגערוקט יוינען א דריַי־ערל און א זאָג געטאָן צו אים אזוי, גליַיך שולדיק אין דער גאנצער גע־שיכטע איז געווען ער, יוינע קוואטש:

— און אָט דאָס, וואָס אפן וואָגן, די אלע ברעטלעך מיט די דראָטלעך, פירט וווּהין איר ווילט. איר קענט עס נעמען זיך, איר קענט עס ארויס־ווארפן.

ער איז, אפּאָנעם, שטארק געווען צופרידן פון דעם אייגענעם אופטו, פון דעם גליקלעכן געדאנק, וואָס איז אים פלוצלינג אופגעקומען, און באַ־זונדערס דערפון, וואָס געשען איז דאָס אפן הויף, אין דער אָנוועזנהיַיט פון די אלטע און נַיע שכיינים.

— ווי געפעלט איַיך? — האָט פיאָטער זאכאראָוויטש זיך אָנגערופן צו סערגיי פילימאָנאָוויטשן. — אין א נַיי הויז מיט אלטע שמאטעס?

און אז עס הייבן אָן אופקומען גוטע געדאנקען, גייען זיי איינער נאָכן אנדערן.

— ווען מיר הײַנט אַרײַנקומען צו אײַך, — האָט ער זיך אָנגערופן צו מאריִא פּאוולאָוונא. — שוין לאנג ניט פּאַרזוכט אײַער טיי!

ווען עמעצער זאָל געווען א קוק טאָן אָף זעליקן, וואָלט ער באמערקט, אז ער פילט זיך הײַנט אויך גליקלעך פון דעם, וואָס ער האָרעוועט א גאנצן טאָג אינײַנעם מיטן טאטן און וואָס זיי פארשטייען גאנץ גוט איינער דעם אנדערן, פון אָט דעם פריידיקן, יאָמטעוודיקן געווימל אָפן הויף, פון דעם, וואָס אלע זײַנען הײַנט אזוי גוט און אָפּנהארציק, און פון דעם, וואָס ער איז נאָרוואָס בײַגעווען בא דעם, ווי א נארישער, לאנגדויערנדיקער רויגעז איז אין איין אויגנבליק צעווייעט געוואָרן, ניט געסטײַעט. ער אליין איז אויך גרייט געווען מויכל זײַן דער מענטשהײַט אירע אייניקע שוואכקײַטן. ווײַל אויב א שייך שטיקל מעבל, א סינטעטיש העמדל און א נײַע דירע מאכן דעם מענטשן א ביסל בעסער, ווייכער, לײַטישער, איז זאָלן זיי עס באנוצן צום גוטן.

מאָטל איז אויך געווען פארטאָן מיט זײַנע געדאנקען. דערפאר האָבן זיי ביידע לאנג געשוויגן נאָך דעם, ווי זיי זײַנען ארויסגעפאָרן פון הויף. דערנאָך האָט מאָטל א טאָרקע געטאָן דעם גניאדן מיט דער בײַטש און זיך אָנגערופן:

— ווי געפעלט עס דיר? זעסט, וואָס אָף דער ערד טוט זיך?

דער גניאדער האָט פריילעך זיך צעהירזשעט און א לאָז געטאָן זיך אין גאלאָפּ, שמײַדיק אונטערוואַרפנדיק די שווערע אויסגעהאָרעוועטע פיס. עפּשער האָט דער הײַנטיקער פריילעכער געווימל אים אויך דערמאָנט אין צײַטן, ווען ער איז געווען יונג, געקאָנט יאָגן און אונטערטאנצן מיט זײַנע געזונטע פיס און הירזשען אָפן פולן קאָל, ווי א יונגער לאָשעק.

## 7

פארשטייט זיך, ווען מאָטל זאָל געווען וויסן!.. נאָר אזוינס איז אים אפילע אָפן געדאנק ניט געקומען. צוגעפאָרן צום מאגאזין מיט א קנאק, ארײַן אין קלייט מײַסע־באלעבאָס, א נעם געטאָן אין דער האנט דאָס צעטל מיטן אדרעס, וואָס מע האָט אים דערלאנגט, און א ווונק געטאָן זעליקן: דו זעסט, ניט מיר ווארטן אָף דער ארבעט, נאָר די ארבעט אָף אונדז! איינצווייען האָבן זיי אָפּגיך ארויסגעפּעקלט דעם גארניטור, אײַנגעמאָסטעט יעדער זאך ווי געהעריק, און מאָטל האָט געמוזט מוידע זײַן, אז נאָך אלעמען פארמאָגט דאָס הײַנטיקע מעבל איין גרויסע מײַלע: ס'איז א סאך גרינגער פונעם אלטן.

— ריכטיק, — איז זעליק מאסקים געווען, גלײַך ער האָט אלע יאָרן געהאט צו טאָן מיט מעבל.

מאָטל האָט נאָך עפּעס א זאָג געטאָן וועגן נײַעם מעבל, נאָר זעליק האָט ניט געענטפערט. ער איז געווען פארטאָן אין זײַנע געדאנקען וועגן דער מאמען, וועלכע איז, ווי ס'ווײַזט אים אויס, א ביסל בארויגעז אָף אים.

פרעגט שעווען, וועט זי זיך קיינמאָל ניט מוידע זײַן אין דעם. נאָר — זי האָט א פּארדראָס. איר זעליקל! ווער האָט אים ארויסגעריסן באם מאַ־לעכהאמאָוועס פון די הענט, ווער האָט אים געפּעסטעט, געציטערט איבער אים, ניט געלאָזט אף אים קיין ווינטעלע א בלאָז טאָן? ווער האָט אלע פינף יאָר אים געשריבן בריוו? און איצט זעט זי אים געציילטע מינוטן באם מי־טיק און בא דער וועטשערע, ווען ער זיצט באם טעלער און קײַט מיט אזא אפּעטיט, גלײַך ער האָט אלע פינף יאָר געהונגערט. און מיטן טאטן גע־וואָרן אזעלכע פרײַנט, אזעלכע גוטעברידער!

זי האָט געוואָלט א בארים טאָן זיך פאר די שכיינים מיט איר גע־לערנטן זון, געטרוימט כאָטש מיט עפּעס דעקן דעם ביזאָיען, דעם ווייטעק, וואָס זי האָט איבערגעטראָגן מיט טעלעכע יאָר צוריק, און ווײַזן טײַבלס עלטערן, וואָס פאר א גאָלד זיי האָבן אָנגעוווירן. איז ער געקומען אף עט־לעכע טעג און אָנגעהויבן באלעגאָלעווען אײַנײַנעם מיטן טאטן.

און נאָך איין זאך האָט זי פּארדראָסן: אז א זון קומט דאָס ערשטע מאָל צוגאסט אין פינף יאָר ארום, מעג ער ברענגען דער מאמען עפּעס א מאטאָנע. זאָל זײַן, פאר א גראָשן.

זי זאָגט עס כאָלילע ניט ארויס, און זי וועט עס אים קיינמאָל ניט ארויסזאָגן, זי וואָלט נאָר געוואָלט, איר זעליק זאָל איר דערקלערן, פאר־וואָס איז בא אים אלץ ניט אזוי, ווי בא לײַטן.

— אָט אזוי, זונעניו, פאָרט מען אין איין אורלויב? אין איין העמד?

— פארשטייסט, מאמע, איך האָב זיך זייער געאײַלט. ווי נאָר איך האָב באקומען דעם טאטנס בריוו... געמוזט אפילע אף א בילעט אנטלײַען.

דאָס לייגט זיך איר שוין אײַנגאנצן ניט אפן סייכל. איז ער אזא פאר־דינער, וואָס גייט אין איין העמד און דארף לײַען געלט אף א בילעט?

אָט דער א ביסל אומגעריכטער שמועס איז פאָרגעקומען נעכטן אין אָוונט, ווען זיי זײַנען געבליבן אינצווייען, צום ערשטן מאָל. זעליק האָט געוואָלט בארויקן די מאמע. האָט ער איר געגעבן צו פארשטיין, אז ער האָט געבוּנג העמדלעך, נאָך מערער, ווי מע דארף, ער האָט פּאָשעט ניט באוויזן מיטנעמען. און דאָס איז ביכלאל בא אים קיין אורלויב ניט. אין אורלויב וועט ער ערשט קומען, און טאקע גאָר אײַנגיכן.

— שא, מאמע, וואָס זאָל איך דיר ברענגען פאר א מאטאָנע? עפּשער א טראנזיסטאָר?

— נאָר אזא גראַגער פעלט מיר. דאָס ברענג בעסער דעם טאטן דײַ־נעם. וועט ער ארומפאָרן איבער דער שטאָט און הערן, ווי קלעזמער שפּילן.

— אוי, ביסט טאקע געערכט. און וואָס זאָל איך דיר ברענגען?

— א זײַדענע פאטשיילע!

לויט איר דריבנע שמייכעלע ווייסט ניט זעליק, צי זי שפּאסט, צי זי מיינט עס ערנסט.

— א פאטשיילע גאָר?

— נו, יאָ. קומט ראָשעשאָנע...

— דו גייסט נאָך אין שול ארײַן?

— פארוואָס זאָל איך ניט גיין, נארעלע?

— און ס׳איז נאָך דאָ אין שטאָט א שול?

— וואָס זשע, האָסט זי קיינמאָל ניט געזען?
— עפּעס געדענק איך ניט...
שעווען איז פּאַרדראָסיק, וואָס זי פאַרשטייט ניט איר זעליקן, און זעליקן פאַרדריסט ניט ווייניקער, וואָס ער קען ניט פאַרשטיין די מאַמע. זיצט ער אויפן פורל און פּרוווט אין די געדאַנקען פאַרזעצן דעם שמועס מיט דער מאַמען. ער האָט ניט באַמערקט, ווי זיי זײַנען אַרויסגעפאָרן אויף דער גאַרקי-גאַס און ווי דער טאַטע האָט ווידער אַרויסגענומען דאָס פּאַפּירל מיטן אַד-רעס און איבערגעלייענט אין דער הייך דעם נומער פונעם הויז.
— וועלכער נומער? — האָט זעליק איבערגעפרעגט.
— פיר און צוואַנציק.
— פיר און צוואַנציק? — און ער פּילט, ווי ער הייבט אָן רויטלען זיך. — און די דירה וועלכע?
— נומער אַכט.
— נומער אַכט? וואָס זשע האָסטו פריִער ניט געזאָגט?
— וואָס איז די נאַפּקעמינע?
— אין דער אַכטער דירה וווינט טײַבל...
דער גביאַדער איז שוין געווען געוווינט, אַז אַלעמאָל לאָזט מאָטל אויס צו אים דעם קאַס. געכאַפּט אַ גוטן שמיץ, איז ער אונטערגעשפּרונגען, אָנגע-שפּיצט די אויערן און אויסגעקערעוועט צום באַלעבאָס די אָנגעבראָגעזטע אויגן: מיט וואָס, הייסט עס, האָב איך דאָ כויטע-בייגל געווען?
— אַזוי גאָר... — און מאָטל איז גרייט געווען אויסשמײַסן זיך אַליין. — וואָס זשע טוט מען?
נאָר זעליק ווייסט אויך ניט וואָס צו טאָן. ער ווישט אויס מיט די פינגער דעם שטויב פון די ברילן, ווישט לאַנג, זייער לאַנג און קוקט זיך אײַן מיט די צוגעזשמורעטע אויגן אין די פענצטער פון טײַבלס דירה. ווען ניט דער טאַטע, דער וואָגן מיטן מעבל, לויפט ער גלײַך אַרויף אויפן צווייטן שטאָק. און ער וואָלט שוין געוווסט, ווי ענטפערן אויף איר פראַגע — נאָך וואָס איז ער געקומען. איצט אָבער שטייט ער ווי אַ געפּענטעטער. ווי יאָוועט מען זיך אַרײַן צו טײַבלען ווי אַ באַלעגאָלע, אַ טרעגער?
נאָר עפּעס האָט ער דאָך געיאָרשנט פונעם טאַטן. מיטאַמאָל האָט זיך צע-שפּילט אין אים עפּעס אינגאַנצן אַן אומבאַקאַנטער געפיל, צעשפּילט זיך פריילעך, כוצפּעדיק און אַרויסרופעריש.
— וואָס זשע שטייען מיר? מירן דאָך ניט אָפּפירן דאָס מעבל צוריק אין קלייט אַרײַן.
מאָטל האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ שנײַדנדיקן ווייטעק אונטער דעם לע-בער. אַ ווייטעק, וואָס ער באַהאַלט די גאַנצע צײַט אויס פון זײַן שעווען. אויף אַ קרעכץ איז ער נאָך קאַרגער, ווי אויף אַ שמייכל. אין אַזעלכע פאַלן פאַר-בײַסט ער בלויז די ליפּן און קערעוועט אָפּ דאָס פּאָנעם אין אַ זײַט, קיינער זאָל גאָרנישט ניט באַמערקן.
— הײַדאַ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זעליקן נאָך דעם, ווי דער ווײ-טעק איז אַ ביסל דורך.
מאָטל קאָן זיך פּאַשעט ניט אָנלויבן, ווי גיך זעליק האָט געכאַפּט דעם שניט פון אַן עכטן טרעגער. שטענדיק ווייסט ער, באַ וועלכער זײַט זיך

שטעלן, בא וואָס אָנעמען זיך מיט די הענט, אָדער אונטערשטעלן די פּלייצע אזוי, אז די מאסע זאָל צעטיילט ווערן פּינקטלעך אַף האלב.

מאָטל צעעפנט מיט זײַן ברייטער פּלייצעביידע האלבע טירן, רוקט זיך אַרײַן מיטן סערוואנט און מיט זעליקן אינעם פאָדערצימער און רופט זיך אָן מיט זײַן ברומענדיקער שטים:

— נו, באלעבאָסטע, וווהין אװעקשטעלן?

טײַבל האָט זיך אַ קערעווע געטאָן און געבליבן שטיין ווי פּאַראַליזירט, דאָס פּאָנעם — ווי קרײַד. אָט־אָט פאלט זי אום. נאָר פעליק איז געווען אין שטוב, און זײַן בליק האָט זי געצוווּנגען זיך נעמען אין די הענט. זעליק האָט באַוויזן צו באמערקן טײַבלס בלייכקייט און אופכאפּן פעליקס בייזן בליק. טײַבל האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער שטוב, פון איין צימער אין צווייטן, ווי זוכנדיק אַן אָרט פארן סערוואנט, כאָטש זיי האָבן ביז איצט ניט איין מאָל שוין פּלאנירט און איבערפּלאנירט און באַשטימט פאר יעדער זאַך זײַן אָרט. איבמיטנדערינען געכאפּט אַ בענקל און צוגעטראָגן מאָטלען.

— טײַבל! — פעליק האָט געמאכט די גרעסטע אָנשטרענגונג, אז זײַן שטים זאָל קלינגען פאר אַ זײַטיקן וואָס ווייכער.

— באלד, באלד מאַך איך אָן אָרט.

מאָטל באַקוקט די, וואָס האָט געקאָנט ווערן זײַן שנור, און געפינט, אז אַף זעליקס מעוויינעס מעג מען זיך פארלאָזן. ווען ער פאַרמאָגט נאָך דערצו אַ ביסעלע כאראקטער! זעליק ווייסט, אז אונטער די ברילן מעגן די אויגן זיך פילן פרײַ, קיינער וועט גאָרנישט ניט באמערקן. האלטן זיי אין איין אריבערטאנצן פון טײַבלען צו פעליקן, און זעליק דערשפּירט אין זייערע בליקן יענעם וויקועך, וואָס ציט זיך, אפּאָנעם, צווישן זיי שוין עטלעכע טעג. מעגלעך, פון דער שאָ, ווען ער איז אזוי אומגעריכט אהער ארײַנגעקומען. צי האָט פעליק דעמלט אליין באמערקט איר ניט געוויינלעכע אופגערעגטקײַט, צי זי האָט ניט געוואָלט מאכן פון דעם קיין סאָד... וואָס זשע איז צווישן זיי פאָרגעקומען די לעצטע טעג? דערווײַל איז דאָס פאר זעליקן אַ סאָד. ער האָט בלויז באמערקט, אז פעליקס בליק ווערט וואָס אמאָל בייזער און אז דאָס גאנצע פּאָנעם זײַנס, יעדער באוועגונג איז פול מיט אופגעבראכטקײַט. אַף טײַבלען, אַף אים, אפן טאטן, אַף דער גאנצער וועלט. און טײַבל... פאַר־וואָס איז אַף איר פּאָנעם אויסגעגאָסן אזא פארלוירנקײַט, אזא קנעכטישע אונטערטעניקײַט? עפּעס דערקענט ער זי ניט...

— אָט אהער, — טוט זי אַ ווײַז מיט דער האנט און בלײַבט ווידער שטיין ווי אַ געפּענטעטע. באמערקט, אז פעליק האָט זיך ערגעץ פארקוקט, נעמט זי דורך זעליקן מיט אַ בליק, וואָס איז פול מיט געבעט און מיט פאָרוואורף, און ווידער מיט יענער פראגע, וואָס לאָזט זיך איצט טײַטשן פיל ברייטער:

— באַך וואָס ביסטו געקומען? און וואָס מיינסטו דערמיט? אַ ביסל נע־קאָמע נעמען אָדער אויסלאכן?

— ערנוואָרט! — ער טוט אַף אַ ווײַלע אויס די ברילן, זי זאָל קענען איבערלייענען אין זײַנע אויגן דעם ענטפער. — ערנוואָרט, אז ס'איז ניט אומיסטן. אלץ האָט זיך באקומען אזוי צופעליק, אזוי לעפּיש... איך וועל דיר וועגן אלץ דערציילן...

— ווען וועסטו דערציילן? — פרעגן אירע אָנגעטרערטע אויגן.

— איך וועל קומען, איך וועל קומען נאָכאמאָל. איך וועל קומען נאָך דיר!

עפּעס האָט זי יאָ פאַרשטאַנען. ווײַל זי האָט מיטאמאָל אַ ציטער געטאָן. דאָס פּאָנעם האָט זיך, ווי דעמלט, צעפלאַמט און די רויטקײַט האָט פאַרגאָסן אירע פאַרהוילטע הענט. זי האָט געוואָלט וואָס גיכער הערן פון אים עפּעס אַ וואָרט אָדער אַליין אים זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס. ווען דער סערוואַנט איז ענדלעך געווען אוועקגעשטעלט אַף זײַן אָרט און מאָטל מיט זעליקן האָבן זיך געלאָזט נאָכן איבעריקן מעבל, האָט זי זיך אָנגערופן:

— איך וועל גיין אײַך אונטערהעלפן.

פעליקס שטרענגע שטים האָט זי ווי צוגעשמידט צום אָרט:

— מע דאַרף ניט. ס'איז פאַר אַלץ באַצאָלט.

נאָר אין זעליקן האָט שוין אויך געאַרבעט דער מאַזיק.

— ניין, נאָך ניט פאַר אַלץ! — האָט ער אָפּגעענטפערט.

געוויס איז די באַגעגעניש געווען פאַר אַלעמען אומדערוואַרט און האָט אַלעמען אויסגעזען ווי אַ מין שפּיצל, וואָס עמעצער האָט אומיסטן צוגעטראַכט פאַר זיי. ניט נאָר די שאַפע, נאָר אַפילע די בענקלעך, דאָס דרײַעקיקע טישל, וואָס איז גרינג, ווי אַ פעדער, האָבן פּלוצעם ווי אָנגעגאָסן זיך מיט בלײַ, און אַלע זײַנען אָפּגעגאַנגען מיט שווייס, ביז מע האָט ענדלעך געפונען פאַר יעדער זאַך זײַן אָרט. אַלע האָבן געוואָלט, עס זאָל וואָס גיכער זיך שוין ענדיקן אָט די אומגעלומפּערטע שפּיל, אָט די שטומע שמועסן, אָט דאָס פינטלען און אונטערווינקען מיט די אויגן, יעדערן האָט זיך געדוכט, אַז ער זאָגט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, און טוט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף. נאָך וואָס, אַשטייגער, האָט טײַבל געדאַרפט צוויי מאָל אַראָפּלויפן צום וואָגן און אופהייבן זיך צוריק מיט ליידיקע הענט? צוליב וואָס האָט מאָטל, וועלכער האָט געוואָלט וואָס גיכער אַוועק פונדאַנען, זיך אופגעהויבן אַרוף מיט איין בענקל, ווען ער קען נעמען פיר מיטאמאָל? און זעליק... זעליק האָט אינמיטן וועג אַוועקגעשטעלט דאָס טישעלע אַף די טרעפּ, זיך צוגעשפּאַרט צו די פּאָרענטשעס און צוגעמאַכט די אויגן. אָבער אַזוי, אַז ער זאָל קענען זען פעליקן, וואָס פּאָלגט נאָך אומעטום טײַבלען מיט זײַן בייזן היפּנאָטיזירנדיקן בליק, און טײַבלען, וואָס האַלט אין איין אַרומיאָגן אַ צערודערטע, אַן איבערגעשראָקענע.

ווען אַלץ איז שוין געווען אַרופגעטראָגן און פאַנאַנדערגעשטעלט און מאָטל מיט זעליקן האָבן אָפּגיך אָפּגעזאָגט זייערע ווינטשעוואַניעס און געלאָזט זיך אוועקגיין, האָט פעליק זיך אָנגערופן:

— ניין, ניין, אַזוי פירט זיך ניט בײַ לײַטן. אַזאַ איניען דאַרף מען ווי געהעריק אָפּמערקן. אַנו, טײַבל, דערלאַנג...

באַמערקט, אַז טײַבל וויל, אַפּאָנעם, אָפּקומען מיט איין גלעזעלע בראַנפן און מיט אַ שטיקעלע צובײַסעכץ, האָט אין אים זיך נאָך מערער צעשפּילט די אומגעוויינלעכע גאַסטפרײַנטלעכקײַט.

— ניין, טײַבעלע, ניט אַזוי. פאַרשפּרייט אַ טישטעך און שטעל אַרויס אַלץ, אַלץ, וואָס דו האָסט צוגעגרייט. און ווער טרינקט הײַנטיקע צײַטן בראַנפן? נעם אַרויס יענץ פלעשל, מיט די דרײַ שטערנדלעך...

ערשט איצט נעמט זעליק רויִק באַקוקן זײַן אַמאָליקן שול־כּאַוואָר, מיט וועמען ער האָט זיך געלערנט אין איין קלאַס. ס'איז אים שווער צו זאָגן, פאַרוואָס האָבן זיי נאָך אין די שול־יאָרן ניט געהאַלטן איינער פונעם אַנ־דערן. זעליקן איז געווען דערווידער פעליקסעס אָנגעבלאָזענע רויטע באַקן און די קליינע פעטע אײַגעלעך. דאָס, וואָס ער איז געווען ניט פון די גע־הויבענע שילער, האָט מען אים געקענט מוחל זײַן. נאָר דאָס, וואָס ער פלעגט זיך פאַרוקן אין אַ ווינקעלע מיט זײַנע געשמאַקע פרישטיקן און דערנאָך אַזוי באַרימעריש זיך באַלעקן און אַרומווישן די ליפּן, האָט אַרויס־גערופן בײַ אַ סך אַ שאַרפן ווידערגעפיל און אַ פאַרלאַנג אים אָפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל. גיי ריכט זיך, אַז פון יענעם פאַליק וועט אַרויס אַזאַ פּע־ליק. ווי קומען צו אים אַזעלכע מאַנירן. זע נאָר, ווי ער גיט אַ שפּרייט אויס די האַנט, ווי ער מאַכט פאַר זיי אַ וועג, דאָס פּאָנעם שמעלצט זיך פון פאַר־גענינגן און די שטים זײַנע קלינגט מיט שטאָלץ:

— ביטע צום טיש.

ער עפנט דאָס פלעשל קאָניאַק מיט עכטער געניטקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם דרײַ מאָל אַ טאָג, און גיסט יעדן אָן אַ קוי־סעלע. איצט, זעט מען, איז ער אויף זיבעטן הימל. ער איז אפילו צופרידן, וואָס ס'האָט זיך אַזוי באַקומען, וואָס ער האָט געקויפט אַ נײַעם דײַטשישן גאַרניטור, וואָס מאָטל מיט זעליקן האָבן אים אַרופגעטראָגן אויפן צווייטן שטאָק, און איצט איז ער זיי מעכאַבעד. און זאָלן זיי אַלע זען, ווי אַזוי מע דאַרף לעבן אויף דער וועלט. און זאָל טײַבל מערער ניט פּראָווען קיין שטיק.

— פאַר וואָס וועלן מיר אויסטרינקען? — טוט ער אַ פרעג און סטאַ־רעט זיך אײַנהאַלטן אויפן פּאָנעם דעם פאַרגעניגן.

— פאַר דער יונגער באַלעבאָסטע!

מאָטל הייבט זיך אויף, שטרעקט אויס דעם קאָפּ צו טײַבלען און שענקט איר אַ גאַנצן, ניט קיין צעביטענעם שמייכל. די ליפּן ציִען זיך פאַנאַנדער, מאַכן די באָרד ברייטער ווי לענגער און פון זײַן אָפּענעם, פרײלעך־צוגע־לאָזטן בליק איז צו זען, אַז טײַבל איז אים בעפּיירעש געפעלן, אַז ער וואָלט גאָרנישט ניט געהאַט קעגן אַזאַ שנור, און אַז אפילו איצט איז ער גרייט נאָכאַמאָל איבערשפּילן די שפּיל.

טײַבל זיצט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט מוירע אַ ריר טאָן זיך. זי האָט מוירע כאַפּן אויף זיך פעליקסעס בליק. זי האָט מוירע באַגעגענען זיך מיט זעליקס צוגעזשמורעטע אויגן, און מאָטלען שעמט זי זיך אַ קוק טאָן אין פּאָנעם אַרײַן.

מאָטל טרינקט דער ערשטער אויס זײַן קעלישעקל, און וועדליק ער קוויקט זיך אַזוי הילכיק, איז דער קאָניאַק אים געפעלן. ער נעמט פאַר־בײַסן מיט אַ לעקעכל און פרעגט בײַ פעליקן:

— און וווהין וועט איר אַהינטאָן דאָס אַלטע מעבל?

— מאָרגן וועט מען קומען פון דער קאָמיסיאָנקע. צי עפּשער וועט איר טאַקע גלײַך עס פאַרנעמען מיט זיך?

— ניין... און ניט אין דעם גייט עס. ס'איז דאָך גוט מעבל. קימאַט נײַ.

— נו איז וואָס? איך האָב ליב, אַז בײַ מיר זאָל זײַן אַלץ פון דער לעצטער מאָדע.

— ס׳איז ניט לאַנג אַרויס זייער אַן אינטערעסאַנטער בוך...

דאָס האָט זעליק געפּרוווט עפּעס זאָגן, נאָר פעליק האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן, און ס׳איז געבליבן אומבאַוווּסט, קעגן וואָס איז דאָס געזאָגט געוואָרן. צי אַנטקעגן דעם, וואָס אָט גייען אַלעמאָל אַרויס נײַע ביכער און מע זעט ניט, ער זאָל זיך יאָגן נאָך זיי, צי געוואָלט אַרויסזאָגן אייניקע געדאַנקען, וואָס ער האָט געלייענט אין יענעם אינטערעסאַנטן בוך. פעליק האָט אים איבערגעשלאָגן:

— דאָס, וואָס איז איינעם אינטערעסאַנט, איז אַ צווייטן אינגאַנצן איבעריק. ער קאָן זיך באַגיין אָן דעם...

זעליק איז געווען איבעראַשט דערפון, ווי־אַזוי הפקרדיק פאָליק־פעליק זאָגט אַרויס זײַנע געדאַנקען. מיט דער מינע פון אַ מענטשן, וואָס האָט באַוויזן אויסאַרבעטן זײַן אייגענע פילאָסאָפיע.

— יעדערער גייט זיך מיט זײַן וועג. ניט ריכטיק? אייניקע קויפן מעבל, אַנדערע פירן עס פאַנאַנדער. אייניקע פליִען אין הימל, און אַנדערע גייען פּאַשעט איבער דער ערד. עט, לאָמיר בעסער אויסטרינקען נאָך צו גלעזעלעך.

נאָר ווי פעליק האָט זיך ניט געסטאַרעט, האָט ער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן אַפן פּאָנעם זײַן פאַרליבטקײַט אין זיך. איבער דער אייגענער שטים האָט ער אויך אָנגעוווירן די שליטע. זעליק, פאַרקערט, איז געווען גאַנץ רויִק, בלויז אַ ביסל אָנגעצויגן, ווי אָפּטמאָל אויף זייערע דיסקוסיעס, ווען ער דאַרף אויפכאַפּן יעדעס וואָרט, יעדער רעפּליקע פון זײַן אָפּאָנענט און טייקעף רעאַגירן אויף דעם. טייקעף און טרעפלעך. אויף פעליקס גאַדלעסדיקן בליק האָט ער קיין אַכט ניט געלייגט. נאָר זײַן „פילאָסאָפירן" וועגן הימל און ערד האָט ער דורכלאָזן ניט געקאָנט. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט דער טאַטע געזאָגט קימאַט דאָס זעלבע. נאָר געקלונגען האָט דאָס גאָר אַנדעריש.

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט זעליק אָפּגעענטפערט. — ווער ס׳איז געבוירן געוואָרן צו פויזען, וועט פליִען ניט קענען.

— עפּעס זעט מען ניט קיין איבעריקע גליקן פונעם אַרומפליִען איבער די הימלען, — טוט אַ זאָג פעליק, אַ זיכערער, אַז דערווידערן איז שוין אומעגלעך.

טײַבל שטעלט זיך שוין פאָר, וואָס זעליק וועט באַלד אַרײַנזאָגן. זי קען אים! גיב אים נאָר אַ מעגלעכקײַט דיסקוסירן! באַזונדערס, ווען ער האָט פאַר זיך אַזאַ קעגנער.

— נו, זאָג אַליין, — טײַנעט פעליק צו זעליקן. — וואָס האָבן מיר דערווײַל פון די ספּוטניקעס און פונעם אַטאָם? ניט מערער — די לופט ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער אָנגעשטעקט מיט ראַדיִאַציע. און מיינסט, מיר ווייסן ניט, פאַרוואָס ס׳איז שווער אַ גוטן הערינג צו קריגן? אַלע אָקעאַנען זײַנען פאַרסאַמט!

זעליק זשמורעט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן. עס ווילט זיך שוין טאַקע וויסן: וואָס זשע שטעלט ער מיט זיך פאָר, דער איצטיקער פעליק? אַ פאָרשטעטער טעמפּער קלייַנבירגער, צי שוין אַ פאַרענדיקט, אויסגעפורעמט באַלעבעסל מיט זײַן באַגרענעצטן וועלטבאַנעם, בײַ וועמען ס׳איז קיין

העכערער אידעאַל, ווי פעטער וווּרשט מיט געריכערטן הערינג, ניט פאַראַן? יאָ, דאָס איז שוין אַ דיסקוסיע פון גאָר אַן אַנדער מין! דאָ האָסטו פאַר זיך אַ לעבעדיקן פאָרשטייער פון אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער גרופּע מיט איר „פילאָסאָפיע”, מיט איר וועלטבאַנעם, מיט אירע טענעס און פאָדערונגען.

פאַרשטייט זיך, זיי זײַנען פאַראַן, די אַלע פּראָבלעמען. מע דאַרף טראַכטן וועגן פאַרהיטן די אַטמאָספער פון געהעכערטער ראַדיאַציע, וועגן ניט דערלאָזן אָפּסאַמען די וואַסערן פון די טײַכן, יאַמען און אָקעאַנען, פאַראַן פיל אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס עס שטעלן אויף טאָג־סדר די נײַע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, די ברייטזינדיקע וויסנשאַפטלעך־טעכנישע רעוואָלוציע, וואָס אַנטדעקט און עפנט פאַר דער מענטשהײַט אַלץ נײַע און נײַע האָריזאָנטן. אָבער לייזן אָט די פּראָבלעמען וועט ניט דער פּאַכדאָנעסדיקער קליינבירגער, וואָס ציטערט פאַר זײַן פעלכל און בײַ יעדער נײַער אַנטדעקונג דוכט זיך אים, אַז די וועלט גייט אונטער. עס קימערט אים ניט אַזוי די גאַנצע וועלט, ס׳איז אים בלויז אַ שאָד זײַן נײַער, נאָרוואָס געקראָגענער גאַרניטור. לייזן אָט די פּראָבלעמען וועט ווידער טאַקע די וויסנשאַפט, דער אומרויִקער מענטשלעכער געדאַנק, וואָס זוכט און וועט געפינען מיטלען אויף אײַנהיטן די ביטיקע האַרמאָניע אין דער נאַטור, זיכערן דאָס לעבן און די געפאַרלאָזיקייט פאַר די קומענדיקע דורות. נאָר דאָס טוען אַזעלכע, וואָס קאָנען מאַקריוו זײַן מיט זייער לעבן אויף איבערלאָזן די מענטשן אַ שיינעם ניגון...

דאָס איז גאָר אַ נײַע, ביז גאָר וויכטיקע טעמע, און זעליקן ווילט זיך וואָס גיכער דורכשמועסן זיך וועגן דעם מיט זײַנע כאַווירים. נאָר עס קומט אים אויפן געדאַנק, אַז זייערע אַזעלכע דיסקוסיעס זײַנען עפּשער גאָר ניט אַזוי וויכטיק. בײַ פאַרשיידענע ניואַנסן שטייען זיי דאָך אַלע אויף די זעלבע פּאָזיציעס. פיל וויכטיקער איז אַרויסטרעטן מיט די אַלע פראַגן פאַרן ברייטן עולם. אויף צעקלאַפּן די באַלעבעסלדיקע „פילאָסאָפיע” פון אַזעלכע פעליקס!..

אוי, וואָלט ער אים איצט אַרײַנגעזאָגט! נאָר טײַבל! ער פאַרשטייט זייער גוט אירע ווונקען און וויל איר ניט פאַרשאַפן קיין נײַעליידן. און וואָס וועט ער איצט אָנהייבן דערווײַזן פעליקן? מיסטאָמע ווייסט ער גאַנץ גוט, צוליב וואָס די ספּוטניקעס ווערן געשאַפן, וואָס פאַרא נוצן ברענגט שוין איצט און וועט ברענגען אין דער צוקונפט די אַטאָם־ענערגיע. נאָר מע דאַרף דאָך מיט עפּעס באַרעכטיקן זיך אַליין, דעקן און פאַרדעקן די אייגענע קליינלעכקייט און איבערלעכע פּוסטקייט. איין זאַך מוז ער אים זאָגן:

— אָבער אײַער מילך און סמעטענע איז דערווײַל נאָך ניט אָפּגעסאַמט?

טײַבל איז געוועזן זיכער, אַז אַלץ האָט זיך שוין געענדיקט. באַלד וועלן די געסט אַוועק, און ס׳וועט נעמען אַ סאָף צו אירע פּײַניקונגען, צו דער אומגעלומפּערטער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט. נאָר מאָטלען, וואָס האָט די גאַנצע צײַט נאָכגעשפּירט נאָך דעם, ווי די צוויי יונגעלײַט ווערטלען זיך דורך, האָט זיך געדוכט, אַז דאָס מאָל האָט זע־

ליק אָפּגעענטפערט א ביסל צו שוואַך, ניט אזוי, ווי דער פעליק האָט עס פארדינט. האָט עס אים פארדראָסן. אָן שום איינלאַדונג האָט ער זיך אָנ־געגאָסן א קעלישעקל, אויסגעטרונקען עס אין איין אָטעם און אפילע זיך ניט צוגערירט צום פארבייסעכץ.

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? פונדעסטוועגן... יעדער מענטש דאַרף האָבן זיין לידעלע, זיין ניגן. אָן אָן אייגענער ליד איז דער מענטש קיין מענטש ניט. אָט אזוי!..

אָפּגעזאָגט און א נעם געטאָן זיך פאר דער בייטש.

— קום, זעליק. דער גניאדער ווייסט שוין געוויס ניט וואָס איבערצו־טראַכטן.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט א שווערן גאנג פון שטאַרק פארמאַ־טערטע מענטשן. בא מאָטלען האָט די בייטש זיך נאָכגעשלעפּט אפן דיל. זעליק האָט ניט געקענט באפרייען זיך פונעם אומופהערלעכן שטראָם פון אלץ נייע, ניט ארויסגעזאָגטע געדאַנקען, ניט געקענט שטילן אין זיך דעם פארדראָס אף פעליקן און דעם געפיל פון שולד פאר טייבלען. ווי האָט ער געקאָנט אוועקפאָרן אף אזא לאַנגער צייט און דערלאָזן, זי זאָל אריינ־פאלן אין אזעלכע הענט?

טייבל האָט זיך געלאָזט זיי באַגלייטן. פעליקס בליק האָט אָנגעווירן זיין גאַדלעסדיקייט.

— וואָס וואָלט געווען, ווען איך גאַנווע דיך ארויס פונדאַנען? — האָט זעליק זיך אָנגערופן, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פורל און מאָטל האָט גענומען פארצוימען דעם גניאדן.

טייבל האָט זיך איינגעקלעמערט מיט די פינגער אין זיין האַנט, און זעליק האָט דערפילט, ווי אירע פינגער ציטערן. זיי זיינען געשטאַנען נאָענט איינער לעבן אנדערן, ווי גאָר אַמאָל, און זעליק האָט געקענט טיף אריינקוקן אין אירע האלב צוגעמאַכטע אויגן.

— וויאזוי? — האָט זי קוים ארויסגערעדט.

— גאַנץ פּאָשעט. דיך, איבייינעם מיטן קינד. און זאָל דאָ בלייבן אלץ, דאָס אלטע מעבל מיטן נייעם. האַ?..

זי האָט פאַמעלעך געעפנט די אויגן, ווי געוואָלט איבערצייגן זיך, אז דאָס איז ניט קיין כאָלעם. דאָס אָקאָרשט בלייכע פּאָנעם איז ווידער פארגאָסן געוואָרן מיט זוניקער רויטקייט.

— אוי, זעליקל, ס'איז גרינג צו זאָגן!..

דערנאָך, ווי זיך מעיאשעוו געווען, ארויסגערעדט האלב ערנסט, האלב אין שפּאַס:

— ווען זשע קלייבסטו זיך מיך ארויסגאַנווענען?

— גאָר אינגיכן. כ'וועל קומען. דו הערסט?

מאָטל האָט דאַפקע געקלערט אָפּפירן זעליקן צום אעראָפּאָרט מיטן וועגעלע, נאָר שעווע האָט זיך איינגעשפּאַרט: ווער פאָרט עס אף א וועגעלע צום אעראָפּאָרט? א ביזאָיען פאַר מענטשן. און זי וויל כאָטש איין מאָל אין לעבן זען, ווי צו איר שטוב פאָרט צו א טאַקסי, און זי וויל

כאָטש אַף דער עלטער פּאַרזוכן דעם טאַם פֿון דורכפֿאָרן זיך איבער דער שטאָט אַף אַ גלאַנציקער „וואָלגע‟. מאָטל האָט געוואָלט דערווידערן, נאָר, געכאַפּט אַף זיך זעליקס שמייכלענדיקן בליק, האָט ער געמוזט מאסקים זײַן:

— מיילע, אַז דיר שטייט שוין אויך ניט אָן פֿאָרן אַף אַ וואָגן...

שעווע האָט ביז האַלבער נאַכט געקאָכט און געבאַקן און אָנגעשטאָפּט זעליקס טשעמאָדאַן מיט אָן אַ שיר פּעקלעך: קנישעקלעך מיט לעבער, קנישעקלעך מיט קעז, שטרודעלעך, אַזעלכע שטרודעלעך האָט זי געטרוימט באַקן אַף זעליקס כאַסענע, זי האָט אַרײַנגעלייגט אין זיי אַלע אירע קענ־טענישן און אײַנגעוויקלט זיי איינציקעם מיט עטלעכע טיפּע און שטילע זיפֿצן.

און באַגינען, ווען די שטאָט איז אײַנגעהילט אין אַ גרינעם נעפּל און ווען מאָטל האָט ליב אַרויספֿאָרן מיט זײַן פֿערד־און־וועגעלע איבער די נאָך פֿאַרשלאָפֿענע שטאָטישע גאַסן, איז צו זייער שטיבל צוגעפֿאָרן אַ טאַקסי און זיך צעפּײַפֿט אַפֿן פֿולן קאָל. מאָטל האָט זיך געאײַלט, ער האָט געוואָלט אָפּפּאַרטיקן זיך וואָס גיכער, נאָר שעווע האָט אומיסטן אָפּ־געצויגן. זי איז איין מאָל און צוויי מאָל אַרויס צו דער מאַשין און ווידער זיך אומגעקערט אין שטוב אַרײַן, אַ קוק טאָן, צי האָט זי, קלוימערשט, עפּעס ניט פֿאַרגעסן. אינדערעמעסן האָט זי פּאָשעט געוואָלט, אַז עמעצער פֿון די שכיינים זאָל זען, ווי זי גיט אָן עפֿן דאָס טירל פֿון דער „וואָלגע‟ און זעצט זיך אַהין אַרײַן.

שעווע האָט געמיינט, אַז דער אַעראָפּאָרט געפֿינט זיך ערגעץ אין אויסערײַסעניש און זיי וועלן פֿאָרן אַהין דורך אַלע שטאָטישע גאַסן און געסלעך. און ס'האָט זי שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס איידער זי האָט זיך באַוויזן אַרומקוקן, האָט די מאַשין זיך אָפּגעשטעלט. און אָט שטייען זיי שוין אַלע איינציקעם שמאָלן דורכגאַנג לעבן טירל און מע מוז זיך שוין געזעגענען.

— נו, זעליקל, ווען זשע וועסטו קומען נאָכאַמאָל? — בעט זי זיך באַ אים.

— אינגיכן, מאַמע, גאָר אינגיכן. און איך וועל דיר ברענגען אַ זײַ־דענע פּאַטשיילע.

טאַטע־מאַמע זײַנען געבליבן פֿון דער זײַט, און זעליק, מיטן שווער געוואָרענעם טשעמאָדאַן אין די הענט און מיט פֿרישע שפּורן פֿון די הײַ־סע, פֿײַכטלעכע קושן אַפֿן פּאָנעם, איז אַוועק צום אַעראָפּלאַן. אַף האַלב וועג זיך אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אַף צוריק. יאָ, זיי שטייען נאָך אַלץ באַם טירל און מאַכן צו אים מיט די הענט. און ס'דוכט זיך אים, אַז לעבן זיי שטייט נאָך עמעצער און מאַכט אים אויך מיט די הענט... טײַבל!..

— ווען זשע וועסטו קומען מיך אַרויסגאַנווענען? — פֿרעגט זי באַ אים.

— אינגיכן, גאָר אינגיכן!..

אַזאַ וועט זי אים שוין שטענדיק שטיין פֿאַר די אויגן. מיט איר צע־בליטן, ווײַבערשן כיין, מיט איר אַלץ אָנוואַקסנדיקן פֿיבער, מיט איר פֿאַרפֿלאַמט פּאָנעם, מיט איר פֿאַרלוירנקײַט און אומבאַשיצטקײַט און מיט איר איבערגעשראָקענעם, בלאָנדזנדיקן בליק. און בייס אַלע זײַנע זוכונ־

געוואוסט, אַז ער קאָן ניט גיין? ער וועט ניט אופהערן טראַכטן וועגן דעם, אַז ער מוז וואָס גיכער ארויסרײַסן זי פון אָט דעם קליינבירגערלעכן זומפּ און ארויספירן אויף דער גרויסער וועלט, אופהייבן זי אַ ביסל נעענטער צו די שטערן.

דער בלענדנדיק־ווײַסער ליַינער האָט מיטאמאָל זיך צעהודעט מיט זײַנע מעכטיקע מאָטאָרן, ווי דערשראָקן אופגעציטערט און אַ יאָג געטאָן איבער דער בליאַסקענדיקער בעטאָנירטער סטעזשקע, גרינג זיך אָפּגעריסן פון דער ערד... און אָט איז שוין געבליבן פון אים בלויז אַ שוואַרץ פּינ־טעלע אויפן רײַנעם בלויען הימל.

— ווידער אוועק צו זײַנע מיקרעס און מאַקרעס, — האָט זיך אָנגערופן שעווע און געגומען ווישן די שטילע טרערן. — אַ כאָלעם, אַ שיינער, זי־סער כאָלעם...

צום אוטאָבוס, וואָס דאַרף זיי ברענגען צוריק אין שטאָט אַרײַן, דאַרף מען נאָך דורכמאַכן אַ שטיקל וועג, איבער וועלכן עס גייען זיך צונויף די געדיכטע צווײַגן פון די קליאָנען און טאָפּאָלן. אַ וועג, וואָס האַלט לאַנג אויף זיך די באַגײַסטערנדיקע קילקייט. ביידע גייען פאַרטרויערטע און פאַרטראַכטע. זיי ווייסן ניט, ווי אַזוי און פון וואָס אָנהייבן רעדן. זיי ווייסן ניט, ווי אויסבאַהאַלטן אייגער פאַרן אַנדערן דעם אומעט, די בענ־קעניש, וואָס הייבט שוין אָן צעוואַקסן זיך, און דעם געפיל פון איינ־זאַמקייט, וואָס הייבט אָן באַהערשן זיי, די צוויי אַלטע לײַט.

— נו, און באַם דירעקטאָר ביסטו מיט אים געוועזן? — פרעגט שעווע.

— נאָך וואָס?

— נו, צוליב דעם, וואָס דו האָסט אים ארויסגערופן.

— אײַ, וואָס דיר ליגט אין קאָפּ!..

נאָר אים אליין ווילט זיך אויך רעדן. זאָל זײַן וועגן זעליקן, זאָל זײַן וועגן דירעקטאָר, אַבי זיך אויסרעדן דאָס האַרץ.

— וואָס זשע, איך האָב דיר דען ניט דערציילט? מיט אַ פּאָר טעג צו־ריק רופט מיך ווידער אַרויס דער דירעקטאָר. מיר איז שיר די נעשאָמע ניט אַרויס. נאָר אַז דער דירעקטאָר רופט, מוז מען גיין. און דער דירעק־טאָר אונדזערער, דאַרף איך דיר זאָגן, איז זייער אַ לײַטישער מענטש. איז ער מיר אַרויסגעקומען אַנטקעגן, אָפּגעגעבן אַ ברייטן שאָלעם־אַלייכעם, מיך באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס און מיר דערלאַנגט אַ בענקל.

— נו זיצט. ווי גייט עס באַ אײַך? — פרעגט ער באַ מיר.

— מאַכט עס גיכער, כאַווער דירעקטאָר, — ענטפער איך אים, — און נעמט ניט אַרויס די נעשאָמע.

— וואָס איז די יאָגעניש? — באַרוקט ער מיך. — דעם פּלאַן, ווייס איך, פּילט איר אויס.

נעמט מיר שוין ווידער קלאַפּן דאָס האַרץ, און איך פּרוּוו זיך אַ הייב טאָן פון בענקל.

— זיצט, זיצט, — זאָגט ער מיר. — איך האָב פאַר אײַך אַ גוטע נײַס. איך האָב דאָן אָנגעשריבן און געמאָלדן קאַטעגאָריש, אַז די פאָדערונג פון דער רעוויזיע קענען מיר ניט אויספילן, ווײַל ניט אין דער יעדיניצע גייט עס, נאָר אינעם מענטשן.

— טאַקע אַזוי אָנגעשריבן? — פרעג איך.

— נו יאָ. און נעכטן איז אָנגעקומען אַן ענטפער.

לויט דעם גוטן שמייכל זײַנעם פארשטיי איך, אז דער ענטפער איז א גוטער, און ס׳פאלט מיר אראָפּ א שטיין פונעם הארצן.

— אָנגעשריבן איז דאָרטן אזוי: „אף אײַער בריוו נומער אזעלכער... האָט דער אָנפירער פון טרעסט געלייגט א רעזאָליוציע: „נעמען אין אכט״. איר פארשטייט, וואָס דאָס הייסט? עס בלײַבט ווי געווען.

— נו, — זאָג איך, — קומט טאקע א גרויסן דאנק דער רעוויזיע.

— דער רעוויזיע?

— יאָ, דער רעוויזיע, — זאָג איך. — ווען ניט די רעוויזיע, האָב איך ניט אזא טײַערן גאסט.

מאָטל האָט נאָך געוואָלט א סאך דערציילן זײַן שוועןן. דערציילן וועגן זײַנע שמועסן מיטן זון באנאכט אפן היי, וויאזוי זעליק האָט אים אף א נײַעם אויפן אויסגעטײַטשט די געשיכטע וועגן ניגן, דערציילן וועגן אלץ, וואָס זיי האָבן גערעדט, ארומפאָרנדיק איבער דער שטאָט, און באזונדערס, ווי זיי האָבן פײַן זיך דורכגעשמועסט מיט טײַבלס מאַן... נאָר ער האָט ניט געוווסט, וויאזוי נעמט מען און מע פאָרט אריבער פון דער רעוויזיע צו אזעלכע איניאָנים. ער האָט זייער געוואָלט, אז שוועע זאָל נאָך עפּעס פרעגן בא אים. וואָלט ער איר שוין דערציילט. נאָר פונוואנען האָט שוועע דאָס געזאָלט וויסן? האָט זי בלויז א ביסל אויסגעמורסערט איר היציקן מאַן.

— נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? קעדײַ געווען אופהייבן איבער דעם אזא גוואלד, הא?

# אין דרויסן גייט א רעגן



ריבערגעשפּרונגען דעם פֿאַרנאַכטיקן בײַנהאַשמאָשעס, האָט די נאַכט זיך אונטערגעגאַנוועט מיט א דריבנע רעגנדל, וואָס קאָן זיפּן א גאַנצע נאַכט און קוים א ביסל באַנעצן, צופּלעטשן דעם עסעריקן שטויב. נאָר ווען ס'זאָל אפֿילע געווען גיסן, ווי פֿון אַן עמער, און ס'זאָל געווען דונערן און בליצן, וואָלט מוישע־יאָסיע סײַוויי ניט אָפּגעלייגט דאָס אַרויספֿאָרן פֿונדאַנען אויף אַן אַנדער טאָג. ווײַפּל איז דאָס א מענטש בעקויעך הריזען זיך באַטאָג און באַנאַכט, ווײַפּל קאָן מען זיך עס שפּאָרן מיט זיך אַליין און האַלטן אין איין אײַנרעדן זיך, אַז דער גאַנצער אַרום: דער סטעפּ, דאָס אייגענע דאָרף, אַלע דײַנע שכיינים זײַנען דיר נימעס, ווי דער טויט, אַז אַפֿילע די אייגענע שטוב דײַנע, אין וועלכער ביסט געבוירן און אויסגעוואַקסן, איז דיר נימעס.

ערשט מיט א פּאָר יאָר צוריק האָט ער איבערגעדעקט דעם דאַך מיט נײַער טשערעפּיצע, צוגעבויט א נײַ שטאַלעכל... און דער גאָרטן!.. דער גאָרטן, וועלכן ער האָט הונדערטער מאָל מיט די אייגענע הענט דורכגעפּאָליעט און ווייסט אויף אויסווייניק יעדעס בערגעלע זײַנס, יעדעס קנײַטשעלע, ווי זײַנע אייגענע מאָזאָליעס, ווי דאָס גולקעלע אויפֿן רוקן, וואָס דערמאָנט אָפּטמאָל וועגן זיך מיט א טעמפּן ווייטעק... דאָס אַלץ איז אַזוי שווער אָפּרײַסן פֿון זיך, ווי דאָס האַרץ אַליין, די שאָ זאָל ניט זײַן, וואָס איז שוין ווי אָנגעשוואָלן פֿון די אַלע הריזעניש. און דאָך קאָן ער זיך שוין ניט דערוואַרטן די מינוט, ער זאָל פּאָטער ווערן פֿון דעם אַלעמען, ער זאָל זיך ענדלעך דערפֿילן פֿרײַ פֿון די אַלע הריזעניש, פֿון די דאָזיקע שווערע פּענטעס, פֿרײַ, ווי א פֿויגל, וואָס הײַנט איז ער דאָ, מאָרגן ערגעץ אַנדערש און איבערמאָרגן — ווו נאָר דאָס האַרץ וועט פֿאַרגלוסטן.

סײַוויי איז שוין ניט געווען אויף ווען אָפּלייגן דאָס אַרויספֿאָרן. ווײַפּל קאָן מען עס זיצן אין דער אייגענער שטוב, וואָס איז שוין ניט דײַנע, קוקן אויפֿן גאָרטן און וויסן, אַז דו וועסט שוין ניט פֿאַרזעצן דאָרט קיין קאַרטאָפֿל, קיין אוגערקעס און זונרויזן, קוקן אויף אַלץ, וואָס איז דאָס גאַנצע לעבן געווען דײַן אייגנס — דער נאָך צעקוואַסיעטער סטעפּ, דער פֿרײַליִנגדיקער הימל און די לאַנגע דאָרפֿישע גאַס, איבער וועלכער דו האָסט געשפּאַנט אַלע דײַנע יאָרן, זומער און ווינטער, אין רעגנס און אין בלאָטעס, אין פֿרעסט און אין זאַווייען, און פֿילן, אַז דאָס איז שוין ניט דײַנס, אַז דאָס איז דיר שוין פֿרעמד און דערעסן, און דו אַליין ביסט זיי אַלעמען, אי דעם היגן הימל, אי דעם היגן סטעפּ שוין אויך א פֿרעמדער.

צוערשט האָט זײַן זלאַטע אַפֿילע הערן ניט געוואָלט וועגן דעם, אַז זיי זאָלן אַרויספֿאָרן פֿונדאַנען. זי האָט פּאָשעט ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן זיך, ווי לעבן עס מענטשן אָן א שטיקל גאָרטן, אָן עטלעכע אויפֿעס אויפֿן הויף, אָן א קו. ווי קאָן מען עס לעבן, אויב מע דאַרף יעדן טאָג גיין קויפֿן

דאָס שטיקל ברויט, די גלאָז מילך, אָן אוגערקע און אפילע דאָס שטיקעלע פּעטרישקע. ווי נעמט מען דערצו אזויפיל געלט און ווי קאָן מען עס יעדן טאָג אוועקטראָגן אין קלייט אריין צי אפּן מארק א פּארהאָרעוועטע קאָפּעקע? איצט האָט זי אליין אָנגעהויבן אונטעריאָגן דעם מאן, זיי זאָלן וואָס גיכער ארויספאָרן, וואָס גיכער ערגעץ איינאָרדענען זיך און אָנהייבן עפּעס טאָן. פון דעם געלט, וואָס זיי האָבן באקומען פאר זייער שטוב, האָבן זיי שוין באלד אופגעגעסן א וואנט. קאָנען זיי דאָך אינגיכן אופעסן אזוי דעם דאך. דאָס האָט טאקע זי, זלאַטע, געצווונגען מוישע־יאָסיען זיך דורכפאָרן צו א באקאנטן קיין מאקייעווקע און אָפּדינגען דאָרטן א שטוב. די שטוב איז מוישע־יאָסיען ניט שטארק געפעלן געוואָרן, נאָר די שטאל איז געווען א נישקאָשעדיקע. ס'וועט זיין ווו אוועקשטעלן די פערד און די קו. זלאַטען האָט ער געלויבט די שטוב אין טאָג אריין, זי שטייט אף א גוט אָרט, אפן סאמע ברעג פון שטאָט, שוין קימאט אין סטעפּ. עס וועט זיין, ווו די קו צו פּאשען, קוינים אף מילך וועלן אויך זיין, און וועגן ארבעט איז שוין אָפּגערעדט — שאכטעס ארום־און־ארום. וועט זיין ארבעט פאר אים און פאר די פערד. אבי געזונט. האָט שוין זלאַטע וואָס גיכער געוואָלט זיין דאָרטן. עפשער וועלן זיי נאָך קריגן א שטיקל גאָרטן און באוויזן עפּעס פארזעצן.

די געדיכטע כמארעס האָבן אפּגיך זיך אָפּגעפּארטיקט מיטן פארנאכטיקן ביינהאשמאָשעס, מיטן אָוונט אליין און גלייך געמאכט נאכט.

— נו, זלאַטע, — האָט זיך אָנגערופן צום ווייב מוישע־יאָסיע, וועלכער איז גראָד געווען צופרידן, וואָס צו נאכט איז אוועק א רעגן. ער וועט האָבן ווייניקער אונטערקוקער, מיטזיפצער און אָפּשפּעטער. — וועלן מיר אָנהייבן ארויסטראָגן די זאכן...

פונעם גאנצן ביסל מעבל, וואָס איז געווען ווי איינגעמויערט, איינגעוואקסן אינעם שטיבעלע, גלייך ס'איז געבוירן געוואָרן איניינעם מיט די גראָבע לאמפּאטשענע ווענט און מיט דער הילצערנער, שוין היפּש פארייכערטער סטעליע, איז געבליבן זייער ווייניק וואָס ארויסצוטראָגן. די אלטע שאפע מיט די געשניצטע קארניזלעך און צעטריקנטע טירלעך האָט זיך צעשאָטן אף שטיקלעך, ווי נאָר מע האָט געפּרוווט א ריר טאָן זי פון אָרט; דאָס הילצערנע בעט מיטן הויכן ווענטל און סקריפּענדיקע צארגעס איז שוין פון לאנג קיין בעט ניט געווען. דעם אלטן שפּיגל מיט די פלעקן, גלייך ער האָט געקרענקט מיט פּאָקן און אין וועלכן ס'איז שווער געווען זען כאָטש א שטיקל פּאָנעם, איז ביכלאל א ביזאָיען געווען פירן מיט זיך. געבליבן צו פירן זיינען בלויז דאָס שמאָלע אייזערנע בעטל מיט די א ביסל אויסגעקרימטע פיסלעך, דאָס קיך־שאפקעלע, וואָס קאָן פאר א נויט דינען אויך פאר א טיש, די פאָר טאַבורעטלעך און דאָס באנקבעטל מיט די געשניצטע קארניזן. מוישע־יאָסיע האָט פריער גראדע געקלערט פארקויפן דאָס באנקבעטל, נאָר מערער ווי א דרייערל האָט קיינער ניט געגעבן, האָבן זיי עס אריבערגעטראָגן צו מוישע־יאָסיעס ברודער, צו אבע־שמועלן. דאָס האָט ער, אבע־שמועל, דאך געייצעט לאָזן בא אים זייער זעליקן, ער זאָל ענדיקן דאָס לערניאָר, זעליק איז דאך שוין אין זיבעטן קלאס. וועט ער האָבן אף וואָס צו שלאָפן. דאָס איז גע־

וועך דאָס איינציקע, וואָס מוישע־יאָסיע האָט געפּאָלגט דעם עלטערן ברודער.

דאָס שאַפּקעלע, וואָס איז געווען שטאַרק אָנגעבראַקנעט פון דער קינד־פּײַכטקײַט פון וועך ווייסט וויפל יאָרן, איז געווען שווער מיט רוכעס און קוים זיך אײַנגעמאָסטעט אויפן וואָגן. דאָס אײַזערנע בעטל און דער קאַסטן, אין וועלכן זיי האָבן אָנגעשטאָפּט דאָס בעטגעוואַנט און דאָס ביסל מאַלבושים, האָט זיי שוין אויסגעזען פיל גרינגער. א ביסל שווערער איז געווען די פּאַס, כאָטש קיין געזײַערטס איז שוין אין איר ניט געווען. דאָס ביסל זויערע אוגערקעס האָט זלאַטע נאָך גאַנצפרי ארויסגענומען און אריבערגעלייגט אין א פּאָר עמער.

דעם עמעס געזאָגט, האָט מוישע־יאָסיע די גאַנצע צײַט געוואַרט, אַז אבע־שמועל זאָל אין אָוונט צוקומען זיי העלפן זיך אײַנפּאַקעווען, אָדער פּאָשעט זיך געזעגענען. נאָך אַלע רויגעזן, שפּאַרענישן און קריגערײַען זײַנען זיי דאָך פונדעסטוועגן פּאָרט לײַבלעכע ברידער. נאָר איצט איז שוין אַלץ אײַנגעפּאַקעוועט, מע קאָן שוין ארויספירן פון שטאַל די פערד און זיי אײַנשפּאַנען, צובינדן צום וואָגן די קו. נאָר ס׳איז ניט געווען צו זען, אַז עמעצער זאָל צוקומען צו זייער הויף. האָט מוישע־יאָסיע שוין ניט געוווּסט, ווי אויסטײַטשן דאָס אַלץ און מיט וואָס דאָס דערקלערן. צי איז דאָס געשען דערפּאַר, וואָס אבע־שמועל האָט געקאָנט ניט וויסן, אַז זיי פאָרן ארויס הײַנטיקע נאַכט, — די לעצטע טעג איז זייער רויגעז דערגאַנגען צו אַזאַ גראַד, אַז זיי האָבן ניט גערעדט צווישן זיך, — צי, מעגלעך, יאָ געוווּסט און אומיסטן ניט געקומען. האָט שוין מוישע־יאָסיען געלויבט בעסער דאָס צווייטע. דערמיט האָט מען געקאָנט מערער צערייצן זיך, צעבלאָזן דעם טליִענדיקן צאָרן, די עסעריקע פאַרביטערטקײַט און פאַרטרײַבן וואָס טיפער דעם נאָגנדיקן אומעט, וואָס טוט אַלע מאָל דאָ א שטאָך, דאָ א בראָך און כאַפּט זיך אָפּטמאָל ארײַן מיט אַזאַ פרעסעניש אונטערן האַרצן, אַז ס׳פאַרכאַפּט אַזש דעם אָטעם.

צוויי לײַבלעכע ברידער! און — ווי פײַער מיט וואַסער. דאָס האָט ער, אבע־שמועל, דער געלערנטער ברודער זײַנער, צוגעטראַכט די שפּיל מיט די ראָשעטייוועס פון זייערע נעמען. פון זײַן אייגענעם נאָמען, פון אבע־שמועלן, האָט ער גענומען די ערשטע אויסיִעס און געמאַכט פון זיי דאָס וואָרט אייש — פײַער. צו מוישע־יאָסיעס נאָמען צוגעגעבן דעם ערשטן אָס פון זייער פאַמיליע — מעדוועד, און ס׳איז געוואָרן מאַיִם — וואַסער. כאָטש, אינדערעמעסן, איז דאָס געווען פונקט פאַרקערט. נאָר ווי דאָס זאָל ניט זײַן, אַזוי צי אַזוי, זײַנען דאָס געווען ביז גאָר פאַרשיידענע מענטשן. מיט איין וואָרט — פײַער מיט וואַסער.

קיין געלערנטער איז אבע־שמועל ניט געווען. דאָס ביסל טוירע איז באביידן פון איין קוואַל און פון איין מאָס. נאָר אבע־שמועל האָט דאָס ליב געהאַט, און בא מוישע־יאָסיען איז דאָס געווען א פּוסטער איניען. אבע־שמועל האָט ליב געהאַט די ניגנדלעך פון די שאַבעסדיקע און יאָמ־טעוודיקע טפילעס, געקוויקט זיך מיט א קאַפּיטל טהילים, מיט עפּעס א שטעל פון שיר־האשירים, מיט א ווערטל פון פּיירעק, וואָס ער האָט זייער גוט געקאָנט ניט נאָר פאַרטײַטשן, נאָר אויסטײַטשן. און באַזונדערס האָט

ער ליב געהאַט דעם שאַבעס, ניט אַזוי פֿאַר די שאַבעסדיקע מײַכאָלים און פֿאַר דעם אָפּרו, ווי פֿאַרן געפֿיל פֿון יאָמטעוודיקײַט, וואָס נעמט אים דורך און מאַכט אים גאָר אַן אַנדערן, גאָר ניט ענלעך אַף יענעם וואָכע־דיקן אַבע־שמועלן. דאָס איז געווען אַ געפֿיל פֿון דערהויבנקײַט, פֿון עמעסדיקן נאַכעס־רועך, פֿול מיט ניט ערדישן טײַנעג, מיט יענעם רוכ־ניִעסדיקן, וואָס דערהייבט דעם מענטשן אין זײַנע אייגענע אויגן.

טאַקע דערפֿאַר האָט אַבע־שמועל שטענדיק אַרײַנגענומען דעם שאַבעס אַ סאַך פֿריִער פֿון אַנדערע; אַפֿילע אין סאַמע ברען פֿון שניט איז ער פֿרײַטיק נאָך אַ האַלבן טאָג שוין געווען אין דער היים. זײַן פֿייגע האָט געראַמט אין שטוב, געשמירט די ערד, און ער האָט אויסגעקערט דעם הויף, צוגעפּוצט אים אַזוי, אַז קיין שטויבעלע, קיין פּעדערל זאָל אַף אים זיך ניט וואַלגערן. מיט איין וואָרט, ער האָט זיך געגרייט אויפֿנעמען די מאַלקע שאַבעס, אַזוי ווי איר קומט, אַזוי ווי עס זאָגט זיך טאַקע ערעוו שאַבעס — לייכאָ דוידי, ליקראַס קאַלאָ, — קום, מײַן פֿרײַנט, באַגעגענען די קאַלע. ער איז שטענדיק געגאַנגען דעם שאַבעס אַנטקעגן און אַרײַנ־גענומען אים מיט גרויס קאָוועד.

פֿאַר מוישע־יאָסיען איז דער שאַבעס געווען ווי אַן אָפּקומעניש. ער האָט ניט געוווּסט ווּהין אַהינטאָן זיך, וואָס טאָן מיט זיך. ער איז געווען בייז אַף זיך און אַף דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס אַף די, וואָס האָבן צוגעטראַכט אַ שאַבעס און דו מוזסט פֿוסטעפּאַסעווען, ווען די קאַרטאָפּל וואַרטן, מע זאָל זיי דורכיעטן, דער פֿאַר — מע זאָל אים פֿאַרבאַראַנאָווען, און ס׳קאָן, כאָלילע, איבערשטיין דער רײַפֿווערנדיקער גערשטן. פֿונעם גאַנצן פֿיירעק האָט מוישע־יאָסיע אויסגעקליבן פֿאַר זיך איין מידע, וואָס איז געוואָרן פֿאַר אים אַ געזעץ: עמויר מיִיאַט, וואַאַסיי אַרבאָ — רעד ווייניקער און טו מערער. אַרבעטן האָט ער געקאָנט גאַנצע מעסלעסן און שטענדיק אָפּגעזוכט פֿאַר זיך וואָס צו טאָן, אויב ניט אין סטעפּ, איז אַפֿן גאָרטן, אויב ניט אַפֿן גאָרטן, איז אין שטאַל, און געקאָנט אָפּקומען אַ טאָג מיט עטלעכע געציילטע ווערטער. זײַן געדיכטע שוואַרצע און פֿלאַ־טשיקע באָרד האָט געמאַכט זײַן פּאָנעם ברייטער ווי לענגער און דערצו בייזער, ווי ער איז געווען אײַנדערעמעסן. שאַבעס איז די באָרד געווען נאָך בייזער. אַבע־שמועלס שיטערע באָרד, פֿאַרקערט, האָט שאַבעס גע־גלאַנצט פֿאַר טײַנעג, פּונקט ווי די אויגן זײַנע, און ער איז גרייט געווען קושן זיך מיט דער גאַנצער וועלט.

יאָ, קיין געלערנטער איז אַבע־שמועל ניט געווען, קיין פּויליאַק אָבער אויך ניט, נאָר ער איז ניט געווען אַזוי פֿאַרקויפֿט צו דער אַרבעט. און דאָס, וואָס מוישע־יאָסיע האָט אָפּט געזאָגט אַף אים הינטער די אויגן „מײַן געלערנטער ברודער", און דאָס, וואָס אַ צערודעוועטער האָט ער אים אַמאָל אין די אויגן אָנגערופֿן פּויליאַק, האָט יענער אויפֿגענומען מיט אַ גרינג מעכילע־שמייכעלע. ניטאָ, הייסט עס, פֿאַר וואָס און מיט וועמען פֿראַווען אַ רויגעז.

מיט זייער אַשירעס האָבן זיי אויך געקאָנט אויסגלײַכן זיך. זיי זײַנעןביידע געווען פֿון יענעם מין מיטלפֿויערים, וועמען עס פֿעלט זייער אַ סאַך צו פֿאַרמעגלעכקײַט. און דאָך — פּײַער און וואַסער.

זייער רויִגעז האָט אָנגעהויבן פּאַרטיפֿערן זיך, ווען אין דאָרף האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן גיין אין קאָלווירט. אבע־שמועל האָט געזאָגט, אז דאָס דאָרף זײַן א קלוגע זאַך, מוישע־יאָסיע האָט אָנגעהויבן שפּײַען, ווי נאָר מע האָט גענומען שמועסן וועגן דעם. בלויז איין מאָל, ווען אבע־שמועל האָט אים געפּרוּווט דערווײַזן, אז אויב דאָס גאַנצע דאָרף וועט אַרײַן אין קאָלווירט, וועט ער דאָך ניט קאָנען בלײַבן איינער אליין, ווײַל ס'איז נאָכאמאָל, אין פּיירעק, געזאָגט געוואָרן: אל טיפרויש מין האציבור — זאָלסט זיך ניט אָפּטיילן, אָפּשיידן פון דײַן געמיינדע, האָט מוישע־יאָסיע אויך דערמאָנט זיך א לאַנג פּאַרגעסענעם שטעל פונעם פּיירעק און אויס־געשפּיגן.

— אים איין אני לי, מי לי?..

נו, יאָ, אָן אלט ווערטל: אויב ער אליין וועט זיך ניט דײַגענען פאַר זיך, ווער זשע וועט פאַר אים דײַגענען?

געוויס האָט אבע־שמועל אים געקאָנט דערווײַזן, אז גלײַך נאָך אָט דעם פּאָסעק קומט גאָר אַן אַנדערער, וואָס זאָגט פּונקט דעם הייפּעך, אז ביכלאַל איז דאָס ווערטל שטאַרק פּאַרעלטערט, נאָר ער האָט גוט פּאַר־שטאַנען, אז פּירן מיטן ברודער א וויקועך אָפּן סמאַך פון פּיירעק איז א פּוסטער איניען, דערצו האָט איבגיכן די קריגערײַ אָנגענומען אזא פּאַר־נעם און געוואָרן אזוי הייס, אז מע האָט זיך געקאָנט באַגיין אָן פּסוקים. סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי איבגאַנצן אופגעהערט צו רעדן. די שטוב־איניאָנים, בייס וועלכע מע מוז אָנקומען איינער צום אַנדערן, האָבן געפירט צווישן זיך די ווײַבער. זלאַטע און פּייגע. זיי האָבן שוין געקאָנט אָנרעדן זיך און אָנווייִנען זיך, וויפל זיי האָבן געוואָלט.

דאָס דריבנע רעגנדל האָט געלאָזט הערן וועגן זיך וואָס אמאָל שטאַר־קער, און זלאַטע האָט שוין אפילע א זאַג געטאָן, אז עפּשער לוינט צו־וואַרטן א פּאָר שאָ, ביז דער רעגן וועט דורך. מוישע־יאָסיע וואָלט שוין געוועזן געגעבן די האסקאָמע, נאָר אין דער שכיינעסדיקער שטוב האָט עמעצער א ריב געטאָן א שוועבעלע און דאָס פּײַערל האָט א ווײַלע א בליץ געטאָן אין פּענצטער. שלאָפט ער, הייסט עס, ניט, און האַלט אין איין אונטערקוקן, דער בייזער שאָכן זײַנער.

אלע זײַנע יאָרן, ווען ער האָט געאַקערט און געזייט, געשניטן און געדראָשן, געפּאָליעט דעם גאָרטן און געריייניקט די שטאַל, געזעצט זיך צום טיש און געלייגט זיך שלאָפן, האָט ער געזען פאַר זיך דעם בייזן ניט פּאַרגינערישן בליק פונעם שאָכן זײַנעם. אָפּטמאָל אים געזען אפילע אין כאָלעם. זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט, ביכלאַל ווייניק גערעדט איינער מיטן צווייטן, און די פּאָר שטעכווערטלעך, וואָס דער שאָכן האָט פון מאָל צו מאָל געזאָגט וועגן אים הינטער די אויגן, איז דאָך ניט מערער, ווי א פּײַג אין קעשענע. נאָר דער בליק זײַנער, דער שטעכיקער בליק אף זײַן לאַנגן אָפּגעצויגענעם פּאָנעם האָט אוועקגערויבט בא מוישע־יאָסיען האלב האַנאָע פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט פון דער אַרבעט, פון דעם פעטן ראָסלפלייש מיט די געזײַערטע פעפער, וואָס האָבן געבראָטן אין מויל, ווי א גוט ביסל מאַשקע.

וואָלט געוועזן צו דערלייַדן, ווען דער שאָכן זייַנער ביינעש זאָל געוועזן זייַן א קאפצן און ער, מוישע־יאָסיע, אן עמעסער גוויר. מיט זייער גווירעשאפט וואָלטן זיי זיך געקאָנט אויסגלייַכן. נאָר ביינעש האָט מיט אלע קויכעס זיך געסטארעט אויסזען נאָך בישטיקער, ווי ער איז. שטענדיק איז ער געגאנגען אָנגעטאָן קרוע־בלוע, א לאטע אף א לאטע, און אף זייַן פארקויטיקט, זעלטן ווען געוואשן פאָנעם איז געלעגן ווי פארגליווערט אן אויסדרוק פון באאוולטקייַט און קינע צו אלץ, וואָס איז רייַנער, געראָטענער, שענער און, ווי אים האָט זיך געדוכט, לייַטישער פון אים. אף צולאָכעס דער וועלט האָט ער זיך געסטארעט נאָך מערער פארנאכלעסיקן אלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט: דעם אייגענעם הויף, די שטוב, דאָס ביסל אינוועטאר, ס'זאָל זיך יעדערן ווארפן אין אויג, ער זאָל האָבן נאָך מערער פאר וואָס מעקאנע צו זייַן.

איז פארשטענדלעך, פארוואָס מוישע־יאָסיע האָט מערער פון אלעמען געליטן פון זייַן בייזער קינע. א שטוב לעבן א שטוב, א הויף לעבן א הויף. א גאָרטן לעבן א גאָרטן. און אלץ ווי טאָג מיט נאכט. אפילע פאר דער זון אין הימל איז ביינעש מעקאנע געוועזן מוישע־יאָסיען. באגינען, ווען די זון גייט אוף, פארגיסט זי מיט שטראלן מוישע־יאָסיעס פענצטער, און פארנאכט, ווען די זון פארגייט, לאָזט זי איבער עטלעכע ווארעמע שטראלעכלעך אין זייַנע, ביינעשעס. פארוואָס זשע קומט מוישע־יאָסיען אזא שעפע באגינענדיקע שטראלן און אים אזא קליין זשמענקעלע?

דאָס שוועבעלע, וואָס האָט א פלאם געטאָן אין ביינעשעס פענצטער, האָט ווי א ברי געטאָן מוישע־יאָסיען, און דאָס האָט אים א יאָג געטאָן אין שטאל וואָס גיכער ארויספירן און אייַנשפאנען די פערד. זאָל ער שוין וואָס גיכער ארויספאָרן, און פאָטער.

— זלאטע, ווו ביסטו דאָרטן? — האָט ער א רוף געטאָן דאָס ווייַב.

זלאטע האָט ארומגעבלאָנדזעט אין דער פינצטער איבער די פוסטע צימערן, אלע מאָל זיך א קלאפ געטאָן מיטן קאָפ אין אן אנדער וואנט, אָדער אליין צוגעפאלן צו א טירל, ווי צו עפעס א לעבעדיקס, געגלעט די איבערגעטריקנטע ברעטלעך, די פארזשאווערטע קליאמקעס, די אָנגעבראקנעטע, היפש פארשמאָלצעוועטע הענטלעך און שטיל געכליפעט. זי האָט ארומגעבלאָנדזעט מיט האלב־צוגעמאכטע אויגן, אלץ געצויגן מיט די נאָזלעכער, ווי געוואָלט אייַנזאפן און מיטנעמען מיט זיך דעם גאנצן געמיש פון רייכעס, וואָס האָט אין מעשעך פון יאָרן זיך אָנגעזאמלט אין זייער שטוב, געוואקסן און געעלטערט זיך אינײנעם מיט זיי און געוואָרן א טייל פון זיי אליין — די רייכעס פון אופגעגאנגענע ראָשטשינעס, פון געפילטע פעפערלעך, די רייכעס פון פריש־אָנגעשמירטער ערד, פון אויסגעוואשענע העמדער און איבערגעווייקטע ווינדעלעך... טאקע די רייכעס פון די ווינדעלעך האָבן זי איבעריקס פארהאלטן אינעם שמאָלן אלקערל מיטן פיצעלע פענצטערל. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי איז דאָ געגאנגען צו קינד מיט איר זעליקן. געטראָפן האָט דאָס אינמיטן פרייַטיק, ווען זי איז געווען פארפאָרעט איבערן קאָפ און מוישע־יאָסיע... פרייַטיק איז אף מוישע־יאָסיען שטענדיק אָנגעפאלן א יאָגעניש. פרייַטיק פלעגט ער פארבלייַבן אין סטעפ ביז שפעט אין אָוונט, געארבעט מיט אזא זשעדנעקייַט,

מיט אזא פֿאַרביסנקײט, גלײַך ער װאָלט זיך געסטאַרעט אָפּטאָן אויך פֿאַרן מאָרגעדיקן שאַבעס. פֿרײַטיק פֿלעגט ער אַפֿילו ניט קומען אַף מיטיק און זי האָט געמוזט אַרויסטראָגן דעם שוין אָפּגעקילטן ראָסלפֿלייש אין סטעפּ.

ניט דערוואַרט זיך יענעם פֿרײַטיק אַפֿן מיטיק, איז ער צוערשט געוואָרן בייז אַף זײַן זלאַטען. זיך פֿאַרהאַוועט מיט אירע שטוב־זאַכן און פֿאַרגעסן אין אים. און ער האָט שוין באַוויזן זיך היפּש אויסהונגערן. שפּעטער איז די בייזקײַט אַריבער, און ער איז געוואָרן אומרויִק. זלאַטע איז דאָך אַף דער צײַט. האָט ער שוין געמוזט גיין אַהיים אַ סאַך פֿריִער. נאָר סײַווי פֿאַרשפּעטיקט. מע האָט אים שוין אונטערגעטראָגן דעם מאַזלטאָוו, נאָך איידער ער איז אַרײַנגעפֿאָרן אין הויף.

— וואָס איז געוועזן די אײַלעניש, — האָט ער זיך ווי אָנגעבאַרויִגעזט אַף דער קימפּעטאָרן. — ניט געקאָנט צוּוואַרטן אַף מאָרגן?

ס'הייסט, שאַבעס איז דאָך סײַווי ניטאָ וואָס צו טאָן. איז סאַמע די צײַט...

אַזוי קלאָר, אַזוי מאַמאָשעסדיק איז פֿאַר איר אויפֿגעקומען יענער ווײַטער קימפּעט, אַז זי האָט אים דערפֿילט מיט אַלע זײַנע ווייטעקן, מיט יענער קאַפּדרייעניש, מיט יענער מוירעדיקער שנײַדעניש אין בויך און כאַלאַשעס, וואָס האָט געדויערט, ווער ווייסט וויפֿל, אַ מינוט צי אַ גאַנצע שאָ... זי האָט געמוזט אַ נעם טאָן זיך פֿאַר דער טיר, זי זאָל ניט אומפֿאַלן.

— נו, זלאַטע, ווו ביסטו דאָרטן? — האָט מוישע־יאָסיע זי ווידער אַ רוף געטאָן און שוין גרייט געוועזן זי אַ זידל טאָן דערפֿאַר, וואָס זי פֿאַרקעט זיך דאָרטן אַזוי לאַנג, וואָס זי איז בכלל אַ טויגעניכטס. ער האָט קוים זיך אײַנגעהאַלטן, ער זאָל עס איר ניט זאָגן. ער האָט דאָך געוווּסט, אַז דאָס איז ניט אַזוי, זײַן זלאַטע איז געוועזן אַ ווײַבל אַ בעריע, אַן עמעסדיקע איישעס כאַיִל, ווי דער ברודער אַבע־שמועל האָט זי גערופֿן. צו וואָס זי זאָל זיך ניט געוועזן נעמען, האָט באַ איר אַלץ געבערענט אונטער די הענט. פֿאַר אַלע יאָרן געדענקט ער ניט, מוישע־יאָסיע, אַז דאָס ברויט זאָל באַ איר ניט געראָטן, דער ראָסלפֿלייש זאָל אַמאָל זײַן ניט דערזאַלצן אָדער איבערגעזאַלצן, דער הויף זאָל זײַן ניט צוגעראַמט, שוין אָפּגערעדט וועגן גאָרטן, ווו זלאַטע איז געוועזן די הויפּט־באַלעבאָסטע. זייער גאָרטן האָט געהאַט אַ שעם איבערן גאַנצן דאָרף מיט זײַן ריינקײַט, מיט זײַן אויסגעכאַליעטקײַט. אַזעלכע קאַרטאָפֿל, אַזעלכע זונרויזן און אַזעלכע אוגערקעס איז ניט געווען באַ קיינעם. באַזונדערס איז מוישע־יאָסיען געפֿעלן געווען, ווי זלאַטע דערלאַנגט אים די קאָפּיצעס אַף דער האַרבע. זי טוט זיך אַ בייג אָן, טוט אַ שטעק אַרײַן דעם היי־גאָפּל טיף אין דער שווערער קאָפּיצע, טוט אַ הייב און טוט זי אַ שלײַדער אַרויף, גלײַך זי וואָלט געווען גרינג, ווי אַ פֿעדער.

עפּעס האָט פֿונדעסטוועגן יאָ געהריזעט מוישע־יאָסיען אַפֿן ווײַב, געהריזעט שטיל, מע קאָן זאָגן אַפֿילו געהיים. ער אַליין וואָלט אין דעם זיך קיינמאָל ניט מודה געווען. זלאַטע איז געווען אַ סאַך העכער פֿון אים, שטאַלטנער און, ווי אים האָט זיך געדוכט, שענער. קעגן איר האָט ער זיך געפֿילט אַ ביסעלע פּעמפּיקעוואַטע און היפּש עלטער. אין זײַן אויסזען עלטער איז מער פֿון אַלץ געווען שולדיק די באָרד זײַנע. ער האָט אַליין

ניט געוווּסט ווען ער זאָל שילטן, וואָס זי איז זיך צעוואַקסן איבערן גאַנצן פּנים, זיך צעלייגט איבער די באַקן ביז דער סאַמע נאָז. אַ בייזע, שוואַרצע באָרד, וואָס האָט געמאַכט נאָך דערצו דאָס פּנים ברייטער ווי לענגער.

מעגלעך דערפֿאַר, איבער אָט דעם ניט קלאָרן אייפּער־געפּיל, האָט ער זעלטן ווען געזאָגט זײַן זלאַטען אַ גוט וואָרט, און דאָס ביסעלע לאַסקע האָט ער איר אויך אַרויסגעטיילט, ווי אַן עכטער קאַמצן, כאָטש דאָס גוטע וואָרט איז אים שטענדיק געלעגן אויף דער צונג.

— וואָס האָסטו דאָרטן זיך געוואָזגעט אַזוי לאַנג? — איז ער שוין גע־ווען אָפּגעגעסן בייז, ווען זי איז ענדלעך אַרויס אָפּן הויף מיט עפּעס אַ שטיקל קיילע אין דער האַנט.

זי האָט אים בעפּיירעש געוואָלט דערציילן, ווי שווער איז איר גע־זעגענען זיך מיט די אייגענע ווענט, מיט יעדער קליאַמקעלע, מיט די אייגענע רייכעס... געוואָלט דערציילן, ווי זי האָט זיך דערמאָנט יענעם ווײַטן פּרײַטיק, ווען זי איז געגאַנגען צו קינד... נאָר ערשטנס, איז קיין צײַט ניט געווען פֿאַר אַזעלכע לאַנגע דערציילונגען, צווייטנס, האָט זי זיך פֿאַשעט געשעמט. ער וועט זי נאָך אויסלאַכן, מוישע־יאָסיע. האָט זי אים בלויז דערלאַנגט דאָס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

— טו אומיסטן אַ קוק... אונדזער קוואַרטל. דאָס קופּערנע קוואַרטל. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ. און גראָד אינדערפֿינצטער זיך פֿאַרטשעפּעט פֿאַר עפּעס. געמיינט, ס'אַ שטיקל בלעך. איך הייב עס אויף — דאָס קוואַרטל!

פֿונוואַנען זאָל זי געווען וויסן, אַז גראָד אָט דאָס קופּערנע קוואַרטל, וואָס איז ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק און וואָס ער האָט אַזוי די גאַנצע צײַט אַקשאָנעסדיק געזוכט און ניט געקאָנט געפֿינען, וועט אים אַזוי צערודערן. דאָס קופּערנע יערושע־קוואַרטל, וואָס איז איבערגעגאַנגען פֿון טאַטעס צו קינדער, וועט ווייסט וויפֿל דורעס. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס קוואַרטל שרײַט אַרויס צו אים: „ווּהין שלעפּט איר מיך, ווּהין ווילט איר מיך פֿאַרפֿירן?"

דערפֿאַר טאַקע האָט ער זיך דערלויבט אַ זידל טאָן זיך אַ ביסעלע אין דער הייך.

— אַ מעציע אַ גרויסע... קעדײַ געווען צוליב דעם פּאַטערן אַ שאָ צײַט...

— וואָס רעדסטו? מע דאַרף דאָס נאָר גוט אויסרײַבן!..

דאָס פּרילינגדיקע רעגנדל, וואָס האָט אַזוי שטיל זיך אונטערגעגאַנ־וועט, איז געוואָרן וואָס אַמאָל כוצפּעדיקער, עס האָט אַ גאָס געטאָן, ווי אינמיטן זומער, מיט ראַש זיך צעבולבעט אין די קליינע און גרויסע קאַ־ליוזשעס, זיך צעפּילדערט, צעזונגען מיט יענעם פֿריילעכן ניגנדל, וואָס קומט פֿון אייגענער פֿרייד, פֿון דעם, וואָס דו דערפֿילסט, אַז ביסט שטאַרק באַליבט בײַ אַלעמען. אַלע האָבן לאַנג אַרויסגעקוקט אויף דעם ערשטן וואַ־רעמען און ראַשיקן רעגן.

פֿאַר מוישע־יאָסיען איז דער גרעסטער יאָמטעוו אַלע יאָרן געווען דער ערשטער וואַרעמער רעגן, דער ערשטער דונער און דער ערשטער בליץ.

נאָר הײַנט האָט דאָס אים ניט געפרייט. הײַנט האָט זיך אים געוואָלט ערגעץ אויסבאהאלטן זיך פון אים, ערגעץ אנטלויפן.

— נו, פיר שוין גיכער ארויס די קו!

— עפשער וועלן מיר איבערוואַרטן דעם רעגן? — האָט זלאטע זיך געבעטן.

— מע קאָן אזוי וואַרטן ביז גאַנצפרי...

און קעדיי ער זאָל ניט איבערטראַכטן, איז ער אליין אַרײַן אין שטאל, אַרויסגעפירט די קו און זי צוגעבונדן צום וואָגן.

— נישקאָשע, אויב ס׳וועט זײַן שווערלעך, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין פעטריקאָווקע. מירן פאַרפאָרן צו זאַכארן.

אײַנגעמאָסטעט זיך אפן פול־אָנגעלאָדענעם וואָגן, איבערגעדעקט די קעפּ מיט אַ לאַנגן און גראָבן זאַק, האָט מוישע־יאָסיע אַ נעם געטאָן די לייצעס אין די הענט און אַ זאָג געטאָן:

— פאָרן מיר.

דאָס איז געווען געזאָגט סײַ פאַר זיך, סײַ פאַר די פערדלעך, וואָס האָבן אָן איבעריקן כיישעק פאַרלאָזט דעם אייגענעם הויף און געשטעלט די ערשטע טריט אין דער רעגנדיקער נאכט. זלאטען האָט ער אַ זאָג געטאָן אַ ביסל צאַרטער:

— טוליע זיך צו האַרטער צו מיר, וועט דיר זײַן אַ ביסל וואַרעמער און ס׳וועט אזוי ניט דורכנעצן...

זלאטע געדענקט שוין ניט, מוישע־יאָסיע זאָל רעדן צו איר מיט אזא צאַרטקײַט. זי האָט אזש אַ ציטער געטאָן און דערבײַ אַ שמייכל געגעבן צו זיך אליין, דערמאָנט זיך אין לאַנגאָניקס, וואָס זעט איצט אויס ניט מערער, ווי אַ כאָלעם.

— ווייסטו וואָס, מוישע־יאָסיע... — איז זי אויך געוואָרן צוגעלאָזטער. — עפשער וועל איך אַרויסשלעפּן די מולטער, וועלן מיר זיך איבערדעקן מיט איר, וועט זײַן אַ שטיקל דעכל איבערן קאָפּ...

— קיין גרעסערע נאַרישקײַט האָסטו שוין ניט געקאָנט צוטראַכטן? די מולטער גאָר... אַ מאָשל...

דער ערשטער פרילינגדיקער רעגן האָט זיך צעהוליעט מיט דונערן און בליצן. צוערשט האָט יעדער דונער אָפּגעקנאַקט זײַנס און אַנשוויגן געוואָרן, דערנאָך האָט איין דונער מיטן אַנדערן זיך צונויפגעגאָסן אין איין לאַנגן, דורכויסיקן, פאַרטויבנדיקן געקנאַל. און די בליצן זײַנען שוין אויך געווען ניט קיין געווײנלעכע, גאָר אינגאַנצן שוין קיין בליצן ניט, בלויז בלענדנדיקע פינטעלעך, וואָס ווינקען זיך איבער איינס מיטן צווייטן, שלײַדערן איינס אינעם צווייטן קליינע דונערלעך, וואָס קײַקלען זיך אהין און אהער. אָפּט דוכט זיך, אז זיי האָבן זיך שוין אוועקגעקײַקלט גאָר ווײַט, נאָר פּלוצעם ווידער אַ הילך געטאָן מיט אַ פאַרטויבנדיקן קנאַל.

אזעלכע טעג און נעכט, ווען דער הימל און די ערד זײַנען איין דורכויסיקער רעגן, האָט מוישע־יאָסיע שטענדיק באַגעגנט מיט אַ פריילעכן קאַבאָלעס־פּאָנעם, צעעפענט אַלע טירן און פענצטער, אליין ארויס אפן הויף אין איין העמד, לאַנג געשטאַנען אַ באָרוועסער, אָן אַ היטל, און, ווי דער סטעפּ אליין, אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם וואַרעמען רעגן. אים

האָט זיך געדוכט, אַז אַלע זײַנע גלידער צעוואַקסן זיך, גיסן זיך אָן מיט גוווּרעדיקער קראַפט. אונטער אַזאַ רעגן האָט ער געקאָנט שאַנעווײַז שטיין פֿאַריסן דעם קאָפּ צום דונערנדיקן הימל, מיט אַ צעעפֿנט מויל און שלינגען ביז פֿאַרכלינעט צו ווערן איין טראָפּן נאָכן צווייטן. די געדיכטע שוואַרצע באָרד האָט ווי אַ שוואָם אַרײַנגענומען אין זיך אַ שטיק רעגן, געוואָרן ווי אָנגעשוואָלן, און ווען ער דערפֿילט, אַז די באָרד קאָן שוין מערער אין זיך ניט אַרײַננעמען, טוט ער זי אַ קוועטש מיט ביידע הענט. עס קומט אים מאַמעש צו אַ שטיק געזונט, צוקוקנדיק, ווי עס רינט פֿון דער באָרד, ווי פֿון אַ פֿולן עמער.

דער איצטיקער רעגן האָט אים ניט געבראַכט ניט קיין נאַכעס, ניט קיין פֿרייד, ניט קיין געזונט. די גראָבע רעגן־טראָפּנס, וואָס רינען איבערן פּאָנעם, ווייקן דורך די באָרד, האָבן צו אים שוין איצט קיין שײַכעס ניט.

דער גאַנצער צאָרן, וואָס מוישע־יאָסיע האָט געקליבן אין זיך, וועלכן ער האָט אַלע מאָל אונטערגעוואַרעמט מיט עפּעס אַנדערש, ער זאָל, כאַלילע, ניט אָפּקילן זיך, ניט פֿאַרוויאַנעט ווערן, האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אויסרינען, און ס'האָט אים ווי אַ בליץ געטאָן אין מויעך אַ געדאַנק, אַז די אַלע געשיכטעס האָט ער אַליין פֿאַר זיך אויסגעטראַכט אָדער פֿאַשעט אַלץ איבערגעטריבן. קיינער האָט אים, אייגנטלעך, ניט באַליידיקט, קיינער האָט אים ניט געצווונגען, קיינער האָט אים ניט געדראָעט, און קיינער האָט אים ניט געטריבן פֿון זײַן ערד, פֿון זײַן הויף, פֿון זײַן גאָרטן, פֿון זײַן שטוב... דער בייזער שאָכן זײַנער, ביינעש? נו, איז וואָס? ער איז אַלע יאָרן ווי־ניט־איז דורכגעקומען מיט אים, וואָלט ער ווײַטער אויך דורכגעקומען. ער דאַרף זיך דאָך מיט אים סאָפּקאָלסאָף ניט מעשאַדעך זײַן, און זיצן מיט אים בײַ איין טיש אַף אַלע סימכעס איז ער דאָך אויך ניט מעכוייעוו. דער געלערנטער ברודער זײַנער מיט זײַנע מעשאָלים און מיט זײַן רויגעז? איז די ברייררע דאָך בײַ אים, בײַ מוישע־יאָסיען. ער קאָן זיי יאָ הערן און קאָן זיי ניט הערן. ער קאָן אָפּקומען מיט אַ גוטמאָרגן איין מאָל אין דער וואָך און שוין. און אַפֿילע דער פּאָרזיצער פֿון קאָלווירט אַליין, אָט דער היציקער באָכער מיט די ציגײַנערישע אויגן און פֿלאַמפּײַערדיקע רעדעס? ס'איז אויך אָן סאַקאָנעס. מאַלע וואָס אַזאַ קאָן זאָגן. עמעס, ער איז טאַקע פֿון ביז גאָר אַ גרויסן יִכעס, אַ קאַפּצן שעבעקאַפּצן, פֿון די, אַף וועמען עס האַלט זיך איצט די גאַנצע וועלט. נו איז וואָס? הײַנט איז ער, מאָרגן אַן אַנדערער. און דאָס, וואָס ער האָט געדראָעט, אַז אויב ער, מוישע־יאָסיע, וועט ניט אַרײַנטרעטן אין קאָלווירט, וועט מען אים אַנטבאַלעגופּעווען, קאָן ער נאָר רעדן. די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז אַלץ, וואָס ער פֿאַרמאָגט, איז פֿאַרהאָרעוועט מיטן אייגענעם שווייס.

ניין, ווײַטער אַזוי טראַכטן טאָר ער ניט. נאָך אַ ביסעלע, און ער קאָן פֿאַרקערעווען נאָך דעם וואָגן צוריק. נאָר פֿאַרקערעווען איז ניטאָ שוין וווּהין און צו וועמען. ער קאָן נאָר אויסלאָזן צו דער וועלט דאָס ביטערע האַרץ זײַנס דערפֿאַר, וואָס ער מוז זיך ווייקן אַ גאַנצע נאַכט אונטערן רעגן, וואָס ער האָט געמוזט אין אַזאַ נאַכט זיך אַרויסגאַנווענען פֿון דאָרף און שלעפּן זיך איבערן צעקוואַסיעטן סטעפּ, ווי אַ גאַוועגאַדניק, גלײַך

ער האָט קיינמאָל קיין אייגן ווינקל ניט געהאַט. און דער אייגענער ברו־דער... אפילו ניט געקומען זיך געזעגענען. נאָך אַלעמען האָט ער אויסגע־לאָזט דאָס האַרץ צו די פֿערד. אַ שמיץ געטאָן זיי און אויסגעזידלט זיך גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן:

— נישקאָשע, ס'וועט נאָך אַ רעד אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן!..

אויסגעזידלט זיך, איז אים געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויפֿן האַרצן. ער האָט זיך דערפֿילט אַ ביסל זיכערער דערפֿון, וואָס דער צאָרן האָט ווידער זיך צעפֿלאַקערט. דער צווייטער שמיץ, וואָס ער האָט דערלאַנגט די פֿערד, איז געווען אַ פֿרײַנטלעכער, אַ גוטברודערישער, פּאָשעט, ווי מע גיט אַ גלעט איבער דער פּלייצע. און די ווערטער זײַנען אויך געווען באַרויִקנ־דיקע, טרייסטנדיקע.

— נישקאָשע, אַבי מיר האָבן זיך שוין אַרויסגעריסן. אין פּעטריקאָווקע וועלן מיר פֿאַרפֿאָרן צו זאַכאַרן, זיך אָפּרוען, אָנוואַרעמען...

דער רעגן איז ביסלעכווײַז געוואָרן שטילער. די נאַכט האָט אָנגע־הויבן שמעקן מיטן באַקאַנטן רייעך, וועלכער קומט פֿונעם געמיש פֿון די צעקוסטעטע ווינטער־ברויטן, פֿונעם נאָרוואָס אויפֿגעגאַנגענעם גערשטן און פֿון דעם יונגן פּירײ, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין באַלקע און אויף דער דערבײַיִקער טאָלאָקע. אין דער אויפֿגעקומענער שטילקייט האָט מוישע־יאָסיע דערהערט, ווי זלאַטע כליפּעט. זי זיצט אײַנגעגנירעט מיטן פּאָנעם אין זײַן היפּש דורכגעווייקטן מאַנטל, שלינגט די טרערן איבערנעם מיט די רעגנטראָפּנס און טוט אַלע מאָל אַ היכץ, אַ שלוקערץ.

— וואָס כליפּעסטו, נאַרעלע?

— איך האָב זיך דערמאָנט... געדענקסט, יענעם פֿרײַטיק?..

און אויסדערציילט אים אַלץ, וואָס זי האָט פֿריִער זיך געשעמט דער־ציילן. וויאַזוי זי האָט, בלאָנקענדיק איבער דער שטוב, זיך דערמאָנט אין איר קימפּעט, זיך דערמאָנט אַזוי מאַמאָשעסדיק, אַז איר האָט זיך געדוכט, אַז ס'האָט איר אָנגעהויבן שנײַדן אין בויך.

— נו, איז וואָס?

— ווי תּשע נעמט מען און מע לאָזט איבער אַן אייגן קינד...

געוויס האָט זי געמיינט ניט נאָר זייער זעליקן אַליין. געמיינט האָט זי אַלץ איבערנעם: ווי נעמט מען, הייסט עס, און מע לאָזט איבער אַלץ, אין וואָס זיי האָבן אַרײַנגעלייגט אַזוי פֿיל האָרעוואַניע, אַזוי פֿיל מי און שווייס, אַלץ, וואָס איז אַזוי ליב און טײַער, ווי אַן אייגן קינד, ווי נעמט מען און מע רײַסט דאָס אַלץ אָפּ פֿון זיך...

— וואָס הייסט מיר לאָזן איבער? זאָל זעליק ענדיקן די שול. ער איז דאָך גערעכט, מײַן אַבע־שמועל...

— אוואַדע, אַבע־שמועל... ער איז עפּשער אין אַ סאַך זאַכן גערעכט...

נאָר פֿאַרפֿירן איצט אַ שמועס וועגן דעם, מיט וואָס איז אַבע־שמועל גערעכט און מיט וואָס אומגערעכט, האָט מען אוודאי ניט געטאָרט. דאָס איז איצט געווען דאָס סאַמע געפֿערלעכסטע, וואָס וואָלט זיי אינגאַנצן אַראָפּגעפֿירט פֿון וועג און ווער ווייסט וווהין פֿאַרפֿירט. זיי מוזן וואָס גיכער זיך דערקלײַבן קיין פּעטריקאָווקע. בײַ מוישע־יאָסיען איז אויסגע־קומען, אַז ווי נאָר זיי וועלן זיך דערקלײַבן קיין פּעטריקאָווקע, פֿאַרפֿאָרן

צו זײַן אַלטן, גוטן און קלוגן פֿרײַנט זאַכאַרן און אַרײַנשטעלן די פֿערד מיט דער קו אין שטאַל און צוּוואַרפֿן זיי אַ פֿרישׁ ביסל היי, און אַז ווי נאָר זאַכאַרס פֿרוי אָלענאַ וועט אײַנהייצן דעם אויוון און אָפּקאָכן אַ קעסל קאַרטאָפֿל און זאַכאַר וועט זיי זאָגן עטלעכע טרייסטנדיקע ווערטער, וועט שוין אַלץ זײַן גוט.

דער מידער רעגן איז שוין איצט מער ענלעך געווען אויף דעם פֿאַרנאַכטיקן רעגנדל, וואָס האָט געזיפּט, ווי דורך אַ זיפּ. פֿון ערגעץ־ווו איז אָנגעקומען אַ נעפּל, וואָס האָט באַדעקט דעם סטעפּ מיט אַן עסעריקער פֿײַכטקייט. מוישע־יאָסיע האָט געזוכט מיט די אויגן כאָטש וועלכע־ניט־איז פֿיצעלע שײַן. ענדלעך האָט ער פֿריילעך און אויפֿגעלעבט אויסגעשריִען:

— עס זעט זיך שוין פּעטריקאָווקע!..

צוויי כאַדאָשים האָט מוישע־יאָסיע אָפּגעאַרבעט אין מאַקייעווקע אויף דער שאַכטע. ער איז ווי באַ זיך אין דער היים שטענדיק אויפֿגעשטאַנען אַ גרויסן פֿאַרטאָג, אָנגעהאָדעוועט און אָנגעפּאָיעט די פֿערד און אײַנגעשפּאַנט זיי אין וואָגן, געטאָן אַלץ מיט אײַלעניש, ער זאָל, כאָלילע, ניט פֿאַרשפּעטיקן, ער זאָל זײַן אין סטעפּ עטלעכע מינוט פֿאַרן זון־אויפֿגאַנג. נאָר ווען די פֿערד זײַנען שוין געווען אײַנגעשפּאַנט און ער האָט זיך געדאַרפֿט אַרופֿזעצן אויפֿן וואָגן, איז אַלץ מיטאַמאָל אָפּגעפֿאַלן — דער אומגעדולד, די אײַלעניש און יענער געפֿיל פֿון זשעדנעקייט צו אַלץ, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיטן סטעפּ. דער וואָגן האָט ניט געשמעקט, ווי פֿריִער, מיט יענע אַלע רייכעס, וואָס גיבן אַ ביסל אַ קיצל אין דער נאָז, פֿאַרטרײַבן די לעצטע רעשטלעך פֿון שלאָף, מאַכן מיטאַמאָל וואַכנדיק און מונטער. דער וואָגן איז דורכויס געווען פֿאַרשטויבט, פֿאַרקלעפּט, פֿאַרשוואַרצט און דורכגעזאַפּט מיט קוילן־שטויב. ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זײַן זיץ־ברעטל, האָט דער וואָגן ברויגעזלעך אַ ציטער געטאָן, אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז מיט שטיקנדיקן שטויב און געצווונגען אַ ניס טאָן. אײַלן זיך איז שוין ניט געווען צוליב וואָס. געפֿאָרן איז ער דאָך ניט אין סטעפּ, נאָר צו דער שאַכטע, וווּ ער האָט אַ גאַנצן טאָג אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן אַלץ, וואָס מע האָט געהייסן. אַמאָל קוילן, אַמאָל געהילץ און אַמאָל פּאָשעטע ערד, אַ געמיש פֿון ערד און קוילן־שטויב, וואָס הייסט פּאָראָדע. די קוילן האָט ער געפֿירט פֿון דער שאַכטע צום אײַזנבאַן, דאָס געהילץ — פֿונעם אײַזנבאַן צו דער שאַכטע און די פּאָראָדע ווידער טאַקע פֿון דער שאַכטע, אַהין, וווּ פֿון טאָג צו טאָג איז געוואַקסן אַ קײַלעכיקער און שפּיציקער באַרג מיט אַ מאָדנעם און אומפֿאַרשטענדלעכן נאָמען — טעריקאָן. און ניט אַזוי דער נאָמען, ווי גופֿע די דאָזיקע שוואַרצע און שפּיציקע בערג, וואָס האַלטן אין איין וואַקסן אַרום די שאַכטעס, פֿאַרדעקן מיט זיך אַזויפֿיל העקטאַר ערד, אויף וועלכע ס'האָט געקאָנט וואַקסן עפּעס רעכטס. דאָס האָט ניט אויפֿגעהערט דריקן מוישע־יאָסיען, פֿאַרשאַרפֿט אין אים דעם געפֿיל, אַז ער טוט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, ניט דאָס, צוליב וואָס ער, מוישע־יאָסיע, איז געבוירן געוואָרן און צוליב וואָס ער לעבט אויף דער וועלט.

קיין באַרייִדעוודיקער איז מוישע־יאָסיע קיינמאָל ניט געווען. ר׳עדן גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן, האָט געהייסן פאַר אים אומזיסט געפּאַ־טערטע צײַט, אָדער, ווי זײַן ברודער וואָלט געזאָגט — א בראָכע לעוואַ־טאָלע. איצט האָט ער אינגאַנצן ווי אָנגעוווירן דאָס לאָשן. יעדן אָוונט האָט זלאַטע געפּרווּווט אַרויסציִען פון אים כאָטש א פּאָר ווערטער, נאָר דאָס איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן. און ווען זלאַטע האָט אים שוין שטאַרק דאַקוטשעט מיט אירע פראַגן און מיט אירע טײַנעס: סטײַטש, א מענטש איז דאָס א גאַנצן טאָג צווישן אַזאַ אוילעם און האָט ניט וועגן וואָס צו דערציילן, האָט ער זיך א בעם געטאָן מיט דער לינקער האַנט פאַרן גאָרגל און אויסגערעדט כריפּענדיק:

— איך קאָן ניט, עס דישעט מיך.

דערנאָך האָט ער שוין דאָס אויך ניט אַרויסגערעדט, בלויז זיך א נעם געטאָן מיט דער לינקער האַנט פאַרן גאָרגל. זלאַטע האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. איז געקומען א צײַט, וועז זלאַטע האָט ביכלאַל אים אופגע־הערט עפּעס פרעגן. יעדן אָוונט, ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט זי בלויז אַרויסגעשטעלט אַפן טיש דאָס קריגל מילך, אָנגעשניטן עטלעכע שטיקלעך ברויט און צוגעזעצט זיך אין א ווינקעלע אַף איר אַלטן, א ביסל הינקענ־דיקן קיך־טאַבורעטל, צוגעקוקט, ווי איר מוישע־יאָסיע קײַט דאָס ברויט אָן כיישעק, און ווי ער טוט זיך אַלע מאָל א קלאַפּ מיטן פויסט אין דער ברוסט, גלײַך דער ביסן איז אים געבליבן שטיין אין האַלדז.

דאָס וואַרגעניש האָט מוישע־יאָסיע אופגענומען ווי אַן אומפאַרמײַד־לעכע זאַך, וואָס קומט פון אָנעטעמען זיך א טאָג מיט קוילן־שטויב. נאָר די פּיס, פון וואָס ווערן זיי אַזוי געשוואָלן, דאָס האָט ער ניט געקאָנט פאַרשטיין. זיי זײַנען דאָך אַלע יאָרן געווען באַ אים אַזעלכע פעסטע גיי־ערס, ער האָט געקאָנט אַרומשפּאַנען מיט זיי איבערן סטעפּ פון פאַרטאָג ביז שפּעטן אָוונט. אויב פאַרגלײַכן, מאַכט ער איצט ניט דורך אַפילע קיין האַלב פון דעם, וואָס ער פלעגט אויסשפּאַנען פאַר א טאָג אין סטעפּ.

דאָס שטיבל, וואָס זיי האָבן געדונגען, איז געשטאַנען גראָד ניט אַף קיין שלעכט אָרט. אַפן סאַמע ברעג שטאָט, ווו די שטיבלעך זײַנען שוין געווען היפּש שיטערלעך, קימאַט ווי אין דאָרף, שטיבלעך מיט ניט קיין גרויסע גערטנדלעך. גאָר באָענט פון זייער שטיבל איז געווען א היפּש שטיקל טאָלאָקע, ווו עס האָבן זיך געפּאַשעט א האַלב צענדליק קי און א פּאָר צענדליק ציגן. נאָר סײַווי, די גערטנדלעך, די ביימער, דאָס גראָז, דער גאַנצער אַרום האָט דאָ געהאַט גאָר אַן אַנדער קאָליר און געשמעקט אויך אַנדערש, עפּעס א ביסל ווי צוגערייכערט. ס׳האָט זיך אַלע מאָל געוואָלט א הוסט טאָן. און געדוכט האָט זיך, אַז אויך די ביימער, דאָס גראָז, די קי און די ציגן הוסטן דאָ אונטער.

אין איינעם א פאַרנאַכט, ווען מוישע־יאָסיע איז, ווי שטענדיק, געקו־מען אַהיים שטאַרק א מידער, האָט זלאַטע ניט גלײַך אַוועקגעשטעלט דאָס קריגל מילך אַפן טיש, נאָר אָנגענומען אים פאַר דער האַנט און אַוועקגע־פירט הינטערן שטיבל, צום גערטנדל, ווו זיי האָבן באַוויזן פאַרזעצן א ביסל קאַרטאָפל.

— טו אומיסטן א קוק, — האָט זי זיך אָנגערופן.

— וואָס זאָל איך דאָ באַקוקן? — האָט מוישע־יאָסיע ניט פאַרשטאַנען.
— זיי וויינען...
— ווער וויינט? — האָט מוישע־יאָסיע פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט, באַקוקנדיק די ערשטע ווײַסע קווייטעלעך, וואָס האָבן ניט זיכער אַרויסגע־קוקט פון די בלייכלעכע בייטן.
— די קאַרטאָפל, — האָט זלאַטע אַרויסגעזיפצט. — ס'איז דען צוויט, ס'איז טרערן, ניט קיין צוויט...
— נאָ, נאָ, — האָט מוישע־יאָסיע אַף איר אָנגעשריגן. — וואָס דיר קאָן אַרײַנקומען אין קאָפּ אַרײַן. ווײַבערשע מעשוגאַסן.
און שוין גאָר אַ דערצאָרנטער, מיט אַ דראָענדיק־ציטערנדיקער שטים, צו וועלכער זלאַטע איז אינגאַנצן ניט געווען געוווינט, אויסגעשריגן:
— זאָלסט ניט וואָגן מער אַזוי ריידן! דו הערסט, זלאַטע? ניט וואָגן!
אַף זלאַטעס צוגעבערענטע, אַ ביסל אײַנגעפאַלענע באַקן האָט אַ רין געטאָן אַ טרער. זי האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ זײַט און אַזוי, אַז מוישע־יאָסיע זאָל ניט זען, אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די אויגן. זאָל ער מיינען, אַז אַ שטויבעלע האָט זיך אַהין אַרײַנגעכאַפּט. דאָ איז עס אַ געוויינלעכע זאַך. זי האָט גוט פאַרשטאַנען איר מאַן. רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן טאָר מען ניט, ווײַל אויב אָנהייבן רעדן וועגן דעם, דאַרף מען אויס־וואַרפן איינער דעם אַנדערן אַזעלכע זאַכן!.. און וואָס איז שוין איצט דער כילעק, ווען מען איז פריִער אַרײַן אין קאָפּ אַזאַ מעשוגאַס?
די ערשטע צײַט האָט זיך זיי ביידע געדוכט, אַז אַלץ גייט, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. פאַרדינט האָט דאָ מוישע־יאָסיע גאַנץ פײַן, אַזוי פיל האָט ער אין זײַן לעבן קיינמאָל ניט פאַרדינט, און אָפּגעלייגט דאָס געלט אַ קאָפּעקע צו אַ קאָפּעקע. ס'זאָל זײַן פאַר וואָס צו קויפן אָדער אײַנגיכן אליין אויסבויען אַ שטוב. די טעגלעכע הויצאָעס האָבן זיי געצויגן פון דער קו, פון די עטלעכע ליטער מילך, וואָס זיי האָבן יעדן טאָג פאַרקויפט. קוינים איז געווען ניט ווייניק, און זיי האָבן וואָס אַ טאָג פאַרקויפט מע־רער און געלאָזט פאַר זיך ווייניקער. זלאַטע האָט געמאַכט דעם כעזשבן, אַז זיי דאַרפן ניט פאַר זיך אַזויפיל מילך. און אַזוי, ביז איינעם אַ טאָג... ביז יענעם טאָג, ווען אים איז געקומען אַפן געדאַנק, אַז קיין שטוב וועלן זיי ניט קויפן, בויען אוואַדע ניט, און ביכלאַל... ער ווייסט ניט, צי וועלן זיי דאָ בלײַבן, עס הריזעט אים די בענקעניש נאָכן פאַרלאָזענעם סטעפּ. ער פאַרשטייט, אַז ער טוט ניט דאָס, וואָס ער, מוישע־יאָסיע, דאַרף טאָן. ער פילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערט ער אַן אַנדערער, גאָר ניט דער, וואָס געווען, ווי אַן אַלטער בוים, וועלכן מע האָט אַרויסגעגראָבן מיט די וואָרצ־לען און אַוועקגעפירט אין אויסרײַסעניש. ווי קאָן אַזאַ אַלטער בוים זיך אָנעמען ערגעץ אַנדערש?
— אָט, אָט...
דעם „אָט" זאָגט מוישע־יאָסיע צו זיך אַליין און וווּנדערט זיך. ביז איצט איז ער ניט געווען געניייגט צו קיינע באַטראַכטונגען. אַלץ אַרום איז געווען אַזוי געוויינלעך, אַזוי נאַטירלעך, אַז ס'איז ניט געווען איבער וואָס פאַרטראַכטן זיך. טו דיר, מוישע־יאָסיע, דײַן זאַך און שווײַג. נאָר ווי זאָל זיך ניט טראַכטן, אַז דער גאַנצער אַרום איז דאָ אינגאַנצן אַן אַנדערער.

אָפּגעפּאָרן פון דער היים וועלכע־ניט־איז הונדערט קילאָמעטער, און די וועלט איז דאָ גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערע. דער סטעפּ א צעגראָבענער, א צעפּאָסעוועטער, טיפע גריבער און מעשונעדיקע שפּיציקע טעריקאָנען, ווי שרעקעוודיקע סטראַשידלעס, וואָס האַלטן אין איין טליִען, שטיקן זיך מיט זייער אייגענעם רויך. דער הימל איז דאָ אויך א פאַרייכערטער, אָן יענער שעמערירנדיקער בלויקייט, אַף צו שפּיגלען זיך. ער רעדט שוין ניט פון נעם דורכגעזאַפּטן מיט קוילן־שטויב וואָגן, וואָס האַלט אין איין סקריפּען און קרעכצן און קיין שום שמירעכצן העלפן אים ניט. און די פערד אַליין... עפּעס גייען זיי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, די אויערן הענגען אַראָפּ, ווי בא אַלטע קליאַטשעס, און זיי ווערן פון טאָג צו טאָג מאָגערער, כאָטש ער זשאַלעוועט זיי ניט קיין עסן.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס בענקעניש צוריק אהיים פון דעם, וואָס אין איינעם א פאַרטאָג, ווען ער האָט צוגעבערשטלט די פערד, געסטאַרעט זיך אויסרייַבן מיטן אייַזערנעם קאַם דעם שטויב פון זייערע רוקנס, האָט ער א קוק געטאָן אין זייערע ברויגעזלעך־פאַרכמורעטע אויגן, און ס'האָט זיך בא אים אַרויסגעכאַפּט:

— איר בענקט אויך אהיים?

דאָס, וואָס ס'האָט זיך בא אים אזוי פּלוצלינג אַרויסגעריסן פונעם מויל, האָט אים גאָר ווי פאַרשמעליעט. יענעם טאָג האָט זיך געאַרבעט ווי קיינמאָל ניט שווער. ער האָט זיך קוים פאַרשלעפּט אהיים און איבערגע־שראָקן זייַן זלאַטען, ווען ער האָט איר געהייסן אים אויסבעטן אַפן וואָגן, ס'איז אים דושנע אין שטוב. אינדערעמעסן איז די דושנעקייַט געווען ניט מערער ווי אַן אויסרייד, ער האָט פּאַשעט מוירע געהאַט, ער זאָל זיך ווי־דער ניט אַרויסכאַפּן מיט א וואָרט, וואָס זלאַטע טאָר ניט הערן. זי טאָר ניט וויסן, וואָס בא אים אַפן האַרצן טוט זיך.

א גאַנצע נאַכט איז מוישע־יאָסיע ניט געשלאָפן, געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אַפן אויסגעשטערנטן הימל. דער באַנאַכטיקער הימל האָט אויסגעזען פיל היימישער, און גראָד איבער דעם האָט די בענקעניש זיך אזוי צעשפּילט אין אים, אַז ער איז גרייט געווען שוין אייַנשפּאַנען די פערד און אַוועקלאָזן זיך צוריק. נאָר וווּהין וועט ער פאָרן? מיט וואָס פאַר א פּאָנעם וועט ער זיך באַווייַזן אין דאָרף, וואָס וועט ער זאָגן דעם ברו־דער און וואָס וועט דער ברודער אים זאָגן? ער איז געלעגן און פאָרגעע־שטעלט זיך, ווי דאָס גאַנצע דאָרף וועט זיך צונויפלויפן אַף זייַן בייזוווּנ־דער, יעדערער וועט זיך סטאַרען זאָגן אזוינס, עס זאָל אים א שטאָך טאָן, און דער שאָכן זייַנער, בײַנעש דער ניט־פאַרגינער! אוי, ס'זאָל א רועך אין זייַן טאַטן אַרייַן. איבער אים, איבער אים טאַקע...

מוישע־יאָסיע האָט זיך אַליין אויסגעזידלט. אַף וועמען בייזערט ער זיך, צו וועמען האָט ער טייַנעס? וואָס שאָכן, ווער שאָכן, וואָס אויסשפּעטן, וואָס זאָגן? ער האָט דאָך ביכלאַל ניט וווּהין צו קומען. די שטוב האָט ער פאַרקויפט, די ערד־נאַכלע איז שוין ניט זייַנע, און ער איז שוין אינגאַנצן ניט קיין דאָרפישער. מע האָט אים שוין געוויס אויסגעמעקט דאָרט פון אַלע צעטלען. דאָרט האָט מען אים אויסגעמעקט, דאָ איז ער אין ערגעץ ניט פאַרשריבן, קומט אויס, אַז ער איז גאָר א היימלאָזער.

נאָך אַט דער שווערער, שלאָפלאָזער נאַכט האָט מוישע־יאָסיע שוין טאַ־קע קוים געשלעפּט די פיס, כאַטש נעם און לייג זיך איבּמיטן וועג.

אין אָוונט, ווען ער האָט דערזען אַף זלאַטעס פּאָנעם די פּראַגע, וואָס טאָר ניט אַרויסגעבּראַכט ווערן אין דער הייך, האָט ער אַ דערשראָקענער אויסגעשריגן:

— שווייג, זלאַטע, רעד ניט!..

נאָר אַ פּוסטער איניען. רעד יאָ, רעד ניט, סיי־ווי איז דאָס אים נאָכגע־גאַנגען, נאָכגעפּאָלגט פּוסטריט. ווו ער איז געגאַנגען, ווו ער איז געשטאַ־נען, האָט ער געזען פאַר זיך די אייגענע גאַס, די אייגענע ערד, דעם איי־גענעם הימל, וואָס איז דאָרטן גאָר אַן אַנדערער. מערער אין שטיבּל איז ער שוין ניט געשלאָפן, גאַנצענע נעכט געלעגן אַפן וואָגן און געפּרוווט פאָרשטעלן זיך, ווי זעט איצט אויס אַלץ דאָרטן, אין דער היים. דער ווינ־טער־ווייץ האָט שוין געוויס אַרויסגעוואָרפן דעם זאַנג, און דער גערשטן... יאָ, באַם גערשטן האָבן שוין געוויס זיך באַוויזן די טרייבּעלעך. די קאַר־טאָפל האָבן זיך אומעטום צעצווייטעט, און די גערטענער זייבען איצט ווי אין שניי. און די פּאַפּשוי... ניין, קיין קאַטשענעס זיינען נאָך ניטאָ, נאָר די בּלעטער דאַרפן שוין געוויס זיין אַזעלכע שטייפע, אַזעלכע גראָבּע, איינ־געטונקען אין באַגיבענדיקן טוי. געטראַכט און געטראַכט, ביז אַלץ האָט זיך אים אָנגעהויבן כאָלעמען. נאָר געכאָלעמט האָט זיך אים אַלץ קאַפּויר. דער הימל איז אַף דער ערד און די ערד איז אַפן הימל. אַלץ וואַקסט מיט די וואָרצלען אַרוף און מיט די בּלעטער אין דער ערד. און ער אַליין גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרוף...

איז ער שוין מעקאַנע געווען די עמעסע שאַכטיאָרן. זיי לאָזן זיך דאָך אַפּאַנעמעסן יעדן גאַנצפרי אַראָפּ אין קאַפּאַקאַל, אין אַזאַ פינצטערער טיפ־קייט, אַז אים איז דאָס שרעקלעך פאָרשטעלן זיך. נאָר גאָרנישט ניט. יעדן גאַנצפרי קומען זיי זיך צונויף צו דער שאַכטע מונטערע, פריילעכע, מע וויצלט זיך. אַ קוק טאָן אַף זיי פון דער זייט, קאָן מען מיינען, אַז קיי־נער טראַכט אַפילע ניט וועגן דעם, אַז באַלד וועלן זיי זיך אַראָפּלאָזן אין אַ פינצטערן טהאָם. פאַרנאַכט קומען זיי אַרוף פון דאָרטן אַזעלכע, אַז די שוואַרצע שיידים דאַרפן אויסזען ליכטישער. נאָר די אויגן בלישטשען, און ס׳איז פאַראַן אין זיי אַ מידע האַנאָע אַף מעקאַנע צו זיין. געוויס אַזאַ, ווי ס׳איז געווען באַ אים, ווען ער פלעגט שפּעט אין אָוונט זיך אומקערן פון סטעפּ. זיי פילן, אַז זיי טוען זייער זאַך. און ער איז דאָ ווי אַ זייטי־קער. גאַנץ מעגלעך, אַז זיין זעליקל, ווען עס קומט אים אויס, וואָלט זיך דאָ איינגעמאַסטעט. ער, מוישע־יאָסיע, אָבער ניט. ער קאָן ניט.

און עפּשער... אַ מענטש ווערט דאָך צו אַלץ געוווינט. נאָר דאָס, וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן אין איינעם אַ פאַרנאַכט, דאָס, וואָס ער האָט זיך יע־נעם פאַרנאַכט אָנגעזען און אָנגעהערט!..

צוערשט האָט מוישע־יאָסיע אַליין געלאַכט פון זיך. פון איין אָרטעל אַרויס און אין אַנדערן אַריין. אַפּאָנעם, אַז די גאַנצע וועלט באַשטייט איצט פון אָרטעלן. זייער אָרטעל איז געווען פון אַ באַזונדערן מין. אַן אַ קאָנ־טאָר, אַן אַ פאַרוואַלטונג, אָן אַ פאָרזיצער. קיין בוכהאַלטעריע איז אויך

ניט געווען. דרײַסיק לײַט, אזעלכע ווי ער. מיט זייערע וועגענער. פארשווי־גען ביז גאָר פארשיידענע. שטעטלשע באלעגאָלעס מיט אזעלכע פײַפנ־דיקע בײַטשן און גרילצנדיקע קלאָלעס, וואָס האָבן געקאָנט רירן פון אָרט די ערגסטע קליאַטשע, פארומערטע פויערים פון די נאָענטע און ווײַטערע דערפער, מיט בערד און אָן בערד, נאָר אלע אזעלכע פאראקשנטע שווײַ־גערס, אז מע וועט אפילע מיט א צוואנג ניט ארויסציִען בא זיי קיין וואָרט. געווען אויך אן אלטער גריך און א יונגער דײַטש. יעדערער פון זיי האָט געטראָגן אין זיך עפּעס א סאָד, און קיינער איז ניט געווען גע־נייגט רעדן וועגן דעם. געארבעט האָבן זיי שווער און פלײַסיק, מיט א בייזער פארביסנקײַט, און די קאָרגשאפט האָט מאמעש ארויסגעשפּאַרט פון זיי. פאר א גראָשן זײַנען זיי גרייט געווען דוירעס זײַן איינער דעם אנ־דערן. דער עלטסטער ארטעלשטשיק, אָדער ווי אנדערע האָבן אים גערופן, דער סטאראָסטע, איז אויך געווען פון דעם מין. א ווערגעלעך מיט א טיפן שניט אף דער רעכטער באק, מיט א פּאָר אויסגעמושטירטע פויסטן און שטעכנדיק שיקערלעכע אויגן. נאָר ער האָט, אפּאָנעם, מערער פון אנדערע זיך אויסגעטויגט פאר דעם איניען. ער האָט געשלאָסן דעם אָפּמאך מיט דער אדמיניסטראציע פון דער שאכטע, ער האָט געפירט דעם כעזשבן, אלע צוויי וואָכן באקומען דאָס געלט פאר דער ארבעט און צעטיילט צווישן די ארטעלשטשיקעס. מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אז פון אָרנטלעכקײַט איז ער ווײַט. אז ער נעמט אלע מאָל אראָפּ פאר זיך א ביסל איבעריקס. נאָר קיינער האָט זיך ניט געקלאָגט. פארדינט האָט מען סײַווי ניט שלעכט, און וואָס שײַעך קלאָגן זיך... פאר וועמען קלאָגן זיך?..

נאָר יענעם פארנאכט...

דער סטאראָסטע האָט ווידער געבראכט דעם לוין פאר צוויי וואָכן און איז דאָס מאָל געווען א סאך פרעכער, ווי פריִער, אזוי פרעך, אז ס'האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. נאָר גאָרניט. מע האָט פארביסן די ליפּן און געמאכט א שווײַג. ער, מוישע־יאָסיע, אויך. נאָר איינער, און גראָד פון יענע, וואָס האָבן געשוויגן מערער פון אלע... מוישע־יאָסיע האָט בלויז גע־ווסט, אז דעם מענטשן רופט מען יעגאָר טימאָפייעוויטש. זײַן פאמיליע איז געבליבן פאר אים א סאָד. ער האָט אויך ניט געקאָנט זאָגן אף זיכער, צי דאָס איז טאקע זײַן עמעסער נאָמען, צי אן אויסגעטראכטער. באם נאָמען האָט ער זיך געהאלטן פעסט, נאָר מיטן דאָרף מיט זײַנעם איז געווען א שטיקל פלאָנטער. אלעמאָל האָט ער אָנגערופן אן אנדער דאָרף. געווען דאפקע א מענטשל, וואָס ווארפט זיך ניט אין די אויגן. ניט מיט קיין ברייטע פלייצעס און ניט מיט קיין שטארקע פויסטן. נאָר לויט זײַן געגנגעלע האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אז פאר א גויט קאָן ער געבן א פּאָר גו־טע פּעטש. איז אָט דער יעגאָר טימאָפייעוויטש צוגעקומען צום סטאראָסטע און זיך אָנגערופן:

— הער נאָר, מיראָניטש, דו ביסט טאקע אן עמעסער כאזער, נאָר האָב גאָט אין הארצן.

ס'איז שוין געווען היפּש פארנאכטלעך, אלע זײַנען געווען שטארק מיד, זיך געײַלט יעדערער צו זיך, און יעגאָרס ווערטער, ארויסגערעדט

ניט איבעריקס הויך, האָבן אפילע ניט אלע געהערט. נאָר מיראָניטש אליין האָט זיך צעשריגן אפן פולן קאָל:

— וואָס, איר זײַנט מיך כוישעד? איר וועט עפשער גיין זיך קלאָגן אף מיר? איר מיינט, איך ווייס ניט? איר זײַנט אלע באלעגופים, מיט באלעגור־פישע נעשאָמעס, נאוועגאדניקעס, בעזשענצעס, צי דער רועך ווייסט, ווער איר זײַנט. עפשער שטאלן אונטערגעצונדן, אקטיוויסטן געהארגעט, נאָר איך מאך א שווײַג... און איר...

עפשער האָט דער יעגאָר טימאָפייעוויטש זיך דערפילט געטראָפן מע־רער פון אנדערע, און דערפאר האָט ער דערלאנגט דעם סטאראָסטע א זעץ מיטן פויסט אונטער דער נאָז. מיראָניטש איז אומגעפאלן, נאָר גלײַך זיך אופגעהויבן. א וויש געטאָן מיט דער האנט דאָס פארבלוטיקטע פּאָנעם און שוין ניט געשריגן, נאָר געזעווועט:

— באנדיטן! בעזשענצעס! פאר א קאָפּעקע! איך וועל אײַך ווײַזן!..

וואָס דערנאָך איז געשען, ווייסט ער שוין ניט, מוישע־יאָסיע. ער האָט אפגיך זיך ארופגעכאפּט אף זײַן פורל און א שמיץ געטאָן די פערד. און דעם גאנצן וועג אהיים האָט אים געקלונגען אין די אויערן:

— באנדיטן, באלעגופים, בעזשענצעס!..

ער, מוישע־יאָסיע, איז א באלעגוף? ער איז אנטלאָפן פון עמעצן? פון וואָס איז ער אנטלאָפן, ווער האָט אים געיאָגט?

אויס... מערער וועט ער קיין טאָג דאָ ניט זײַן, ער וויל מערער ניט האָבן צו טאָן מיט דעם ארטעל, מיט יעגאָרן און מיט מיראָניטשן. אהיים, אהיים, וואָס דאַרט זאָל אף אים ניט וואַרטן. אהיים, טאקע מאָרגן אהיים!.. נאָר... ווי זאָגט מען דאָס זלאטען, ווי דערקלערט מען איר דאָס, ווי גיט מען עס איר צו פארשטיין, אז ער קאָן דאָ ניט זײַן מער, אז ער פארדעכעט זיך דאָ, אז נאָך א טאָג, נאָך א וואָך, און... די שאָ זאָל ניט זײַן.

וואָס האָט זלאטע דערזען אף אים אזוינס, האָט ער ניט פארשטאנען. נו, יאָ, ער האָט געציטערט. אלץ אין אים האָט געציטערט. ס'האָט מיט אים גע־מאָרדעוועט, אז ער האָט אפילע ניט געקאָנט אָפבײַסן א שטיקל ברויט.

— אָבער זאָג שוין! — האָט זי געבעטן זיך. — זאָג, וואָס איז מיט דיר?

— פארשטייסט, זלאטע, איך האָב מוירע...

— פאר וועמען האָסטו מוירע?

— איך האָב מוירע, איך וועל פון זינען אראָפּ. איך זע אזעלכע כאלוי־מעס...

— וואָס פאר כאלוימעס, ווי איז מיר, וואָס פאר בייזע כאלוימעס?

— פארשטייסט, זלאטע, אלץ קאפויר, אלץ קאפויר. די גאנצע וועלט קאפויר. און איך אליין גיי מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף.

האָט זלאטע אים א טאפּ געטאָן דעם קאָפּ. צי איז איר מוישע־יאָסיע, כאָלילע, ניט קראנק געוואָרן, צי רעדט ער ניט פון היץ. און דערנאָך ארויסגערעדט קאטעגאָריש, ווי מע טראָגט ארויס א פסאק, ארויסגערעדט, ווי ניט מיט איר קאָל:

— מוישע־יאָסיע, מיר פאָרן...

— וווּהין?

— וואָס הייסט וווּהין? אהיים פאָרן מיר!

— אהיים? וואָס הייסט אהיים?

— אָט דאָס, וואָס דו הערסט. מיר פאָרן אהיים, און שוין. און טאקע הײַנט, טאקע שוין.

מוישע־יאָסיע איז געבליבן זיצן, ווי געפּלעפט. ער האָט געוואָלט דער־ווידערן, דערווײַזן, אז זיי האָבן ניט וווהין צו פאָרן, אז זיי האָבן איצט קיין היים ניט, נאָר אַרויסגעריסן פון אים האָט זיך גאָר עפּעס אנדערש. ער האָט עס אַרויסגעשריגן מיט ווייטעק און מיט פרייד:

— יאָ, יאָ, זלאטע, אהיים, אהיים! טאקע שוין!..

ער איז מיטאמאָל געוואָרן שטארק לעבעדיק. אפילע א שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן גאָר ווי ערעוו־יאָמטעוודיק:

— אָט, טאקע שוין, זלאטע. לאָמיך נאָר ארומוואשן און אָנשמירן דעם וואָגן.

ס'איז טאקע אויסגעקומען, אז מערער קיין בילכערס האָבן זיי ניט, אז זיי האָבן דאָ ביכלאל מערער קיין איניאָנים ניט. פאר דעם, וואָס ער האָט אָפּגעארבעט ביז הײַנט, האָט ער שוין אלץ באקומען. און הײַנטיקער טאָג? מיילע, זאָל דער ווערגעלעץ זיך ווארגן מיט דעם. מיראָניטש וועט א קוק טאָן, אז ער איז ניטאָ איין טאָג, א צווייטן, וועט ער אים אויסמעקן פון זײַן צעטל און שוין.

זלאטע האָט געשלעפּט די וואסער פון דער טיפער קרענעצע, און מוי־שע־יאָסיע האָט באגאָסן דעם וואָגן, יעדער שפּארונקעלע, געריבן מיט א קוואטש יעדעס ברעטעלע, געריבן מיט אלע קויכעס, געסטארעט זיך אראָפּ־רײַבן פון וואָגן ביזן לעצטן שטויבעלע. עס זאָל ווי פריִער א גלאנץ טאָן די גרינע פארב, און עס זאָלן א שײַן טאָן אף אים רויטע קווייטעלעך. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען צו די פערד. זאָלן זיי אויך דערפילן, אז מע פאָרט אהיים. ער האָט געריבן מיטן קאם, געוואשן, געגעבן אן איבעריק ביסל האָבער. און יעק. הײַנט באנאכט לאָזט ער זיך מיט זײַן זלאטען אין וועג ארײַן.

מיט דער זעלבער אײַלעניש און אומגעדולד, ווי אין יענער רעגנדיקער נאכט, ווען זיי האָבן פארלאָזט דאָס דאָרף, האָבן זיי אײַנגעפּאקעוועט זייער ביסל האָב־און־גוטס, אײַנגעשפּאנט די פערד, צוגעבונדן די קו צום וואָגן, זיך אָפּגעזעגנט מיטן באלעבאָס פונעם שטיבל און ארום האלבער נאכט זיך געלאָזט אין וועג ארײַן. זעגענען זיך מיט די שאכטיאָרן, וואָס גייען יעדן באגינען ארויס צו דער שאכטע, און מיט זייערע פרויען, וואָס קומען יעדן גאנצפרי צו זיי נאָך מילך, זײַנען זיי פּאָשעט ניט געווען בעקויעך. פאר די אלע, פאר ווען וועמען די צעגראָבענע, פארשטויבטע און פארייכערטע דאָנעצער ערד מיט זייערע שאכטעס און טעריקאָנען איז געווען זייער היים, האָט מוישע־יאָסיע זיך געפילט א ביסל שולדיק. און ניט אזוי שול־דיק, ווי ער האָט זיך פּאָשעט געשעמט. אינמיטנדרינען נעמען און פאר־לאָזן דעם שאכטיאָרישן יישעוו. ווי וועט ער זיי דאָס דערקלערן, מיט וואָס וועט ער דאָס פארענטפערן? סײַווי וועלן זיי ניט פארשטיין און אים געוויס פארורטיילן. גיי דערצייל זיי א געשיכטע וועגן בענקעניש און הריזעניש, וועגן נארישע כאלומעס און וועגן נארישע צעטלען. נו יאָ, יעדער מענטש דארף פילן, אז ער איז פארשריבן אין עפּעס לײַטישע צעטלען...

די נאכט איז געווען א זומערדיק־אויסגעשטערנטע, און די קילקייט איז געווען אן איבעראשנדיקע. פאר דער גאנצער צייט, זינט ער האָט זיך דאָ באַזעצט, האָט מוישע־יאָסיע ניט געפילט אזא מעכטיעדיקע, אזא אָפּ־פרישנדיקע קילקייט פון די היגע נעכט. זי איז געגאַנגען, די קילקייט, פון אומעטום: פונעם נאָענטן סטעפּ, פונעם ניט ווייטן יאם און פון די ווייטע שטערן. ער האָט זי מאמעש ווי געשלונגען, די קילקייט, געפילט, ווי מיט יעדן שלונג עטעמט זיך אים גרינגער און עס נעמט אים דורך א פריידיקע מונטערקייט. די מידקייט פונעם לאנגן שווערן טאָג האָט גלייך ניט געסטייעט. די פערד, ווי נאָר זיי האָבן דערפילט, אז דער וועג, מיט וועלכן זיי האָבן פארקערעוועט, פירט אהיים, האָבן זיך געלאָזט לויפן, און מוישע־יאָסיע האָט אלע מאָל געדאַרפט א צי טאָן די לייצעס. פון הינטן איז געווען צוגעבונדן די קו, און איבעריק יאָגן האָט מען ניט געקאָנט. דער ריין־אויסגעוואשענער און גוט אָנגעשמירטער וואָגן האָט געבליאס־קעט קעגן די שטערן מיט זיין גרינער פארב און רויטע קווייטעלעך, שטיל צוגעקלונגען מיט א דין, ריין קלעכל, ווי ער וואָלט אויסגעזונגען א ליי־דעלע, א פריילעך לידעלע, וואָס מוישע־יאָסיע האָט שוין ניט געהערט ווער ווייסט וויפל צייט.

בלויז זלאַטע, אַן אויסגעמאַטערטע פון דעם אלעמען, וואָס זי האָט איי־בערגעלעבט און איבערגעטראַכט פאר די שווערע צוויי כאַדאָשים, צוקוקנ־דיק, ווי איר מוישע־יאָסיע ווערט פון טאָג צו טאָג וואָס אמאָל ערגער און קאָן, כאַלילע, ווערן אינגאנצן א קאַליקע, האָט נאָך אלץ ניט געקאָנט קו־מען צו־זיך: נאָך אָט דעם אומדערוואַרטן אָוונט, ווען זיי האָבן געדאַרפט אָפּטאָן אלץ אין אזא איילעניש, האָט זי באַזונדערס דערפילט, ווי מיד זי איז. און ווי נאָר זיי האָבן זיך איינגעמאָסטעט אין וואָגן, האָט זי צוגע־שפּאַרט דעם קאָפּ צו מוישע־יאָסיעס אקסל און האלב אין דרעמל גענומען באַטראַכטן, וואָס שטייט זיי פאָר. זי האָט זיך שוין געזען צווישן אירע אמאָליקע שכיינים, מיט וועמען אמאָל זיך געליובעט און אמאָל זיך געקריגט, געזען איר אייגענעם גאָרטן מיט די צעצוויטעטע קאַרטאָפל און זונרויזן, די טאָלאָקע און דעם סטאַוואָק, וווּהין די טשערעדע איז זיך צונויפגעגאַנ־גען צו א האלבן טאָג און וווּהין זי האָט זיך שטענדיק געאיילט אויסמעלקן די קו. זי האָט שוין אליין ניט געוווּסט, צי דאָס מאָלט זי אויס פאר זיך די דאָזיקע פאַרבאָרגענע טרוימען, צי דאָס כאַלעמט זיך איר. ס'האָט א טרייסל געטאָן דעם וואָגן, און זי איז צוריק אינגאנצן וואכנדיק געוואָרן, איר האָט זיך געדוכט, אז זיי פאָרן שוין זייער לאנג. האָט זי א פרעג געטאָן:

— מיר וועלן פאַרפאָרן קיין פעטריקאָווקע?

— ביז פעטריקאָווקע איז נאָך ווייט...

— אָבער מיר וועלן פאַרפאָרן אהין?

איז שוין מוישע־יאָסיע בייז געוואָרן:

— פאַרוואָס דאַרפן מיר עפּעס פאַרפאָרן אהין?

— איך ווייס? די קו זאָל אָפּרוען א ביסל, די פערד אונטערהאָדעוועו...

— אויך מיר א דייגע? וואָסי, ס'איז ווינטער, צי ס'גיסט א רעגן? מיר וועלן געפינען ווו אונטערהאָדעווען די פערד. אזא סטעפּ! טו א קוק.

ער האָט ניט געוואָלט זיך מודיע זיין, אז קיין פעטריקאָווקע קאָן ער

ניט פארפארן. ס'איז אים פּאַשעט אַ ביזאָיען. ווי ווייט ער קוקן זאַכאַרן אין די אויגן? ער איז דאָך געווען געגערעכט, זאַכאַר. אוי, ווי גערעכט! ווי האָט ער עס דאַן געזאָגט, זאַכאַר? אַ פויער דאַרף באַארבעטן די ערד, און אַ קוילנגראָבער דאַרף גראָבן קוילן. יעדערער דאַרף טאָן זײַן זאַך. ע, וועט ער זאָל דאָס געוועזן פאַרשטיין אַ ביסעלע פריִער?

ווי מוישע־יאָסיע האָט דערנאָך ניט געסטאַרעט זיך פאַרטרײַבן די דער־מאָנונגען וועגן יענער נאַכט, וועגן זײַן שמועס מיט זאַכאַרן, זײַנען די דערמאָנונגען אַלע מאָל אַרויסגעקראָכן פון אַן אַנדער ווינקעלע, גלײַך דער גאַנצער באַנאַכטיקער סטעפּ האָט געהאַלטן אין איין שושקען זיך וועגן דעם. דאָס מיט מיטגעפיל, דאָס מיט אַ שאָדנפרייד.

איבערגעפרוירענע, אויסגעמאַטערטע, דורכגענעצטע ביז די ביינער, האָבן זיי זיך קוים דערשלעפּט דאַן קיין פּעטריקאָווקע און פאַרפאָרן צו זאַ־כאַרן. באַשטאַט אין דער פוסטער קלוניע די פערד און די קו אין דער שטאַל, האָבן זיי אָפּגיך אַראָפּגענומען פון זיך דאָס דורכגענעצטע אָנטאָן, אַרופגעוואָרפן אויף זיך דאָס, וואָס זאַכאַר האָט אַרויסגעקראָגן פונעם גרויסן האַלב־ליידיקן קאַסטן, און זיך צוגעזעצט צום טיש, אויף וועלכן ס'איז שוין געשטאַנען אַ פולע מאַקרעטע מיט געזאָטענע קאַרטאָפל און אַ שיסל זײַערס. די זאַכאַריכע, ווי זלאַטע האָט גערופן מאַרינען, האָט אַפילע דערלויבט דעם מאַן אויסטרינקען מיט די געסט צו קעלישעקלעך בראַנפן.

ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. דורך די פענצטערלעך האָט אַרײַנ־געקוקט אַ גרויער, פאַרנעפּלטער באַגינען. מוישע־יאָסיע האָט זיך געהאַלטן פעסטער, נאָר זלאַטע האָט מיטאַמאָל דערפילט אַלע גרוילן פון דער מאַ־בלדיקער נאַכט. פון דער עסעריקער קעלט און נאָך מערער פון די הריזע־נישן האָט אָנגעהויבן זי טרייסלען. ס'האָבן ניט געהאָלפן ניט די הייסע קאַרטאָפל, ניט דאָס ביסעלע בראַנפן. מאַרינע האָט געמוזט אויסבעטן זלאַ־טען אויף דער נאָך וואַרעמער לעזשאַנקע און אײַנדעקן זי מיט אַ פּאָר פעלצן.

מוישע־יאָסיען האָט אויך היפּש געטרייסלט. נאָר ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז דאָס גייט אים ניט אָן. ער האָט פלײַסיק געקײַט די הייסע קאַרטאָפל, מיט איבערגעטריבענער האַנאָע געבלאָזן אויף זיי, און פון צײַט צו צײַט אַ קוועטש געטאָן פון טײַנעג דאָס אָנגעווייקטע בערדל, פון וועלכן ס'האָט ווי פון אַ שוואָם יעדעס מאָל אַ רין געטאָן אַפן טיש אַ פּאָר גרויסע טראָפּנס.

זאַכאַר האָט שווײַגנדיק באַטראַכט מוישע־יאָסיען מיט אַ געפיל, וואָס אים אַליין איז שווער געווען דערקלערן, נאָר פרעגן וועגן עפּעס האָט ער ניט געוואַגט. אַז אַ מענטש לאָזט זיך אין אַזאַ געוויטער, אין אַזאַ שלאַקס־רעגן אין אַ ווײַטן וועג, האָט געוויס געדאַרפט עפּעס טרעפן. געווען איז זאַכאַר אויף דרײַ יאָר עלטער פון מוישע־יאָסיען. די פרײַנטשאַפט זײַנע האָט צוערשט זיך אָנגעהויבן מיטן עלטערן ברודער, מיט אַבע־שמועלן, מיט וועמען זאַכאַר איז געווען קימאַט אין די זעלבע יאָרן, אויך אַזאַ געזעצטער און מיט דער זעלבער טעווע אַרײַנטראַכטן זיך אין יעדער זאַך און געפּי־נען פאַר דעם אַ מערער טיפערן פשאַט. זאַכאַר איז געווען אַ ביסל העכער פון מוישע־יאָסיען, דערפאַר אויסגעזען אַ ביסל דאַרער, און אין זײַן שמאָל,

לענגלעך בערדל האָבן פֿוןביידע זײַטן זיך באַוויזן אַ פּאָר גראָוּע פּאַסיק־לעך. דעם שמועס האָט דעמלט אָנגעהויבן מוישע־יאָסיע.

— עפּעס איז באַ דיר אַזוי גערױם געװאָרן אומעטום, זאַכאַר, און אַזוי פּוסטלעך...

— ווייסט ניט? אוועקגעפירט אַלץ אַהין, אין קאָלווירט...

— ווער האָט עס דיך אַזוי געיאָגט?

— ווער האָט עס מיך געדאַרפט יאָגן? די צײַט אַליין...

מוישע־יאָסיען איז ניט געפֿעלן געוואָרן, וואָס זאַכאַר רעדט מיט רע־מאָזימלעך, ווי זײַן ברודער אַבע־שמועל.

— וואָס הייסט די צײַט?

— די צײַט, ברודערקע, איז אַזאַ בריִע... מע דאַרף זי קאָנען פֿאַר־שטיין, מע טאָר אין איר קיין טאָעס ניט האָבן...

ווידער אַבע־שמועלס קלוגע ווערטער. האָט עס שוין ביז גאָר צערייצט מוישע־יאָסיען:

— און דו האָסט זי אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען, די צײַט?

זאַכאַר האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס האָט עס אַזוי געיאָגט מוישע־יאָסיען אין אַזאַ געוויטער. איז אוואַדע ניט איצט געווען די צײַט צו קריגן זיך.

— איך ווייס ניט, — האָט ער אָפּגעענטפֿערט געלאַסן, — נאָר מיר דוכט זיך...

— וואָס דוכט זיך דיר, אַז אין קאָלווירט וועלן די קוילעטשן אַליין פֿליִען גלײַך אין מויל אַרײַן? דו ביסט ווי מײַן ברודער אַבע־שמועל...

— קיינעם דוכט זיך ניט... נאָר די ערד דאַרף פֿאַרזייט ווערן, דאָס ברויט דאַרף אויסגעכאָוועט ווערן... אָט פֿאָרסטו אַוועק, און ווער וועט דײַן ערד באַאַרבעטן?

— זאָל דער קאָלווירט דײַגענען, ס'איז איצט זײַן ערד.

— עך, מוישע מיט יאָסיען... — זאַכאַר האָט אַפֿילע אַ שמייכל געטאָן, — אַזעלכע צוויי קלוגע בעמען אײַנײַנעם... אָט פֿאָרסטו אין דער וועלט אַרײַן, וואָס וועסטו דאָרטן טאָן? דײַן זאַך איז דאָך די ערד, ביסט דאָך אַ פּויער, אַן ערדאַרבעטער...

— איך וויל מערער ניט, — האָט אויסגעשריִען מוישע־יאָסיע. — איך וויל מערער ניט זײַן קיין פּויער!

— עט... — זאַכאַר האָט זיך באַמיט רעדן שטילער. — מאַלע וואָס אַ מענטש וויל! צי ער וויל ניט. אַפֿילע אַ בוים, אַז מע פֿלאַנצט אים איבער, איז ניט אומעטום נעמט ער זיך אָן. און אַ מענטש... אַ מענטש האָט דאָך כּוח אַלעמען אַ באַרוף. פֿאַרשטייסט, יעדערער דאַרף טאָן זײַן זאַך. דער פּויער דאַרף באַאַרבעטן די ערד, און דער קוילנגראָבער דאַרף זיך אַראָפּ־לאָזן אין שאַכטע נאָך קוילן.

מוישע־יאָסיע האָט אַ קוק געטאָן דורכן פֿענצטער אויפֿן אומעטיקן דרויסן, און כאָטש ס'איז געווען צו זען, אַז דער רעגן וועט נאָך גיסן און גיסן, האָט ער, אַן אָנגעוועדראָדלטער, גענומען וועקן זלאַטען.

— הײַדאַ, מירן גיין אײַנשפּאַנען...

— וואָס איז די אײַלעניש? — איז זאַכאַר געבליבן דערשטוינט. — עס רעגנט דאָך.

— גענוג פונמײַנעטוועגן מײַן ברודער אבע־שמועל, זײַן מוסער און זײַן קלוגשאַפט...

און פונקט אַזוי, ווי נעכטן אין אָוונט, בא זיך אין דאָרף, האָט ער אין אײַלעניש אַרויסגעפירט דעם וואָגן פון זאַכאַרס קלוניע, אײַנגעשפּאַנט די פערד, ווי־ניט־איז אײַנגעמאַסטעט זלאַטען, וואָס האָט ניט באַוויזן ווי געהעריק אָנוואַרעמען זיך, און אַ פאָך געטאָן מיט דער בײַטש. זיך פאַר־האַלטן לענגער בא זאַכאַרן האָט ער פאַשעט מוירע געהאַט. עס איז אים אָן דעם אויך געווען גענוג שווער אפן האַרצן.

— נו, זײַט געזונט, האָט קיין פאַריבל ניט, — האָט ער שטיל אַרויס־גערעדט.

— פאָרט געזונטערהייט, — זאַכאַר האָט אים דערלאַנגט די האַנט. — זאָל גאָט געבן, איר זאָלט קיין כאַראָטע ניט האָבן.

ניט איין מאָל פאַר די פאַר כאַדאָשים האָט מוישע־יאָסיע זיך דערמאָנט אין יענעם שמועס מיט זאַכאַרן, זײַן נאַרישן רויגעז און זאַכאַרס לעצטע ווערטער. ווי זשע קאָן ער איצט פאַרפאָרן צו אים?

די נאַכט האָט זיך געצויגן איבער די אָפּגעקילטע וועגן, אָף וועלכע דער שטויב האָט באַוויזן אָפּזעצן זיך. אַלע מאָל איז עפּעס אַ שאָטנדל אַרויסגעשפּרונגען אפן וועג, איבערגעקרייצט זיך מיט אַ צווייט שאָטנדל, אַ ווײַלע ווי געשלאָגן זיך אײנס מיטן אַנדערן און ווידער ניט געסטײַעט. אַמאָל איז אפן וועג אַרויסגעלאָפן ניט קיין שאָטנדל, נאָר עפּעס אַ לעבע־דיקס, פון יענע באַשעפענישן, וואָס האַלטן זיך אוף צווישן דעם ווייץ און גערשטן. מוישע־יאָסיע קען זיי גוט, אָט די בריזעס, אָט די העזלעך מיט די סוסליקעס, אָט די פּיקסלעך און יאַשטשערקעס, וועלכע זײַנען אים אַלע יאָרן געלעגן אין די ביינער. נאָר איצט האָט ער זיך דערפרייט מיט זיי, איז גרייט געווען אַפילע פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס, ווי מיט אַלטע גוטע פרײַנט.

— דאָס בין איך, מוישע־יאָסיע. וואָס זשע, איר דערקענט מיך ניט?

אַלץ אַרום איז אָבער געווען אײַנגעהילט אין באַנאַכטיקן כוישעך. ס'איז שווער געווען אונטערשיידן ניט נאָר אַ העזל פון אַ פּיקסל, נאָר אַפילע אונטערשיידן דעם ווייץ פונעם גערשטן. באַטאָג וואָלט ער אַלץ דער־קענט פאַר אַ מײַל. דעם ווייץ, וועמעס גרינקײַט זעט אויס אַ ביסל ווי באַגילדעט, דעם האָבער, וואָס ווערט יונגערהייט גרוי, און דעם גערשטן מיט זײַן עטוואָס בלייכן גלאַנץ. די נאַכט האָט אָבער אַלץ איבערגעפאַרבט אין איין טונקל־גרינער פאַרב, אַפילע אַ ביסל צוגעשוואַרצט, און אונטער־שיידן די ווייצן פון די האָבערס האָט מען געקאָנט סײַדן לויט זייער וווקס און לויט זייער רײַפקײַט. האָט מען אָבער געדאַרפט אָפּשטעלן זיך, אַראָפּ־קריכן פונעם וואָגן, צוקומען צום פעלד און אַ נעם טאָן אין די הענט די זײַדענע זאַנגען. נאָר אָפּשטעלן זיך באַם פעלד האָט אים קיין מוט ניט גע־סטײַעט. ער האָט זיך פאַשעט געשעמט. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר זיי דערמיט, וואָס ער, מוישע־יאָסיע, דער פאָטאָמסטווענער פויער, וועמעס עלטערזיידע איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן מיט הונדערט יאָר

צוריק באַטראַכטן אָט דעם נאָך ווילדן סטעפּ, דורכגעלייגט די ערשטע באַראַזנע צווישן די געדיכטע און הויכע גראָזן, אוועקגעשטעלט דאָ די ערשטע ערדשטיבלעך, אויסגעגראָבן די ערשטע קרענעצעס און פאַרפלאַנצט די ערשטע ביימלעך, וואָס ער, מוישע־יאָסיע, האָט פאַרלאָזט דעם סטעפּ סאַמע ערעוו דעם פאַרזיי און אַלץ איז אָפּגעטאָן געוואָרן אָן אים. אַלץ, וואָס אַרום, אַלץ, וואָס וואַקסט, אַלץ, וואָס צוויטעט דאָ און הייבט אָן רייַף ווערן, איז שוין ניט זייַנס. האָט ער זיך געפילט שולדיק פאַר דער ערד, פאַר זייַנע דאָרפלייַט און מערער פון אַלץ פאַר זייַן זלאַטען. איבער אים, איבער זייַנע נאַרישקייַטן האָבן זיי זיך אַזוי צעבראָכן, געמאַכט פון אַלץ טיל־טעל. אַרויסגעפאָרן פון דער היים זייַנען זיי מיט אַ הויך־אָנגעפּאַקטע וועטן וואָגן און קערן זיך אום מיט גאָרנישט ניט. גרינגע פאַרשווינען! דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך יאָ פאַרהיט, איז דאָס קופּערנע קווערטל און דאָס אייַזערנע בעטל.

זלאַטע שווייַגט, זאָגט גאָרניט ניט. ווײַבאַלד זי קערט זיך אום אַהיים, איז איר איצט אַלץ ליב. נאָר מוישע־יאָסיען הערט ניט אויף דוכטן זיך, אַז אַף איר אייַנגעפאַלענעם פּאָנעם, אין אירע אייַנגעשרומפענע אויגן לייענט ער אַ שטומען פאָרוווּרף. און אַז ער פּרווּוט אַרייַנלייגן די אייגענע געדאַנקען אין זלאַטעס מויל, קלינגען זיי אַזוי:

„נאָך וואָס האָט מען געדאַרפט צעבערעכן זיך, נאָך וואָס געדאַרפט צעשטערן די אייגענע נעסט? ווער און וואָס האָט אונדז געיאָגט פונעם אייגענעם דאָרף, פון דער אייגענער ערד? וואָס פאַרא גליקן האָבן מיר געזוכט? יעדערער דאַרף טאָן זייַן זאַך!”

קומט שוין באַ אים אויס, אַז זלאַטע האָט אָנגעהויבן רעדן ניט מיט אירע ווערטער, נאָר מיט זאַכאַרס און מיט אַבע־שמועלס. ווערט עס אים אַ ביסל פריקרע, און ער רופט זיך אָן:

— ווייסטו וואָס, זלאַטע, לאָמיר וועגן דעם ניט רעדן. מיר קומען אַהיים, פאַרנעמען מיר באַלד אָן אָרט באַם סטאַוואָק און שטעלן זיך אַוועק מאַכן לאַמפּאַטש. ווי מייַנסטו, מייַן געלערנטער ברודער וועט אויך פאַרקאַטשען די הויזן?

— און וווּ וועלן מיר שטעלן די שטוב? וווּ וועלן מיר נעמען אַ פרייַען פּלאַץ מיט אַ גאָרטן?

אַזוי, דוכט זיך אים, פרעגט זלאַטע, און ער ענטפערט:

— ניט געזאָרגט, זלאַטע, פּלאַץ וועט סטייַען. דאָס דאָרף וואַקסט דאָך. עפּשער וועלן מיר גאָר אַ נייַע גאַס אָנהייבן. יאָ, טאַקע, אַ נייַע גאַס.

נאָר דאָ קומט זלאַטעס סאַמע האַרבסטע קאַשע. וועגן קאָלווירט.

— מיטן קאָלווירט וועלן מיר זיך אָן אייצע געבן. לאָמיר נאָר אַוועקשטעלן די שטוב. מיט וואָס זייַנען מיר ערגער פון אַנדערע?

מוישע־יאָסיע אַליין איז צופרידן מיט זייַן ענטפער. מע קאָן אים טייַטשן ווי מע וויל. פון אַבע־שמועלס בריוו ווייסט ער, אַז אַ סאַך זייַנען אַרויס פון קאָלווירט, כאָטש די מערהייַט איז געבליבן. וועט ער שוין דערנאָך זען, וואָס ער האָט צו טאָן.

פון אָט די געדאַנקען, פון אָט דעם אויסגעטראַכטן שמועס, ווערט מוישע־יאָסיע באַ זיך פעסטער, זיכערער, און ער הייבט אָן טראַכטן, אַז זייַן

שולד איז גאָר ניט אזוי גרויס. מאָלע וואָס. א מענטש האָט א טאָעס. איז ער געגנוג געשטראָפט דערפאַר. דאָס גיט אים צו א ביסל מוט. ער שטעלט אָפּ די פערד, קריכט אראָפּ פונעם וואָגן, גייט צו צום ברעג פונעם פעלד און טוט א נעם אין די הענט עטלעכע זאַנגען. יאָ, ס'איז ווייץ. ווייצענע זאַנגען מיט זייערע ווייכע, גליטשיקע הערעלעך, צווישן וועלכע עס הייבט ערשט אָן אויפקומען, אָנגיסן זיך מיט מילך דאָס קומענדיקע קערנדל. מוי־שע־יאָסיע שטייט, גלעט מיט דער האַנט די זיידענע הערעלעך און דער־פילט, ווי ס'האָט אין אים פּלוצלינג א זעץ געטאָן פון טיף אינווייניק א מאָד־נע ווארעמקייט, וואָס איז גרייט ארויסשפּרינגען פון די אויגן מיט א טרער.

— מוישע־יאָסיע, ווו ביסטו ערגעץ, מוישע־יאָסיע! — האָט אים א רוף געטאָן זלאטע.

— איך שטיי און קוק. עפּעס צו פרי האָט דער ווייץ ארויסגעוואָרפן דעם זאַנג. דער סוכאָווייִ זאָל, כאָלילע, ניט א בלאָז טאָן פאַר דער צײַט.

— פאַרוואָס צו פרי? — דערווידערט זלאטע. — סאַמע צו דער צײַט. דו האָסט פּאַשעט ניט באַמערקט. און וואָס איז דער ווונדער, אז מע איז אזא לאַנגע צײַט אָפּגעריסן פון דער ערד.

מוישע־יאָסיע נעמט דאָס אויף ווי א פאַרדינטן פאַרוווּרף, און דער שמועס, וואָס ער אליין האָט אים אָקאָרשט אויסגעטראַכט, זעט אים אויס, גלײַך ער איז פאַרגעקומען אפּאַנעמעסן. נעמט ער זיך פאַרענטפערן:

— ניט געזאָרגט, זלאטע. לאָמיר נאָר אוועקשטעלן אונדזער שטוב. א נײַע גאַס וועלן מיר אָנהייבן.

— וועלכע גאַס, ווו וועסטו עס אָנהייבן א נײַע גאַס?

— דאָס וועלן מיר שוין זען. אבי אָנהייבן...

די הונדערט קילאָמעטער אהיים האָט מוישע־יאָסיע אויסגעפּלאַנירט און פאַנאַנדערגעטיילט צווישן טאָג און נאַכט אזוי, אז אהיים זאָל ער קומען שפּעט אין אָוונט, ווען דאָס גאַנצע דאָרף וועט שוין שלאָפן, ער זאָל אויס־מײַדן פאַרשיידענע ניט געוווּנטשענע באַגעגענישן און איבעריקע שטעכ־ווערטלעך. דער כעזשבן איז געווען א ריכטיקער, נאָר די פערד האָבן אָפּ־טער אָנגעהויבן אונטערלויפן, ווי עמעצער וואָלט זיי אונטערגעיאָגט, און מע האָט דורכגעמאַכט די הונדערט קילאָמעטער א ביסל פריִער, ווי מוי־שע־יאָסיע האָט אויסגערעכנט. און כאָטש אין סוויאַטאָדוכאָווקע, א ווערסט צען פון דער היים, זײַנען זיי פאַרפאָרן אין א הינטערגעסל, ווײַט פונעם ברייטן שליאַך, אָנגעהאָדעוועט און אָנגעפּאָיעט די פערד מיט דער קו און אליין איבערגעכאַפּט און זיך אָפּגערוט אריבער א שאָ, זײַנען זיי צוגעפאָרן צום אייגענעם דאָרף, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען ליכטיק און די פאַר־נאַכטיקע שאָטנס האָבן אָנגעהויבן ערשט אויסציִען זיך איבערן אײַנגע־שטילטן סטעפּ.

— טו א קוק, מוישע־יאָסיע. אָט זעט מען שוין דעם פּלאַנטאַזש... און אָט. דעם סטאַוואָק... — האָט זלאטע ארויסגערעדט, קוים אויסבאַהאַלטנדיק דעם איבערלעכן פלאַטער.

מוישע־יאָסיע האָט דאָס אויך געזען. ער האָט אָנגעהויבן ארומקוקן זיך א סאַך פריִער, ווי ס'האָבן זיך געענדיקט די ערדן פון סוויאַטאָדוכאָוו־קע און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן זייערע, די נײַ־זלאטאָפּאָליער. ער האָט גע־

זוכט מיט די אויגן זײַן אייגענע דעסיאַטינע, וואָס ליגט ערגעץ אײַנמיטן אָט דעם יאַראָווע קלין, וואָס האָט געדאַרפט פאַרזייט ווערן מיט גערשטן צי מיט זומער־ווייץ. אַלץ איז פאַרזייט געוואָרן אָן אים. אים האָט איבעראַשט די דורכויסיקײַט, די פאַרגאַנצטקײַט פונעם גרויסן מאַסיוו, וואָס באַטרעפט העכער צוויי הונדערט העקטאַר. ער איז ווי איין אויסגוס, פון איין בלייכלעכער גרינקײַט. מוישע־יאָסיען האָט אַ שטאָך געטאָן ערגעץ טיף איבווייניק דערפון, וואָס דאָס דאָרף איז זיך באַגאַנגען אָן אים, האָט אַלץ פאַרזייט ווי עס דאַרף צו זײַן און קיינער דערמאָנט שוין אים אפילע ניט. מאַלע וואָס... געווען אַ מוישע־יאָסיע, און ניטאָ קיין מוישע־יאָסיע. עלעהיי אַ מענטש שטאַרבט. די דאָזיקע פאַרגלײַכונג האָט שוין אַרויסגערופן אַן אַנדער געפיל, אַ בייזן, אַ דראָענדיקן, אַ געפיל, וואָס קאָן הייסן „ער וועט זיי נאָך ווײַזן, צי ער לעבט, צי ניט", אַ געפיל, וועלכן מע קאָן לינדערן נאָר מיט אַ קלאָלע, מיט אַ זידלוואָרט. איז ער געווען צופרידן, ווען ער האָט צווישן דער בלייכער גרינקײַט באַמערקט אַ כוצפּעדיקע געלקײַט, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צווישן גערשטן, גאַנצע פלעקן, ווי אַלטע לאַטעס אויף אַ נײַעם בעגעד.

— טו נאָר אַ קוק, זלאַטע, וואָס עס טוט זיך. סווירעפּע! זע, ווי זי האָט זיך צעצוויטעט! אויך מיר באַלעבאַטים, ניט געקאָנט באַצײַטנס אויספאָליען.

פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקײַט אויסזידלען זיך, איז אים געוואָרן אַ ביסל גרינגער. האָט ער שוין רויִקער געקאָנט באַמערקן דעם פלאַנטאַזש לענגאויס דעם דאָרף, דעם סטאַוואָק, וואָס האָט אַרויסגעגלאַנצט פונדערווײַטנס מיט זײַן פאַרנאַכטיקן גלאַנץ, און די טאָלאָקע, וווּ די פאַסטעבער האָבן אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די טשערעדע, אויף אַוועקטרײַבן זי אין דאָרף אַרײַן. מוישע־יאָסיע איז געזעסן אויפן וואָגן דורכגענומען מיט אַ פאָרכטיקער שטילקײַט און אײַנגעזאַפּט אין זיך, געשלונגען מאַמעש די רייכעס, נאָך וועלכע ער האָט זיך אַזוי אויסגעבענקט. אפילע דער שטויב, וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן אָפּזעצן זיך און אַ ביסל געשטיקט אין האַלדז, האָט אים אויך אויסגעזען ביז גאָר באַטאַמט.

די פערד האָבן, אַפּאָנעם, אויך דערפילט און דערקענט דאָס אייגענע, לאַנגאָניקע, אויסגעבענקטע דאָרף. זיי האָבן זיך מיטאַמאָל צעהירזשעט אַזוי, ווי זיי האָבן ניט געהירזשעט קיין איין מאָל פאַר די צוויי כאַדאָשים. זייערע שטימען האָבן געקלונגען ווי בײַ יונגע לאָשעקעס. זיי האָבן אַלע מאָל געפּרוּווט אַ יאָג טאָן, זיך לאָזן אין גאַלאָפּ, און מוישע־יאָסיע האָט געדאַרפט די גאַנצע צײַט שטאַרק אָנציִען די לייצעס. די קו, וואָס איז די גאַנצע צײַט האַכנאָעדיק נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן, האָט אָנגעהויבן רײַסן זיך אויף רעכטס און אויף לינקס. און ווען זי האָט דערזען די טשערעדע, איז זי גאָר ווי פון זינען אַראָפּ, אָנגעהויבן אונטערטאַנצן, פאַריסן דעם עק און געצויגן דעם וואָגן אויף צוריק.

נאָר ווען זיי זײַנען שוין געווען גאָר נאָענט פונעם דאָרף, דאָרטן, ווו דער וועג פאַרקערעוועט קיין הופּאָלאָווע, האָט מוישע־יאָסיע אַ צי געטאָן די לייצעס און פאַרקערעוועט אויף רעכטס.

— וווּהין איז? — האָט זלאַטע געפרעגט דערשראָקן.

— וואָס זשע ווילסטו, אז דאָס גאַנצע דאָרף זאָל זיך צונויפלויפן אויף אונדזער בייזוויינדער? מירן פאַרפאַרן אונטערן פּלאַנטאַזש און דאָרטן זיך אָפּשטעלן. און אַ ביסל שפּעטער. טאַקע עט שפּעטער...

— טו אַ קוק, וואָס מיט דער קו טוט זיך...

— אָט דאָס זאָג איך דאָך. גיי אַראָפּ און טרײַב זי אונטער.

אַזוי זײַנען זיי אַרײַנגעפאָרן הינטערן דאָרף פון גאָר אַן אַנדער זײַט. מוישע־יאָסיע איז געזעסן אויפן וואָגן און מיט ביידע הענט אָנגעצויגן די לייצעס, און זלאַטע איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן און אַלע מאָל אַ טאָרע געטאָן די קו באַם רוקן, ווי אונטערגעמונטערט זי. די פערד האָבן פריילעך צוגעהירזשעט, און די קו האָט שטיל געריעוועט, ווי אונטערגעכליפּעט, ניט פאַרשטייענדיק, פאַרוואָס האָט מען זי ניט געלאָזט צו דער אייגענער טשערעדע.

הינטערן דאָרף, הארט לעבן פּלאַנטאַזש, און וואָס ווײַטער פונעם וועג, האָט מוישע־יאָסיע אויסגעשפּאַנט די פערד, צוגעבונדן צו אַ בוים און דערלאַנגט זיי אַ קופּע פרישע היי, וואָס ער האָט באַוויזן אָנשנײַדן אונטערוועגנס. זלאַטע האָט אויסגעמאָלקן די קו, אַרויסגעקראָגן דאָס אַלטע, ריינאויסגעריבענע קופּערנע קוועטל און אָנגעגאָסן מוישע־יאָסיען זײַן געווייניטלעכע וועטשערע. דערנאָך זײַנען זיי ביידע געזעסן אויף דער ערד. זלאַטע האָט צוגעקוקט, ווי מוישע־יאָסיע זופּט אַזוי געשמאַק די וואַרעמע מילך, קײַט דאָס היפּש צוגעטריקנטע ברויט און גיט אַלע מאָל זיך אַ קוויק אין דער הייך מיט יענער אַמאָליקער קוויקעניש, ווען ער פלעגט קומען אין אָוונט פון סטעפּ. אַרום האָט געשמעקט מיט אָן אַ שיר באַקאַנטע רייכעס. זלאַטע האָט ניט באַמערקט, ווי אַ פּאָר טרערן האָבן אַ בלישטשע געטאָן אין אירע אויגן. באַמערקט האָט עס מוישע־יאָסיע און אָנגערופן זיך טרייסטנדיק:

— נו, איצט איז דאָס שוין אינגאַנצן אַן איבעריקע זאַך. איצט זײַנען מיר אין דער היים.

— איז עפּשער זאָל איך אַרויסגיין אויף יענער זײַט פּלאַנטאַזש. עס ווילט זיך אַ קוק טאָן, כאָטש מיט איין אויג...

— ניט געײַלט, זלאַטע. וועסט נאָך באַוויזן אָנקוקן זיך. בעט דערווײַל אויס אפן היי. לאָמיר כאַפּן אַ דרעמל.

נאָר מוישע־יאָסיען איז זיך ניט געשלאָפן. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און אײַנגעקוקט זיך אינעם הויכן הימל, וואָס האָט אים דאָ אויסגעזען פיל היימישער, ווי אומעטום. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיך אָנגעצונדן די שטערן. ער האָט זיך איבערגעוווּנקען מיט זיי, ווי מיט אַלטע באַקאַנטע. און ווען פון הימל האָט זיך באַוויזן די יונגע לעוואָנע, האָט ער זיך גאָר דערפילט יאָמטעוודיק, גלײַך אַלע זײַניקע זײַנען זיך צונויפגעקומען צו אים אויף אַ סימכע. ער האָט געקוקט אפן הימל און זיך צוגעהערט צו אַלץ, וואָס עס קומט פאַר אַרום אים דאָ, אויף דער ערד. פונעם דאָרף האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון יענער אָוונטיקער אופגעלעבטקײַט, מיט וועלכער עס הייבט זיך אָן די קורצע זומערדיקע נאַכט. ערגעץ האָבן געדרײַזשעט עמער, אַ האָק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אַ שײַטל האָלץ, אַ קינד האָט זיך צעוויינט פאַרן שלאָף, אַ פרוי האָט זיך איבערגערופן פון

הויף מיט אירער א שכיינע... דאָס אָוונטיקע ווינטל האָט דערטראָגן אהער דעם רייעך פון א פרישן, ווארעמען לעבל ברויט. פון טורקענעווקער שליאך האָט זיך דערטראָגן דער קלאנג פון א שווער אָנגעלאָדענעם וואָגן. איבערן גאנצן דאָרף האָבן זיך צעקוואקעט די זשאבעס ארום דעם סטאוואָק. און וואָס איז דאָס פארא גרילצעניש? איז ער געלעגן, מוישע־יאָסיע, און גע־סטארעט זיך טרעפן די רעטעניש פון די נײַע באנאכטיקע שאָראָכן. אָך, יאָ, דאָס גרילצעוועט דאָך די טראקטאָרס, דאָס בראָנעוועט זיי, אפּאָנעם, אָדער קולטיווירן דעם פאר...

און גראָד דאָס אומגעוויינלעכע גרילצעניש האָט ארויסגעפירט מוישע־יאָסיען פון זײַן סימכעדיקײַט און ארויסגערופן בא אים יענע אומרויִקע געדאנקען, וואָס גיבן אלע מאָל א כאפּ באם הארצן. נאָך אלעמען, ווייסט ער דאָך נאָך גאָרניט, ער ווייסט ניט, וואָס אים שטייט פאָר און וואָס וואָרט אף אים. ער ווייסט, אייגנטלעך, ניט, צו וועמען איז ער געקומען און צו וועמען וועט ער צושטיין. צו די, וואָס זײַנען ארויס פון קאָלווירט, צי צו די, וואָס זײַנען געבליבן. ער ווייסט דערווײַל נאָך אויך ניט, וויאַזוי וועלן אים באגעגענען זײַנע דאָרפסלײַט, וואָס וועט אים עפּעס זאָגן זײַן קלוגער ברודער, און ווי וועט אף אים א קוק טאָן מענאשע, דער פאָרזיצער פון קאָלווירט. פון דעם דאָזיקן קוק זײַנעם הענגט דאָך אָפּ, צו וועלכן צאד וועט ער צושטיין, צו די פארבליבענע, צי צו די אוועקגעגאנגענע. און וואָס איז דאָס פאר א בריִע דער נײַער פאָרזיצער פון דאָרפסראט, צי האָט ער אים שוין אינגאנצן אויסגעמעקט פון די דאָרפישע צעטלען, צי איז ער נאָך ערגעץ פארבליבן.

איין זאך האָט מוישע־יאָסיע געוווּסט אף זיכער. ער איז בא זיך אף דער אייגענער ערד. און וואָס ס'זאָל ניט געשען...

— נאָר וואָס דארף עפּעס געשען? — האָט ער א פרעג געטאָן בא זיך און א קוק געטאָן אף זײַן זלאטען.

זלאטע איז געלעגן אפן פרישן היי, אײַנגעדעקט מיט איר קורצן סעקל, און שטיל געעטעמט. זי איז געוויס אײַנגעשלאָפן מיטן געדאנק, אז ווי דאָס זאָל ניט זײַן און וואָס ס'זאָל ניט געשען, זײַנען זיי בא זיך אין דער היים.

— וואָס דארף עפּעס געשען? — האָט מוישע־יאָסיע ווידער ארויסגע־רעדט, ווי טרייסטנדיק זײַן זלאטען. — מיר זײַנען דאָך בא זיך אין דער היים. אָט וועסטו זען, א נײַע גאס וועלן מיר אָנהייבן!

# לייב ווילשאנסקי מיט זײַנע זין און טעכטער



פגעלעבט א לעבן אין די ענגע שטעטלעך, ווו די הײַזער זײַנען צונויפגעטוצקעט איינס אפן אנדערן, ווו די געסלעך זײַנען שמאָלינקע, קוים דורכצוגיין, ווו זעלטן קאָן מען זען דעם זון־אופגאנג, און מיטאמאָל — סטעפּ. אזא אומענדלעכער און ראכוועסדיקער, פול מיט ווינט און זון, מיט בראָטנדיקע היצן און גליוועדיקע קעלטן, מיט יענע באַרימטע סוכאָווייען און ניט ווייניקער באַרימטע גוסרעגנס. האָט עס די ערשטע צײַט אלעמען געשראָקן, און ווען מע האָט אָנגעהויבן בויען דעם יישעוו, האָט יעדערער געוואָלט, אז זײַן שטוב זאָל זײַן אין סאמע צענטער. פּאָרט א ביסל היימלעכער, זאטישנער. ס׳האָט שוין געהאלטן דערבײַ, אז מע זאָל זיך נעמען רײַסן פאר די בערד, נאָר דער עלטסטער איבערוואנדערער לייב ווילשאנסקי האָט געגעבן אן אייצע: זאָל מען שלעפּן קניפּלעך. זײַנען אלע מאסקים געווען. עמעצער האָט אפילע געזאָגט, אז לייב קען זיך אויסקלײַבן אן אָרט, ווו ער וויל, נאָר לייב אליין האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער וויל ניט זײַן קיין אויסנאם. קניפּלעך איז קניפּלעך. און אים איז דאפקע אויסגעפאלן אין סאמע צענטער. איז אים בעמיילע שוין אויסגעפאלן ווערן א נאכט־שוימער.

באַנאנד מיט זײַן שטוב, גלײַך איבערן וועג האָט מען געבויט א הויכע געבײַדע פון געברענטע ציגל, וואָס האָט געדאַרפט אַרײַננעמען אין זיך דרײַ דאָרפישע אנשטאלטן: דעם קעז־זאוואָד, די קאָאָפּעראטיווע קלייט, און שפּעטער — אויך די קאָנטאָר פונעם קאָלווירט. שוין אָן שום קניפּלעך האָט מען לייבן אוועקגעשטעלט פאר א נאכט־שוימער. א היימישע זאך: מע קען זיצן לעבן דער שטוב און היטן די קלייט, און, פאַרקערט, מע קען זיצן לעבן דער קלייט און היטן די שטוב.

ניין, קיינער האָט אין אזעלכע קונצן לייבן ניט כוישעד געווען. און ניט נאָר איבער זײַן ווײַסער באָרד. מע האָט געוווּסט, אז א מענטש איז ער זייער אָן אָרנטלעכער און וועט אָפּזיצן נאכט נאָך נאכט אף די צעמענטענע טרעפּ לעבן דער קלייט און אפילע אף א ווײַלע ניט צומאכן קיין אויג.

ווי הייס דער זומערדיקער טאָג זאָל ניט זײַן, ווערט אין סטעפּ צו פאַרנאכט־צו קילבלעך. שפּעט אין אָוונט טאקע היפּשלעך קאלט. לויט דעם, ווי דער סטעפּ האָט געהאלטן מיטן אָפּקילן זיך, האָט לייב געמאָסטן די צײַט, ווען ער דאַרף גיין זיך שטעלן אף זײַן פּאָסטן. ער טוט א פּיר מיט דער האנט אף רעכטס און אף לינקס, ווי אָפּמעסטנדיק די טעמפּעראטור, און נעמט זיך גרייטן אין וועג אַרײַן. די יאַרמלקע איז בא אים שטענדיק אפן קאָפּ, מאכמעס ער איז א ביסל א פרומער. דאַרף מען נאָר אַרופוואַרפן אף זיך די לאנגע געוואטעוונע בורקע און א נעם טאָן דאָס ביקסל, וואָס שטייט אין שטאָל. דאָס ביקסל האלט ער באם סאמע שפּיץ און שלעפּט עס מיט ביטל, גלײַך ער וויל דערמיט אלעמען ווײַזן, אז דאָס דאָזיקע אלטע פאַרזשאווערטע ביקסל איז בא אים א קליינע סגולע פאר גאנאָווים. דעריקער

איז זײַן לאַנגע און ברייטע ווײַסע באָרד, וואָס פלאַטערט אפן ווינט, זײַן יאַרמלקע און די קרישמע, וואָס ער וועט לייענען, ווי נאָר ער וועט זיך אוועקזעצן אף די טרעפּ, רופנדיק זיך פאר געהילפער די צוויי מאלאָכים — דעם מאלעך מיכאָעל און דעם מאלעך גאווריִעל.

אין די פריִע אָוונטיקע שאָען איז לייב ביכלאל ניט אליין. כוץ די מאַלאָכים פון דער קרישמע קומען זיך צונויף אהער יונג און אלט פונעם גאנצן יישעוו. מע פאררייכערט א ציגאר פארן שלאָף, מע באהאנדלט אלע נײַסן פונעם יישעוו און פון גאָר דער וועלט, און אלע ווארטן, ביז ס'וועט דערגיין דערצו, אז דער אלטער לייב זאָל נעמען דערציילן, וויאזוי ער איז עטלעכע יאָר ביז דער רעוואָליוציע געווען אן אגענט פון עפּעס א קיִעווער פירמע אף פארקויפן גאז־לעמפּ.

א פארנאָסע, ווי פיל אנדערע אמאָליקע יידישע לופט־פארנאָסעס, א מין „לייטערל צום הימל". דו דראפעסט זיך ארוף אף איין טרעפּעלע, און דער דאלעס — אף צוויי. דערצו האָט לייבס דעמלטיקע שטעלע געהאט נאָך איין „מײַלע": מע האָט שטענדיק געדארפט זײַן באוועגאד, די גאנצע צײַט ארומוואנדערן פון איין שטעטל אין צווייטן, מאכמעס די גאז־לעמפּ זײַנען געווען א סכוירע נאָר פאר גווירים. דער איבעריקער אוילעם איז זיך גאנץ גוט באגאנגען מיט אן אכטער לעמפּל, דערצו ניט אופגעהערט קלאָגן זיך, אז עס פרעסט מאמעש דעם קעראָסין. איז מיילע, א צענדליק באלעבאטים אף אײַנריידן זיי צו גאז־לעמפּ האָט מען געקענט געפינען אין יעדער שטאָט. די צאָרע איז אָבער געווען אין די לעמפּ אליין. זיי האָבן זיך אָנגעצונדן און געברענט נאָר דאן, ווען צו זיי האָט צוגעלייגט א האנט דער אגענט אליין. איז ער נאָר ארויס פון שטוב, האָט דער לאָמפּ אופגעהערט צו ברענען. דערפאר האָט ער געקענט אָפּזײַן אין א שטאָט ניט מערער ווי איין אָוונט. פארקויפט עטלעכע לעמפּ און אפגיך אוועק צום צוג, אָדער געדונגען א באלעגאָלע אף איבערפעקלען זיך אין א נײַעם מאָקעם. מאָרגן גאנצפרי וועלן דײַנע קוינים דיך אָנהייבן זוכן איבער אלע אכסאניעס, מע וועט דיר שטופן צוריק דײַן סכוירע, דיך זידלען און שילטן און נאָך שלעפּן צום פריסטאוו, ווי עפּעס א שווינדלער. איבערגעלעבט א פּאָר מאָל עטלעכע זייער ניט קיין אײַנגענעמע שאָען, האָט ער זיך געהאלטן באם קלאל — פארקויפט עטלעכע לעמפּ, איז טראָג זיך טייקעף אָפּ ווײַטער.

לייב האָט זייער שטארק געליטן דערפון. דער געדאנק, אז ער מוז צוליב פארנאָסע אלעמאָל עמעצן אָפּנארן, לויבנדיק אין טאָג ארײַן די לעמפּ, האָט אים ניט אופגעהערט פּײַניקן. ער האָט זיך געטרייסט בלויז דערמיט, וואָס, ערשטנס, איז שולדיק ניט ער, נאָר די פירמע, וועלכע מאכט אזעלכע שלעכטע לעמפּ, און, צווייטנס, האָט ער צו טאָן בלויז מיט גווירים, און זיי וועלן ניט ווערן אָרעמער פון דעם, וואָס זיי וועלן באצאָלן צוויי רובל פאר א לאָמפּ און געבן אים פארדינען דערבײַ צען קאָפּעקעס.

אזוי האָט ער ארומגעוואנדערט פון שטעטל צו שטעטל. איין שאבעס געפּראוועט אינדערפרעמד און צום צווייטן שאבעס זיך דערקליבן אהיים. דער דאָזיקער שאבעס, איין מאָל אין צוויי וואָכן, איז געווען פאר דעם הויזגעזינד זײַנעם א גאנצער יאָמטעוו. געפּראוועט האָט אים לייב מיט אלע

פישטשעווקעס און מיט אלע קויכעס געטריבן פון זיך די געדאנקען וועגן די פאַרשיידענע כעזשבוינעס מיט דער פירמע. דעם כעזשבן וועט ער מאכן שאבעסצונאכטס, נאָך דער האוודאָלע, און אויב ס'וועט זיך נאָכמאָל באַקומען, אַז די הויצאָעס זײַנען געווען מערער פון די פאַרדינסטן, איז מיילע. געשעפט איז געשעפט. און קיינער וועט ניט וויסן, פאַרוואָס איז ער אזוי טרויעריק שאבעסצונאכטס. און אויב די ייִדענע זײַנע וועט עפּעס יאָ באַמערקן און פרעגן, האָט ער פאַר איר שטענדיק אַ גרייטן ענטפער:

— ווייסט ניט, מע פאָרט אוועק... אַף גאַנצע צוויי וואָכן...

סײַווי וואָלט זײַן געשעפט אינגיכן געווען געפּלאַצט. ס'האָט שוין געהאלטן דערבײַ, אַז ער האָט ניט געהאַט אַף קיין וועג־הויצאָעס. נאָר פריִער פאַר אַלץ האָט געפּלאַצט און אופגעריסן זיך דאָס גאַנצע צארישע רוסלאַנד מיטן קייסער ניקאָלקע אינאיינעם און ס'האָט זיך אַ קײַקל געטאָן איבערן לאַנד די רעוואָליוציע. אויס פּריצים, אויס גווירים, אויס גאַז־לעמפּ. און לייב מיט זײַן פאַמיליע איז געבליבן אינגאַנצן אָן פּאַרנאָסע.

ווי אלע קאַפּצאָנים, האָט ער צו קינדער געהאַט גרויס מאַזל, און צו דער צײַט, ווען איבער רוסלאַנד האָט אָנגעהויבן זיך קײַקלען די רעוואָליוציע, איז בא אים אין שטוב שוין געווען, קיין אײַנהאָרע, זיבן קינדער: זעקס באָכערים און אַ טעכטערל. גאָט האָט זיי געבענטשט מיט געזונטע מאָגנס. ער געדענקט ניט אפילע איין פאַל, אַז עמעצער זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַ פרישטיק אָדער אַ וועטשערע. און דאָ איז מיטאמאָל אָנגעקומען אַ טאָג, ווען מע האָט אָפּגעגעסן די לעצטע וועטשערע...

מעגלעך, אַז איך גיב ניט אינגאַנצן פּינקטלעך איבער לייבס דערציילונג. נאָר אים געדענק איך גוט, איך זע אים, ווי ער זיצט אַף די טרעפּ פון דער קלייט, די סאַמעטענע יאַרמלקע אַפן קאָפּ, דאָס פאַרזשאווערטע ביקסל צווישן די קני, די באָרד אויך, און דערציילט מיט אַ שטיל ניגנדל פון די קינעס, וויאַזוי נאָך יענער לעצטער וועטשערע האָט ער צונויפגערופן זײַנע באָנים און זיך אָנגערופן צו זיי:

— נו, זין מײַנע טײַערע, מאָגנס זײַנען בא אײַך, קיין אײַנהאָרע, געזונטע. קײַען קענט איר, גאָט צו דאַנקען. וואָס זשע וועט איר זיך ארומדרייען הונגעריקע איבער די גאַסן? די וועלט איז גרויס. און מיט אַזעלכע הענט קען מען אומעטום עפּעס אופטאָן.

און ס'באַקומט זיך שוין בא אים, ווי אַן אלט, לאַנגאָניק מײַסעלע וועגן אַ זאָקן, וואָס האָט אוועקגעשיקט זײַנע זין זוכן גליק. ווי זײַנע זין האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט אים, ארויס פונעם שטעטל און געבליבן שטיין. פיר וועגן זײַנען געלעגן פאַר זיי. איז איינער אוועק רעכטס, דער צווייטער לינקס, דער דריטער גלײַך פאָרויס... פאַרשיידענע וועגן, פאַרשיידענע ווינטן, נאָר מיט אלע וועגן האָט געשפּאַנט די רעוואָליוציע.

דערנאָך איז אויסגעקומען דעם אלטן לייב אליין לאָזן זיך אין וועג אַרײַן נאָך זײַן נײַעם גוירל — פאָרן אַף ערד, און מיטגענומען מיט זיך דאָס זעלבע, וואָס ער האָט אָנגעזאָגט זײַנע זין: ניט זשאַלעווען קיין פּלייצעס. פון אלע זיבן קינדער איז מיט אים דאָן געבליבן בלויז דער סאַמע ייִנגסטער, אַ באָכער פון אַ יאָר צוואַנציק — כאַציע, און די מיזינקע פריידל, נאָך גאָר אַ קינד, אַ שילערן.

...נאָך איצט וואָלט איך מיט פאַרמאַכטע אויגן געקענט אָנצייכענען די ערד־קאַרטע פון אונדזער יִשעוו, מיט אַלע זײַנע קרומע ווינקלען און שפּיצן, מיט דער באַלקע, וואָס שלענגלט זיך לענגאויס דעם יִשעוו אונטער די גערטענער. פּונקט אַזוי וואָלט איך, גייענדיק מיטן סטעפּ אָן שום וועג, געקאָנט טרעפן צום שכנישעסדיקן יִשעוו ראַטנדאָרף, ווו ס'האָט געוווינט לייב ווילשאַנסקי מיט זײַן הויזגעזינד. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען איך בין געווען אין יענע קאַנטן, האָב איך געפּרוווט זיך דורכשפּאַצירן אויף אַזאַ אויפן פון איין יִשעוו צום צווייטן און זיך ניט טויע געווען, כאָטש פאַר די עטלעכע צענדליק יאָר האָט זיך דאָ אַלץ געענדערט ביז ניט צו דערקענען. נאָר מיך האָט געפירט מײַן זיקאָרן, און איך בין אים נאָכגעגאַנגען, זײַענדיק זיכער, אַז ער וועט מיך אין ערגעץ ניט פאַרפירן.

איך דאַרף בלויז צומאַכן די אויגן, דערזע איך גלײַך פאַר זיך: די ווײַסע הײַזער מיט די רויטע בלעכענע דעכער, די יונגע ווײַנשל־סעדלעך, די קרענעצע, פון וועלכער מיר פלעגן יעדן פאַרנאַכט ציִען וואַסער אויף באַגיסן די גערטנדלעך, די שכיינים אונדזערע. איך וואָלט געקענט אויסרעכענען, ווו ווער ס'האָט געוווינט, ניט נאָר אויף אונדזער יִשעוו, נאָר אין אַלע אַרומיקע יִשוּווים, וואָס זײַנען אויפגעקומען אין די זאַפּאָראָזשער סטעפּעס סאָף צוואַנציקסטע יאָרן, ווו הונדערטער יִדישע פאַמיליעס פון אַלע שטעטלעך פון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד האָבן געהאַט אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן. ס'איז אויפגעקומען אַ גאַנצער דאָר פּויערים־קאָלווירטניקעס.

די יִשוּווים זײַנען געווען ניט קיין גרויסע, צו פופציק — הונדערט הײַזער, זיי האָבן זיך געפּילט אַ ביסל אומהיימלעך אינעם אומענדלעכן סטעפּ, און מיט אַלע קויכעס געטוליעט זיך איינס צום צווייטן מיט זייערע לײדן און פריידן, מיט זייערע יאָמטויוויום און אינדערוואָכנס. ס'איז ניט געווען די וואָך, אַז עטלעכע פורלעך, אָנגעפּאַקעוועטע מיט יִנגלעך און מיידלעך, זאָלן ניט קומען צוגעסט צו די שכיינים מיט אַ ספּעקטאַקל צי מיט אַ קאָנצערט, אָדער גלאַט אַזוי פאַרברענגען אַ נאַכט און ניט לאָזן שלאָפן דעם גאַנצן יִשעוו.

מער פאַר אַלץ בין איך געווען צוגעבונדן צום יִשעוו ראַטנדאָרף, מיט וועלכן ס'האָבן זיך געגרענעצט אונדזערע פעלדער, און צו דעם הויזגעזינד פון לייב ווילשאַנסקי. ס'האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז מײַנע און כאַציעס — לייב ווילשאַנסקיס יִנגערנס זון — ביאָגראַפיעס האָבן אויף אַ שטיקל צײַט זיך איבערגעפלאָכטן. און אונדזערע אַנקעטעס פאַר יענע יאָרן זײַנען געווען ענלעך איינע אויף דער אַנדערער, ווי אַ צווילינג.ביידע זײַנען מיר געווען אין אונדזערע יִשוּווים די סעקרעטאַרן פון די קאָמיוגישע קאַמערלעך, ביידע זײַנען מיר אין אַ יאָר אַרום געוואָרן פאָרזיצערס פון די דאָרפסראַטן, און ווען מיר האָבן אין אַגדזערע דערפער געשאַפן די ערשטע, ניט גרויסע קאָלווירטן, זײַנען מיר ביידע די ערשטע צײַט געווען אין זיי די פאָרזיצערס. אונטערגעשיידט האָבן מיר זיך איינער פונעם אַנדערן מיטן וווקס. כאַציע איז צו זײַנע צוואַנציק יאָר געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער באָכער מיט אַ ברומענדיקער שטים, אַן עמעסער מאַנספּאַרשוין, און איך... נאָר וואָס דאַרף איך ריידן אויף זיך לאָשנהאָרע? אַלנפאַלס, מיר האָט געפעלט אַ סאַך צו כאַציען, און עלטערע לײַט האָבן געקוקט אויף מיר אַ

ביסל מיט ביטל. דערפון עפּשער האָט זיך גענומען אויך דער כילעק אין אונדזערע כאַראַקטערס און דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרשיידן רעאַגירט אויף די אויסריידן, וועלכע האָבן ניט אויפגעהערט זיך שיטן אויף אונדז פון ראיאָן: פאַר ניט אויספילן צו דער צייַט די ברויט־פאַרגרייטונגען, פאַרן ניט צור שטעלן רעגולער די סוואָדקעס, פאַר דעם שלעכט אָרגאַניזירטן קאַמף מיט די סוסליקעס, פאַר דעם, וואָס די באָד אַרבעט ניט ווי סע געהער צו זייַן. מיך האָבן די דאָזיקע אויסריידן שטאַרק געקרענקט. כ'האָב טאָג און נאַכט אַרומגעיאָגט, געפּרוווט מיט מייַן היציקייַט און אומרויִקייַט פאַרשטעקן אַלע דורכרייַסן. אויף כאַציען האָבן די דאָזיקע אויסריידן קיין איבעריקן אייַנדרוק ניט געמאַכט. אין סאַמע רעכטן ברען פון די ברויט־פאַרגרייטונגען האָט ער געקענט פאַרמאַכן דעם דאָרפסראַט און אָפּשטיין א גאַנצן מעסלעס לעבן דער דרעשמאַשין, דערלאַנגען די סנאָפּעס אין באַראַבאַן.

דאַן האָט מען נאָך ניט געוווּסט פון אַזעלכע זאַכן, ווי טיילן זיך מיט דער דערפאַרונג, נאָר מיר פלעגן אָפּט פאָרן איינער צום אַנדערן צוקוקן, ווי יעדערער פון אונדז „פירט אָן מיט דער מעלוכע״, און דערגיין דעם סאָד, פאַרוואָס באַקומט זיך ניט בא איינעם דער קאַמף מיט די סוסליקעס און באַם צווייטן די אַרבעט מיט דער באָד. דערנאָך האָב איך נאָך אָפּטער אָנגעהויבן קומען קיין ראַטנדאָרף. געשען איז דאָס דאַן, ווען אין דער נייַ־אויסגעבויטער שול איז אָנגעקומען א יונגע לערערקע, נאָרוואָס פון ווי־ניצער פּעדטעכניקום אַרויסגעשפּרונגען. געווען איז דאָס א שטאַלטנע מייַדעלע מיט דינע, בלייכע ליפּעלעך, מיט א לאַנג שפּיציק נעזל און מיט גרויסע, גרויע אויגן. געווען איז זי פון יענע לערערקעס קאָמיוגיסטקעס, וואָס אַלץ איז זיי אָנגעגאַנגען, אַלץ איז געווען זייער זאַך. גאָר אינגיכן האָט אין ראַטנדאָרף געקענט די דאָזיקע „קאָכלעפל״ קליין און גרויס. ווער ס'האָט זי גערופן כאַווערטע לערערקע, ווער — כאַווערטע שאַפּראַנסקע, איך מיט כאַציען האָבן זי גערופן פאַשעט — סאָניע. מיר האָבןביידע געוואָרפן אָן אויג אויף איר, נאָר מיר זייַנען געווען ערנסטע יאַטן. מיר האָבן „אָנגעפירט מיט דער מעלוכע״, געווען פאַרנומען מיט וועלט־פּראָבלעמען, און ווען מיר האָבן פון צייַט צו צייַט באַגעגנט זיך אַלע דרייַ אייניינעם, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, געשמועסט נאָר פון די דאָזיקע מעלוכישע זאַכן: וועגן ברויט־פאַרגרייטונג, ליקווידירן דאָס אַמעראַצעס, וועגן צוגרייטן אַן אַנטירעליגיעזן אָוונט און קעדוימע.

דעריבער, ווען די „מילך״ האָט געבראַכט די נייַס, אַז סאָניע האָט כאַסענע פאַר כאַציען, צי פאַרקערט, כאַציע פאַר סאָניען...

אַך, יאָ, מע דאַרף דאָך פריִער פאַרטייַטשן, וואָס איז דאָס פאַר א מילך, וואָס ברענגט נייַסן.

אין יענער ווייַטער צייַט זייַנען נאָך קיין ראַיאָנישע צייַטונגען ניט געווען, קיין ראַדיאָ אין די דערפער אוואדע ניט און וועגן טעלעוויזיע איז דאָך ביכלאל ניטאָ וואָס צו ריידן. צענטראַלע צייַטונגען זייַנען דעמאָלט אויך געווען זייער ווייניק און פלעגן אָנקומען אין יישעוו מיט גרויס פאַר־שפּעטיקונג, אָפן דריטן אָדער אָפן פערטן טאָג. דאָס איינציקע, וואָס האָט אונדז פאַרבונדן מיט דער גרויסער וועלט און מיט די שכייניש דערפער און געשפייַזט אונדז מיט נייַסן, איז געווען די מילך. אין יעדעס דאָרף איז

געווען אן אופנעם־פונקט פון דער „מאַלאַטשארקע״. אזוי האָט מען גערופן דעם קעז־זאוואָד, וואָס איז געווען אן אונטערנעמונג פון דעם מילך־קאָאָפעראַטיוו. אפן אופנעם־פונקט איז אויך געווען א סעפּאראַטאָר, אף וועלכן יעדער באַלעבאָסטע האָט דורכגעלאָזט די מילך פאר זיך. צוויי מאָל אין טאָג, באגינען און אין אָוונט, זיינען אלע פרויען פונעם יישעוו זיך צונויפגעקומען אהער און איינעם מיט דער מילך מיטגעבראַכט און אויך אָפּגעטראָגן אהיים אלע דאָרפישע נייס, ווו די וואָר איז אָפטמאָל געווען היפּש פארפראַוועט מיט ווייבערשע פאַנטאַזיעס. יעדן גאנצפרי האָט א פורל אָפּגעפירט די בידאָנעס מיט מילך אפן ראַטנדאָרפער קעז־זאוואָד. דאָרטן איז שוין פאָרגעקומען דער נייס־אויסטויש מיט די פורלעך, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון אלע ארומיקע דערפער. אפילע אזעלכע צווישנפעלקערלעכע געשעענישן, ווי דעם אטענטאַט אף אונדזער אמבאסאַדאָר אין פוילן און וועגן דעם קאָנפליקט אף דער מיזרעך־כינעזישער איינזנבאַן, האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט דורך דער „מילך״.

איז אָט, ווען די „מילך״ האָט געבראַכט די נייס, אז סאָניע האָט כאַסענע פאר כאַציען, האָט עס מיך א ביסל פארדראָסן. ס׳איז ניט אינגאנצן כאַווערישע. מיר זיינען דאָך ארומגעגאנגען אינדריייען און געשמועסט גאָר וועגן ברויט־פארגרייטונגען און ליקווידירן דאָס אמעראַצעס. אויב זיי האָבן אָן מיר געשמועסט וועגן נאָך עפּעס, וואָס זשע האָבן זיי עס באַדאַרפט האַלטן בעסאָד? ס׳איז מיר געוואָרן ביז גאָר אומעטיק דערפון, וואָס אונדזער דריילינג צעפאַלט זיך. זיי בלייבן אינצווייען, און איך — איינער אליין. און כאָטש מיר זיינען געווען ערנסטע יאַטן און „אָנגעפירט מיט דער מעלוכע״, האָב איך ניט געקאָנט וואַרטן ביז מאָרגן גאַנצפרי און צופאָרן אהין מיט דער „מילך״, נאָר כ׳בין גלייך אוועק צו דער באַלקע, און מיטן סטעפּ, אָן שום וועג, אוועקגעשפּאנט קיין ראַטנדאָרף.

איך געדענק שוין ניט, וואָס האָב איך זיי געזאָגט און וואָס האָבן זיי מיר געזאָגט. אין אָוונט בין איך זיך דורכגעגאנגען מיט סאָניען. איך האָב דאָך געהאַט רעכט אף איין שפּאַציר אינצווייען. מיר האָבן אָפּגעשוויגן מיט איר א גוטע פאָר שאָ. ניט געקענט אפילע א שמועס טאָן וועגן גאַנג פון ליקווידירן דאָס אמעראַצעס. אזוי שווייגנדיק זיך געזעגנט, און כ׳בין אוועק צו כאַציען נעכטיקן. מיר זיינען אָפּגעלעגן די נאַכט אף א קאָפּיציע פרישער שטרוי און ניט אופגעהערט צו טרוימען. אין א וואָך ארום האָבן מיר ביידע זיך געדאַרפט שטעלן צום פריזיוו, און אלע אונדזערע טרוימען זיינען געווען פארבונדן מיט דער ארמיי.

ביידע זיינען מיר אין איין טאָג אוועק אפן פריזיוו־פונקט. אים האָט מען צוגענומען, און מיך... איך, וואָלט מען איצט געזאָגט, בין ניט דורך לויטן קאָנקורס. מע האָט מיך פארבראַקעוועט. איך האָב זיך צופיל געהיצט אף פארזאַמלונגען וועגן קאָלעקטיוויזאַציע און ברויט־פארגרייטונגען, צו שטאַרק רעאַגירט אף די אויסריידן און צו מיינע צוויי און צוואַנציק יאָר געהאַט א פיינעם האַרץ־נעוורויז.

פון יענעם טאָג האָבן מיר פארשיידן אָנגעהויבן פארפילן אונדזערע אַנעקטעס. ער איז אינגיכן געוואָרן א קאָמאַנדיר, איך — א רעדאַקטאָר פון א ראַיאָנישער צייטונג.

כאַציע איז אוועק אין דער אַרמיי, סאָניע איז יענעם האַרבסט אויך אָפּגעפּאָרן אין אַן אַנדער אָרט, נאָר קיין ראַטנדאָרף האָב איך ניט אופגעהערט גיין און פֿאָרן, איך און אויך אַנדערע מיטאַרבעטער פֿון רעדאַקציע. צווישן פֿיל אַנדערע געשיכטעס און ביאָגראַפֿיעס, וואָס האָבן אונדז אינטערעסירט, געשיכטעס, וואָס האָבן געוויזן דעם סאָציאַלן ווידערגעבורט פֿון די ייִדישע מאַסן, האָט אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנומען לייב ווילשאַנסקיס דערציילונג וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט אַמאָל פֿאַרקויפֿט גאַז־לעמפּ, וויאַזוי ער האָט אוועקגעשיקט די זין איבער דער וועלט זוכן גליק. און וויאַזוי די רעוואָליוציע איז זיי נאָכגעגאַנגען אַף אַלע וועגן.

וואָס די רעוואָליוציע האָט געמאַכט פֿון זײַנע זין, האָבן מיר דערציילט, ווען אַף אורלויב איז געקומען צו לייבען זײַן עלטסטער זון וועלוול, אַ קאַפּיטאַן פֿון אַ שיף איבעם צאָפּנדיקן פּלאָט. אין יענער צײַט איז אַפֿילע אַ פּאָשעטער מאַטראָס געווען אַ ווּנדער, ביפּראַט נאָך אַ קאַפּיטאַן. און פֿון אַלע ייִשוּווים איז מען געגאַנגען און געפֿאָרן אים אָנקוקן. די „מילך" האָט פֿאַנאַנדערגעפּירט און נאָך מער צעבלאָזן די נײַס וועגן דעם קאַפּיטאַן, וואָס איז אַראָפּגעקומען קיין ראַטנדאָרף. אונדזער צײַטונג האָט אויך געהאַט וואָס צו דערציילן: וויאַזוי וועלוול איז אוועק אין אָדעסער פּאָרט, געוואָרן אַ טרעגער, אַ קאָטשעגאַר, מיט איין וואָרט, אַ מאַטראָס. און אויב ער האָט ווייניק געלייגט אַכט אַף דעם ערשטן טייל פֿונעם טאַטנס ווינטשעוואַניעס, אַף דעם, אַז „גאָט וועט העלפֿן", דערפֿאַר האָט ער אָבער פּעסט אויסגעפּילט דעם צווייטן טייל — ניט געזשאַלעוועט די פּלייצעס.

דער קאַפּיטאַן וולאַדימיר ווילשאַנסקי איז געווען פֿאַר אונדזער צײַטונג אַ געפֿינס אַף ניט אָפּצושאַצן. מיר האָבן אים עקספּלואַטירט מערער, ווי מע האָט זיך עס געמעגט דערלויבן. מיר האָבן געהיט זײַן אַדרעס און צו יעדן יאָמטעוו באַשטעלט בא אים אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט געדאַרפֿט באַשײַנען אונדזער צײַטונג. דער אַלטער לייב פֿלעגט דערנאָך וואָכנווײַז זיך אַרומטראָגן מיט דער צײַטונג, צוגעצויגן מיט איר אַלץ נײַע צוהערער, וואָס זאָלן אָפּזיצן מיט אים אַן איבעריקע שאָ אַף זײַן נאַכט־וואַכטע.

ער, לייב אַליין, איז פֿאַר אונדז אויך געווען אַ געפֿינס, כאָטש פֿאַר מיר גופֿע איז ער געווען אַ שטיקל רעטעניש. איך האָב ניט געקענט פֿאַרשטיין, ווי פּאָרט זיך בא אים זײַן פֿרומקײַט מיט זײַן הייסער פֿאַרליבטקײַט אין זײַנע זין, די קאָמוניסטן — אַפּיקאָרסים. פּונקט אַזוי איז ער געווען פֿאַרליבט אין דער רעוואָליוציע, וואָס האָט געמאַכט זײַנע קינדער פֿאַר לײַטן. ער איז געווען נאָר אַ ביסל באַרויגעז אַף איר, לעמײַ זי איז געקומען אַזוי שפּעט. געווען אַ יאָווע טאָן זיך כאָטש אַף אַ דרײַסיק יאָר פֿריִער.

אין ראַטנדאָרף איז שוין געווען אַ טראַדיציע: אַלע יאָר, ווען מע האָט אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן די מעלוכע־האַלוואָע, האָט דער ערשטער געצייכנט דאָס צעטל לייב ווילשאַנסקי. ער פֿלעגט זיך אָנטאָן, ווי אַף אַ פּאַראַד, אין שטיוול און הויזן פֿון אַ פּעכאָטינעץ — אַ מאַטאָנע פֿון כאַציען, אין אַ רעקל פֿון אַ שיפֿס־קאַפּיטאַן — אַ מאַטאָנע פֿון וועלוולען, און אוועקשפּאַנען אין דאָרפֿראַט. ער האָט געוווּסט, אַז זײַן באָרד און זײַן יאַרמלקע האָבן אין אַזאַ פֿאַל אויך אַ שטיקל ווערט, האָט ער זיי צוגעפּוצט מיט אַ באַזונדערער פֿלײַסיקײַט.

אין אזעלכע טעג איז אין דאָרפראט שטענדיק געווען טומלדיק. לייב פלעגט דורכשפאנען פארבײַ דעם אופגערודערטן אוילעם, צוקומען צום טיש, און א גלעט געבנדיק זײַן לאנגע ווײַסע באָרד, אוועקלייגן אפן טיש פינף הונדערט רובל. דאָס איז געווען זײַן שטענדיקער גאָב. די קורצע רעדע זײַנע, וואָס ער האָט ארויסגעזונגען מיט א נוסעך, ווי מע לייענט די מעגילע, איז אויך געווען א טייל פון די ראטנדאָרפער טראדיציעס.

— דאָס גיב איך, אז אונדזער לאנד זאָל ווערן פון יאָר צו יאָר מעכטיקער און שטארקער, אז דער סוינע זאָל קיינמאָל ניט אריבערטרעטן אונדזער שוועל. — און פארענדיקט מיט א באזונדערער פײַערלעכקײַט. — איך גלייב, אז מײַנע זין היטן פעסט די גרענעצן!

וואָס א יאָר, האָט אלץ שטארקער זיך געלאָזט פילן די געפאר פון א נײַער מילכאָמע, און דעם אלטן לייבס ווערטער האָבן וואָס א יאָר געקלונגען אלץ שטארקער און באדײַטונגספולער.

און זי איז געקומען, די שרעקלעכע מילכאָמע...

...ס'האָבן געדארפט אדורך א וועלט מיט יאָרן, אז די צײַט זאָל מיך ווידער צונויפירן מיט מײַנע יוגנט־פרײַנט: מיט כאציען און סאָניען...

אונדזער באגעגעניש איז פאָרגעקומען אין א קאלטער ווינטער־נאכט, אין א נײַ הויז אף איינעם פון די מאָסקווער רוישיקע פראָספעקטן. מיר האָבן זיך אײַנגעקוקט איינער אין דעם אנדערן און געזוכט איינער באם צווייטן כאָטשבי א פאָר מינדסטע שפורן פון דעם, וואָס איז אף אייביק אוועק. און א געמיש פון פרייד און טרויער באהערשט אונדז. סאָניע... ניטאָ שוין יענע ליכטיקע גרויקײַט אין אירע אויגן. דערפאר זײַנען אָבער די האָר — איין זילבערנער אויסשיט. כאציע, וואָס הייסט איצט יעווגעני לוואָוויטש, זעט גראָד אויס נישקאָשע, אף אלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן. א גוואר, ווי עס פאסט פאר א פאָלקאָווניק. מע מוז טאקע פארמאָגן א ברייטע ברוסט אף האָבן ווו אופצוהענגען אלע אָרדענס און מעדאלן.

קומט, פארשטייט זיך, א לעכאַים. איך מאך אים מיט אלע פאָרזיכטיקײַטן, ווי א קראנק הארץ פאָדערט. ער — גאנץ בעהארכאָוועדיק, ווי א געזונטער פאָלקאָווניק קאָן. מיר זײַנען ביידע בעגילופנדיק, נאָר מיר בלײַבן ערנסט. מיר זײַנען דאָך אמאָל געווען ערנסטע יאטן, און אונדז ווילט זיך דוכטן, אז מיר זײַנען אלץ אזעלכע, ווי אין יענער לעצטער נאכט, ערעוו דעם פריזיוו, ווען מיר זײַנען געלעגן אף דער קאָפיצע שטרוי און געטרוימט. איצט האָט די צײַט אונדז ווידער געשענקט א נאכט פון זײַן אינײַנעם, און מע דארף באווײַזן זיך אזויפיל דערמאָנען. נעמען מיר דורכבלעטערן אונדזער לעבן.

די מילכאָמע האָט כאציע באגעגנט אף דער סאמע מײַרעוודיקער גרענעץ אלס קאָמאנדיר פון אן ארטילערישן פאָלק, פארענדיקט האָט ער זי נאָך פיל בלוטיקע שלאכטן אין בערלין.

כוץ פארשיידענע באפעלן און כאראקטעריסטיקעס, געפין איך אין כאציעס פאפקע, וועלכע איך האלט אין בלעטערן, דאָקומענטן, וואָס וועלן נאָך לאנג זײַן פאמיליען־רעליקוויעס. אָט, אשטייגער: א צײַגעניש פון די צוואנציקער יאָרן, ווען ער איז געוואָרן א מיטגליד פון ק.ג.ס. (איצט דארף מען שוין פארטײַטשן, אז דאָס הייסט — קאָמיטעט פון אָרעמפויערים), א

צײַגעניש, אַז ער איז אויסגעקליבן אַלס מיטגליד פֿון ראַיאָנישן ראַט פֿון די אַרבעטער־ און פּויערים־דעפּוטאַטן (שוין אויך אַ לאַנג פֿאַרגעסענע טערמינאָלאָגיע), אויסשניטן פֿון אונדזער ראַיאָנער צײַטונג וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו זייער פֿאַמיליע. די אַלע נאָטיצן האָב איך אַליין רעדאַגירט, פּונקט ווי פֿיל אַנדערע טויזנטער נאָטיצן. איצט האָב איך זיי ניט געקענט רויִק לייענען. אײַך, ליבער לייענער, איז מיסטאָמע באַקאַנט דער רעגנדיקער רייעך פֿון פֿאַרטריקנטע בלומען, וואָס איר האָט פֿאַרוקט אין עפּעס אַ בוך און אים אַ מיש געטאָן אין פֿיל יאָרן אַרום. יעדער נאָטיץ האָט געטראָגן אין זיך אָן אַ שיר רייכעס פֿון יענע ווײַטע אומפֿאַרגעסלעכע יאָרן. כ׳האָב ווידער איבערגעלייענט דעם אַלטן לייבס דערציילונגען, וואָס אַזוי ער האָט אַמאָל פֿאַרקויפֿט גאַז־לעמפּ; די נאָטיצן, וואָס עס האָט אונדז צוגעשיקט דער שיפֿס־קאַפּיטאַן וולאַדימיר ווילשאַנסקי, און עס איצט אויפֿגענומען גאָר אַף אַן אַנדער אויפֿן, גאָר אַנדערש, ווי דאַן, ווען איך האָב דאָס רעדאַגירט און פֿאַרוואָרסטעוועט אין צײַטונג. ניט אַלץ האָבן מיר דאַן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

אָט זיץ איך און לייען אַ נאָטיץ פֿון כאַציעס עלטערן ברודער, פֿון וולאַדימיר ווילשאַנסקין, וואָס הייסט „אַ בריוו צו מײַנע לאַנדסלײַט״, וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין אונדזער ראַיאָנער צײַטונג. וולאַדימיר ווילשאַנסקי דערציילט אין אָט דעם בריוו, וויאַזוי ער האָט נאָך אַ יִנגעלע פֿאַרלאָזט דעם טאַטנס הויז, אַוועק זוכן ווו פֿאַרדינען אַ שטיקל ברויט און אַף אַ סאַך יאָרן אָנגעוווירן דעם געפֿיל פֿון היים, ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס הייסט לאַנדסלײַט. איצט איז ער גליקלעך, וואָס ער קאָן די קאָלווירטניקעס פֿון ראַטנדאָרף, ווי אויך אַלעמען אין ראַטנפֿאַרבאַנד אָנרופֿן לאַנדסלײַט און באַגריסן זיי מיטן גרויסן יאָמטעוו פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

— און ווו זשע איז ער איצט, וולאַדימיר? ער לעבט?

— ער לעבט. אָט באַלד וועל איך דיר אים ווײַזן. נאָר פֿריִער וועל איך דיר דערציילן וועגן לייטענאַנט אודאָדאָוו.

— וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט ער צו וולאַדימירן?

— ער האָט אַ שײַכעס צו אונדז ביידן.

דער לייטענאַנט אודאָדאָוו איז געווען אַ קאָמאַנדיר פֿון אַ באַטאַרייע אין כאַציעס פּאָלק אין די ערשטע טעג פֿון דער מילכאָמע. אין אײנער פֿון די שלאַכטן האָט מען אים שטאַרק פֿאַרוווּנדעט און מע האָט אים אָפּגעשיקט אין אַ שפּיטאָל אין טיפֿן הינטערלאַנד, ווו ער איז אָפּגעלעגן אַריבער אַ האַלב יאָר. ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער געטראָפֿן קיין סעוואַסטאָפּאָל אין דער בריגאַדע פֿון ברעג־אַרטילעריע, מיט וועלכער ס׳האָט קאָמאַנדעוועט דער קאָמבריג וולאַדימיר ווילשאַנסקי.

האָט דער קאָמבריג באַמערקט, אַז דער לייטענאַנט איז עפּעס געווען שטאַרק אויפֿגערעגט, ווען ער איז געקומען צו אים פֿאָרשטעלן זיך.

— איר זײַט נאָך ניט אינגאַנצן געזונט? — האָט ער בײַ אים געפֿרעגט.

— פּולקאָם געזונט, כאָווער קאָמבריג, אָבער... אַנטשולדיקט, איך האָב געהערט, מע רופֿט אײַך וולאַדימיר לוואָוויטש און אײַער פֿאַמיליע איז ווילשאַנסקי. און די מילכאָמע האָב איך אָנגעהויבן אין פּאָלק, מיט וועלכן ס׳האָט קאָמאַנדעוועט דער מאַיאָר ווילשאַנסקי, יעווגעני לוואָוויטש.

— מײַן לײַבלעכער ברודער! איר געדענקט דעם נומער פון זײַן פעלד־פּאָטשט?

— און איצט, — האָט זיך אָנגערופן כאַציע, — וועל איך דיר ווײַזן ווּלאדימירן. — געמיינט האָט ער דערמיט דאָס ארטיקל אין א זשורנאַל, געווידמעט אייניקע מאָמענטן אינעם באשיצן סעוואסטאָפּאָל. דער אווטאָר פונעם ארטיקל איז קאנדידאט פון מיליטערישע וויסנשאפטן גענעראל־מאיאָר וולאדימיר ווילשאנסקי. אין ארטיקל ווערט גענוי באשריבן די העלדנטאטן פון דער באטארייע, מיט וועלכער ס'האָט קאָמאנדעוועט דער לייטענאנט א. ס. אודאַדאָוו.

אויב אזוי, קאָן איך שוין זאָגן, אז אין יענער ווינטער־נאכט האָב איך זיך באגעגנט מיט ביידע מײַנע באקאנטע ווילשאנסקיס, מיט כאציען און וועלוולען.

— נו, און פריידל?

— פרידע? — פרעגט איבער כאציע, — איך קען זי דיר אויך באלד ווײַזן, ס'הייסט איר ארטיקל, געווידמעט דער ראָל פון די מיקראָבן אינעם לעבן פון מענטשן. זי וווינט אויך אין מאָסקווע און איז א קאנדידאט פון מעדיצינישע וויסנשאפטן.

מיט דעם, אייגנטלעך, פארענדיקט זיך דאָס צעטל פון מײַנע באקאנטע פון ווילשאנסקיס הויזגעזינד. נאָר איך מוז איצט שוין אופשרײַבן אלע.

— לייזער איז א דרוקער געווען, — נעמט כאציע אויסרעכענען. — אומגעקומען אפן פראָנט. דאָוויד און כאַים זײַנען זייגערמאכערס. און נאָך־כעם — אָן ארכיטעקטאָר. וועסט גיין איבער מאָסקווע, וועסטו זען א סאך נײַע הײַזער. האָט נאָכעם אין זיי א כיילעק.

אוי, ווי איך וואָלט איצט געוואָלט זען דעם אלטן לייבן צווישן זײַנע זין, טעכטער און אייניקלעך, און נאָכאמאָל הערן, ווי ער דערציילט זיי אלעמען זײַנע מײַסעלעך. נאָר וועגן דעם טאטן זייערן האָב איך מוירע צו פרעגן. איך האָב מוירע צו הערן א שלעכטע בסורע.

עס ווילט זיך ניט פארענדיקן מיט טרויעריקס, נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אז אין אונדזערע ביאָגראפיעס, אין אונדזער לעבן איז געווען אזוי פיל טרויעריקס. פארגעסן קאָן מען עס ניט. און עס ווילט זיך ניט פארגעסן. לייבס זין און טעכטער ווייסן וועגן דעם. און די אייניקלעך מוז מען עס דערציילן. זיי מוזן וויסן, ווער זייערע זיידעס זײַנען געווען און וואָס זייערע טאטעס האָבן אופגעטאָן.

דאָך וועל איך פארענדיקן די דאָזיקע באשרײַבונג, אָבער דערמיט, וויאזוי סאָניע, וואָס איז פון לאנג שוין א באָבע, איז אין כאציעס אָנוועזנ־הײַט צוגעשטאנען צו מיר, איך זאָל איר זאָגן, פארוואָס האָב איך דעמלט בײַס אונדזער לעצטן שפּאציר אָפּגעשוויגן א גאנצן אָוונט. וואָס האָב איך איר דאַן געוואָלט זאָגן, און פארוואָס האָב איך עס איר ניט געזאָגט. נו, ווי קאָן איך איצט וויסן, וואָס האָב איך דאַן געוואָלט זאָגן, אז אפילע דאַן האָב איך עס אויך ניט געוווּסט...

# א באַגעגעניש אין דער טײַגע



לץ איז געווען נײַ און אומגעוויינלעך. אַלץ האָט איבעראַשט און אַנציקט: די מעכטיקע צעדער־ביימער מיט צווײַגן, ווי אויסגעשטרעקטע הענט, די דורעסדיקע דעמבן, ווי אַנגעכמורעטע ריזן, און די הויכע סאָסנעס, וואָס האָבן אויסגענומען גראַד מיט זייער באַשיידנקייט און בענימעסדיקן שטאָלץ.

א בלענדנדיקע זון האָט אַרומגעטאַנצט אין די טונקעלע געדיכטענישן, איבערגעשפרונגען פון איין שפּיץ בוים אויף א צווייטן, און געדוכט האָט זיך, אַז עמעצער יאָגט איבערן וואַלד מיט א ברענענדיקן שטורקאַץ, און באַלד וועט אַלץ אַרום זיך אָנצינדן און עס וועט אויפלאַקערן א סרייפע, וואָס די וועלט האָט ניט געזען... און דאָס האָט די טײַגע געהאַלטן צום סאָף, גלײַך זי האָט געוואָלט א בארים טאָן זיך פאַרן אוילעם: האָט איר ערגעץ געזען אַזוינס, ווי דאָ, אַרום בײַקאַל?

ס'האָט א גאָס געטאָן א רעגן, ער איז דורכגעלאָפן, אָפּגערוישט, ווי א בינען־כאַליאַסטרע, נאָרוואָס פון בינשטאָק אַרויס, און פאַרשוווּנדן. און גלײַך נאָך דעם — א רעגנבויגן. אים איז ענג געוואָרן אויפן הימל־ראַנד, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט און צוגעלייגט א ווײַלע, צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די ביימער, אויסגעצויגן זיך איבער דער ערד און אײַנגעטונקען די פיס אין עם טײַך, וואָס דערבײַ, איבערגעפאַרבט אַלץ אַרום מיט זײַנע אויסטערלישע פאַרבן. די פאַרבן האָבן זיך אַלץ געמינעט, גלײַך עמעצער האָט זיי געהאַלטן אין איין איבערמישן, פרווונדיק, וועלכע פאַרב וועט בעסער צופּאַסן, העלער א שײַן טאָן אין אָט דעם וווּנדערבאַרן קאַנט...

דער צוג איז געגאַנגען לאַנגזאַם, עטוואָס פאַרזיכטיק, גלײַך ער האָט מיט אַלע קויכעס זיך דורכגעשלאָגן איבער די נאָך ניט אײַנגעפאָרענע וועגן, אויסגעבויגן זיך אַרום טײַך אין א האַלבקרײַז, ווי דער רעגנבויגן. די פּאַסאַזשירן זײַנען אַלע, ווי איינער, געשטאַנען פאַרגאַפטע בא די אָפּענע פענצטער, אַלץ געקוקט און ניט געקאָנט אָנקוקן זיך צו זאַט.

און מיטאַמאָל איז אַלץ פאַרשווונדן: דער רעגנבויגן, די אויסטערלישע פאַרבן־שפּיל און דער טײַך אַליין, דער צוג האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין א פאַרנאַכטיקער טונקלקײַט און זיך אָפּגעשטעלט. ס'האָט אַלעמען אָנגענומען א פאַרדראָס, גלײַך מע האָט אינמיטנדרינען איבערגעריסן א פּרעכטיק שיינעם פילם. דער פאַרדראָס איז געווען נאָך גרעסער, ווען מע האָט דערזען דאָס קליינינקע סטאַנציעלע, אַזאַ וואָכעדיקס און פאַרשטויבטס, וואָס איז ווער ווייסט פונוואַנען דאָ אויסגעוואַקסן און איבערגעריסן דעם אויסערגעוויינלעכן יאָמטעוו. ס'האָט אויסגעזען, אַז באַוויזן האָט זיך דאָס סטאַנציעלע ערשט נעכטן צי אייערנעכטן און האָט נאָך ניט באַוויזן אַפילע צוטראַכטן פאַר זיך א נאָמען. דאָס קליינע וואָקזאַלטשיקל איז געווען אויסגעמאָסטעט פון פרישע קלעצער, פון וועלכע ס'האָבן אַלץ געטריפט געדיכטע

גלאַנציקע טראַפּנס, אָנפּילנדיק דעם ארום מיט שאַרפע רייכעס פון דזשעגעכץ און סמאָלע.

ערגעץ דאָרטן, פון יענער זײַט טײַגע, האָט זיך געצויגן פּונקט אַזאַ אומענדלעכער סטעפּ, מעגלעך, אַז דאָרטן איז שוין אופגעקומען א האַסטיק לעבן און ס׳איז געגאַנגען און אָנגעשטרענגטע ארבעט פון טויזנטער מענטשן. מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן אין דעם, קוקנדיק אף די זאַמדיקע וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן אַהער פון אומבאַוווּסטע ווײַטן, אף די וואָלקנס שטויב, וועלכע זײַנען געהאַנגען איבער די וועגן, אף די מאַשינעס און וועגענער, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דאָרט אָן אופהער צו דער נאָרוואָס אופגעקומענער סטאַנציע.

דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן מערער, ווי געוויינלעך, אַלנפאַלס מערער, ווי אַזאַ סטאַנציעלע פאַרדינט, וואַרטנדיק, אפּאָנעם, אף אַן אַנטקעגנגייענדיקן צוג. די פּאַסאַזשירן זײַנען איינער נאָכן אַנדערן ארויס פון די וואַגאָנעס. צוויי אַלטע בוריאַטקעס מיט פאַרזשמורעטע אויגן האָבן ארומגעטראָגן צעדער־ניסלעך אין פּאַפּירענע שקאַרמיצלעך. ערגעץ אין א זײַט, אונטער אַן אַלטן דעמב, האָט א יונג מיידל פאַרקויפט ניט קיין איבעריק קאַלטן מאָרס. צו איר האָט זיך אויסגעשטעלט א ריי, די ריי איז געוואַקסן, געוואָרן אַלץ לענגער.

— ווידער מאָרס, — האָט זיך אָנגערופן איינער, ניט קיין הויכער, פולבלעכער פאַרשוין, מיט א קײַלעכיק פאַרברוינט פּאָנעם און מיט א געדיכטן, עטוואָס צעפּאַטלטן און שוין היפּש גראָווון קאָפּ האָר.

הינטער אים, אין דער ריי, איז געשטאַנען איינער א הויכער, א דאַרלעכער, מיט העלע אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמען. דער מענטש איז גראָד געווען פײַן צוגעקעמט, די האָר אפילע א ביסל צוגענעצט.

דער הויכער מאַנצבל האָט א ציטער געטאָן, א פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די האָר און אָנגעהויבן ארומקוקן זיך, ווי געוואָלט פעסטשטעלן: צי האָט ער טאַקע אָקאָרשט דערהערט עפּעס אַזוינס אויסערגעוויינלעכס, צי ס׳האָט זיך אים פּאָשעט אויסגעוויזן? קעדיי אופקלערן די רעטעניש, האָט ער זיך אָנגערופן צו זיך אַליין:

— עך, א גלעזעלע סעלצער־וואַסער מיט סיראָפּ, אָט אַזאַ ווי אין אָדעס...

דער פּולבלעכער, וואָס האָט שוין געהאַלטן די גלאָז מאָרס אין האַנט, האָט ראַשיק, מיט א קלאַפּ, זי אוועקגעשטעלט צוריק אפן טישל און זיך א קערעווע געטאָן צוערשט מיטן פּאָנעם, דערנאָך מיטן גאַנצן קערפּער אף צוריק. א ווײַלע זײַנען זיי ביידע געשטאַנען דערשטוינט.

— יאָשקע! — האָט אויסגעשריגן דער פולבלעכער.

— יאָשקע! — האָט פּונקט אַזאַ פאַרכידעשטער אויסגערופן דער דאַרלעכער.

— בלעכערמאַן! — האָט נאָך העכער אויסגערופן דער ערשטער, און זײַן קאָל האָט א דונער געטאָן, ווי פון א טרומייט.

— בלעכערמאַן! — האָט נאָכגעשריגן דער צווייטער.

די באַגעגעניש פון צוויי פאַרשוינען, וואָס ביידע הייסן יאָשקע און ביידנס פאַמיליע איז בלעכערמאַן, איז אַלעמען געוואָרן ציקאַווע.

— עך, דו... רויטער... — האָט זיך אָנגערופֿן דער פּולבלעכער, און דער שמייכל אַף זײַן קײַלעכיק פּאָנעם איז געוואַקסן.

— דו, בעגעמאָט! — האָט געענטפֿערט דער דאַרלעכער און זיך גלײַך פּאַרכאַפּט, געצווייפֿלט, אַפּאָנעם, צי מעג ער גלײַך, אָט אַזוי מיטאַמאָל, אופֿשטעלן זייער אַמאָליקע נאָענטקײַט.

און גלײַך נאָך דעם... ער האָט פּריילעך א וווּנק געטאָן, געמאַכט א טראָט אַף צוריק, א צי געטאָן זיך פֿאָרויס און דערלאַנגט דעם פּולבלעכן מיט ביידע הענט — פּריִער אין דער רעכטער באַק, דערנאָך אין דער לינ־קער:

— פּיטש־פּאַטש!

יענער איז גלײַך אָפּגעטראָטן, דערנאָך זיך א צי געטאָן אַף די שפּיץ פֿינגער און אָפּגעענטפֿערט מיט דעם זעלבן גאַנג:

— פּיטש־פּאַטש, פּיטש־פּאַטש!

דער אוילעם האָט פֿאַרגעסן אײַנעם מאָרס און אַרומגערינגלט די צוויי מאָדנע פּאַרשוינען. עמעצער האָט שוין אָנגעהויבן זוכן א מיליציאָנער.

— רויִק, כאַוויירים, — האָט זיך אָנגערופֿן דער דאַרלעכער, רײַבנדיק מיטן טיכל די אופֿגעפּלאַמטע באַק. — קיין מיליציע דאַרף מען ניט... פּאָ־שעט, אין דרײַסיק יאָר אַרום האָבן זיך באַגעגנט צוויי אַלטע פֿרײַנט, צוויי געוועזענע שטיוול־פּוצער פֿון אָדעס... האָבן מיר זיך דערמאָנט...

און דאָס מאָל — פּריִער אין דער לופֿט, און דערנאָך שוין לײַכטער, נאָכאַמאָל איבער די באַקן, קעדיי ווײַזן דעם אוילעם, וויאַזוי ס׳האָבן אַמאָל אָרודעוועט מיט די בערשטלעך צוויי יונגע שטיוול־פּוצער...

— אידיאָט, — האָט א שפּאַס געטאָן דער פּולבלעכער, — דערציייל בע־סער, ווי קומסטו אהער צו מיר אין דער טײַגע?

— ווען האָסטו באַוויזן צו פּאַרכאַפּן די גאַנצע טײַגע, באַלעגוף?

— שאַ, איך קאָן דיר אָפּטרעטן א טייל.

ווי אַמאָל אין דער יוגנט, האָבן זיי זיך אַרומגענומען פֿאַר די פּליי־צעס, האָסטיק זיך אַרויסגעריסן פֿונעם קרײַז נײַגעריקע און אַוועקגע־שפּאַנט, געזוכט מיט די אויגן א שטיל ערטעלע, ווו מע קאָן זיך צוזעצן א שמועס טאָן. געפֿונען עטלעכע קלעצער און זיך צוגעזעצט.

— יאָ, — האָט א זיפֿץ געטאָן דער דאַרלעכער, — א באַגעגעניש...

און ווי ס׳טרעפֿט אין אַזאַ פֿאַל, האָבן ביידע פֿאַרגעסן אַלע ווערטער אין דער וועלט, געזעסן, טרוימעריש געשמייכלט, אײַנגעקוקט זיך איינער אין דעם צווייטן און נאָך אַלץ ניט געגלייבט אין דער באַגעגעניש. אַלעמאָל האָט אן אַנדערער געכאַפּט א בליק אַף דער טײַגע צי גלאַט אַזוי אין דער אומבאַשטימטער ווײַט, אין דער ווײַט פֿון לאַנג פֿאַרשוווּנדענע צײַטן, פֿון דער לאַנג פֿאַרפֿלויגענער יוגנט, געצויגן פֿון דאָרטן, ווי פֿון א טיפֿן ברונעם, אַלץ נײַע און נײַע דערינערונגען.

— געדענקסט? — האָט זיך אָנגערופֿן דער פּולבלעכער.

— אַזוינס פֿאַרגעסט זיך ניט...

— און מיר דוכט זיך אָפּט, א כאָלעם אַזאַ געווען...

אין אָדעס, אין אָדעס,
אַף דער מאָלדאַוואַנקע...

דאָס האָט שטיל אַ יונג געטאָן דער דאַרלעכער, ווי וועלנדיק דערווײַזן, אַז דאָס איז געווען ניט קיין כאַלעם, אַז אַלץ איז געווען אינדערעמעסן.

אין אָדעס אויף דער מאַלדאַוואַנקע האָבן מיט יאָרן צוריק געלעבט צוויי יונגע כעוורע, צוויי שטיוול־פּוצער. ביידע האָט מען גערופן יאַשקע, און ביידנס פאַמיליע איז געווען בלעכערמאַן. פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען? קיינער האָט ניט געוווסט, און ס'איז קיינעם ניט אָנגעגאַנגען. געווען דאָן אַ סאַך היימלאָזע אויף די אָדעסער גאַסן, און צוויי כעוורע שטיוול־פּוצער האָבן קיין איבעריקן נײַגער ניט אַרויסגערופן. יאַשקע? זאָל זײַן יאַשקע! בלעכערמאַן? זאָל זײַן בלעכערמאַן! עפּשער שוועסטערקינדער, עפּשער קרויווים און עפּשער גלאַט אַזוי. איבערגענעכטיקט אין אַ מיסטקאַסטן און געוואָרן לײַבלעכע פרײַנט. דאַן זײַנען זיי געווען ענלעך איינער אויפן צווייטן, ווי אַ צווילינג, ביידע אָפּגעריסן, פאַרקויטיקט, ביידע מיט לאַנגע, קיינמאָל ניט געקעמטע פּאַטלעס. די פּענעמער האָבן שטענדיק בא ביידן געגלאַנצט, גלײַך זיי האָבן אַלע אינדערפרי זיי געפּוצט מיט וואַקס.

אַרויסגעראַטעוועט פון עפּעס אַ מילכאָמע־סרייפע צי פון אַ פּאָגראָם, האָט עס זיי אַרומגעטראָגן, אַרומגעשלײַדערט איבער שטעט און שטעטלעך, איבער צוגן און וואָקזאַלן, ביז זיי האָבן זיך איינמאָל באַגעגנט אין אָדעס. מעגלעך, אַז איינער פון זיי איז טאַקע געווען יאַשקע און איינער פון זיי — בלעכערמאַן. זיי האָבן זיך צונויפגעשפּאַנט אין איין נאָמען און פאַמיליענאָמען, זיי זאָלן זיך פילן מערער קרויוויש, פילן זיך אַ ביסל געמיטלעכער אין אָט דער גרויסער, אומהיימלעכער וועלט...

קימאַט אַלע אויף דער מאַלדאַוואַנקע האָבן געקענט די צוויי שטיוול־פּוצער. איז געווען וואָס צו פּוצן, האָבן זיי געפּוצט, איז געווען וואָס צו עסן, האָבן זיי געגעסן, און אַז ניט, האָבן זיי געשפּילט אין פּעטשערלעך מיט די בערשטלעך איבער די פּענעמער. פאַר איין זאַך האָבן זיי מוירע געהאַט — פאַר דער מיליציע — טאָמער כאַפּט מען זיי און מע פירט זיי אוועק אין אַ קינדערהיים!

און איינמאָל, ווען פּוצן איז גראָד ניט געווען וואָס און זיי זײַנען ביז גאָר געווען פאַרכאַפּט מיט זייער שפּיל, האָבן זיי דערזען אַ מיליציאָנער שוין צו נאָענט. מעגלעך, אַז ער האָט געמיינט גאָר ניט זיי, זיי זײַנען דאָך אָבער פאַרט געווען היימלאָזע. ביידע האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר — די קעסטלעך, די בערשטלעך...

זיי האָבן אַלץ געקוקט איינער אויפן אַנדערן און ערשט איצט באַמערקט, אַז זיי זײַנען גאָר ניט אַזוי ענלעך איינער אויפן צווייטן, ווי ס'האָט זיך זיי אַמאָל געדוכט. איינער איז טאַקע געבליבן אַ שוואַרצער, כאָטש מיט היפּשע סימאָנים פון גראָוקײַט, און דער אַנדערער איז גאָר, לאָזט זיך אויס, אַ רויטער.

— אַ רויטער גאָר, — האָט זיך געכידעשט דער פּולבלעכער, — גיי ווייס...

— נו, פאַרדאָן, — האָט זיך אָנגערופן דער דאַרלעכער, — דערצייל שוין, ווו האָסטו דאָן ניט געסטײַעט? כ'האָב דאָן גאַנץ אָדעס איבערגעקערט.

— אָדעס... איך האָב דיך איבער דער גאַנצער וועלט געזוכט.

— און ניט געפונען?
— ווייסט דיך דער רועך, מיט וואָס פאַר אַ נאָמען דו גייסט אַרום.
— אַט האָסטו דיר! און יאָשקע?
— טאַקע יאָשקע?
— ווי דען? יאָסיף מיכײַלאָוויטש בלעכערמאַן.
— וואָס עפּעס פּלוצלינג מיכײַלאָוויטש?
— דו האָסט צוגעטראַכט עפּעס שענערס?
— בא מיר האָט זיך גראַד באַקומען גאַוורילאָוויטש.
— עך, יאָשקע... אָבער טאַקע יאָשקע!.. גאַוורילאָוויטש!.. נו, דערציילן שוין, דו ביסט דאָך אויסגעוועזן אַ וועלט מיט זוכנדיק...

דערציילן איז גאַוורילאָוויטשן אויסגעקומען לאַנג. ס׳איז אים אַליין געווען ביז גאָר אָנגענעם דערציילן וועגן זיך, און ער האָט אַפּסנײַ איבערגעלעבט יעדער געשעעניש.

...ער איז דאַן אַוועק אַפּן וואָקזאַל, זיך פּאַרוקט אין אַ וואַגאָן צווישן פּערד און ניט באַוויזן אַרומקוקן זיך, ווי דער צוג האָט זיך גערירט, ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע עשעלאָנען מיט יוגנטלעכע קיין בּיראָבּידזשאַן. ער האָט קיין שום פּאָרשטעלונג ניט געהאַט, וואָס דאָס באַטײַט, נאָר דער איניען איז אים געפעלן געוואָרן. ערשטנס, סאַמע יוגנט, און, צווייטנס, פּאַרט מען ווײַט... יאָטן זײַנען געווען איינס אין איינס, געהאַדעוועט האָט מען ניט שלעכט, און ער האָט זיך גלײַך דערפילט צווישן זיי ווי אָן אייגענער.

געקומען קיין בּיראָבּידזשאַן...

— קאָנסט זיך שוין פאָרשטעלן, דאַן איז דאָס געווען נאָר אַ נאָמען. מיילע. בלאָטע איז בלאָטע, גנוס איז גנוס. נאָר דאָ קומט עפּעס אַ פאַרשטייער און האַלט פאַר אונדז אַ רעדע: „איר זײַנט די ערשטע פּיאָנערן פונעם נײַעם קאַנט!" אָף מאָרגן זײַנען מיר שוין געווען קורסאַנטן. אין אַ כוידעש אַרום — טראַקטאָריסטן, און ערשט נאָך אַלעמען געמוזט זיך אויסלערנען שווימען.

— נו, און זיך אויסגעלערנט?

— אַז ס׳האָבן אַ גאָס געטאָן די רעגנס און אַלץ האָט אָנגעהויבן שווימען, איז פּרווו ניט שווימען. מיר האָבן דאַן דורכגעמאַכט דעם ערשטן מאַרש מיט די טראַקטאָרס צום אַמור. און אַז ס׳האָט אַ גאָס געטאָן אַ כוידעש נאָכאַנאַנד, איז אַוועק אַ שווימעניש!... די טראַקטאָרס, די פּעסלעך מיט ברענשטאָף, דאָס עסנוואַרג און מיר אַליין. אָבער אָן שום פּאַניק, אָן שום כניקען. מיר זײַנען שוין דאָ אַלע געווען קאָמיוגיסטן. איך אויך. אַ פּײַנע געשיכטע? זאָלסט אָבער געווען זען, סאַראַ ווייץ ס׳איז אויסגעוואַקסן!

גאַוורילאָוויטש האָט אַלץ געוואָלט איבעראַשן מיכײַלאָוויטשן, נאָר צו זײַן גרויס פאַרדראָס האָט יענער ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע באַוווּנדערונג. מיכײַלאָוויטש האָט אויפמערקזאַם געהערט די דערציילונג, גאָרנישט ניט איבערגעפרעגט און אָף גאָרנישט ניט געכידעשט זיך, ניט אָף דעם, וויאַזוי ער איז געוואָרן אַ בריגאַדיר פון אַ טראַקטאָר־אָטריאַד, דערנאָך אַ מעכאַניקער. און ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע...

— עך, ברודערקע, האָב איך עס געהאַט א מילכאָמע. אלע כעוורע זײַנען אוועק אפן פראָנט, און מיך האָט מען איבערגעלאָזט אין דער היים, באשטימט אלס דירעקטאָר פון א טראקטאָר־סטאנציע. „נו, און מיט וועמען ארבעטן?" — פרעג איך. „קלײַב דיר אָפּ מיידלעך, — זאָגט מען מיר, — וועלכע דו ווילסט. די שענסטע און די בעסטע". קאָנסט זיך פאָרשטעלן? מיידלעך... רויטע טיכלעך און בלייכע פּענעמער. קיין פּעטע מײַכאָלים האָט מען דאָן ניט געקאָכט. נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט. אָבער דער אמור! דער טײַך איז דערבײַ, און פון יענער זײַט טײַך — סאָפּקעס, און די סאָפּקעס זײַנען אָנגעשפּיקעוועט מיט יאפּאָנישע הארמאטן. קוקסט אף זיי א גאנצן טאָג, און ס'דוכט זיך דיר, אָט־אָט וועלן זיי אָנהייבן צו שיסן. און מיט מיר זײַנען דורכויס מיידלעך.

— און ווען האָסטו באוויזן כאסענע האָבן? — פרעגט יאָשקע מיכײַלאָוויטש.

— בא דיר איז אלץ א שפּאס. כאסענע געהאַט האָב איך נאָך ביז דער מילכאָמע, און מײַן מאלקעלע האָט ניט געהאַט קיין גרונט פאַר אײפּערזוכטן. אָבער איך אליין... א ביזאָיען... אלע וואָך האָב איך אײַנגעפּאַקעוועט צוויי פּאָרלעך וועש, א לעפל מיט א מעסער, אָנגעטאָן א פּאָר נײַע שטיוול, זיך געזעגנט מיט דער פרוי, מיט אלע מײַנע מיידלעך און אוועק אין מיליטער־קאָמיסאריאט. און אלע מאָל זיך אומגעקערט צוריק.

— איך אף דײַן אָרט... קארג צוגן זײַנען געגאנגען אף מײַרעוו? זיך ארײַנגעכאפּט אין אײנעם...

— העלד מײַנער... און דער פּארטיי־בילעט? מע האָט מיך שוין אזוי אויך געזידלט. דער סעקרעטאר פון ראיקאָם האָט מיך אײנמאָל אָנגערופן דעזערטיר. כ'האָב זיך קלוימערשט דערשראָקן פאַר די שווערקײַטן... נו, האָבן מיר געאקערט, געזייט און געשניטן. און ניט אײן מאָל געשווומען מיט די טראקטאָרס, מיט די פּעסלעך און מיט די קאָמבײַנען. נאָר דאָס איז געווען פאַר אונדז א געוויינלעכע זאך. דעריקער איז געווען דער אמור. פון יענער זײַט טײַך — סאָפּקעס, און די סאָפּקעס אָנגעשפּיקעוועט מיט יאפּאָנישע הארמאטן, און די מיידלעך מײַנע... זיי ווערן וואָס א טאָג בלייכער און בייזער. ווילסט זיך אמאָל אויסזידלען, הייבט דיך אָן וארגן אין האלדז. עפּעס דארף מען דאָך קאָנען צוקוקן, ווי ס'זיצט א מיידל באם רודער און די אויגן קלעפּן זיך איר, עטלעכע מעסלעס ניט געשלאָפן, און מײַן מאלקעלע אויך, זי איז אויך א טראקטאָריסטקע געווען. דערנאָך האָבן מיר זיך צונויפגעלייגט, איך, הייסט עס, מיט מײַנע מיידלעך, געקויפט אן עראָפּלאן. א מאטאָנע פאַר דער ארמיי. ערשט זומער פינף און פערציק זיך קוים ארויסגעריסן. טאקע אריבערגעשווומען דעם אמור, ארויסגעזעצט פון די סאָפּקעס די הארמאטן. אין קאָרייע געווען.

— דו ביסט געווען אין קאָרייע?

— אָט איז מײַן מעדאל „פאַרן זיג איבער יאפּאָניע". און אן אָרדען...

— גאזלען, פארוואָס זשע האָב איך דיך דאָרטן ניט געזען? כ'וואָלט דיך געווען ארײַנגעשטעלט אין א פילם.

— וואָס פאַר א פילם? ווי קומסטו צו פילמען?

— איך בין דאָך א קינאָ־אָפּעראטאָר!

— דו?

— איך האָב דאָך אַלע יאָרן געשטרעבט דערצו, געטרוימט ווערן א קינאָ־מעכאַניק, איך זאָל קאָנען אַלע אָוונט קוקן קינאָ אומזיסט. נו, נאָך יענעם איבערפאַל, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט, בין איך אוועק ארבעטן אין קינאָ. צוערשט פאַר א דרייער. געדענקסט יענע צײַט? מע דרייט דאָס הענטל, עס ברענט א לעמפּל, און מע ווײַזט קינאָ. אינגיכן איז דאָס דרייען ארויס פון דער מאָדע און איך בין אוועק אף קורסן. נו, און אזוי ווײַטער און ווײַטער. ווי בא אונדז פירט זיך. אָט דאָס פאָר איך פון וולאַדיוואָסטאָק. דאָרטן א פילם געמאַכט, זייער אַן אינטערעסאַנטער פילם...

פון ערגעץ האָט זיך אָנגערוקט א כמארע, און א וויכערל האָט זיך א דריי געטאָן ארום דער סטאַנציע. א קליינס, א מאָגערס, א שיטערס. א דריי געטאָן זיך א מאָל דרײַ, און ס'איז דעם גלײַך אויסגעגאַנגען די קויכעס. עס האָט נאָך געמאַכט א פּרווו א קער טאָן פון דער ערד די זאמד און, ווי פארשעמט זיך פאַר דער אייגענער אומבאהאָלפנקײַט, גלײַך ניט געסטײַעט. גאוורילאָוויטש האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, ווי זוכנדיק עפּעס אפן הימל, דערנאָך א קוק געטאָן אף דער טײַגע און פלוצלינג זיך אָנגערופן:

— הער, ברודערקע, מאַך פון מיר א פילם.

— פון אזא בעגעמאָט?

— זשאַלעוועסט די לענטע? אף מײַן כעזשבן. ווייסטו וואָס? מאַך א פילם פון אונדז ביידע: צוויי יעסוימים, צוויי שטיוול־פּוצער, אין אָדעס אף דער מאָלדאַוואַנקע...

גאוורילאָוויטשן האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אז זײַן כאַווער איז עפּעס בייז געוואָרן. אף זײַן פּארפּלאָמטן פּאָנעם — א מינע פון א גרויסן באַלדײַגע, און אין זײַנע אויגן האָט זיך באוויזן א פּײַערל, גלײַך אָט באַלד וועט ער אָנהייבן געבן פּעטש.

— פאַראַן אזא וואָרט „פּאָל". געהערט אזוינס? — האָט פאָרגעזעצט גאוורילאָוויטש. — אָט פון דעם ווען דו מאַכסט א פילם! ווען עמעצער טוט א וואָרף א ברענענדיק שוועבעלע און דאָס איבערגעטריקנטע היי טוט זיך א צינד אָן און ס'גיט א גיי א סרייפע. אף הונדערטער העקטאַרן! עס פלאַקערט דאָס היי, און מענטשן לויפן ארום, ווי צעדולטע, און אַלע טראַקטאָרס הייבן אָן ארומאַקערן דעם ברענענדיקן סטעפּ...

יאָסיף מיכײַלאָוויטש איז געוואָרן איבעראַשט פון דעם, ווי גאוורילאָוויטש האָט זיך פלוצלינג געענדערט.

— קעגן וואָס דערציילסטו עס מיר?

— איך פאָר דאָך טאַקע מיקויעך דעם קיין מאָסקווע. ס'הייסט, פאָרן פאָרן מיר אף דער אויסשטעלונג. איך בין דאָך איצט דירעקטאָר פון א סאָווירט. נאָר איך האָב דאָרטן אַן אינטערעס. א נײַע מאַשין האָב איך צוגעטראַכט. פאַרשטייסט? ווען מע קאָן דאָס היי באַצײַטנס צוקלײַבן, טויזנטער העקטאַר היי. וויפל נײַע פערמעס, מילך, פליישׁ! דו ווייסט דען אונדזער ווײַטן מיזרעך?..

מיכײַלאָוויטש האָט א ציטער געטאָן. מיט אים אליין איז איצט פאָרגעקומען אזוינס, וואָס מיט אים קומט פאָר אַלע מאָל, ווען א מענטש טוט מיטאַמאָל א שײַן פאַר אים מיט נײַע פאַרבן... ער איז איצט געוואָרן זיכער,

אז אָט דער יאָשקע, יאָסיף גאָוורילאָוויטש, וועט דערגרייכן אלץ. ער וועט שאפן זײַן מאשין, ער וועט ברענגען צו א טאָלק די טויזנטער העקטאר היי, ער וועט שאפן נײַע פערמעס...

און ער אַליין, מיכײַלאָוויטש... אין דער מינוט, מעגלעך, איז געבוירן געוואָרן אין אים א נײַער יאָשקע, א רעזשיסער.

— עס וועט זײַן א פילם! — האָט ער אויסגעשריגן א באגײַסטערטער.

— וועלכער פילם? — האָט א פרעג געטאָן גאָוורילאָוויטש. ער האָט פארגעסן, וועגן וואָס ער האָט נאָרוואָס גערעדט.

ס'האָט א פײַף געטאָן דער לאָקאָמאָטיוו, און זיי האָבן ניט באוויזן פארענדיקן דעם שמועס. אלע פאסאזשירן האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די וואגאָנעס. ביידע פרײַנט האָבן זיך גענומען פאר די הענט.

— גיי אריבער צו מיר אין וואגאָן, — האָט זיך אָנגערופן מיכײַלאָוויטש.

— איך קאָן ניט, מיט מיר פאָרט א גאנצע בריגאַדע.

— איך בין אויך ניט אליין. און דערצו, די אפאראטור.

— די אפאראטור? אָט גיב איך א קאָמאנדע, טאסקען מיר זי גלײַך אריבער. דו זאָג נאָר צו א פילם.

— אָפגערעדט!

זיי האָבן ניט באוויזן ארײַן אין איינעם פון זייערע וואגאָנעס, קוים זיך ארופגעכאפט אף די טרעפלעך פונעם לעצטן וואגאָן. געשטאנען בא דער אָפענער טיר און, ווי אלע פאסאזשירן, זיך אײַנגעקוקט אין דער טײַגע.

— מע דארף פארגעדענקען די סטאנציע, — האָט שטיל געזאָגט מיכײַלאָוויטש. — קאָנדוקטאָר, ווי הייסט אָט די סטאנציע?

א יונג מיידל אין אַן אָנצוג פון אײַזנבאנער איז געשטאנען דערבײַ און געהאלטן אין דער האנט א גרין פענדעלע. דאָס פענדעלע האָט געפלאָקערט, און דאָס מיידל האָט געשמייכלט.

— מע איז נאָך מיט איר אין זאגס ניט געווען, — האָט געענטפערט דאָס מיידל, — נאָך ניט פארשריבן. אָט דאָ ניט ווײַט קומט אוף א נײַע גרויסע שטאָט. זי האָט נאָך אויך קיין נאָמען ניט...

און אלע אײנײנעם מיט דעם מיידל האָבן איצט געקוקט אהין, צו דער יונגער סטאנציע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך נאָרוואָס געזעגנט. אין א ווײַלע ארום האָט זיך באוויזן א ווינקעלע פון דער נײַער שטאָט, וואָס הייבט אָן אופקומען אין דער טײַגע.

# שטערן ווערן ניט פאַרשוווּנדן



אָט איר פאַרבראַכט אַמאָל אַ זומערדיקן אָוונט אין סטעפּ, ווען דער שוואַרצער הימל הענגט אַזוי נידעריק איבער דער ערד און די שטערן, אַזעלכע גרויסע און נאָענטע, צינדן זיך אָן איינער נאָכן אַנדערן, פינטלען און הוידען זיך ווי לאַמטערנדלעך אױפֿן ווינט?.. אַ זעלטענער געפיל כאַפּט דיך אַרום, ווען דיר דוכט זיך, אַז הימל און ערד האָבן זיך צונויפגעגאָסן ערגעץ ווײַט אין סטעפּ, באַם סאַמע האָריזאָנט. אָט האָט דאָרט אַ שײַן געטאָן אַ פֿײַערל פון אַ טראַקטאָר און פאַרבלאָנדזשעט צווישן די שטערן, ווי אָן אייגענער... אָט האָבן ערגעץ אַ בלענד געטאָן די פאַרעס פון אַן אויטאָ, פאַריסן די גרויסע ברענענדיקע אויגן אַרויף און אָנגעהויבן נישטערן איבערן אָוונטיקן הימל. וואָס זוכן זיי, וואָס האָבן זיי פאַרלאָרן דאָרט, אין יענע ווײַטן?..

מעגלעך, אַז דאָס האָבן די נאָענטע שטערן אַזוי געצויגן צו זיך דעם אוילעם, וואָס האָט באַוויזן אָנהאָרעווען זיך פאַרן לאַנגן טאָג, און עפּשער דאָס שטילע, קילע ווינטעלע, וואָס האָט מילד געגלעט און אָפּגעפרישט דעם פאַרהאָרעוועטן אוילעם נאָך דער באַטאָגיקער היץ.

צוליב אָט דעם קילן און פרישן ווינטעלע זײַנען אַ סאַך פון די, וואָס זײַנען געקומען אויף דער באַראַטונג, פאַרבליבן אין דרויסן, ניט געוואָלט אַרײַנגיין אין דער קאָנטאָר פון קאָלווירט, ווו ס׳איז שוין אָן זיי געווען היפּש ענג, טומלדיק און אָנגערייכערט. ס׳איז געווען פיל ליבער צו שטיין אין דרויסן לעבן די צוויי גרויסע אָפענע פענצטער. כאָץ אַלעמען, האָט מען דאָ געקאָנט פילן זיך אַ ביסל פרײַער, פאַררייכערן אַ סיגאַרעטל און כאַפּן בייסמײַסע אַ זײַטיקן שמועס. וויפל דער פּאָרזיצער האָט ניט אײַנגעלאַדן דעם אוילעם אין קאָנטאָר, האָט קיינער זיך ניט גערירט פון אָרט. קיינער האָט ניט געהאַט קיין איבעריקן כיישעק אַרײַנגיין אַהין.

— נישקאָשע, — איז מען אָפּגעקומען מיט אַ שפּאַס, — קלוגע דיבורים וועלן דערגיין אין דרויסן אויך.

אַ הייזעריקלעכע שטים האָט אַרײַנגעשריגן דורכן פענצטער:

— מע וואָלט געדאַרפט אַ ראַדיאָ אַרויסהענגען אויף דער גאַס.

— עפּשער דיר נאָך אָוועקשטעלן אַ טעלעוויזאָר? — האָט זיך געוויצלט אַ צווייטער.

— פאַרוואָס טאַקע ניט? — האָט געענטפערט די הייזעריקלעכע שטים. — זיצסט באַ זיך אין שטוב, זופּסט דעם הייסן באָרשטש און קוקסט דעם פּאָר־זיצער אין מויל אַרײַן.

— איך בין ניט מאַסקים! — האָט זיך אָנגערופן אַ דין קעלעכל פון אונטערן צווייטן פענצטער. — דער פּאָרזיצער קען אײַנמיטנדרינען דיך נע־מען קריטיקירן און נאָך פּאַטערן דעם אַפּעטיט. און ווי וועסטו אים אָפּענט־פערן?

לאָז דעם אוילעם ווערטלען זיך, וועט מען שטיין אזוי ביז האלבער נאכט. זיך איבערצײַגט, אז פון דרויסן וועט ער קיינעם אינווייניק ניט אַרײַנשלעפּן, האָט דער פּאַרזיצער אָנגעהויבן די בעראַטונג. א רייד איז געגאנגען וועגן די שוואכע טעמפּן פון סילאָסירונג.

כוץ א פּאָר עלטערע לײַט און עטלעכע מיידלעך האָבן אלע געהערט צו דער גוואַרדיע מעכאַניזאַטאָרס: טראַקטאָריסטן, קאָמבײַנערן, שאָפערס — יאַטן געזונטע, ברייטפּלייציקע, מיט פּענעמער, פארסמאליעטע פון זון און ווינט, מיט הארטער, פארדעמבעוועטער הויט אף די אָנגעמידטע הענט.

אָנגעהויבן האָט זיך די בעראַטונג א ביסעלע קילבלעך, אָן איבעריקן ענטוזיאַזם. מע האָט געוואָלט דאָס מאַכן בעקיצער און זיך פאנאנדערגיין. נאָר ביסלעכווײַז האָבן די כוורע זיך צעוואַרעמט, גענומען פארוואַרפן דעם פּאַרזיצער מיט פראַגן און פּאַרשלאָגן.

איינער א יונגער שאָפער אין אן אָפּגעבליאַקעוועטער מיליטערישער גימנאַסטיאָרקע, אפאָנעם, ניט לאַנג פון ארמיי, האָט געשאָטן מיט מיליטע־רישע טערמינען:

— עס פעלט אונדז מאַנעווּרירונג, און אָפּעראַטיווקײַט אויך! מיר זײַ־נען דאָך צוגעבונדן צום קאָמבײַן, ווי מיט א קאַנאַט. בלײַבט שטיין דער קאָמבײַן, שטייען מיר אויך. און אפּן שכיינעסדיקן מאַסיוו וואַרט דער קאָמ־בײַן אף די לאַסטמאַשינעס.

— ווילסטו ווידער די אַנאָנימקע? — האָט אים דערווידערט א צווייטער.

— וואָס שרעקסטו אונדז מיט דער אַנאָנימקע? — האָט אָפּגעענטפערט דער יונגער שאָפער.

מיט יעדער רעפּליקע זײַנען די דעבאַטן געוואָרן היציקער, גלײַך ווי יעדערער האָט זיך געסטאַרעט אונטערוואַרפן א ביסל טרוקענעם קורײַ אין א צעפלאַקערטן שײַטער. אלע מאָל האָט עמעצער אָפּגעענטפערט זײַן קעגנער, ארויסשרײַענדיק פון דער קאָנטאָר אין דרויסן ארויס, און טײַ־קעף טאַקע באַקומען אָן ענטפער פון דער גאַס.

א יונגערמאַן א ריז, אף א קאָפּ העכער פון אלע, האָט געמוזט שטאַרק אָנבייגן זיך, אַרײַנשרײַענדיק אין פענצטער.

— קריך אַרײַן אהער, מענדל, — האָט עמעצער א שפּאַס געטאָן.

— ווי וועט אזא בער אַרײַן דורכן פענצטער? — האָט א מיידל פון די דרויסנדיקע זיך פאַנאַנדערגעלאַכט פון איר אייגענעם וויץ. דער געלעכטער האָט זיך גלײַך איבערגעקײַקלט אין קאָנטאָר און ווידער ארויסגעפּליוכעט אין הויף מיט א נײַער קראַפט. געלאַכט האָט אויך אליין דער ריזיקער יונ־גערמאַן מיט די געדיכטע אראָפּגעלאָזטע קוטשערן איבערן שטערן, וועמען מע האָט גערופן מענדל.

— נישקאָשע, — האָט ער אָפּגעענטפערט לאַכנדיק, — מע וועט מיך פונדרויסן אויך דערהערן.

איך בין געזעסן אין ענג־אָנגעפּאַקטן און געדיכט־אָנגערייכערטן צימער, זיך אײַנגעקוקט אין די פענעמער, און ס'איז מיר געוואָרן זייער פאַרדראָ־

סיק דערפֿון, וואָס קיינעם פֿון אָט די מענטשן קען איך ניט, אַלנפֿאַלס, איך דערקען זיי ניט.

איך האָב אָפּגעלעבט אין אָט דעם דאָרף עטלעכע שווערע אומרויִקע יאָרן, וואָס האָבן זיך אַף אייביק איינגעקריצט אין זיקאָרן. נאָר געווען איז דאָס שוין לאַנג, נאָך אין די ערשטע יאָרן פֿון דער קאָלעקטיוויזאַציע. יעדער בוים, יעדער סטעזשקעלע דאָ אין סטעפּ איז פֿול מיט אומפֿאַרגעסלעכע דערינערונגען. אָבער די מענטשן... אינגאַנצן אַ נייַער, אומבאַקאַנטער דאָר. און ווער ווייסט, צי וועל איך דאָ עמעצן טרעפֿן פֿון מייַנע יוגנטפֿרייַנט. אַ סאַך האָבן זיך ניט אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע, פֿון עוואַקואַציע...

און עפּשער איז דאָס פּאַשעט דערפֿאַר, וואָס איך בין פֿאַרפֿאָרן אַהער שוין אין אָוונט און ניט באַוויזן אַרומקוקן זיך, מיט אַלעמען זיך זען.

אַ ביסל האָט געלינדערט מייַן שטימונג פֿיאָדאָר. אַלע רופֿן אים איצט פֿיאָדאָר וואַסיליעוויטש, ווייַל ער איז איצט דער פֿאָרזיצער פֿון היגן קאָלווירט. נאָר בײַ מיר וועט זיך מיטן „וואַסיליעוויטש" גאָרניט באַקומען. ווי קאָן מען רופֿן אַזוי אַ באָכערל, וואָס איז זומער און ווינטער אַרומגעלאָפֿן באָרוועס, אָן אַ היטל, און ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַרייַנגעשטעקט די פֿיס אין אַ פּאָר אַלטע, צעריסענע גאַלאָשן, ווען ער איז שוין געווען אַ קאָמיוגיסט.

מיר האָבן גלייַך דערקענט איינער דעם אַנדערן, כאָטש פֿאַר די עטלעכע און צוואַנציק יאָר, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, האָבן מיר ביידע זיך היפּש געענדערט. דורכשמועסן זיך האָבן מיר ניט באַוויזן. ער האָט גערוזט אָנהייבן די באַראַטונג.

דערפֿאַר אָבער האָב איך געהאַט די מעגלעכקייַט באַטראַכטן אים, ווי מע זאָגט עס, פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. יאָ, טאַקע שוין אַלט געוואָרן מייַן יוגנטפֿרייַנט פֿיאָדאָר, אינגאַנצן גראָו, און די גראָוע האָר זייַנען בײַ אים אויך ניט איבעריקס געדיכטלעך. טיפֿע קנייטשן האָבן איבערגעפּאַסעוועט דאָס גאַנצע פּאָנעם זייַנס, און פּונקט ווי מע קאָן לויט דער צאָל קרייַזן פֿעסטשטעלן דעם עלטער פֿון אַ בוים, אַזוי וואָלט מען לויט די קנייטשן געקאָנט פֿעסטשטעלן, וויפֿל שווערע פֿרילינגס, האַרבסטן און ווינטערס איז פֿיאָדאָר געווען פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט. ס'איז ניט אַזוי לייַכט אופֿלעבן אין זיקאָרן דאָס געשטאַלט פֿון יענעם היציקן באָכערל, וואָס פֿלעגט אין די גרעסטע פֿרעסט אַרומיאָגן אין די צעריסענע גאַלאָשן פֿון שטוב צו שטוב און אייַנריידן די פֿאַראַקשנטע אינדיווידואַלן, וואָס פֿאַר אַ לעבן — אַ גאַניידן עס וואַרט אַף זיי אין קאָלווירט.

ווי ער איז ניט געווען פֿאַרנומען מיט דער באַראַטונג, האָבן מיר ניט אופֿגעהערט צווישן זיך שמועסן — מיט אַ ווונק, מיט אַ שמייכל, מיט אַ טייַטל פֿון די פֿינגער און מיט אָן אַ שיר אַנדערע צייכנס, וואָס זייַנען פֿון זיך אַליין אופֿגעקומען און טייקעף פֿאַרשוווּנדן.

אַ ביסעלע שפּעטער האָב איך דערקענט נאָך אייניקעם, וועמען איך האָב ביז איצט ניט באַמערקט. ער איז געזעסן פֿאַרוקט אין אַ ווינקל ניט אַף

קיין בענקל, נאָר אַף דער הוילער ערד, צוגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט. דער שלאָף האָט אים אַרײַנגענומען אין זײַנע קלעמען, און ס'האָט אים ניט געסטײַעט קיין קויעך זיך אַרויסרײַסן פֿון זיי.

— באַרעך? — האָב איך אַ ווונק געטאָן צו פיאַדאָרן.

— ווער דען?

— און נאָך אַלץ פּאַרוואַלטער פֿון די פֿערמעס?

— אַוואַדע, ווער זשע דען?

איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז ביידע, איך און פיאַדאָר, האָבן אין דער מינוט זיך דערמאָנט אײַנס און דאָס זעלבע — ווי אָט דער באַרעך האָט אַלע יאָרן זיך פאַרנומען מיט פאַרהאַרטעווען דעם ווילן. ער פלעגט צע־רייצן דעם יעיצערהאָרע ביזן לעצטן גראַד און דערנאָך אים זאָגן — סטאָפּ! אַפּצולאָכעס דיר וועל איך טאָן פּונקט פאַרקערט.

ס'איז אַפילע שווער צו זאָגן, פֿונוואַנען איז דאָס געקומען צו אים, נאָר שטענדיק איז ער געווען פאַרכאַפּט מיט די דאָזיקע פּרוּוון. מיר האָבן ניט באַמערקט, ווי צווישן אונדז איז אויסגעוואַקסן אַן עכטער אַקשן. אַ וואָרט איז שווער געווען בײַ אים אַרויסשלעפּן. נאָר האָט ער זיך אײַנגע־שפּאַרט אין עפּעס... דאָס איז געווען די בעסטע מײַלע זײַנע און אויך זײַן גרעסטער כיסאָרן.

דאָס ערשטע מאָל איז באַרעכן אויסגעקומען אָפּצונעמען זיך אַרויספּרוּוון זײַן כאַראַקטער בײַס דער קאָלעקטיוויזאַציע. קיין רעדנער, ווי געזאָגט, איז ער ניט געווען. דערצו האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ריידן מיטן טאַטן איז ניטאָ וואָס. ס'איז אַן אומזיסטע טירכע. האָט ער געלייזט דעם וויקועך אַף גאָר אַן אַנדער אויפן. אין איינער אַ נאַכט האָט ער אַרויסגעגאַנוועט פֿון דער אייגענער שטאַל דאָס איינציקע פערדל, אַן אַלטע, ביינערדיקע שקאַפּע, און אַוועקגעפירט אַפן קאָלווירטישן הויף.

פאַר זײַן אַקשאָנעס האָט מען באַרעכן דאַפקע געשאַדכנט פאַר אַ פּאָרזי־צער פֿון קאָלווירט. נאָר אַף וויפל אַ רעדנער איז ער געווען אַ שוואַכער, האָט מען אים אַוועקגעשטעלט אָנפירן מיט די קאָלווירטישע פערמעס. און פֿון דאַן אָן...

איך האָב, קוקנדיק אַף באַרעכן, זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און ניט באַ־מערקט, אַז אַף דער באַראַטונג איז עפּעס פאָרגעקומען אומדערוואַרטס. יענער ריז, מענדל, איבער וועמען מע האָט געשפּאַסט, אַז ער וועט ניט אַרײַן דורכן פענצטער, איז אַרײַן דורך דער טיר, און אין קאָנטאָר איז געוואָרן מיטאַמאָל נאָך ענגער. ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר אַלע האָבן באַמערקט, ווי ער קוקט מיט אומגעדולד אַפן האַנט־זייגער.

— נו, וואָס, מענדל, — האָט געפרעגט דער פאָרזיצער, — עס ציט דיך שוין צום טעלעוויזאָר?

— יאָ, עס הייבט זיך שוין אײַנגיכן אָן.

— איך זע, איך זע, — האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדט צו אַלעמען. — לויט דעם, ווי ווער עס זיצט, קאָן מען גלײַך זען, ווער ס'האָט אַ טעלעווי־זאָר...

— אין א האלבער שאָ ארום הייבט זיך אָן די צווייטע סעריע, — האָט עמעצער זיך אָנגערופן.

אפּאָנעם, א סאך האָבן נעכטן געקוקט די ערשטע סעריע פון עפּעס אַן אינטערעסאנטן פילם. מע האָט אַף א ווײַלע פארגעסן אפילע אינעם טאָג־סיידער.

— אז מע ווייסט דערוויַיל ניט, צי איז ער אַן אונדזעריקער אָדער ניט, — האָט מען גענומען שמועסן וועגן דעם העלד פונעם פילם.

— דאפקע יענער, דער אמעריקאנער, זעט גאָר אויס צו זײַן אַן אונד־זעריקער... הא?..

— הײַנט סארא רײַטער! געזען, ווי ער האָט א שפרונג געטאָן אפן פערד?

— גענוג, גענוג צו שפּרינגען, — האָט שטרענג געזאָגט דער פּאָרזיצער, רופנדיק צו אָרדענונג.

נאָר מענדל האָט ווידער א קוק געטאָן אפן זייגער.

— כאווער פּאָרזיצער, פּופצן מינוט געבליבן. און וועגן סילאָס וועל איך זאָגן אָט וואָס: מע דארף די קוזאָווס פון די מאשינעס אונטערשטוקע־ווען אַף נאָך א פּאָר ברעטער, מע זאָל קאָנען אָנלאָדן צו דרײַ טאָן, וועלן מיר האָבן דעם פּלאַן. דרײַ הונדערט טאָן פארן טאָג! דו, דמיטרי, זע נאָר, דער קאָמבײַן זאָל קיין מינוט ניט שטיין, — ער האָט זיך א קער געטאָן צום קאָמבײַנער.

— פאר דעם האָט איר זיך ניט וואָס צו זאָרגן.

— איז נעמען מיר זיך, כעווריע?.. — מענדל האָט זיך שוין געהיצט. — איר הערט, פּיאָדאָר וואסיליעוויטש, אלע זײַנען מאסקים. נו, פּיאָדאָר וואַ־סיליעוויטש, צען מינוט געבליבן.

— א ברייִרע האָב איך, — האָט פּיאָדאָר זיך צעשמייכלט. — אָבער גע־דענקט, איר האָט געגעבן א וואָרט!

— אײַזן! — האָבן אויסגערופן אלע מיטאמאָל און אין איין אויגנבליק ארויס פון קאָנטאָר. אונטער די פענצטער איז אויך געוואָרן פּוסט.

— גיי מאך עפּעס, — האָט פּיאָדאָר זיך אָנגערופן צו מיר. — הײַנטיקע צײַטן!.. ספּוטניקעס, ראקעטעס, טעלעוויזאָרס...

מיר זײַנען ארויס אין דרויסן — איך, פּיאָדאָר און באָרעך. כ׳האָב אלץ געטראכט, וויִאזוי ביינדט מען פאנאנדער בא באָרעכן א ביסל די צונג.

— פאר׳נעמסט זיך נאָך אלץ מיט פאַרהארטעוועט דעם ווילן? — האָב איך אים א פרעג געטאָן.

אין באָרעכס ניט אויסגעשלאָפענע אויגן האָט א ווײַלע א שײַן געטאָן זײַן אמאָליק שמייכעלע, וואס האָט באדארפט באטײַטן: „אוואדע וואָלט איך געוואָלט פארברענגען מיט אײַך, נאָר איך מוז גיין״...

— אָבער פרישטיקן, — האָט ער זיך קאטעגאָריש אָנגערופן, — וועט איר בא מיר.

— ניין, ניין, — האָט דערווידערט פּיאָדאָר. — איך פּאַרבעט צו זיך.

— ניין, בא מיר... — באָרעך האָט עס ארויסגערעדט אזוי, אז מיר האָבן ביידע שוין מער ניט דערווידערט.

— ווהין איילט ער אזוי? — האָב איך געפרעגט בא פיאָדאָרן, ווען באָרעך איז אוועק.

— קענסט ניט באָרעכן? בא אונדז איז איצט זייער א גרויסער קאָלווירט. פיר דערפער, פיר בריגאַדעס, וועט ער א גאַנצע נאַכט אַרומבלאָנדזשען פון איין פערמע צו דער צווייטער. מיסטאמע דאַרף זיך ערגעץ א קו אָפּ־קעלבן...

כ׳האָב געמיינט, אַז פיאָדאָר וועט מיך איינלאַדן צו זיך אהיים, נאָר זעט אויס, ער האָט אַנדערש פּלאַנירט אוהנדזער באַגעגעניש.

— איך האָב זייער ליב דעם באַנאַכטיקן סטעפּ, — האָט ער געזאָגט.

איך האָב ניט געקלערט, אַז אָט די אַלע יאָרן לעבט אין מיר אַזוי פעסט די ליבע צו דעם באַנאַכטיקן סטעפּ... מיר האָט זיך אפילע אַ ווײַלע אָפּגעדוכט, אַז אַף דער וועלט איז פאַר דער דורכגעגאַנגענער צײַט גאָרנישט ניט געשען, ניט געווען קיין מילכאָמע, קיין ליידן און פאַרלוסטן... איבער אונדז איז געהאַנגען יענער אמאָליקער געדיכט־אויסגעשטערנטער הימל, און אונטער אים האָט זיך געצויגן און געצויגן אַן אײַנגעשלאָפענער סטעפּ, וואָס קאָן פאַרקישעפן מיט זײַן באַנאַכטיקער שטילקײַט. דער זעלבער סטאַוואָק הינטערן דאָרף, אין וועלכן עס באָדן זיך די שטערן, און די זעלבע פּראָשן־קלאַפּעטאָרערנס באַם ברעג, די אייגציקע באַשעפענישן, וואָס זײַנען אויף אַ גאַנצע נאַכט, דערציילן אויס אייגע דער אַנדערער אַלע באַטאָגיקע רעכילעסן.

פונעם טײַכל האָט אַ צי געטאָן אַ קילע פײַכטקײַט מיט אַן אויסטערלישן געמיש פון רייכעס, וואָס וועקט דעם זיקאָרן, אַז ס׳פאַרקלעמט אזש באַם האַרצן...

— עס שמעקט שוין מיט האַרבסט, — האָט זיך אָנגערופן פיאָדאָר.

ווירקלעך, עס לאָזט זיך שוין טאַקע הערן דער אָנקומענדיקער האַרבסט. ערגעץ פאַרעט זיך אַן איבערגעוואַרעמטע קאָפּיצע שטרוי, פון וועלכער עס ציט מיט טוכלע. עס דעמפּט אויס זײַן זיסקײַט אַ געפלאַצטער קאַווען. עס גיט אַ צופּ בא דער צונג אַ טערפּקער רייעך פון אָפּגעצוויטעטע זונרויזן. די נאָרוואָס אופגעאַקערטע ערד עטעמט אַרויס פון זיך רייכעס פון פרישע וואָרצלען.

מיר האָט דאָס אַלץ אויסגעזען ווי אַ קישעף פונעם באַנאַכטיקן סטעפּ, וואָס האָט געגומען דערמאָנען מיר דאָס שוין לאַנג פאַרגעסענע. אַ שאָד, וואָס באָרעך איז ניטאָ דערבײַ.

— באָרעך איז געווען אַף דער מילכאָמע? — האָב איך געפרעגט מײַן באַגלייטער.

— ווו דען האָט ער געקאָנט זײַן?

— און האָט דאָרט אויך פאַרהאַרטעוועט דעם ווילן?

— האָסט געזען, ווי ער היבקט אונטער? געווען זײַנען מיר מיט אים אַף פאַרשיידענע פראָנטן, נאָר אומגעקערט האָבן מיר זיך קימאַט אין איין צײַט. און וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אויב דו מיינסט, אַז מיט אים איז אַזוי גרינג צו אַרבעטן, האָסטו אַ טאָעס. אַן אַנדערער וואָלט ניט אויסגעהאַלטן, נאָר איך בין שוין געוווינט...

געוויס, — האָב איך געטראַכט, — איז זייביידן געווען ניט גרינג. אָנ־הייבן נאָך דער מילכאָמע אַלץ פון אָנהייב, אָנהייבן מיט צוויי יאַלעוועקי און אויסכאָווען העכער טויזנט שטיק — האָט געדאַרפט קאָסטן ניט ווייניק מי און געזונט.

— אָט דער שווייַגעוודיקער באַרעך, ווי דו קוקסט אים אָן, אַז ער טוט אַמאָל אַ זאָג...

— פאַרט די אַלטע גוואַרדיע!

כאָטש ס׳איז שוין געווען אָנהייב סענטיאַבער, נאָר דער הימל איז ווי אין אווגוסט געווען געדיכט באַזעצט מיט שטערן, און גלייַך עס זאָל דאָרט זייַן ביז גאָר ענג, האָט אַלע מאָל זיך אָן אַנדער שטערן אַ ריס געטאָן פון אָרט און שטיל געפאַלן אויף דער ערד. ערגעץ אין די סעדלעך זייַנען גע־פאַלן פון די ביימער איבערגעצייַטיקטע באַרן. ס׳האָט זיך אַזוי אויסגעמישט דאָס הימלדיקע מיטן ערדישן, אַז ס׳האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דאָס פאַלן און טוען זיך אַלעמאָל אַ בוצקע מיט דער ערד די בלאָנדזשענדיקע שטערן...

— איך וואָלט אַמאָל געוואָלט דערוויסן זיך, — האָט פיאָדאָר זיך אָנ־גערופן, — פונוואַנען און וווּהין פליען זיי און וווּהין קומען זיי אַהין? זיי ווערן דאָך ניט פאַרשווונדן. קיין שום זאַך אויף דער וועלט ווערט דאָך ניט פאַרשווונדן.

— כ׳מיין אויך אַזוי.

— פאַרשטייסט... — גערעדט האָט ער שטיל, ווי ער זאָל זיך שעמען אַ ביסל פאַר די אייגענע רייד, — זייַן אַ פאָרזיצער פון קאָלווירט איז אַ שווערע, זייער אַ שווערע אַרבעט. ניטאָ אַפילו ווען דעם קאָפּ אופהייבן. נאָר אַז עס קומט אָן אַזאַ זעלטענע מינוט ווי איצט, ווילט זיך נאָכדעם ניט אוועקגיין פון סטעפּ.

אומקערנדיק זיך צוריק אין דאָרף, האָבן מיר נאָך פונדערווייַטנס באַ־מערקט, אַז דער קאָלווירטישער הויף איז פאַרגאָסן מיט העלער שייַן. צו־קומענדיק אַ ביסעלע נעענטער, האָט מען שוין געקאָנט זען, אַז דאָס שייַנען די פּאַרעס פון אַלע צען לאַסטמאַשינעס. דער אוילעם, וואָס האָט זיך צו־נויפגעקליבן אַהער, האָט שוין לאַנג געמאַכט טאָג, די אַרבעט איז געווען אין פולן ברען. דער האָט געשניטן ברעטער, יענער האָט זיי צוגעהובלט, אַ דריטער האָט זיי צוגעקלאַפּט צו די קוזאָווס...

— ווו האָט איר געקראָגן ברעטער מיט צוועקעס אינמיטן דער נאַכט? — האָט פיאָדאָר פאַרכידעשט געפרעגט.

— אַנטליִען באַ מענדלען.

— באַ מענדלען?

מענדל איז געשטאַנען אין דעם באַלויכטענעם קרייַז, גלייַך ווי ניט אים מיינט מען, און צוגעשטוקעוועט אַ נאַרוואָס אָפּגעהובלטע ברעט צו זייַן מאַשין.

— מענדל, ס׳איז עמעס? — האָט פיאָדאָר געפרעגט.

— מע זעט גלייַך, אַז איר קוקט ניט דעם טעלעוויזאָר, — האָט יענער געענטפערט מיט אַ שמייכל, — געדאַרפט זען, ווי אין דער צווייטער סעריע

האָבן כּעוורע אַ גאַנצע געבײַדע פּאַנאַנדערגענומען, קעדיי פאַריכטן די אײַזנבאַן!

— און וואָס האָט געזאָגט דײַן כאַנע?

מענדל האָט אוועקגעלייגט דאָס העמערל, זיך אויסגעגלײַכט, געוואָרן נאָך העכער.

— אַנו, טרעפט, וואָס אַזעלכעס האָט דערוף געדאַרפט זאָגן מײַן כאַנע?

פיאָדאָר האָט מיר פריִער אַ ביסל דערציילט, אַז כאַנע, דער אייניציקער מענטש אין דער וועלט, פאַר וועמען דער ריז מענדל ציטערט און גיט איר אין אַלץ נאָך, קאָן צוליב אַ בינטל שטרוי, וואָס איר דוכט, אַז מע האָט עס באַ איר צוגענומען, אויפרודערן דעם גאַנצן קאָלווירט. און דאָ גייט אַ רייד וועגן ברעטער, וועלכע מענדל און כאַנע האָבן געקויפט פאַר צוויי הונדערט רובל אַף אַרויסענדיקן די שטוב, וואָס זיי האָבן געבויט. אָט די דאָזיקע ברעטער ליגן איצט אַפן קאָלווירטישן הויף און מע שטוקעוועט מיט זיי די קוזאָווס פון די לאָסטמאַשינעס...

— זי האָט געוויינט, כאַנע, — האָט פאַר מענדלען געענטפערט זײַן שאָכן, — געשטאַנען אַף דער שוועל, געקוקט, ווי מיר פאַרנעמען די ברעטער, און געוויינט...

— ניט איבער די ברעטער האָט זי געוויינט, — האָט מענדל פאַרענטפערט כאַנען. — קערימען האָט זי באַוויינט, פון דער צווייטער סעריע... אַזאַ העלדישער יאַט געווען! און ער האָט אַזוי ליב געהאַט מאַריאַמען...

און מענדל האָט צוגעגעבן:

— באַ מײַן כאַנען איז אַ ווייך האַרץ... זי האָט נאָר געבעטן, כאַנע, מע זאָל די ברעטער ניט שנײַדן...

— איז וואָס זשע שנײַדט איר זיי? — איז פיאָדאָר אַרויס פון די קיילים.

דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו מענדלען און אוועקגעלייגט די האַנט אים אַף דער פּלייצע.

— זאָג דײַן כאַנען, אַז מיר האָבן אַ נאַריאַד אַף אַ וואַגאָן ברעטער. אין דרײַ טעג אַרום וועלן מיר אומקערן ביז איינער...

דער הימל האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אָנוווערן זײַן שוואַרצן גלאַנץ, געוואָרן גרוילעך־מוטנעוואַטע, שטערן זײַנען געוואָרן ווייניקער, די פראָשן האָבן אויסדערציילט אַלע סוידעס און רעכילעס און אַנשטילט געוואָרן, ס׳האָבן גלײַך זיך געלאָזט הערן מיט זייער בילן די הינט. פונעם סטעפּ האָט זיך דערטראָגן אַ ווײַטער, דערשטיקטער קלאַנג, דאָס האָט עמעצער געקלאַפּט מיט אַ העמערל איבער אײַזן.

— כעוורע, דמיטראָ איז שוין באַם קאָמבײַן, — האָט געזאָגט איינער פון די שאָפערס.

ווען די מאַשינעס זײַנען אין אײַלעניש אַרויסגעפאָרן פון הויף, איז צו־געקומען באָרעך.

— נו, וואָס הערט זיך? — האָט פיאָדאָר אים געפרעגט.

— „קראַסוניע" האָט זיך אָפּגעקעלבט... — האָט באָרעך געענטפערט. זײַנע קליינע אויגן האָבן געשמייכלט פון נאַכעס. — און איצט קומט צו מיר! באַ מײַן פייגעס איז שוין אַלץ פאַרטיק...

— גיי לייג זיך צו אף א פּאָר שאָ, — האָט פּיאָדאָר אים באַפוילן, — דאַרפסט זיך אויסשלאָפן.

באָרעך האָט א שמייכל געטאָן, ווי איינער זאָגט: אַנטלײַ מיר דערוף דײַן צײַט, וואָרעם איך האָב ניט דערווײַל נאָך אף דעם קיין צײַט.

אפן הימל איז געבליבן בלויז דער מאָרגנשטערן, וואָס האָט שטאָלצירט מיט זײַן העלער שײַן. און קעגן אים — א בלייכע לעוואָנע, אָן מינדסטע סימאָנים פון לעבן, אָן א ביסעלע פּארב אין פּאָנעם.

אפן הימל־ראַנד האָט וואָס אמאָל שטאַרקער זיך צעפלאַמט א יונגע רויטקײַט און אונטערגעפארבט די דערבײַיִקע וואָלקנדלעך. דאָס האָט שוין די זון געגעבן צו וויסן וועגן זיך: זי קומט, זי גייט אוף.

# לאָקשן מיט מילך



י פּאָר כמאַרנע און רעגנדיקע מעסלעסן האָבן צעווייקט דעם סטעפּ, דורכגענומען אַלץ אַרום מיט אַן עסעריקער פײַכטקייט און אָפּגעשטעלט אַלע אַרבעטן אין סאַמע ברען. קליין און גרויס האָבן אַרויסגעקוקט אַף אַ זוניקן טאָג, ווי אַף אַ נעס. הונדערטער אויגן האָבן ניט אופגעהערט באַקוקן דעם אָנגעוואָלקנטן הימל, גרייט געווען מיט די אייגענע הענט צערײַסן, צעבערעקלען אַף פּיץ־פּיצלעך די בייזע שוואַרצע כמאַרעס.

ווייסט ער שוין פּאָשעט ניט, זוסיע, צי דער לויטערער באַגינען האָט זיך אים געכאָלעמט, צי האָט ער אים דערפילט אין שלאָף, נאָך איידער ס'איז געוואָרן באַגינען. דערפילט האָט ער עס לויט דעם, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן טיפער און גרינגער עטעמען, לויט די רייכעס, וואָס האָט אַ טראָג געטאָן פונעם באָענטן סטעפּ און פון דער ווײַטער טײַגע, לויטן פרישן ווינטעלע, וואָס האָט אַ צי געטאָן פונעם אמור און זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב דורכן אָפענעם פענצטער. איז זוסיע אַפּגיך אַראָפּ פון געלעגער, אַוועק אַפן קאָלווירטישן הויף, אײַנגעשפּאַנט זײַנע פערדלעך, און ווען דער באַגינען האָט זיך ערשט געלאָזט אין וועג אַרײַן, ס'האָט נאָר אָנגעהויבן שאַרײַען אַף טאָג, איז ער שוין געווען ווײַט פונעם יישעוו.

ווי שטענדיק נאָך אַזאַ רעגן, האָבן די רעדער זיך טיף אײַנגעשניטן אין דער צעווייקטער ערד, געשלײַדערט אַרום זיך שווערע, בלאָטיקע הרודעס. די פערדלעך האָבן באַרויגעזלעך געבויגן די קעפּ, אָנגעצויגן די פײַכטע, אָנגעבראַקנעטע פּאָסטראָמקעס און הויך אונטערגעסאָפּעט. די צוויי אײַזערנע פעסלעך אַפן לאַנגן וואָגן, איינס מיט קעראָסין און ס'אַנדערע מיט וואַסער, האָבן ניט אופגעהערט בוצקען זיך, צומאָל ווי אַ גלעקל וואָלט אַ קלונג געטאָן מיט אַ הילכיקן „גלין־גלאָן“, צומאָל ווי אַ פּויק וואָלט זיך צעפּויקט מיט אַ פאַרדומפּענעם „דום־דום“. דערווײַל זײַנען עס געווען די איינציקע קלאַנגען, וואָס האָבן אַרומגעשוועבט איבער דעם נאָך פאַרשלאָפענעם סטעפּ.

און עפּשער האָבן אים געהאַט אופגעהויבן פון בעט ניט די רייכעס פון דער טײַגע און ניט דאָס ווינטעלע פונעם אמור, נאָר שימקע גאָר...

שימקע! שוין באַלד דרײַ יאָר, אַז זיי האָבן באַקומען דאָס שמאָלע ברייוועלע אינעם שוואַרצן ראַמל. ניטאָ מער שימקע, אומגעקומען! און פּונקט ווי פאַר דער מילכאָמע, ווען זײַן שימקע איז גאַנצע מעסלעסן ניט אַראָפּגעקראָכן פונעם טראַקטאָר, און אין די ערשטע מילכאָמע־יאָרן, ווען ער האָט ניט אופגעהערט וואַרטן אַף זײַן שימקען, דוכט זיך זוסיען אָפטמאָל אויך איצט, אַז שימקע וועקט אים, טאָרעט אים פאַר די פּלייצעס: „טאַטע, שטיי אוף, מע דאַרף וואַסער!“ כאַפּט ער זיך, זוסיע, אוף, שפּאַנט אַפּגיך אײַן די פערד און פירט וואַסער צו זײַן שימקעס טראַקטאָר.

איצט פאָרן זיי אינצווייען, ער, זוסיע, און דער באַגינען, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער טייגע און איבערגעלאָזט נאָך זיך אויפן אַמור אַ שמאָל סטעזשקעלע — אַ ליכטיקס און אַ בלענדנדיקס, פול מיט אַרומ־טאַנצנדיקע שטראַלן. די זון גייט ערשט אויף, נאָר זוסיע מוז שוין זשמורען די אויגן. דער גאַנצער אַרום ווערט וואָס אַמאָל ליכטיקער, שײַנט מיט אַן אויסגעבעבנקטער שײַן.

ערשט איצט כאַפּט זיך זוסיע, אַז אײַלן זיך איז ניטאָ וואָס. ביז דער סטעפּ ווערט אַ ביסל צוטריקענען און די טראַקטאָריסטן וועלן אויסהערן און אונטערלאָטען זייערע כריפּענדיקע און סיפּענדיקע שיוורע־קיילים, וועט ער באַווײַזן באַזאָרגן יעדערן אי מיט וואַסער, אי מיט קעראָסין, אי מיטן ביסל שמירעכץ און, פאַרשטייט זיך, אויך מיט דעם, אַף וואָס די טראַקטאָריסטן קוקן אַרויס אַמאָל מערער, ווי אַף זײַנע פּעסלעך, — אַף זײַן קוויטאַריש.

פאַר די טראַקטאָריסטן איז זוסיע ניט בלויז אַ וואַסערפירער, נאָר אויך אַ שטיקל לעבעדיקע צײַטונג. ער ברענגט זיי די סאַמע לעצטע יעדיעס — ווי באַ וועמען סע אָקערט זיך, ווי באַ וועמען עס זייט זיך, און ווי האַלט עס ביכלאַל מיטן סאַצגעוועט. אַזוי־אַרום איז ער שוין פאַר זיי אויך אַ שטיקעלע אַרביטער, אַ מענטש, וואָס האָט פאַר יעדערן אַ גוט וואָרט און וואָס קאָן זיך דערלויבן זאָגן אַמאָל אַ ביסעלע מוסער אויך.

די פערדלעך סאַפּען זיך זייערס, די פּעסער קליינגען זיך אויס זייערס. און זוסיע באַמקעט זיך אונטער זײַנס. ער ווייסט נאָך אליין ניט, וואָס פאַר אַ ניגנדל וועט זיך אויסבאַמקען, אַ פריילעכס צי אַ טרויעריקס. דאָס וועט מען שוין זען שפּעטער. דאָס הענגט אָפּ פון אַ סאַך זאַכן, דעריקער פון דעם, ווי וועט זיך צעשפּילן דער לאַנגער זוניקער פריילינגדיקער טאָג.

וויניקער פון אַלץ טראַכט זוסיע וועגן זיך. ער באַקלאָגט זיך אַפילע ניט פאַר זײַן זעלדען. ביידע טראָגן זיי אין זיך פיל סימאָנים פון אַלע אויסקומעניש פון די מילכאָמע־יאָרן, פון דער ניט איבעריקער זאַטקײַט, וואָס ציט זיך באַ זיי ביז איצט, און פון די פיל אויסגעווײנטע טעג און נעכט. אַזאַ אויצער, ווי זייער שימקעו!

נאָך דער „פּאָכאַראָנקע" האָבן זיי באַקומען אַ גאַנץ פּעקל: שימקעס שינעל, גימנאַסטיאָרקע, הויזן, דאָס היטל און נאָך עפּעס. יענץ אַלץ איז ניט פאַר זײַן מאָס, ליגט עס אין קאַסטן, ווי אַ זייכער. אָפּטמאָל, ווען זײַן זעלדען ווערט ביז גאָר שווער אויפן האַרצן, נעמט זי דאָס אַלץ אַרויס, ווײנט זיך גוט אָן איבער דעם. עס דוכט זיך איר, אַז דערפון איז איר געוואָרן אַ ביסל גרינגער. דאָס היטל אָבער איז שוין אַן אַנדער זאַך. אָנ־געמאָסטן עס, ווי נאָר זיי האָבן באַקומען דאָס פּעקל, נעמט עס זוסיע שוין ניט אַראָפּ. אים דוכט זיך, אַז מיטן היטל איז אים אַ ביסל היימלעכער. ער פילט דערמיט עפּעס פון שימקען אַליין. אַלע זײַנען שוין געוווינט דערצו, באַזונדערס די טראַקטאָריסטן, אים זען אין דעם אַ ביסל פאַרשמאָלצעוועטן טאַנקיסטישן היטל.

זוסיע פאָרט געווײנלעך צו שטאַרק פאַמעלעך צום ברעג פון דער האָ־נע, קריכט פאַמעלעך אַראָפּ פונעם וואָגן און נעמט אײַנטיילן די טראַקטאָ־ריסטן יעדערן זײַן כיילעק.

— נו, זוסיע, און ווו זײַנען אײַערע נײַס? — בעטן זיך בא אים שטענדיק די טראַקטאָריסטן. — נעמט ניט ארויס די נעשאָמע!

נאָר זוסיע אײַלט זיך ניט. ער טאַפּט אויס אלע זײַנע קעשענעס, זוכט דאָרט אָפּ זײַנע אלטמאָדישע ברילן, מאָסטעט זיי פּעסט אײַן ארום די אויערן, דערנאָך ערשט נעמט ער ארויס זײַן קוויטארישל, בלעטערט אים און בלעטערט, ביז ער געפינט דאָס, וואָס ער זוכט, און פאנגט אָן לייענען:

— בא דיר איז נעכטן אופגעאקערט געוואָרן פינף העקטאר מיט א צענטל.

— און בא אים? בא מיכאיזלן? — פרעגט דער טראַקטאָריסט.

— בא דײַן מיכאיזלן, מיט וועמען דו פאַרמעסט זיך, פינף מיט זיבעציק.

באמערקט, ווי יענער איז פארכוישעכט, גיט זוסיע צו אזוינס, וואָס דארף, לויט זײַן מיינונג, א ביסל טרייסטן און א ביסל אונטערגעבן היץ:

— אזוי גייט עס. היינט ער, מאָרגן דו. געוועט איז געוועט.

זײַן קוויטארישל איז שוין אויך זייער אָן אלטס, טאקע גאָר אָן אלטמאָדישס און אויך, ווי ער, א ביסל פליכעוואטע. די ערשטע בלעטלעך זײַנען אינגאנצן אויסגעפליקט. דאָרט איז געווען פארשריבן, וויאזוי ער, זוסיע, האָט בייסן נעפּ געעפנט א באקאליי־קלייטל, געמיינט, ס'איז א יעש. ערשט צום סאָף — פּוסטע כאלוימעס... מערער געגעבן אף באָרג, ווי גערייזט מעזומענס. אין קוויטארישל איז געווען פארשריבן בא אים די כוועס: וועמען א פערטל פונט בוימל, וועמען א פונט זאלץ. גראָשנדיקע קוינים און גראָשנדיקע באלעכויוועס. ווער ס'האָט יאָ דערנאָך באצאָלט און ווער ניט. דאָס קלייטל האָט זיך גיך אָפּגעקלייטלט, קוים, ווי מע זאָגט, ארויס מיטן קערן. און דער קערן אליין... טאקע גאָר א קליין, מאָגער קערנדל. א גליק, וואָס ער איז איבערגעפאָרן אהער, קיין ביראָבידזשאַן. מע איז דאָ געוואָרן שטיקלעך מענטשן. נאָר דאָס קוויטארישל... ווי א מין בענטשערל. אמאָל טוט פון דעם א קלונג מיט שאבעסדיקע זמירעס, מיט ראשיקע שאלעסודעסן, און אָפּט טוט פון דעם א ברום מיט א טרויעריקן ייזקער. ווען ער נעמט אין א פרײַער שאָ איבערמישן די בלעטלעך, שטעלן זיך אויס פאר אים אלע זײַנע שכיינים, אלע זײַנע קוינים און ער שעפּטשעט ארויס זייערע נעמען, ווי א טפילע.

— קיווע קאָוועל... א פערטל בוימל, צען קאָפּעקעס. — און ער דערזעט באלד פאר זיך קיווען מיט זײַן רויט בערדל, מיט זײַן ברייטער פלאַטשיקער נאָז און קליינעם הויקערל.

קיווע קאָוועלס קינדערלעך
קנאקן קליינע קערעלעך...

ווער האָט עס צוגעטראכט דאָס לידל, וואָס זייער געסל האָט געזונגען, דאָס לידל, אין וועלכן יעדעס וואָרט הייבט זיך אָן מיט א „קוף"? ווען קיווע זאָל געווען דאן פאָלגן אים, זוסיען, און אויך אריבערפאָרן אהער! נאָר ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אף אזא בראָך, אף אזא היטלערן, יימאַך־שמוי.

— מאלקע די טוקערן אין באָד... געהאַט א טעווע אלע מאָל זיך נאָכ־פרעגן, וויפל איז זי שולדיק, און ווידער נעמען אף באַרג, ס׳זאָל זײַן א גלײַכער כעזשבן... זי איז, ראכמאָנע־ליצלאָן, אויך דאָרט, ווו קיווע קאָוועל מיטן הויזגעזינד, ווו דאָס גאנצע אומגעבראכטע שטעטל...

— בעניע מיט וועניען... מע האָט פון זיי קײנמאָל קײן הויך וואָרט ניט געהערט. פארוואָס איז זיי געקומען אזא שרעקלעכער טויט?

— אווראָם קאַלעטוכע, שמועל דער שוסטער, וועלוועלע בלעכער, לײַבעלע איסטעק, אָדער, ווי אנדערע האָבן אים גערופן, דאָס זיבעלע. דאָס איז געווען א קליין און שוואך יידל. ער איז שטענדיק ארומגעגאנגען מיט אן איסטעק — א דרענגל מיט אן אײַזערנעם שפיץ, מיט וועלכן מע רײַניקט אָפּ די אקערס, כאָטש אלציינס האָט קיינער פאר דעם ניט מוירע געהאַט.

מיט נאכמען דעם ווײַסן וואָלט זוסיע געוואָלט זיך איצט דורכשמועסן. וואָס וואָלט ער איצט געזאָגט, אָט דער קלוגער יידל, וואָס פלעגט פארענט־פערן אלע קאשעס? אײַ, רעב נאכמען... און אײַער אייגענע קאשע איז גע־בליבן ניט פארענטפערט...

דאָס אלטע קוויטארישל מיט די פארגעלטע, פארשמאָלצעוועטע באָטיצן... אָן אים וואָלט זוסיע זיך געפילט ביז גאָר אומהיימלעך. זאָל זײַן, ניטאָ שוין זייער שטעטעלע, ניטאָ שוין זייער געסל, נאָר בא אים אין קוויטארישל לעבט עס. יעדער שאָכן מיט זײַן שטים, מיט זײַן גענגעלע, מיט זײַן כיין און אומכיין. אלע מאָל, ווען ער נעמט בלעטערן דאָס קוויטארישל, דער־פילט ער א מאָדנע ווארעמקײַט, וואָס צעגייט זיך איבער אלע אייוורים, א ווארעמקײַט, פון וועלכער עס גיט צומאָל א וואַרג אין האלדז, ווי דאַן, ווען ער טוט אָן שימקעס היטל. נאָר אָן דעם קוויטארישל און אָן שימקעס היטל וואָלט ער זיך געפילט ווי אָן א נעשאָמע.

אָט האָט זיך באוויזן די זון. א גרויסע, ווײַטמיזרעכדיקע זון. זי מאכט עטלעכע ברייטע שפּאַן און איז שוין אָפּגעשפּרונגען ווײַט פונעם האָריזאָנט, העננגט הויך איבערן הימל, גלײַך דער באגינען אליין איז פאר איר גאָרניט ניט. זי טשמעליעט זומערדיק, בלענדט, גלײַך עס וואָלט שוין גע־ווען האלבער טאָג. באשיט און שטעכט דורך די ערד מיט מיליאָרדן אָנגע־גליטע שפיזלעך, און ציט ארויס פון איר די איבעריקע פײַכטקײַט. עס גייען אוף צום הימל אָן א שיר שיטערע רויכעלעך, פונקט ווי אין סטעפּ זאָלן ברענען טויזנטער שײַטערלעך.

און אָט איז שוין די זאַמקע...

עס רעדט זיך אזוי, זאַמקע... ס׳איז ניט פון יענע זאַמקעס, וואָס האָבן פון קאמע יאָרן א שעם אין סיביר און אין ווײַטן מיזרעך מיט זייערע פעסט אײַנגעפונדעוועטע הײַזער, טיפע קעלערס מיט אלדאָסגוטס, הויכע פאַרקנס. ס׳איז א געוויינלעך טראקטאָר־בײַדל, פון יענע הילצערנע וואַ־גאָנטשיקלעך, וואָס זײַנען אופגעקומען אינײנעם מיט די טראקטאָר־בריגאַ־דעס: א ניט איבעריקס געמיטלעך ווינונג, דורכגעזאַפּט מיט די רייכעס פון קעראָסין, בענזין און פארשיידענע שמירעכצן, א פּאָר הארטע געלע־

גערס, אַף וועלכע מע קאָן פאר א נויט איבערשלאָפן א נאכט, א וואגאָנטשיקל, אין וועלכן די ברעטער זײַנען היפש איבערגעטריקנט, האלטן אין איין קרעכצן און סקריפּען. דורך די ברייטע שפּארונעס שפּאצירן פרײַ ארום אהין און צוריק צוגווינטן. פאר פיל יאָרן האָט דאָס וואגאָנטשיקל באוויזן ארומוואקסן מיט א היפּשן אָנוואלגער פון פארזשאווערטע פלוגן, אָנצייניקע באָראָנעס, פארשטאָפּטע זייעלקעס, מיט אָן א שיר פעסלעך, רעדלעך, שרײַפעלעך און גלאט אזוי אײַזנברוך, וואָס טראָגט דעם איידעלן נאָמען — רעזערוו־טיילן. זיי פעלן שטענדיק אויס, די דאָזיקע טיילן. און כאָטש אלץ, וואָס ליגט דאָ, איז שוין לאנג אויסגענוצט, אָפּגעריבן, איבערגעברענט, צעשפּאָלטן און איבערגעבראָכן, ליגט עס און ווארט, עמעצער זאָל קומען, זיך א גריבל טאָן אין דעם און אויסקלײַבן פאר זיך דאָס, וואָס ער דארף. און מע קומט טאקע גאנץ אָפט אהער זיך גריבלען. און מע זוכט טאקע עפּעס אָפּ, וואָס קומט צוניץ. עס מוז צוניץ קומען, ווײַל אלע טראקטאָרס זײַנען פארמילכאָמעדיקע. קיין נײַע זעט מען נאָך דערווײַל ניט. פרישע רעזערוו־טיילן זײַנען אויך בעצימצעם. מוז מען דערווײַל אָפּקומען מיט דעם, וואָס איז דאָ.

פאראַן צווישן דעם פארמילכאָמעדיקן אלטווארג און צווישן די פארמילכאָמעדיקע פעטע פלעקן, וואָס האָבן דורכגעזאפּט די ערד ארום וואגאָנטשיקל, אויך עפּעס נײַס, טאקע ביז גאָר נײַס און אומגעוויינלעכס. דאָס זײַנען דער לאנגער טיש, וואָס איז שטענדיק א ריין אויסגעוואשענער און אויסגעשאָבענער, א טיש, וועלכער בליאסקעט מיט זײַנע ווײַסע, פײַן אויסגעהובליעוועטע ברעטער, און דער נאָך גלאטערער, פירעקיקער לאָקשנברעט.

די באלעבאָסטע איבער דעם טיש און איבערן לאָקשנברעט איז ליבע די קעכערן. נאָר דער אוילעם טראקטאָריסטן האָט איבערגעקרוינט איר נאָמען ווער אַף ליבעטשקע, ווער אַף ליובעטשקע. אפילע זוסיע קאָן זי שוין אויך אנדערש ניט רופן, ווי אָדער ליבעטשקע אָדער ליובעטשקע.

די קיך הייצט זיך שוין פון לאנג, דאָס טרוקענע האָלץ טראסקעט פרייטלעך אינעם אײַוועלע. באלד וועט די וואסער אָנהייבן זידן איןביידע אײַנגעמויערטע קעסלען. ליבע שטייט באם לאנגן טיש און קאטשעט אויס אפּן לאָקשנברעט א גרויסן בלאט טייג. זי טוט אים איטלעך ווײַל א הייב אוף, ווי אַף דורכלופטערן, און שמייכלט א צופרידענע דערפון, וואָס דער בויגן האָט זיך אויסגעקאטשעט ווי עס דארף צו זײַן, ניט דינער און ניט גרעבער, אָן פיפּטשיקלעך און אָן בערגעלעך. זי גיט אים ווידער א לופטער דורך, פּאטשט אים ווידער א ביסל אויס, וויקלט אים דערנאָך גלײַך צונויף, טוט א כאפּ דאָס מעסער און הייבט אָן בראָקן די לאָקשן. זי בראָקט געשווינד, מעסט מיטן אויג און מיט די פינגער די מאָס, ס'זאָל זײַן ניט ברייטער און ניט שמעלער, די פינגער פון דער לינקער האנט האלטן אין איין אָפּרוקן זיך, ווי זיי וואָלטן אנטלאָפן פונעם שארפן מעסער, נאָר דאָס מעסער אין דער רעכטער האנט האלט אין איין אָנגרײַפן, אָניאָגן, און בראָקט, און בראָקט...

עס זעט אויס, אז ליבען אליין איז געפעלן די שפּיל. זי האָט האנאָע צוקוקן נאָך אָט דער יאָגעניש און בראָקעניש. און נאָך מער האנאָע האָט

זי, ווען זי טוט אַ הייב אויף דאָס אָנגעבראָקטע און זיי גיבן אַ גלאַנץ קעגן דער זון, אַזעלכע דיבינקע, שמעקנדיקע, שלענגלען זיך, דריידלען זיך, טשעפּען זיך אָן איינס אינעם אַנדערן, פלעכטן זיך איבער אין אַן אויסטערלישן געפלעכט פון אָן אַ שיר קרײַזעלעך און דריידעלעך, הענגען אַזוי אינדערלופטן, גרייט אוועקצופליען, ביז זי גיט מיט זיי אַ טרייסל — אַ וואָרף אויף רעכטס, אַ וואָרף אויף לינקס — און לייגט זיי אויס אויפן טיש אין גלײַכע, איבערגעפלאָכטענע רייען, זיי זאָלן אַ ביסל זיך צוטריקענען. באַלד וועט זי אַרײַנשיטן די לאָקשן אין דעם זודיקן וואַסער און אָנגיסן די מילך אינעם צווייטן קעסל. דערנאָך וועט זי אַרויסכאַפּן און איבערזײַען די לאָקשן, אַרײַנוואַרפן זיי אין דער מילך, אַרײַנשיטן אַהין אַ ביסעלע צוקער, און די טראַקטאָר־בריגאַדע קאָן זיך זעצן פרישטיקן.

לאָקשן מיט מילך!

אַן עמעסדיק יאָמטעוודיק מײַכל! אַמאָל, אין שטעטל, האָט מען עס געקאָכט איין מאָל אין יאָר, אויף שוועס. ווער האָט דאַן זיך געקאָנט דערלויבן אַלע טאָג מילכיקס? דאָ איז מילך אַליין אַ גאַנץ וואָכעדיקע זאַך, קימאַט אין יעדער הויף איז דאָ אַ קו, נאָר לאָקשן מיט מילך? ווער האָט עס צײַט האָבן צו טאָן מיט זיי? ווײַבערשע הענט זײַנען פאַרנומען פון באַגיבען ביזן אָוונט מיט פיל בילכערע זאַכן. זיי דאַרפן מעלקן די קי, פאָליען די אייגענע גערטענער, דורכיעטן די קאָלווירטישע פּאַפּשוי און זונרויזן, אַראָפּנעמען דאָס קאָלווירטישע גאָרטנוואַרג, גראָבן די קאַרטאָפל, דערנאָך... און אַזוי אַ גאַנץ יאָר. ווײַבערשע הענט זײַנען שוין אָפּגעוווינט פון אַזאַ איידעלער אַרבעט, ווי בראָקן לאָקשן. מיט דער מילך באַגייט מען זיך גאַנץ פּראָסט. אַמאָל זידט מען זי אויף, און אַמאָל פּראַוועט מען די וועטשערע מיט רויער מילך. נאָר קאָכן לאָקשן מיט מילך? ווידער טאַקע נאָר אין אַ יאָמטעוו. האָט אַלעמען אויסגעזען אומגעוויינלעך־געשמאַק און אומגעוויינלעך־יאָמטעוודיק זייער וואָכעדיקער פרישטיק.

לאָקשן מיט מילך!

וועגן דער קעכערן אַליין, וועגן ליבעטשקען, האָבן די טראַקטאָריסטן צווישן זיך ניט גערעדט, גלײַך ס'איז פאַרווערט געווען אַרויסברענגען איר נאָמען הינטער די אויגן. בלויז אין איר אָנוועזנהײַט. און אַרויסגעבראַכט געוואָרן איז איר נאָמען אַזוי, עס זאָל באַ קיינעם, און פריִער פאַר אַלץ באַ ליבעטשקען אַליין, ניט אַרויסרופן קיין כשאַד.

— אַ גוט־מאָרגן, ליבעטשקע.

און נאָך דעם, ווי דאָס שיסעלע וועט אויסגעלעקט ווערן ביזן לעצטן טראָפּן:

— אַ דאַנק, ליבעטשקע.

און זי, די כיינעוודיקע יונגע ליבעטשקע, האָט יעדן געענטפערט שמייכלדיק־פאַרטראַכט, בענימעסדיק־שטרענג און גאַסטפרײַנטלעך־צוגעלאָזט. און אַלץ מיט אַזאַ מינע, גלײַך איר שמייכל און איר פאַרטראַכטקײַט, איר שטרענגקײַט און צוגעלאָזטקײַט האָט אַ שײַכעס ניט צו די טראַקטאָריסטן און בכלל ניט צו דעם, וואָס אַרום, נאָר צו עפּעס אַנדערש און צו עמעצן אַנדערש, צו אַזוינס, וואָס איז זייער ווײַט פונדאַנען. די יונגע כיי־

נעוודיקע ליבעטשקע האָט געהאַלטן פאַרבאָרגן א טיפן סאָד אין אירע גרויסע שווארצע אויגן, ווי ניט קיין היגע.

דער טיפער פאַרבאָרגענער סאָד איז געווען ברייַנעלע, דאָס פינפיאָריקע מיידעלע, וואָס קומט איינעם מיט איר צו דער זאַמקע א גרויסן פאַרטאָג און דרייט זיך ארום איר א גאַנצן טאָג ביז שפעט אין אָוונט. כאָטש קיינער ווייסט ניט אף פינקטלעך, איז עס איר קינד, צי א שוועסטערל, צי עפשער אפילע קיין שוועסטערל אויך ניט, ווייַל ס'איז מיט גאָרניט ניט ענלעך אף איר, אף ליובעטשקען. דאָס פּענעמל לויכט זיך מאַמעש דורך, די הערעלעך — ווי פלאַקס, און דאָס נעזל!.. זאָל זייַן, אז ליבע האָט אומיסטן צוגעטראַכט, אז דאָס איז אירס א טעכטערל?

אָנגעגאָסן איטלעכן א טעלער לאָקשן מיט מילך, בלייַבט ליבע שטיין א ביסל אין א זייַט. זי שטייט אָנגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס צום וואַגאָנטשיקל, די הענט פאַרלייגט איבערן קורצן, ציכטיקן פאַרטעכל, און קוקט צו, ווי די כעוורע זופּן געשמאַק די לאָקשן מיט מילך, און שמייכלט צופרידן, וואָס דאָס מייַכל איז אלעמען געפעלן. דאָס שמייכעלע אירס מאַכט דעם פרישטיק נאָך מער באַטאַמטער. נאָר זייער זעלטן זעט מען זי שמייכלען. אירע אויגן זייַנען אָפּט איבערגעלאָדן מיט עפּעס זייער ווייטעקלעכן. עפּעס ברויזט אין זיי, קוייקלט זיך דאָרטן טיף אינווייניק, און עס דוכט זיך, אז באַלד וועט געשען עפּעס אַזוינס... ס'האַלט דערבייַ, אז זי קאָן אינמיטנדרינען זיך א ריס טאָן און אוועקלויפן.

ווייסן שוין אלע, אז ערעוו אַזאַ שטורעם מוז זייַן שטיל. מע דאַרף שטיל אָפּעסן און שטיל אוועק. אַמאָל אפילע אָן א דאַנק און אָן א גלעט ברייַנעלען איבערן קעפּעלע. אלעמען דוכט זיך דאַן, אז ליבעטשקע שטייט לעבן וואַגאָנטשיקל און קוקט ארויס אף עמעצן, וואַרט מיט אומגעדולד אף דעם, פאַר וועמען זי האָט איבערגעלאָזט דאָס לעצטע ביסל לאָקשן מיט מילך.

קיינער וואַגט ניט עפּעס פרעגן באַ איר. ווי פרעגט מען וועגן דעם, וואָס לאָזט זיך ניט איבערדערציילן מיט ווערטער, ווי דערציילט מען עס איבער א ליבע, וואָס האָט געדויערט ניט מערער, ווי א כוידעש, און מאָלט זיך אין זיקאָרן, ווי איין אויגנבליק, ווי א בליץ, וואָס האָט א בלענד געטאָן און ניט געסטייַעט, ווי א כאָלעם, וואָס איז אין איין אויגנבליק פאַרשוווּנדן. אין מייַ איז געווען די כאַסענע, און דעם צוויי־און־צוואַנציקסטן יון איז איר פּייַוועלע אוועק אף דער מילכאָמע, דאָס גאַנצע לעבן זייערס איז אוועק אף דער מילכאָמע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַזוינס, צו וואָס זי קאָן ביז הייַנט ניט צוטראַכטן קיין פּאַסיק וואָרט. קיין לעבן איז דאָס ניט געווען. ווי קאָן מען אָנרופן מיט אַזאַ וואָרט יענע יאָגענישן און לויפענישן, יענע שיסערייַען און גוואַלדן, יענעם אומדערטרעגלעכן הונגער און די מוירעדיקע קעלטן? דאָס אלץ האָט געהייסן געטאָ. א שטעטעלע צווישן הויכע בערג און שפּיציקע פעלדזן, זי ווייסט אליין ניט, וויאַזוי זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט אהין.

א סאַך זאַכן קאָן זי ביז הייַנט ניט פאַרשטיין, ווי האָט זי עס אין אַזאַ צייַט זיך געקאָנט פאַרגינען געבוירן א קינד? זי איז ארומגעגאַנגען די לעצטע טעג, ווי א צעדולטע, אליין ניט געוווּסט, וואָס מיט איר קומט פאָר. ווען

זי זאָל געווען זײַן בא די געדאנקען, וואָלט זי ניט אויסגעהאלטן אזא שווערן, אזא שרעקלעכן קימפּעט אין אײנער פון די פארשנייטע ווינטער־דיקע נעכט, ווען אין יעדער ווינקעלע פון זייער ענגן שטיבל איז געווען פול מיט פראָסט.

און ערשט דערנאָך... אזוינס לייגט זיך טאקע ניט אפן זינען. ביז דער כאסענע און ביזן קימפּעט איז זי געווען ניט פון יענע מיידלעך, אף וועלכע יינגלעך פארקוקן זיך. זי ווייסט אפילע ניט, מיט וואָס האָט זי עס געהאט אזוי אויסגענומען בא איר פּײַוועלען. נאָר נאָכן געבוירן... עפּעס נאָר ווי אפצולאָכעס האָט זי זיך צעבליט, ווי נאָך א גווירישן קימפּעט, ווען מע פילנעווועט אלע טאָג מיט ייַכעלעך. דאָס פּאָנעם האָט זיך בא איר אויס־געקײַלעכיקט, די כיין־גריבלעך נאָר אף צו פארקוקן זיך אף זיי, און די אויגן האָבן געגלאנצט מיט א מאָדנער שײַן. עפּעס גאָר ווי אן אָנשיקעניש. די מאמע אירע איז פון שרעק ארומגעגאנגען ווי א פריטשמעליעטע, מיט פארבראָכענע הענט און געשעפּטשעט אלץ צו זיך אליין. יעדן גאנצפרי בא־קוקט, ווי דאָס טעכטערל ווערט וואָס א טאָג שענער. האָט זי פארהויבן די הענט ארוף מיט א טײַנע צו גאָט:

— גאָטעניו, פארוואָס קומט אונדז אזא שטראָף? מיט וואָס האָבן מיר עס אזוי פארזינדיקט? פונוואנען האָט זיך גענומען אף אונדז אזא אָנשיקע־ניש?

זי, ליבעטשקע, האָט עס אוואדע ניט געוווסט. ס'האָט איר נאָר באנק געטאָן, וואָס איר פּײַוועלע זעט ניט איר איצטיקע שיינקייט. ער האָט זי דאָך ליב באקומען, ווען זי איז געווען ווײַט ניט אזא, ווי זשע וואָלט ער זי איצט ליב געהאט? און די מאמע אירע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ביי־זער, פארביסענער.

— ווײ איז מיר, גאָטעניו, נאָך שענער ווי נעכטן!

— ליבע, איך וועל דיר דאָס פּאָנעם אויסדראפּען!

— ליבע, איך וועל דיך מיימעסן!

— ווײ איז מיר! א קלאָלע פון גאָט!

אוי, די מאמע! אליין איז זי שוין געווען אויסגעדארט, הויט און ביין. דאָס ביסעלע קליידונג, די שמאטעס האָבן ניט געהאט אף וואָס צו האלטן זיך. און ס'איז געווען בא איר בלויז איין דײַגע: אויסבאהאלטן ליבען פון א גוט־אויג און פון א בייז אויג. דאָס בייזע האָט נאָכגעטשאטעוועט אף יעדן טריט. און סאָפּקאָלסאָף איז עס דערגאנגען צום רומענישן קאָמענ־דאנט.

דער קאָמענדאנט איז געווען אן אָפּגעבליאקעוועטער, אן אָפּגעקראָכע־נער „דאָמנולע לאָקאָטינענט"[1], שוין א היפּש פעמפּיקעוואטער, מיט א ביסל אויסגעקרימטע פיס און מיט שטענדיק שיקערלעכע אויגן. די סאמע גע־פערלעכע צײַט פון טאָג איז געווען די שאָ נאָך מיטיק, ווען דער קאָמענ־דאנט פלעגט זיך דורכשפּאצירן איבערן שטעטל. ער האָט שטענדיק געפּוי־נען צו וואָס צוטשעפּען זיך. דער גייט ניט אזוי, דער שטייט ניט אזוי, דער האָט ניט אזוי זיך פארנייגט. די, וועלכע האָבן זיך ארײַנגעפּאקט אין זײַנע

[1] הער לייטענאנט.

הענט, זײַנען געמײמעסט געוואָרן. עס האָט אים ניט געקימערט, וואָס עס ווערן גלײַך פֿאַרהאַקט אַלע טירן און פֿענצטער. פֿאַרקערט, ער האָט האַנאָע דערפֿון, פֿאַר אים זײַנען קיין פֿאַרשלאָסענע טירן ניטאָ! ער קאָן אַרײַנקומען וווּהין ער וויל נאָר. און ער איז אַרײַנגעקומען, ווי שטענדיק נאָכן מיטיק, היפּש שיקערלעך, געבליבן שטיין, ווי געפּלעפּט, בײַ דער טיר און גענומען באַלעקן די ליפּן:

— אָ, דאָמישאַראָ![1]

ביז דאַן האָט קיינער ניט געזען, דער קאָמענדאַנט זאָל אַמאָל אַ שמייכל טאָן. איצט איז דער שמייכל זיך צעקראָכן איבערן גאַנצן פּאָנעם, געמאַכט אים בײַז גאָר צוגעלאָזט און ניט ווייניקער נאַרישעוואַטע.

— וועסט קומען הײַנט אין אָוונט אופֿראַמען די קאָמענדאַטור.

און שוין ניט צו ליבען, נאָר צו דער מאַמען אירער, און שוין אָן יענעם שמייכעלע:

— געדענק, דאָמנולע, פּינקטלעך צען אַזייגער אין אָוונט.

נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף ליבען און נאָכאַמאָל אַ שמייכל געטאָן. און יענער שמייכל... אַלע מאָל, ווען ליבע דערמאָנט זיך אין אים, גייט איר איבער אַ גרויל איבערן לײַב.

די מאַמע האָט דאָס מאָל ניט פֿאַרהויבן די הענט צום הימל. זי האָט גענומען קלאַפּן זיך מיט די פֿויסטן אין קאָפּ און זיך אַ וואָרף געטאָן דערנאָך מיט די פֿויסטן אויף ליבען.

— מאַמע, וואָס טוסטו?

— ס'איז איבער דיר, דער ניטגוטער!

האָט, הייסט עס, די מאַמע אַליין אויך געגלייבט, ווי אַ טייל שכנים, אַז מיט איר איז געשען אַ קישעף, אַז דאָס איז דער ניטגוטער.

— מאַמע, מאַמע! — ס'איז שוין געווען ניט קיין געשריי, נאָר אַ כלײַפּערײַ, אַ שטילע כליפּערײַ, מיט אָן אַ שיר שלוקערצן, און ניט אַזוי פֿון די קלעפּ, נאָר פֿון דער מאַמעס קלאָלעס.

די מאַמע טוט אַ כאַפּ אירע לאַנגע, צעפּאַטלטע האָר, גרייט אַרויסרײַסן זיי, נאָר די הענט אירע... זיי האָבן מיטאַמאָל ווי אָנגעווירן דאָס לעצטע ביסל קויעך. די פֿויסטלעך האָבן זיך צעעפֿנט, און די פֿינגער האָבן אָנגעהויבן זיך גליטשן איבער די האָר, ווי ניט קיין לעבעדיקע, דערנאָך איז די מאַמע אַ פֿאַל געטאָן אויף דער ערד און אָנגעכאַפּט אירע פֿיס, זיי אַרומגענומען מיט ביידע הענט און שטיל געוויינט, ווי זי זאָל געווען אינגאַנצן האָבן אָנגעווירן די שטים:

— גאָטעניו, טראַכט עפּעס צו, גאָטעניו!..

— מיר וועלן אַנטלויפֿן, מאַמע, — האָט ליבע געמאָלדן.

— וווּהין? וווּהין וועלן מיר אַנטלויפֿן?

— אין די סקאַלעס.

און קעדיי זיך אַליין איבערצײַגן אין דעם, דערווײַזן זיך, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ, איבערגעכאַזערט נאָך העכער:

— אין די סקאַלעס!

---

[1] אָ, פֿרײַלן!

30—1497

ס׳איז געווען אַן אומזין. נאָר ווי האָט מען אין יענער צײַט געקאָנט צוטראַכטן, געפֿינען אָדער אופֿטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זײַן אַנדערש? דער גאַנצער אַרום, דאָס גאַנצע לעבן איז געווען פֿול מיט אומזין... האָט די מאַמע, גלײַך ס׳איז צוגעטראַכט געוואָרן זייער אַ קלוגע זאַך, אַרויסגעבראַכט אַ באַרויִקטע:

— טו, טאָכטערוניע, ווי דו פֿאַרשטייסט...

יענע קרירעדיקע און הונגעריקע מעסלעסן צווישן די פֿעלדזן און קרײַד־גריבערן.. ס׳איז געווען פֿריִער פֿרילינג, און די שטייגער, די קרײַד־ווענטלעך האָבן געטעמט מיט פֿײַכטער, עסעריקער קעלט, וואָס האָט געבראָכן די ביינער. און דאָס פּיצעלע... ליבע פֿאַרשטייט ביז הײַנט ניט, ווי אַזוי האָט דאָס אַלץ געקאָנט געשען. פֿאַרוואָס האָט מען זיי ניט געזוכט און פֿאַרוואָס האָט מען זיי ניט געפֿונען. צי האָט דער קאָמענדאַנט באַוויזן גוט אָנטרינקען זיך ביז צען אַזייגער און פֿאַרגעסן אין אַלץ, צי ס׳איז קיינעם אפֿן זינען ניט געקומען, אַז זיי האָבן זיך געקאָנט לאָזן אַף אַזאַ ריזיקע, מיט אַ קליין פּעקעלע שמאַטעס, מיט אַ פּאָר פֿאַרצוויטעטע סעכערלעך און מיט עטלעכע רויע קאַרטאָפֿל. און אין יענער באַכט... טאַקע אין יענער ערשטער נאַכט, ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן און ס׳האָט מיט זיי ניט אופֿגעהערט מאָרדעווען פֿון קעלט און פֿון שרעק, האָט די מאַמע אַרויסגענומען פֿונעם קלומעקל דאָס שערל און אַפּגיך אַ גיי געטאָן מיטן שערל איבער אירע לאַנגע, ניט פֿאַרפּלאָכטענע צעפּ. די האָר האָבן שווער אַ פֿאַל געטאָן לעבן איר, זיך צעפּויזעט, ווי לעבעדיקע, און דערנאָך אײַנציקווײַז, אײַנציקווײַז זיך צעפֿלויגן, אַהין אַראָפּ, פֿונוואַנען ס׳האָט צו זיי אַרויסגעקוקט אַ טיפֿע, מוירעדיקע פֿינצטערניש. די מאַמע האָט אַלץ געשוירן, געסטאַרעט זיך אָפּהוילן דעם קאָפּ אירן אַזוי, אַז עס זאָל בלײַבן בלויז פֿלאַכע, קרומע טרעפּעלעך, ווי בײַ אַ מענטשן נאָך אַ שווערער קרענק. דערנאָך האָט די מאַמע מיט צאָרן אַ שלײַדער געטאָן דאָס שערל אין טיפֿן אָפּגרונט, אַהין, וווהין די האָר זײַנען אַראָפּגעפֿלויגן, און פֿאַרהויבן די הענט אַף אַרויף:

— גאָטעניו, זאָלסט עס אונדז פֿאַרעכענען.

איר פֿאַרענדערטקײַט האָט ליבע צוערשט ניט באַמערקט, זי האָט נאָר געפֿילט, אַז ס׳איז איר מוירעדיק קאַלט געוואָרן אין קאָפּ און די קעלט איז אַזאַ אומגעווייִנלעכע, ווי דער מאַרך וואָלט ביסלעכווײַז פֿאַרגליווערט ווערן. זי האָט אַלץ געפּירט מיט די הענט איבער די שטעכיקע טרעפּלעך, פּונקט זי זאָל וועלן איבערצײַגן זיך, אַז דער מאַרך האָט נאָך אַ שטיקעלע דאַך איבער זיך, געריבן די קורצע הערעלעך, ביז זי האָט דערפֿילט אַ ביסעלע וואַרעמקײַט.

צוליב דעם פּיצל קינד, וואָס האָט אָנגעהויבן פֿאַרפֿרוירן ווערן, האָבן זיי געמוזט זיך אַרויסקלײַבן פֿון די פֿעלדזן.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען ליבע האָט אין איינער אַ שטוב זיך דערזען אין שפּיגל, האָט זי זיך ניט דערקענט. בײַ איר איז געווען אַ פֿאַרקוילט פּאָנעם, אַ פֿאַרשפּיצטע נאָז און אַרויסשפּאַרנדיקע אויגן. דער אָפּגעשוירענער קאָפּ מיט די פּילצאָליקע קרומע טרעפּלעך האָט איר צוגעגעבן עפּעס מאַלפּעדיקס. פֿון איר פֿריִערדיקער שיינקײַט איז קיין סימען ניט געבליבן.

אזוי האָבן זיי אַרומגעבלאָנדזשעט דורך די נעכט, פֿון דאָרף צו דאָרף. ניט שטענדיק האָט מען זיי געלאָזט איבערנעכטיקן. מע האָט מוירע געהאַט. די מאַמע האָט שוין קוים געזיפֿעט. אין איינער אַ קאַלטער און הונגעריקער נאַכט האָט די מאַמע זיך אָנגערופֿן צו איר:

— טאָכטערוניע, זײַ מיר מויכל.

— וואָס רעדסטו, מאַמע?

— זײַ מיר מויכל, טאָכטערקע. איך ווייס, אַז... — און פּלוצעם שוין מיט האַלב־פֿאַרגלאָצטע אויגן און מיט אַ שרעקלעך פֿאַרקרימט פּאָנעם שטיל אַרויסגעבראַכט: — אוי, וואָלט איך איצט... אַ ביסעלע... אַ ביסעלע לאָקשן מיט מילך...

זוסיע קריכט אַראָפּ פֿון וואָגן, גלײַכט אויס די ביינער און טוט אַ פֿיר מיטן בײַטש־שטעקל איבער די קריזשעס, ווו עס ליגן פֿאַרטײַעט עטלעכע שטעכעניש. דערנאָך צוימט ער אויס די פֿערדלעך, וואַרפֿט זיי צו אַ ביסל צוגעוויאַנעט גראָז, טוט אַ פֿיר מיט דער האַנט איבער דעם פֿליכעוואַטן בערדל און נעמט באַטאַפּן אַלע קעשענעס אויף אָפּזוכן די ברילן. איצט קאָן ער שוין אַרויסבאַקומען זײַן קוויטאַרישל און אַ בלעטער טאָן. ערשט דער־נאָך גיט ער אַ טראַכט, אַז דאָס איז אַן איבעריקע זאַך. פֿאַר די צוויי רעגנ־דיקע טעג האָט מען גאָרניט ניט פֿאַרזייט, גאָרניט ניט אופֿגעאַקערט, און דאָס, וואָס איז אופֿגעטאָן געוואָרן אייערנעכטן, ווייסן שוין אַלע. נאָר ווי־באַלד ער האָט אַרויסבאַקומען דאָס סײַפֿערל, מוז ער עס שוין אַ בלעטער טאָן. איבערגעמישט אַ פּאָר זײַטלעך און גלײַך דערזען: מוישע־באָרעך דער לאַנגער!

ער שטייט פֿאַר אים ווי אַ לעבעדיקער. מוישע־באָרעך אַליין איז גאָר ניט געווען אַזוי לאַנג, לאַנג זײַנען געווען די פֿיס און נאָך לענגער די הענט און גאָר מוירעדיק לאַנג — די באָרד. ס׳האָט זיך באַקומען אַ קליין מוישע־באָרעכל אויף שטאָלצן.

נאָר אופֿשטעלן איז זיכער די געשיכטע, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט מוישע־באָרעכן, אַ געשיכטע, וואָס האָט זיך געטראָפֿן, ווי מע זאָגט, זעקס וואָכן הינטער וואַרשע, פֿון וועלכער אַלע באַ זיי אין שטעטל האָבן גע־לאַכט, אויף דעם האָט שוין זוסיע קיין צײַט ניט.

— אַ גוטמאָרגן, ליבעטשקע. באַ דיר קאָכט זיך שוין? — פֿרעגט ער מיט אַ שמייכל.

— עס קאָכט און עס זידט, פֿעטער זוסיע, — ענטפֿערט זי אָפּ און טוט אויך אַ שמייכל.

— און ברײַנעלע איז שוין אויך דאָ? — פֿרעגט זוסיע.

— ווו דען זאָל זי זײַן?

— צו פֿרי וועקסטו זי. כ׳האָב דיר דאָך געזאָגט...

נאָר דאָס, וואָס זוסיע האָט געזאָגט, איז פֿון יענע זאַכן, וועגן וועלכע ס׳איז שווער צו רעדן. בלײַבט עס אַלע מאָל שטעקן ניט אַהין און ניט אַהער. זוסיע טוט אַ גלעט ברײַנעלען איבערן קעפּל. ברײַנעלע זשמורעט

די אויגן, נאָר ניט פון דער זון, נאָר פון זוסיעס ברילן. זוסיע נעמט ווידער באַטאַפּן די קעשענעס און באַקומט אַרויס אַ לעקעכל.

— נאַ, ברײַנעלע, — דערבײַ קומט אים אויף אַ געדאַנק, אַז ווען שימקע זאָל געווען בלײַבן לעבן, וואָלטן זיי קיין בעסערע שנור זיך ניט געווונטשן. ער וואָלט שוין געווען אַ זיידע, זײַן זעלדע אַ באָבע...

פון צווישן דער קופּע אײַזנוואַרג גיט זיך אַ שטעל אַרויס אַ הויכער, דאַרלעכער יונגערמאַן. באַם טראַקטאָר איז ער נאָך ניט געווען, נאָר ער איז שוין פון קאָפּ ביז די פיס אין שטויב און אין זשאַווער. אין איין האַנט האַלט ער עפּעס אַ רעדל, זעט אויס ניט קיין גרינגס, און אין דער צווייטער אַ פּולע זשמעניע מיט שרײַפלעך.

— ווידער ער? — טוט זוסיע אַ ווײַז מיט די אויגן.

— ווער דען? — אַזוי דאַרף באַטײַטן ליבעס שמייכעלע.

— וואָס טוסטו דאָ אַזוי פרי, יאָסקע? — פרעגט זוסיע אַ ביסל בייז־לעך, גלײַך ער האָט אַפּאַנעמעסן רעכט בייזערן זיך אָדער ווײַזן, אַז ער איז מיט עפּעס ניט צופרידן.

— איר ווייסט דען ניט? — פאַרענטפערט זיך יאָסקע. — מײַן קליאַטשע! אַלע טאָג דאַרף מען זי אונטערלאַטען. דאָס וואַרט איך טאַקע אויף אײַך. איר וועט מיר צופירן דאָס ביסל אײַזנברוך צום טראַקטאָר?

— עך, יאָסקע, יאָסקע...

אַלע ווייסן, אַז יאָסקע האָט געוואָרפן אַן אויג אויף ליבען. זיי זײַנען ביידע יונג. נאָר זוסיע האַלט, אַז דאָס איז ניט קיין גלײַכע פּאָר. כאָטש, אויב מע וויל צוריק, וואָס קאָן ער האָבן קעגן אים? יאָסקע האָט זיבן מאָל געברענט אין זײַן טאַנק, נאָר אַרויס אַ לעבעדיקער. און זײַן שימקע איז פאַרברענט געוואָרן. נאָר גראָד ניט דערפאַר, פאַרקערט... כאָטש ווידער דאָס זעלבע... וואָס „דערפאַר" און וואָס „פאַרקערט"?

— מעג מען שוין דערלאַנגען דעם פרישטיק?

דאָס פרעגט ליבע, און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, שטעלט זי אוועק אַפן טיש איין שיסעלע, אַ צווייטס, דערנאָך שטעלט זי שוין אַרויס אַלע שיסעלעך. דער אוילעם הייבט אָן צוקומען און יעדערער מאַכט דער־בײַ אַ מינע, ווי מע וואָלט געקומען אַהער ניט צוליב די לאָקשן, נאָר צו־ליבן אײַזנוואַרג, ווו יעדערער מוז עפּעס אָפּזוכן פאַר זײַן קליאַטשע. ס'איז אַ ביסל יאָ אַזוי און אַ ביסל ניט אַזוי, נאָר ווי דאָס זאָל ניט זײַן...

— אײַ, אַ מײַכל. אַ יאָמטעוודיק מײַכל!

— אַ דאַנק, ליובעטשקע!

און יעדער אומבאַדינגטער קלונג מיטן לעפל אין שיסעלע, אַ סימען, אַז דאָס מײַכל איז אויסגעלעקט געוואָרן ביזן לעצטן טראָפּן, און יענץ ראַ־שיקע אַרויסשפּרינגען פונעם טיש, גלײַך ערגעץ ברענט און מע מוז שוין לויפן.

— כאָנע איז הײַנט נאָך ניט געווען? — פרעגט זוסיע בא ליבען, ווען יאָסקע לויפט אויך אוועק.

— ניין, — ענטפערט זי אָפּ און סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס, אַז קיינער זאָל עפּעס ניט באַמערקן אויף איר פּאָנעם.

כאָנע איז שוין עפּעס אַנדערש. פאַר כאָנען וואָלט זוסיע שוין הײַנט

פארקנאסט ליבען. ווײַל כאָנען קומט עס, כאָנע האָט עס פארדינט, יאָסקע וועט זײַנס נאָך אָפּזוכן, אָבער כאָנע? דאָס איז דאָך אומדערהערט.

דערמיט מיינט ער ניט אזוי כאָנען, ווי זײַן געוועזענע פרוי, פאניעטשקען. ס׳האָט איר אזוי אָפּגעגליקט — איר כאָנע האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע א לעבעדיקער, א געזונטער, מיטביידע הענט און פיס. איז פריי זיך! דאנק גאָט און בענטש יעדן נײַעם טאָג דײַנעם! האָט זי זיך אײַנגעשפּארט, זי וויל אין שטאָט ארײַן. זי קאָן מער ניט אויסהאלטן פון די רעגנס און זאווערוכעס.

טײַנעט מיט איר כאָנע:

— די רעגנס זײַנען דאָך אונדזער ברויט, אונדזער גליק...

— זאָלן אנדערע האָבן צו טאָן מיט דער גערעטעניש. איך פארגין זיי די גליקן.

— ווער זײַנען עס די אנדערע, ווו וועלן זיך נעמען אנדערע? — טײַנעט כאָנע. — געדענקסט דעם ערשטן זומער, ווען מיר זײַנען געקומען אהער? יענעם שרעקלעכן גוסרעגן! אלץ איז געשווומען: די פעסלעך מיט ברענשטאָף, די טראקטאָרס און מיר אליין אויך. א לעבן דאָ אויסגעבויט, ווי קאָן מען דאָס איבערלאָזן?

— מײַן דײַגע!

— וועמעס דען?! — האָט כאָנע זיך שוין אפן פולן קאָל צעשריִען.

געטײַנעט אהין, געטײַנעט אהער, געשפּארט זיך און געקריגט זיך, ביז איינעם אן אָוונט, ווען כאָנע איז געקומען פון סטעפּ אהיים ארום א האַלבער נאכט, האָט ער געטראָפן אפן טיש א צעטעלע פון זײַן פאניעטשקען. אזוי און אזוי. זאָל ער זי ניט זוכן, זי וועט זיך אײַנאָרדענען, וועט זי פארנעמען צו זיך גאָלדעלען.

— קאָנסט וואַרטן! — האָט ער אויסגעשריגן צו די פּוסטע ווענט. — גאָלדעלען וועל איך דיר ניט אָפּגעבן!

— און זאָלסט זי ניט געבן! — דאָס זאָגט שוין זוסיע אליין פאר זיך, ווען ער דערמאָנט זיך אין כאָנען.

מיט כאָנען באקומט זיך בא זוסיען גאָר אן אנדער כעזשבן. ליבע איז אן אלמאָנע, און כאָנע איז א שטרויענער אלמען. בא כאָנען איז דאָ א מיידעלע, וואָס דארף האָבן א מאמע, און בא ליבען איז דאָ א מיידעלע, וואָס דארף א טאטן. בא זוסיען איז אלץ אויסגערעכנט, אָפּגעוווויגן און אָפּגעמאָסטן. איין זאך אָבער — קיינער פרעגט בא אים קיין אייצעס ניט.

אלץ, וואָס די כעוורע האָבן אָפּגעקליבן פאר זייערע „קליאטשעס״, ליגט שוין בא זוסיען אפן וואָגן. מעג ער, אויב אזוי, פארצוימען די פערדלעך און נעמען אין דער האנט דאָס בײַטשל.

— איר וועט ערגעץ זען כאָנען, זאָגט אים, ער זאָל וואָס גיכער קומען אָפּעסן. איך קאָן לאנג ניט ווארטן, מע דארף אינגיכן צושטעלן דעם מיטיק.

זיי האָבן זיך שטארק פארבענקט איינער נאָכן אנדערן, דער סטעפּ נאָך דער זון און די זון נאָכן סטעפּ. פרייען זיי זיך, שפּיגלען זיך, ביידע גוט אויסגעוואשענע, אויסגעשווענקטע אין עטלעכע ווארעמע רעגנס, אָפּגע־

פרישטע און מונטערע. ארום־און־ארום — יענע דורכזיכטיקע זויבערקײַט, ווען אלץ זעט זיך אָפּ מײַלן און הערט זיך אָפּ מײַלן. עס הילכט איבערן סטעפּ א הודזשערײַ פון טראַקטאָרס. זייערע אופגערודערטע שטימען קרייצן זיך צומאָל איבער, און צומאָל טראָגן זיי זיך אום באנאנד — זאלבעדריט, זאלבעפינפט, און עס באקומט זיך א כאָר פון גרילצנדיקע, טראסקענדיקע, כריפּענדיקע און קוויטשענדיקע קוילעס. זיי טראָגן זיך אום איבערן סטעפּ, גלײַך זיי וואָלטן זוכן דעם, וועלכער פארשטייט גוט זייערע ניגונים, וועלכער קאָן גלײַך זיך אָנשטויסן, וואָס איז זייער מיין: בא וועמען גייט עס טאקע ווי א מיזמערל און וועמען קוועטשט עפּעס.

און ווער נאָך קאָן זיי אזוי גוט פארשטיין, ווי כאָנע דער בריגאדיר? ער שפּאנט איבערן סטעפּ, וואָס איז נאָך ניט אינגאנצן צוגעטריקנט, עס קלעפּט זיך נאָך די בלאָטע צו די שטיוול.

כאָנע איז פון קאָפּ ביז די פיס נאָך אלץ א מיליטערישער. ער האָט זיך נאָך ניט צעשיידט מיט זײַנע קירזעווע שטיוול, מיט זײַן אָפּגעבליאקעוועטער גימנאסטיאָרקע און אויסגעריבענע הויזן. ער וועט דאָס אלץ אינגיכן פארבײַטן אָף ציווילע. נאָר פון אָט דעם בלווילעכן פּאס אָף דער רעכטער באק, פון יענעם קרומלעכן פּאסיקל, וואָס הייבט זיך אָן ארום די ליפּן און פארקריכט אזש אונטערן אויער, וועט אים שוין ניט אויסקומען זיך באפרײַען. די דאָקטוירים, וואָס האָבן אים צונויפגעשטעפּט די באק, האָבן אים בארויקט, אז צום שידעך וועט דאָס אים ניט שאטן. אזוי צי אנדערש, נאָר דאָס וועט שוין בלײַבן בא אים אָף שטענדיק. כאָנע שפּאנט מיט זײַן ברייטן טראָט, שטעלט זיך אלע מאָל אָפּ, הערט זיך אײַן, ער זאָל קלאָרער פאנאנדערקלײַבן דעם געמיש פון די פארשיידענע קלאנגען, פארשטיין, וואָס פארלאנגען זיי פון אים. אָט, זאלמענקעס אלטער „נאטיק”. פאר דער מילכאָמע האָט ער אליין געארבעט אָף אים. ער קרעכצט אונטער א ביסל, פּיכקעט, סאָפּעט, ס'איז אים, זעט אויס, שווערלעך, נאָר ער גייט, ער גייט! אָט, זיך אויסגעהוסט, אויסגעשלוקערצט און זינגט ווײַטער. און וואָס איז דאָס? שימקעס „טשעטעזע”. אזוי רופן אים אלע אין קאָלווירט, און בא דעם נאָמען וועט ער שוין געוויס בלײַבן אָף שטענדיק, כאָטש איצט ארבעט אָף אים מיכאיל, נאָך גאָר א יונגער יאט. וועמעס טראקטאָר האָט זיך עס דאָרט אזוי צעכאָרכלט, גלײַך ס'איז אים געבליבן שטיין א ביין אין האלדז? נו, יאָ, ס'איז בא יאָסקען... זײַן טראקטאָר!

דארף מען פארקערעווען אהין. און כאָנע נעמט טראכטן וועגן דעם, וועגן וואָס ער וויל גראָד ניט טראכטן. ער קאָן זי ביז הײַנט ניט פארשטיין, זײַן פאניען. אָף אזא קלאפּ האָט ער זיך ניט געריכט. ער סטארעט זיך די גאנצע צײַט אויסקלאָרן, אופשטעלן אין זיקאָרן זײַן פארמילכאָמעדיקע פאניע. וואָס איז געווען אין איר אזויבס, וואָס ער האָט ניט באוויזן באמערקן און וואָס איז מיטאמאָל ארויסגעשפּרונגען? עפּשער... סײַדן... נאָר אָט דער „עפּשער” מיט אָט דעם „סײַדן” וועט שוין גאָרניט ניט ענדערן. די מילכאָמע איז פאר יעדערן געווען פול מיט פארלוסטן. אָט, לײַבע, אשטייגער. נאָר וואָס ווייסט ער וועגן ליבען? אמאָל דוכט זיך אים, אז ליבע קוקט אָף אים א ביסל אנדערש, ווי אָף אנדערע, נאָר גיי ווייס, וואָס זי מיינט דערבײַ.

ליבע קאָן נאָך אַלץ ניט אַרויסרײַסן פֿון זיך דעם שוידער, וואָס פֿאַרפֿאָלגט זי די גאַנצע צײַט. אויך הײַנט, נאָך דעם ווי זי איז געבליבן אָף דער זאַמקע אַליין מיט ברײַנעלען, האָט זי אַראָפּגענומען דאָס טיכל פֿונעם קאָפּ און אַ פֿיר געטאָן מיט בײדע הענט איבער די שוין היפּש לאַנגע האָר, וואָס הייבן זיך אָן אויסלייגן אין ווייכע לאָקנס. זי ווייסט אָבער ניט, ווי באַגיין זיך מיט זיי, וויאַזוי פֿאַרקעמען זיי. זי דרייט זיי אַהין, דרייט זיי אַהער, נאָר אויספֿלעכטן די פֿריִערדיקע צעפּ האָט זי מוירע. זי פּרוווט נאָר אָנהייבן פֿלעכטן, הייבן איר אָן ציטערן די הענט, עס דוכט זיך איר, אַז עמעצער האָט זיך צוגערירט צו אירע לאָקנס מיט אַ גרויסער שער, און עס קומט אויף יענע שרעקלעכע נאַכט צווישן די פֿעלדזן...

ליבע עפֿנט ברייט אויף די אויגן, לאָזט אַרײַן אַהין דעם זוניקן סטעפּ, פֿונוואַנען עס דאַרף אָנקומען כאַנע. נאָר כאַנע איז ניט געקומען. גיסט זי אַריבער דאָס ביסל נאָך וואַרעמע געקעכץ אין אַ שיסעלע.

דער טאָג האָט זיך צעשפּילט אָף אַלע זײַנע קיילים. פֿאַר ליבען, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק געקומען אַהער, קיין ביראָבידזשאַן, מיט אַן עשעלאָן איבערוואַנדערער פֿון ווײַניצער געגנט, איז דאָ אַלץ נײַ און ניט געוויינלעך: די פֿרילינגדיקע ווײַטמיזרעכדיקע זון, וואָס טראָגט שוין אין זיך פֿיל פֿון די זומערדיקע היצן, די בלענדנדיקע אומענדלעכקײַט, וואָס אַמאָל איז דאָס טונקל־גרין, אַמאָל ליכטיק־געל און אַמאָל שרעקעוודיק־גרוי. איר איז נאָך אויך שווער זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין די אומפֿאַרשטענדלעכע רוישן. פֿאַר איר איז אַלציינס, צי דאָס האָט ערגעץ אַ טראַקטאָר זיך צעהודעט, צי ס'האָט אַ זשומע געטאָן אין אויער אַ דורכגעפֿלויגענע בין. זי פֿילט בלויז, אַז אין איר אַליין האַלט אין איין יוירן און ברויזן. עפּעס וואַקסט דאָרטן אינווייניק, פּונקט ווי די האָר אירע, וואַקסט און טרײַבט ביסלעכווײַז אַרויס, דעמפּט ביסלעכווײַז אויס פֿון איר די פֿאַרלוירנקײַט, די דערשלאָגנקײַט. יעדן טאָג קומט איר עפּעס צו פֿון איר פֿריִערדיקער שטײַפֿקײַט. געשיקט זיך דען, אַז שיינקײַט קאָן ווען־ס'ניט־איז זײַן פֿאַרן מענטשן אַ קלאָלע? און פֿאַר איר איז עס געווען.

אין קעסל קאָכט זיך שוין דאָס פֿלייש. דער מיטיק איז שטענדיק אַ פֿליישיקער. אַמאָל אַ זופּ, אַמאָל אַ באָרשטש. מיטיק פֿירט זי שטענדיק פֿאַנאַנדער איבערן סטעפּ, פֿון טראַקטאָר צו טראַקטאָר. באַלד וועט זוסיע צופֿאָרן, און זיי וועלן אײַנמאָסטען אַלץ אַזוי, אַז דער באָרשטש זאָל זיך ניט אויסקילן, דאָס געפֿעס זאָל זיך ניט צעברעכן.

זיי פֿאָרן אינצווייען. זוסיע פֿירט דעם וואָגן פֿאַרזיכטיק, דאָס געקעכץ זאָל זיך ניט אויסכליופּען, ליבע האַלט צו מיט בײדע הענט דעם אײַנגעוויקלטן מיטיק, און בײדע מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זײַנען אַזוי פֿאַרנומען, אַז זיי האָבן ניט ווען אַ וואָרט אויסצורעדן. נאָר בײדע ווייסן, אַז ס'איז ניט אַזוי. דאָס, וואָס זיי וואָלטן געוואָלט זאָגן איינער דעם אַנדערן, איז גלײַכער, עס זאָל בלײַבן ניט געזאָגט. די זון טשמעליעט זומערדיק, און דער גנוס לאָזט זיך שוין אויך הערן. זוסיע גיט זיך אַ פּאַטש אין באַק, איבערן האַלדז־און־נאַקן, נאָר קוים דערקענט ער צווישן דעם פֿילקוילעסדיקן זשומען דאָס באַזונדערע ניגנדל פֿון זײַן שימקעס טראַקטאָר, הערט אים אויף ווי אָנגיין דער גנוס, וואָס שטייט ניט אָפּ פֿון וואָגן.

דעם וואָגן דערקענען אַלע נאָך פונדערווייַטנס, סטאַרעט זיך יעדערער, ער זאָל צו דער מינוט זיַין אָפן ברעג פון דער האַנע, מע זאָל ניט דאַרפן וואַרטן אַף אים.

— כאַנע איז דאָ ניט געווען? — פרעגט זוסיע אַלע מאָל דאָס, וואָס ליבע וויל פרעגן. און גיט צו אויך דאָס, וואָס ליבע וואָלט געדאַרפט צוגעבן: — ער איז היַינט ניט געקומען פרישטיקן.

און לעבן יעדן טראַקטאָר אַלע מאָל דאָס זעלבע.

— אַ באָרשטש היַינט, ליבעטשקע, אַן אַנטיק.

— אַ דאַנק, ליובעטשקע.

כאַנען מיט יאָסקען האָבן זיי געטראָפן אונטערן טראַקטאָר. זיי זיַינען ביידע געלעגן אַף די רוקנס, זיך איַינגעקלאַמערט מיט די שליסלען אין די פאַראַקשנטע שרײַפלעך, וואָס האָבן ניט געוואָלט פאַנאַנדערדרייען זיך, זיי זיַינען געלעגן קאָפּ צו קאָפּ, אַזוי ענג צונויפגעטוליעט, אַז זייערע געדאַנקען, האָט זיך עמעצער געכאָכמעט, קאָנען אַריבערשפּרינגען פון איינעם צום אַנדערן.

— קריכט שוין אַרויס, דער באָרשטש וועט זיך אויסקילן!

כאַנע מיט יאָסקען האָבן באַגאָסן די הענט מיט בענזין און זיי לאַנג געריבן מיט גרויסע שטיקער קלאָטשע. דערנאָך ערשט האָט ליבע זיי געגאָסן אַף די הענט וואַסער פונעם עמער. זוסיע איז געשטאַנען בא דער זיַיט, צוגעקוקט נאָך דער מאָדנער שפּיל און בייסמיַיסע געטראַכט: כיַי וואָלט שוין דער שידעך וויַניט־איז זיך אויסגעשידעכט, אַבי אַ סאָף זאָל דאָס נעמען.

ליבע שפּרייט אויס אַף דער ערד עפּעס ענלעכס אַף אַ טישטעכל, שטעלט אויס די שיסעלעך מיט אַלץ דעם איבעריקן, גיסט אָן דעם באָרשטש און טרעט גליַיך אָפּ אַף אַ פּאָר שפּאַן. זי בליַיבט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט איבערן פאַרטעכל. זי האָט ליב צוצוקוקן, ווי מענטשן קוויקן זיך מיט אירע מיַיכאָלים.

— און ווו איז בריַינעלע? — פרעגט פלוצלינג כאַנע.

— ווו זאָל זי זיַין? אַף דער זאַימקע.

— וואָס הייסט דו לאָזט זי איבער איינע אַליין?

פון דער פראַגע, און פון דעם, ווי זי איז אַרויסגערעדט געוואָרן, טוט זוסיע אַ ציטער. אים דוכט זיך, אַז אין דער פראַגע ליגט עפּעס. באַזונדערס, ווען כאַנע האָט נאָך מיט אַזאַ אומגעוויינלעכער היימישקיַיט צוגעגעבן:

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט.

ליבע קוקט אַף כאַנען אַ ביסל אַ פאַרלוירענע.

— מאָרגן וועלן מיר אָנהייבן אַקערן די גערטענער פון די קאָלווירטניקעס. איז עפּשער איַין גאָרטן? און פאַרזעצן איַיניַנעם? — פרעגט כאַנע.

ליבע שוויַיגט. זאָגט ניט יאָ און זאָגט ניט ניין. נאָר דאָס פּאָנעם גיט זי אַרויס. דאָס פּאָנעם אירס פלאַמט, די הענט ציטערן באַם אָפּשניַידן כאַנען מיט יאָסקען אַ פּאָר שטיקלעך ברויט. יאָסקע טוט זיך אַ הייב אויף פון דער ערד, לויפט אַוועק צום טראַקטאָר, גליַיך ער האָט עפּעס דאָרטן פאַר־

געסן. ער קריכט ארונטער אונטער אים און פּאָרעט זיך דאָרט זייער לאנג. פאר זוסיען איז געגנוג דער „ניט יאָ און ניט ניין”. לויפט ער אוועק צום וואָגן, צוימט אפגיך איַין די פערדלעך און שריַיט צו ליבען:

— הײַדא, גיכער, מיר דארפן נאָך זײַן בא צוויי טראקטאָרס!

איצט קאָנען זיי שוין פאָרן א ביסל גיכער. ניטאָ קיין סאקאָנע, דער באָרשטש זאָל זיך אויסכליופען. דער וועג איז שוין צוגעטריקנט, און די פערדלעך טיאָפּקען גרינג אונטער. די קימאט ליידיקע פעסלעך קלינגען אויך א ביסל.

— גלין־גלאָן, גלין־גלאָן, — קלינגען אויס די פעסלעך, און בא זוסיען אליין באָמקעט זיך אויס א פריילעך ניגנדל, פון די אמאָליקע ניגנדלעך, וואָס מע האָט געשפילט בא זיי אין שטעטל אף א כאסענע.

# דער דריטער דאָר



רומגערינגלט פון אלע זײַטן מיט יונגע פילשטאָקיקע מויערן, וואָס פארשטעלן מיט זיך אלע עקן פון דער וועלט, שטייען פארשאָטנט עטלעכע אלטע הילצערנע הײַזער. די פארב פון די ווענט איז היפש אָפּגעקראָכן, דער בלעך אף די דעכער — פארזשאווערט און איבערגעזשאווערט. און קעגן די הויכע מויערן זעען זיי אויס ווי גאָר ניט קיין הײַזער, נאָר ווי נידעריקע קעלערס. אפילו דאָס צווייגאָרנדיקע הויז, מיט די עטלעכע דרויסנדיקע טרעפּ, מיטן שפּיציקן דאך, מיט די פיצינקע בוידעם־פענצטערלעך און מיט דעם אויסגעשניצטן הענדל, דעם פליוגערל, וואָס פלאטערט שוין ניט, ווײַל דער ווינט קאָן אהער זיך ניט דערקלײַבן, זעט זיך שוין אויך קוים אָן. אפילו דער זון קומט אויך אָן מיט גרויסע שוועריקײַטן זיך דערקלײַבן צו די דאָזיקע הײַזער.

דערפאר אָבער טיילן זיך אויס די קלייניקע פאליסאדניקלעך ארום די הײַזער און גיבן צו די אלטע איינשטאָקיקע הײַזער א באזונדערע כשיוועס.

עס שטייען ארום די הײַזער א ביסעלע צעוואָרפן אויף עטלעכע שטאלט־נע בעריאָזעס און פינקלען ארויס מיט זייער ווײַסן שטאם. די ווײַסקײַט איז ניט קיין בלענדנדיקע, זייער א באשיידענע, ווי די פויערישע קליידלעך פון פאָשעטן ציץ. דאָס זײַנען פון יענע ניט איבערקלײַבערישע רוסישע בעריאָזעס מיט זייערע דריבנע, שיטערע בלעטעלעך, מיט זייער מיידלשער פארטראכטקײַט און מילדן, מיידלשן אומעט.

צווישן זיי שטייט א הויכער טונקל־גרינער קליאָן מיט כוצפּעדיק־צעשפּרייטע צווײַגן, מיט סאמעטענע בלעטער, וואָס גלאנצן פון פּעטקײַט — א בוים א נאָגיד, א בוים א טאקיף, וועמען ס'איז אלץ קארג און ער איז גרייט אוועקרויבן בא אלע איבעריקע ביימער דעם לעצטן טראָפּן טוי, דאָס ביסעלע שטראלן, וואָס רײַסן זיך קוים דורך אהער.

עס שטייען אויך עטלעכע ווײַנשל־ביימער, וועלכע ווייסן אליין ניט, וויפל זיי זײַנען אלט. זיי צוויטען ערלעך אָף יעדן פרילינג, נאָר זיי געדענקען שוין ניט, ווען האָבן זיי געהאט אף זיך עטלעכע רויטע ווײַנשעלעך. כעוורעניקעס רײַסן זיי אָפּ נאָך גרינערהייט.

דער אלטער סוקעוואטער דעמב, וואָס האָט זיך ווער ווייסט ווען אהער פארקליבן, איז א בוים א באל־פינקעס, וואָס דארף פירן א כעזשבן פון אייגענעם עלטער און פונעם עלטער פון אלע איבעריקע ביימער. יעדעס יאָר — א קארב, ווי א שטיקל אייגענער זיקאָרן אין זײַן גרויסן הילצערנעם מויעך. און ווער ווייסט, וועלכע געשעענישן האָבן זיך אײַנגעקארבט אין אים פאר זײַן לאנג לעבן!

עס דארף דאָ געזאָגט ווערן א וואָרט אויך וועגן די עטלעכע אקאציע־ביימער, ווײַל זיי רופן ארויס אין זיקאָרן בא איינעם פון די העלדן פון דער

דאָזיקער דערציילונג, בא שאָלעמען, גאָר אַן אַנדער אַקאַציע, וואָס איז שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ. נאָר מיר לאָזן עס דורך.

מיט איין וואָרט, אײנמיטן דער ראַשיקער פּילשטאָקיקער שטאָט איז אופגעקומען עפּעס ענלעכס אויף אַ שטיל גרין אינדזעלע, וואָס פאַרמאָגט אין זיך פיל דאָרפישס. דעהײַנע: אַ קרענעצע, אַ ביסעלע בלאָטע נאָך יעדער רעגן, אַ היפּש ביסל שטויב, ווען קיין רעגן איז לאַנג ניטאָ, און נאָך פיל סימאָנים, וואָס מע זעט יאָ און מע זעט ניט.

וואַסילי לוקיטש, וואָס וווינט אויפן דאָזיקן אינדזל און וועלכער זאָגט, אַז יעדער זאַך האָט זיך זײַן אָנהייב און זײַן סאָף, איז אַ מענטש אַ געזעצטער. ער האָט ליב אַרײַנטראַכטן זיך אין יעדער זאַך ניט געײַלט, דערגרונטעווען זיך, ווי ער אַליין זאָגט, צום סאַמע וואָרצל. שאָלעם, וועלכער וווינט אויך אויפן דאָזיקן אינדזל און וואָס זאָגט, אַז מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן, ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סאָף, ווײַל דאָס לעבן, ווי די וועלט ביכלאַל, ווייסט ניט פון קיין שאַבלאָנען, איז אַ ביסל אַ היציקער, האָט שטאַרק ליב צו שפּאַרן זיך, דיסקוסירן. אין יעדער איניען אינטערעסירט אים ניט אַזוי דער וואָרצל, ווי דאָס קאַפּוירעדיקע. אים ווילט זיך שטענדיק וויסן, ווי וואָלט די זאַך אויסגעזען, ווען מע שטעלט זי אַוועק מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, וואָרעם אויב די וועלט איז קײַלעכיק, ווייסט מען קיינמאָל ניט, ווו איז דער פונויבן און ווו איז דער פונונטן. געוויס דערפאַר זײַנען בא ביידן אופגעקומען פאַרשיידענע פאַרגלײַכונגען. לוקיטש פאַרגלײַכט די אַלטע הײַזער מיט די סעדלעך צו אַ דערפל. שאָלעם — צו אַ שטעטל, צו אַ קליין שטעטעלע אין דער סאַמע מיט פון דער גרויסער שטאָט. עס נעמט זיך געוויס אויך דערפון, וואָס לוקיטש האָט פריִער געוווינט אין דעם שטילן דאָרפישן טייל שטאָט, ניט ווײַט פונעם טײַך, און שאָלעם — אויף איינער פון די קרומע שטויביקע שטאָטישע געסלעך.

זיי זײַנען אויך שווער דורכצוקומען צווישן זיך מיט דיביימער. בא שאָלעמען איז ניטאָ קיין שענערס און קיין בעסערס פון דער אַקאַציע, באַזונדערס, ווען זי צעבליט זיך סאָף פרילינג, בייס אַלע ביימער האָבן שוין אָפּגעצוויטעט. כוץ דעם, איז בא אים די היגע אַקאַציע אַ שטיקל קאָרעוו מיט יענעם אַלטן אַקאַציע-בוים. לוקיטשן זײַנען ליבער די ווײַנשל-ביימער. ניין, ניט אין די ווײַנשל גייט עס. זיי דערמאָנען אים זײַן סעדל און יענעם ווײַטן פרילינג...

אין יענע ווײַטע יאָרן איז וואַסיע, דאָס קוטשעראַווע דאַרע באָכערל מיט די ציגײַנערישע קוטשעראַווע לאָקנס, געווען היציק ניט ווייניקער פון שאָלעמען, היציק, אומגעדולדיק און פּשאָרעסלאָז צו אַלץ, וואָס האָט געקאָנט מיט עפּעס שטערן אָדער כאָטש אויף איין מינוט פאַרהאַלטן די וועלט-רעוואָליוציע. פּלוצעם נעמט אַזאַ באָכערל און פאַרליבט זיך. און אין וועמען! אין מיריאַמען, אין מאָטיע דעם קאַצעווס טעכטערל, אַ מיידל, וואָס האָט ערשט גאָר אָנגעהויבן באַזוכן דעם קאָמיוגישן קלוב און ווײַטער פונעם דראַמקרײַז קיין שפּאַן ניט געוואָלט מאַכן. דערצו נאָך האָט זי זיך באַנוצט מיט פּודרע און איז געווען פאַרעכנט צווישן די „פאַרדאָרבענע מעשטשאַנקעס". דאָס אַליין איז שוין געווען פאַר וואַסיען די גרעסטע

אווירע. נאָר די אויסזיכטלאָזיקייט פון זײַן ליבע איז באַשטאַנען דערין, וואָס מאָטיע קאַצעוו האָט אַפילע הערן ניט געוואָלט פון אַזאַ שידעך. אַליין איז ער ניט געווען קיין פרומאַק, נאָר ער האָט מוירע געהאַט פאַר זײַנע פרומע קוינים. זיי וועלן אים מאַכן אַזאַ שעם אין שטעטל, אַז ער וועט בלײַבן אָן אַ שטיקל ברויט, און ער מעג שוין זײַן זיכער, שאַכנע דער שויכעט וועט שוין אומיסטן אים טרייף מאַכן אָן אָקס. איַי, וואָס בא שאַכנען אַליין... זײַן שיינדעלע איז אַ גאַנצע אַקטיוויסטקע, טויזנט מאָל ערגער פון זײַן, מאָטיעס, מיריאַמען. נאָר דאָס האָט שוין אַ שײַכעס צו שאָלעמס פילאָסאָפיע, אַז דאָס לעבן לײַדט ניט קיין שאַבלאָנען.

דאָס, וואָס איז געשען יענעם פריליִנגדיקן אָוונט בא וואַסיען אין סעדל, איז שוין קיינעם ניט אָנגעגאַנגען. ווען מע האָט באַהאַנדלט דעם איניען אָף דער קאָמיוגישער פאַרזאַמלונג, האָט שאָלעם דאָס אָנגערופן „ניט קיין בייטיקע דעטאַלן”.

איִנעם זעלבן אָוונט, טאַקע לעבן די זעלבע ווײַנשל־ביימער, ווו וואַסיע האָט זיך דורכגערעדט מיט מיריאַמען, האָט ער געשאָסן אין זיך... צי דאָס שטיקל געווער, דער אַלטער פאַרזשאַווערטער באַגאַן איז שוין געווען ניט מער ווי אַ „פוגאַטש”, צי ער אַליין איז געווען ניט פון די געהויבענע שיסער, און עפשער האָט אין דער לעצטער מינוט די האַנט אַ ציטער געטאָן און די קויל איז אַוועק אין אַ זײַט, מיט איין וואָרט — ניט קיין בייטיקע דעטאַלן. דעריקער — דער פאַקט אַליין, וואָס האָט געפאָדערט אַ פרינציפיעלע אָפשאַצונג און אַ געהעריקע שטראָף. האָט מען אים ארויסגעטראָגן אַ שטרענגן אויסרייד. ערשטנס, פאַר דער ליבע אַליין. ווי מעג זיך עס אַ קאָמיוגיסט פאַרליבן, דערצו נאָך אין אַ „מעשטשאַנקע”. צווייטנס, דערפאַר, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן אַזאַ קליינמוטיקייט און געשטעלט זײַן אייגענע ליבע העכער פון דער וועלט־רעוואָליוציע. אָט די אַלע פאָרמולירונגען און גופע דער פאָרשלאָג איז געווען שאָלעמס. ער איז געווען אַ בעריע אָף אַזעלכע זאַכן.

פאַר וואַסיען איז עס געווען דער סאַמע גליקלעכסטער אויסרייד! עס שמעקט פון אים שטענדיק מיט ווײַנשל־צוויט. זיי זײַנען ביידע געשטאַנען אין זייער ניט גרויסן סעדל, און די גאַנצע וועלט איז פאַר אים געווען פול מיט צוויט, מיט מיריאַמען. יענעם אָוונט האָט ער איר געזאָגט עטלעכע ווערטער, וועלכע ער האָט דערנאָך מער קיינמאָל ניט ארויסגעבראַכט. אַזעלכע ווערטער קאָן מען ארויסברענגען בלויז איין מאָל אין לעבן... זאָגן, אַז ער איז ביז איצט פאַרליבט אין מיריאַמען? עט, בא זײַנע יאָרן... נאָר עפּעס דרעמלט שטענדיק אין אים. און אַלע מאָל, ווען עס באַווײַזט זיך דער ערשטער צוויט אָף די ווײַנשל־ביימער...

דער אַלטער אַקאַציע־בוים איז געווען מיט מערער מאַזל. די אַקאַציע, וואָס איז געוואַקסן לעבן שאָלעמס שטיבל, איז, דאַכט זיך, דער איינציקער בוים אָף דער פאַרשטויבטער און ראַשיקער קאָוואַליוקע. ער מיט מיריאַמען זײַנען אָפגעשטאַנען לעבן אים ניט איין שאָ. אין אַ יאָר אַרום נאָכן אויסרייד, וואָס וואַסיע האָט ארײַנגעכאַפּט, האָבן שאָלעם מיט מיריאַמען כאַסענע געהאַט.

ס'האָט געדאַרפט זײַן פאַרקערט, נאָר ס'האָט זיך באַקומען פונקט פאַר־

קערט צום פאַרקערטן, יענץ קאַפּריזעדיקע, וואָס איז פאַר שאָלעמען דער גרעסטער באַווײַז, אַז די ערד דרייט זיך און אַז מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן... וואָס שײַעך פּערזענלעכע כּעזשבוינעס? און ווי קאָנען קאָמיוגיסטן דערלאָזן, אַז אַזאַ זאַך, ווי אייפּער, זאָל אַרײַנכאַפּן זיך אין מענטשן, וואָס זײַנען טאָג ווי נאַכט פאַרנומען מיט בויען און איבערבויען, מיט דעריאָגן און אַריבעריאָגן, מיט שטורמעווען איין פינפיאָר נאָכן צווייטן.

און ביכלאַל. ווען איז דאָס געווען!... ניטאָ שוין יענע ווײַנשל־ביימער, ניטאָ שוין יענע אַקאַציע... אַלץ פאַרטריקנט, פאַרוויאַנעט, אויסגעוואָרצלט, אָפּגעסאַרפּעט. ס'איז אַפילע שווער געפינען דאָס אָרט, וווּ ס'זײַנען געוואַקסן יענע ביימער...

פאַר זיי, פאַר וואַסילי לוקיטשן מיט שאָלעמען, זײַנען די היגע ביימער, ווי גרינע דענקמעלער, פול מיט ווײַטע דערמאָנונגען. פאַר זייערע אייניקלעך מאָטעלען מיט מירעטשקען זײַנען דאָס פּאָשעטע ביימער, אָן שום דערמאָנונגען און אָן שום בענקענישן. זיי דוכט זיך, אַז דאָס אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן צוליב זיי, אַף באַשיינען און באַפּוצן זייערע שטילע אָוונטן. נאָר דאָס האָט שוין אַ שײַכעס צום דריטן דאָר, און וועגן דעם וועט דערציילט ווערן שפּעטער.

ס'האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז שאָלעמען האָט מען אַ רוף געטאָן אין אַרמיי אַ פאָר כאָדאָשים פאַר דער מילכאָמע אַף עפּעס אַן איבערגרייטונג, און ער איז שוין פאַרבליבן דאָרטן. וואַסיל לוקיטש איז געווען דירעקטאָר פונעם עלעוואַטאָר, וועלכן ער האָט מיט די אייגענע הענט אויסגעבויט און אַליין געדאַרפט אים אופרײַסן. און ווען מע האָט זיך געקליבן עוואַקויִרן...

— ווי זשע לאָזט מען דאָ איבער מיריאַמען מיטן קינד? — האָט געפרעגט בא דעם מאַן אירן, בא וואַסילי לוקיטשן, די פרוי זײַנע, כאַריטינע.

זיי האָט פאַרטראָגן אַהער אין דער אַלטער רוסישער שטאָט בא דער וואָלגע, וווּ עס זײַנען געווען אַ סאַך עוואַקויִרטע. מיריאַם און כאַריטינע האָבן געוואַרט אַף בריוו, געשריבן בריוו, און צוזאַמען איבערגעטראָגן אַלץ, וואָס איז אויסגעפאַלן אַפן גוירל פון די סאָלדאַטישע פרויען.

דער ערשטער האָט זיך אומגעקערט לוקיטש, ניט פון פראָנט, נאָר שוין פון שפּיטאָל, מיט אַ סאַך נאָך ניט פאַרהיילטע וווּנדן. שאָלעם האָט זיך פאַרהאַלטן אין די אויסלאַנדס עטלעכע יאָר נאָך דער מילכאָמע, געווען אַ קאָמענדאַנט אין איינער אַ דײַטשישער שטאָט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז לוקיטש שוין געווען אַזוי טיף אַרײַנגעטאָן אין די איניאָנים פונעם היגן עלעוואַטאָר, אַז ס'איז שווער געווען אים פון דעם אָפּרײַסן, איז שוין שאָלעם אויך דאָ פאַרבליבן.

איצט איז שוין ניט שײַעך כאַראָטע האָבן דערויף, זיך פאַרטראַכטן, צי זײַנען זיי מיט דעם ניט באַגאַנגען קיין פעלער. זיי האָבן זיך דאָ געעלטערט, די קינדער זײַנען דאָ אויסגעוואַקסן. לוקיטשס זון, אַנדריי, איז אַן אָנגעזעענער אינזשעניער, אַ שעף פון אַ גרויסן צעך, און שאָלעמס זון, נאַכמען, איז אַ היסטאָריקער. שאָלעם ווייסט ביז הײַנט ניט, ווי קומט עס צו אים, צו זײַן נאַכמענען. ער קאָן דאָס דערקלערן בלויז מיט דעם, אַז דאָס

לעבן ליידט ניט קיין שאבלאָנען. אנדריי און נאכמען זייַנען שוין מערער היגע, דאָס שטעטל געדענקען זיי קוים־קוים. זיי איז געבליבן ווייניק וואָס צו דערמאָנען, נאָך וואָס צו בענקען.

און דאָ הייבט זיך אָן די געשיכטע וועגן דריטן דאָר.

ווען בא אנדרייען איז געבוירן געוואָרן א מיידעלע, ס׳איז געשען עטלעכע כאדאָשים נאָך דעם, ווי מיריאם איז געשטאָרבן, האָט לוקיטש פאָרגעלייגט געבן דעם מיידעלע א נאָמען נאָך מיריאמען. ס׳האָט קיינער קיין וואָרט ניט געזאָגט, כאָטש אלע זייַנען געווען א ביסל איבערראשט. און כאריטינע... זי האָט געוווסט וועגן אלץ: אי וועגן דעם שאָס, אי וועגן דעם אויסרייד, אי וועגן דעם, וואָס איז עפשער יאָ געווען, אי וועגן דעם, וואָס זי אליין האָט פאר זיך אויסגעטראכט, נאָר געייפערט האָט זי ניט איר וואָסילין. און אָט איצט... לוקיטש האָט דאָס באמערקט לויט דעם, ווי בא זייַן כאריטינען האָט זיך קינדעריש פארקרימט דאָס פּאָנעם, ווי פאר א געוויין. כאריטינע האָט אים געוואָלט זאָגן, אז אזוינס איז נאָך ניט גע־הערט געוואָרן, מע זאָל אן אוקראַיניש מיידעלע א נאָמען געבן נאָך א ייִדישקע. זי האָט ניט קעגן, אָבער...

לוקיטש האָט באצייַטנס אלץ פארכאפּט.

אויב בא שאָלעמען האָט עס יאָ געקאָנט ארויסרופן א ביסעלע אייפער, איז אָבער אייַנצייַטיק געווען אין דעם אזוינס, וואָס קאָן דעקן טויזנטער אייפערס. אָפּזוכן אָבער די בייטיקע ווערטער עס צו זאָגן איז שאָלעם ניט געווען בעקויעך. ער איז געווען דאנקבאר לוקיטשן פאר אלץ. ארויסגעזאָגט האָט ער עס אים פיל שפּעטער, ווען ביידע זייַנען שוין געווען פּענסיאָנערן און יעדן זומערדיקן פארנאכט געזעסן אפן בענקעלע צווישן די אקאציעס און ווייַנשל־ביימער און באטראכט די וועלט.

— פאָרשטייסט, לוקיטש, איך טראכט אָפטמאָל, וואָס דער היטלער האָט געוואָלט פון אונדז מאכן. איך מיין כוץ אלעמען... ער האָט געוואָלט, מיר זאָלן ווערן אויס מענטשן.

— אָבער ס׳האָט זיך בא אים ניט באקומען, — ענטפערט לוקיטש.

— דאָס זאָג איך דאָך. ס׳האָט זיך באקומען פונקט דער הייפעך. און עפשער נאָך מערער. ווער האָט פריִער זיך געקאָנט פאָרשטעלן אזוינס...

לוקיטש שטויסט זיך אָן, וואָס שאָלעם מיינט, נאָר ריידן וועגן דעם וויל ער ניט. ער זעט ניט אין דעם קיין אויסערגעוויינלעכס. א מענטש איז דאָך אין דער ערשטער ריי א מענטש, דאָס טאקע רעדט ער ארויס אין דער הייך:

— א מענטש איז אין דער ערשטער ריי א מענטש.

אויסטייַטשן דאָס קאָנען זיי ביידע גאנץ ברייט, יעדערער אף זייַן אויפן: וועגן ליבע און טרייַשאפט, וועגן בענקענישן און קלעמענישן, וועגן ריינקייַט פון מענטשלעכע געפילן און גרויסקייַט פון מענטשלעכע אופטור־ען, און וועגן פיל אנדערע זאכן, וועגן וועלכע ס׳איז ניט אָנגענומען צו ריידן אין דער הייך.

זייַנען זיי אף דער עלטער געוואָרן גאָר שטיקלעך קרויווים, און דאָס

מיידעלע איז געוואָרן אלעמענס מיידעלע, א מין מישפּאָכע־צירונג. יעדן אָוונט זײַנען אלע זיך צונויפגעקומען צו אנדרייען באָדן דאָס קינד. יעדערער האָט געמוזט דערבײַ א טאפּ טאָן דאָס וואסער, צי איז דאָס ניט איבעריק הייס און ניט איבעריק קיל, יעדערער האָט געמוזט א פליוכקע טאָן אזוי, אז א טראָפּנדל זאָל טרעפן דעם מיידעלע אין מויל ארײַן און עס זאָל דערבײַ א ניס טאָן. דערנאָך האָט יעדערער געהאט די רעכט א פּאטש טאָן. ווער אין דעם ראָזעווע פלייצקעלע, ווער אין דעם רויטן געזעסל, און ס'האָט געהייסן, אז אלע האָבן א גלײַכן כיילעק אינעם באָדן. דערבײַ האָט יעדערער גערופן דאָס מיידעלע אף זײַן אויפן: ווער מיריעמל, ווער מירעטשקע און ווער מאריטשקע. דערבײַ האָט יעדערער דערמאָנט זיך זײַנס: ווער די צעצוויטעטע ווײַנשל־ביימער, ווער די אלטע אקאציע און ווער פיל אנדערע זאכן, וואָס זײַנען ניט ווייניקער רעגעוודיק און ניט ווייניקער ווייטעקלעך.

דערנאָך האָבן אלע אינײַנעם געטרונקען טיי. געהייסן האָט עס, אז מע טרינקט בא אנדרייען, נאָר אינדערעמעסן איז דאָס געווען בא לוקיטשן און כאריטינען. געוווינט האָבן זיי אלע אינײַנעם, און ווי עס פירט זיך איצט, האָבן מיט די דאָזיקע איניאָנים, אי מיטן באָדן אי מיטן גרייטן צום טיש, מערער צו טאָן די באָבעס.

אלע זײַנען געווען אזוי פארנומען, אזוי פארכאפּט מיט מיריאמען — מירעלען — מאריטשקען, אז מע האָט גאָר פארגעסן, אז ס'איז דאָ אף דער וועלט נאָך א קינד. אפילע די אייגענע טאטע־מאמע, נאכמען און סוועטלאנע, האָבן פארגעסן, באזונדערס גראָד סוועטלאנע. זי איז געווען א מעדיצינישע שוועסטער, און אָן איר האָט מען ניט געטאָרט ניט באָדן דאָס קינד, ניט אונטערהאָדעווען עס, ניט אײַנוויגן. זייער מאָטעלע, א נאָמען נאָך מיריאמס טאטע, מאָטיע קאצעוו, איז שוין אלט געווען א יאָר. פריער איז מאָטעלע געווען א גאנצער מעיוכעס, איצט האָט ער זיך געפילט שטארק באליידיקט און א גאנצן טאָג געווען פארנומען מיט איין זאך — מיט נעקאָמע. ווו עפּעס — אראָפּגעשלעפּט, ווו עפּעס — איבערגעקערט, אויסגעגאָסן און צומאָל אויך צעבראָכן. אָן עמעסדיק שאָדנווינקל. און דער גרעסטער סוינע מאָטעלעס איז געווען דאָס פּיצעלע, וואָס מע האָט יעדן אָוונט געבאָדן, מירעלע.

זיי האָבן זיך אָבער ענדלעך איבערגעבעטן. געווען איז עס שוין דאַן, ווען זיי האָבן שוין געקאָנט נעמען זיך פאר די הענטלעך און ארומיאָגן איבערן סעדל, שלעפּן איבער דער ערד זייערע פערדלעך, אווטאָבוסלעך און וואגאָנטשיקלעך. דערנאָך זײַנען זיי אינײַנעם געגאנגען אין שול. אָנגעקומען זײַנען זיי גראָד אין פארשיידענע אינסטיטוטן. האָבן זיי זיך געזען בלויז גאנצפרי, ווען זיי זײַנען ארויסגעלאָפן פון שטוב און געפּאָכט איינער צום אנדערן מיט די פּאָרטפעלן.

טאטעס און מאמעס האָבן געשעפּט נאכעס פון זייערע קינדער און ניט איין מאָל גערעדט צווישן זיך:

— עס וואָלט געווען ניט קיין שלעכט פּאָרל.

— טאקע, א גאָלדן פּאָרעלע.

זיי האָבן אַזויפיל מאָל גערעדט וועגן דעם צווישן זיך, אַז זיי האָבן זיך שוין אַליין געקרויגט פאַר מעכוטאָנים.

— אַ גוטמאָרגן, מעכוטן.

— אַ גוטן אָוונט, מעכוטענעסטע.

די ווײַנשל־ביימער האָבן זיך צעצוויטעט אָנהייב פרילינג. די אקאַציע ערשט צום סאָף, נאָר ווי דאָס זאָל ניט זײַן, האָט דאָס סעדל געהאַלטן אין איין צוויטען. און וואָס איז דער כילעק, וועלכער צוויט שמעקט יאָ און וועלכער ניט. פאַר זיי, פאַר דעם דריטן דאָר, פאַר מאָטעלען מיט מירעלען — מאַריטשקען, האָט אַלץ ארום געשמעקט.

דער דריטער דאָר...

דאָס האָט לוקיטש אַזוי אַ נאָמען געגעבן דאָס יונגע פּאָרל. זיך, שאָלעמען און כאַריטינען האָט ער צוגערעכנט צום ערשטן דאָר, פון וועמען עס הייבט זיך אָן אַ נײַע ציילונג און ביכלאַל — די גאַנצע נײַע וועלט.

דער ערשטער דאָר — וואַסילי לוקיטש און שאָלעם — איז גרייט געוועזן שוין פראָוועז אַ כאַסענע. בא לוקיטשן איז דאָס פון יענעם מין, וואָס ניט אַף אַרויסצורײדן און ניט אַף צו דערקלערן, אַ ווײַטער כאַלעם. מיריאַם! מיריאַם — מירעלע — מירעטשקע. בא שאָלעמען איז אויך אַזוינס, וועגן וואָס וועסט קיין רעדע ניט האַלטן, גלײַך ער, שאָלעם, איז שולדיק, וואָס בא וואַסילין מיט מיריאַמען האָט זיך ניט אויסגעשידעכט און ער וויל מיט איצטיקער כאַסענע אַ ביסל פאַרגלעטן זײַן שולד. זיי פאַרשטייען גוט, וואָס באַטײַטן די שווײַגענישן און שעמענישן. נאָך מערער! זיי קאָנען גענוי זאָגן, וועגן וואָס און וויאַזוי יעדערער טראַכט, נאָר אַרײַנמישן זיך, וויבאַלד אַלע שווײַגן, איז דאָך ניט שײַעך. זיצן זיי ביידע אַף זייער בענקעלע אין סעדל, כאַזערן איבער אין זיך דאָס, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט זאָגן וועגן דעם איניען, קוקן איינער אַפן אַנדערן און וווּנדערן זיך, ניט אַרויסברענגענדיק עס אַף אַ קאָל, ווי שטאַרק זיי האָבן זיך געעלטערט פאַר די לעצטע יאָרן.

וואַסילי וועגן שאָלעמען:

„פון וואָס ווערט עס אַ מענטש אַזוי אויסגעדײיוועט, הויט און ביין? מיטן עסן איז דאָך הײַנט... און ביכלאַל, ווער טראַכט עס הײַנט וועגן עסן? זאָל זײַן, אַז די בענקעניש? זע נאָר, ווי דאָס פּאָנעם איז אײַנגעפאַלן, און קאַרבן אַזעלכע טיפע, ווי דעמבענע קאָרע. און די ברוסט איז שוין אײַנגאַנצן קיין ברוסט ניט, עפּעס אַ בײנערדיק גריבל, פון וועלכער עס פּײַפט אַלע מאָל אַרויס, ווי פון אַ קינדערש פּײַפעלע. די דאָקטוירים זאָגן — ס'איז אַ שטיקעלע אַסטמע. וואָס הייסט אַ שטיקעלע? דערפאַר אָבער דער קאַסטיום זײַנער! אַ טונקל־בלויער מיט ווײַסע פּאַסיקלעך. די הויזן זײַנען פון אָנהייב אָן געוועזן צו ברייט, די מאָדע פון די פופציקער יאָרן, ווען ער האָט זיך דעמאָביליזירט פון דער אַרמיי, אָבער דאָס רעקל, וואָס הענגט אַף אים ווי אַ זאַק. שאָלעם וויל אָבער פון קיין אַנדער רעקל ניט וויסן. ער זאָגט, אַז די אָרדענס מיט די מעדאַלן זײַנען אַזוי פּעסט אַרײַנגעדרייט, פּאַשעט אויסגעמויערט אין אים בלויען פּידזשאַק, אַז מע קאָן זיי פון דאָרט ניט אַרויסדרייען...״ וואַסילי ווייסט ניט וועגן דעם איקער, ער ווייסט ניט,

אז אלע יאָרן, סײַ פאַר דער כאַסענע מיט מיריאַמען, סײַ נאָך דער כאַסענע, האָט שאָלעם געטרוימט וועגן אַזאַ בלויען אָנצוג, אז ווען ער וועט דורכגיין מיט מיריאַמען איבער דער גאַס, זאָלן מענטשן קוקן אָף זיי. נאָר ווו האָט מען דאַן געקאָנט קריגן אַזאַ שטאָף? דערפאַר האָט ער, ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט פון דײַטשלאַנד, זיך אופגעגנייט אָט דעם בלויען אָנצוג. מיריאַם האָט ניט געקאָנט אָנשפּיגלען זיך אין אים. טוט ער אים איצט אויף אָן. יעדן פאַרנאַכט, צוליב איר, צוליב מיריאַמען...

שאָלעם וועגן לוקיטשן:

„דו נאַרסט אַלץ די וועלט מיט דײַנע לאַנגע פּייעס, ווי מיידלשע צעפּעלעך. סײַווי ווייסט מען, אַז דאָרטן, א ביסעלע העכער, קאָן מען איבערציילן די עטלעכע געבליבענע האָר. נאָר דאָס וואָלט געווען צו דערלײַדן. איך פאַרשטיי ניט איין זאַך. א גאַנצן ווינטער גייסטו אָן הענטשקעס, פאַרוואָס זשע קריכסטו יעדן זומער פאַרנאַכט אַרײַן אין די פּוישטן? וואָס פאַר א פראָסט האַלט זיך דאָרטן, אין דײַנע פּיס?..”

— יאָ... — טוט לוקיטש א זיפץ אין דער הייך. — יעדער זאַך האָט זיך זײַן אָנהייב און זײַן סאָף.

דאָס דאַרף אין דעם פאַל הייסן, אַז ווי עס זאָל זיך ניט דרייען, וועט זיך עס סײַווי אויסדרייען, און מע וועט פּראַווען א כאַסענע.

— מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן, ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סאָף, — ענטפערט אָפּ שאָלעם, און דאָס דאַרף הייסן: איך האָב אָבער מוירע, אַז אויב עס וועט זיך אַזוי ציִען, איז ווער ווייסט... הײַנטיקע יוגנט...

כאַפּט לוקיטש אונטער:

— יאָ, הײַנטיקע יוגנט... ניט דאָס, וואָס אַמאָל, ווי אין יענע יאָרן.

און עס גייט אַוועק צווישן זיי א שמועס שוין גאָר וועגן עפּעס אַנדערש...

און ער, דער דריטער דאָר?

דער דריטער דאָר איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך די ערשטע „ספּוטניקעס”, געוואַקסן אײַנאיינעם מיט די ערשטע קאָסמישע שיפן, מיט די „לונאָכאָדן”, און ס׳איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיי איבעראַשן, פאַרכידעשן, עס פאַרוווּנדערט זיי אַפילע ניט, ווען מע זאָגט זיי, אַז מע האָט דעשיפרירט די קלאַנגען פון גאָר א געהויבענער ציוויליזאַציע, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין דער סאַמע ווײַטסטער גאַלאַקטיקע. אָט טאַקע איבער די גאַלאַקטיקעס...

איז ווידער א רעטעניש. ווי קומט עס, וואָס מאָטעלע, א זון פון א היסטאָריקער, איז געוואָרן אַן אינזשעניער, איז אַזוי ווײַט פונעם הײַנט, זעט פאַר זיך בלויז די טעכניק פונעם ווײַטן מאָרגן, און זי, מירעטשקע, א קינד פון אַן אינזשעניער, איז אינגאַנצן פאַרטאָן אינעם ווײַטן נעכטן, אין פּאַלעאָנטאָלאָגיע?! האָט שאָלעם אָף דעם אויך דעם זעלבן טערעץ: אַלץ איז קאַפּויר.

ווען דער ערשטער דאָר איז שוין אָפּגעזעסן זײַן צײַט אין סעדל און באַרעדט די היַינטיקע יוגנט און די גאַנצע וועלט, זעצט זיך צו אַף דעם זעלבן בענקעלע דער דריטער דאָר.

זי — אין אירע לאַנגע ווײַסע הייזעלעך און אינעם ברוינעם קאָפּ־טעלע. אַלץ אַף איר ווי אויסגעגאָסן, ענגלעך־אָנגעצויגן, וואָס מאַכט זי אַ ביסל העכער, ווי זי איז אינדערעמעסן, די האָר זײַנען עטוואָס צעשויבערט, צעפּאַכט ווי אַ ווייער. פון אַלע נעמען, וואָס האָבן זיך געפּלאָכטן אַרום איר — מיריאַמל — מירעלע — מירעטשקע — מאַריטשקע, האָט זיך אויסגעשיילט גראָד דאָס, וואָס איר אַליין איז מערער געפעלן, ווײַל צוגעטראַכט האָט עס מאָטל אַליין, — מאַרינקע. פון אים אַליין איז שוין אָפּגערעדט. פאַראַן אין דעם נאָמען עפּעס טרוימעריש. דאָס וואָרט „מאַרע" איז סײַ אַף ייִדיש, סײַ אַף אוקראַיִניש — אַ געמיש פון טרוים און ווירקלעכקייט, פון כאָלעם און וואָר... מיט איין וואָרט — מאַרינקע.

ער, מאָטל, — אין אָפּגעטראָגענע „דזשינסן", אָן וועלכע אַ באָכער איז קיין באָכער ניט, אינעם קורצן רעקעלע אויך פון דעם מין, וואָס מאַכט אים אַ ביסל גרעבער, נאָר ניט פון יענער גראָבקייט, וואָס איז פאַרבונדן מיט איבעריקער וואָג, נאָר פון יענער, וואָס מאַכט וואָכעדיק אַפילע אין די גרעסטע יאָמטויווים. ס'איז אַפילע שווער צו זאָגן, מיט וואָס האָט אַזוי אויסגענומען בא די איצטיקע יונגעלײַט אָט דער ברעזענטענער מאַלבעש. די קראַפט פון מאָדע? קיינער וויל ניט, מע זאָל אים כוישעד זײַן אין אַלט־מאָדישקייט.

און איבער זיי ביידן — אַן אַלטער, אַלטמאָדישער, מיליאַרדיאָריקער הימל, אַף וועלכן ס'איז פאַר זיי שוין ניטאָ קיין שום סוידעסדיקס. אַלץ איז שוין הונדערטער מאָל פאָטאָגראַפירט און איבערפאָטאָגראַפירט: יעדער שטערנדל, יעדע אומבאַגרײַפלעך־ווײַטע נעפּלדיקייט איז פאַרצייכנט אין זייער ערדישן רעיעסטער. זיי ווייסן אַף אויסווייניק די גרייס און די וואָג פון אַלץ, וואָס אַפּן הימל: וואָס געהער צו די סופּער־שטערן און וואָס צו די קאַרליקעס, וועלכער שטערן הייבט שוין אָן פאַרלאָשן ווערן און וועלכער איז נאָרוואָס געבוירן געוואָרן, אופגעפּלאַמט, אַרום וועלכן סע בושעוועט און פלאַקערט אַ מיליאָנגראַדוסדיקע היץ, און פון וועלכן עס ציט אַ קעלט אַף מײַלן. מאַרינקען און מאָטלען קימערט ניט, וואָס צו יעדערן פון זיי איז אַ מעהאַלעך פון מיליאָנען שײַן־יאָרן, פאַר זיי איז דאָס אַ געוויינלעכע זאַך. אַ קאָסמישע שיף, וואָס וועט פליִען מיט דער גיכקייט פון שײַן, איז פאַר זיי ניט קיין ווײַטער טרוים.

— איך פאַרשטיי ניט... — מאָטל רעדט שטיל, נאָר מיט פאַרדראָס. — די מענטשהייט רײַסט זיך צו די שטערן, די טעכנישע מעגלעכקייטן וואַקסן אַזוי, אַז אינגיכן וועט מען קאָנען פאָרנעמען רײַזעס צו די נאָענטע און ווײַטע גאַלאַקטיקעס, און דו קלײַבסט זיך גריבלען גאָר אין דער ערד, אָפּזוכן עפּעס אַ שאַרבן פון אַ לאַנג פאַרשווונדענער בריִע.

— מענטשהייט, מענטשהייט... — מאַרינקע רעדט, ווי צו זיך אַליין, און אויך מיט פאַרדראָס. — וואָס ווייסן מיר וועגן דער מענטשהייט? היפּאָטע־זעס, וועלכע מע דאַרף ערשט באַשטעטיקן. און מיט וואָס וועלן מיר קומען

צו די באַשעפֿענישן פֿון אַנדערע פּלאַנעטעס? וואָס קאָנען מיר זיי דערציילן וועגן זיך?

— וואָס דאַרפֿן מיר זיי דערציילן? זאָלן זיי אונדז דערציילן וועגן זיך, אויב זיי האָבן וואָס.

— די אינפֿאָרמאַציע דאַרף זײַן אַ קעגנזײַטיקע, — ענטפֿערט זי מיט דער ערנסטקײַט פֿון אַ געלערנטן, — נאָר ניט אין דעם גייט עס. איך וויל וויסן, ווער איך בין, איך וויל האַלטן אין דער האַנט דעם שאַרבן פֿון אונדזערע פֿאָרגייער, איך וויל וויסן, פֿאַרוואָס איז אין איין אָרט אופֿגעקומען איין ראַסע מענטשן און אין אַן אַנדער אָרט אַ צווייטע, פֿאַרוואָס איז אין איין אָרט אופֿגעקומען איין שפּראַך און אין אַן אַנדער אָרט אינגאַנצן אַן אַנדערע.

— אויך מיר אַ דײַגע! אינגיכן וועט קומען אַ צײַט, ווען אַלע מענטשן וועלן זײַן ענלעך, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. און אַלע וועלן רעדן אויף איין שפּראַך.

— בר־ר־ר־ר, — מאַרינקע האָט געמאַכט אַ מינע, גלײַך ס'איז איר דורך אַ גרויל איבערן לײַב. — מיר וואָלט געווען שרעקלעך אומעטיק לעבן אין אַזאַ וועלט... די שיינקײַט, די פּרעכטיקײַט פֿון אונדזער ערד איז דאָך גראָד אין איר פֿאַרשיידנקײַט, אין איר ניט ענלעכקײַט סײַ אין דער פֿלאָרע, סײַ אין דער פֿאַונע. אין דעם באַשטייט דאָך דער דראַנג פֿון איין קאָנטינענט באַקאַנען זיך מיטן צווייטן, דער דראַנג פֿון איין מענטשלעכער גרופּע אויסלערנען די צווייטע. און ניט די פֿאַרשיידנקײַט פֿון שפּראַכן שטערן עס אונדז. ניט זיי זײַנען די מעכיצע צווישן מענטשן. דעריקער, עס זאָל אופֿקומען אַזאַ סאָציאַלע אָרדענונג אויף דער וועלט, ווי בײַ אונדז, וואָס וועט מאַכן אַ סאָף צו אַלע מילכאָמעס. עס זאָל אופֿקומען אַ געזעלשאַפֿט פֿון אַל־מענטשלעכער פֿרײַנטשאַפֿט!

— גערעכט, גערעכט, מאַרינקע! נאָר וואָס קאָן דאָ העלפֿן די פּאַלעאָנ־טאָלאָגיע?

— אָן דעם נעכטן קאָן מען ניט קומען צום מאָרגן. דערויף איז דער מענטש אַ מענטש, ער מוז וויסן זײַן געשיכטע און פֿאָרגעשיכטע...

— עך, מאַרינקע...

די עלטערע לײַט מאַכן שוין נאַכט. ווען עס באַפֿאַלט גלײַך אַ מי־דער שלאָף, און ווער עס סטאַרעט זיך מיט עפּעס איבערכיטרעווען די לאַנגאָניקע שלאָפֿלאָזיקײַט. ווער זשע קאָן עס וויסן, וועגן וואָס דאָס יונגע פּאָרל רעדט, וועגן וואָס עס שושקעט זיך? עמעצן דוכט זיך, אַז ער האָט געהערט אַ זיפֿץ, און עמעצער קאָן שווערן, אַז ער האָט געהערט עפּעס ענלעכס אויף אַ קוש. שמעקט שוין, הייסט עס, מיט אַ כאַסענע, באַזונדערס נאָך דעם, ווי מאָטל איז אָנגעקומען אַרבעטן אין דעם צעך, וווּ אַנדריי וואַסיליעוויטש איז נאַטשאַלניק.

— וועלן מיר אינגיכן פּראַווען אַ כאַסענע, — רעדט שאָלעם אַרויס מיט אַ קאָל, גלײַך אַלץ איז שוין באַשטימט.

— איך וואָלט זייער געוואָלט, ס'זאָל זײַן אַ כאַסענע מיט יענע לידלעך, מיט יענע טענץ, ווי אַמאָל אין שטעטל. אַלץ, ווי אַמאָל, און דאָך אַלץ גאָר

אנדערש. מע קאָן אפילע זאָגן, אן אינטערנאציאָנאלע כאסענע, ווײַל ס׳וועט דאָרטן זײַן דער גאנצער אינטערנאציאָנאל. און לידלעך — פון גאָר דער וועלט. נאָר דאָך, ווי זאָל איך דיר דאָס געבן צו פארשטיין...

— איך פארשטיי, איך פארשטיי, און איך בין גרייט אפילע הײַנט. כאָטש דעם עמעס געזאָגט, האלט איך ניט פון די ראשיקע כאסענעס...

— דו ביסט שטענדיק מיט דײַן קאפּוירעדיקײַט.

נאָר ווען מע האָט געגעבן דעם יונגן פּאָרל אָנצוהערן, אז ס׳איז שוין געענוג שושקען זיך אין סעדל, ס׳איז שוין צײַט פראווען א כאסענע, האָבן זיי געזאָגט אזוינס, וואָס האָט אלעמען געפּלעפּט:

— מע קאָן זיך ליב האָבן אָן א כאסענע! — זאָגט מארינקע און טוט זיך אפילע ניט רויטלען.

— ליבע אָן א כאסענע, צי א כאסענע אָן ליבע, וואָס איז לײַטישער? — פרעגט מאָטל.

שאָלעם טאנצט אזש אונטער פון פארגעניגן, וואָס דאָס אייניקל האָט עפּעס יאָ געיאַרשנט פון אים: אָט דאָס פּרווון איבערקערן א זאך מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארוף און דערווײַזן, אז גראָד דאָס קאפּוירעדיקע... כאָטש אין דעם פאל וואָלט שאָלעם געוואָלט זאָל גראָדע זײַן ניט קאפּוי־רעדיק.

עפּעס האָבן זיי פונדעסטוועגן געיאַרשנט בא זייערע „אור־אָוועס", ווי די יוגנט האָט איצט ליב זיך אויסדריקן וועגן די עלטערן, נאָר מערער האָבן זיי געיאַרשנט פון דער צײַט. עפּשער דערפאר זײַנען זיי געווען אזוי ענלעך איינער אפן אנדערן און אזוי ניט ענלעך. אין מאָטלס זוכע־נישן, אין זײַן רײַסן זיך צו די גאלאקטיקעס איז געווען פיל ערדישס, גאשמיעסדיקס, און אין מארינקעס טרוימען, וואָס זײַנען געווען פארבונדן מיט די ערד־טיפענישן און מע האָט זיי געדארפט ארויסגראָבן מיט לאָפּע־טעס, זײַנען געווען פארשווונדענע צײַטן, ווי דער באגײַנענדיקער טוי, וואָס גיט זיך א לאָז אראָפּ און סטײַעט ניט, ווי די פריליגנדיקע נעפּלען, וועלכע עסן פריִער אוף דעם שניי און ווערן דערנאָך אליין דורך עמעצן אײַנגעשלונגען; זיי זײַנען ווי יענע ווײַטע וואָלקנס, וואָס קומען פון ער־געץ צו שווימען און דו ווייסט קיינמאָל ניט, פונוואַנען זיי שטאמען. פאַ־לעאָנטאָלאָגיע!..

ס׳איז גאנץ מעגלעך, אז זיי האָבן באָך אליין ניט געוווּסט, וואָס זיי ווילן און וואָס זיי זוכן, ניט געוווּסט נאָך א סאך זאכן און אין דער ערשטער ריי זיך אליין. מעגלעך, אז אלע זייערע שפּארענישן זײַנען געווען ניט מערער, ווי אן אָנשטעל, אף דורכלופטערן די שפּראך, אף ארויסשטעלן זיך איינער פארן אנדערן גראָד מיטן פארקערטן, מיט יענעם גײַסט פון ווי־דערשפּרוכן, וואָס צווינגט אָפט יונגע לײַט טאָן אפּצולאָכעס זיך אליין...

אָבער פונוואַנען האָבן די טאטעס און מאמעס געזאָלט וויסן, וועגן וואָס שושקען זיך עס די יונגע, איבער וואָס קריגן זיי זיך. און אויב ניט קיין כאסענע, איז ווער זשע האָט געדארפט די אלע הריזעגישן מיט זיך אליין? ס׳איז געקומען צו דעם, אז כאריטינע האָט געזאָגט צום מאן:

— ווייסט, איך האָב מורא...

— צו וואָס דארף מען מורא האָבן? — וויצלט זיך לוקיטש, כאָטש אים גרימט אויך א ביסל אינווייניק.

— כ׳ווייס, טאָמער עפּעס...

— וואָס עפּעס?

— וואָס מאכסטו זיך טאמעוואטע. טאָמער כאָלילע... גאָט זאָל אָפּהיטן! לוקיטש ווידער מיט זײַנע וויצן:

— וואָס גאָט, ווער גאָט? ווילסט גאָר ניט ניאַנטשען קיין אורייניקל?..

און דער דריטער דאָר... זיי האָבן געהאלטן אין איין שפּארן זיך, ביז איינעם אָן אָוונט...

אין איינעם אָן אָוונט, בײַם זיי האָבן, ווי שטענדיק, דיסקוסירט וועגן דעם נעכטן און דעם מאָרגן, וועגן די אורקוואלן פון דעם מענטשן, וועגן ציוויליזאציעס אף די ווײַטע שטערן, צו וועלכע דער מענטש וועט עפּשער קיינמאָל ניט דערגרייכן, האָט מארעטשקע פּלוצלינג א זאָג געטאָן:

— אין דרײַ טעג ארום פאָר איך אוועק.

— אף לאנג? — האָט מאָטל א ציטער געטאָן.

— אף א יאָר...

— וווּהין?

— אין אן עקספּעדיציע קיין מיטלאזיע...

האָט מאָטלען מיטאמאָל אָפּגענומען דאָס לאָשן און ער האָט אָנגעהויבן צו שטאמלען:

— אָט אזוי־אָ, אינמיטנדערינען?..

— ס׳איז ניט אינמיטנדערינען... מײַן מעלדונג ליגט שוין דאָרט א האלב יאָר.

— און דו האָסט דאָס אויסבאהאלטן פון מיר?..

— וואָס זשע, עס פאָדערט זיך דען דערוף דײַן דערלויבעניש, דײַן רעזאָלוציע?

— מיר זײַנען דאָך...

— וואָס זײַנען מיר, ווער זײַנען מיר?

— וואָס הייסט ווער? עפּשער פארשרײַבן זיך...

מארינקע פארקרימט זיך, גלײַך זי וואָלט צעקײַט א גרין ווײַנשעלע.

— פארשרײַבן זיך? האָסט דאָך אליין געזאָגט...

— עמעס, אָבער... אויב דו האָסט מיך אפּאנעמעסן ליב...

— פארשטייסט, מאָטעלע, איך קאָן אנדערש ניט. דאָס איז דאָך מײַן בארוף. דער זין פון מײַן לעבן. און וואָס איז אזוינס א יאָר? ס׳איז אפילע בעסער אזוי. מירן זיך אויספּרווון. צעשיידונג איז דער בעסטער אויספּרוו פאר יעדער ליבע...

— אויספּרווון דארף מען דאָס, אין וואָס מע איז ניט זיכער.

— און דו ביסט אין דעם זיכער?

— האָסט מיך פאָשעט ניט ליב, מארינקע...

— דו רעדסט ווי א קליינבירגער, מאָטעלע...

און מאָטל, דער שטענדיק רויקער, פעסטער, קאטעגאָרישער מאָטל, וואָס

איז געווען זיכער, אז זײַנע עמעסן זײַנען ווי אײַזן, האָט זיך שיר ניט צעוויינט.

— ביימער, זײַט אַן אײדעס...

מארינקעס ליכטיק שמייכעלע, וואָס גיט אַמאָל א גלעט, א לעשטשע און אַמאָל אַ ברי.

— עפשער וועסטו זיך נאָך שטעלן אַף די קני? און רופן אויך די שטערן פאר איידעס?

געוויס איז איר שווער געווען באַנעמען, אז איר זיידע האָט זיך גע־קאַנט שיסן איבער א ליבע, כאָטש זי, מיט איר נאָמען אליין, האָט אויך א שײַכעס צו יענער א ביסל אלטמאָדישער ליבע. הײַנטיקע צײַטן שיסט מען זיך ניט... נאָר דאָס, וואָס מאָטל האָט געזאָגט, האָט זי שטארק אופגעבראכט.

— איז אָט וואָס, — האָט ער קימאט אויסגעשריגן. — אָדער דײַן עקס־פעדיציע, יענער אוראלטער שארבן, אָדער איך!..

עפשער וואָלט נאָך אנדעריש געווען, עפשער וואָלט מען נאָך געקאָנט אויסדײַנגען א בעסערן, א לײַטישערן סאָף פאר דער גאנצער געשיכטע. נאָר מאָטל האָט זיך פארלוירן. דעם צווייטן אָוונט, ווען אלע זײַנען געזעסן באם טיש און געטרונקען טיי, האָט מאָטל זיך אָנגערופן:

— אנדריי וואסיליעוויטש, זאָגט איר, זי זאָל ניט פאָרן...

— וווהין פאָרן? — האָט אנדריי ניט פארשטאַנען.

— וווהין פאָרן? — האָט אויסגעשריגן די מאמע.

— אין עקספעדיציע!

— אין עקספעדיציע!?

— אין עקספעדיציע!?

ס'האָט זיך צונויפגעגאָסן איבײנעם אנדרייס שטױנונג און וואליעס שרעק. דערצו נאָך האָט כאריטינע א פליעסקע געטאָן מיט די הענט, און לוקיטש מיט שאָלעמען האָבן דערבײַ א קוק געטאָן אײנער אפן אנדערן, אָנשטויסנדיק זיך, אז דער איניען איז א סאך טיפער, אז ניט נאָר אין דער עקספעדיציע גייט עס.

— אף לאנג? — האָט די מאמע געפרעגט.

— איגנאנצן אף איין יאָר, — האָט מארינקע געפרווט בארויקן אלע־מען.

— גאָטעניו, אף א גאנץ יאָר! — האָט ווידער אויסגעשריגן די מאמע. איז מאָטל צו אלעמען צוגעשטאַנען:

— זאָגט איר, זאָגט איר, זי זאָל ניט פאָרן, זי זאָל זיך אָפזאָגן...

— פון וואָס אָפזאָגן זיך?! — מארינקע שרײַט ניט, נאָר איר קאָל איז פול מיט טײַנעס. — פון אלע מײַנע טרוימען, פון דעם, וואָס איז פאר מיר... פון זיך אליין זיך אָפזאָגן?

א גאנצער ערדקײַלעך איז אָנגעשפיגעוועט מיט שטעט און דערפער, מיט וואקזאלן און אעראָפּאָרטן, מיט יאָגנדיקע צוגן, שווימענדיקע שיפן, פליענדיקע אעראָפּלאנען... און מיט מענטשן, וואָס טראָגן זיך ארום מיט

זייערע טרוימען און ווייטעקן, מיט זייערע ליבעס און רויגעזן, און אלץ דרייט זיך צוזאמען מיט דער ערד, עס טראָגט זיך אין דער קאָסמישער אומבאגרײַפלעכקײַט א געמיש פון גליק און אומגליק, פון ווארעמען פלאַטער און קאלטן גרויל, פון אייביקע זוכענישן און אייביקע בענקענישן. וואָס וועט פון דעם אלעמען דערגיין צו יענע ווײַטע ציוויליזאציעס? וואָס וועט דערגיין צו זיי פון אים אליין, פון מאָטלען, פון אלע זײַנע איצטיקע גרימענישן, פון זײַן איצטיקן ווייטעק?

מאָטל איז אליין געווען דערשטוינט דערפון, וואָס אים זײַנען באַפאלן אזעלכע מאָדנע, קאָסמישע געדאנקען. נאָר ווי האָט געקאָנט זײַן אַנדערש, ווען די נאכט האָט געבלענדט מיט ניט קיין באנאכטיקער שײַן פון טויזנטער פײַערלעך, וואָס האָבן באלעגערט דעם גלאַנציקן אספאלט פון ביידע זײַטן, ווען א לאנגע ריי אווטאָמאָבילן האָבן מיט א סיפּעניש זיך געגליטשט איבערן וועג, געיאָגט און ניט געקאָנט אריבעריאָגן איינע די אנדערע, בלויז וואָרענענדיק געפינטלט מיט די רויטע פײַערלעך.

לעבן אים אין דער מאשין איז געזעסן מארינקע מיט א בארויגעזדיקפארוויינט פּאָנעם. און מאָדנע: ביידע, וואָס האָבן געקאָנט אָפּריידן א נאכט ביזן האָנענקריי, האָבן ניט געפונען וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן. זײַנען זיי געזעסן און געשוויגן.

אָט אזוי שווײַגעוודיקע זײַנען זיי ארײַנגעקומען אינעם באלויכטענעם קרײַז פונעם עראָפּאָרט, וואָס האָט געשראָקן און געצויגן צו זיך מיט זײַנע פאסיקלעך ערד, פונוואנען ס'איז אזוי נאָענט צום הימל, אז דער מענטש אליין פארלירט גלײַך זײַן ערדישקײַט, דעם געפיל פון הארטקײַט אונטער די פיס. זי, מארינקע, איז שוין אויך אזוי: ערדיש־נאָענט און ניט ערדיש־ווײַט. באלד וועט זי א פּאָך טאָן צו אים מיט דער האנט, מעגלעך, עפּעס זאָגן דערבײַ. נאָר ער וועט שוין ניט הערן. ער וועט ניט וויסן, צי איז אין אירע ווערטער געווען עפּעס פון יענעם בארויגעז, צי ס'האָט אין זיי א בליץ געטאָן א שטיקעלע האָפענונג...

— יעדער זאך האָט זײַן אָנהייב און זײַן סאָף, — רעדט לוקיטש ארויס מיט א שטילן זיפץ.

— מע קאָן אָבער קיינמאָל ניט וויסן, ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סאָף, — ענטפערט אים ווידער אָפּ שאָלעם מיט זײַן פילאָסאָפיע.

נאָר דאָס האָט שוין א שײַכעס צו גאָר עפּעס אנדערש, צו דעם איינשטאָקיקן כוטאָרל אינמיטן דער גרויסער שטאָט, וואָס וועט אינגיכן אראָפּגעווישט ווערן פון דער ערד און אלע זײַנע אײַנוווינער וועלן זיך אריבערקלײַבן אין א שפּאָגל־נײַעם פילשטאָקיקן מויער. עמעס, לוקיטש מיט שאָלעמען האָבן זיך אויסגעסטארעט, אז זייערע דירעס זאָלן זײַן אָף איין שטאָק, א טיר לעבן א טיר, זיי זאָלן קאָנען ווי פריער פארברענגען אלע אָוונטן אינאיינעם. אוואדע וועלן זיי בענקען, נאָר ניט נאָך יענער אלטער אקאציע און נאָך יענע ווײַנשל־ביימער פון זייער פארשווונדענעם שטעטל,

נאָר נאָך זייער איצטיקן סעדל, וואָס זיי וועלן אויך דערמאָנען, ווי אַלע זייערע אוועקגעפלויגענע יאָרן...

און דער דריטער דאָר? עס וועט קומען אַ צײַט, וועט ער אויך בענקען נאָך יענע ביימער און נאָך יענע נעכט. דערווײַל רעדט מען אַפילו ניט דערפון. בלויז שאָלעם, ווען עס טוט זייער ווי דאָס האַרץ פאַר זײַן אייניקל, טוט אַמאָל אַ פרעג בײַ לוקיטשן, ווען דאָס האַרץ טוט ווי ניט ווייניקער:

— זי שרײַבט עפּעס, מאַרינקע?

— יאָ, זי שרײַבט... זיי האָבן דאָרטן אויסגעגראָבן עפּעס אַ שאַרבן... אַזאַ שאַרבן, שרײַבט זי!..

# מײַן גאָלדענער כאָלעם



אָס הילצערנע איינשטאָקיקע הויז מיט גרין־געפארבטע ווענט און רויט־געפארבטע לאָדן האָט געלעבט אַף דער וועלט דעם לעצטן פרילינג. ס'האָט געלעבט, דארף מען זאָגן, ניט שלעכט, אָן סימאָנים פון זקיינישער כאָלעשדיקײַט. די אינווייניקסטע ווענט זײַנען געווען גוט אויסגעווײַסט, די דילן פריש אָפגעפארבט, און דאָס וואסער האָט זיך געגאָסן פונעם צאפן מיט א פעסטן שטראָם. נאָר סײַווי... די צײַט האָט שוין אָפגעטאָן אירס, און קיין שום זאך האָט ניט געקאָנט ענדערן דעם גורל פון דעם נאָך פעסטן הויז. די פריִערדיקע אײַנוווינער, די עמעסדיקע טוישווים, וואָס האָבן דאָ אָפגעלעבט ווער ווייסט וויפל צײַט, זײַנען נאָך מיט א יאָר צוריק אריבערגעפאָרן אין א נײַעם פילשטאָקיקן מויער דערנעבן. איצט האָט דאָ, אין דער אלטער שטוב, צײַטווײַליק געוווינט מײַן זון, א מיטגליד פון א בוי־קאָאָפעראטיוו פון נאָך א נײַערן מויער. די בויונג איז געגאנגען טאקע דערבײַ, און מיר האָבן דורך די פענצטער צוגעקוקט, ווי פון טאָג צו טאָג וואקסן די ווענט פון א נײַעם שטאָק.

אונטער איינעם א פענצטער פון דער אלטער שטוב איז געוואקסן אַן עפלבוים, ניט פון יענע געוויינלעכע עפלביימער מיט די נידעריקע שטאמען און ברייט־צעשפרייטע צווײַגן, נאָר פון גאָר אַן אנדער מין. געווען איז דער בוים הויך און שטאלטנע, די צווײַגן ווי אָפגעטאָקט, און דער שפיץ פונעם בוים האָט אויסגעזען ווי אַן עמעסדיקע קרוין, פול מיט גאָלדענע כרעמזעלעך. אַף אזא בוים וואקסן קליינינקע עפעלעך מיט רויטע בעקעלעך, וואָס פארמאָגן אין זיך א זיסלעכע טערפקײַט און, כ'ווייס ניט פארוואָס, מע רופט זיי — גאניידן־עפעלעך. איך ווייס נאָר, אז אמאָל זײַנען דאָס געווען די סאמע וואָלוולסטע עפל, און מײַן מאמע, געדענק איך, האָט מערסטנס געבראכט פונעם מארק גראָד זיי, די קליינינקע, רויטלעכע און זיסלעך־טערפקע גאניידן־עפעלעך. דאָן, ווען איך האָב מיט איין ביס צעקײַט א גאנץ עפעלע, האָט זיך מיר געדוכט, אז אין זייער טאם איז טאקע פאראן גאניידנדיקס. איצט פארשטיי איך, אז די זאך איז ניט אין די עפעלעך, נאָר אין דעם בוים אליין, אין זײַן הייך, אין זײַן שטאלטנעקײַט, אין דער געטאָקטקײַט פון זײַנע צווײַגן און אין זײַן קרוין, אַף וועלכער מע וואָלט געדארפט אוועקשטעלן און אָנצינדן א ליכטל.

אין איינעם א באגינען... צי דער פרילינג איז געווען אזא האסטיק־אימפעטפולער מיט יענעם מעכטיקן דראנג, וואָס גייט סײַ פון אויבן, פון די בלענדנדיקע שטראלן, סײַ פון די פארבאָרגענע טיפענישן פון דער אופגעוואכטער ערד, צי עפשער איז אין יענער נאכט פאָשעט געשען אזויינס, וואָס באווונדערט אונדז שטענדיק מיט דער אומבאגרײַפלעכקײַט, ווען אַף דער וועלט ווערט עפעס געבוירן, נאָר פאר איין נאכט איז דער בוים געוואָרן אײַנגאנצן ווײַס. פון אונטן ביז ארויף האָט ער זיך באדעקט מיט

טויזנטער קווייטעלעך, וואָס האָבן געבלענדט מיט זייער ווײַסקײַט און מיט די שטראַלן, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום יעדער קווייטעלע, ווי פאַרשיקערטע פלאַטערלעך, ווי אויסגעהונגערטע בינען. און טאַקע בינען אַליין אויך... ווי האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן אָט דעם נעס, וואָס זיי זײַנען אַזוי פרי אָנגעפלויגן?

מיר זײַנען פאַרגאַפט געשטאַנען אַרום דעם בוים, ווי פאַרקישעפטע... ס׳האָט בײַ אונדז אַלעמען פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון אָט דער דופּטיקײַט, וואָס האָט פאַרפולט דעם אַרום, פון אָט דער ווײַסער, שעמערירנדיקער יאָמטעוודיקײַט, וועלכע האָט מיטאַמאָל ווי געענדערט דאָס פּיצעלע שטיקל ערד אונטערן פענצטער, עס אָנגעפילט מיט עפּעס מײַסעדיקס, פון וועלכן בײַ יעדערן, צי איז ער שוין אַלט, צי נאָך גאָר אַ קינד, הייבן אָן גלאַנצן די אויגן און עס גיט אַ טיאָכקע דאָס האַרץ. און דאָס טיאָכקען איז פול מיט טײַנעג, מיט אומפאַרשטענדלעכן אומעט, און מיט נאָך מערער אומפאַרשטענדלעכן ווייטעק און שרעק. פאַרוואָס?.. פונוואַנען?.. נאָר גיי פרעג באַם האַרצן קאַשעס... עפּשער איז דאָס געקומען דערפאַר, וואָס בײַ יעדערן איז דערבײַ דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז דאָס זעט ער צום לעצטן מאָל דעם דאָזיקן בוים בליִען? און אים, דעם בוים, אַליין... מעגלעך, אַז דורך עפּעס אַן אומבאַגרײַפלעכן פאָרגעפיל, וואָס אַ געוויקס קאָן פאַרמאָגן, האָט דער בוים זיך אַזוי געאײַלט צעבליִען און סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס, אַז קיין איין קנאָספּעלע זאָל ניט בלײַבן ניט צעעפנט. מעגלעך, אַז פון אָט דעם ניט קלאָרן געדאַנק האָב איך דערפילט, ווי מיך האָט דורכגענומען אַ שנײַדנדיקע קעלט, און דער בוים האָט אַ שײַן געטאָן פאַר מיר מיט גאָר אַן אַנדער ווײַסקײַט, גלײַך אַ שנייעלע וואָלט אים באַדעקט, אָדער אַ ווײַס פּרעסטעלע האָט אַרומגעזוימט זײַנע צווײַגן.

און דאָ איז, ווי פון אַ קינדערש מײַסעלע, דערשינען פאַר מיר אַ מיידעלע אין ווײַסן... זי איז צוגעקומען צום בוים און געבליבן שטיין ווי פאַרגלייווערט. דאָס ווײַסע קליידעלע מיט די קורצע אַרבעלעך, די ווײַסינקע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס, די בלאָנדע צעפּעלעך מיט בלויע סטענגעלעך. און די אויגן... דעם קאָליר פון אירע אויגן איז שווער געווען באַשטימען, ווײַל די שטראַלן, וואָס האָבן געשפּילט אין זיי, האָבן איבערגעמישט דאָס ערדישע מיטן הימלשן. דערצו האָט פון זיי אַרויסגעגלאַנצט אַזוינס, וואָס האָט פּאָשעט פאַרבלענדט, ווי דער בוים מיט זײַן שעמערירנדיקן צוויט.

דאָס מיידעלע איז געבליבן שטיין, ווי צוגעוואַקסן צום בוים, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זיי עטעמעןביידע מיט איין אָטעם און פלאַטערן מיט איין פלאַטער, אַז דאָס פאַרפילן זיי ביידע איינעם דעם אַרום מיט יענער פאַרשיקערנדיקער דופּטיקײַט און מיט יענעם אומפאַרשטענדלעכן אומעט.

— איר ווינט אין אָט דער שטוב? — האָט דאָס מיידעלע געפרעגט מיט רעגעוודיקער פלאַטערניש.

— יאָ, — האָט געענטפערט דער זון, — צײַטווײַליק.

— און אינגיכן וועט מען די שטוב צעוואַלגערן?

— געוויס. זעסט דאָך... — איך האָב א ווײַז געטאָן מיט דער האנט אפן נײַעם מויער און אפן הייבקראן, וואָס איז געהאנגען איבער אים.

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט דאָס מיידעלע ארויסגעזיפצט. — מיר וווינען אויך דאָ ניט ווײַט. אין יענעם־אָ נײַעם מויער. נאָר אין אָט דער שטוב בין איך געבוירן געוואָרן און אויסגעוואקסן...

— אזוי גאָר? — האָט דער זון זיך פארכידעשט, כאָטש כידעשן זיך איז, אייגנטלעך, ניט געווען וואָס.

— האָב איך צו אײַך א ביטע. ווען מע וועט וואלגערן די שטוב, איר וועט דאָך געוויס זײַן דערבײַ, איז זעט, עס זאָל ניט שאטן דעם בוים. זאָל ער וואקסן...

עפּעס איז געשען מיטן מיידעלע אין דער מינוט אזוינס, וואָס האָט זי געמאכט אף היפּשע עטלעכע יאָר עלטער. מעגלעך, ס'איז דערפאר, וואָס אין דער שטים אירער האָט זיך דערהערט א כליפּען, און עפּשער ווײַל פון אירע אויגן איז פארשוווּנדן די הימלשע לויטערקײַט און ס'האָבן אין זיי שעמערירט טרערן. דאָס אלץ, אפּאָנעם, האָט גוירעם געווען דערצו, אז דער זון מײַנער זאָל זי אָנהייבן צו „אירצן".

— בא אײַך איז עפּעס פארבונדן מיט אָט דעם בוים?

דאָס מיידל האָט זיך פארויטלט.

— אזוי זיך... א גאָלדענער כאָלעם... — און איז אײַליק, ווי מוירע געהאט, מע זאָל ניט באמערקן די אראָפּגערונענע טרערן און ניט איבער־לייענען אף איר פּאָנעם עפּעס פון דעם, וואָס איז פארבונדן בא איר מיטן דאָזיקן בוים.

פאר דער וואָך צײַט, וואָס איך בין געווען בא מײַן זון צוגאסט און דער בוים איז געשטאנען א פארפוצטער אין זײַן בלי, האָב איך דאָס מיידל באם בוים מער ניט געזען. מעגלעך, אז זי איז ניט איין מאָל דאָרט געווען, נאָר, מיסטאמע, דאן, ווען קיינער איז ניט געווען דערבײַ, און איר גאָל־דענער כאָלעם איז פארבליבן פאר מיר א סאָד. צי האָט מען דעם בוים פארפלאנצט, ווען זי איז געבוירן געוואָרן און ער איז געוואקסן, האָט גע־בליט אינאיינעם מיט איר, צי עפּשער האָט זי דאָ, אונטערן בוים, פארבראכט אירע שענסטע אָוונטן, געהערט צום ערשטן מאָל די ווערטער וועגן ליבע... סײַווי, ווען איך זאָל זי געווען זען נאָכאמאָל, וואָלט איך ניט געוואגט פרעגן וועגן דעם גאָלדענעם כאָלעם אירן, וועלכער איז געוויס פון יענע כאלוימעס, פון יענע טרוימען, וואָס דער מענטש טראָגט אין זיך פון קינד־ווײַז, טרוימען, צו וועלכע ער האלט אין איין שטרעבן.

דער פרילינג אין יענעם יאָר איז טאקע געווען א וווּנדערבארער, מיט א מילדער, ניט הייסער זון, מיט ניט קיין שטארקע דויערנדיקע רעגנדלעך, מיט א סאך צוויט און מיט א סאך גראָז. האָט זיך מיט פארגעניגן שפּאצירט איבער דער שטאָט בא דער וואָלגע, איבער אירע לאנגע גאסן, ברייטע פּראָספּעקטן און גרינע סקווערן, אין וועלכע דער פרילינג האָט געפּראוועט זײַנע ראשיקע סימכעס.

קימאט אף יעדער גאס צווישן שפּאָגל־נײַע פילשטאָקיקע מויערן, וואָס שמעקן נאָך מיט פרישן קאלך און פרישע פארבן, זײַנען געשטאנען איינ־

שטאָקיקע, צווײשטאָקיקע און אפילע דרײַשטאָקיקע הײַזער, וועלכע מע האָט געהאלטן באם אראָפטראָגן. זיי זײַנען געשטאנען מיט זייער אויסגעהוילטקײַט, אָן טירן און אָן פענצטער. די פארטונקלטע, פינצטערע פוסטקײַט, וואָס האָט ארויסגעקוקט דורך די בלינדע טירן און פענצטער, האָט געעטעמט מיט עפּעס בעסוילעמדיקס. ווען איך האָב געזען אזא אויסגעהוילטע, פארלאָזטע שטוב, איז מיר געקומען פאר די אויגן דער צעצוויטעטער עפּלבוים, דאָס מיידעלע אין ווײַסן, איר פארשעמט, פארויטלט פּאָנעם, ווען זי האָט ארויסגערעדט:

— א גאָלדענער כאָלעם...

ווען איך בין געקומען צו מײַן זון צוגאסט דעם אנדערן פרילינג, האָט ער שוין געוווינט אינעם נײַעם, נײַנשטאָקיקן מויער, און די הילצערנע שטוב מיט די גרינע ווענט און רויטע לאָדן איז שוין ניט געווען. דער עפּלבוים אויך ניט. ער איז געוואקסן צו נאָענט צו דער שטוב, זײַנע צווײַגן האָבן מאמעש געטוליעט זיך צו דער וואנט, און דער בולדאָזער האָט אים ניט געקאָנט אויסמײַדן. האָט ער געמוזט אוועק פון דער וועלט אײנײנעם מיט דער שטוב. פון דעם אלעמען איז געבליבן א הויכע קופּע מיסט, א געמיש פון ערד און איבערגעפוילט הילצווארג, פון איבערגעבראָכענע ציגל און פארזשאווערטע שטיקלעך אײַזן.

— ווען מע וועט אָפּרייניקן דעם הויף פונעם מיסט, — האָט זיך אָנגערופן צו מיר דער זון מײַנער, שטייענדיק מיט מיר אפן באלקאָן פון זײַן נײַער וווינונג, — וועלן מיר פארפלאנצן א סקווער, מיר האָבן שוין אלץ אויספּלאנירט.

אָנגעשטויסן זיך, אפּאָנעם, וועגן וואָס האָב איך זיך פארטראכט, האָט ער צוגעגעבן:

— און מיר וועלן פארזעצן א פּאָר עפּלביימער אויך. טאקע פון יענעם מין, פון די גאנײידן־עפּעלעך.

איך האָב פארשטאנען זײַנע גוטע קאוואָנעס, אָבער... וויפל נײַע ביימער מע זאָל ניט פארפלאנצן, וועלן זיי פארן מיידעלע שוין זײַן גאָר אנדערע. נאָר אויב מענטשן פארזעצן ביימער אין אָנדענק פון אן אנדערן, אומגעקומענעם בוים, איז פאראן אין דעם עכט מענטשלעכס. דאָס איז דאָך דער העמשעך פונעם מענטשלעכן זיקאָרן, דאָס, וואָס האָט געמאכט דעם מענטשן פאר א מענטשן.

אין א פּאָר טעג ארום האָט אונדז אלעמען אופגעוועקט א גרילצעניש מיט א טראסקעניש אף פארטויבט צו ווערן. צום בארג מיסט זײַנען צוגעפאָרן א פּאָר מאשינעס, גרויסע מעכאנישע לאָפּעטעס האָבן אָנגענומען פולע הויפנס מיט אלץ, וואָס האָט זיך זיי געמאכט, און געשלײַדערט עס אין די קוזאָוועס. פון אלע הײַזער זײַנען זיך צונויפגעלאָפן אהער כעוורע און מיט דער דאָרשטיקײַט און נײַגעריקײַט פון עמעסדיקע ארכעאָלאָגן אונטערגעקליבן אלץ, וואָס איז ארויסבאקומען געוואָרן פון די טיפע אינגעווײדן פון דער קופּע מיסט, — פארשיידענע קעסטעלעך און פּושקעלעך, קעסעלעך און שפּיגעלעך, ליימענע שיסלען און הילצערנע לעפל, אָפּצוועגעלעך, העמערלעך און אנדער געצײַג, לויט וועלכן מע וואָלט געקאָנט

שאַפֿן אַ באַשטימט בילד וועגן די דוירעס, וואָס האָבן געוווינט אין דער ניט לאַנג צעוואַלגערטער שטוב.

מײַן אייניקל, דימע, אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר צען, מיט אַ קײַלעכיק פּע־נעמל און צוויי גרויסע ליכטיקע אויגן, איז אויך געווען צווישן די אויצער־זוכער. אַלע מאָל האָט ער אַרויפֿגעבראַכט אַן אַנדער פֿאַרזשאַווערט קעס־טעלע און געסטאַרעט זיך איבעראַשן אונדז מיט זײַנע געפֿינסן. אָפּגעהאָ־רעוועט אַ גוטע פּאָר שאָ, פֿון קאָפּ ביז די פֿיס אין שטויב, איז ער דאָס מאָל אַרײַן אין שטוב ביז גאָר אַ פֿאַרסאָפּעטער, די אויגן האָבן געגלאַנצט פֿון אויפֿרעגונג, פֿון זיכערקײַט, אַז דאָס מאָל האָט ער געפֿונען טאַקע עפּעס רעכטס.

— זיידע, טו אומיסטן אַ קוק!

דאָס מאָל איז דאָס טאַקע געווען עפּעס אַנדערש. כאָטש... וואָס? טאָוו־לען פֿון פֿאַרשיידענע נומערן פֿונעם רוסישן זשורנאַל „ניווא" פֿאַרן טויזנט נײַן הונדערט זיבעטן יאָר. און דאָך... טויזנט נײַן הונדערט זיבן! דאָס יאָר, ווען איך בין געבוירן געוואָרן!

די טאָוולען זײַנען געווען פֿון דינעם פּאַפּיר, אייניקע ליכטיק־גרינע, אַנדערע ליכטיק־געלע, נאָר אַלע היפּש אַרומגעפּליקטע, איבערגעטריקנ־טע. זיי האָבן געטרישטשעט צווישן די פֿינגער, ווי געוואָרנט — פֿאַרזיכ־טיקער!

מײַנע הענט האָבן געציטערט, די אויגן האָבן אַרומגעיאָגט צווישן די קלייניקע אויסיִעלעך פֿון פֿאַרשיידענע מעלדונגען, רעקלאַמעס, געמעלן. און כאָטש דאָס זײַנען ניט געווען פֿון יענע פֿאַרמעטן פֿון טויזנטיאָריקן עלטער, נאָר דאָך... אַ וועלט, וואָס האָט שוין לאַנג אָפּגעלעבט, לאַנג פֿאַר־שווונדן, נאָך מיט זיבעציק יאָר צוריק... ווי האָט זי געלעבט, יענע וועלט, וואָס האָט זי געלייענט, וואָס האָט זי אינטערעסירט?

„קויפֿט טאַבלעטקעס „פּעני" — דאָס בעסטע מיטל קעגן בלוט־אָרעמ־קײַט!"

„די בעסטע זייגערס אין דער וועלט מאַכט די פֿירמע „יאַנער"!"

„איך פֿאַרקויף הײַנט פֿון גרעסטן ייִכעס פֿאַר צוגענגלעכע פּרײַזן!"

„איך גיב לעקציעס, וויאַזוי פֿאַרדינען דרײַ הונדערט רובל אַ כוידעש!"

„די בעסטע מיטלען קעגן מערידן, אַסטמע און רעוומאַטיזם!"

„קרעם „מעטאַמאָרפֿאָזאַ" — דער בעסטער קרעם אין דער וועלט!"

טאַבלעטקעס, קרעמען, ייִכעסדיקע הינט, מיטלען קעגן מערידן און לעק־ציעס, וויאַזוי גיך רײַך ווערן... יענע אַלטע און ווײַטע וועלט! נאָר אָט... גאָר אַנדערע מעלדונגען. וועגן אומזיסטע בײַלאַגעס צום זשור־נאַל:

אַלע ווערק פֿונעם גראַף לעוו טאָלסטאָי.

פֿולע זאַמלונג פֿון די ווערק פֿון אַ. נ. לעסקאָוו.

צוויי און פֿופֿציק ביכער פֿון ק. מ. סטאַניוקאָוויטש.

אַ צוגענגלעכע אויסגאַבע פֿון אַלע ווערק פֿון נ. וו. גאָגאָל.

יאָ, צוליב דעם וואָלט איך אליין זיך אַ גריבל געטאָן אין די געדערים פֿון דער צעוואַלגערטער שטוב.

די העגט ציטערן, און די אויגן יאָגן אַרום. אייניקע אויסיִעס זייַנען אַ ביסל אָפּגעריבן, אַנדערע מיט עפּעס פאַרשמירט, נאָר מע קאָן איבער־לייענען.

איינהאַלט פונעם זשורנאַל „גיווא" נומער צוויי פאַרן טויזנט נײַן הונ־דערט זיבעטן יאָר. צווישן אַ ריי דערציילונגען און לידער פון באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע אויטאָרס אַ דערציילונג פון ל. אווילאָווא „גאָלדענע כאַלוימעס".

גאָלדענע כאַלוימעס... גיי ווייס, אַז פון אָט דעם אַרומגעפליקטן און פאַרפלעקטן בייגעלע פּאַפּיר וועט מיטאַמאָל אַ שמעק טאָן, ווי פון יענעם צעצוויטעטן עפּלבוים, און איך וועל אַזוי באַשײַמפּערלעך דערזען פאַר זיך יענץ מיידעלע אין ווײַסן, און כ'וועל אַזוי קלאָר דערהערן איר שטים.

...אַ גאָלדענער כאַלעם.

אין וואָס איז באַשטאַנען דער גאָלדענער כאַלעם פון יענעם מיידעלע? אין וואָס איז באַשטאַנען דער גאָלדענער כאַלעם פון דער שרײַבערן ל. אווילאָווא, פאַרפאַסט אין די שטורמישע יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע?

באַמערקט, ווי איך האָב זיך אײַנגעקלאַמערט מיט די אויגן אין די האַלב־צעפליקטע בייגעלעך, האָט דאָס אייניקל געפרעגט:

— זיידע, וואָס האָסטו דאָרטן אַזוינס דערזען?

— כאַלוימעס, גאָלדענע כאַלוימעס...

— וועלכע כאַלוימעס? — האָט ער פאַרכידעשט איבערגעפרעגט.

— טו אַ זוך, עפּשער וועסטו דאָרט געפינען אַ פּאָר זײַטלעך פון אָט דעם זשורנאַל.

דימע איז אוועק און איבגיכן זיך אומגעקערט.

— ניטאָ, זיידע. ס'איז געווען אַ ביסל אַף דער מאַשין, נאָר ביז איך בין צוגעלאָפן, איז זי שוין אָפּגעפאָרן.

ער האָט זיך ווי געפילט שולדיק, וואָס דער גאָלדענער כאַלעם איז אַזוי אוועקגעפלויגן. אין אים האָט געבראָוזשט דער פאַרדראָס פון אַ דערוואַק־סענעם, וואָס איז געשטאַנען אַפן ראַנד פון אַ וויכטיקער אַנטדעקונג און מיט די אייגענע הענט דאָס אַרויסגעלאָזט.

— און אָן יענע זײַטלעך, — האָט ער ווי געבעטן זיך, — אָן יענע זײַט־לעך איז אומעגלעך?

— פאַרוואָס אומעגלעך? זיי זײַנען דאָך דאָ ערגעץ, יענע זײַטלעך. און אויב דו וועסט שטאַרק וועלן... כאָטש, יעדערער האָט זיך זײַן אייגע־נעם גאָלדענעם כאַלעם. און ווער ווייסט...

אָט אַזוי אומגעריכט איז אופגעקומען מײַן אייגענער גאָלדענער כאַלעם, דער בוים, וועלכן ס'האָבן פאַרפלאַנצט אָשער שוואַרצמאַן און דאָוויד האָפּ־שטיין, איציק פעפער און דאָוויד בערגעלסאָן, פּערעץ מאַרקיש און איזי כאַריק, שמועל האַלקין און אַרן קושניראָוו, מוישע קולבאַק און דער ני־סטער און פיל אַנדערע אומפאַרגעסלעכע נעמען, אַף וועמעס ווערק עס זײַ־נען דערצויגן געוואָרן נײַע דורעס לייענער און נײַע דורעס שרײַבער, צו וועלכע אויך איך געהער.

מײַן גאָלדענער כאָלעם.

— זיידע, טו א קוק. זשורנאַלן! פאַרן טויזנט ניין הונדערט זעקס־און־זיבעציקסטן. זע, אונדזער פאַמיליע איז דאָרטן!..

פאַרוואָס קאָן איך ניט טרוימען וועגן דעם, אז מיט אזא פראַגע וועט אין יאָרן אַרום אַרײַנלויפן אין שטוב דאָס אייניקל פון מײַן אייניקל...

פאַר מײַנע אויגן שווימט ווידער אַרויס יענער צעבליטער עפּלבוים און לעבן אים דאָס מיידעלע אין ווײַסן. זי שטייט באַם בוים, ווי אײַנגעטוקט אין זײַן צוויט, און פון אירע ליכטיקע אויגן רינט שעמעוודיק אַראָפּ א טרער. מיסטאָמע האָט זי געפילט, אז דאָס זעען זיי זיך צום לעצטן מאָל.

מײַן בוים איז אָן אַנדערער. איך דאַרף ניט ציטערן, אז ער קאָן אין איינעם א פרימאָרגן צי אין איינעם א פאַרנאַכט פאַרשווינדן. דערפאַר איז מײַן גאָלדענער כאָלעם אויך אינגאַנצן אַן אַנדערער...

# אינהאלט

כאַים מעלאמוד

# ווארעם אש

מ. „סאָוועטסקי פּיסאטעל״, 1978, 512 זײַטן. ארויסלאָז־פּלאן פון 1978, נום. 242.

קינסטלער וו. לעווינסאָן
רעדאקטאָר ש. גאָרדאָן
קינסטלערישער רעדאקטאָר נ. לאווּרענטיעוו
טעכנישער רעדאקטאָר ר. סאָקאָלאָווא
קאָרעקטאָר א. סטרעלניק

אינפאָרמאציע־ביולעטען נום. 1239

אָפּגעגעבן אין זאַץ 17.06.77. אונטערגעשריבן צום דרוק 28.12.77. פאָרמאט $84\times108\ ^{1}/_{32}$. טיפּאָגראַפיש פּאַפּיר נום. 1. הויכדרוק. דרוקבויגן 16. באַדינגלעכע דרוקבויגן 26,88. פארלעגערישע דיסקאָנט־בויגן 31,92. טיראַזש 2250. באַשטעלונג נום. 1497. פּרײַז 2 רוב. 30 קאָפּ. פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״. מאָסקווע 69־Г, וואָראָווסקי־גאַס, הויז נום. 11. באַלויכטע מיטן אָרדען פון דער רויטער פאָן טיפּאָגראַפיע נום. 7 „איסקרא רעוואָליוציִא״, „פארבאנד פּאָליגראַפּישע אינדוסטריע״ באַם מעלוכישן קאָמיטעט פון מיניסטאָרן־ראַט פון פססר איבער די איניאָנים פון פארלאַג־וועזן, פּאָליגראַפּיע און ביכער־האַנדל. מאָסקווע 19־Г, אַקסאַקאָוו־געסל, הויז נום. 13.

*Хаим Гершкович*

*Меламуд*

ТЕПЛЫЙ ПЕПЕЛ

*(на еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1978. 512 стр.
План выпуска 1978 г. № 242.

Художник *В. И. Левинсон*
Редактор *С. В. Гордон*
Худож. редактор *Н. С. Лаврентьев*
Техн. редактор *Р. Я. Соколова*
Корректор *А. Б. Стрельник*

ИБ № 1239

Сдано в набор 17.06.77. Подписано к печати 28.12.77. Формат $84\times108^{1}/_{32}$. Бумага тип. № 1. Печать высокая. Печ. л. 16. Усл. печ. л. 26,88. Уч.-изд. л. 31,92. Тираж 2250 экз. Заказ № 1497. Цена 2 р. 30 к. Издательство «Советский писатель», Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном Комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13